ושיול ווערנ




# דעמ קאפּיטאנ גראנטס קינדער

יידיש — אי. קיפּניס



קינדער־פארלאג בּאמ צ.ק. ל.ק.י.ו.פ.או.
כּארקאָוו 1937 אָדעס

Printed in Soviet Union

## ערשטע קאפּיטל

# דער האמער־פיש

דעם 26־טן יולי 1864־טן יאָר האָט בא א פרישן נאָרד־אָסט מיטן פולן דאמפ זיך געטראָגן איבער די וואסערן פונעם צאָפנדיקן קאנאל א גרויס־ארטיקע יאכטע. איבערן שפּיץ פון איר הינטערמאסט האָט זיך געפּאַכעט אן ענגלישע פאָן, און אפן גראָט־מאסט האָט זיך געזען דער ברייד־ווימפל *, ווו ס׳זיינען מיט גאָלדענע אויסיעס געווען אויסגענייט די איניציאַלן „ע. ג.״.

דידאָזיקע יאכטע האָט זיך גערופן מיטן נאָמען „דונקאַן״. זי האָט געהערט צום מיסטער גלענארוואן, דעם ערן־מיטגליד פונעם טעמזער יאכט־קלוב, וואָס איז געווען באַוווסט איבערן גאנצן פאראייניקטן קעניגרייך **. אפן באָרט פון דערדאָזיקער יאכטע האָבן זיך געפונען: דער באלעבאָס אליין, זיין יונגע פרוי, מיסיס עלען גלענארוואן, און דאָס שוועסטערקינד זייערס — מאַיאָר מאַק־נאבס.

„דונקאַן״, וועלכע איז אָקאָרשט ארויס פון ווערפ, האָט געהאלטן באם פארענדיקן די אויספּרוּוו־רייזע איבערן קליידישן אויסגוס און איצט האָט זי זיך אומגעקערט צוריק אין איר האפן ארײַן — קיין גלאזגאָ. אפן האָריזאָנט האָט זיך שוין גענומען אָנזעען דער סילועט פונעם אינדזל ארען, ווען ס׳איז פלוצים צוגעלאָפן דער וואכטע־מאטראָס און געמאָלדן, אז עפעס א גרויסער פיש יאָגט זיך נאָך דער יאכטע.

דער קאפּיטאן פון דער יאכטע, דזשאָן מאנגלס, האָט גלייך געהייסן וועגן דעם צווויסן געבן דעם אייגנטימער פון דער יאכטע.

מיסטער גלענארוואן האָט זיך אופגעהויבן אף דער פאלובע צוזאמען מיטן

* ברייד־ווימפל — א שמאָלע, לאנגע און אין עק אפ צווייען צעטומענע פאָן.

** ד. ה. גרויסבריטאניע.

מאיאָר מאַק־נאַבס, און ער האָט א פרעג געטאָן באַם קאַפּיטאַן, וואָס דאָס איז פאַר א פיש.

— איך רעכן, סער, אַז דאָס איז א גרויסער הײַפיש, — האָט מאַנגלס גע־ענטפערט.

— אין די הי̇געע וואַסערן א הײַפיש? — האָט גלענאַרוואַן אומצוטרויליך אויסגערופן.

— נו, יאָ. וואָס איז דאָ דער כידעש, — האָט דער קאַפּיטאַן באַשטעטיקט. — דערדאָזיקער הײַפיש געהער צו יענעם מין, וואָס מע באַגעגנט אין אַלע יאַמען און אונטער אַלע ברייטן. דאָס איז דער האַמער־פיש. אויב איר וועט נאָר דערלויבן, וועלן מיר אים פּרוּוון כאַפּן; מיסיס גלענאַרוואַן וועט דער־ווײַל האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרווײַלן, און מיר וועלן שוין אין איין גאַנג אויך די זאַך קלאָר מאַכן.

— ווי מיינט איר, טײַערער מאַק־נאַבס? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן, — ס'איז זיך קעדײַ מיט דעם אָנצוהייבן?

— כ'וועל פּולקום מאַסקים זײַן מיט דעם, וואָס איר וועט באַשליסן, — האָט דער מאַיאָר פוילבלעך געענטפערט.

— נו, איז גוט, דזשאָן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן. — איז אויב אַזוי, הייבט אָן!

ער האָט געשיקט רופן זײַן ווײַב. מיסיס עלען האָט זיך זייער פאַרינטע־רעסירט מיטן פאָרשטייענדיקן פאַרכאַפּנדיקן ספּעקטאַקל, און זי איז אָן שום פאַר־זאַמונג אַרויף אַף דער פּאַלובע.

פונעם יאַכטע־בריקל האָט מען זייער גרינג געקענט באַאָבאַכטן דעם ריזיקן רויבער און אַלע זײַנע באַוועגונגען: אָט האָט ער זיך אונטערגעטוקט אינעם דורכזיכטיקן וואַסער און אָט האָט ער זיך מיט א גוואַלדיקער שנעלקײַט ווידער א לאָז געטאָן פאַרויס.

דזשאָן מאַנגלס האָט גענומען אָפּגעבן די נויטיקע פאַראָרדענונגען, און אין א קורצער ווײַלע אַרום האָבן די מאַטראָסן אַרויסגעוואָרפן אין וואַסער אַרײַן א גראָבן שטריק מיט א האַקן באַם עק. אַפן האַקן האָבן זיי אַרופגעשטאָכן א גרויסע שטיק שמאַלץ.

דער הײַפיש, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך געפונען אַף א מע־האַלעך פון 50 יאַרד*, האָט ער דאָך גלײַך דערשמעקט דעם געשמאַקן ביסן און ער האָט זיך פײַל־אויסן־בויגן א לאָז געטאָן אַהער. איצט האָט מען שוין דײַטלעך געקענט זען, מיט וואָס פאַר א קראַפט די פליספעדערן זײַנע, וואָס זײַנען באַ די שפּיצן גרוי און באַם לײַב שוואַרץ, קלאַפּן איבערן וואַ־סער. וואָס מערער ער האָט זיך דערנעענטערט צום געשמאַקן ביסן, אַלץ מיט א גרעסערער זשעדנעקײַט האָבן זיך צעבערענט זײַנע אויסגעקוליעטע אויגן, און דער פּיסק, וואָס איז באַוויזן מיט פיר צײַלן ציין, האָט זיך נאָך

* איין יאַרד איז געגליכן צו 91,44 סאַנטימעטער.

ברייטער צעעסנס. דער קאָפּ באם הײַפיש איז געווען ענלעכ צו א צווייזײַ־
טיקנ האמער, וואָס איז ארופגעפּאסט אפ א הענטל. דזשאָנ מאנגלס האָט ניט
געגרײַזט: דאָס איז ווירקלעכ געווענ דער גרעסטער רויבערישער אונ פרעסע־
רישער פאָרשטייער פונ דער מאכנע הײַפישארטיקע — דער האמער־פיש.

די פּאסאזשירנ אונ די מאנשאפט פונ „דונקאנ" האָבנ מיט דער לעבע־
דיקסטער נײַגעריקײַט נאָכגעקוקט נאָכ זײַנ יעדער באוועגונג. אינגיכנ איז שוינ
דער רויבער געווענ לעם דעם סאמע האקנ. דאָ האָט ער זיכ איבערגעקערט
אפנ רוקנ, קעדיי ס'זאָל אים זײַנ באקוועמער אײַנצושלינגענ די שטיק שמאלצ,
אונ דער געשמאקער ביסנ איז אינ איינ אויגנבליק פארשווונדנ געוואָרנ אינ
זײַנ קאָלאָסאלנ שלונג. די רעגע האָט דער שטריק זיכ געגעבנ א צופּ. ס'איז
קלאָר געווענ, אז דער הײַפיש האָט זיכ שוינ אָנגעשטאָכנ אפנ האקנ, אונ די
מאטראָסנ האָבנ אים גענומענ ארויסשלעפּנ פונעם וואסער מיט דער הילפ
פונ א בלאָקנ־סיסטעם, וואָס מע האָט געהאט צוגעפעסטיקט צו די שפּיצנ פונ
דער גראָט־רייע.

דער הײַפיש, ווי ער האָט נאָר דערפילט, אז מע שלעפּט אים ארויס פונ
זײַנ לײַבלעכער סטיכיע, אזוי האָט ער זיכ קראמפּהאפטיק גענומענ בריקעווענ
אונ ווארפנ. אָבער די מאטראָסנ האָבנ זיכ ניט דערשראָקנ; זיי האָבנ זיכ גיכ
אנ אייצע געגעבנ מיט זײַנ צעררייצטקײַט, זיי האָבנ אים ארופגעוואָרפנ אפנ
עק א טויטנ שלייפ, אונ אינ געציילטע עטלעכע רעגעס ארום איז שוינ דער
הײַפיש געווענ אפנ באָרט, אונ אָטאָ ליגט ער שוינ אפ דער יאכטע־פּאלובע.
איינער א מאטראָס איז פאָרזיכטיק צוגעגאנגענ צו אים, ער האָט אָפּגעציפּערט
א פּאסיקע רעגע אונ האָט מיט איינ זעצ פונ דער האק אים אָפּגעהאקט דעם
שרעקלעכנ עק.

דער פאנג האָט זיכ געענדיקט. איצט האָט שוינ דער רויבער ניט פאָרגע־
שטעלט מיט זיכ קיינ שום געפאר. דער האס צו די הײַפיש איז שוינ בא די
יאמ־לײַט ווי עס איז באפרידיקט געוואָרנ, אָבער די נײַגעריקײַט — נאָכ ניט.
ווירקלעכ: אפ די שיפנ איז עס שוינ געוואָרנ א מינ שטייגער־זאכ — אויסצו־
פאָרשנ, וואָס סע טוט זיכ בא די געכאפּטע הײַפיש אינ די מאָגנס. אזוי ווי
ס'איז איטלעכנ באוווּסט ס'ארא מינע גרויסע פרעסערס דידאָזיקע רויב־פיש
זײַנענ, ריכטנ זיכ קעסיידער די מאטראָסנ בא אזעלכע געלעגנהייטנ אפ אומ־
דערווארטעטע געפינסנ, אונ זייער אָפּט ווערנ זייערע האָפענונגענ טאקע בא־
רעכטיקט.

עלענ גלענארוואנ האָט ניט געוואָלט בײַזײַנ בא דערדאָזיקער אָפּשטויסנ־
דיקער אויספאָרשונג, האָט זי זיכ גלײַכ אומגעקערט אינ קאיוטע ארײַנ.

דער הײַפיש האָט נאָכ געלעבט. דאָס איז געווענ א היפּש־וווּקסיקער
עקזעמפּליאר, וואָס האָט געהאלטנ צענ פוס די לענג אונ האָט געוווּיגנ
600 פונט. סײַ די וואָג, סײַ די גרייס פונעם געכאפּטנ רויבער זײַנענ געווענ
נאָרמאלע פאר דעמדאָזיקנ מינ הײַפיש — איינעם פונ די סאמע געפערלעכסטע
מינים.

אינגיכן האָט מען מיט העק צעהאַקט דעם גרויסן פיש אָפּ שטיקער. דער האַקן האָט אַרײַנדערלאַנגט טיף ביז צום סאַמע מאָגן, וואָס איז, אַגעוו, געווען אײַנגאַנצן ליידיק. קענטיק, אַז דער הײַפיש האָט שוין לאַנג ניט געהאַט געגעסן. די אַנטוישטע יאַמ־לײַט האָבן שוין געהאַט בעדייע אַראָפּצוּוואַרפן אין וואַסער אַרײַן די צעהאַקטע שטיקער קערפּער, נאָר פּלוצים איז זייער אויפמערקזאַמקײַט צוגעצויגן געוואָרן צו עפּעס אַ מאָדנער זאַך, וואָס איז פעסט געווען פאַרשטעקט אין איינעם אַ פאַלד פונעם רויבערס בויך.

— און דאָס וואָס איז? — האָט איינער אויסגעשריגן.

— דאָס איז אַ שטיקל אָפּגעבראָכענער פעלדז, — האָט אַ צווייטער מאַטראָס זיך אַ ויצל געטאָן, — דער הײַפיש האָט אים אַראָפּגעשלונגען אַנשטאָט באַלאַסט!

— ניין, — האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט, — דאָס איז אַ האַרמאַטן־קויל, וועלכע מע האָט אַרײַנגעשאָסן דעמדאָזיקן פרעסער גלײַך אין בויך אַרײַן און וואָס האָט זיך שוין פאַר דער צײַט באַוויזן איבערצוקאָכן.

— וואָס רעדט איר, וואָס?! — האָט זיך טאָם אַאוסטין, דער געהילף־קאַפּיטאַן, אָנגערופן. — צי דען זעט איר ניט, אַז דערדאָזיקער הײַפיש איז געווען אַ שרעקלעכער שיקער, און קעדיי קיין איין טראָפּן פונעם געטראַנק זאָל ניט פאַרלאָרן גיין, האָט ער עס אויסגעטרונקען צוזאַמען מיט דער פלאַש!

— וואָס? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. — מע האָט געפונען באַם הײַפיש אין מאָגן אַ פלאַש?

— נאָך אַ מין פלאַש, סער, — האָט דער באָצמאַן געענטפערט. — דאָס איינציקע נאָר, וואָס מע קען וועגן איר זאָגן, איז דאָס, וואָס זי האָט זיך געפּאַקט צום הײַפיש אין בויך אַרײַן ניט פונעם ווײַן־קעלער דירעקט!

— טאָם, נעמט נאָר אָקאָרשט אַרויס די דאָזיקע פלאַש, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן. — אָבער פאָרזיכטיק: די פלעשער, וואָס מע געפינט אין יאַם, אַנטהאַלטן אין זיך קעסיידער זייער וויכטיקע דאָקומענטן.

— איר גלויבט אין דעם? — האָט מאַ־נאַבּס אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, איך גלויב, אַז אַזעלכס קען געוויס געשען, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט.

— אָ, איך וועל זיך מיט אײַך ניט קריגן. ס'איז בעפיירעש צו גלויבן, אַז די דאָזיקע פלאַש זאָל אין זיך האָבן אויסגעבאַהאַלטן עפּעס אַ געוויסע געהיימניס, — האָט שוין מאַק־נאַבּס אויך מאַסקים געווען.

— באַלד וועלן מיר זיך אין דעם איבערצײַגן. נו, וואָס־זשע הערט זיך דאָרטן, טאָם?

— אָט האָט איר זי, סער, — האָט דער געהילף־קאַפּיטאַן געענטפערט און האָט באַוויזן עפּעס אַ מעשונעדיקע זאַך, וואָס ער האָט מיט גרויס שוועריקײַט אַרויסבאַקומען פונעם הײַפישס מאָגן.

— אויסגעצייכנט, — האָט גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן. — זעט, אַז מע זאָל



— זאָל מען דידאָזיקע פלאַש גוט אויסוואַשן און דערנאָך זי מיר ברענגען אין קאַיוטע אַרײַן,— האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן

דידאָזיקע פלאַש גוט אויסוואַשנ, אונ דערנאָכ וועט איר זי מיר ברענגענ אינ קאַיוטע אַרײַנ.

סאָם אאוסטינ האָט געפאָלגט, אונ אינגיכנ איז די פלאַש, וואָס איז געפונענ געוואָרנ בא אזעלכע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדנ, שוינ געלעגנ אפנ טיש, ארום וועלכנ ס'האָבנ זיכ אויסגעזעצט עדוארד גלענארוואַנ, דער מאיאָר מאַק־נאַבס, דער קאַפּיטאַנ דזשאָנ מאַנגלס אונ די לעדי עלענ גלענארוואַנ, וואָס איז געווענ נישט ווינציקער נײַגעריק, ווי געוויינלעכ אַלע פרויענ.

פארנ עפענענ די פלאַש האָט מיסטער גלענארוואַנ זי גוט ארומגעקוקט. זי האָט געהאַט א לאַנג העלדזל, איבער וועלכנ ס'איז נאָכ געהאַנגענ א פארזשאַווערט שטיקל דראָט, די ווענטלעכ פונ דער פלאַש זײַנענ געווענ גענוג גראָב, אז זיי זאָלנ קענענ אויסהאַלטנ א דריקונג פונ אסאַכ אטמאָספער. פונ דעם אלעמענ איז געווענ זייער קלאָר, אז דידאָזיקע פלאַש איז פונ שאַמפּאַניער ווײַנ. מיט אזעלכע פלעשער ברעכנ אָפּט די עפּערנייער ווײַנערס גאַנצע בענקלעכ, דערבײַ בלײַבט ניט אפנ גלאָז אפילע קיינ דראַפּ. ס'איז גאָר קיינ כידעש ניט געווענ, וואָס דידאָזיקע פלאַש האָט פעסט אונ אומבארירט איבערגעטראָגנ אַלע צופעליקײַטנ פונ דער דויערנדיקער וואָגלעניש.

— א פלעשל קליקאָ *, — האָט דער מאיאָר באשטעטיקט.

אונ אזויווי דער מאיאָר האָט אינ דידאָזיקע זאַכנ געהאַט גרויס דערפאַרונג, האָט מענ די באשטעטיקונג זײַנע אופגענומענ אָנ קיינע דערווידערונגענ.

— אָבער פונוואַנענ קומט זי אהער? — האָט מיסיס עלענ זיכ דערפרעגט.

— האָט צײַט א רעגעלע, עלענ, — האָט גלענארוואַנ געענטפערט, — האָט צײַט, פלעשער האָבנ ליב, אז מע זאָל צו זיי האָבנ געדולד. איכ פארהאָפ, אז איכ וועל קיינ סאָעט ניט האָבנ, אויב כ'וועל זאָגנ, אז זי אליינ וועט זײַנ אימשטאַנד צו גיבנ אנ ענטפער אפ אונדזערע אַלע פראַגנ.

בא דידאָזיקע ווערטער האָט גלענארוואַנ אָנגעהויבנ פאָרזיכטיק ארומרייניקנ דאָס העלדזל פונ אירע אַלע אָנשיכטונגענ. אינגיכנ האָט זיכ באוויזנ דער קאָרעק, וואָס איז פונעם יאַם־וואַסער שטאַרק צעשעדיקט געוואָרנ.

— א שאָד! — האָט גלענארוואַנ אויסגערופנ. — אויב סע געפינענ זיכ דאָ אינעווייניק אינ פלאַש געוויסע דאָקומענטנ, זײַנענ זיי שוינ אָנ סאָפעק פארניצט געוואָרנ.

— יאָ, ס'איז דאָ א גרונט דערפאַר מוירע צו האָבנ, — איז דער מאיאָר אויכ אײַנגעגאַנגענ.

— אָבער ניט געכאַפּט, דזשאָנ! לאָזט מיכ בעסער! — האָט גלענארוואַנ ווידעראמאָל גענומענ די פלאַש אינ האַנט אונ האָט מיט גרויס פאָרזיכטיקײַט ארויסגענומענ דעם קאָרעק.

א שטאַרקער רייעכ פונ זאַלצ האָט זיכ צעטראָגנ איבער דער קאַיוטע.

— נו? — האָט עלענ מיט ריינ פרוישער אומגעדולד א פרעג געטאָנ.

* קליקאָ — א באַוווּסטע מאַרקע שאַמפּאַניער ווײַנ.

— נו, יאָ, אזוי איז עס טאקע, — האָט מיסטער גלענארוואַנ געענטפערט. — אָנאָ ליגנ פאפירנ.

— דאָקומענטנ! דאָקומענטנ! — האָט עלענ אויסגעשריגנ.

— אָבער, — האָט גלענארוואַנ צוגעגעבנ, — ווי מיר שײַנט, זײַנענ זיי צעשעדיקט געוואָרנ פונעם וואסער און מע וועט זיי ניט קענענ ארויסבאקומענ פונדאנענ, ווײַל זיי האָבנ זיך צוגעקלעפּט צו די ווענטלעכ.

— דארפ מענ צעברעכנ די פלאש, — האָט מאק־נאבס פאָרגעשלאָגנ.

— מיר וואָלט זיכ בעסער וועלנ די פלאש זאָל בלײַבנ גאנצ, — האָט מיסטער גלענארוואַנ דערווידערט.

— דאָס וואָלט איכ גראדע אויכ וועלנ, — האָט דער מאיאָר, וואָס האָט ליב געהאט מיט איטלעכנ אײַנצושטימענ, גלײַכ צוגעגעבנ.

— איר זײַנט בעפּיירעש גערעכט, — האָט דזשאָנ מאנגלס זיכ אָנגערופנ, — אָבער אזויווי דער יאָדער איז קעסיידער טײַערער פונ דער שאָלעכצ, וועט אויסקומענ צוליבנ ערשטנ מאקריעוו זײַנ דאָס צווייטע.

— מענ קענ נאָר אָפּברעכנ דאָס העלדזל, וועט שוינ אויכ זײַנ גענוג! — האָט מיסיס עלענ אויסגערופנ.

און אזויווי ס'איז ווירקלעכ קיינ אנדער אויסוועג ניט געווענ, האָט מיסטער גלענארוואַנ געמוזט בא זיכ פוילנ און לאָזנ אָפּברעכנ דאָס העלדזל פונ דער שאצבארער פלאש. ס'איז אויסגעקומענ שיקנ נאָכ א האמער, ווײַל די אָנשיכטונגענ אפ דער פלאש האָבנ דערוואָרבנ די הארטקײַט פונ גראניט. אינגיכנ זײַנענ די גלאָז־שטיקלעכ אראָפּגעפאלנ אפנ טיש, און גלענארוואַנ האָט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקײַט אָפּגעקלעפּט פונ דער פלאש די בלעטלעכ פאפיר, וואָס זײַנענ געווענ צוגעקלעפּט צו די ווענטלעכ. אז ער האָט זיי ארויסבאקומענ פונדאָרטנ, האָט ער זיי אָפּגעטיילט איינס פונעם אנדערנ און זיי צעלייגט אפנ טיש. עלענ, מאק־נאבס און דזשאָנ מאנגלס האָבנ זיכ אלע צוגערוקט נאָכ נעענטער צו אים.

## צווייטע קאפיטל

# דרײַ דאָקומענטנ

די פיצלעכ פאפיר, וואָס מע האָט ארויסבאקומענ פונ פלאש, זײַנענ געווענ שטארק צעפרעסנ פונעם יאם־וואסער, און מע האָט דאָרטנ געקענט פאנאנ־דערקלײַבנ בלויז איינצלנע ווערטער און בוכשטאבנ, וואָס האָבנ זיכ איינס צום צווייטנ נישט געקלעפּט, און דערום איז שווער געווענ צו פארשטיינ וועגנ וואָס זיי דערציילנ. אינ מעשעכ פונ עטלעכע מינוט צײַט האָט גלענארוואַנ שווײַגנדיק און מיט קאָפּ באטראכט יעדעס פאפירל. ער האָט עס געדרייט אינ אלע זײַטנ, ער האָט עס געהאלטנ אנטקעגנ דער שײַנ און דערלערנט יעדעס בוכשטעבל, וואָס דער יאם האָט ניט באוויזנ צו פארניכטנ. ענדלעכ

האָט ער זיך אויסגעקקרעוועט צו זײַנע מיטרײַזנדער, וואָס האָבן געוואַרט מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם און קיין אויג פון אים ניט אראָפּגענומען.

— דאָ געפינען זיך דרײַ באַזונדערע דאָקומענטן, — האָט ער זיך אָנגעזרופן. — איינער איז געשריבן אַף ענגליש, און די איבעריקע צוויי — אַף פראַנצויזיש און דײַטש. קענטיק, אַז די אַלע דרײַ דאָקומענטן פאַרמאָגן איין און דעמזעלביקן טעקסט און זענען איבער איינער דעם צווייטן. צו דעם אויספיר בין איך געקומען נאָך דעם, ווי איך האָב פאַרגלײַכט צווישן זיך איינִיקע גאַנצגעבליבענע ווערטער.

— איז קען מען פאַרשטיין דעם זין פון דידאָזיקע דאָקומענטן? — האָט זיך עלען דערפרעגט מיט היץ.

— טײַערע עלען, מיר איז נאָך שווער צו ענטפערן אַף דערדאָזיקער פראַגע, ווײַל די גאַנצגעבליבענע ווערטער לאָזן זיך שווער צונויפשטעלן.

— אָבער טאָמער קען מען מיטן טעקסט פון איין פאַפּיר דערגאַנצן דעם צווייטן, דערנאָך דעם דריטן? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן.

— מיסטאָמ וועט עס אַזוי טאָקע מוזן זײַן, — האָט דזשאָן מאַנגלס זיך אָנגערופן. — ס'איז דאָך ניט מעגלעך, אַז דער יאַם זאָל אַף אַלע דרײַ פאַפּירלעך פאַרניכטן פּונקט איינע און דיזעלביקע ווערטער. באַם פאַרגלײַכן די גאַנצגעבליבענע אָפּגעריסענע שטיקלעך פראַזעס, וועלן מיר אומבאַדינגט אופדעקן דעם זין זייערן.

— ריכטיק, דזשאָן, — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט. — אָבער דידאָזיקע אַרבעט מוז מען דורכמאַכן מעטאָדיש. לאָמיר אָנהייבן פונעם ענגלישן דאָקומענט.

דאָסדאָזיקע פאַפּירל האָט געהאַט אַזא מין אויסזען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 62 | | Bri | gow |
| sink | aland | | stra |
| skipp | Gr | that monit | of long |
| and | | | ssistance |
| | lost | | |

— מנ־נא... — האָט דער מאַיאָר א מוסקע געטאָן. — קיין גאָר גרינגער קסאַח, זעט מען שוין, איז עס ניט.

— דאָך, — האָט דער קאַפּיטאַן באַמערקט, — איז צו זען, אַז דאָסדאָזיקע צעטעלע האָט געשריבן א מענטש, וואָס קאָן זייער גוט ענגליש. —

— אין דעם וועט קיינער ניט צווייפלען, — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט. — די ווערטער sink, aland, that, and, lost — זײַנען אינגאַנצן קלאָר; skipp קען אַוודאי באַדײַטן דאָס וואָרט skipper — שקיפּער, און די שכײַנעסדיקע צוויי בוכשטאַבן Gr מוזן זײַן דער אָנהייב פונעם דאָזיקן שקיפּערס פאַמיליענאָמען, וואָס די שיף זײַנע איז דערטרונקען געוואָרן.

— אהער קענ מענ נאָכ צוגעבנ די טײַטש פונ יענע ווערטער, וואָס רופנ ניט ארויס קײנ שום סאָפעק monit און ssistance*.

— דאָס איז שוינ גאָרניט אזוי שלעכט! — האָט עלענ אויסגערופנ.

— אָבער דאָ גײענ דאָכ אָפ גאנצע שורעס! — האָט דער מאיאָר דערוווּ־דערט. — ווי אזוי־ושע קענ מענ זיכ דערוויסנ דעם נאָמענ פונ דער דערטרונ־קענער שיפ און דאָס אָרט פונ דער קאטאסטראָפע?

— מירנ זיכ שוינ ווי עס איז אלצ דערוויסנ! — האָט מיסטער גלענארוואנ מיט זיכערקײט געענטפערט.

— גאָר אָנ שום סאָפעק, — האָט דער מאיאָר באשטעטיקט. וואָרום, ווי געזאָגט, איז ער געווענ אזא מענטש, וואָס שטימט קעסיידער אײַנ מיטנ צווײטנס מײנונג. — אָבער אפ א וועלכנ אופנ?

— מיר וועלנ אײנ דאָקומענט דערגאנצנ מיטנ צווײטנ.

— איז ניט געזאָגט! — האָט עלענ גענומענ בעטנ מיט גרויס אומגעדולד.

דאָס צווײטע שטיקעלע פאפיר איז נאָכ געווענ צעשעדיקטער פונעם ערשטנ. דאָרטנ זײַנענ גאנצ געבליבנ בלויז געצײלטע עטלעכע ווערטער, וואָס זײַנענ געווענ צעוואָרפנ איבערנ פאפירל אפ אזא מינ אופנ:

|  |  |
|---|---|
| 7 Iuni | Glas |
|  | zwei atrosen |
|  | graus |
|  | bringt ihnen |

— דײַטש! — האָט דזשאָנ מאנגלס אויסגערופנ, גלײַכ ווי ער האָט נאָר א קוק געטאָנ אפנ דאָזיקנ דאָקומענט.

— צי קענט איר, דזשאָנ, דידאָזיקע שפראכ? — האָט מיסטער גלענארוואנ א פרעג געטאָנ.

— פולקום, סער.

— נו, אויב אזוי, טאָ זעצט אונדז איבער דידאָזיקע ווערטער.

דער קאפיטאנ האָט זיכ אײַנגעקוקט אינעם דאָקומענט און דערנאָכ געמאָלדנ:

— צום אלעם ערשטנ האָבנ מיר דאָ אנ אָנווײַזונג אפ דער צײַט פונ דער פאר־סירונג: 7 juni — באטײַט דער 7־טער יונ. אז מירנ עס צונויפפאָרנ מיט דער ציפער 62 פונעם ענגלישנ צעטעלע, וועט זיכ באקומענ, אז מע קענ גאנצ פינקטלעכ אײַנשטעלנ די דאטע פונ דער קאטאסטראָפע: 6־טער יונ 1862־טנ יאָר.

— גרויסארטיק! — האָט עלענ אויסגעשריגנ. — ווײַטער, דזשאָנ, ווײַטער.

אפ דערזעלבער שורע זײַנענ נאָכ דאָ די בוכשטאבנ Glas, וואָס לאָזנ

---

* monit — איז געקירצט פונ monition, וואָס זײַנ טײַטש איז דאָקומענט; ssistance — assistance — באדײַט הילפ.



— דאָ געפינען זיך דריי באזונדערע דאָקומענטען — האָט ער זיך אָפּגערופען.

זיך צונויפפאָרנ מיט די בוכשטאבנ gow, וועלכע מיר האָבנ אינעם ענגלישנ צעטעלע אפ דערזעלבער שורע, אונ וואָס שטעלנ מיט זיך פאָר דעם סאָפ פונעם דאָזיקנ וואָרט. הייסט עס, אז דאָ האנדלט זיך וועגנ א שיפ, וואָס איז צוגעשריבנ צום האפנ Glasgow — גלאזגאָ.

— איך מיינ אויך אזוי,— האָט דער מאיאָר ארייַנגעוואָרפנ א וואָרט.

— די צווייטע שורע פעלט דאָ אפנ דייַטשישנ צעטעלע אינגאנצנ,— האָט דער קאפיטאנ פאָרגעזעצט,— אָבער דערפאר פארמאָגט די דריטע שורע וויכטיקע צוויי ווערטער: zwei, וואָס באטייַט „צוויי" אונ atrosen — אנ אָפגעפיצלטקייַט פונעם וואָרט matrosen — „מאטראָסנ".

— הייסט עס,— האָט זיך עלענ אָנגערופנ, — אז דאָ האנדלט זיך וועגנ א קאפיטאנ מיט צוויי מאטראָסנ.

— דאָס איז זייער מעגלעכ,— האָט מיסטער גלענארוואנ באשטעטיקט.

— איך מוז מודע זייַנ,— האָט דער קאפיטאנ פאָרגעזעצט,— אז דאָס ווייַטערדיקע וואָרט graus — איז מיר עפעס נישט קלאָר. איך ווייס ניט, ווי אזוי עס איבערצוזעצנ. מעגלעכ, אז עס וועט אונדז ווערנ קלאָרער נאָכ דעם, ווי מירנ זיך באקאָנענ מיטנ דריטנ דאָקומענט. וואָס איז שייַעכ די לעצטע צוויי ווערטער — bringt ihnen,— זיי איז מיר גאָר גרינג צו פארטייַטשנ. בוכשטעבלעכ קענענ זיי באדייַטנ: „ברענגט זיי". אז מע זאָל זיי צונויפפאָרנ מיטנ וואָרט assistance פונעם ענגלישנ דאָקומענט, וואָס געפינט זיך פונקט אפ דעמזעלבנ אָרט, אינ דערזעלבער זיבעטער שורע, וואָס אָט די צוויי דאָ — וועט זיך באקומענ א צונויפגעבונדענע פראזע: „ברענגט זיי הילפ".

— יאָ, דאָ איז קלאָר,— האָט זיך מיסטער גלענארוואנ אָנגערופנ — „ברענגט זיי הילפ"! אָבער ווו־זשע געפינענ זיך די דאָזיקע אומגליקלעכע? דערווייַל האָבנ מיר נאָכ דאָ ניט קיינ איינ אָנווייַזונג, פונ וועלכער ס'זאָל קלאָר ווערנ דער פלאצ, ווו די פאסירונג איז פאָרגעקומענ.

— לאָמיר האָפנ, אז דער פראנצויזישער דאָקומענט וועט דאָ צוגעבנ מערער קלאָרקייַט,— האָט זיך מיסיס עלענ אָנגערופנ.

— יאָ, גערעכט, איצטער קענענ מיר זיך נעמענ צום פראנצויזישנ צעטעלע,— האָט גלענארוואנ מאסקים געווענ.— צום גליק, קאָנענ מיר אלע די דאָזיקע שפראכ, אזוי אז מיר וועלנ דאָס לייַכט איבערלייענענ.

אָט איז א פינקטלעכע קאָפיע פונעם פראנצויזישנ דאָקומענט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| trois | | ats | tannia |
| | | gonie | austral |
| contin | pr | | abor |
| jeté | | | cruel indi |
| et 37° 11' | lat | | ongit |

— מײַנע הערשאַפטנ, אָט דאָ זײַנענ דאָכ דאָ ציפערנ! — האָט עלענ אויסגע־רופנ. — טוט נאָר א קוק, אָטאָ זײַנענ דאָכ דאָ ציפערנ!

— נישט געפֿעלט, לאָמיר דאָ האַלטנ אָרדענונג, — האָט מיסטער גלענאַר־וואַנ זיכ אָנגערופנ. — מירנ אָנהייבנ פונ סאַמע אָנהויב אונ מירנ זענ אופ־שטעלנ יעדעס וואָרט קעסיידער. פונ דער ערשטער שורע ווערט קלאָר, אז דאָ האַנדלט זיכ וועגנ א דרײַמאַסטיקער שיפ, וואָס הייסט „בריטאַניע". דאָס ווערט קלאָר, אויב מירנ פאַרגלײַכנ דאָסדאָזיקע צעטעלע מיטנ ענגלישנ. פונ די ווײַטערדיקע צוויי ווערטער: gonie אונ Aaustral איז פאַרשטענדלעכ בלויז דאָס צווייטע *.

— אָ, דאָס איז שוינ זייער א וויכטיקע אָנווײַזונג, — האָט דזשאָנ מאַנגלס באַמערקט. — די קאַטאַסטראָפע איז, הייסט עס, פאָרגעקומענ אפנ דאָרעמדיקנ האַלבקײַלעכ.

— אנ אָנווײַזונג איז עס נאָכ א גאַנצ אומבאַשטימטע, — האָט מאַק־נאַבס דערווידערט.

— איכ זעצ פאָר, — האָט זיכ גלענאַרוואַנ אָנגערופנ. — דאָס וואָרט abor — איז דער וואָרצל פונעם ווערב aborder — צושטײַגנ! הייסט עס, אז דידאָזיקע אומגליקלעכע זײַנענ צוגעשטיגנ צו עפעס א ברעג, אָבער צו א וועלכנ ברעג? contin עפשער מאַכט עס קאָנטינענט? cruel — אכזאָריעסדיקער...

— דאָ איז דאָ א וואָרט אכזאָריעסדיקער! — האָט דזשאָנ מאַנגלס אויסגע־שריגנ. — אויב אזוי, איז מיר שוינ קלאָר, וואָס דאָס אָפגעריסענע שטיקל וואָרט graus אינעם דײַטשישנ טעקסט באַטײַט: דאָס איז grausam, אכזאָריעסדיק — גרויזאַם.

— גייענ מיר ווײַטער! — האָט גלענאַרוואַנ אויסגערופנ, וואָרומ זײַנ נײַ־געריקײַט האָט זיכ, וואָס ווײַטער, אלצ שטאַרקער צעפלאַקערט... indi. וויאַזוי זאָל מענ עס פאַרשטיינ, עפשער האָבנ זיי גאָר געטראָפנ קיינ אינדיענ? אונ דאָ איז נאָכ אומפאַרשטאַנדיק דאָס וואָרט Ongit... אַ־האַ, דאָס מאַכט longituge — די לענג, הייסט עס! אונ אָט איז די ברייט — 37 גראַדוס מיט 11 מינוט. האָבנ מיר שוינ, הייסט עס, ענדלעכ, איינ פולקומ פינקטלעכע אָנווײַזונג.

— יאָ, אָבער מיר האָבנ דאָכ נאָכ ניט קיינ לענג! — האָט מאַק־נאַבס אויכ אַרײַנגעוואָרפנ א וואָרט.

— ליבער מאַיאָר, מע דאַרפ זיכ קענענ באַנוגענענ מיט דעמ, וואָס ס'איז דאָ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אימ באַמערקט. — וויסנ די פינקטלעכע ברייט — דאָס אַלײנ איז שוינ אויכ ניט אזוי שלעכט! קלאָר, אז דער פראַנצויזישער טעקסט איז מער גאַנצ, ווי די אַלע איבעריקע. דאָס איז אויכ קיינ ספק ניט, אז יעדעס פונ די צעטעלעכ באַזונדער שטעלט מיט זיכ פאָר א בוכשטעב־לעכע איבערזעצונג פונ די איבעריקע צוויי, וואָרומ אַלע דרײַ צעטעלעכ פאַר־מאָגנ איינ־אונ דיזעלבע צאָל שורעס, אונ דערומ דאַרפ מענ פאַרייניקנ אַלע

* Austral — איז דער טײַטש דער דאָרעמדיקער.

דרײַ טעקסטן, מירן זײ איבערזעצן אַף אײנער פון די דרײַ שפּראַכן און דאַן װעט שױן זײַן גרינגער אונדז אױסצוגעפינען די מער לאָגישע, קלאָרע און װאַרשײַנלעכע אױסטײַטשונג.

— איז אַף װעלכער שפּראַך װעלן מיר עס איבערזעצן: אַף ענגליש, פראַנצױזיש אָדער דײַטש? — האָט דער מאַיאָר אַ פרעג געטאָן.

— לאָמיר עס איבערזעצן אַף פראַנצױזיש, דערפאַר װײַל אַפן פראַנצױזישן צעטעלע זײַנען גאַנץ געבליבן די גרעסטע צאָל נײטיקע װערטער, — האָט לאָרד גלענאַרװאַן געענטפערט.

— איר זײַנט פולקום גערעכט, סער, — האָט דזשאָן מאַנגלס באַמערקט. — אגבװ, באַהערשן מיר אַלע דידאָזיקע שפּראַך.

— איז הייסט עס, אָפגערעדט. אױב אַזױ, שרײַב איך איבער דעמדאָזיקן דאָקומענט. איך װעל פאַרײניקן די אָפגעריסענע שטיקלעך פראַזעס פונקט מיט דערזעלבער אָרדענונג, װי זײ זײַנען צעשטעלט אין די אָריגינאַלן. מירן אױך אָפּהיטן די בלױזן. איך װעל דערגאַנצן יענע אָפגעהאַקטע װערטער, װאָס דער געדאַנק װײַערער איז אינגאַנצן קלאָר און דערװעקט ניט קײן שום ספק, און דערנאָך װעלן מיר אַ קוק טאָן.

מיסטער גלענאַרװאַן האָט גענומען די פּען אין האַנט און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער באַװיזן זײַנע לײַט דאָס בלעטעלע פאַפיר מיט פאָלגנדיקע שורות *:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 7-סער יוני 1962-טן יאָר | דרײַמאַססיקע | „בריטאַניע“ | גלאַזגאָ |
| קאַטאַסטראָפע | גאַני | | דאָרעמד |
| | ברעג | | צװײ מאַטראָסן |
| קאַפּיטאַן גר | | (abor) | |
| קאָנטינ | (pr) | אכזאָרי:עסדייש | (indi) |
| אַרײַנגעװאָרפן דעמדאָזיקן דאָקומענט | | | לענג |
| און 37° 11′ ברײט | צומגעקומען | | ברענגט זײ הילם |

אין דערזעלבער רעגע איז אַרײַנגעקומען אין קאַיוטע אַרײַן אַ מאַטראָס און געמאָלדן דעם קאַפּיטאַן מאַנגלס, אַז „דונקאַן“ איז אַרײַן אינעם קלײַדישן אױסגוס.

— װאָס־זשע האָט איר באַדײַט צו טאָן, סער? — האָט זיך דער קאַפּיטאַן געװענדעט צו גלענאַרװאַנען.

— איך װאָלט װעלן, מיר זאָלן װאָס גיכער קומען קײן דומבאַרטאָן. פון דאָרטן װעט מיסיס עלען זיך אומקערן קײן מאַלקאָלם־קעסטל, און איך װעל אָװעקפאָרן קײן לאָנדאָן, קעדײ צו איבערגעבן דער אַדמיראַליטעט דעמדאָזיקן דאָקומענט.

* אין דער איבערזעצונג, װאָס גלענאַרװאַן האָט געמאַכט, זײַנען אין קלאַמערן אַרײַנגענומען די אָפגעפיצלטע װערטער. װאָס דער געדאַנק װײַערער איז נישט צינגאַנצן קלאָר (רעד. באַמערקונג).

דזשאָן מאַנגלס האָט אָפּגעגעבן די געהעריקע באַפעלן, און דער מאַטראָס איז אַוועקגעגאַנגען, קעדיי עס איבערצוגעבן דעם געהילף־קאַפּיטאַן.

— און איצט, מײַנע פרײַנט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — לאָמיר זיך ווידעראַמאָל נעמען צום פאַנאַנדערשיפרירן. דאָ האָבן מיר געפּאַקט שפּורן פון א גרויסן אומגליקפאַל. ס׳קען זײַער זײַן, אַז דורך אונדז זאָלן עטלעכע מענטשן אָפּגעראַטעוועט ווערן פון טויט. מע דאַרף אָנשטרענגען דעם גאַנצן געדאַנק, די גאַנצע דענקונג־פייִקײַט, קעדיי אָפּצוּווּכן דעם שליסל צו דער דאָזיקער רעטעניש.

— מיר זײַנען מיטן גאַנצן ברען גרייט עס צו טאָן, טײַערער עדוואַרד, — האָט מיסיס עלען דערויף געענטפערט.

— צום אַלעם ערשטן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאָרגעלייגט, — דאַרפן מיר צעגלידערן דעם דאָזיקן דאָקומענט אויף דרײַ טיילן: דער ערשטער טייל — דער ענגלישער, דער צווייטער טייל — דער, וואָס דערלויבט אונדז מאַכן פאַרשיידענע השערות, און דער דריטער טייל — דער אומבאַוווסטער!.. וואָס איז אונדז שוין באַוווסט? אונדז איז באַוווסט, אַז דעם 7־טן יוני 1862־טן יאָר האָט די דרײַ־מאַסטיקע שיף „בריטאַניע" געליטן א קאַטאַסטראָפע, אַז איר קאַפּיטאַן מיט צוויי מאַטראָסן האָבן אַרײַנגעוואָרפן די דאָזיקע דאָקומענטן אין יאַם אַרײַן אויף א געוויסן פונקט פונעם ערד־קײַלעך, וואָס געפינט זיך אויף א ברייט פון 37 גראַדוס 11 מינוט. ענדלעך איז אונדז נאָך באַוווסט, אַז זיי בעטן מע זאָל זיי ברענגען הילף.

— פולקום ריכטיק, — האָט דער מאַיאָר באַשטעטיקט.

— וועלכע נאָך השערות קענען מיר דאָ מאַכן? — האָט לאָרד גלענאַרוואַן פאָרגעזעצט. — צום אַלעם ערשטן דאַרפן מיר זאָגן, אַז די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען אין די יאַמען פונעם דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך. דאָ וואָלט איך, פריִער פון אַלץ, וועלן ווענדן אײַער אויפמערקזאַמקײַט אויף דעם גאַנצגעבליבענעם טייל פונעם וואָרט „גאָני". צי איז עס ניט עפּשער קיין נאָמען פון קיין לאַנד?

— פּאַטאַגאָניע? — האָט עלען אויסגערופן.

— נו, יאָ.

— אָבער צי ליגט פּאַטאַגאָניע אויף דער 37־טער פּאַראַלעל? — האָט דער מאַיאָר געפרעגט.

— אין דעם וועט מען זיך זייער גרינג קענען באַלד איבערצײַגן, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן און האָט צעעפנט די מאַפּע פון דאָרעם־אַמעריקע. — נו, יאָ, אַזוי איז עס טאַקע! פּאַטאַגאָניע ליגט אויף דער 37־טער פּאַראַלעל: זי האַקט איבער אַראַוקאַניע, זי גייט דורך איבער די פּאַמפּאַסן לענגאויס די צאָפנדיקע גרענעצן פון פּאַטאַגאָניע און לאָזט זיך אויס אין די וואַסערן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

— אויסגעצייכנט. איצט וועלן מיר זיך ווײַטער נעמען צום פאַנאַנדערשיפרירן. דאָס וואָרט abor. — צי איז עס ניט דער פראַנצויזישער ווערב aborder —

צושטייגן? אויב אזוי, הייסט עס, אז צוויי מאטראָסן און דער קאַפּיטאַן זיינען ערגעץ צוגעשטיגן. וווּהין?! "contin„ — צום קאָנטינענט. איר פאַרשטייט, צום קאָנטינענט און ניט צו קיין אינדזל! וואָס־זשע איז מיט זיי אויסגעקומען ווייטער פאַרגעקומען? צום גליק, שטייען דאָ צוויי בוכשטאַבן: זאָגן; זיי דערציילן אונדז וועגן דעם גורל פון די אומגליקלעכע: דאָס איז דער אָנהויב פונעם וואָרט pris — אַז זיי זיינען אין געפענקעניש אָדער prisonniers — אַז זיי זיינען געפאַנגענע. ווער־זשע האָט עס זיי געקערט נעמען אין געפענקעניש? אַף דעם ענטפערט דאָס צעטעלע זייער קלאָר: "אַכזאָריעסדיק". indi — אַכזאָריעסדיקע, indiens — אינדיאַנער. דאָס איז, דאַכט זיך, גאַנץ איבערצייגנדיק. ניט ריכטיק? אָט וויאַזוי די פאַרלאָרן־געגאַנגענע ווערטער שטעלן זיך אַליין אויס אַף די בלויזן פונעם דאָקומענט! איצט זעט איר שוין, וויאַזוי דער זינן פונעם צעטעלע ווערט אַנטפּלעקט אָט דאָ מאַמעש פאַר אונדזערע אויגן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט גערעדט מיט טיפער איבערצייגונג, זיין ענטוזיאַזם האָט זיך גלייך איבערגעגעבן זיינע צוהערער. צוזאַמען מיט אים האָבן זיי אַלע אין איין קאָל געשריגן: "ס'איז קלאָר, ווי דער טאָג! גאָר אָן שום צווייפל!"

מיסטער גלענאַרוואַן האָט געשוויגן אַ רגע, דערנאָך האָט ער זיך פונסנייַ אָנגערופן:

— מיינע פריינט, — האָט ער אָנגעהויבן, — דידאָזיקע האשאָרעס זיינען, ווי מיר שיינט, אינגאַנצן ריכטיקע. איך צווייפל ניט אין דעם, אַז די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען ערגעץ אינדערנאָענט לעם די ברעגן פון פּאַטאַגאָניע. אַגעוו, וועל איך זיך אין גלאַזגאָ זען דערקינדיקן, וווּהין די שיף "בריטאַניע" האָט געדאַרפט אָפּגיין, און דאַן וועט אונדז ווערן נאָך קלאָרער, צי האָט זי געקענט אָנקומען אין דידאָזיקע וואַסערן אַריין, צי נישט.

— אָ, צוליב דעם איז גאָרניט קיין מוז וואַרטן ביז מירן זיך אומקערן קיין גלאַזגאָ, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן. — איך האָב דאָ בא זיך אַ קאָמפּלעקט פון דער "יאַמישער האַנדלס־צייטונג" און זי וועט אונדז געבן די נויטיקע ידיעות וועגן דעם.

— אוי, ס'איז דאָך זייער גוט, דזשאָן! טומ־זשע טאַקע גיכער אַ זוך! — האָט מיסיס עלען אויסגערופן.

דזשאָן מאַנגלס האָט אַרויסגענומען אַ קאָמפּלעקט צייטונגען פאַרן 1862־טן יאָר, און ער האָט אים פלינק גענומען דורכבלעטערן. ס'איז אים גאָרניט אויסגעקומען אַזוי לאַנג צו זוכן, וואָרום ער האָט אינגיכן מיט עכטער באַפרידיקונג אויסגערופן:

— געפונען!

אין צייטונג איז געווען אָנגעשריבן:

"דעם 30־טן מיי 1862־טן יאָר. "בריטאַניע" (קאַפּיטאַן גראַנט) איז אָפּגעשוווּמען פון קאַליאַאָ".

— גראַנט! — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אויסגערופנ. — צי איז עס ניט יענער געוואַגטער מאַנ, וואָס האָט געטרוימט צו גרינדנ אינ די וואַסערנ פונעם שטילנ אָקעאַנ א נײַ שאָטלאַנד?

— יאָ, גאַנצ ריכטיק, — האָט דזשאַנ מאַנגלס געענטפערט. — דאָס איז טאַקע יענער זעלבער קאַפּיטאַנ גראַנט. אינ 1861־טנ יאָר האָט ער זיכ געלאָזט פונ גלאַזגאָ אפ דער שיפ „בריטאַניע" אונ פונ דעמלט אָנ זײַנענ ניטאָ וועגנ אים קײנ שום ידיעות.

— א, אויב אַזוי, איז שוינ מער ניטאָ קײנ שום צווײפל! — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אויסגערופנ. — איצט איז שוינ אַלצ קלאָר. פונקט אַזוי איז עס טאַקע. „בריטאַניע" איז אַרויסגעגאַנגענ פונ קאַליאַאָ קײנ אײראָפּע דעם 30־טנ מײַ. דעם 7־טנ יונ, דאָס הײסט, אינ 8 טעג אַרום האָט זי געליטנ די קאַטאַסטראָפע בײַ די ברעגנ פונ פּאַטאַגאָניע. אָט אַזוי האָט זיכ פאַר אונדז צעעפנט די גאַנצע געשיכטע פונ דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע! איצט זעט איר שוינ, מײַנע פרײַנט, וויאַזוי די לאָגיק האָט אונדז געגעבנ דעם שליסל אפ צו לײזנ קימאַט אינ גאַנצנ דאָס רעטעניש, אונ דאָס אײנציקע אומבאַוווּסטע, וואָס מיר האָבנ איצט פאַר זיכ, איז נאָר דער גראַדוס פונ דער לענג!

— אָבער אינ דערינענ נויטיקנ מיר זיכ שוינ גראָדע ניט אַזוי שטאַרק, — האָט דזשאָנ מאַנגלס געמאָלדנ. — ווי באַלד מיר ווײסנ דאָס לאַנד, לעם וועלכנ די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומענ, קענ איכ זיכ שוינ אונטערנעמענ בלויז לויט דער אײנער ברײט צוצושטעלנ די שיפ גלײַכ צום פּלאַצ פונ דער קאַטאַסטראָפע.

— אויב אַזוי, ווײסנ מיר דאָכ שוינ אַלצ?! — האָט עלענ אויסגערופנ.

— אַלצ, מײַנ טײַערע עלענ, אונ איצט קענ איכ שוינ פאַרפולנ אַלע בלויזנ, וואָס איבער דעם ים־וואַסער זײַנענ זײ געבליבנ צווישנ די ווערטער. מיר וועט עס זײַנ אַזוי גרינג, פונקט ווי איכ וואָלט דעם דאָזיקנ דאָקומענט געשריבנ לויט דעם קאַפּיטאַנ גראַנטס דיקטאַנט.

אונ מיסטער גלענאַרוואַנ האָט גענומענ די פענ אינ האַנט, ער האָט זיכ קײנ רעגע ניט פאַרטראַכט אונ האָט גלײַכ אָנגעשריבנ פאָלגנדיקע שורות:

דעם 7-טנ יונ 1862־טנ יאָר האָט די דרײַמאַסטיקע שיפ „בריטאַניע" פונ גלאַזגאָ געליטנ א קאַטאַסטראָפע אינדערנאָענט פונ די ברעגנ פונ פּאַטאַגאָניע אפנ דאָרעמדיקנ האַלב־קײַלעכ. זיכ לאָזנדיק צום ברעג, וועלנ צוויי מאַטראָסנ מיטנ קאַפּיטאַנ גראַנט זיכ פּרווונ אויסשטײַגנ (aborder) אפנ קאָנטינענט, ווו זײ וועלנ זיכ טרעפנ אינ געפענקעניש צו די אַכזאָריעסדיקע אינדיאַנער. זײ האָבנ אַרײַנגעוואָרפנ דעמדאָזיקנ דאָקומענט אינ ים אַרײַנ אונטער... לענג אונ 37 גראַד 11 מינוט ברײט. ברענגט זײ הילף, אַז ניט קענענ זײ אומקומענ.

— אויסגעצײכנט, טײַערער עדוואַרד! — האָט מיסיס עלענ אויסגערופנ. — אויב די דאָזיקע אומגליקלעכע וועלנ ווענ עס איז צוריק דערזענ זײער פאָטערלאַנד, וועלנ זײ פאַנ ג דאָזיקנ גליק האָבנ צו פאַרדאַנקענ בלויז אײַכ.

— זיי וועלנ עס בעפיירעש דערזענ! — האָט מיסטער גלענארוואנ געענטפערט. — איצט איז דערדאָזיקער דאָקומענט אַזויפיל קלאָר אונ אָפנ, אז ענגלאנד וועט זיכ אפ קיינ רעגע נים פארטראכטנ אונ גלײַכ מוזנ קומענ צוהילפ אירע דרײַ זינ, וואָס פלאָגנ זיכ אינ אנגסטנ ערגעצ אפ א וויסטנ ברעג. דאָס, וואָס זי, ענגלאנד, האָט שוינ אופגעטאָנ אפ צו ראטעווענ פראנקלינענ אונ פיל איבעריקע, וועט זי איצט מוזנ איבערכאזערנ, קעדיי צו ראטעווענ די, וואָס האָבנ געליטנ די קאטאסטראָפע אפ „בריטאניע“.

— אָבער בא דידאָזיקע אומגליקלעכע זײַנענ דאָכ, אָנ סאָפעק, געבליבנ ערגעצ פאמיליעס, וואָס האלטנ אינ איינ באוויינענ זייערע נאָענטסטע! — האָט מיסיס עלענ זיכ אָנגערופנ. — קענ זײַנ, אז דער קאפיטאנ גראנט האָט דאָ ערגעצ איבערגעלאָזט א פרוי אונ קינדער...

— איר זײַנט זייער גערעכט, מײַנ ליבע, אונ איכ נעם אפ זיכ גלײַכ אָנ שום פארזאמונג זיי צוּוויסנ געבנ, אז די האָפענונג אפ צו ראטעווענ די פארפאלנ־געגאנגענע יאמ־לײַט איז נאָכ נים פארלאָרנ! נו, מײַנע פרײַנט, ארופגעגאנגענ זאָל עס ווערנ אפ דער פאלובע. מיר שײַנט, אז מיר דערנעענטערנ זיכ שוינ צום האפנ.

אונ ווירקלעכ, „דונקאנ“ איז שוינ געגאנגענ לענגאויס די ברעגנ פונעם אינדזל ביוט, איבערלאָזנדיק הינטער זיכ דעם אינדזל ראָטסיי מיט זײַנ פרעכטיק גרינ שטעטל, וואָס איז צעוואָרפנ אינעם בליִענדיקנ טאָל. ארײַנקומענדיק אינ דעם שמאָלנ טייל פונעם אויסגוס, האָט „דונקאנ“ ארומגעפוינ גרינאָק אונ זעקס שאָ נאָכ האלבנ טאָג איז די יאכטע שוינ צוגעשטיגנ צום צופוסנס פונ דעם באזאלטענעם פעלדז דומבארטאָנ, וואָס איז באקרוינט מיטנ באוווסטנ שלאָס פונעם שאָטלענדישנ העלד.

אפנ האפנ האָט שוינ אפ מיסיס עלענ גלענארוואנ אונ אפנ מאיאָר מאקנאבס געוואַרט א פאעטאָנ פונ מאלקאָלמ־קעסטל. מיסטער גלענארוואנ האָט ארײַנגעזעצט דאָס ווײַב אינ פאעטאָנ, דערנאָכ האָט ער אוועקגעײַלט צום צוג, וואָס גייט אָפּ קיינ גלאזגאָ. אָבער פארנ אָפּפאָרנ האָט ער נאָכ באוויזנ באוואָרענענ דעם סאמע פלינקסטנ שעליִעכ — דעם עלעקטרישנ טעלעגראפ — ער זאָל איבערגעבנ קיינ לאָנדאָנ די פאָלגנדיקע וויכטיקע מעלדונג:

---

ווער סע וויל זיכ דערוויסנ וועגנ דעם גוירל פונעם קאפיטאנ גראנט אונ דער דרײַמאסטיקער שיפ „בריטאניע“ פונ גלאזגאָ, זאָל זיכ ווענדנ צו ער. גלענארוואנ, שאָטלאנד, גרעפיטער שלאָס דומבארטאָנ, ליוס, מאלקאָלמ־קעסטל.

---

אינ עטלעכע מינוט ארום איז שוינ דידאָזיקע מעלדונג צוגעשטעלט געוואָרנ די רעדאקציעס פונ די לאָנדאָנער צײַטונגענ „טײַמס“ אונ „מאָרנינג קראָניקל“.

## דריטע קאפּיטל

# מאלקאָלמ־קעסטל

מאלקאָלמ־קעסטל, אפ שאָטלאנדיש — דער מאלקאָלמ־שלאָס, איז געשטאנענ אפ איינעמ פונ די סאמע פּאָעטישסטע ווינקעלעכ פונעמ בערגיקנ שאָטלאנד. ער האָט זיכ געהייכט אפ א בארג איבערנ שיינ־געמאָלטנ דערפל ליוס. די דורכזיכטיקע וואסערנ פונ דער אָזערע לאָמאָנד האָבנ ארומגעשווענקט דעמ גראניט פונ זיינע ווענט. דער באזיצער פונ מאלקאָלמ־קעסטל, עדוארד גלענארוואנ, איז אלט געווענ 32 יאָר. ער איז געווענ הויכוווקסיק, זיינ פּאָנעמ האָט אויסגעזענ צו זיינ שטרענג, אָבער די אויגנ זיינע בא אימ געווענ פונ א שטארק גוטנ מענטשנ. א בראווער אונ ביז גאָר טעטיקער מאנ, איז ער אינ דערזעלבער צייט געווענ אויכ זעלטנ־גרויסמוטיק אונ צוגעלאָזט. מיסטער גלענארוואנ איז געווענ א הייסער שאָטלאנדישער פּאטריאָט, דער גאנצער שטאט באדינונג־פּערסאָנאל אינ מאלקאָלמ־קעסטל, ווי אויכ די גאנצע מאנשאפט אפ דער יאכטע „דונקאנ", זיינענ באשטאנענ אויסשליסלעכ פונ שאָטלענדער.

ס'זיינענ אינגאנצנ ערשט דורכגעגאנגענ דריי כאדאָשימ, זינט עדוארד גלענארוואנ האָט כאסענע געהאט. זיינ פרוי איז געווענ די טאָכטער פונעמ באריממטנ רייזנדער וויליאמ טופּנעל, וואָס איז, ווי פיל אנדערע, געפאלנ א קאָרבנ פונ דער ליידנשאפט צו געאָגראפישע אנטדעקונגענ. נאָכ איר פאָטערס טויט איז עלענ געבליבנ א קיילעכיקע יעסוימע. געוווינט האָט זי אינ איר אייגענעמ קילפּאטריק. ווענ מיסטער גלענארוואנ האָט זיכ באקענט מיטנ דאָזיקנ פרעכטיקנ מיידל, וואָס האָט איינזאמ אונ שטיל געקעמפט מיט דער נויט, האָט ער גלייכ פארשטאנענ, אז דאָ איז אימ באשערט צו געפינענ א געטרייענ אונ איבערגעגעבענעמ לעבנס־פריינד. האָט ער איר פאָרגעלייגט פאר אימ כאסענע האָבנ, אונ זי האָט דעמ פאָרשלאג אָנגענומענ.

עלענ גלענארוואנ איז איצט אלט געווענ 22 יאָר. זי איז געווענ א בלאָנדע מיט אויגנ בלויע, ווי די וואסערנ אינ די שאָטלענדישע אָזערעס בעיס א פריי־דיקנ, פרילינגדיקנ פרימאָרגנ. דעמ מאנ אירנ האָט זי געשעצט אונ הייס געליבט.

דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט זיכ גליקלעכ געלעבט אינ מאלקאָלמ־קעסטל צווישנ דער פּרעכטיקער אונ ווילדער נאטור פונעמ בערגיקנ שאָטלאנד. זיי פלעגנ שפּאצירנ אונטער די טונקעלע געוועלבנ פונ די קאשטאנענע אונ סייגנ־ביימערדיקע אלייענ בא די ברעגנ פונ די אָזערעס, ווו ס'פלעגנ זיכ נאָכ פונ מאָל צו מאָל הערנ די פּיבראָקסנ*; צווישנ די ווילדע בארג־שפּאלטנ, ווו די פארעלטערטע רויִנעס האָבנ דערציילט וועגנ דער געשיכטע פונ שאָט־

* אלט־שאָטלענדישע קריגס־לידער.

לאנד. הײַנט שפּאַצירן זײ אױעק און פֿאַרסיפֿן זיך צװישן דער געדיכטעניש פֿון די בערעזע־װעלדער, אָפּרוענדיק אַף די אױסגעטײלטע לאָנקעלעך, װאָס זײַנען באַדעקט מיט געלװערנדיקן גראָז; מאָרגן לאָזן זײ זיך קלעטערן צו די שפּיצן פֿון בערגלאָמאָן, אָדער זײ מאַכן נאָר דורך רײַטנדיק לאַנגע עקסקורסיעס איבער די פֿאַרלאָזטע שטעגעלעך און זײ װערן אַנטציקט פֿון זײער פּאָעטישן לאַנד באַם באַזוכן די סאַמע װײַטע דערפֿלעך, װאָס װאָלטער סקאָט האָט נאָך אַמאָל באַזינגען. אינאָװנס, בעשאַס סע צעבערענט זיך אַפֿן הימל דער „מאַק פֿערלאַן־לאַמטערן״ (די לעװאָנע), פֿלעגן זײ שפּאַצירן לענגױס דער אַלטער טימלעכער רינגען־גאַלערײ̈ץ, װאָס גאַרטלט אַרום דעם מאַלקאָלם־שלאָס.

אַזױ זײַנען דורכגעגאַנגען די ערשטע כאַדאָשים פֿון זײער צוזאַמען־לעבן, אָבער גלענאַרװאַן האָט ניט פֿאַרגעסן, אַז די פֿרױ זײַנע איז אַ באַרימטן רײַזנדערס אַ טאָכטער. ער האָט ניט אײנמאָל געטײַנעט צו זיך אַלײן, אַז עלען האָט געמוזט יאַרשענען באַם פֿאָטער די לײדנשאַפֿט צו אַרומרײַזן. און ער האָט טאַקע קײן טאָעס ניט געהאַט.

דאַן האָט ער פֿאַר זיך אײַנגעשאַפֿט די יאַכטע „דונקאַן״, װעלכע האָט געדאַרפֿט פֿירן די הערן עדוואַרד און עלען גלענאַרװאַן צו די סאַמע שענסטע װינקעלעך פֿונעם מיטללענדישן יאַם.

ס'איז גרינג זיך פֿאָרצושטעלן, װי אַנטציקט עלען איז געװאָרן, בעשאַט גלענאַרװאַן האָט איר געמאָלדן, אַז „דונקאַן״ װאַרט אַף אירע פֿאַראָרדע־נונגען.

* * *

מיסטער גלענאַרװאַן איז געװען אין לאָנדאָן. מיסיס עלען האָט מיט בענקשאַפֿט, אָבער גאַנץ געדולדיק, איבערגעטראָגן די דאָזיקע ערשטע צעשײ־דונג. דאָ האָט זיך דאָך געהאַנדלט װעגן ראַטעװען אומקומענדיקע מענטשן! פֿון אָנהײב האָט זי געהאַט דערהאַלטן אַ בריװ װעגן דעם, אַז מיסטער גלענאַרװאַן קערט זיך באַלד אום, אָבער נאָך דעמזעלבן אָװנט איז אָנגע־קומען אַ טעלעגראַם, װו ער האָט געלאָזט װיסן, אַז ס'װעט אים נאָך אױס־קומען זיך צו פֿאַרהאַלטן: דער אינינען, װעגן װעלכן ער איז געפֿאָרן, האָט זיך אָנגעטראָפֿן דאָרטן אַף געװיסע שטערונגען. ס'איז דורכגעגאַנגען נאָך אַ טאָג און ס'איז אָנגעקומען אַ פֿרישער בריװ פֿון גלענאַרװאַנען, װו ער האָט זיך געקלאָגט אַף די לאָרדן פֿון דער אַדמיראַליטעט, אַז זײ האָבן אים זײער קאַלט אױפֿגענומען.

עלען האָט זיך אָנגעהױבן שטאַרק באַונרויִקן פֿאַרן אױסגאַנג פֿון דער זאַך.

אינאָװנט איז זי געזעסן אײנע אַלײן בײַ זיך אין צימער, פּלוצים איז אַרײַנגעגאַנגען אַ באַדינער און בײַ איר געפֿרעגט, צי זי קען אױפֿנעמען אַ יונג מײדל מיט אַ יינגעלע, װאָס פֿרעגן זיך נאָך אַף מיסטער גלענאַרװאַנען.

— דאָס זײַנען היגע אײַנװױנער? — האָט מיסיס עלען געפֿרעגט.

— ניין, מיסיס. איך קאָן זיי ניט. זיי זײַנען געקומען צו פאָרן מיטן צוג ביז באַלאַך, און פונדאָרטן זײַנען זיי געגאַנגען קיין ליוט צופוס.

— זאָגט, אז איך בעט זיי, זיי זאָלן אַרײַנקומען.

דער באַדינער איז אַרויסגעגאַנגען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער אַרײַנגעפירט צו מיסיס עלענען אין צימער אַרײַן א מיידל מיט א יִינגעלע. דאָס זײַנען געווען א ברודער מיט א שוועסטער. זייער שטאַרקע ענלעכקײַט האָט וועגן דעם גערעדט אָן ווערטער. דאָס מיידל איז אַלט געווען א יאָר זעכצן. איר שיין אויסגעמאַטערט פּנעמל, איר גרויסע אויגן, וואָס האָבן, זעלבער צײַט א גאַנץ מוטיקן אויסדריק; איר אָרעם, אָבער גאַנץ ציכטיק אָנטאָן, — דאָס אַלץ האָט איר נאָך צוגעגעבן כיין בא א פרעמדן אין די אויגן. דאָס ברודערל אירס, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר א האַנט, איז געווען א יִינגעלע פון א יאָר צוועלף מיט אַן אָפענעם און דרײַסטן פּאָנעם. סע האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געפילט אַלס פאַרטיידיקער און באַשיצער פון זײַן שוועסטער, און ער איז גרייט זיך אָפּרעכענען מיט יעדערן, ווער ס'וועט זיך דערוועגן באַגיין מיט איר ניט מיט געהעריקן אָפּשײַ.

אַז דאָס מיידל איז געבליבן שטיין אַנטקעגן מיסיס עלען, האָט זי זיך דערפילט גאַנץ אָפּהענטיק.

— איר דאַרפט מיט מיר עפּעס ריידן? — האָט מיסיס עלען געפרעגט און דערמוטיקט דאָס מיידל מיט איר בליק.

— ניין, — האָט דאָס יאַטל געענטפערט פאַר דער שוועסטער מיט אַן אַנטשיידנקײַט אין זײַן שטים. — מיר ווילן ריידן מיט מיסטער גלענאַרוואַנען אַליין.

— אַנטשולדיקט, מיסיס, — האָט דאָס מיידל זיך אָנגערופן און מיט פאָרוואורף א קוק געטאָן אויפן ברודערל.

— מיסטער גלענאַרוואַן איז איצט ניטאָ אינדערהיים, — האָט מיסיס עלען געענטפערט. — אָבער איך בין זײַן פרוי. פילײַכט וועל איך אים קענען פאַרבײַטן?

— איר זײַנט מיסטער גלענאַרוואַנס פרוי?

— יאָ.

— יענעם זעלבנס, וואָס האָט אָפּגעדרוקט אין „טײַמס" די מעלדונג וועגן דער קאַטאַסטראָפע פון דער שיף „בריטאַניע"?

— יאָ, יאָ, — האָט עלען אין אײַלעניש געענטפערט. — און איר?

— איך, מיסיס גלענאַרוואַן, בין דעם קאַפּיטאַן גראַנטס א טאָכטער און דאָס איז מײַן ברודער.

— מיס גראַנט, מיס גראַנט! — האָט עלען אויסגערופן און צוגעצויגן צו זיך דאָס יונגע מיידל, אין דערזעלבער צײַט האָט זי באַדעקט מיט אַ סאַך קושן די באַקן פון איר יונגן פאַרטיידיקער.

— מיסיס, — האָט דאָס מיידל זיך ווײַטער אָנגערופן, — וואָס ווייסט איר



— איך, מיסיס גלענארוואן, בין דעם קאפיטאן גראנטס א טאָכטער אונ דאָס איז מיין ברודער.

וועגן מײַן פּאָטערס שיף? צי לעבט ער ערגעץ, צי וועלן מיר אים נאָך וועןג עס איז זען? איך בעט אײַך, ענטפערט גלײַך.

— מײַן טײַער מײדעלע, — האָט מיסיס עלען געענטפערט, — איך וואָלט ניט וועלן מיט לײַכטזיניקע ענטפערס דערוועקן אין אײַך אומבאַגרינדעטע, מעגלעכע, האָפענונגען...

— אָ, זאָגט גיכער, מיסיס, זאָגט, איך בעט אײַך, איך בין שוין געוווינט צו צאָרעס און איך בין אימשטאַנד אַלצ אויסצוהערן.

— מײַן קינד, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן, — א האָפענונג א קלײנע איז נאָך דאָ. די האָפענונג איז נאָך ניט אינגאנצן פארלאָרן. ס'איז צו גלויבן, אז ס'זאָל נאָך אָנקומען דער טאָג, ווען איר וועט האָבן די מעגלעכקײט ארומצוארעמען דעם פאָטער אײַערן.

מיס גראַנט האָט אויסגעשאָסן א געוויין. דאָס ברודערל אירס — ראָבערט — האָט זיך א וואָרף געטאָן צו עלענען און איר גענומען קושן די הענט.

אז די דערשיטערונג פון דערדאָזיקער ביטערער פרייד איז דורכגעגאַנגען, האָט דאָס יונגע מײדל גענומען באַוואַרפן מיסיס עלען מיט אָנצאָליקע פראַגן.

עלען האָט, אַלס ענטפער, איר דערצײלט די געשיכטע מיט די געפונענע דאָקומענטן און זי האָט איר איבערגעגעבן דעם אינהאַלט זײערן.

מיס גראַנט האָט זיך דערוווּסט, אז „בריטאַניע" האָט געליטן א קאַטאַס־טראָפע בײַ די ברעגן פון פּאַטאַגאָניע; אז די אײנציקע, וואָס האָבן זיך געראַ־טעוועט נאָך דער קאַטאַסטראָפע — דער קאַפּיטאַן און צוויי מאַטראָסן — האָבן זיך דערקלײבן צום קאָנטינענט און, ענדלעך, האָט זי זיך דערוווּסט, ווי־אַזוי זײ האָבן אָנגעשריבן די צעטעלעך אויף דרײַ שפּראַכן, דורך וועלכע זײ האָבן זיך געווענדעט צו דער גאַנצער וועלט נאָך הילף, און ווי־אַזוי זײ האָבן דעמדאָזיקן געבעטן זײערן אָנגעטרויט דער ווילדער טײַכיע פונעם אָקעאַן.

בעײסן דאָזיקן געשפּרעך, האָט ראָבערט גראַנט מאַמעש געפרעסן מיטן בליק מיס זײַנעם עלענען. פון זײַנע ליפּן האָבן זיך אַלעמאָל אָפּגעריסן אויס־געשרײען: „אַך, טאַטעלע! אָרעמער טאַטע!" און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער געטוליעט צו זײַן שוועסטער.

מיס גראַנט האָט אויסגעהערט די גאַנצע דערצײלונג ביזן סאָף און זיך נישט אַרײַנגעמישט אין די רײד אפילו מיט קײן אײן וואָרט. ערשט נאָך דעם, ווי מיסיס עלען איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זי אויסגעשריגן:

— אין נאָמען פון אַלדאָס הײליקע, בעט איך, איר זאָלט מיר ווײַזן די־דאָזיקע צעטעלעך.

— איך האָב זײ ניט בײַ זיך, קינד מײַנס, — האָט מיסיס עלען געענטפערט.

— איר האָט זײ פארלאָרן?

— נײן, מײַן מאַן האָט זײ אָוועקגעפירט קײן לאָנדאָן. דאָס איז אין די אינטערעסן פון אײַער פאָטערס רעטונג. אָבער איך האָב אײַך איבערגעגעבן דעם אינהאַלט וואָרט אין וואָרט. איך דאַרף אײַך נאָר זאָגן, אז, צום באַדויערן, האָט דאָס וואַסער פארניכטעט דעם גרעסטן טײל ווערטער, עס האָט אויך ניט

געשוינט די אָנווייַזונג וועגן דער לעגן פונעם פּלאַץ, ווו די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען.

— מירן זיך שוין אָן איר אויך באַגיין! — האָט ראָבערט אויסגערופן.

— אומבאַדינגט, יינגעלע מייַנס, — האָט מיסיס עלען געענטפערט און ליב געשמייכלט פון זייַן אַנטשלאָסענעם טאָן. — ווי איר זעט, מיט גראַנט, האָב איך אייַך שוין באַקאַנט געמאַכט מיטן אינהאַלט פון די דאָקומענטן אין זייערע אַלע אייַנצלהייטן. איצט ווייסט איר שוין, וואָס דאַרטן שרייַבט זיך, נאָר ווינציקער פון מיר זעלבסט.

— גאַנץ ריכטיק, מיסיס, אָבער... מיר וואָלט זיך זייער וועלן זען דעם טאַטנס האַנטשריפט.

— דאָס איז אויך מעגלעך. מאָרגן קומט מייַן מאַן צו פאָרן. מיסטער גלענאַרוואַן האָט פאַרכאַפּט מיט זיך די דאָזיקע דאָקומענטן, כדי צו באַווייַזן זיי די לאָרדן פון דער אַדמיראַליטעט, טאָמער וועט ער זיך קענען דערשלאָגן, אַז זיי זאָלן גלייַך אָפּשיקן אַ שיף אָפּ צו זוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. און ביז מייַן מאַן וועט קומען צו פאָרן, בעט איך אייַך, איר זאָלט זיך אופהאַלטן בייַ אונדז.

— מיסיס, איך דערוועג זיך ניט צו מיסברויכן מיט אייַער גוטהאַרציקייט... מיר זייַנען דאָך פאַר אייַך אינגאַנצן פרעמדע מענטשן...

— פרעמדע? — האָט מיסיס עלען איר איבערגעהאַקט די רייד. — זייט וויסן, אַז סיי איר, סיי אייַער ברודער זייַנט אין דעם דאָזיקן הויז נישט קיין פרעמדע. איך בעט אייַך, איר זאָלט דאָ בלייַבן; איך וויל, אַז ווי נאָר מיסטער גלענאַרוואַן וועט קומען צו פאָרן, אַזוי זאָל ער די רעגע קענען איבערגעבן דעם קאַפּיטאַן גראַנטס קינדער וועגן דעם, וואָס איז פּירגענומען געוואָרן, כדי צו ראַטעווען דעם פאָטער זייערן!

מיט עלענס אייַנלאַדונג איז געגאַנגען פון טיפן, ריינעם האַרצן, און ס'אין באָרניט שטייַך געווען זיך אָפּזאָגן פון דעם, אַזוי אַז מערי גראַנט האָט זי מיט דאַנקבאַרקייט אָנגענומען.

## פערטע קאַפּיטל

# עלען גלענאַרוואַנס פאָרשלאַג

אין דער צייַט פונעם שמועס האָט מיסיס עלען זיך געהיט, זי זאָל זיך מיט קיין איין וואָרט ניט אַרויסכאַפּן וועגן די ספּייקעס, וואָס מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַרויסגעזאָגט בענוגייע דער באַציִונג פון די אַדמיראַליטעט־לאָרדן צו דעם דאָזיקן איניען. זי האָט אויך מיט קיין איין וואָרט ניט געגעבן קיין אָנצוהערעניש וועגן דעם, אַז דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט זיך גיכער פון אַלץ געקערט פּאַקן אין געפענקעניש צו די דאָרעם־אַמעריקאַנישע אינדיִאַנער.

צוליבֿ וואָס זאָלן זיך, נעבעכ, די אָרעמע קינדער קימערן אומזיסט און ציליבֿ וואָס זאָל זי בֿאַ זיי אויסלעשן די נאָרוואָס אויפֿגעפֿלאַקערטע האָפֿענונג, אַז זיי וועלן זיך ווען עס איז ווידעראַמאָל בֿאַגעגענען מיטן פֿאָטער מיט זייערן. בֿיפֿראַס, אַז זי האָט געוווּסט, אַז פֿון דעם וועט קיין נוץ דערווײַל קיינעם ניט אַרויסקומען.

נאָכ דעם, ווי מיסיס גלענאַרוואַן האָט געענטפֿערט אַף מערי גראַנטס אַלע פֿראַגן, האָט זי זיך אַליין גענומען דערפֿרעגן בֿאַם יונגן מיידל וועגן איר לעבן, וועגן איר לאַגע אין דער געזעלשאַפֿט, ווו האַלט זי זיך איצט אויף, וואָרום, ווי ס׳איז צו זען, איז זי, קענטיק, די איינציקע בֿאַשיצערן פֿון איר קליינינקן בֿרודער.

מערי גראַנטס רירנדע און בֿאַשיידענע דערציילונג האָט נאָכ מער איר צוגעגעבֿן כיין אין מיסיס עלענס אויגן.

מערי און ראָבֿערט זײַנען דעם קאַפּיטאַן גראַנטס איינונאיינציקע קינדער. האַרי גראַנט האָט פֿאַרלאָרן די פֿרוי זײַנע בֿעשאַס ראָבֿערטס געבֿוירן, אַזוי אַז בֿעשאַס ער פֿלעג דאַרפֿן אַף לאַנג אַוועקפֿאָרן פֿונדערהיים, פֿלעג ער איבֿערלאָזן די קינדער בֿאַ זײַן גוטער אַלטער קוזינע. דער קאַפּיטאַן גראַנט איז געווען אַ געוואַגטער יאַם־מענטש, וואָס איז זייער גוט געווען בֿאַקאַנט מיט זײַן אַרבֿעט. אַליין אַ געבֿאָרענער און אַ שטענדיקער אײַנוווינער פֿון דער שטאָט דיאַנדי, וואָס אין דעם גראַפֿנטום פּערט, איז ער געווען אַף דורכ און דורכ אַ שאָטלענדער. זײַן פֿאָטער, וואָס איז געווען זייער אַ געלערנטער מענטש, האָט זיך בֿאַמיט געבֿן דעם זון זײַנעם אַ קלאַסישע בֿילדונג, ווײַל ער האָט געהאַלטן, אַז וויסנשאַפֿט שאַדט קיינעם ניט, מעג דער מענטש זײַן אַ קאַפּיטאַן פֿון ווײַטע רײַזעס.

די ערשטע ווײַטע שיפֿונג, — פֿון אָנפֿאַנג אַלס געהילף־קאַפּיטאַן און דערנאָך אַלס שקיפּער — האָבֿן געמאַכט האַרי גראַנטן אַ נאָמען פֿון אַ גוטן יאַם־מענטש, און אין דער צײַט פֿון ראָבֿערטס געבֿוירן האָט ער זיך שוין געהאַט דערוואָרבֿן אַ היפּש פֿאַרמעגן.

אין אָט דער צײַט איז אים אויפֿגעקומען אַ דרײַסטער געדאַנק, וואָס האָט אים געשאַפֿן פּאָפּוליאַריטעט איבֿער גאַנץ שאָטלאַנד. פּונקט ווי די גלענאַרוואַנס און ווי אַ ריי אַנדערע דורכ־ און דורכיקע שאָטלענדישע פֿאַמיליעס, האָט גראַנט געהאַלטן ענגלאַנד אַלס שאָטלאַנדס אַ פֿאַרשקלאַפֿערן. די אינטערעסן פֿון זײַן פֿאָטערלאַנד זײַנען, לויט זײַן מיינונג, זיך ניט צונויפֿגעפֿאַלן מיט די אינטערעסן פֿון גרויסבֿריטאַניע, דערום האָט ער בֿאַשלאָסן אויסבֿילדן אַ פֿאַרבֿרייטערטע שאָטלענדישע קאָלאָניע אַף איינעם פֿון די אָקעאַנישע אינדזלען.

ער האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפֿרוף צו זײַנע לאַנדסלײַט, ער האָט אויסגעגעבֿן זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן און אויסגעבֿויט אַ שיף, דערנאָכ האָט ער צונויפֿגעקליבֿן אַ מאַנשאַפֿט פֿון זײַנע מיטפֿילנדיקע פֿרײַנט און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויסצופֿאָרשן די גרויסע שטיל־אָקעאַנישע אינדזלען. די קינדער

זייַנע האָט ער איבערגעלאָזט אַף זייַן קוזינעס אופזיכט. פאָרגעקומען איז עס אין 1861־טן יאָר. אין מעשעכ פונעם קומענדיקן יאָר ביז מייַ 1862 פלעגן פון אים אָנקומען רעגולערע יעדיעס, אָבער נאָכ דעם, ווי ער איז אָפּגעשוואָמען פון קאַליאאָ, נעמלעכ — אין יוני 1862־טן יאָר, האָט שוין קיינער גאָרניט ניט געהערט וועגן דער שיף „בריטאַניע", און די „יאַמישע האַנדלס־צייַטונג" האָט גאָרניט ניט געקענט דערציילן מערער וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנטס גוירל.

אין אָט דער צייַט איז געשטאָרבן דעם קאַפּיטאַן גראַנטס קוזינע, און די צוויי קינדער זייַנען געבליבן עלנט אַף דער גאַנצער וועלט.

מערי גראַנט איז דאַן אינגאַנצן אַלט געווען פערצן יאָר, אָבער זי האָט זיכ ניט פאַרלאָרן און האָט מוטיק באַגעגנט דעם אומגליק, וואָס האָט זי געטראָפן. זי האָט מיט אַלע קויכעס זיכ גענומען זאָרגן וועגן דעם ברודערל. זי האָט געשפּאָרט ווי וויַיט נאָר זי האָט געקענט. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע קויכעס פון איר גוף מיט דער נעשאָמע, זי האָט טאָג אַזוי נאַכט געאַרבעט, זי האָט זיכ ניט פאַרגינען קיין שום פאַרגעניגן און זי האָט, אַזוי אָרום, געווידמעט איר גאַנצ לעבן אַף צו דינען דעם ברודער אירן. אָט אַזוי האָט זי אים דערצויגן און אים פאַרביטן די מוטער.

די פאַריאָסעמטע קינדער האָבן נאָכ אַלץ געוווינט אין דיאָנדי, זיי האָבן זיכ געראַנגלט מיט דער אומבעראַכמאָנעסדיקער נויט. דאָס איינציקע, וועגן וואָס מערי האָט געטרוימט, איז געווען — אַ גליקלעכע צוקונפט פאַר איר ברודער וועגן.

זי האָט שוין ניט געצווייפלט אין דעם, אַז „בריטאַניע" איז אומגעקומען און אַז דער טאַטע אירער איז שוין ניטאָ אַף דער וועלט. הייַנט שטעלט זיכ פאָר, ווי אופגערודערט זי איז געוואָרן, ווען זי האָט איבערגעלייענט אין דער צייַטונג „טייַמס", וואָס איז איר צופעליק געקומען צו די הענט, די באַוווסטע מעלדונג, וואָס האָט צוריק אופגעלעבט בא איר אין הארצן די פאַרלאָשענע האָפענונג.

זי האָט זיכ קיין רעגע ניט געקווענקלט און האָט גלייַכ באַשלאָסן זיכ לאָזן קיין מאַלקאָלם־קעסטל. ווען סע שטייט איר פאָר אַפילע זיכ דערוויסן, אַז מע האָט געפונען דעם קאַפּיטאַן גראַנטס טויטן קערפּער ערגעץ אַף אַ וויסטן ברעג צווישן די ברוכשטיקער פון „בריטאַניע", וואָלט עס איר אויכ געווען גרינגער, ווי די פייַנלעכע אומבאַוווסטקייַט, ווי די אייביקע מאַטערניש פון צווייפל. זי האָט אַלץ דערציילט ראָבערטן, און אין דעמזעלבן טאָג האָבן זיכ די קינדער אופגעזעצט אַף אַ באַן, וואָס איז געגאַנגען קיין פערט. צו אָוונט־צו זייַנען זיי אָנגעקומען קיין מאַלקאָלם־קעסטל, און ערשט דאָ האָט מערי פונסנייַ, נאָכ אַזויפיל טעג פון פייַן און פאַרצווייפלונג, צוריק דערוואָרבן די האָפענונג.

אָט דאָס איז די רירנדע געשיכטע, וואָס מערי גראַנט האָט דערציילט פאַר מיסיס עלען גלענאַרוואַן. דאָס מיידל האָט דאָס אַלץ דערציילט מיט

גוואלדיקער אופריכטיקייט אונ באשיידנקייט, אליינ ניט באנעמענדיק, אז איר אופירונג אינ די לאנגע פיינלעכע יאָרנ שטעלט מיט זיך פאָר עמעסנ העלדנטאט. אָבער עלענ האָט עס שוינ פאר איר, אינ מעשעך פונ דער דערציילונג, אליינ געקלערט אונ ניט איינ מאָל. זי האָט ניט אָפּגעריסנ די אויגנ פונ מערי גראנט אונ האָט בעייסמייסע געהאלטנ אינ איינ טוליענ בא זיך אינ די אָרעמס דעם קאפּיטאנ גראנטס ביידע קינדער.

ראָבערט האָט ווי געהערט די גאנצע געשיכטע דאָס ערשטע מאָל אפ זיינ לעבנ, ער האָט זיך איינגעהערט אינ דער שוועסטערס רייד מיט ברייט־צע־עפנטע אויגנ. ערשט איצט האָט ער מיטאמאָל פארשטאנענ, וויפל זי האָט פאר אים אופגעטאָנ, וויפל זי האָט זיך צוליב אים אָנגעליטנ. דאָ האָט ער פלוצים זי ארומגעהאלדזט מיט ביידע הענט אונ אויסגעשריגנ:

— מאמעלע! ליבינקע מאמעלע מיינע! — דערדאָזיקער געשריי האָט זיך בא אים ארויסגעריסנ פונ סאמע טיפנ הארצנ.

אזוי האָבנ זיי זיך געשמועסט אונ ניט באמערקט, ווי סע האָט זיך שטיל אָנגערוקט די נאכט. דאָ האָט זיך מיסיס עלענ דערמאנט, אז די קינדער מוזנ זיינ מיד פונ וועג, דערום האָט זי פאראָרדנט מע זאָל זיי אָפּפירנ אינ די צימערנ, וואָס זיינענ פונ זייערטוועגנ צוגעגרייט געוואָרנ.

מערי אונ ראָבערט זיינענ גלייך אנשלאָפנ געוואָרנ אונ ביידע האָבנ זיי אינ דערדאָזיקער נאכט געזענ אסאך זיסע כאלוימעס.

אפ מאָרגנ גאנצפרי, באלד נאָכנ אופשטיינ, האָבנ מערי גראנט מיטנ ברו־דערל אומגעשפאצירט אינ הויף פונ מאלקאָלמ־קעסטל. פלוצים האָט זיך דער־הערט א גערויש פונ א פור, וואָס האָט זיך געטראָגנ אהער אינ פולנ געלאָפּ. דאָס איז געווענ מיסטער גלענארוואנס פאעטאָנ, וואָס האָט זיך אומגעקערט פונ דער אייזנבאנ־סטאנציע.

מיסטער גלענארוואנ האָט נאָכ ניט באוויזנ אראָפּצושפּרינגענ פונ פא־עטאָנ־טרעפּל, ווי פונ דער פאָרנטדיקער טיר זיינענ ארויסגעלאָפנ צו אים אנטקעגנ מיסיס עלענ אונ דער מאיאָר. עלענ האָט זיך א וואָרפ געטאָנ צום מאנ אינ די אָרעמס, יענער האָט אָבער אויסגעזעענ צו זיינ טרויעריק, אנטוישט אונ צערודערט. ער האָט פעסט ארומגעארעמט די פרוי זיינע, אָבער ער האָט איר גאָרניט ניט געזאָגט בעייסמייסע.

— נו, מיינ ליבער עדוארד, גיכער זאָג, וואָס הערט זיך? — האָט די יונגע פרוי אויסגערופנ.

— שלעכט, מיינ טייערע, — האָט מיסטער גלענארוואנ געענטפערט, — דאָס זיינענ מענטשנ אָנ הערצער.

— אנטזאגט?..

— יאָ, זיי האָבנ אנטזאגט. זיי ווילנ ניט שיקנ קיינ שיפ! זיי פארענט־פערנ זיך, אז זיי האָבנ געפאטערט אומזיסטע מיליאָנענ אפ זוכנ פראנקלינענ. ווייטער האָבנ זיי נאָך אנ אויסרייד, אז די דאָקומענטנ, וואָס מיר האָבנ גע־פונענ, זיינענ קלוימערשט ניט גענוג קלאָר, אונ אז מיינ אויסטייטשונג איז

ניט גאָר איבערצײַגנדיק. און אויב ס'זאָל אפילע זײַנ אלצ ריכטיק, האָבנ די אלע יעדיִעס א שײַכעס צו שוינ א דורכגעגאנגענער צײַט. פאר דידאָזיקע צוויי יאָר האָבנ די אינדיִאנער זיכער פארשלעפט די געפאנגענע ווייערע אינ דער טיפ פונ לאנד, און ביכלאל טײַנעגן זיי, אז ס'איז אנ אומזינ זיכ לאָזנ דורכ־צואקערנ גאנצ פאטאגאָניע צוליב דרײַ מענטשנ, וואָס זײַנענ נאָכ דערצו שאָטלענדער! דאָס זוכנ איז א געפאר און ס'וועט צו גאָרניט ניט ברענגענ, ס'וועט זיכ פאָדערנ מער קאָרבאָנעס, וויפל ס'זײַנענ פאראנ לעבעדיקע, וועלכע מ'דארפ אָפראטעווענ! קורצ, זיי האָבנ ארויסגעזאָגט אלע גערעכטע און א מגערעכטע דערווידערונגענ, אבי זיכ צו פארענטפערנ, פארוואָס זיי ווילנ ניט ארויסווײַזנ קיינ הילפ, כאָטש די סיבע פונ זייער אנטזאגונג איז פאר מיר אינגאנצנ קלאָר. זיי בעדענקענ זייער גוט, אז דער קאפיטאנ האָט געשטרעבט צו שאָטלאנדס אומאָפהענגיקײַט. און איצט איז דער אומגליקלעכער, זיכער, פארפאלנ אפ אייביק.

— אוי, טאטעלע, אָרעמער טאטעלע! — האָט מערי גראנט אויסגעשריגנ און א פאל געטאָנ צו מיסטער גלענארוואנס פיס.

— אײַער פאָטער, מיס? — האָט יענער דערשטוינט איבערגעפרעגט, דער־זעענדיק דאָס מיידל שטיינ אפ די קני.

— יאָ, ליבער עדוארד, דאָס זײַנענ מיס מערי גראנט און איר ברודערל ראָבערט, דעם קאפיטאנ גראנטס קינדער, וואָס די אדמיראליטעט־לאָרדנ ווילנ פארוואנדלענ אינעם קאפיטאנ גראנטס יעסוימים...

— אכ, מיס, — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ אָנגערופנ בעייס ער האָט אופגעהויבנ דאָס מיידל פונ דער ערד, — הענ איכ וואָלט געוועט וויסנ, אז דאָס זײַנט איר.

און ער איז אנטשוויגנ געוואָרנ.

דאָס שווערע שטילשווײַגנ, וואָס האָט געהערשט אינ מאלקאָלם־קעסטלס הויפ, איז נאָר פונ מאָל צו מאָל געשטערט געוואָרנ דורכ די זיפצנ און פאר־שטיקטע געוויינענ.

נאָכ לאנגע שווײַגנדיקע מינוטנ האָט זיכ דער ערשטער אָנגערופנ דער מאיאָר מאק־נאבס.

— הייסט עס, אז איר האָט שוינ מער קיינ שום האָפענונג ניט? — האָט ער א פרעג געטאָנ בא מיסטער גלענארוואנענ.

— קיינ שום.

— אויב אזוי, — האָט ראָבערט פלוצים אויסגעשריגנ, — גיי איכ אליינ צו דידאָזיקע הערנ. מירנ שוינ וויסנ, וואָס מיר האָבנ צו טאָנ!..

ראָבערט האָט ניט פארענדיקט די דראָזונג זײַנע, דערפאר, וואָס מערי האָט אים אָפגעשטעלט, אָבער זײַנע צונויפגעדריקטע פויסטלעכ האָבנ גערעדט נאָכ מערער פונ ווערטער וועגנ דעם יאטלס קריגערישער באַרײַטקײַט.

— ניינ, ראָבערט, נײנ! — האָט זיכ מערי גראנט אָנגערופנ. — לאָמיר בא־דאנקענ דידאָזיקע גרויסמוטיקע מענטשנ פאר דעם אלעמענ, וואָס זיי האָבנ

פאר אונדז אופגעטאָן. מירן עס פארגעדענקען אַפּ אייביק און מירן אַפּ אייביק פארבאהאלטן טיף אין הארצן דעם געפיל פון דאנקבארקייט צו זיי...

און איצט לאָמיר גיין!

— מערי! — האָט עלען אויסגעשריגן.

— וואוהין וועט איר גיין, מיס גראנט? — האָט מיסטער גלענארוואן געפרעגט.

— מיר וועלן גיין און מירן פאלן דער קעניגן צו די פיס. איך בין איבערצייגט, אז זי וועט נישט בלייבן טויב צו די רייד פון צוויי קינדער, וועלכע בעטן, אז זי זאָל שענקען זייער פאָטער דאָס לעבן.

מיסטער גלענארוואן האָט צווייפלדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. קענטיק, אז ער איז נישט געווען אזוי איבערצייגט, ווי דאָס מיידל, אין דער קעניגנס ווייכהערציקייט.

מיסיס עלען האָט, קענטיק, אויך נישט געצווייפלט, אז מערי גראנטס אופטו וועט בלייבן אָן דערפאָלג. זי האָט פארשטאנען, אז פון היינט אָן וועט דאָס לעבן פון דידאָזיקע קינדער דארפן גיין, וואָס ווייטער, אלץ ערגער און ערגער. אָבער דאָ איז זי פלוצים באשיינט געוואָרן פון אן איידעלער און גרויסמוטיקער אידיי.

— ווארט נאָך אויס, מערי! — האָט זי אויסגערופן און פארהאלטן דאָס מיידל, וואָס האָט זיך שוין געקליבן אוועקגיין. — הערט אויס, וואָס איך וועל אייך זאָגן.

מערי, וואָס האָט געהאלטן דאָס ברודערל פאר א האנט, איז געבליבן שטיין.

מיסיס עלען איז מיט פולע פארטרערטע אויגן צוגעגאנגען צום מאן צו אירן און האָט מיט א פעסט קאָל זיך אָנגערופן:

— עדוארד! איר האָט באשלאָסן פירצונעמען א לוסט־רייזע איבערן יאם, קעדיי מיר צו פארשאפן פרייד, אָבער קיין שום כרייד איז נישט אימשטאנד זיך צו פארגלייכן מיטן גליק פון אָפּראטעווען דאָס לעבן פון אומגליקלעכע מענטשן, וואָס דאָס אייגענע פאָטערלאנד האָט זיי איבערגעלאָזט באם גורל אַפּ הפקר!

— עלען! — האָט מיסטער גלענארוואן אויסגערופן.

— עדוארד, איר האָט מיך פארשטאנען? „דונקאן" איז א פעסטע און שטארקע שיף! זי וועט, זיכער, קענען שווימען איבער די דאָרעמדיקע וואסערן, זי איז אימשטאנד דורכצומאכן א רייזע ארום דער וועלט, און זי וועט זי געוויס דורכמאכן, אויב ס'וועט נאָך זיין א באדערפעניש אין דעריבער! איז פאָרן מיר, עדוארד! מיר פאָרן אופזוכן דעם קאפיטאן גראנט!

ווי נאָר מיסיס עלען האָט ארויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, אזוי האָט מיסטער עדוארד גלענארוואן צעעפנט זיינע אָרעמס און איינגעשלאָסן אין זיי די יונגע פרוי זיינע. מערי און ראָבערט האָבן זיי געכאפט קושן ביידן די הענט, און אלע הויפ־לייט מיט די באדינער זיינען אזוי איבערראשט געוואָרן

פינעם דאָזיקן אומטו, אז זיי האָבן זיך ניט געקענט איינהאלטן און האָבן אויסגעשריגן דריי מאָל הויך אפ א קאָל אורא, לעקאָוועד די באַלעבאַטים פונעם שלאָס, די הערן עדוארד און עלען גלענארוואַן!

## פינפטע קאפיטל

# „דונקאַן" לאָזט זיך אין וועג אריין

וויבאלד די פראגע פונעם פאָרן איז געלייזט געוואָרן, האָט מען שוין ניט געטאָרט פאַטערן קיין איין איבעריקע מינוט.

נאָך אין דעמזעלביקן טאָג האָט גלענאַרוואַן טעלעגראפיש איבערגעגעבן דזשאָן מאַנגלסן, אז ער זאָל ברענגען צו פירן די יאכטע קיין גלאַזגאָ און זאָל אָפּטאָן אלץ, וואָס נויטיק ס'איז, און זיך צוגרייטן ווי געהעריק אפ דורכצומאַכן א דויערנדיקע עקספּעדיציע איבער די דאָרטמדיקע יאמען, אזא עקספּעדיציע, וואָס קען פארוואַנדלט ווערן אין א רייזע ארום דער וועלט.

בעשאַט מיסיס עלען גלענאַרוואַן האָט געזאָגט, אז „דונקאַן" איז אימשטאַנד דורכצומאַכן א רייזע ארום דער וועלט, האָט זי קיין קאפּ ניט איבערגעטריבן. ווערדליק די יאכט-שיף איז געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק און פלינק אין שווימען, איז זיווירקלעך געווען צוגעפּאַסט דורכצומאַכן א דויערנדיקע רייזע.

„דונקאַן" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א דאַמף-יאכטע לויטן סאָמע פאַרפולקומטן מוסטער. איר וואַסער-פאַרנעם האָט באַטראָפן 210 טאָן. דאָס הייסט, אז זי האָט אפ זייער אַסאַך אריבערגעשטיגן די ערשטע שיפן, וואָס האָבן זיך דערקליבן צו דער נייער וועלט: קאָלומבוסעס, וועספּוטשעס, מאַגעלאַנס * א. אנד.

„דונקאַן" איז געווען א צווייִמאַסטיקע שיף. איר גרינטלעכע באַוועגונג־קראפט איז געווען די דאַמף־מאשין. די דאָזיקע 160־קראַפטיקע מאשין איז אויסגעבויט געוואָרן לויט דער נייסטער סיסטעם. שרויפן האָט די יאכטע פאַרמאָגט צוויי. בעשאַט מע האָט דערפירט די דאַמף-דריקונג ביזן מאַקסימום, האָט „דונקאַן" געקענט אנטוויקלען די סאַמע גרעסטע שנעלקייט, וועלכע די בעסטע דאַמף-שיפן פון אָ דער צייט האָבן נאָר געקענט דערגרייכן. אזוי, אז בעשאַט דער פרווו-רייזע איבערן קליידישן אויסגוס האָט דער פּאַטענט-לאַג ** אויפגעווייזן א שנעלקייט פון 17 מייל א שעה.

אזוי ארום, דארף מען פאַרשטיין, אז די יאכטע איז געווען א גאַנץ זיכערע שיף, וואָס האָט זיך דרייסט געקענט לאָזן אפ א יאַם-רייזע ארום דער

* זייערע רייזע קיין וועסט-אינדיע האָט כריסטאָפאָר קאָלומבוס דורכגעמאַכט אפ פיר שיפן. דער וואַסער-פאַרנעם בא דער גרעסטער פון זיי האָט באַטראָפן 70 טאָן, און בא דער קלענסטער — 50.

** דער פאַטענט-לאַג — דער שנעלקייט-אויסמעסטער פון דער שיף-באַוועגונג. ער האָט אפ זיך א ציפער-בלאַט מיט א ווייזערל, וואָס ווייזט אָן, וועלכע שנעלקייט די שיף האָט דערגרייכט.

דזשאָן מאנגלס צוליב דעם געדארפט ארופנעמען
וועלט. נאָר אויב אזוי, האָט שוין דזשאָן מאנגלס צוליב דעם געדארפט ארופנעמען
אפ דער שיפ א גענוגנדיקע צאָל שטיין־קוילן מיט שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זאָלן
קלעקן אפ א דויערנדיקערער צייט.

דאָס ערשטע, מיט וואָס דער יונגער קאפּיטאן האָט זיך פארנומען, איז
געווען — פארגרעסערן די אריינעם־פעיִקייט פון די קוילן־גריבער, קעדיי
אָנצולאָדן וואָס מער באהייצונג. קוילן איז דאָך פון יענע זאכן, וואָס אויב סע
גייט אויס אין וועג, וועסטו עס שוין אפן יאם נישט באקומען. דיזעלבע באַ־
וואָרנונג־מיטלען זיינען אָנגענומען געוואָרן אויך בענעגייע דעם קאמבוז*.
דזשאָן מאנגלס האָט אזוי קונציק געארבעט, אז ער האָט זיך באזאָרגט קימאט
מיט פּראָדוקטן אפ צוויי יאָר צייט. אין קיין געלט איז בא אים קיין מעניִע ניט
געווען. ער האָט געקויפט אלץ, וואָס נויטיק ס'איז געווען. ער האָט אפילע ניט
פארגעסן איינצוקויפן א קליין הארמאטל, וועלכן ער האָט אוועקגעשטעלט
באם פאָרנט־טייל פון דער יאכטע. מע קען דאָך נישט פאָרויסזען ביזן מינדסטן
אלע פאָרשכייענדיקע געשעעניִשן, אזוי, אז סע שאדט ניט צו האָבן בא זיך
אפן שיפ אויך אזא מין שטיקל געווער, וואָס איז אימשטאנד אויסצושיסן
אן אכטפונטיקן קוגל און טרעפן מיט אים אפ א מעהאלעך פון העכער
פיר מייל.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דזשאָן מאנגלס איז געווען יונג, איז ער דאָך
געווען ניט קיין פריצ אין זיין ארבעט. מע האָט אים געהאלטן פאר איינעם פון
די בעסטע שקיפּערס אין גלאזגאָ. ער איז אינגאנצן אלט געווען וואָסערע
דרייסיק יאָר. זיינע געזיכט־שטריכן האָבן פונעם ערשטן קוק אויסגעזעען, ווי
ביייזלעך און שטרענג, אָבער ווען מע האָט זיך גוט איינגעקוקט אין אים,
האָט מען געקענט באמערקן, אז דערדאָזיקער מאן איז פונקט אזויפול גוט,
ווי געוואגט.

דזשאָן מאנגלס איז אופגעצויגן געוואָרן בא די גלענארוואנס אין דער
פאמיליע. ער האָט שוין באוויזן דורכצומאכן עטלעכע ווייטע יאם־רייזעס, בא
וועלכע ער האָט ניט איין מאָל דערוויזן, ווי קאלטבלוטיק, דרייסט, ענערגיש,
געשיקט און אָרגאניזאטאָריש ער קען זיך פירן.

בעשאס עדוארד גלענארוואן האָט אים פאָרגעלייגט אָנצופירן מיט דער
יאכטע „דונקאן", האָט ער מיט פרייד אָנגענומען דידאָזיקע איינלאדונג דער־
פאר, ווייל דער באלעבאָס פון מאלקאָלם־קעסטל איז אים געווען ליבער ווי א
ברודער.

דער געהילף־קאפּיטאן טאָם אאוסטין איז ג'ווען אן אלטער יאם־מענטש,
וועלכן מע האָט געמעגט אין אלעס אָנטרויען.

פון פינף און צוואנציק מאן,— אריינרעכנענדיק אין אָט דער אָ צאָל אויך
דעם קאפּיטאן מיט זיין געהילף,— איז באשטאנען „דונקאנס" מאנשאפט. אלע
זיינען זיי געווען היגעבירטיקע און זייער דערפארענע יאם־לייט. זיי האָבן אויס־

* קאמבוז — די שיפּ־קיך.

געבילדעט אפ דער שיפ אנ עכטנ קלאנ*, וואָס האָט געהאט אפילע זײַנ אייגענעמ טראדיציאָנעלנ bag - piper**.

גלענארוואנ האָט אינ דער פערזאָנ פונ זײַנ מאנשאפט פארמאָגט א גאנצע מאכנע דרײַסטע אונ זייער איבערגעגעבענע מענטשנ, וואָס קענענ זיכ באגיינ מיט געווער, פונקט אזוי גוט אונ געשיקט, ווי מיט די שיפ־מאכשירימ; מענטשנ, וואָס וועלנ גיינ נאָכ אימ אומעטומ, ווו מע וועט נאָר דארפנ, אונ וועלנ זיכ ניט רעכענענ מיט קיינ שומ געפאר.

בעשאס די מאנשאפט פונ דער יאכט־שיפ האָט זיכ דערוווּסט נאָכ וואָס אונ וווהינ זיי וועלנ פאָרנ, האָבנ זיי ניט געקענט אײַנהאלטנ די פרייד, וואָס האָט אינ זיי א שטראָמ געטאָנ, אונ דאָס ווידערקאָל פונ די דומבארטאָנער פעלדזנ האָט זיכ הילכיק אָפגערופנ אפ די אנטציקטע אורא־אויסגעשרייענ.

דזשאָנ מאנגלס, ווי פארנומענ ער איז ניט געווענ מיטנ צוגרייטנ די שיפ אונ מיטנ אָנלאָדנ די שפײַז־פראָדוקטנ, האָט ער דאָכ ניט פארגעסנ גוט אויסצופוצנ אונ באוואָרענענ די וווינ־קאיוטעס אינ דער יאכט־שיפ, וואָס זײַנענ באשטימט געווענ פאר זײַנע באלעבאטימ עדוארד אונ עלענ גלענארוואנ, זיי זאָלנ דעריקערשט זײַנ צוגעפאסט צו דער ווײַטער רײַזע. אײַנצײַטיק האָט ער אויכ צוגעגרייט קאיוטעס פארנ קאפיטאנ גראנטס קינדער, וואָרומ מיסיס עלענ איז ניט געווענ אימשטאנד אָפצוזאָגנ מערי גראנט אינ איר ביטע מיטצונעמענ זיי מיט זיכ אפ דער יאכט־שיפ.

וואָס איז שײַעכ ראָבערטנ, איז דאָס יאטל געווענ גרייט אפ אלצ, אבי מע זאָל אימ מיטנעמענ אפ דער שיפ. ער וואָלט זיכ ניט אָפגעזאָגט פונ קיינ שומ ארבעט, אבי ניט צו בלײַבנ אפנ ברעג. נו, אונ ווער וועט עס קענענ בײַשטיינ אונ אָפזאָגנ אזא מינ ענערגיש קליינינק מענטשעלע אינ זײַנ ביטע?! די גלענארוואנס האָבנ עס אפילע ניט געקלערט צו טאָנ. נאָכ מער, זיי איז אויסגעקומענ אפילע נאָכצוגעבנ ראָבערטס אקשאָנעסדיקע באקאָשע באמ אָנעמענ אימ אפ דער יאכט־שיפ, ער זאָל פארעכנט ווערנ נישט אלס פאסאזשיר, נאָר אלס מיטגליד פונ דער מאנשאפט: אלס שילער, יונגא, אָדער מאטראָס. אימ איז קיינ כילעק ניט געווענ וואָס, אבי עפעס זײַנ.

אזוי, אז דזשאָנ מאנגלס האָט טאקע אפ זיכ גענומענ די פליכט אויסצולערנענ דאָס יאטל די געזעצנ פונ שיפערײַ.

קעדיי צו פארענדיקנ דאָס צעטל פאסאזשירנ, וואָס וועלנ דארפנ מיטפאָרנ אפ דער יאכט־שיפ, בלײַבט בלויז צו דערמאנענ דעמ נאָמענ פונעמ מאיאָר מאקנאבס. דאָס איז געווענ א מענטש פונ א יאָר פופציק, מיט ריכטיקע שטריכנ פונ זײַנ קעסיידער רויִקנ געזיכט, א שווײַגנדיקער, א שטילער, א גוטער. ער איז קעסיידער גרייט געווענ זיכ לאָזנ אהינ, וווהינ מע שיקט אימ. ער האָט קעסיידער מאסקימ געווענ מיט אלעמענ אונ מיט אלצ, קיינמאָל האָט

* קלאנ — מישפאָכעדיקער פארבאנד אינ שאָטלאנד, וואָס אלע ציִענ זייער יכעס פונ איינ עלטער־פאָטער.

** Bag - piper — א קלעזמער, וואָס שפילט אפ א זאק־פײַפל — אזא דודע.

ער מיט קײנעם קײנע שום װיקוכים ניט געפירט, און מע האָט אים קײנמאָל
ניט געזען, ער זאָל װען עס איז ארויס פון די קײלים. מיטן זעלבן רויקן
טראָט, װאָס ער האָט זיך אויסגעהויבן אפ די טרעפלעך צו זיך אין צימער
ארײַן, איז ער אויך געגאנגען אפן ארופ־בארג פונעם שוץ־גראָבן, װעלכן
דער סוינע האָט באשאָסן. ס'איז געװען א מענטש, װאָס איז פון קײן זאך
אין דער װעלט ניט צעטראָגן געװאָרן. אפילע א האר־זאמבן־קויל זאָל פליען
גלײַך איבער אים, װאָלט ער אויך ניט באָטל געװאָרן און, קענטיק, אז ס'איז
אים שוין אזוי באשערט געװען ער זאָל בײַ זײַן טויט אפילע קײן איין מאָל
אפ קײנעם ניט װערן אין־כעס. דערדאָזיקער מאן איז געװען בראװ אין
פולן זין פון װאָרט. זײַן אײנציקע שװאכקײַט, װאָס ער האָט געהאט, איז
געװען דער גװאלדיקער שאָטלענדישער פאטריאָטיזם. ער איז געװען א גע־
טרײַער אָנהענגער פון די אלטע זיטן און מינהאָגים בא זיך אין לאנד, דערום
איז ער קײנמאָל ניט פארבלענדט געװאָרן פון דער דינסט אין דער ענגלישער־
ארמײ, און זײַן מאיאָרן־טיטל האָט ער געקראָגן אינעם 42־טן פאָלק פון דער
בארג־גװארדיע, װעלכע איז באשטאנען דורכויס פון שאָטלענדער. אלס א נאָ־
ענטסטער קאָרעװ גלענארװאנס, האָט מאק־נאבס קעסײדער געװוינט אין
מאלקאָלם־קעסטל, און אלס געװעזענער קריגסמאן, האָט ער אויסגעפונען פאר
גאנץ נאטירלעך אָנטײל צו נעמען אין דערדאָזיקער עקספּעדיציע.

אָט אזוי האָט אויסגעזען דער פערסאָנעלער באשטאנד פון דער יאכט־שיף,
װאָס איז בארופן געװאָרן דורך אומגעריכטע אומשטענדן דורכצומאכן אײנע
פון די סאמע בארימטסטע רײַזעס פון אונדזער צײַט.

פון יענעם מאָמענט אָן, זינט „דונקאן" האָט פארװאָרפן די שטריק לעם
דעם שיפס־האפן גלאזגאָ, האָט זי די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט דערװעקן
בא אלע ארומיקע זײער נײַגעריקײַט. טאָג־און טאָג האָבן גאנצע מאכנעס
מענטשן זי באזוכט, אין שטאָט — אויב מע האָט װעגן עפעס גערעדט, איז
עס נאָר געװען װעגן עדװארד גלענארװאנס יאכט־שיף. אזוי, אז די קאפּי־
טאנען פון די איבעריקע דאמפערס האָבן זיך שטארק געפילט באלײדיקט,
באזונדערס האָט אזא מין אומבארעכטיקטע אופירונג פונעם פובליקום שטארק
פאודראָסן בערטאָנען, דעם קאפּיטאן פונעם גרויסן דאמפער „שאָטלאנד",
װאָס איז געשטאנען דער צװײטער פון „דונקאנען" און זיך געגרײט אָפּצו־
שװימען קײן קאלקוטע.

די קאָלאָסאלע שיף „שאָטלאנד" האָט בעפירעט געהאט די רעכט צו בא־
טראכטן די קלײנינקע יאכטע װי א נישטיקן שטיקל קאטער, דערום איז
טאקע בערטאָנס פארדראָס געװען נאָך גרעסער, בעיס „דונקאן" האָט, װאָס א
טאָג װײַטער, אלץ מער צוגעצויגן צו זיך דעם אינטערעס פון די שטאָט־לײַט.

אָבער װי די מײַסע זאָל ניט זײַן, נאָר ס'האָט זיך שוין דערנעענטערט
דער טאָג פון „דונקאנס" אָפּשװימען.

דעם 24־טן אויגוסט האָבן מיסטער גלענארװאן, מיסיס עלען, דער מאיאָר
מאק־נאבס, מערי און ראָבערט גראנט, מיסטער אָלבינעט — דער קיכמײַסטער

און דאָס ווײַב זײַנס — עלענס פּאָקאָיאָווע, — פאַרלאָזן מאַלקאָלם־קעסטל נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך זייער רירנדיק צעזעגנט מיט די היימישע.

אין עטלעכע שעה אַרום זײַנען זיי שוין געווען אַלע אויף דער יאַכט־שיף. „דונקאַן" האָט געדאַרפט אַרויסגיין אין ים אַרײַן דרײַ אַזייגער פאַר טאָג דעם 24־טן אַנטקעגן דעם 25־טן אויגוסט, מיטן אָנהייב פונעם אָפּפלוס. 11 אַזייגער באַנאַכט האָבן אַלע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער זיך שוין געהאַט צונויפגעקליבן אויף דער יאַכטע. דזשאָן מאַנגלס און טאָם אאוסטין האָבן פירגענומען די לעצטע צוגרייטונגען צום אָפּשווימען.

פּונקט צו האַלבער נאַכט האָט מען אונטערגעהייצט די קעסלען. דער קאַפּיטאַן האָט באַפוילן צו פאַנאַנדערלאָזן דעם דאַמף. אינגיכן האָבן שוואַרצע קנוילן רויך זיך אַרויסגעריסן פון די שיף־קוימענס און זײַנען געבליבן הענגען אינעם באַנאַכטיקן נעפּל. „דונקאַנס" זעגלען האָט מען ווי עס געהער צו זײַן פאַרוויקלט און אַרומגעצויגן מיט טשעכאָלן, כּדי זיי צו פאַרהיטן פון דער רויכיקײַט. ס'האָט געבלאָזן אַ דאָרעם־מײַרעוודיקער אַנטקעגן־ווינט, אַזוי, אַז די זעגלען זײַנען אין דערדאָזיקער שעה סײַ־ווי געווען איבעריק.

צוויי אַזייגער באַנאַכט האָט „דונקאַנס" קאָרפּוס גענומען אונטערציטערן פון דער דאַמף־דריקונג, דאָס מאַנאָמעטער־ווײַזערל האָט צוגעפּויזעט צו די פיר אַטמאָספער, דער איבערגעוואַרעמטער דאַמף האָט זיך צעסווישטשעט אין די קלאַפּאַנעס.

דאָ האָט דזשאָן מאַנגלס באַפוילן צווויסן געבן וועגן דעם מיסטער גלענאַרוואַנען, און יענער איז אָן פאַרזאַמונג גלײַך אַרויפגעגאַנגען אויף דער פּאַלובע.

ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפּפלוס, אַזוי האָט „דונקאַן" פאַרטויבט די לופט מיט אַ רעוועריי פון זײַן מעכטיקן הודאָק, ער האָט פאַרנומען די שטריק און איז אָפּגעשטיגן פונעם האַפן. דער שרויף האָט זיך גענומען דרייען אַלץ פלינקער און פלינקער, ביז ער האָט אינגיכן אַרויסגעפירט די יאַכט־שיף צו דער מיט פונעם קאַנאַל.

דזשאָן מאַנגלס האָט ניט מיטגענומען מיט זיך קיין לאָצמאַן. ער איז געווען אויסגעצייכנט באַקענט מיטן קלײַדישן אויסגוס, און קיינער וואָלט בעסער פון אים ניט דורכגעפירט די שיף דורכדאַנען. די יאַכט־שיף איז געווען געהאָרכזאַם צו יעדער באַוועגונג פון איר יונגן קאַפּיטאַן. די רעכטע האַנט זײַנע איז געלעגן אויף דעם הענטל פונעם מאַשינען־טעלעגראַף, די לינקע — אויפן שטויערוואַל. אינגיכן זײַנען די לעצטע זאַוואָדן פון גלאַזגאָ פאַרשווינדן און ס'האָבן זיך גענומען באַווײַזן די בײַשטאָטישע ווילעס, וואָס זײַנען געווען צעוואָרפן אויף די שיפּועים פון די בײַבערגיקע בערג, און דער גערויש פון דער גרויסער שטאָט איז אַלץ מער אויסגעלאָשן געוואָרן, וואָס מער מע האָט זיך פון אים דערווײַטערט.

אין אַ שעה אַרום איז „דונקאַן" דורכגעגאַנגען אונטער די סאַמע דומבאַרטאָנער פעלדזן, נאָך אין צוויי שעה אַרום האָט זי זיך שוין געפונען אינעם

קליידישן אויסגוס. 6 אזייגער גאַנצפרי האָט זי אַרומגעבויגן דעם קאָנטינענטאַלן זאמד־פּאס און איז אַרויסגעגאַנגען דורכן צאָפנדיקן קאַנאַל אינעם אָפענעם אָקעאַן אַרײַן.

## זעקסטע קאַפּיטל

# דער פּאַסאַזשיר פון קאַיוטע נומער זעקס

אינעם דאָזיקן ערשטן טאָג פון דער רײַזע איז דער יאַם געווען גאַנץ שטורעמדיק. צו אָוונט־צו האָט זיך אויפגעהויבן אַ פרישער ווינט, „דונקאַנען" האָט עס גאַנץ היפּש געוויגט, אַזוי, אַז די פּרויען האָבן זיך ניט באַוויזן אַפ דער פּאַלובע און האָבן דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט בא זיך אין די קאַיוטעס אַפ די בעטלעך.

אָבער אַפ מאָרגן האָט דער ווינט האַסטיק געענדערט די ריכטונג זײַנע, אַזוי, אַז דער קאַפּיטאַן דזשאָן האָט באַפוילן אויפצושטעלן דעם פּאָק, דעם בראַמסעגל און מאַרסעגל. אַדאַנק דעם האָט „דונקאַן" גענומען גיין רויִקער.

אַז די שיף האָט זיך אויפגעהערט אַזוי צו וויגן, האָבן שוין מיסיס עלען און מיס מערי פון גאַנצפרי אָן זיך גענומען פאַרייניקן אַפ דער פּאַלובע צו גלענאַרוואַנען, צום מאַיאָר און קאַפּיטאַן.

דער זון־אויפגאַנג איז געווען גרויסאַרטיק. דער פײַערדיקער קײַלעך, אַן ענלעכער אַפ אַ באַגילדעטער מעטאַלענער ראָד, האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָקעאַן, פּונקט ווי פון אַ גיגאַנטישער גאַלוואַנישער וואַנע. „דונקאַן" האָט זיך געגליטשט איבער די רעגנבויגנדיקע קאַמען פון די כוואַליעס און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ניט דער ווינט, נאָר די יונגע זון־שטראַלן בלאָזן אָן אירע זעגלען. אַלע רײַזנדער זײַנען געשטאַנען אַפ דער פּאַלובע און האָבן שווײַגנדיק אָנגעקוקט דאָס דאָזיקע פּרעכטיקע בילד.

— ס'אַרא וווּנדערבאַר בילד דאָס איז! — האָט זיך עלען ענדלעך אָנגערופן. — ס'וועט הײַנט זיכער זײַן זייער אַ שיינער טאָג. אײן זאַך וואָלט נאָך געווען גוט — דער ווינט זאָל ניט ענדערן זײַן ריכטונג און זאָל אונדז ניט אופהערן צו באַגלייטן.

— נו, יאָ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — מיר האָבן זיך ניט וואָס צו קלאָגן אפן אָנהויב פון אונדזער רײַזע.

— צי קענסטו מיר זאָגן, עדוואַרד, ווי לאַנג ס'וועט געדויערן דער אַריבערגאַנג?

— זי ערוף, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — וועט דיר דער קאַפּיטאַן דזשאָן ענטפערן. אָט־אָ זאָגט אונדז, דזשאָן, ווי אַזוי גייט „דונקאַן" און צי זײַט איר צופרידן מיט אײַער שיף?

— זייער צופרידן, סער, — האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט, — דאָס איז אַן

אויסגעצייכנטע שיפ, און יעדער יאם־מענטש וואָלט געהאַלטן פאַר א גליק אָנצו־פירן מיט איר. איך געדענק ניט, אז ערגעץ נאָך זאָלן זײַן אזוי גוט צוגעפּאסט דער קאָרפּוס מיט דער מאשינע אײנס צום אנדערן, ווי דאָ. די יאכט־שיף גייט זייער גרינג אוועק פון דער כוואַליע. איצט לויפן מיר מיט א שנעלקייט פון 17 מײַל א שאָ. אויב דידאָזיקע שנעלקייט וועט אָנהאַלטן די גאנצע צײַט פון אונדזער דורכגאנג, דאַן וועלן מיר דערגרייכן דעם קאַפּ האָרן אין קאַרגע פינף וואָכן ארום.

— איר הערט, מערי? — האָט מיסיס עלען אויסגערופן. — אין קאַרגע פינף וואָכן ארום!

— יאָ, מיסיס, — האָט דאָס מיידל געענטפערט. — איך האָב עס זייער גוט געהערט און באַם קאַפּיטאַנס רייד האָט בײַ מיר דאָס האַרץ נאָך שטאַרקער גענומען קלאַפּן.

— און וויאַזוי ווירקט אַף אײַך, מערי, דאָס פאָרן אַפן יאַם? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געפרעגט.

— גאָרניט שלעכט, הער גלענאַרוואַן. איך פאַרהאָף, אַגעוו, אז כ'וועל זיך גאָר אײַנגיכן צופּאַסן צו די היגע אומשטענדן.

— און אונדזער קלײנינקער ראָבערט?

— אָ, ראָבערט! — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט, — אויב ער האָט זיך ניט פאַרקליבן אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג, הייסט עס, אז ער אײַסעקט זיך איצט ערגעץ אַפן שפּיץ מאַסט. דאָסדאָזיקע יאַטל הערט די יאַם־קרענק אין פּיאַטע. שאַט, אָנאָ זיצט ער טאַקע, איר קענט אים אָנקוקן.

אַלע אויגן האָבן זיך געווענדעט לויט דער ריכטונג פונעם קאַפּיטאַנס האַנט — צום פאָק־מאַסט, וווּ ראָבערט איז געזעסן רײַטנדיק אַפן שפּיץ פון דער רייע און די פּיסלעך האָבן זיך בײַ אים געהוידעט אינדערלופטן. מערי האָט, ניטווילנדיק, א מאַך געטאָן אומרויִק מיט דער האַנט.

— אָ, מיס מערי, — האָט זיך דער קאַפּיטאַן אָנגערופן, — איר זאָלט זיך שוין גאָרניט באַאומרויִקן. איך קאַוויר אײַך, אז דער כעוורעמאַן וועט זיך ניט אראָפּרײַסן. און נאָך קען איך אײַך פאַרזיכערן, אז גאָר אין דער גיכסטער צוקונפט וועלן מיר אין זײַן פּערזאָן האָבן די ערע פאָרצושטעלן פאַרן קאַ־פּיטאַן גראַנט אן עמעס יאַם־וועלפּעלע! וואָרום איך צווייפל גאָרניט אין דעם, אז מירן אײַנגיכן אָפּזוכן אײַער געערטן פאָטער!

— אָ, ווען איך דערלעב שוין דאָס! — האָט דאָס מיידל געענט־פערט.

— נו, אַלץ גייט דערווײַל אַזוי, אז אונדזער עקספּעדיציע קען זיך ריכטן נאָר אַף א גוטן אויסגאַנג! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן. — טוט אָקאָרשט א קוק אַף די בראַווע יונגען, וואָס נעמען אין איר אָנטייל. האָבנדיק צוהילף אַזעלכע לײַט, קענען מיר אײַך פאַרזיכערן, אז מיר וועלן זיך ניט נאָר דערשלאָגן צו א דערפאָלג, נאָר אז דער דערפאָלג וועט אונדז אפילע אָנקומען אָן א־בעריקע שוועריקײַטן. איך האָב צוגעזאָגט עלענען, אז מיר

װעלן דורכמאַכן אַ פֿאַרװײַלנדיקן יאַם־שפּאַציר און, װי מיר שײַנט, װעל איך דעמדאָזיקן צװאָג אױספֿילן.

— עדװאַרד, — האָט זיך עלען אָנגערופֿן, — איר זײַנט דאָך דער טײַער־סטער צװישן די מענטשן!

— סע הײבט זיך גאָרנ־ט אָן, אײנס נאָר יאָ — איך האָב לעם זיך די בעסטע פֿון די מאַנשאַפֿטן און די שענסטע פֿון די שיפֿן. — צי דען, מערי, זײַנט איר ניט אַנטציקט פֿון אונדזער „דונקאַן"?

— פּאַרקערט, סער, — האָט דאָס יונג מײדל געענטפֿערט, — איך בין זײער אַנטציקט פֿון אײַער שיף, און ניט נאָר װי אַ פּאַסאַזשירן, נאָר אױך װי אַ שיף־קענערן — אַ פֿאַכמאַן.

— אַך, אַזױ גאָר?

— נו, יאָ. איך פֿלעג פֿון קינדװײַז אָן קעסײדער באַזוכן דעם טאַטנס שיפֿן. ער האָט מ־ך גאָר געדאַרפֿט דערציִען פֿאַר אַ יאַם־מענטש... אױב ס'װעט נאָר נױטיק זײַן, װעל איך אײַך באַװײַזן, װיאַזױ איך קען נעמען אַ ריף אָדער אױפֿשטעלן אַ זעגל.

— װאָס איך הער, מיס מערי? — האָט דזשאָן מאַנגלס אױסגערופֿן.

— נו, אױב אַזױ, — האָט זיך מיסטער גלענאַרװאַן אַרײַנגעמישט, — איז שױן בײַ מיר גאָר קײן ספֿק ניט, אַז איר װעט זיך זײער גוט צונױפֿלעבן מיטן קאַפּיטאַן דזשאָן. װאָרום בײַ אים שטײט דער נאָמען יאַם־מענטש העכער פֿון אַלץ אין דער װעלט. אַפֿילו פֿאַר קײן פֿרױען װאָלט ער קײן בעסערס ניט צוגעטראַכט! ריכטיק זאָג איך, דזשאָן?

— ריכטיק, סער, — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן געענטפֿערט. — דעם עמעס זאָגנדיק, מוז איך מודה זײַן, אַז פֿאַר מיס גראַנט פּאַסט אַסאַך מער זיצן רױִק אױף דער פּאַלובע און ניט נעמען קײן ריפֿן, אַרױפֿקלעטערנדיק אױף דער פּאָק־רײע! אָבער דאָך איז מיר זײער אָנגענעם צו הערן פֿון איר דאָס, װאָס זי האָט נאָרװאָס געזאָגט.

— באַזונדערס דאַן, װען זי איז אַנטציקט פֿון „דונקאַנען", — האָט גלענאַרװאַן אַ שפּאַס געטאָן.

— װאָרום די יאַכט־שיף אונדזערע איז עס װערט, — האָט דזשאָן געענטפֿערט.

— איר װײסט, דזשאָן, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופֿן, — איר שטאָלצירט אַזױ מיט אײַער שיף, אַז מיך נעמט שױן מאַמעש אָן אַ חשק צו באַקוקן זי פֿון אױבן ביז אַראָפּ און אין אײן גאַנג װעל איך שױן זען, װי אַזױ איר האָט אײַנגעאָרדנט די מאַטראָסן.

— זײער באַקװעם האָב איך זײ אײַנגעאָרדנט, — האָט דזשאָן געענטפֿערט, — זײ פֿילן זיך דאָ אױף דער שיף ניט ערגער, װי אין דערהײם.

— אַװאַדע זײַנען זײ װי אין דערהײם, — האָט מיסטער גלענאַרװאַן באַמערקט, — די דאָזיקע יאַכט־שיף איז אַ װינקעלע פֿון אונדזער גוטן אַלטן שאָטלאַנד, דאָס איז אַ שטיקעלע פֿון דעם דומבאַרטאָנעם גראַפֿנטום, װאָס האָט זיך געלאָזט שװימען איבער די יאַמען. אַבי מיר געפֿינען זיך נאָר אױף

„דונקאנ“, הייסט עס, אז מיר האָבנ נאָכ ניט פארלאָזט אונדזער פאָטערלאנד. „דונקאנ“ — דאָס איז מאלקאָלמ־קעסטל, אונ דער אָקעאנ — די לאָמאָנדער אָזערע.

— אויב אזוי, עדוארד, טאָ באווײַזט־זשע אונדז טאקע אײַער שלאָס, — האָט מיסיס עלענ געענטפערט מיט דעמזעלבנ שפאס־טאָנ.

— מיט גרויס פארגעניגנ, — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ אָנגערופנ, — איר וועט מיר נאָר דערלויבנ פריִער איבערגעבנ אָלבינעטנ א געוויסע פאראָרדענונג.

דער קיכמײַסטער פונ דער יאכט־שיפ איז געוועג אַ אויסגעצייכנטער קענער פונ זײַנ פאכ. ווי נאָר דער באלעבאָס האָט אימ א רופ געטאָנ, אזוי איז ער דאָ גלײַכ די רעגע אויסגעוואקסנ.

— אָלבינעט, — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ צו אימ אָנגערופנ. — מיר לאָזנ זיכ אוועק אפ א שפאציר. — זײַנ טאָנ איז געווענ אזא, פונקט ווי דאָ וואָלט זיכ געהאנדלט וועגנ א שפאציר איבער דער קאטרינער אָזערע אָדער צו דעמ בארג הארבעט. — אונ איכ פארהאָפ, אז באמ אומקערנ זיכ וועט שוינ אפנ טיש זײַנ געגרייט פאר אונדזערטוועגנ א געשמאקער פרישטיק.

אָלבינעט האָט זיכ ווירדיק פארנויגט.

— אונ איר, מאיאָר, גייט אויכ מיט אונדז? — האָט מיסיס עלענ א פרעג געטאָנ.

— אויב איר וועט נאָר באפוילנ, — האָט מאק־נאבס געענטפערט.

— איכ וואָלט אײַכ געייצעט ניט שטערנ דעמ מאיאָר אינ זײַנ פארגעניגנ. זאָל ער זיכ האנאָע האָבנ פונ זײַנ סיגארעטנ־רויכ. — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ ארײַנגעמישט. — איר ווייסט, מיס מערי, דאָס איז דאָכ זייער א ליידנשאפטלעכער רויכערער, ער רויכערט אפילע אינ שלאָפ.

דער מאיאָר האָט געגעבנ א בויג דעמ קאָפ אונ מיט דעמ באדאנקט דעמ קוזינ זײַנעמ פאר דער געפעליקײַט, אונ ער איז טאקע איבערגעבליבנ אפ דער פאלובע אינ דער צײַט, וועג אלע איבעריקע האָבנ זיכ אראָבגעלאָזט אראָפ.

בלײַבנדיק איינער אליינ, האָט דער מאיאָר, ווי זײַנ שטייגער, פארפירט א שמועס מיט זיכ אליינ. זײַענדיק אײַנגעהילט אינעמ געדיכטנ וואָלקנ רויכ, איז ער געשטאנענ אומבאוועגלעכ אונ האָט זיכ אײַנגעביסנ מיטנ בליק אינעמ וואסער־שפור, וואָס די יאכט־שיפ לאָזט איבער נאָכ זיכ נאָכ דעמ הינטערטייל. אז סע זײַנענ דורכגעגאנגענ עטלעכע מינוט פונ שווײַגנדיקנ אײַנקוקנ זיכ, האָט ער זיכ אויסגעקערעוועט אונ דערזענ באנאנד מיט זיכ עפעס א נײַעמ מינ פארשוינ.

ווענ דער מאיאָר איז פייִק זיכ צו פארווונדערנ פונ עפעס, וואָלט ער אינ דער רעגע נאמעש געשטוינט פונ פארוווּנדערונג, ווײַל דערדאָזיקער פארשוינ איז דאָ געווענ אינגאנצנ אומבאקאנט.

דאָס איז געווענ א לאנגער אונ דאַרער מאנספארשוינ פונ וואָסערע 40 יאָר, ער איז געווענ ענלעכ אפ א לאנגנ צוויאָק מיט א ברייט קעפל. ער האָט געטראָגנ א היפשנ קײַלעכדיקנ קאָפ אפ די פלייצעס, דער שטערנ איז

באַ אים געווען אַ הויכער, די נאָז אַ לאַנגע, דאָס מויל אַ גרויס מיט אַ פאָרויס־ארויסשטאַרצנדיקן קין. די אויגן זײַנען באַ אים געווען פאַרשטעלט אונטער אַ פּאָר גרויסע קײַלעכיקע ברילן, און זײַן בליק האָט עפּעס געהאַט אַ מאָדנעם אויסדריק, וואָס פּאַסט מערסטנטייל פאַר ניקטאַלאָפּן*.

אַזאַ מין פּנים האָט געקענט פאַרמאָגן נאָר אַ קלוגער און פרײלעכער מענטש. דערדאָזיקער פּאַרשוין איז קיין מינדסטן ניט געווען ענלעך אַף יענע באַרימקוישע באַלגאַוועניקעס, וועלכע היטן זיך, זיי זאָלן קיין לאַך ניט טאָן און מ[illegible]ען, אַז זיי וועלן זיך פאַרשטעלן אונטער דער נישטיקער מאַסקע פון שטרענגקייט. אָ, ניין. די מאַנירן פונעם דאָזיקן מענטשן, זײַן גוטמוטיקע פרײַ האַלטן זיך, דאָס אַלץ האָט איידעס געזאָגט דערוף, אַז דער אומבאַקאַנטער איז געניגט צו באַטראַכטן מענטשן, ווי אויך זאַכן, נאָר פון זייער בעסערער זײַט. און ניט געקוקט דערוף, וואָס ער האָט נאָך גאָרניט ניט געזאָגט, האָט מען שוין געקענט דערקענען אַף אים, אַז ער איז זייער באַרײדעוודיק און דערצו אויך ניט ווינציק צעשטרײַט.

דער מענטש איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מאָדנעם רײַזע־מיץ, אין שטאַרקע געלע שיך און לעדערנע געטרעס, די הויזן זײַנע זײַנען געווען פון ברוין־קאָלירענעם סאַמעט, דאָס רעקל — אויך פונעם זעלבן, אָבער זײַנע קליידער האָבן פאַרמאָגט אָן אַ שיר קעשענעס, אָנגעפּאַקטע מיט נאָטיץ־ביכלעך, אָנווײַזונג־ביכלעך, בלאָקנאָטן, טײַסטערס און פאַרשיידענע אַנדערע כפייצים, וואָס כוץ זייער שווערקייט זײַנען זיי נאָך דערצו געווען גאַנץ נוצלאָז. אויסער דעם, האָט ער נאָך פון יענער זײַט פּלייצע געהאַט אַף אַ פּאַסעק אָנגעבונדן אַ גרויסן קוק־רער.

דעם אומבאַקאַנטנס צעטראָגנקייט איז געווען פולסטער און שאַרפסטער דערהייבן פונעם מאַיאָרס רויִקייט. דערדאָזיקער פּאַרשוין האָט גענומען אַרומטאַנצן אַרום מאַק־נאַבסן, ער האָט אים גענומען באַטראַכטן פון אַלע זײַטן און אים באַוואָרפן מיט פראַגע־בליקן, אין דער צײַט, ווען דער מאַיאָר האָט ניט אַרויסגעוויזן אַפילע דעם מינדסטן אינטערעס ניט צום פּאַרשוין זעלבסט און ניט צו דעם פאַקט, וואָס דערדאָזיקער פּאַרשוין איז אַזוי אומגעריכט אויסגעוואַקסן דאָ אַף דערדאָזיקער יאַכט־שיף.

בעשאַס דערדאָזיקער רעטעניש־פולער פּאַרשוין האָט דערזען, אַז אַלע אויפּאַנים פון וועלן צוציִען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט ווערן צונישט פון דעם מאַיאָרס גלײַכגילטיקייט, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די קוק־רער. נאָכדעם, ווי ער האָט זי פונאַנדערגעדרייט ביזן סאָף, האָט די וווּנדערלעכע קיילע געהאַלטן פיר פוס די לענג. ער האָט אָנגעשטעלט די קוק־רער צום האָריזאָנט־צו און איז אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן מיט ברייט־צעשטעלטע פיס, ענלעך צו אַ טעלעגראַף־סטויפּ.

נאָך פינף מינוט צײַט באַאָבאַכטן האָט ער אַראָפּגעלאָזט די קוק־רער זײַנע

* ניקטאַלאָפּ — אַ מענטש, וואָס זעט באַנאַכט פונקט אַזוי גוט, ווי באַטאָג.

אפ דער פּאַלובע און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן איר אַזוי, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַזאַ מין שטעקן. אָבער אין דערזעלבער רגע האָבן אַלע טיילן פון דער קוק־רער זיך אַריינגעגליטשט איינס אינעם צווייטן, די קוק־רער האָט אָנגענומען איר געוויינלעכע לענג, און דער נייער פּאַסאַזשיר האָט דערווייל אָנגעוווירן זיין אָנשפּאַר־פּונקט און זיך געגעבן אַ צי אויס איבער דער פּאַלובע.

ווען דאָ שטייט ווער ס'ניט איז אַן אַנדערער און ניט דער מאַיאָר, וואָלט ער זיך אַמווינציקסטנס כאָטש צעשמייכלט פונעם דאָזיקן בילד, אָבער דער מאַיאָר האָט אפילו קיין פינטל ניט געטאָן מיט קיין אויג.

דאָ האָט דער אומבאַקאַנטער באַשלאָסן אָנצונעמען אַנדערע מיטלען.

— קיכמייסטער! — האָט ער זיך פּלוצים צעשריגן מיט אַן אַקצענט, אין וועלכן מע דערקענט באַלד אַ פרעמדלענדער.

ער האָט זיך גענומען צוהערן, אָבער קיינער האָט זיך ניט באַוויזן אפ זיין רוף.

— קיכמייסטער! — האָט ער מיט נאָך אַ העכערער שטים איבערגעכאַזערט.

אַלבינעס איז פּונקט געגאַנגען פון ערגעץ דורך דער פּאַלובע אפ זיך לאָזן צוריק צו דער קיך, וואָס געפינט זיך אונטערן באַק. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט, ווי דער דאָזיקער מאָדנער פּאַרשוין, וועלכן ער זעט דאָס ערשטע מאָל אפ זיין לעבן, רופט אים צו זיך.

— פונוואַנען האָט זיך עס אַהער גענומען דער קאָמישער פּאַר־שוין, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן צו זיך אַליין. — ס'זאָל זיין מיסטער גלע־נאַרוואַנס אַ גוטער פריינט, וואָלט מען דאָך אַלע געוווסט פון אים.

פונדעסטוועגן איז ער צוגעגאַנגען צום אומבאַקאַנטן.

— איר זיינט עס דער קיכמייסטער? — האָט יענער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, מיסטער, — האָט אַלבינעס געענטפערט, — אָבער איך האָב ניט די ערע צו...

— איך בין דער פּאַסאַזשיר פון דער קאַיוטע נומער זעקס.

— פון דער קאַיוטע נומער זעקס? — האָט אַלבינעס איבערגעכאַזערט.

— נו, יאָ. ווי אַזוי רופט מען אייך?

— אַלבינעס.

— אויסגעצייכנט, ליבער פריינט אַלבינעס! — האָט דער פּאַסאַזשיר פון דער קאַיוטע נומער זעקס פאַרגעזעצט, — ס'וואָלט געווען זייער גוט, ווען איר טוט מיר אַ גרייט־צו אפ איין פוס עפּעס אַן איבערבייסן. אָט איז שוין באַלד 36 שאָ, אַז איך האָב נאָך גאָרניט נישט געהאַט אין מיין מויל! איינגעטלעך גערעדט, בין איך דידאָזיקע אַלע 36 שאָ — געשלאָפן. נו, אָבער פאַר אַזעלכס קען מען קיין פאַריבל ניט האָבן אפ אַזאַ מענטשן, וואָס איז געקומען צו־פליען פון פּאַריזש קיין גלאַזגאָ און זיך אינערגעץ ניט אָפּגעשטעלט אפ קיין רגע. וויפל אַזייגער עסט מען בא אייך פרישטיק?

— ניין אַזייגער, — האָט אַלבינעס מעכאַניש געענטפערט.

דער אומבאקאנטער האָט געגומען זוכן דעם זייגער זײַנעם אפּ א קוק טאָג. דאָס האָט בא אים אָפּגענומען היפּש צײַט, ווײַל ביז ער האָט אים דער־טאַפּט, איז ער אומגעקראָכן נישט ווינציקער, ווי אין אכט־נײַן קעשענעס.

— אויסגעצייכנט,— האָט ער זיך אָנגערופן,— אָבער איצט איז נאָך אפילע קיין אכט ניטאָ. נו, פרײַנט אַלבינעט, טאָ גיט־זשע מיר, אויב אזוי, א גלאָז שערי מיט א שטיקל ביסקוויט. אויב ניט, גיי איך אויס דאָ פאר אײַערע אויגן, אזוי הונגעריק בין איך.

אַלבינעט איז געשטאנען אונ ניט פארשטאנען, וואָס דאָ טוט זיך מיט אים. דער אומבאקאנטער איז ניט אנטשוויגן געוואָרן אפּ קיין רעגע אונ איז מיט א ווונדערלעכער לײַכטקײַט איבערגעשפרונגען פונ איין טעמע צו דער צווייטער.

— אונ דער קאפּיטאן ? — האָט ער ניט אופגעהערט צו שטעפּן,— צי דען איז דער קאפּיטאן נאָך ניט אופגעשטאנען ? אונ זײַן געהילפּ ? מיט וואָס איז איצט פארנומען דער געהילפּ זײַנער ? צי דען שלאָפט ער נאָך אויך ? דער וועטער איז אזא אויסגעצייכנטער, דער ווינט א גינסטיקער, אונ די שיפּ האָט מען אזוי איבערגעלאָזט אפּ איר אייגענעם באראָט ?!

פונקט אינ דער רעגע, ווען ער האָט אויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, האָט זיך באוויזן אפּן טראפּ דזשאָן מאנגלס.

— אָט איז דער קאפּיטאן,— האָט זיך אַלבינעט אָנגערופן.

— אָ, בינ איך דאָך גליקלעך,— האָט דער אומבאקאנטער אויסגעשריגן,— איך בינ מאמעש גליקלעך, וואָס איך האָב די ערע זיך מיט אײַך צו באקאָנען, קאפּיטאן בערטאָן.

דזשאָן מאנגלס האָט בּרייט צעעפנט די אויגן. ער איז געוועזן ניט אזוי פארווונדערט פונ דעם, וואָס יענער האָט אים אָנגערופן קאפּיטאן בערטאָן, ווי פונ דעם, וואָס ער האָט פּלוצים דערזען אן אומבאקאנטן בא זיך אפּ דער שיפּ.

דער לעצטער האָט נאָך געהאלטן אינ איין שיטן מיט גוטע, ליבלעכע רייד.

— דערלויבט־זשע מיר צו דריקן אײַער האנט,— האָט ער ניט אופגע־הערט צו שיטן.— איך האָב עס געדארפט טאָג נאָך נעכטן אינאָוונט, אָבער אזויווי דער אוילעם איז געוועזן צעטראָגן מיטן אָפּשווימען, האָב איך פארשטייט איר מיך, ניט געוואָלט ארײַנקריכן אינמיטן דרינען. נו, אונ איצטער מעלדע איך אײַך, הער קאפּיטאן, פונ טיפן הארצן, אז איך בינ מאמעש גליקלעך, וואָס איך האָב די ערע זיך מיט אײַך צו באקאָנען.

דזשאָן מאנגלס איז געשטאנען אונ געשטוינט, ער קוקט אי אפּ אַלבי־נעטן, אי אפּן אומבאקאנטן.

— אלזאָ,— האָט יענער אלץ פאָרגעזעצט אונ זיך ניט גענומען פונ גאָר־ניט צום הארצן,— זײַנען מיר שוין, הייסט עס, באקאָנט, מײַן ליבער קאפּי־טאן, אונ מע קען זאָגן, אז מיר זײַנען שוין מיט אײַך אלטע גוטע פרײַנט.

אויב אזוי, ווײל איך, איר זאָלט מיר טאַקע גלײַך אױפֿן אָרט זאָגן, צי זײַנט איר צופֿרידן מיט אײַער „שאָטלאַנד"?

— וועגן וואָס פֿאַר א „שאָטלאַנד" רעדט איר? — האָט דזשאָן מאַנגלס ענדלעך געעפֿנט דאָס מויל.

— וועגן דעם „שאָטלאַנד", אַז וועלכן מיר געפֿינען זיך איצט. און אויסגעצייכנטע שיף, כ'לעבן. וועגן אירע מײַלעס איז מיר אויסגעקומען זיך אָנצוהערן ניט ווינציקער, ווי וועגן דער הויכער מאָראַלישער ווירדע פֿון איר קאָמאַנדיר, דעם בערימטן קאַפּיטאַן בערטאָן! אַגעוו, וואָלט איך טאַקע בײַ אײַך געוואָלט פֿרעגן, צי געפֿינט איך זיך ניט עפּשער אין קרויווישע באַציִונגען מיטן אומפֿאַרכטיקן אַפֿריקאַנישן רײַזנדער בערטאָנען? אויב יאָ, האָב איך אײַך די ערע צו באַגריסן מיט...

— מיסטער, — האָט אים שוין דזשאָן מאַנגלס איבערגעשלאָגן די רייד, — איך בין ניט נאָר נישט אין קיין קרויווישע באַציִונגען מיטן רײַזנדער בערטאָן, נאָר איך בין אַפֿילע ניט דער קאַפּיטאַן בערטאָן.

— א, — האָט דער אומבאַקאַנטער אויסגעשריגן, — הייסט עס, אַז איך האָב די ערע צו רעדן מיטן געהילף־קאַפּיטאַן, מיט מיסטער בערדנעסן.

— מיט בערדנעסן? — האָט דזשאָן מאַנגלס איבערגעפֿרעגט... איצט האָט ער זיך שוין גראָדע געכאַפּט אין וואָס דאָ גייט. איין זאַך איז אים נאָר געווען נישט אינגאַנצן קלאָר: צי ער האָט דאָ צוטאָן מיט א צעדרייטן, אָדער פֿאַשעט מיט א צעטראָגענעם פֿאַרשוין. ביז ע' האָט געהאַלטן אין באַשליסן דידאָזיקע פֿראַגע, האָט ער פּלוצים דערזען, ווי מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע באַגלייטער — מיסיס עלען און די יונגע מיס גראַנט, — הייבן זיך אויף אַפֿן דער פּאַלובע. דער אומבאַקאַנטער האָט זיי אויך טייקעף באַמערקט, און ער האָט גלײַך אויסגעשריגן:

— א, די — פּאַסאַזשירן, די פּאַסאַזשירן! אויסגעצייכנט! איך פֿאַרהאָף, בערדנעס, אַז איר וועט מיך פֿאַר זיי פֿאָרשטעלן...

און ער האָט זיך אַוועקגעיאָגט צו זיי, ניט וואַרטנדיק שוין אַף דזשאָן מאַנגלס ענטפֿער.

— מיסיס, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, זיך ווענדנדיק צו מיס גראַנט. — מיס, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיסיס עלען. — סער, — האָט ער פֿאַרענדיקט בײַם פֿאַרנייגן זיך צו גלענאַרוואַנען.

— מיסטער גלענאַרוואַן, — האָט דזשאָן מאַנגלס זיך אָנגערופֿן.

— סער, — האָט דער אומבאַקאַנטער ניט געלאָזט קיינעם קיין וואָרט אַרויסזאָגן, — איך פֿאַרהאָף, אַז איר וועט מיר פֿאַרצײַען דאָס, וואָס איך שטעל זיך פֿאַר אײַך אַליין פֿאָר. אָבער אָפֿן יאַם קען מען זיך דערלויבן אויך געוויסע אויסנאַמען פֿונעם עטיקעט; איך פֿאַרהאָף, אַז מירן זיך זיך באַקענען, און אין דער געזעלשאַפֿט פֿון דידאָזיקע דאַמען וועט אונדזער פֿאָרן אַפֿן „שאָטלאַנד" זיך אונדז אויסווײַזן אי קורץ, אי אַנגענעם.

עלען און מערי האָבן זיך אַזוי פֿאַרלאָרן, אַז זיי האָבן ניט געפֿונען קיין



— איר וועט מיר פארציַיען, וואָס איך שטעל זיך פאר איַיך אליין פאָר — האָט פאגאנעל געזאָגט

ווערטער אפ עפעס צו ענטפערן. זיי האָבן ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר און פונוואנענ נעמט זיך בלוצים אהער, אפ דער יאכט־שיף, דערדאָזיקער אומבאקאנטער פארשוין.

— דערלויבט מיר זיך צו דערוויסן — מיט וועמען האָב איך די ערע צו רעדן? — האָט מיסטער גלענארוואן גלייך א פרעג געטאָן.

— מיט זשאק־עליִאסען־פראנסוא־מארי פאגאנעלן, דעם סעקרעטאר פון פאריזער געאָגראפישער געזעלשאפט, דעם קאָרעספאָנדענטן־מיטגליד פון די געאָגראפישע געזעלשאפטן אין בערלין, באָמביי, דארמשטאדט, לייפציג, לאָנדאָן, פעטערבורג, ווין, ניו־יאָרק; מיטן ערנמיטגליד פון דעם מיזרעך־אינדישן קעניגלעכן אינסטיטוט פון געאָגראפיע און עטנאָגראפיע. קורץ גערעדט, מיט א מענטשן, וועמען ס׳האָט זיך נאָך 25 יאָר געאָגראפישע פאָר־שונגען אין די פיר ווענט פון זיין ענגן קאבינעט, פארוואָלט ווערן א פאָשעטער סאָלדאט פון דער וויסנשאפט, און איצט לאָזט ער זיך מיט דערדאָזיקער שיף קיין אינדיען, קעדיי אָפצוזוכן דאָרטן די קייט־רינגעלעך, וועלכע בינדן צוזא־מען אלע אויספאָרשונגען פון די גרויסע רייזנדער.

## זיבעטע קאפיטל

# פונוואנען זשאק פאגאנעל איז אהער געקומען און ווהין ער האָט זיך געלאָזט

דער סעקרעטאר פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט איז, קענטיק, געווען א פיין־דערצויגענער פארשוין. ווארום דידאָזיקע גאנצע טיראדע, וואָס ער האָט נאָרוואָס ארויסגעזאָגט, האָט פארמאָגט אין זיך גאָר א היפשע גראציע. אגעוו, האָט גלענארוואן געהאט געהערט פון אזא מין נאָמען. זשאק פאגאנעל איז צו דער צייט געווען גאנצ בריים באוווסט, און זיין באוווסטקייט האָט ער ערלעך פארדינט. זיינע געאָגראפישע ווערק, זיינע באריכטן וועגן די לעצטע אנטדעקונגען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די ביולעטענען פון די געאָגראפישע געזעלשאפטן, זיין קאָרעספאָנדירן מיט דער גאנצער וועלט — דאָס אלץ האָט ארויסגערוקט פאגאנעלן ווי איינעם פון די סאמע אויסגע־צייכנטסטע פראנצויזישע געלערנטע. דערום האָט מיסטער גלענארוואן, ווי ער האָט נאָר דערהערט דעם נאָמען פאגאנעל, זייער הארציק דערלאנגט די האנט דעם אומגעריכטן גאסט זיינעם.

— איצט, — האָט ער זיך אָנגערופן, — נאָך דעם, ווי דאָס באקאָנען זיך האָט זיך געענדיקט, וועט איר מיר דערלויבן, הער פאגאנעל, אייך צו פארגעבן איינוניינציקע פראגע.

— אפילע צוואנציק, — האָט פאגאנעל געענטפערט. — מיר איז גוואלדיק אנ־גענעם מיט אייך צו פארברענגען.

— איר זײַט אָנגעקומען אַפֿן באָרט פֿון דערדאָזיקער שיף נאָך אײער־נעכטן?

יאָ, מײַנע הערשאַפֿטן, אײערנעכטן אַכט אַזײגער אינאָוונט. ווי איך בין נאָר אַראָפּ פֿון צוג, האָב איך זיך גלײַך אופּגעזעצט אַפֿ אַ פֿאַעטאָן, וואָס האָט מיך צוגעשטעלט טאַקע גלײַך אהער אַפֿ דערדאָזיקער שיף „שאָטלאַנד". די קאַיוטע נומ. 6 האָב איך דורכן טעלעגראַף באַשטעלט נאָך פֿון פּאַריזש. די נאַכט איז גראַדע געווען אַ פֿינצטערע, און אַזוי־ווי אַפֿ דער שיף איז געווען אַ גרויס גערודער, האָט זיך מיר ניט געוואָלט באַאומרויִקן קײנעם און איך האָב זיך גלײַך פּאַרקליבן צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן. אין וועג זײַענדיק, דאַרפֿט איר וויסן זײַן, בין איך וואַכסערע 30 שאָ ניט געשלאָפֿן, און אַזוי־ווי איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דער בעסטער מיטל קעגן דער יאַם־קרענק איז זיך גוט אויסשלאָפֿן און ליגן אַפֿן געלעגער די ערשטע שאָען פֿון דער רײַזע, האָב איך טאַקע אַזוי געטאָן. כ'האָב זיך אַפֿ אַ רעגעלע צוגעלײגט און בין אָפּגעשלאָפֿן ניט מער און ניט ווינציקער ווי 36 שאָ. אַז איך זאָג אײַך, מעגט איר מיר עס זיכער גלויבן.

איצט האָבן אַלע צוהערער פֿאַרשטאַנען, מיט וואָס עס דערקלערט זיך זשאַק פּאַגאַנעלס אָנוועזנהייט דאָ, אַפֿן באָרט פֿון „דונקאַן". דער פֿראַנצויזי־שער געאָגראַף האָט אינדערפֿינצטער איבערגעפּלאָנטערט די שיפֿן און אַנ־שטאָט „שאָטלאַנד" האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַפֿ „דונקאַן". איצט איז שוין אַלץ קלאָר. אײנס איז נאָר געווען אומבאַוווּסט, וואָס וועט דער געלערנטער געאָגראַף זאָגן, ווען ער וועט זיך דערוויסן דעם נאָמען און דעם מאַרשרוט פֿון דערדאָזיקער שיף, אַפֿ וועלכער ער געפֿינט זיך אין דער ווירקלעכקײַט.

— הײסט עס, אַז דער לעצטער פּונקט פֿון אײַער רײַזע איז בא אײַך, הער פּאַגאַנעל, אָנגעמערקט קאַלקוטע? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— יאָ, מײַנע הערשאַפֿטן, דאָס גאַנצע לעבן מײַנס האָב איך געטרוימט צו דערזען אַמאָל מיט מײַנע אײגענע אויגן אינדיע. און דערדאָזיקער לעבנס־טרוים מײַנער וועט אינגיכן פֿאַרווירקלעכט ווערן! צי קענט איר זיך כאָטש פֿאָרשטעלן מײַן פֿרײד...

— הער זשאַק פּאַגאַנעל, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אים שיר ניט איבער־געשלאָגן די רײד. — איך צווייפֿל גאָרניט אין דערינען, אַז איר וועט נאָך ווען עס איז דורכמאַכן די געווונשענע רײַזע, איר וועט בעפֿײרעש מאַכן גרויסע אַנטדעקונגען, און די וויסנשאַפֿט וועט אײַך האָבן אַסאַך צו פֿאַר־דאַנקען. אָבער איך האָב ניט די רעכט צו פֿאַרבאַהאַלטן פֿון אײַך דעם סאָד, אַז איר האָט געהאַט אַ קלײנעם טאָעס און ס'וועט אײַך אַפֿ אַ קורצע צײַט, יעדנפֿאַלס, אויסקומען זיך אָפּצוזאָגן פֿונעם פֿאַרגעניגן צו באַזוכן אינדיע.

— זיך אָפּצוזאָגן?! אויסגעשלאָסן! פֿאַרוואָס מײנט איר גאָר אַזוי?

— דערפֿאַר, וואָס מיט יעדער מינוט שווימען בא אונדז אַפֿ דער שיף דערווײַטערט איר זיך אַלץ מער פֿונעם אינדישן האַלב־אינדזל.

— וואָס הער איך דאָ אזעלכס, קאפיטאנ בערטאָנ ?!.

— איך בינ ניט דער קאפיטאנ בערטאָנ,— האָט דזשאָנ מאנגלס געענטפערט.

— אָבער „שאָטלאנד“ איז דאָך עס ?

-- נייִנ, דידאָזיקע שיפ איז ניט „שאָטלאנד“.

ווער איז אימשטאנד צו באשרייבן זשאק פאגאנעלס דערשטוינונג. ער האָט געהאלטנ אינ איינ אומפירנ דעם בליק זייַנעם פריִער אפ עדוארד גלע־נארוואנענ, וואָס האָט אויסגעזעענ זייער ערנסט, דערנאָך — אפ עלענענ מיט מערינ, וואָס די פּנעמער זייערע האָבנ אויסגעדריקט אופריכטיקנ מיטגעפיל, אונ דערנאָך — אפנ שמייכלענדיקנ דזשאָנ מאנגלסנ, ווי אויך אפנ אייביק־רויִקנ מאיאָר מאק־נאבס. דערנאָך האָט ער געגעבנ א צוק מיט די אקסלענ אונ האָט אראָפגעלאָזט די ברילנ פונעם שטערנ אפ דער נאָז אונ האָט אויס־גערופנ:

— איך פארשטיי ניט אונ וויל ניט פארשטיינ אזעלכע מינע שפּאסנ!

אָבער דאַ האָבנ די אויגנ זייַנע, ווי זיי זייַנענ נאָר באוואָפנט געוואָרנ מיט די ברילנ, גלייַך איבערגעלייענט דעם האלב־קייַלעכדיקנ אופשריפט אפנ שטויערוואל־ראָד:

„דונקאנ“

גלאזגאָ

— „דונקאנ“! „דונקאנ“!— האָט פאגאנעל מיט גרויס פארצווייפלונג אינ קאָל אויסגעשריגנ. ער האָט געגעבנ א שפרונג אראָפ פונ פיר טרעפלעך [illegible]טאמאָל אונ האָט זיך א וואַרפ געטאָנ איבערנ טראפ אראָפ גלייַך צו זיך אינ קאיוטע

אריינ.

ווי נאָר דער שליכאזלדיקער געלערנטער איז אוועק, אזוי האָבנ אלע, וואָס זייַנענ בייַגעווענ בא דעמדאָזיקנ בילד, אויסער דעם מאיאָר, אויסגע־שאָסנ א גרויס געלעכטער: מע וואָלט קענענ אמאָל א טאָעס האָבנ מיט א באנ, זיך אופזעצנ אפ עדינבורגער צוג אנשטאָט דעם דומבארטאָנער,— דאָס איז נאָך ווי צו דערלייַדנ. אָבער א טאָעס האָבנ אינ א שיפ, זיך לאָזנ שווי־מענ קיינ טשילי, אינ דער צייַט, ווענ דו שטרעבסט קיינ אינדיע,— דאָס הייסט שוינ זייַנ צעטראָגנ גאָר צופ אנ אנדער אויפנ.

— אייגנטלעך,— האָט מיסטער גלענארוואנ באמערקט,— איז עס אפ זשאק פאגאנעלנ גאָר קיינ כידעש ניט. דערדאָזיקער געלערנטער האָט שוינ אפ זייַנ לעבנ געהאט זייער אסאך אומדערפאָלגנ פונעם זעלבנ מינ. איינמאָל האָט ער פארעפנטלעכט א מאפע פונ אמעריקע, ווהינ ס'האָט זיך אים אייַנ־געגעבנ, ווער ווייסט אפ א וועלכנ אויפנ, אריינצוהאקנ יאפּאָניע! אָבער איינס צום אנדערנ האָט עס ניט, ער איז זייער א וויכטיקער געלערנטער אונ איז איינער פונ די בעסטע פראנצויזישע געאָגראפנ.

— אָבער וואָס וועלנ מיר איצט טאָנ מיטנ דאָזיקנ שלימאזל?— האָט מיסיס עלענ א פרעג געטאָנ,— מירנ אים דענ פירנ מיט זיך קיינ פאטאגאָניע?

— פארוואָס דען ניט? — האָט מאַק־נאַבס זייער רויִק דערווידערט. — מיר זײַנען פאַר זײַן צעטראָגנקייט ניט פאַראַנטוואָרטלעך. שטעלט זיך פאָר, ווען מיט אים וואָלט זיך געטראָפן אַזוינס אָפּ דער אײַזנבאַן, וואָלט דאָך דער צוג ניט ענדערן צוליב אים דעם מאַרשרוט זײַנעם?!

— ניין, אָבער דאַן וואָלט ער דאָך געהאַט די מעגלעכקייט אַראָפּצוקריכן אָפּ דער נאָענטסטער סטאַנציע, — האָט מיסיס עלען געענטפערט.

— נו, און דאָ וועט אים אויך קיינער ניט פאַרווערן טאָן דאָסזעלבע, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן. — ער וועט אויך דאָ קענען אַראָפּגיין באַם נאָענטסטן אָפּשטעל־פּונקט.

אין דערדאָזיקער רגע האָט דער צעטומלטער און איבעראַשטער פּאַגאַנעל, ווי ער האָט זיך נאָך איבערצײַגט, אַז דער באַגאַזש זײַנער געפינט זיך אויך אויפן „דונקאַן", זיך צוריק אופגעהויבן אָפּ דער פּאַלובע.

ער האָט געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן דאָס וואָרט „דונקאַן", „דונקאַן", פּונקט ווי מער קיין ווערטער וואָלט ער שוין אין געדאַנק ניט פאַרמאָגט. ער האָט גענומען אומשוועבן הין און צוריק איבער דער פּאַלובע, זיך צוקוקן צו דער שיף־אויסשטאַטונג, זײַן בליק האָט זיך עפּעס אַלעמאָל אָנגעפּרעגט באַם האָריזאָנט, און זײַן אויסזען האָט אויסגעדריקט פולע פאַרלאָרנקייט.

ענדלעך איז ער צוגעגאַנגען צו מיסטער גלענאַרוואַנען.

— איז וווהין־זשע פאָרט לאָזט זיך עס דידאָזיקע... „דונקאַן"? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— קיין אַמעריקע, הער פּאַגאַנעל.

— און פּינקטלעכער?

— קיין קאָנסעפּסיאָן.

— קיין טשילי! קיין טשילי! — האָט דער אומגליקלעכער געאָגראַף אויסגעשריגן. — און וואָס וועט ווערן מיט דער מיסיע, וואָס די געזעלשאַפט האָט אָפּ מיר אַרופגעלייגט! וואָס וועט דערויף זאָגן דער הער קאַטערפאַוז, דער פּאָרזיצער פון דער צענטראַלער קאָמיסיע! און דער הער אַוועזאַ! און דער הער קאָרטאַמבער! און וויוויען דע־סען־מאַרטען! ווי אַזוי וועל איך זיך נאָך־אַמאָל קענען ווײַזן אין דער געזעלשאַפט אָפּ די זיצונגען?

— הערט מיך אויס, הער פּאַגאַנעל, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — איר דאַרפט זיך אַזוי שטאַרק ניט ערגערן, אַלץ וועט דאָ אײַנגעאָרדנט ווערן אָפן בעסטן אופן. לעפּערעך וועט איר דאָ פאַרטערן ניט גאָר קיין סאַך צײַט. אינגיכן וועלן מיר זיך אָפּשטעלן לעם מאַדערע, און דאָרטן וועט איר האָבן די מעגלעכקייט זיך אופצוזעצן אָפּ אַ שיף און זיך אומקערן קיין אייראָפּע.

— איך דאַנק אײַך זייער, מײַן האַר, פאַר דער טרייסט. איך גלויב, אַז איך וועל ווירקלעך מוזן זיך צוגעוווינען צום דאָזיקן געדאַנק. אָבער זאָגט אַלײן, ס'איז מיר אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג דאָס איז! בלויז מיט מיר קען

אזעלכס געשעג! און די קאיוטע אפ דער שיפ „שאָטלאנד" איז שוין טאקע פארפאלן ...

— יאָ, ווענן „שאָטלאנד" דארפט איר שוין בעסער פארגעסן... יעדנפאלס, אפ א געוויסער צייט.

— דערלויבט,— האָט פאגאנעל נאָך א קורצן שווייגן פאָרגעזעצט,— „דונקאנ" איז, ווי מיר שיינט, א פארוויילנדיקע יאכט־שיפ.

— גאנץ ריכטיק, סער,— האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן,— און מיסטער גלענארוואן איז איר באלעבאָס.

— א באלעבאָס, וואָס איז זייער גערן אייך צו האָבן בא זיך פאר א גאסט,— האָט מיסטער גלענארוואן צוגעגעבן.

— איך דאנק אייך דערפאר טויזנט מאָל,— האָט פאגאנעל געענטפערט,— אייער ליבלעכקייט רירט מיך ביז גאָר. אָבער דערלויבט מיר אייך מאכן איין באמערקונג: אינדיע איז דאָך אן אויסטערליש שיין לאנד... סיורפריזן און אלערליי וואונדער דערוואַרטן דאָרטן די רייזנדער מאמעש אף יעדן טראָט. די דאמען אונדזערע, גלויב איך, זיינען נאָך דאָרטן קיינמאָל ניט געווען.. נענוג איז, אז דער שטורמאן זאָל איין קערעווע טאָן דעם שטויער־רודער, און די יאכט־שיפ „דונקאנ" זאָל מיט דערזעלבער גרינגשאפט זיך לאָזן שווימען קיין קאלקוטע, ווי קיין קאָנסעפּסיאָן, און אף וויפל איר מאכט דורך א לוסט־רייזע, איז דאָך אייך קיין כילעק ניט... דער געלערנטער האָט אופגע־הויבן די אויגן אף גלענארוואנען, און אז ער האָט באמערקט, ווי יענער האָט דערופ געשאָקלט מיטן קאָפּ, איז ער גלייך אנטשוויגן געוואָרן, ניט פארענ־דיקנדיק די פראזע.

— הער פאגאנעל,— האָט זיך שוין מיסיס עלען אָנגערופן,— ווען מיר מאכן איצט דורך א געוויינלעכע לוסט־רייזע, וואָלט איך די ערשטע אייך געענטפערט: „רעכט, מיר פאָרן קיין אינדיע!" און איך בין זיכער, אז מיין מאן וואָלט גאָרניט געהאט קעגן, אָבער „דונקאנ" שווימט איצט קיין פאטא־גאָניע מיטן ציל אומצוקערן צו זייערע מישפּאָכעס און צו דעם פאָטערלאנד אומגליקלעכע יאט־לייט, וואָס האָבן געליטן א קאטאסטראָפע.

אין מעשעכ פון קורצע עטלעכע מינוט איז שוין דער פראנצויז דער רייזנדער געווען אין קורס פון די אלע פאָרגייענדיקע געשעענישן. ער האָט מיט אופריכטיקער צערודערונג אויסגעהערט די געשיכטע מיט די געפונענע דאָקומענטן, מיט דער הארטנעקיקייט פון דער אדמיראליטעט און מיט עלען גלענארוואנס גרויסמוטיקן פאָרשלאג.

— מיסיס,— האָט ער פייערלעך אויסגערופן,— איך בין אנטציקט פון אייער מוטיקייט און פיינקייט. דערלויבט מיר אייך אָפּן ארויסזאָגן אָט וואָס: אייער יאכט־שיפ מוז פאָרזעצן איר וועג. איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט מויכל געווען, ווען איך וואָלט אייך פארהאלטן אפילע אף איין טאָג.

— עפשער וואָלט איר א באלן געווען זיך אויך פארייניקן צו אונדזער עקספּעדיציע? — האָט מיסיס עלען פאָרגעשלאָגן.

— צום באדויערן, האָב איך ניט דידאַזיקע מעגלעכקייט, איך מוז אויס־פילן די מיסיע, וועלכע ס׳איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן. דערום וועל איך באַם ערשטן אַפּשטעל־פּונקט זײַן געצוווּנגען אראָפּצוגיין אפן ברעג.

— דאָס הייסט, אין מאדערע,— האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן.

— זאָל זײַן מאדערע. פונדאָרטן האָבן מיר אינגאנצן 760 קילאָמעטער קיין ליסאבאָן, און די פּארקער־מיטלען מיטן קאָנטינענט וועלן מיך, זיכער, ניט צווינגען דאָרטן לאנג זיצן.

— אויסגעצייכנט, הער פּאגאנעל,— האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגע־רופן,— מיר זײַנען גרייט אויסצופילן אײַער פארלאנג! וואָס עס נעגייע מיר, בין איך זייער גערן פונעם פאל, וואָס מירן אײַך נאָך עטלעכע טעג צײַט האָבן דאָ פאר א גאסט. איך פארהאָף, אז איר וועט זיך ניט שטארק לאנג־ווײַליקן אין אונדזער געזעלשאפט.

— אָ, מיסטער גלענארוואן! — האָט דער געלערנטער אויסגעשריגן,— איך בין מאמעש גליקלעך, וואָס איך האָב אזוי געלונגען איבערגעפּלאָנטערט די שיפן, כאָטש דעם עמעס זאָגנדיק, איז ניטאָ קיין קאָמישערס פון א מענטשן, וואָס האָט זיך אויסגעקליבן פאָרן קיין אינדיע און נעענטערט זיך גאָר צו אמעריקע.

ניט געקוקט אפ דערדאָזיקער מעלאנכאָלישער באמערקונג, האָט דאָך פּא־גאנעל שאָלעם געמאכט מיטן געדאנק וועגן דעם, אז עס לייגט זיך דערווײַל אָפּ אפ א שטיקל צײַט דער אָנפאנג פון זײַנע אויספאָרשונגען, באזונדערס דאן, ווען ס׳איז נישט אין אים געווענדט, און ער האָט זיך צוריק געפירט ווי א פריילעכער, העפלעכער און אנגענעמענער מיטרײַזנדער. ס׳איז אפילע קיין טאָג ניט דורכגעגאנגען, ווי ער האָט זיך באפרײַנדעט מיט איטלעכן דאָ אפ דער שיף. מיסטער גלענארוואן האָט נאָכדעם, ווי יענער האָט אים שטארק געבעטן, אים באוויזן די געפונענע דאָקומענטן. ער האָט א היפּשע צײַט זיך אײַנגעקוקט אין זיי און זיי דערלערנט מיט קאָפּ, ביז ער האָט ענדלעך געמאָלדן, אז גלענאר־וואנס אויסטײַטשונג איז די סאמע ריכטיקסטע און קיין אנדער אויסטײַטשונג איז גאָר ניט שײַעך אהער צו געפינען. ער האָט זיך באצויגן מיט גרויס מיט־געפיל צו מערי און ראָבערט גראנט, און מיט אלץ, וואָס ער האָט נאָר גע־קענט, האָט ער מיטגעהאָלפן צו פארשטארקן בא די קינדער די האָפענונג אפ זיך אינגיכן צו באגעגענען מיטן פאָטער מיט זייערן. זײַן פאָרויסזאָגן א זי־כערן דערפאָלג, וואָס די „דונקאן״־עקספּעדיציע דארף דערווארטן, האָט ארויס־גערופן א שמייכל אפילע אפ מעריס פּאָנעם, וואָס האָט די גאנצע צײַט אויס־געזעען זייער אומעטיק.

— אפ מײַן ערנוואָרט,— האָט ער אויסגערופן,— ווען ניט די אָנטרויונגען פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט, וואָלט איך מיטן גאנצן הארצן אָנטייל־גענומען אין דער עקספּעדיציע, וואָס זוכט אוף דעם קאפּיטאן גראנט.

און ווי ער האָט זיך נאָך דערוווּסט, אז מיסיס עלען גלענארוואן איז דעם באריםטנס וויליאם טופּנעלס א טאָכטער, איז ער גאָר געוואָרן אויסער זיך

פאר פרייד. ער האָט דאָך אמאָל געקאָנט דעם טאטן אירן פּערזענלעך. אָך, ס׳ארא מין פּאָרכטלאָזער רײַזנדער דאָס איז געווען! ס׳איז דאָך בעפֿיירעש פאר אים א גרויסע ערע צו רײַזן איצט צוזאמען מיט וויליאם טופּנעלס טאָכטער! פאר גרויס פרייד האָט ער געבעטן בא עלענען, זי זאָל אים דער־לויבן איר א קוש גיבן. די יונגע פרוי האָט זיך פּארויטלט, אָבער זי האָט אים נישט געקענט אָפּזאָגן.

## אכטע קאפיטל

# די שיף „דונקאַן" איז באַרײַכערט געוואָרן נאָך מיט איין לײַטישן מענטשן

„דונקאַן" האָט דערווײַל אויסגענוצט דעם גינסטיקן צאָפּן־אפריקאנישן שטראָם און האָט זיך שנעל דערנעענט צום עקוואטאָר. דעם 30־טן אווגוסט האָט מען שוין אָנגעזען אפן האָריזאָנט מאדערע. אזויווי מיסטער גלענאר־וואן איז געווען א מענטש, וואָס האלט וואָרט, האָט ער זיך אָנגעפרעגט באַם אומגעריכטן גאסט בא זײַנעם, צי זאָל ער פּאראָרדענען, מע זאָל זיך דאָ אָפּשטעלן, קעדיי אים אראָפּצולאָזן אפן ברעג.

— טײַערער הער גלענארוואן,— האָט פּאגאנעל געענטפערט,— איך בעט אײַך, איר זאָלט מיר זאָגן אָפן, צי האָט איר געהאט בעדייע זיך אָפּשטעלן לעם מאדערע, איידער א׳ך האָב זיך געטראָפן צו אײַך אפ דער שיף?

— ניין,— האָט זיך גלענארוואן אָנגערופן.

— אויב אזוי, טאָ דערלויבט מיר שוין ארויסצובאקומען א נוץ פון מײַנע אומגליקלעכער צעשטרײַטקײַט. מאדערע איז שוין אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך די געלערנטע אינדערלענג און אינדערברייט, דער געאָגראף געפינט שוין אין איר נים קיין שום אינטערעס. וועגן דערדאָזיקער גרופּע אינד־זלען האָט מען שוין אָנגעשריבן גאנצע בענדער. אגעוו, דארף מען זאָגן, אז די ווײַנבערטנערײַ איז דאָרט שטארק געפאלן. יאָ, איז אויב ס׳איז פאר אײַך נישט קיין גרויסער אונטערשייד, וואָלט איר מיך בעסער אראָפּגעלאָזט אפ די קאנארער אינדזלען...

— מיר קענען זיך אויך אָפּשטעלן בא די קאנארער אינדזלען, מיר וועלן זײַ דאָ אקוראט באגעגענען אינ וועג.

— דערום זאָג איך דאָך עס, טײַערער מיסטער גלענארוואן. פארשטייט איר מיך, אפ די קאנארער אינדזלען וועט מען קענען דערלערנען אלע דרײַ גרר־פעס, שוין נים ריידנדיק וועגן דעם שפּיץ טענעריף, וועלכן מיר האָט זיך קעסיידער געוואָלט זען. דאָס איז א זעלטענער צופאל, וויל איך זיך טאקע מיט דעם באנוצן, און ביז איך וועל זיך דערווארטן אפ א שיף, וואָס גייט קיין אייראָפּע, וועל איך האָבן די מעגלעכקײַט זיך אופהייבן אפ דעמדאָזיקן בארימטן בארג־שפּיץ.

— אויב ס'איז אײַכ נאָר ליב, טײַערער הער פּאַגאַנעל, — האָט גלענאַרוואַנ געענטפערט, אונ זיכ אײַנגעהאַלטנ ער זאָל קײנ שמייכל ניט טאָנ. אונ שמייכלענ איז גראַדע געווענ פונ וואָס.

די קאַנאַרער אינדזלענ ליגנ ניט ווײַט פונ מאַדערע. דידאָזיקע צוויי גרופּעס שטייענ אָפּ איינס פונ דעם צווייטנ אַפּ אַ מעהאַלעכ פונ וואָסערע 250 מײַל. אַזאַ מינ שטרעקע האָט זייער אַ קליינע ווערט בײַ אַזאַ מינ שנעל-גייענדיקער שיפּ, ווי „דונקאַנ".

דעם 31־טנ אויגוסט אַרום צוויי אַזייגער באַטאָג האָבנ דזשאָנ מאַנגלס מיט זשאַק פּאַגאַנעלנ אַרומגעשפּאַצירט איבער דער פּאַלובע, דער פראַנצויז האָט אָפּגעשאָטנ זײַנ מיטשמועסער מיט פראַגנ וועגנ טשילי. פּלוצים האָט אים דער קאַפּיטאַנ איבערגעשלאָגנ די רייד אונ אָנגעוויזנ אַפּ עפּעס אַ פּינטעלע אַפּנ האָריזאָנט.

— הער פּאַגאַנעל!

— וואָס איז, מײַנ פרײַנט? — האָט דער געלערנטער געפרעגט.

— טוט נאָר אַ קוק אַהינ, ווו איכ ווײַז אײַכ... איר זעט עפּעס דאָרטנ?

— ניינ, גאָרניט.

— איר קוקט ניט אַהינ, וווּ מע דאַרפ, קוקנ דאַרפ מענ ניט אַפּנ האָריזאָנט, נאָר איבער אים, אינ די וואָלקנס אַרײַנ.

— אינ די וואָלקנס אַרײַנ? ניינ, איכ זע ניט גאָרניט...

— קוקט אַפּנ שפּיציקל פונעם בושפּריט. איר זעט דאָרטנ אַנטקעגנ אים אינ די וואָלקנס אַ שוואַרצ פּינטעלע?

— ניינ.

— ס'קענ זײַנ, אַז איר ווילט עס פּאָשעט ניט זענ, ניט געקוקט דערופּ, וואָס איר געפינט זיכ אינגאַנצנ וואָסערע פערציק מײַל פונדאָרטנ אונ מע זעט שוינ זייער דײַטלעכ פונ איבערנ האָריזאָנט דעם שפּיצ טענעריפּ!

צי האָט עס פּאַגאַנעל געוואָלט זענ אָדער ניט, אָבער אינ עטלעכע שאָ אַרום האָט ער שוינ געמוזט זיכ אונטערגעבנ פאַר דער באַשײַמפּערלעכקײַט, וואָרום איינס פונ די ביידע: אָדער ער האָט באַדאַרפט אויסקלערנ אַפּ זיכ, אַז ער איז אינגאַנצנ בלינד, אָדער ער האָט געמוזט זיכ מודע זײַנ, אַז ער האָט שוינ אויכ דערזענ דעם שפּיצ טענעריפּ.

— נו, איז איצטער זעט איר אים שוינ? — האָט דזשאָנ מאַנגלס אַ פרעג געטאָנ.

— יאָ, יאָ, איכ זע אים זייער גוט, — האָט דזשאָנ פּאַגאַנעל געענטפערט. — אונ דאָס איז ער טאַקע, דער שפּיצ טענעריפּ?

— נו, יאָ.

— פאַרוואָס־זשע דאַכט זיכ מיר, אַז ער איז גאָרניט אַזוי הויכ.

— בונדעסטוועגנ הייבט ער זיכ אויפ איבערנ יאַמ־אויבערפלאַכ אַפּ עלפּ טויזנט פוס.

אָבער ער קומט דאָכ נאָכ ניט צום מאָנבלאַנ*!

* מאָנבלאַנ — דער העכסטער באַרג אינ אייראָפּע — אינ די שווייצישע אַלפּנ.

— מעגלעך, נאָר אויב ס'וועט אײַך אויסקומען אַז אים צו קלעטערן, דאַן וועט איר באַקומען מערער אַפּשײַ פֿאַר זײַן הייך.

— קלעטערן אויפֿן טענעריף, אויף וואָסערע צאָרעס דאַרף איך עס, ליבער קאַפּיטאַן? דאָס האָבן דאָך שוין ביז מיר אָפּגעטאָן די הומבאָלדטס, די באָנפּלאַנס! אָט ווער ס'איז געווען אַן עכטער זשעני, דאָס איז הומבאָלדט! ער האָט אַרויפֿגעקלעטערט אויף דעם מדאָזיקן באַרג און האָט אים אַזוי גרינטלעך באַשריבן, אַז מע קען אַפֿילו קיין איין וואָרט מער ניט צוגעבן. ער האָט דאָרטן פֿאַרצייכנט פֿינף זאָנעס: די זאָנע פֿון די ווײַנגערטנער, די זאָנע פֿון די לאָרבערביימער, די זאָנע פֿון די טענענביימער, די זאָנע פֿון די אַלפּישע לאָנקעס און די וויסטע זאָנע. ער האָט דערלאַנגט ביז צום סאַמע שפּיץ פֿונעם פּיק. דאָרט איז ניט געווען קיין פּלאַץ אַפֿילו אויף זיך אַוועקזעצן, און פֿונדאָרטן האָט דער בליק זײַנער אַרומגעכאַפּט אַ שטיק שטעך, וואָס קען פֿאַרנעמען אַ פֿערטל שפּאַניע. דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אינעם שלינג פֿונעם ווולקאַן ביז צום סאַמע גרונט פֿון זײַן פֿאַרלאָשענעם קראַטער. איז דען געבליבן דאָ עפּעס צו דערטאָן נאָך דעמדאָזיקן גרויסן מאַן? נו, זאָגט אַלייִן!

— איר זײַנט גערעכט, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט, — נאָך הומבאָלדטן איז שוין דאָ מער ניטאָ וואָס צו טאָן, און דאָס איז טאַקע זייער פֿאַרדראָסיק, ווײַל ס'וועט אײַך דאָ אויסקומען זיך זייער שטאַרק צו לאַנגווײַליקן, ביז איר וועט זיך דערוואַרטן אין דעם טענעריפֿער האַפֿן אויף אַ שיף. דאָרטן זײַנען נישטאָ קיין שום פֿאַרווײַלונגען.

— נו, נו, — האָט זיך פּאַגאַנעל צעלאַכט, — פֿאַרווײַלונגען בין איך אימשטאַנד צו זוכן אומעטום. לאָמיר אַפֿילו נעמען די אינדזלען פֿונעם גרינעם קאַפּ. ווי מיינט איר, דאָרטן זײַנען ניטאָ קיין באַקוועמע ערטער אויף אָפּצושטעלן זיך?

— פֿאַרוואָס דען ניט, ס'איז זייער גרינג צוצושטײַגן צו ווילאַ־פּרײַאַ.

— דאָ איז נאָך דאָ איינס גרויסע מײַלע, וועלכע איך טאָר נישט פֿאַרגעסן, — די מײַלע באַשטייט אין דעם, וואָס די אינדזלען האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט. — די מײַלע באַשטייט אין דעם, וואָס די אינדזלען פֿונעם גרינעם קאַפּ געפֿינען זיך זייער נאָענט צו סענעגאַל, און דאָרטן וועל איך זיך קענען באַגעגענען מיט מײַנע לאַנדסלײַט. איך ווייס זייער גוט, אַז דעמדאָזיקן אַרכיפּעלאַג האַלט מען פֿאַר אַן אומעטיקן, וויסטן, ווילדן און אומגעזונטן, אָבער פֿאַר אַ געאָגראַף האָט ער דאָך פֿאָרט אַ געוויסן אינטערעס. זען — הייסט זיך לערנען. ס'זײַנען פֿאַראַן אַסאַך מענטשן, וואָס קענען ניט זען. פֿון די רײַזעס פֿון זייערע טראָגן זיי אַרויס פּרישע אײַנדרוקן ניט מער [illegible] א מויערקעפּל די גרייס. און מיר מעגט איר זיכער גלויבן, אַז איך געהער ניט צו זיי.

— איך בין זייער גערן, הער פּאַגאַנעל, וואָס דאָס איז אַזוי, ווי איר זאָגט, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט, — איך בין איבערצײַגט, אַז די געאָגראַפֿישע וויסנשאַפֿט וועט זייער אַסאַך געווינען פֿון דעם, וואָס איר וועט באַזוכן די אינדזלען פֿונעם גרינעם קאַפּ, און אונדז וועט סײַווי דאָרטן אויס-

קומענ זיכ אָפּצושטעלנ, ווײַל מיר ווילנ דאָרט נעמענ נאָכ אביסל קוילנ אפּ דער שיפ, אזוי, אז איר וועט אונדז ניט פארהאלטנ.

דעמ 3־טנ סענטיאבער האָט פאגאנעל זיכ גענומענ גרייטנ צומ אויסשטײַגנ אפנ ברעג. „דונקאנ" איז די גאנצע צײַט איצט געגאנגענ צווישנ די אינדזלענ פונעמ גרינעמ קאפּ. די יאכט־שיפ האָט שוינ איצט אויסגעמיטנ דאָס אינדזל זאלצ, אנ עמעסער זאמד־קייווער, וואָס איז פוסט אונ וויסט. די שיפ האָט ארומגעפּויגנ די קאָראל־ריפנ אונ איבערגעלאָזט הינטער זיכ דאָס אינדזל פונעמ הייליקנ יאקאָוו, וואָס א קייט באזאלטענע בערג האקנ אימ איבער פונ צאָפנ צו דאָרעמ. דידאָזיקע קייט ענדיקט זיכ מיט צוויי הויכע בארג־שפּיצנ. ענדלעכ איז „דונקאנ" ארײַנגעגאנגענ אינ דער בוכטע ווילא־פרײַא אונ האָט דאָרט פארוואָרפנ דעמ אנקער לעבנ דער סאמע שטאָט אפ א טיפ פונ אכט קלאפטער. דער וועטער איז געווענ א שוידערלעכער, דער כוואליעס־צושלאָג איז געווענ מעשוגענערווײַז שטארק, ניט געקוקט דערופ, וואָס די בוכטע איז געווענ גוט באשיצט פונ די ווינטנ. איבערנ גאָס־רעגנ האָט מענ קוימ ארויסגעזעענ די שטאָט, וואָס האָט זיכ געפונענ אפ א פלאכלאנד באמ צופוסנס פונ די וואלקאנישע בערג, וואָס האָבנ געהאלטנ דרײַ הונדערט פוס די הייכ. דאָס אינדזל האָט געמאכט זייער א טרויעריקנ אײַנדרוק.

עלענ האט זיכ שוינ מער ניט געבעטנ, מע זאָל איר דערלויבנ באזוכנ די שטאָט. די קוילנ־אָנלאָדונג איז דאָ געווענ פארבונדנ מיט אסאכ שוועריקײַטנ. די פאסאזשירנ פונ „דונקאנ" זײַנענ געווענ געצוווּנגענ צו זיצנ דאָ פאר־ שפּארטערהייט אינ די קאיוטעס, ביז דער יאמ אונ דער הימל וועלנ אָנעמענ זייער נאָרמאלנ אויסזעענ.

די וועטער־פראגע איז, נאטירלעכ, געוואָרנ די איינציקע טעמע, וועגנ וועלכער מע האָט גערעדט אפנ באָרט פונ דער יאכט־שיפ. יעדערער האָט ארויסגעזאָגט זײַנ מיינונג, כוצ דעמ מאיאָר, וואָס וואָלט, ווארשײַנלעכ, אפילע בעייסנ וועלט־מאבל ניט אָנגעווירנ זײַנ באשטענדיקנ גלײַכגילט.

פאגאנעל איז אומגעלאָפנ הינ אונ צוריק איבער דער קאיוטע אונ האָט געהאלטנ אינ איינ דרייענ מיטנ קאָפּ.

— אכ, וויאזוי סע גליקט מיר ניט!.. עפּעס טוט זיכ עס אלצ ווי מיר אפ צעפּיקעניש! — האָט ער געטײַנעט.

— ווירקלעכ, — האָט מיסטער גלענארוואנ געענטפערט. — די סטיכיע אליינ טרעט ארויס קעגנ אײַכ.

— איכ וועל זיכ אָבער צו איר אזוי א נעמ טאָנ, אז זי וועט מיכ האָבנ צו געדענקענ!

— נו, יאָ, אָבער ס'איז דאָכ ניט שײַעכ, אז איר זאָלט בא אזא מינ מאבל זיכ לאָזנ צומ ברעג, — האָט מיסיס עלענ זיכ ארײַנגעמישט.

— פאר מיר איז זיכ ניטאָ וואָס צו זאָרגנ, איכ קענ עס זייער לײַכט איבערטראָגנ, — אָבער מײַנע זאכנ, מײַנע אינסטרומענטנ וועלנ דאָכ אינגאנצנ א טעל ווערנ.

— שווער איז נאָר דער מאָמענט פונעם אויסשטייגן,— האָט זיך מיסטער גלענארוואַן אָנגערופן.— אָבער ווי איר קומט נאָר אָן קיין ווילאַ־פריאַ, דאַן זײַנט איר שוין צוריק אויף פערד. כאָטש קיין איבעריקן קאָמפאָרט וועט איר דאָרט אויך ניט באַקומען. די געזעלשאַפט פון כאַזײַרים און מאַלפּעס איז ווײַט נישט פון די אָנגענעמסטע און איז, פאַרשטייט זיך, ניט אימשטאַנד צו פאַרבײַטן קיין מענטשלעכע געזעלשאַפט, אָבער דער רײַזנדער דאַרף זיך קענען צו אַלץ צופּאַסן, און אויסער דעם קען מען נאָך פאַרהאָפן, אַז אין זיבן־אכט כאַדאָשים אַרום וועט זיך אײַך פאָרט אײַנגעבן אָפּצושווימען קיין אייראָפּע.

— זיבן־אכט כאַדאָשים! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.

— צום סאַמע ווינציקסטן. די אינדזלען פונעם גרינעם קאַפּ ווערן זייער זעלטן באַזוכט אין דעם רעגן־פּעריאָד. אָבער אַזאַ מענטש, ווי איר, וועט קענען אויסנוצן די צײַט. דערדאָזיקער אַרכיפּעלאַג איז נאָך זייער ווינציק אויסגעפאָרשט. דאָ איז נאָך דאָ לעמ וואָס אַן אַרבעט צו טאָן...

— איר וועט קענען אויספאָרשן די טײַכן,— האָט מיסיס עלען זיך אָנגערופן.

— ווו וועל איך זיי דאָרט נעמען?— האָט פּאַגאַנעל דערווידערט.

— נו, איז עפּשער טײַכלעך.

— קיין טײַכלעך זײַנען דאָרטן אויך ניטאָ.

— איז עפּשער ריטשקעלעך?

— קיין איינס ניטאָ.

— נו, איז וואָס,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן,— וועט איר אַרבעטן אין די וועלדער.

— קעדיי ס'זאָלן זײַן וועלדער, מוז מען דאָרטן פריער האָבןביימער, און קיין ביימער זײַנען דאָרטן אויך ניטאָ.

— א שיינקײַט פון א לאַנד! — האָט דער מאַיאָר באַמערקט.

— פאָנדעסטוועגן דאַרפט איר זיך, ליבער פּאַגאַנעל, ניט נעמען שטאַרק צום האַרצן,— האָט מיסטער גלענארוואַן אים אונטערגעהאַלטן.— בערג זײַנען דאָרט, אַלנפאַלס, פאַראַן.

— זיי זײַנען אָבער גאָרניט קיין הויכע און ניט קיין אינטערעסאַנטע. דערצו זײַנען זיי שוין לאַנג אויסגעפאָרשט געוואָרן.

— נאָר אַזוי?.. — האָט מיסטער גלענארוואַן באַדויערנדיק צענומען די הענט.

— ווי געוויינלעך, האַלט עס מיר אין איין גליקן. אויב איך וואָלט אויף די אַנאַרער אינדזלען געדאַרפט געוועזן נאָכגיין פוסטראָט נאָך הומבאָלדטן, האָט מיך דאָ אַריבערגעיאָגט דער געאָלאָג שאַרל סענט־קלער דעוויל.

— געשיקט זיך עס?

— וואָס איז דאָ שײַעך צו ריידן,— האָט פּאַגאַנעל מיט א וויינענדיק קאָל געענטפערט.— דערדאָזיקער געלערנטער האָט זיך געפונען אויפן פראַנצויזישן קאָרוועט „דער אַנטשלאָסענער“ אין דער צײַט, ווען ער האָט זיך אָפּ־

געשטו... באם אינדזל דער גרינער קאפּ, און ער האָט באַזוכט דעם שפּיץ פונעם סאַמע אויסגעצייכנטן בארג אפן היגן ארכיפּעלאג. ער איז געווען אפן ווולקאן פונעם אינדזל פאָגאָ. הייַנט וואָס איז מיר שוין פארבליבן צו טאָן נאָך אים?

— ווי פארדראָסיק דאָס איז טאקע, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן. — וואָס־זשע דענקט איר פונדעסטוועגן, הער פאגאַ:על, צו טאָן? פאגאנעל האָט געשוויגן.

— ס׳וועט ניט העלפן, — האָט מ׳סטער גלענארוואן א זאָג געטאָן. — ווייַזט אויס, אז הער פאגאנעל האָט באשלאָסן אויסשטייַגן לעם די מאדערער ברעגן. ניט געקוקט דערויף, וואָס קיין מאדערע (אָרטיקער ווייַן) איז שוין דאָרט ניטאָ.

דער געלערנטער סעקרעטאר פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט האָט טיפדייַטיק געשוויגן.

— ווען איך וואָלט געווען, הער פאגאנעל, אפּ אייַער אָרט, — האָט דער מאיאָר א זאָג געטאָן מיט זייַן גלייַכגילטיקער שטים, — וואָלט איך צוגעוואַרט (און ווען דער מאיאָר זאָגט פארקערט: „וואָלט איך ניט אָנגעהויבן צו וואַרטן", וואָלט זייַן קאָפּ אויך אזוי געקלינגען).

— ליבער מיסטער גלענאַרוואַן, — האָט פאגאנעל ענדלעך א פרעג געטאָן, — ווו האָט איר בעדייַע זיך וויַיטער אָפּצושטעלן?

— אָ, ניט פריִער, ווי אין קאָנסעפּסיִאָן...

— אָט, צו אלדערוכעס! וווּ־זשע וועט שוין דענסטמאָל זייַן אינדיע און ווו איך?!

— וואָס איז דען, ווי נאָר „דונקאַן" וועט דורכגיין דעם קאפּ האָרן, וועט איר — אדעראבע — זיך גאָר אָנהייבן דערנעענטערן צו אינדיע.

— ס׳איז נאָך א פראגע.

— אגעוו, — האָט מיסטער גלענארוואן פאָרגעזעצט זייער מיט אַן ערנסטן טאָן, — וואָלט איך וועלן וויסן, וואָס איז דאָ דער כילעק, צי איר וועט אָנטרעפן אין אָסט־אָדער אין וועסט־אינדיען?

— אָ! דאָס איז דאָך טאקע א געדאַנק, סער! — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן. — דערדאָזיקער מאָטיוו, ווי איר זעט, איז מיר איינגעגאנגען ארויס פון קאָפּ!

— און אויסער דעם, ליבער פאגאנעל, בין איך גרייט צו גלויבן, אז דעם גאָלדענעם מעדאל קען מען פארדינען ווו ס׳זאָל ניט זייַן. אומעטום איז דאָ וואָס צו זוכן און וואָס צו אנטדעקן. אפּ די בארג־רוקנס פון די קאָרדיליערן וועט איר עס אזוי שיין קריגן, פונקט ווי אפּ די טיבעטער בערג.

— און ווער וועט אויספאָרשן דעם שטראָם פון דעם טייַך יארו־דזאנגבאָ־טשו?

— נארישקייַטן, איר וועט אנשטאָט דעם אויספאָרשן דעם שטראָם פון קאָלאָראַדאָ! אָט דאָס איז דאָך טאקע ווירקלעך אַן אינטערעסאנטער טייַך. זייַן וועג איז נאָך פּינקטלעך ביז צום הייַנטיקן טאָג ניט באוווּסט, זיי די מאפּעס...

— איך ווייס דאָס, טײַערער סער. די מאפּעס האלטן אין איין פּלאָנטערן. און איך צווייפל גאָרניט אין דעם, אז ווען איך בעט אזא מין זאך באצײַטנס, וואָלט די געאָגראפישע געזעלשאפט מיט דערזעלבער ברייטקײַט מיך אָפּגע־שיקט קיין פּאטאגאָניע, פּונקט ווי קיין אינדיע, אָבער איך האָב דעמלט וועגן דעם קיין טראכט ניט געטאָן.

— א רעזולטאט פון אײַער קעסיידערדיקער צעשטרײַטקײַט.

— בלײַבט, הייסט עס, הער פּאגאנעל, אז איר פאָרט מיט מיט אונדז? — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן מיט זייער א ליבלעכן טאָן.

— ליבע מיסיס, און וואָס וועט ווערן מיט מײַן מיסיע?

— איר דארפט נאָך וויסן זײַן, מײַן ליבער, אז מירן אויך דורכגיין דורכן מאגעלאנער דורכגוס, — האָט גלענארוואן צוגעגעבן.

— איך זע שוין, סער, אז איר וועט מיך אראָפּפירן פון וועג.

— און אויב איר ווילט נאָך וויסן, וועלן מיר נאָך באזוכן דעם הונגער־האפן, — האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן.

— דעם הונגער־האפן? — האָט דער פראנצויז אויסגעשריגן, דערפילנדיק, ווי מע נעמט אים ארום פון אלע זײַטן. — דערדאָזיקער האפן, וואָס איז אזוי בארימט אין דער געאָגראפישער געשיכטע?!

— אונדזער עקספּעדיציע גיט זיך זייער אין א געאָגראף, און וואָס קען נאָך זײַן בעסער, ווי צווינגען די וויסנשאַפט, אז זי זאָל ארבעטן צום גונסטן פון דער מענטשהײַט?! — האָט מיסיס עלען אונטערגעכאפּט.

— דאָס איז דאָך אויסגעצייכנט געזאָגט געוואָרן, מיסיס!

— ווייסט איר־זשע וואָס, מײַנע ליבע פרײַנט, — האָט זיך פּאגאנעל נאָך א קורצער פּאוזע אָנגערופן, — ווי איך זע, האָט איר אלע שטארק כיישעק איך זאָל זיך דאָ בא אײַך אָפּשטעלן!

— און איר, פּאגאנעל, איר גייט אויס, דאכט זיך, דאָ צו בלײַבן! — האָט מיסטער גלענארוואן אויסגערופן מיט א סימכע.

— ווירקלעך! — האָט זשאק פּאגאנעל אויסגעשריגן, — אָבער איך האָב די גאנצע צײַט מוירע געהאט זיך אליין אָנצושלאָגן!

## נײַנטע קאפּיטל

# דער מאגעלאנער דורכגוס

אלע „דונקאני"־אײַנוווינער האָבן זיך שטארק דערפרייט, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן פּאגאנעלס באשלוס. ראָבערט גראנט האָט געגעבן א שפּרונג צו אים און אים ארומגעכאפּט ארום האלדז מיט אזא מין לעבעדי־קײַט, אז דער כאָשעווער סעקרעטאר פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט האָט זיך שיר ניט אויסגעצויגן איבערן דיל אין זײַן גאנצער לענג.

— א קרעפטיק יאטל, — האָט ער זיך אָנגערופן, — איך וועל מיט אים זען ארבעטן אף געאָגראַפּיע.

ראָבערטן איז שוין, ווי־זיס אויס, באַשערט געווען, אז ער זאָל ווערן א גרויסער מאַן. יעדערער האָט זיך געקליבן אים איבערגעבן זיינע קענטשאַפטן: דזשאָן מאַנגלס האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר א יאַם־מענטש, גלענאַרוואַן — פאַר א מענטשן מיט א מוסיק האַרץ, עלען — פאַר א גרויסמוטיקן מאַן און גוטן מענטשן, דער מאַיאָר — פאַר א קאַלטבלוטיקן פאַרשוין, וואָס נעמט זיך קיין־מאָל פון גאָרניט ניט צום האַרצן, און מערי, ענדלעך, פאַר א מענטשן, וואָס איז פייִק אָפּצושאַצן יענעמס גוטסקייט.

„דונקאַן" איז פלינק פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנלאָדן די שטיין־קוילן. זיי האָבן גיך פאַרלאָזט די פאַרצאָרנטע אינדזלען פונעם גרינעם קאַפּ און זיינען אוועקגעשוומען צו מיירעוו־צו. זיי האָבן אַריינגעטראָפן אין א גינסטיקן שטראָם, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די בראַזילישע ברעגן. און דעם 7־טן סענטיאַבער האָט „דונקאַן", בא א פרישן צאַפּנדיקן ווינט, איבערגעהאַקט דעם עקוואַטער און איז אַריינגעטראָטן אינעם דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך.

דער איבערגאַנג איז דערווייל געגאַנגען ווי סע באַדאַרף צו זיין. אַלע האָבן דאָס געהאַלטן פאַר א גוטן פאָר־צייכן; יעדערן האָט זיך אויסגעוויזן, אז וואָס א טאָג — האַלטן אין איין וואַקסן די שאַנסן דערויף, אז די עקספּע־דיציע זאָל זיך גוט ענדיקן. דזשאָן מאַנגלס איז געווען פעסט איבערצייגט, אז די עקספּעדיציע וועט אויסזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. דעם עמעס געזאָגט, האָט זיך דידאָזיקע איבערצייגונג געצומען הויפּטזאַכלעך פונעם הייסן פאַרלאַנג פון זיינעם צו זען מערי גראַנט א גליקלעכע און א רויִקע. דער קאַפּיטאַן דזשאָן האָט זיך ניט אָפּ קאַטאָוועס פאַרינטערעסירט מיטן יונגן מיידל, און דאָס געפיל, וואָס האָט אין אים אָנגעהויבן אופוואַקסן, האָט ער אזוי קונציק אויסגעבא־האַלטן, אז אַלע אף דער יאַכט־שיף האָבן שוין געוווסט וועגן דעם, סיידן אויסער מערין און אים זעלבסט.

וואָס איז שייך דעם געלערנטן געאָגראַף, איז ער, אָן ספק, געווען דער סאַמע גליקלעכסטער מענטש אינעם גאַנצן דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך. גאַנצענע טעג האָט ער זיך געפּאָרעט מיט די געאָגראַפישע מאַפּעס, אַלע טישן אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע זיינען געווען מיט זיי פאַרוואָרפן. דער קיכמייסטער אָלבי־נעט האָט, אַגעוו, געהאַט פון אים גרויסע צאָרעס, וואָרים ער האָט זיך אַלע מאָל אין זיי אָנגעשלאָגן, בעשאַס ער פלעג דאַרפן גרייטן צום טיש. אָבער ווי אָלבינעט פלעג נאָר וועלן אַרויסוואַרפן זיינע אומצופרידנקייט, אזוי פלעגן זיך אַלע פאַסאַזשירן פון דער יאַכט־שיף באַלד שטעלן אף פּאַגאַנעלס זייט, אויסער דעם מאַיאָר, וועלכער האָט זיך זייער גלייכגילטיק באַצויגן צו געאָ־גראַפישע פּראָבלעמעס בכלל, און בפרט נאָך אין די שעהן, ווען ס'שוין צייט געווען עפּעס נעמען אין מויל אַריין.

פּאַגאַנעלן האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוזוכן באַם געהילפס־קאַפּיטאַן אין קאַסטן עטלעכע צעריסענע ביכער. צווישן זיי איז איין ביכל געווען אף שפּאַניש.

איז אים באַלד אײַנגעפאַלן כאַפּן און וואָס גיכער דערלערנען די שפּאַנישע שפּראַך. קיינער פון די פּיַסאַזשירן און פון דער מאַנשאַפט האָבן קיין שפּאַניש ניט געקאָנט, און אַפילו טשילישן בּרעג־פּאַס איז גאָרניט שײַעך זיך באַגיין אָן שפּאַניש. און אַזויווי זשאַק פּאַגאַנעל איז געווען א פייִקער לינגוויסט, האָט ער געהאָפט צו בּײַקומען די געהיימניסן פון דער דאָזיקער שפּראַך נאָך איידער די יאַכט־שיף וועט אָנקומען קיין קאָנסעפּסיאָן. איצט איז שוין קלאָר, פאַרוואָס ער האָט זיך מיט אַזא גרויסן פלײַס א נעם געטאָן צו דער דאָזיקער אַרבּעט און גאַנצע טעג האָט ער געבּורטשעט אינדערשטיל און געטײַנעט מיט עפּעס אַזעלכע ווערטער, וואָס קלינגען פרעמד און מאָדנע. אין די קורצע אָפּרו־מינוטן פלעגט ער צורופן צו זיך ראָבּערטן און צוזאַמען מיט די פּראַקטישע געאָגראַפישע ידיעות, פלעגט ער אים אויך דערציילן די געשיכטע פון די בּרעגן, צו וועלכע „דונקאַן“ האָט זיך אַזוי שנעל דערנעענטערט.

דעם 10־טן סעפּטעמבער האָט זיך די יאַכט־שיף געפונען לעם פינף גראַד 37 מינוט געאָגראַפישער בּרייט און 31 גראַד מיט 15 מינוט געאָגראַפישער לענג. אינעם דאָזיקן טאָג האָט זיך גלענאַרוואַן דערוווּסט איינע א היסטאָרישע דעטאַל, וואָס די מערהײַט געבּילדעטע מענטשן קערן נאָך וועגן דעם ניט וויסן בּיז צום הײַנטיקן טאָג. פּאַגאַנעל האָט דערציילט די געשיכטע, ווי אַזוי אַמעריקע איז אַנטדעקט געוואָרן. בּעשאַס ער האָט דערציילט וועגן די גרויסע יאַם־רײַזנדער, וואָס אין זייער מאַרשרוט איז איצטער געשווּמען די יאַכט־שיף, האָט ער אין איינ גאַנג צוגעגעבּן, אַז כריסטאָפאָר קאָלומבּוס איז געשטאָרבּן און האָט בּיזן טויט ניט געוווּסט וועגן דעם, אַז ער האָט אַנטדעקט די נײַע וועלט, און ער איז טאַקע אַזוי געשטאָרבּן ניט ווּסנדיק.

אַלע האָבן מיט גרויס אומצוטרוי אויסגעשריגן און גענומען פּראָטעסטירן קעגן אַזא נײַס, אָבּער פּאַגאַנעל האָט זיך געהאַלטן שטאָל און אײַזן:

— דאָס איז א פאַקט,— האָט ער געטײַנעט,— איך וויל מיט דעם ניט פאַרמינערן קאָלומבּוסעס רום, אָבּער דאָס איז, ווי איך האָבּ אײַך געזאָגט, אַן אומבּאַשטרײַטבּאַרער פאַקט. אין סאָף פונעם 15־טן יאָרהונדערט זײַנען אַלע גרויסע קעפּ געווען פאַרנומען מיט איין זאַך: וויִאַזוי צו פאַרגרינגערן דעם האַנדל־פאַרקער מיט אַזיע, וויִאַזוי אָפּצוזוכן א נײַעם וועג צו מיזרעך. מיט איין וואָרט, מע האָט געזוכט דעם סאַמע קירצסטן וועג צו דעם „געווירצנלאַנד“— צו אינדיע. דידאָזיקע אויפגאַבּע האָט אויך קאָלומבּוס פאַר זיך געשטעלט. ער האָט דורכגעמאַכט פיר רײַזעס און איז אָנגעקומען צו די בּרעגן פון קומאַנע, האָנדוראַסע, צום מאָסקיטישן בּרעג, צו ניקאַראַגוא, וועראַגוא, קאָסטאַ־ריקי און פּאַנאַמע. די אַלע בּרעגן, האָט ער גערעכנט, געהערן צו יאַפּאָניע און כינע, און בּיזן סאָף פון זײַן לעבּן איז אים ניט אײַנגעפאַלן, אַז ס'עקזיסטירט דערדאָזיקער גרויסער קאָנטינענט, וועלכן ער האָט אַליין אַנטדעקט, און ער איז טאַקע אַזוי געשטאָרבּן ניט ווּסנדיק.

— איך וויל אײַך זייער גערן גלויבּן, טײַערער פּאַגאַנעל,— האָט זיך גלע־

נארוואנ אָנגערופנ,— אָבער דאָכ בינ איכ אויסער זיכ פונ איבעראשונג. זאָגט מיר כאָטש, האָט ווער, אויב אזוי, פונ די יאַמ־רײַזנדער דערזענ קאָלומבוסעס טאָעס?

— זײַנע נאָכפאָלגער: אָכעדע, וואָס האָט אימ באגלייט אינ זײַנע רײַזעס; ווינסענט פינסאָנ, אמעריגאָ וועספוטשי, מענדאָסע, באסטידאס, קאראבאל, סאָליס, באלבאָא. דידאָזיקע יאַמ־רײַזנדער זײַנענ דורכגעגאנגענ לענגויס די מיזרעכדיקע אמעריקע־ברעגנ פונ צאָפנ צו דאָרעמ, זיי זײַנענ ארײַנגעצויגנ געוואָרנ פונקט דורכ דעמזעלבנ שטראָמ, וואָס פירט, נאָכ אנ איבערײַס פונ 360 יאָר, אויכ אונדז! איר דארפט וויסנ זײַנ, מײַנע פרײַנט, אז מיר האָבנ איבערגעהאקט דעמ עקוואטער אינ יענעמ זעלבנ אָרט, ווו ווינסענט פינסאָנ האָט אימ איבערגעהאקט אינעמ לעצטנ יאָר פונעמ 15־טנ יאָרהונדערט, אונ איצט דערנעענטערנ מיר זיכ צומ 8־טנ גראד דאָרעמדיקער ברייט. אפ אָט דעמ גראד איז ער צוגעשטיגנ צו די ברעגנ פונ בראזיליע. אינ א יאָר ארומ האָט קאראבאל דער פאָרטוגעזער זיכ פארקליבנ נאָכ ווײַטער — ביז צומ איצטיקנ פאָרט סעגור, דערנאָכ האָט וועספוטשי אינ 1502־טנ יאָר, אינ דער צײַט פונ זײַנ דריטער עקספעדיציע, זיכ אראָפּגעלאָזט נאָכ דאָרעמדיקער. אינ 1508־טנ יאָר האָבנ ווינסענט פינסאָנ מיט סאָליס זיכ פאראייניקט, קעדיי צוזאמענ אויסצופאָרשנ די ברעגנ פונעמ נײַעמ קאָנטינענט. אינ 1514־טנ יאָר האָט סאָליס אנטדעקט די לא־פלאטער לעפצונג, אונ די אָרטגעבוירטיקע האָבנ אימ אופגעגעסנ. אזוי, אז די רומ פאר דעמ ערשטנ אנטדעקער פונעמ א קאָנטינענט האָט ער איבערגעלאָזט פאר מאגעלאנענ. דערדאָזיקער בארימטער יאַמ־גייער האָט אינ 1519־טנ יאָר זיכ אוועקגעלאָזט אינ דער שפיצ פונ א פינפ־שיפנדיקער עקספעדיציע, ער איז דורכגעגאנגענ לענגויס די ברעגנ פונ פאטאגאָניע, ער האָט אנטדעקט דעמ האפנ פונ גוטנ פארלאנג, דעמ האפנ פונעמ הייליקנ יוליאַנ, אפנ 52־טנ גראד געאָגראפישער ברייט האָט ער אנטדעקט דעמ דורכגוס פונ די 11 טויזנט מיידנ, וועלכער האָט דערנאָכדעמ געדארפט איבערנעמענ זײַנ נאָמענ אונ, ענדלעכ, האָט ער דעמ 28־טנ נאָיאבער 1520־טנ יאָר זיכ דערזענ אינעמ שטילנ אָקעאנ. איכ שטעל זיכ פאָר, ווי דאָס הארצ האָט געקערט אָנהייבנ קלאפנ בא דעמדאָזיקנ גרויסנ מאנ, וויפל פרייד ער האָט געקערט איבערלעבנ, דערזעענדיק פאר זיכ דעמ נײַעמ יאמ, וואָס האָט געגומענ גלאנצנ אפנ האָריזאָנט אונטער די זוניקע שטראלנ.

— אכ, הער פאגאנעל,— האָט ראָבערט אויסגעשריגנ מיט גרויס פארכאפונג פונ פאגאנעלס דערציילונג,— איר ווייסט, מיר וואָלט זיכ זייער וועלנ זײַנ אינ יענער צײַט.

— מיר וואָלט זיכ אויכ דאָסזעלבע געוואָלט, מײַנ ליב יינגל. איכ וואָלט ניט דורכגעלאָזט דידאָזיקע געלעגנהײַט, ווענ איכ זאָל געווענ האָבנ דאָס גליק צו געבוירנ ווערנ מיט פיריאָרהונדערטנ צוריק.

— אונ איכ בינ גליקלעכ, וואָס איכ בינ געבוירנ געוואָרנ אינ אונדזער צײַט! — האָט זיכ מיסיס עלענ אָנגערופנ,— ווארומ אויב ניט, וואָלטנ מיר ניט

געהאט בא זיך אפ דער פאלובע אזא מין גאסט און מיר וואָלטן זיך עפשער קיינמאָל ניט דערוווּסט וועגן דערדאָזיקער געשיכטע.

— וואָלט עס אײַך זיכער דערציילט א צווייטער צעטראָגענער געאָגראַף. און ער וואָלט אײַך נאָך מיסטאם בעייסמײַסע צוגעגעבן, אז די אויספאָרשונג פון דער מײַרעוודיקער בײַבערעגיקײַט אפן קאָנטינענט האָבן דורכגעמאכט די ברידער פיזאראָ. דידאָזיקע געוואגטע אוואנטיוריסטן האָבן דאָ געגרינדעט אסאך שטעט. קוסקאָ, קוויטאָ, לימא, סאנט־יאגאָ, ווילא־ריקא, וואל־פארײַזאָ און קאָנסעפּסיאָן, וווּהין „דונקאנ״ לאָזט זיך איצט — דידאָזיקע אלע שטעט האָבן זיי געגרינדעט. פיזאראָס און מאגעלאנס אנטדעקונגען האָבן געגעבן די מעג־לעכקײַט ארופצוטראָגן אפ דער מאפּע די לעפּערעכדיקע קאָנטורן פונעם נײַעם קאָנטינענט, מיט וואָס זיי האָבן פארשאפט גרויס פרייד די געלערנטע פון דער אלטער וועלט.

— אָ, ווען איך בין אפ זייער אָרט, וואָלט איך זיך מיט דעם ניט באַנוגנט, — האָט זיך ראָבערט אָנגערופן.

— פארוואָס איז? — האָט מערי א פרעג געטאָן, און ווי א מוטער אָנגעקוקט דעם יינגערן ברודער אירן, בא וועמענס די אויגלעך האָבן זיך אזוי צעברענט, אויסהערנדיק דידאָזיקע אלע געשיכטעס.

— יאָ, יאָ, זאָג, מײַן יינגל, פארוואָס? — האָט אויך גלענארוואַן א פרעג געטאָן און זיך צעשמייכלט צו ראָבערטן.

— דערפאר, ווײַל איך וואָלט זיך ניט באַרויִקט אזוי לאנג, ביז איך וואָלט ניט אָפּגעזוכט דאָס, וואָס סע טוט זיך דאָרעמדיקער פונעם מאגעלאנער דורכגוס!

— בראַוואָ, מײַן ליב יינגל! — האָט פאגאנעל אויסגערופן. — איך אפ דײַן אָרט וואָלט זיך אויך באמיט צו דערוויסן, עפשער געפינען זיך אינדערווײַט נאָך וואָסערע ניט איז ערדן, אָדער דער יאם ציט זיך ביזן סאמע פּאָל. איך צווייפל גאָרניט, אז ווען ראָבערט גראנט און זשאק פאגאנעל וואָלטן געלעבט אינעם 17־טן יאָרהונדערט, וואָלטן זיי, געוויס, מיטגעפאָרן מיט וואנ־סכאָוטענען און מיט לעמערן, מיט די צוויי האָלענדער, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאר א ציל צו לייזן דידאָזיקע געאָגראפישע רעטעניש.

— דאָס זײַנען געווען געלערנטע? — האָט עלען א פרעג געטאָן.

— ניין, דאָס זײַנען פּאָשעטע געווען געוואגטע האנדלס־לײַט, וואָס האָבן זיך זייער ווינציק פארנומען מיט דער וויסנשאפטלעכער באדײַטונג פון די אנטדעקונגען. דאן האָט עקזיסטירט די האָלענדישע אָסט־אינדישע געזעלשאפט, וואָס נאָר זי אליין האָט געהאט די פּריווילעגיעס אפן גאנצן האנדל, וואָס זי האָט געפירט אינעם מאגעלאנער דורכגוס. און אזויווי קיין אנדער יאמישער האנדלס־וועג קיין אזיע איז איבער מײַרעוו ניט געווען באוווּסט, האָט דידאָזיקע פּריווילעגיע פון דער אָסט־אינדישער געזעלשאפט שטארק געשטערט דער האנדלס־פרײַהײַט. דערום האָבן אייניקע האנדלס־לײַט באשלאָסן צו קעמפן מיט דער־דאָזיקער מאָנאָפּאָליע דורך דעם, וואָס זיי האָבן זיך געפּרוּווט צוזוכן א

צווייטנ דורכגוס. צווישנ דידאָזיקע לײַט איז געווענ איינער מיטנ נאָמענ איסאַק לעמער, זייער א קלוגער און געבילדעטער פאַרשוינ. האָט ער אַפ זײַנ אייגענעם כעזשבנ אָרגאַניזירט אַנ עקספעדיציע, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט זײַנ פלימעניק יאַקאָוו לעמער פונ דער שטאָט האָרנ און דער אויסגעצייכנטער יאַם־מענטש וואַנ־סכאָוטענ. די דרײַסטע יאַם־לײַט זײַנענ אָפגעשווומענ פונ האָלאַנד אינ יונ 1615־טנ יאָר, אינ הונדערט יאָר אַרום נאָכ מאַגעלאַנענ. זיי האָבנ אַנטדעקט צווישנ אָגניעגאַניא זעמליא (פײַערדיקע ערד) און צווישנ דער ערד פונ די שטאַטנ דעם לעמער־דורכגוס, און דעם 12־טנ פעווראַל 1616־טנ יאָר האָבנ זיי אַרומגעבויגנ דעם באַרימטנ קאַפ האָרנ, וואָס פאַרדינט מער פונ זײַנ ברודער — דעם קאַפ גוטער פאַרלאַנג — דעם נאָמענ שטורעם־קאַפ.

— אַכ, מײַנע פרײַנט, — האָט זשאַק פאַגאַנעל נאָכ א קורצ שווײַגנ פונסנײַ אויסגערופנ, — דער אויספאָרשער פונ נײַע ערדנ איז פונקט ווי דער דערפינדער! ער לעבט איבער דיזעלביקע פרייד; ער פילט עס און לעבט עס איבער מיט דערזעלביקער שאַרפקײַט. אָבער, צום באַדויערנ, האָבנ אינ אונדזערע צײַטנ זיכ אָנגעהויבנ אויסלאָזנ און אויסליידיקנ די גרובנס פונ די אַנטדעקונגענ... די מענטשנ האָבנ שוינ אַלצ געזענ, אַלצ באַשריבנ, און מיר, געאָגראַפנ, וואָס זײַנענ געבוירנ געוואָרנ צום סאָפ, זײַנענ פאַרורטיילט אַפ אַבסאָליוטער ליידיקגייערשאַפט!

— ניט ריכטיק, טײַערער פאַגאַנעל! — האָט גלענאַרוואַנ דערווידערט.

— טאָ וואָס־זשע בלײַבט אונדז צו טאָנ?

— דאָס, וואָס מיר טוענ!

„דונקאַנ" האָט דערווײַל מיט א גוואַלדיקער שנעלקײַט זיכ געלאָזט איבערנ וועג, וואָס וועספוטשי מיט מאַגעלאַנענ האָבנ דורכגעמאַכט. דעם 15־טנ סענטיאַבער האָט די יאַכט־שיפ איבערגעהאַקט דעם טראָפיק קאָזעראָגא און האָט גענומענ דעם קורס צום אַרײַנגאַנג פונעם באַרימטנ דורכגוס. באַטאָג האָט מענ שוינ דאָ געקענט באַמערקנ אַפנ האָריזאָנט א שמאָל פאַסיקל — דאָס זײַנענ געווענ די ברעגנ פונ פאַטאַגאָניע. די יאַכט־שיפ איז געגאַנגענ אַנ ערעכ צענ מײַל פונ ברעג, און אַז אַזוי מינ מעהאַלעכ האָט אַפילע די אויסגעצייכנטע קוק־רער, וואָס זשאַק פאַגאַנעל פאַרמאָגט, ניט געקענט געבנ דעם באַלעבאָס אירנ קיינ איבעריקע פאָרשטעלונג וועגנ דערדאָזיקער אַמעריקאַנער בײַברעגיקײַט.

דעם 25־טנ סענטיאַבער האָט זיכ שוינ „דונקאַנ" געפונענ באַם אַרײַנגאַנג צום מאַגעלאַנער דורכגוס. דזשאָנ מאַנגלס האָט אָנ שום קווענקלעניש אַרײַנגעפירט אַהינ די יאַכט־שיפ. דעמדאָזיקנ וועג קלײַבנ זיכ אָפט אויס די דאַמפערס, וואָס לאָזנ זיכ פונעם אַטלאַנטישנ צום שטילנ אָקעאַנ. די פינקטלעכע לענג פונעם דאָזיקנ דורכגוס באַטרעפט 376 מײַל. ער איז צוגענגלעכ אַפילע פאַר גרויסע שיפנ, איבער זײַנ גאַנצער גרייס האַלטנ זיכ אַפנ גרונט אַפ זײַנעם זייער גוט די אַנקערס. די פילצאָליקע באַסייענ מיט זיס וואַסער,

די פֿיש־רײַכע טײַכן, די צוואַנציק באַקוועמע געפֿאַרלאָזע אַנקער־אָפּשטעל־פּונקטן,—דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען ציט צו צו זיך דעם יאַם־גייער אַסאַך בעסער, ווי דער געפֿערלעכער דורכגוס לעמער, מיט די שרעקלעכע פֿעלדזנ פֿונעם קאַפּ האָרן און מיט זײַנע אומאויפֿהערלעכע שטורעמס און געוויטערס.

אין מעשעך פֿון די ערשטע שעה שווימען איבערן מאַגעלאַנער דורכגוס, דאָס הייסט, אַף אַ מעהאַלעך פֿון וואַסערע 60 — 80 מײַל, זײַנען די ברעגזײַנע געווען נידערפֿלאַכיק און זאַמדיק.

זשאַק פּאַגאַנעל האָט ניט גע[illegible] אָפּרײַסן דעם בליק זײַנעם פֿון דער יאַבאָשע, ער האָט זיך דאָרט [illegible]עקוקט אין יעדן שטיינדעלע. דער איבערגאַנג האָט געדאַרפֿט געדוי[illegible] מער ווי 36 שעה, און די באַוועגלעכע פּאַנאָראַמע מיט די באַליכטענע בו[illegible] אונטער דער פּרעכטיקער דאָרעמדיקער זון האָבן, אָן שום סאָפּעק, באַרעכטיקט דעם געלערנטנס צעטומלטע היספּײַעס. מע האָט דאָרטן ניט באַמערקט קיין איין מענטשן אויפֿן צאָפֿנדיקן ברעג פֿונעם דורכגוס. בלויז עטלעכע קלאָגעדיקע, אויסגעהונגערטע ווילדע מענטשן האָבן אומגעפּלאָנקעט איבער די הוילע פֿעלדזן פֿון „אָגניענאַיאַ זעמליאַ".

פּאַגאַנעל האָט זיך זייער געערגערט, וואָס די פּאַטאַגאָנער ווײַזן זיך נאָך אַלץ ניט, האָט ער די גאַנצע צײַט געהאַלטן אין איין בורטשען און פֿאַרוויילן מיט דעם זײַנע מיטרײַזנדער.

— וואָס־זשע איז עס פֿאַר אַ מין פּאַטאַגאָניע, אַז מע באַגעגנט דאָ ניט קיין איין פּאַטאַגאָנער? — האָט ער געטײַנעט.

— געדולד, טײַערער געאָגראַף,— האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפֿערט.— אינגיכן וועט איר דערזען פּאַטאַגאָנער אויך.

— ניין, איך הער שוין אויף אין דערינען צו גלויבן.

— און דאָך עקזיסטירן זיי,— האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופֿן.

— איך וואָלט עפּשער געגלייבט אין דעריינען, ווען איך זע זיי.

אין אָט דער צײַט האָט „דונקאַן" אַרומגעבויגן דעם האַלב־אינדזל בּרונסוויק. פֿון ביידע זײַטן יאַכט־שיף האָט זיך צעוויקלט אַ גרויסאַרטיקע פּאַנאָראַמע. אַן ערעך 70 מײַל פֿונעם קאַפּ גרעגאָרי האָט די יאַכטע איבערגעלאָזט הינטער שטויער־באָרט די טורמע פּונטאַ־אַרענע. די טשילער פֿאָן און דער שפּיץ פֿונעם קלויסטער־טורעם האָבן אַ שווינדל געטאָן צווישן די ביימער און זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. דער דורכגוס האָט זיך איצט געשלענגלט צווישן סאָלידע גראַניטענע מאַסיוון. די בערג־צופֿוסנס זײַנען געווען פֿאַרדעקט אין דער געדיכטעניש פֿון די טיפֿע וועלדער, און די שפּיצן בערג, וואָס זײַנען געווען באַדעקט מיט קרוינענ פֿונעם אייביקן שניי, זײַנען געווען אַרומגעהילט מיט וואָלקן־שלייערס. צו דאָרעם־מיזרעך האָט זיך אויפֿ זעקס מיט אַ האַלבן טויזנט פֿוס אויפֿגעהויבן דער שפּיץ פֿונעם באַרג טאַרן.

נאָך אַ דויערנדיקער דעמערונג איז אָנגעקומען די נאַכט, די טאָג־שײַן האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעוועפּט, באַפֿאַרבנדיק די געגנט מיט בלייכלעכע האַלב־קאָלירן. דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט בלישטשענדיקע שטערן, דער העלישער

געשטירן פונעם דאָרעמדיקן קרייַץ האָט אָנגעוויזן די ריכטונג פונעם דאָרעמדיקן פּאָל.

צווישן דערדאָזיקער באַלויכטענער פינצטערניש בא דער שייַן פון די שטערן, וואָס פאַרבייַטן דאָ די לייַכט־טורעמס פון די ציוויליזירטע לענדער, האָט די יאַכט־שיף דרייַסט פאָרגעזעצט דעם וועג אירן; זי האָט זיך ניט געוואָלט באַנוצן מיט דער מעגלעכקייַט איבערצוּוואַרטן די נאַכט לעם איינעם פון די באַקוועמע אַנקערדיקע אָפּשטעל־פונקטן, מיט וועלכע דער מאַגעלאַנער דורכגוס איז אַזוי רייַך. אָפט האָבן די שפּיצן פון אירע מאַסטבּיימער זיך אָנגערירט אין די צווייַגן פון די אַנטאַרקטישע בוקן־ביימער, וואָס בייגן זיך אַריבער איבער דעם וואַסער פון די הויכע ברעגן אַראָפּ. אָפט האָט דער שרויף פון דער יאַכט־שיף געררודערט די רויִקע וואַסערן פון די גרויסע טייַך־לעפצונגען, אויפוועקנדיק בעייסמייַסע די ענטלעך, די גענדז מיט די שנעפּן, ווי אויך די איבעריקע באַפליגלטע באַפעלקערונג פון דידאָזיקע ערטער. אומדערוואַרט פלעגן פון דער פינצטערניש אַרויסטרעטן די אומקלאָרע סילועטן פון שטיינערנע מאַסיוון, וואָס האָבן דאָ געמאַכט אַ גרויסאַרטיקן אייַנדרוק. דאָס זייַנען געווען די טרויעריקע רויִנען פון אַ פאַרלאָזטער קאָלאָניע. „דונקאַן" איז דורכגעגאַנגען פאַרבייַ דעם הונגער־האַפן.

אין 1581־טן יאָר האָט דער שפּאַניער סאַרמיִענטאָ זיך דאָ באַזעצט מיט 400 עמיגראַנטן. די אייַנוואַנדערער האָבן דאָ גענומען בויען די שטאָט סאַנפעליפּע, אָבער דער אומדערבאַרעמדיקער ווינטער האָט צעטריבן די קאָלאָניע, און די אומגערעטעניש און דער הונגער האָבן דערשלאָגן די איבעריקע, ווען די קעלט האָט נאָך איבערגעלאָזט. קאָרסאַר קעווענדיש, וואָס האָט באַזוכט די קאָלאָניע אין 1587־טן יאָר, האָט דאָ געטראָפן דעם לעצטן מענטשן פון די 400 אומגליקלעכע עמיגראַנטן, וואָס איז אויך אויסגעגאַנגען פון הונגער לעם די כורוועס פון דער שטאָט. דידאָזיקע שטאָט האָט עקזיסטירט אינגאַנצן זעקס יאָר און געהאַט אַן אויסזען, ווי זי וואָלט אַלט געווען 600.

פאַרטאָג האָט זיך „דונקאַן" שוין געפונען אין דעם שמאָלן טייל פונעם דורכגוס. פון ביידע זייַטן האָבן זיך איבערן וואַסער געשטופּט איינס צום אַנדערן די בוקן־ביימער, די העשעס און די בערעזעס. פון דער געדיכטעניש האָבן זיך געהויבן צום הימל־צו די גרינע בערג־קופּאָלן, וואָס זייַנען באַדעקט מיט געדיכטע פלאַנצן פון שפּיץ־העשעס.

„דונקאַן" איז דורכגעגאַנגען פאַרבייַ דער עפענונג פון דער בוכטע „דער הייליקער ניקאָלייַ". אַמאָל האָט זי בוגענוויל אָנגערופן „די פראַנצויזן־בוכטע". פונדערווייַטנס האָט מען געזען גאַנצע טשערעדעס יאַם־הינט און וואַלפיש, וואָס האָבן געשטיפט אין דעם וואַסער. זיי זייַנען, קענטיק, געווען זייער פון גרויסן וווקס, ווייַל [illegible] פאָנטאַנען, וואָס האָבן בא זיי געשפּריצט פון די פּיסקעס, האָט מען [illegible] זען אָפּ אַ מעהאַלעך פון וואָסערע פיר מייַל.

ענדלעך איז ער אַרו[illegible] דעם קאַפּ פראָוואָרד, וואָס האָט נאָך געשטשרעט זיך מיט די [illegible] שיקער, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן. אָפּן

דאָרעמדיקן בּרעג פונעם דורכגוס האָט זיך אָפּ „אַגניענאיא זעמליא" געהויכט דער באַרג סאַרמיִענטאָ — אַ ריזיקע אַנגעהויפנטקייט פון פעלדזן, וואָס הויכט זיך אָפּ זעקס טויזנט פוס איבערן יאַם־אויבערפלאַך.

דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט ענדיקט זיך פּונקט מיטן קאַפּ פראָוואַרד, וואָרום דער קאַפּ האָרן איז ניט מער, ווי אַן איינזאַם־פאַרלאָרענער פעלדז אין יאַם, וואָס געפינט זיך אַפן 56־טן גראַד פון דער דאָרעמדיקער ברייט.

מיזרעכדיקער פונעם קאַפּ פראָוואַרד האַלט זיך דער דורכגוס אַלץ אין איין פאַרשמאָלן. דאָ גייט ער דורך צווישן דעם האַלבּ־אינדזל בּרונסוויק מיט דער פאַרצווייפלונג־ערד — אַן אינדזל, וואָס איז אויסגעצויגן אינדערלענג און איז ענלעך אַפּ אַ גרויסער לײַבּ־שטיק פון אַ קאָלאָסאַלן וואַלפיש, וואָס די כוואַליעס האָבּן אַרויסגעוואָרפן אַפן שטיינערדיקן בּרעג.

דאָ האָבּן, אַנשטאָט די פּרוכטבּאַרע גרינע בּרעגן, פון בּיידע זײַטן בּאַלאַגערט די יאַכט־שיף פּרוכטלאָזע, ווילדע, איינס אַפן צווייטן זיך אָנהויפנדיקע פעלדזן, וואָס זײַנען דורכויס באַזייט מיט הייל'ן, וועלכע בּילדן אויס אומענד־לעכע לאַבּירינטן.

„דונקאַן" האָט ניט פאַרפאַמעלעכט דעם גאַנג זײַנעם און מיט דער פולער זיכערקײַט זיך אויסגעקליבּן זײַן וועג צווישן די אויסגעשלענגלטע בּרעגן. די קנוילן רויך פונעם שיף־קוימען האָבּן זיך אויסגעמישט מיט די שטיקער צעריסענע וואָלקנס, וואָס דרייען זיך אַרום איבּער די פעלדזן. ניט אָפּשטעלנדיק זיך, איז די יאַכט־שיף דורכגעגאַנגען פאַרבּײַ עטלעכע שפּאַנישע פאַקטאָריעס. בּאַם קאַפּ טאַמאַר האָט זיך דער דורכגוס ווײַטער פאַרבּרייטערט, די יאַכט־שיף האָט אַרומגעבּויגן דעם פעלדזיקן אינדזל נאַר־בּאָראָ און איז אָוועקגעשוווּמען לענגויס זײַן דאָרעמדיקן בּרעג.

ענדלעך, נאָך 36 שאָ שווימען איבּערן דורכגוס, האָט זיך בּאַוויזן דער פעלדז פונעם קאַפּ פּילאַר אַפן עק פון דער פאַרצווייפלונג־ערד, און די אומענדלעכע ראַכוועסן פונעם אָקעאַן האָבּן זיך פאַנאַנדערגעעפנט פאַרן פאָרנט־טײַל פון דער יאַכט־שיף.

זשאַק פּאַגאַנעל האָט מיט גרויס איבּעראַשונג בּאַגריסט דעם נײַעם יאַם. קען זײַן, אַז ער איז איצט געווען איבּעראַשט ניט ווינציקער, ווי פערדינאַנד מאַגעלאַן אין יענעם מאָמענט, ווען זײַן „טרינידאַד" האָט זיך גענומען וויגן איבּער די כוואַליעס פונעם שטילן אָקעאַן.

## צענטע קאַפּיטל

# 37־טע פּאַראַלעל

אין אַכט טעג אַרום נאָך דעם, ווי דער קאַפּ פּילאַר איז געבּליבּן הינטער די פּלייצעס, האָט „דונקאַן" זיך געטראָגן מיטן פולן דאַמף צו דער בּוכטע טאַל־קאַגואַנאָ, צום פּרעכטיקן נאַטירלעכן האַפן, וואָס האַלט צוועלף מײַל פון די

לענג, און נײַן — די ברייט. דער וועטער איז געווען, אַן אויסגעצייכנטער. פון נאָיאַבער ביז מאַרט כּוידעש לאָזט ניט אַרופ דער הימל פון דעמדאָזיקן לאַנד קיין איין וואָלקנדל אַפ זיך. און דער דאָרעמדיקער ווינט בלאָזט אָן אופהער איבערן גאַנצן בײַבערעג־פּאַס, וואָס איז פון דער יאַם־זײַט באַשיצט מיטן באַרג־רוקן אַנד. דזשאָן מאַנגלס איז, לויט גלענאַרוואַנס אָנווײַזונג, די גאַנצע צײַט געגאַנגען לעם די סאַמע ברעגן פון דעם אַרכיפּעלאַג טשילאָע, לעם אָט דידאָזיקע אָנצאָליקע ברוכשטיקער פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ווען ס'וואָלט זיך אײַנגעגעבן צו באַמערקן כאָטש וועלכע ס'איז שפּורן פון אַ שיף־קאַטאַסטראָפע, מעג עס זײַן אַ צעבראָכענער ראַנגאָוט, אָדער גלאַט אַ שטיקל האָלץ, וואָס איז ווען עס איז באַאַרבעט געוואָרן דורך אַ מענטשלעכער האַנט, וואָלט די עקספּעדיציע גלײַך אין דערזעלבער רעגע צוגעטראָטן צו זוכן די קאַטאַסטראָפע־געליטענע. אָבער זיי האָבן דאָ קיין שום זאַך פון דעם אַרט ניט באַגעגנט, אַזוי, אַז „דונקאַן" איז זיך געגאַנגען איר וועג און אין 42 טעג אַרום נאָך איר אַרויסגיין פונעם נעפּלדיקן קלײַד האָט זי פאַרוואָרפן דעם אַנקער לעם דעם האַפן טאַלקאַגואַנאָ.

גלענאַרוואַן האָט געהייסן מע זאָל אַראָפּלאָזן אַ שיפל און ער איז צוזאַמען מיט פּאַגאַנעלן אויסגעשטיגן לעם דער עסטאַקאַדע. דער געלערנטער געאָגראַפ האָט דאָ געוואָלט אָנווענדן זײַנע קענטענישן אַפ שפּאַניש, ער האָט דאָך אַפ דעם אויסגעגעבן אַזויפיל מי. אָבער ווי פאַרוווּנדערט איז ער געווען, ווען ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז קיין איינער פון די אָרטיקע אײַנוווינער פאַרשטייט ניט קיין איין וואָרט זײַנס.

— קענטיק, אַז די אויסשפּראַך איז בא מיר אַ שלעכטע! — האָט זיך פּאַגאַנעל פאַרענטפערט.

אין דער טאַמאָזשנע האָט זיך זיי מיט דער הילף פון געציילטע ענגלישע ווערטער — בעיסמײַסע האָבן זיי נאָך, פאַרשטייט זיך, געמאַכט מיט די הענט אַפ אַלערליי או[illegible]ונים, — אײַנגעגעבן קלאָר צו מאַכן, אַז די רעזידענץ פונעם בריטאַנישן קאָ[illegible] געפינט זיך אין קאָנסעפּסיאָן. אַהין איז נאָך געווען אַ שאָ פאָרע[illegible] ג[illegible]אַן האָט באַלד געקריגן צוויי רײַט־פערד און אין זייער אַ קורצע[illegible] אַרום איז ער מיט פּאַגאַנעלן שוין אַרײַנגעפאָרן אינעם טויער פון דער גרויסער שטאָט, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אַדאַנק דעם אונטערנעמערישן זשעני פון וואַלדיוויאַן, דעם העלדישן קאָמפּאַניאָן פון פּיזאַראָ.

אָבער וואָס איז אין דערדאָזיקער שטאָט געבליבן פונעם אַמאָליקן פּראַכט!

אַ שטאָט, וואָס אַלעמאָל האָבן די אָרטגעבירטיקע לײַט באַפאַלן און באַרויבט; אַ שטאָט, וואָס איז אין 1819־טן יאָר אַפ האַלב פאַרניכטעט געוואָרן פון דער סרייפע; אַ שטאָט, וואָס ליגט האַלב אין כורוועס, און די ווענט זײַנען שוואַרץ געוואָרן פונעם פלאַם, — דידאָזיקע שטאָט האָט איצט קוים געציילט 8000 אײַנוווינער. אַפילע טאַלקאַגואַנאָ האָט זי שוין איצט איבערגע-

וואקסן. די אײַנוווינער לעבן דאָ אזא מין פויל לעבן, אז די גאסן זײַנען אזש באוואקסן געוואָרן מיט גראָז און זײַנען פארוואנדלט געוואָרן אין לאָנקעס. קיין שום האנדל, אפילע קיין שפור פון א געשעפטלעך לעבן איז דאָ ניט צו באמערקן! פון יעדן באלקאָן דערטראָגן זיך אהערצו מאנדאלינע־קלאַנגען, דורך די אראָפגעלאָזטע שטאָרן הערט מען פארשלעפערנדיקע געזאנגען. קאָנסעפּסיאָן, די אלטע שטאָט פון העלדן איז פארוואנדלט געוואָרן אין א דאָרף, וואָס מע קען מיינען, אז ס'איז באוווינט בלויז פון פרויען און פון קינדער!..

גלענארוואן האָט ניט ארויסגעוויזן דעם מינדסטן פארלאנג צו דערגיין, פארוואָס די שטאָט לעבט איבער אזא מין יערידע, ניט געקוקט דערויף, וואָס פאגאנעל האָט זיך יאָ געפרוווט צו פארפירן א שמועס אף דערדאָזיקער טעמע. גלענארוואן האָט ניט געזאמט קיין איין רעגע, ער איז גלײַך אוועק צום מיסטער בענטאָקן, צום בריטאנישן קאָנסול אהיים.

דער קאָנסול האָט זיי אופגענומען זייער ליבלעך, און ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט די געשיכטע פונעם קאפיטאן גראנט, האָט ער פאראָרדנט זײַנע לײַט, אז זיי זאָלן אופקלײַבן יעדיעס וועגן אים.

אף דער פראגע וועגן דעם, צי האָט זיך דאָ „בריטאניע" אָפגעשטעלט אף דער 37־טער פאראלעל בא די טשילער אָדער אראוקאנישע ברעגן, האָט ער געענטפערט נעגאטיוו. קיין שום יעדיעס האָבן וועגן דעם גיט באקומען ניט דער בריטאנישער קאָנסולאט און ניט די קאָנסולאטן פון די איבעריקע לענדער.

ווי נאָר זיי זײַנען געקומען צוריק אף דער שיף, אזוי האָט גלענארוואן גלײַך אינפאָרמירט זײַנע פרײַנט וועגן די אומגינסטיקע רעזולטאטן פון זייערע באמיִונגען, און מערי גראנט מיטן ברודערל מיט אירן זײַנען ניט געווען אימשטאנד צו פארבאהאלטן זייער פארצווייפלונג.

פאָרגעקומען איז עס אין זעקס טעג ארום נאָך דעם, ווי „דונקאן" איז אָנגעקומען קיין טאלקאוגאנא. אלע פאסאזשירן האָבן זיך צונויפגעקליבן אין סאלאָן אריין. עלען האָט זיך געפרוווט ווי עס איז צו טרייסטן דעם קאפיטאן גראנטס קינדער.

פאגאנעל האָט פונסנײַ ארויסגעשלעפּט די דאָקומענטן און מיט א דאָפּלטער אופמערקזאמקײַט זיך אין זיי פארטיפט. אים האָט זיך געוואָלט ארויסבאקומען פונדאָרטן וואָסערע ניט איז נײַע, ביז איצט אומבאוווּסטע אָנווײַזונגען. א שאָ נאָכאנאנד איז ער אזוי געזעסן און האָט באקוקט די דאָקומענטן פון אלע זײַטן. ער וואָלט עפשער געווען געזעסן אזוי נאָך לענגער, נאָר גלענארוואן האָט אים איבערגעריסן דאָס טראכטן זײַנס.

— פאגאנעל,— האָט ער זיך אָנגערופן,— איך ווענדע זיך איצטער צו אײַער קלוגשאפט און געלערנטקײַט. צי דען האָבן מיר ניט ריכטיק אויסגעטײַטשט די באַדײַטונג פון דידאָזיקע דאָקומענטן, צי דען אנטהאלטן אין זיך דידאָזיקע שורעס ניט דעם געדאנק, וועלכן מיר האָבן פון זיי ארויסבאקומען?

פאגאנעל האָט גאָרניט ניט געענטפערט.

— צי דען גרייזן מיר בענעגייע דעם אָרט, ווו די קאטאסטראָפע איז פאָרגעקומען? — האָט גלענארוואן אלץ געהאלטן אין איין טײַנען.— צי דען ווארפט זיך ניט גלײַך אין די אויגן ארײַן דאָס וואָרט פאטאגאָניע יעדערן, ווער ס'האָט נאָר א שטיקל געדאנק אין קאָפּ?

פאגאנעל האָט אלץ גאָרניט ניט געענטפערט.

— הײַנט ווידעראמאָל דאָס וואָרט „אינדי", וועלכס מיר נעמען אָן פארן אָנהייב פונעם וואָרט „אינדיען", דאָס הייסט, אינדיאַנער, באשטעטיקט עס דען ניט אונדזער האשאָרע?

— אומבאדינגט, — האָט זיך מאק־נאבס אָנגערופן.

— אויב אזוי, איז שוין דען ניט קלאָר, אז די, וואָס האָבן געליטן די קאטאסטראָפע אין דעם מאָמענט, ווען דידאָזיקע דאָקומענטן האָבן זיך גע־שריבן, האָבן פון מינוט צו מינוט זיך געריכט, אז די אינדיאנער וועלן זיי נעמען אין געפענקעניש?

— ליבער מיסטער גלענארוואן! אָט דאָ טאקע וועט איר מיר דערלויבן איך זאָל אײַך איבערשלאָגן די רייד. — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן. — אויב אײַערע אויספירן ווײַזן זיך מיר אויס די גאנצע צײַט ביז גאָר ריכטיקע, איז אין דעמדאָזיקן פונקט בין איך מיט אײַך גראדע ניט אײַנשטימיק.

— וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן? — האָט עלען א פרעג געטאָן.

און אלע בליקן האָבן זיך אויסגעקערט צום געאָגראף.

— כ'וויל מיט דעם זאָגן. — האָט פאגאנעל פײַערלעך געענטפערט, — אז דער קאפיטאן גראנט איז שוין בא איצטיקער צײַט געפאנגען בא די אינדי־אנער, און דערבײַ דארף איך צוגעבן, אז די דאָקומענטן לאָזן אונדז ניט איבער קיין שום צווייפל וועגן דעם, וואָס איך האָב אײַך נאָרוואָס געזאָגט.

— טאָ דערקלערט־זשע עס אונדז, זײַט אזוי גוט! — האָט אים מערי גראנט גענומען בעטן.

— פארוואָס דען ניט, מיר איז זייער גרינג עס צוטאָן. אנשטאָט דעם מיר זאָלן לייענען: „זיי וועלן זיך פאקן אין געפענקעניש צו די אכזאָריעסדיקע אינדיאַנער", דארף מען לייענען: „זיך געפאקט אין געפענקעניש"... און דאן וועט שוין אלץ ווערן קלאָר.

— אָבער ווי איז דאָס דען מעגלעך? — האָט מיסטער גלענארוואן אויס־גערופן.

— פארוואָס זאָל עס דען ניט זײַן מעגלעך? — האָט פאגאנעל צוריק א פרעג געטאָן מיט א שמייכל.

— דערפאר, וואָס די פלאש האָבן זיי געקענט ארײַנוווארפן אין אָקעאן ארײַן בלויז אין דעם מאָמענט, ווען די שיף איז געפלויגן צו די פעלדזן. פונ־דאנען איז געדרונגען, אז די לענג און ברייט גראדוסן, וואָס זײַנען אָפגע־צייכנט אין די דאָקומענטן, זײַנען מעכוייעוו אָנצוווײַזן פונקט דאָס אָרט, ווו די קאטאסטראָפע איז פאָרגעקומען.

— ס'הייבט זיך גאָרניט אָן, קיין זאך דערווייַזט דאָ ניט די ריכטיקייַט פון דערדאָזיקער האשאָרע,— האָט פאגאנעל האסטיק דערווידערט.— פארוואָס זאָלן מיר ניט דערלאָזן אזא מין זאך, אז די, וואָס האָבן געליטן די קאטאסטראָפע, האָבן די אינדיאַנער אוועקגעפירט געפאנגענע טיף אין לאנד און ערשט פונדאָרטן האָבן זיך יענע געפרוווט געבן צוויסן דער וועלט וועגן זייער געפאנגענשאפט.

— ליבער פאגאנעל, דידאָזיקע האשאָרע אייַערע לייגט זיך ניט אפן געדאנק,— האָט מיסטער גלענארוואן א שמייכל געטאָן.— קעדיי אריינצוווארפן די פלאש אין אָקעאן אריַין, מוז מען זיך דאָך בעייסמייַסע געפינען אפן ברעג פון אָקעאן.

— אויב ניט, איז כאָטש צום ווינציקסטן אפן ברעג פון א טייַך, וואָס פאלט אריַין אין אָקעאן אריַין.— האָט דער געאָגראַט זיגעריש געענטפערט.

א טיפ שטילשווייַגן האָט געהערשט אין דער קאיוטע נאָך דעמדאָזיקן אומגעריכטן, אָבער דאָך סייכלדיקן און זייער ריכטיקן ענטפער. לויט דעם, ווי די אויגן האָבן זיך צעגלאנצט בא די צוהערער, האָט פאגאנעל פארשטאנען, אז טיף אין הארצן האָט זיך בא יעדערן אָנגעהויבן ווארעמען א גוטע האָפענונג.

ערשטער האָט די ערשטע איבערגעריסן די שטילקייַט.

— אָט דאָס איז טאקע א געדאנק! — האָט זי אויסגערופן.

— א געניאלער געדאנק! — האָט דער געאָגראַף נאַיִוו אונטערגעכאפט.

— הייסט עס... אז איר האלט... — האָט מיסטער גלענארוואן אָנגעהויבן.

— איך האלט, אז מע דארף אָנהייבן פון אָט דעם אָרט, ווו די 37־טע פאראלעל האקט איבער דעם אמעריקאנער קאָנטינענט אפן ברעג פונעם שטילן אָקעאן, און אזוי זאָלן מיר איבערהאקן דעם גאנצן קאָנטינענט און זיך ניט אָפּווענדן פון דערדאָזיקער פאראלעל אפילע אף קיין האלבן גראדוס אינערגעץ ניט, ביז יענעם זעלבן אָרט, ווו זי וועט דערגייַן צום ברעג פונעם אטלאנטישן אָקעאן. און אזוי ארום, פארהאָפ איך, וועלן מיר זיך אָנשטויסן אף די קאָרבאָנעס פון „בריטאניעס" קאטאסטראָפע.

— א שוואכע האָפענונג,— האָט דער מאיאָר באמערקט.

— ווי שוואך זי זאָל ניט זייַן,— האָט פאגאנעל מיט זיכערקייַט געענטפערט,— טאָר מען זי ניט אוועקמאכן מיט דער האנט. אויב מייַן האשאָרע וועט זיך בא־רעכטיקן, אז די פלאש האָט מען ווירקלעך אריַינגעוואָרפן ניט אין אָקעאן גופע, נאָר אין א טייַך, וואָס פאלט אין אים אריַין, וועלן מיר אומפארמייַדלעך מוזן ערגעץ באגעגענען די שפורן, ווו די געפאנגענע זייַנען דורכגעגאנגען. אָט נעמט אומיסטן און טוט א קוק אף דער מאפע פון דעמדאָזיקן לאנד, וועט איר באלד זען, ווי גערעכט איך בין.

בא דידאָזיקע ווערטער האָט פאגאנעל צעלייגט אפן טיש די מאפע פון טשילי און פון די ארגענטינישע פראָווינצן.

— אָט קוקט,— האָט ער פאָרגעזעצט,— לאָזט זיך גיין מיט מיר אין א

דאַזיקן שפּאַציר איבער דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אָט וועלן מיר איבערשפּאַנען איבערן שמאָלן פּאַטיקל טשילי, מיר וועלן בײַקומען די קאָרדיליערן און מירן אַראָפּנידערן אין די פּאַמפּאַסן אַרײַן. וויפל פולוואַסערדיקע און טיפע טײַכן עס באַוואַסערן דידאָזיקע ערטער! ריאָ־נעגראָ, ריאָ־קאָלאָראַדאָ, די צופלוסן זייערע האַקן איבער אין צענדליקער ערטער די 37־טע פּאַראַלעל, און יעדערער פון זיי איז געווען אימשטאַנד צוצושטעלן די פלאַש מיט די דאָקומענטן צום אָקעאַן. עס קען דאָך זייער זײַן, אַז דאָרטן אין אַן אינדיאַנישן לאַגער אַף די ברעגן פון אַ ווינציק־באַוווּסט טײַכל, ערגעץ צווישן די סיער־שפּאַלטן קוקן אַרויס אַף הילף יענע, וועמען מיר האָבן די פולע רעכט אָנצורופן אונדזערע פרײַנט! צי דען וועלן מיר ניט באַרעכטיקן זייערע האָפענונגען, צי דען זײַנט איר ניט אײַנשטימיק מיט מיר, אַז מיר זײַנען מעכויעוו איבערצוהאַקן דאָסדאָזיקע לאַנד אין דער גראַדער ליניע, וועלכע מײַן נאָגל האָט דאָ פאַר אײַך אָנגעצייכנט? און אויב מיר וועלן נאָך אַלע אונדזערע באַמיִונגען קיין זאַך ניט געפינען, דאַן וועלן מיר דאַרפן גיין לויט דער 37־טער פּאַראַלעל ביז צום סאָף, אַפילע אויב ס׳זאָל אונדז אויסקומען צוליב דעם דורכצומאַכן אַ רײַזע אַרום דער גאַנצער וועלט.

אָט דידאָזיקע הייסע און אופריכטיקע ווערטער דעם געאָגראַפס האָבן געמאַכט אַף אַלע צוהערער אַ גוואַלדיקן אײַנדרוק, אַלע זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער און מע האָט אים גענומען פון אַלע זײַטן דריקן די הענט.

— איך וויים, איך וויים! דער טאַטע אונדזערער געפינט זיך דאָרטן! — האָט ראָבערט גראַנט אויסגעשריגן און מאַמעש געפרעסן מיט די אויגן די מאַפּע.

— אומעטום, ווו ער זאָל זיך נאָר ניט געפינען, — ... מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — וועלן מיר אים אַף זיכער אָפזוכן! דער פאָרשלאַג, וואָס אונדזער ליבער פּאַגאַנעל האָט ערשט געמאַכט, איז זייער לאָגיש, און מיר דאַרפן אָן שום קווענקלענישן זיך אָוועקלאָזן אַף דעם וועג, וואָס ער האָט אונדז נאָרוואָס אָנגעוויזן! ס׳איז מעגלעך, אַז דער קאַפּיטאַן גראַנט זאָל זיך געפינען אין געפענקעניש בײַ אַ פילצאָליקן און שטאַרקן אינדיאַנישן שײַוועס, אָדער בײַ אַ וועלכן ניט איז אָפגעשוואַכטן און יאָרדישן שטאַם. אין לעצטן פאַל, וועלן מיר אים באַפרײַען מיט אונדזערע אייגענע קויכעס; אין ערשטן פאַל, וועלן מיר אָפּן מיזרעכדיקן ברעג פון אַמעריקע באַגעגענען אונדזער יאַכט־שיף. מיט איר וועלן מיר זיך אָוועקלאָזן קיין בוענאָס־אײַרעס, און דער מאַיאָר מאַק־נאַבס וועט דאָרטן אָרגאַניזירן אַן אָטריאַד, וואָס זאָל זײַן אימשטאַנד אָפצוהאַלטן אַ ניצאָכן איבער אַלע אינדיאַנער פון די אַרגענטינער פּראָווינצן.

— גוט, מע דאַרף גאָרניט בעסער, ליבער האַר! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגערופן. — איך וועל נאָך צוגעבן, אַז דער אַריבערגאַנג איבערן אַמעריקאַנער קאָנטינענט שטעלט ניט פאָר מיט זיך קיין שום געפאַר.

— ניט קיין געפאַר און ניט קיין איבעריקע שווועריקײַטן, — האָט פּאַגאַנעל

אונטערגעכאפּט.— פיל מענטשן האָבן אים שוין דורכגעמאכט, אזעלכע מענטשן, וואָס האָבן ניט פארמאָגט ניט די מאטעריעלע מיטלען, וואָס מיר פארמאָגן, ניט דעם איידעלן צוועק, וואָס האלט אונטער אונדזער ענטוזיאזם.

— הער פּאגאנעל! — האָט מערי גראנט אויסגערופן, נאָר איר קאָל האָט געציטערט,— ווי אזוי זאָלן מיר אייך באדאנקען פאר אייער גרייטקייט זיך לאָזן אפּ אלערליי געפארן נאָר צוליב דעם, קעדיי צו ראטעווען דעם פאָטער אונדזערן?

— געפארן? — האָט פּאגאנעל אויסגערופן.— ווער האָט עס דאָ דערמאנט דאָס וואָרט „געפאר"?

— ניט איך! — האָט ראָבערט גראנט געענטפערט און א בליץ געטאָן בעייס־מייסע מיט די אויגלעך.

— געפארן! — האָט פּאגאנעל זיך אלץ ניט געקענט בארויִקן.— פונוואנען ווילן זיך אהער נעמען די געפארן, אז זיי זיינען ניטאָ. דאָ האנדלט זיך דאָך ארום און ווענן א רייזע, וואָס פארנעמט קוים 350 ליע* — מיר ווילן גיין לויט א גראדער ליניע; סע האנדלט זיך ווענן א רייזע אונטער אזא ברייט, אפּ וועלכער סע געפינען זיך אינעם צאָפנדיקן האלב־קיילעך שפּאניע, סיציליע, גריכנלאנד; ווענן א רייזע, וואָס פארמאָגט אידעאלע קלימאטישע באַדינגונגען; ווענן א רייזע, וואָס קען זיך פארציִען העכסטנס צוויי כאדאָשים צייט! אייגנטלעך גערעדט, איז עס פּאָשעט א מין שפּאציר און ניט קיין רייזע.

— הער פּאגאנעל,— האָט עלען א פרעג געטאָן,— איר קלערט, אז די אינדיִאנער, צו וועלכע אונדזערע פריינט האָבן זיך געפּאקט אין געפענקעניש, האָבן זיי כאָטש געלאָזט לעבן?

— וואָס־זשע, מע דארף נאָך צווייפלען אין דעם? דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג, און איך בין אין דעם פולקום איבערצייגט! די אינדיִאנער זיינען דאָך ניט קיין מענטשנפרעסער. איינער מיינער א לאנדסמאן מיטן נאָמען גינאר,— איך האָב זיך מיט אים געהאט באקאָנט אין דער געאָגראפישער געזעלשאפט — איז אָפּגעווען אן ערעך דריי יאָר צייט בא די אינדיִאנער אין געפענקעניש. ער האָט זיך דאָרטן אָנגעליטן, פארשטייט זיך, גענוג צאָרעס, מע איז זיך מיט אים שלעכט באגאנגען, אָבער ווי איר זעט, איז ער דאָך געבליבן לעבן. אן אייראָפּייער קומט זייער צונוץ אין דידאָזיקע ערטער. די אינדיִאנער פארשטייען עס זייער גוט און דערום היטן זיי זיי אָפּ, ווי מע היט אָפּ וויכטיקע היימישע באלעכאיִם, ווי מע היט בא אונדז אָפּ א גוט פערד!

— איז שוין אלץ קלאָר,— האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגערופן,— דארף מען, הייסט עס, פאָרן און וואָס גיכער! דורך וואָס פאר א וועג, הער פּאגאנעל, ווילן מיר זיך לאָזן?

— דער וועג וועט זיין גרינג און אנגענעם,— האָט פּאגאנעל געענט־

---

* איין מעטרישע ליע איז געגליכן צו פיר קילאָמעטער.

פערט. — פון אָנפאנג וועלן גיין אביסל בערג, דערנאָך וועט מען זיך דארפן אראָפּלאָזן דורכן מיזורעכדיקן אראָפּ־א־באַרג פון די קאָרדיליערן און, ענדלעך, גייט אוועק א גלאט גלייַך פלאכלאנד — גאָלע פליינען, וואָס זייַנען באדעקט מיט בלומען, ווי א שיינער בלומען־גאָרטן.

— מע דארף א. קוק טאָן אף דער מאפע, — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן.

— ביטע זייער, ליבער מאק־נאבס. מיר וועלן אָנהייבן די רייַזע פון דער טשילישער בייַברעגיקייַט אין דעם אָרט, ווו די 37־טע פּאראלעל האקט דערנאָך, אז מיר וועלן דורכפאָרן דורך דער אראוקאנישער הויפטשטאָט, וועלן מיר זיך אריבערפעקלען מיטן אנטוקישן דורכגאנג איבער די קאָרדיליערן, אים איבער, דאָס הייסט, צווישן דעם קאַפּ רומען מיט דער בוכטע קאָרנייראָ. דעם ווולקאן וועלן מיר איבערלאָזן אסאך דאָרעמדיקער פון אונדז. דאָרטן ווייַטער וועלן מיר זיך אראָפּלאָזן איבער דעם פלאכלעכן אראָפּ־בארג און, אז מירן איבערהאקן ריאָ־קאָלאָראדאָ, וועלן מיר דערגרייכן צו די פּאמפּאסן, צו דער אָזערע סאלינאס, צו די טייַכן גואמיני און סיער־טאפּאלקען, דאָס הייסט, צו די גרענעצן פון דער בוענאָס־אייַרעסער פּראָווינץ. אז מירן שוין דידאָזיקע פּראָווינץ האָבן איבערגעהאקט, וועלן מיר ארופקלעטערן אפן סיער־טאנדיל און פונדאָרטן וועלן מיר זיך אראָפּלאָזן גלייַך צום קאַפּ מעדאנאָ באם אטלאנטישן אָקעאן.

באם אָנמערקן דעם מארשרוט פון דער עקספּעדיציע, האָט פּאגאנעל אפילו קיין איין קוק ניט געטאָן אף דער מאפע, וואָס איז געלעגן פאר אים צעעפנט. ער האָט זיך, קענטיק, אין דעם ניט געניטיקט. זייַן גוואלדיקער זיקאָרן האָט אים דאָ אומעטום ארויסגעהאָלפן.

ווי פּאגאנעל האָט נאָר געענדיקט זייַן געאָגראפישן עקסקורס, אזוי האָט ער צוגעגעבן:

— אזוי, מייַנע פרייַנט, דער וועג איז שוין פאר אייַך קלאָר. דורכמאכן וועלן מיר אים אין מעשעך פון 30 מעסלעס און מירן אָנקומען צו דער מיזורעכדיקער בייַברעגיקייַט נאָך פריִער איידער „דונקאַן" וועט באווייַזן אהין צו פארגיין (באזונדערס דאן, אויב ס'וועט אים נאָך אויסקומען זיך ראנגלען מיט אנטקעגנדיקע ווינטן).

— הייסט עס, אז „דונקאַן" וועט דארפן קרייסירן צווישן דעם קאַפּ קאָריענטעס און צווישן קאַפּ ־שונעם הייליקן אנטאָניוס? — האָט דזשאָן מאנגלס א פרעג געטאָן.

— פּונקט ריכטיק.

— זאָגט־זשע מיר, מייַן טייַערער פּאגאנעל, — האָט מיסטער גלענארוואן אנגעהויבן, — ווער וועט, לויט אייַער מיינונג, דארפן אָנטיילנעמען אין דער דאָזיקער עקספּעדיציע?

— קיין סאך מענטשן דארף מען אהינצו ניט. דאָס איז דאָך בלויז א מין אויסשפּיר־עקספּעדיציע און ניט קיין שלאכט־אָנ יאד, וואָס שטעלט פאר זיך די אויפגאבע ארויסצורייַסן בא די אינדיאנער דעם קאפּיטאן גראנט. איך האלט,

אז אינ דער עקספּעדיציע דאַרפֿנ אָנטײלנעמענ מיסטער גלענאַרוואַנ, דער מאַיאָר מאַק־נאַבס, וואָס וועט וואַרשײַנלעכ קײנעם ניט וועלנ אָפּטרעטנ דעם פּלאַצ זײַנעמ; אײַער אונטערטעניקער קנעכט זשאַק פּאַגאַנעל.

— אונ איכ! — האָט ראָבערט אויסגעשריגנ.

— ראָבערט! ראָבערט! — האָט מערי מיט פּאָרוואָרפ א זאָג געטאָנ.

— פֿאַרוואָס דענ ניט? — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט, — די רײַזעס פֿאַרהאַרטעװענ נאָר די יוגנט. אזוי, אז מיר אינפּירנ אונ נאָכ דרײַ מאַטראָסנ פֿונ דער יאַכט־שיפֿ אונ פֿאַרטיק!

— ווי? — האָט דזשאָנ מאַנגלס דערשטוינט א פֿרעג געטאָנ בא גלענאַרוואַנען. — אונ איכ וועל, לויט אײַער מײנונג, סער, זײַנ ניט געוווּנשנ פֿאַר דער עקספּעדיציע?

— מײַנ טײַערער דזשאָנ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ געענטפֿערט, — מיר לאָזנ דאָכ איבער אפֿ אונדזער יאַכט־שיפֿ די פּרויענ־פּאַסאַזשירנ, דאָס הײסט, דאָס סאַמע טײַערסטע, וואָס מיר האָבנ נאָר אפֿ דער וועלט. איז ווער־זשע קענענ מיר זײ אָנטרויענ, אויב ניט „דונקאַנס" איבערגעגעבענעמ קאַפּיטאַנ?

— הײסט עס, אז מיר וועלנ מיט אײַכ ניט קענענ מיטרײַזנ? — האָט עלענ א פֿרעג געטאָנ אונ איר בליק איז געוואָרנ זײער אומעטיק.

— ליבע עלענ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ געענטפֿערט, — אונדזער צעשײדונג וועט זײַנ א קורצדויערנדיקע...

— כ'פֿאַרשטײ, — האָט עלענ געענטפֿערט, — פֿאָרט געזונט אונ האָט דערפֿאָלג!

— פֿאַרגעדענקט נאָכאַמאָל, אז די נעסיע אונדזערע קענ מענ אפֿילע ניט אָנרופֿנ מיטנ נאָמענ רײַזע, — האָט זיכ פּאַגאַנעל אָ[illegible]ערופֿנ.

— ווי אזוי־זשע דענ וועט איר זי אָנרופֿנ?

— דאָס איז פּשוט א מינ קלײנע עקסקורסיע.

בא דידאָזיקע ווערטער פּאַגאַנעלס האָט זיכ פֿאַרענדיקט די דיסקוסיע, אויב מע קאָנ אזוי אָנרופֿנ דעם שמועס, ווו אַלע אָנטײלנעמער האָבנ זיכ געהאַלטנ בא אײנ מײנונג.

די צוגרײטונגענ צו דער עקספּעדיציע האָבנ זיכ אָנגעהויבנ נאָכ דעמזעלבנ טאָג. אַלע האָבנ עס, אגעוו, געהאַלטנ שטאַרק בעסאָד, קעדײ צו ניט דערוועקנ בא די אינדיאַנער קײנ שומ פֿאַרדאַכט.

דאָס אָפּפֿאָרנ האָט מענ באַשטימט אפֿנ 14־טנ אָקטיאַבער. בעשאַס ס'איז געקומענ די צײַט אפֿ אויסצוקלײַבנ די דרײַ מאַטראָסנ, וועלכע וועלנ אָנטײלנעמענ אינ דער עקספּעדיציע, האָט די גאַנצע מאַנשאַפֿט זיכ אַרויסגערופֿנ אונ יעדערער האָט אַרויסגעוויזנ זײַנ גרײטקײַט. דעמלט האָט מיסטער גלענאַרוואַנ זיכ אביסל פֿאַרטראַכט אונ אזויווי ער האָט ניט געוואָלט, אז ווער ס'ניט איז פֿונ דער מאַנשאַפֿט זאָל זיכ באַלײדיקנ, האָט ער באַשלאָסנ פּאָשעט וואַרפֿנ גורל. דער גורל איז געפֿאַלנ אפֿנ געהילפֿ־קאַ[illegible]אַנ — טאָמ אאוסטינענ, אפֿ ווילסאָנענ — א געזונטער באָכער, אונ אפֿ מיולרעדי, וואָס וואָלט זיכ

ניט אָפּגעשראָקן אָנצונעמען דעם ארויסרוף פון יעדן באָקס־טשעמפּיאָן אין לאנד.

גלענארוואן האָט מיט גרויס ענערגיע דורכגעמאכט די צוגרייטונגען צום אָפּפאָרן. ער האָט געוואָלט אומבאדינגט באוויַיזן ארויסצופאָרן אין דעם אָנגעמערקטן טאָג.

דאָ זיַינען געגאנגען די צוגרייטונגען צום אָפּפאָרן איבער דער יאבאָשע, און אף דער שיף האָט זיך דזשאָן מאנגלס פארנומען מיט דערגאנצנען די קוילן־רעזערוון. ער האָט געוואָלט אופהייבן דעם אנקער פונקט אין דעם זעלבן טאָג, ווען דער אָטריאד וועט אָפּפאָרן, קעדיי צו באוויַיזן אָנקומען צום ארגענטינער ברעג נאָך פריִער, ווי מיסטער גלענארוואן וועט אהין קומען. אזויארום, איז געשאפן געוואָרן אן עכטע פארמעסטונג צווישן דעם אָטריאד־עלצטן מיטן קאפּיטאן פון דער יאכט־שיף, א פארמעסטונג, פון וועלכער סיַי די יאכט־שיף, סיַי די עקספּעדיציע האָבן נאָר געוווּנען.

דעם 14־טן אָקטיאבער זיַינען צו דער באשטימטער שאָ אלע געווען פארטיק. ... קורצע וויַילע פארן צעשיידן זיך האָבן אלע „דונקאַן“־פּאסאזשירן זיך ...נויפגעקליבן אין דער קאיוט־קאָמפּאניע. דזשאָן מאנגלס האָט שוין אָ...געגעבן א באפעל, מע זאָל פאנאנדערלאָזן דעם דאמפּ. דער קאָרפּוס פון דער יאכט־שיף האָט שוין אונטערגעציטערט, אדאנק דער ארבעט פון דער מעכטיקער מאשין. גלענארוואן, פּאגאנעל, מאק־נאבס, ראָבערט גראנט, טאָם אאוסטין, ווילסאָן און מיולרעדי זיַינען געווען באוואָפנט מיט וויַנ־שיסנדיקע קאראבינער און מיט קאָלט־רעוואָלווערן, גרייטע צו פארלאָזן די יאכט־שיף. די דורכפירער — די וועג־וויַזער און די מויל־אייזלען האָבן שוין געוואַרט אף דער ברעג־גאס.

— פארטיק! — האָט מיסטער גלענארוואן זיך ענדלעך אָנגערופן.

— פאָרט געזונט! — האָט מיסיס עלען געענטפערט און האָט מיט גרויס שוועריקייַט איַינגעהאלטן די טרערן.

גלענארוואן האָט זי צוגעדריקט צו זיַין ברוסט אין דער רעגע, ווען ראָבערט איז געפאלן זיַין שוועסטער מערין אפן האלדז.

— און איצט, מיַינע טיַיערע, — האָט זיך פּאגאנעל אָנגערופן, — לאָמיר דריקן איינער דעם אנדערנס די הענט אזוי שטארק, אז מיר זאָל עס געדענקען ביז צו דער רעגע, ווען מיר וועלן זיך פונסנייַ באגעגענען בא די אטלאנטיק־ברעגן!

פּאגאנעל האָט געוואָלט דערגרייכן דאָס אוממעגלעכע, אָבער מעגלעך, אז די געזעגענונגס־ארומארעמונגען האָבן אין א געוויסער מאָס באַרעכטיקט די פאָדערונגען פונעם בעקאָוועדיקן געלערנטן. אלע האָבן זיך אופגעהויבן אף דער פּאלובע, און די זיבן אָנטייַלנעמער פון דער עקספּעדיציע האָבן פארלאָזט די יאכט־שיף.

— פולער גאנג פאָרויס! — האָט דזשאָן מאנגלס באפוילן דעם מעכאניקער.



סאָם אאוסטינ, ווילסאָנ, מיולרעדי

— פּאָרויס! — האָט ... ברעג, ווי א ווידערקאָל, געענטפערט מיסטער גלענארוואנס שטים.

אינ דערזועלבער רעגע, ווענ די רײַטער האָבנ א טרײַב געטאָנ מיט די שפּאָרנ זייערע מויל־אייזלענ, האָט אויכ „דונקאנ“ זיכ געלאָזט אינ וועג ארײַנ, אוסשלאָגנדיק מיט זײַנע שרויפנ דעם שוים אפ די כוואליעס.

## עלפטע קאַפּיטל

# דורכ טשילי

גלענארוואנ האָט געדונגענ א גרופּע פירער אונ וועגווײַזער — דרײַ מאנצבלענ אונ איינ יינגל. דער עלטערער צווישנ זיי איז געווענ אנ ענגלענדער, וואָס וווינט שוינ אנ ערעכ צוואנציק יאָר אינ דידאָזיקע ערטער. רײַזנדער פלעגנ בא אים נעמענ אפ פּראָקאט זײַנע מויל־אייזלענ, אונ ער אליינ פלעגט זיכ אויכ באשטעלנ אלס דורכפירער באם איבערשטײַגנ איבער די קאָרדיליערנ.

נאָכנ אראָפּלאָזנ זיכ פונ די בערג, פלעגט ער איבערגעבנ די רײַזנדער צו ארגענטינער דורכפירערס — באקאנע הייסנ זיי, וואָס האָבנ זייער גוט געוווּסט דעם וועג אינ די פּאמפּאסנ.

דער ענגלענדער, ניט געקוקט דערויף, וואָס אינ משכ פונ לאנגע יאָרנ האָט ער זיכ באגעגנט דורכויס מיט אינדיאנער, האָט דאָכ נאָכ ניט פארגעסנ זײַנ אייגענע שפּראכ. דאָס האָט זייער אסאכ פארגרינגערט דעם אָטריאד־עלצטנ — מיסטער גלענארוואנ — די מעגלעכקײַט אָפּצוגעבנ פארשיידענע פאראָרדענונגענ, ווײַל פּאגאנעלס שפּאניש האָבנ די היגע אײַנוווינער נאָכ אלץ ניט געקענט פארשטיינ. דעם דורכפירער דעם ענגלענדער — לויט דער היגער טערמינאָלאָגיע הייסט ער „קאטאפּאס“, — האָבנ אונטערגעהאָלפנ צוויי אָרטגעבירטיקע מאנצבלענ אונ א יינגל פונ א יאָר צוועלפ. די פּעאָנענ האָבנ אכטונג געגעבנ אפ די מויל־אייזלענ, וואָס האָבנ געשלעפּט אפ זיכ די מאסע. אונ דאָס יינגל האָט געפירט פארנ ציימל דעם פאָדערשטנ פירער פונעם קאראוואנ מויל־אייזלענ — די מאדרילע — אזא מינ קליינוווּקסיק פערדל מיט גלעקלעכ אפנ האלדז. אפ זיבנ מויל־אייזלענ זײַנענ געפאָרנ די רײַזנדער, אפנ אכטנ — דער „קאטאפּאס“, אונ די צוויי לעצטע האָבנ געטראָגנ דעם רעזערוו פּראָוויאנט אונ די שטיקלעכ שטאָפ, וועלכע מע האָט געהאלטנ אפ צו קענענ שענקענ די קאציקנ* פונעם פלאכלאנד, קעדיי דורכ דעם צו קענענ פארגרינגערנ די אונטערהאנדלונגענ. די פּעאָנענ זײַנענ, ווי דער שטייגער איז, געגאנגענ צופוס.

אזויארום, האָט מענ זיכ געקענט ריכטנ, אז די רײַזע איבערנ דאָרעם־אמעריקאנישנ קאָנטינענט זאָל דורכגיינ אינ די סאמע גינסטיקסטע באדינגונגענ סײַ אינ זינענ פונ געפארלאָזיקײַט, סײַ אינ זינענ פונ גיכקײַט.

* קאציקנ — די פירערס פונ די אָרטגעבירטיקע שבטים.

דער איבערגאַנג איבער דער קאַרדיליערן־קייט — דאָס איז ניט קיין גע־וויינלעכע רייזע. פון אזא מין איבערגאַנג דאַרף מען אָפּריידן די רייזנדער, וועלכע האָבן ניט מיט זיך קיין קרעפטיקע מויל־אייזלען. באַזונדערס קומען דאָ צונוץ אין אַזעלכע פאַלן די מויל־אייזלען פון דער אַרגענטינישער ראַסע, וואָס פאַרמאָגן מײַלעס, וועלכע די ווילדע מויל־אייזלען האָבן ניט אין זיך. דידאַזיקע באַלעכאַיִם זײַנען ניט שטאַרק איבערקלײַבעריש אינעם עסן. טרינקען טרינקען זיי נאָר איין מאָל אין טאָג און זיי קענען גרינג דורכגיין צען ליע אין מעשעך פון אכט שאָ צײַט, טראָגנדיק אַף זיך פרײַ א וואָסערע 14 אַראָבאָס* וואָג.

אַפן גאַנצן וועג ביז צום אָקקאָנקאַגוע האָבן זיך ניט געפינען ניט קיין אײַנפאָר־הײַזער, ניט קיין טראַקטירן, אַזוי, אַז די רײַזנדער האָבן זיך געמוזט דער־נערן מיט געטריקנטן פלייש, מיט רײַז און מיט געווילד, ווען ס׳האָט זיך זיי נאָר אײַנגעגעבן צו דערשיסן עפּעס אַפן וועג.

וואַסער צום טרינקען האָבן זיי געקענט באַקומען צווישן די באַרג־שטראָ־מען, טײַכלעך און טײַכן. קעדײַ דאָס וואַסער זאָל זײַן געשמאַקער, פלעגן זיי אַהין צוגעבן עטלעכע טראָפּנס ראָם, וואָס זיי האָבן געפירט מיט זיך אין לעדערנע לאָגלען, וואָס ווערן דאָ אָנגערופן „טשיפל״ (אַגעוו, האָבן די רײַזנ־דער געדאַרפט אויסמײַדן ספּירט־געטראַנקען, ווײַל דאָס אופהאַלטן זיך אין די בערג רעגט שטאַרק אוף די נערוון־סיסטעם). וואָס איז שײַעך געלעגערס, באַשטייען זיי אינגאַנצן אין דעם אָרטיקן זאָטל, וואָס הייסט „רעקאַדאָ״. דערדאַזיקער זאָטל ווערט געמאַכט פון „פעלי‏ָאָנעס״, דאָס הייסט, פון שאָפענע פעלעכלעך, וואָס זײַנען אויסגעאַרבעט מיט דער וואָל אינײַנעם. דידאָזיקע פעלעכלעך בינדט מען איבער באַטאָג מיט קווייטנדיקע פאַסן און מע נוצט זיי אַלס א זאָטל, און באַנאַכט צעגעמט מען זיי און סע באַקומט זיך אַן אויסגעצייכנטע וואַרעמע קאָלדרע. די רײַזנדער, וואָס וויקלען זיך אײַן אין אַזאַ מין קאָלדרע, קענען זייער גוט דורכשלאָפן די נאַכט אונטערן אָפענעם הימל אין אַלע צײַטן פון יאָר.

אַזויווי מיסטער גלענאַרוואַן איז געווען א דערפאַרענער רײַזנדער, איז ער שוין געווען געוווינט זיך צופאַסן צו די מינהאָגים פון פאַרשיידענע לענדער. דערום האָט ער באַצײַטנס באַוואָרנט פאַרן באַשטאַנד פון זײַן עקספּעדיציע, ווי אויך פאַר זיך זעלבסט — טשיליש אָנטאָן. פאַגאַנעל מיט ראָבערטן האָבן ביידע, ווי קינדער, אַזש אונטערגעטאַנצט פאַר פרייד, בעשאַס זיי האָבן אָנגעטאָן דעם נאַציאָנאַלן „פּאָנטשאָ״ — אַזאַ מין ברייטער מאַנטל פון קעסטל־דיקן שטאָף מיט א פירעקעכיקער עפענונג אַף דורכשטופן דעם קאָפּ, און די הויכע שטיוול, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן פון דער פעל פון הינ־טערשטע פערדישע פיס. ס׳איז אומיסטן קעדײַ געווען א קוק צו טאָן אַף זיי אין זייער נײַעם אָנטאָן, בעשאַס זיי האָבן זיך צעלאָזט, רײַטנדיק אַף זייערע

* אַראָבאַ — אַן אָרטיקער וואָג־אײַנס, וואָס איז געגליכן צו עלף קילאָגראַם.

מויל־אייזעלע! דער איבּיק־צעטראָגענער פּאַגאַנעל, ביז ער האָט זיך ארופגעזעצט אויפן זאָטל, האָט שיר־שיר נישט אַרײַנגעכאַפּט קיין בריק פונעם מויל־אייזלס פוס, אָבער אַז ער איז שוין געזעסן אין זאָטל מיט זײַן קוק־רער, מיט וועלכער ער צעשיידט זיך קיינמאָל ניט, אויף די אַקסלען, האָט ער זיך איינגעאַנצן אָנגעטרויט דעם אייזל, און ער האָט קיין איין מאָל ניט געדאַרפט כאַראָטע האָבן אויף דעם דעמדאָזיקן צוטרוי אויף זײַנעם. וואָס איז שײַעך ראָבערטן, האָט יענער אַרויסגעוויזן אַזעלכע פייִקייטן באַם רײַטן, אַז מע האָט זיך געקענט אויף אים ריכטן, אַז ס'זאָל פון אים אויסוואַקסן דער גלענצנדיקסטער רײַטער.

דער קליינינקער אָטריאַד האָט זיך געלאָזט אין וועג. דער וועטער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער, אויפן הימל — קיין סימען פון קיין וואָלקן, און, ניט געקוקט דערויף, וואָס די זון האָט אומבּאַרעכמאָנעסדיק געבאַקן, האָבן זיי דאָך ניט געפילט קיין גרויסע היץ, ווײַל פונעם ים האָט אָן אויפהער געבלאָזן אַ פרישער ווינטל.

די אייזל־טרײַבער זײַנען שוין געווינט געוואָרן אַרויסצוגיין אַכט אַזייגער אינדערפרי גלײַך נאָכן פרישטיק און גיין אָן אַן אָפּשטעל ביז פיר אַזייגער נאָך האַלבן טאָג. גלענאַרוואַן האָט באַשלאָסן אָפּצוהיטן ! אָזיקע אָרדענונג. דעם ערשטן טאָג, בעת ס'איז אָנגעקומען די שאָ פון אָפּשטעלן זיך, האָבן זיך די רײַזנדער געפונען אַקוראַט באַם סאַמע אַרײַנפאָר צו דער שטאָט אַראוקאָ, וואָס געפינט זיך אויפן דאָרעמדיקן עק פון דער בוכטע טאַלקאַגואַנאָ. דער אָטריאַד האָט אַ גאַנצן טאָג ניט פאַרלאָזט דעם בײַבּרעג־פּאַס, און די רײַזנדער האָבן אין אייגוועגס אומדערמידלעך געזוכט די שפּורן פון דער קאַטאַסטראָפע.

דער קליינינקער אָטריאַד איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטאָט אַרײַן און זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אײַנפאָר־הויז נעכטיקן.

אַראוקאָ — דאָס איז די הויפּטשטאָט פון אַראוקאַניע — אַזאַ קליינע מעלרכעלע, וואָס פאַרנעמט אַ שטעטל פון וואַסערע 600 קילאָמעטער די לענג און 120 קילאָמעטער די ברייט. די אײַנוווינער פון אַראוקאַניע הייסן מאָלוכן — אַזאַ שייוועס, וואָס איז קרויוויש מיט די טשיליער. דאָס איז אַ שטאָלצער און מוטיקער שייוועס. אגעוו, דאַרף מען זאָגן, אַז דאָס איז דער איינציקער פון די אַמעריקאַנער שוואָטים, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ פרעמדלענדישער געוועלטיקײַט. די שטאָט אַראוקאָ גופא איז שוין אַמאָל פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די שפּאַניער, אָבער די באַפעלקערונג האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן די אונטערדריקער און האָט מיט גרויס פאַרצווייפלונג געקעמפט קעגן זיי, פונקט ווי זיי קעמפן נאָך אויך איצט מיט די פאַרכאַפּערישע טענדענצן פון טשילי.

די אַראוקאַנישע פאָן — אַ ווײַסער שטערן אויף אַ בלויען פאָן — פלאַטערט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג שטאָלץ און אומאָפּהענגיק אויפן באַפעסטיקטן בערגל, וואָס פאַרטיידיקט די שטאָט.

אין אײַנפאָר־הויז האָט זיך געגרייט פון די רײַזנדערס וועגן אָוונט־ברויט,

און ביז דער אָוונט־ברויט וועט פארטיק ווערן, זײַנען גלענארוואנ מיט פאגאנעלנ און מיטנ „קאטאפאס“ ארויסגעגאנגענ זיכ דורכשפאצירנ. די שטאָט איז באשטאַנענ פונ קלייניקע הײַזקעס מיט שטרויענע דעכער, און אויב מע זאָל ניט רעכענענ דעם איינציקנ אלטערטימלעכנ קלויסטער און די רויִנעס פונעם פראנציסקאנישנ מאָנאסטיר, האָט די שטאָט מיט זיכ ניט פאָרגעשטעלט קיינ שום אינטערעס.

די מאנצאנעס־די מאָלוכנ זײַנענ געווענ הויכוווקסיקע, מיט פלאכע, ניט קיינ באוואָקסענע פּנעמער פונ בראָנדזענעם קאָליר, מיט גרויסע קעפ און מיט לאנגע שווארצע האָר. זיי האָבנ אומצוטרוילעכ אָנגעקוקט די רײַזנדער. ווי קעסיידערדיקע קריגס־לײַט, וואָס האָבנ זיכ ניט ווו אהינצוטאָנ אינ דער פרידלעכער צײַט, פארנעמענ זיכ די ארואקאנער מאנצאנעס מיט הוילער ליידיקגייערשאפט גאנצע טעג נאָכאנאנד, און די ווײַבער זייערע, וואָס האָבנ זייער א קלאָגעדיקנ און אומגליקלעכנ אויסזעענ, ווערנ אויסגעריסנ מעשוגענערווײַז בא דער שווערער שטוביקער ארבעט, זיי גיבנ אכטונג אפ די פערד, זיי פוצנ דאָס געווער, זיי אקערנ די ערד, גייענ אליינ אפ געיעג, און אויסער דעם, זוכנ זיי נאָכ אָפּ צײַט אפ אויסצוועבנ יענע בלויע „פּאָנטשאָס“, וואָס נעמענ אָפּ ניט ווינציקער פונ צוויי יאָר צײַט ארבעט און ווערנ פארקויפט פאר ניט־ווינציקער, ווי צו 100 דאָלער יעדערע.

אפ מאָרגנ, פונקט אכט אזייגער אינדערפרי, האָט דער קלייניקער אָטריאד זיכ געלאָזט אינ וועג ארײַנ מיט דער מאדרילע אינ דער שפּיצ און מיט די „פעאָנענ“ אינ אריעגארד. די 37־טע פאראלעל האָט דאָ איבערגעהאַקט די פרוכטבארע ארואקאנישע ערדנ, וואָס זײַנענ רײַכ מיט ווײַנגערטענער און מיט גרויסע טשערעדעס פי. אָבער וואָס ווײַטער, האָט די געגנט פאמעלעכנ אָנגעהויבנ ווערנ ליידיקער און וויסטער, די הײַזקעס פונ די ראסטרעאדאָרנ, וואָס זײַנענ בארימט איבער גאנצ אמעריקע, ווי די אײַנצוימערס פונ די ווילדע פערד, האָבנ זיכ, וואָס ווײַטער, באגעגנט אלצ זעלטענער. דער עקספּעדיציע איז אויסגעקומענ דורכצוגיינ גאנצע מײַלנ און ניט צו באגעגענענ קיינ איינ מענטשלעכע וווינונג.

דעמדאָזיקנ טאָג איז די רײַזנדער אויסגעקומענ דורכצוהאקנ צוויי טײַכנ — ריאָ־ראקע און ריאָ־טובאל. דער „קאטאפאס“ האָט ביידע מאָל אָפּגעזוכט פליטקע ערטער, ווו מע קענ גרינג דורכגיינ. די קייט קאָרדיליערנ האָט זיכ אָנגעזעענ פונוויטנס באם האָריזאָנט, און די צאָל שפּיצנ אירע האָט, וואָס ווײַטער, זיכ גענומענ פארמערנ און זיכ אויסטיילנ אינ דער ריכטונג צו צאָפנ־צו. אָבער דאָס זײַנענ נאָכ אלצ געווענ די פאָרבערג פונ דעם גרויסנ בארג־רוקנ אינ דער נײַער וועלט.

פיר אזייגער נאָכ האלבנ טאָג, נאָכ דעם, ווי דער אָטריאד האָט דורכגעמאכט 35 מײַל, האָבנ זיי זיכ אָפּגעשטעלט אָפּצורוענ אונטערנ פרײַענ הימל לעם א וועלדל פונ גיגאנטישע מירטנ־ביימער. די מויל־אייזלענ האָט מענ פאנאנדערגעזאָטלט און זיי געלאָזט זיכ פאשענ אפ דער לאָנקע, וואָס איז געווענ



דער אָטריאַד בײַם אריבער דעם האסטיקנ שטראָם ריאָ־בעל

באַדעקט מיט געדיכטנ זאַפטיקנ גראָז. פונ די זאָטל־רענצלעכ האָט מענ אַרויס־גענומענ דאָס טראַדיציאָנעלע געטריקנטע פלייש מיט די רייַז. די „פעליאָנענ“ האָט מענ אויסגעשפּרייט אפנ גראָז. איצט האָבנ זיי געדינט פאַר טיש־ אונ בענק, אונ צו אָוונט צו — פאַר געלעגערס. יעדערער האָט זיכ אָפגעזוכט אפ זייַ דעם אָפרו זייַנעם אונ דעם שלאָפ, וואָס האָט איטלעכנ אומגעקערט צוריק די קויכעס זייַנע. דער „קאַטאַפּאַס“ אונ די „פּעאָנענ“ זייַנענ, לויט דער ריי, גע־שטאַנענ א גאַנצע נאַכט אפ דער וואַכ.

אפ מאָרגנ האָט דער גאַנצער אָטריאַד איבערגעהאַקט אָנ שום פאַסירונגענ דעם פלינקנ אונ האַסטיקנ שטראָם ריאָ־בעל, אונ אינ אָוונט, בעס זיי האָבנ זיכ געשטעלט אָפרוענ בא די ברעגנ פונ ריאָ־ביאָביאָ, וואָס טיילט אָפ די שפאַ־נישע טשילי פונ דער אומאָפהענגיקער טשילי, האָט גלענאַרוואַנ געהאַט די מעגלעכקייַט אַרייַנצושרייַבנ אינ זייַנ רייַזע־טאָגבוכ נאָכ פרישע 35 מייַל, וואָס זיי האָבנ דורכגעמאַכט פאַרנ מעסלעס.

דער אויסערלעכער אויסזעענ פונ דער געגנט האָט זיכ דערווייַל ניט גע־ענדערט. אומעטום האָבנ דאָ געבליט גאַנצע פעלדער מי[illegible]זאַריליעס, מיט פייַלכענס, מיט דורמאַנ, מיט גאָלדענע קאַקטוס־בלומענ. פו[illegible]ייגל זייַנענ דאָ געווענ פאַרגעשטעלט בלויז די רייַערס („צאַפליעס“), סאָוועס, זינגענדיקע דראָסלענ אונ וואַסער־טויכערלעכ. די פירפיסיקע האָבנ זיכ אויסגעבאַהאַלטנ אינ דער געדיכטעניש פונ די וועלדער.

דער אָטריאַד האָט קימאַט ניט באַגעגנט אפנ וועג קיינ אָרטיקע אייַנוווי־נער. זעלטנ־זעלטנ פלעגנ פונדערווייַטנס זיכ דורכשלייַכנ, ווי די שאָטנס, די גואַסנ, א געמיש פונ אינדיאַנער מיט שפּאַניער. זיי זייַנענ געזעסנ רייַטנדיק אפ די פערד אונ פלעגנ אונטערקלאַפּנ די צעבלוטיקטע זייַטנ פונ זייערע פערד מיט דער גרויסער שפּאָרע, וואָס איז צוגעבונדנ צום באָרוועסנ פוס.

דעם 17־טנ אינדערפרי איז דער אָטריאַד אַרויס אינ דער געוויינלעכער צייַט אונ אינ דער געוויינלעכער אָרדענונג. אָפהיטנ די אָרדענונג איז שווערער פונ איטלעכנ אָנגעקומענ ראָבערטנ. יענעם פלעג זיכ קעסיידער וועלנ אַריבער־יאָגנ די מאַדרילע. אָבער גלענאַרוואַנ פלעג אפ אים קעסיידער קימאַט ווי אָנשרייַענ, דאָס יאַטל זאָל זיכ אומקערנ צוריק אפ זייַנ אָרט אינ דער ריי.

וואָס ווייַטער דער אָטריאַד איז אינ דעם טאָג געגאַנגענ פאָרויס, אַלצ מער האָט די געגנט פאַרלאָרנ איר פלאַכלענדישנ כאַראַקטער. ס'האָבנ זיכ אָנגעהויבנ באַווייַזנ פעלדנ, סימאָנים פונ דער נאָענטקייַט פונ בערג. אָנ א שיר טייַכנ אונ טייַכלעכ האָבנ דורכגעשניטנ די ערד מיט זייערע פלינקע אונ האַסטיקע שטראָמענ.

פאַגאַנעל האָט אַלעמאָל אַרייַנגעקוקט אינ דער מאַפּע. אויב דאָס באַגעגנטע ריטשקעלע האָט זיכ דאָרטנ ניט געפונענ, פלעג באַם געאָגראַפ נעמענ קאָכנ דאָס בלוט אונ זייַנ אופגעבראַכטקייַט איז געווענ גוואַלדיק.

— א טייַכל אָנ א נאָמענ! — פלעג ער אויסרופנ, — דאָס איז דאָכ פּונקט ווי א מענטש אָנ בירגער־רעכט. סטייַטש, ס'עקזיסטירט דאָכ ניט פאַר דער געאָגראַפיע!

און ער פֿלעגט שוין אויף זײַן אייגענ[illegible] אכראיעס אומגעזאמט גײַכן נעמען די נאָמענלאָזע ריאָס *. ער פֿלעגט זיי פֿאַר[illegible]בענען אויף דער מאַפּע און מיט גרויס זאָרגזאַמקײַט זיי פֿאַרשרײַבן מיט די נאָרוואָס צוגעטראַכטע אויסגעבלאָזענע שפּאַנישע נעמען.

— אַך, ס׳אַרא מין שפּראַך! — פֿלעגט ער זיך האַלטן אין איין אַנטציקן. — ס׳אַרא מין קלינגעוודיקײַט, ס׳אַרא מין פֿײַערלעכקײַט! ס׳איז דאָך גאָלד מעטאַל! איך בין איבערצײַגט, אַז זי באַשטייט פֿון 78 טיילן קופּער און פֿון 22 טיילן צין, ווי די בעסטע בראָנדזע, פֿון וועלכער ס׳מע גיסט אויס גלעקער.

— וואָס־זשע הערט זיך עפּעס מיט אײַערע דערפֿאָלגן אין דערדאָזיקער שפּראַך? — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן עפּעס בעיסעמײַסע אַ פֿרעג געטאָן.

— גאַנץ נישקאָשעדיק, ליבער סער. דאָס איינציקע, וואָס ס׳ע שטערט מיר, איז די אויסשפּראַך! דאָ בין איך שוין גאָר קיין בעריע ניט.

דעמזעלבן טאָג, טאַקע דעם 17־טן, אַרום צען אוייגער אינדערפֿרי האָט דער אָטריאַד איבערגעהאַקט עפּעס אַ וועג.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט, נאַטירלעך, אַ פֿרעג [illegible] „קאַטאַפּאַס“, וואָס זאָל דאָס זײַן פֿאַר אַ וועג, און אויף דערדאָזי[illegible] פֿראַגע האָט, ווידער נאַטירלעך, דער ערשטער געענטפֿערט זשאַק פּאַגאַנעל.

— דאָס איז דער וועג פֿון יומבעל קיין לאָס־אַנדזשעלאָס.

גלענאַרוואַן האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ פֿראַגע אין בליק אויפֿן „קאַטאַפּאַס“, אָבער יענער האָט געענטפֿערט:

— גאַנץ ריכטיק. — און זיך ווענדנדיק צום געאָגראַף, האָט ער צוגעגעבן: — איר האָט שוין, קענטיק, אַמאָל געדײַזט אין אָט די געגנטן?

— פֿאַרשטייט זיך, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.

— אויף מויל־אייזלען?

— ניין, זיצנדיק אין מײַן פּאָטער־שטול.

דער „קאַטאַפּאַס“ האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס יענער מיינט, האָט ער נאָר אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און האָט זיך אומגעקערט צוריק אויף זײַן פּלאַץ אינעם אָטריאַד.

אַרום פֿינף אוייגער נאָך האַלבן טאָג האָט די עקספּעדיציע זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו לעם ניט גאָר קיין טיפֿן באַרג־שפּאַלט, וואָס האָט זיך געפֿונען עטלעכע קילאָמעטער הינטער דער שטאָט לאָך.

דידאָזיקע נאַכט האָבן די רײַזנדער דורכגעפֿירט באַם צופֿוסנס פֿון די סיערן, דאָס זײַנען די ערשטע טרעפּ צום קאָלאָסאַלן באַרג־רוקן פֿון די קאָרדיליערן.

* ריאָ — טײַך.

## צוועלפטע קאפיטל

# 12.000 פוס איבערן יאַם-אויבערפלאַך

ביז איצט האָט דער איבערגאַנג איבער טשילי ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום שוועריקייטן, אָבער אָנהייבנדיק פונעם דאָזיקן אָרט, זײַנען שוין פאַרגעשטאַנען פארן אָטריאַד אָן א שיר שטערונגען און געפאַרן, מיט וועלכע ס'איז קעסיידער פאַרבונדן דאָס ארופדערלאַנגען אַף די הויכע בערג. דאָ האָט זיך געמוזט אָנהייבן דער אומבערעכנדיקער קאַמף מיט דער נאַטור.

פארן אַרויסטרעטן ווײַטער אין וועג אַרײַן, איז אויסגעקומען צו באַשליסן איינע זייער א וויכטיקע פראַגע: — דורך וועלכן אָרט ס'וועט זײַן בעסער זיך אַריבערפעקלען איבער די קאָרדיליערן, אַז זיי זאָלן אין דערזעלבער צײַט וואָס ווייניקער אָפּווײַכן פונעם גלײַכן וועג.

צום אַלעם ערשטן האָט מען דידאָזיקע פראַגע פאָרגעלייגט דעם קאַטאַפּאַס.

— מיר זײַנען באַוווּסט נאָר צוויי צוטריטלעכע איבערשטײַג־ערטער אין דעמדאָזיקן טייל פון דעם באַרג־רוקן, — האָט דער קאַטאַפּאַס געענטפערט.

— דער איבערשטײַג אַריקאַ, — האָט פּאַגאַנעל א פרעג געטאָן, — וואָס וואַל־דיוויאַ מענדאָסע האָט אַנטדעקט?

— ריכטיק.

— און דער איבערשטײַג וויאַריקאַ, וואָס געפינט זיך דאָרעמדיקער?

— יאָ.

— איז אָט וואָס, מײַנע פרײַנט, — האָט דער געאָגראַף פאָרגעלייגט, — די־דאָזיקע ביידע איבערשטײַגן האָבן איינ־און דעמזעלבן כעסאָרן, וואָס זיי וועלן אונדז צווינגען אָפּצוווײַכן פונעם גלײַכן וועג: דער ערשטער — צו צאָפן־צו, און דער צווייטער — צו דאָרעם.

— איז עפּשער וואָלט איר אונדז קענען רעקאָמענדירן א דריטן דורכגאַנג? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן.

— פאַרשטייט זיך, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — דער איבערשטײַג אַנ־טוקאָ, וואָס געפינט זיך אַפן וולקאַנישן אָראָפּ־אַ־באַרג לעם 37 גראַד מיט 30 מינוט, דאָס הייסט, אָפּגעווענדט אַן ערעך ניט מער ווי א האַלבער גראַד אין דער זײַט פון אונדזער וועג. ער געפינט זיך אַף א הייך פון 6.000 פוס און איז אַנטדעקט געוואָרן דורך זאַמנודיאָ פון קרוץ.

— אויסגעצייכנט! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן. — זאָגט מיר, קאַטאַפּאַס, אײַך איז דער איבערשטײַג אַנטוקאָ באַקאַנט?

— יאָ, סער, מיר פלעגן אויסקומען דורכצוגיין דורך דעמדאָזיקן איבערשטײַג, — כ'האָב אײַך וועגן אים גאָרניט ניט געזאָגט דערפאַר, וואָס מיט אים באַנוצן זיך מיינסטנס די אינדיאַנישע פּאַסטעכער באַם איבערטרײַבן דאָס פי פונעם מיזרעכדיקן באַרג־שיפּוע.

— איך מיין, — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט, — אַז דאָרט, וווּ גאַנצע טשערע־

דעס מיט שקאַפעס, מיט שעפסן און מיט רינדער זײַנען אימשטאַנד דורכצוגיין, וועלן מיר אומבאַדינגט עס קענען דורכמאַכן. איז, הייסט עס, אָפּגערעדט: ווי באַלד דער איבערשטײַג אַנטוקאָ וועט אונדז דערלויבן זיך ניט אָפּווענדן פון דער גראַדער ליניע, קלײַבן מיר אויס דעמדאָזיקן איבערשטײַג.

דיזעלבע רעגע איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל צום ווײַטערדיקן גאַנג, און דער אָטריאַד האָט זיך פאַרטיפערט אין דעם טאָלעכל לאָ־לעכאַס, וואָס ליגט צווישן צוויי קאַלכשטיינערדיקע באַרג־אָפּהענגען. דער אופשטײַג, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן, האָט זיך גיט שטאַרק געלאָזט פילן, אַדאַנק דעם, וואָס דער שיפוע איז געגאַנגען בעהאַדראַגעדיק.

אַרום עלף אַזייגער האָט דער אָטריאַד געדאַרפט אַרומבויגן אַ קליינע, נאָר זייער שיינע אָזערע, ווו די היקאַנטיקע ריטשקעלעך פלעגן זיך דאָרט צוזאַמענטרעפן. זיי פלעגן אָנפליסן אַהער מיט אַ שטיל זשומערײַ און פלעגן שפּרלאָז זיך אויסמישן אין זײַן רויִקער דורכזיכטיקײַט. אַרום דער אָזערע האָבן זיך געפינען גאַנצע שטיקער פלאַכלאַנד באַוואָקסענע מיט טוווע־גראָז, ווו די אינדיאַנער טשערעדעס פאַשען זיך קעסיידער. שפּעטער־צו האָט דער אָטריאַד אָנגעטראָפן אין אַ זומפ, נאָר ער איז בעשאָלעם אַרויס פון דאָרטן, עפּשער נאָר אַדאַנק דעם אינסטינקט פון די מויז־אייזלען.

אַרום איינס אַזייגער האָבן זיך באַוויזן די רויִנען פון פאָרט באַלענאַר, וואָס האָט אַמאָל שטאָלץ זיך געהייכט אָפן קאַם פונעם באַרג־פעלדז. דער אָטריאַד איז זיי פאַרבײַגעגאַנגען, זיך ניט אָפּשטעלנדיק. דער אופשטײַג איז, וואָס אַמאָל, געוואָרן אַלץ שיפועדיקער, דער באָדן — שטיינערדיקער, פון אונטער די אייזלשע טלאָען פלעגן זיך אָפּרײַסן שטיקלעך שטיינער און זיך לאָזן מיט אַ גערויש קויקלען אַראָפּצו צום גרונט. אַרום דרײַ אַזייגער באַטאָג האָבן די רײַזנדער דערזען רויִנען פון נאָך איינער אַ פעסטונג, וואָס איז כאָרעוו געוואָרן אין 1770־טן יאָר, אין דער צײַט פונעם אופשטאַנד.

— קענטיק, אַז די בערג אַליין זײַנען נאָך צו שוואַך אָפּ צו פאַנאַנדערטיילן די מענטשן, — האָט פּאַגאַנעל באַמערקט, — און מע [illegible]ז נאָך אַפילע אין די בע[illegible] אופשטעלן פעסטונגען.

פונעם דאָזיקן מאָמענט אָן איז דער וועג, וואָס ווײַטער, געוואָרן אַלץ מער געפערלעכער, דאָס אופשטײַג־ווינקל איז געוואָרן גרעסער, די שטעגעלעך האָבן זיך פאַרשמעלערט, ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן טיפע אָפּגרונטן. די מויל־אייזלען פלעגן זייער פאָרזיכטיק שטעלן פיס, די קעפּ פלעגן זיי בייגן צו דער [illegible]ד, פונקט ווי זיי וואָלטן וועלן אויסשמעקן דעם וועג. דער אָטריאַד האָט זיך אויסגעצויגן אין אַ קייטעלע, צײַטנווײַז פלעג די מאַדרילע פאַרשווונדן ווערן לעם אַ שיפועדיקן קערפּונקט, און דאַן פלעג דער אָטריאַ[illegible] נאָכגיין בלויז נאָכן קלאַנג פון די גלעקעלעך, וואָס האָבן פונפאָרנט געקלונגען. ס׳פלעג זיך טרעפן, אַז די אויסגעשלענגלטקײַטן פון דעם אופשטײַג פלעגן פאַנאַנדערצווייען די רייען פון די רײַזנדער, און דאַן פלעג דער קאַטאַפּאַס, וואָס איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פונעם אָטריאַד, זיך קענען איבערשמועסן

מיט די פּעאָנען, וואָס געפינען זיך אין סאמע עק. זיי פלעגן ריידן איינער צום אנדערן איבערן אומדורכגענגלעכן באַרג־אָפּגרונט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט איינעם פונעם אנדערן, און וואָס פארנעמט דריי אָדער פיר מעטער די ברייט און האָט א וואָסערע 200 אָדער מערער מעטער אינדערטיפ.

אָפּט פלעגן־זיי אויסקומען דורכגיין אונטער אָפּהענג־פעלדזן, וואָס ס'איז גאָר א ווונדער, וויאַזוי האלטן זיי זיך קימאט אָפּ גאָרניט, דוכט זיך, אָט־אָט פאלן זיי אראָפּ און מאכן פון די דורכגייער איין הויפן אש.

בא דידאָזיקע באדינגונגען איז שווערלעך געווען אָפּצוזוכן דעם ריכטיקן וועג. די אָפטע ערד־ציטערנישן האָבן קעסיידער געביטן דעם וועג־פּראָפיל, דורך דעם, וואָס זיי האָבן פארניכטעט אָדער איבערגעשטעלט די מערק־צייכנס. דערום פלעגט טאקע דער קאטאפּאס זייער אָפט זיך קווענקלען פארן אויסקלייבן די ריכטונג. ער פלעגט זיך אָפּשטעלן, זיך ארומקוקן ארום און ארום, פּונקט ווי ער וואָלט זיך דערפרעגן בא די פעלדזן, אָדער ווי ער וואָלט געזוכט אפּן שטיינערדיקן באָדן שפּורן פון דורכגעגאנגענע אינדיאַנער.

גלענארוואן פלעגט ניט אָפּטרעטן פונעם קאטאפּאס אָפּ קיין טראָט. ער האָט פארשטאנען, ווי שווער ס'איז יעצט זיך אָריענטירן בא די באדינגונגען פון א רעליעף, וואָס האלט זיך אין איין ענדערן. ער האָט זיך ניט דערלויבט אים צו שטעלן קיין איבעריקע פראגן, כאָטש טיף אין האַ[illegible] האָט ער, קענטיק, מעדיצר אויסגערעכנט אפּן אינסטינקט פון די מויל־אייזלען, ווי אפּן זיקאָרן און די קענטעניש פונעם אייזל־טרייבער.

אָט אזוי האָבן זיי אומגעבלאָנקעט עטלעכע שאָ צייט סטאם אין דער וועלט אריין, און זיי זיינען געשטיגן אלץ העכער און העכער אין די בערג. אָבער פּלוצים איז דער קאטאפּאס געבליבן שטיין — קיין ווייטערדיקער דורכגאנג איז ניט געווען. דער אָטריאַד האָט זיך געפונען צווישן א שמאָלן באַרג־שפּאלט, וואָס איז געווען געשפּארט פון איין זייט פון אן אָפּגעוואלגערטן פעלדז. דער קאטאפּאס האָט זיך שטארק איינגעקוקט אין די פעלדזן, אָבער אזוי־ווי ער האָט קיין אויסגאנג ניט געפונען, איז ער אראָפּגעקראָכן פון זיין מויל־אייזל און צונויפגעלייגט די הענט אפּן הארצן.

מיסטער גלענארוואן איז צו אים צוגעפאָרן.

— איר האָט פארבלאָנדזשעט? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— ניין, סער, — האָט דער קאטאפּאס געענטפערט.

— הייסט עס, אז מיר האָבן זיך ניט דערקליבן צום אנטוקאָ־איבערשטייג?

— [illegible]וואָס זאָלט איר עס אזוי טראכטן, מיר זיינען גראד טאקע אפּן סאמע איבערשטייג.

— איר האָט קיין טאָעס ניט?

— ניין, איך האָב קיין טאָעס ניט. אָט זיינען רעשטן פונעם שייטער־הויפן, וואָס די אינדיאַנער האָבן דאָ געהאט צעלייגט, און אָט זיינען שפּורן פון טשערעדעס שאָפּ מיט פערד, וואָס זיינען דאָ דורכגעגאנגען.

— הייסט עס, אז דער איבערשטייג איז אומדורכגאנגבאר?

— ביז דער לעצטער ערד־ציטערניש איז ער געוועזנ דורכגאנגבאר, אונ איצט איז ער שוינ אומדורכגאנגבאר.

— פאר די מויל־אייזלענ,— האָט דער מאיאָר דערווידערט,— אָבער ניט פאר קיינ מענטשנ!

— דאָס איז שוינ אייער זאכ,— האָט דער קאטאפאס געענטפערט.— אלצ, וואָס אינ מיר איז געוועזנ געווענדט, האָב איכ געטאָנ. איכ בינ גרייט טרייבנ די אייזלענ צוריק, אויב איר גייט נאָר איינ דערויפ, אונ אייכ ברענגענ צו פירנ צו א צווייטנ איבערשטייג איבער די קאָרדיליערנ.

— אפ וויפל טעג קענ עס אונדז פארהאלטנ?

— צום ווינציקסטנ אפ דריי מעסלעס.

מיסטער גלענארוואנ האָט שווייַגנדיק אויסגעהערט דעמ קאטאפאס, יענער האָט זיכ געהאלטנ זייער אָנשטענדיק, אונ מע האָט אלע זייער גוט געזענ, אז דער איבערשטייג אנטוקאָ איז ניט דורכגאנגבאר פאר די מויל־אייזלענ. אָבער בעשאס דער קאטאפאס האָט פאָרגעלייגט זיכ אומקערנ אפ צוריק, האָט גלענארוואנ, צום אלעמ ערשטנ, זיכ אָנגעפרעגט בא זיינע מיטרייזנדער:

— ציי זיינט איר עפשער דערפאר, מיר זאָלנ פרווונ בייקומענ דעמדאָזיקנ איבערשטייג, ניט געקוקט אפ קיינ שום שוועריקייטנ?

— מיר זיינענ גרייט אייכ נאָכפאָלגנ!— האָט טאָמ אאוסטינ געענטפערט פאר איטלעכנ.

— אונ אפילע גיינ די ערשטע,— האָט פאגאנעל צוגעגעבנ.— וועגנ וואָס האנדלט זיכ דאָ, לאָמיר וויסנ? וועגנ דעמ, אז מע זאָל זיכ אריבערפעקלענ איבערנ בארג־רוקנ, וואָס דער קעגנ׳בערדיקער אראָפ־בארג זיינער איז אזוי באקוועמ צום אראָפלאָזנ זיכ, פונקט ווי די מאָנמארטרישע* געברוקירטקייט. ווי מירנ זיכ נאָר אראָפלאָזנ פונ די בערג, אזוי וועלנ מיר זיכ גלייכ אָנטרעפנ מיט די באקעאנאָס, וואָס זיינענ אונדז גרייט צו דינענ אלס דורכפירער דורכ די פאמפאסנ, מירנ זיכ אָנטרעפנ מיט זייערע אויסגעצייכנטע ארגענטינער פערדלעכ, וואָט זיינענ שוינ גוט צוגעוווינט צו די אָרטיקע באדינגונגענ, אזוי, אז איכ לייג אייכ פאָר, מיר זאָלנ אָנ שומ קווענקלעניש זיכ לאָזנ פאָרויס!

— פאָרויס!— האָבנ גלענארוואנס מיטרייזנדער אלע אינ איינ קאָל אויס־געשריגנ.

— אונ איר גייט אויכ מיט אונדז?— האָט גלענארוואנ א פרעג געטאָנ באמ קאטאפאס.

— איכ בינ נאָר אנ אייזל־טרייבער,— האָט יענער געענטפערט.

— איז ווי איר פארשטייט.

— — מירנ זיכ ווי עס איז באגיינ אָנ דורכפירער,— האָט זיכ פאגאנעל אָנגערופנ.— פונ יענער זייט איבערשטייג וועלנ מיר געפינענ א שטעגעלע,

---

* מאָנמארטריש בערגל — איינע פונ די באלעבטסטע פאָרשטעט אינ פאריזש.



פינפ מארטאָג האָט זיך דער קלײנינקער אָסריאַר געפונען אפ א הייך פון 7500 פוס

און איך נעם זיך אונטער אײַך צושטעלן צום צופוסנס פונעם באַרגרוקן ניט ערגער פון אַן אַנדער קאָרדיליערן־דורכפירער.

גלענאַרוואַן האָט זיך צעצאָלט מיטן קאַטאַפּאַס און האָט אים אָפּגעלאָזט, ער זאָל זיך גיין געזעגנען צוזאַמען מיט די פּעאָנען און מיט די מויל־אייזלען. דאָס געווער, די אינסטרומענטן און דעם ניט גרויסן רעזערוו שפּײַז־פּראָדוקטן האָבן די זיבן עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער צעטיילט צווישן זיך. בא איטלעכן איז געווען געפילט און באַשלאָסן, אַז מע זאָל די רעגע זיך נעמען צום אויפשטײַגן. און אויב מע וועט דאַרפן, זאָל מען ניט קוקן אפילו וואָס ס׳איז באַנאַכט.

אָפּ דער מיזרעכדיקער וואַנט פונעם באַרג־שפּאַלט האָט זיך געשלענגלט א שמאָל שיפּועדיק שטעגעלע אַרויף־צו, וואָס די מויל־אייזלען זײַנען בעשומופן ניט אימשטאַנד געווען אַזעלכס בײַצוקומען. אָבער ווי גרויס די שוועריקייטן זײַנען ניט געווען, זײַנען דאָך גלענאַרוואַן מיט די מיטרײַזנדער מיט זײַנע אין מעשעך פון צוויי שאָ איבערגעקראָכן איבערן פעלדז, וואָס האָט זיי פאַרצוימט דעם וועג.

ווי געזאָגט, איז מען א גאַנצע נאַכט געגאַנגען. מע האָט זיך געקלאַמערט פאַר קוים־באַמערקבאַרע געזימסן. די רײַזנדער האָבן זיך געדראַפּעט מאַמעש ווי אָפּ גלײַכע ווענט, זיי זײַנען איבערגעשפּרונגען איבער באַרג־שפּאַלטן; זיי זײַנען געקראָכן איינער איבערן אַנדערנס אַקסלען, פּונקט ווי איבער לייטערס; הענט מיט הענט באַהעפטע, האָבן זיי פאַרביטן די שטריק. אָט דידאָזיקע פאָרכטלאָזע מענטשן האָבן צײַטנוויַז דערמאַנט א גרופּע אַקראָבאַטן, וואָס דערפעטירן איצט די געפערלעכסטע טריוקן.

פינף אַזייגער פאַרטאָג האָט דער באַראָמעטער באַוויזן, אַז דער קליין־ציינקער אָטריאַד געפינט זיך אָפּ א הייך פון 7.500 פוס. דאָ איז דורכגעגאַנגען די גרענעץ, ווו סע ענדיקן זיך די ביימער־געוויקסן. די רײַזנדער האָבן באַמערקט עטלעכע באַלעכאַים, וואָס נאָר פונעם איינעם קוק אָפּ זיי יואָלט יעדער יעגער שטאַרק אַנטציקט געווען. דאָס זײַנען געווען לאַמעס (לעמער), די טײַערסטע באַרג־באַלעכאַים, וואָס קאָנען פאַרבײַטן דעם שעפּס, דעם אָקס און דעם פערד, און וואָס וווינען אין אַזעלכע ערטער, ווו אפילו דאָס ווינציק־איבערקלײַבעריש מויל־אייזל איז ניט אימשטאַנד צו לעבן. די לאַמעס האָבן שוין, ווײַזט אויס, געוווּסט וואָס מענטשן זײַנען, וואָרום ווי זיי האָבן נאָר דערזען דעם אָטריאַד, אַזוי האָבן זיי אין גרויס שרעק גענומען אַפּציִען פון־דאַנען. דאָ האָבן זיך אויך געפינען שינ־שילן, קליינינקע גוטע און שרעקעוודיקע בײַעלעך מיט זייער שיינע און געדיכטע פעלכלעך.

אַגעוו, זײַנען דידאָזיקע בײַעלעך געווען נאָך ניט די לעצטע פאָרשטייער פונעם היגן באַלעכאַים־קעניגרײַך. אָפּ א הייך פון 9000 פוס, בא דער גרענעץ פון אייביקע שנייען, האָבן די רײַזנדער באַגעגנט גאַנצע טשערעדעס מיט אויסערגעוויינלעך שיינע הערנערלאָזע ציגן, וואָס זײַנען געווען זייער שיין געבויט און פאַרמאָגט די דינסטע וואָל. זיך דערנעענטערן צו זיי איז גאָרניט

געווען שיַיעך. מע פלעג ניט באַוויַיזן אַף זיי קיין גוטן קוק טאָן, ווי זיי פלעגן גליַיך פאַרשווּנדן ווערן פונדאַנען, זיך גליטשנדיק אָן שום גערויש איבערן בלענדענדיק־וויַיסן שנייענעם טעפּיך.

איצטער האָבן זיך די בערג אינגאַנצן איבערגעבילדעט. גרויסע אײַז־מאַסיוון, וואָס לײַכטן זיך דורך מיט זייער בלויקייט באַ די ווינקלען באַ זייערע, האָבן אָפּגעשפּיגלט אין זיך די ערשטע טאָג־שטראַלן.

דער אופשטײַג איז, וואָס ווײַטער, געוואָרן אַלץ געפערלעכער, באַ יעדער טראָט האָט מען געמוזט פריִער אַרײַנשטעקן דעם שטעקן אין שניי אַרײַן און זיך איבערצײַגן, צי סע געפינט זיך אונטערן שניי אַ האַרטער באָדן און ניט קיין אָפּגרונט. דאָ האָט זיך ווילסאָן אָוועקגעשטעלט אין דער שפּיץ פונעם אָטריאַד, און זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורע הינטער אים. יעדערער האָט זיך באַמיט, ער זאָל שטעלן דעם פוס זײַנעם ניט אַנדערש, ווי נאָר אַפן שפּור פון דעם פריִער־דורכגעגאַנגענעם כאַווער זײַנעם. זיי האָבן מוירע געהאַט הויך אַ וואָרט אויסצורײדן, ווײַל דער קלע־סטער גערויש האָט דאָ אופגעטרייסלט די לופט און דאָס האָט געקענט ברענגען צו דעם, אַז ס׳זאָלן זיך אָפּוואַלגערן גאַנצע מאַסן שניי, וואָס הענגען קימאַט איבער די סאַמע קעפּ אַף אַ הייך פון 7־8 הונדערט פוס.

זיי האָבן זיך נאָך געפונען אין דער זאָנע פון די קוסטן־ביימער. אַן ערעך אַנדערהאַלבן טויזנט פוס העכער האָבן די קוסטן־ביימער אָפּגעטראָטן זייער פּלאַץ די קאַקטוסן. אַף אַ הייך פון 11.000 פיס זײַנען אויך דידאָזיקע געוויקסן פאַרשווּנדן געוואָרן, און דער באָדן איז שוין געוואָרן אינגאַנצן פּרוכטלאָז.

די רײַזנדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף אָפּרו בלויז איין מאָל אין מעסלעס— אַכט אַזייגער אינדערפרי. זיי האָבן גיך איבערגעביסן, קעדיי צו אָפּפרישן ווי עס איז די קויכעס און זיך מוטיק ווידער נעמען צום אופשטײַגן, בײַקומענדיק די געפאַרן. סע איז זיי אויסגעקומען אַרופקלעטערן אַף שפּיציקע באַרג־פעלדזן אָדער איבערגיין איבער אָפּגרונטן, וואָס איז גאָר געווען אַ שרעק אָפּצומעסטן מיטן בליק די טיף זייערע. אין אַסאַך ערטער האָבן זיי באַגעגנט הילצערנע ציילעמער, די שווײַגנדיקע איידעס פון די פאַרגאַנגענע קאַטאַסטראָפעס. אַרום צוויי אַזייגער נאָך האַלבן טאָג זײַנען זיי אַרויסגעגאַנגען אַף אַ גרויסער אינגאַנצן ליידיקער פּלאַכקײַט, וואָס איז געלעגן צווישן די הוילע באַרג־שפּיצן. די לופט איז געווען טרוקן, דער הימל—באַדעקט מיט אַ געדיכטער בלויער באַז־פאַרבונג. אַף דערדאָזיקער הייך ווייסט מען קיינמאָל ניט פון קיין רעגנס; די וואַסער־אויסדאַמפונגען זעצן זיך דאָ אָפּ נאָר אינעם אויסזעען פון שניי אָדער האָגל. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געטונקלט עטלעכע באַזאַלט־און פּאָרפיר־וואַלגער־שטיינער. אַף דעם ווײַסן צודעק פון שניי האָבן זיי אויסגעזעען ווי די ביינער פון אַ סקעלעט. צײַטנווײַז האָבן זיך פון דער קעלט צעשפּאַלטן שטיקער קוואַרץ אָדער גנייס. זיי פלעגן זיך לאָזן מיט אַ טויבן קנאַקערײַ אַראָפּקײַקלען, אָבער דעם געהילך האָט מען דאָ, אין דער שיטערער אַטמאָספער, קוים געהערט.

ניט געקוקט אַף דער גאַנצער העלדישקײַט, האָט זיך דאָך דער קלענקער

אָטריאַד שטאַרק אַרויסגעשלאָגנ פונ די קויכעס. אַז גלענאַרוואַנ האָט דערזענ, וויאַזוי זײַנע מיטרײַזנדער פאַלנ פונ די פיס פונ מידקײַט, האָט אימ שוינ אָנגעהויבנ באַנק טאָנ, וואָס ער האָט, ניט באַטראַכטנדיק, זיכ אופגעהויבנ אַזוי הויכ אינ די בערג. ראָבערט האָט זיכ באַמיט מיט אַלע קויכעס זיכ האַלטנ אַפ די פיס, אָבער ער איז שוינ מער ניט געווענ אימשטאַנד פאָרצוזעצנ דעמ וועג. דאָס האָבנ שוינ אַלע זייער גרינג געקענט דערקענענ. דרײַ אַזייגער נאָכ האַלבנ טאָג האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אָפּגעגעבנ אַ באַפעל מע זאָל זיכ אָפּשטעלנ.

— מע מוז אָפּרוענ, — האָט ער זיכ אָנגערופנ, זעענדיק, אַז קיינער שטעלט זיכ ניט אײַנ דער ערשטער אַרײַנצוטראָגנ אָט דעמדאָזיקנ פאָרשלאַג.

— ווו־זשע וועלנ מיר דאָ אָפּרוענ? — האָט פאַגאַנעל געפרעגט. — מע זעט דאָכ דאָ אינ ערגעצ ניט קיינ שום ווינקל, ווו מע זאָל זיכ קענענ צוטוליענ.

— אונ דאָכ מוז מענ זיכ אָפּשטעלנ, מעג עס זײַנ אַפילע נאָר צוליב ראָבערטס וועגנ אַליינ.

— ניינ, ניינ, סער! מע דאַרפ ניט. צוליב מיר דאַרפ מענ זיכ ניט אָפּשטעלנ, — האָט דאָס בראַווע יאַטל געענטפערט, — מיר וועלנ נאָכ קלעקנ קויכעס צומ גיינ.

— אויב ניט, וועלנ מיר דיכ אַביסל אונטערטראָגנ, מײַנ טײַער יאַטל, — האָט זיכ פאַגאַנעל אָנגערופנ. — אָבער ווי דאָס, לעבנ איז אונדז ליב, מוזנ מיר זענ זיכ דערקלײַבנ צומ מיזרעכדיקנ אַראָפּ־אַ־באַרג. סע קענ זייער זײַנ, אַז דאָרטנ וועלנ מיר טרעפנ אַ וואָסער ניט איז ווינקל אַפ אָפּצורוענ. לויט מײַנ אויסרעכענונג, דאַרפנ מיר נאָכ גיינ ניט מער, ווי צוויי שאָ.

— אַלע זײַנענ אײַנשטימיק מיט פאַגאַנעלנ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אַ פרעג געטאָנ.

— אַלע! — האָט דער גאַנצער עולעמ געענטפערט אינ איינ קאָל.

מיולרעדי האָט צוגעגעבנ:

— דאָס יאַטל נעמ איכ אַפ זיכ.

אונ דער אָטריאַד האָט זיכ געלאָזט אינ וועג אַרײַנ. נאָכ צוויי אויסמאַטערנדיקע שאָ האָט אָפּגענומענ דאָס קלעטערנ צומ באַרג־שפּיצ. די שיטערע לופט האָט זייער פאַרשווערט דאָס אָטעמענ אונ האָט אַרויסגערופנ שטיקנדיקע ספּאַזמעס. עס האָט זיכ געלאָזט בלוט פונ די יאַסלעס אונ פונ די ליפּנ, אַדאַנק דעמ, וואָס די אויסערלעכע אַטמאָספער־דריקונג באַמ לײַב איז געוואָרנ אַ קלענערע, ווי די אינערלעכע.

קעדיי די לונגענ זאָלנ אַרײַננעמענ די נויטיקע צאָל וויערשטאָפ פונ דער שיטערגעוואָרענער לופט, האָט מענ געמוזט אָטעמענ גיכ, גיכ, אונ דאָס האָט די מענטשנ נאָכ מער מיד געמאַכט. צו אַלע צאָרעס האָבנ נאָכ באַ די רײַזנדער גענומענ שטאַרק ווייִ טאָנ די אויגנ פונ די זונ־שטראַלנ, וואָס האָבנ זיכ צעבלישטשעט אונ אָפּגעגלאַנצט איבערנ שניי־צודעק. ווי שטאַרק די ווילנסקראַפט באַ דידאָזיקע מענטשנ איז ניט געווענ, איז דאָכ אָנגעקומענ אַ

מאָמענט, ווען די סאַמע שטאַרקסטע פון זיי זײַנען געפאַלן אין אָנמאַכט. אַלס צוגאָב צו די אַלע אומגליקן, האָבן זיי נאָך באַקומען אַ שטאַרקן קאָפּ־שווינדל,—דערדאָזיקער שרעקלעכער אָנזאָגער פון דער באַרג־קרענק, וואָס נעמט צו בײַ מענטשן ניט נאָר די פרישע קויכעס, נאָר אויך זייער מוטיקייט. ווײַזט אויס, אַז מע האָט טאַקע ניט געטאָרט איבעריקס אײַנמידן דעם אָרגאַניזם און אים דערפירן ביז צו אַזאַ מין מאַדרייגע. אײַנגיכן האָבן זיך גענומען די מענטשן אָפּטער שטרויכלען בײַם גיין. אַז איינער איז אומגעפאַלן, האָט ער שוין מער זיך אויף די פיס ניט געקענט שטעלן און סע איז אים אויסגעקומען פאַרצווזעצן דעם וועג פויזענדיק און קריכנדיק אויף די קני.

פון מינוט צו מינוט האָט די מידקייט געדראָט מאַכן אַ סאָף צום פאַר־צויגענעם איבערגאַנג, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט אין גרויס שרעק געטראַכט, אַז סע האַלט שמאָל מיטן אָטריאַד מיט זײַנעם, און ווו וועט ער נעמען אַ ווינקל אויף אָפּצורוען דאָ, צווישן די גרענעצלאָזע שנייִקע ראַכוועסן, בײַ אַזאַ מין קעלט, וואָס הערשט אין דידאָזיקע טרויעריקע ערטער, אײַנמיטן באַנאַכט, ווען די נאַכטיקע שאָטנס קלעטערן אַזוי פלינק צו די מוירעדיקע באַרג־שפּיצן... אָבער אין דעמזעלבן מאָמענט האָט דער מאַיאָר אים אָװעקגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל און האָט גאַנץ רויִק, ווי זײַן שטייגער איז, אַ זאָג געטאָן:

— אַ הײַזקע!

## דרײַצנטע קאַפּיטל

# דער אַראָפּשטײַג פון די קאָרדיליערן

קען זײַן, אַז עמעצער אַנדערש אויף מאַק־נאַבסעס אָרט, ווען אים קומט אויס הונדערט מאָל דורכצוגיין דאָ פאַרבײַ, אַפילו לעם דער סאַמע הײַזקע, וואָלט אים ניט אײַנגעפאַלן אין געדאַנק, אַז דאָ געפינט זיך עפּעס. בלויז אַ שנייִק בערגל האָט זי אונטערשיידט פון די איבעריקע פעלדזן, וואָס רינגלען זי אַרום. ס'איז אויסגעקומען אָפּצוגראָבן דעם אַרײַנגאַנג אַהין, און נאָך אַ האַלבער שאָ אומופהערלעכער אַרבעט, האָבן ווילסאָן מיט מיולרעדין ענדלעך באַפרײַט די טיר פונעם שניי, און דער קלייניקער אָטריאַד האָט זיך אַרײַנגעוואַלגערט אין דער „קאַזוכע" אַרײַן.— אַזוי ווערן אין דידאָזיקע ערטער אָנגערופן אַזעלכע מינים געבײַדעס.

דידאָזיקע הײַזקע האָבן די אינדיִאַנער צונויפגעלייגט פון „אַדאָבע"—וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס ענלעך אויף ציגל, וועלכע מע ברענט אויס אויף דער זון. די הײַזקע האָט אויסגעזען ווי אַ קוב, וואָס יעדע זײַט אירער פאַרנעמט 12 פוס. אויסגעבויט איז זי געווען אויף שפּיץ פון אַ באַזאַלטענעם באַרג־פעלדז. די טרעפּלעך, וואָס זײַנען געווען אויסגעהאַקט אינעם פעלדז, האָבן געפירט צו דער טיר, וואָס איז געווען די איינציקע עפענונג אין דער קאַזוכע

אַרײַן. אָבער ווי שמאָל די טיר זאָל ניט זײַן, האָט זיך דאָך אײַנגעגעבן דעם ווינט, דעם שניי און דעם האָגל זיך דורכשלאָגן דורך איר אינעווייניק אין הײַזקע אַרײַן.

אינעווייניק אין הײַזקע האָט גראַדע געסטײַעט פלאַץ פאַר גאַנצע צען פאַר־שוין. ווי פרימיטיוו דאָסדאָזיקע געבײַעלע זאָל ניט זײַן, האָט עס דאָך פאָרט ווי עס איז פאַרטיידיקט דעם עולם פון קעלט. אויסער דעם, האָט זיך דאָ געפונען אַזעלכס, וואָס איז ענלעך אַפ אַן אײַוועלע מיט אַ ציגלענעם רויכ־אַרויספירער. הייסט עס, אַז מע האָט דאָ געקאָנט צעלייגן אַ פײַער און דערפאָלגרײַך קעמפן מיטן צענגראַדוסדיקן פראָסט, וואָס איז דרויסן.

— נו, איז אָט האָבן מיר שוין אַן אַנטרינונג־פלאַץ! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — קען זײַן, אַז מיר וועלן דאָ ניט האָבן קיין איבע־ריקן קאָמפאָרט, אָבער פונדעסטוועגן איז זיך שוין דאָ ווּ צוצוטוליען.

— איר זינדיקט, ליבער גלענאַרוואַן! — האָט פאַגאַנעל דערווידערט. — דאָס איז אַן עכטער פּאַלאַץ. דאָ פעלט אונדז נאָר אויס אַ סווישע און אַ וואַך. מיר וועלן זיך דאָ אײַנאָרדענען אַפן גלענצנדיקסטן אופן.

— באַזונדערס דאַן, ווען מיר האָבן דאָס גליק, אַז אַ פײַן פײַער זאָל זיך צעפלאַקערן דאָ אין אײַוועלע, — האָט טאָם אַאוסטין צוגעגעבן. — וואָרום אויב איך האָב קיין מאָעס ניט, דערגייט אונדז די קעלט ניט ווינציקער, ווי דער הונגער. דעם עמעס געזאָגט, וואָלט איך איצט אָפּגעגעבן די געשמאַק־סטע מײַכאָלים פאַר איין בערעמקעל גוט האָלץ.

— אין דעם וועט קיין מעניע ניט זײַן, — האָט פאַגאַנעל געענטפערט. — איר מעגט זײַן זיכער, אַז הייץ־מאַטעריאַל וועלן מיר דאָ געפינען.

— הייץ־מאַטעריאַל אַפן שפּיץ פון די קאָרדיליערן? — האָט מיולרעדי אויסגערופן און האָט קווענקלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווי באַלד דאָ אין הײַזקע געפינט זיך אַן אײַוועלע — איז שוין פון דעם אַליין געדרונגען, אַז אין דערדאָזיקער אומגעגנט קען מען געפינען עפּעס אַזעלכס, מיט וואָס מע קען עס באַהייצן, — האָט דער מאַיאָר באַמערקט.

— פרײַנט מאַק־נאַבס איז גערעכט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגע־רופן. — איר גרייט נאָר צו פּראָדוקטן צום אָוונט־ברויט, און איך וועל גיין זוכן הייצוואַרג.

— איך גיי אויך מיט אײַך, — האָט פאַגאַנעל געענטפערט.

— און איך אויך, — האָט זיך ווילסאָן אָנגערופן.

— און איך אויך, — איז ראָבערט אַרויס פון זײַן ווינקל.

— ניין, פרײַנטעלע, דו וועסט שוין בלײַבן דאָ, — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט. — איך זאָג דיר פיר אַפ זיכער, אַז ס'וועט שוין פון דיר אויסוואַקסן אַן עכטער מאַנצבל. ווען דײַנע גלײַכן כאַווײרים וועלן נאָך זײַן קינדער, וועסטו שוין זײַן אַ גרויסער.

מיסטער גלענאַרוואַן, פאַגאַנעל און ווילסאָן זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון דער הײַזקע. ס'איז געווען אַרום זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, די הימל־בלויקײַט

האָט גענומען געדיכטער ווערן, און די באַרג־שפּיצן זײַנען נאָך געווען באַשײַנט מיט די מעשופּעדיקע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון. פּאַגאַנעל, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט מיט זיך דעם באַראָמעטער, האָט באַוויזן דעם אוילעם, אַז דער קוועקזילבער שטייט אויף אַ ניוואָ פֿון 495 מילימעטער. דאָס פֿאַלן פֿון דעם קוועקזילבער־פּאָסיקל האָט אָנטשפּראָכן דער הייך פֿון 11 טויזנט 700 פֿוס איבערן יאַם־ניוואָ. אַזוי אַרום, איז דאָס אָרט פֿון זייער נאַכטלעגער אויף די קאָרדילייערן געווען אויף 910 מעטער נידעריקער פֿונעם שפּיץ מאָנבלאַן. ווען די רײַזנדער וואָלטן דאַרפֿן אויסשטיין אויף די קאָרדילייערן אַזויפֿיל שטערונגען, וויפֿל די אַלפּיניסטן קומט אויס אויסצושטיין אויפֿן שווייצאַרישן גיגאַנט, ווען דאָ באַפֿאַלן זיי די שטורעם־ווינטן אָדער אַפֿילו געוויינלעכע ווינטן, איז אַ גרויסע פֿראַגע, צי זיי וואָלטן בײַגעקומען דעמדאָזיקן באַרג־רוקן.

גלענאַרוואַן און פּאַגאַנעל האָבן אַרופֿגעקלעטערט אויף אַ הויכן פֿאָרפּיר־פֿעלדז און זיי האָבן אַרומגעכאַפּט מיטן בליק דעם גאַנצן האָריזאָנט. זיי האָבן זיך געפֿינען אויפֿן שפּיץ פֿון דער „נעוואַדע", און די גרענעצן פֿונעם האָריזאָנט האָבן זיך פֿאַנאַנדערגערוקט פֿאַר זיי אויף 40 מײַל צו יעדער זײַט. פֿון מיזרעך האָט מען אַרויסגעזען דעם פֿלאַכן אַראָפּ־אַ־באַרג. די פּאָמפּאָנען לאָזן זיך אָפּט אַראָפּ פֿונדאַנען אויף אַזאַ מין אויפֿן: זיי לייגן זיך אַוועק אויף די רוקנס און גליטשן זיך אַראָפּ אויף אַ שטרעקע פֿון עטלעכע הונדערט קלאַפֿטער. פֿונוויײַטנס האָט מען אַרויסגעזען לאַנגע און לענגלעכיקע מאָרענע־פֿאַלדן. דאָס זײַנען געווען צונויפֿגעהויפֿטקײַטן פֿון אַרומגעבראָכענעם באַר־גיקן געשטיין, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דעם אויבערפֿלאַך פֿון די גלעטשערס. דער טאָל פֿון דעם טײַך קאָלאָראַדאָ איז שוין געווען אַרומגעהילט מיט באַ־נאַכטיקער פֿינצטערניש. צו מיזרעך־צו זײַנען נאָר די קאַמען פֿון די באָדנ־פֿאַלדן, די געזימסן מיט די באַרג־שפּיצן געווען באַלויכטן מיט מעשופּעדיקע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון. די דעמערונג האָט בעהאַדראָגע גע־נומען אַרומהילן דעם גאַנצן מיזרעכדיקן קאָרדילייערן־שיפּוע. צו מײַרעוו־צו האָט די שײַן נאָך פֿאַרגאָסן אַלע פֿאָרנט־טיילן פֿון דעם באַרג. די פֿעלדזן און די אײַזשטיקער, וואָס זײַנען באַלויכטן מיט ראָז־רויטע שטראַלן, האָבן מאַמעש געבלענדזט מיט זייער שיינקײַט. צו צאָפֿן־צו האָט זיך אַוועקגעצויגן אַ קייט מיט בערג, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין נידעריקער ווערן און האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין כוואַליעדיקער ליניע, פּונקט ווי עמעצנס אַ ציטעריקע האַנט וואָלט דידאָזיקע ליניע דורכגעפֿירט מיט אַ בלײַער איבער דער ערד. דער עק אירער האָט זיך פֿאַרלאָרן אין דער נעפּלדיקער ווײַט. דערפֿאַר איז צו דאָרעם־צו דאָס בילד געווען ווירקלעך גראַנדיעז, און די נאַכט־דער־נענטערונג האָט נאָר פֿאַרשטאַרקט איר פּרעכטיקײַט. פֿאַרן אויג האָט זיך מיט דער גאַנצער קראַפֿט מיט זײַנער אויפֿגעעפֿנט דער לעגענדאַרישער אומגעהויער — דער וווּלקאַן אַנטוקאָ, וואָס שפּײַט אויס פֿון זיך ריזיקע קנוילן רויך מיט פֿלאַקער. די זײַטן זײַנע, וואָס זײַנען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן רינג בערג, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געווען אַרומגעהילט מיט אַ

סרייפע. א האָגל מיט צעגליטע שטיינער איז, ווי א בלענדזנדער פייערווערק, ארופגעפלויגן איבערן קראטער. גאנצע שטראָמען מיט ברענענדיקער לאווע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטיק גרויסן פלייץ, א זייל רויטער רויך האָט זיך אופגעהויבן ארופצו, א רויטקייט האָט ארומגענומען דעם גאנצן הימל, ביי קומענדיק די לעצטע בלייכע שטראלן פון דעם טאָג־באלייכטער, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן באהאלטן פון יענער זייט טונקעלער ליניע איבערן האָריזאָנט.

פאגאנעל מיט גלענארוואנען האָבן א לאנגע צייט, ווי פארצויבערטע, זיך ניט געקענט אָפרייסן פון דעמדאָזיקן עמעס־בלענדזנדיקן בילד, ווו סע קעמפן צווישן זיך דאָס ערדישע מיטן הימלשן פייער. אָבער ווילסאָן, וואָס איז געווען פראָזאישער פון זיי, האָט זיי אומגעקערט צוריק צו דער ווירקלעכקייט. קיין ביימער זיינען דאָ, פארשטייט זיך, ניט געווען ארום, אָבער צום גליק, זיינען די זייטן פונעם בארג־שפיץ געווען באדעקט מיט טרוקענעם מאָך. די אימפּראָוויזירטע האָלצהעקער האָבן מיטגענומען מאָך וויפל זיי האָבן נאָר געקענט מיט זיך פארטראָגן, זיי האָבן אויך אָנגעריכן וואָרצלען פון דעם ליארעט־געוויקס, און דאָס אלץ צוזאמען האָט געדינט פאר גאָרניט קיין שלעכטן הייצ־מאַטעריאל.

דאָס קאָסטבארע הייצווארג האָט מען אָפגעטראָגן אין דער קאזוכע אריין און אוועקגעלייגט אפן אייוועלע. צעלייגן. פייער איז אָנגעקומען גאנץ שווערלעך און נאָך שווערער איז געווען דאָס אונטערצוהאלטן, ווייל די שיטערע לופט האָט פארמאָגט אין זיך צו ווינציק זויערשטאָף, אז דאָס פייער זאָל זיך האָבן מיט וואָס צו דערנערן. אזוי האָט, אָלנפאלס, פאגאנעל דערקלערט די לאגע.

— דערפאר, — האָט ער צוגעגעבן, — וועט דאָס וואסער זיך דאָ פארשפּאָרן אָנווארעמען ביז הונדערט גראד, עס וועט אופזידן אסאך פריער. די, וואָס האָבן ליב קאווע, וואָס מע פארקאָכט זי אין הונדערטגראדיקן וואסער, וועלן זיך בא אונדז מוזן באנוגענען מיט א קלענערער טעמפעראטור, ווייל אפ דערדאָזיקער הייך, ווו מיר געפינען זיך, קען דאָס וואסער אופזידן אן ערעך בא א טעמפעראטור פון וואָסערע 90 גראד *.

אלע האָבן מיט א גוואלדיקער האנאָע אויסגעטרונקען צו עטלעכע זופּ הייסע קאווע. דאָס געטריקנטע פלייש האָט מען שוין באגעגנט מיט א קלענערן כיישעק. בעשאס מע האָט זיך צו דעם א נעם געטאָן, האָט פאגאנעל ארויסגעזאָגט א פארלאנג, וואָס האָט, אגעוו, קיין פראקטישע אָנווענדונג נישט געקענט האָבן איצטער, אָבער דאָך האָט ער זיך איטלעכן געלייגט אפן געדאנק.

— אָט צו אלדערוכעס! — האָט ער זיך אָנגערופן, — ווען מיר האָבן איצט א ביפשטעקס פון לעמער־פלייש, וואָלטן מיר עפשער קיין בעסערס ניט גע־

* דער זיד־פונקט פון וואסער פארקלענערט זיך אן ערעך אם א גראדוס אם יעדער 324 מעטער הויכ־שטייגונג.

וואָלט. מע זאָגט, אז דידאַקטיק באַלעבאַטים קענען אין דעם זין פארבייטן אי דעם שעפס, אי דעם רינד! מיך וואָלט נישט געאַרט, ווען איך א יבערצייג זיך אינדרינען, אַף וויפל דאָס איז ריכטיק. פאַרשטייט זיך... פונעם קולינאַרן שטאַנדפּונקט.

— וואָס רעדט איר, וואָס, מייַן ליבער געלערנטער פרייַנט? מע קען דאָך מיינען, אז איר זייַנט ניט צופרידן מיט אייַער איצטיקן אָוונט־ברויט? — האָט דער מאיאָר א זאָג געטאָן.

— גאָר, מייַן בראַווער מאיאָר, איך בין אַנטציקט פון אזא מין אָוונט־ברויט, אָבער איינס צום אַנדערן האָט ניט. מיר דאַכט זיך, אז איך האָב דאָס פולע רעכט צו באַשטעטיקן, אז ווען מיר האָבן א שטיקל פריש געווילד צום אָוונט־ברויט, וואָלט עס אונדז ניט קאַליע געמאַכט.

— אויב אזוי, זייַנט איר דאָך גאָרניט קיין קליינער איבערקלייַבער, — האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופן.

— איך זאָג זיך ניט אָפּ פון דערדאָזיקער אָפּשאַצונג אייַערער, — האָט מאַק־נאַבס... 

— איך זאָג זיך ניט אָפּ פון דערדאָזיקער אָפּשאַצונג אייַערער, הער מאיאָר. אָבער זייַט אָפנהערציק און זאָגט אונדז דעם גאַנצן עמעס: איר וואָלט זיך פילייַכט אויך ניט אָפּגעזאָגט פון קיין שטיקל ביפשטעקס?

— מעגלעך.

— און ווען מע בעט אייַך נאָך, איר זאָלט צוליב דעם אַרויסגיין אַף געיעג, גלויב איך, אז איר וואָלט אויך גאָרניט ניט געהאַט דאַקעגן, ניט געקוקט אַף דער קעלט און אַף דער נאַכט.

— קלאָר...

מאַק־נאַבס מיטבאַגלייטער האָבן ניט באַוויזן אויסצודריקן דעם מאיאָר זייערע דאַנקבאַרקייַט־געפילן פאַר זייַן קעסיידערדיקער גרייטקייַט עפּעס אויפֿצוטאָן פון זייערטוועגן, ווי ס'האָט זיך פלוצים דערהערט א געשריי פון כּייַעס און א ווילד רעווערייַ. אַלע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. ס'זאָל זייַן איין כּייַע, וואָלט עס נאָך געווען ווי צו דערלייַדן, אָבער דאָ האָט זיך, קענטיק, צערעוועט עפּעס א גאַנצע טשערעדע און וואָס א רגע דערנעענטערט זיך דער גערויש אַלץ גיכער און שטאַרקער.

אַלע זייַנען אַרויסגעלאָפן פון דער הייַזקע. אין דרויסן איז שוין געווען שטאָק־נאַכט. דער הימל איז, אַגעוו, געווען אויסגעשטערנט, די לעוואָנע־ראָד האָט זיך נאָך ניט באַוויזן אַפן האָריזאָנט, און די בערג־שפּיצן צו צאָפן און צו מיזרעך האָט מען ניט אַרויסגעזען אינדערפינצטערניש, דער בליק האָט געקאָנט אונטערשיידן אַפן אָרום בלויז די פאַנטאַסטישע סילועטן פון די פעלדזן.

אָך, ס'איז רעווערייַ! דאָס רעווערייַ פון די דערשראָקענע באַלעבאַטים האָט זיך נעהאַלטן אין איין דערנעענטערן. פון ערגעץ פונעם קאָרדילערן־כאַשכעס האָט זיך געיאָגט א גוואַלדיק־גרויסע טשערעדע. וואָס האָט עס דאָרטן אַזעלכס געקענט פאָרקומען? פלוצים איז אַף די רייַזנדער אָנגעפלויגן א גאַנצע לאַווע, אָבער ניט קיין שנייקע און ניט קיין שטיינערנע. דאָס איז

געווען אַ לאַווע פֿון לעבעדיקע באַשעפֿענישן, וואָס זײַנען ווילד געוואָרן פֿון שרעק. זיי האָבן זיך אַזוי צעטופּעט לויפֿנדיק, אַז דער גאַנצער באַרג האָט, דאַכט זיך, געציטערט אונטער זייערע פֿיס. דאָרטן זײַנען געווען הונדערטער און, ווער ווייסט, עפּשער טויזנטער, און ניט געקוקט אויף דער שיטערער לופֿט, האָבן זיי דאָך אַרויסגעלאָזט אַ פֿאַרטויבנדיקן געשריי. צי דאָס זײַנען געווען ווילדע כײַעס פֿון די פּאַמפּאַסן אָדער פּאַשעט אַ טשערעדע לאַמעס, — איז איצט גאָר שווער געווען צו אונטערשיידן. די רײַזנדער האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער ערד, ווי דער לעבעדיקער שטורעם איז אָנגעפֿלויגן אַהער. פּאַגאַנעל, וואָס איז דער איינציקער געבליבן שטיין, קעדיי זיך בעסער אײַנצוקוקן אין דעם בייזוווּנדער, איז די רעגע אומגעפֿאַלן, דאָס הייסט, ער איז ניט אומגעפֿאַלן, נאָר אין איין אויגנבליק האָט עס אים אומגעוואָרפֿן.

אין אָט דער רעגע האָט זיך דערהערט אַ ביקסן־שאָס. דאָס האָט דער מאַיאָר אויסגעשאָסן ניט געצילטערהייט אין דער טשערעדע אַרײַן. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז איינע פֿון די באַלעכאַיִם וועט ער דאָך געוויס אַוועקלייגן, און וויאַזוי ער האָט זיך פֿירגענומען, אַזוי איז עס טאַקע געווען — אין עטלעכע טריט פֿון אים האָט ער, דוכט זיך, געהערט, ווי איינע פֿון זיי איז אומגעפֿאַלן. אָבער די גאַנצע טשערעדע האָט זיך אַוועקגעטראָגן מיט אַ פֿאַרצווייפֿלטן רעוועריי און זיך אַראָפּגעקײַקלט אַראָפּ־אַ־באַרג, וועלכער איז ערטערווײַז געווען באַלויכטן פֿונעם פֿלאַם, וואָס דער וווּלקאַן האָט פֿון זיך געשפּיגן.

— אָ, געפֿונען! — האָט זיך אינדערפֿינצטער דערהערט פּאַגאַנעלס קאָל.

— וואָס געפֿונען? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— מײַנע ברילן! כ'איז מיר גאָר אַליין אַ ווונדער, וויאַזוי זיי זײַנען גאַנץ געבליבן בײַ אַזאַ מין ערד־ציטערניש. ס'איז ממש צו באַוווּנדערן.

— זײַנט איר כאָטש ניט פֿאַרוווּנדעט?

— אָ, ניין, בלויז די ביינער אַביסל צעריבן, נאָר סע מאַכט ניט אויס. ווער קען מיר זאָגן, וואָס זײַנען עס געווען פֿאַר אַ באַלעכאַיִם?

— דאָס קענען מיר זיך באַלד דערוויסן, — האָט דער מאַיאָר געענטפֿערט און גענומען שלעפּן צו דער הײַזקע די כײַע, וואָס ער האָט נאָרוואָס דערשאָסן.

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער הײַזקע און דאָרטן האָבן זיי בײַ דער שײַן פֿונעם שטוביקן פֿײַער באַטראַכט מאַק־נאַבס „געווילד".

— דאָס איז אַ גואַנאַקאָ! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן מיט גרויס פֿרייד, ווי ער וואָלט דערזען אַן אַלטן באַקאַנטן.

— און וואָס איז עס אַזעלכס גואַנאַקאָ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געפֿרעגט.

— אַ כײַע, וואָס טויג זייער גוט צום עסן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.

— און דאָס פֿלייש אירס איז געשמאַק?

— זעלטן. ס'איז אַזאַ מין מײַכל, וואָס אַ מיילעך מעג דאָס עסן. אָבער

זעט כאַטש, ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז מירן האָבן צו אָוונט־ברויט פריש פֿלייש, און נאָך א מין פֿלייש! ווער איז א באַלן אָפּשינדן די פֿעל?

— איך, — האָט זיך ווילסאָן אָנגערופֿן.

— איז גוט, און איך וועל אײַך שוין צוגרייטן פֿון דעם דאָס פֿײַנע געבראָטנס, — האָט פּאגאנעל געענטפֿערט.

— הער פּאגאנעל, — האָט ראָבערט א פֿרעג געטאָן, — איר קענט דען זײַן א קעכער?

— ווי דען, מײַן ליבּ יינגל, איך בין דאָך א פֿראנצויז, און יעדער פֿראנצויז איז אין דער נעשאָמע אביסעלע א קעכער.

אין פֿינף מינוט ארום האָט שוין פּאגאנעל אוועקגעלייגט גרויסע שטיקער „געווילד" אף די צעגליטע קוילן.

נאָך אין צען מינוט ארום האָט דער געלערנטער קעכער אײַנגעלאַדן זײַנע מיטרײַזנדער, זיי זאָלן זיך דערקוויקן מיט א שטיקעלע „גוואנאקאָ־פֿלייש". דער אוילעם האָט זיך ניט געלאָזט לאנג בעטן און אלע האָבן זיך גאנץ זשעדנע צוגעכאפּט צום הייסן פֿרישן ביסן. אָבער ווי פֿארוווּנדערט דער געאָגראף איז געוואָרן, ווען יעדערער האָט זיך באַם ערשטן ביסן גלײַך פֿארקרימט און גענומען אויסשפּײַען די ניט־דערקײַטע שטיקלעך.

— פֿע, פֿאסקודנע! — האָט זיך איינער אָנגערופֿן.

— מע קען דאָך עס אין מויל ניט נעמען, — האָט דער צווייטער באשטעטיקט.

דער אָרעמער געלערנטער האָט אליין גענומען א „שטיקל „פֿיליי" אף צו פֿארזוכן און ער אליין האָט געמוזט מודע זײַן, אז א מענטש, ווען ער גייט אויס אפֿילע פֿון הונגער, וואָלט אויך דאָסדאָזיקע געבראָטנס ניט געוואָלט נעמען אין מויל ארײַן. די כאווייִרים האָבן זיך אָנגעהויבן וויצלען איבער פּאגאנעלס קעניגלעכן מײַכל. בא אים גופֿע האָט זיך אויך ניט געקענט פֿאָטופֿען אין מויעך: וואָס הייסט עפּעס ס'זאָל אזעלכס געשען? אז דאָס גוואנאקאָ־פֿלייש, וואָס די גאסטראָנאָמען שאצן אזוי הויך, זאָל בא אים אין די הענט פּלוצים אף אזויפֿיל קאַליע ווערן, אז מע זאָל עס אין מויל ניט קענען נעמען. פּלוצים האָט אים באשײַנט א געדאנק.

— אָ, איך ווייס שוין! — האָט ער אויסגעשריגן. — איצט פֿארשטיי איך שוין אלץ.

— עפּשער איז דאָס פֿלייש ניט גענוג פֿריש? — האָט מאק־נאבּס א פֿרעג געטאָן מיט זײַן קעסיידערדיקן גלײַכגילט. אָבער דער גאנצער אוילעם האָט זיך צעלאכט פֿון דעמדאָזיקן וויץ.

— ניין, מײַן קלוגיטשקער מאיאָר, דאָס פֿלייש איז גראָדע געווען פֿריש וואָס פֿרישער קאָן ניט זײַן, אָבער די כײַע איז צו שטארק און צופֿיל געלאָפֿן. מיר איז נאָר א כידעש, וויאזוי האָב איך וועגן דעם געקענט פֿארגעסן.

— וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן, הער פּאגאנעל? — האָט טאָם אאוסטין א פֿרעג געטאָן.

— איך וויל אײַך מיט דעם זאָגן, אז דאָס גוואנאקאָ־פֿלייש איז זייער

געשמאַק און גוט אין טאַם נאָר דאַן, ווען סע גיט זיך איַין האַרגענען די כיַיע אין אַ רויִקן צושטאַנד, אָבער אויב מע יאָגט זיך נאָך איר לאַנג, אויב מע צווינגט זי, זי זאָל לאַנג און וויַיט לויפן, דאַן ווערט דאָס פלייש אירס עקלהאַפט. איצט, ווען דליק דאָסדאָזיקע פלייש, וואָס מיר עסן, איז אַזוי פּאַסקודנע אין טאַם, האָב איך די רעכט צו מעלדן קורץ און שאַרף, אַז די כיַיע — און צוזאַמען מיט איר די גאַנצע טשערעדע — איז געלאָפן זייער פון וויַיט.

— זיַינט איר איבערציַיגט אין דעם? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געפרעגט.

— אָ, פולקום, — האָט דער געלערנטער געענטפערט.

— וואָס־זשע האָט עס געקענט ברענגען די כיַיעס אין אַזאַ מין שפּעטער שאָ צו [illegible] שרעק?

— ד[illegible] ווייס איך ניט, ליבער גלענאַרוואַן. אַף דעָרדאָזיקער פראַגע בין איך איַיך ניט אימשטאַנד צו געבן קיין ענטפער, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגע־רופן, — אָבער איך קלער, אַז ס'איז ניט קעדיַי צו גרעכן דעם מויעך אַף דער־דאָזיקער רעטעניש. פאַר אונדז וועט זיַין אַסאַך געזינטער, אַז מיר וועלן זיך לייגן אָפּרוען, וואָרום וואָס נעגייע מיר, כאַלעשט איך אַ דרימל טאָן, איך גיי אויס. שלאָפן מיר, הער מאַיאָר?

— יאָ, הער פּאַגאַנעל, מיר שלאָפן.

מע האָט אונטערגעוואָרפן נאָך הייצונג אין אייוועלע און מע האָט גע־ווונטשן־איינער דעם אַנדערן אַ גוטע־נאַכט. דער אוילעם האָט זיך איַינגע־קוטעט יעדערער אין זיַין פּאָנטשאָ און איינגיכן האָט זיך צעטראָגן איבער דער היַיזקע אַ פילשטימיקע כראָפּעריַי.

בלויז איינ מיסטער גלענאַרוואַן האָט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. זיַינע געדאַנקען האָבן זיך, ניט ווילנדיק, אַלעמאָל אומגעקערט צו דער טשערעדע, וואָס איז ערגעץ נאָך מיסטאַם געלאָפן מיט אַזאַ מין ווילדער אומגעלומפּערטער שרעק. וואָס האָט עס זי געקענט צווינגען, זי זאָל אין בלינדער שרעק זיך לאָזן איבער די אָפּגרונטן פון אַנטוקאָ? מע זאָל זאָגן, אַז ווילדע כיַיעס האָבן זיך נאָך זיי געיאָגט, איז פונוואַנען וועלן זיי זיך נעמען אַהער אַף אַזאַ מין הייך? ס'איז אייך שווער צו זאָגן, אַז יעגערס זאָלן אַהער וועלן קומען. סאָ וואָס־זשע איז סאָרט די סיבע פון זייער פלוצימדיקער שרעק?

גלענאַרוואַנען האָט געזאָגט דאָס האַרץ, אַז דאָ מוז עפּעס זיַין ניט גלאַט. דעָרדאָזיקער ראַש איז ניט אַנדערש, ווי אַן אָפּהילך פון אַ שטורעם, וואָס האָט זיך ערגעץ צעטראָגן באַם צופוסנס פון באַרג אַן ערעך עטלעכע טויזנט פוס הינטער זיי.

גלענאַרוואַן איז טאַקע ניט געשלאָפן, ער האָט באַ די פיַיערלעך, וואָס האָבן אַלעמאָל אופגעפלאַקערט אין אייוועלע, געזען די פּנעמער פון זיַינע שלאָפנדיקע כאַווייריִם. אין דערזעלבער ציַיט האָט ער זיך אַלעמאָל זייער אָנגעשטרענגט צוגעהערט צום דרויסן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט וויַיטער אַזעלכע מאָדנע קלאַנגען, וואָס ער ווייסט ניט, פונוואַנען קענען זיי זיך נעמען אַהער, אין די ליידיקע בערג, ווו קיין מענטשן גייען ניט און קיין

הענער קהייען ניט. פּלוצים האָט ער דערהערט, ווי ערגעץ אינדערווײַט הייבט אָן אָנוואַקסן עפּעס א מאָדנער קנאַלנדיקער געהילך, אזא טויבער און צאָרנדיקער, ווי ס'וואָלט ערגעץ געדונערט אין די ערדישע געדערים.

דערדאָזיקער גערויש האָט נאָך געקענט זײַן א מין ווידערקאָל פון א שטורעם־ווינט, וואָס האָט אויסגעבראָכן ערגעץ באַם צופוסנס פון די עטלעכע טויזנט פוס אונטער זיי. ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, נאָר מיסטער גלענאַרוואַן האָט באַשלאָסן, אז ער מוז זיך אַליין איבערצײַגן אין דעם, וואָס דאָרטן קומט פאָר, און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער הײַזקע.

די לעוואָנע איז ניט לאַנג אופגעגאַנגען. קיין איין וואָלקנדל איז ניט געווען צו זען ניט אפן הימל און ניט אף די באַרג־זײַטן. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך שטאַרק אײַנגעקוקט אין דער פינצטערניש, אָבער ער האָט אינערגעץ ניט געזען אפילע קיין אָנצוהערעניש אף קיין שטורעם, בלויז די פלאַקער־אָפּשפּריצן פון עם וווּלקאַנען האָבן אומגעטאַנצט איבער די שוואַרצע באַזאַלט־פעלדזן. אינעם זעניט האָבן געבלינצלט טויזנטער־טויזנטער שטערן, אָבער דאָך האָט זיך דער גערויש געהערט זייער גוט און דײַטלעך. נאָך מער, ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אפילע, אז דער גערויש דערנעענטערט זיך און רוקט זיך לענגאויס דעם קאָרדילערן־רוקן.

גלענאַרוואַן האָט זיך אומגעקערט אין דער הײַזקע און זײַן אומרו איז נאָך געוואָרן גרעסער, ווי פריער. ער האָט גענומען טראַכטן, אז דאָ מוז זײַן א געוויסער צוזאַמענהאַנג צווישן דעמדאָזיקן אונטערערדישן גערודל מיט דעם אַנטלויפן פון דער טשערעדע גוואַנאַקעס. צי איז דערדאָזיקער דונער־גערודל ניט די סיבע פון זייער שרעק?

מיסטער גלענאַרוואַן האָט א קוק געטאָן אפן זייגער. ס'איז שוין געווען צוויי באַנאַכט. עפּעס האָט זיך אים ניט געוואָלט נעמען וועקן די כאַווײַרים זײַנע, וואָס זײַנען געשלאָפן ווי געהאַרגעטע. האָט ער פון אַלע זאַכן זיך גאָר אַנידערגעלייגט און איז אַרײַנגעפאַלן אין א שווערן שלאָף.

א פאַרטויבנדיקע דונערײַ האָט אים פונסנײַ אופגעוועקט. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז טויזנטער אַרטילערישע וועגענער יאָגן איבער א שטיינערנעם בּרוק. פּלוצים האָט ער דערפילט, אז דער דיל רוקט זיך פונאַנדער בא אים אונטער די פיס... די הײַזקע האָט זיך א וואַקל געטאָן און איינע א וואַנט אירע האָט זיך גלײַך אפן אָרט צעשפּאָלטן.

— אופגעשטאַנען זאָל ווערן! — האָט ער ניט מיט זײַן קאָל אויסגעשריגן.

אָבער זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך שוין סײַווי אופגעכאַפּט. און ווער אף זייער אָרט וואָלט זיך עס ניט אופגעכאַפּט אין אזא רעגע, ווען סע האָט זיי איטלעכן צונויפגעוואָרפן אין איין הויפן און געגעבן א שלעפּ־אַראָפּ מיט א גוואַלדיקער קאָלאָסאַלער שנעלקײַט אַראָפּצו צום אַרונטערן באַרג?!.

דאָס שאַריען פון טאָג האָט גענומען באַלײַכטן א שוידערלעך־מאָדנע בילד. די סילועטן פון די בערג האָבן פּלוצים געענדערט זייער פאָרם. זייערע שפּיצן האָבן זיך צעהוידעט אינדערהייך און דערנאָך האָבן זיי מיט א ווילדן גערודל

זיך גענומען קײַקלען און זינקען, פונקט ווי אין א צעעפנטן לאָך אריַין. א גאנצער באצירק פונעם בארג־רוקן מיטן שפּיץ אינייַנעם, אַף עטלעכע מייַל אין דער גרייס, האָט זיך אָפּגעריסן פונעם אָרט און זיך גענומען גליטשן אראָפּ צו דעם פלאכלאנד *.

— איז עס דאָך אן ערד־ציטערניש! — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן.

דער געלערנטער געאָגראפ איז געווען גערעכט. דאָס איז ווירקלעך געווען אן ערד־ציטערניש, וואָס איז א גאנץ אָפטע דערשייַנונג צווישן די טשיליער בערג און באזונדערס אין דער געגנט, וווּ די רייַזנדער האָבן זיך איצטער געפונען. אין מעשעך פון פערצן יאָר איז דאָ די שטאָט קאָפּיאַנאָ צוויי מאָל כאָרעוו געוואָרן, און די שטאָט סאנט־יאגאָ — פיר מאָל.

די רייַזנדער זייַנען געפלויגן אראָפּ־צו מיט א שווינדלדיקער שנעלקייַט. פליִענדיק, איז זיי אויסגעקומען מיט גרויס גרויל צו באָבאכטן, ווי סע וואלגערן זיך דורך אין די אנטקעגנדיקע אָפּגרונטן אריַין גוואלדיק גרויסע ערד־מאסיוון; וויאזוי הונדערטיאָריקע ביימער רייַסן זיך ארויס מיט די וואָרצלען אינייַנעם און וויאזוי סע גלייַכן זיך אויס די פאלדן פונעם מיזרעכדיקן אראָפּ־א־בארג, פונקט ווי עמעצער וואָלט זיי דאָ געשניטן מיט א ריזיקער ווונדערלעכער קאָסע. — ס'איז דען מעגלעך זיך פאָרצושטעלן דידאָזיקע קראפט, וואָס האָט זיך אנטוויקלט דורך דער מאסע פון אסאך מיליארדן טאָן, וועלכע האָט, וואָס וויַיטער, מיט אלץ א גרעסערער שנעלקייַט זיך געגליטשט אַף א ווינקל פון 50 גראד!

קיינער פון די רייַזנדער איז ניט געווען אימשטאנד צו באשטימען, וויפל צייַט דאָסדאָזיקע פאלן האָט געדויערט. קיינער פון זיי האָט זיך אפילע ניט דערוועגט א קלער צו טאָן, אין וועלכן אָפּגרונט דאָסדאָזיקע פאלן וועט זיך אמאָל אָפּשטעלן. מיט א פארכאפּטן אָטעם פון דעם געפלי, מיט פארבלענדזטע אויגן פון דעם שניי־שטורעם, פארגליווערטע פון דער שנייַדנדיקער קעלט, צייַטנווייַז אפילע אָנווערנדיק דעם באוווּסטזייַן, האָבן זיי דאָך זיך ניט אופגעהערט צו קלאמערן פאר דער ערד. דאָס האָבן געטאָן ניט זיי, דאָס האָט געטאָן פאר זיי דער אלמעכטיקער אינסטינקט פון זעלבסטפארטיידיקונג.

פלוצים האָט א שרעקלעכער שטויס זיי געגעבן א ריס־אָפּ פונעם זיך־גליטשנדיקן אינדזל. די קראפט פון דער אינערציע האָט זיי געגעבן א ריס אַף פאָרויס, און זיי האָבן זיך גענומען קײַקלען איבער די לעצטע געזימסן פונעם אראָפּ־א־בארג, וואָרום דער אָפּגעריסענער טייל בארג האָט זיך פארטשעפּעט לעם עפּעס א באריער און איז מיטאמאָל געבליבן שטיין.

אין מעשעך פון עטלעכע מינוט צייַט האָט זיך קיינער פון זיי קיין ריר ניט געטאָן. דערנאָכדעם ערשט האָט דער ערשטער זיך אופגעשטעלט מיט געוואקלטע טריט דער מאיאָר. ער האָט זיך געגעבן א וויש די אויגן, וואָס

* פונקט אזא מין פאל איז אין 1820־טן יאָר פאָרגעקומען אַפן מאנבלאָן. אין דערדאָזיקער שרעקלעכער קאטאסטראָפע האָבן דריַי דורכפירער באצאָלט מיטן לעבן.

זייַנען געווענ פארשאָטנ מיט שטויב, אונ זיך גענומען ארומקוקנ. זייַנע מיטרייַזנדער זייַנען געלעגנ ארום אים אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי זיי וואָלטנ געווענ אַלע טויט. דער מאַיאָר האָט זיי איטלעכנ איבערגעציילט אונ ס'האָט זיך ארויסגעוויזנ, אז אַלע זייַנען געווענ אפנ אָרט, כוץ איינעם. — ראָבערט בראַנט איז דאָ ניט געווענ צווישנ זיי.

## פערצנטע קאַפּיטל

# דער רעטנדיקער שאָס

ס'איז אויסגעפאַלנ א וווּנדערלעך־שיינער טאָג. די זונ־שטראַלנ, וואָס האָבנ זיך אופגעהויבנ פונ זייער פייַכטנ רו־פּלאַצ, — פונעם שטילנ אָקעאַנ, — האָבנ זיך שוינ געגליטשט איבער די ארגענטינער פּריירים, קעדיי זיך אָפּצוטוקנ אינ די וואַסערנ פונעם אַטלאַנטישנ אָקעאַנ. ס'איז שוינ געווענ אכט אזייגער אינדערפרי. אדאַנק דעם מאַיאָרס זאָרג, האָבנ מיסטער גלענאַרוואַנ מיט די איבעריקע כאַווײרים אָנגעהויבנ קומענ פאַמעלעכנ צו זיך. לעסאָף האָט מענ זיך ארומגעקוקט, אז אַלע זייַנען פּאָשעט געווענ פריטשמעליעט פונעם פאַלנ, אָבער קיינער האָט מיט גאָרניט ניט געליטנ. מע איז ניט נאָר ניט געווענ פארווונדעט, נאָר אפילע קיינ דראַפּ האָט קיינער ניט געפונענ בא זיך אפנ לייַב. זיי האָבנ גאָר געהאַט רעכט צו האַלטנ פאר א געווינס אזא מינ קונציקנ פּאַרקער־מיטל, דורך וועלכנ זיי האָבנ אזוי שנעל דערגרייכט צו די פּריירים. וואָלט דאָך טאַקע אַלצ געווענ גוט, ווענ ניט דאָס, וואָס ראָבערט גראַנט איז ערגעצ פארשווונדנ געוואָרנ.

אַלע האָבנ זייער ליב געהאַט דאָסאָזיקע בראַווע יאַטל. סייַ פּאַגאַנעל, וואָס האָט זיך צו אים צוגעבונדנ, ווי צו זייַנעם אַנ איגענעם, אונ סייַ דער קעסיידער קאַלטבלוטיקער מאַיאָר. הייַנט פונ מיסטער גלענאַרוואַנס איז דאָך שוינ גאָר ניטאָ וואָס צו ריידנ. דער לעצטער, ווי ער האָט זיך נאָר דערוווּסט וועגנ ראָבערטס פארשווונדנ ווערנ, אזוי איז אים באַפאַלנ א גרויסע פארצווייפלונג. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ניט אנדערש, ווי דאָס יאַטל ליגט ערגעצ אינ א טיפנ אָפּגרונט אונ בעט הילפ, אָבער זייַנע געשרייענ קענענ צו קיינ אויער ניט דערגרייכנ...

מיסטער גלענאַרוואַנ האָט זיך פאר גרויס אנגסט אונ ערגערניש צערעדט כאַר זייַנע באַגלייטער. ער האָט געטייַנעט, אז וואָס פאר א זינ האָט שוינ איצט זיך לאָזנ זוכנ האַרי גראַנטנ, אויב מע האָט דאָ גענומען אונ לעבעדיקערהייט באַגראָבנ ראָבערט גראַנטנ?!

גלענאַרוואַנס מיטרייַזנדער האָבנ אַלע געשוויגנ. וואָרום איטלעכנ איז געווענ זייער שווער אפנ האַרצנ פונ דערדאָזיקער געשעעניש.

— איר שווייַגט? — האָט גלענאַרוואַנ זיך צו זיי ווידעראַמאָל געווענדעט, —

איר ענטפערט מיר גאָרניט אַפֿ מײַנע רייד? הייסט עס דען, אַז איר האָט פֿאַרלאָרן די האָפֿענונג? אַפֿ גאָרניט האָפֿט איר שוין ניט?

אַלס ענטפֿער איז ווײַטער געקומען אַן אָנגעשטלטער שטילשווײַגן.

ערשט אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופֿן:

— זאָל זיך אַרויסרופֿן דער, וואָס ער געדענקט דעם מאָמענט, ווען ראָבערט איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

אַפֿ דער דאָזיקער פֿראַגע האָט אים קיינער ניט געענטפֿערט.

— אויב אַזוי, טאָ זאָגט מיר כאָטש, לעם וועמען איז דאָס יאַטל געשטאַנען אין דער צײַט, ווען מע האָט זיך גענומען גלייטשן פֿון די קאָרדילירן?— האָט דער מאַיאָר פֿאָרגעזעצט.

— לעם מיר,— האָט ווילסאָן געענטפֿערט.

— ביז וועלכער צײַט האָט איר אים געזען לעם זיך? דערמאָנט זיך אָקאָרשט, ווילסאָן, באַטראַכט גוט!

— אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איך געדענק,— האָט ווילסאָן געענטפֿערט.— ראָבערט גראַנט האָט זיך געהאַלטן לעבן מיר אַן ערעך אַ פּאָר מינוט איידער דער פּלוצימדיקער שטויס האָט אָפּגעשטעלט אונדזער פֿאַלן.

— צוויי מינוט און ניט מער. איר דאַרפֿט געדענקען, ווילסאָן, אַז די פֿאַרשטעלונג וועגן צײַט האָט זיך בײַ אײַך איצט געקענט שטאַרק צעפֿלאָנטערן, און די מינוטן האָבן זיך איצט געדאַרפֿט גאָר היפּש אויסציִען. זעט נאָר, צי האָט איר, מעגלעך, קיין טאָעס ניט געהאַט?

— ניין... איך גלויב, אַז איך האָב ניט קיין טאָעס... ניט מער, ווי צוויי מינוט פֿאַרן שטויס האָב איך נאָך געזען ראָבערטן... איך זאָג עס מיטן פֿולן באַוווּסטזײַן.

— רעכטס,— האָט מאַק־נאַבס פֿאָרגעזעצט.— פֿון אַ וועלכער זײַט האָט איר געהאַט לעם זיך ראָבערטן, פֿון רעכטס, צי פֿון לינקס?

— פֿון לינקס. וואָרום איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי די פּאָלעס פֿון זײַן פּאָנטשאָ האָבן מיר די גאַנצע צײַט געפּאַטשט איבערן פּאָנעם.

— און פֿון אַ וועלכער זײַט זײַנט איר געזעסן צו אונדז־צו?

— אויך פֿון לינקס.

— הייסט עס, אַז אויב אַזוי, האָט ראָבערט געקענט פֿאַרשווּנדן ווערן נאָר אין דער דאָזיקער ריכטונג,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופֿן און מיטן אויסגעקערעוועטן פּאָנעם באַוויזן צו רעכטס־צו.— אויב מע זאָל נעמען אין אַכט, וואָס זינט ער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן ביז דער פֿאַלנדיקער ערד־מאַסיוו האָט זיך געגעבן אַ זעץ און איז געבליבן שטיין — איז דורכגעגאַנגען בלויז צוויי מינוט, וועט זײַן קלאָר, אַז מיר דאַרפֿן זיך לאָזן זוכן אַפֿ דעם דאָזיקן באַצירק, וואָס געפֿינט זיך אָט אָ דאָ, אָנהייבנדיק פֿון דעם באַרג־צופֿוסנס ביז צוויי טויזנט פֿוס אינדערהייך. דעם דאָזיקן באַצירק דאַרף מען טיילן אַפֿ קוואַדראַטן, און מיר דאַרפֿן זיך גלײַך נעמען צום זוכן.

קיינער האָט ניט צוגעגעבן קיין איין וואָרט צום מאַיאָרס פֿאָרשלאַג.

זעקס פאַרשוינ האָבנ זיכ אופגעהויבנ אפנ באַרג־שיפּוע, מע האָט זיכ ענערגיש א נעם געטאָנ אויסצופּאָרשנ יעדנ קוואַדראַט. זיי האָבנ זיכ די גאַנצע צײַט געהאַלטנ באַם רעכטנ בּרעג פונ דער אָפּוואַלגערונג און זיי האָבנ אויסגעפּאָרשט דאָס מינדסטע געפאַלדעווּעטקײַט פונעם בּאָדנ. זיי האָבנ זיכ אראָפּגעלאָזט צו די אָפּגרונטנ, וואָס זײַנעג געווענ האַלבּ פאַרוואַלגערט מיט די בּרוכשטיקער פונעם קאָלאָסאַלנ מאַסיוו. זיי זײַנענ אַרויפגעקראָכנ פונדאָרטנ מיט צעבּלוטיקטע הענט אונ פיס, מיט צעריסענעם אונ צעשפּליטערטנ אָנטאָנ. ניט איינמאָל איז יעדערנ פונ זיי אויסגעקומענ אײַנצושטעלנ דאָס אייגענע לעבּנ.

קורצ, דעמדאָזיקנ גאַנצנ טייל בּאַרג, אויסער געציילטע אומצוטריטבּאַרע הויכע פּלאַטפאָרמעס, האָט מענ אויסגעפּאָרשט אפנ געטרײַסטנ אויפנ. די זוכעניש האָבנ אָפּגענומענ אסאַכ שאָענ. אָבּער קיינער האָט פאַר זיכ ניט געבּעטנ קיינ אָפּרו. נאָר וואָס קומט אַרויס, אז די אלע אָנשטרענגונגענ זײַנענ געווענ ווי אַרויסגעוואָרפנ. ראָבּערט האָט, קענטיק, זיכ אָנגעזוכט אינ די בּערג ניט נאָר דעם קייווער זײַנעם, נאָר ער האָט שוינ אויכ, קענטיק, געהאַט אפּ זיכ ניט קיינ שלעכטע מאַצייווע אינעם אויסזעענ פונ א ריזיק־פעלדזיקנ בּרוכשטיק.

אַרום איינס בּאַטאָג האָבּנ גלענאַרוואַנ מיט זײַנע מיטרײַזנדער זיכ ווידעראַמאָל צונויפגעקומענ אינ טאָל. אלע פאַרמאַטערטע אונ אָרומגעריסענע. מיסטער גלענאַרוואַנ איז געווענ שרעקלעכ פאַרצווייפלט, מע האָט קוים געהערט, וואָס ער רעדט. פונ מאָל צו מאָל האָבנ זײַנע בּלייכ־געוואָרענע ליפּנ געשעפּטשעט אינדערשטיל :

— נייג, איכ וועל פונדאַנענ ניט אוועק! כ'וועל ניט־אוועק!

אלע האָבּנ פאַרשטאַנענ, פונוואַנענ זידאָזיקע אײַנגעשפּאַרטקײַט נעמט זיכ און זיי האָבנ זיכ צו איר בּאַצויגנ מיט גרויס אָפּשײַ.

— לאָמיר צוּוואַרטנ, — האָט זיכ פּאַגאַנעל אָנגערופנ אינדערשטיל צום מאַיאָר און צו טאָם אַאוסטינענ. — מירנ עטוואָס אָפּרוענ אונ מירנ אופשטעלנ אונדזערע קויכעס; זיי וועלנ אונדז צונוצקומענ אינ וואָסער פאַל סע זאָל נישט זײַנ — קיינ כילעק ניט, צי ס'וועט אונדז אויסקומענ פאָרצוזעצנ די זוכענישנ, צי דעם וועג, אָבּער אָפּפרישנ די קויכעס מוז מענ!

— מאַסקים, — האָט מאַק־נאַבּס געענטפערט. — אָבּער מיר וועלנ בּלײַבּנ דאָ אפנ זעלבּיקנ אָרט, ווײַל עדוואַרד פאַרלאַנגט אזוי. ער האָפט נאָכ, קענטיק... אפּ וואָס?..

— אָרעמענקער, ראָבּערט! — האָט זיכ טאָם אַאוסטינ אָנגערופנ.

— יאָ, טאַקע אזוי, אָרעמענקער ראָבּערט! — האָט פּאַגאַנעל איבּערגעכאַזערט דיזעלבּע ווערטער און זיכ געווישט בּעייסמײַסע די אויגנ.

אינ טאָל זײַנענ געוואַקסנ אסאַכ בּיימער. דער מאַיאָר האָט אויסגעקליבּנ א גרופּע הויכע בּאָקסער־בּיימער און האָט דאָרטנ אופגעשטעלט דעם צײַטווײַליקנ לאַגער. די רײַזנדער האָבּנ נאָכ געהאַט מיט זיכ עטלעכע קאָלדרעס, בּיקסנ, אביסל געטריקנט פלייש און רײַז. אינדערנאָענט איז געפלאָסנ א טײַכל, דאָרטנ האָבּנ זיי אָנגענומענ וואַסער צום טרינקענ. דאָס וואַסער איז,

אגעוו, נאָך געווען טריב און צעבויטעט פון די לאווע־שטיקער, וואָס זײַנען אהין ניטלאנג געפאלן. מיולרעדי האָט צעלייגט א שײַטער פון טרוקענעם גראָז און האָט אופגעזאָטן פאר גלענארוואנס וועגן א טעפּעלע הייסע קאווע, אָבער גלענארוואנ האָט די קאווע אפילע צום מויל ניט גענומען.

אזוי איז אוועק דער טאָג. די נאכט איז אָנגעקומען א שטילע און א רויִקע. גלענארוואנ האט נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון זײַנע מיטרײַזנדער, וואָס האָבן זיך אלע צוגעלייגט אָפּרוען אפ די פאָנטשאָס אפ זייערע, אָבער ער האָט סײַווי מיט קיין אויג ניט געקענט צומאכן. אינמיטן דער נאכט איז ער פונסניַ אופגעשטאנען און אוועקגעבלאָנקעט ארופ־בארג. ער האָט זיך פאר־קליבן זייער הויך. ער האָט זיך אלעמאָל אָפּגעשטעלט און זיך גענומען צו־הערן צו די קלענסטע גערוישן. אָט פארטײַעט ער דעם אָטעם און הערט זיך אײַן מיט אלע קויכעס, און אָט פארהילכט ער דעם ליידיקן בארג־ארופ מיט פארצווייפלטע אויסגעשרייען.

די גאנצע נאכט האָט דער אומגליקלעכער מיסטער גלענארוואנ אומגע־בלאָנקעט איבערן בארג. דער מאיאָר מיטן געאָגראפ האָבן זיך אלעמאָל געביטן באם נאָכגיין נאָך מיסטער גלענארוואנען. זיי האָבן זיך באמיט אים אונטערצוהעלפן בא די גליטשיקע אראָפּ־בארגן, בא די ברעגן פון די אָפּ־גרונטן, וווהין ער פלעג זיך דערנענטערן אָן דער מינדסטער פאָרזיכטיקײַט. אָבער אלע זײַנע זוכענישן זײַנען געווען ווי ארויסגעוואָרפן, און אפ דעם טויזנטדיקן רוף, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אינדערלופטן—„ראָבערט! ראָ־בערט!", האָט געענטפערט בלויז דאָס פוסטע ווידערקאָל.

ס'האָט ווידער אָנגעהויבן שארײַען. דער מאיאָר מיט פאגאנעלן האָבן מיט גוואלד פארשלעפּט גלענארוואנען צוריק אין לאגער ארײַן. יענער איז געווען פארצווייפלט וואָס פארצווייפלטער קען שוין נישט זײַן. ווער קען עס זיך דערוועגן אין דערדאָזיקער רעגע אים פאָרצולייגן, ער זאָל פארלאָזן דעמדאָזיקן טרויעריקן טאָל און זיך לאָזן פונסניַ אין וועג ארײַן?!

אָבער די שפּײַז־רעזערוון האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלאָזן. ניט ווײַט פון דעם לאגער פון זייערן דארפן זיך שוין געפינען די ארגענטינער וועגווײַזער, וועגן וועלכע דער קאטאפאס האָט זיי פארן געזעגענען זיך געזאָגט. זיך אומ־קערן איצט צוריק, וואָלט געווען אסאך שווערער, ווי גיין אפ פאָרויס־דערצו נאָך דארף מען דאָך ניט פארגעסן, אז מע האָט אָפּגעשטעלט מיט „דונקאנען" זיך באגעגענען באם ברעג פונעם אטלאנטישן אָקעאן. געמענדיק אין אכט די אלגעמיינע אינטערעסן, איז ניט שײַעך געווען מערער זיך פאר־האלטן דאָ אין טאָל און אָפּציִען די צײַט. מע האָט זיך געמוזט לאָזן ווײַטער אין וועג ארײַן.

מאק־נאבס האָט געפּרוווט אָפּוועגדן גלענארוואנען פון זײַנע שווערע פאר־טיפטע מ כשאָוועס. ער האָט אים גענומען פאָרזיכטיק אײַנריידן דאָס, וואָס איצטער נויטיק סע איז, אָבער יענער האָט, קענטיק, ניט געהערט, וואָס מע רעדט צו אים, און ער האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. בלויז צום סאָף

זײַנען דעם מאיאָרס װערטער יאָ, װײַזט אויס, דערגאַנגען צו זײַן באַװוסטזײַן און ער האָט װי איבערגעכאַזוערט יענעמס װערטער:

— ס'איז צײַט זיך... לאָזן אין װעג?

— יאָ, שוין צײַט! — האָט דער מאיאָר געענטפערט.

— איז עפּשער נאָך איינונצוואַנציקסטע שאָ אָפּגן זייגער!

— גוט, מירן צוװאַרטן נאָך איין געצײַלטע שאָ! — האָט דער מאיאָר געענטפערט.

אָבער אַז די שאָ איז דורכגעגאַנגען, האָט גלענאַרװאַן אויסגעבעטן נאָך א שאָ װאַרטעניש. מע װאָלט קענען מיינען, אַז ער איז צום טויט א פאַרור־טײַלטער, װאָס בעט, מע זאָל אים פאַרלענגערן נאָך אַ שאָ דאָס לעבן צו זײַנס.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז האַלבן טאָג. ענדלעך האָט מאַק־נאַבס שוין מער ניט געקענט נאָכגעבן און האָט געמאָלדן מיסטער גלענאַרװאַנען אין נאָמען פון אַלע כאַװײרים, אַז מע מוז זיך לאָזן װײַטער, מע קען שוין מער ניט אָפּצײַען די צײַט, װײַל דאָ שטעלט מען אין געפאַר איטלעכנס לעבן מיטאַמאָל.

— יאָ, יאָ... — האָט גלענאַרװאַן געענטפערט. — לאָמיר גיין... שוין גייען מיר...

אָבער דאָ ענטפערט ער מאַק־נאַבסן און דאָ קוקט ער ניט אף אים, דער בליק זײַנער איז גאָר געװענדעט צום הימל, װו ס'איז צו באַמערקן עפּעס א שוואַרץ פּינטל. אין א װײַלע אַרום האָט גלענאַרװאַן אופגעהויבן די האַנט און איז פאַרשטאַרבן געוואָרן אין דערזעלבער לאַגע, פונקט װי ער װאָלט פאַרשטײנערט געװאָרן.

— טוט נאָר א קוק! — האָט ער אויסגעשריגן. — אָט אַהין, אַהין קוקט!

אַלעמענס בליקן האָבן זיך געװענדעט צו יענעם פּינטל אין הימל, װוהין גלענאַרװאַן האָט אַזוי באַפעלעריש אָנגעװיזן. דאָסדאָזיקע פּינטל איז, װאָס א רעגע װײַטער, אַלץ מער געװאַקסן און גרעסער געװאָרן. געװען איז עס א פויגל, װאָס איז געפלויגן אף א גוואַלדיקער, אומגעהויערער הייך.

— ס'איז א קאָנדאָר*, — האָט פּאַגאַנעל געמאָלדן.

— יאָ, א קאָנדאָר, — האָט גלענאַרװאַן איבערגעכאַזערט, — װער קען װיסן? ער דערנעענטערט זיך! ער לאָזט זיך אראָפּ! מיר מוזן צוװאַרטן!

אף װאָס האָט גלענאַרװאַן זיך איצטער געריכט? צי איז ער כאָטש באַם זינען? ער האָט געזאָגט: „װער קען װיסן?...“

דער פויגל האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנעענטערן. פּאַגאַנעל האָט ניט געערדט פון װעג. דאָס איז װירקלעך געװען א קאָנדאָר. — דער קייסער פון דער קאָרדיליערער באַפליגלטער װעלט. דער קאָנדאָר איז װירקלעך זייער מעכטיק. ס'טרעפן פאַלן, װען ער שטופּט אראָפּ א גאַנצן אָקס אין אָפּגרונט אַרײַן, ער פאַלט אָן אף שעפּסן, אף לאַשעקלעך, אף יונגע עקסלעך, װאָס

* א לעמער־גײַער.

פּיסערן זיך אין די פּריירים, און ער טראָגט זיי אוועק צו זיך אין נעסט אריין, וואָס געפינט זיך אַף אַן אומצוטריטבאַרער הייך. דערדאָזיקער פויגל איז אים־שטאַנד צו נעמען אַ הייך פון 20 טויזנט פוס און פונדאָרטן, — ווי מע קען אים ניט אָנזעען אפילו דורכן סאַמע בעסטן בינאָקל, — באַטראַכט ער די געגנט און מערקט זיך אָן אַ קאָרבן. פון אַזאַ מין גוואַלדיקער הייך איז ער אים־שטאַנד צו אונטערשיידן אפילו די קלענסטע און די מינדסטע כייעס. אַזאַ מין מערקווירדיקע וויטזיכטיקייט, ווי באַם קאָנדאָר איז, איז נאָר צום באַוווּנדערן, אָבער ביז היינטיקן טאָג איז עס נאָך פאַר אַלע נאַטורקענער אַ ניט קיין אויסגעפאָרשטע רעטעניש.

וואָס אַזעלכס האָט דער קאָנדאָר איצט דערזעען אַף דער ערד? עפּשער האָט ער דערזעען ראָבערטס גראַנטס קערפּער?

— ווער קען וויסן?.. — האָט גלענאַרוואַן איבערגעכאַזערט, ניט אַראָפּלאָזנדיק דעם בליק פונעם קאָנדאָר.

דער קאָלאָסאַלער פויגל האָט זיך דערנעענטערט, אָטאָ שוועבט ער אײַנדערלופטן, אָט פאַלט ער, ווי אַ שטיין, מיט אַ שנעלקייט פון קערפּערס, וועלכע מע וואַרפט אינעם געווים. אינגיכן האָט ער אָנגעהויבן צייכענען קרייזן אַף אַ הייך פון אַן ערך 500 מעטער איבער דער ערד. איצט האָט מען שוין געקענט זען דעם קאָנדאָר פון אַלע זייטן, זיינע מעכטיקע פליגל האָבן אים אונטערגעהאַלטן אינדערלופטן קימאַט אָן שום באַוועגונג. די גרויסע פייגל האָבן ביקלאַל אַ נאַטור צו פליען מיט אַ מאָדנער גרויסאַרטיקער רויִקייט, אין דער צייט, ווען די אינזעקטן דאַרפן, קעדיי זיך אופצוהאַלטן אינדערלופטן, דורכמאַכן טויזנטער פאַכ מיט די פליגעלעך אין יעדער רעגע.

דער מאַיאָר מיט ווילסאָנען האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די ביקסן. אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַ מאַך געטאָן צו זיי מיט דער האַנט, זיי זאָלן בלייבן שטיין. דער קאָנדאָר האָט זיך איצט געדרייט איבער אַן אומצוטריטבאַרן פעלדז, וואָס האָט זיך געפונען באַ אַ פערטל מייל פונדאַנען. דער פויגל האָט אַלץ פאַרגיכערט זײַן געפלי, פאַנאַנדערפעפנענדיק און פאַרמאַכנדיק זײַן גרויזאַמען שנאָבל און טרייסלענדיק מיט זײַן ווייכביינערדיקן קאָפּ.

— דאָרטן איז ער! דאָרטן! — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

פּלוצים האָט אַן אומדערוואַרטעטער געדאַנק אים בליצאַרטיק געגעבן אַ זעץ אין מויעך אַרײַן.

— און ווי ווען זײַן, אויב ראָבערטס לעבט! — האָט ער ווילד אויסגעשריגן... — דערדאָזיקער קאָנדאָר וועט דאָך אים... שיסט! שיסט! — הייס איך אײַך!

אָבער עס איז שוין געווען שפּעט. דער קאָנדאָר האָט זיך פאַרשטעקט פון יענער זייט הויכן פעלדז. ס'איז דורכגעגאַנגען אַ רגע עפּשער, ניט מער, אָבער דידאָזיקע רגע האָט זיך אויסגעצויגן באַ גלענאַרוואַנען אין די אויגן אַף הונדערטס יאָר, און דער אימגעהויער גרויסער פויגל האָט זיך ווידער אופגעהויבן אינדערלופטן. איצטיקס מאָל שוין לאַנגזאַמער, ווײַל ער האָט גע־

שלעפּט אונטער זיך אַ שווערע מאַסע. דער קאָנדאָר האָט געהאַלטן אין זײַנע נעגל ראָבּערט גראַנטס קערפּער. דער פויגל האָט זיך איצט געפינען אַקוראַט איבּערן לאַגער פון די רײַזנדער אַן ערעך אַף וואָסערע אַנדערהאַלבּן הונדערט פוס די הייך. ווי דער קאָנדאָר האָט באַמערקט זיי מענטשן אונטער זיך, אַזוי האָט ער אָפּטער געמומען פאָכען מיט די פליגל מיט זײַנע, קעדיי וואָס גיכער צו פאַרשווינדן מיט דער שווערער מאַסע מיט זײַנער.

— אך! — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. — מיר וועט זײַן ליבּער ראָבּערטס קערפּער זאָל צעשמעטערט ווערן דאָ אַף די פעלדזן, איידער ער זאָל אַוועק־גענומען ווערן...

ער האָט ניט געענדיקט די פראַזע און האָט אַרויסגעריסן בּאַ ווילסאָנען די בּיקס פון האַנט. ער האָט זי גלײַך צוגעשטעלט צום אַקסל, אָבּער די האַנט זײַנע האָט געציטערט, און די אויגן האָבּן זיך פאַרגאָסן מיט טרערן. אין אַזאַ מין צושטאַנד איז אים שוין געווען שווער זיך צו צילן.

— לאָזט נאָר מיך! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן.

ער האָט מיט אַ פעסטער האַנט זיך אָנגעצילט אינעם רויב־פויגל, וואָס האָט זיך שוין אין דעם מאָמענט געפונען אַף אַ הייך פון וואָסערע 300 פוס אינדערלופטן.

אָבּער דער מאַיאָר האָט ניט בּאַוויזן אָפּצולאָזן דאָס שיס־צײַגל, ווי ס'האָט זיך פון ערגעץ אינדערנידער דערהערט אַ שאָס. דער קאָנדאָר איז פאַר־וואונדעט געוואָרן אין קאָפּ און האָט אָנגעהויבּן לאַנגזאַם פאַלן אַראָפּצו־צו. זײַנע צעעפנטע פליגל האָבּן אים געדינט אַלס אַ פּאַראַשיוט און האָבּן פאַר־לאַנגזאַמט ראָס פאַלן. ער האָט אַלץ ניט אַרויסגעלאָזט פון זײַנע נעגל די רויבּ זײַנע און איז ווייך אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד וואָסערע צען טריט פונעם בּרעג־טײַכל.

— ראָבּערט! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן און זיך מיט גרויס אימפּעט אַוועקגעלאָזט צו יענעם אָרט.

זײַנע מיטרײַזנדער זײַנען גלײַך אַוועקגעלאָפן נאָך אים.

דער קאָנדאָר איז שוין געווען טויט. ראָבּערטס קערפּער האָט מען ניט אַרויסגעזען פון אונטער זײַנע צעשפּרייטע פליגל. גלענאַרוואַן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף די קני און האָט אַרויסבאַפרײַט דאָס יאַטל פונעם־פויגלס נעגל. ער האָט אים אַוועקגעלייגט אַפן גראָז און האָט צוגעלייגט דעם אויער צו ראָבּערטס בּרוסט.

קיינמאָל איז נאָך קיין איין פרייד־אויסגעשריי ניט געווען העכער פון דעם, וואָס מיסטער גלענאַרוואַן האָט איצט אַרויסגעלאָזט.

— ער לעבּט דאָך! ער אָטעמט נאָך!

אין דעמזעלבּן אויגנבּליק האָט מען אַראָפּגעריסן פון ראָבּערטן דאָס אָנטאָן. מע האָט אים אָנגעריבּן די שלייפן מיט קאַלט וואַסער. דאָ האָט זיך ראָבּערט אַ ריר געטאָן, ער האָט געעפנט די אויגן און אַ שעפּטשע געטאָן:

— סער, דאָס זײַנט איר?.. מײַן צווייטער פאָטער!



דער קאָנדאָר האָט געהאלטנ אינ זײַנע נעגל ראָבערט גראַנטס קערפּער

גלענארוואַנ איז ניט געווען אימשטאַנד צו ענטפערן. די פריד־צעטראָגנקייט האָט אים געשטיקט אינ האַלדז. ער האָט זיכ נאָר אַראָפּגעלאָזט אַפ די קני לעבנ יאַטל, וואָס איז דורכ א ווונדער געראַטעוועט געוואָרנ, אונ האָט זיכ שטאַרק צעוויינט.

---

## פופצנטע קאַפּיטל

# זשאַק פּאַגאַנעלס שפּאַניש־ריידנ

ראָבערט איז נאָרוואָס געראַטעוועט געוואָרנ פונ איינ שרעקלעכער גע־פאַר אונ דאָ איז אים שוינ פאָרגעשטאַנענ א צווייטע, ניט קיינ סאַכ קלענערע פונ דער פריערדיקער — מע האָט אים שיר ניט פאַרמאַטערט מיט די קושנ אונ מיט די צערטלעכקייטנ. ווי שוואַכ דאָס יאַטל איז ניט געווענ אינ דער רעגע, האָט אָבער יעדערער פונ די רייזנדער זיכ ניט געקענט איינהאַלטנ אונ געדריקט דאָס יאַטל זיכ צו דער ברוסט. אָבער אַזויווי ס'איז נאָכ ניט גע־הערט געוואָרנ, אַז אומאַרעמונגענע אונ קושנ זאָלנ ברענגענ מיט זיכ טויט פאַר די קראַנקע, מוזנ מיר דאָ אויכ מודיע זייַנ, אַז דאָס יאַטל איז פונ דעם ניט אומגעקומענ.

ווי ס'זייַנענ נאָר דורכגעגאַנגענ די ערשטע אַנטציקונג־רעגעס באַם אָנקוקנ דאָס געראַטעוועטע יאַטל, אַזוי האָבנ זיכ די רייַזנדער דערמאָנט אינ דעם רעטער. דער ערשטער, וואָס האָט וועגנ דעם א קלער געטאָנ, איז, פאַר־שטייט זיכ, געווענ דער מאַיאָר, אונ ווי ער האָט זיכ נאָר אַרומגעקוקט, אַזוי האָט ער דערזענ א וואָסערע 50 שפּאַנ פונ טייַכל באַם צופוסנס פונ באַרג — א מענטש זייער א הויכוווקסיקנ, וואָס איז געשטאַנענ אומבאַוועגלעכ, ווי א סטאַטוע, אונ זיכ אָנגעשפּאַרט אַפ א לאַנגערעריקער ביקס.

דער מענטש איז געווענ העכער זעקס פוס די הייכ. דערדאָזיקער פאַרשוינ האָט פאַרמאָגט א פּאָר ברייטע אַקסלענ, איבער וועלכע ס'האָבנ זיכ אַראָפּגע־לאָזט זייַנע לאַנגע גלייַכ האָר, וואָס זייַנענ באַ אים געווענ צונויפגעצויגנ אַפּנ שטערנ מיט א לעדערנ פּאַסיקל. דער שטערנ איז באַם דאָזיקנ מאַנ געווענ אויסגעפאַרבט אינ ווייַסנ, דאָס נאָז־ביינדל — אינ רויטנ, אונ די וויִעס — אינ שוואַרצנ. אָנגעטאָנ איז ער געווענ ווי די בייַגרענעציקע פּאַטאַגאָנער, אינ אַנ אויסגעצייכנטנ מאַנטל מיט זייַדאַרטיקער וואָל פונ אויסנווייניק אונ מיט א רויט זוימעלע באַ די ברעגנ. דערדאָזיקער מאַנטל איז געווענ געמאַכט פונ גואַנאַקאָ־פעלכלעכ, די פעלכלעכ זייַנענ געווענ צונויפגענייט צווישנ זיכ מיט שטרויס־אָדערנ. פונ אונטערנ מאַנטל האָט מענ אַרויסגעזעענ זייַנע הינטער־קליידער, וואָס זייַנענ געמאַכט געווענ פונ פוקסענעמ פוטער אונ צונויפגע־צויגנ ענג באַ די לענדנ, ווו ס'איז באַ אים געהאַנגענ א זעקעלע מיט רויטער פאַרב פאַרנ פּאָנעמ. אַלס שיכ האָבנ אים געדינט פּאָשעט שטיקער רינדנ־פעל,

וואָס זײַנען ארומגעוויקלט געווען ארום יעדנ פוס אונ איבערגעקרײַצט געווענ מיט איבערבינד־פאסיקלעכ.

דער פאטאגאָנער איז געווענ זייער שיינ, ניט געקוקט אפ זײַנ לעפישער אָנגעפארבטקײַט, אונ ס'איז געווענ צו דערקענענ אפ אים, אז דער מענטש פארמאָגט זייער פײַנעם פארשטאנד. ער האָט אָנגענומענ א פאָזע פונ פולער ווירדיקײַט אונ איז זיכ רויִק געשטאנענ אונ געווארט. זײַנ אומבאוועגלעכע אונ גרויסארטיקע פיגור, וואָס איז זייער כיינעוודיק געשטאנענ אפ א שטיינערנעם פונדאמענט, האָט איצט אויסגעזעענ ווי א שיינ כקילפטור־ווערק, וואָס איז אויסגעהאקט פונ שטיינ.

ווי נאָר דער מאיאָר האָט באמערקט דעם פאטאגאָנער, אזוי האָט ער געמאכט אופמערקזאם מיסטער גלענארוואָנענ. דער לעצטער איז גלײַכ אוועקגעלאָפנ צו ראָבערטס רעטער. דער פאטאגאָנער איז אים געגאנגענ צוויי טריט אנטקעגנ. גלענארוואנ האָט אָנגעכאפט יענעמס האנט אונ זי שטארק געדריקט אינ זײַנע ביידע הענט.

אינ גלענארוואנס בליק אונ אינ זײַנ ברייטנ שמייכל, מיט וועלכנ דאָס פאָנעם זײַנס האָט זיכ אינגאנצנ געלויכטנ, האָט מענ געקענט .איבערלייענענ אזויפיל דאנקבארקײַט, אז דער פאטאגאָנער האָט זיכ שוינ אפילע אָנ ווערטער געקענט אָנשטויכנ אינ די געפילנ, וואָס באגײַסטערנ דעמדאָזיקנ מענטשנ. האָט ער לאנגזאם פארנויגט דעם קאָפ אונ ארויסגעזאָגט עטלעכע ווערטער אפ א שפראכ, וואָס איז געווענ ניט באוווּסט ניט דעמ מאיאָר אונ ניט מיסטער גלענארוואנענ.

נאָכ דעם, ווי דער פאטאגאָנער האָט זיכ שטארקער אײַנגעקוקט אינ די פרעמדלענדער, האָט ער אָנגעהויבנ ריידנ צו זיי אפ א צווייטער שפראכ. אָבער אויכ די נײַע פראזע, וואָס ער האָט נאָרוואָס ארויסגעזאָגט, איז געווענ פאר די לײַט פונקט אזוי ניט פארשטאנדיק, ווי די פריִערדיקע. וואָס יאָ — גלענארוואנענ האָט זיכ אויסגעוויזנ, אז אינ יענעמס שפראכ איז עפעס דאָ אזעלכס, וואָס דערמאָנט אינ שפאניש, אונ אפ שפאניש האָט ער געקאָנט געציילטע עטלעכע אלגעמיינ־פארשפרייטע ווערטער.

— שפאניש? — האָט ער א פרעג געטאָנ.

דער פאטאגאָנער האָט עטלעכע מאָל א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ — דאָס איז אזא מינ באוועגונג, וואָס בא אלע פעלקער פונ דער וועלט באטײַט עס — יאָ.

— אויסגעצייכנט, — האָט זיכ דער מאיאָר אָנגערופנ, — דערופ איז דאָכ שוינ אונדזער פרײַנט פאגאנעל א בעריע. איצט זעענ מיר ערשט, ווי גוט ס'איז, וואָס אים איז אײַנגעפאלנ צו דערלערנענ דידאָזיקע שפראכ.

מע האָט א רופ געטאָנ פאגאנעלנ, אונ יענער איז גלײַכ צוגעלאָפנ אונ מיט זײַנ ריינ־פראנצויזישער גראציע, וואָס דער פאטאגאָנער איז אפ איר, קענטיק, קיינ מייווינ ניט געווענ, האָט ער זייער העפלעכ באגריסט דעם היגעבוירטיקנ. דער געלערנטער געאָגראף איז שוינ געווענ אינ קורס פונ אלצ, וואָס דאָ האנדלט זיכ.

— אויסגעצייכנט! — האָט ער אויסגערופן.

און ער האָט ברייט צעעפנט דאָס מויל, קעדיי די ווערטער זאָלן זיך בא אים דײַטלעכער ארויסבאקומען, און ער האָט זיך אָנגערופן צום פאטאגאָנער מיט אזא מין לאָשן:

— Vos sois um homem de bem*.

דער היגעבוירטיקער האָט זיך אײַנגעהערט מיט קאָפּ צום געאָגראפס רייד, אָבער ער האָט גאָרניט ניט געענטפערט דערויף.

— ער פארשטייט ניט גאָרניט, — האָט זיך דער געאָגראף אָנגערופן.

— עפשער שטעלט איר דעם טראָפּ ניט אזוי, ווי מע באדארף? — האָט דער מאיאָר געזאָגט.

— דאָס איז גראדע מעגלעך. א פארשאָלטענער אקצענט!

און פאגאנעל האָט פונסנײַ אָנגעהויבן אויסדריקן זײַנע ליבלעכקײַטן, אָבער דער דערפאָלג איז געווען דערזעלבער, וואָס פריִער.

— אָט וועל איך בעסער ענדערן די פראזע — האָט ער זיך אָנגערופן און האָט זייער פאמעלעך, מיט א לערערישן טאָן ארויסגעזאָגט פאָלגנדיקע ווערטער:

— Sem duvida, um Patagáo?**

דער פאטאגאָנער איז געבליבן שטים, ווי א פיש.

— Dizeime? *** — האָט פאגאנעל צוגעגעבן.

אָבער דער היגעבוירטיקער האָט געשוויגן.

— Vos compriendeis?**** — האָט פאגאנעל שוין אויסגעשריגן הויך אף א קאָל, אז דער האלדז איז אים שיר ניט־צעריסן געוואָרן.

אָבער געזען האָבן שוין אלע קלאָר, אז דער אינדיִאנער פארשטייט ניט קיין איין וואָרט פון זײַנע רייד, אדעראבע, ער האָט זיך צום סאָף אָנגערופן אף שפאניש:

— No comprendo*****.

איצטער איז שוין פאגאנעלן געוואָרן א כידעש. ער האָט אין גרויס צערודערונג גענומען איבערוקן די ברילן זײַנע פון שטערן אף דער נאָז, פון נאָז צוריק אפן שטערן. אזוי אָן א שיר מאָל.

— אָט הענגט מיך אויף, — האָט ער זיך אָנגערופן, — אויב איך פארשטיי כאָטש איין וואָרט אף דערדאָזיקער פארשאָלטענער אויסשפראך! דאָס מוז זײַן אף אראוקאניש. איך בין איבערצײַגט אין דערינען!

און ער האָט זיך ווידער אויסגעקערעוועט צום פאטאגאָנער.

— שפאניש? — האָט ער איבערגעכאזערט.

* איר זײַנט א ווילער יאט.

** איר זײַנט, אָן סאָפעק, א פאטאגאָנער?

*** ענטפערט.

**** איר פארשטייט? —

***** איך פארשטיי נישט.

Si, si* — האָט דער פּאַטאַגאָנער געענטפֿערט.

פּאַגאַנעלס איבערראַשונג איז שוין גאָר איבערגעגאַנגען אַלע גרענעצן. דער מאַיאָר מיט גלענאַרוואַנען האָבן אים אַביסל כּאָדנע אָנגעקוקט.

— איך האָב מוירע, מײַן געלערנטער פֿרײַנט, — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופֿן, און אַ שמייכל האָט זיך בעייסטמײַסע באַ אים אַ גליטש געטאָן איבער די ליפּן, — אַז איר זײַנט ווידער געשטרויכלט געוואָרן דורך אײַער צעטראָגנקײַט.

— וואָס איז דען? — האָט דער געאָגראַף פֿאַרוווּנדערט איבערגעפֿרעגט.

— פֿון אַלץ מיט אַן אַנדער איז דאָ צו זען, אַז דער פּאַטאַגאָנער רעדט שפּאַניש.

— ער?

— פֿאַרשטייט זיך, אַז ער. דערום פֿאַלט מיר אײַן אַ חשד, אַז איבער אײַער צעטראָגנקײַט האָט איר גיכער פֿון אַלץ דערלערנט עפּעס אַן אַנדער שפּראַך און ניט די...

מאַק־נאַבס האָט נאָך ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן זײַן פֿראַזע, ווי דער געלערנטער אונדזוערער האָט אין גרויס אופֿגעבראַכטקײַט אַ זאָג געטאָן „האַ!“ און האָט בעייסטמײַסע אַזוי אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, אַז יענער איז גלײַך אָפּן אָרט אַנטשוויגן געוואָרן.

— הער מאַיאָר, איר האָט זיך דערלויבט מיט אײַער וויצלערײַ צו ווײַט פֿאַרגיין! — האָט פּאַגאַנעל האַרב אַ זאָג געטאָן.

— אָבער ער הייבט דאָך אײַך ניט אָן צו פֿאַרשטיין! — האָט מאַק־נאַבס געענטפֿערט.

— איז עס טאַקע בלויז דערפֿאַר, — האָט דער געאָגראַף מיט אומגעדולד דערווידערט, — וואָס דערדאָזיקער הינעבורטיקער קען שלעכט די שפּאַנישע שפּראַך!

— ווײַל איר פֿאַרשטייט אים שלעכט, דאַכט זיך אײַך אויס, אַז ער רעדט שלעכט, — האָט דער מאַיאָר רויִק דערווידערט.

— מאַקנאַבס, — האָט זיך שוין מיסטער גלענאַרוואַן אַרײַנגעמישט אין דער דיסקוסיע, — אײַער האַשאָרע ליגט זיך ניט איבעריקס אָפּן געדאַנק, ווײַל ווי צעטראָגן אונדזער פֿרײַנט פּאַגאַנעל זאָל ניט זײַן, קען דאָך עס פֿאָרט ניט זײַן, ער זאָל איבער זײַן צעטראָגנקײַט לערנען איין שפּראַך און מיינען, אַז ס'איז אַ צווייטע.

— אויב אַזוי, וואָלט איך אײַך בעטן, ליבער עדוואַרד, אָדער גאָר עפּשער אײַך, ליבער פּאַגאַנעל, איר זאָלט אונדז דערקלערן, וואָס קומט דאָ אועלכס פֿאָר?

— וואָס טויגן מיר דאָ אַסאַך דערקלערונגען, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט — אָט ווײַז איך אײַך די רעגע דאָס בוך, וווּ איך האָב טאָגטעגלעך

---

* יאָ, יאָ.

דערלערנט די שפאנישע שפראך, וועט איר אַ קוק טאָן און איר וועט שוין אליין זאָגן, ווער ס'איז גערעכט.

דאָס אָפּגעזאָגט, האָבן פּאגאנעלס הענט זיך גענומען יאָגן איבער זיינע אָנצאָליקע קעשענעס, ביז ער האָט, נאָך א גאנץ דווערנדיקער עקסקורסיע, ארויסבאקומען פון ערגעץ א צעשמעטערט סייפערל און האָט מיט אן אויסזען פון פולער אומבאזיגטקייט דאָס אויסגעשטרעקט צום מאיאָר.

דער מאיאָר האָט גענומען דאָס ביכל און אָנגעהויבן אהין אריינקוקן.

— וואָס־זשע פאר א ווערק זאָל עס זיין? — האָט דער מאיאָר א פרעג געטאָן.

— דאָס איז „לוזיאדא", — האָט פּאגאנעל געענטפערט. — די בארימטע עפּאָפּייע, וואָס דער...

— „לוזיאדא"?! — האָט מיסטער גלענארוואן אויסגעשריגן.

— יאָ, מיין פריינט, ניט מער און ניט ווינציקער, ווי „לוזיאדא" אליין, וואָס דער בארימטער קאמאָענס!..

— קאמאָענס?! — האָט אים מיסטער גלענארוואן ניט געלאָזט דערריידן, — אָרעמער פריינט מיינער, קאמאָענס איז דאָך א פּאָרטוגעזער. אויב אזוי, האָט איר אייער גאנצע ענערגיע אין משך פון די לעצטע עטלעכע וואָכן צייט אויסגעגעבן אף צו דערלערנען די פּאָרטוגעזישע שפראך.

— קאמאָענס! „לוזיאדא"! א פּאָרטוגעזער!

פּאגאנעל איז שיר ניט געבליבן אינגאנצן אָן לאָשן. די אויגן זיינע האָבן גענומען אומטאנצן פון איין געגנשטאנד צום צווייטן. ארום אים האָבן זיך דערהערט פריילעך־אויסגעשאָסענע געלעכטערס, ווייל די רייזנדער זיינען שוין אלע געווען דאָ און מע איז אלע געשטאנען ארום דעם געאָגראף אין א רעדל.

דער פּאטאגאָנער האָט די גאנצע צייט אפילו מיט קיין אויג ניט קיין פּיר געטאָן. ער האָט רויק אויסגעווארט, עפּשער וועט אים עמעצער הערקלערן דאָס־דאָזיקע אינגאנצן פאר אים אומפארשטאנדיק בילד.

— אך, דו דולער קאָפּ! — האָט ענדלעך פּאגאנעל צו זיך אליין אויסגעשריגן. — איז עס דאָך טאקע ניט קיין אויסגעטראכטע זאך! איז דאָך עס טאקע ניט קיין שפּאס! און דאָס אלץ האָב אופגעטאָן — איך! א י ך! האָט איר שוין אמאָל געזען אזא מין חיסטן שלימאזל?! אך, מיינע פריינט! מיינע ליבע פריינט! זיך לאָזן פאָרן קיין אינדיע און זיך פאקן קיין טשילי; אָנהייבן לערנען שפּאניש און זיך אויסלערנען פּאָרטוגעזיש!.. ניין, דאָס איז שוין צופיל. און אויב דאָס וועט נאָך אזוי לאנג געדויערן, קען מען זיך ריכטן, אז אין איינעם א שיינעם פרימאָרגן זאָל איך ארויסווארפן פון פענצטער זיך אליין, אָנשטאָט דעם, וואָס איך וועל וועלן ארויסווארפן דעם אָפּגערויכערטן ציגאר!..

אויסהערנדיק, ווי פּאגאנעל וידלט זיך אליין פאר זיין מאפּאָלע, האָבן אלע די, וואָס האָבן באאָבאכטעט זיין קאָמישע אנטוישונג, מער ניט געקענט בלייבן ערנסט. אגעוו, האָט ער גופע דער ערשטער באוויזן א ביישפּיל פון פריי־לעכקייט.

— אויב אזוי, סאָ לאכט טאקע, מײַנע פרײַנט, לאכט מיטן גאנצן הארצן, — האָט ער געטײַנעט. — איך אליין וועל זיך אויסלאכן נאָך מער פון אײַך אלעמען.

און ער האָט אויסגעשאָסן מיט א הויכן דונערדיקן געלעכטער.

— אזוי ארום, בלײַבן מיר אלע אָן אן איבערזעצער, — האָט דער מאיאָר ענדלעך איבערגעריסן די אלגעמיינע שימכע.

— איר דארפט זיך אזוי ניט ערגערן, — האָט פאגאנעל געענטפערט. — שפאניש און פּאָרטוגעזיש זײַנען דאָך פונדעסטוועגן שטארק ענלעך איינס צום צווייטן, וואָרום אויב ניט, וואָלט איך דען געווען עס קענען אזוי שטארק פארפלאָנטערן? און דידאָזיקע ענלעכקײַט, קען גראדע זײַן, וועט מיר העלפן צו פאריכטן מײַן פעלער. אָט וועט איר זען, אז איך וויל באדאנקען דעמדאָזיקן בראווע פּאטאגאָנער פונקט אפּ דער שפּראך, וואָס ער באהערשט אזוי קונציק.

פאגאנעל איז געווען גערעכט, וואָרום אין עטלעכע מינוט ארום האָבן אלע געהאט דעם פארגעניגן צו זען, וויאזוי ער האָט זיך אָפּגעביטן מיטן פּאטאגאָנער מיט אייניקע ווערטער. ער האָט זיך אפילו דערוווּסט, אז דעם פּאטאגאָנער רופט מען טאלקאוו. אפּן אראוקאנישן לשון הייסט עס „דער דונער". דעמדאָזיקן נאָמען האָט ער, קענטיק, באקומען דערפאר, וואָס ער קען זיך אזוי גוט באנוצן מיט פײַערשיסנדיקן געווער.

אויסגעקלאָרט האט זיך, אז דער פּאטאגאָנער איז געווען א פּראָפעסיאָנעלער דורכפירעד און וועגווײַזער איבער די פּאמפּאסן. גלענארוואן האָט זיך דערפרייט ניט אפּ קאטאָוועס. מע האָט עס גאָר אָנגענומען פאר זייער א גוטן סימען. אלע האָבן איצט באשלאָסן, אז די עקספעדיציע וועט זיך, אויב אזוי, מוזן ענדיקן נאָר מיט א גוטן סאָף. קיינעם איז שוין איצט מער קיין ספק ניט געווען, אז דעם קאפּיטאַן גראנט וועט מען דאָ אומבאדינגט געפינען.

די רײַזנדער און דער פּאטאגאָנער האָבן זיך אומגעקערט צו ראָבערטן, דאָס יאטל האָט געשמייכלט צום היגעבורטיקן, און יענער האָט אויפגעלייגט זײַן האנט צום יאטל אפּן קאָפּ. ער האָט ארומגעקוקט דעם כעווראמאן און באטאפּט אים די הענט מיט די פיס, דערנאָך האָט ער א שמייכל געטאָן און איז ווי נאָך עפּעס אוועק צום ברעג טײַך. דאָרטן האָט ער אויפגעקליבן עטלעכע טשוביקלעך ווילדן סעלדערײַ, זיך אומגעקערט און אָנגעריבן מיט דעם דעם יאטל דאָס לײַב.

נאָך דעם מאסאזש, וואָס ער האָט דורכגעמאכט מיט גרויס קונסט, האָט ראָבערט דערפילט, אז די קויכעס קערן זיך צו אים אום. איצט איז געווען קלאָר, אז נאָך עטלעכע שאָ רו וועט ער זיך צוריק שטעלן אפּ די פיס. דערום האָט מען באשלאָסן פארבלײַבן דאָ נאָך א גאנצן מעסלעס צײַט.

וואָס יאָ — מע האָט איצט געדארפט באשליסן צוויי זייער וויכטיקע פראגן: וועגן דערנערונג און וועגן טראנספּאָרט. די רײַזנדער האבן בא איצטיקן מאָך



דער פאטאג׳נער טאלקאוו

טענט ניט געהאט ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע. צום גליק, האָבן זיי שוין אָבער געהאט לעם זיך מאַלקאַוו. דערדאָזיקער וועגווייַזער האָט זיך אונטערגענומען צושטעלן דאָס, אין וואָס דער קלייניקער אָטריאַד נויטיקט זיך איצט אזוי. ער האָט פֿאַרגעלייגט גלענאַרוואַנען, אַז יענער זאָל צוגיין מיט אים צו דער אינדיאַנישער טאָלדערייע, וואָס געפינט זיך וואָסערע פיר מייל פונדאַנען, און דאָרט וועט מען קענען קריגן אַלץ, אין וואָס די עקספּעדיציע נויטיקט זיך איצט.

פּאַגאַנעל האָט ווי עס איז איבערגעזעצט דעם פּאַטאַגאָנערס פֿאָרשלאָג, וועלכן מע האָט אָנגענומען מיט גרויס פֿאַרגעניגן.

מיסטער גלענאַרוואַן און דער געאָגראַף האָבן זיך געזעגנט מיט די קאַ־ ווירים און זייַנען אַוועקגעגאַנגען אין פּאַטאַגאָנערס באַגלייטונג איבערן ברעג טייַך ארוף וואַסער־צו. אַן ערעך אָנדערהאַלבן שאָ זייַנען זיי געגאַנגען. זיי האָבן געמוזט שטעלן ברייטע שפּאַן, קעדיי ניט אָפּצושטיין פֿון זייער וועגווייַזער דעם ריז.

דער גאַנצער אונטערבערגיקער ראַיאָן איז געווען גוואַלדיק שיין און פּרוכטבאַר. גרינ־געלאָדענע פּיטער־פּלעצער זייַנען דאָ געגאַנגען איינס נאָך איינס, פּיטער־פּלעצער, וואָס זייַנען אימשטאַנד אָן איבעריקע שוועריקייטן צו געבן שפּייַז הונדערטער טויזנטער מאַלעגיידערדיקע באַלעכאַיִם. די זילבערדיקע סאַזשעלקעס, וואָס זייַנען פֿאַרייניקט צווישן זיך דורך א גאַנצער נעץ ריטשקע־ לעך, האָבן געשפּייַזט דידאָזיקע זאַפטיקע גרינקייַט אף די פּליינען. שוואַנען מיט שוואַרצע קעפּ האָבן פֿריילעך געשטיפּט איבער דעם אומרויִקן וואַסער־ אויבערפֿלאַך. דאָס פֿייגלשע וועלטל איז דאָ געווען גלענצנדיק און פֿאַרשיידנ־ אַרטיק לויט זייַן באַשטאַנד. זיי זייַנען געווען בונט לויט די פֿאַרבן לויט זייערע און האָבן פֿאַרטויבט די לופֿט מיט זייערע קלינגענדיקע קוילעס.

פּאַגאַנעל איז געווען פֿול מיט היספּײַלעס פֿון אַלץ, וואָס ער האָט באַ־ געגנט אפן וועג. פֿראַגן האָבן זיך באַ אים געשאָטן פֿון מויל אָן אַן אויפֿהער, און דער פּאַטאַגאָנער, וואָס פֿאַר אים איז דאָס אַלץ געווען א געוויינלעכ בילד, האָט אים פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט. וואָרום וואָס איז דאָ פֿאַר א נײַס, ער זעט דאָך עס קעסיידער, אי די פֿייגלען אינדערלופֿטן, אי די שוואַנען אין די סאַזשעלקעס, אי דאָס העלישע גרינס אף די לאָנקעס. דער געלערנטער האָט שוין גראָד קיין כאַראָטע ניט געהאט, וואָס ער האָט אָנטיילגענומען אינעם דאָזיקן שפּאַציר, און ער האָט זיך אים ניט אויסגעוויזן צו לאַנג. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָטאָ זייַנען זיי נאָרוואָס אַרויסגעגאַנגען און אָטאָ זעט מען שוין אָן דעם אינדיאַנישן לאַגער.

די טאָלדערייע האָט זיך געפֿונען אין א טיפֿן טאָל, וואָס איז בישכיינעס מיט די קאָרדילירן־געזימסן. דאָרטן האָבן אין הײַזקעס, אויסגעפּלאָכטענע פֿון צווייַגן, געוווינט א מאַן 30 היגעבוירטיקע וואַנדער־לײַט. זיי האָבן דאָ געפּי־ טערט זייערע משערעדעס — בהיימעס, שעפּסן, אָקסן און פֿערד.

זיי פּלעגן זיך אַזוי איבערגיין פֿון איין פּיטער־פּלאַץ צום צווייטן און

אומעטום האָבן זיי געטראָפן גרייטע פּאַרטיקע קעסט פאַר זייערע פּירפּיסיקע קעסטלינגעו וועגן.

די אנדאָ־פּערוּוויאַנער — דאָס איז א געמישטער טיפּ פוּן דער אוּאוקאַנישער, פּעכועניַשער און אאוקאַסישער ראַסעס. מענטשן זײַנען עס מיטלוווּקסיקע מיט אַן איילבּירסטענעם לײַב־קאָליר, מיט נידעריקע שטערנס, קימאַט קײַלעכיקע געזיכטן, וואָס פאַרמאָגן דינע ליפּן און זיך אויסטײַלנדיקע קינבאַקן. די־שטריכן זייערע דערמאָנען עפּעס פּרוויישעס. אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אינטערעסירט מיט זייערע טשערעדעס מער, ווי מיט זיי אַליין. זיי האָבן געהאַט לעם זיך אי פערד, אי אָקסן, און איצט האָט ער מער גאָרניט ניט באַדאַרפט.

טאַלקאַוו האָט אָפּ זיך גענומען די האַנדלס־פאַרמיטלונג, וואָס האָט זיך, אַגעוו, ניט איבעריקס לאַנג פאַרצויגן. פאַר זיבן קליינינקע אַרגענטינישע פערד מיט א גרייטן שפּאַן צו זיי, פאַר 100 פונט געטריקנט פלייש, עטלעכע מעסטלעך רײַז און פאַר די לעדערנע לאָגלען אָפּ וואַסער האַלטן — זײַנען די אינדיאַנער אײַנגעגאַנגען צו נעמען — אַנשטאָט דעם ווײַן מיטן ראָם, וואָס זיי האָבן פון אָנפאַנג געפאָדערט — צוואַנציק אונציעס גאָלד. דאָס ווערט פון גאָלד איז שוין דאָ אויך גוט געווען באַוווּסט.

גלענאַרוואַן האָט געוואָלט צוקויפן אַן אַכטן פערד פאַרן פּאַטאַגאָנער וועגן, אָבער טאַלקאַוו האָט מיט דער האַנט באַוויזן, ער זאָל עס ־נישט טאָן.

דער האַנדל האָט זיך געענדיקט. גלענאַרוואַן האָט זיך צעזעגנט מיט זײַנע „ליפּעראַנטן", ווי פּאַגאַנעל האָט זיי אָנגערופן, און אין מעשעכ פון א קאַרגער האַלבער שאָ צײַט זײַנען שוין די גוטע פרײַנט געווען צוריק אין לאַגער. זייער אָנקומען איז באַגעגנט געוואָרן מיט הילכיקע אויסגעשרייען. אויב מע זאָל זאָגן דעם עמעס, האָבן די פרייד־געשרייען דעריקערשט געהאַט א שײַכעס צום עסנוואַרג און צו די פערד. אַלע האָבן זיך א נעם געטאָן צום עסן. מע האָט געגעסן מיט גרויס כיישעק. ראָבערט האָט אויך א קײַ געטאָן, און די קיכעס האָבן זיך בא אים, קען מען זאָגן, אינגאַנצן באַנײַט.

דעם רעשט טייל טאָג האָבן זיי באַשלאָסן אינגאַנצן ווידמענען אָפּ אָפּרו. מע האָט צוביסעלעך געשמועסט, וועגן וואָס מע האָט זיך נאָר דערמאַנט; מע האָט אויך ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען די פילגעליבטע דאָ אָפּוועזנדע: „דונקאַן", דעם קאַפּיטאַן דזשאָן מאַנגלס, זײַן בראַווע מאַנשאַפט און האַרי גראַנטן, ־וואָס האָט זיך, פילײַכט, געקערט געפינען עפּשער דאָ ניט ווײַט.

פּאַגאַנעל האָט אָפּ קיין רעגע ניט אָפּגעלאָזט דעם אינדיאַנער. ער איז מאַמעש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טאַלקאַווס שאָטן. דער געלערנטער געאָגראַף איז געווען צעטומלט פאַר פרייד, וואָס ער זעט אַרום זיך אַן עכטן און לעבעדיקן פּאַטאַגאָנער, וואָס ווי הויך און לאַנג ער, דער געאָגראַף, זאָל נישט זײַן, זעט ער דאָך אויס אַנטקעגן אים ווי א קאַרליקל. ער האָט אָפּגעשאָסן דעם רויִקן אינדיאַנער מיט אָן א שיר פראַגן, און יענער האָט זיי געדולדיק אויסגע־

הערט. איצט האָט זיכ שוינ דער געאָגראפ געלערנט אָנ ביכער. סע האָט אַלע געקענט הערנ, וויִאזוי ער ברענגט ארויס די הילכיקע ווערטער אונ וויִאזוי ער שטרענגט אָנ מיט אַלע קויכעס דעם האלדז, דעם צונג אונ די קינבאקנ.

— אויב איכ וועל ניט באהערשנ אקוראט דעם שפאנישנ אקצענט,— האָט ער געטענעט צום מאיאָר,— דארפט איר אפ מיר שטארק קיינ פאריבל ניט האָבנ, וואָרום ווענע וואָלט גאָר איינגעפאלנ אינ געדאנק, אז איכ וועל אינ איינעם א שיינעם פרימאָרגנ זיכ אָנהייבנ לערנענ שפאניש בא א פאטאגאָנער ?!

## זעכצנטע קאפיטל

# ריאָ־קאָלאָראדאָ

אפ מאָרגנ, דעם 22־טנ אָקטיאבער, אכט אזייגער אינדערפרי האָט טאלקאוו געגעבנ א סיגנאל צום אָפּפאָרנ. דאָס ארגענטינישע פלאכלאנד איז צווישנ דעם 22־טנ אונ 42־טנ גראד געאָגראפישער בריים געגאנגענ מיט אנ אראָפּ־נידערונג פינ מערעוו צו מיזרעכ. אזויארום, איז פאָרגעשטאנענ פאר די רייזנדער א לייכטער וועג, וואָס גייט ביז צום סאמע יאם אראָפּ־א־בארג.

בעשאס דער פאטאגאָנער האָט געהיזנ, אז פאר אים דארפ מענ ניט קויפנ קיינ פערד, האָט גלענארוואנ געהאט באשלאָסנ, אז ער האָט ליב בעסער גייענ צופוס, ווי סע טוענ עס פיל וועגווייזער. אָבער דאָ האָט מיסטער גלענארוואנ גראדע געהאט א גרויסנ טאָעס.

פארנ אָפּפאָרנ האָט טאלקאוו געגעבנ א פייפ אפ זיינ באזונדער אייפנ, אינ פונעם נאָענסטנ וועלדל איז אפ דעמדאָזיקנ באלעבאָס רופ גלייכ ארויסגעלאָפנ א פרעכטיקס, גוואלדיק־שיינס פערד מיט געקרייזלטע האָר, מיט א פיינ געטאָקטנ האלדז אונ קאָפ, מיט צעבלאָזענע נאָזלעכער, מיט פלאמענדיקע אויגנ. די געדיכטע גריוווע זיינע, די ברייטע ברוסט אונ די לאנגע שטוביקלעכ לעם די קאָפיטעס — דאָס אלצ האָט איידעס געזאָגט, אז דאָס פערד איז היציק, געוואגט, פלינק אונ אויסהאלטפייִיק.

דער מאיאָר, וואָס האָט געהאט א שטיקל געפיל אינ פערד, איז געווענ פול מיט היספּײַלעס פונ דערדאָזיקער שיינער כיַיע, וואָס איז א מוסטער פונ דעם ריינראסיקנ פאמפאסער פערד. די אויסגעצייכנטע כיַיע האָט מענ גע־רופנ טאוקא. אפ פאטאגאָניש באדיַיט עס „דער פויגל", אונ מע דארפ זאָגנ, אז דאָס פערד האָט זייער ערלעכ פארדינט דעמדאָזיקנ נאָמענ זיינעם.

ווי טאלקאוו האָט זיכ נאָר ארופגעכאפט אפנ זאָטל, אזוי האָט זיכ טאוקא געגעבנ א שטעל אפ די הינטערשטע פיס. דאָס פערד צוזאמענ מיטנ רייטער האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט זייער א פרעכטיק בילד. דער פאטאגאָנער האָט געהאט צוגעפעסטיקט בא זיכ צום זאָטל צוויי מינים געווער צום געיעג,

וואָס סע קומט זיי אויס זייער אָפט באַנוצן אף די אַרגענטינישע פּליינען: א באָלאַס און א לאַסאָ.

דער באָלאַס באַשטייט פון דרײַ ניט קיין גרויסע קײַלעכן, וואָס זײַנען פאַרײניקט צווישן זיך מיט לעדערנע פּאַסיקעס. דער אינדיאַנער גיט זיי א שלײַדער אף א מעהאַלעך פון 100 שפּאַן מיט אַזאַ מין געשיקטקייט, אַז די קײַלעכן דרייען זיך אַרום די פיס און וואַלגערן אום אף דער ערד דעם פאַרפאָלגטן סוינע אָדער כײַע. באַם פּאַטאַגאָנער אין די הענט איז עס א שרעקלעך געווער־שטיק און ער באַנוצט זיך מיט דעם אפן סאַמע געשיקטסטן אופן.

די לאַסאָ איז א שטריק, וואָס האַלט וואָסערע 30 פוס די לענג, ער איז צונויפגעפלאָכטן פון צוויי פעסטע לעדערנע פּאַסן און ענדיקט זיך מיט א שלייף, וואָס גליטשט זיך דורך אן אײַזערנעם רינג. דעמדאָזיקן שלייף טוט מען א שלײַדער מיט דער רעכטער האַנט אין דער צײַט, ווען די לינקע האַנט האַלט צו די לאַסאָ, וואָס דער עק אירער איז צוגעפעסטיקט צום זאָטל.

דער לאַנגער קאַראַבין, וואָס איז בײַ אים געהאַנגען איבערן אַקסל, האָט דערגאַנצט דעם פּאַטאַגאָנערס באַוואָפנטקייט.

טאַלקאַווע האָט קימאַט ניט באַמערקט די אַנטציקונג, וואָס ער האָט אַרויסגערופן באַם אוילעם מיט זײַן נאַטירלעכער גראַציע, מיט זײַן פרײַער און שטאָלצער געשטאַלט.

ווי געזאָגט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין דער שפּיץ פונעם אָטריאַד, און די רײַזנדער האָבן אַלע געריטן אין וועג אַרײַן.

ראָבערט האָט זיך זייער גוט געהאַלטן אפן זאָטל און מיט דעם דערוויזן מיסטער גלענאַרוואַנען אויך זײַן קענטעניש צו רײַטן אף פערד.

באַם סאַמע צופוסנס פון די קאָרדילערן הייבן זיך אָן די פּאַמפּאַסן. די פּאַמפּאַסן קען מען אײַנטיילן אין דרײַ טיילן: דער ערשטער — דער סאַמע נאָענטסטער צום באַרג — ציט זיך אף וואָסערע 250 מײַל. דערדאָזיקער טייל איז באַוואָקסן מיט ניט קיין גרויסע ביימער און קוסטעס. דער צווייטער טייל פאַרנעמט וואָסערע 450 מײַל און איז פאַרוואָקסן מיט ווונדערלעך־געדיכטן גראָז. ער ענדיקט זיך וואָסערע 180 מײַל פון בוענאָס־אײַרעס. פונדאַנען ביז סאַמע אָקעאַן טרעטן דעם רײַזנדערס פיס איבער אומענדלעכע ליוצערנפלאַנצן. דאָרטן וואַקסן אָן א שיר ליוצערן און דיסטעלען. אָט דאָס איז דער דריטער טייל פון די פּאַמפּאַסן.

אַרויסגייענדיק פון די קאָרדילערן־שפּאַלטן, האָט גלענאַרוואַנס אָטריאַד, פריִער פון אַלץ, זיך אָנגעשטויסן אף א גרויסער צאָל זאַמדיקע דיונעס, וואָס ווערן אָנגערופן אין פּאַטאַגאָניע „מעדאַנאָסן". די דיונעס, אויב זיי ווערן ניט באַפעסטיקט דורך קיין געוויקסן־וואָרצלען, שטעלן זיי מיט זיך פאָר עמעסע זאַמדיקע כוואַליעס, וואָס קוליען זיך איבער פון איין אָרט אפן צווייטן בײַ יעדן בלאָז פונעם ווינט. די זאַמד זייערע איז אויסערגעווײנלעך דין, און דער ווינט הייבט זי לײַכט אוף אינדערלופטן און ער טראָגט זי גאַנצע

וואָלקנסווייַז. אמאָל בילדן זיך אפילע אויס גאנצע זאמד־שטורעמס, וואָס פליִען אַפּ א גוואלדיקער הייך. דאָסדאָזיקע בילד איז אין איינ־און דערזעל־בער צייַט אי ·אנגענעם פארן אויג, אי שטארק שעדלעך. אינטערעסאנט איז געווען צו באָבאכטן, וויִאזוי די זאמד־שטורעמס טראָגן זיך איבער דעם פלאכלאנד, אָנפליִענדיק איינס אפּן צווייטן, זיך צעשיטנדיק אין שטויב און אין דערזעלבער רעגע זיך פונסנייַ אופהייבנדיק; די שעדלעכקייַט פון דעם איז באשטאנען אין דערינען, וואָס איבער די אָנצאָליקע מעדאנאָסן איז דער דינסטער און זאמדיקער שטויב געהאנגען אינדערלופטן און איז פארקראָכן אין די אויגן אריַין, אין מויל אריַין, אין די אויערן אריַין און זיי שיר נישט פאר־שטאָפּט,—קיין כילעק ניט, צי דו האָסט זיי פארשטעלט, צי ניט.

די גאנצע צייַט, וואָס דער צאָפּנדיקער ווינט האָט געבלאָזן, דאָס הייסט, דעם גרעסטן טייל טאָג, האָבן די רייַזנדער באאָבאכטעט דעמדאָזיקן פענאָ־מען. אָבער דאָך האָט דער אָטריאד פאָרגעזעצט דעם וועג זייַנעם און זיך די גאנצע צייַט ניט אָפּגעשטעלט. ערשט ארום זעקס אזייגער אינאָוונט האָבן די קאָרדיליערן, פונוואנען מע איז שוין געהאט אָפּגעגאנגען א וואָסערע 40 מייַל, זיך אָנגעזעען בלויז ווי א שווארצ פאסיקל אפּן האָריזאָנט, וואָס מע האָט קוים געקענט אונטערשיידן דורך דעם נעפּלדיקן רויכעלע.

די רייַזנדער זייַנען געווען אויסגעמאטערט פונעם דאָזיקן לאנגן איבערגאנג, אזוי, אז זיי האָבן מיט גרויס פרייד באגעגנט די זיך דערנעענטערנדיקע שאָ פון אָפּרו. דעם אָפּרו האָבן זיי דורכגעמאכט אפּן ברעג פונעם טייַך נעוק־ווען, וואָס ער איז באזייט מיט שטיינערדיקע שוועלן און באדעקט מיט טריב וואסער, וועלכס טראָגט זיך אומדערמידלעך צווישן די הויכע רויטע ברעגן. נעוקווען, וואָס פארשיידענע געאָגראפן האָבן אים געגעבן פארשיידענע נעמען,— ראמיד, קאָמאָע,— פליסט ארויס פון אָזערעס, וועלכע זייַנען באוווּסט נאָר די אינדיִאנער און זייַנען נאָך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן פון די געאָגראפן.

אין מעשעך פון דער גאנצער נאכט און פון דעם קומענדיקן מאָרגעדיקן טאָג האָבן זיך ניט געטראָפן קיין שום פאסירונגען, וואָס זאָלן ווערט זייַן דערמאנט צו ווערן. דער אָטריאד האָט זיך פלינק באוועגט פאָרויס, די רייַזע איז געווען אי אנגענעם, אי גרינג, אדאנק דעם גוטן וועג און דעם ניט שטארקן הייסן וועטער. אינאָוונט האָט דער דאָרעם־מיזרעכדיקער האָריזאָנט זיך פאר־צויגן מיט א ריי וואָלקנס. דאָס איז געווען א זיכערער אָנזאָגער פון דעם, אז דער וועטער דארף זיך ענדערן. דער פאטאגאָנער האָט אָנגעוויזן דעם געאָ־גראף מיטן פינגער אפּ דעם מיזרעכדיקן טייל הימל און האָט אים עפּעס א זאָג געטאָן אפּ שפאניש.

— יאָ, איך פארשטיי! — האָט אים פאגאנעל געענטפערט און זיך גלייַך אָנגערופן צו זייַנע מיטרייַזנדער: — דער וועטער ענדערט זיך צום ערגערן, מירן איצט האָבן די מעגלעכקייַט זיך צו באקאָנען מיטן פאמפעראָ.

און ער האָט דערקלערט, אז פאמפעראָ דאָס איז אן אָפּטע דערשייַנונג

אין די אַרגענטינער פּליינען. דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעך טרוקענער און שטאַרקער דאָרעם־מיזרעכדיקער ווינט.

טאַלקאַוואַ איז געווען געדעכט. באַנאַכט האָט דער פּאַמפּעראָ גענומען בלאָזן מיט אַ גוואַלדיקער קראַפט, און ער האָט פֿאַרשאַפֿט די מענטשן גענוג ליידן. די מענטשן האָבן לעם זיך גאָרניט ניט געהאַט, מיט וואָס מע זאָל זיך קענען שיצן פֿון אים, אויסער זייערע פּאָנטשעס. די פֿערד האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד, און די רײַזנדער האָבן זיך אויסגעצויגן באַנאַנד מיט זיי און זיך צונויפֿגעטוליעט איינס לעם צווייטן.

גלענאַרוואַן האָט זיך גענומען באַמוריקן, טאָמער וועט דער שטורעם זיי צו אויף לאַנג פֿאַרהאַלטן, אָבער פּאַגאַנעל האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן באַראָמעטער און אים גלײַך באַרויִקט.

— בכלל, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — הייבט דער פּאַמפּעראָ אויף אַ שטורעם, וואָס דויערט דרײַ מעטלעטס צײַט. בײַ אַזעלכע פֿאַלן, פֿאַלט דאָס קוועקזילבער אינעם באַראָמעטער אַראָפּ זייער נידעריק, אָבער בעשאַס דער באַראָמעטער הייבט זיך אויף אָט ווי איצטער, מעג מען זײַן זיכער, אַז דער שטורעם וועט זייער גיך דורכגיין. איר מעגט זיך באַרויִקן, מײַן ליבער פֿרײַנט. מיר וועלן דאָ אָפּקומען בלויז מיט עטלעכע ווילדע שקוואַלן, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן וועגן דעם יאַבאָשעדיקן ווינט, און ביזן זון־אויפֿגאַנג וועט דער הימל זיך אויסלײַטערן און וועט זײַן אינגאַנצן ריין פֿון וואָלקנס.

און ס׳איז טאַקע אַזוי געווען. מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַ לויב געטאָן פּאַגאַנעלן, אַז צו אים דאַרף מען גאָר קיין בוך ניט האָבן. טאָמער אינטערעסירט דיך עפּעס, טאָ ווענד זיך גלײַך צו אים. דערויף האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט:

— יאָ, מײַן ליבער פֿרײַנט, איר האָט זייער גוט געטראָפֿן, און איך דערלויב אײַך צו בלעטערן דעמדאָזיקן בוך, ווען ס׳וועט זיך אײַך נאָר פֿאַרוועלן.

דער קומענדיקער טאָג איז געווען דער 24־טער אָקטיאַבער אָדער דער 10־טער טאָג, זינט זיי זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿון טאַלקאַוואַנאָ. וואָסערע 150 קילאָמעטער האָבן נאָך אָפּגעטיילט די רײַזנדער פֿון דעם אָרט, ווו ריאָ־קאָלאָראַדאָ ווערט איבערגעהאַקט דורך דער 37־טער פּאַראַלעל. אַנדערש געדעדט, זיי האָבן זיך געפֿינען אויף אַ מהלך פֿון דרײַ מעטלעטס גאַנג ביז צו דעמדאָזיקן אָרט.

די גאַנצע צײַט פֿון דער רײַזע האָט גלענאַרוואַן מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אויף אַ באַגעגעניש מיט די היגע מענטשן. אים האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער זיך פֿאַנאַנדערפֿרעגן בײַ עמעצן וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנט, באַזונדערס איצט, ווען זיי האָבן לעם זיך דעם פּאַטאַגאָנער, מיט וועלכן פּאַגאַנעל האָט זיך שוין, אַגעוו, זייער פֿרײַ געקענט דורכשמועסן. אָבער די גאַנצע צײַט זײַנען זיי געפֿאָרן דורך אַזעלכע ערטער, וואָס די אינדיִאַנער באַזוכן זיי זעלטן־ווען, ווײַל הי אויסגעטראָטענע וועגן, וואָס פֿירן פֿון דער אַרגענטינישער רעפּובליק צו די קאָרדיליערן, ליגן אַסאַך צאָפֿנדיקער.

עטלעכע מאָל איז אויסגעקומען דעם אָטריאַד איבערצוהאַקן שטעגלעך,

וועלכע זײַנען דורכגעלייגט דורך די פּאַמפּאַסן. אין אָט דער צאָל איז אויך אַרײַנגעגאַנגען דער וועג פֿון קאַרמען קיין מענדאָזע, וואָס איז באַזייט מיט בײנער פֿון הײמישע באַלעבאַטים, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אין דער צײַט פֿון איבערגיין פֿון איין פּאַשע־אָרט אָפּ אַן אַנדערן.

די גאַנצע צײַט האָט סאַלקאַוו ניט געמאַכט קיין שום באַמערקונגען וועגן דעמדאָזיקן מאָדנעם מין מאַרשרוט, וואָס איז אַזוי שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט, קענטיק, זיך זייער גוט אָנגעשטויסן, אַז דער אָסטריאַד זוכט איצט ניט קיין גרויסע וועגן אין די פּאַמפּאַסן, ניט קיין דערפֿער און ניט קיין אַרגענטינישע שטעט. אָבער נאָך איינעם זעלבן טאָג, בעשאַס ער האָט דערזען, וויאַזוי די רײַזנדער האָבן בעדייע צו אויסמײַדן אויך דעם גרויסן טראַקט, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס פֿערד זײַנס און זיך אויסגעקערעוועט צו פּאַגאַנעלן.

— דער וועג קיין קאַרמען,— האָט ער זיך אָנגערופֿן.

— ריכטיק, מײַן בראַווער פּאַטאַגאָנער,— האָט דער געאָגראַף געענטפֿערט.— דעדאָזיקער וועג גייט פֿון מענדאָזע קיין קאַרמען.

— וועלן מיר איבער אים ניט פֿאָרן?— האָט סאַלקאַוו פֿאַרגעזעצט.

— ניין,— האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.

— וווּהין־זשע וועלן מיר פֿאָרן?

— גלײַך צו מיזרעך.

— דאָס איז גלײַך, ווי מיר זאָלן אינערגעץ ניט פֿאָרן.

— שווער צו זאָגן.

סאַלקאַוו איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט איצט אָנגעקוקט דעם געלערנטן און ניט פֿאַרבאַהאַלטן זײַן פֿאַרוווּנדערונג. אים איז אָפּ קיין רעגע ניט אײַנגעפֿאַלן אין קאָפּ, אַז פּאַגאַנעל שפּאַסט דאָ. די קעסיידער ערנסטע אינדיאַנער פֿאַרשטייען ניט קיין שפּאַס.

— הייסט עס, אַז אהער פֿאָרט איר ניט?— האָט ער איבערגעפֿרעגט.

— ניין, קיין קאַרמען ניט,— האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.

— און קיין מענדאָזע אויך ניט?

— און קיין מענדאָזע אויך ניט.

אין אָט דער רעגע איז מיסטער גלענאַרוואַן אָנגעפֿאָרן צו זיי ביידן. ער האָט אַ פֿרעג געטאָן באַם געאָגראַף, וועגן וואָס סאַלקאַוו רעדט און פֿאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ער פֿרעגט מיך, וווּהין מיר פֿאָרן, קיין קאַרמען, צי קיין מענדאָזע,— האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט,— און ער האָט זיך זייער פֿאַרוווּנדערט, בעשאַס ער האָט באַקומען אַ נעגאַטיוון ענטפֿער סײַ אָפּן ערשטן, סײַ אָפּן צווייטן.

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ליבער פּאַגאַנעל,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן ערנסט אָנגערופֿן.— צי זײַנט איר בעקויעך אים געבן צו פֿאַרשטיין דעם ציל פֿון אונדזער עקספּעדיציע און פֿאַרוואָס מיר פֿאָרן עפּעס די גאַנצע צײַט צו מיזרעך־צו?

— דאָס איז אַביסל שווערלעכ, — האָט זיכ פּאַגאַנעל אָנגערופֿנ, — דערפֿאַר, וואָס די אינדיאַנער קלײַבנ זיכ ניט פֿאַנאַנדער אינ די גראַדנ פֿונ געאָגראַפֿישער בריים אונ לענג, אונ אָפּ דער געשיכטע פֿונעם דאָקומענט פֿונ אונדזערנ וועט טאַלקאַוו קוקנ, ווי אָפּ אַ פֿאַנטאַסטישער אויסטראַכטעניש.

— אַזוי מיינט איר, — האָט דער מאַיאָר אויכ ערנסט אַ פֿרעג געטאָנ. — זאָגט קלאָרער: ער וועט ניט פֿאַרשטיינ דאָס, וואָס מע וועט אים דערציילנ, אָדער דעמ, וואָס דערציילט אים?

— אַכ, מאַק־נאַבס, — האָט זיכ פּאַגאַנעל אויפֿגעכאַפּט, — איר גלויבט נאָכ, קענטיק, אַלצ ניט אינ מײַנ שפּאַנישער שפּראַכ?!

— אַלנפֿאַלס, טוט אַ פּרוּוו, ליבער פֿרײַנט!

— איכ קענ אַ פּרוּוו טאָנ.

פּאַגאַנעל איז ווידער צוגעפֿאָרנ צומ פּאַטאַגאָנער אונ האָט עפּעס אָנגעהויבנ אַ לאַנגנ שמועס. ער איז אַלע רעגע געבליבנ שטיינ, ווײַל ס'האָבנ אים, קענטיק, ניט געקלעקט קיינ ווערטער אונ ווײַל ס'איז אים ביכלאַל שווער געווענ צו דערקלערנ פֿאַר אַ ווילדנ מענטשנ אַזעלכע אַבסטראַקטע באַגריפֿנ, אינ דער צײַט, ווענ יענער איז געווינט צו גאַנצ קאָנקרעטע פֿאַרשטעלונגענ אונ בילדער.

ס'איז געווענ אַ פֿאַרגעניגנ צו קוקנ אויפֿנ געלערנטנ, וויאַזוי ער האָט זיכ געוואָרפֿנ. אַלע מאָל הייבט ער אויפֿ דאָס קאָל, וואָס דערגייט בײַ אים ביז געשריי, ער העצקעט זיכ אונטער אינ זאָטל אונ מאַכט אַלערליי גרימאַסנ. גרויסע טראָפּנס שווייס האָבנ אים באַדעקט דעמ שטערנ, אונ בעשאַס דער צונג איז ניט געווענ אימשטאַנד אַלצ אַרויסצוזאָגנ, האָט ער גענומענ דאָס איבעריקע דערליידנ מיט די הענט. דערנאָכ איז ער גאָר אַראָפּגעשפּרונגענ פֿונעם זאָטל אָפּ דער ערד, ער האָט געכאַפּט אונ אָנגעצייכנט אויפֿנ זאַמד אַ געאָגראַפֿישע מאַפּע מיט דער גאַנצער איבערקרײַצנדיקער נעצ פֿונ מערידיאַנענ אונ פּאַראַלעלנ, וווּ סע זײַנענ געווענ באַצייכנט בײַדע אָקעאַנענ אונ ווו ס'איז אויכ געווענ דורכגעפֿירט אַ ליניע — דער וועג קיינ קאַרמענ. קיינמאָל איז נאָכ קיינ שומ לערער ניט געווענ אינ אַזאַ מינ שווערער לאַגע. טאַלקאַוו האָט מיט קיינ איינ וואָרט ניט איבערגעשלאָגנ דעמ געלערנטנ אונ האָט אָנ אויפֿהער נאָכגעקוקט אונ זיכ אײַנגעהערט מיט קאָפּ, אָבער ס'איז שווער געווענ צו טרעפֿנ, צי פֿאַרשטייט ער כאָטש וואָס ס'ניט איז פֿונ יענעמס ווערטער. די געאָגראַפֿישע לעקציע האָט זיכ געצויגנ בײַ אַ האַלבער שאָ צײַט, ביז פּאַגאַנעל איז ענדלעכ אַנטשוויגנ געוואָרנ, ער האָט זיכ אַרומגעווישט דעמ שווייס פֿונעם נאַסנ פּאָנעמ אונ האָט אויפֿגעהויבנ די אויגנ אויפֿנ פּאַטאַגאָנער.

— נו, ווי? ער האָט פֿאַרשטאַנענ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אַ פֿרעג געטאָנ.

— איכ קענ אים גלײַכ אַ פֿרעג טאָנ, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט, — אָבער אויב ער האָט גאָרניט ניט פֿאַרשטאַנענ, קענ איכ שוינ מער גאָרנישט מאַכנ.

טאַלקאַוו איז געשטאַנענ אומבאַוועגלעכ, ער האָט געשוויגנ, זײַנע אויגנ

זײַנע געווען אַרײַנגעטאָן אין דער צײכענונג אָפּן זאַמד, וואָס דער ווינט האָט געהאַלטן צוביסלעכווײַז אין אײן פאַרמעקן.

— נו, איז ווי? — האָט אים פאַגאַנעל אַ פרעג געטאָן.

טאַלקאַוו האָט עפּעס אַזויווי ניט דערהערט די פראַגע זײַנע, און פאַגאַנעלן האָט זיך שוין אויסגעדאַכט, אַז ער זעט שוין ווײַטער באַם מאַיאָר אָפּ די ליפּן אַ שמײכל, און אַזויווי סע האָט זיך אים געוואָלט אַרויסראַטעווען זײַן ווירדע, האָט ער פונסנײַ געהאַט אָנגעהויבן איבערצוכאַזערן מיט פרישער ענערגיע זײַן געאָגראַפישע לעקציע, אָבער דער פּאַטאַגאָנער האָט אים אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער מעג זיך אָפּשטעלן.

— איר זוכט אַ געפאַנגענעם? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט פאַגאַנעל געענטפערט.

— און פונקט אָפּ דער ליניע, וואָס ליגט צווישן דעם זון־אויפגאַנג און זון־פאַרגאַנג? — האָט טאַלקאַוו פאַרגעזעצט.

— יאָ, יאָ, אַקוראַט אַזויווי דו זאָגסט!

— אויב אַזוי, גײען מיר צו מיזרעך, און אויב סע וועט זיך פאָדערן, איז אַפילע ביז צו דער סאַמע זון! — האָט טאַלקאַוו פּאָשעט און אײנפאַך פאַר־ענדיקט.

פאַגאַנעל האָט מיט גרויס פרײַערלעכקײַט געכאַפּט גיכער איבערזעצן פאַר זײַנע מיטרײַזנדער דעם אינדיאַנערס ענטפער.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט גלײַך געבעטן דעם געאָגראַף, ער זאָל זיך דערוויסן באַ טאַלקאַוון, צי האָט יענער ניט געהערט וועגן אײראָפּײער, וועלכע האָבן זיך געפּאַקט אין געפענקעניש צו אַ וואָסער ניט איז אינדיאַ־נישן שײוועט.

פאַגאַנעל האָט איבערגעזעצט דידאָזיקע פראַגע און איז גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן, אויסוואַרטנדיק אָפּן ענטפער.

— איך האָב עפּעס יאָ געהערט אַזעלכס, — האָט טאַלקאַוו געענטפערט נאָך אַ קורצן אַרײַנטראַכטן זיך.

פאַגאַנעל האָט ניט באַוויזן צו איבערזעצן פאַר זײַנע מיטרײַזנדער דעם ענטפער, ווי אַלע האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין אַן ענגער ראָד אַרום דעם פּאַטאַגאָנער און האָבן אים גענומען פאַרשיטן מיט פראַגן. זײ האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז ער ווײסט ניט קײן אײן וואָרט פון דער שפּראַך פון זײערער.

פאַגאַנעל איז אויך געוואָרן שטאַרק צערודערט און האָט מיט גרויס שוועריקײַט צונעקליבן די נויטיקע ווערטער באַ דעמדאָזיקן ביז גאָר אינ־טערעסאַנטן פאַרהער. אַלע אויגן זײַנען געווען צוגעשמידט צום אינדיאַנערס געזיכט, איטלעכן האָט זיך געוואָלט איבערלײענען אָפּ זײַן פּאָנעם די ענט־פערס נאָך פריִער, אײדער די ווערטער וועלן זיך אַרויסבאַקומען פון זײַנע ליפּן.

פאַגאַנעל האָט איבערגעזעצט אָפּ ענגליש טאַלקאַווס רעדע וואָרט אין וואָרט.

— ווער איז דערדאָזיקער געפאַנגענער? — האָט פּאגאנעל געפרעגט.
— דאָס איז א פּרעמדלענדער, — האָט טאלקאוו געענטפערט, — אַן איירא־פּייער.

האָט איר אים אליין געזען?

— ניין, נאָר אסאך האָבן וועגן אים גערעדט. דאָס איז א בראַווער מאַן, בא אים איז אַן אָקסן־הארץ.

— אַן אָקסן־הארץ! אַך, ס'ארא אויסגעצייכנטע בילד דאָס איז. איר האָט פאַרשטאַנען, מײַנע פריַינט, וואָס דאָס באַטײַט, דאָס הייסט, אז דאָס איז זייער א מוּטיקער מענטש.

— ווער? דער טאטע מײַנער?! — האָט ראָבערט גראַנט אויסגעשריגן.

און זיך ווענדנדיק צו פּאגאנעלן, האָט ער נאָכמאָל געפרעגט:

— וויאַזוי זאָגט מען אף שפּאניש: „דאָס איז מײַן טאטע“?

— Es mio padre! — האָט דער געאָגראַף געענטפערט.

ראָבערט האָט אָנגעכאַפּט טאלקאוון פאר א האַנט און אים אין גרויס צערודערונג אָפּגעזאָגט:

— Es mio padre.

— Suo padre?* — האָט דער פּאטאגאָנער א פרעג געטאָן און זײַן בליק האָט זיך ווי אָנגעצונדן.

ער האָט ארומגענומען דאָס יאטל, ער האָט אים אראָפּגענומען פון זאָטל און אים אריַינגעקוקט גלײַך אין די אויגן מיט אָפענער סימפּאַטיע. איבער זײַן קלוגן פּאָנעם איז דורכגעלאָפן א שאָטן פון אופרעגונג.

אָבער פּאגאנעל האָט נאָך נים געענדיקט זײַן פאַרהער: — ווו־זשע געפינט זיך דערדאָזיקער געפאַנגענער? וואָס טוט ער? ווען האָט טאלקאוו דאָס לעצטע מאָל וועגן אים געהערט?

דידאָזיקע אלע פראגן האָט ער אויסגעשאָסן אין איין אָטעם.

אף די ענטפערס איז נים אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן. דער פּאטאגאָנער האָט געלאָזט וויסן, אז דער איירא־פּייער איז געפאַנגען בא א וואַנדער־שבט, וואָס שלעפּט זיך ארום איבער די פּאַמפּאַסן צווישן ריאָ־קאָלאָראַדאָ און ריאָ־נעגראָ.

— וווּ־זשע איז ער געווען די לעצטע צײַט?

— באַם קאַציק קאַלפוקור, — האָט טאלקאוו געענטפערט.

— דאָס איז אף דעם וועג, איבער וועלכן מיר גייען איצט?

— יאָ.

— ווער איז דערדאָזיקער קאַציק?

— דער פירער פון די אינדיאַנער־פּאָיוכן, א מענטש מיט צוויי צונגען און צוויי הערצער.

— דאָס הייסט, אז דאָס איז א פאַלשער און צווייפּנימדיקער פאַרשוין, —

———

* זײַן פאָטער?

האָט פּאַגאַנעל דערקלערט, איבערזעצנדיק פאַר זײַנע מיטרײַזנדער דעם פּאַטאַגאָנערס בילדערישע שפּראַך.

— צי װעלן מיר קענען רעטן דעם פרײַנט אונדזערן? — האָט פּאַגאַנעל פאַרגעזעצט.

— מעגלעך, — האָט דער פּאַטאַגאָנער געענטפערט, — אויב ער איז נאָר נאָך איצט אויך אין די זעלביקע הענט.

— װען האָט איר דאָס לעצטע מאָל געהערט װעגן אים?

— שוין לאַנג. פון דעמלט אָן האָט די זון צװיי מאָל געבראַכט דעם זומער אויף די פּאַמפּאַסן.

גלענאַרװאַנס פרייד האָט גאָר קיין שיעור ניט געהאַט. דאָס איז פּונקט צונויפגעפאַלן מיט דער דאַטע, װאָס איז געװען באַצייכנט אין די דאָקומענטן. איצט איז בלויז געבליבן אויסצופאָרשן נאָך איין פראַגע, און פּאַגאַנעל האָט אינדערגיך פאַרגעבן טאַלקאַװן די לעצטע פראַגע:

— איר רעדט בלויז װעגן איין געפאַנגענעם... איז דאָרט געװען איינער, צי דרײַען?

— כ'האָב ניט געהערט װעגן דעם, — האָט טאַלקאַװ געענטפערט.

— און איר װייסט ניט, אין װאָס פאַר א לאַגע דער געפאַנגענער געפינט זיך בײַ הײַנטיקן טאָג?

— ניין, גאָרניט.

בײַ דידאָזיקע װערטער האָט זיך געענדיקט דער שמועס. אַזעלכע לייגט זיך גראָדע אויך אויפן געדאַנק, אַז די דרײַ געפאַנגענע זאָל מען האָבן פאַנאַנדערגעשיידט נאָך גלײַך פון סאַמע אָנהייב. פונעם פּאַטאַגאָנערס רייד איז געװען קלאָר, אַז איין אייראָפּייער געפינט זיך אויף זיכער בײַ די אינדיאַנער אין געפענקעניש. די צײַט פון זײַן ארײַנפאַלן אין געפענקעניש, דער פּלאַץ, װוּ ער געפינט זיך, און אַלץ דאָס איבעריקע, אַפילע אַרײַנרעכענענדיק אויך דעם פּאַטאַגאָנערס בילדערישן אויסדריק װעגן דעם געפאַנגענעמס העלדישקײַט, זײַנען אָנגעמאָסטן געװען און האָבן געהאַט געװיס א שײַכעס צום קאַפּיטאַן גראַנט.

אויפן מאָרגן, דעם 25־טן אָקטיאַבער, האָבן די רײַזנדער מיט נײַער ענערגיע זיך געלאָזט אין װעג אַרײַן צו מיזרעך־צו. דעמדאָזיקן טאָג זײַנען זיי געפאָרן איבער אַן איינטאָניקן זאַמדיקן פליין, װאָס די היגע בירטיקע האָבן אים אָנגערופן „טראַװעזיאַס". דער ליימיקער באָדן האָט זיך אויסגעלופטיקט און האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך פונדערװײַטנס אינגאַנצן א גלאַטן אויבערפלאַך אָן א מינדסטן פאַלדל, אָן א מינדסטער פאַרטיפונג, אויב מע זאָל ניט רעכענען די קינסטלעכע סאַזשעלקעס, װאָס די אינדיאַנער האָבן דאָ אויסגעגראָבן. פון מאָל צו מאָל נאָך גרויסע צײַט־אָפּשטאַנדן איז זיי אויסגעקומען דורכצופאָרן פאַרבײַ ניט גאָר קיין הויכע װעלדער, װאָס זייער טונקעלע גרינקײַט איז אין אייניקע ערטער געװען דורכגעשניטן מיט גרופּעס װײַסע באָקסער־ביימער. די באָקסערן, װאָס װאַקסן אויף דידאָזיקע ביימער, זײַנען געשמאַקע,

דערפרישנדיקע, זיסלעך־ווייכע פרוכטן. זעלטן־ווען איז זיי אויסגעקומען אויך אָנטרעפן קליינינקע ווילדע פון פיסטאַשקע־ניס (כאַלאַרן) און פון יעגל־ביימער, וואָס בלויז דער איינער אויסזען זייערע האָט נאָך קלאָרער פון ווערטער דערציילט וועגן דער טרוקנקייט פונעם באָדן.

דער טאָג פונעם 26־טן אָקטיאַבער איז געווען זייער אַן אויסמאַטערנדיקער. דעמדאָזיקן טאָג האָט דער אָטריאַד געדאַרפט דערגרייכן צו דעם טייַך קאָלאָראַדאָ. די פערד, וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין איין אונטעריאָגן מיט די שפּאָרן, זיינען ניט געלאָפן, נאָר געפלויגן, ביז זיי זיינען טאַקע צו אָוונט־צו אָנגעקומען צו דעמדאָזיקן שטילסטן טייַך פון די פּאַמפּאַסן.

די אינדיאַנער רופן אָן דעמדאָזיקן טייַך ניט קאָלאָראַדאָ, נאָר „קאָבו לעבו“, וואָס דאָס באַטייַט, אויב מע זאָל עס איבערזעצן אויף אונדזער שפּראַך, „דער גרויסער טייַך“. קאָלאָראַדאָ מאַכט דורך אַ גרויסן וועג איבער די פּאַמפּאַסן און פאַלט אַרייַן אין דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. דאָרטן, בייַ דער לעפּצונג בייַ זייַנער קומט פאָר מיטן טייַך אַ מאָדנע דערשייַנונג, וואָס די געלערנטע האָבן נאָך ביז הייַנטיקן טאָג ניט אויסגעפאָרשט. בייַם טאַמע אָקעאַן וועדט דער פאַרנעם פון דעם טייַך ניט פאַרגרעסערט, ווי דאָס קומט פאָר מיט אַלע איבעריקע טייַכן, נאָר פאַרקערט, ער פאַרקלענערט זיך. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער באָדן זאַפּט דאָ אַרייַן אין זיך דאָס וואַסער, אָדער די אויסדאַמפונג איז דאָ זייער אַ גרויסע.

פּאַגאַנעל האָט צום אַלעם ערשטן זיך אָנגעטאָן דעם פאַרגעניגן און זיך אויסגעבאָדן אין די קאָלאָראַדאָ־וואַסערן, וואָס פליסן דורך צווישן ראָזקאָליר רעגע בערגן אויף אַ דנאָ פון רויטער ליים. פון אָנפאַנג האָט ער זיך געהאַט זייער פאַרכידעשט, ווי קומט צו דעם טייַך אַזאַ מין טיף, אָבער אינגיכן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ניט לאַנג האָבן דאָך דאָ די שנייען געהאַלטן אין צעגיין, אַזוי, אַז דער בעלערנטער האָט זיך שוין פאַרשפּאָרט כידעשן. די שניי־וואַסערן האָבן אויף אַזויפיל פאַרברייטערט דעם טייַך, אַז איבערגיין צופוס איבער דעם וואַסער האָט מען שוין ניט געקענט. צום גליק, האָט מען ניט הייַנט דערזען אַ געפלאָכטן בריקל, וואָס די אינדיאַנער האָבן, קענטיק, דורכגעלייגט. האָט זיך דער קליינינקער אָטריאַד מיט דעם באַנוצט און איז אריבערגעגאַנגען אויפן לינקן ברעג טייַך, און דאָרטן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט געכטיקן.

פאַרן שלאָפן־לייגן־זיך האָט פּאַגאַנעל פּינקטלעך אייַנגעשטעלט די געאָגראַפישע קאָאָרדינאַטן פונעם טייַך, און ער האָט זיי באַצייכנט אויף דער מאַפּע מיט אַ באַזונדער סאָרט געטרייַשאַפט. דאָס האָט ער זיך אָפּגעגעבן לויט דערפאַר, וואָס יארו־דזאַנגבאָ־טשו איז נאָך געבליבן פון די טיבעטער בערג אַראָפּ ניט קיין אויסגעפאָרשטער.

די קומענדיקע צוויי טעג — דעם 27־טן און 28־טן אָקטיאַבער — זייַנען דורכגעגאַנגען אָן קיין שום פּאַסירונגען. דיזעלבע איינטאָניקייט פונעם פּייזאַזש און דערזעלבער פרוכטלאָזער באָדן. וואַס יאָ, די ערד האָט, וואָס

ווײַטער, געהאַלטן אין איין פֿײַכטער ווערן. איצט איז אויסגעקומען דעם אַטריאַד זיך אַריבערצופּעקלען איבער די „קאַנאַדעס“ — די זומפּיקע נידערן — און איבער די עסטעראָס, אַזעלכע לאַגונעס, וואָס טריקענען קיינמאָל ניט אויס און וואָס זײַנען באַזעצט מיט וואַסער־געוויקסן.

צו אָוונט־צו האָבן זיך די רײַזנדער אָפּגעשטעלט בא א גרויסער אָזערע מיט שטאַרק־געזאַלצענעם וואַסער. די אָזערע האָט געהייסן אורע לאַנקוועם, — „די ביטערע אָזערע“. די אַרגענטינער שטראָף־עקספּעדיציעס האָבן אין 1862־טן יאָר דאָ, אַפֿ דעם ברעג, געפּראַוועט א בלוט־באָד פֿאַר די אויפֿשטענדלער. די רײַזנדער האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט אַפֿ נאַכט. די נאַכט וואָלט דורכגעגאַנגען, קען מען זאָגן, גאָרניט אַזוי שלעכט, ווען ניט די מאַלפּעס־טאַפּאַזשו און די ווילדע הינט. אָט די דאָזיקע טומלענדיקע באַלעכאַים האָבן אײַנגעאָרדנט לעקאָוועד די אייראָפּייער אַזאַ מין פֿײַנעם קאָנצערט, אַז יעדער מאָדנער קאָמפּאָזיטאָר וואָלט זיי זיכער מעקאַנע געווען אַפֿ זייער „מוזיקאַלישער“ דערפֿינדערישקײַט.

## זיבעצנטע קאַפּיטל

# די פּאַמפּאַסן

די אַרגענטינישע פּאַמפּאַסן ציִען זיך פֿונעם 34־טן ביז 40־טן גראַד דאָרעמדיקער ברייט. דאָס וואָרט „פּאַמפּאַסן“ — האָט אַן אַראַוקאַנישע אָפּשטאַמונג און דאָס באַדײַט פּאָשעט „מיט גראָז באַוואָקסענער סטעפּ“.

די אַמעריקאַנער פּאַמפּאַסן — זײַנען פּונקט אַזאַ מין געאָגראַפֿישע אָפּגעזונדערטע געגנט, ווי די סאַוואַנעס אין דעם לאַנד פֿון די גרויסע אָזערעס, אָדער ווי די סיבירער טײַגע. דער קלימאַט איז דאָ א קאָנטינענטאַלער: זומער — שטאַרקע היצן, און ווינטער — גרויסע פֿרעסט. די אַמפּליטודע און די טעמפּעראַטור־וואַקלונגען איז דאָ אַסאַך א גרעסערע, ווי אין די בוענאָס־אײַרעסער פּראָווינצן.

פּאַגאַנעל האָט עס אַזוי דערקלערט: — אין די בײַ־יאַמישע לענדער שלינגט אײַן דער אָקעאַן זומער די וואַרעמקײַט און ווינטער קערט ער זי אָפּ א לאַנגזאַמען אויפֿן אום צוריק דער ערד *.

— פֿונדאַנען — האָט ער צוגעגעבן — דרינגט אַרויס דער אויספֿיר, אַז די לופֿט־טעמפּעראַטור וואַקלט זיך אַפֿ די אינדזלען אַסאַך ווייניקער, ווי אינדער־מיט פֿון די קאָנטינענטן. דאָרטן איז זומער־צײַט ווייניקער הייס, אָבער דערפֿאַר איז ווינטער־צײַט ווייניקער קאַלט. פֿונדאַנען נעמט זיך אויך דאָס, וואָס דער קלימאַט פֿון דעם מײַרעוודיקן טייל פּאַמפּאַסן פֿאַרמאָגט ניט יענע מיטלמעסיקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך פֿאַר דעם מיזרעכדיקן טייל, וועלכער

* איבער דערזעלביקער סיבע זײַנען די ווינטערס אין איסלאַנד ווייכער, ווי אין לאָמבאַרדיע.

גרעניצט זיך מיטן אָקעאַן. אין דעם מיטערעווידיקן טייל קומען פאַר גרויסע פרעסט מיט גרויסע היצן, ווי אויך פּלוצימדיקע שאַרפע ענדערונגען אין דער טעמפּעראַטור. האַרבסט־צייַט, דאָס הייסט, אין אַפּריל און אין מייַ, גייען דאָרטן אָפטע גאָסדרעגנס, אָבער אין דער איצטיקער צייַט פונעם יאָר איז דער ווע־טער געוויינלעך א טרוקענער און א הייסער.

פאַרטאָג־צו האָבן זיך די רייַזנדער ווייטער געלאָזט אין וועג אַרייַן. דער באָדן איז געוואָרן האַרטער, קיין זאַמדן זייַנען שוין מער ניט געווען, אַזוי, אַז ס'זייַנען: שוין אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן די מעדאַנאָסן און די אינדער־לופט־הענגענדיקע וואָלקנס שטויב. די פערד זייַנען מוטיק געלאָפן צווישן פּאַיאַ־בראַווא־פלאַנצן; דאָס איז א הויך גראָז, וואָס וואַקסט הויפּטזאַכלעך אין די פּאַמפּאַסן, ווו די אינדיאַנער געפינען זיך אָפט אַן אָנטריינונג־פּלאַץ אין א שטורעם־צייַט. וואָס ווייַטער, אַלץ זעלטענער האָט זיך די עקספּעדיציע אָנגעטראָפן מיט וואַסער־באַסיינען, וואָס זייַנען געווען אַרומגעוואַקסן מיט ווערבעס. ווי זיי פלעגן אָנקומען צו אַזא מין אָרט, אַזוי פלעגן די פערד דאָרט גלייַך שטילן דעם דאָרשט זייערן.

דעם גאַנצן טאָג פונעם 29־טן אָקטיאַבער זייַנען די רייַזנדער געפאָרן איבער אַן אומענדלעכן און איינטאָניקן פּליין. אַרום 2 אַזייגער נאָך האַלבן טאָג האָבן זיי באַמערקט אויף דער ערד ביינער פון באַלעכאַיִם, דאָס זייַנען געווע־רעשטן פון א גרויסער טשערעדע רינדער.

נאָך א מאָדנע זאַך: די וויַיס־געוואָרענע ביינער זייַנען ניט געווען צעזייט אויף קיין גרויסן מעהאַלעך, ווי דאָס טרעפט אָפט אין א צייַט, ווען די באַלע־כאַיִם ווערן אויסגעמאַטערט פונעם לאַנגן איבערגאַנג און הייבן אָן פאַלן אין וועג איינס נאָך צווייטן. ניין, דאָ זייַנען זיי געלעגן מערער אויף איין אָרט. קיינער פון די רייַזנדער האָט ניט געקענט דערקלערן די סיבע, פאַרוואָס ליגן עס דאָ די ביינער אַלע אינאיינעם. פּאַגאַנעל גופא איז דאָ אויך געווען אומבא־האָלפן, פּונקט ווי אַלע איבעריקע. און דערום טאַקע האָט ער זיך געווענדעט צו טאַלקאַוו נאָך א דערקלערונג.

יענער האָט גלייַך אָן שום פאַרזאַמונג באַפרידיקט זייַן נייַגעריקייַט.

דאָס, וואָס דער געלערנטער איז אַזוי פאַרוווּנדערט אונטערגעשפּרונגען, און דאָס, וואָס דער פּאַטאַגאָנער האָט געענטפערט מיט אַזא מין פעסטער זיכערקייַט, האָט געבראַכט צו דעם, אַז אַלע אַרומיקע האָבן זיך נאָך שטאַר־קער פאַרינטערעסירט מיטן איניען.

— וואָס־זשע הייסט עס אַזעלכס? — האָבן זיך אַלע גענומען האַסטיק דערפרעגן.

— א בליץ, — האָט דער געאָגראַף געענטפערט.

— וואָס הייסט? א בליץ איז אימשטאַנד דורכצומאַכן אַזעלכע חורבאָנעס? פאַרניכטן א טשערעדע פון 500 שטיק?

— טאַלקאַוו באַשטייט אויף דעם, און ער איז גערעכט אויך. איך האָב, אַגעוו, אליין געוווּסט, אַז די שטורעמס אין די פּאַמפּאַסן מאַכן אָן שרעקלעכע חור־

בויגנס. נאָר איך פֿאַרהאָפֿ, אַז אונדז וועט ניט אויסקומען אויסצופּרוּוון אַז זיך זייער פֿאַרניכטנדיקע קראַפֿט.

— ס'אַרא מין היץ ס'איז, — האָט זיך ווילסאָן אין אַ היַלע אַרום אָנגערופֿן.

— דער טערמאָמעטער, — האָט פֿאַגאַנעל געענטפֿערט, — באַווייַזט 30 גראַד אין שאָטן.

אינאָווענט האָט דער אָטריאַד זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ פֿאַרלאָזטן ראַנטשאָ, וואָס איז געווען צונויפֿגעפֿלאָכטן פֿון צווײַגן און אַרומגעשמירט מיט לײם און איז פֿונויבן באַדעקט געווען מיט שטרוי. די הייַזקע איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּלויט פֿון האַלב־אויסגעפֿוילטע פּלעקער, פֿונדעסטוועגן איז ער נאָך געווען גענוג שטאַרק אָפּ . פֿאַרטיידיקן באַנאַכט די פֿערד פֿון די פּיקסלעך, וואָס פֿאַלן דאָ אָן. די פּיקסלעך קענען, אגעוו, גאָרניט טאָן די פֿערד, נאָר זיי קענען אָפּטאָן אַן אַנדער מין שפּיצל, — זיי בייַסן אָפּ די צוימרימענדלעך, און דאַן רייַסן זיך די פֿערד אַרויס אויף דער פֿרייַ און גייען זיך אַוועק וווּהין די אויגן טראָגן זיי.

אויף מאָרגן, דעם 30־טן אָקטיאַבער, האָט זיך די זון אויפֿגעכאַפּט, ווי דורך אַ פֿלאַמענדיקן נעפּל. זי האָט אָנגעהויבן אַראָפּשיקן צו דער ערד גאַנצע שטראָמען הייסע שטראַלן. די היץ איז אינעם דאָזיקן טאָג געווען נישט איבערצוטראָגן, און דאָ איז נאָך די צאָרע, וואָס אויפֿן פֿלאַכן פֿעלד איז אינערגעץ ניטאָ, וווּ זיך צו פֿאַרשטעלן פֿון איר. דער אָטריאַד האָט זיך אָבער ניט גערעכנט מיט קיין שום זאַך און האָט מיט זייַן געוויינלעכער געוואַגטקייט זיך געלאָזט פֿאָרויצן דעם וועג צו מיזרעכ־צו. איבערן וועג האָבן די רייַזנדער ניט איינמאָל זיך אָנגעטראָפֿן מיט גרויסע טשערעדעס פֿי, וואָס האָבן אין אָנמאַכט זיך צעוואַלגערט איבערן גראָז און שוין מער קיין קויעך ניט געהאַט זיך צו פֿיטערן איבער דער דאָזיקער שרעקלעכער היץ. די טשערעדעס האָבן ניט געהאַט לעם זיך ניט קיין פּאַסטעכער, ניט קיין היטער. דאָס גרויספֿי פֿון די פּאַמפּאַסן איז זייער רויִק לויט איר נאַטור, און שיידט זיך אויס מיט דעם פֿון אירע אייראָפּייִשע פֿרייַנט; זי ווערט אויך ניט אויפֿגערייצט, ווען זי דערזעט פֿאַר זיך רויטס.

צו האַלבן טאָג האָט דער אויסזעען פֿון די פּאַמפּאַסן זיך גענומען טיילווייַז ענדערן. די רייַזנדער, וואָס זייַנען שוין געווען מיד פֿון דעם איינטאָניקן פֿאַרלאָזענעם סטעפּ, האָבן עס ניט געקענט ניט באַמערקן. ברויט־גראָזן האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגענען זעלטענער, זיי האָבן אָפּגעטראָטן זייער אָרט פֿאַר די דאַרע ווינט־בלעטער און פֿאַרן גיגאַנטישן זיסטל (טייַוול־קרויט), וואָס האַלט נייַן פֿוס די הייך און וואָס איז אימשטאַנד צו באַגליקן אַלע אייזלען פֿונעם ערד־קייַלעך אינאיינעם גענומען.

ביז דידאָזיקע ערטער האָט דער ליימיקער באָדן פֿאַרהיט אין זיך אַ געוויסן טייל פֿײַכטקייט, וואָס האָט געדינט מיט זיך דעם געוויקסן־צודעק פֿון די פּריירים. אָבער דאָ האָבן אויף יעדן טראָט זיך גענומען באַגעגענען פֿליכן

פון אויסגעטריקנטער, מאָגערער, זאַמדלאָזער ערד, וועלכע איז ניט אימשטאַנד צו געבוירן וואָס ס'ניט איז, אויסער געוויסע מיסטגראָזן. דאָס זײַנען געווען די אָנזאָגער פון א פאַרטריקעניש. טאַלקאָוו האָט דערויף געווענדט די אויפמערקזאַמקײַט פון די רײַזנדער.

— מיך קימערט דידאָזיקע ענדערונג זייער ווינציק,— האָט טאָם אַאוסטין מוידע געווען.— וואָס קומט מיר אַרויס פון דעם גראָז? — אומעטום גראָז! סע וועט דאָך שוין פּאַשעט דערעסן!

— יאָ, אָבער אומעטום גראָז, באַדײַט — אומעטום וואַסער,— האָט דער מאַיאָר בעגענספערט.

— אָ, אין קיין וואַסער פילן מיר ניט קיין איבעריקן מאַנגל,— האָט אים ווילסאָן דערווידערט.— וואַסער האָבן מיר פולע לאָגלען. אויסער דעם, וועלן מיר נאָך אפן וועג מיסטאָמע זיך אָנטרעפן מיט געגוג טײַכן.

ווען דאָס הערט, כאָלילע, פאַגאַנעל, וואָלט ער זיי גלײַך געלאָזט וויסן, אַז זיי זאָלן ניט לעבן אין טאָעס, וואָרום צווישן ריאָ־קאָלאָראַדאָ מיט די סיערן פון דער אַרגענטינישער פּראָווינץ געפינען זיך זייער ווינציק טײַכן. אָבער אין דערדאָזיקער רגע האָט פאַגאַנעל געהאַלטן אין דערקלערן פאַר מיסטער גלענאַרוואַנען די סיבעס פון איינער א דערשײַנונג, אפ וועלכער יענער האָט געווענדט זײַן אויפמערקזאַמקײַט.

שוין א היפּש שטיקל צײַט, אַז סע הערט זיך אינדערלופטן א רייעך פון סמאַלינע און אפן גאַנצן האָריזאָנט האָט מען אינערגעץ ניט געזען קיין סימען פון קיין פײַער, מע האָט אויך ניט געזען פונדערווײַטנס קיין קנוילן רויך, וואָס זאָלן איידעס זאָגן וועגן א ווײַטער סרייפע ערגעץ. דערום איז שווער געווען צוצוטראַכטן עפּעס א מער־ווינציקער נאַטירלעכע דערקלערונג פאַרן דאָזיקן פענאָמען. אינגיכן איז דער רייעך פון סמאַלינע געוואָרן אַזוי פילבאַר, אַז אויך די איבעריקע רײַזנדער האָבן זיך שוין אויך אָנגעהויבן באַומרויִקן, אויסער נאָר טאַלקאָוון מיט פאַגאַנעלן.

דער געאָגראַפ, וואָס האָט געוווּסט אַלץ אין דער וועלט, האָט דערקלערט פאַר זײַנע מיטרײַזנדער דידאָזיקע דערשײַנונג אַזוי:

— מיר פילן דעם רייעך פון סמאַלינע,— האָט ער זיך אָנגערופן,— און קיין פײַער זעען מיר ניט.— אָבער קיין רויך קומט נישט אָן קיין פײַער, און דאָסדאָזיקע ווערטל איז גילטיק פאַר אַמעריקע פונקט אַזוי, ווי פאַר אייראָפּע. הייסט דאָך עס, אַז ערגעץ מוז עפּעס ברענען. איז די מײַסע דערפון אַזוי: די פּאַמפּאַסן שטעלן דאָך מיט זיך פאָר אַזאַ מין גלאַט פלאַכלאַנד, ווו קיין שום זאַך פאַרהאַלט דאָ ניט די לופט־שטראָמען, דערום קען מען אין דידאָזיקע לופט־שטראָמען דערהערן דעם רייעך פון ברענענדיקן גראָז, ייִט געקוקט דערויף, וואָס דו געפינסט זיך אפ 70 אָדער 75 מײַל מעהאַלעך פון דעם אָרט, ווו די סרייפע קומט פאָר.

— א פינפונזיבעציקמײַליקער מעהאַלעך? — האָט דער מאַיאָר איבערגעפרעגט מיט אומצוטרוי.

— אזויוי איר הערט, — האָט פאגאנעל געענטפערט, — מע דאַרף נאָר צוגעבן, אז די היגע סטעפּ־סרייפעס צעשפּרייטן זיך אָפט אף קאָלאָסאַל־גרויסע שעטעכן.

— פונוואַנען־זשע נעמען זיך דיזאָזיקע סרייפעס? — האָט ראָבערט געפרעגט.

— אמאָל נעמען זיי זיך פּאָשעט פון א בליץ, בעשאס דאָס גראָז איז אויסגעטריקנט, און אמאָל צינדן עס די אינדיאַנער אַליין אונטער.

— צוליב וואָס טוען זיי עס?

— זיי האַלטן, — איך ווייס ניט, ווי ווײַט דאָס איז באַגרינדעט, — אז נאָך דער סרייפע גייען בעסער אוף די ברוינס־גראָזן. דאָס דערקלערט זיך, קענטיק, מיט דעם, וואָס דאָס אש באַגיסיקט די ערד. מיר גופא פאַלט אײַן אַן אנדער זאַך. איך מיין, אז זיי צינדן אונטער דאָס גראָז, כּדי צו פארניכטן די מיליאַרדן פאראַזיטן, וואָס מאַטערן שטאַרק אויס זייערע טשערעדעס פי.

— אָבער דאָסדאָזיקע העלדישע מיטל זייערס קען דאָך אוועקפאַטערן די טשערעדעס גופא, וואָרום ווו וועלן זיי זיך אהינטאָן, אויב זיי וועלן זיך ארײַנפּאַקן אינמיטן די פּריריס אין דער סאַמע סרייפע ארײַן?

— סאָ וואָס־זשע מיינט איר, טרעפט טאַקע, אז גאַנצע טשערעדעס ווערן פארברענט. אָבער וואָס פאר א באַטרעף האָבן איינצלנע טשערעדעס בײַ אזא מין שעפע!

— הערט נאָר אויס, אין די פּאַמפּאַסן מאַכן זיך דאָ אמאָל ווײַזנדער אויך, — האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופן, — קען זיך דאָך נאָך אמאָל מאַכן, אז אזא מין סרייפע זאָל זיי באַגעגענען אינמיטן וועג און זיי זאָלן זיך אפילו ניט האָבן דורכוואַנעג צו ראַטעווען?

— פארשטייט זיך! — האָט פאגאנעל אויסגערופן און האָט ניט פארבאַהאַלטן דעם צופרידענעם שמייכל זײַנעם. — אזעלכע זאַכן טרעפן אויך אמאָל. ווען סע קומט אף מיר, וואָלט איך גאָרניט געהאַט קעגן בײַצווײַן בײַ אזא מין סאָרט ספּעקטאַקל.

— אָ, דאָס איז די טעווע פונעם עמעסן געלערנטן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן צעלאַכט. — ער איז גרייט לעבעדיקערהייט פארברענט ווערן, אבי נאָר צו באַפרידיקן זײַן נײַגעריקײַט.

— איך ניב אײַך מײַן ערנוואָרט, ליבער מיסטער גלענאַרוואַן, אז איר האָט א טאָעס. מיר האָבן דאָך אַלע געלייענט פענימאָר קופּערן, און דער לעדערנער זאָק האָט אונדז אויסגעלערנט, ווי־אזוי זיך צו ראַטעווען פון א סרייפע אין סטעפּ. צוליב דעם איז גענוג, מע זאָל אַרומרײַסן אַרום זיך דאָס גראָז אף א ראַדיוס פון עטלעכע קלאַפטער און גאַר. אָט האָט איר אײַך א פּאָשעטס און זיכער מיטל. און דערום הייב איך ניט אָן מוירע צו האָבן פאר קיין סרייפע אין סטעפּ, נאָר פארקערט, סע ציט מיך צו דערזען אזעלכס מיט מײַנע אייגענע אויגן.

אָבער ס'איז סײַווי ניט באַשערט געווען, אז פאגאנעלס טרוים זאָל מעקוייעם ווערן, און אויב ער האָט זיך יאָ געבראָטן, איז נישט אף קיין סטעפּ־

שער סרייפע, נאָר אונטער די הייסע שטראלנ פונ דער זונ, וואָס האָבנ ווירקליכ געבאַקנ אונ געבראָטנ, ווי פײַער. די פערד האָבנ ניט געהאט מיט וואָס צו עטעמענ אינ דער דאָזיקער טראָפּישער היצ. ס'איז ניט שײַעכ געווענ צו האָפנ, אַפ זיכ אונטערשטעלנ ערגעצ אונטער א שאָטנ, סײַדנ עפשער א וואָלקנ זאָל אַפ א רעגנלע פארשטעלנ די זונ. אז סע פלעג זיכ אמאָל מאכנ אזא מינ רעגע, אונ א שאָטנ פלעג דורכלויפנ איבער דער גלאטער ערד, פלעגנ די רײַטער מיט די פערד בא זיכ ווערנ מוטיקער אַפ א ווײַלע אונ זיכ באמיִענ ניט אָפּצושטיינ פונעם קילנ פאסיקל, וואָס טראָגט זיכ פאָרויס מיטנ מיזרעכדיקנ ווינט. אָבער דער וואָלקנ פלעג זייער גיכ אונ זייער אָפט ווײַט אריבעריאָגנ די פערד אונ ס'איז ווידער ניט געווענ, ווו זיכ צו פארשטעלנ, אונ די זונ האָט ווידער געשאָטנ מיט א פײַערדיקנ רעגנ איבער דעם קאלכארטיקנ באָדנ פונ די פאמפאסנ.

בעשאס ווילסאָנ האָט געטײַנעט, אז זיי האָבנ נאָכ אינ די לאָגלענ וואסער איבערגענוג, האָט ער ניט גענומענ אינ אכט דעם שרעקלעכנ דאָרשט, וואָס האָט געמאטערט זײַנע מיטרײַזנדער אינעם דאָזיקנ שווערנ טאָג. די האָפענונג זיכ אָנצוטרעפנ מיט א טײַכ, האָט זיכ דערווײַל ניט באַרעכטיקט. דער אויבערפלאכ פונ די פאמפאסנ, וואָס איז געווענ גלאט ווי א טישטעכ, איז ניט געווענ צוגעפאסט פאר קיינ טײַכנ. אָבער טאָמער איז נאָכ ווינציק, וואָס אַפנ וועג זײַנענ ניט געווענ קיינ טײַכנ, זײַנענ נאָכ צו די באָרעס אויסגעטריקנט געוואָרנ אומעטום די קינסטלעכע וואסער-באסיינענ מיט די סאזשעלקעס, וואָס די אינדיאנער האָבנ דאָ אַפנ וועג אויסגעגראָבנ. דערזעענדיק, ווי די סימאָנים פונ דער פארטריקעניש פארמערנ זיכ אינ זייער צאָל מיט יעדנ דורכגעמאכטנ מײַל, האָט פאגאנעל א פרעג געטאָנ בא טאלקאווונ, ווו האָפט ער צו געפינענ וואסער.

— אינ דער אָזערע סאלינאס,— האָט דער אינדיאנער געענטפערט.

— אונ ווענ וועלנ מיר אַהינ קומענ?

— מאָרגנ אינאָוונט.

די, וואָס רײַזנ איבער די ארגענטינער פאמפאסנ אינ דער צײַט פונ א פארטריקעניש אונ דער דאָרשט באפאלט זיי, גראָבנ זיכ קעסיידער אויס אינ דער ערד אזעלכע גריבלעכ צו עטלעכע קלאפטער אינדערטיפ אונ זיי זוכנ זיכ דאָרט אַפ וואסער, אָבער אונדזערע רײַזנדער האָבנ ניט געהאט מיט זיכ קיינ געצײַגנ אַפ צו גראָבנ די ערד, אונ דערום האָט זיי דאָסדאָזיקע מיטל מיט גאָרניט ניט געקענט ארויסהעלפנ. אזוי, אז ס'איז אויסגעקומענ צו באגרענעצנ דעם געברויכ פונ וואסער — ארויסגעבנדיק סײַ קלענערע כאלאָקים, סײַ אויכ ניט אזוי אָפט, ווי געווינלעכ, אונ אויב די רײַזנדער זײַנענ ניט געשטאָרבנ פאר דאָרשט, האָבנ זיי זיכ דאָכ, יעדנפאלס, גענוג פונ אים אָנגעליטנ.

אינאָוונט, ווענ זיי האָבנ זיכ, נאָכ די דורכגעגאנגענע 30 מײַל, אָפגעשטעלט, האָבנ אלע געטרוימט וועגנ אָפרו אונ וועגנ שלאָפ, וואָס זאָלנ ווי עס איז אויפשטעלנ די קויכעס, וועלכע מע האָט אזוי נישט שפאָרעוודיק אויסגעבראכט

פאַרן טאָג. אָבער באַנאַכט האָבן די מוקן און די מאָסקיטן, וואָס זײַנען אַהער אָנגעפלויגן גאַנצע וואָלקנסווײַז, זיי אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, אַז זיי האָבן זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זייער אָנקום האָט פירגעזאָגט אַן ענדערונג אין דער ריכטונג פונעם ווינט. און ווירקלעך, אינמיטן באַנאַכט האָט דער ווינט אָנגעהויבן בלאָזן פון צאָפן־זײַט. אַזוי אַרום, האָבן די רײַזנדער פאַרשפּאָרט האָבן, אַז זיי וועלן ווי עס איז פּאָטער ווערן פון דידאָזיקע פאַרשאָלטענע אינזעקטן, האָרום יענע ווערן פאַרשווונדן בלויז בעשאַס אַ דאָרעמדיקן אָדער אַ דאָרעם־מיזרעכדיקן ווינט.

דער מאַיאָר האָט פאַרהיט זײַן רויִקײַט און זײַן גלײַכגילט אַפילע איצטער בעיִס דעם בײַסעניש פון די מאָסקיטן, אָבער פּאַגאַנעל האָט געהאַלטן אין איין שעלטן אַלץ מיט אַן אַנדער; ער האָט געהאַלטן אין איין שיקן צו אַלדערוכעס אַלע מאָסקיטן מיט אַלע מוקן, און ער האָט זיך זייער געקלאָגט, נעבעך, דערויף, וואָס ער האָט ניט לעם זיך קיין אונטערגעזײַערט וואַסער, מיט וועלכן מע קען ווי עס איז אײַנשטילן דעם ווייטיק פון די בײַסן.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דער מאַיאָר האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף זיך נאָך האַלטן פאַר גליקלעך, וואָס פון די דרײַ הונדערט טויזנט אַרטן אינזעקטן, וועלכע זײַנען באַוווּסט אין דער נאַטוראַליסטן־וועלט, זײַנען דאָ אַף זיי אָנגעפאַלן בלויז צוויי, האָבן אָבער אַף פּאַגאַנעלן דידאָזיקע רייד חינציק געווירקט. ער האָט זיך, נעבעך, אויפגעכאַפּט אינדערפרי מיט זייער אַ שלעכטער שטימונג; אָבער איינס צום אַנדערן האָט ניט. פאַרטאָג, אַז מע האָט זיך געלאָזט אַלע אין וועג אַרײַן, האָט אויך ער זיך ניט געלאָזט בעטן, ווײַל אויך ער האָט זיך ניט ווינציקער פון איטלעכן געאײַלט, קעדיי מע זאָל וואָס גיכער אָנקומען צו דער אָזערע סאַלינאַס. די פערד זײַנען געווען גוואַלדיק פאַרמאַטערט, זיי זײַנען אויסגעגאַנגען פאַר דאָרשט, ניט געקוקט דערויף, וואָס די רײַטערס האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע אייגענע כאַלאָקים וואַסער און אַליין האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פונעם לעצטן.

פאַרטריקעניש־ס־מאָנים האָבן זיך דעם אָ טאָג אַרויסגעוויזן נאָך מערער, חי נעכטן, און דער גלײַענדיקער אָטעם פונעם מײַרעוודיקן ווינט — דער עמעסער פּאַמפּאַסן־סאַמום * — האָט געמאַכט נאָך אומדערטרעגלעכער די סײַווי גוואַלדיקע היץ.

אַכט אַזייגער אינאָוונט האָט טאַלקאַוו, וואָס איז געפאָרן אין דער שפּיץ פונעם אָטריאַד, דער ערשטער דערזען די אָזערע. אין אַ פערטל שאָ אַרום זײַנען די אָנטיילנעמער פון דער קליינינקער עקספּעדיציע אַראָפּ פון די פערד לעם סאַמע ברעג פון דער אָזערע סאַלינאַס. אָבער דאָ איז פּאָרגעשטאַנען פאַר די רײַזנדער אַ גרויסע אַנטוישונג, ווײַל אין דער אָזערע איז שוין קיין וואַסער ניט געווען.

* סאַמום — דער הייסער און זייער טרוקענער ווינט, וואָס בלאָזט אין אַראַביע, אין מײַרעוו־אַזיע און צאָפן־אַפריקע.

## אכצנטע קאַפּיטל

# מע זוכט וואַסער

די אָזערע סאַלינאַס איז געווען די לעצטע אין דער קייט פֿון די וואַסער־באַסיינען, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן די ווענעזואַנישע סיערן און צווישן גוואַמיני. אין די פֿריערדיקע צײַטן פֿלעגן די היגע זאַלץ־רײַכטימער שטאַרק באַאַרבעט ווערן דורך די בוענאָס־אײַרעסער אונטערנעמער. אין דערדאָזיקער אָזערע האָט זיך געפֿונען א באַדײַטנדיקע צאָל כלאָרישער נאַטרי *, אָבער אין משך פֿון א קורצער צײַט האָט מען די גאַנצע זאַלץ, וואָס איז דאָ אויסגעדעמפּט געוואָרן דורך דער הייסער זון, אַרויסגעפֿירט, און די ברעגן פֿון דער זיס־געוואָרענער אָזערע זײַנען פֿאַרלאָזט געוואָרן. בעשאַס טאַלקאַוו האָט גערעדט וועגן דעם זיסן וואַסער פֿון דער אָזערע־סאַלינאַס, האָט ער אויסגערעכנט דערויף, אַז דער רעזערוו פֿון דעמדאָזיקן וואַסער לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויס, ווײַל ער ווערט קעסיידער דערגאַנצט דורך די טײַכלעך, וואָס פֿאַלן אַהער אַרײַן. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די אַלע טײַכן און טײַכלעך זײַנען אויסגעטריקנט געוואָרן, פּונקט ווי די אָזערע גופֿא. די סמאַלענדיקע זון האָט אומעטום אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע וואַסער.

ס'איז גרינג זיך פֿאָרצושטעלן, וויאַזוי די רײַזנדער, וואָס גייען אויס נאָך א טרונק, האָבן זיך דערפֿילט, בעשאַס זיי האָבן דערזען דעם אויסגעטריקנטן, דורך דער היץ צעטראַסקעטן גרונט פֿון דער אָזערע.

מע האָט געמוזט אָנעמען וואָסער ניט איז באַשלוס. דער נישטיקער רעזערוו וואַסער, וואָס האָט זיך געפֿונען אויפֿן דנאָ פֿון די לאָגלען, איז ניט געווען אימשטאַנד צו שטילן איסלעכנס דאָרשט, בײַ־אַם נאָך, אַז דאָס וואַסער האָט שוין שלעכט געשמעקט. די פּײַן איז געוואָרן ניט צו דערטראָגן. דער הונגער, די מידקײַט, אַלץ, אַלץ, אַלע לײַדן זײַנען גאָרניט ווערט געווען אַנטקעגן די לײַדן פֿון דעם דאָרשט...

די אויסגעמאַטערטע רײַזנדער האָבן זיך געפֿונען אַן אַנטרינונג־פּלאַץ אין א „רוכע", וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו א פֿאַלד אינעם באָדן. דאָס איז אַזאַ מין לעדערן בײַדל, וואָס די באַלעבאַטים, די וואַנדער־לײַט, האָבן עס פֿאַרלאָזט. די פֿערד האָבן מיט עקל געקײַט די טרוקענע וואַסער־פּלאַנצן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויפֿן ברעג פֿון דער אָזערע.

בעשאַס אַלע האָבן זיך ווי עס איז אײַנגעמאָסטעט אין דערדאָזיקער „רוכע", האָט פּאַגאַנעל פֿאָרגעבן טאַלקאַוו א פֿראַגע. וואָס וועט מען, לויט זײַן מיינונג, דאַרפֿן ווײַטער פֿירנעמען.

דער געאָגראַף און דער פּאַטאַגאָנער האָבן גענומען לעבהאַפֿטיק אײַנטײַנען צווישן זיך. גלענאַרוואַן האָט זיך שטאַרק אײַנגעהערט אין זייערע רייד, אָבער ער האָט פֿאַרשטאַנען צו ווינציק שפּאַנישע ווערטער, אַז ער זאָל קענען נאָכ־

* כלאָר־נאַטרי — געוויינלעכע קאָכ־זאַלץ.

פֿאָלגנ נאָכנ זינ פונ זייער שמועס. טאלקאָװ האָט, װי זײַנ שטייגער איז, גערעדט זייער רויִק, אונ פּאגאנעל האָט זיכ געװאָרפנ אונ געמאכט מיט די הענט שוינ פאר בײדע מיטאמאָל. דערדאָזיקער דיאלאָג האָט זיכ געצויגנ עטלעכע מינוט צײַט, דערנאָכ האָט דער פּאטאגאָנער צונויפגעלייגט די הענט אפ דער ברוסט אונ איז אנטשװיגנ געװאָרנ.

— װאָס האָט ער געזאָגט? — האָט מיסטער גלענארװאנ א פרעג געטאָנ. — מיר האָט זיכ אויסגעװיזנ, אז טאלקאװ אייצעט אונדז, מיר זאָלנ זיכ צעפּאָרנ אינ באזונדערע זײַטנ.

— יאָ, ער אייצעט, מיר זאָלנ זיכ צעטיילנ אפ צװיי אָטריאדנ, — האָט פּאגאנעל געענטפערט. — די, װאָס װעמענ די פערד זײַנענ אָפּגעשװאכט געװאָרנ אפ אזויפיל, אז זיי רידנ זיכ קוים, דארפנ פּאמעלעכ פאָרזעצנ זייער װעג פאָרויס לויט דער 37־טער פּאראלעל, אָבער די, װאָס די פערד זייערע זײַנענ אינ א בעסערנ צושטאנד, דארפנ זיכ אװעקלאָזנ גיכער צו דעם טײַכ גוואמיני, װאָס פאלט ארײַנ אינ דער אָזערע סאנ־לוקאס, אנ ערעכ 30 מײַל פונדאנענ. אויב זיי װעלנ דאָרטנ אָנטרעפנ װאסער, װעלנ זיי זיכ אָפּשטעלנ באם ברעג, װארטנ אפ די כאװיירים אפ זייערע, אונ אויב קיינ װאסער װעט דאָרט ניט זײַנ, דאנ װעלנ זיי זיכ אומקערנ אינדערגיכ אפ צוריק, קעדיי די אָפּגעשװאכטע כאװיירים זאָל פארשפּאָרנ צו פארשװענדנ אומזיסט די קויכעס.

— אונ דאנ?.. — האָט טאָם אאוסטינ א פרעג געטאָנ.

— דאנ װעט אויסקומענ אָפּצוקערעװענ פונ אונדזער װעג אפ װאָסערע 75 מײַל אָנ א זײַט, צו די ערשטע בערג־טיילנ פונעם סיער־װענטאנ, אונ דאָרטנ זײַנענ דאָ א שלאָכ מיט טײַכנ.

— מיר געפעלט דערדאָזיקער געדאנק, — האָט זיכ מיסטער גלענארװאנ אָנגערופנ. — מיר װעלנ עס ניט אָפּלייגנ אינ דער לאנגער באנק ארײַנ אונ מירנ גלײַכ טאָנ, װי טאלקאװ אייצעט אונדז. מײַנ פערד קענ לענגער איבערטראָגנ דעם דאָרשט, אונ דעריבער װעל איכ זיכ צוזאמענ מיט טאלקאװנ לאָזנ פאָרויס.

— אָ, סער, נעמט מיכ אויכ מיט זיכ! — האָט זיכ ראָבערט גענומענ בעטנ, פונקט װי ס׳װאָלט זיכ דאָ געהאנדלט װעגנ א געװיינלעכנ שפּאציר־דורכפאָר.

— נו, אונ דײַנ פערד װעט דענ אויסהאלטנ, קינד מײַנס?

— אָ, יאָ. מײַנ פערדל איז איינס פונ די בעסטע אונ ס׳האָט זיכ גאָרניט אזוי אײַנגעמידט. איכ בעט אײַכ, סער, דערלויבט מיר אויכ מיט אײַכ פאָרנ.

— נו, גוט, — האָט זיכ גלענארװאנ אָנגערופנ אונ טיפ אינ הארצנ איז ער געװענ צופרידנ, װאָס ער צעשיידט זיכ ניט מיטנ יאטל. — סע קענ ניט זײַנ, אז אונדזערע אינדרײַענ זאָל זיכ ניט אײַנגעבנ אָפּצוזוכנ א װאָסערנ ניט איז קװאל.

— אונ איכ? — האָט פּאגאנעל א פרעג געטאָנ.

— איר, ליבער פּאגאנעל, — האָט דער מאיאָר געענטפערט, — מוזט בלײַבנ אינ אריערגארד. איר זײַנט צופיל באקאָנט מיט דער 37־טער פּאראלעל, מיטנ טײַכ גוואמיני אונ מיט די פּאמפּאסנ, אז מיר זאָל אײַכ קענענ אָפּלאָזנ פונ

זיך. סײַ מיולרעדי, סײַ ווילסאָן און איך אוהאדע זײַנען ניט אימשטאנד אָפּצוזוכן דאָס אָרט, וווּ מיר וועלן זיך דאַרפֿן באַגעגענען מיט סאלקאווג. בלויז אונטער זשאק פאגאנעלס אָנפֿירונג קענען מיר מוסיק און מיט צוטרוי זיך לאָזן אין וועג אַרײַן.

— נו, אויב אַזוי, גיב איך זיך אונטער, — האָט דער געאָגראַף געענטפֿערט. — וואָרום ס'איז אים זייער געפֿעלן געוואָרן דאָס, וואָס מע טרויט אים אָן די איבער־אָנפֿירונג.

— אָבער אָן שום צעטראָגנקייט, — האָט דער מאַיאָר צוגעגעבן. — מיר אַלע געבן אײַך זייער, איר זאָלט אונדז אָפּסמאָל ניט פֿאַרפֿירן צו אַזאַ מין אָרט, וווּהין מיר דאַרפֿן קלאָר ניט, ווי, לאָמיר זאָגן, צוריק צו די ברעגן פֿונעם שטילן אָקעאַן.

— איך שווער אײַך, איר בײַסיקער מענטש, וואָס איר זײַנט, אַז איר פֿאַרדינט ערלעך מע זאָל אײַך אַהין פֿאַרפֿירן, — האָט פאגאנעל געענטפֿערט מיט אַ געלעכטער, — נאָר הײַנטיקס מאָל וועל איך עס אײַך נישט טאָן, — און דאָ האָט זיך זשאק פאגאנעל גלײַך אויסגעקערעוועט צו מיסטער גלענאַרוואַנען און שוין מיט אַן ערנסטער מינע זיך צו אים אָנגערופֿן: — אָבער זאָגט נאָר מיר, מיסטער גלענאַרוואַן, ווי אַזוי וועט איר זיך דורכשמועסן מיט סאלקאווגן?

— איך האַלט, — האָט יענער געענטפֿערט, — אַז איך וועל ניט האָבן מיט אים באַזונדערס וועגן וואָס צו שמועסן, און אונטער אַ נויט, גלויב איך, וועלן מיר קענען פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערן אַדאַנק די עטלעכע שפּאַנישע ווערטער, וועלכע איך ווייס, און דאָס איבעריקע וועלן מיר פּרוּוון זיך דורכשמועסן מיט די הענט. דאָס איז דאָך אַ שפּראַך, וואָס איז אָנגענומען אויף דער גאַנצער וועלט.

— אויב אַזוי, איז אײַך אַ גוטער טאָג, מײַן ליבער פֿרײַנט! — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופֿן.

— טאָ לאָמיר־זשע, אויב אַזוי, פֿריִער עפּעס אַ ביס טאָן און דערנאָך וועלן מיר עפּשער פּרוּוון כאַפּן אַ דרימל פֿאַרן אָפּפֿאָרן, — האָט גלענאַרוואַן געענטפֿערט.

די טרוקענע שפּײַז האָט געדײַסן אין האַלדז, אָבער ס'איז קיין אַנדער ברייִרע ניט געווען.

נאָך דעם, ווי די רײַזנדער האָבן עפּעס איבערגעכאַפּט, האָבן זיי זיך אוועקגעלייגט שלאָפֿן. פאגאנעלן האָבן זיך געכאָלעמט שטראָמען, וואַסער־פֿאַלן, טײַכן, ריטשקעלעך, סאַזשעלקעס און אַפֿילע פֿולע גראַפֿינען מיט וואַסער צעשטעלט אויף די טישן, — מיט איין וואָרט — וואַסער אין אַלערליי מינע אויסזעענס. דאָס איז געווען אַן עמעסער קאָשמאַר.

אויף מאָרגן 6 אַזייגער גאַנצפֿרי זײַנען טאַלקאַווס, גלענאַרוואַנס און ראָבערטס פֿערד שוין געווען אָנגעזאָטלט. מע האָט זיי אָפּגעגעבן די לעצטע טראָפּנס פֿליסיקייט פֿון די לאָגלען. זיי האָבן פֿון איר קיין איבעריקע האַנאָע ניט געהאַט דערפֿאַר, וואָס זי האָט אונטערגעשמעקט, אָבער אויסגעטרונקען האָבן זיי

זי מיט גרויס זשעדנעקייט. דערנאָך האָבן די דריי אויסשפּירער זיך ארופגעכאפּט אף די זאָטלען.

— אף ווידערזען! — האָבן זיך אָנגערופן מאק־נאבס, ווילסאָן און מיולרעדי.

— זאָל זיין מיט גליק! — האָט פּאגאנעל צוגעגעבן.

— אף ווידערזען! — האָבן גלענארוואן מיט ראָבערטן געענטפערט.

אינגיכן האָבן דער פּאטאגאָנער, גלענארוואן און ראָבערט זיך אף אזויפיל דערווייטערט, אז זיי האָבן שוין פארלאָרן פון אויג דעם טייל אָטריאד, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אונטער פּאגאנעלס אויפזיכט.

די דריי פערד זיינען זייער מוטיק געלאָפן. אָט דידאָזיקע אויסגעצייכנטע כייעס האָבן, קענטיק, פארשטאנען, ווהין זייערע רייטער יאָגן זיי אונטער, דער סאמע פארשייטער צווישן זיי איז געווען טאוקא, אף אים האָבן עפּעס אזויזוי ניט געווירקט ניט די מידקייט און ניט דער דאָרשט.

גלענארוואנס און ראָבערטס פערד — זיי זיינען שוין ניט געווען אזוי היציק, אָבער דאָך זיינען זיי נאָך אלץ געלאָפן פאָרויס מיט א פעסטן טראָט. קענטיק, אז טאוקעס ביישפּיל האָט אף זיי זייער גוט געווירקט. טאלקאוו האָט געגעבן זיינע מיטרייטנדער דעמזעלבן ביישפּיל, וואָס טאוקא האָט געגעבן די פערד. דער פּאטאגאָנער האָט זיך אלעמאָל אויסגעקערעוועט און זיך אומגעקוקט אף ראָבערטן גראנטן.

אז ער האָט דערזען, ווי דאָס יאטל זיצט פעסט אפן זאָטל, האָט דער דערמוטיקטדיקער בליק זיינער אויסגעדריקט א מאָדנע מין צופרידנקייט. ראָבערט גראנט האָט ווירקלעך אָנגעהויבן ווערן אן אויסגעצייכנטער רייטער, און ער האָט פולקום פארדינט דעם אינדיאַנערס באגייסטערונג.

— בראוואָ, ראָבערט! — האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגערופן. — מיר דוכט, אז טאלקאוו באגייסטערט דיין פאָרן! יאָ, ער אפּלאָדירט דיר.

— פאר וואָס איז, סער?

— נו, ער איז אנטציקט פון דיין האַלטן זיך אפן פערד.

— ע, ס׳איז גאָרניט, איך זיץ פּאָשעט גוט אפן זאָטל און מער גאָרניט, — האָט דאָס יאטל באשיידן געענטפערט און זיך גענומען רויטלען פאר פארגעניגן.

— נו, דאָס איז דאָך דעריקער, — האָט מיסטער גלענארוואן זיך אָנגערופן, — דו ביסט פּאָשעט צופיל באשיידן. איך זאָג דיר צו, אז פון דיר וועט אויסוואקסן דער אויסגעצייכנטער ספּאָרטסמען!

ראָבערט האָט זיך צעלאכט.

— כ׳וואָלט וועלן וויסן, וואָס וועט דערויף דער טאטע מיינער זאָגן! — האָט ער זיך אָנגערופן. — ער האָט דאָך מיך גאָר געוואָלט מאכן פאר א יאם־מענטש!

— איינס שליסט ניט אויס דאָס צווייטע: ניט יעדער רייטער איז אימשטאנד צו ווערן א גוטער יאם־מענטש, אָבער אלע יאם־לייט קענען ווערן אויסגעצייכנטע קאוואלעריסטן. דער מענטש, וואָס האָט זיך שוין אויסגעלערנט צו

רייטן אף די כוואליעס, איז אימשטאנד אָן איבעריקע שוועריקייטן זיך אויך איינצוהאלטן אפן זאטל.

— אָרעמער פּ[illegible]ר מיינער! — האָט זיך ראָבערטס נאָך א קורצן שווייגן אָנגערופן מיט א זיפ[illegible] אין צוגעגעבן: — ווי דאנקבאר וועל איך אייך זיין, סער, ווען איר וועט אים אָפּראטעווען!

— ראָבערטס, דו האָסט זייער ליב דעם טאטן דיינעם?

— יאָ, סער, ער איז געווען זייער גוט צו מיר און צו מיין שוועסטער. ער האָט קעסיידער געקלערט נאָר וועגן אונדז. יעדעס מאָל, ווען ער פלעג זיך אומקערן פון זיינע רייזעס, פלעג ער אונדז ברענגען פיינע מאטאָנעס, און ער פלעג דאָך זיין אזוי גוט מיט אונדז אין די טעג, ווען ער פלעג זיין מיט אונדז צוזאמען! איר ווייסט, איר וועט אים אויך זייער ליב באקומען, ווי איר וועט זיך מיט אים נאָר באקענען! מערי איז זייער ענלעך אף אים. בא אים איז פונקט אזא מין צארטע שטים, ווי בא איר. יאָ, ס'איז מאָדנע פאר א יאם־מענטש, ער זאָל האָבן אזא צארטע שטים?

— יאָ, דאָס איז זייער מאָדנע, — האָט גלענארוואן געענטפערט.

— איך זע אים פאר מיינע אויגן, פונקט ווי מיר וואָלטן זיך ערשט געכטן צעשיידט, — האָט דאָס יאטל פאָרגעזעצט, פונקט ווי ער וואָלט געריידט צו זיך אליין. — ליבער, גוטער פאָטער! איך פלעג אנשלאָפן ווערן בא [illegible]ם אף די קני, און ער פלעג מיך איינוויגן מיט אן אלטער שאָטלאנדישער וויג־ליד. איך געדענק נאָך זייער גוט דעם מאָטיוו... און מערי אויך. אך, סער, איר זאָלט וויסן, ווי מיר האָבן אים ליב! איר ווייסט, מיר דאכט זיך, אז בלויז קליי־נינקע קינדער קענען אזוי שטארק ליב האָבן זייער פאָטער.

— דו ביסט גערעכט, מיין יינגל, — האָט גלענארוואן געענטפערט, וואָרום ער איז געווען גערירט פון דידאָזיקע אופריכטיקע ווערטער, וואָס בייען ארויס גלייך פונעם סאמע טיפן הארצן.

אין דער צייט פונעם דאָזיקן שמועס האָבן די פערד פארלאנגזאמט זייער געלאָפ און געגומען גיין פאמעלעכן.

— מיר וועלן דאָך אים אָפּזוכן, א יאָ, סער? — האָט ראָבערטס אין א פאָר ווײַלעס ארום א פרעג געטאָן.

— נו, ווי דען, מיר וועלן אים אומבאדינגט אָפּזוכן, — האָט מיסטער גלע־נארוואן געענטפערט. — טאלקאוו האָט אונדז ארופגעפירט אף ריכטיקן שפּור, און איך גלויב טאלקאוון זייער.

— ער איז זייער א פיינער אינדיאנער, אָט דערדאָזיקער טאלקאוו, — האָט זיך ראָבערטס אָנגערופן.

— ריכטיק.

די רייזנדער האָבן ווידער א טרייב געטאָן די פערד און זיי זיינען אוועק גיכער.

ארום דריי אזייגער באטאָג האָט זיך פון יענער זייט בערגל באוויזן עפּעס א ווייס פאסיקל. עס האָט געגלאנצט אונטער די זוניקע שטראלן.

— וואסער! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

— וואסער! וואסער! — האָט ראָבערט אונטערגעכאַפּט.

די פערד האָט מען שוין פארשפּאָרט אונטערטרײַבן, — די אָרעמע בהמות האָבן זיך שוין אַליין גענומען יאָגן אַהין מיט אַלע קויכעס און אין מעשׂעך פון עטלעכע מינוט צײַט זײַנען זיי אָנגעקומען צו דעם טײַך גוּאַמיני, און ניט וואַרטנדיק ביז מע וועט זיי פאַנאַנדערזאָטלען, זײַנען זיי אַרײַנגעפאָרן אין דער סאַמע מיט פונעם פלוס.

די רײַטערס האָבן אומגעריכט געכאַפּט אַ קאַלטע באָד, אָבער זיי זײַנען, קענטיק, ניט געווען באַטריבט דערפון.

— אַך, ווי גוט! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן באַם שטילן דעם דאָרשט, — אָט דאָ שטייענדיק אפן מיטן טײַך.

— ראָבערט, בעסער טרינק ניט קיין סך מיטאַמאָל. אַלץ דאַרף מען טאָן מיט אַ מאָס! — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן געלערנט.

אָבער ער — מיסטער גלענאַרוואַן גופא — האָט ווײַט ניט געקענט דינען פאַר קיין בײַשפּיל אין דעמדאָזיקן הינזיכט.

טאַלקאַוו אָבער האָט געטרונקען ניט געכאַפּט, מיט קליינע, אָבער זייער לאַנגע זופּ, ווי „דער לאַסאָ איז די לענג". אַזוי האָבן זיי זיך, אַגעוו, ליב אויסצודריקן, די פּאַטאַגאָנער. ער האָט געטרונקען אַזוי לאַנג, אַז זײַנע מיט־רײַזנדער האָבן שוין געהאַט דאָס רעכט זיך צו דערשרעקן און אַ קוק געבן, צי האָט ער איבערגעלאָזט אין טײַך וואַסער נאָך פאַר עמעצנס וועגן.

— איצטער בין איך שוין רויִק פאַר אונדזערע פרײַנט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן. — זאָלן זיי נאָר קומען אַהער, וועלן זיי שוין דאָ טרעפן פריש און דורכזיכטיק וואַסער, וויפל זיי וועלן נאָר אַליין וועלן. אויב טאַלקאַוו וועט נאָר ניט אויסטרינקען דעם גאַנצן ריאָ — האָט ער נאָך צוגע־געבן אין אַ שפּאַס.

— עפשער וואָלטן מיר גאָר אַרויסגעפאָרן זיי אַנטקעגן? — האָט ראָבערט אַ פרעג געטאָן. — דערמיט קענען מיר זיי אײַנשפּאָרן איבעריקע עטלעכע שעה אומרו און מאַטערניש.

— מע וואָלט עס, געוויס, געקענט, מײַן ליב יינגל, ווען מיר האָבן כאָטש אין וואָס זיי אַרויסצופירן וואַסער אַנטקעגן. אָבער די לאָגלען זײַנען דאָך גע־בליבן בײַ ווילסאָנען. ניין, לאָמיר שוין בעסער צווואַרטן דאָ אפן אָרט, וווּ מיר האָבן זיך מיט זיי צונויפגערעדט. אויב מיר זאָלן נעמען אין אַכט, ווי אויסגעמאַטערט די פערד זייערע זײַנען, קענען מיר האָפן, אַז מאָרגן צו פאַרנאַכט־צו וועלן זיי אַלע זײַן דאָ. איינס, וואָס מיר קאָנען יאָ טאָן פון־זייערטוועגן, איז — צוגרייטן פאַר זיי אַ גוטן נאַכטלעגער און אַ זאַטן אָוונט־ברויט.

טאַלקאַוו האָט ניט געוואַרט אַף גלענאַרוואַנס פאַראָרדענונגען און האָט אָנגעהויבן צוזוכן אַ פּאַסיק אָרט פאַרן אָפּרו־פּונקט. אײַנגיכן האָט ער אָנגע־זוכט אפן ברעג טײַך אַ „ראַמאַדע" — דאָס איז אַ קושאַרע פאַר פי. גראַדע

זייער א צוגעפאסט ווינקל אפ צו נעכטיקן אונטערן פרייען הימל. און אזוי ווי טאלקאווס מיטרייזנדער האָבן ניט מוירע געהאט צו שלאָפן אפ דער פרייער לופט, איז שוין דידאָזיקע אופגאבע געווען געלייזט. זיי האָבן זיך אלע אויסגעצויגן גלייך אפ דער ערד מיטן ציל, אז די נאסע קליידער זייערע פון דער אומגערנדיקער באָד זאָלן זיך אויסטריקענען אונטער די הייסע שטראלן פון דער זון.

— א נאכטלעגער האָבן מיר שוין,— האָט זיך גלענארוואן אָנגערופן,—איצט וואָלט ניט שאַדן א טראכט געבן וועגן אָונט-ברויט. איך וויל, אז אונדזערע פרייַנט זאָלן זייַן אין אלע היניזיכטן צופרידן מיט זייערע קוואַרטירמייסטערס. איך פארהאָף, אז מירן אלץ איַינאָרדענען אזוי, אז זיי זאָלן ניט האָבן קיין סיבע זיך צו קלאָגן אפ אונדז. שטיי אוף, ראָבערט! ס'איז צייַט זיך לאָזן אפ געיעג!

— סער! איך בין שוין גרייט! — האָט דאָס יאטל געענטפערט און באַם אופשטעלן זיך אפ די פיס האָט ער שוין אין איין גאנג אויך א כאַפּ געטאָן די ביקס פון דער ערד.

די גואמיני-בערגן זייַנען געווען א באַגעגענונג-אָרט פאר אלע כייַעס און פייגל פון דער היגער אומגעגנט. די רייַזנדער האָבן געזען, ווי ס'הייבן זיך אוף אינדערלופטן גאנצע שארעס טינאמען — א פארשיידנאַרטיקייט פון רויט-פיסיקע ראַב-הינדלעך, וואָס זייַנען אָפטע געסט אין די פאמפאסן, שווארצע האָזל-הינער, זאמד-לויפערס, וואָס די אינדיאנער רופן זיי אָן „טערו-טערו", געלע וואכטל-קעניגלעך און וואסער-הינער.

קיין פירפיסיקע האָבן נאָך די רייַזנדער דערווייַל ניט געזען, אָבער טאלקאַוו האָט שוין באמערקט לויט די שפורן אין גראָז און לויט די אָנגע-בראָכענע צווייַגלעך צווישן די קוסטן-ביימער, וואָס דאָ טוט זיך, און ער האָט איבערגעגעבן מיסטער גלענארוואנען, אז די כייַעס האָבן זיך דאָ פארטייַעט צווישן די פלאנצן אפן ברעג פון טייַך. אזוי, אז די יעגערס האָבן גאָר פאר-שפאָרט ווייַט זיך לאָזן נאָכן געווילד.

די רייַזנדער האָבן באשלאָסן פון אָנפאנג הארגענען עפעס א גרויס געווילד פון די פאמפאסן, דערום האָבן זיי ניט געלייגט קיין איבעריקן אכט אפ די פליגלדיקע, וואָס האָבן זיך אין די הונדערטער מאמעש דאָ ארויסגעריסן פון אונטער זייערע פיס. אינגיכן האָבן זיי איבערגעשראָקן א גרויסע טשערעדע גואנאקעס, אָט יענע זעלבע, וואָס זייַנען דאן אזוי אומגעריכט דורכגעפלויגן פארביי זיי אפן שפיץ פון די קאָרדיליערן. אָבער דידאָזיקע שרעקעוודיקע באַלעכאַיִם האָבן זיך אוועקגעיאָגט פונדאנען מיט אזא מין שנעלקייַט, אז די ביקסן-קויל איז ניט געווען אימשטאנד זיי צו דעריאָגן. ווילנדיק, ניטווילנדיק האָבן שוין די יעגער בא זיך געמוזט רעכט מאכן, אז זיי וועלן זיך באַנוגענען מיט א ווינציקער פלינקן געווילד, וועלכער איז, פון קולינארן שטאנדפונקט, ניט ערגער פון יענע.

זיי האָבן אינדערגיך אָנגעשאָסן בא א טוץ רויט-פיסיקע ראַב-הינדלעך

מיט האָזל־הינער, און אפ צוריקוועגס צום אָפּרו־פּונקט האָט זיכ גלענארוואנעב איַינגעגעבנ אונטערצושיסנ דעמ טאַי־טעטער. דאָס איז אזא גראָבהויטיק פּיר־פּיסיק כּיַעלע, וואָס דאָס פלייש זיַינס איז זייער געשמאק.

אזוי ארום איז אפילע קיינ האלבע שאָ ניט אוועק, ווי די יעגערס האָבנ אָנ איבעריקער האָרעוואניע צוגעגרייט א גענוגנדיקנ רעזערוו פּראָוויאנט. ראָבערטנ האָט זיכ אויכ איַינגעגעבנ צו הארגענענ א ציקאווו עקזעמפּליאר פונ דער מישפּאָכע אָנצייַנערדיקע. דאָס איז געווענ אנ ארמאדיל, א פּאנצער־טרע־גער, וואָס איז באדעקט מיט ביינערנע שאָלנ פונ אזעלכע קליינע באוועגלעכע פּליטקעלעכ. דאָס כּיַעלע האָט געהאלטנ וואָסערע אנדערהאלבנ פוס די לענג, ס'איז געווענ זייער פעט, אונ דאָס פלייש זיַינס, ווערליק דער פּאטאגאָנער דערציילט, איז געווענ געשמאק מאמעש פינגער צו לעקנ. ראָבערט האָט זייער שטאָלצירט מיט זיַינ געפינס. וואָס איז שייַעכ טאלקאוונ, האָט ער באוויזנ די מיטריַיזנדער זיַינע, וויאזוי מע פירט געיעג אפנ נאנדו, א מינ שטרויס, וועלכער לויפט מעשוגענערוויַיז שנעל.

דער פּאטאגאָנער האָט זיכ אוועקגעיאָגט גאלאָפּ אפ זיַינ טאוקענ גלייַכ צום נאנדו, וואָס איז זיכ זייער רויק געשטאנענ אינ דער פּריירי אונ זיכ ניט געריכט אפ קיינ שום בייז. בלויז מיט אזא מינ פּלוצימדיקנ אָנפאל קענ מענ נעמענ דעמ נאנדו, וויַיל ווענ מע פארמעסט זיכ מיט אימ אפ שנעלקייַט, דאנ אנטלויפט ער זייער גיכ פונ זיַינע פארפאָלגערס. ווענ טאלקאוו איז אָנגעלאָפנ צום שטרויס, האָט ער געגעבנ א שליַידער דעמ באָלאס זיַינעמ אזוי געשיקט, אז דער לעצטער האָט זיכ ארומגעדרייט דעמ נאנדו ארום א פוס אונ האָט אימ גלייַכ אומגעוואָרפנ אפ דער ערד.

טאלקאוו האָט ארופגעוואָרפנ זיַינ רויב צו זיכ אפנ זאָטל אונ האָט דאָס געבראכט צו פירנ צום אָפּרו־פּונקט. געיאָגט האָט ער זיכ נאָכנ נאנדו ניט נאָר צוליב יעגערישער קונצ: דאָס פלייש פונעמ נאנדו, לאָזט זיכ אויס, איז זייער געשמאק, אונ דער אינדיאנער האָט געוואָלט אריַינטראָגנ אויכ זיַינ כיי־לעק אינעמ אלגעמיינעמ קעסל.

די יעגערס האָבנ איבערגעטראָגנ אינ דער „ראמאדע" אריַינ דאָס בינטל ראב־הינדלעכ, טאלקאוס שטרויס, גלענארוואנס טאַי־טעטער אונ ראָבערטס פּאנצער־טרעגער. דעמ שטרויס אונ דעמ טאַי־טעטער האָט מענ גלייַכ אָפּגע־שונדנ אונ אָנגעשניטנ דינע פלייש־שטיקער. וואָס איז שייַעכ דעמ פּאנצער־טרעגער, טראָגט ער דאָכ מיט זיכ זיַינ אייגענע פּיַערפאנ. אימ האָט מענ געקענט אוועקלייגנ גלייַכ אפ די גליענדיקע קוילנ פונעמ שייַטער, ניט אראָפּ־נעמענדיק פונ אימ דעמ פּאנצער. די יעגערס האָבנ זיכ באמ איצטיקנ מיטעק באנוגנט נאָר מיט די ראב־הינדלעכ, וויַיל די בעסערע געריכטנ האָבנ זיי איבערגעלאָזט פאר די איבעריקע רייַזנדער וועגנ. דעמ ווארמעס האָבנ זיי פארטרונקענ מיט פּריש וואסער, וואָס איז פאר זיי געווענ באטאמטער פונ אלערליי מינימ וויַינענ אינ דער וועלט.

זיי האָבנ אויכ אינ די פערד ניט פארגעסנ אונ האָבנ אָנגעקליבנ פונזיי־

ערטוועגן אסאך זאפטיק גראָז, וואָס האָט געדינט פאר די פערד אי אלס שפּייַז, אי אלס געלעגער.

אז אלץ איז שוין געווען פארטיק, האָבן גלענארוואן, ראָבערט און טאלקאוו זיך אײַנגעוויקלט אין זייערע פּאָנטשעס און האָבן זיך אויסגעצויגן אפ זייערע געלעגערס פונעם טרוקענעם אלפאפאר־גראָז, דעם קעסיידערדיקן געלעגער פון די פאמפאסער יעגערס.

## ניינצנטע קאפיטל

# די רויטע וועלפ

גלענארוואן, טאלקאוו און ראָבערט האָבן איצט געטאָן דאָס, וואָס אלע אפ זייער אָרט טוען אין אזא מין פאל. ליגנדיק אפן ווייכן, גראָזיקן געלעגער, זיינען זיי זייער שטארק געשלאָפן. די פערד, וואָס זיינען געווען מיד פונעם לאנגן שווערן איבערגאנג, האָבן זיך אויך אויסגעצויגט אפ דער ערד. בלויז טאוקא איז, ווי אן עכט ריין־ראסיק פערד, געשלאָפן שטייענדיק און איז גרייט געווען זיך לאָזן לויפן באלד, ווי דער באלעבאָס וועט אים נאָר א רופ טאָן. א טיפע שטילקייט האָט געהערשט אינעווייניק אין דער קושארע־צוים, דער שייַטער האָט שוין געהאלטן באם דערברענען און פון מאָל צו מאָל האָט ער באלויכטן מיט זײַנע לעצטע פלעמלעך די קלאנגלאָזע פינצטערניש.

ארום צען אזייגער אינאָווגט האָט זיך דער אינדיאנער פלוצים אופגעכאפט, ער האָט ארייַנגעשטאָכן די אויגן אין דער אומבאלויכטענער כאשכעס און זיך אָנגעשטרענגט געגומען אײַנהערן צום גערויש פונעם פליין. אים האָט זיך, קענטיק, געוואָלט אופכאפן איינעם א קוים־באמערקבארן קלאנג, וואָס האָט אים נאָרוואָס געשטערט דעם שלאָף. אינגיכן איז אפ טאלקאווס קעסיידער־רויִקן פּאָנעם אָנגעלאָפן א שאָטן פון אומרו.

וואָס האָט ער עס אזעלכס געקענט דערהערן? סע קלאפן טלאָען פון א זיך־דערנעענטערנדיקן אָטריאד? יאגוארן (אמעריקאנישע טיגרעס) האָבן ערגעץ א ביסל געטאָן? וואסער־טיגרעס זיינען דאָ ערגעץ נאָענט, אָדער אנדערע געפערלעכע באלעכאַיִם, וואָס זיינען אהערצו צוגעצויגן געוואָרן דורכן רייעַך פון דעם וואסער? קענטיק, אז טאלקאוו האָט טאקע איצט געפילט נישט קיין מענטשן־געפאר, נאָר א כײַע־געפאר, וואָרום ער האָט אינדערגיך א קוק געטאָן צום ביסל באהייצונג, וואָס מע האָט אופגעקליבן אהער אינעווייניק אין דער קושארע־צוים. לויט זײַן פּאָנעם האָט מען געקענט דערקענען, אז די צאָל באהייצונג באפרידיקט אים ניט: ווינציקלעך. ווײַזט אויס, אז מיט אזוי פיל הייצ־מאטעריאל וועסטו ניט לאנג קענען אָפּהאלטן די רויבערישע כײַעס אפ א גרויסן מעהאלעך פון זיך, אזוי, אז דעם פאסאגאָנערס פּאָנעם איז געוואָרן נאָך אימעטיקער.

אָבער אזוי ווי ס׳איז קיין אנדער ברירע ניט געווען, איז אויסגעקומען

זיך גרייטן צו די געשעענישן מיט דעם, וואָס מע האָט. און טאַלקאַוו האָט גע־וואַרט. ער איז געלעגן אַפּ אַ האַנט אָנגעשפּאַרט אין דער פּאָזע פֿון אַ מענטשן, וואָס אַ פּלוצימדיקער אומרו האָט אים אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף. אַזוי איז דורכ־געגאַנגען אַ שאָ צײַט.

ווען דאָס איז אַן אַנדערער אַפּ טאַלקאַווס אָרט, וואָלט ער אין דער שטילקייט, וואָס הערשט אַפֿן גאַנצן אַרום, זייער רויִק צוריק אַנשלאָפֿן גע־וואָרן. אָבער דאָרטן, ווו אַ פֿרעמדלענדער וואָלט קיין זאַך ניט באַמערקט, האָט דעם אינדיאַנערס אינסטינקט שוין געפֿילט די געפֿאַר, וואָס דערנע־ענטערט זיך.

אין דער צײַט, ווען דער פּאַטאַגאָנער האָט זיך אײַנגעקוקט און אײַנגע־הערט אין דער שטילקייט, האָט טאַוקאַ — דאָס פֿערד זײַנס — פּלוצים אַ טויבן הירזשע געטאָן און אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צום אַרײַנגאַנג אין דער ראַ־מאַדע. דאָ איז שוין טאַלקאַוו אויפֿגעשפּרונגען אַפּ די פֿיס.

— טאַוקאַ האָט דערפֿילט דעם סוינע, — האָט ער אַ בּאָרבל געטאָן צו זיך אַליין און מיט נאָך מער אָנשטרענגונג זיך גענומען אײַנקוקן אינדערפֿינ־צטערניש.

איבערן פּליין האָט נאָך אַלץ געהערשט די שטילקייט, אָבער די פֿריִער־דיקע רו איז שוין פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. טאַלקאַוו האָט דערזען אַסאַך שאָטנס, וואָס גליטשן זיך דורך גנייוויש צווישן, די קוראַ־מאַמעל־פֿלאַנצן. דאָ און דאָרטן האָבּן דורכגעשווינדלט ליכטנדיקע פּינטעלעך, וואָס קרײַצן זיך איבער־צווישן זיך, אָט לעשן זיי זיך אויס און אָט צינדן זיי זיך אָן. אַן אַנדערער וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָס פֿליִען אַזוי אַרום די גלי־ווערעמלעך, אָבער טאַלקאַוון וועט מען ניט אָפּנאַרן. ער האָט שוין גוט פֿאַרשטאַנען, מיט וואָס פֿאַר אַ סוינע ס׳וועט אים אויסקומען דאָ האָבּן צו טאָן. האָט ער אָנגעלאָדן דעם קאַראַבין און זיך אַוועקגעשטעלט אַפּ דער וואַך באַז אַרײַנגאַנג אין קושאַרע אַרײַן.

קיין סאַך וואַרטן איז אים ניט אויסגעקומען, באַלד האָט מען דערהערט אין די פּאַמפּאַסן אַזעלכע קלאַנגען, וואָס דע[illegible]נען טײַלווײַז אין אַ געביל און טײַלווײַז אין אַ ברילערײַ. דער אינדיאַנער האָט אויסגעשאָסן, אָבער הונ־דערטער קוילעס האָבּן אים אָפּגעענטפֿערט.

גלענאַרוואַן מיט ראָבּערטן האָבּן זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם שאָס און זײַנען גלײַך אויפֿגעשפּרונגען פֿונ[illegible].

— וואָס איז געשען? [illegible] ראָבּערט אַ פֿרעג געטאָן.

— אינדיאַנער? — האָט [illegible] גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

— ניין, — האָט טאַלקאַוו געענטפֿערט, — אַגוואַרן.

ראָבּערט האָט אַ קוק געטאָן אַפּ גלענאַרוואַנען.

— אַגוואַרן? — האָט ער איבערגעכאַזערט יענעמס וואָרט.

— יאָ, — האָט גלענאַרוואַן געענטפֿערט, — דאָס זײַנען די רויטע וועלף פֿון די פּאַמפּאַסן.

גלענאַרוואנ מיט ראָבערטנ האָבנ אויכ א כאפ געטאָנ די ביקסנ אונ האָבנ זיכ צוגעשטעלט צום אינדיִאנער, אונ יענער האָט אָנ ווערטער זײ אָנגעוויזנ אפנ פלײנ, פונוואנענ ס'האָט זיכ געטראָגנ אהער דאָס ווילד געהויל.

בעשאס דער פאטאגאָנער האָט ארויסגערעדט דאָס וואָרט „אגוארנ", האָט גלענאַרוואנ גלײַכ פארשטאנענ, אז דאָס רעדט ער וועגנ די רויטע וועלפ אינ די פאמפאסנ. דער אגואר זעט אויס לויט זײַנ וווקס ווי א גרויסער הונט, ער פארמאָגט א פיקסנ־פיסקל אונ א געדיכטע וואָל מיט א רויטלעכער שאטירונג. די רויטע וועלפ זײַנענ זײער שטארקע אונ רירעוודיקע באלעכאיִמ. זײ האלטנ זיכ אופ מערסטנטײל צווישנ די זומפיקע ערטער אונ זײ קענענ פארפאָלגנ זײער רויב אפילע שווימענדיק אינ וואסער. די נאכט טרײַבט זײ ארויס פונ זײערע לעכער, ווו זײ שלאָפנ אָפ דעם גאנצנ טאָג. אָט דידאָזיקע רויבער וואַרפנ אָנ א שרעק אפ די עסטאנציעס *, ווײַל בעשאס זײ זײַנענ הונגעריק, פאלנ זײ אָנ אפילע אפ גרויספי אונ זײ טוענ דאָרטנ אָנ אינ די טשערעדעס זײער גרויסע כורבוינעס. דער אגואר אײנער אלײנ איז קלאל ניט געפערלעכ, אָבער אויב מע האָט צו טאָנ מיט א גאנצער מאכנע אויסגעהונגערטע כײַעס אזעלכע, וואָס זײ קלײַבנ זיכ צונויפ אינ אײנ שארע, דאנ וואָלט שוינ גלײַכער געווענ זיכ צוזאמענשטויסנ מיטנ יאגואר אָדער מיטנ קוגואר!

לויטנ געהויל, וואָס האָט זיכ צעטראָגנ איבער די פאמפאסנ, אונ לויט דער צאָל שאָטנס, וואָס האָט זיכ געגליטשט איבער דער פינצטערניש, האָט גלענאַרוואנ פארשטאנענ, אז אפנ ברעג גוּאמיני האָט זיכ צונויפגעזאמלט אנ אײמעדיק־גרויסע שארע רויטע וועלפ. די רויבערס האָבנ דערפילט דעם רײעכ פונ די מענטשנ מיט די פערד אונ קײנ אײנער פונ זײ וועט קײנ כײשעק ניט האָבנ זיכ אומקערנ צוריק צו זיכ אינ הײל ארײַנ, אײדער ער האָט באקומענ זײַנ כײלעק פלײש.

די לאגע פונ די רײַזנדער איז געווענ זײער גיט קײנ פויגלדיקע.

אונ דער רינג פונ וועלפ האָט דערווײַל זיכ געהאלטנ אינ אײנ צונויפשליסנ ארום זײ אלץ ענגער אונ ענגער. די פערד, וואָס האָבנ זיכ אופגעכאפט, האָבנ אויכ געציטערט פאר שרעק. בלויז טאוקא האָט אומגעדולדיק געקלאפט מיטנ טלאָ אינ דער ערד אונ זיכ געוואָלט די גאנצע צײַט אָפרײַסנ פונ זײַנ צוגעבונדנקײַט. טאלקאוו האָט צו אים א לאנגנ פײַפ געטאָנ, קעדײ אים ווי עס איז צו באַרויִקנ.

גלענאַרוואנ אונ ראָבערט זײַנענ געשטאנענ באם ארײַנגאנג אינ דער ראַמאדע ארײַנ. די קאראבינענ האָבנ זײ שוינ געהאט אָנגעלאָדנ אונ זײַנענ גרײט געווענ צו באגעגענענ מיט א שיסערײַ די ערשטע רײענ אָנגרײַפנדיקע אגוארנ. אָבער טאלקאוו האָט אונטערגעהויבנ מיט דער האנט די רערנ פונ זײערע ביקסנ, וואָס זײ האָבנ שוינ געהאט געווענ צוגעשטעלט צום אקסל.

— וואָס וויל ער, טאלקאוו? — האָט ראָבערט א פרעג געטאָנ.

* עסטאנציע — א פיציכטלערישע ווירטשאפט.

— ער פאַרוועדט אונדז שיסן,— האָט גלעגאַרוואַנ געענטפערט.

— פאַרוואָס ?

— מינאַסטאַם דערפאַר, ווייל ער האַלט, אַז ס'ע נאָך ניט געקומען דער פאַסיקער מאָמענט.

אָבער ניט דאָס איז געווען די סיבה פון טאַלקאַוואָס מאָדנער אויפירונג. די סיבה איז דאָ געווען אַסאַך אַ ערנסטערע. גלעגאַרוואַנ האָט עס ערשט פאַרשטאַנען דאַן, ווען דער אינדיאַנער האָט אים אָנגעוויזן אַפ דעם קימאַט ליידיקן פולווער־שיידל.

— נו, וואָס ?— האָט אים ראָבערט איבערגעפרעגט.

— מע דאַרף איצט זייער שפּאָרן די פייערשיסנדיקע מאַכשירים,— האָט אים גלעגאַרוואַנ געענטפערט,— מיר האָבן אויסגעגעבן צופיל קוילן אין דער צייט פונעם הייַנטיקן געיעג, אַזוי, אַז פולווער מיט בליי זייַנען בא אונדז איבערגעבליבן עפּשער מער נישט ווי אַף צוואַנציק שאָס.

דאָס יאַטל איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— דו האָסט מוירע, ראָבערט ?

— ניין, סער.

— דאָס איז זייער גוט, מייַן פריינטעלע.

אין דער אָ צייט האָט זיך דערהערט אַ שאָס: טאַלקאַוו האָט אַוועקגעלייגט אַפן אָרט איינעם אַ צו אָזעסדיקן וואָלף, וואָס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַפריער. די איבעריקע רויבערס, וואָס האָבן אָנגעגריפן אין געשלאָסענע רייען, זייַנען אָפּגעשפּרונגען אַף צוריק און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט וואָסערע הונ־דערט שפּאַנ פון דעם קושאַרע־פּאַרקן.

לויט טאַלקאַוואָס צייכן, האָט גלעגאַרוואַנ זיך אַוועקגעשטעלט אַפן אינדי־אַנערס אָרט, און דער אינדיאַנער האָט דערווייל אויפגעקליבן די גראָז־געלעגערס און דאָס לעצטע ביסל הייצ־מאַטעריאַל, וואָס מע האָט געהאַט צוגעגרייט פאַרן שייַטער. ער האָט עס אַלץ צונויפגעטראָגן צום אַרייַנגאַנג אין דער דאָמאַדע אַרייַן און פונויבן האָט ער אַרופגעוואָרפן עטלעכע צעגליטע קוילן.

אינגיכן האָט דער פייַערדיקער פּאָרהאַנג פאַרשטעלט דעם אַרייַנגאַנג און באַלויכטן מיט שווינדלדיקער שייַן דעם פּליין. איצט האָבן שוין די רייַזנדער געזען, מיט וואָס פאַר אַן אומגעהויער גרויסער צאָל פייַנט ס'וועט זיי הייַנט אויסקומען האָבן צו טאָן.

קיינמאָל האָבן זיך נאָך קיין הונגעריקע וועלף ניט צונויפגעקליבן אין אַזאַ מין גרויסער שאַרע. קיינמאָל האָט נאָך קיינער ניט געזען אַזעלכע צע־ווילדעוועטע כייַעס פאַר זיך. די פייַערדיקע צוים, וואָס טאַלקאַוו האָט פאַר זיי אויפגעשטעלט, האָט נאָך פאַרגרעסערט די צערייצטקייט זייערע. אייניקע פון זיי זייַנען געווען אַזוי בייז און צערייצט, אַז זיי זייַנען מאַמעש געקראָכן אין פייַער אַרייַן און זיך דאָרטן אָפּגעבריט די לאַפּעס.

פון צייַט צו צייַט איז אויסגעקומען שיסן אהינצו, קעדיי אויפצוהאַלטן אָט

די אָ הוילנדיקע צערייצטע כאליאסטרע. אינ א שאָ ארום האָבנ זיכ שוינ געוואלגערט אפ דער ערד ניט ווינציקער פונ פופצנ טויטע וועלפ.

די לאגע פונ די באלאגערטע איז דערווײַל געווענ א דערטרעגלעכע,—קוים זיי האָבנ נאָכ געהאט מיט וואָס צו שיסנ אונ קוים ס'האָט נאָכ געברענט דער פײַערדיקער באריער באם ארײַנגאנג אינ דער ראמארע ארײַנ, אָבער וויאזוי וועט מענ זיכ ראטעווענ פונעם דאָזיקנ ווילדנ רויבערישנ אָנגרײַפ, ווענ די שיסער־קוילנ וועלנ אויסגיינ אונ דאָס פײַער וועט אויסגעלאָשנ ווערנ?

גלענארוואנ האָט זיכ אומגעקוקט אפ ראָבערטנ אונ האָט געפילט, ווי דאָס הארצ ווערט בא אים אײַנגעשרומפנ פאר ווייטיק. אינטערעסאנט — ער האָט ניט געדענקט וועגנ דער געפאר, וואָס דראָעט אים גופע, בעשאס ער האָט געקוקט אפנ יאטל, וואָס איז העלדיש ניט לויט די יאָרנ נאָכ. ראָבערט איז געווענ גאנצ בלייכ, אָבער די האנט זײַנע האָט פעסט געהאלטנ די ביקס אונ האָט פאָרכטלאָז געווארט אפנ אָנפאל פונ די וועלפ.

גלענארוואנ האָט געוואָלט מיט א ניכטערנ. געדאנק באטראכטנ די לאגע, וואָס האָט זיכ געשאפנ, אונ ער האָט פארשטאנענ, אז מע מוז וואָס גיכער צוזוכנ עפעס אנ אויסוועג.

„אינ א שאָ ארום,— האָט ער געטראכט,— בלײַבנ מיר אָנ פולווער, אָנ קוילנ אונ אָנ פײַער. צי דענ איז א מוז ווארטנ ביז דער לעצטער מינוט אונ ערשט דערנאָכדעם אָנהייבנ טראכטנ וואָס צו טאָנ?".

ער האָט זיכ אויסגעדרייט מיטנ פּאָנעם צו טאלקאוונ, ער האָט אופגעקליבנ אינ זיקאָרנ אלע שפאנישע ווערטער, וועלכע ער האָט נאָר אמאָל געהערט, אונ האָט זיכ צערעדט מיטנ פאטאגאָנער.

זיי האָבנ, אגעוו, פארשטאנענ איינער דעם אנדערנ אָנ איבעריקע שוועריקײַטנ. צום גליק, האָט גלענארוואנ אמאָל געהאט געלייענט וועגנ דידאָזיקע כײַעס אונ אים זײַנענ געווענ באקאנט די זיטנ זייערע. אויב ניט, קענ זײַנ, אז ער וואָלט ניט פארשטאנענ טאלקאווס ווערטער אונ זשעסטנ.

גלענארוואנ האָט א פרעג געטאָנ באם אינדיאנער, וואָס טראכט ער וועגנ זייער איצטיקער לאגע.

— וואָס האָט אײַכ טאלקאוו געענטפערט? — האָט אים ראָבערט א פרעג געטאָנ.

— ער האָט געזאָגט, אז מע מוז זיכ מיט אלע קויכעס האלטנ ביז פארטאָג, די אגוארנ פירנ זייער געיעג נאָר באנאכט אונ ווי די זונ גייט אופ, אזוי קערנ זיי זיכ אום צו זיכ אינ די לעכער ארײַנ. דאָס זײַנענ באנאכטיקע רויבערס, שרעקעוודיקע באלעכאַימ, וואָס ציטערנ פאר דער ליכטיקער זונשײַנ.— דאָס זײַנענ פירפיסיקע סאָוועס.

— נו, איז אָפגערעדט. מוזנ מיר זיכ, חייסט עס, פארטיידיקנ ביז פארטאָג!

— אומבאדינגט, מײַנ פרײַנטעלע, אונ אז אלע מיטלענ וועלנ בא אונדז אויסגיינ, דאנ וועלנ מיר זיכ פארטיידיקנ מיט די מעסערס אינ די הענט.

טאלקאוו האָט שוינ, אגעוו, געוויזנ אזא מינ בײַשפּיל. ווי נאָר אנ אומ־

פאָרזיכטיקער וואָלף פלעג זיך דערנעענטערן צום שײַטער, אַזוי פלעג דעם אינדיאַנערס לאַנגע האַנט, וואָס איז געווען באַוואָפנט מיט נאָך אַ לענגערן מעסער, אים בליץ־שנעל אַ פּאַק טאָן.

דערווײַל האָבן שוין די שלאַכט־מיטלען בײַ די באַלאַגערטע זיך אָנגעהויבן אויסלאָזן. בײַ זיי זײַנען איצט געבליבן בלויז פינף קוילן און גאָר. אַרום צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט האָט טאַלקאַוו אונטערגעוואָרפן אײנעם פײַער אַרײַן דעם לעצטן הויפן גראָז.

גלענאַרוואַן האָט מיט אַן אומעטיקן בליק אַרומגעקוקט די געגנט. ער האָט איצט ווײַטער געטראַכט וועגן דעם יאַטל מערער, ווי וועגן זיך זעלבסט.

דאָס סאַמע שרעקלעכסטע דערנעענטערט זיך. דאָס פײַער אינעם שײַטער איז שוין באַלד אויסגעלאָשן און קײן הייץ־מאַטעריאַל איז שוין מער ניטאָ, דער פלײַנ, וואָס איז ביז איצט געווען באַלויכטן מיטן אָפּגלאַנץ פונעם שײַטער, האָט זיך צוריק גענומען אײַנהילן אין פינצטערניש, און די וועלפישע שוואַרצאַפלען האָבן ווידער גענומען בלינצלען מיט אַ פּאָספאָרישן גלאַנץ. אָט וועלן דורכגײן נאָך עטלעכע מינוט, און די גאַנצע שאַרע וועט זיך אַ לאָז טאָן אַהערצו אין דער ראַמאַדע אַרײַן.

טאַלקאַוו האָט נאָך דאָס לעצטע מאָל אָנגעלאָדן די ביקס זײַנע און דערהאַרגעט נאָך אײנעם אַ וואָלף. דערנאָך, ווען ער האָט שוין קײן אײן קויל לעם זיך ניט געהאַט, האָט ער צונויפגעלייגט די הענט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַף דער ברוסט. קענטיק, אַז ער האָט זייער אָנגעשטרענגט וועגן עפּעס געטראַכט. עפּשער האָט ער געזוכט אַ מיטל, וויִאַזוי אָפּצוּווענדן פונדאַנען אָט דעם אָ צעווילדעוועטן אָנגעלויף.

גלענאַרוואַן האָט זיך ניט דערוועגט אים איבערצושלאָגן די געדאַנקען.

אין דער אָ רעגע איז צווישן די אָנפאַלנדיקע וועלף אָנגעקומען עפּעס אַ געוויסע פאַרלעגנהײַט. און אין אַ רעגע אַרום האָבן זיי זיך אַלע אומגעקערט אַף צוריק און קײן אײנער פון זיי איז ניט געבליבן, ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער פאַרטויבנדיקער געהויל איז מיטאַמאָל פאַרשטאָרבן געוואָרן אין דער ווײַטקײַט, און אַ שווער שטילשווײַגן איז געבליבן הענגען איבערן פלײַנ.

— די וועלף זײַנען אַוועקגעגאַנגען! — האָט ראָבערט אויסגערופן.

— מעגלעך, — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט און זיך גענומען אײַנהערן אינעם אָפּשטאַרבנדיקן גערויש.

אָבער טאַלקאַוו האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס די אײַראָפּייער קלערן, האָט ער נאָר אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַף ניין, וואָרום ער האָט גוט געוווּסט, אַז די רויבער וועלן ניט אָפּטרעטן פון זייער זיכערן רויב, קאָלזמאַן די נאַכט וועט נאָך אָנהאַלטן, און דער טאָג וועט זיי ניט דורכטרײַבן צוריק אין זייערע פינצטערע לעכער אַרײַן.

און טאַלקאַוו איז טאַקע געווען גערעכט.

— דער סוינע איז נישט אַוועק. ער האָט נאָר געענדערט זײַן טאַקטיק.

ער האָט זיך איצט אָפּגעזאָגט פֿון דעמדאָזיקן געדאַנק צו נעמען מיט שטורעם דעם אַרײַנגאַנג אין דער ראַמאַדע אַרײַן, אָבער די נײַע טאַקטיק זײַנע האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט נאָך מער געפֿאַר פֿאַר די רײַזנדער. די אַגואַרן האָבן זיך טאַקע אָפּגעזאָגט פֿון אַרײַנצודרינגען דורך די טויערן, וואָס זײַנען געווען באַשיצט מיטן פֿײַערדיקן באַריער און מיט די ביקסן־שאָסן, אָבער דערפֿאַר זײַנען זיי אַוועקגעלאָפֿן אַרום און אַרום דער ראַמאַדע און זיי האָבן מיט גרויס פֿלײַס זיך גענומען צום פֿאַרקן פֿון דער קעגנאיבערדיקער זײַט.

די באַלאַגערטע האָבן דערהערט, ווי די שטאַרקע נעגל פֿון די באַלאַגערער האָבן זיך אײַנגעביסן אינעם האַלב־אונטערגעפֿוילטן האָלץ. דורך די צעוואַקלטע סטויפּעס פֿון דעם קושאַרע־פּאַרקן האָבן זיך שוין דורכגערוקט די באַנעגלטע לאַפּעס זייערע מיט די שאַרפֿע פּיסקלעך. די פֿערד זײַנען דול געוואָרן פֿאַר שרעק און האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון דער צוגעבונדנקײַט און זיך אומגעיאָגט איבער דער ראַמאַדע.

גלענאַרוואַן האָט אַרומגענומען ראָבערטן, ווי ער וואָלט באַשלאָסן אים צו פֿאַרטיידיקן ביז דער לעצטער מעגלעכקײַט. ער האָט פּלוצים אַ טראַכט געטאָן, צי וואָלט עפּשער ניט בעסער געווען אויספּרוּוון דאָס גליק באַם אַנטלויפֿן. אָבער אין דער אָ רעגע איז דער בליק זײַנער געפֿאַלן אויף טאַלקאַוו.

דער פּאַטאַגאָנער, וואָס איז ביז פֿריִער מיט אַ רעגע אויך אומגעלאָפֿן איבער דער ראַמאַדע, ווי אַ ווילדע חיה, האָט זיך פּלוצים אַ לאָז געטאָן צום פֿערד צו זײַנעם, וואָס האָט געציטערט פֿאַר אומגעדולד, און האָט עס אײַנגעשפּאַנט אין אַ לעניש גענומען אָנזאָטלען, עפּעס אַזוי, ווי ס'וואָלט אים גאָרניט געאַרט דאָס ווילדע געהויל מיטן ברילערײַ, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונסנײַ מיט אַ פֿרישער קראַפֿט.

באַ גלענאַרוואַנען איז דורכגעגאַנגען אַ גרויל איבערן לײַב בעת ער האָט עס דערזען.

— טאַלקאַוו פֿאַרלאָזט אונדז! — האָט ער אויסגעשריגן, ווי ער האָט נאָר דערזען, וויאַזוי טאַלקאַוו וויל זיך שוין אַרויפֿכאַפּן אויפֿן זאָטל.

— ווער, טאַלקאַוו? קיינמאָל אין דער וועלט ניט! — האָט ראָבערט געענטפֿערט.

און ווירקלעך, טאַלקאַוו האָט זיך געקליבן ניט צו פֿאַרלאָזן זײַנע מיט־רײַזנדער, נאָר זיי צו ראַטעווען.

טאַוקאַ איז שוין געווען גרייט. ער האָט געביסן דאָס צוים־אײַזן פֿאַר אומגעדולד. דאָס פֿערד האָט אונטערגעטאַנצט אויפֿן אָרט שטייענדיק, און זײַנע אויגן זײַנען געווען פֿול מיט פֿײַער, ס'האָט אויש געבליצט פֿון זיי. דאָס וווּנדערלעכע פֿערד האָט פֿאַרשטאַנען זײַן באַלעבאָס פֿאַרלאַנג.

אין דער אָ רעגע, ווען טאַלקאַוו האָט געהאַט אַרויפֿגעלייגט די האַנט צום פֿערד אויפֿן רוקן, שוין גרייט זײַענדיק אַרײַנשפּרינגען אין זאָטל, האָט אים גלענאַרוואַן קרעמפּאַרטיק אָנגעכאַפּט פֿאַר אַן אַקסל.

— דו לאָזט אונדז איבער אַליין? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן און האָט אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט צום אָפֿענעם פֿלייך.

— יאָ, איך פּאָר אַוועק, — האָט דער אינדיאַנער געענטפערט.
און ער האָט צוגעגעבן אַף שפּאַניש:
— טאָוקאַ איז אַן אויסגעצייכנט פערד, אַ פלינקס, עס וועט אַוועקשלעפּן נאָך זיך די וועלט.
— אָ, טאַלקאַוו! — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.
— פלינק! פלינק! — האָט דער אינדיאַנער איבערגעכאַזערט אין דער צייט, ווען גלענאַרוואַן האָט מיט אַ ציטעריקן קאָל עס איבערדערציילט פאַר ראָבערטן:
— דו הערסט, מיין יינגעלע, דו הערסט? ער וויל איינשטעלן זיין אייגן לעבן צוליב אונדז. ער וויל זיך אַ לאָז טאָן איבער די פּאַמפּאַסן און איבער־נעמען אַף זיך די צערייצטקייט פון די וועלף, אַבי אונדז צו ראַטעווען.
— אַך, טאַלקאַוו! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן. — ס'אַרא מין פריינט דער טאַלקאַוו איז! — און ער האָט צונויפגעלייגט, ווי אין אַ געבעט, די הענט, — אָבער איך בעט דיך, לאָז אונדז ניט איבער.
— מירן זיך מיט אים ניט צעשיידן! — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן.
דערנאָך האָט ער זיך אויסגעקערעוועט צום אינדיאַנער און צוגעגעבן:
— לאָמיר פאָרן צוזאַמען.
און ער האָט אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אַף די צוויי דערשראָקענע פערד, וואָס האָבן זיך צוגעטוליעט צו די פאַרקן־סטויפּעס.
— ניין! — האָט דער אינדיאַנער געענטפערט. ער האָט, קענטיק, גלייך פאַרשטאַנען, וואָס יענער וויל. — ניין! שלעכטע פערד, שרעקעוודיקע. און טאָוקאַ — אַן אויסגעצייכנט פערד.
— ער איז גערעכט, — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן. — אויב דו ווילסט, ראָבערט, וועט טאַלקאַוו דיך ניט פאַרלאָזן. מיט זיין אופטו האָט ער מיר נאָר אָנגעוויזן אַף מיין אייגענער פליכט. פאָרן מוז איך איינער אַליין! און ער וועט מיט דיר בלייבן, קעדיי דיך באַשיצן פון דער געפאַר. — און גלענאַרוואַן האָט אַ כאַפּ געטאָן טאָוקעס שמאָל ציימל און, זיך ווענדנדיק צום אינדיאַנער, האָט ער אין איין אָטעם אַ זאָג געטאָן: — איך פאָר!
— ניין, — האָט דער אינדיאַנער רויִק געענטפערט.
— איך זאָג דאָך דיר, אַז איך פאָר! — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן און גענומען רייסן דאָס ציימל בא טאַלקאַוון פון די הענט. — דו מוזט מיר ראַטעווען דאָס קינד. דיר, טאַלקאַוו, פאַרטרוי איך אים. דו פאַרשטייסט?
גלענאַרוואַן האָט אין זיין צעטראָגנקייט געמישט ענגלישע ווערטער מיט שפּאַנישע, אָבער אין אַזעלכע מינוטן רעדן די זשעסטן מערער פון ווערטער, און די מענטשן פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן אַפן ווונק.
טאַלקאַוו איז אָבער סיי־ווי ניט איינגעגאַנגען. זייער קריג האָט זיך פאַר־צויגן, און די געפאַר האָט דערווייל פון רגע צו רגע גענומען אָנוואַקסן. דאָס פוילע האָלץ פונעם פאַרקן האָט אונטערגעקנאַקט אונטער די וועלפישע נעגל און רייס־ציינער.

ניט גלענאַרוואַנ און ניט טאַלקאַוו זײַנען גרייט געווען אָפּצוטרעטן איינער דעם אַנדערן. דער אינדיִאַנער האָט געהאַט אָפּגעשלעפּט גלענאַרוואַנען טיפער אין דער ראַמאַדע אַרײַנ. אָפּן פליינ האָט מען ניט אָנגעזעען קיין איין וואָלף, און ער, דער אינדיִאַנער, האָט מיט זײַנ בילדערישער שפּראַך געוואָלט גיכער געבן צו פאַרשטיין גלענאַרוואַנען, אַז איצט טאָר מען ניט פאַרלירן קיין איינ איבעריקע רגע. אויב דאָס פאַרטראַכטע וועט זיך ניט איַינגעבן, דאַן איז די סאַקאָנע פאַר די איבערגעבליבענע נאָך גרעסער, ווי פאַר דעם, וואָס איז אָוועקגעפאָרן! ער האָט אים געהאַלטן אין איינ דערווײַזן, אַז נאָר ער אַליינ וועט וויסן, וויאַזוי בעסער אויסנוצן פאַר אַלעמענס רעטונגסוועגן זײַנ טאַוקעס לײַכטן און פלינקן געלאָף.

גלענאַרוואַנ האָט זיך אָבער פאַראַקשנט מיט אַלע קויכעס, און ער האָט גאָר ניט געוואָלט הערן די אַלע רײַעס, וואָס טאַלקאַוו האָט אים געבראַכט. ער האָט נאָר געוואָלט מאַקרעוו זײַנ זײַנ אייגן לעבן און גאָר. פּלוצים האָט ער דערפילט עפּעס אַ שטאַרקן שטויס. ער האָט דערזען, ווי טאַוקאַ האָט זיך לעם אים געגעבן אַ הייב אָפּ די דיבעס, דערנאָך איז דאָס פערד אין איינ אויגנבליק איבערגעשפּרונגען איבער דעם פײַערדיקן באַריער און איבער די וועלפישע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט פאַרן טויער, און האָט זיך אָוועקגעטראָגן אינדערפינצטערניש אַרײַנ. פונדערווײַטנס שוינ האָט אַ קינדעריש קעלעכל צו זיי אויסגעשריגן:

— אַדיע!

גלענאַרוואַנ מיט טאַלקאַוון האָבן ערשט איצט באַמערקט דאָס קליינ ייִנגלש געשטאַלט, וואָס האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אינ טאַוקעס גריווע און איז פאַרשווונדן געוואָרן אינדערפינצטערניש.

— ראָבערט! אָרעמער! — האָט גלענאַרוואַנ אויסגעשריגן. אָבער אין דער אָ רעגע האָט זיך אופגעהויבן אַזאַ מינ ווילדער וועלפישער געהויל, אַז אַפילע דער אינדיִאַנער האָט שוינ ניט דערהערט גלענאַרוואַנס קאָל. די רויטע וועלפ האָבן זיך אַ וואָרפ געטאָן צו מײַרעוו־צו לויט די שפּורן פונעם אָוועקגעריטענעם רײַטער און זײַנען פאַרשווונדן געוואָרן מיט אַן אומגעהויערער שנעלקײַט.

טאַלקאַוו מיט גלענאַרוואַנען זײַנען אַרויסגעלאָפן פון יענער זײַט ראַמאַדע, דער פליינ איז שוינ ווידעראַמאָל פאַרזונקען געוואָרן אין שווערער שטילקײַט.

גלענאַרוואַנ איז געווען גוואַלדיק אופגעטרייסלט, ער האָט אָנגעמאַכט אַ פאַל געטאָן אָפּ דער ערד און זיך גענומען בּרעכן די פינגער פאַר פאַרצווייפלונג. ער האָט אַ קוק געטאָן אָפּ טאַלקאַוון, אָבער יענער האָט געשמייכלט מיט זײַנ קעסיידערדיקער רויִקײַט.

— טאַוקאַ — אַ גוט פערד. דאָס ייִנגל — אַ בראַוו ייִנגל. ער וועט זיך ראַטעווען! — האָט זיך דער אינדיִאַנער אָנגערופן.

— און אויב ראָבערט וועט זיך ניט אײַנהאַלטן אָפּן פערד און וועט אַראָפּפאַלן? — האָט גלענאַרוואַנ אַ פרעג געטאָן.

— ער וועט ניט אראָפּפאַלן.

ניטגעקוקט אַף טאַלקאַווס איבערצייַגטקייַט, האָט דאָך דער אָרעמער גלע־נאַרוואַן פאַרבראַכט אַ שוידערלעכע נאַכט. אים איז גאָרניט אייַנגעפאַלן אין זינען דער פאַקט, וואָס ער גופא איז נאַרוואָס בעראַטעוועט געוואָרן פון אַזאַ מין גוואַלדיקער געפאַר אַדאַנק דעם, וואָס די וועלף זייַנען פאַרשווּונדן גע־וואָרן. אייסעך וואָס!! ער האָט עטלעכע מאָל זיך געריסן, אַז ער וועט לויפן זוכן ראָבערטן, אָבער דער אינדיאַנער האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דידאָזיקע צוויי פערד זייַנען ניט בעקיִעך אָנצור־יאָגן טאַוקען, אַז טאַוקען וועלן די וועלף ניט דעריאָגן און אינדערפינצטער־ניש איז ביקלאַל ניט שייַעך צו זוכן עמעצן. מע מוז זיך דערוואַרטן, ביז ס'וועט אָנהייבן שאַריִען און דאַן וועלן זיי פאָרן לויט ראָבערטס שפּורן.

פיר אַזייגער פאַרטאָג האָט גענומען שאַריִען. דער נעפּלדיקער פּאַס אַפן האָריזאָנט האָט זיך אָנגעהויבן צו העלן אונטער דער בלייכער שייַן. אַ דורכ־זיכטיקער טוי האָט באַדעקט דעם פּליין, און דאָס הויכע גראָז האָט גענומען שורשען אונטערן אָטעם פונעם פאַרטאָגעדיקן ווינטל.

איצט קען מען שוין פאָרן.

— פאָרן מיר! — האָט דער אינדיאַנער זיך אָנגערופן.

גלענאַרוואַן האָט זיך גלייַך אַרופגעכאַפּט אַף ראָבערטס פערדל און זייַן פערד האָט ער אָפּגעגעבן טאַלקאַוון. ביידע רייַטערס האָבן זיך אַוועקגעיאָגט מיט זייער גאַנצן אימפּעט גלייַך צו מייַרעוו־צו.

זיי האָבן געריטן הא אַ שאָ צייַט מיט דער׳זעלבער שנעלקייַט, זיי האָבן געזוכט מיט די אויגן ראָבערטן און די גאַנצע צייַט מוירע געהאַט, אַז זיי וועלן באַגעגענען ערגעץ זייַן צעבלוטיקטן קערפּער.

גלענאַרוואַן האָט מאַמעש צעקאַטעוועט דאָס פערד מיט די שפּאָרן, אָבער ענדלעך האָבן זיי דערהערט פונדערווייַטנס אייניקע ביקסן־שאָסן. מע האָט געשאָסן לויט געוויסע צייַט־אָפּשניטן. דאָס האָבן מענטשן, קענטיק, געגעבן אַ סיגנאַל פון זיך.

— דאָס זייַנען דאָך אונדזערע פרייַנט! — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

טאַלקאַוו און ער האָבן ווידעראַמאָל גענומען יאָגן די פערד און אין עטלעכע מינוט אַרום זייַנען זיי שוין געווען לעם דעם אָטריאַד, וואָס איז געגאַנגען אונטער פּאַגאַנעלס אָנפירונג.

אַ פרייד־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון גלענאַרוואַנס ברוסט: ראָבערט איז געפאָרן לעבן דעם געלערנטן, פריש און געזונט און פריילעך. ער איז געזעסן רייַטנדיק אַף טאַוקען, וואָס האָט פריילעך אַ הירזשע געטאָן, דערזע־ענדיק דעם באַלעבאָס.

— מייַן יינגל, מייַן ליב יינגל! — האָט גלענאַרוואַן אַ זאָג געטאָן מיט אַן אומבאַשרייַב לעכער צאַרטקייַט.

דער פּאַטאַגאָנער האָט אויך מיט אַ פריידיקן בליק אַ קוק געטאָן אַף ראָ־בערטן און זיך אָנגערופן:

— א העלד. די שפּאָרן האָבן בא אים ניט געציטערט.

דעם לעצטן אויסדריק נוצן אָפט די פּאַטאַגאָנער דאָן, ווען זיי ווילן איבערגעבן וועגן עמעצנס העלדישקייט.

— מיין יינגל, מיין ליב יינגל! — האָט זיך גלענאַרוואַן ווידער אָנגערופן, — פאַרוואָס האָסטו ניט איבערגעלאָזט פאַר מיר אָדער פאַר טאַלקאַוון די מעגלעכקייט אויסצופּרוּוון דעם לעצטן שאַנס אַפּ דיך צו ראַטעווען?

— סער, — האָט דאָס יאַטל געענטפערט און ס'האָט זיך דערהערט א ציטער אין זיין שטים. — איצט איז געווען מיין ריי אייַנצושטעלן דאָס לעבן. טאַלקאַוו האָט שוין מיך איינמאָל אָפּגעראַטעוועט פון טויט, און איך שטיי נאָך פאַר אָפּצוראַטעווען דעם פאָטער מיינעם.

## צוואַנציקסטע קאַפּיטל

# די אַרגענטינער פליינען

אַז ס'האָט זיך געענדיקט דיראָזיקע רידנדיקע באַגעגעניש, האָבן פּאַגאַנעל, אַאוסטין, ווילסאָן און מיולרעדי, דאָס הייסט, אַלע פונסניי אָנגעקומענע, אויסער עפּשער דעם איינעם מאַיאָר מאַק־נאַבס, דערפילט, אַז זיי גייען אויס פאַר דאָרשט. צום גליק, איז שוין גוואַמיני געווען גאַנץ נאָענט, האָט דער אָטריאַד זיך ווידעראַמאָל א לאָז געטאָן אין וועג און אַרום זיבן אינדערפרי זיינען זיי שוין אָנגעפאָרן צו דער ראַמאַדע.

ס'איז גענוג געווען א קוק צו געבן אַפּ די טויטע וועלף, וואָס האָבן באַדעקט די ערד באַם אַריינגאַנג אין קאַשאַרע אַריין, קעדיי זיך קענען לעבעדיק פאָרשטעלן דעם צעווילדעוועטן אָנפאַל — פון איין זייט, מיטן העלדישן פאַרטיידיקן זיך — פון דער צווייטער זייט.

אַז די רייזנדער האָבן געשטילט דעם דאָרשט זייערן, האָבן די אויסשפּייזער זיי מעכאַבעד געווען מיטן מיינעם פרישטיק. דאָס נאַנדו־פלייש איז געווען א מייכל איינס אין דער וועלט און מיטן געבראָטנס פונעם פאַנצער־טרעגער האָט מען זיך אויך ניט געקענט סאַמען. דערצו האָבן זיי נאָך פאַרטרונקען אַלע מאָל מיט גוואַמיני־וואַסער, וואָס האָט, לויט פּאַגאַנעלס ווערטער, געהאָלפן דעם מאָגן גוט איבערצוקאָכן די פאַרדייעטע שפּייז.

צען אַזייגער אינדערפרי האָט גלענאַרוואַן אָפּגעגעבן א סיגנאַל צום אָפּפאָרן. די לעדערנע לאָגלען האָט מען אָנגענומען פול מיט וואַסער, און דער אָטריאַד האָט זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. די אָפּגערוטע פערד האָבן זיך געפילט ווי פונסניי געבוירן און זיי זיינען דעם גאַנצן וועג זייער גוט געלאָפן.

אַדאַנק דער נאָענטקייט פון וואַסער, איז די אומגעגנט אַרום געווען פרוכטבארער, ווי די פריערדיקע.



פּאַגאַנעל פירט געיעג אַף די פלאַמינגאָ־פייגל

אינ מעשעכ פונעם 2־טנ אונ 3־טנ נאָיאבער זײַנען ניט פּאַרגעקומענ קיינ איבעריקס אינטערעסאנטע פּאַסירונגענ. דעם 3־טנ נאָיאבער אינאָווענט האָבנ די רײַזנדער זיכ אָפּגעשטעלט באַם עק־טייל פונ די פאמפאסנ, אפ דער גרענעצ פונ דער בוענאָס־אײַרעסער פּראָווינצ.

אזויווי פונ דער טאלקאגואנער בוכטע זײַנענ זיי געהאט ארויסגעפאָרנ דעם 14־טנ אָקטיאבער, הייסט עס, אז זיי האָבנ אינ מעשעכ פונ 22 מעסלעס דורכגעמאכט 450 מײַל, א[illegible]ר צוויי דריטל פונעם גאנצנ וועג.

אפ מאָרגנ אינדערי[illegible] זיי איבערגעהאקט די באדינג־ליניע, וואָס טיילט אָפּ די ארגענטינ[illegible] פונ די פאמפאסנ. דאָ האָט טאלקאוו געהאָפט, אז ער וועט זיכ [illegible]נענ מיט די קאציקנ, וואָס בא זיי [illegible] די הענט האָבנ, לויט גלענארוואנס מיינונג, זיכ געדארפט געפינענ הארי [illegible]ואנט אונ זײַנע צוויי כאוויירים.

אז די רײַזנדער זײַנענ אָפּגעפאָרנ פונ די גואמיני־ברעגנ, האָבנ זיי מיט גרויס פרייד באמערקט, אז די לופט־טעמפּעראטור איז געוואָרנ א גאנצ דערטרעגלעכע. די דורכשניטלעכע באטאָגעדיקע טעמפּעראטור האָט, אדאנק די שטארקע אונ קילע ווינטנ, זיכ געהאלטנ לעם די 17 גראד צעלסי. די מענטשנ אונ די כײַעס, וואָס האָבנ זיכ אזוי פיל אָנגעליטנ פונ דער פארטריקעניש אונ פונ דער גליִענדיקער היצ, האָבנ איצט געעטעמט מיט דער פולער ברוסט. דער אָטריאד האָט זיכ מוטיק־גערוקט פאָרויס אונ ארויסגעוויזנ דערבײַ גרויס ענטוזיאזם. אָבער ניט געקוקט אפ טאלקאווס פארזיכערונגענ, האָבנ דאָכ די רײַזנדער געטראָפנ די היגע אומגעגנט אינגאנצנ אומבאוווינט אָדער, ריכטיקער געזאָגט, פארלאָזט פונ מענטשנ.

אפנ וועג האָט פאגאנעל זיכ פארגינענ צו פירנ געיעג אפ די פלא[illegible] [illegible]פייגל, וועלכע זײַנענ פאר אים געווענ א גרויס נײַס, דערום איז [illegible] מאיאָר עטוואָס אָפּגעשטאנענ פונעם אָטריאד. אז זיי האָבנ זיכ צורי[illegible] [illegible]קערט, האָט פאגאנעל דערזענ, ווי גלענארוואנ האָט עפּעס פארפירט [illegible] שמועס מיטנ פאטאגאָנער, אָבער ס'איז געווענ צו דערקענענ, אז [illegible] פאטאגאָנער פארשטייט ניט, וואָס יענער רעדט צו אים. אָנגעהויבנ האָט זיכ דערפונ, וואָס טאלקאוו האָט עפּעס אלעמאָל אָפּגעשטעלט דאָס פערד אונ זיכ ארומגעקוקט אינ אלע זײַטנ; יעדעס מאָל האָט זײַנ פּאָנעם אויסגעדריקט גרויס פארוווּנדערונג, אונ אזויווי דער געשווירענער איבערזעצער, פאגאנעל, איז אינ אָט דער רעגע ניט געווענ אונטער דער האנט, האָט גלענארוואנ באשלאָסנ אליינ אויסצופרעגנ באַם אינדיִאנער, וואָס אים וווּנדערט. אָבער אז ער האָט ענדלעכ דערזענ דעם געאָגראפ, האָט ער נאָכ פונווײַטנס געגומענ שרײַענ צו אים:

— פאגאנעל, גיכער קומט אהער! אָנ אײַכ קענ איכ זיכ בעשומויפנ ניט דורכריידנ מיט אונדזער אינדיִאנער.

פא[illegible]על האָט א רעד געטאָנ מיט טאלקאוונ אונ זיכ גלײַכ אויסגעקערט צו גלענארוואנענ.

— טאַלקאַוו וווּנדערט זיך זייער פון איינער אַווירקלעך־מאָדנער דער־שײַנונג,— האָט ער זיך אָנגערופן.

— פון אַ וועלכער?

— אים וווּנדערט דאָס, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט ניט באַגעגנט ניט די אינדיאַנער גופא און ניט די שפּורן זייערע. אַף די היגע פּליינען מוז מען זיך אָנטרעפן מיט זייערע אָטריאַדן, איניקע טרײַבן מיט זיך פי, וועלכע זיי האָבן אָפּגעשלאָגן בא די עסטאַנציעס; איניקע לאָזן זיך צו די קאָרדיליערן, קעדיי צו פאַרקויפן דאָרטן די טעפּיכער, וואָס די פרויען זייערע האָבן אויסגעוועבט, אָדער די קונציקע צײַמעלעך, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעפלאָכטן.

— מיט וואָס־זשע דערקלערט ער עס, טאַלקאַוו?

— דאָס איז דאָך די מײַסע, וואָס ער דערקלערט עס מיט גאָרניט, ער כידעשט זיך בלויז.

— און וועלכע מינים אינדיאַנער האָט ער געהאַט בעדייע דאָ צו געפינען?

— טאַקע יענע, אין וועמעס הענט סע דאַרפן זיך געפינען געפאַנגענע אייראָפּייער: דאָס זײַנען די שוואָטים, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך די קאַציקן,— קאַלפוקור, קאַטריעל און יאַנכעטרוץ.

— ווער־זשע זײַנען עס דידאָזיקע מענטשן, וועגן וועלכע איר רעדט?

— דאָס זײַנען די פירער פון איינעם אַ שייוועט, וואָס איז נאָך צוריק מיט 30 יאָר געווען זייער מעכטיק און שטאַרק, אָבער דערנאָך האָט מען זיי פאַר־טריבן פון יענער זײַט בערג, און פון דאַן אָן זײַנען זיי געוואָרן פרידלעך און שטיל, אַף וויפל אינדיאַנער קענען ביכלאַל זײַן פרידלעך און שטיל. איצט וואַנדערן זיי איבער די פּאַמפּאַסן, פּונקט ווי זיי האָבן פריִער געוואַנדערט איבער די בוענאָס־אײַרעסער פּראָווינצן. איך גופא וווּנדער זיך ניט ווינציקער, ווי טאַלקאַוו, דערמיט, וואָס מיר באַגעגענען זיי ניט, וואָרום אָט דאָ איז פּונקט געווען די אָרענע פון זייערע סאָלטעאַדאָרישע * העלדנטאַטן.

— וואָס־זשע דאַרפן מיר איצטער פירנעמען? — האָט גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— איך קען גלײַך אַ פרעג טאָן בא טאַלקאַוון,— האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.

נאָך אַ לאַנגן איבערשמועסן זיך מיטן פּאַטאַגאָנער, האָט פּאַגאַנעל זיך אומגעקערט צו גלענאַרוואַנען.

— טאַלקאַווס מיינונג איז אַזאַ,— האָט ער אָנגעהויבן,— און איך בין אײַנגאַנצן מאַסקים מיט אים: מיר דאַרפן פאָרזעצן אונדזער רײַזע צו מיזרעך־צו, ביז צו דער פעסטונג פון אומאָפּהענגיקײַט — דאָס ליגט אונדז פּונקט אין וועג. דאָרטן, אויב ס'וועט זיך אַפילע אונדז גאָרניט ניט אײַנגעבן זיך צו דערוויסן וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנט, וועלן מיר [illegible] יעדנפאַלס, קענען דערוויסן, וווּ האָבן זיך אַהינגעטאָן אַלע אינדיאַנער [illegible] אַרגענטינישע פּליינען.

---

* סאָלטעאַדאָרן — אַף שפּאַניש — רויבער

— ווי ווײַט איז נאָך ביז דערדאָזיקער פעסטונג? — האָט גלענארוואַן א פרעג געטאָן.

— דידאָזיקע פעסטונג געפינט זיך אפן סיער־טאַנדיל וואָסערע 60 מײַל פונ־דאַנען.

גלענארוואַן איז געווען שטארק צעדרודערט פון דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן. ווער וואָלט זיך גאָר ריכטן אף אזא זאַך, מע זאָל ניט אָנטרעפן קיין איין אינדיאַנער אפן גאַנצן וועג איבער די פּאַמפּאַסן! קענטיק, אַז דאָ איז פּאָרגעקומען אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי זאָלן אַלע פארשווינדן ווערן און ס'איז ניטאָ אפילע קיין איינער אף א רעפוּע. און דעריקערשט, די צאָרע באַשטייט נאָך אין דעם, וואָס דיזעלבע אינדיאַנער, וויבאַלד זיי זײַנען ערגעץ פארשוווּנדן געוואָרן, און מיר ווייסן ניט, אין וועלכער ריכטונג זיי זײַנען אַוועק, האָבן זיי דאָך אף זיכער אַוועקגעפירט מיט זיך אויך די געפאַנגענע. וואָרזשע לאָזט מען זיך איצטער זוכן הארי גראַנטן — אף צאָפן, צי אף דאָרעם?

גלענארוואַנען האָט דידאָזיקע פראגע שטארק באַאומרויִקט, אָבער אזוי ווי קיין בעסערע אייצע, ווי טאַלקאַוס, האָבן די רײַזנדער ניט געהאַט, האָט מען זיך געמוזט לאָזן פאָרן צו דער אומאָפּהענגיקײַט־פעסטונג, ווײַל דאָרטן וועט מען, אַלנפאַלס, זיך קענען דערוויסן די סיבע פון דערדאָזיקער מאָדנער דערשײַנונג.

ארום פיר אזייגער נאָך האלבן טאָג האָט זיך אפן האָריזאָנט באַוויזן א בערגל. אף דערדאָזיקער פלאַכלענדישער געגנט האָט מען עס געקענט אָנעמען פאר א גאַנצן באַרג.

דאָס איז געווען דער סיער־טאַפּאַלקוועם, און די קומענדיקע נאַכט האָבן די רײַזנדער פארבראַכט בא זײַן צופוסנס.

דעם איבערשטײַג איבער דעמדאָזיקן סיער האָט מען אף מאָרגן דורכגע־מאַכט אָן שום פּאַסירונגען. דערדאָזיקער באַרג האָט ניט געקענט דינען אַלס שטערונג בא אזעלכע מענטשן, וואָס האָבן שוין איבערגעשפּאַנט איבער די קאָרדיליערן. זיי האָבן דורכגעמאַכט דעמדאָזיקן באַרג אזוי, אַז די פערד האָבן אפילע ניט פארלאַנגזאַמט זייער גאַנג.

ארום האלבן טאָג זײַנען זיי דורכגעפאָרן פארבײַ דעם פאָרט טאַפּאַלקוועם. דאָס איז דער ערשטער רינג פון דער קייט מיט פאָרטן, וואָס ציט זיך לענג־אויס דעם דאָרעמדיקן גרענעץ פונעם פּליינ, קעדיי זיך צו פארטיידיקן פון די אינדיאַנישע רויבער־אָנפאַלן.

זיי האָבן אויך איצט ניט אָנגעטראָפן אפילע קיין שפּור פון קיין אינדיאַ־נער, און טאַלקאַוס פארוווּנדערונג איז געווען אזוי גרויס — נישט צום בא־שרײַבן. ענדלעך האָט דער אָטריאַד אַ־ום האלבן טאָג באַמערקט פונדער־ווײַטנס א קליינע הײַפעלע אינדיאַנער, אָבער זיי האָבן זיך אַוועקגעיאָגט מיט אַן אומגעהויערער שנעלקײַט, ווי נאָר זיי האָבן באַמערקט די רײַזנדער.

גלענארוואַן איז געוואָרן אויסער זיך פאר הארצקלעמעניש.

— האוטשעס! — האָט טאלקאוו א זאָג געטאָן, און פאגאנעל האָט שוין דערקלערט, אז דאָס איז א שייוועס, זייער א פאכדאָנישער, וואָס האָט מוירע זיך צו באגעגענען מיט אייראָפּייער.

לויט טאלקאווס באפעל האָט דער אָטריאד זיך געדארפט האלטן ענגער צונויפגעשלאָסן, ווײַל ווי פארלאָזט דידאָזיקע געגנט זאָל ניט זײַן, פונדעסטוועגן קען מען זיך דאָ ריכטן אַף פארשיידענע מינע טרעפעניש.

אָבער די אָנגענומענע פּאָרזיכטונג־מיטלען זײַנען געווען איבעריק. צו אָוונט־צו האָבן זיך די רײַזנדער אָן שום שטערונג דערקליבן ביז צו א פארלאָזענער גערוימער טאָלדעריע, ווו דער קאציק קאטריעל פלעג קעסיידער צונויפקלײַבן זײַנע אונטערטאנער. אזויווי ס'איז ניט געווען צו באמערקן קיין פרישע שפורן ארום דער טאָלדעריע, איז דער פאטאגאָנער געקומען צום אויספיר, אז סע שוין א לאנגע צײַט, ווי קיינער האָט זי ניט באזוכט.

דער נײַער פרימאָרגן האָט ווידעראמאָל באגעגנט די רײַזנדער אַפן פלייץ, ווו זיי האָבן פאָרגעזעצט זייער ווײַטערדיקן וועג.

אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן באווײַזן די ערשטע עסטאנציעס, וואָס געפינען זיך באַם צופוסנס פונעם סיער־טאנדיל.

אין מעשעך פונעם דאָזיקן טאָג — דעם 6־טן נאָיאבער — זײַנען די רײַזנדער דורכגעפאָרן פארבײַ עטלעכע עסטאנציעס און אויך פארבײַ איינעם אָדער צוויי סאלאדעראָס. סאלאדעראָ — דאָס איז א שעכט־פּלאץ, ווו דאָס פעטע און אָנגעגעסענע פי, וואָס האָט זיך אויסגעפיטערט אַף די זאפטיקע לאָנקעס, טרעפט צום קאצעוו אונטערן מעסער. דאָ זאלצט מען אויך אײַן די פליישן. אָט די־דאָזיקע אומאנגענעמענע ארבעט הייבט זיך, געוויינלעך, אָן צום סאָף פרילינג. די קאצאָווים־ארבעטער — די סאלאדעראָסן — לאָזן זיך דאַן אַוועק נאָך די באלעכאים, זיי כאפן זיי מיט [illegible] הילף פון א לאסאָ, מיט וועלכן זיי ווײַזן מאמעש ווונדער. די געכאפּ[illegible] באלעכאים פירן זיי אָפּ אין די סאלאדעריעס ארײַן, דאָרטן קומט [illegible]סונג, דאָס שינדן, דאָס אויסרייניקן פון קערפּער די אינגעווײדן או[illegible] [illegible]נזאלצן. ס'טרעפט אָפט, אז דער אָקס לאָזט זיך ניט מיטן גוטן ווילן, דער קאצעוו זאָל אים פירן, דאַן ווערט דער לעצטער פארוואנדלט אין אַן עמעסן טאָרעאדאָר, און מע דארף זאָגן, אז זיי גייען ארויס פון דערדאָזיקער געפערלעכער ארבעט ווי די זיגערס און ווײַזן דערבײַ ארויס גרויס געוואנטקײַט און... אכזאָריעסדיקײַט.

דידאָזיקע שעכט־פּלעצער זענען אויס זייער העסלעך. ס'איז זיך גאָר שווער פארצושטעלן עפּעס מער אָפּשטויסנדיקס, ווי די געגנט ארום דער סאלאדעראָ. פון דידאָזיקע שעכט־פּלעצער דערטראָגן זיך אהער צוזאמען מיטן שלעכטן געשטאנק אויך די גרוילנדיקע רעוועראַײַען פון די באלעכאים, וואָס ווערן געשאָכטן; די צעווילדעוועטע געשרייען פון די קאצאָווים, ווי אויך דער צערייצטער הינטישער געבײַל. ריזיק־גרויסע שפארבער־פייגל פליען זיך צונויף פון אַלע זײַטן צו דער סאלאדעראָ, זיי דרייען זיך ארום איבערן הויף, און סע טרעפט, אז זיי כאפן אויס מאמעש באַם קאצעוו פון אונטער די הענט די

הייסע אינגעווײדנ פונ דעמ אָקס אָדער פונ דעמ רינד, ווי סע פולסירט נאָכ דאָס וואַרעמע בלוט.

אָבער אינ איצטיקנ מאָמענט זײַנענ די סאַלאַדעריעס געווענ שטיל, רויק און אומבאַוווינט: די צײַט פונ דער פי־שעכטונג איז נאָכ ניט געקומענ.

טאַלקאַוו האָט געהאַלטנ אינ איינ אונטערײַלנ די רײַזנדער. אימ האָט זיכ אומבאַדינגט געוואָלט, אַז מע זאָל ביז פאַרנאַכט אָנקומענ צו דער פעסטונג פונ אומאָפּהענגיקײַט. די פערד האָט מענ אונטערגעטריבנ און, לויט טאַוקעס בײַשפּיל, זײַנענ זיי ניט געלאָפנ, נאָר געפלויגנ צווישנ די הויכע ברויטנ. אפנ וועג האָבנ זיי באַגעגנט עטלעכע פערמעס, וואָס זײַנענ געווענ אַרומגעצוימט מיט שפּיציקע פאַרקנס און מיט טיפע יאַרנ. דאָס האָט מענ זיכ אַזוי פאַרטײַדיקט פונ די רויבערישע וואַנדער־שוואָטימ. אינ דער הויפּט־געבײַדע פונ יעדער פערמע איז אומבאַדינגט געווענ אויסגעבויט אפנ דאַכ אַזאַ מינ גאַניקל, ווו די פערמע־אײַנוווינער האָבנ געהאַלטנ וואַכ און פלעגנ זיכ פאַרטײדיקנ פונ די אָנפאַלנדיקע רויבערס.

דאָ וואָלט שוינ גלענאַרוואַנ גראַד געקענט באַקומענ וואָסערע ניט איז ידיִעס, וואָס אינטערעסירנ אימ, אָבער ער האָט באַשלאָסנ, אַז ס'איז שוינ גלײַכער זיכ לאָזנ ביז צומ דאָרפ טאַנדיל. דערומ זײַנענ די רײַזנדער דורכגעפאָרנ פאַרבײַ די פערמעס און האָבנ זיכ אײַנגעשטעלט ניט אָפּגעשטעלט. זיי זײַנענ דורכגעגאַנגענ דעמ טײַכ ריאָ־גוּעזאָיע און אינ עטלעכע מײַל אַרומ—דעמ טײַכ ריאָ־שאַפּאַלעאָפ. אײַנגיכנ האָבנ די פערד געגומענ טרעטנ אפ געדיכטנ גראָז, וואָס האָט פאַרדעקט דעמ אַרופ־באַרג פונעמ סיער־טאַנדיל. ס'האָט אפילע קיינ שאָ ניט געדויערט, ביז מע איז שוינ צוגעקומענ צו די ערשטע הײַזער פונעמ דאָרפ טאַנדיל, וואָס געפינט זיכ אינדערטיפ פונ א שמאָלנ באַרג־שפּאַלט, איבער וועלכנ ס'האָבנ געהערשט די שפּיציקע ווענט פונ דער אומאָפּהענגיקײַט־פעסטונג.

## אײַנונצוואַנציקסטע קאַפּיטל

# די פעסטונג פונ אומאָפּהענגיקײַט

דער סיער־טאַנדיל הייבט זיכ אופ אפ וואָסערע טויזנט פוס איבערנ יאַמ־אויבערפלאַכ. דידאָזיקע באַרג־קייט האָט זיכ אויסגעבילדעט אינ די אוראַלטע צײַטנ, נאָכ אײדער דאָס אָרגאַנישע לעבנ האָט זיכ באַוויזנ אפ דער ערד. דער קרײַז טאַנדיל, וואָס איז אָנגערופנ געוואָרנ מיטנ נאָמענ פונ דער באַרג־קייט, פאַרנעמט דעמ גאַנצנ דאָרעמדיקנ טייל פונ דער בוענאָס־אײַרעסער פּראָווינצ. אַלס צאָפנדיקע גרענעצ פונעמ דאָזיקנ קרײַז דינט דער אַראָפּ־א־באַרג, וווהינ ס'לויפנ זיכ צונויפ אָנ א שיר טײַכלעכ.

די באַפעלקערונג פונעמ קרײַז באַשטייט, אַנ ערעכ, פונ וואָסערע פיר

טויזנט מאַל. דער אַדמיניסטראַטיווער צענטער פֿונעם דאָזיקן קרײַז, דאָס דאָרף טאַנדיל, געפֿינט זיך בײַם צופֿוסנס פֿונעם צאָפּנדיקן אַרויף־אַ־באַרג און ווערט באַשיצט פֿון דער אומאָפּהענגיקייט־פֿעסטונג. די גאַנצע דאָרף־באַפֿעלקערונג באַשטייט קימאַט אויסשליסלעך פֿון פֿראַנצויזישע באַסקן און איטאַליענישע קאָלאָניסטן. און ווירקלעך, פֿראַנקרײַך איז געווען איינע פֿון די ערשטע לענדער, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן די עמיגראַציע אַהער, צו דעם דאָרעמדיקן באַסיין פֿון לאַ־פּלאַטע. די פֿעסטונג פֿון אומאָפּהענגיקייט, וואָס איר אויפֿגאַבע איז געווען צו פֿאַרטיידיקן דעם קרײַז פֿון די אינדיאַנישע אָנפֿאַלן, איז אויסגעבויט געוואָרן אין 1828־יאָר דורכן פֿראַנצויז פּאַרשאַפּ. אין דער דאָזיקער אַרבעט איז אים זייער אַסאַך געקומען צוהילף דער ערשטראַנגיקער געלערנטער אַלקיד ד'אָרביני, דער בעסטער קענער און פּראָפֿעסער פֿון די זעלטנסטע אַרבעטן איבער דער געאָגראַפֿיע פֿון דעם דאָזיקן דאָרעמדיקן טייל אױפֿן דאָרעם־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט.

דאָס דאָרף טאַנדיל שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ וויכטיקן האַנדלס־פּונקט. ס'האַלט אונטער אַ קעסיידערדיקע פֿאַרבינדונג מיט בוענאָס־אײַרעס, פֿאָרנדיק אַהין אױף „גאַלערעס“ — אױף די בערוימטע פֿורן, וואָס גייען געשפּאַנט אין אָקסן און וואָס מאַכן דורך דעם וועג צו דער אַרגענטינישער הויפּטשטאָט אין משך פֿון צוועלף מעסלעס.

דאָס דאָרף שטעלט צו אין דער הויפּטשטאָט לעבעדיק פֿי פֿון אירע עסטאַנציעס, געזאַלצענע פֿליישן פֿון די סאַלאַדעריעס, ווי אויך די אָריגינעלע פּראָדוקציע, וואָס די אינדיאַנישע קוסטאַרן אַרבעטן אויס: בײַוול־געוועבן, וואָל־אויסאַרבעטונגען, יענע קאָסטבאַרע זאַכן, וועלכע זיי פֿלעכטן אויס פֿון לעדער א. אַז. וו.

פּאַגאַנעל האָט דאָס אַלץ דערציילט פֿאַר זײַנע מיטרײַזנדער און צום סאָף האָט ער צוגעגעבן, אַז אין טאַנדיל וועט מען, אָן ספֿק, קענען צונויפֿנעמען אַלע נויטיקע ידיעות וועגן די געפֿאַנגענע אייראָפּייער.

— אויסער דעם, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — געפֿינט זיך נאָך אין דער אומאָפּהענגיקייט־פֿעסטונג אַ שטענדיקער גאַרניזאָן פֿון נאַציאָנאַלן מיליטער, וואָס וועט אונטער אַ נויט אונדז קענען קומען צוהילף און אויסשטעלן פֿאַר אונדז אַ קליינינקן אָטריאַד.

גלענאַרוואַן און זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינעם „פֿאָנדײ“ — דעם אײַנפֿאָר־הויז, וואָס האָט אויסערלעך גאַנץ שיין אויסגעזען. ווי מע האָט נאָר באַוואָרנט אין שטאַל די פֿערד, אַזוי האָבן גלענאַרוואַן, פּאַגאַנעל און דער מאַיאָר מיט טאַלקאַווע אין דער שפּיץ זיך אַוועקגעלאָזט גלײַך צו דער פֿעסטונג.

נאָך אַ קורצן אופֿשטײַג איבערן אַרויף־באַרג, זײַנען זיי אָנגעקומען צו די טויערן פֿון דער פֿעסטונג, וואָס די היגעבירטיקע וואַך־לײַט האָבן גאַנץ נאַכלעסיק, דאַרף מען זאָגן, באַוואַכט. די רײַזנדער זײַנען גאַנץ פֿרײַ אַרײַנגעגאַנגען אינעם פֿאָרט אַרײַן. דאָס אַליין האָט שוין איידעס געזאָגט וועגן דעם, אַז אָדער די אָנפֿירונג פֿילט זיך גאַנץ פֿעסט בײַ זיך, אָדער קיין שום געפֿאַרן זײַנען דאָ אינערגעץ ניטאָ.



צוועלף בר[illegible]ר דערלערנענ די מיליטער-קונסט אונטער דער אָנפירונג פונעם עלטערנ — דעם דרייַצנטנ

אפנ פלאצ האָבנ עטלעכע סאָלדאטנ זיכ פארנומענ מיט מיליטער־איבונ־גענ. דער סאמע עלטסטער צווישנ זיי איז אלט געווענ וואָסערע צוואנציק יאָר, דער סאמע יינגסטער — לאָמיר זאָגנ, זיבנ. אז מע וויל זאָגנ, איז עס געווענ ניט קיינ אָטריאד, נאָר א הײַפל קינדער, וואָס האָבנ זייער געשיקט געפעכטעוועט. די אמוניציע זייערע איז באשטאנענ פונ איינע העמדער, וואָס זײַנענ בא די לענדנ געווענ איבערגעבונדנ מיט לעדערנע פאסיקלעכ. דאָס העמד איז געווענ אָנגעטאָנ גלײַכ אפנ הוילנ לײַב. פונ קיינ הויזנ, פונ קיינ וועש אונ פונ קיינ רעקלעכ איז אפילע קיינ סימענ ניט געווענ. אגעוו, דארפ מענ זאָגנ, אז וועדליק דער טאָג איז גשווענ א הייסער, האָט מענ עפשער צו זיי ניט געקענט האָבנ קיינ איבעריקע טײַנעס פאר אזא מינ לײַכטנ אָנטאָנ. דאָס געווער איז בא זיי אויכ געווענ אלטמאָדיש אונ ניט גאָר קיינ פויגל־דיקס. אלע כעוורע זײַנענ געווענ שטארק געראָטנ איינס אינעמ צווייטנ. דער קאפראל, וואָס האָט דורכגעפירט די איבונגענ, איז אויכ געווענ שטארק ענלעכ אפ זײַנע אונטערטעניקע, אונ די אונטערטעניקע — אפ אימ. קענטיק, אז דאָס זײַנענ פאָשעט געווענ צוועלפ ברידער, וואָס האָבנ דערלערנט די מיליטער־קונסט אונטער דער אָנפירונג פונעמ עלטערנ — דעמ דרײַצנטנ.

אָבער גלענארוואנענ איז ניט געלעגנ אינ זינענ צו שטיינ אונ אָנקוקנ דאָסדאָזיקע בילד, ער האָט געטראכט פונ אסאכ בילכערע זאכנ אונ ער האָט אונטערגעײַלט דעמ אוילעמ, מע זאָל גיכער שיקנ ארויסרופנ דעמ עלצטנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ איז דער עלצטער צו זיי ארויסגעגאנגענ. געווענ איז דאָס א מענטש פונ א יאָר פופציק, נאָכ א גאנצ פעסטער, געהאלטנ האָט ער זיכ, ווי סע פאסט פאר א מיליטער־מאנ. דער אויסזעענ זײַנער אינגאנצנ איז געווענ פול מיט באוווסטזײַנ פונ זײַנ אייגנווירדע. אזוי, אלנפאלס, האָט ער זיכ פאָרגעשטעלט פאר די רײַזנדער דורכ די געדיכטע קנוילנ רויכ, וואָס האָבנ זיכ ארויסגעריסנ פונ זײַנ פייפ. דאָס געוואַלע זײַנס האָט דערמאנט פאגאנעלנ אינ די אלטע פראנצויזישע אונטעראָפיצערנ.

טאלקאוו האָט גלײַכ פאָרגעשטעלט גלענארוואנענ מיט זײַנע מיטרײַזנדער פארנ גארניזאָנ־עלצטנ. אינ דער צײַט, וואָס טאלקאוו האָט גערעדט, האָט דער נאטשאלניק אָנגעשטעלט א פאָר אויגנ אונ זיכ געהאלטנ אינ איינ צוקוקנ צו פאגאנעלנ. דער געלערנטער האָט זיכ עפעס מאָדנע דערפילט פונ דער־דאָזיקער איבערגעטריבענער אופמערקזאמקײַט, ער האָט שוינ געוואָלט אפילע א פרעג געבנ באמ נאטשאלניק אונ זיכ דערוויסנ, וואָס האָט ער אפ אימ אזעלכס דערזענ, וואָס ער קוקט אפ אימ אזוי לאנג, אָבער אינ דערזעלבער רעגע האָט יענער זייער פאמיליאר אימ א כאפ געטאָנ בא דער האנט אונ מיט א פריילעכ קאָל א פרעג געטאָנ באמ געאָגראפ, טאקע אפ זײַנער, אפנ געאָגראפס, אייגענער שפראכ:

— איר זײַנט א פראנצויז?

— יאָ, — האָט פאגאנעל געענטפערט.

— ס'אַרא גליק! זאָל זײַנ געבענטשט אײַער קומענ. איכ בינ אויכ א פראנ־

צויז! — האָט ער ווי באַרימעריש א זאָג געטאָן און מיט אַלע קויכעס געגומענ־טרייסלט דעם אָרעמען געלערנטנס האַנט.

— ס'איז אַ־יערער א פריינט? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן בא פּאַגאַנעלן.

— ווי דען האָט איר געמיינט, צו אַלדערוכעס, — האָט דער געאָגראַפ גע־ענטפערט מיט גרויס שטאָלץ. — צי דען ווייסט איר ניט, אז איך קען אָפּזוכן פריינט אין אַלע פינף טיילן פון דער וועלט?

דעם געאָגראַפ האָט זיך קוים מיט צאָרעס איינגעגעבן ארויסצובאַפרייען זיין האַנט פון די לעבעדיקע אָפּצווענגעס, וואָס האָבן זי גאַנץ נישקאָשעדיק געדריקט. ס'איז אים געוואָרן דערפון מאַמעש ליכטיקער אין די אויגן. און דאָ האָט ער זיך ערשט צערעדט מיטן גוואַר, דעם נאַטשאַלניק, און זיך צערעדט גאָר אף אַן אַנדער אויפן.

גלענאַרוואַן וואָלט זייער גערן אָפּגעווענדט דעם געשפּרעך אף דער טעמע, וואָס אים אינטערעסירט, אָבער — ווו? ווען?! דער אַלטער סאָלדאַט האָט אָנגע־הויבן דערציילן זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע, און ס'איז גאָרניט שיינעך גע־ווען עמעצער זאָל זיין בעקויעך אים אָפּצושטעלן אפן מיטן וועג. דערדאָזיקער מאַן האָט שוין לאַנג פאַרלאָזט פראַנקרייך, ער האָט זיך שוין אָפּגעוווינט פון דער אייגענער שפּראַך. אויב ער האָט נאָך געדענקט די ווערטער, האָט ער שוין אָבער ניט געוווּסט אַקוראַט, וויאַזוי מע בינדט זיי צונויף, און ער האָט גערעדט אַן ערעך אַזוי, ווי עס רעדט א נעגער פון א פראַנצויזישער קאָלאָ־ניע. וויפל דאָס האָט זיך געצויגן, פּרעגט שוין גאָרניט. אָבער די רייזנדער האָבן סאָך־קאָלסאָפ זיך דערוווּסט, אז דער עלצטער פון דער אומאָפּהענגיקייט־פעסטונג איז אַמאָל געווען א סערזשאַנט אין דער פראַנצויזישער ארמיי, דערנאָך האָט ער זיך געפונען אין דעם אָטריאַד, וואָס האָט באַגלייט פאַר־שאַפּן.

זינט דערדאָזיקער פּאָרט איז געגרינדעט געוואָרן, דאָס הייסט, פונעם 1828־טן יאָר אָן, האָט ער אים שוין ניט פאַרלאָזט. בא היינטיקן טאָג האָט אים די אַרגענטינער רעגירונג געמאַכט פאַרן קאָמענדאַנט פונעם דאָזיקן פּאָרט. אַליין איז ער, לויט דער אָפּשטאַמונג, א באַסק און רופן רופט מען אים מאַנועל איפּאַראַגער. אז דער סערזשאַנט מאַנועל האָט אָפּגעלעבט איין יאָר צייט אין אַרגענטינע, איז ער גלייך געוואָרן אַן אַרגענטינער אונטערטאַנער און אין אַנגעקומען אין דער היגער ארמיי אריין. דאָ האָט ער חאַסענע גע־האַט פאַר אַן אינדיאַנערן. איינגיכן האָט אים דאָס ווייב געשענקט א צווילינג, ביידע, פאַרשטייט זיך, יינגעלעך, וואָרום דעם סערזשאַנטס געערטע ווייב וואָלט זיך ניט דערלויבט אַזאַ מין לייכטזין, ווי האָבן א צווילינג מיידעלעך. מאַנועל האָט ניט אַנערקענט קיין שום אַנדער פּראָפעסיע אויסער דער מילי־טערישער, און ער האָט געהאָפט, אז מיטדערצייט וועט ער אונטערטראָגן דער אַרגענטינישער רעפּובליק א גאַנצן וואָוואַד אייגענע סאָלדאַטן.

— איר האָט דאָך שוין מיסטאַם געזען? — האָט ער א זאָג געטאָן מיט



— איך בין אויך א פראנצויז — האָט דער נאטשאלניק ווי בארימעריש א זאָג געטאָן און מיט
אלע קיכעס געגובענע טרייסלען פאגאנעלס הענט

שטאָלץ און אַ ווייז געטאָן אהינצו, וווּ די גרופּע קינדער האָבן געפּעכטע־וועט.— מע דאַרף קענען אַזעלכס! אויסגעצייכנטע סאָלדאַטן. כאָזע, כואַן, מיקעלע, פּעפּע. פּעפּע איז אַלט איינגאַנצן זיבן יאָר, אָבער ער קען שוין שיסן.

פּעפּע, אַז ער האָט דערהערט, ווי מע דערמאָנט אים, האָט ער גלייך געגעבן אַ קלאַפּ מיט די באָרוועסע פּיסלעך און האָט זייער קאָקעטיש אַ נעם געטאָן די ביקס און זיך אַוועקגעשטעלט אַף קאַראַול.

— דערדאָזיקער כעוורעמאַן וועט זייער הויך שטייגן — האָט דער נאַטשאַלניק צוגעגעבן,— מע וועט זיך גאָרנישט באַוויַיזן אומצוקוקן, ווי ער וועט ווערן אַ פּאָלקאָווניק און, ווער ווייסט,— עפּשער אַפילע אַ גענעראַל!

דידאָזיקע פּראָצעדור האָט דערוויַיל צוגענומען גאַנצע פופצן מינוט. דער אינדיִאַנער איז געשטאַנען אַ פאַרוווּנדערטער. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, וויִאַזוי איז אימשטאַנד איין גאָרגל אַרויסצולאָזן פון זיך אַזאַ מין יאַם ווערטער. קיינער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט דערוועגט איבערשלאָגן דעם נאַטשאַלניק אינמיטן די רייד, אָבער אַזויווי יעדער סערזשאַנט, מעג עס אַפילע זיין אַ פראַנצויזישער, מוז פריִער אָדער שפּעטער אַנטשוויגן ווערן, דערום איז עס צו גלויבן, אַז מאַנועל האָט אויך, סאַפּקאָלסאַפּ, אופגעהערט צו שיטן. אָבער סייווי, ביז עפּעס וואָס האָט ער נאָך באַוויזן צו פאַרשלעפּן די רייזנדער צו זיך אין שטוב אַריין און זיי פאָרשטעלן פאַר דער מאַדאַם איפּאַראַגער, וואָס האָט, אַגעוו, אַף איטלעכן געמאַכט זייער אַן אַנגענעמענעם איינדרוק.

ערשט נאָך דעם, ווי די געסט האָבן אויסגעפילט אַלע זיינע פאַרלאַנגען, האָט דער סערזשאַנט זיך גענומען דערוויסן, וואָס איז געווען די סיבע, וואָס זיי האָבן אים אָנגעטאָן דעם קאָוועד און געקומען אהער. מע האָט זיך געמוזט באַנוצן מיטן דאָזיקן מאָמענט און גלייך צוטרעטן צו די דערקלערונגען. און פּאַגאַנעל האָט אינדערגיך דערציילט דעם אַלטן וועגן דער רייזע איבער די פּאַמפּאַסן, און ער האָט פאַרענדיקט זיין געשיכטע מיט דער פראַגע, פאַרוואָס האָבן די אינדיִאַנער פאַרלאָזט דאָס לאַנד?

— נו, יאָ... ניטאָ קיינער...— האָט דער סערזשאַנט געענטפערט און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען.— קיינער ניטאָ... מיר זיצן אָן שום טווּנג... ניטאָ וואָס צו טאָן.

— יאָ, אָבער פאַרוואָס־זשע איז עס אַזוי?

— אַ מילכאָמע.

— אַ מילכאָמע?

— יאָ, אַ בירגער־קריג.

— אַ בירגער־קריג?..— האָט פּאַגאַנעל איבערגעכאַזערט.

— נו, יאָ, די פאַראַגוויַיער האַלטן מילכאָמע מיט בוענאָס־איַירעס.

— נו, איז וואָס?

— זייַנע אַלע אינדיִאַנער אַוועק אַף צאָפן, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל פלאָרעס.

— און די קאַציקן?

— די קאציקן אויך.
— גו, און ווו איז קאטריִעל?
— קאטריִעל איז ניטאָ.
— און קאלפוקורע?
— קאלפוקורע אויך ניטאָ.
— און יאנכעטרוץ?
— יאנכעטרוץ אויך.

דער געאָגראַפֿ האָט איבערגעזועצט דעמדאָזיקן ענטפֿער טאלקאוון, וואָס האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. טאלקאוו האָט, קענטיק, פֿארגעסן אָדער ער האָט ניט געוווּסט, אז דער בירגער־קריג, וואָס האָט שפּעטער צו ארויסגערופֿן בראזיליִעס אריַינמישונג, האָט צעטיילט די רעפּובליק אף צוויי לאגערן, און די אינדיִאנער האָבן בלויז געקענט געווינען פֿון דעדאָזיקער מאכלויקעס.

דער סערזשאַנט האָט גראדע גאנץ ריכטיק דערקלערט די סיבעס, איבער וועלכע די פּאמפּאסן זיַינען אויסגעליידיקט פֿון מענטשן. אלע אינדיִאנישע שוואָ־טן האָבן אזוי אָדער אנדערש אָנטיילגענומען אין דעם בירגער־קריג אף דער צאָפֿן־ארגענטינישער טעריטאָריע.

אָבער דעדאָזיקער אומשטאנד האָט איבערגעקערט גלענארוואנס אלע פּלענער און אויסרעכענונגען. אינדערעמעסן טאקע, אויב האַרי גראנט איז בא די קאציקן אין געפֿענקעניש, האָבן זיי דאָך אים געוויס געקערט אוועקשלעפּן מיט זיך צו די צאָפֿנדיקע גרענעצן פֿון די פּאמפּאסן. טאָ וויִאזוי־זשע זוכט מען אים שוין איצטער? צי איז דען קעדיַי פֿירצונעמען דידאָזיקע געפֿערלעכע רייַזע אין דעם צאָפֿנדיקן טייל פֿון די פּאמפּאסן מיט אזעלכע נישטיקע שאנסן אף א גינסטיקן אויסגאנג?

דעמדאָזיקן פֿאראנטוואָרטלעכן באשלוס האָט מען געדארפֿט זייער גוט באטראכטן.

דערוויַיל האָט נאָך דער סערזשאַנט געדארפֿט ענטפֿערן די רייַזנדער נאָך אף איינער זייער א וויכטיקער פֿראגע. בעשאס אלע זיַינען אנטשוויגן געוואָרן, באטריבט פֿון די נאָרוואָס אויסגעהערטע נייַעס, האָט דער מאיאָר א פֿרעג געטאָן, צי האָט דער סערזשאַנט עפּשער געהערט וועגן איינעקע אייראָפּייער, וואָס האָבן זיך אריַינגעפּאקט צו די קאציקן אין געפֿענקעניש?

מאנועל האט זיך פֿארטראכט. קענטיק, אז ער האָט זיך געגראָבן בא זיך אין זיקאָרן.

— נו, יאָ, — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופֿן.

— אָ, זעסטו שוין! — האָט גלענארוואן אויסגערופֿן און איז אביסל גע־קומען צו זיך.

פּאגאנעל, מאק־נאבס און ראָבערט האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום דעם סערזשאַנט.

— דערציילט, גיכער דערציילט! — האָבן זיי אלע אין איין קאָל אים גע־נומען בעטן.

— מיט עטלעכע יאָר צוריק,— האָט מאנועל געענטפערט.— נו, יאָ... איך דערמאָן זיך שוין טאקע... געפאנגענע אייראָפּייער... כ'האָב זיי, אגעוו, קיין איין מאָל ניט געזען...

— איר זאָגט מיט עטלעכע יאָר צוריק?— האָט אים גלענארוואן איבער־געשלאָגן.— איר האָט אוואדע א טאָעס! די קאטאסטראָפע מיט „בריטאניע" איז פאָרגעקומען אין 1862־טן יאָר, אין יוני כוידעש... אזוי, אז פון יענער צייט זיינען נאָך קיין פולע צוויי יאָר ניט דורכגעגאנגען.

— אָ, ניין, שוין אסאך מערער.

— אָבער סע קען דאָך ניט זיין!— האָט פאגאנעל אויסגערופן.

— ריכטיק, ריכטיק! אקוראט דעמלט, ווען פעפע איז געבוירן געוואָרן. צוויי מענטשן.

— ניין, דריי,— האָט זיך גלענארוואן אָנגערופן.

— צוויי,— האָט דער סערזשאנט, פעסט בא זיך, איבערגעכאזערט.

— צוויי?— האָט גלענארוואן פארוואונדערט איבערגעכאזערט.— צוויי ענג־לענדער?

— נו, וואָס עפעס ענגלענדער.— האָט דער סערזשאנט געענטפערט,— ווער האָט געזאָגט ענגלענדער, איך זאָג... איין פראנצויז, איין איטאליענער...

— איר רעדט עס וועגן דעם איטאליענער, וואָס די פּאָיוכן האָבן דער־מאָרדעט?— האָט פאגאנעל אויסגעשריגן.

— אָ, יאָ... דערנאָך האָב איך זיך דערוווסט... דער פראנצויז האָט זיך געראטעוועט...

— זיך געראטעוועט!— האָט ראָבערט אויסגעשריגן און האָט ניט אָפּגע־ריסן די אויגן פונעם סערזשאנט, פונקט ווי דאָס גאנצע לעבן זיינס איז אָפּגעהאנגען פון יענעמס ווערטער.

— יאָ, זיך געראטעוועט פון געפאנגענשאפט!— האָט מאנועל געענטפערט.

אלע האָבן גענומען אָנקוקן דעם געלערנטן, וואָס האָט מיט אן אויסזעען פון פולער פארצווייפלטקייט זיך גענומען האקן מיטן פויסט איבערן שטערן.

— אך, איך פארשטיי שוין! איצט איז שוין אלץ קלאָר! אלץ ווערט שוין איצט פארשטענדלעך!

— אָבער פאר מיר איז נאָך גאָרניט ניט קלאָר!— האָט זיך גלענארוואן אָנגערופן מיט פארדראָס.

— און פאר מיר אויך ניט,— האָט דער מאיאָר צוגעגעבן.

— מיינע פריינט,— האָט פאגאנעל געענטפערט און אָנגעכאפּט ראָבערטן פאר א האנט,— מיר מוזן שאַלעם מאכן מיט דער שווערער אנטוישונג... מיר זיינען געגאנגען אפּ א פאלשן וועג! דער געפאנגענער, וועלכן מיר האָבן זיך געקליבן ראטעווען, איז ניט געווען דער קאפּיטאן גראנט, נאָר איינער פון מיינע לאנדסלייט!.. דעם באגלייטער זיינעם, דעם איטאליענער מארקאָ וואזעלאָ, האָבן די פּאָיוכן דערמאָרדעט, און דעם לאנדסמאן מיינעם האָט אָפּגעגליקט זיך ארויסצורייסן פון געפענקעניש און זיך אומקערן בע־

שאָלעמ קײנ פראנקרײַכ. מיר האָבנ געמײנט, אז מיר גײענ לויט האַרי גראַנטס שפּורנ, אָבער צומ סאָפ זײַנענ מיר געגאַנגענ לויט די שפּורנ פונ הינאַרנ *.

א טיפ שטילשװײַגנ האָט באַגלײט דידאָזיקע װערטער. דער דורכגעמאַכטער טאָעס איז געװאָרנ פאַר איטלעכנ זײער קלאָר. דעם געפאַנגענעמס נאַציאָנאַליטעט, דער אומקומ פונ זײַנ כאַװער, דאָס אַרויסרײַסנ זיכ פונ געפענקעניש, — דידאָזיקע אַלע אײנצלהײַטנ, װאָס דער סערזשאַנט האָט דאָ דערצײלט, דאָס אַלצ האט דערװיזנ אָנ שומ סאָפעק, אז גלענאַרװאַנס אַטריאַד איז געגאַנגענ לויט א פאַלשנ שפּור.

גלענאַרװאַנ האָט מאָדנע אָפּהענטיק א קוק געטאָנ אױפ פאַגאַנעלנ.

פאַגאַנעל האָט זיכ װידער אָנגערופנ צומ סערזשאַנט:

— עפּשער האָט איר עפּעס װאָס געהערט װעגנ די דרײַ געפאַנגענע ענגלענדער?

— קײנמאָל, — האָט מאַנועל געענטפערט. — אינ טאַנדיל װאָלט מענ געװוּסט... איכ װאָלט געװוּסט... נײנ, אַזעלכס ניט געװענ.

נאָכ דעמדאָזיקנ קאַטעגאָרישנ ענטפער האָבנ סײַ גלענאַרװאַנ, סײַ די מיטרײַזנדער זײַנענ שוינ מער ניט געהאַט װאָס צו טאָנ דאָ אינ פאָרט. זײ האָבנ באַדאַנקט דעמ סערזשאַנט פאַר די ידיעות, װאָס זײ האָבנ בײַ אימ געקריגנ, זײ האָבנ אימ געדריקט די האַנט אונ זײ זײַנענ אַװעק פונדאַנענ.

דער אָװנט־ברויט איז דורכגעגאַנגענ זײער אומעטיק, קײנ אײנער פונ דידאָזיקע מוטיקע לײַט האָט זיכ, פאַרשטײט זיכ, ניט געקלאָגט אפ דער מידקײַט, אפ די איבערגעלעבטע געפאַרנ אָדער אפ דער מי, װאָס איז פאַרשװוּנדנ געװאָרנ אומזיסט. נײנ. אָבער יעדערער פונ זײ האָט זײער װײטיק איבערגעלעבט דעמ פאַל, װאָס אַלע האָפענונגענ זײַנענ אַזױ פּלוצימ פאַרלוירנ געגאַנגענ, װיאַזױ האָט מענ שוינ איצט געקענט האָפנ, אויפצוזוכנ דעמ קאַפּיטאַנ גראַנט אפנ שמאָלנ פּאַסיקל ערד צװישנ טאַנדיל מיטנ אָקעאַנ? קלאָר, אז דאָרט האָט ער שוינ ניט געקענט זײַנ! דער סערזשאַנט מאַנועל װאָלט זיכער געװוּסט, װענ אַנ אײראָפּײער זאָל זיכ װירקלעכ געפינענ אינ געפענקעניש בײַ די װאַנדערנדיקע שװאָטימ, װאָס געפינענ זיכ אינ דערדאָזיקער געגנט. אזא מינ געשעעניש װאָלט זיכ װײַט געהערט צװישנ די הי־געבירטיקע, װאָס האַנדלענ מיט טאַנדיל אונ מיט קאַרמענ, בײַ דער לעפצונג פונ ריאָ־נעגראָ, אונ װענ אַזױנס זאָל זיכ טרעפנ, װאָלט דער סערזשאַנט זיכער װעגנ דעמ געװוּסט. איצט איז געבליבנ אײנ אַרױסװעג, — אָנ איבעריקער פאַר־

* א. הינאַר איז װירקלעכ אינ משכ פונ דרײַ יאָר צײַט (1853—1856) געװענ געפאַנגענע בײַ די אינדיאַנער די פּאָיוטנ. ער האָט זײער העלדיש איבערגעטראָגנ אַלע לײדנ פונעמ געפענקעניש, ביז ס'האָט זיכ אימ ענדלעכ אײַנגעגעבנ זיכ אַרויסצודרײַענ אונ אַנטלויפנ. אינ 1861טנ יאָר האָט ער זיכ אומגעקערט קײנ פראַנקרײַכ. איצט איז ער א מיטגליד פונ דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט אונ איז פאַגאַנעלס א קאָליעגע. (דעמ אויטאָרס באַמערקונג).

זאמונג זיך אוועקלאָזן צו דער יאַכט־שיף „דונקאַן‟, וואָס קער װוינ אַפֿ זיי לאַנג וואַרטן באַם קאַפּ מעדראַנאַ.

פּאַגאַנעל האָט ווידעראַמאָל געבעטן, גלענאַרוואַן זאָל אים ווײַזן דעם דאָקומענט. ער האָט אים פֿונסנײַ געגומען לייענען און איבערלייענען. ער איז געווען זייער שטאַרק אופגעבראַכט און ס'האָט זיך אים געוואָלט אומבאַדינגט אַרויסרײַסן פֿון דידאָזיקע פּאַפּירלעך דאָס געהיימניס, וואָס איז דאָרטן טיף אײַנגעשלאָסן.

— וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו ריידן, דעדדאָזיקער דאָקומענט איז דאָך קלאָרער פֿון קלאָר! — האָט גלענאַרוואַן איבערגעכאַזערט. — דאָרטן איז שוואַרץ אַפֿ ווײַס געזאָגט געוואָרן וועגן „בריטאַניעס‟ קאַטאַסטראָפֿע און וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנטס געפֿאַנגענשאַפֿט...

— צו אַלדע טויזנט שוואַרץ־געהאַרגעטע יאָר! — האָט דער געאָגראַף אויסגערופֿן און געטראַסקעט מיטן פֿויסט איבערן טיש. — אויב האַרי גראַנט איז ניט געווען אַפֿ די פּאַמפּאַסן, הייסט דאָך עס, אַז ער איז אין אַמעריקע אויך ניט געווען. טאָ וווּ־זשע איז ער פֿאַרט? דערופֿ מוז דאָך דער דאָקומענט ענטפֿערן. און ער וועט ענטפֿערן. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז ער וועט מוזן ענטפֿערן. אויב ניט, וועט מײַן נאָמען ניט זײַן זשאַק פּאַגאַנעל!

## צוויינצוואַנציקסטע קאַפּיטל

# דאָס געוויסער

די אומאָפּהענגיקײַט־פֿעסטונג געפֿינט זיך וואָסערע הונדערט פֿופֿציק מײַל ווײַט פֿונעם ברעג פֿון אַטלאַנטישן אָקעאַן. אויב ס'וועלן אַפֿן וועג זיך ניט באַגעגענען קיין אומפֿאָרויסגעזעענע שטערונגען, וועלן גלענאַרוואַן מיט זײַנע רײַזנדער קענען אָנקומען אין משך פֿון קאַרגע פֿיר טעג צײַט צום אָרט, ווו זיי האָבן אָפּגערעדט זיך צוטרעפֿן מיט דער יאַכט־שיף „דונקאַן‟. אָבער גלענאַרוואַן האָט זיך בעשומויפֿן ניט געקענט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז ער וועט זיך אומקערן צו דער שיף אָן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. דערום האָט ער נאָך אַלץ זיך אָפּגעהאַלטן. און ניט אָפּגעגעבן קיין באַפֿעל זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. דאַן האָט דער מאַיאָר געגומען די איניציאַטיוו אַפֿ זיך. ער האָט פֿאַראָרדנט, מע זאָל אָנזאָטלען די פֿערד, מע זאָל דערגאַנצן די שפּײַז־רעזערוון, ער האָט אויך צונויפֿגעקליבן ידיעות וועגן צושטאַנד פֿונעם וועג. אַדאַנק זײַנע באַמיִונגען, איז דער קליינינקער אָטריאַד שוין אַפֿ מאָרגן אַכט אַזייגער אינדערפֿרי אַרויסגעפֿאָרן צו מיזרעח־צו איבערן אַראָפּ־באַרג פֿונעם סיער־טאַנדיל.

אַרום האַלבן טאָג האָבן די רײַזנדער אַראָפּגענידערט פֿון באַרג און זיך שוין געפֿונען אַפֿ אַ געבערגלטן פּליין, וואָס ציט זיך ביזן סאַמע יאַם. אַפֿ יעדן טראָט האָבן זיי באַגעגנט טײַכן און טײַכלעך, וואָס באַוואַסערן די־

דאָזיקע אויסשליסלעך־פרוכטבאַרע געגנט. דער ערד־איבערפלאַך איז, וואָס ווײַ־
טער, געוואָרן אַלץ גלאַטער, ווי דער אָקעאַן, וואָס האָט זיך אײַנגעשטילט
נאָך א שטורעם. אָט האָבן זיך נאָך די לעצטע בערגלעך אָפּגעשטעלט פונ־
הינטן, און די אײַנטאָניקע מיט פעט גראָז באַדעקטע פּרייריע האָט זיך אויס־
געשפּרייט אין אַלע זײַטן.

די לעצטע צײַט איז קעסיידער געשטאַנען א גוטער וועטער, אָבער אין
דעמדאָזיקן טאָג איז דער הימל געוואָרן טריב. די מאַסן־אויסדאַמפונגען,
וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פאַר די לעצטע הייסע טעג, האָבן זיך געהויבן
צום הימל אין געדיכטע וואָלקנס, וואָס אָט־אָט וועלן זיי, ידוכט זיך, אויס־
פלאַצן מיט א גאָס־רעגן. די שכײַנעשאַפט פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און
די מײַרעוודיקע ווינטן, וואָס גייען פונדאָרטן, האָבן געבראַכט נאָך מער
פײַכטקײַט אין דער אַטמאָספער. דאָס איז געווען צו דערקענען לויט דעם
שטאַרק אויסגעוואָקסענעם גראָז און לויט דער טיפער גרינקײַט פון די פּי־
טער־פליצער, וואָס איז אפילו דאָ, אינעם היגן פרוכטבאַרן קאַנט, א
זעלטנהײַט.

דאָך האָבן דעמדאָזיקן טאָג די וואָלקנס זיך ניט אויסגעגאָסן אין קיין
רעגן. צו אָוונט־צו האָבן די פערד, נאָך גרינגע פערציק מײַל גאַנג, זיך אָפּ־
געשטעלט באַם עק פון א טיפן קאַנאַל — א גרויסע נאַטירלעכע סאַזשעלקע,
וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט וואַסער. אַרום איז ניט געווען קיין סימען
פון קיין בוים. די פּאַנטשעס האָבן געדינט די רײַזנדער סײַ פאַר בעטלעך,
סײַ פאַר קאָלדרעס, און אַלע זײַנען אײַנגעשלאָפן געוואָרן אונטערן נידעריקן
הימל, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט שוואַרצע דראָענדיקע וואָלקנס.

אין מאָרגן, וואָס מער דאָס פלאַכלאַנד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, אַלץ מער
איז צו באַמערקן געוואָרן דער צוקום פון דעם אונטערבאָדנדיקן וואַסער.
דאָס וואַסער איז געקראָכן דורך אַלע שפּאַרעס פון דער ערד. אינגיכן האָט
מען אָפּן וועג אָנגעהויבן באַגעגענען ברייטע נאַטירלעכע סאַזשעלקעס. איי־
ניקע שוין גאַנץ טיפע, און אייניקע אָזערלעך, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס אָנגע־
הויבן אויסצובילדן.

די ערשטע צײַט איז עס נאָך אַלץ געווען צו דערלײַדן, אָבער ווײַטער־צו
האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגענען די „פּענטאַנאָס"‚ — אָזערלעך וואַסער־גריבער,
וואָס זײַנען פאַרוואָקסן מיט שלייַם און מיט גראָז. אָט די דאָזיקע ערטער איז
זייער שווער געווען צו באַמערקן אפילו פונדערנאָענט, דערפאַר, וואָס
זיי האָבן זיך קוים מיט גאָרניט ניט אונטערשיידט פון דער גאַנצער
אַרומיקײַט.

ראָבערט, וואָס האָט געהאַט איבערגעיאָגט דעם אָטריאַד אויף א האַלבן
מײַל, האָט זיך פּלוצעם פאַרקערעוועט אויף צוריק און מיט גרויס איבערגע־
נומענער שרײַען:

— הער פּאַגאַנעל! הער פּאַגאַנעל! פּאָרט גיכער, וועט איר דאָרטן זען
א גאַנצן וואַלד הערנער.

— וואָס אזוינס? — האָט דער געלערנטער איבערגעפרעגט. — דו האָסט דאָרטנ געזענ א וואלד הערנער?

— יאָ, יאָ! נו, אויב ניט קיינ וואלד, איז כאָטש א וועלדל.

— א וועלדל? דו ביסט כאָטש, מיינ פריינטעלע, באמ זינענ? — האט פאגאנעל איבערגעפרעגט אונ נאָר געקנייטשט מיט די פלייצעס.

— ניינ, ניינ, איכ זאָג עס גאנצ ערנסט! ס'איז טאקע אפ דער עמעס. איר וועט שוינ באלד אלייב זענ! אָט דאָס איז א לאנד! אפ יעדער טראָט א נייער וואונדער! אז מע זאָל גאָר פארזייענ הערנער אונ זיי זאָלנ אופגייענ, ווי ווייצ אונ ווי קאָרנ! איכ וואָלט אויכ וועלנ קריגנ אזעלכע זוימענ!

— מיר שיינט, אז דאָס יאָטל רעדט נישט צו דער זאכ, — האָט דער מאיאָר זיכ אָנגערופנ.

— יאָ, יאָ, הער מאק־נאבס, אז איכ זאָג אייכ — ס'איז עמעס! אָט וועט איר שוינ באלד אליינ זענ!

ראָבערט האָט ווירקלעכ ניט געשפאסט. אינגיכנ האָבנ די רייזנדער דערזענ פאר זיכ א גרויס ראכוועסדיק פעלד, וואָס איז אינגאנצנ באזייט מיט הערנער, צעשטעלטע אינ ריכטיקע רייענ.

— זעט איר! — האָט ראָבערט פייערלעכ אויסגערופנ.

— יאָ, מיר זעענ, מיר זעענ... — האָט פאגאנעל דערשטוינט א זאָג געטאָנ אונ זיכ אויסגעקערעוועט צומ אינדיאנער נאָכ א דערקלערונג.

— די הערנער קריכנ ארויס אפ דעמ אויבערפלאכ, אָבער די אָקסנ אליינ פארבלייבנ אינ דער ערד, — האָט טאלקאוו געענטפערט.

— ווי? א גאנצע טשערעדע איז פארזונקענ אינ דעמדאָזיקנ זומפ! — האָט פאגאנעל אויסגעשריגנ.

דער פאטאגאָנער האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ אפ יאָ.

אונ ווירקלעכ, טויזנטער אָקסנ, וואָס האָבנ זיכ צונויפגעשלאָגנ אינ איינ ענגער טשערעדע, האָבנ געפונענ דעמ טויט אינ דערדאָזיקער ברייטער פאסטקע. אזעלכע געשעענישנ פאסירנ טאקע אמאָל אפ די ארגענטינישע פליינענ, אונ פארנ פאטאגאָנער איז עס גאָר קיינ איבעריקע נייס ניט געווענ. דערדאָזיקער אָקסנ־צווינטער איז פאר טאלקאוונ בלויז געווענ א וואָרענונג, אז מע דארפ זיכ רוקנ פאָרויס מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט.

טאלקאוו האָט מיט גרויס אומרו די גאנצע צייט ארומגעקוקט דעמ באָדנ. ער האָט אלע מאָל אָפגעשטעלט טאוקעכ אונ זיכ אופגעהויבנ אפ די קנאפל־אייזגס. הויכ איז ער דאָכ געווענ, איז אימ גרינג געווענ צו ארומקוקנ דעמ גאנצנ ברייטנ האָריזאָנט, אָבער אזוי ווי זיינ בליק האָט זיכ ניט אָנגעשטויסנ אינ קיינ איבעריק־פארדעכטיקע ערטער, האָט ער זיכ צוריק אראָפגעזעצט אפנ זאָטל אונ ווידער פאָרגעזעצט דעמ איבערגעריסענעמ וועג. אָבער אָפ־געפאָרנ נאָכ עטלעכע מעטער, האָט ער זיכ פונסניי אָפגעשטעלט אָדער ער האָט פלוצימ אָפגעקערעוועט אינ א זייט, איז דורכגעלאָפנ א פאָר מייל אָדער צו דאָרעמ, אָדער צו צאָפנ, אונ דערנאָכ זיכ אומגעקערט צוריק אפ זיינ

אָרט, זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פונעם אָטריאַד און ניט געמאַכט קיין איבעריקע רייד וועגן דעם, וואָס סע באַאומרויִקט אים. אַזוי האָט זיך עס איבער־געכאַזערט פיל מאָל. טאַלקאַווס מאָדנע אויפירונג האָט אַרויסגערופן באַ פאַ־גאַנעלן נײַגעריקײַט און באַאומרויִקט גלענאַרוואַנען. דערום האָט מיסטער גלע־נאַרוואַן אַ בעט געגעבן דעם געלערנטן, ער זאָל גלײַך אַ פרעג טאָן באַם פּאַטאַגאָנער, וואָס טוט זיך עס דאָ.

פּאַגאַנעל האָט גערן אויסגעפילט דידאָזיקע פאַראָרדענונג.

איבטיקס מאָל האָט טאַלקאַוו געענטפערט דעם געאָגראַף, אַז אים ווונ־דערט זייער, וואָס דער באָדן איז אַזוי שטאַרק אָנגעזאַפּט מיט וואַסער. קיינ־מאָל איז נאָך אים, פאַר דער גאַנצער צײַט פון זײַן אַרבעט אַלס וועגווײַזער, ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען דאָ אַזאַ מין באַפײַכטע אין אָנגעגעצטע ערד. אַפילע אין דעם רעגן־סעזאָן איז דאָ נישט צו באַמערקן אַזאַ מין קוואַטש.

— וואָס־זשע, קלערט איר, איז עס?

— איך ווייס ניט, — האָט דער אינדיאַנער געענטפערט. — ווען איך וואָלט נאָר געוווּסט...

— צי טרעפט זיך דאָ, אַז די באַרג־טײַכלעך גייען אַרויס פון די ברעגן?

— יאָ.

— האָט עפּשער זיך איצט אויך געטראָפן אַזעלכס?

— מעגלעך, — האָט טאַלקאַוו געענטפערט.

פּאַגאַנעל האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט דעמדאָזיקן צוריק־געהאַלטע־נעם ענטפער, און ער האָט גלײַך איבערגעגעבן גלענאַרוואַנען דעם אינהאַלט פונעם נאָרוואָס געפירטן שמועס.

— וואָס־זשע אייצעט ער אונדז, טאַלקאַוו? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געפרעגט.

פּאַגאַנעל האָט איבערגעזעצט פאַרן פּאַטאַגאָנער דידאָזיקע פראַגע.

— שנעל פאָרן פאָרויס! — האָט טאַלקאַוו געענטפערט.

אַזעלכס איז געווען גרינגער צו אייצעגען, ווי צו פאַרווירקלעכן. אָבער ס'איז דען עפּעס אַ טערעצ! מע האָט געטריבן די פערד, ווי מ'האָט נאָר געקענט. אַגעוו, האָבן זיי זיך נאָך איצטער געפונען אין אַ טאָל־פאַרטיפונג, וואָס איבער סע פאַלט אַראָפּ אַ גאָס־רעגן, קען זיך דאָ אויסבילדן, באַ דער געגעבענער לאַגע, אַזאַ מין טיפע אָזערע, אַז זיי זאָלן קיינער ניט אַרויסגייין פונדאַנען קיין לעבעדיקער.

און ווירקלעך טאַקע, דער נאַטור זײַנען נאָך געווען קאַרג די וואַסער־דיקע קאַליוזשעס, אין וועלכע די פערד האָבן געוואַדושעט, האָבן זיך נאָך אַרום צוויי אַזייגער באַטאָג צעעפנט די הימלשע קוואַלן און ס'האָט אַ ליאַפּע געטאָן אַ טראָפּישער גאָס־רעגן, — טאַקע אַן עמעסער מאַבל, און האָט גענר־מען פלייצן איבערן פליינ. די רײַזנדער האָבן געהאַט נאָר איין ברירע — זיך צו באַוואָפענען מיט פילאָזאָפישער רויִקײַט, ווײַל ס'איז אינערגעץ ניט

געווען קיין סימען פון קיין מעגלעכקייט, ווו מע זאָל זיך קענען פאַרשטעלן אָדער זיך באַשיצן פונעם מאַבל. איבער די פּאַנטשעס זײַנען געלאָפן גאַנצע שטראָמען וואַסער, דאָס וואַסער איז אַראָפּגערונען פון די קאַפּעליושן אַראָפּ, ווי פון די דעכער־רינוועס. די באַרווע פון די פּאַנטשעס — די „רעקאַדאָ" — האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט באַשטאַנען פון דורכויסיקע דינינקע וואַסער־שטראָמען. די רײַזנדער ־ זײַנען שוין געווען באַליאַפּעט מיט בלאָטע פון קאָפּ ביז די פיס, ווײַל די פערד האָבן בײַ יעדן טראָט געכליופּעט אין דער נעץ און זיך געשפּריצט. איצט איז מען געפאָרן טראָט בײַ טראָט, שוין אונ־טער אַ צווייענדיקן מאַבל, — איינער איז געפאַלן פון הימל, און דער צווייטער איז אונטערגעפלויגן פון אונטער די פערדישע טלאָען פון דער ערד.

צו פאַרנאַכט־צו האָבן זיי זיך קוים לעבעדיקע דערשלעפּט צו אַ פאַרלאָז־טער ראַנטשאָ. אַפּ דעמדאָזיקן ראַנטשאָ האָט שוין דער אוילעם געקוקט, ווי אַפּ אַ פּאַלאַץ, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָרט איז געווען ביטער און פינ־צטער, קאַלט און פאַסקודנע. דער מאַבל האָט פון אויסנווייניק געריי... ...עלטנ און האָט אויך אַהער אַרײַנדערלאַנגט דורך דער פּו...ער צעלעכערט... ...יי פונעם דאַך. דאָס פײַער, וואָס מע האָט צעלייגט ד... אינעווייניק, האָט זיך צוואַנציק מאָל אויסגעלאָשן, און ווילסאָן מיט מיולדעדינ האָבן עס צוואַנציק מאָל צוריק אופגעבלאָזן. דער קנאַפּער אָוונט־ברויט איז דורכגעגאַנגען בײַ אַן אומעטיקן שטילשווײַגן. די רײַזנדער האָבן אים, אַגעוו, געגעסן אָן אַ מינדסטן כיישעק. דער איינציקער, וואָס האָט ניט געקוקט אַפּ באַרניט און אופגעגעסן אַלץ ביז אַ ברעקל, איז געווען דער מאַיאָר מאַק־נאַבס. דערדאָזי־קער פאַרשוינ, וואָס ווערט פון קיינס אין דער וועלט נישט ניספּאָעל, האָט זיך אויך איצט ניט גענומען צום האַרצן פון אַזאַ מין קלייניקייט, ווי דאָרטן אַ גאָס־רעגן, וואָס שלאָגט זיך דורך דורכן דאַך און קאַפּעט גלײַך אין קאָל־נער אַרײַן.

פּאַגאַנעל האָט, ווי אַן עכטער פראַנצויז, געוואָלט נאָך אַ שפּאַס טאָן בעייסמײַסע, אָבער קיינער האָט זיך פון זײַן כאָכמע ניט צעלאַכט.

— קענטיק, — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן, — אַז מײַן כאָכמע איז אויך פאַרנעצט געוואָרן אינעם רעגן, וואָרום איך זע, אַז זי ווירקט נישט.

דאָס איינציקע, וואָס איז אויסגעקומען צו טאָן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען, איז — פּרווון אַנשלאָפן ווערן. אַלע האָבן געזוכט אינעם שלאָף פאַרגעסונג פון דער מידקייט און צעבראָכנקייט. די נאַכט איז געווען זייער אַ צאָרע־דיקע, די ווענט פון דער ראַנטשאָ האָבן געסקריפּעט אַזוי, פּונקט ווי אָט־אָט פאַלן זיי אום, און זיי זײַנען ווירקלעך אומגעפאָרן בײַ יעדער שטויס פונעם ווינט. די אומגליקלעכע פערד, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דרויסן צוגעבונ־דענע, האָבן זייער נעבעכדיק געהירזשעט אונטער די שטראָמען פונעם גאָס־רעגן. נו, און די באַלעבאַטים זייערע האָבן זיך אויך געפילט ניט קיין סאַך בעסער דאָ אונטער דעם לעכערדיקן דאַך פון דער הײַזקע, אָבער סאָפּקאָל־סאָפּ האָט דער שלאָף פונדעסטוועגן גענומען זײַנס. דער ערשטער איז אַנ־

שלאָפן געוואָרן ראָבערט, צוטוליענדיק דעם קאָפּ צו גלענצנדיקן אקסל, און נאָך אים זײַנען אײַנגעשלאָפן געוואָרן אויך אַלע איבעריקע.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען אָן װײַטערדיקע פּאַסירונגען. אויפגעכאַפּט האָבן זיך אַלע פון טאוקעס הירזשערײַ. טאוקא האָט געהירזשעט און געקלאַפּט מיטן טלאָ אין די ברעטערדיקע װענט פון דער הײַזקע. סע האָט אויסגעזען, װי דאָס קלוגע פערד װאָלט געגעבן א סיגנאַל צום אָפּפאָרן. די רײַזנדער האָבן געהאַט צופיל צו פאַרדאַנקען דערדאָזיקער קלוגער כײַע, אזוי, אז פאַר דערקלערעץ צו איר זײַנען זײ גלײַך אָן איבעריקער פאַרזאַמונג אַרויסגעגאַנגען אף איר רוף.

זײ האָבן זיך גלײַך געלאָזט אין װעג אַרײַן. דער רעגן איז געװאָרן שטילער אביסל, אָבער דער נאַסער באָדן איז ניט געװען אימשטאַנד אײַנצוזאַפּן אין זיך דאָס װאַסער, װאָס האָט אָנגעגאָסן פאַר דער נאַכט, אזוי, אז דער אויבערפלאַך פון דער ערד איז געװען באַדעקט מיט קאַליוזשעס, מיט זומפּן, מיט סאַזשעלקעס און מיט גאַנצע אָזערעס, װאָ האָבן זיך אויסגעביל־דעט אין פאַרעטעריש־טיפע „באַנאַדעס“.

פּאַגאַנעל האָט א קוק געטאָן אף דער מאַפּע און געלאָזט װיסן דעם אור־לעם, אז װי אים שײַנט, זײַנען די טײַכן ריאָ־גראַנדע און ריאָ־װיװאָראָטע, װאָס זאַפּן אין זיך געװײנלעך אײַן אַלע װאַסערן פון דעם היגן פּליין, איצט אַרויס פון די ברעגן און האָבן אויסגעבילדעט אײן גרויס בעט, װאָס צע־גײט זיך אף אַסאַך מײַל אינדערברייט.

אפן געװיסער האָט מען זיך איצט געקענט ריכטן יעדע רעגע און ס'איז גאָרניט געװען, װוּ צו זוכן קײן אַנטרינונג. די גאַנצע האָפענונג אף געראַ־טעװעט צו װערן איז איצט באַשטאַנען אינעם שנעלן געלאָף פון די פערד, אף דער גאַנצער שטרעקע פון דעם קאָלאָסאַלן קרײַז, װאָס איז געװען באַ־צײכנט דורכן האָריזאָנט, איז ניט געװען צו באַמערקן קײן אײן בערגעלע, און אויב דער געװיסער װעט זיך װירקלעך אָנהייבן, װעט ער זיך צעשפּרייטן אָן שום שטערונג איבערן גאַנצן פּליין.

די רײַזנדער האָבן גענומען טרײַבן די פערד, ניט געקוקט אף זײער מידקײַט. טאוקא האָט, װי פריִער, זיך געהאַלטן אין דער שפּיץ פונעם אָט־ריאַד און די באַגעגנטע שטראָמען װאַסער איז ער איבערגעשװוּמען מיט אַזא מין לײַכטקײַט, פּונקט װי דאָס װאַסער װאָלט געװען זײַן לײַבלעכע סטיכיע.

אַרום צען אַזײגער אינדערפרי האָט טאוקא אָנגעהויבן אַרויסװײַזן אײניקע סימאָנים פון אומרויִקײַט. ער האָט אַלע מאָל געדרייט דעם קאָפּ צו דאָרעם־צו, צו דעם ענדלאָזן גלאַטן פּליין, און האָט פאַרהילכט די לופט מיט א לאַנג־אויסגעצויגענעם הירזשערײַ. ער האָט זיך אַלעמאָל א שטעל געטאָן אף די דיבעס מיט צעבלאָזענע נאָזלעכער און האָט מיט גרויס קראַפט אַרײַנגע־עטעמט אין זיך דעם װינט פון דער דאָרעמדיקער זײַט. טאַלקאַװ, דעם גלענצנדן רײַטער, איז אָנגעקומען מיט גרויס שװעריקײַט אײַנצוהאַלטן דאָס

פערד; דער שוים, וואָס האָט געשלאָגן באַם פערד פון מויל, איז באַפאַרבט געוואָרן מיט בלוט לעם די צוים־אײַזנס. אָבער דאָס גוטע פערד האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. טאַלקאָוו האָט געפילט, אַז ווען ער לאָזט אים אָפּ די צוים, וואָלט טאַוקאַ זיך איצט אוועקגעטראָגן צו צאַפּן־צו מיט דער גאַנ־צער שנעלקייט, אַף וועלכער ער איז נאָר פײַיִק.

— וואָס קומט דאָ אַזעלכס פאַר מיט טאַוקאַן? — האָט פּאַגאַנעל אַ פרעג געטאָן. — עפּשער זײַנען אים ערגעץ באַפאַלן פּיאַווקעס און זויגן אים דאָס בלוט.

— ניין, — האָט טאַלקאָוו געענטפערט.

— איז אויב אַזוי, פילט ער עפּשער עפּעס אַ געוויסע געפאַר?

— יאָ, ער האָט דערפילט אַ געפאַר.

— אַ וועלכע?

— איך ווייס ניט.

אויב דאָס אויג האָט נאָך ניט דערזען די געפאַר, וועלכע טאַוקאַ האָט דערפילט, האָט שוין אָבער דער אויער גוט געקענט דערהערן די דערנענע־טערונג אירע. אַ טויבער גערויש, וואָס איז ענלעך אַפן גערויש פונעם יאַמ־צופלוס, האָט זיך דערטראָגן ערגעץ פונדערווײַטנס פון דאָרעם־זײַט. דער אָנגעלאָפן פונעם נאַסן דאָרעמדיקן ווינט האָט געטראָגן מיט זיך אַסאַך וואַסער־שטויב. די פייגל אינדערלופטן, ווי זיי זאָלן שטרעבן זיך צו ראַ־טעווען פון עפּעס אַן אומבאַוווּסטער געפאַר, זײַנען געפלויגן אַלע, פּײַל־אויסן־בויגן בלויז אין איין ריכטונג. די פערד, וואָס זײַנען געקראָכן ביז די קני אין וואַסער, האָבן דערפילט, אַז דאָס וואַסער בילדעט זיך שוין אויס אין אַ שטראָם. אינגיכן האָט זיך אין אַ האַלבן מײַל אַרום צו דאָרעם־צו דער־הערט אַ מהומקרײַ, אַ רעוועריי מיט אַ הירזשערײַ. ס'האָט זיך באַוויזן אַן אומגעהויער גרויסע טשערעדע מיט ווילד־געוואָרענע באַלעכאַים, וואָס האָבן זיך געלאָזט לויפן מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט. אין מיטן געלאָף וואַלגערן זיי אום איינס דאָס צווייטע און טרעטן אַריבער איבער די אומגעפאַלענע. איבער די זײַלן מיט וואַסער־שפּריצן, וואָס דידאַזיקע טשערעדע האָט אויפ־געהויבן, האָט מען ניט געקענט זען און אונטערשיידן די איבעריקע באַלע־כאַים. הונדערטער וואַלפיש וואָלטן ניט געווען אימשטאַנד אַזוי אויפצובויטען דעם אָקעאַן, ווי דידאָזיקע טשערעדע האָט אויפגעבויטעט דאָס וואַסער.

— אַנדאַ! אַנדאַ! * — האָט טאַלקאָוו אַ דונער געטאָן מיט זײַן מעכטי־קער שטים.

— וואָס טוט זיך עס דאָ? — האָט פּאַגאַנעל אַ פרעג געטאָן.

— אַ געוויסער, אַ געוויסער! — האָט דער פּאַטאַגאָנער געענטפערט און האָט אַ לאָז געטאָן דאָס פערד זײַנס צו צאַפּן־צו.

— אַ געוויסער! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן צו זײַנע כאַווײרים.

---

* גיכער! גיכער!

און אַלע האָבן אויסגעקערעוועט די פערד זייערע און זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַוועקגעלאָזט גלײַך נאָך טאָוקען נאָך.
און זייער גוט האָבן זיי געטאָן, וואָרום וואָסערע פינף מײַל צו דאָרעמ־צו איז אַ שרעקלעך־גרויסע כוואַליע באַפאַלן דעם פּליין און אים פאַר־וואַנדלט אין אַ צעבושעוועטן יאַם. דאָס גראָז איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, פּונקט ווי מע וואָלט עס אָפּגעגאָלט מיט אַ מעסער; קוסטן־ביימער, אַרויסגעריסענע מיט די וואָרצלען אינאיינעם, האָבן זיך געדרייט צווישן די וואַסער־פלאַנצן. אַ פּליסיקע לאַווע האָט זיך געטראָגן פאָרויס מיט אַ שרעקלעכער קראַפט אַלץ אומצוברענגען. קענטיק, אַז די פאַרפלייצונג האָט דורכגעריסן די פאַרהאַלט־צוימען, וואָס צווישן די הויפּט־אַרטעריעס פון די פּאַמפּאַסן, און די וואַסערן פון ריאָ־קאָלאָראַדאָ און ריאָ־נעגראָ האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין גאָס.
די אָפּ טויט־איבערגעשראָקענע פערד האָבן זיך געיאָגט, ווי די רוכעס וואָלטן זיי געטריבן. זיי האָבן זיך אַזוי געיאָגט, אַז די רײַזנדער האָבן זיך קוים געהאַלטן אָפּ די זאָטלען. גלענאַרוואַן האָט זיך אַלע מאָל אומגעקוקט אָפּ צוריק.
„דאָס וואַסער יאָגט זיך נאָך אונדז“,— האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן.
— אַנדאַ! אַנדאַ! — האָט טאַלקאַוו אונטערגעיאָגט דעם אוילעם.
די שרעקלעכסטע פון די סטיכיעס האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך די מענטשן און נאָך די כײַעס. דאָסדאָזיקע אימפּעטדיקע אַנטלויפן, וואָס האָט געדויערט וואָסערע פופצן מינוט אַן ערעך, האָט זיך אויסגעצויגן זייער לאַנג; דאָס וואַ־סער ווערט אַלע מאָל וואָס טיפער. גלענאַרוואַן, אַאוסטין און פּאַגאַנעל זײַנען שוין געוועזן זיכער, אַז זיי קומען אום מיט דעם שרעקלעכסטן טויט, וואָרום די פערד האָבן שוין קוים דערלאַנגט מיט די פיס דעם דנאָ, און ס'איז געווען, אַז דאָס וואַסער זאָל זיך אופהייבן זעקס פוס איבערן פּליין, און דער לענגסטער מענטש זאָל דאָ מוזן דערטרינקען ווערן.
שפּעטער מיט פינף מינוט האָבן שוין די פערד גענומען שווימען. דער אומגעהויער שטאַרקער שטראָם האָט זיי אַוועקגעשלעפּט אָפּ פאָרויס מיט אַ שנעלקײַט פון צוואַנציק מײַל אַ שאָ. די מינדסטע האָפענונג אָפּ געראַטעוועט צו ווערן איז שוין, דוכט זיך, פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי ס'האָט זיך פּלוצים דערהערט דעם מאַיאָרס רויִקע שטים:
— אַ בוים!
— אַ בוים? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.
— דאָרטן, דאָרטן! — האָט טאַלקאַוו אונטערגעכאַפּט און באַוויזן מיטן פינגער.
דאָ האָבן אַלע דערזען, ווי אין וואָסערע אַכט הונדערט קלאַפטער ווײַט צו צאָפן־צו סטאַרטשעט איינזאַם אַרויס פונעם וואַסער אַ ריזיקער בוים.
די רײַזנדער האָט מען שוין פאַרשפּאָרט אונטערטרײַבן. אַלע האָבן פאַר־שטאַנען, ווי נויטיק ס'איז גאָר אָן שום טערוצים צוצוקומען צום דאָזיקן

בוים, וואָס האָט אזוי אומגעריכט אויסלייזעריש זיך א ווײַז געטאָן פאר זיי. די פערד, וואָס האָבן זיך שוין געהאט ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, זײַנען שוין ניט געווען אימשטאנד אהינצו צו דערשווימען, אָבער די מענטשן האָט מען נאָך געקענט ראטעווען, דער שטראָם האָט זיי געטראָגן גלײַך צום בוים צו.

אין דערזעלבער רגע האט טאָם אאוסטינס פערד א קורצן הירזשע גע־טאָן און איז פארשווונדן געוואָרן אונטערן וואסער. זײַן רײַטער האָט ארויס־געבאפרײַט די פיס פון די קנאפל־אײַזנס און זיך גלײַך געלאָזט שווימען.

— כאפט זיך אָן אין מײַן זאָטל! — האָט גלענארוואַן צו אים אויס־געשריגן.

— א דאנק, סער, — האָט דער יאַם־מענטש געענטפערט, — איך וועל שוין ווי עס איז דערשווימען.

— ראָבערט, ווי האלט עס מיט דײַן פערדל? — האָט גלענארוואַן זיך אויסגעקערעוועט צום יאטל.

— ער שווימט, ווי א פישעלע!

— אכטונג! — האָט דער מאיאָר אויסגעשריגן מיטן גאנצן קויעך פון זײַנע לונגען.

אָבער ער האָט נאָך אפילע ניט באוויזן אויסצושרײַען ביזן סאָף די וואָ־רענונג זײַנע, ווי א שרעקלעכער וואַל האָט אָנגעיאָגט די רײַזנדער. אן אומ־געהײַער גרויסע מאסע וואסער, אן ערעך פערציק פוס די הייך, האָט זיך אפ זיי ארופגעוואלגערט מיט א שוידערלעך גערויש. די מענטשן און די כײַעס זײַנען פארשווונדן געוואָרן אין דעם צעשוימטן קעסל־גרוב. די מאסע וואַ־סער, וואָס וועגט אסאך מיליאָנען טאָן, האָט זיי אפ א ווײַלע איטלעכן פאר־שלונגען.

אז די כוואַליע האָט זיך דערטראָגן ווײַטער, זײַנען די אנטרינענדיקע ארויסגעשווומען אפ דעם אויבערפלאך און האָבן אינדערגיך זיך גענומען איבערופן צווישן זיך. אַלע מענטשן זײַנען דאָ געווען אפן אָרט, אָבער פון די פערד איז גאנץ געבליבן בלויז איין טאוקא, די איבעריקע זײַנען אוועק צום גרונט.

— דרײַסטער, דרײַסטער! — האָט גלענארוואַן געשריגן, מיט איין האנט האָט ער אונטערגעהאלטן פאגאנעלן און מיט דער אנדערער האנט האָט ער ענערגיש געפאטשט איבערן וואסער.

— אַלץ איז אין אָרדענונג, — האָט דער כאָשעווער געלערנטער געענט־פערט, — איך בין גאָר אפילע צופרידן...

מיט וואָס איז עס פאגאנעל אזוי געווען צופרידן, האָט זיך קיינעם ניט אײַנגעגעבן צו דערוויסן דערפאר, וואָס דער געלערנטער געאָגראפ האָט גע־מוזט אראָפשלינגען דעם סאָף פון זײַן פראזע צוזאמען מיט א היפש ביסל לײמיק־צעבויטעט וואסער.

דער מאיאָר איז זיך געשווומען אינגאנצן רויק, ער האָט געשארט און־

טער זיכ מיט זײַנע דלאָניעס דאָס וואסער און ארויסגעוויזן דערבײַ אזויפיל קראפט און מאָס, אז יעדער לערער פונ שווימענ וואָלט אים דערופ געמעגט מעקאנע זײַנ. די מאטראָסנ האָבנ אויכ געטראָפנ אינ זייער אייגענער סטיכיע ארײַנ, זיי זײַנענ געשווומענ מאמעש ווי די ־עלפינענ. ראָבערט האָט זיכ געקריגנ ניט קיינ שלעכט מיטל, ער האָט זיכ אײַנגעקלאמערט אינ טאוקעס גריווע און איז געשווומענ פוסטראָט נאָכ אים. דאָס אויסגעצייכנטע פערד האָט פאנאנדערגעהאקט מיט דער ברוסט דאָס וואסער און זיכ אינסטינקטיוו געלאָזט אינ דער ריכטונג צום בוים.

דער בוים האָט זיכ שוינ איצט געפונענ אינגאנצנ אפ וואָסערע צוואנציק קלאפטער פונ די רײַזנדער. אינ עטלעכע רעגעס ארום איז שוינ דער גאנצער אָטריאד געווענ לעם אים. אלע האָבנ זיכ איינס דאָס אנדערע באגריסט דערמיט, וואָס דערדאָזיקער אנטרינונג־פלאצ איז זיי אזוי גליקלעכ און אומגעריכט אונטערגעקומענ דאָ אפנ וועג. ווענ ניט דערדאָזיקער בוים, האָט זיכ דענ עמעצער זיכ נאָכ געקענט ריכטנ ארויסצוקלײַבנ זיכ פונדאנענ מיטנ לעבנ?!

דאָס וואסער האָט פארגאָסנ דעם בוים ביז צו די אונטערשטע צווײַגנ, אזוי, אז ס'איז גאָרניט שווער געווענ זיכ אפ אים ארופצוכאפנ. טאלקאוו האָט אָפגעלאָזט דאָס פערד און האָט דער ערשטער ארופגעקלעטערט אפנ בוים. צום אלעם ערשטנ האָט ער ארויסגעשלעפט פונעם וואסער ראָבערטנ, דערנאָכ האָט ער דערלאנגט ל׳יט דער ריי די האנט אלע איבעריקע שווימערס. אינגיכנ זײַנענ שוינ אלע געווענ אויסער געפאר, אָבער טאוקא איז אוועקגעשלעפט געוואָרנ מיטנ שטראָם אלצ ווײַטער פונעם בוים און מיט זייער א באדײַטנדיקער שנעלקײַט. טאוקא האָט אלעמאָל אויסגעקערעוועט זײַנ קלוג פערדיש פאָנעם צום באלעבאָס און האָט פארצווייפלטערהייט געהירזשעט, פונקט ווי ער וואָלט אים גערופנ צו זיכ.

— דו לאָזסט איבער אפ העפקער טאוקענ? — האָט פאגאנעל א פרעג געטאָנ בא טאלקאוונ.

— איכ?! — האָט דער אינדיאנער אויסגעשריגנ.

און ער האָט געגעבנ א שפרונג מיטנ קאָפ אראָפ אינ וואסער ארײַנ. מע האָט דערנאָכדעם דערזענ, ווי ער איז ארויסגעשווומענ אפ דעם אויבערפלאכ אינ וואָסערע צענ קלאפטער ווײַטער־צו פונ בוים. אינ א רעגע ארום האָט זיכ די האנט זײַנע שוינ אײַנגעקלאמערט אינ טאוקעס גריווע און אינגיכנ זײַנענ דער רײַטער צוזאמענ מיטנ פערד פארשוווּנדנ געוואָרנ אינעם נעפל.



גלענארוואן מיט זיינע מיטרייזנדער אפן בוים אָמבו. טאלקאוו מיט טאוקען פארשווינדן
אין דער וויסטעניש

## דרייַונצוואנציקטע קאפיטל

# מע לעבט ווי די פייגל

דער בוים, אפ וועלכנ גלענארוואנ אונ זייַנע מיטרייַזנדער האָבנ זיכ אָפ־געזוכט זייער נייַע היים, האָט זיכ זיי אויסגעוויזנ א ניסנ־בוים, אָבער אינ־דערעמעסנ איז עס געווענ דער בוים אָמבו, וואָס האָט ליב צו וואקסנ איינזאמ אינ די ארגענטינישע פליינענ. דערדאָזיקער בוים, וואָס פארמאָגט זייער א גראָבנ אונ גרויסנ שטאמ, וואקסט זיכ אייַנ אינ דער ערד ניט בלויז מיט די צעצווייַגטע גראָבע וואָרצלענ, נאָר אויכ מיט זייַנע שטארקע צווייַגנ, וואָס גיבנ אימ צו אסאכ מער שטאנדהאפטיקייַט. בלויז אדאנק דעמ איז דער בוים גאנצ געבליבנ נאָכ דעמ ריזיקנ וואל, וואָס איז נאָרוואָס אפ אימ אָנגעפלויגנ.

דערדאָזיקער אָמבו האָט געהאלטנ וואָסערע הונדערט פוס אינ דער הייכ; די קרוינ זייַנע האָט זיכ געהאלטנ אפ דרייַ הויפט־צווייַגנ, וואָס האָבנ געהאט וואָסערע זעקס פוס אינ דיאמעטער. צוויי צווייַגנ האָבנ זיכ אופגעהויבנ ווערטיקאל, טראָגנדיק אפ זיכ א גרויסנ שירעמ פונ בלעטער, וואָס זייַנענ אזוי געדיכט איבערגעפלאָכטנ צווישנ זיכ, אז אונטער זיי האָבנ זיכ אינ אלע ערטער אויסגעבילדעט גרינע אויסבאהעלטענישנ. דערפאר האָט די דריטע צווייַג זיכ אויסגעצויגנ האָריזאָנטאל איבערנ רוישנדיקנ שטראָמ, שיר וואָס זי טוקט זיכ ניט אָפ אינ אימ. דידאָזיקע צווייַג איז געווענ ענלעכ אפ א שפיציקנ גרייַנעמ קאפ, וואָס האָט זיכ ארייַנגעשניטנ ווייַט אינ אָקעאנ ארייַנ. אפ די צווייַגנ פונעמ דאָזיקנ גיגאנטישנ בוימ איז געווענ פלאצ, וויפל דו ווילסט נאָר אליינ. די סאכ בלעטער זייַנע, וואָס זייַנענ באזונדערס געווענ געדיכט בא די בריגנ פונ דער קרוינ, האָבנ נעענטער צומ שטאמ־צו איבערגעלאָזט ברייטע דורכלויכטנ, וואָס זייַנענ געווענ פול מיט שייַנ אונ אָפנ פאר אלע ווינטנ.

די רייַזנדער האָבנ מיט זייער אָנקומענ אהער ארױפגעטריבנ פונ די ערטער דאָס גאנצע פייגלשע וועלטל. הי געפליגלטע באלעבאָטימ האָבנ מיט בייזע געשרייענ אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייַט פונ די אומגערופענע געסט. פייגל זייַנענ דאָ געווענ פיל אונ פיל אונ פונ פארשיידענע מינימ, וואָס האָבנ זיכ אויכ אָפגעזוכט דאָ, אפ דעמדאָזיקנ אָמבו, שוצ פונעמ שרעקלעכנ דרויסנ. צווישנ אלע פארשיידענע מינימ, וואָס האָבנ זיכ דאָ אופגעהאלטנ, מוז מענ אויסשטעלנ דעמ פיקא־פלאָר — דאָס פליגנ־פייגעלע, וואָס האָט געבלענדזט מיט דער העליש־בונטער באפעדערונג. אז זיי האָבנ זיכ אלע צוזאמענ א לאָז געטאָנ אינדערלופטנ ארייַנ, האָט זיכ די רייַזנדער אויסגעדאכט, אז דאָס האָט זיכ אָפגעשאָטנ פונ בוימ דאָס בליעכצ אונ זיכ אוועקגעטראָגנ איבערנ ווינט.

אָט דאָס איז געווענ דער אנטרינונג־פלאצ, ווו גלענארוואנ מיט זייַנע מיטרייַזנדער האָבנ געפונענ זייער רעטונג. ראָבערט מיט ווילסאָנענ, ווי נאָר זיי האָבנ זיכ ארויסגעפאקט פונעמ וואסער, אזוי האָבנ זיי גיכ ארופגעקלעטערט אפנ סאמע שפיצ אָמבו. פונ דערדאָזיקער הייכ האָט דער בליק זיי־

ערער געקענט ארומכאפן א גרויסע ווײַטע שטרעקע. אָבער וויפל זיי האָבן זיך נים אײַנגעקוקט אין אלע זײַטן, האָבן זיי קיין זאך אויסער „אָקעאַן" נים געזען. נים קיין ביימעלע, נים קיין בערגל איבערן גאנצן פליין, אפ א מעהאלעך פון צען מײַל ארום.

אינדערווײַט האָבן זיך פון דאָרעם צו צאָפן געטראָגן מיטן שטראָם, צוזאמען מיטן וואָרצל אויסגעריסענע שטאמען, צעבראָכענע צווײַגן, שטרוי־ענע דעכער, וואָס זײַנען אראָפגעריסן געוואָרן פון עפעס א ראנטשאָ; טויטע קערפערס פון באלעכאַים, צעבלוטיקטע פעלן און פלייש־שטיקער פון די סאַ־לאדעריעס, און ענדלעך האָט זיך אפ איין צעוויגטן בוים געטראָגן א גאנצע טישפאָכע מיט ריטשענדיקע יאגוארן, וואָס האָבן זיך אײַנגעקלאמערט מיט די נעגל אין זייער שלאבערדיקן פליט. נאָך ווײַטער — שוין לעם סאמע האָרי־זאָנט — האָט דער ווײַטזעענדיקער ווילסאָן באמערקט א קליין שוואַרץ פינ־טעלע. דאָס איז געווען טאלקאוו מיט זײַן געטרײַען טאוקען, וואָס זײַנען פארשוואונדן געוואָרן אין דער ווײַטעניש.

— טאלקאוו! פרײַנטיקל טאלקאוו! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן און אויס־געצויגן די הענט אין דער ריכטונג צום קוים באמערקבארן פינטעלע.

— פאר אים זאָלסט זיך שוין נים זאָרגן! — האָט זיך ווילסאָן אָנגע־רופן צו ראָבערטן. — טאלקאוו וועט זיך ראטעווען! נו, און מיר מעגן זיך שוין אראָפלאָזן נידעריקער.

אין צוויי רעגעס ארום האָבן שוין דער מאטראָס מיטן יאטל זיך אראָפ־געלאָזט פונעם דריטן שטאָק בוים צום ערשטן און האָבן זיך שוין צוגע־שטעלט צו די איבעריקע כאווײרים זײערע. גלענארוואן האָט זיך באצײַכנט געכאפט, אז מע דארף אָנקארבן אפן שטאם פונעם בוים סימאָנים, קעדיי מע זאָל קענען נאָכקוקן נאָכן ניוואָ פונעם וואסער. אז זיי האָבן אין א לאנגע־ווײַלע ארום א קוק געטאָן אפ די קארבן, וואָס זיי האָבן געמאכט, האָט גלע־נארוואן געמאָלדן די כאווײרים זײַנע, אז דאָס געוויסער האָט, קענטיק, שוין דערגרייכט די גרעסטע הייך, ווײַל אין מעשעך פון דער לעצטער שאָ האָט דאָס וואסער אופגעהערט צוצוקומען.

אזא מין יעדיע האָט פארדינט גראדע, זי זאָל זייער גוט אופגענומען ווערן.

— אָבער וואָס דארפן מיר איצטער טאָן? — האָט מיסטער גלענארוואן א פרעג געטאָן.

— זיך אויספלעכטן א נעסט! — האָט פאגאנעל פריילעך געענטפערט.

— א נעסט? — האָט ראָבערט אויסגערופן.

— וואָס דען האָסטו געמיינט, מײַן פרײַנט, — האָט אים פאגאנעל געענט־פערט. — ווי באלד מיר קענען נים לעבן אין וואסער, ווי די פיש, וועט אונדז אויסקומען לעבן צווישן די צווײַגן, ווי די פייגל.

— נו, גוט, אָבער ווער וועט אונדז שפײַזן? — האָט גלענארוואן א פרעג געטאָן.

— איך, — האָט דער מאיאָר געענטפערט.



מאקינאבס באוויזן די אפגעגעסענע, אבער פיל אנגעשטאפטע וואטל־רענצלעך

אלע בליקן האָבן זיך געווענדעט צו אים. מאַק־נאַבס איז זיך זייער באַקוועם געזעסן אין אַ נאַטירלעכער שטול, וואָס איז געווען אויסגעבילדעט פון צווייַגן, און אין די הענט האָט ער געהאַלטן די אָפּגענעצטע, אָבער פול אָנגעשטאָפּטע זאָטל־רענצלעך.

— מאַק־נאַבס! דאָס זייַנט איר דאָך מיט די ביינער! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. — אייַער קאָלטבלוטיקייַט קענט איר אָפּהיטן אַפילו בּאַ אַזעלכע אומשטענדן, ווען יעדערער פון אונדז האָט די רעכט צו פאַרלירן דעם קאָפּ און קיינער זאָל אים דערפאַר קיין וואָרט ניט זאָגן.

— וואָס איז דאָ דער ווּנדער, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט: — ווי באַלד מיר האָבן שוין יאָ באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפן זיך ניט טרינקען, טאָ וואָס־זשע פאַר אַ זין וואָלט עס האָבן, מיר זאָלן זיך גאָר אויסקלייַבן שטאַרבן פון הונגער.

— איך האָב טאַקע אַ קלער געטאָן וועגן די רענצלעך, — האָט פּאַגאַנעל זייער נאַיִוו צוגעגעבן, — אָבער איך בין דאָך קעסיידער אַזוי צעשטרייַט...

— לאָמיר־זשע הערן, אויב אַזוי, וואָס געפינט זיך אין דידאָזיקע רענצלעך? — האָט טאָם אַאוסטין אַ פרעג געטאָן.

— אַף צוויי מעסלעס קעסט פאַר זיבן מאַן, — האָט מאַק־נאַבס געענטפערט.

— אויסגעצייכנט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגערופן. — איך בין זיכער, אַז דאָס געוויסער וועט אין מעשעך פון 24 שאָ אָפּפאַלן.

— אָדער מירן פאַר זיך אָפּזוכן אַן אַנדער מין מיטל, וויאַזוי אויסגעלייזט ווערן פון דער נעץ און צוקומען צו דער יאַבאָשע, — האָט פּאַגאַנעל אונטערגעכאַפּט.

— הייסט עס, — אַז צום אַלעם ערשטן דאַרפן מיר זיך נעמען איבערבייַסן.

— איך וואָלט בעייצעס, מיר זאָלן זיך פריִער אַביסל אָרומטריקענען, — האָט דער מאַיאָר געזאָגט.

— טאָ ווו וועלן מיר נעמען פייַער? — האָט זיך ווילסאָן אָנגערופן.

— פייַער דאַרף מען צעלייגן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.

— אַווו?

— צו אַלדערוכעס, זאָל זייַן אַפילו דאָ.

— וויאַזוי?

— טריקענע צווייַגלעך קענען מיר דאָ אָנקלייַבן וויפל איר ווילט נאָר אַליין.

— אָבער וויאַזוי וועלן מיר צעלייגן דעם שייַטער? — האָט גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן, — אונדזער צינד־היפּקע איז דאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַסן שוואָם.

— מירן זיך באַגיין אָן הופּקע אויך, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — דערלאַנגט מיר אַ קאַפּ טרוקענעם מאָך, די פאַרגרעסער־גלאָז פון מייַן קוק־רער, און איין שטראַל פון דער זון, אַזוי וועט איר באַלד זען, וואָס פאַר אַ מין שייַטער איך וועל אייַך צעלייגן! ווער גייט אין וואַלד אַרייַן נאָך האָלץ?

— איך! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.

און דאָס יאטל האָט צוזאמען מיט זײַנע פרײַנט ווילסאָנען געקומען צו קלעטערן, ווי א קאץ, און זײַנע פארשווונדן געוואָרן אין דער צווײַגן־געדיכטעניש. אין דער צײַט פון זייער אָפּוועזנהייט האָט פאגאנעל אָנגעפּליקט א געהעריקע צאָל טרוקענעם מאָך. אין קיין זוניקע שטראַלן איז איצט קיין מעגלעכקייט ניט געווען, ווײַל דער טאָג־באַלײַכטער איז איצט ארויס פון אונטער די וואָלקנס, און מיט דער הילף פונעם גלאָז, וואָס דער געלערנטער האָט ארויסגעשראָפּט פון דער קוק־רער, האָט ער אָן איבעריקער מי אונטערגעצונדן דעם מאָך, וועלכן ער האָט צונויפגעלייגט אף א הויפן נאסע בלעטער.

אינגיכן האָבן זיך ראָבערט מיט ווילסאָנען אומגעקערט מיט צוויי בערעמס טרוקענע צווײַגלעך, וועלכע זיי האָבן גלײַך ארײַנגעוואָרפן אין שײַטער אַרײַן. פאגאנעל האָט נאָך מיט די פּאָלעס פון זײַן פּאָנטשאָ צעבלאָזן שטאַרקער דאָס פײַער, האָבן די טרוקענע צווײַגן גענומען פּלאַקערן, דאָס פײַער האָט זיך צעהודעט, ווי אין א הרובע, און פארשפּרייט ארום זיך אן אנגענעמע וואַרעמקייט.

דאָ האָבן די רײַזנדער אינדערגיך צוגעטרינקט דאָס אונטערשטע אָנטאָן זייערס, דערנאָך האָבן זיי אופגעהאנגען די פּאָנטשעס פונויבן איבערן שײַטער, דערנאָך האָבן זיי זיך א נעם געטאָן צום איבערבײַסן. זיי האָבן זיך אײַנגעטיילט ניט קיין גרויסע כאַלאָקים, דערפאר, וואָס מע האָט נאָך געדארפט געדענקען וועגן דעם מאָרגעדיקן טאָג אויך.

אפן אָמבו זײַנען ניט געוואקסן קיין שום פרוכטן, אָבער די רײַזנדער האָט אָפּגעגליקט גאָר פון אן אנדער זײַט, זיי האָבן דאָ, אין די פייגלשע נעסטן צווישן די צווײַגן, אָפּגעזוכט גענוג פייגלשע אייער. און אונטער א נויט, אויב ס'וועט נאָר קומען דערצו, וועלן זיי נאָך דערגאנצן זייערע שפּײַז־רעזערוון מיט־זייערע באפליגלטע שכיינים, טאקע פון דיזעלביקע נעסטן גופא.

נאָכן איבערבײַסן האָט גלענארוואַן פאָרגעלייגט, מע זאָל זען ברענגען די וווינונג אין א געהעריקער אָרדענונג.

— די קיך מיטן עס־צימער געפינען זיך בא אונדז אפן ערשטן שטאָק, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן, — דעם שלאָף־צימער וועלן מיר אײַנאָרדענען אפן צווייטן. אונדזער הויז איז, דאכט זיך, גענוג געראַים און קיין דירה־געלט קאָסט אונדז ניט צו טײַער. איך זע דאָרטן פונויבן גרייטע וויגן, ווו מירן זיך קענען אויסשלאָפן בעסער, ווי אין די בעסטע בעטן. אפן יעדן פאל, וועט מען זיך מעגן צובונדן, צוליב מער זיכערקייט וועגן, צו די צווײַגן, און מיר זײַנען דערווײַל אויסער יעדער געפאר. מיר פארשפּאָרן ארויסשטעלן וואכלײַט, ווײַל מיר האָבן א גענוגנדיקע צאָל מענטשן אף זיך קענען אָפּצושלאָגן פון די ווילדע כײַעס אָדער פון א פלאָט מ'ט אינדיאנער, אויב ער וועט אונדז וועלן באפאלן.

— עפשער וועט אונדז אויספעלן דערוף געווער? — האָט טאָם אאוסטין באמערקט.

— בא מיר זײַנען נאָכ געבליבנ די רעוואָלווערנ,— האָט זיכ גלענארוואנ אָנגערופנ.

— אונ בא מיר אויכ! — האָט ראָבערט צוגעגעבנ.

— וווּהינ טויגנ זיי אונדז איצטער,— האָט אאוסטינ דערווידערט,— סײַדנ הער פאגאנעל וועט עפּשער צוטראַכטנ א מיטל, וויאַזוי צו מאכנ פולווער.

— ס׳איז ניט נויטיק, אז דער הער פאגאנעל זאָל זיכ אזוי באמיִענ,— האָט דער מאיאָר באמערקט, אונ ער האָט ארויסגענומענ אונ באוויזנ דעמ אוילעמ א פולווער־האָרנ, וואָס איז געוועג ריינ אונ טרוקנ.

— ווּ קומט ער צו אײַכ? — האָט פאגאנעל פארוווּנדערט א פרעג געטאָנ.

— טאלקאוו האָט עס מיר דערלאנגט. ער האָט א טראכט געטאָנ, אז אזעלכס קענ נאָכ אונדז צונוצ קומענ, אונ עס מיר באוויזנ איבערצוגעבנ, איידער ער האָט זיכ א לאָז געטאָנ ארויסצוהעלפנ טאוקענ.

— אכ, ס׳ארא דרײַסטער אונ גרויסמוטיקער אינדיִאנער דאָס איז! — האָט גלענארוואנ אויסגערופנ.

— יאָ,— האָט זיכ טאָמ אאוסטינ אָנגערופנ.— אויב אלע פאטאגאָנער זײַנענ ענלעכ אפ אימ, בינ איכ גרייט צו באגריסנ גאנצ פאטאגאָניע.

— איכ בעט נאָר ניט פארגעסנ, אז טאלקאוו האָט נאָכ א פערד אויכ! — האָט זיכ פאגאנעל אָנגערופנ.— דאָס איז אזא מ׳נ אָרגאנישער טייל פונעמ פאטאגאָנער, וואָס מע קענ זיי ניט אָפּטיילנ איינס פונעמ צווייטנ. האלעוויי זאָל איכ קיינ ליגנ ניט זאָגנ,— איכ האָפ, אז מירנ זיכ נאָכ באגעגענענ מיט אָט דער אומצעשיידבארער פאָר.

— ווי ווײַט זײַנענ מיר איצט פונעמ אטלאנטישנ אָקעאנ? — האָט דער מאיאָר א פרעג געטאָנ.

— אפ א מעהאלעכ פונ וואָסערע פערציק מײַל,— האָט פאגאנעל געענטפערט.— אונ איצט, מײַנע פרײַנט, וועט איר זײַנ אזוי גוט אונ מיר דערלויבנ אײַכ צו פארלאָזנ אפ א שטיקל צײַט. איכ וויל ארופקלעטערנ ארופ אונ אײַנאָרדענענ דאָרטנ א באאָבאכטונג־פונקט. אלצ, וואָס עס וועט זיכ מיר אײַנגעבנ צו דערזענ דורכ מײַנ קוק־רער, וועל איכ אײַכ אָנ שומ פארזאמונג גלײַכ איבערגעבנ.

קיינער האָט ניט דערווידערט קעגנ דעמדאָזיקנ פאָרשלאג, אונ דער געלערנטער האָט איבערגעטאנצט לײַכט פונ צווײַגל אפ צווײַגל אונ איז פארשווּנדנ געוואָרנ צווישנ דער בלעטער־געדיכטעניש. זײַנע מיטרײַזנדער האָבנ זיכ גענומענ גרייטנ צומ נאכטלעגער. מע האָט זיכ גענומענ בעטנ די געלעגערס. אנ ארבעט איז עס געווענ ניט קיינ שווערע אונ ניט קיינ לאנגע. אינגיכנ האָבנ זיכ אלע אומגעקערט אפ זייערע ערטער לעמ דעמ שײַטער אונ מע האָט גענומענ שמועסנ צווישנ זיכ, אָבער גערעדט האָט מענ ניט וועגנ דעמ יצטיקנ מאָמענט, וואָס האָט געפאָדערט בלויז געדולד אונ אויסגעהאלטנקײַט; ערעדט האָט מענ וועגנ דעמ — מיט וואָס אלע געדאנקענ זײַנענ געווענ פארנומענ — וועגנ דעמ קאפיטאנ גראנט. אויב דאָס וואסער וועט צו מאָרגנ אָנ־

הייבן אָפּפאַלן, וועלן די ריַיזנדער אין מעשעך פון דריַ מעסלעס שוין קענען זיַין לעם דער יאַכט־שיף, אָבער זיי וועלן ניט ברענגען מיט זיך פאר קיין געסט האַרי גראַנטן מיט זיַינע צוויי מאַטראָסן... אויב מע האָט זיי, דידאָזיקע אומגליקלעכע יאַמ־לײַט, ניט אָפּגעזוכט דאָ אין אַמעריקע, קומט אויס, אַז ס'איז שוין ביכלאל ניטאָ קיין שום האָפענונג אָפּ זיי ערגעץ־ווו צו געפינען. וויפל שמערצן וועלן עס איבערלעבן מערי גראַנט און עלען גלענאַרוואַן, בעשאַס זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז אַלע האָפענונגען זיַינען צעשטערט געוואָרן!

— אָרעמע שוועסטער מיַינע! — האָט זיך ראָבערט אָנגערופן. — ווי שלעכט ס'וועט איר ווערן אויפן האַרצן, בעשאַס־זי וועט דערהערן, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען גלענאַרוואַן האָט ניט געקענט אָפּזוכן קיין טרייסט־וואָרט פאַרן יינגל, וואָרום וואָס פאַר א האָפענונג האָט ער אים איצט געקענט געבן, ווי באַלד די עקספּעדיציע האָט אויפן שטרענגסטן אויפן אויסגעפילט אַלע אָנווײַזונגען, וואָס זיַינען געווען אָנגעוויזן אין די געפינענע דאָקומענטן?!

— קיינער וועט דאָך אונדז ניט זאָגן, אַז די 37־טע פאַראַלעל איז ניט ריכטיק אָנגעוויזן אינעם דאָקומענט. דידאָזיקע ברייט האָבן מיר דאָך ניט אויסגעטראַכט, אַלע קענען עס זען, ווי ס'איז אָנגעשריבן שוואַרץ אויף וויַיס!

— דאָס אַלץ איז זייער ריכטיק, — האָט טאָם אַאוסטין באַמערקט. — אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז אונדזערע אַלע זוכענישן האָבן זיך מיט גאָרניט געענדיקט.

— צום גרויס באַדויערן, איז עס טאַקע אַזוי, — האָט זיך גלענאַרוואַן מוידע געוועזן. — דער פאַרדראָס מיטן האַרצקלעמעניש זיַינען אַזוי גרויס, אַז מע קען זיך מאַמעש ריַירן פון די געדאַנקען.

— מײַלע, מיטן פאַרדראָס טוט זיך, ווי איר פאַרשטייט, — האָט מאַק־נאַבס רויִק א זאָג געטאָן. — אָבער וועגן קיין האַרצקלעמעניש האָט איר נאָך ניט וואָס צו ריידן, וואָרום די זיבעטנדריַיסיקסטע פאַראַלעל, וואָס איז אינעם דאָקומענט פּינקטלעך אָנגעוויזן, האָבן מיר נאָך ניט אויסגעשעפּט ביז סאָף. אַזוי, אַז ס'איז נאָך ניטאָ פון וואָס צו אַריַינפאַלן אין אַזא פאַרצווייפלונג.

— וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן? — האָט גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן. — איר האַלט, אַז מיר האָבן נאָך עפּעס וואָס צו טאָן?

— איך האַלט, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — אַז ווי מירן אָנקומען אויף אונדזער יאַכט־שיף, אַזוי דאַרפן מיר גלײַך נעמען דעם קורס צו מיזרעך און דורכגיין לענגויס דער גאַנצער זיבנונדריַיסיקסטער פאַראַלעל, אויב ס'וועט נייטיק זיַין זיך צו לאָזן אַרום דער גאַנצער וועלט, וועלן מיר זיך פאַר דעם אויך ניששט אָפּשרעקן. מירן פאָרן אַזוי לאַנג, ביז מירן קומען אויף דעמזעלבן אָרט, פונוואַנען מיר זיַינען אַרויסגעפאָרן.

— איך האָב שוין גראַדע געטראַכט וועגן דעם, מאַק־נאַבס! — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן, — אָבער וואָס קען עס אונדז געבן? זאָגט אַליין, ווי

אזוי קענען מיר פארלאָזן דעמדאָזיקן אמעריקאַנישן קאָנטינענט אין דער צייט, ווען האַרי גראַנט אליין רופט אָן דעם נאָמען פּאַטאַגאָניע אלס דאָס אָרט, וווּ די קאַטאַסטראָפע איז פּאָרגעקומען?!

— קומט אויס, נאָך אייערע רייד נאָך, אַז מע דאַרף ווידער באַגייען די זוכענישן איבער די פּאַמפּאַסן? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן. — איצט, ווען מיר האָבן זיך אלע איבערצייגט, אַז „בריטאַניע" איז צעבראָכן געוואָרן ניט לעם די שטיל־אָקעאַנישע ברעגן און ניט לעם די אַטלאַנטישע ברעגן פון אמעריקע?

גלענאַרוואַן האָט גאָרניט ניט געענטפערט.

— צי דען ווילט איר ניט פאַרשטיין, — האָט דער מאַיאָר ווייטער צוגע־געבן, — אַז ווי שוואַך אונדזער האָפענונג זאָל ניט זיין אָפּצוזוכן דעם קאַ־פּיטאַן גראַנט באַם גיין לענגויס דער אָנגעוויזענער זיבנונדרייסיקסטער פּאַ־ראַלעל, מוזן מיר דאָך דידאָזיקע זוכענישן סיַיווי פאָרזעצן?

— איך האָב דען געזאָגט „ניין"?.. — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט.

— און איר, מיַינע פריַינט, — האָט דער מאַיאָר צוגעגעבן, זיך ווענדנדיק צו די יאַם־לייט, — זיַינט איר מאַסקים מיט מיר, אָדער ניט?

— מאַסקים אין אלע הינזיכטן! — האָט טאָם אַאוסטין געענטפערט.

ווילסאָן און מיולרעדי האָבן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אלס צייכן פון זייער איינשטימיקייט.

— הערט מיך אויס, מאַיאָר, — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן נאָך א לאַנגן אריַינטראַכטן זיך. — און אויך דו, ראָבערט, הער זיך איַין, וויַיל דאָס איז זייער א וויכטיקע פראַגע. איך בין גרייט צו טאָן אלץ אין דער וועלט, קעדיי אופצוזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. איך האָב זיך פאַרפּליכטעט עס צוטאָן און איך וועל ווידמענען מיַין גאַנצ לעבן דערויף. אויב ס'וועט נאָר זיַין א נויט אין דערינען, וועט גאַנצ שאָטלאַנד מיר קומען צוהילף באַם ראַטעווען דעם בעסטן זון אירן. איך בין איַינשטימיק מיטן מאַיאָר, אַז ווי שוואַך די האָפענונג אונדזערע זאָל ניט זיַין, דאָך דאַרפן מיר זיך לאָזן פאָרן אַרום און אַרום דער וועלט, איבער דער זיבנונדרייסיקסטער פּאַראַלעל, און מיר וועלן עס, אָן ספּפּעק, טאָן. די פראַגע איז נאָר אין דעם, צי דאַרפן מיר ענדגילטיק זיך צעזעגענען מיטן אמעריקאַנישן קאָנטינענט און אינגאַנצן איבעריַיסן דאָ די זוכענישן?

די פראַגע, וואָס איז אזוי דירעקט אוועקגעשטעלט געוואָרן, איז געבליבן אָן אן ענטפער. קיינער האָט ניט דערוועגט זיך ארויסצוזאָגן דער ערשטער.

— טאָ וואָס־זשע שוויַיגט איר? — האָט גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן און זיך הויפּטזאַכלעך געווענדעט צום מאַיאָר.

— פאַרשטייט איר מיך, ליבער עדוואַרד, — האָט יענער געענטפערט, — איך זאָל אייך זאָגן „יאָ" אָדער „ניין" — הייסט נעמען אויף זיך אן אומגע־הויער־גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דידאָזיקע פראַגע דאַרף מען גרינטלעך באַטראַכטן, אָבער פריִער פון אלץ, וואָלט זיך מיר געוואָלט וויסן, דורך וואָס פאַרא ערטער גייט די זיבנונדרייסיקסטע פּאַראַלעל דורך.

— דאָס קען מען זיך בא פּאגאנעלן גלייך דערוויסן, — האָט זיך גלענאר־וואן אָנגערופן.

— לאָמיר אים א רוף טאָן, אויב אזוי.

די געדיכטע באַבלעטערטקייט האָט פארשמעלט דעם געלערנטן. מ'האָט געמוזט צו אים שטארק הויכן.

— פּאגאנעל! פּאגאנעל! — האָט גלענארוואן צו אים געשריגן.

— איך בין דאָ! — האָט געענטפערט א קאָל פון דערהייך.

— וווּ זיינט איר?

— אפן טורעם.

— וואָס טוט איר דאָרט?

— איך באקוק דעם ענדלאָזן האָריזאָנט.

— עפּשער קענט איר אראָפּקומען אהער אף א רעגע?

— איר דאַרפט מיך עפּעס?

— יאָ.

— וואָס איז?

— מיר ווילן זיך דערוויסן, איבער וועלכע לענדער גייט דורך די זיבן־און־דרייסיקסטע פּאראַלעל?

— צוליב דעם פאַרשפּאָר איך זיך אראָפּלאָזן.

— נו, איז גוט, טאָ רעדט פון אייער טורעם אראָפּ.

— אָט האָט איר אייך עס. דער זיבנונדרייסיקסטער גראַד פון דער דאָרעם־דיקער בּרייט האקט איבער אמעריקע, גייט דורך איבערן אטלאַנטישן אָקעאַן...

— נו, ווייטער?

— איבער די אינדזלען טריסטאַן ד'אַקוניא...

— זייער פיין...

— מיט צוויי גראַד נידעריקער פונעם קאַפּ „די גוטע האָפענונג"...

— נו, און ווייטער?

— איבער די אינדישע יאַמען...

— נאָך ווייטער?

— איבער די אינדזלען פונעם הייליקן פּעטער אפן אמסטערדאמער ארכי־פּעלאַג...

— זעצט פאָר, מיר הערן!

— ער גייט נאָך דורך איבער אויסטראַליע און האקט איבער די פּראָווינץ וויקטאָריע...

— פאַרשטאַנען.

— און באַם ארויסגיין פון אויסטראַליע...

דידאָזיקע פראַגע איז געבליבן אומפארענדיקט. עפּשער האָט נאָך דער געאָגראַף דאָ געהאַט א קווענקלעניש? עפּשער האָט דער געלערנטער ניט גע־וווּסט אקוראַט וואָס צו זאָגן? — ניין, א שרעקלעכער געשריי האָט זיך דער־טראָגן פונעם שפּיץ בוים.



פאגאנעל פליט פון צווייג צו צווייג און באווייזט ניט זיך אָנצוכאפן פאר איינער פון זיי

גלענארוואן און זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך אזוי דערשראָקן, אז זיי זײַנען אלע אזש בלייך געוואָרן.

— וואָס איז געשען? עפּשער עפּעס א נײַע קאטאסטראָפע?

יאָ, דער אומגליקלעכער פּאגאנעל האָט זיך א גליטש געטאָן און איז אראָפּגעפאלן. ווילסאָן און מיולרעדי האָבן זיך געגעבן א לאָז צו אים אנטקעגן, ווי נאָר זיי האָבן באמערקט דעם לאנגן קערפּער זײַנעם פליען. דער געלערנטער איז געפלויגן פון צווײַג צו צווײַג און זיך ניט באוויזן אָנצוכאפּן פאר קיין איינער פון זיי. צי לעבט ער נאָך כאָטש? דאָס איז געווען די איינציקע פראגע, וואָס האָט איטלעכן אין דערדאָזיקער רגע אינטערעסירט. אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס דערוף צו ענטפערן. אָט־אָט פליט אראָפּ דער געלערנטער אינעם צעשוימטן שטראָם אַרײַן. אָבער דעם מאיאָרס פעסטע הענט האָבן אים אָנגעכאפּט פארן פאלד פון זײַן רעקל און אים ארויפגעשלעפּט צוריק אַפ דער צווײַג.

— א דאנק אײַך, ליבער מאק־נאבס — האָט פּאגאנעל א זאָג געטאָן.

— וואָס האָט זיך עס מיט אײַך געטראָפן? — האָט דער מאיאָר א פרעג געטאָן. — ווידעראמאָל די צעשטרײַטקײַט אײַערע.

— יאָ־יאָ־יאָ... — האָט פּאגאנעל א שטאמל געטאָן מיט א שטומפּיק אופגערעגט קאָל. — יאָ, יאָ, א ווילדע אומדערלאָזבארע צעשטרײַטקײַט!

— אין וואָס דריקט זי זיך אויס?

— מיר האָבן א טאָעס געהאט! מיר האָבן ווידער אלע א טאָעס געהאט. מיר האָבן די גאנצע צײַט געגרײַזט!..

— כאָ זאָגט־זשע גיכער! גיכער רעדט, לאָמיר הערן, דער רועכ זאָל עס נעמען!

— גלענארוואן! מאיאָר! ראָבערט! הערט נאָר אויס, מײַנע פרײַנט! — האָט פּאגאנעל אויסגעשריגן. — מיר האָבן געזוכט דעם קאפּיטאן גראנטן דאָרטן, ווו ער איז ניטאָ.

— וואָס רעדט איר, וואָס? — האָט גלענארוואן אויסגערופן.

— ניט נאָר דאָרטן, ווו ער איז ניטאָ, נאָר דאָרטן, ווו ער איז אפילע קיינמאָל ניט געווען! — האָט פּאגאנעל צוגעגעבן.

—

## פירונצוואנציקסטע קאפּיטל

# דאָס פייגלשע ארט לעבן ציט זיך נאָך

דידאָזיקע אומגעריכטע מעלדונג האָט ארויסגערופן אָן א שיר דערשטוינונג. — וואָס וויל דער געאָגראף מיט דעם זאָגן? צי איז ער בא די געדאנקען?

אָבער פּאגאנעל האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט אזא מין איבערצײַגטקײַט, אז אלעמענס בליקן האָבן זיך איצט געווענדעט צו גלענארוואנען, ווײַל דעם

געאָגראַפס ווערטער זײַנען דאָך געווען ווי א מין דירעקטער ענטפער אף זײַן לעצט געשטעלטער פראַגע.

אָבער דאָ איז פּאַגאַנעל געקומען אביסל צו זיך און האָט פונסנײַ אָנגעהויבן:

— יאָ, יאָ! — האָט ער פעסט און איבערצײַגט א זאָג געטאָן. — מיר האָבן די גאַנצע צײַט געבלאָנדזשעט!.. מיר האָבן איבערגעלייענט אינעם דאָקומענט דאָס, וואָס ס'האָט זיך דאַרפט קיינמאָל ניט געשריבן.

— טאָ דערציילט אונדז קלאָרער, פּאַגאַנעל! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן. — און זײַט ניט אזוי צעטראָגן.

— דאָס איז דאָך אלץ, מאַיאָר, אזוי פּאָשעט, וואָס פּאָשעטער קען ניט זײַן, — האָט דער געלערנטער געענטפערט. — איך האָב אויך אזוי געגרײַזט, פונקט ווי איר אלע. איך האָב, פונקט ווי איר אלע, אויסגעטײַטשט ניט ריכטיק דעם טעקסט פון די דאָקומענטן. אָבער מיט איין ווײַלינקע צוריק, בעשאַס איך בין געזעסן אפן שפּיץ בוים און אײַך אָפּגעענטפערט אף אײַערע פראַגן, איז ווי איך האָב נאָר א זאָג געטאָן דאָס וואָרט אוסטראַליע, אזוי האָט מיר, ווי א בליץ, א שווינדל געטאָן אין מויעך איינער א געדאַנק און מיר איז מיטאמאָל געוואָרן אלץ קלאָר.

— ווי? — האָט גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. — איר ווילט עפּעס זאָגן, אז האַרי גראַנט...

— ניט איך וויל, נאָר איך באַשטיי דערויף, — האָט אים פּאַגאַנעל איבערגעשלאָגן, — אז דאָס וואָרט austral פונעם פראַנצויזישן דאָקומענט באַטײַט ניט ד ע ר ד אָ ר ע מ ד י ק ע ר, ווי מיר האָבן ביז איצט געמיינט, נאָר דאָס איז דער וואָרצל פונעם וואָרט Australie — א ו ס ט ר א ל י ע.

— סע קלינגט מיר עפּעס זייער מעשונ׳עדיק! — האָט דער מאַיאָר א זאָג געטאָן.

— מ ע ש ו נ ע ד י ק ? — האָט גלענאַרוואַן איבערגעכאַפּט, — ס'איז גאָרניט מעשונעדיק, ס'איז פּאָשעט א ו מ מ ע ג ל ע כ !

— א ו מ ע ג ל ע כ ? — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן, — דער פראַנצויזישער אין זײַן ווערטער־בוך דאָסדאָזיקע מין וואָרט.

— הייסט-עס, אז איר באַשטייט דערויף, — האָט גלענאַרוואַן צוגעגעבן מיטן גרעסטן אומצוטרוי, אז פון דעם דאָקומענט דרינגט ארויס, אז „בריטאַניע" האָט קלוימערשט געליטן די קאַטאַסטראָפע בא די ברעגן פון אוסטראַליע?

— איך בין איבערצײַגט אין דערינען! — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.

— אף מײַן ערנוואָרט, פּאַגאַנעל, ס'איז מיר זייער מאָדנע צו הערן אזעלכס פונעם סעקרעטאַר פון דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט.

— וואָס איז דען? — האָט פּאַגאַנעל א פרעג געטאָן, ווײַל גלענאַרוואַנס ווערטער האָבן אים צו שטאַרק אָנגערירט. —

— דערפאַר, ווײַל אויב ס'זאָל זיך ריידן וועגן אוסטראַליע, טאָ פאַר־

וואָס־זשע וואָלט דער קאפּיטאַן גראַנט זיך אין מיטן דערינען געקלאָגט אַף דער אַכזאָריִעסדיקייט פון די אינדיִאַנער? דאָס איז דאָך פּאָשעט אַן אומזין!

— ליבער גלענאַרוואַן, מיינט נאָך ניט, אַז איר זייַנט שוין אַפן פערד,— האָט אים פּאַגאַנעל זייער געלאַסן געענטפערט,— איך וועל אייַך באַלד אוועקלייגן אַף ביידע לאָפּאַטקעס.

— ביטע זייער, לאָמיך עס זען.

— טאָ הערט־זשע אויס! אינעם דאָקומענט, וואָס דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט געשריבן, רעדט זיך נישט פון אינדיִאַנער, נישט פון פּאַטאַגאָניע! דאָס ניט־דערענדיקטע וואָרט indi באַטייַט ניט indiens—אינדיִאַנער, נאָר indigenes — אָרטגעבירטיקע! איך מיין, אַז אין אויסטראַליע ווינען „אויך אָרט־געבירטיקע". ווי? ניט אַזוי?

גלענאַרוואַן האָט אָנגעקוקט אַ רעגע פּאַגאַנעלן, ער האָט זיך ווירקלעך דערפילט באַזיגט דורך דעמדאָזיקן מאָטיוו.

— בראַוואָ, פּאַגאַנעל! — האָט דער מאַיאָר אויסגערופן.

— נו, ליבער סער, איצט לייגט זיך אייַך שוין אַפן זינען מייַן אויס־טייַטשונג?

— יאָ,— האָט גלענאַרוואַן געענטפערט.— אָבער באַ איין באַדינג, אויב איר וועט מיר דערווייַזן, אַז דער זילב „גאָני" איז ניט קיין טייל פונעם וואָרט „פּאַטאַגאָניע".

— צו אַלדערוכעס! דאָרטן איז דאָך ניטאָ אַפילע קיין זייכער פון קיין פּאַ־טאַגאָניע! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.— איך דערלויב אייַך צו לייענען דאָס וואָרט ווי איר ווילט אַליין, נאָר פון פּאַטאַגאָניע זאָלט איר פאַרגעסן.

— וואָס הייסט, ווי איך וויל אַליין?

— נו, קאָסמאָגאָניע, טעאָגאָניע, אַגאָניע.

— אַגאָניע! — האָט דער מאַיאָר איבערגעכאַזערט.

— אַז ס'איז מיר גאָרניט קיין אונטערשייד,— האָט פּאַגאַנעל פאָרגעזעצט.— דאָסדאָזיקע וואָרט האָט דאָ קיין שום באַדייַטונג ניט, און איך וויל אַפילע ניט זוכן די טייַטש זייַנע. דעריקערשט איז דאָס, וואָס: austral באַטייַט australie! מע האָט געדאַרפט זייַן בלינד, אַז דאָס זאָל פון סאַמע אָנהויב זיך ניט וואַרפן אין די אויגן! ווען איך זעלבסט וואָלט געפונען דעם דאָקו־מענט, ווען אייַער אויסטייַטשונג וואָלט אַף מיר ניט געהאַט קיין היפּנאָזישע ווירקונג, וואָלט איך אים פון סאַמע אָנהויב גאָר אַנדערש ניט געלייענט!

איצטיקס מאָל האָט שוין גאָר קיינער ניט געצווייפלט אין דער נייַער באַלייַכטונג פונעם איניען. דויערנדיקע אורא־אויסגעשרייען און אַפּלאָדיס־מענטן האָבן פאַרהילכט דעם געלערנטנס לעצטע ווערטער. מיט אַ באַזונדערן פלייַס האָבן אים אַפּלאָדירט דער מאַיאָר און ראָבערט, וואָס איז געווען איבערגליקלעך — ס'האָט זיך דאָך שוין ווידעראַמאָל באַוויזן די האָפענונג אַף צו ראַטעווען דעם פאָטער זייַנעם.

גלענאַרוואַן איז שוין אויך גרייט געווען זיך אונטערגעבן.

— בלויז נאָך איין באמערקונג, ליבער פאגאנעל,— האָט זיך מיסטער גלע־נארוואן אָנגערופן.— און אויב איר וועט מיר נאָך דערופ ענטפערן, וועט מיר אויסקומען אָפּצוגעבן מײַנע לעצטע פּאָזיציעס.

— ביטע זייער, זאָגט, מײַן פרײַנט, איך הער אײַך.

— איך וויל הערן, וויאַזוי וועט איר איצט פונסנײַ פאַנאַנדערשיפרירן דײַם דאָקומענט אינגאַנצן גענומען.

— דאָס איז גרינג, וואָס גרינגער קען ניט זײַן. אָט האָט איר אײַך דעם דאָקומענט. און פאגאנעל האָט ארויסגענומען פון קעשענע די שאצבארע פאפירלעך, וועלכע ער האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג דערלערנט אין מע־עך פון די לעצטע מעסלעסן.

א טיפע שטילשווײַגן האָט געהערשט אין דער צײַט, ווען דער געלערנטער האָט זיך גענומען באטראכטן, און ענדלעך האָט ער גענומען אומפירן מיטן פינגער איבער די צעשפליטערטע שורעס און האָט מיט א פעסט קאָל איבער־געלייענט פאָלגנדעס:

— „דעם זיבעטן יונ 1862 יאָר האָט די דרײַמאסטיקע שיפ „בריטאניע" פון גלאזגאָ געליטן א קאטאסטראָפע נאָך...— לאָמיר דאָ שטעלן: „צוויי־דרײַ טעג" אָדער, אויב איר ווילט, „לאנגער אגאָניע"— דאָס מאכט אונדז קנאפּ וואָס אויס,— „בא די ברעגן פון אוסטראליע. זיך לאָזנדיק צום ברעג, וועלן די צוויי מאטראָסן און דער קאפיטאן גראנט פרוּוון אויסשפּײַגן",— אָדער, „זיך לאָזנדיק צום ברעג זײַנען זיי אויסגעשטיגן"— „אפן קאָנטינענט, ווו זיי וועלן"— אָדער „זיי האָבן זיך געפּאקט"— „אין געפענקעניש צו די אכזאָרי־עסדיקע אָרטגעבירטיקע. זיי האָבן ארויפגעוואָרפן דעמדאָזיקן דאָקומענט..." און אזוי ווײַטער און ווײַטער. איז שוין קלאָר?

— קלאָר,— האָט גלענארוואן געענטפערט,— אָבער צי פאסט דאָ דער טערמין קאָנטינענט, אין דער צײַט, ווען אוסטראליע איז בלויז אן אינדזל?

— באַרויִקט זיך, ליבער פרײַנט גלענארוואן. די בעסטע געאָגראפן האָבן ליב אָנצורופן דאָסדאָזיקע אינדזל „דער אוסטראלישער קאָנטינענט".

— נו, דאן בלײַבט מיר אײַך צו זאָגן, מײַנע ליבע פרײַנט, בלויז איינס: קיין אוסטראליע!— האָט מיסטער גלענארוואן אויסגערופן.

— קיין אוסטראליע!— האָבן זײַנע אלע מיטרײַזנדע אין איין קאָל אויסגעשריגן.

אזוי האָט זיך געענדיקט דערדאָזיקע־ שמועס, וואָס האָט דערנאָך גע־בראכט צו גאָר וויכטיקע פאָלגן.

ס'איז געווען ארום פיר אזייגער נאָך האלבן טאָג. אָוונט־ברויט האָבן זיי

הײַנט געקלערט עכּן זעקס אזייגער, און פּאגאנעל האָט אופגעגעבּן דעם געדאנק, אז סע וואָלט ניט געשאדט מיט עפּעס פײַערלעכס באצייכענען דעמדאָזיקן אויסשליסלעך בּארימטן טאָג. און אזויווי דער מעניו פונעם הײַנטיקן אָוונט־ברויט איז געווען נאָך מער ווי באשיידן, האָט ער פאָר־געלייגט ראָבּערטן, אז ער זאָל מיט אים ארויסגיין אינעם „שכיינישן וואלד־ אָפּ געיעג. ראָבּערט האָט זיך אָנגעכאפּט מיטביידע הענט. און זיי האָבּן מיט־גענומען אביסל טרוקענעם פולווער פון טאלקאָווס פולווער־האָרן, זיי האָבּן גוט אויסגעפּוצט די רעוואָלווערן און אָנגעלאָדן זיי מיט דריבּנעם שרויט, און איצט איז שוין געווען אלצ גרייט צום געיעג.

— אָבּער איר זאָלט ווײַט ניט פארגיין! — האָט דער מאיאָר זיי אָנגעזאָגט מיט אַן ערנסטער מינע.

זיי זײַנען אוועק, און גלענארוואן מיט מאק־נאבּסן האָבּן זיך ארומגעפּלאָנטערט איבּערן בּוים, אהינ נידעריקער, שיר ניט בּיז דעם אויבּערפלאך פונעם וואסער. לויט די קארבּן, וואָס זיי האָבּן געמאכט אפּן בּוים, האָט גלענארוואן באמערקט, אז דאָס געוויסער וויל נאָך ניט אָפּפאלן. די שנעלקײַט פונעם שטראָם האָט אויך איידעס געזאָגט וועגן דעם, אז בּא די ארגענטינישע טײַכן האָט זיך נאָך נישט אײַנגעשטעלט קיין גלײַכגעוויכט. ס'איז געווען קלאָר, אז פארן אָפּפאל פונעם וואסער־ניוואָ דארף פאָרקומען די בארויִקונג פונעם שטראָם און ס'דארף אײַנגעשטעלט ווערן אַן אומבאוועגלעכקײַט פונעם וואסער, ווי דאָס קומט פאָר אין יאַם אין דער צווישנצײַט צווישן סאָפּ פון צופלוס און דעם אָנהויבּ אָפּפלוס.

זיך אומקערנדיק צום שײַטער, האָבּן גלענארוואן מיטן מאיאָר געטראָפן ווילסאָנען לעם אן אומגעריכטער פארווײַלונג. דער דערפינדערישער מאטראָס האָט אויסגעמאכט א האקן פון א שפּילקע און ער האָט זיך פון אלע אר־בעטן גאָר גענומען צו פיש־פאנג. בעיים זייער אָנקומען, האָט ער שוין געהאט אָנגעכאפּט עטלעכע טוצ קלײנינקע פישלעך, וואָס הייסן דאָ „מאָיארנ". די פישלעך האָבּן געגלאנצט מיט זייער זילבּערנער ליסקע און זיי האָבּן זיך גע־וואָרפן אינ די פאלדן פון זײַן פּאָנטשאָ. קלאָר, אז דער אָוונט־בּרויט האָט הײַנט געדאָרפט זײַן א גרויסארטיקער.

אינ דער אָ רעגע האָבּן פון די אָבּבּר־שפּיצן זיך ארומגעפלאָזט ביידע יע־גערס. פאגאנעל האָט פאָרזיכטיק געטראָגן אסאך שוואלבּן־אייעלעך און א בּינטל שפּערלעך, וואָס ער האָט, ווײַזט אויס, געהאט בעדייע אָנצוגעבּן אלס דראָסלען. ראָבּערט האָט מיט גרויס פײַערלעכקײַט געבּראכט צו טראָגן מיט זיך עטלעכע אנדערע מינים פייגל, וואָס אייניקע פון זיי זײַנען זייער געווען געשמאק אינ טאם און האָבּן זיך שטארק טײַער געצאָלט אפּן מאָנ־טעווידעישן מארק.

פאגאנעל, וואָס האָט זיך בּארימט, אז אים זײַנען באקאָנט אייַנ און פופ־ציק פארשיידענע געריכטן, וואָס מע קענ מאכן פון אייע־, האָט זיך איצט געמוזט באנוגענען מיטן סאמע פּאָשעטסטן פון זיי, דאָס הייסט, ער האָט

די אייער פּאַשעט אָפּגעבאַקן אין דעם אַש פונעם שײַטער. אָבער איינס צום אַנדערן האָט ניט, ווײַל דאָך האָט זיך דער אָוונט־ברויט באַקומען זייער אַ געשמאַקער און אַ גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקער: געטריקנט פלייש, געבאַקטע אייער, אָפּ שפּיזלען אָפּגעבראָטענע „מאַיאַרן", פאַרשיידן פייגל־פלייש... פון דעם אַלעמען האָט זיך באַקומען אַזאַ מין מאָלצײַט, וואָס איז אַף לאַנג דער־נאָך פאַרבליבן בײַ די רײַזנדער אין זיקאָרן.

באַם „טיש" האָט דער אוילעם זייער פריילעך פאַרבראַכט. פּאַגאַנעל האָבן אַלע זייער געלויבט אי אַלס יעגער, איז אַלס קעכער. דער געלערנטער האָט אויפגענומען די אַלע באַגריסונגען מיט דער באַשיידנקײַט, וואָס פּאַסט פאַר גרויסע לײַט.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן אונטערגעלייגט אַביסל דאָס האַרץ, האָט פּאַגאַ־נעל גענומען דערציילן די איינצלהײַטן פונעם גרויסאַרטיקן געיעג, וואָס זיי האָבן געפירט אונטער די געוועלבן פונעם דאָזיקן אָמבו, וואָס האָט בײַ איצ־טיקן טאָג געשאַפן פאַר זיי אַהיים.

לויט זײַנע ווערטער האָט זיך באַקומען, אַז די צווײַגן און די באַבלעטע־רונג פון דער אָמבו האָבן אויסגעזען ווי עמעצע געדיכטע וואַלד־טיפעניש.

— ראָבערט און איך, — האָט ער מיט אַ קלוגיטשקן שמייכעלע גענומען דערציילן, — דאָס הייסט, מיר ביידע, האָבן זיך געפילט, פונקט ווי מיר וואָלטן זיך געפונען אין אַן עכטן וואַלד. מיר האָט זיך אַפילו איינמאָל אויסגעוויזן, אַז מיר בלאָנדזשען. איך האָב געזוכט און געזוכט און ס'איז מיר שווער געווען אָפּצוזוכן דעם וועג אַף צוריק. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַראָפּ־לאָזן פון יענער זײַט האָריזאָנט. אָט פאַלט צו די נאַכט, און איך קען אַלץ ניט אָפּזוכן די שפּורן פון אונדזערע פיס. דער הונגער האָט אונדז געפּײַניקט אַזוי שרעקלעך, וואָס ערגער קען ניט זײַן, און ערשט אינדערפינצטער האָב איך דערהערט אַ ברילערײַ פון ווילדע חיות... אַנטשולדיקט מיר, קיין ווילדע חיות זײַנען, אַגעוו, דאָרט ניט געווען, און דאָס טוט מיר גראָדע האַרציק באַנק.

— ווי! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגערופן. — סע טוט אײַך נאָך באַנק אַזעלכס?

— נו, יאָ. פאַרשטייט זיך!

— און ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי וואָלטן מיט זיך פאַרגעשטעלט פאַר אונדז אַ גרויס געפאַר?

— אייסעך וואָס! — האָט דער געלערנטער דערווידערט.

— ווי איר ווילט זיך, פּאַגאַנעל, נאָר מיך וועט איר קיינמאָל ניט איבער־צײַגן אין דעם, אַז די רויב־חיות קענען אונדז מיט וואָס ס'ניט איז נוצן ברענגען. — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן.

— וואָס רעדט איר וואָס, מאַיאָר! איר פאַרגעסט, אַז ווען ניט זיי וואָלט די קלאַסיפיצירונג געווען אַ געמינערטע, און דידאָזיקע אַלע מינים, מישפּאָ־כעס און אונטערמינים...

— ס'האָט מיר א מאכט! — האָט אים מאַק־נאַבס איבערגעשלאָגן. — איר מיינט, אז אייער קלאסיפיצירונג גייט מיר שטארק אָן. ווען איך וואָלט געווען אין די מאַבל־צייטן מיטגערייזט מיט נויעכן אין קאסטן, וואָלט איך ניט געוווען דערלאָזט, אז דער נארישער אורפאָטער אונדזערער זאָל פארשלעפן צו זיך אין קאסטן אריין די לייבן, די טיגערס, די בערן און די איבעריקע שעדלעכע און אומניצלעכע כייעס. כאפט זיי דער ווייסטער יאָר! נעבעך וואָלטן זיי געווען אומקומען דעמלט צוזאמען מיט אלע איבעריקע בעייסן מאבל!

— ערנסט, איר וואָלט אזוי געטאָן? — האָט פאגאנעל זיך געוווּנדערט.

— נו יאָ. ווי קען דען אנדערש זיין?!

— איר וואָלט בעפיירעש באגאנגען א גרויס פארברעכן, ארויסגייענדיק פון זאָאָלאָגישן שטאנדפונקט.

— אבי ניט פונעם מענטשלעכן שטאנדפונקט, — האָט דער מאיאָר דערווידערט.

— אָ, ניין, מאיאָר, דאָס איז א גרויס העפקיירעס! — האָט דער געלערנטער אויסגערופן. — שטעלט זיך פאָר, אז ווען איך בין דעמלט צוזאמען מיט נויעכן אין קאסטן, וואָלט איך אים געצווּונגען, ער זאָל מיטנעמען אלע מעגאטעריער, סטעראָדאקטילן און אלע איבעריקע ערעוו־מאַבלדיקע כייעס, וועלכע מיר האָבן, צום באדויערן, איצטער ניט... ניין, נויעך האָט זיך געפירט ווי א שארלאטאן, — האָט פאגאנעל פארענדיקט. — און די געלערנטע וועלן ביז צום סאָף פון אלע דורות אים ניט קענען מוחל זיין אזא מין זאך.

די, וואָס זיינען ביי־געווען בעייס פאגאנעלס און דעם מאיאָרס דיסקוסיע, האָבן זיך געקאטשעט פאר געלעכטער, אויסהערנדיק, וויאזוי די ביידע גוטע פריינט זידלען נויעכן, יעדערער פאר אן אנדער זאך, איינער — דערפאר, וואָס נויעך האָט ארייגנעומען צופיל כייעס, און דער אנדערער — דערפאר, וואָס ער האָט ארייגנעומען צו ווינציק. דער מאיאָר, וואָס האָט, דוכט זיך, קיינמאָל מיט קיינעם אפ זיין לעבן זיך ניט געקריגט, פלעגט זייער אָפט זיך אמפערן מיט פאגאנעלן. קענטיק, אז דער געלערנטער האָט נאָך פארמאָגט א באזונדער מין טאלאנט, וואָס האָט געקענט ארויספירן דעם קעסיידער קאלטבלוטיקן שאָטלענדער פון זיין גלייכגעוויכט.

גלענארוואן האָט זיך, ווי אלע מאָל, ארייגגעמישט אין זייער קריג און זיך אָנגערופן:

— אונדז וועט אויסקומען זיך צו באנוגענען מיט דעם, וואָס מיר האָבן דאָ ניט קיין כייעס בא זיך אפן בוים. קיין גליק ניט, צי דער וויסנשאפטלעכער אָדער דער אלמענטשלעכער שטאנדפונקט באגיטיקט עס אָדער ניט. כאָטש מיר איז אויך א וואונדער, וויאזוי איז עס איינגעפאלן אונדזער פריינט פאגאנעלן דער פארלאנג זיך צו באגעגענען מיט זיי דאָ, אינעם דאָזיקן אינדערלופטנדיקן וואלד.

— וואָס איז דען? — האָט פּאַגאַנעל אַ פרעג געטאָן.

— וואָס רעדט איר וואָס, ווילדע כײַעס אַפּ אַ בוים? — האָט שוין טאָם אַאוסטין זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אויסגעשריגן.

— איז עס דען באַ אײַך אַ נײַס!? — האָט דער געלערנטער געענט־פערט. — דער אַמעריקאַנישער טיגער — דער יאַגור, אויב ער זעט, אַז ער וועט זיך פונעם יעגער ניט קענען אַרויסדרייען, זוכט ער זיך אָפּ זײַן אַנ־טרינונג־פּלאַץ אַפּ דיביימער. אַזוי, אַז ס'איז איצט אויך ניט אויסגעשלאָסן, לאָמיר זאָגן, אויב ווער ניט איז פון דידאָזיקע כײַעס האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פונעם געוויסער, און האָט זיך אַרופגעכאַפּט אַהערצו אַפּן דאָזיקן אָמבו.

— אָבער איר האָט זיך נאָך מיט אים דאָ ניט באַגעגנט? — האָט דער מאַיאָר אַ פרעג געטאָן.

— ניין, — האָט דער געלערנטער געענטפערט, — ניט געקוקט דערוף, וואָס מיר האָבן באַקוקט דעם גאַנצן וואַלד. און ס'איז טאַקע אַ גרויסער שאָד! שטעלט זיך פאָר, וואָס פאַר אַ מין גרויסאַרטיקער געיעג ס'וואָלט באַ אונדז געווען! דער יאַגואַר איז דאָך אַ גוואַלדיק־צעצאָרנטע רויב־כײַע! מיט איין זעץ פון דער לאַפּע ברעכט ער איבער באַם שטאַרקסטן פערד דעם רוקן־ביין.

— ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, טײַערער פּאַגאַנעל, — האָט זיך גלענאַר־וואַן ווידער אַרײַנגעמישט, — בין איך גוואַלדיק גליקלעך, וואָס די יאַגואַרן, וועלכע זײַנען אײַך אַזוי נאָענט צום האַרצן, זײַנען דאָ לעם אונדז ניטאָ! וואָרום אָן זיי איז אונדז אויך איבעריקס ניטאָ וואָס צו מעקאַנע זײַן...

— וואָס הייסט עפּעס ניטאָ וואָס צו מעקאַנע זײַן! — האָט פּאַגאַ־נעל אויסגעשריגן. — מיסטער גלענאַרוואַן, איר קלאָגט זיך אַפּ אײַער גורל?

— וואָס דען האָט איר געמיינט, — האָט יענער געענטפערט. — איר קלײַבט נאָכעס פון אײַער פייגלשן אָרט לעבן?

— וואָס רעדט איר, וואָס? איך האָב זיך קיינמאָל ניט געפילט בעסער, אַפילע באַ זיך אין מײַן אייגענעם קאַבינעט!..

— פרײַנט גלענאַרוואַן! — האָט פּאַגאַנעל נאָך אַ קורצער פּאַוזע זיך נאָך־אַמאָל אָנגערופן. — איך וואָלט אײַך ביכלאַל געייצעט זיך אויסלערנען שאָלעם מאַכן מיט אַלערליי אומשטענדן. אויב זיי גיבן זיך אײַן מערער גינסטיק — איז דאָך אַוואַדע גוט, און אויב ניט, דאַרף מען זיך איבעריקס צו זיי ניט צוהערן. ווי־ איך זע, בענקט זיך אײַך שטאַרק נאָך די באַקוועמלעכקײַטן פון מאַלקאָלם־קעסטל!

— ניין, אָבער...

— אַלנפאַלס, אין איין זאַך בין איך פולקים איבערצײַגט, — האָט פּאַגאַ־נעל אין אײַלעניש צוגעגעבן, ווײַל אים האָט זיך געוואָלט פאַרווערבירן כאָטש איינס מענטשן אַפּ זײַן צאַד. — איבערצײַגט בין איך אין דערינען, אַז ראָבערט איז גראָדע צופרידן מיט זײַן גורל.

— אוואדע צופרידן, הער פאגאנעל! — האָט דאָס יאטל פריילעך גע־ענטפערט.

— וואָרום דאָס פאסט פאר זײַן עלטער, — האָט גלענארוואן באמערקט.

— און פאר מײַנעם אויך, — האָט זיך דער געלערנטער אָנגערופן. — וואָס ווינציקער באקוועמלעכקייטן, אלץ ווינציקער באדערפענישן פילסטו אין זיי, און וואָס ווינציקער באדערפענישן דו האָסט, אלץ צופרידענער איז פאר דיר דאָס גליק.

— אָ־אָ! — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן. — פאגאנעל הייבט שוין אָן פילאָזאָפירן.

— שרעקט זיך ניט אזוי, מאק־נאבס! — האָט דער געלערנטער געענט־פערט. — אויב איר ווילט, קען איך אײַך אפילו דערציילן אן אראבישע מײַ־סעלע, וואָס איז מיר נאָרוואָס אײַנגעפאלן אין געדאנק. ס'פאסט זייער צו אונדזער איצטיקן שמועס.

— ביטע זייער, דערציילט, הער פאגאנעל, — האָט ראָבערט געבעטן.

— און וואָס פאר א מאָראל וועט פון דעמדאָזיקן מײַסעלע ארויסגיין? — האָט דער מאיאָר א פרעג געטאָן.

— פונקט אזא, ווי פון אלע איבעריקע מײַסעלעך, מײַן בראווער מאיאָר.

— נו, שעכעראזאדע, סאָ זאָל שוין זײַן אזוי, ווי איר ווילט, דערציילט אונדז אײַער מײַסעלע, — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן.

און פאגאנעל האָט אָנגעהויבן.

— אמאָל, גאָר אמאָל, — האָט ער אָנגעהויבן. — האָט געלעבט באם גרויסן גארון־אל־ראשיד א זון. און דערדאָזיקער זון האָט זיך געפילט קעסיידער אומגליקלעך. איינמאָל, ווען ער האָט זיך געווענדעט צום אלטן דערוויש נאָך אן אייצע, האָט אים דער דערוויש אזוי געזאָגט: „ס'איז זייער שווער זיך אָפצוזוכן גליק אף דערדאָזיקער וועלט, נאָר דאָך, — האָט ער צוגעגעבן, — ווייס איך איינס זייער א זיכער מיטל, וואָס קען אײַך מאכן גליקלעך״. — „וואָס־זשע איז עס פאר א מיטל?“ — האט דער יונגער פרינץ א פרעג געטאָן. — „דו דארפסט אָפזוכן א גליקלעכן מענטשן און אָנטאָן אף זיך זײַן העמד״. דער פרינץ האָט זיך זייער דערפרייט. ער האָט ארומגענומען דעם דערוויש און אים געקושט פארן געזעגענען זיך. דערנאָך איז ער אוועק איבער דער וועלט אָפצוזוכן זיך דאָסדאָזיקע גליק־מיטל. ער האָט זייער לאנג אומגע־וואנדערט, ער האָט באזוכט פארשיידענע הויפטשטעט, ער האָט געפרוּווט אף זיך אָנטאָן קעניגלעכע, פרינצישע, פירשטלעכע און נאָך אזעלכע העמ־דער, אָבער אים איז פון דעם גאָרניט ניט ארויסגעקומען. ער האָט זיך פונקט געפילט אזוי אומגליקלעך ווי פריִער. האָט ער אָנגעטאָן העמדער פון ארטיסטן, פון קריגסלײַט, פון האנדלסלײַט, אָבער אויך פון דעם איז ער ניט געוואָרן גליקלעכער אפילו אף קיין האָר. ער האָט אָבער אלץ ניט אופגעהערט צו אומוואנדערן און צו זוכן דאָס גליק זײַנס. איינמאָל, ווען ער איז שוין גע־

װען פֿאַרצװייפֿלט ביז גאָר און האָט שױן געװען געהאַט באַשלאָסן זיך אומצוקערן צו זײַן פֿאָטער אין פּאַלאַץ אַרײַן, האָט ער פּלוצים אין מיטן װעג דערזען אַפֿן פֿעלד אַן ערד־אַרבעטער, װאָס איז נאָכגעגאַנגען נאָכן אַקער און זיך זייער פֿריילעך צוגעזונגען. „אָט דאָס איז שױן בעפֿיירעש דער גליקלעכער מענטש, — האָט דער פּרינץ צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן, — אָדער סײַדן ס׳איז בײַכלאַל גיטאָ קיין גליק אױף דער ערד". ער איז גלײַך צוגעגאַנגען צום ערד־אַרבעטער. „מײַן ליבער פֿרײַנט, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — זאָג מיר, איך בעט דיך — דו ביסט גליקלעך?" — „יאָ", — האָט יענער געענטפֿערט. — „און גאָרניט גלוסט זיך דיר ניט מער?" — „ניין". — „און אַפֿן אָרט פֿונעם קייסער, װאָלסטו געװאָלט זײַן?" — „בעשום אױפֿן ניט". „טאָ פֿאַרקױף־זשע מיר, אױב אַזױ, דײַן העמד!" — „מײַן העמד? דאַרף איך עס דאָך פֿריִער האָבן!"

פֿינפֿונצװאַנציקסטע קאַפּיטל

# צװישן פֿײַער און װאַסער

פּאַגאַנעלס מײַסע האָט בעעמעס זייער אױסגענומען בײַ איטלעכן, אָבער דערװײַל האָט זיך די נאַכט גענומען אַראָפּלאָזן, און בלױז דער פֿעסטער שלאָף איז געװען אימשטאַנד צום גוטן פֿאַרענדיקן דעמדאָזיקן טאָג, װאָס איז געװען פֿול און פֿול מיט פּאַסירונגען.

די אָמבו־אײַנװױנער האָבן זיך געפֿילט זייער אױסגעמאַטערט ניט נאָר אַדאַנק די איבערלעבונגען פֿונעם הײַנטיקן טאָג, נאָר אױך איבער דער גרױסער היץ, װאָס איז הײַנט געװען. די באַפֿליגלטע אײַנװױנער פֿונעם אָמבו האָבן, פֿון זייער זײַט, שױן באַװיזן די רײַזנדער אַ בײַשפּיל, — זײ זײַנען זייער רויִק אײַנגעשלאָפֿן.

אָבער פֿריִער פֿאַרן אַרײַנקלײַבן זיך אין „נעסט" אַרײַן, װי פּאַגאַנעל האָט זיך אױסגעדריקט, האָט גלענאַרװאַן באַשלאָסן נאָכאַמאָל צו באַקוקן פֿונעם טורעם־אַראָפּ די אומגעגנט. ער איז אין פּאַגאַנעלס און אין ראָבערטס באַגלייטונג אַרױפֿגעקראָכן אַפֿן שפּיץ בױם. ס׳איז געװען אַרום נײַן אַזייגער אינאָװנט, די זון האָט זיך באַהאַלטן פֿון יענער זײַט נעפּלדיקן פּאַס אױף מײַרעװ. דערדאָזיקער גאַנצער טייל פֿון דער הימלדיקער ספֿערע איז געװען פֿאַרצױגן מיט אַ נעפּלדיק רױכעלע, די העלישע דאָרעמדיקע געשטירנס האָבן זיך איצט קױם־קױם דורכגעלױכטן, פּונקט װי זײ װאָלטן אַרױסגעקוקט פֿון אַ גאַז־שלייער. פּאַגאַנעל האָט זיך באַנוצט מיטן מאָמענט און האָט אױסגעדערציילט ראָבערטן, װאָס ער האָט נאָר געװוּסט װעגן די געשטירנס, װאָס אַנדערע פֿון זײ געפֿינען זיך פֿון אונדז ניט שטאַרק װײַט, ־סאַכאַקל אױף װאָסערע צװיי און דרײַסיק טױזנט מיליאַרד קילאָמעטער. ער האָט אים אױך

אָנגעוויזן אַף דער „שוואַרצער לאָך" אין הימל, וווּ ס'זײַנען, דוכט זיך, בכּלל קיין שטערן קיינמאָל ניטאָ.

די געשטירנס־אָפּשפּיגלונגען אין דעם וואַסער האָט געשאַפֿן פֿאַר דעם באַאָבאַכטער שיר ניט אַ צווייטן הימל און האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שיין אומבאַשרײַבלעך בילד.

אָבער אין דער צײַט, וואָס פּאַגאַנעל האָט געהאַלטן אין דאַרשענען, האָט זיך דער הימל אָפּן מיזרעך געצומען פֿאַרציִען מיט אַ שווערן וואָלקן, וואָס האָט אָנגעזאָגט גאָרניט אַף קיין קליינעם שטורעם. אינגיכן האָט זיך דעררשטעלט דאָזיקער צאָרנדיקער וואָלקן צעשפּרייט איבער דער גאַנצער העלפֿט פֿונעם הימל. ער האָט זיך באַוועגט ווי אַליין פֿון זיך, ווײַל אַרום האָט זיך אַפֿילע קיין מינדסט ווינטעלע ניט געפֿילט. די לופֿט איז געווען פֿולקום רויִק. קיין איין בלעטעלע אַפֿן בוים האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן, קיין איין פֿעדערלע האָט ניט געקנייטשט די אידעאַלע גלאַטקײַט פֿון דעם וואַסער־אויבערפֿלאַך. ס'איז געוואָרן שווער צו אָטעמען, פּונקט ווי עמעץ אַ מעכטיקע פּאָמפּע וואָלט שיטער געמאַכט די אַטמאָספֿער. עלעקטרע פֿון אַ הויכער אָנשטרענגונג האָט אָנגעזעטיקט די אַטמאָספֿער, און יעדער לעבעדיק באַשעפֿעניש האָט געפֿילט דעם שטראָם אירן איבערן גאַנצן קערפּער.

גלענאַרוואַן, פּאַגאַנעל און ראָבערט האָבן דערפֿילט, ווי ס'ע שטעכט זיי אין די עק־גלידער און אין די האָר.

— מירן באַלד האָבן צוגאַסט אַ שטורעם, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן.

— ראָבערט, דו האָסט קיין מוירע ניט פֿאַר קיין דונערס? — האָט גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן באַם יאַטל.

— וואָס רעדט איר, סער? — האָט דאָס יאַטל געענטפֿערט.

— נו, איז כאָקע זייער גוט, ווײַל ס'וועט זיך באַלד אָנהייבן אַ שרעקלעכער שטורעם.

— זייער אַ שרעקלעכער, — האָט פּאַגאַנעל צוגעגעבן, — אַזוי, אַלנפֿאַלס, באַווײַזט דער הימל.

— מיך שרעקט אַזוי ניט דער שטורעם, — האָט גלענאַרוואַן באַמערקט, — ווי דאָס, וואָס די נײַע מאַבל־שטראָמען וועלן אונדז נעמען שווענקען. מירן דורכגענעצט ווערן ביז דעם מאַרך פֿון די ביינער. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ליבער פּאַגאַנעל, ווי איר ווילט זיך, נאָר אַ מענטש קען זיך ניט באַנוגענען מיט קיין נעסט. איך מיין, אַז איר וועט זיך גיך איבערצײַגן אין דעם אַף אײַער אייגענעם בײַשפּיל...

— אָ! — האָט דער געלערנטער דערווידערט, — אויב כ'ע זאָל זיך נאָר פֿילאָסאָפֿיש באַציִען צו דעם...

— די פֿילאָסאָפֿיע וועט אײַך ניט אויסהיטן פֿון דער נעץ...

— אָבער זי וועט מיך דערוואַרעמען.

— קורץ, — האָט גלענאַרוואַן פֿאַרענדיקט, — לאָמיר זיך אומקערן צו

אונדזערע פרייַנט און זיי אייצענען, זיי זאָלן זיך שטייַפער אייַנקוקן אין די פּאַנטשעס אין זייערע און אין אביסל פילאָסאָפיע, דעריקערשט זאָלן זיי זיך אָנלאָדן מיט געדולד. געדולד דארפן מיר איצט איבער אלעס!

די רייַזנדער האָבן זיך אראָפגעגליטשט איבער די צווייַגן אראָפצו־צו. דאָ זייַנען זיי איבעראשט געוואָרן פון א מאָדנער האלב־שייַן, וואָס האָבן פאר־שפרייט ארום זיך טויזנטער לייַכטנדיקע פינטעלעך. דידאָזיקע שייַן איז באַ־גלייט געוואָרן מיט א דינעם זשוזשעריי באם סאמע אויבערפלאך פון דעם וואסער.

— דאָס איז א פּאָספאָרישע לויכטונג? — האָט גלענארוואן א פרעג געטאָן.

— ניין, דאָס זייַנען פאָספאָרעסצירנדיקע אינזעקטן, — האָט דער געלערנ־טער געענטפערט. — דאָס זייַנען גלי־פליגן, עמעסע ברילייאנטן, נאָר ניט קיין שאצבארע.

— צי דען זייַנען דידאָזיקע פליענדיקע פונקען — אינזעקטן? — האָט ראָ־בערט א פרעג געטאָן.

— יאָ, מייַן פרייַנטעלע.

ראָבערט האָט געכאפט איין פליג אזא. האָט זיך טאקע אויסגעלאָזט, אז פּאגאנעל האָט ניט געגרייַזט. דאָס איז געווען א גאנץ היפשער אינזעקט, וואָס איז קימאט ווי א פינגער די גרייס. די אינדיאנער רופן אים אָנעט „טוקאָ־טוקאָ". אָט דאָסדאָזיקע ציקאווע הארט־פליגלדיק באשעפעניש האָט ארויסגעלאָזט פון זייַנע צוויי פינטל־פלעקן, וואָס עס האָט געהאט אף זייַנע פאנצערל, א גאנץ שטארקע שייַן, בא וועלכער מע וואָלט אפילע אינדער־פינצטער געקענט לייענען. פּאגאנעל האָט אונטערגעטראָגן דאָס באשעפענישל צום ציפערבלאט פון זייַן זייגער און דערזען, אז דער זייגער האלט שוין בא צען.

די רייַזנדער האָבן זיך געווונטשן איינער דעם אנדערן א גוטע־נאכט, כאָטש זיי האָבן זייער ווינציק געהאָפט, אז דער ווונטש זייערער וועט איצט מעקוייעם ווערן.

די דערנעענטערונג פון א שטארק: שטורעם דערוועקט באם מענטשן אין הארצן, ווי מוטיק יענער זאָל ניט זייַן, עפּעס אן אומבאשטימטע אומרוי־קייַט, פון וועלכער דער מענטש איז נים אימשטאנד זיך צו באפרייַען. דע־רום האָבן די אופגערודערטע אייַנוווינער פון־אָמבו ניט געקענט מיט קיין אויג צומאכן און דעם ערשטן דונער־קנאל האָבן זיי באגעגנט, אז זיי זייַנען נאָך געווען אינגאנצן וואכנדיק. דער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן מיט א דערווייַטערטן געהילכ ארום עלף אזייגער באנאכט. גלענארוואן איז ארויס־געקראָכן פון זייַן געלעגער, ער איז צוגעקומען צום עק פון דער האָרי־זאָנטאלער צווייַג און האָט ארויסגעשטופט דעם קאָפּ פון צווישן די בלעטער ארויס. דער טונקלער פאָן פונעם וואסער האָט שוין אָפּגעשפיגלט אין זיך די שנייַדנדיקע בליצן, די עלעקטרישע געוויטערונגען האָבן אופגעריסן די

וואָלקנס אינ אסאך ערטער, אָבער דעם דונער האָט מענ נאָך ניט געהערט. גלענארוואנ האָט ארומגעכאפּט מיטנ בליק דעם האָריזאָנט, ווו די שווארצע וואָלקנס האָבנ זיך צונויפגעגאָסנ מיט דעמ פינצטערנ וואסער אינ איינ אומ־דורכזעעוודיקנ פאָרהאנג. מער האָט דאָ גלענארוואנ ניט געהאט וואָס צוטאָנ, אונ ער האָט זיך צוריק אומגעקערט צומ שײַטער.

— נו, דערציילט, — האָט אים פאגאנעל א זאָג געטאָן.

— ס'איז ניטאָ וואָס צו דערציילן, ס'הייבט זיך שוינ אָנ. אויב דער שטור־רעם וועט אויסברעכנ איבער אונדז, וועט אונדז ווערנ הייס!

— אויב אזוי, איז אוואדע גוט! — האָט פאגאנעל דער ענטוזיאסט געענט־פערט. — ווי באלד מיר קענענ ניט אויסמײַדנ דעמדאָזיקנ ספּעקטאקל, טאָ לאָמיר כאָטש פונ אימ האנאָע האָבנ.

— דידאָזיקע נײַע טעאָריע אײַערע, האָפּ איך, וועט צעפליגנ ווערנ אפּ פּיצ־פּיצלעך, פּונקט ווי די אלע איבעריקע, — האָט זיך דער מאיאָר אָנ־גערופנ.

— אויב ס'וואָלט מיך געארט — האָט פאגאנעל אים געענטפערט, — איז עס נאָר איינ זאך, כאָטש פונעם ארנ וועט גאָרניט ארויסקומענ, נאָר פילנ פיל איך דאָס — דאָס איינציקע העכערע אָרט אפּ אסאך מײַלנ ארום איז בלויז דער אָמבו, אפּ וועלכנ מיר געפינענ זיך איצטער. אוו דאָ וואָלט אונדז זייער צונוצ געקומענ, ווענ מיר האָבנ א בליצ־אָפּציִער, ווארום דער בליצ ציט זיך מערער צומ אָמבו, ווי צו אלע פאמפאסנ־ביימער. אויסער דעם, קערט איר דאָך מיסטאמ אלע ווויסנ, אז די פיזיקער רעקאָמענדירנ ניט אינ דער צײַט פונ א שטורעמ זוכנ שוצ אונטער ביימער.

— אָט דאָס איז זייער א נוציקע אונ צודערצײַט געבראכטע וואָרע־נונג! — האָט זיך דער מאיאָר צעלאכט.

— וואָס עמעס, איז עמעס, הער פאגאנעל, — האָט גלענארוואנ באמערקט, — איר האָט פאר דער לעקציע פאר אײַערער אויסגעקליבנ ניט גאָר קיינ פאַ־סיקע צײַט.

— וואָס איז? — האָט דער געלערנטער געענטפערט. — יעדע צײַט איז גינסטיק דערופ, דער מענטש זאָל דערגאנצנ זײַנ וויסנ, כאָטש מיר דאכט זיך אויך, אז סע הייבט זיך שוינ אָנ.

א שרעקלעכער דונער־קנאל האָט אָפּגעריסנ דעמדאָזיקנ געשפּרעך. די קלעפּ האבנ אָנגעהויבנ אָפּטער ווערנ. וואָס א רעגע ווײַטער האָבנ זיי אָנ־געהויבנ אָפּהילכנ אלצ העכער. אינגיכנ זײַנענ זיי געוואָרנ פארטויבנדיק, אזוי אז אוש די לופט האָט גענומענ ציטערנ. די בליצנ האָבנ אזוי אָפּט גענומענ שנײַדנ די לופט, אז דער גאנצער געוויים ארום דעם אָמבו איז געווענ אינ גאָלע פײַער אונ ס'איז גאָר שווער געווענ באשטימענ, צי דער דונער דארפ קומענ, צי ער איז שוינ געקומענ, ווארום ס'האָט איצט געבליצט אונ גע־קנאלט אזוי, אז ס'איז קיינ שטילע רעגע ניט געבליבנ.

בא דער שײַנ פונ די בליצנ האָבנ אלע רעגע איינדערפינצטער זיך א

ווײַז געטאָן און סע זײַנען צוריק. פֿאַרשוווּנדן געוואָרן די פֿענעמער פֿון די רײַזנדער. אָט דערזעט מען מאַק־נאַבס רויִק געזיכט, און אָט דערזעט מען פֿאַגאַנעלס אויגן, וואָס בלישטשען מיט נײַגער, און אָט זײַנען גלענאַרוואַנס ענערגישע געזיכט־שטריכן, און אָט איז ראָבערטס דערשראָקן פּנימל, און אָטאָ זײַנען די פֿעסטע געלאַסענע פֿענעמער פֿון די מאַטראָסן.

דאָך האָט זיך נאָך דער רעגן ניט אָנגעהויבן און קיין ווינט איז נאָך אויך ניט געווען צו פֿילן. אָבער פּלוצים האָבן ווערטיקאַלע רערלעך אָנגעהויבן פֿאַרייניקן דעם הימל מיט דער ערד, פּונקט ווי גראָבע פֿעדים פֿון אַ וועבער. שווערע טראָפּנס רעגן האָבן גענומען קלאַפּן איבער דעם וואַסער, איבער וועלכן ס'האָבן זיך גענומען הייבן קלײנינקע פֿאָנטאַנען־שפּריצן, וואָס האָבן אונטער די בליצן אין זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע קאָלירן פֿונעם רעגן־בויגן. קען דען זײַן, אַז דערדאָזיקער אימפּעטדיקער מאַבל זאָל שוין באַטײַטן דעם סאָף פֿון דעם שטורעם? צי דען איז עס מעגלעך, אַז די רײַזנדער זײַנען אָפּגעקומען בלויז מיט אַ קאַלטן דוש? אָדער סע וואַרטן נאָך אף זיי נײַע מאַטערנישן מיט נײַע יעסורים?

אין סאַמע ברען פֿונעם עלעקטרישן אָנפֿאַל אין דער אַטמאָספֿער האָט באַם עק פֿון דער האָריזאָנטאַלער צווײַג זיך פּלוצים אויפֿגעכאַפּט אַ בלענדזנדער העלישער קײַלעך, וואָס איז געווען די גרייס, ווי אַ היפּשער מאַנצבלשער פֿויסט. דער קײַלעך האָט זיך גענומען דרייען אַרום זײַן אַקס און האָט פּלוצים געפּלאַצט, ווי אַ באָמבע, וואָס האָט אַריבערגעהילכט מיט איר אויפֿרײַס אַפֿילע דעם דונער. דער רייעך פֿון שוועבל האָט אַ זעץ געטאָן די רײַזנדער אין די נעזער אַרײַן, און די שטילקײַט, וואָס איז אף אַ ווײַלע אָנגעקומען, איז איבערגעריסן געוואָרן דורך טאָם אַאוסטינס אויסרוף:

— דער בוים ברענט!

טאָם אַאוסטין האָט ניט געגרײַזט. דער פֿלאַם האָט אין איין אויגנבליק אַרומגעכאַפּט די מערעווודיקע צווײַגן און די געבלעטערטקײַט פֿונעם אָמבו, די טרוקענע צווײַגן, פֿייגלשע נעסטן און, ענדלעך, די קאָרע פֿונעם בוים. דאָס אַלץ אין איינעם האָט געשפּײַזט און אונטערגעהאַלטן דאָס פֿײַער, וואָס האָט זיך גענומען פֿאַנאַנדערשפּרייטן מיט אַן אומפֿאַרצוימטער קראַפֿט.

און דאָ איז נאָך צוגעקומען דער ווינט און אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערבלאָזן די פֿלאַמען. דער אוילעם האָט אַ קוק געטאָן, אַז ער איז מיט גאָרניט ניט אימשטאַנד זיך דאָ מיט עפּעס אַרויסצוהעלפֿן. די היץ האָט שוין געבאַקן אין די פֿענעמער אַרײַן. בלײַבן זיצן דאָ, הייסט — אומקומען, אַראָפּשפּרינגען אין וואַסער אַרײַן — איז אויך דאָסזעלבע. אָבער גלענאַרוואַן האָט פֿונדעסטוועגן באַפֿוילן:

— אין וואַסער אַרײַן!

ווילסאָן, וואָס דער פֿלאַם האָט אים שוין באַוויזן אַ לעק טאָן מיט זײַן צונג, האָט דער ערשטער אַ זגעפּילט דעמדאָזיקן באַפֿעל. אָבער פּלוצים האָבן די רײַזנדער דערהערט אַ פֿאַרצווייפֿלטן אויסגעשריי:

— ראַטעוועט! ראַטעוועט!

אַאוסטינ האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ ארויסצוהעלפנ ווילסאָנענ, אונ ער האָט אים טאקע געהאָלפנ ארופקלעטערנ צוריק אפנ בוים.

— וואָס איז געשענ?

— קראָקאָדילנ! קראָקאָדילנ! — האָט ווילסאָנ געענטפערט.

אונ ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער צופוסנס פונעם בוים איז ארומגערינגלט פונ די סאמע בייזע פאָרשטייער פונ דער מאכנע געפאנצערטע יאשטשערס, וואָס די ברייטע פלאטלעכ פונ זייערע שופנ האָבנ זיכ אָפּגעשפּיגלט דעם פלאם, ווי אינ הונדערטער שפּיגלענ. דער צוגעפּלעטשטער עק, די ברענענדיקע אויגנ, די שפּיציקע מאָרדע, די שרעקלעכע פּיסקעס, וואָס זײַנענ צעעפנט ביז צו די סאמע אויערנ — דאָס אלצ האָט דערוויזנ, אז ווילסאָנ האָט קיינ טאָעס ניט געהאט. פּאגאנעל האָט דערקענט אינ זיי די אליגאטערס, וואָס ווערנ אָנגערופנ אינ די שפּאנישע לענדער — קײַמאנעס. אוואדע צענ שטיק פונ דיראָזיקע שרעקלעכע פויזענדיקע באלעכאַים האָבנ ארומגערינגלט דעם אָמבו, אטאקירנדיק דעם שטאם מיט זייערע לאנגע רײַסציינער, וואָס אפ זייערע אונטערשטע קינבאקנ.

אָט דאָס אָ דערזענ, האָבנ די אומגליקלעכע פארשטאנענ, אז זיי זײַנענ שוינ פארפאלנ אפ אייביק, זיי מוזנ אומקומענ אויב ניט אינ פײַער, איז אינעם שלונג פונ דידאָזיקע קײַמאנעס. אונ דאָ האָבנ די רײַזנדער דערהערט, ווי דער מאיאָר האָט מיט זײַנ רויִקער שטימ זיכ אָנגערופנ:

— מיר שײַנט, אז ס'איז שוינ טאקע געקומענ דער סאָפ!

סע טרעפנ אזעלכע אומשטענדנ, ווענ מענטשנ זײַנענ ניט בעקויעכ צו קעמפנ מיט דער סטיכיע, אומשטירצנ קענ זי נאָר א צווייטע סטיכיע. גלענארוואנ האָט צעמישטערהייט געקוקט אפנ פײַער אונ אפנ וואסער, וואָס האָבנ זיכ איצטער אָנגעזעצט אפ אים מיט די כאוויירים מיט זײַנע, אונ ער האָט ניט אָנגעהויבנ וויסנ, פונוואנענ קענ מענ ארויסקוקנ אפ הילפ.

דער שטורעם האָט שוינ געהאלטנ באַם סאָפ, אָבער ער האָט ארויסגערופנ באדײַטנדיקע וואסער־אויסדאמפונגענ, אונ די דאמפ־וואָלקנס, וואָס האָבנ זיכ אופגעהויבנ, זײַנענ געווענ שטארק אָנגעעלעקטריזירט. אפ דאָרעמ האָט זיכ אויסגעבילדעט א ריזיקער וואסער־געווירבל, וואָס האָט פאריינִיקט דאָס אופגעכוואליעט וואסער מיט די שטורעמדיקע וואָלקנס. דערדאָזיקער וואסער־געווירבל האָט זיכ געדרייט ארומ דער אייגענער אקס אונ זיכ דערנעענטערט מיט א גוואלדיקער שנעלקײַט. אונ די גאנצע צײַט פונעם דרייענ זיכ פונ זײַנעם, האָט ער געהאלטנ אינ איינ אײַנזאפּנ אינ זיכ דאָס וואסער פונ דער אָזערע, וואָס האָט זיכ איצט אופגעהויבנ צום הימל־צו, ווי א גיגאנטישער זײַל.

דער וואסער־געווירבל איז פּלוצים אָנגעפלויגנ אפ דעם אָמבו, ער האָט אים ארומגעכאפּט פונ אלע זײַטנ אונ גענומענ טרייסלענ דעם בוים ביז צו די סאמע וואָרצלענ. די רײַזנדער האָבנ פונ אָנפאנג געמיינט, אז די קײַמאנעס אטאקירנ עס אזוי דעם בוים מיט זייערע שטארקע קינבאקנ אונ ס'האָט זיכ

זיי שוין אײַנגעגעבן אים אופֿירן פֿונעם אָרט. פּלוצים האָבן זיי דערפֿילט, אַז דער ריזיק־גרויסער בוים האָט זיך אָנגעהויבן בייגן און אָט־אָט פֿאַלט ער שוין. זײַנע פּלאַטערנדיקע נידעריקע צווײַגן האָבן זיך אָפּגעטוקט אין דעם וואַסער און זײַנען מיט אַ מאָדנער צישערײַ אויסגעלאָשן געוואָרן. דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין מעשך פֿון איין רעגן טאָקע, און דער געווירבל איז שוין דערווײַל ערגעץ־ווו פֿאַרשווונדן.

דעם אומגעפֿאַלענעם בוים האָבן אונטערגעכאַפּט דער ווינט צוזאַמען מיטן שטראָם און ס׳האָט ניט קיין סך געדויערט, ביז ער האָט זיך געלאָזט שווימען. די קײַמאַנעס זײַנען זיך אַלע צעלאָפֿן, אויסער איינעם, וואָס האָט אַרויפֿגעקלעטערט אויף די הילע וואָרצלען פֿונעם בוים און גענומען פּויזען צו די רײַזנדער. אָבער מיולערדי האָט אָפּגעבראָכן אַ גראָבע צווײַג און האָט מיט אַלע קויכעס דערלאַנגט דעם קײַמאַן אַזאַ מין זעץ, אַז יענער איז אַראָפּגעפֿאַלן מיט אַן איבערגעבראָכענעם רוקן־ביין גלײַך אין שטראָם אַרײַן און האָט דערנאָך אַ לאַנגע צײַט געשוימט דאָס וואַסער מיט די קלעפּ פֿון זײַן שרעקלעכן עק.

ווי גלענאַרוואַן מיט די כאַווײַרים זײַנען האָבן דערפֿילט, אַז זיי האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון דעמדראָזיקן נישט געבעטענעם שאָכן, אַזוי האָבן זיי זיך גלײַך איבערגעקליבן אויף די צווײַגן, וואָס ליגן אין דער ריכטונג פֿונעם ווינט. דער ברענענדיקער בוים איז זיך דערווײַלע געשווימען מיטן שטראָם און אין דער זעלבער צײַט האָט ער באַלויכטן די פֿינצטערניש, פּונקט ווי אַ גיגאַנטישער שטורקאַטש.

## זעקסונצוואַנציקסטע קאַפּיטל

# דער אַטלאַנטישער אָקעאַן

שוין מער פֿון צוויי שעה, אַז דער אָמבו שווימט איבער דער אײַמעדיקגרויסער אָזערע און מע זעט נאָך אַלץ ניט קיין האַרטע ערד. דאָס פֿײַער, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געפֿרעסן דעם בוים, איז צוביסלעכווײַז אויסגעלאָשן געוואָרן. אַזוי אַרום, איז שוין די הויפּט־געפֿאַר, וואָס האָט געדראָעט די רײַזנדער, אויך דורכגעגאַנגען. דער מאַיאָר האָט צוגעגעבן בעייסמײַסע, אַז אויב מע וועט איצט אָפּגעראַטעוועט ווערן, וועט עס שוין פֿאַר אים ניט זײַן קיין איבעריקער וווּנדער.

דער שטראָם האָט געטראָגן דעם אָמבו פֿון ז׳אָרעם־מײַרעוו צו צאָפֿנמיזרעך. אַרום האָט געהערשט אַ געדיכטע פֿינצטערניש, וואָס איז בלויז ווען־ניט־ווען דורכגעריסן געוואָרן מיט אַ פֿאַרשפּעטיקטן בליץ. דער שטורעם איז שוין איבערגעגאַנגען, אַנשטאָט דעם גאָסרעגן האָבן שוין איצט געטריפּט דריבנינקע טראָפּנס, די צעריסענע אויסגעבלייכטע וואָלקנס האָבן לאַנגזאַם געפּויזעט איבערן הימל.



אינדערפינצטער האָט זיכ אויסגעטיילט דעם אינדיאנערס הויכע פיגור, אונ ער האָט זיי באגריסט

דער שווימיקער שטראָם האָט געטראָגן דעם אָמבו מיט א גוואַלדיקער שנעלקייט. דער בוים האָט זיך געגליטשט איבערן וואסער מיט אזא מין גיכקייט, פונקט ווי ער וואָלט געווען באוואָפנט מיט דער שטארקסטער מאשין. די רייזנדער האָבן מוירע געהאט, אז דער שטראָם וועט זיי שלעפן מיט זיך אין מעשעכ פון עטלעכע מעסלעס צייט, אָבער זייער מוירע איז געווען אַן איבערגעטריבענע, וואָרום ארום דרייַ אזייגער פארטאָג האָט דער מאיאָר באַמערקט, אז די וואָרצלען פונעם אָמבו טשעפּען זיך, דוכט זיך, פאַרן דנאָ. האָט טאָם אאוסטין אָפּגעריסן א לאַנגע צווייַג און גענומען מיט איר מעסטן די טיפ און איבערצייגן האָט ער אָנגעזאָגט די כאווירים זיינע, אַז דער דנאָ הייבט זיך שוין טאַקע אויף. און ווירקלעך, אין צוואַנציק מינוט אַרום האָט זיך דערהערט א שטויס, און דער בוים איז געבליבן שטיין.

— ערד! ערד! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.

די עקן פון די ארומגעבראָכענע צווייַגן האָבן זיך פאַרטשעפּעט פאַרן זיך אופהייבנדיקן דנאָ. קיינמאָל האָבן נאָך קיין שום יאַם־רייזנדער, ווייַזט אויס, נים איבערגעלעבט באַם זעצן זיך אַף א זאַמד־באַנק אַזויפיל פרייד, וויפל אונדזערע רייזנדער האָבן איבערגעלעבט איצטער. דער היגער זאַמד־באַנק האָט באַדייט — די נאָענטקייט פון דער יאַבאָשע. ווילסאָן מיט ראָבערטן זיינען די ערשטע אַרייַנגעשפּרונגען אין וואַסער אַרייַן און זיינען אַרויסגעלאָפן אַפן ברעג.

א באַקאַנטער פייַף האָט זיי דאָ גריסנדיק באַגעגנט און גלייַך נאָכן פייַף האָט זיך דערהערט א גיך רייַטן פון א פערד און סע האָט זיך אָנגעהויבן אויסטיילן אינדערפינצטער דעם אינדיאַנערס הויכע פיגור.

— טאַלקאַוו! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.

— Amigos*! — האָט דער אינדיאַנער געענטפערט.

ער האָט אָפּגעוואַרט די רייזנדער דאָ אַפן ברעג פונקט אַפן זעלבן אָרט, ווו דער שטראָם האָט אים גופע אַהער אַרויסגעטראָגן. דער אינדיאַנער האָט אופגעהויבן ראָבערטן פון דער ערד און אים צוגעדריקט צום האַרצן. פּאַגאַנעל איז אים געפאַלן אַפן האַלדז, און די איבעריקע רייזנדער, וואָס האָבן פאַר דער צייַט זיך באַוויזן אַרויסצוקלייַבן אַפן ברעג, האָבן זיך אַרומגעיאָגט אַהער. יעדערער האָט אים גיכער געוואָלט דריקן די האַנט, און אַלע האָבן זיך מאַמעש געפילט גליקלעך, וואָס סע האָט זיך ווידעראַמאָל באַגעגנט מיטן געטרייַען טאַלקאַוון.

ווי ס'איז נאָר איבערגעגאַנגען די פריידיקע באַגעגעניש, אַזוי זיינען די רייזנדער גלייַך אַוועקגעגאַנגען נאָכן פּאַטאַגאָנער. ער האָט זיי אַוועקגעפירט צו א שטאַל פון א פּאַרלאָזענער עסטאַנציע. דאָרטן האָט געפלאַקערט א שייַטער און אַפן שייַטער האָבן זיך געבראָטן פייַנשמעקנדיקע שטיקער געווילד. דער אוילעם האָט זיך צוגעכאַפּט צום געשמאַקן פלייש, זיי האָבן זיך אַלע

* פרייַנט!

דערפֿילט גוט און האָבן געקוקט אַף די אַלע דורכגעגאַנגענע געפֿאַרן, ווי אַף אַ בייזן פֿאַרגאַנגענעם כאָלעם.

טאַלקאַוו האָט אין קורצע ווערטער דערציילט פּאַגאַנעלן, וואָס מיט אים איז פֿאָרגעקומען ביז ער האָט זיך געראַטעוועט. ער האָט אויך געזאָגט, אַז זײַן רעטונג האָט ער צו פֿאַרדאַנקען נאָר טאָוקען. אויך פּאַגאַנעל האָט דערציילט טאַלקאַוון וועגן דעם נײַעם שפּור, וואָס זיי האָבן אויסגעזוכט אין די דאָקומענטן, אָבער ווער ווייסט, צי טאַלקאַוו האָט אים פֿאַרשטאַנען, צי ניט?

בלויז אויסערסט־מוטיקע מענטשן וואָלטן מאַסקים געווען צו פֿאַרעכענען אַלס אָפּרו די שאָען, וואָס זיי האָבן דורכגעפֿירט אַפֿן אָמבו. און דאָך האָבן אונדזערע רײַזנדער זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן, קעדיי פֿאָרצוזעצן דעם וועג.

אַכט אַזייגער אינדערפֿרי זײַנען שוין אַלע געווען גרייט צום מאַרש. די עסטאַנציעס מיט די כאַלאַדערעס האָבן זיך געפֿונען ווײַט צו צאָפֿן־צו, אַזוי אַז ס'איז שווער געווען זיך צו באַוואָרענען מיט פֿערד אַפֿן וועג, און דעם אוילעם איז אויסגעקומען פֿאָרצוזעצן דעם וועג צופֿוס. אַגעוו, האָבן זיי שוין מער ניט געהאַט פֿאַר זיך ווי פֿערציק מײַל גאַנג, און טאָמער האָט זיך ווער ס'ניט איז פֿון די פֿוסגייער אײַנגעמידט, האָט ער געהאַט די מעגלעכקײַט זיך אַרופֿזעצן אַף אַ שאָ אָדער אַף צוויי צו טאָוקען אַפֿן זאָטל. לויטן כעזשבן, האָט מען פֿאַר זעקס און דרײַסיק שאָ שוין געדאַרפֿט אָנקומען צום ברעג פֿונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

די רײַזנדער האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם פֿאַרפֿלייצטן נידער־פֿלאַך און האָבן מוטיק אַוועקגעשפּאַנט מיט טאַלקאַוון אין דער שפּיץ איבערן פֿליינ. די אומענדלעכע ראַכוועסן זײַנען געווען באַדעקט מיט גע־דיכטן גראָז, וווּ־ניט־וווּ האָט מען באַגעגנט גאַנצע גרופּעסביימער, וואָס די אייראָפּייער האָבן דאָ אַף אַ קינסטלעכן אופֿן פֿאַרפֿלאַנצט. די ווילדע ביי־מער זײַנען געוואַקסן בלויז אַף די גרענעצן פֿון די פּריריס אינדערנאָענט לעם דעם קאַפּ קאָריענטעס.

פֿאַרן ערשטן טאָג האָבן די רײַזנדער דורכגעמאַכט פֿופֿצן מײַל. צום סאָף פֿונעם צווייטן טאָג האָבן אונדזערע לײַט שוין דערפֿילט די נאָענטקײַט פֿונעם אָקעאַן. דער וויראַצאָן — דער מאָדנער יאַם־ווינט, וואָס בלאָזט צו סאָף טאָג און צו סאָף נאַכט, האָט געבויגן צו דער ערד דאָס הויכע גראָז. אַף דעם מאָגערן באָדן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן וווּ־ניט־וווּ אַקאַציע־ביימער און קורא־מאַבעל־קוסטן. עטלעכע לאַגונען מיט געזאַלצענעם וואַסער האָבן גע־בלישטשעט אַנטקעגן דער זון, פּונקט ווי פּיצלעך פֿון אַ צעבראָכענעם שפּיגל.

די רײַזנדער האָבן פֿאַרגיכערט דעם טראָט, קעדיי זיי זאָלן ביז נאַכט פֿאַרגיין צו דער אָזערע סאַלאַדאָ, וואָס געפֿינט זיך שוין אַפֿן סאַמע ברעג פֿונעם אָקעאַן. אַרום אַכט אַזייגער אינאָוונט, בעשאַס די ערשטע זאַמדיקע דיונעס האָבן זיך באַוויזן, זײַנען זיי שוין אַלע געווען זייער מיד, אָבער אינ־גיכן האָט זיך דערטראָגן צום געהער פֿון די רײַזנדער דער גערייש פֿון די כוואַליעס.



די קינדער
פונעם קאַפּיטאַן גראַנט
1-טע קאַרטע
דאָרעם-אַמעריקע
צונויפגעשטעלט ז שול ווערב
פּראָווינץ
לאַ-פּלאַטאַ
סאַן-לויס
מענדאָסאַ
סאַנט-יאַגאָ
קאָנסעפּסיאָן
טאַלקאַהואַנאָ
ואַלדיוויאַ
אַראַוקאַניאַ
בוענאָס-אײַרעס
מאָנטעווידעאָ
לאַ-פּלאַטאַ
אורוגוויי
ט. אורוגוויי
ט. פּאַראַנאַ
אַרגענטינער רעפּובליק
פּאַמפּאַס
קאַפּ האָלאַנטאַני
קאַפּ קאָריענטעס
גלענאַרוואַנס
עקספּעדיציע - מאַרשרוט
פּאָרט פון אומאַנעגאנקווייט
קאַרמען
ט. נעגראָ
ט. קאָלאָראַדאָ
אייזגוס היל. מאַטיאַס
פּאַטאַגאָניע
פּאַסיפיק
אַטלאַנטישער אָקעאַן
80
75
70
65
60
55
35
37
40

— אוי, דער אָקעאַן! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.
— יאָ, דער אָקעאַן, — האָט טאַלקאַוו געענטפערט.
און די אויסגעמאַטערטע מענטשן, וואָס האָבן נאָך וואָס מיט גרויס שוועריקייט געשלעפּט די פיס, האָבן שוין איצט גענומען קלעטערן אַף די דיונעס פון וואַסערע פּופּצן-צוואַנציק קלאַפטער די הייך מיט א וואונדערלעכער לײַכטקייט. די נאַכט האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן, די בליקן, וואָס האָבן זיך איינגעבּיסן אינעם יאַם אַרײַן און זיך געפרוווט דורכדרינגען די פינצטערניש, האָבן שטאַרק געזוכט די יאַכט-שיף, אָבער — אומזיסט — „דונקאַנע" האָט קיינער נישט דערזען.
— איך פאַרזיכער אײַך אָבער, אַז „דונקאַן" איז שוין דאָ! — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן. — „דונקאַן" וואַרט שוין אַף אונדז!
— מאָרגן וועלן מיר זיך זען מיט איר, — האָט מאַק-נאַבּס געענטפערט.
טאָם אַאוסטין האָט געפרוווט א הויקע טאָן צו דער אומגעזעענער יאַכט-שיף, אָבער קיין ענטפער איז פונדאַרטן ניט געקומען.
ס'איז גאָר קיין כידעש ניט געווען, אויב „דונקאַן" האַלט זיך איצטער עטוואָס ווײַטלעך פון דעמדאָזיקן געפערלעכן אומהיימלעכן ברעג. דער פאַרזיכטיקער און פאָרויסזעענדיקער דזשאָן מאַנגלס האָט, פאַרשטייט זיך, אַנדערש ניט געטאָרט טאָן. לויט טאָם אַאוסטינס מיינונג, האָט „דונקאַן" איצט געדאַרפט קרייסירן צום ווינציקסטן וואַסערע כינף מײַל פונעם ברעג. דער מאַיאָר האָט אײַנגערעדט זײַנע אומגעדולדיקע פרײַנט, אַז זיי זאָלן זיך באַרויקן, ווײַל ס'איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו פאַנאַנדערטרײַבן די געדיכטע פינצטערניש, און אויב אַזוי, איז דאָך אוואַדע ניט קעדײַ אָנצושטרענגען אומזיסט דעם בליק און זיך פאַרשטערן דעם פאַרדינטן אָפּרו.
דער אוילעם האָט מאַסקים געווען מיטן מאַיאָר. מע האָט א נעם געטאָן זיך גרייטן צום נאַכטלעגער, די לעצטע רעשטן פון די שפּײַז-רעזערוון האָט מען אופגעגעסן באַם לעצטן אָוונט-ברויט. דערנאָך האָט יעדערער נאָכגעטאָן דעם מאַיאָרס בײַשפּיל און מע האָט זיך אויסגעגראָבן אין זאַמד א געלעגער. יעדערער פון די רײַזנדער האָט זיך אײַנגעדעקט מיט דער זאַמדיקער קאָלדרע ביזן האַלדז און זיך פאַרגלויבט דעם שלאָף.
בלויז איין גלענאַרוואַן האָט גאָר ניט געקענט אַנשלאָפן ווערן. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער דעם ליידיקן פּליאַזש, וווהין ס'איז אַלע מאָל אָנגעלאָפן דער גלאַנץ פון די פאָספאָרישע כוואַליעס. צײַטנווײַז האָט זיך אים אפילע אויסגעוויזן, אַז ער זעט אינדערפינצטערניש בלינצלענדיקע פײַערלעך.
— איצט האָב איך שוין, דאַכט זיך, קיין טאָעס ניט! — האָט ער געטײַנעט צו זיך אַליין, — איך זע, דאַכט זיך, דעם פאָדערשטן לאַמטערן פון „דונקאַן". אַך, פאַרוואָס איז דער בליק מײַנער ניט אימשטאַנד דורכצודרינגען דידאָזיקע פינצטערניש!
פלוצים איז אים אַרופגעקומען אַפן געדאַנק, אַז פּאַגאַנעל האָט זיך פאַר אים באַרימט מיט זײַן ניקטאַלאָפּיע, דאָס הייסט, מיט דעם, וואָס ער זעט

באַנאַכט אַזוי, ווי אַ קאַץ. איז ער אַוועקגעלאָפֿן אויפֿוועקן דעם געלערנטן. דער געלערנטער איז געשלאָפֿן אין זײַן זאַמדיקער גרוב זאָרגלאָז, ווי אַ פּיצל קינד. גלענאַרוואַנען איז אָנגעקומען שווער אים אויפֿצוּוועקן.

אַז פּאַגאַנעל האָט זיך דערוווּסט, אין וואָס דאָ גייט, האָט ער גענומען שעלטן קלוימערשט זײַן ניקטאַלאָפּיע, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און איז אַוועקגעגאַנגען צוזאַמען מיט גלענאַרוואַנען נענטער צום ברעג. ער האָט געקוקט אַהער, געקוקט אַהין, און אַז גלענאַרוואַן האָט אים געפֿרעגט:

— נו, פּרײַנט פּאַגאַנעל, וואָס זעט איר דאָרט? גיכער זאָגט.

האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט:

— גאָרניט זע איך ניט, צו אַלדע רוכעס!

דערנאָך האָט גלענאַרוואַן באַמערקט, ווי פּאַגאַנעל גייט, און דער קאָפּ לאָזט זיך בײַ אים אַלע מאָל טיפֿער אַראָפּ צו דער ברוסט; דערנאָך האָט ער דערזען, ווי יענער פּלאָנטערט מיט די פֿיס, ווי אַ שיכּורער. אַז ער האָט אויפֿגעהויבן אַף אים די אויגן, האָט ער באַמערקט, ווי דער געלערנטער געאַגראַפֿ גייט און שלאָפֿט.

פֿאַרטאָג האָבן זיך אַלע שלאָפֿנדיקע אויפֿגעכאַפּט פֿונעם אויסגעשריי:

— „דונקאַן"! „דונקאַן"!

— אורא! — האָבן אַלע איבעריקע רײַזנדער געענטפֿערט אַף גלענאַרוואַנס רוף און זײַנען אַוועקגעלאָפֿן אַלע צום ברעג.

די יאַכט־שיף האָטווירקלעך געדרייפֿט וואָסערע פֿינף מײַל פֿונעם ברעג. דער רויך פֿון אירע קוימענעס האָט זיך צונויפֿגעמישט מיטן אינדערפֿריִענדיקן נעפּל. דער יאַם איז געווען ניט גאָר רויִק און אַפֿילע פֿאַר אַזאַ שיף, ווי „דונקאַן", איז געווען אַ געוויסע אײַנשטעלעניש זיך האַלטן גאָר נאָענט באַם ברעג.

גלענאַרוואַן האָט זיך באַוואָפֿנט מיט פּאַגאַנעלס קוק־רער און האָט אומוסהערלעך נאָכגעקוקט נאָך אַלע מאַנעווערס פֿון דער יאַכט־שיף. ווערליך אַף דער שיף איז אַלץ געווען רויִק, דאַרף מען פֿאַרשטיין, אַז דזשאָן מאַנגלס האָט נאָך ניט באַמערקט די פּאַסאַזשירן זײַנע דאָ אַפֿן ברעג.

אין אָ דער רעגע האָט סאַלקאַוו אָנגעלאָדן די ביקס זײַנע מיט אַ צווייענדיקער מאָס פּולווער און האָט אויסגעשאָסן אין דער ריכטונג פֿון דער יאַכט־שיף.

אַלע האָבן זיך גענומען אײַנהערן, אַלע האָבן אַרײַנגעשטעקט די בליקן אין דער יאַכט־שיף. דעם אינדיאַנערס קאַראַבין האָט דרײַ מאָל געוועקט דאָסווידערקאָל פֿון די דיונעס.

ענדלעך האָט זיך פֿונעם באָרט פֿון דער יאַכט־שיף אויפֿגעהויבן אַ ווײַס רויכעלע.

אין עטלעכע רעגעס אַרום האָט זיך אַהער צום ברעג דערקײַקלט אַ סויבער הילך פֿון אַ האַרמאַטן־שאָס און אין דערזעלבער רעגע האָט „דונקאַן" געענדערט דעם קורס און זיך געלאָזט גיין צום ברעג.



סאלקאה געזעגנט זיך מיט די רייזנדער. און דאָס שיפל שווימט אינדערניך אָפּ פונעם ברעג

אינגיכן דאָט מען שוין דורך דער קוק־רער געקענט זען, ווי מע לאָזט אראָפּ אפּן וואסער א קליינ שיפל.

— מיסיס גלענארוואן וועט ניט קענען פאָרן, — האָט טאָם אאוסטין באַמערקט, — ווײַל דער יאם איז צו אומרויִק.

— און דזשאָן מאנגלס וועט אויך ניט קענען פאָרן, — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן, — ווײַל ער טאָר ניט איבערלאָזן די שיפ.

— מײַן שוועסטערל, מײַן שוועסטערל! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן און אויסגעשטרעקט די הענט צו דער יאַכט־שיף, וואָס האָט זיך גאנץ היפּש געוויגט.

— אך, ווי מיר וואָלט זיך שוין וועלן זײַן גיכער אפ דער שיף! — האָט גלענארוואן אויסגערופן.

— געדולד, עדוארד! — האָט אים דער מאיאָר געענטפערט. — אין צוויי שאָ ארום וועלן מיר דאָרטן אלע זײַן.

צוויי שאָ! ווארום דאָס שיפל וואָלט טאקע ניט געקענט דורכמאכן די דאָזיקע רײַזע היג און צוריק פאר קיינ קירצערן טערמינ.

גלענארוואן איז צוגעגאנגען צו טאלקאוו, וואָס איז געשטאנען צונויפגעלייגט די הענט אפ דער ברוסט באנאנד מיט זײַן טאוקען און רויִק באַקוקט דעם צעכוואליעטן וואסער־אויבערפלאך. מיסטער גלענארוואן האָט אים אָנגעכאפּט בא דער האנט און אים אָנגעוויזן אפ דער יאכט־שיף.

— קום, פאָר מיט אונדז! — האָט ער זיך אָנגערופן.

דער אינדיאַנער האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ אפ ניין.

— לאָמיר פאָרן, מײַן פרײַנט! — האָט גלענארוואן איבערגעכאזערט.

— ניין, — האָט טאלקאוו וויך געענטפערט. — דאָ איז טאוקא, דאָרט זײַנען די פאמפאסן, — האָט ער צוגעגעבן, און מיט א ברייטן פיר פון דער האנט האָט ער א ווײַז געטאָן אפ דעם גרענעצלאָזן פליין.

גלענארוואן האָט פארשטאנען, אז דער אינדיאַנער וועט מיט זײַן גוטן ווילן זיך קיינמאָל ניט וועלן שיידן מיט די פריירים. ער האָט פארשטאנען, ווי גרויס בא דידאָזיקע מידבער־קינדער ס'איז די ליבע צו זייער היימאט. דערום איז ער שוין מער ניט באשטאנען אפ זײַן פאָרשלאג, ער האָט נאָר פעסט געדריקט דעם פאטאגאָנער די האנט, ער האָט זיך מיט אים אויך צופיל ניט געדונגען דאן, ווען טאלקאוו האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען געצאָלטס פאר זײַן ארבעט.

— פאר פרײַנטשאפט! — האָט ער זיך אָנגערופן און אָפּגערוקט פון זיך דעם טײַסטער, וואָס גלענארוואן האָט אים פאָרגעלייגט.

גלענארוואן איז גוואלדיק געווען גערירט פון דעמדאָזיקן זשעסט. אים האָט זיך געוואָלט איבערלאָזן טאלקאוו כאָטש א וואַסער ניט איז מאטאָנע אפ אן אָנדענק וועגן די פרײַנט־די־איראָפּייער. אָבער ער האָט דאָך שוין איצטער בא זיך גאָרניט ניט געהאט. די פערד, דאָס געווער — אלץ איז פארלוירנגעגאנגען אין דער צײַט פונעם געוויסער, און זײַנע מיטרײַזנדער זײַנען אויך ניט געווען רײַכער פון אים.

אים האָט זיך אָבער פּאָרט געוואָלט עפּעס אויפטאָן אויעלכס, האָט ער אזוי לאנג געקלערט, ביז ער האָט זיך פֿלוצים דערמאנט און ארויסגעשלעפּט פֿון זײַן בוזעם־טײַסטער א קאָסטבארן מעדאליאָן, וואָס האָט געדינט אַלס ראַמל פֿאַר א מיניאטיור־בילדל. דאָס בילדל איז געווען איינס פֿון לאָורענס בעסטע קונסט־ווערק, און ער האָט עס מיט גרויס פֿרייד דערלאנגט דעם אינ־דיאַנער.

— מײַן פֿרוי, — האָט ער זיך אָנגערופֿן.

טאלקאוו האָט מילד אָנגעקוקט דעם פּאָרטרעט און זיך אָנגערופֿן:

— זי איז גוט און שיין.

ראָבערט, פּאגאנעל, דער מאיאָר, טאָם אאוסטין און די מאטראָסן האָבן, לויט דער ריי, זייער רירנדיק זיך געזעגנט מיטן פּאטאגאָנער. דידאָויקע איי־דעלע לײַט זײַנען עמעס געווען צעטראָגן פֿון דער געזעגענונג מיט זייער העלדישן און געטרײַען וועגווײַזער. טאלקאוו האָט זיי איטלעכן געדריקט צו זײַן ברייטער ברוסט. פּאגאנעל האָט אים נאָך געשענקט פֿארן אָפּשייד די מאַפּע פֿון דאָרעם־אמעריקע און פֿון ביידע אָקעאנען, ווײַל דער אינדיאַנער פֿלעג זיי אָפֿט באַקוקן מיט גרויס נײַגעריקײַט. דאָס איז געווען דער סאמע טײַערסטער אוצער, וואָס דער געלערנטער האָט איצט פֿארמאָגט. ראָבערט האָט גאָרניט ניט געהאט וואָס צו שענקען דעם פֿרײַנט זײַנעם, אויסער צערט־לעכקײַטן. ער האָט אויך ניט פֿאַרגעסן א קוש צו טאָן טאוקען.

און דאָ האָט שוין דאָס שיפֿל, וואָס „דונקאַן" האָט אראָפּגעשיקט, זיך דערנענטערט צום ברעג און איז ווייך ארײַנגעפֿאָרן אינעם זאמד ארײַן.

— וואָס מאכט מײַן פֿרוי? — האָט גלענארוואַן צום אַלעם ערשטן א פֿרעג געטאָן.

— און די שוועסטער מײַנע? — האָט ראָבערט אונטערגעכאַפּט.

— מיסיס גלענארוואַן און מיס גראַנט וואַרטן אויף אײַך מיט גרויס אומ־געדולד, — האָט דער שטויער־ווודערער געענטפֿערט. — מע מוז זיך גלײַך אומ־קערן אויף דער שיף, סער, ווײַל ס'וועט זיך באַלד אָנהייבן דער צופֿלוס, וועט זײַן שווער ארויסצורודערן פֿונדאנען.

אַלע האָבן נאָכאמאָל זיך ארומגענומען מיטן אינדיאַנער. טאלקאוו האָט באַגלייט זײַנע פֿרײַנט ביז צום סאמע שיפֿל, וואָס איז שוין ווידער געשטא־נען אויפֿן וואסער, און בעשאַס ראָבערט האָט שוין געהאַלטן באַם ארײַנ־שפּרינגען אינעווייניק, האָט אים דער פּאטאגאָנער אויפֿגעהויבן אונטער די הענט און מיט צארטקײַט אים ארײַנגעקוקט אין די אויגן ארײַן.

— אַדיע! — האָט ער זיך אָנגערופֿן. — דו — קלייניקער מאנצפּארשוין!

— זײַ געזונט, מײַן פֿרײַנט, זײַ געזונט! — האָט גלענארוואַן נאָכאמאָל אויסגערופֿן.

— צי דען וועלן מיר זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען? — האָט פּאגאנעל מיט גרויס בענקעניש א זאָג געטאָן.



מיסיס עלען און מערי גראנט שטייען אױף באָרט און שפּירן נאָך נאָכן שיף,
— וואָס דערנעענטערט זיך

Quien Sabe? * — האָט טאַלקאַוו געענטפערט.

דאָס זײַנען געווען דעם אינדיאַנערס לעצטע ווערטער. דאָס שיפל איז אינדערגיך אָפּגעשווימען פונעם ברעג און איז אוועקגעשלעפט געוואָרן פונעם אָפּפלוס. לאַנג־לאַנג האָט מען נאָך געזען טאַלקאַווס אומבאַוועגלעכן סילועט, אויפן ברעג שטייענדיק, דערנאָך איז די הויכע געשטאַלט פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם אויג.

אין א שאָ ארום איז ראָבערט דער ערשטער ארויפגעלאָפן אויפן טראַפּ פון דער יאַכט־ש־ף און איז גלײַך געפאַלן מערי גראַנטן אויפן האַלדז, אונטער די הילכיקע הורא־אויסגעשרייען פון דער מאַנשאַפט.

אָט אזוי האָט זיך פאַרענדיקט דערדאָזיקער איבערגאַנג איבער דער גראַד־דער ליניע דורך גאַנץ דאָרעם־אמעריקע. סײַ די בערג, סײַ די טײַכן זײַנען ניט געווען אימשטאַנד צו צווינגען די געוואַגטע, פאַרכטלאָזע רײַזנדער אָפּ־צוטרעטן פון זייער מאַרשרוט ניט העכטס אויף קיין טראָט און ניט לינקס אויף קיין טראָט. ס'איז זיי ניט אויסגעקומען זיך צוזאַמענשטויסן דאָ אויפן וועג מיטן בייזן ווילן פון אַנדערע מענטשן, אָבער אויך דער קאַמף מיט דער אומ־באַלעבאַטער נאַטור האָט זיי געבראַכט צו גרויסע ניסיונעס און געפאָדערט פון זיי אסאַך מוט און העלדישקײַט.

---

* ווער ווייסט?

## ערשטע קאַפּיטל

# צוריק אַפ דער שיפ

אזויווי גלענאַרוואַן האָט ניט געוואָלט, אז דער אוילעם זאָל זיך מיט־אַמאָל אַנטוישן פון דעם, וואָס האַרי גראַנט איז דאָ צווישן זיי נאָך ניטאָ, האָט ער צום אַלעם ערשטן, ווי נאָר ער איז אַרופּ אַפ דער שיפּ, אויסגערופן הויך אַפ א קאָל:

— געדולד, מײַנע ליבע פרײַנט! געדולד! דער קאַפּיטאַן גראַנט איז נאָך מיט אונדז דאָ ניטאָ, אָבער מיר ווייסן אַפ זיכער, אז מיר וועלן אים געפינען.

און באַלד נאָך די ערשטע באַגריסונגען האָט מען אויסדערציילט פאַר עלענען, פאַר מערין און דזשאָן מאַנגלסן אַלע וויכטיקסטע געשעענישן פון דער עקספּעדיציע, אָבער פריִער פון אַלץ איז זיי געוואָרן קלאָר די נײַע אויסטײַטשונג פונעם דאָקומענט, וואָס דער קלוגשאַפטלעכער פּאַגאַנעל האָט אָפּגעזוכט. מערי גראַנט האָט געהאַט די פולע רעכט צו שטאָלצירן מיט איר ברודער: גלענאַרוואַן האָט זייער בילדעריש דערציילט וועגן דעם יאַטלס דרײַסטקײַט, וועגן זײַן איבערגעגעבנקײַט, וועגן די געפאַרן, וועלכע זײַנען אים אויסגעקומען אויסצומײַדן, און דאָס יאַטל האָט בעייסמײַסטע ניט געוווסט, וווּ זיך אַהינצוטאָן, האָט ער זיך גאָר געפונען אַן אַנטרינונג אין דער שוועסטערס אָרעמס.

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו רויטלען, ראָבערט, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס צו אים אָנגערופן, — וואָרום דאָס באַווײַזט נאָר, אז דו ביסט א זון, וואָס וועט די ווערט זײַן אַזא מין טאַטן, ווי דער קאַפּיטאַן האַרי גראַנט.

מע פאַרשפּאָרט דאָ דערציילן וועגן דעם אופנעם, וואָס מע האָט אַרויסגעוויזן דעם מאַיאָר און דעם געלערנטן געאָגראַף און וועגן די דאַנקבאַרקײַט־געפילן, וואָס מע האָט אויסגעדריקט דעם אָפּוועזנדיקן טאַלקאַוו. עלענע האָט זייער באַנק געטאָן, וואָס זי האָט ניט געהאַט די מעגלעכקײַט צו דריקן די האַנט פונעם דאָזיקן בראַוון אינדיאַנער.

מאק־נאבס האָט באַלד נאָך די ערשטע באַגעגעניש־פרײדן זיך אראָפּגע־לאָזט אין דער קאַיוטע און צום אַלעם ערשטן זיך זײער גוט אָפּגעגאָלט. וואָס איז שײַך פּאַגאַנעלן, האָט ער אומדערמידלעך אומגעשוועבט איבער דער שיף פון איינעם צום צווייטן און האָט, ווי א בינעלע, אומעטום געקליבן דעם האָניק פון ליבגעזאָנגענע און פון שמייכלען. אים האָט זיך געוואָלט ארומנעמען די גאַנצע „דונקאַן"־מאַנשאַפט, און אַזוי־ווי ער האָט געהאַלטן, אז עלען און מערי גראַנט זײַנען אויך א טייל פון דער מאַנשאַפט, האָט ער טאַקע פון זיי אָנגעהויבן און געענדיקט מיט אָלבינעטן.

דער קיך־מײַסטער איז געווען זייער געריכט פון דעראָזיקער ליבלעכ־קײַט, אָבער אַזוי־ווי ער האָט ניט געוווּסט אַקוראַט, וואָס מע ענטפערט דער־רויף, איז דאָס ערשטע, וואָס בא אים האָט זיך ארויסגעכאַפּט פון מויל, געווען — אז דער טיש איז שוין געגרייט און דער פרישטיק איז שוין פאַרטיק.

— ווי, דער פרישטיק? — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.

— יאָ, הער פּאַגאַנעל, — האָט אָלבינעט געענטפערט.

— אַן עמעסער פרישטיק? בא אַן עמעסן טיש? מיט מעסער־גאָפּל און מיט א סערוועטקעלע?

— פאַרשטייט זיך, הער פּאַגאַנאַל.

— און מע וועט אונדז שוין מער ניט דערלאַנגען ניט קיין געטריקנט פלייש און ניט קיין הארטע אייער, און ניט קיין שטרויסן־פלייש?

— וואָס רעדט איר, וואָס, מײַנע הערשאַפטן! — האָט זיך דער קיך־מײַסטער שיר נישט באַליידיקט.

— ניין, ניין, מײַן פרײַנט, איך בין ניט אויסן אײַך צו באַליידיקן, — האָט זיך דער געלערנטער אָנגערופן מיט א שמייכל, — אָבער איר דאַרפט דאָך וויסן זײַן, אז אין משך פון גאַנצן כוידעש צײַט האָבן מיר ניט געגעסן בא קיין טיש, מיר האָבן געגעסן אף דער הוילער ערד און, אין בעסטן פאַל, זיצנדיק אף די ביימער, שטאַמען, אַזוי, אז דעראָזיקער אָנבײַסן, וואָס איר לייגט אונדז איצט פאָר, שײַנט אונדז בלויז ווי א טרוים, א פיקציע, אָדער אַן אויסטראַכטעניש!

— אויב אַזוי, טאָ לאָמיר־זשע גיין צום טיש און זיך איבערצײַגן, אז דאָס איז גאַנץ רעאַל, — האָט מיסיס עלען פאָרגעלייגט און זיך קוים אײַנ־געהאַלטן, זי זאָל זיך ניט צעלאַכן.

— דאָס קען מען, נאָר דערלויבט מיר אײַך דערלאַנגען א האַנט, — האָט דער גאַלאַנטנער געאָגראַף זיך אָנגערופן.

— עפשער וועט איר אָפּגעבן געוויסע פאַראָרדענונגען „דונקאַנען"? — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס געווענדעט צו מיסטער גלענאַרוואַנען.

— זאָל שוין זײַן נאָכן פרישטיק, ליבער דזשאָן, — האָט יענער געענט־פערט. — דאַן וועלן מיר אַלע צוזאַמען באַהאַנדלען די פּראָגראַם פון אונדזער נײַער עקספּעדיציע.

די פּאַסאַזשירן פֿון דער יאַכט־שיף און דער יונגער קאַפּיטאַן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע. דער הויפּט־מעכאַניקער האָט באַקו־מען אַ פֿאַראָרדענונג, אַז מע זאָל די יאַכט־שיף האַלטן אונטערן דאַמף.

דער פֿריש־אָפּגעגאָלטער מאַיאָר און די איבעריקע רײַזנדער, וואָס האָבן ווי עס איז געבראַכט אין אָרדענונג זייער טואַלעט, האָבן פֿאַרנומען פּלאַץ באַם טיש.

דער פֿרישטיק, וואָס אָלבינעס האָט דערלאַנגט, האָט פֿאַרדינט די גרעסטע ליובגעזאַנגען. מע האָט אַנערקענט, אַז דאָס איז אַ פֿרישטיק, וואָס די סאַמע פּראַכטפֿולסטע מאָלצײַטן פֿון די פּאַמפּאַסן זײַנען ניט אימשטאַנד מיט אים צו קאָנקורירן. פּאַגאַנעל האָט זיך פֿון יעדן געריכט גענומען צו צוויי כאַלאָקים; ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז ער טוט עס בלויז „פֿון זײַן צע־טראָגנקײַט".

דאָסדאָזיקע אומגליקלעכע וואָרט האָט געבראַכט צו דעם, אַז עלען זאָל אַ פֿרעג געבן, ווי אָפֿט איז דער ליבער פֿראַנצויז אין וועג געשטרויכלט גע־וואָרן מיט אָט דער זינד. בײַ דערדאָזיקער פֿראַגע האָבן דער מאַיאָר מיט מיסטער גלענאַרוואַנען זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און האָבן אַ פֿילדײַטיקן שמייכל געטאָן. פּאַגאַנעל האָט אָבער אויסגעשאָסן אַ גרויס געלעכטער און געשווירן בײַ זײַן ערע, אַז די גאַנצע צײַט פֿון דער רײַזע איז ער בלויז איין מאָל געפֿאַלן אַלס קאָרבן פֿון זײַן צעשטרײַטקײַט. דערנאָך האָט ער זייער קאָמיש דערציילט וועגן זײַן אַנטוישונג אין קאַמאָענס גרויסער שאַפֿונג.

— כאָטש אויב איר ווילט, איז ניטאָ קיין כעסאָרן אָן קיין מײַלע. שטעלט זיך פֿאָר, אַז סע דערגייט שוין מיר גאָרניט אַזוי צום האַרצן יענער טאָעס מײַנער, — האָט דער געאָגראַף געענדיקט זײַן דערציילונג.

— פֿאַרוואָס, מײַן געערטער פֿרײַנט? — האָט דער מאַיאָר אַ פֿרעג געטאָן.

— דערפֿאַר, וואָס איצט קאָן איך שוין ניט נאָר שפּאַניש, נאָר פּאָרטוגע־זיש אויך. אַנשטאָט איין נײַער שפּראַך, רעד איך שוין איצט אַף צוויי.

— אַף מײַן ערן־וואָרט, אַז איך האָב וועגן דעם קיין טראַכט ניט גע־טאָן, — האָט מאַק־נאַבס געענטפֿערט. — אויב אַזוי, טאָ זײַט באַגריסט, ליבער פּאַגאַנעל, איך טו עס פֿון טיפֿן האַרצן.

און איצט האָט שוין גלענאַרוואַן, פֿון זײַן זײַט, גענומען אויספֿרעגן דעם אוילעם, וויאַזוי זײַנען זיי געפֿאָרן אַפֿן „דונקאַן".

דזשאָן מאַנגלס האָט גענומען אַ וואָרט און דערציילט די געשיכטע פֿון זײַן שיפֿונג. בעשאַס ער האָט דערמאָנט, אַז ער איז דורכגעפֿאָרן פֿאַרבײַ דעם קאַפּ האָרן, האָט זיך זשאַק פּאַגאַנעל אָנגעכאַפּט מיט גרויס באַדויערונג: „וואָס הייסט, מע האָט אַרומגעבויגן דעם קאַפּ האָרן און ער איז דערבײַ ניט געווען!"

גלענאַרוואַן האָט אים געגעבן לאָגיש צו פֿאַרשטיין, אַז אויב ער האָט געהאַט פֿרייד פֿון דעם, וואָס ער האָט באַזוכט די פּאַמפּאַסן, מעג ער זיך

מיט דעם באַנוגענען, ווײַל אין איין־און דערזעלבער צײַט איז דאָך ניט־מעגלעך ער זאָל זײַן אי אַף די פּאַמפּאַסן, אי אַף דער שיף „דונקאַן“ באַם אַרומבייגן דעם קאַפּ האָרן.

אָבער דער געלערנטער געאָגראַף איז באַשטאַנען אַף זײַנס, אַז לאָגיש האָט ער טאַקע ניט געקענט זײַן אין ביידע ערטער מיטאַמאָל, אָבער ער האָט רעכט דערויף, אַז ס'זאָל אים באַנק טאָן.

באַם דערציילן וועגן דעם שטורעם, וואָס זיי איז אויסגעקומען איבערצולעבן, האָט דזשאָן מאַנגלס ניט פאַרגעסן דערמאָנען, וויאַזוי מיסיס עלען און מיס מערי האָבן זיך העלדיש געהאַלטן און קיין קאַפּ מוירע ניט אַרויסגעוויזן פאַר דער אָנגעלאָפענער געפאַר.

גלענאַרוואַן האָט באַגריסט דזשאָן מאַנגלסן מיט זײַן דערפאָלג און זיך געווענדעט צו מערי גראַנט.

— טײַערע מערי, — האָט ער זיך אָנגערופן, — איך זע, אַז דער קאַפּיטאַן דזשאָן שעצט זייער טײַער אײַערע גרויסע מײַלעס. איך בין גליקלעך, וואָס איר האָט זיך געפילט גוט בא מיר אַף דער שיף.

— ווי קען דען אַנדערש זײַן? — האָט מערי געענטפערט. זי האָט בעייסמײַסע אַ קוק געטאָן אַף עלענען און אין איין גאַנג קוים באַמערקט אַ שמייכל געטאָן צום יונגן קאַפּיטאַן.

— אָ, מײַן שוועסטער האָט דאָך אײַך זייער ליב, קאַפּיטאַן דזשאָן, און איך האָב אײַך אויך ליב! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.

— איך צאָל דיר מיט דעמזעלבן, מײַן פרײַנטעלע, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט און זיך עטוואָס פאַרשעמט פון ראָבערטס ווערטער.

דידאָזיקע ווערטער האָבן אויך אַרויסגערופן אַ לײַכט גערייטלטקײַט אַף מערי גראַנטס באַקן.

דאָ האָט דזשאָן מאַנגלס איינדערגיך איבערגעביסן דעם שמועס אַף אַזאַ באָדן, ווו ער זאָל זיך פילן עטוואָס פעסטער.

— נו, ווי באַלד איך האָב געענדיקט דערציילן וועגן „דונקאַנס“ שיפונג, וועט שוין עפשער מיסטער גלענאַרוואַן אונדז ניט אָפּזאָגן און אויך אויסדערציילן וועגן די העלדנטאַטן, וואָס אונדזער יונגער העלד האָט אופגעטאָן.

פאַר עלען מיט מערין איז עס אויך געווען זייער אַנגענעם, און גלענאַרוואַן האָט אָן איבעריקער פאַרזאַמונג באַפרידיקט זייער נײַגעריקײַט. איצט האָט ער דערציילט ניט נאָר וועגן ראָבערטן, נאָר ער האָט שוין אויך איבערגעגעבן מיט אַלע איינצלהײַטן אַלץ, וואָס זיי איז אויסגעקומען איבערצולעבן אין זייער רײַזע פון איין אָקעאַן ביז צום צווייטן.

די דערציילונג וועגן זײַן רײַזע האָט גלענאַרוואַן פאַרענדיקט מיט דידאָזיקע ווערטער:

— איצט, מײַנע פרײַנט, דאַרפן מיר שוין קלערן ניט וועגן דעם, וואָס איז געווען, נאָר וועגן דעם, וואָס איז איצט. די צוקונפט געהער צו אונדז, — לאָמיר אַ שמועס טאָן וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

דער פרישטיק איז שוין געווען פארענדיקט, און דער עולם איז איבערגעגאנגען צו עלענען אין סאלאָן אריין. זיי האָבן זיך אַלע ארומגעזעצט ארום טיש, וואָס איז געווען פארוואַלגערט מיט מאפעס און מיט פּלענער, און דאָ האָט זיך דער שמועס פונסניי אָנגעהויבן.

— ליבע עלען, — האָט זיך גלענארוואן אָנגערופן, — איר געדענקט דאָך אוואדע, אז ווי נאָר איך בין ארופגעגאנגען צו אונדז אַף דער שיף, אזוי האָב איך אייך גלייך געמאָלדן, אז ניט געקוקט דערוף, וואָס די קאטאסטראָפע־געליטענע זיינען איצט מיט אונדז ניטאָ, אָבער מיר האָבן זיכערע האָפענונגען דערוף, אז מירן זיי געפינען.

אלס רעזולטאט פון אונדזער רייזע איבער אמעריקע האָט זיך בא אונדז געשאפן די איבערצייגונג, און עפשער נאָך מער — די זיכערקייט אין דעם, אז די קאטאסטראָפע איז פאָרגעקומען ניט בא די אמעריקאנער ברעגן פונעם שטילן אָקעאן, נאָר בא די ברעגן פונעם אטלאנטישן. פונדאנען איז געדרונגען, אז מיר האָבן פאלש אויסגעטייטשט דעם דאָקומענט אין דעם טייל, וואָס האָט א שייכעס צו פאטאגאָניע. צום גליק, האָט אונדזער פריינט פאגאנעל פלוצים אין א רעגע פון באגייסטערונג דערפילט דעם גרייז. ער האָט אונדז דערוף געעפנט די אויגן און אונדז געוויזן, אז מיר גייען אַף א פאלשן וועג. דערצו האָט ער אונדז אזוי דערקלערט דעם אינהאלט פונעם דאָקומענט, אז די נייע אויסטייטשונג זיינען רופט שוין בא אונדז ניט ארויס אפילע קיין שאָטן פון קווענקלעניש. דאָ האנדלט זיך וועגן דעם דאָקומענט, וואָס איז צוגעשריבן געוואָרן אין פראנצויזיש, און איך וועל זייער בעטן דעם פריינט פאגאנעל, ער זאָל זיין אזוי גוט און אים איצט איבערלייענען נאָכאמאָל, קעדיי בא קיינעם פון די אָנוועזנדע זאָל זיך ניט אריינגאנווענען קיין שאָטן פון אומצוטרוי צו דידאָזיקע ווערטער צו מיינע.

דער געלערנטער האָט זיך ניט געלאָזט לאנג בעטן און האָט זייער דייטלעך און איבערצייגנדיק ווידעראמאָל דערציילט וועגן די ווערטער ג אָ נ י ע און א י נ ד י. ער האָט מיט גרויס איבערצייגנדיקייט געגעבן צו פארשטיין זיינע צוהערער, אז דאָס וואָרט Austral פונעם פראנצויזישן דאָקומענט דארף מען פארשטיין ניט ווי דאָרעמדיקער, נאָר ווי Australie — א וו ס ט ר א ל י ע. ער האָט דערוויזן, אז דער קאפיטאן גראנט איז אוועקגעשווומען פון די פערו־ברעגן אין דער ריכטונג צו אייראָפע־צו און אין צייט פון שטורעם האָט זיך זייער שיין געקענט מאכן ער זאָל זיך אריינפאקן אין פאס פון די דאָרעמדיקע שטראָמען איבערן שטילן אָקעאן, און יענע האָבן אים זיכער אוועקגעשלעפט צו די ברעגן פון אווסטראליע.

דערדאָזיקער שארפזיניקער איינפאל און די אויספירן, וואָס דער געלערנטער געאָגראף האָט געמאכט, האָבן פארדינט באגייטיקונג באם גאנצן עולעם און אפילע בא דזשאָן מאנגלסן, וואָס איז באזונדערס פאָרזיכטיק באם ארויסזאָגן מיינונגען, באזונדערס דאן, ווען סע האנדלט זיך וועגן אזעלכע וויכטיקע פראגן. דערצו דארף מען נאָך געדענקען, אז דזשאָן מאנגלס איז גע־

ווען ווייס נישט דער מענטש, וואָס לאָזט זיך פאַרפירן פון עמעצנס הויכע פראַזן אָדער פאַנטאַזיע־שפּיל.

ווי נאָר פּאַגאַנעל האָט געענדיקט זיין לעקציע, אַזוי האָט מיסטער גלענאַרוואַן געלאָזט וויסן, אַז „דונקאַן" וועט אומבאַדינגט דאַרפן נעמען דעם קורס צו אַוסטראַליע.

אָבער איידער דערדאָזיקער באַפעל איז אָפּגעגעבן געוואָרן, האָט נאָך דער מאַיאָר געבעטן דערלויבעניש צו מאַכן איינוניינציקע באַמערקונג.

— ביטע, מאַק־נאַבס, רעדט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— מיין ציל איז, — האָט דער מאַיאָר אָנגעהויבן, — ניט כאָלילע אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון מיין פריינט פּאַגאַנעלס דערווייזונגען. איך קלייב זיך אויך ניט זיי אָפּלייקענען, פאַרקערט — איך געפין אויך, אַז זיי זיינען זייער ערנסט, קלוגשאַפטלעך, זיי פאַרדינען אין אַלע הינזיכטן אונדזער אויפמערקזאַמע באַציִונג און זיי דאַרפן, אָן ספק, ווערן די באַזע פון אונדזערע צוקונפטיקע זוכענישן. דאָס איינציקע, וואָס כ'וואָלט איצטער וועלן, איז נאָר, מיר זאָלן זיי נאָכאַמאָל גרינטלעך דורכקאָנטראָלירן, קעדיי דער זין זייערער זאָל פאַר אונדז ווערן אינגאַנצן אומבאַשטרייטבאַר.

קיינער האָט נאָך ניט געוווסט, וווהין דער פאָרזיכטיקער מאַק־נאַבס צילט זיך, און דער מאָמענט איז פונקט געווען אַזאַ, אַז אַלע האָבן אים איצט אויסגעהערט מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט.

— זעצט פאָר, מאַיאָר, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן, — איך בין אייך גרייט צו ענטפערן אויף אַלע אייערע פראַגן.

— פאַרשטייט איר מיך, — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן, — ערשט מיט פינף כאָדאָשים צוריק, בעשאַס מיר האָבן איינעם קליידישן אויסגוס דערלערנט די דאָזיקע דריי דאָקומענטן, איז בא אונדז איטלעכע געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע אויסטייטשונג, וואָס מיר האָבן זיי געגעבן, איז די סאַמע ריכטיקסטע, קיינער פון אונדז האָט אפילע אויף קיין האָר אין דעם ניט געצווייפלט.

— דאָס איז זייער אַ ריכטיקער געדאַנק, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— שפּעטער־צו, בעשאַס הער פּאַגאַנעל האָט, אַדאַנק זיין גליקלעכער צעשטרייטקייט, זיך געטראָפן צו אונדז אויף דער יאַכט־שיף, האָט מען אים די־דאָזיקע דאָקומענטן באַוויזן און ער האָט אפילע קיין רעגע ניט געקווענקלט, נאָר פאַרקערט, ער האָט באַגיטיקט אונדזער באַשלוס — אָנהייבן די זוכענישן איבערן אַמעריקאַנישן ברעג.

— יאָ, דאָס איז ריכטיק, — האָט דער געאָגראַף באַשטעטיקט.

— און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז מיר האָבן גאָר אַלע געלעבט אין טאָעס, — האָט דער מאַיאָר פאַרענדיקט.

— ריכטיק, מיר האָבן געלעבט אין טאָעס, — האָט פּאַגאַנעל ווייטער באַשטעטיקט, — מאַכן טאָעסן איז פאַר מענטשן קיין נייס ניט. ס'וואָלט גלאַט

געוועג אנ אומזינ, ווענ א מענטש שפארט זיכ אײַנ אונ וויל דאפקע באשטיינ אפ זײַנ טאָעס.

— האָט צײַט, הער פאגאנעל, — האָט אימ דער מאיאָר געענטפערט, — קאָכט זיכ ניט אזוי. איכ בינ דאָ ניט אויסנ אופצוגעבנ, אז מיר זאָלנ פאָרזעצנ אונדזערע זוכענישנ אינ אמעריקע.

— נאָר וואָס? — האָט מיסטער גלענארוואנ א פרעג געטאָנ.

— איכ וויל נאָר, איר זאָלט אלע מודע זײַנ, אז איצט דאכט זיכ אײַכ אויס, אז אַווסטראליע איז דאָס איינציק מעגלעכ אָרט פונ „בריטאניעס“ קאטאסטראָפע, פונקט אזוי, ווי ס׳האָט זיכ אײַכ אמאָל אויסגעוויזנ, אז דאָסדאָזיקע אָרט איז אמעריקע.

— מיר זײַנעג עס גערנ מודע, — האָט פאגאנעל געענטפערט.

— איז דערום טאקע וואָלט איכ זיכ איצט באנוצט מיט דעמדאָזיקנ מאָמענט, קעדיי אײַכ צו וואָרענענ, איר זאָלט צופיל ניט אוועקגעצויגנ ווערנ פונ דערדאָזיקער באשײַמפערלעכקײַט. מיר זײַנענ שוינ איינמאָל געוועג איידעס פונ אזא מינ צופאל, ווי איינ „אומבאשטרײַטבארע“ אויסטײַטשונג איז געוואָרנ ניט נאָר באשטרײַטבאר, נאָר פאָשעט פאלש. טאָ ווער ווייסט, עפשער וועט פלוצים אווסטראליע — דאָס צווייטע לאנד — אונדז באגײַסטערנ מיט דערזועלביקער איבערצײַגטקײַט, אונ דערנאָכ, אז די נײַע זוכענישנ וועלנ זיכ ניט אײַנגעבנ, וועלנ מיר ווײַטער מוזנ מאסקים זײַנ, אז אָט די אויסטײַטשונגענ זײַנענ געוועג צופעליקע, ניט קיינ ריכטיקע אונ אז מע מוז פירנעמענ פרישע אונ אנדערע זוכענישנ?

גלענארוואנ אונ פאגאנעל האָבנ זיכ איבערגעקוקט צווישנ זיכ. דעם מאיאָרס באמערקונג איז, אָנ סאָפעק, געוועג א גאנצ לאָגישע.

— אויב אזוי, וואָלט איכ וועלנ, — האָט מאק־נאבס פונסנײַ אָנגעהויבנ, — אז מע זאָל פארנ אָפשווימענ קיינ אווסטראליע פונסנײַ גוט דורכקאָנטראָלירנ דידאָזיקע לעצטע אויסטײַטשונג. אָט אָ זײַנענ די דאָקומענטנ אונ אָט אָ זײַנענ די מאפעס. לאָמיר נאָכאמאָל דורכקוקנ אלע פונקטנ, ווו די זיבנונדרײַסיקסטע פאראלעל גייט דורכ, עפשער וועט זיכ דאָ באגעגענענ א צווייט לאנד אזא, צו וועלכנ מע וועט קענענ צופאסנ די דאָקומענט־אָנווײַזונגענ.

— דאָס קענ מענ זייער גרינג טאָנ, — האָט פאגאנעל געענטפערט, — ווײַל לעמ דערדאָזיקער בררייט געפינענ זיכ גאָר ווינציק ערדנ.

— טאָ לאָמיר־זשע א קוק טאָנ, — האָט זיכ דער מאיאָר אָנגערופנ. ער האָט בעייסמײַסע פאנאנדערגעוויקלט א גרויסע מאפע, וואָס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט דעמ ערד־קײַלעכ אינ א פלאכנ אויסזעענ.

דידאָזיקע מאפע האָט מענ אויסגעלייגט לעמ מיסים עלענ, אונ אלע האָבנ זיכ צוגעגרייט אויסצוהערנ פאגאנעלס דערקלערונגענ.

— ווי איכ האָב שוינ אײַכ איינ מאָל געזאָגט, — האָט דער געלערנטער אָנגעהויבנ, — געפינענ זיכ מײַרעוודיקער פונ דאָרעמ־אמעריקע אפ דער זיבנאונדרײַסיקסטער פאראלעל די אינדזלענ טריסטאנ ד׳אקוניא. איכ פארזיכער

אײַך, אַז אין די דאָקומענטן איז קײן אײנציק װאָרט װעגן דידאָזיקע אינ־דזלען נישט דערמאָנט. —

אַלע האָבן נאָכאַמאָל אַפּן פּינקטלעכסטן אױפן דורכגעקוקט די דאָקו־מענטן און אַלע האָבן אײַנשטימיק אָפּגעװאָרפן די השערה װעגן די טריסטאַנ ד'אַקוניער אינדזלען.

— איצט װעלן מיר פּאָר אונדזער אױספאָרשונג, — האָט זיך דער געאָג־ראַף אָנגערופן. — אַרױסגײענדיק פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, גײען מיר דורך מיט צװײ גראַד נידעריקער פונעם קאַפּ „די גוטע האָפענונג" און מיר פאַלן אַרײַן אינעם אינדישן אָקעאַן. אַפּ אונדזער װעג װעט זיך דאָן באַגעגענען בלױז אײן גרופּע אינדזלען — די אַמסטערדאַמער. איך בין פולקום איבער־צײַגט אין דעם, אַז אין די דאָקומענטן רעדט זיך װעגן דידאָזיקע אינדזלען פונקט אַזױפיל, װיפל סע רעדט זיך װעגן די אינדזלען טריסטאַן ד'אַקוניאַ.

נאָך אַן אױפמערקזאַמער קאָנטראָלירונג זײַנען די אַמסטערדאַמער אינדז־לען אױך אָפּגעװאָרפן געװאָרן. סײַ אינעם פראַנצױזישן, סײַ אינעם ענגלישן, סײַ אינעם דײַטשישן דאָקומענט איז קײן אײן װאָרט ניט געזאָגט געװאָרן װעגן דעמדאָזיקן אַרכיפּעלאַג אינעם אינדישן אָקעאַן.

— איצט האַלטן מיר שױן בײַ אױסטראַליע, — האָט פּאַגאַנעל װידער אָנ־געהױבן זײַנע דערקלערונגען. — די זיבנונדרײַסיקסטע פּאַראַלעל טרעט אַרײַן אינעם קאָנטינענט בײַם קאַפּ בערנױלי און פאַרלאָזט אים בײַ דער בוכטע טופאָלד. צי זײַנט איר מאַסקים מיט מיר, אַפילו ניט איבערקוקנדיק דעם טעקסט, אַז דאָס ענגלישע װאָרט stra און דאָס פראַנצױזישע װאָרט austral װײַזן אָן דאָפּקע נאָר אַפּ אױסטראַליע. דאָס איז אַזױ באַשײַמפּער־לעך, אַז דאָ איז גאָר מער ניטאָ װעגן װאָס צו ריידן.

אַלע האָבן מאַסקים געװען מיט פּאַגאַנעלס אױספיר.

— װײַטער, — האָט דער מאַיאָר פאַרגעלײגט.

— ביטע זײער, — איז דער געאָגראַף אײַנגעגאַנגען, — דורכצופירן אַ רײַזע איבער דער מאַפּע איז דאָך גאָרניט אַזױ שװער. איז אָט האָט איר: בײַם פאַרלאָזן די בוכטע טופאָלד האָבן מיר איבער דעם דורכגוס, װאָס ציט זיך איבער מיזרעך־אױסטראַליע, און מיר קומען אָן צו נײַ־זעלאַנד. פריִער פון אַלץ דאַרף איך אײַך דערמאָנען, אַז דאָס װאָרט contin אינעם פראַנ־צױזישן דאָקומענט באַטײַט continent — קאָנטינענט. דאָס איז אינגאַנצן אומבאַשטרײַטבאַר. אַזױ אַז דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט שױן צוליב דעם אַלײן זיך ניט געקענט געפינען קײן אַנטרינונג אַפּ נײַ־זעלאַנד, דערפאַר, װאָס נײַ־זעלאַנד איז דערװײַל נישט מער װי אַן אינדזל. און װיבאַלד ס'איז שױן יאָ אַזױ, מעגט איר הונדערט מאָל דערלערנען, פאַרגלײַכן און איבערשטעלן די װערטער, װי ס'װעט זיך אײַך נאָר פאַרגלוסטן, װעט איר סײַװי קומען צום אױספיר, אַז די דאָקומענטן האָבן קײן שום שײַכעס ניט צו דעמדאָזיקן לאַנד.

— אין קײן פאַל ניט, — האָט דזשאָן מאַנגלס מאַסקים געװען נאָך דעם, װי ער האָט אױספירלעך פאַרגלײַכט די דאָקומענטן מיט דער מאַפּע.

— ניין, — האָבן באַשטעטיקט אַלע פּאַגאַנעלס צוהערער און אַפילו דער מאַיאָר אַליין, — ניין, דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט ניט געקענט טרעפן קיין ניי־זעלאַנד.

— איצט קוקט ווײַטער, — האָט דער געאָגראַף פונסנײַ אָנגעהויבן, — און זעט, אַז אַף דעם גאַנצן קאָלאָסאַלן שטעטל, וואָס טיילט אָפּ דאָסדאָזיקע אינדזל פונעם אַמעריקאַנישן ברעג, האַקט די זיבנונדרײַסיקסטע פּאַראַלעל איבער בלויז איין ווינט און פּרוכטלאָזע אינדזלען.

— וויאַזוי הייסט עס? — האָט דער מאַיאָר אַ פרעג געטאָן.

— קוקט זיך אײַן אַף דער מאַפּע. דאָס איז מאַרי טערעזיאַ. אַפילו קיין סימען פונעם דאָזיקן נאָמען וועט איר ניט געפינען אין קיין איינעם פון די דרײַ דאָקומענטן.

— ריכטיק, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַשטעטיקט.

— נו, אויב אַזוי, פרײַנט מײַנע, טאָ באַשליסט שוין אַליין, ווי ווײַט די האַשאָרע מײַנע איז ריכטיק, אַז אין דעם דאָקומענט האַנדלט זיך בלויז וועגן אַוסטראַליע!

— קלאָר, ווי דער טאָג, — דאָס איז געווען דער איינציקער ענטפער, וואָס די פּאַסאַזשירן און דער קאַפּיטאַן פון דער יאַכט־שיף „דונקאַן“ האָבן געקענט געבן.

— דזשאָן, — האָט זיך דאַן גלענאַרוואַן אָנגערופן. — ווי האַלט עס בא אײַך מיט פּראָוויאַנט און מיט הייצוואַרג?

— אַלץ, סער, איז אין דער בעסטער אָרדענונג. איך האָב אין טאַלקאַ־גוּאַנאַ באַוואָרנט גרויסע רעזערוון פון אַלצדאָס נויטיקע. אַגעוו, אויב ס׳וועט נאָך נויטיק זײַן, וועלן מיר די רעזערוון אונדזערע זייער גרינג קענען דער־גאַנצן אין קאַפּשטאַדט.

— אויסגעצייכנט! לאָזן מיר זיך, הייסט עס, אין וועג אַרײַן!

דער מאַיאָר האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אַף יעדן פאַל וועט ניט שאַדטן, מע זאָל זיך באַם וועג אָפּשטעלן לעם די אינדזלען טריסטאַן ד׳אַקוניאַ און לעם די אַמסטערדאַמער אינדזלען. קיין וועג, ווי געזעדט, דאַרף מען דערום ניט אָנלייגן, און זיך דערפרעגן דאָרטן וועגן דער קאַטאַסטראָפע פון „בריטאַניע“ וועט ניט שאַדטן.

דער אוילעם האָט מאַסקים געווען מיטן מאַיאָר.

— איז, הייסט עס, אָפּגערעדט, דזשאָן, אַז מיר לאָזן די שיף אין דער ריכטונג פון טריסטאַן ד׳אַקוניאַ, — האָט גלענאַרוואַן צוגעגעבן.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך גלײַך אופגעהויבן אַף זײַן גאַניק.

מערי גראַנט און איר ברודער האָבן זייער הייס באַדאַנקט מיסטער גלע־נאַרוואַנען.

און אינגיכן האָט זיך „דונקאַן“ גענומען דערווײַטערן פונעם אַמעריקאַ־נישן ברעג, שנײַדנדיק מיט איר פאָרשטעווען די כוואַליעס פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

## צווייטע קאפיטל

# טריסטאן ד׳אקוניא

ווען די יאכט־שיף וואָלט געגאנגען איבערן עקוואטער, וואָלטן די הונדערט זעקס און נײַנציק גראד, וואָס טיילן אָפּ אווסטראליע פֿון אמעריקע, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דעם קאפּ בערנויִלי פֿונעם קאפּ קאָריִענטעס, באַטראָפֿן א שטרעקע, וועלכע האלט עלף טויזנט זיבן הונדערט זעכציק געאָגראפֿישע מײַל. אָבער באם לאָנג זיך לענגויס דער זיבנונדרײַסיקסטער פּאראלעל, האָבן אָט די הונדערט זעקס און נײַנציק גראד באטראָפֿן אינגאנצן — נײַן טויזנט פֿיר הונדערט אכציק מײַל. פֿון דעם אמעריקאנער ברעג ביז טריסטאן ד׳אקוניא איז געווען צוויי טויזנט הונדערט מײַל — אזא שטרעקע, וואָס דזשאָן מאנגלס האָט געהאלטן פֿאר מעגלעך דורכצוגיין אין מעשעך פֿון צען טעג, אויב די מיזרעך־ווינטן וועלן נאָר ניט פֿארהאלטן דעם גאנג פֿון דער יאכט־שיף.

אָבער אין דעם אָ זין איז דערווײַל אלץ געגאנגען גוט וואָס בעסער דארף מען גאָר ניט: צו אָוונט־צו האָט דער בריז זיך באדײַטנדיק בארויִקט, דערנאָך האָט ער געביטן די ריכטונג, און „דונקאן" האָט ווידעראמאָל געקענט באווײַזן אירע הויכע יאם־גייערישע מײַלעס.

די פּאסאזשירן האָבן נאָך דעמזעלבן טאָג זיך אומגעקערט צו זייער געווינלעכן צײַט־פֿארברענג. ס׳איז אין קיין זאך ניט געווען צו דערקענען, אז א טייל פּאסאזשירן האָבן גאָר ניט לאנג פֿארלאָזט די יאכט־שיף אָפּ א גאנצן כוידעש צײַט. אנשטאָט די וואסערן פֿונעם שטילן אָקעאן האָבן זיך איצט געשפּרייט פֿאר זייערע אויגן די וואסערן פֿונעם אטלאנטישן אָקעאן, און אויסער דעם אומבאדײַטנדיקן אונטערשייד און זײַן קאָליר־שאטירונג, זײַנען דאָך אלע כוואליעס אין אלע יאמען ענלעך איינע אָפּ דער צווייטער.

די סטיכיעס, וואָס האָבן פֿארשאפֿט אונדזערע רײַזנדער אזויפֿיל שווערע יעסורים אָפּ דער יאגאָשע, האָבן דאָ, אָפּן יאם, קען מען זאָגן, פֿאראייניקט אלע זייערע אָנשטרענגונגען צו שאפֿן זיי פֿארגעניגן.

דער אָקעאן איז געווען אינגאנצן רויִק, ס׳האָט געבלאָזן א גינסטיקער ווינט, אזוי די זעגלען, וואָס מע האָט אָנגעטאָן אָפּ ביידע מאסטן פֿון אויבן ביז אראָפּ, האָבן אויך אָן א שיר מיטגעהאָלפֿן דעם אומדערמידלעכן דאמפּ, וואָס איז געווען אײַנגעשלאָסן אין די קעסלען.

דערדאָזיקער פֿלינקער איבערגאנג האָט זיך געענדיקט אָן קיין שום פּאסירונגען. אלע האָבן מיט צוטרוי געוואַרט אָפּ דער דערנענטערונג פֿונעם אווסטראלישן ברעג. אנשטאָט דער האָפֿענונג איז שוין געקומען די זיכערקײַט. ווען דעם קאפּיטאן גראנט האָט מען גערעדט אזוי, פּונקט ווי די יאכט־שיף וואָלט געגאנגען נאָך אים צו א באשטימטן אָנגעוויזענעם האפֿן.

פֿארן קאפּיטאן און פֿאר זײַנע צוויי כאוויירים האָט מען צוגעגרייט קאיוטעס. מערי גראנט האָט דאָרט אליין פֿאנאנדערגעשטעלט דאָס מעבל און

האָט זיי זייער שיינ צוגעפּוצט. אָלבּינעט האָט אָפּגעטראָטנ פּארנ קאפּיטאַנ גראַנט זייַנ קאַיוטע און האָט זיך איבּערגעקליבּנ צו זייַנ פרוי, מיסיס אָלבּי־נעט. זייער קאַיוטע איז געווענ בּישכ׳ינעס מיטנ בּארימטנ נומער זעקס, וועלכנ זשאַק פּאגאַנעל האָט נאָך בּאשטעלט אפּנ בּאָרט פונ „שאָטלאַנד".

דער געלערנטער געאָגראַפ האָט זיך פארשפּארט בּא זיך אינ קאַיוטע און האָט די גאַנצע צייַט געארבּעט מיט גרויס פלייַס. ער האָט געשריבּנ א נייַ געאָגראַפיש ווערק.

דער מאַיאָר האָט אפּ א שפּאַס ניט איינ מאָל געזאָגט:

— גוט טוט איר, וואָס איר ארבּעט אזוי פלייַסיק. נאָר פונדעסטוועגנ זייַט געהיט, אז אייַער צעטראָגנקייַט זאָל אייַך עפּעס ווידער ניט אָפּטאָנ. און נאָך איינ זאַך, איר וועט דאָך זיכער דערלערנענ אפּנ ווענ די אַוסטראַלישע שפּראַך, טאָ זאָלט איר זיך שוינ איצטער היטנ און איר זאָלט זיך ניט אריינ־פּאַקנ מיט קיינ כינעזישער גראַמאַטיק.

און אלצ איז זיך געגאַנגענ וואָס בּעסער דארפ מענ ניט.

אינ פינפ מעסלעס ארום נאָך דעם, ווי מע האָט פארלוירנ פונ אויג דעם קאַפּ קאָריענטעס, האָט גענומענ בּלאָזנ א גינסטיקער מערעווודיקער ברינ.

„דונקאַנ" האָט פונסנייַ צעלאָזט די זעגלענ און זיך צעיאָגט מיט אזא אימפּעט, אז מע האָט גאָר געקענט מיינענ — די יאַכטע גייט אינ געווינ מיט די שיפנ פונעם טעמזער יאַכט־קלוב.

אפּ מאָרגנ האָבּנ די רייַזנדער, בּאלד נאָכנ א'פשטיינ, דערזענ, אז דער אָקעאַנ איז בּאדעקט מיט גיגאַנטישע וואַסער־פלאַנצנ און ער איז איצט גע־ווענ ענלעך אפּ א קאָלאָסאַלער, מיט גראָז בּאוואָקסענער סאַזשעלקע.

„דונקאַנ" האָט זיך ווי געגלימשט איבּער א מיט־גראָז־בּאוואָקסענעם פליינ, וואָס פּאגאַנעל האָט פארגליכנ מיט די פּאַמפּאַסנ. די וואַסער־פלאַנצנ האָבּנ גאַנצ היפּשלעך פארשווערינקט דער יאַכט־שיפּ דעם גאַנג.

נאָך אינ א טאָג ארום האָט דער וואַכטע־מאַטראָס פלוצים אויסגעשריגנ:

— ערד!

— אינ וועלכער ריכטונג? — האָט טאָם אַאוסטינ, וואָס האָט אויך גע־האַלטנ וואַכטע, א פרעג געטאָנ.

— אינ דער ריכטונג פונעם ווינט! — האָט דער מאַטראָס געענטפערט.

בּא דערדאָזיקער איבּעראשנדיקער יעדיע איז די פּאַלובּע פונ דער יאַכט־שיפ פול געוואָרנ מיט מענטשנ.

פונעם שיפ־לייטערל האָט זיך בּאוויזנ א לאַנגע קוק־רער און בּאלד נאָך איר — דער בּאלעבּאָס אירער — פּאגאַנעל.

דער געלערנטער האָט געריכטעט דעם אינסטרומענט זייַנעם אהינ, ווהינ מע האָט אים אָנגעוויזנ, אָבּער ער האָט ניט געזענ קיינ זאַך, וואָס זאָל אים דערמאַנענ יאבּאָשע.

— טוט א קוק צו די וואָלקנס, — האָט אים דזשאָנ מאַנגלס געייצעט.

— ווירקלעך, דאָרטנ טיילט זיך אויס עפּעס אזעלכס, וואָס איז ענלעך

אפ א בארג־פעלדז. יאָ, יאָ, ס'איז קוים צו באמערקן, — האָט פאגאנעל געלאָזט וויסן.

— דאָס איז טריסטאַן ד'אקוניא, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן.

— אויב דער זיקאָרן מײַנער פאַראַט מיך ניט, — האָט דער געלערנטער אָנגעהויבן, — געפינען מיר זיך איצט וואָסערע אכציק מײַל ווײַט פונעם אינדזל, וואָרום דער פעלדז טריסטאַן האַלט זיבן טויזנט פוס די הייך און באַווײַזט זיך איבערן האָריזאָנט פונקט אפ אזא מין מעהאַלעך.

— גאַנץ ריכטיק, — האָט דער קאַפּיטאַן דזשאָן באַשטעטיקט.

אין עטלעכע שאָ ארום האָט מען שוין אפן האָריזאָנט גאָר דײַטלעך געקענט אונטערשיידן דעם ארכיפעלאַג מיט די פעלדזיקע און הויכע אינדזלען. דער קאָנישער שפיץ פון טריסטאַן האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן שוואַרצן סילועט אפ דעם פאָן פונעם בלויען הימל. די בלענדזנדע שטראַלן פון דער אופגייענדיקער זון האָבן אים באַלויכטן און אינגיכן האָבן זיך אינעם אַלגעמיינעם פעלדזיקן מאַסיוו גענומען אויסטיילן די קאָנטורן פונעם הויפּט־אינדזל.

ארום דרײַ אזייגער איז „דונקאַן" צוגעגאַנגען צו דער פאַלמוטער בוכטע, וואָס שטייט לעם טריסטאַן ד'אקוניא און וואָס דער קאַפּ העלם פאַרטיידיקט זי פון די מײַרעוודיקע ווינטן.

דאָרטן זײַנען געשטאַנען אפן אנקער עטלעכע וואַלפיש־שעכטשיפן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט יאַם־הינט־פאַנג. דידאָזיקע און אַנדערע באַלעכאַיִם געפינען זיך דאָ אפ די היגע ברעגן אין זייער א גרויסער צאָל.

דזשאָן מאַנגלס האָט זיך גענומען צוזוכן א מער זיכער אָרט, ווו ס'זאָל זײַן גוט זיך אָפּשטעלן, ווײַל דער אָפענער האַפן פונעם אינדזל שיצט שלעכט פון די צאָפן־מײַרעוודיקע און פון די צאָפנדיקע ווינטן. פונקט אפ דעמזעלביקן אָרט איז אין 1829־טן יאָר דערטרונקען געוואָרן דער ענגלישער בריג „דזשוליאַ". „דונקאַן" האָט זיך דערנעענטערט אפ א מעהאַלעך פון א האַלבן מײַל צום ברעג און זיך אוועקגעשטעלט אפן אנקער. די פאַסאַזשירן זײַנען גלײַך אראָפּ צום גרויסן שיפל, וואָס מע האָט אראָפּגעלאָזט, און אינגיכן זײַנען זיי אויסגעשטיגן אפן ברעג, וואָס איז געווען באַדעקט מיט דריבנעם שוואַרצן זאַמד.

די הויפּטשטאָט פונעם ארכיפעלאַג טריסטאַן ד'אקוניא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א קליינינק דערפל, וואָס געפינט זיך אין דער טיף פון דער בוכטע לעם א זשומענדיק טײַכל. דאָס דערפל האָט געציילט פופציק זייער ריינע דירעלעך, וואָס שטייען אויסגעשטעלט מיט אזא מין געאָמעטרישער פּינקטלעכקײַט, מיט וועלכער ס'האָט זיך אויסגעצייכנט די לעצטע צײַט די ענגלישע שטאָט־בויונג. הינטער דעמדאָזיקן פיצעלע שטעטעלע שפּרייט זיך פאַנאַנדער א פלאַטפאָרמע, וואָס פאַרנעמט וואָסערע הונדערט פופציק העקטאַר און איז באַצוימט מיט פאַרגליווערט־געוואָרענער לאַווע, און איבער דערדאָזיקער פלאַטפאָרמע הייבט זיך אוף אפ א הייך פון זיבן טויזנט פוס דער קאָנישער שפּיץ פונעם בארג.

גלענארוואן האָט צום אלעם ערשטן זיך אוועקגעלאָזט צום גובערנאטער פון דער ענגלישער קאָלאָניע מיט דער האָפענונג, טאָמער וועט ער זיך בא אים עפעס וואָס דערוויסן וועגן האַרי גראַנטן און וועגן „בריטאַניע". אָבער דאָ האָט מען פון אזעלכע נעמען אפילע ניט געהערט. דאָס אינדזל טריסטאן ד'אקוניא איז געשטאַנען וויַיט פונעם געוויינלעכן שיפער־וועג און די יאָמ־לויַיט האָבן דאָס זעלטן־וועגן באזוכט. זינט ס'איז דאָ פאָרגעקומען די באַ־רימטע קאטאסטראָפע מיט דער שיף „בלענדאָן־גאָלאָ" אין 1821־טן יאָר בא די פעלדזן פון דעם אינדזל „דאָס אומצוטריטלעכע", זיַינען בלויז צוויי שיפן צוגעשטאַנען צום ברעג פונעם הויפּט־אינדזל: „פרימאָגע" — אין 1845־טן יאָר, און די דריַימאסטיקע אמעריקאנישע שיף „פילאדעלפיא" — אין 1857־טן יאָר.

אייגנטלעך, האָט גלענארוואן זיך סיַיווי ניט גערעכנט אָפּצוזוכן דאָ די שפורן פון „בריטאניעס" קאטאסטראָפע. געוועגדעט האָט ער זיך צום אינדזל־גובערנאטער מיט די אָנפראגן בלויז צוליב דעם, קעדיי דער געוויסן זאָל אים זיַין ריין. דזשאָן מאנגלס האָט, פון זיַין זיַיט, אָפּגעשיקט א פּאָר שיפ־לעך, זיי זאָלן ארומפאָרן דאָס אינדזל, וואָס דער שטעטל זיַינער האָט ארום און ארום באַטראָפן ניט מער, ווי זיבעצן מיַיל. אף אזא מין שטעטל, וועגן ער איז אפילע דריַי מאָל אזויפיל די גרייס, וואָלטן זיך ניט געקענט אויס־שטעלן ניט לאָנדאָן און ניט פּאריזש.

אין דער ציַיט, וואָס די אויסשפּירונגען זיַינען דורכגעפירט געוואָרן, האָבן די פּאסאזשירן פון „דונקאן" ארומגעשפּאצירט איבערן שטעטל און איבער די ארומיקע בערגלעך.

די באפעלקערונג פון טריסטאן ד'אקוניא איז באשטאנען פון הונדערט פופציק מאן. דאָס זיַינען געווען ענגלענדער און אמעריקאנער, וואָס האָבן כאסענע געהאט פאר נעגערנס און האָטענטאָטנס פונעם קאפּ „די גוטע האָ־פענונג".

די קינדער, וואָס זיַינען בא זיי געבוירן געוואָרן, האָבן מיט זיך פאָר־געשטעלט א מאָדנע מין [illegible]ויפמישונג פון סאקסאָנישער טרוקנקיַיט און אפריקאנישער שווארצקיַיט.

די רייַזנדער זיַינען געווען זייער גליקלעך פון דעם, וואָס זייערע פיס האָבן סאָפּקאָלסאָף געטראָטן אף א הארטן באָדן. דערום האָבן זיי דעם שפּאציר [illegible] פארלענגערט ביז צו יענעם טייל פון ברעג, וואָס גרענעצט זיך מיט [illegible] לאַווע באַוויסטער פלאטפאָרמע. דאָס איז געווען דאָס איינ־ציק קולטיוו[illegible]טע אָרט, וואָרום דער איבעריקער ברעג ארום, וואָס איז געווען באדעקט מיט פארגליווערטער לאַווע, איז געווען וויסט און פּוסטלאָז. דאָרטן האַלטן זיך בלויז אוף קאָלאָסאלע אלבאטראָסן און הונדערטער טויזנטער נארישע פּינגווינען.

די רייַזנדער האָבן באקוקט דידאָזיקע פעלדזן פון דער וואולקאנישער אָפּ־שטאמונג, דערנאָך האָבן זיי זיך צוריק אראָפּגעלאָזט אין טאָל אריַין. דאָרטן

האָבן גערוישט פלינקע און פּילצאָליקע טײַכלעך, וואָס נערן זיך מיט די אייביקע שנייען פון די באַרג־שפּיצן.

צווישן די העל־גרינע קוסטן־ביימלעך האָבן אומגעפליטערט אָן א שיר פייגל. אין דער צאָל זײַנען זיי, דאכט זיך, ניט אָפּגעשטאַנען פון דער צאָל בלומען, וואָס געפינט זיך דאָ. די רײַזנדער האָבן דאָ אויך באַגעגנט באָקסער־ביימער פון וואָסערע צוואַנציק פוס די הייך; דאָס געוויקס טוסע, וואָס האָט א הויך שטענגל, ענלעך צו א בוים, און נאָך פאַרשיידענע מינים געוויקסן, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די איינטאָניקע, אָבער שעפּערישע געוויקסן־וועלט פונעם אינדזל. ס'האָט זיך געפילט, אז דער אייביקער פרילינג הערשט אף דעמדאָזיקן קליינינטשקן שטיקעלע ערד.

די רײַזנדער האָבן זיך אומגעקערט אף דער יאכט־שיף בלויז דאן, ווען ס'האָט אָנגעהויבן נאכט ווערן.

ארום דעם שטעטל האָבן זיך געפיטערט טשערעדעס רינדער און שאָף; צוזאמען מיט די טווועי־און מאַיִסן־פעלדער, ווי אויך מיט די גאָרטן־געוויקסן, וואָס מע האָט פאַרפירט אהערצו מיט פערציק יאָר צוריק. אין דעם איז באַשטאַנען די גאַנצע רײַכקייט פון דער היגער באַפעלקערונג.

פונקט אין דעם מאָמענט, ווען גלענארוואַן האָט זיך אומגעקערט אף דער יאכט־שיף, זײַנען אהער אויך אָנגעפאָרן די אויסשפּיר־שיפלעך. אין מעשך פון עטלעכע שאָ צײַט האָבן זיי באַוויזן ארומצופאָרן דאָס גאַנצע אינדזל און זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט באַגעגנט אפילע קיין מינדסטע שפּורן פון „בריטאַניע". דידאָזיקע „רײַזע ארום דער וועלט" האָט געהאַט דעם איינציקן רעזולטאט, וואָס מע האָט שוין איצט געקענט ענדגילטיק אויסשליסן די טריסטאַן ד'אַקוניא־אינדזלען פון דער זוכונג־פּראָגראַם.

„דונקאַנ" וואָלט שוין גלײַך געקענט פאַרלאָזן דידאָזיקע גרופּע אפריקאַנישע אינדזלען און פאָרזעצן דעם וועג צו מיזרעך־צו. פונדעסטוועגן האָט מען דעם [illegible]ונט ניט אופגעהויבן דעם אנקער, און געטאָן האָט מען עס צוליב דעם, וואָס גלענארוואַן האָט אָפּגעגעבן דער מאַנשאַפט א באַפעל, מע זאָל זיך לאָזן אין גייעג אף די יאַם־הינט, וואָס מיט זיי זײַנען געווען פול די ברעגן פון דער פאַלמוטער בוכטע. אמאָל האָבן זיך דאָ אויך אופגעהאַלטן וואַלפיש, אָבער מע האָט זיי פאַרניכטעט אין אזא מין גרויסער צאָל, אז זיי זײַנען קימאַט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן פונדאַנען. און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אז דעם גאַנצן קומענדיקן טאָג וועט די מאַנשאַפט פון דער יאכט־שיף אַרויס אף גייעג, כּדי צו דערגאַנצן די פ;טס־רעזערוון.

די גאַנצע נאכט האָט מען געפירט גייעג, מע האָט אויסגעהארגעט פופציק גרויסע יאַם־הינט; דעם גאַנצן קומענדיקן טאָג האָט מען געווידמעט אף אויספּרעגלען די שמאַלץ פון די יאַם־הינט און אף ברענגען אין אָרדענונג זייערע פעלעכלעך.

אינעם דאָזיקן צווייטן טאָג פונעם שטיין דאָ האָט מען פירגענומען נאָך איין עקסקורסיע אין דער טיף פונעם אינדזל. מיסטער גלענארוואַן און

דער מאיאָר האָבנ מיטגענומענ מיט זיכ זייערע ביקסנ, קעדיי צו פירנ געיעג אפ געווילד. אינ דער צײַט פונ דעמדאָזיקנ שפּאציר האָבנ די בײַזונדער זיכ ארויפגעלאָזט צומ סאמע צופוסנס פונעמ בארג, ווו די גאנצע ערד איז געווענ באשפּרייט מיט פאָרמלאָזע פעלדזיקע ברוכשטיקער, מיט שלאק אונ מיט שטיקלעכ שווארצער צעפּרעסענער לאווע. ס'איז ניט שײַעכ געווענ צו צווייפלענ אינ דעמ ווולקאנישנ אָפּשטאמ פונ דעמדאָזיקנ ריזיק־גרויסנ קאָנוס.

די יעגערס האָבנ באגעגנט אפנ וועג עטלעכע ווילדע כאזיירימ. איינעמ פונ זיי האָט דער מאיאָר אוועקגעלייגט גלײַכ אפנ אָרט. גלענארוואנ האָט אונטערגעשאָסנ עטלעכע ראב־הינדלעכ, פונ וועלכע דער שיפ־קעכער האָט צוגעגרייט דעמ פײַנעמ געבראָטנס. זייער אסאכ ציגנ האָבנ דאָ געשטיפט אפ די הייכנ פונ די בארג־פּלאטפאָרמעס. וואָס איז שײַעכ די ווילדע קעצ, די געוואגטע, שטאָלצע אונ שטארקע באלעכאימ, וואָס אפילע הינט האָבנ פאר זיי מוירע, קענ מענ זאָגנ, אז זיי זײַנענ דאָ געווענ גאָר אָנ א שיר.

ארומ אכט אזייגער האָבנ זיכ אלע אומגעקערט אפ דער שיפ, אונ באנאכט האָט „דונקאנ" פארלאָזט דאָס אינדזל טריסטאנ ד'אקוניא אפ זיכ מער שוינ אהערצו ניט אומקערנ.

## דריטע קאָפּיטל

# — די אמסטערדאמער אינדזלענ

איצט איז דזשאָנ מאנגלס געווענ פארטאָנ מיט איינ געדאנק: וויאזוי באזאָרגט מענ די שיפ אפנ קאפ „די גוטע האָפענונג" מיט א גענוגנדיקנ רעזערוו קוילנ. צוליב דעמ האָט ער עטוואָס געדארפט אָפּווײַכנ פונ דער זיבנאונדרײַסיקסטער פּאראלעל אונ זיכ אופהייבנ אפ צוויי גראד צאָפנ־צו. „דונקאנ" האָט זיכ געפינענ נידעריקער פונ דער פּאסאטנ־זאָנע אונ ער האָט ארײַנגעטראָפנ אינעמ פּאס פונ די מײַרעוודיקע גינסטיקע ווינטנ. ס'האָט קיינ פולע זעקס טעג נישט געדויערט אונ די שיפ איז דורכגעלאָפנ די טויזנט דרײַ הונדערט מײַל, וואָס טיילנ אָפּ טריסטאנ ד'אקוניא פונעמ אפריקאנישנ ברעג.

דעמ פירונצוואנציקסטנ נאָיאבער דרײַ אזייגער פארטאָג האָט מענ שוינ פונעמ „דונקאנ"־בריקעלע געקענט זענ דעמ טיש־בארג, אונ אהינ ווײַטער אביסעלע האָט זיכ די יאכטע אופגעהויבנ צומ סיגנאלנ־בארג, וואָס ווײַזט אָנ דעמ ארײַנגאנג אינ דער בוכטע. „דונקאנ" איז אהינ ארײַנ ארומ אכט אינדערפרי אונ האָט פארוואָרפנ דעמ אנקער אינעמ קאפשטאדטער האפנ.

דעמדאָזיקנ עק טייל פונ אפריקע האָט צומ ערשטנ מאָל אינ טויזנט פיר הונדערט זעקסונאכציקסטנ יאָר דערזענ דער פּאָרטוגעזער אדמיראל ווארפאלאָמיי דיאצ. אונ ערשט אינ טויזנט פיר הונדערט זיבנונײַנציקסטנ יאָר

האָט דער באַריכ...ער וואסקאָ דע־גאמא ארומגעבויגנ דעם קאפּ, וואָס מע האָט אים שפּעטער־צו אָנגערופנ מיטנ נאָמענ „די גוטע האָפענונג“.

קיינער וועט דאָכ נישט גיינ כוישעד זײַנ פאגאנעלנ אינ דעם, אז ער איז ניט באקאַנט מיטנ דאָזיקנ קאפּ אינ דער צײַט, ווענ קאמאָענס האָט באזינגענ דעם גרויסנ יאם־רײַזנדער אינ זײַנ „לוזיאדע“?! אגעוו, האָט דאָ דער געאָגראַפ געמאכט א גאנצ ציקאווע באמערקונג: ווענ דיאַצ, — זאָגט ער, — וואָלט אינ טויזנט פיר הונדערט זעקסונאכציקטנ יאָר, ד. ה., זעקס יאָר איידער קאָלומבוס האָט געמאכט די ערשטע רײַזע זײַנע, ארומגעבויגנ דעמדאָזיקנ קאפּ, וואָלט אמעריקע א לאנגע צײַט נאָכ ניט געווענ אנטדעקט. אונ אינדערעמסנ, דער וועג פארבײַ דעם קאפּ „די גוטע האָפענונג“ איז דאָכ געווענ דער סאמע קירצסטער אונ גלײַכסטער קיינ מיזרעכ־אינדיע. אונ באם פארטיפנ זיכ אלצ ווײַטער אונ ווײַטער צו מײַרעוו־צו, איז דענ וואָס אנדערש אויסנ געווענ דער גרויסער זשענעווער רײַזנדער, אויב ניט קיינ פארקירצטנ וועג צו די „געווירצנ־אינדזלענ“? אזוי, אז ווענ דעמדאָזיקנ קאפּ וואָלט מענ ארומגעבויגנ פריִער, דאנ וואָלט קאָלומבוסעס עקספּעדיציע שוינ געווענ איבעריק, אונ ער וואָלט זי זיכער גאָר־ניט געווענ פירגענומענ.

די שטאָט קאפּשטאדט, וואָס האָט זיכ געפונענ אינדערטיפ פונעם קאפּישנ אויסגוס, איז געגרינדעט געוואָרנ אינ טויזנט אכט הונדערט צוויינפופציקטנ יאָר דורכנ האָלענדער וואנ־ריבעק. דאָס איז געווענ די הויפּטשטאָט פונ דער גאנצ באדײַטנדיקער קאָלאָניע, וואָס איז ענדגילטיק איבערגעגאנגענ צו די ענגלענדער אינ טויזנט אכט הונדערט פופצנטנ יאָר.

די פאסאזשירנ פונ „דונקאנ“ האָבנ זיכ באנוצט מיטנ דאָזיקנ אָפּשטעל, קעדיי צו באזוכנ די שטאָט. זיי האָבנ געהאט אינ זייער רעשוס אינגאנצנ צוועלף שאָ צײַט, ווײַל דער קאפּיטאנ דזשאָנ האָט מער ניט געדארפט ווי איינ טאָג צײַט אפּ צו באנײַענ זײַנע רעזערווג. אונ דעם זעקסונצוואנציקטנ אינדערפרי האָט ער שוינ געהאט בעדייע זיכ לאָזנ ווײַטער אינ וועג ארײַנ.

ני, אונ די צוועלף שאָ זײַנענ עפּשער געווענ מער ווי גענוג אפּ צו קענענ דורכלויפנ אלע קעסטעלעכ פונעם שאכמאט־ברעטל, וואָס הייסט קאפּשטאדט, ווו סע געפינענ זיכ דרײַסיק טויזנט ווײַסע אונ שווארצע אײַנוווינער, וועלכע האָבנ געשפּילט די ראָל פונ קעניגנ, קעניגנס, טורעמס, פערד, לויפערס אונ פענדלעכ. דערדאָזיקער בילדערישער אויסדריק האט געהערט פאגאנעלנ אונ ער איז געווענ א גאנצ ריכטיקער.

נאָכ דעם, ווי מע האָט ארומגעקוקט דעם שלאָס, וואָס האָט זיכ געהויכט אינ דעם דאָרעמ־מיזרעכדיקנ טייל שטאָט, אונ דעם גובערנאטערס פאלאצ מיט דער בירזשע, מיטנ מוזיי, מיטנ שטיינערדיקנ קרײַצ, וואָס דיאַצ האָט אופגעשטעלט לעקאָוועד זײַנ אנטדעקונג, אונ נאָכ דעם, ווי מע האָט אויסגעטרונקענ צו גלעזעלעכ אָרטיקנ ווײַנ פונ דער ערשטער גערעטעניש, איז שוינ דאָ מער גיט געווענ וואָס צו טאָנ, סײַדנ זיכ לאָזנ צוריק אינ וועג ארײַנ. אונ דאָס האָט מענ טאקע געטאָנ גלײַכ אפנ קומענדיקנ טאָג.

באַ די ערשטע שטראַלנ פונ קאַיאָר האָט „דונקאַנ" אופגעהויבנ דעמ אַנקער, מע האָט אופגעהויבנ אַלע זעגלענ, אונ אינ עטלעכע שאָ אַרומ האָט די שיפ שוינ געהאַט אַרומגעבויגנ דעמ באַרימטנ שטורעמ־קאַפּ, וועלכנ יאָאַנ דער צווייטער, דער פּאָרטוגעזישער קעניג, וואָס איז געווענ בעטעווע אַ גרויסער אָפּטימיסט, האָט אַזוי ניט געלונגענ אָנגערופנ קאַפּ פונ דער „גוטער האָפּענונג".

די צוויי טויזנט נײַנ הונדערט מײַל, וואָס טיילנ אָפּ דעמ קאַפּ „די גוטע האָפּענונג" פונ די אַמסטערדאַמער אינדזלענ, האָט מענ, אַדאַנק דעמ גינסטיקנ ווינט אונ דעמ רויִקנ יאַמ, דורכגעמאַכט אינ מעשעכ פונ צענ טאָג צײַט.

די יאַמ־רײַזנדער, לאָזט זיכ אויס, האָבנ געהאַט מער מאַזל, ווי די פּאַמפּאַסנ־רײַזנדער, זיי האָבנ זיכ מיט גאָרניט ניט געקענט באַקלאָגנ אַפּ די נאַטור־קויכעס.

פּאַגאַנעל האָט מיט גרויס ענטוזיִאַזמ אונ היספּײַלעס גערימט דעמ יאַמ, וואָס איז, לויט זײַנ מיינונג, אַזוי נוציק פאַר דער וועלט אונ האָט געבראַכט צו אָנ אַ שיר אַנטדעקונגענ, מערער, ווי די ראַכוועסדיקע פּאַרלאָזענע יאַבאָשע־טיילנ.

דעמ זעקסטנ דעקאַבער האָבנ די ערשטע זונענ־שטראַלנ באַלויכטנ אַזעלכע בערג, וואָס זײַנענ אַזויווי אַרויסגעגאַנגענ פונ אונטער די כוואַליעס.

דאָס זײַנענ געווענ די אַמסטערדאַמער אינדזלענ, וואָס זײַנענ געלעגנ לעמ זיבנ אונ דרײַסיק גראַד אונ זיבנ אונ פערציק מינוט דאָרעמדיקער ברייט אונ לעמ פיר אונ צוואַנציק גראַד געאָגראַפישער לענג. דעמ הויכנ קאָנוס פונעמ היפּט־אינדזל אינ דער גרופּע האָט מענ באַ אַ לויטערנ וועטער געקענט אַרויסזעענ אַפּ אַ מעהאַלעכ פונ צענ מײַל.

אַכט אַזייגער אינדערפרי האָבנ נאָכ זײַנע אומבאַשטימטע שטריכנ עטוואָס לײַכט דערמאַנט דעמ פּיק טענעריפ.

— ער איז זייער ענלעכ צו טריסטאַנ ד'אַקוניאַ, — האָט זיכ מיסטער גלענאַרוואַנ אָנגערופנ.

— דאָס איז אַ גאַנצ ריכטיקע באַמערקונג, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט, — דאָס דרינגט פולקומ אַרויס פונ דער געאָמעטרישער טעאָרעמע: צוויי אינדזלענ, וואָס זײַנענ געגליכנ צומ דריטנ, זײַנענ געגליכנ אויכ איינער צומ אַנדערנ. איכ דאַרפ נאָכ צוגעבנ, אַז אויכ די אַמסטערדאַמער אינדזלענ זײַנענ, פּונקט ווי טריסטאַנ ד'אַקוניאַ, רײַכ מיט יאַמ־הינט אונ מיט ראָבינזאָנעס.

— צי דענ זײַנענ אומעטומ פאַראַנ ראָבינזאָנעס? — האָט מיסיס עלענ אַ פרעג געטאָנ.

— דעמ עמעס געזאָגט, זײַנענ מיר באַקאַנט זייער ווייניק אינדזלענ, וווּ ס'זאָלנ זיכ ניט געפינענ קיינ ראָבינזאָנעס אינ אַזאַ אָדער אַנדער פאָרמ. אונ דער גוירל, דאַרפ מענ זאָגנ, האָט אַפּ אַסאַכ אַריבערגעיאָגט אײַער לאַנדסמאַנ דאַניִעל דעפאָ אונ פריִער פונ אימ געשאַפנ דעמ ראָמאַנ זײַנעמ.

— הער פּאַגאַנעל, — האָט זיכ מערי גראַנט אָנגערופנ, — דערלויבט מיר אײַכ פאַרגעבנ אַ פראַגע.

— אפילע א גאנצע טוץ, אויב דאָס איז אײַך נאָר ליב. איך בין אײַך די רעגע גרייט צו ענטפערן.

— דאנק איך אײַך זייער, — האָט דאָס יונג מיידל געענטפערט, — איך האָב אײַך בלויז געוואָלט פרעגן איין זאך: איר וואָלט זיך זייער שטארק דערשראָקן, ווען סע כאָלעמט זיך אײַך, אז איר זײַנט געבליבן איינער אליין אף אן אומבאוווינט אינדזל?

— איך? — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן.

— מײַן ליבער פרײַנט, — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן, — איך וואָרן אײַך, איר זאָלט זיך גאָרניט פרווון אײַנצושמועסן אונדז, אז דאָס איז אײַער איינציקער און ליבסטער טרוים.

— רעכט, איך קלײַב זיך ניט אײַנצושמועסן אײַך אזעלכס, אָבער איך פארזיכער אײַך, אז אזא מין ארט פאסירונג וואָלט מיר ווינציק וואָס אָפּגעשראָקן. איך וואָלט אָנגעהויבן א נײַעם ארט לעבן, איך וואָלט געגאנגען אף געיעג, איך וואָלט זיך פארנומען מיט פישפאנג, איך וואָלט זיך אײַנגעאָרדנט אף ווינטער א וווינונג אין א הייל, און זומער וואָלט איך געזעסן אף דיביימער, איך וואָלט אויסגעבויט שפײַכלערס פאר מײַנע שפײַז־רעזערוון, מיט איין וואָרט, איך וואָלט קאָלאָניזירט דאָס אינדזל מײַנס.

— אין אבסאָליוטער איינזאמקײַט?

— נו, יאָ, ווען סע טרעפט זיך נאָר אזעלכס. אגעוו, איז ניט שײַעך זיך פאָרצושטעלן קיין אבסאָליוטע איינזאמקײַט. צי דען קען מען זיך ניט אָפּזוכן קיין פרײַנט צווישן די באלעכאַים, צוגעוווינען צום שטוב א יונג בעקעלע אָדער א שיין־ריידנדיקן פאָפוגײַ, אָדער א געטרײַ מאלפּעלע? און אויב דעם גורל וועט נאָך זײַן ליב, און ער וועט אײַך צושיקן אזא מין פרײַנט, ווי פרײַטיקן, דעמלט דארף מען דאָך שוין גאָרניט בעסער. צוויי פרײַנט וווינען זיך אף אן איינזאמען פעלדז. אך, ס'איז דאָך דאָס העכסטע גליק! נו, שטעלט זיך אומיסטן פאָר: איך און דער מאיאָר...

— איך דאנק אײַך זייער שטארק, — האָט דער מאיאָר געענטפערט, — איך פארמאָג ניט אפילע די מינדסטע פייִקײַטן פאר ראָבינזאָנס ראָל, און איך וואָלט זי זייער שלעכט געשפּילט.

— ליבער פאגאנעל, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן, — אײַער פאָרשטעלונג טראָגט אײַך ווידער אוועק אינעם געביט פון פאנטאזיע. אָבער איך מיין, אז דיווירקלעכקײַט שיידט זיך זייער אסאך אָפּ פונעם טרוים. דערמאנט זיך נאָר אליין, אז דידאָזיקע אלע אויסגעטראכטע ראָבינזאָנען האָט דער גורל מיט א קיוונ פארוואָרפן בלויז אף גוט צוגעקליבענע אינדזלען, ווו די פראכטפולע נאטור פארוואנדלט זיי מאמעש אין צעפעסטעטע קינדער! אײַך ווײַזט מען נאָר די רעכטע זײַט פון דער מאטבייע.

— ווי? איר גלויבט ניט, אז מע קען זיך אף אן אומבאוווינטן אינדזל פילן גליקלעך?

— ניין, איך גלויב ניט. דער מענטש איז באשאפן געוואָרן צוליב דער

געזעלשאפט, און אבסאָליוטע איינזאמקייט קען אים ברענגען בלויז פארצווייפ־לונג. דאָס איז נאָר א פראגע פון צייט. פון אָנפאנג ווערט ער פארשלונגען דורך דער זאָרג פונעם מאטעריעלן לעבן, דורך דער טאָגטעגלעכער נויט, אָט דאָס אלץ פארנעמט ווי עס איז דעם אומגליקלעכן, וואָס האָט זיך קוים מיט צאָרעס געראטעוועט פון די יאם־כוואליעס. — דער געדאנק וועגן דעם היינט דערווייטערט אים צייטווייליק פון די דראָונגען אין דער צוקונפט. אָבער דערנאָך, בעשאס ער דערפילט די עלנטקייט זיינע, וויאזוי ער איז ווייט פון זיינס גלייכן, אָן שום האָפענונג אפ צו דערזען ווען ס'ניט איז זיין לאנד מיט די מענטשן, וואָס זיינען אים נאָענט, טאָ שטעלט זיך אומיסטנ פאָר, וויפל ליידן דערדאָזיקער מענטש קער נעבעך איבערלעבן! זיין אינדזע־לע — דאָס איז די גאנצע וועלט זיינע, די גאנצע מענטשהייט איז ער אליין, און בעשאס דער טויט דארף צו אים אָנקומען, קער ער זיך דאָך פילן, ווי דער לעצטער מענטש אינעם לעצטן טאָג פון דער וועלט־עקזיסטענץ. גלויבט מיר, ליבער פאגאנעל, אז אזא מין מענטשן איז שוין גראדע ניטאָ וואָס צו מעקאנע זיין. און קיינער וואָלט זיך ניט ווונטשן צו זיין אפ דעמדאָזיקן מענטשנס אָרט!

פאגאנעל, ווי ס'זאָל אים ניט באנק טאָן די מייסע, האָט ער דאָך געמוזט מאסקים זיין מיט מיסיס עלענס מאָטיוון, און דער שמועס וועגן די מיילעס און די כעסרוינעס פון איינזאמקייט האָט געדויערט אזוי לאנג, ביז „דונקאן" איז שוין געווען א מייל פאר די אמסטערדאמער אינדזלען.

דערדאָזיקער אָפּגעזונדערטער ארכיפעלאג אפן אינדישן אָקעאן באשטייט פון צוויי אינדזלען, וואָס שטייען אָפּ איינס פונעם צווייטן אפ א מעהאלעכ פון דריי און דרייסיק מייל, פונקט אפן מערידיאן פונעם אינדישן האלב־אינדזל. צו צאָפן־צו ליגט דאָס אינדזל אמסטערדאם אָדער, ווי מע רופט דאָס, אינדזל פונעם הייליקן פעטער, און צו דאָרעם־צו — דאָס אינדזל פונעם הייליקן פאוועל. נאָר דאָ מוז מען זאָגן דעם עמעס, אז די יאם־רייזנדער און אפילע די געאָגראפן אליין האָבן אָפט געפלאָנטערט די נעמען זייערע.

דאָס אינדזל פונעם הייליקן פאוועל, — דאָס דאָרעמדיקע אינ דערדאָזיקער גרופע, — שטעלט מיט זיך פאָר אן אומבאוווינט קליינטשיק שטיקעלע ערד מיט א הויכן בארג, וואָס איז, קענטיק, א געוועזענער ווולקאן. דאָס אינדזל אמ־סטערדאם אָדער דער הייליקער פעטער, וווהין „דונקאנס" שיפל האָט אוועק־געפירט די פאסאזשירן, פארנעמט ניט ווינציקער, ווי צוועלף מייל אינעם ארום. אפ דעמדאָזיקן אינדזל וווינען בלויז עטלעכע פרייוויליקע פארשיקטע לייט, וואָס זיינען שוין צוגעוווינט געוואָרן צו זייער אומעטיקן לעבן. דאָס זיינען די וועכטער פון די פיש־געווערבן, וואָס געהערן צו איינעם מיטן נאָ־מען אָטאָוואן פונעם אינדזל רעיוניאָן. דערדאָזיקער געוועלטיקער, וואָס איז נאָך, אגעוו, ניט אנערקענט געוואָרן דורך די גרויסע מעלוכעס, באקומט פינף און זיבעציק אָדער אכציק טויזנט פראנק א יאָר פון די שטאָקפיש, וועלכע מע כאפט דאָ, מע זאלצט זיי איין און מע עקספאָרטירט זיי.

דעם טאָג, ווען „דונקאַן“ איז אָנגעקומען, ד. ה., דעם זעקסטן דעקאַבער 1864־טן יאָר, איז די באַפּעלקערונג פונעם אינדזל באַשטאַנען פון דרײַ פּאַרשוין: איינער א פראנצויז און צוויי מולאַטן — אָטאָוואַנס דינער. פּאַגאַנעל האָט אַזויאַרום געהאַט די מעגלעכקײַט צו דריקן די האַנט זײַנעם א לאַנדסמאַן, דעם געערטן הער וויזאָ, דערדאָזיקער שלאַבערדיקער אַלטינקער האָט אַרויסגעוויזן די רײַזנדער זייער אַסאַך גאַסטפרײַנטלעכקײַט; ער איז געווען גוואַלדיק צופרידן, וואָס אייראָפּייער, געבילדעטע מענטשן, האָבן אים באַזוכט, ווײַל דאָס אינדזל אַמסטערדאַם באַזוכן מערסטנטייל בלויז יאַמהינטפאַנגער, און זעלטן־ווען — וואַלפיש־שעכטער. דאָס זײַנען אַלץ פּאַרגרעבטע און אומגעבילדעטע מענטשן.

וויזאָ האָט פאָרגעשטעלט פאַר די רײַזנדער זײַנע אונטערטאַנער — ביידע מולאַטן. אויב מע זאָל ניט רעכענען די עטלעכעווילדע כאַזיירים, וואָס האַלטן זיך אוף דאָ אין וואַלד, און די סאַך טויזנטער פּינגווינען פונעם ברעג, קען מען זאָגן, אַז דאָס איז די גאַנצע באַפּעלקערונג פונעם אינדזל.

זינט דער אַלטינקער וויזאָ וווינט דאָ, איז נאָך קיינער צו אים נישט אָנגעקומען נאָך קיין רעטונג־הילף. דערום איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אים איז אויך באַרניט ניט אויסגעקומען צו הערן ניט וועגן „בריטאַניע“ און ניט וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

גלענאַרוואַן האָט זיך ווינציק וואָס גענומען צום האַרצן פון דערדאָזיקער ידיעה און געוווּנדערט האָט עס אים אויך ניט, וואָרום בעשאַס „דונקאַן“ האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, האָבן די פּאַסאַזשירן פון „דונקאַן“ דאָ געזוכט ניט אַזויפיל דעם קאַפּיטאַן גראַנט, ווי די איבערצײַגטקײַט אין דעם, אַז ער איז דאָ געוויס ניטאָ.

דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי דאָ פאַרבראַכט זייער שיין, זיי האָבן דאָ צווישן אַנדערש געזען קוואַלן, וואָס שפּריצן מיט הייס זודיק וואַסער. אַז מע האָט אַרײַנגעוואָרפן אַהינצו א פיש, האָט ער זיך אָפּגעקאָכט לעבעדיקערהייט, און דערפון האָט פּאַגאַנעל געדרונגען, אַז באָדן זיך איז אין דעמדאָזיקן וואַסער ניט קעדײַ. אינאָוונט האָבן מיסטער גלענאַרוואַן און זײַנע מיטרײַזנדער זיך געזעגנט מיטן אַלטינקן וויזאָ, זיי האָבן געווונטשן די איינזאַמע אינדזל־אײַנוווינער אַלדאָסגוטס. דער אַלטינקער, פון זײַן זײַט, האָט אויך געווונטשן דער עקספּעדיציע, אַז זי זאָל אַרויס מיטן בעסטן דערפאָלג. דערנאָך האָט דאָס שיפל צוגעשטעלט די „דונקאַן“־פּאַסאַזשירן צוריק אַף דער שיף.

## פערטע קאַפּיטל

# זשאַק פּאַגאַנעל און דער מאַיאָר מאַק־נאַבס גייען אין געוועט

אַז די פּאַסאַזשירן זײַנען אַכט אַזייגער אינדערפרי אַרופגעגאַנגען אַף דער פּאַלובע, האָט מען שוין די אַמסטערדאַמער אינדזלען קוים־קוים אָנגעזען אַפן האָריזאָנט. דאָס איז געווען דאָס לעצטע שטיקעלע יאַבאָשע, וואָס די רײַזנ־

דער האָבן געקענט באַגעגענען אַף זייער וועג לענגויס דער זיבנונדרײַ־סיקסטער פּאַראַלעל שוין בײַם סאַמע אַוסטראַליע. איצטער איז זיי פּאָרגע־שטאַנען דורכצוגיין דרײַ טויזנט מײַל אָן איין אָפּשטעל. אויב דער ווינט וועט זײַן גינסטיק, און דער יאַם — רויִק, וועט „דונקאַן" אין משך פון צוועלף טעג דערגרייכן דעם ציל.

מערי און ראָבערט גראַנט האָבן ניט געקענט רויִק קוקן אַף די וואַסערן, וואָס „בריטאַניע" האָט דאָ זיכער געאַקערט ביט עטלעכע טעג פאַר איר קאַ־טאַסטראָפע. מעגלעך, אַז דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט דאָ געקעמפט מיט די שרעקלעכע שטורעמס פונעם אינדישן אָקעאַן... דזשאָן מאַנגלס האָט אומיסטנ באַוויזן מערי גראַנטן אַף דער מאַפּע די יאַם־שטראָמען, וואָס הערשן דאָ אין דידאָזיקע ערטער, וועלכע היטן אײַן קעסיידער די ריכטונג זייערע. איינער פון דיראָזיקע שטראָמען, וואָס האַקט איבער דעם אינדישן אָקעאַן, פירט גלײַך צו די ברעגן פון אַוסטראַליע. אויב „בריטאַניע" האָט דאָ אין דער צײַט פונעם שטורעם פאַרלוירן דעם מאַסטבוים מיטן שטויער־רודער, האָט זי, געוויס, אָנגעטראָפן אַהער אינעם דאָזיקן שטראָם, און דער שטראָם האָט זי, געוויס, געקענט ברענגען צו אַ שלעכטן סאָף בײַ די ברעגן פון אַוסטראַליע לעם די דאָרטיקע ריפן.

אַגעוו, איז דאָ אײַנגעפאַלן דעם אוילעם אַ פרישער אומרויִקער געדאַנק. אַזוי ווי די לעצטע ידיעה, וואָס איז אָנגעקומען פונעם קאַפּיטאַן גראַנט, איז געגאַנגען פון קאַליאַאָ מיט דער דאַטע פונעם דרײַסיקסטן מײַ טויזנט אַכט הונדערט צוויינזעכציקסטן יאָר, טאָ וויאַזוי־זשע האָט די שיף געקענט אַכט טעג נאָכן אָפּשווימען פון די פּערו־ברעגן זיך פּאַקן אינעם אינדישן יאַם אַרײַן?

פאָרגעקומען איז עס דעם צוועלפטן דעקאַבער אינאָווענט אַפן זעקסטן טאָג שווימען. מיסטער גלענאַרוואַן, מיסיס עלען, ראָבערט, מיס מערי, דער קאַ־פּיטאַן דזשאָן, זשאַק פּאַגאַנעל און דער מאַיאָר האָבן זיך אַלע געפינען אַף דער פּאַלובע און האָבן, ווי דער שטייגער איז, ווידערואַמאָל און נאָכאַמאָל גערעדט וועגן „בריטאַניע".

דער ווידערשפּרוך איז פּלוצים אײַנגעפאַלן מיסטער גלענאַרוואַנען אין קאָפּ, און דאָס האָט באַלד אַרײַנגעבראַכט אַן אומרו אין די הערצער פון אַלע איבעריקע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער.

אָבער פּאַגאַנעל, צו וועמען מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך געווענדעט מיט זײַן פראַגע, האָט גלײַך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ער האָט די ערשטע רעגע גאָרניט געענטפערט און איז נאָר אַוועק צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן נאָכן דאָקומענט.

באַם צוריקקערן זיך, האָט ער אַ קנייטש געטאָן מיטן אַקסל, ווי אַ מענטש, וואָס איז ניט צופרידן, בעשאַס מע דולט אים דעם קאָפּ מיט אַזעלכע קלייניקייטן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט גלײַך פאַרשטאַנען, וואָס דערדאָזיקער קנייטש באַטײַט, דאָך האָט ער זיך אָנגערופן צום געלערנטן:

— פונדעסטוועגן וואָלטן מיר וועלן, איר זאָלט זיך ניט אָפּזאָגן און אונדז געבן א מער דייטלעכן ענטפער.

— איצטער קלייב איך זיך אייך ניט געבן קיין ענטפער, — האָט דער געלערנטער זיך אָנגערופן, — איך וועל זיך בלויז באַגרענעצן מיט דעם, וואָס איך וועל דעם קאַפּיטאַן דזשאָן פאַרגעבן א פּאָר פראַגן.

— ביטע זייער, הער פּאַגאַנעל, — האָט אים דער יונגער קאַפּיטאַן געענטפערט.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, צי איז א גיך־גייענדיקע שיף אימשטאַנד אין משך פון איין כוידעש צייט דורכצומאַכן די שטרעקע, וואָס טיילט אָפּ דאָרעם־אַמעריקע פון אויסטראַליע?

— יאָ, זי איז בעפיירעש אימשטאַנד, אויב זי וועט נאָר דורכשניטלעך דורכמאַכן וואַסערע צוויי הונדערט מייל א מעסלעס.

— איז דידאָזיקע צאָל, וואָס איר האָט נאָרוואָס אָנגערופן — אין זינען פון שנעלקייט — אַן אויסערגעוויינלעכע?

— ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן! דאָס איז א מיטעלע גיכקייט. געוויינלעכע ועגל־קליפּערס גייען באַ א גינסטיקן ווינט אסאַך גיכער.

— אויב אזוי, — האָט פּאַגאַנעל פאָרגעזעצט, — שטעלט זיך פאָר, אז דער יאַם האָט אָפּגעריבן איין ציפער פונעם דאָקומענט און אַנשטאָט דעם 7־טן יונ פרווט לייענען דעם „17־טן“ אָדער דעם „27־טן“ יונ! און דאַן וועט פאַר אייך אלץ קלאָר ווערן.

— טאַקע אזוי, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן, — פון דעם 31־טן מיי ביזן 27־טן יונ...

— האָט דער קאַפּיטאַן גראַנט זייער לייכט געקענט איבערהאַקן דעם גאַנצן שטילן אָקעאַן! — האָט פּאַגאַנעל פייערלעך געענדיקט.

און אלע זיינען געוועזן צופרידן מיט זיין זיג.

— אזוי ארום איז געוואָרן קלאָר נאָך איין רעטענישפולער פּראַט! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — און דאָ האָבן מיר ווייטער צו פאַרדאַנקען אונדזער פריינט פּאַגאַנעלן. איצט בלייבט אונדז נאָר צוקומען צו די אויסטראַלישע ברעגן און אָפּצוזוכן אפן מייַרעיודיקן ברעג די שפּורן פון „בריטאַניעס“ קאַטאַסטראָפע.

— פאַרוואָס עפּעס צום מייַרעוודיקן? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן, — די קאַטאַסטראָפע האָט דאָך געקענט פאָרקומען אויך אפן מיזרעכדיקן ברעג.

— איר זיינט זייער גערעכט, מאַק־נאַבס. אינעם דאָקומענט איז טאַקע וועגן דעם ניטאָ קיין שום דירעקטע אָנווייַזונג, דערפאַר וועט אונדז אויסקומען דורכפירן די זוכענישן אונדזערע סיי אפן מיזרעכדיקן און סיי אפן מייַרעוודיקן ברעג, אין יענע ערטער, ווו זיי ווערן נאָר איבערגעהאַקט דורך דער זיבנונדרייסיקטער פּאַראַלעל.

— הייסט עס, אז איר זיינט נאָך ניט איבערצייַגט אין... — האָט מערי גראַנט אָנגעהויבן.

— אָ, ניין, מיס מערי, — האָט דזשאָן מאַנגלס איבערגעשלאָגן איר די רייד. — מיסטער גלענאַרוואַן האָט פֿאָשעט געוואָלט זאָגן, אַז ס'וועט אונדז אויסקומען עפּשער עטוואָס צו פֿאַרלענגערן אונדזערע זוכענישן. די מײַסע איז אַזאַ, וואָס אויב דער קאַפּיטאַן גראַנט איז אויסגעשטיגן אויפֿן מיזרעכדיקן ברעג פֿון אויסטראַליע, האָט ער דאָרטן געדאַרפֿט גלײַך זיך אָנטרעפֿן מיט זײַנע לאַנדסלײַט, וואָס וואָלטן אים די רעגע אַרויסגעוויזן הילף, ווײַל די גאַנצע בײַברעגיקײַט דאָרטן איז באַזעצט מיט ענגלענדער, וואָס קאָלאָניזירן דעם קאַנט, און זיי זײַנען דאָרטן דאָ אין אַ גאַנץ גענוגער צאָל.

— ריכטיק, קאַפּיטאַן — האָט זיך פֿאַגאַנעל אָנגערופֿן. — איך פֿאַרייניק זיך צו אײַער מיינונג. אויפֿן דער מיזרעכדיקער בײַברעגיקײַט — אין דער בוכטע טוּפֿאָלד אָדער אין דער שטאָט עדעם — וואָלט האַרי גראַנט ניט נאָר אָפּגעזוכט פֿאַר זיך אַן אַנטרינונג אין דער ענגלישער קאָלאָניע, נאָר ער וואָלט פֿילײַכט אויך געקראָגן די מעגלעכקײַט זיך אומצוקערן אַהיים.

— איז, הייסט עס, די קאַטאַסטראָפֿע פֿאָרגעקומען אויפֿן דעם מײַרעוודיקן ברעג פֿון אויסטראַליע, און דאָרטן האָבן די געליטענע זיך גאָרנישט געהאַט וואָס צו ריכטן אויף אַזאַ מין אופֿנעם? — האָט מיסיס עלען אַ פֿרעג געטאָן.

— פֿאַרשטייט זיך, — האָט פֿאַגאַנעל געענטפֿערט. — דערדאָזיקער טייל פֿונעם קאָנטינענט איז וויסט. פֿון דאָרטן גייען ניט קיין שום וועגן קיין מעלבורן אָדער קיין אַדעלאַידע. אויב „בריטאַניע" איז צעבראָכן געוואָרן לעם אַ פֿעלדז, וואָס ציט זיך לענגאויס דידאָזיקע ברעגן, האָט זי ניט געהאַט פֿון וואַנען אַרויסצוקוקן אויף הילף, פּונקט ווי דאָס וואָלט פֿאָרגעקומען אין דער ווילדער צענטראַל־אַפֿריקע.

— אויב אַזוי, איז וואָס־זשע פֿאַר אַ שיקזאַל האָט דאָרט געקענט טרעפֿן דעם פֿאָטער מײַנעם? — האָט מערי גלײַך אַ פֿרעג געטאָן.

— טײַערע מערי, — האָט פֿאַגאַנעל געענטפֿערט, — איר צווייפֿלט דען אין דערינען, אַז דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע דערגרייכט דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט?

— ניין, איך צווייפֿל ניט, הער פֿאַגאַנעל.

— אויב אַזוי, טאָ לאָמיר נעמען און פֿאַנאַנדערקלײַבן אַלע מעגלעכקײַטן, וואָס שטעלן זיך פֿאָר אין דעם געגעבענעם פֿאַל, וואָרום זיי זײַנען סך־הכּל ווינציק אין צאָל: אָדער האַרי גראַנט און זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך דערקליבן צו דער ענגלישער קאָלאָניע — דאָס איז די ערשטע היפּאָטעזע, — אָדער זיי האָבן זיך געפֿאַקט אין געפֿענקעניש צו די אָרטגעבוירטיקע — דאָס איז די צווייטע; און, ענדלעך, גייט די דריטע — טאָמער זײַנען זיי פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אויף די גרענעצלאָזע וויסטע שטרעקעס פֿון אויסטראַליע.

פֿאַגאַנעל איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט געגעבן אַ קוק אויף זײַנע מיטרײַזנדער, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף זייער באַגיטיקונג.

— איר קענט פּאָרזעצן, ליבער פריינט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— זייער גערן, — האָט דער געלערנטער געאָגראַף געענטפערט. — איז די ערשטע היפּאָטעזע פון די אַלע דריי, בין איך גרייט אָפּצוּוואַרפן דערפאַר, ווייל ווען האַרי גראַנטן זאָל זיך געוועןַ איינגעגעבן דערקלייבן צו דער ענגלי־שער קאָלאָניע, וואָלט ער שוין לאַנג־לאַנג געווען צוריק אין זיין גוטער שטאָט דיאַנדי, און זיינע געליבטע קינדער וואָלטן זיך שוין לאַנג געפרייט מיט זייער טייערן גאַסט.

— אָרעמער טאַטע! — האָט מערי אַ שעפּטשע געטאָן. — שוין צוויי יאָר, אַז מיר האָבן דיך ניט געזען.

— מערי, וואָס שטערסטו דעם הער פּאַגאַנעל, — האָט זיך ראָבערט אָנ־גערופן, — שטער אים ניט, ווען ער אונדז זאָגן, ווו דער טאַטע אונדזערער געפינט זיך.

— צום באַדויערן, מיין פריינטעלע, קען איך עס אייך ניט זאָגן, ווייל איך אַליין ווייס עס נאָך אויך ניט אַפ זיכער. איך בין זיך נאָר מעשער, אַז ער געפינט זיך אין געפענקעניש בא די אוסטראַלישע ווילדע מענטשן, אָדער...

דאָ האָט עלען זיך ניטווילנדיק אַריינגעמישט אין די רייד און אים אפילו ניט געלאָזט דערענדיקן די פראַזע.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, די אַרטיקע ווילדע מענטשן זיינען זייער געפערלעכע, צי ניט?

— באַרויקט אייך, — האָט דער געלערנטער געענטפערט, ווייל ער האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס סע קימערט זי. — דידאַזיקע מענטשן, וואָס שטייען אַפ דער סאַמע נידעריקסטער אַנטוויקלונג־שטופע, זיינען דאָך זייער גוטע אין דער נאַטור און אַבסאָליוט ניט קיין בלוטדאָרשטיקע, ווי זייערע נאָענטסטע שכיינים — די ניי־זעלאַנדער. אויב דער קאַפּיטאַן גראַנט מיט זיינע מיטרייזנ־דער האָבן זיך געפּאַקט צו דידאָזיקע לייט אין די הענט אַריין, איז דאָס לעבן זייערס אויסער יעדער געפאַר. אַלע אוסטראַליע־אויספאָרשער באַשטע־טיקן איינמוטיק, אַז די אַרטיקע ווילדע מענטשן האַסן יעדער מין בלוט־פאַרגיסונג. פאַרקערט, דידאָזיקע ריינזנדער פּלעגן ־ זייער אָפט קריגן הילף בא די ווילדע מענטשן דאַן, ווען ס׳פלעגן זיי אויסקומען זיך אָפּצושלאָגן פון עמעס־געפערלעכע און בלוטדאָרשטיקע באַנדעס — פון די אַנטלאָפענע קאַ־טאָרזשאַנעס.

— הערט איר שוין, וואָס הער פּאַגאַנעל זאָגט? — האָט זיך מיסיס עלען געווענדעט צו מערי גראַנטן. — אויב אייער פאָטער געפינט זיך נאָר אין גע־פענקעניש בא די אוסטראַליער, וועלן מיר אים געפינען גאַנץ און געזונט.

— און אויב ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעמדאָזיקן אומבאַוווינטן לאַנד? — האָט מיס מערי ווייטער אַ פרעג געטאָן און זיך בעייסמיסע איינ־געוויגן מיטן בליק אינעם געלערנטן.

— דאַ וועלן מיר אים אומבאַדינגט אויפזוכן! ווי זאָגט איר, מײַנע פרײַנט?

— וואָס פאַר אַ פראַגע!! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט און האָט, קענטיק, געוואָלט איבערפירן דעם שמועס אויף אַן אַנדער טעמע. — כאָ[illegible] מיר לייגט זיך ניט אויפן געדאַנק, אַז דער קאַפּיטאַן זאָל האָבן פאַר-[illegible]

[illegible] מיר אויך ניט, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן.

[illegible] גרויס איז אויסטראַליע? — האָט ראָבער[illegible] אַ פרעגע געטאָן.

— דער שטח איר האַלט זיבן הונדערט פינף און זיבעציק מיליאָן העקטאַר. דאָס איז אַן ערך פיר פינפטל פון דעם שטח, וואָס אייראָפּע פאַרנעמט.

— אַ־האַ! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן.

— יאָ, געערטער מאַק־נאַבס, אַזוי איז עס. צי פאַרשטייט איר שוין איצט, אַז דאָסדאָזיקע לאַנד האָט די רעכט צו פּרעטענדירן אויפן נאָמען קאָנטינענט?

— פאַרשטייט זיך, אַז יאָ.

— איר וועט נאָך מיר דערלויבן אײַך צוגעבן, אַז די געשיכטע ווייסט נאָך ניט פון אַזעלכע צופאַלן, ווען רײַזנדער זאָלן אַמאָל געווען אין דעם־דאָזיקן לאַנד פאַרפאַלן ווערן שפּורלאָז. ווי מיר שײַנט, ווייסט מען נאָר ניט, וואָס איז געוואָרן מיטן אײנעם לײכאַרדטן. איז אויך [illegible]ירצע צײַט פאַר מײַן אָפּפאָרן אָנגעקומען אין דער געאָגראַפישער גע[illegible] ידיעה, אַז מאַק־אינטרי האָט זיך קלוימערשט אָנגעשלאָגן אויף זײַנ[illegible].

— צי דען זײַנען נאָך אין אויסטראַליע ניט אַ[illegible]ן אויסגעפאָרשט? — האָט מיסיס עלען אַ פרעגע געטאָן.

— ניין, — האָט דער געלערנטער געענטפערט. — סע האַלט נאָך ווײַט פון דעם. דער אויסטראַלישער קאָנטינענט איז אויסגעפאָרשט ניט מער, ווי, לאָמיר זאָגן, די אינעווייניקסטע אַפריקאַנישע געגנטן, ניט געקוקט דערויף, וואָס סע האָבן ניט אויסגעפעלט קיין דרײַסטע און אונטערנעמערישע אויספאָרשער: פון 1606־טן ביז 1862־טן יאָר האָבן שוין וואָסערע פופציק פערזאָנען זיך געהאַט פאַרנומען מיטן אויספאָרשן די בײַברעגיקע און אינעווייניקסטע געגנטן פון אויסטראַליע.

— טאַקע פופציק? — האָט דער מאַיאָר אַ פרעגע געטאָן מיט אַן אויסזעען פון טיפן אומצוטרוי.

— יאָ, יאָ, געערטער מאַק־נאַבס, ניט ווינציקער פון פופציק. דאָס רעד איך נאָר וועגן יאַם־לײַט, וואָס האָבן מיט גרויס לעבנס־אײַנשטעלעניש דערלערנט די אומבאַוווסטע ברעגן פונעם נײַעם קאָנטינענט, און וועגן די רײַזנ־דער, וואָס האָבן זיך דערוועגט אַרײַנצודרינגען אין זײַן טיף.

— ניין, איר וועט מיר אַזעלכס ניט אײַנרעדן, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — צו פופציק האַלט עס נאָך ווײַט.

— אויב אזוי, וועל איך עס אײַך דערווײַזן ... — האָט פאגאנעל אָנגעהויבן, ווײַל אזעלכע זאכן פלעגן אים קעסיידער מאכן שטארק אופגעבראכט.

— ביטע זייער, דערווײַזט, אויב איר קענט נאָר.

— ווײַבאלד איר גלויבט מיר ניט, וועל איך אײַך באלד אויסרעכענען ניט ווײניקער פון פופציק נעמען!

— וואָס טוט מען מיט זיי, מיט דידאָזיקע געלערנטע! — האָט דער מאיאָר מיט א רויִק קאָל א זאָג געטאָן, — קעסיידער היצן זיי זיך.

— הער מאיאָר, — האָט פאגאנעל פאַרגעלייגט, — עפּשער זײַנט איר מאס־קים אײַנצושטעלן אײַער קאראבין פון דער פירמע פורדיי־מור אנטקעגן מײַן קוק־רער, וואָס סעקרעטאר אליין האָט געמאכט?

— פארוואָס דען ניט, אויב אזעלכס קאָן אײַך נאָר פארשאפן פארגע־ניגן, — האָט מאק־נאבס געענטפערט.

— אויסגעצייכנט, מאיאָר, — האָט דער געלערנטער אויסגעשריגן. — ווי מיר שײַנט, וועט איר שוין מער קיין געיעג אפ קיין פיקסלעך מיט דעמדאָזיקן קאראבין נישט פירן, סײַדן איר וועט מיך עפשער בעטן, איך זאָל אײַך אים אנטלײַען, איז מיטן שענסטן קאָוועד.

— פאגאנעל, — האָט דער מאיאָר מיט זײַן קעסיידערדיקן גלײַכגילט גע־ענטפערט, — אויב איר וועט זיך יאָ ווען עס איז נויטיקן אין אײַער קוק־רער, זאָלט איר וויסן, אז איך וועל אײַך אין דערדאָזיקער געפעליקײַט קיינמאָל ניט אָפזאָגן.

— כ'דאנק זייער! — האָט דער געלערנטער געענטפערט. — איך בעט אײַך, מײַנע ליבע פרײַנט, איר זאָלט זײַן איידעס, און דו, ראָבערט, שטעל זיך אוועק און צייל.

עדוארד און עלען גלענארוואן, מערי און ראָבערט, דער מאיאָר — און דזשאָן מאנגלס, אלע זײַנען געווען פאראינטריגירט פונעם סאָפ פונעם דאָזיקן געוועט און מע האָט זיך צוגעגרייט אויסהערן דעם געאָגראף. דאָ האָט זיך דאָך געדארפט האנדלען וועגן אווסטראליע, וווהין „דונקאן״ האָט זיי איצטער געפירט, און יעדערן פון זיי וואָלט ניט געשאדט, אפ וויפל ס'איז מעגלעך, זיך דערוויסן די געשיכטע פון דעמדאָזיקן לאנד.

די ריכטער און די צוהערער האָבן געבעטן פאגאנעלן ער זאָל ניט אָפ־ציִען אפ לאנג און זיך גלײַך נעמען צו דערדאָזיקער ארבעט.

— מנעמאָזינא! — האָט דער געלערנטער אָנגעהויבן מיט פאטאָס. — דו געטין פון זיקאָרן, דו, עלטער־באבע פון אלע מוזעס, איך בעט דיך, באגײַסטער איצטער דײַנע געטרײַען און איבערגעגעבענעם פארערער! — און ער האָט צוריק מיט א געווײנלעכער שטים גענומען אויסרעכענען: מיט צוויי הונדערט אכט און פופציק יאָר צוריק איז נאָך אווסטראליע ניט געווען אנטדעקט. עמעס, די געלע[illegible] געהאלטן, אז אין די דאָרעמדיקע לענדער געפינט זיך א גרויסער ק[illegible] צוויי מאפּעס פון 1550־טן יאָר, וואָס געפינען זיך, ליבער גלענ[illegible]ן אײַער בריטישן מוזיי, דערווײַזן, אז דאָרעמדיקער



— וואָס טוט מען מיט די געלערנטע — האָט דער מאיאָר א זאָג געטאָן — קעסיירער היצג זיי זיך

פונ אזיע איז דאָ א גרויסע ערד, וואָס ווערט אָנגערופֿנ „די גרויסע פּאָרטו־געזישע יאַווע". אָבער דידאָזיקע מאַפּעס זײַנענ קענטיק, צונויפגעשטעלט גע־וואָרנ אסאך שפּעטער פונעם 1550־טנ יאָר, דערום וועל איכ זיכ אפ זיי ניט אָפּשטעלנ אונ כ'וועל איבערגייגנ גלײַכ צום זיבעצנטנ יאָרהונדערט. אינ 1606־טנ יאָר האָט דער שפּאַנישער יאַם־רײַזנדער קוויראָס אַנטדעקט אנ אומ־באַוווסטע ערד אונ ער האָט זי אָנגערופֿנ "Australia de espiritu Santu„, דאָס הייסט, „די דאָרעמדיקע ערד פונעם הייליקנ גײַסט". אייניקע אווטאָרנ, אגעוו, האָבנ געהאלטנ, אז קוויראָס האָט אַנטדעקט בלויז די גרופּע נײַ־העּ־ברידישע אינדזלענ אונ ניט דעם קאָנטינענט פונ דער איצטיקער אווסטראַליע. איכ וועל זיכ ניט אַרײַנלאָזנ אינ דערדאָזיקער דיסקוסיע אונ איכ וועל גיינ ווײַטער. געדענק־זשע, ראָבערט, אויב דו ציילסט — קוויראָס. איצט גייענ מיר איבער צום ווײַטערדיקנ.

— איינס, — האָט זיכ ראָבערט אָנגערופֿנ.

אונ דער געלערנטער האָט גענומענ שיטנ מיט נעמענ אונ מיט ציפֿערנ אונ מיט פֿארשיידענע פֿאקטנ, וואָס זײַנענ אלע געווענ זייער ציקאווע פֿאר די רײַזנדער. אז ראָבערט האָט געזאָגט פיר אונ צוואנציק, האָט דער געלערנ־טער צוגעגעבנ מיט צופֿרידנקײַט:

— אויסגעצייכנט, אויב אזוי, איז א העלפֿט פונ דעם מאיאָרס קאראבינ שוינ מײַנער. אונ דאָ איז ער איבערגעגאנגענ פונ די יאַם־רײַזנדער צו די יאבאָשע־פֿאָרשער.

מיסיס עלענ איז געוואָרנ זייער איבעראַשט.

— בראוואָ, פּאגאנעל! — האָט זי אויסגערופֿנ, — איר האָט דאָכ א ווונ־דערלעכנ זיקאָרנ.

— ס'איז נאָכ באַזונדערס ווונדערלעכ, — האָט מיסטער גלענארוואנ צו־געגעבנ, — ווײַסנדיק, אז אונדזער פֿרײַנט פּאגאנעל איז אזא...

— אזא מינ צעטראָגענע בריה? — האָט אים פּאגאנעל איבערגעשלאָגנ. — אָבער, צום באַדויערנ, איז דער זיקאָרנ מײַנער שטארק, דעריקערשט אפ דא־טעס אונ אפ פֿאקטנ.

— פיר אונ צוואנציק! — האָט ראָבערט איבערגעכאַזערט. — זעצט פֿאָר, הער פּאגאנעל.

— רעכט. דער פֿינפֿונצוואנציקסטער איז געווענ דער לייטענאנט דאוס. פֿאָרגעקומענ איז עס אינ 1789־טנ יאָר, אינ א יאָר ארום נאָכ דעם, ווי די קאָלאָניע פּאָרט־דזשעקסאָנ איז געגרינדעט געוואָרנ...

אונ דער געלערנטער האָט זיכ ווידער צעטראָגנ אָנ אנ אָפּשטעל, ווי־דער־אמאָל נעמענ, אונ ציפֿערנ, אונ פֿאקטנ.

— זעקס אונ דרײַסיק! — האָט זיכ ראָבערט אָנגערופֿנ.

— אויסגעצייכנט, — האָט פּאגאנעל געענטפֿערט, — איכ זע שוינ, אז דעם געווועט וועל איכ געווינענ! איצט וועל איכ דערמאנענ וועגנ איירע מיט לייכארדטנ, וואָס האָבנ דאָרט געוואנדערט אינ 1840־אונ 1841־טע יאָרנ; וועגנ

שטורטן, וואָס האָט דאָס צווייטע מאָל באַזוכט אויסטראַליע אין 1845־טן יאָר; וועגן די ברידער גרעגאָרי מיט געלפֿמאַנען, וואָס האָבן אומגערייזט איבער מײַרעוור־אויסטראַליע אין 1846־טן יאָר; וועגן קענעדי, דעם אויספֿאָרשער פֿר־נעם טײַך וויקטאָריע אַפּ צאָפֿן־אויסטראַליע אין 1848־טן יאָר. — און דער גע־לערנטער האָט ווײַטער א מאָל געשאָטן, ווי פֿון אַן אַרבל, מיט נעמען, מיט ציפֿערן און פֿאַקטן.

— שוין, שוין גענוג, זעקס און פֿופֿציק! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.

— זעט איר שוין, מאַיאָר, — האט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן. — זאָלט איר זשע וויסן זײַן, אַז איך שאַנעווע אײַך נאָך, ווײַל אָט האָב איך דורכגעלאָזט דיופּערע, בוגענווילן, פֿיצ־רויען און וויקליועמען און שטאָקן...

— גענוג, — האָט זיך דער מאַיאָר גענומען בעטן, ווײַל די נעמען האָבן אים שוין געטומלט אין קאָפּ.

— הײַנס, ווו איז פּערו, ווו איז קואָיִ, — האָט פּאַגאַנעל פֿאַרגעזעצט און נִיט געהערט, -וואָס דער מאַיאָר זאָגט, — ווו איז בּענע, ווו איז קעניגגעם, ווו איז נעטשעל, ווו איז הייער?..

— איך בעט אײַך, האָט ראַכמאָנעס!

— ווו איז דיקסאָן, ווו איז סטערלעצקי, ווו איז רייד, ווו איז מ־טשעל?..

— שטעלט זיך אָפּ, ליבער פּאַגאַנעל, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַ: אָנ־געריפֿן און געלאַכט בעייסמײַסע פֿון פֿולן האַרצן. — איר ברענגט דאָך אונדז אום אונדזער אָרעמען מאַק־נאַבּסן. האָט שוין אַמאָל ראַכמאָנעס. ער האָט זיך דאָך שוין איין מאָל אונטערגעגעבן.

— נו, און דער קאַראַבּין זײַנער? — האָט דער געלערנטער פֿײַערלעך א פֿרעג געטאָן.

— ער איז אײַערער, אײַערער, הער פּאַגאַנעל, — האָט דער מאַיאָר זיך גיכער אָנגערופֿן. — מיר איז זייער שווער זיך מיט אים צעשיידן, אָבער איך מוז מודה זײַן, אַז מיט אַזא מין זיקאָרן, ווי איר האָט, איז מען בעקויעך אויסצושפּילן ניט נאָר קיין קאַראַבּין, נאָר א גאַנצן אַרטילערישן מוזיי.

— ס'איז דען א מעגלעכע זאַך אין דער וועלט, אַז מע זאָל אַזוי גוט וויסן די געשיכטע פֿון אויסטראַליע, — האָט מיסיס עלען באַמערקט. — הער פּאַ־גאַנעל האָט דאָך נ ט דורכגעלאָזט אַפֿילו דעם מינדסטן פֿאַקט...

— אָ, וועגן פֿאַקטן... — האָט דער מאַיאָר צווייפֿלהאַפֿט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ. — וועגן פֿאַקטן האָט נאָך צײַט...

— ווי! — איר טײַנעט שוין ווידער אַיערס, מאַק־נאַבּס? — האָט דער גע־אָגראַפֿ אויסגעשריגן.

— איך וויל מער ניט זאָגן ווי דאָס, אַז ניט אַלע פֿאַקטן וועגן דער אַנטדעקונג פֿון אויסטראַליע זײַנען אײַך באַוווּסט, — האָט דער מאַיאָר באַשיידן געענטפֿערט.

— ס'קען נישט זײַן! — האָט פּאַגאַנעל שטאָלץ אויסגערופֿן.

— און אויב כ'וועל אייַך דערציילן איין אייַנצלהייַט, וועלכע איז אייַך נאָך ניט באוווּסט, דאַן קערט איר מיר אום דעם קאַראַבין מייַנעם צוריק?

— מיט דער מיגוט.

— נו, וועטן מיר זיך ווידער.

— גאָט אייַך מייַן האַנט.

— גוט. צי ווייסט איר, הער פּאַגאַנעל, פאַרוואָס געהער אַוסטראַליע ניט צו פראַנקרייַך?

— נו, מיר שייַנט...

— איין רעגעלע, איך וויל זיך אויסדריקן ריכטיקער, צי ווייסט איר, וואָס די ענגלענדער זאָגן וועגן דעם?

— ניין, איך ווייס ניט, — האָט דער געאָגראַף אָפּהענטיק אַ זאָג געטאָן.

— נו, זעט איר שוין, זאָלט איר־זשע וויסן זייַן, אַז אַוסטראַליע איז ניט אָנגעקומען צו פראַנקרייַך בלויז דערפאַר, וואָס דער קאַפּיטאַן באָדען — איר האָט דאָך אים נאָרוואָס דערמאַנט — וואָס איז, אַגעוו, גאָרניט געווען קיין פּאַכדן, האָט אין 1802־טן יאָר זיך אַזוי שטאַרק דערשראָקן פאַרן קוואַקערייַ פון די אַוסטראַלישע פרעש, אַז ער האָט גלייַך באַפוילן, מע זאָל אויפהייבן דעם אַנקער, און איז אַנטלאָפן געוואָרן אַפּ זיך מער קיינמאָל אַהער ניט אומקערן!

— ווי! — האָט דער געלערנטער אויסגעשריגן. — די ענגלענדער דערוועגן זיך אַזעלכס צו ריידן? ס'איז דאָך אַ ניט־דערלאָזבאַרע רעכילעס!

— דאָס איז ווירקלעך אַ בייזער שפּאַס, — איז דער מאַיאָר אייַנגעגאַנגען. — אָבער פונדעסטוועגן גיט אַ פרעג בא יעדן ענגלענדער, וועט ער עס אייַך זאָגן.

— ווייסט עס דער רעכ, וואָס סע טוט זיך דאָ! — האָט פּאַגאַנעל זיך גענומען קאָכן. — צי דען גלויבט מען אין ענגלאַנד אין אַזעלכע נאַריש־קייַטן?!

— צום באַדויערן, ליבער פּאַגאַנעל, איז עס אַזוי. — האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַשטעטיקט, און דער אוילעם האָט אַזוי געלאַכט, אַז מע האָט קוים געהערט, וואָס מע רעדט. — און איר האָט גאָר קיינמאָל וועגן אַזעלכס ניט געהערט?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניט! און איך פּראָטעסטיר אָפּן שאַרפסטן אויפן! די ענגלענדער אַליין רופן אונדז אָן קעסיידער די פרעש־פרעסערס, פאַרשטיי איך ניט, וויאַזוי קען מען אונדז באַשולדיקן אין אַזעלכס: מיר זאָלן זיך דערשרעקן פאַר פרעש אין דער צייַט, ווען מיר עסן זיי.

— איך פיל אייַך זייער מיט, — הער פּאַגאַנעל, — האָט דער מאַיאָר גע־ענטפערט מיט אַ באַשיידענעם שמייכל, — נאָר איך קען דערצו גאָרניט ניט העלפן.

און אַזוי אַרום איז דער אויסגעצייכנטער קאַראַבין פון [illegible]כאָרס פיר־ [illegible] טאַקע פאָרט געבליבן בא זייַן באַלעבאָס, באַם מאַיאָר מאַק־נאַבס.

## פינפטע קאַפּיטל

# דער אינדישער אָקעאַן בושעוועט

אין צוויי טעג אַרום נאָך דעמדאָזיקן שמועס האָט דזשאָן מאַנגלס, נאָך דעם, ווי ער האָט דורכגעמאַכט זײַנע באַטאָגעדיקע באָאַבאַכטונגען, געמאָלדן, אַז „דונקאַן" געפינט זיך אונטער הונדערט דרײַצן גראַד זיבן און דרײַסיק מינוט געאָגראַפישער לענג און זיבן און דרײַסיק גראַד מיט איין צענטל מינוט — ברייט. די פּאַסאַזשירן האָבן געכאַפּט אַ קוק אויף דער מאַפּע און האָבן אַלע מיט פרייד קאָנסטאַטירט, אַז די יאַכט־שיף געפינט זיך שוין וואַסערע פינף גראַד פון קאַפּ בערנויִלי. די יאַכט־שיף איז איצט געשווימען איבער יענעם טייל אינדישן אָקעאַן, וואָס שווענקט שוין אַרום דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט. אַזוי־אַרום האָט מען געקענט האָפן, אַז אין דרײַ אָדער אין פיר טעג אַרום זאָל זיך שוין באַווײַזן דער קאַפּ בערנויִלי.

אַזוי האָט די גאַנצע צײַט דער באַגלייטנדיקער מערב־ווינט זייער גוט אונטערגעהאָלפן דער שיף. לעצטנס אָבער, האָט דער ווינט זיך אָנגעהויבן פאַמעלעכן אויסלאָזן, ביז ער איז דעם 13־טן דעקאַבער גאָר אינגאַנצן אַנטשטילט געוואָרן. די זעגלען זײַנען אין אָנמאַכט געבליבן הענגען לענגאויס די מאַסטבײמער, און ווען ניט די דאַמפ־מאַשין, וואָלט „דונקאַן" געבליבן שטיין ווי געשמידט אינעם שטיל־ווינט־צושטאַנד. אַזאַ מין וועטער האָט זיך געקענט אָוועקציִען אויף ווייסעך וויפל צײַט.

אינאָוונט דעמזעלבן דרײַצנטן דעקאַבער האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך צערעדט וועגן דעם מיט דזשאָן מאַנגלסן. אַז דער יונגער קאַפּיטאַן האָט נאָך אַ קוק געטאָן, ווי גיך זײַנע קוילן־גריבער לאָזן זיך אויס, האָט ער נאָך שטאַרקער זיך גענומען ערגערן פונעם שטיל־ווינט־צושטאַנד.

ער האָט באַפוילן, מע זאָל אויפהייבן אויף דער יאַכט־שיף אַלע זעגלען, כדי אויסצונוצן דעם מינדסטן ריר פונעם ווינט, אָבער, ווי זאָגן עס די מאַטראָסן, ס'האָט שוין נישט געקלעקט קיין ווינט אַפילו אויף אָנצונעמען אין היטל אַרײַן.

— ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן. — האָבן מיר זיך ניט איבעריקס וואָס צו קלאָגן, בעסער איז זיך שיפן אינגאַנצן אָ א ווינט, איידער האָבן דעם ווינט אַנטקעגן.

— איר זײַט זייער גערעכט, סער, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט, — אָבער אַזעלכע פלוצימדיקע שטילשטאַנדן זאָגן פונקט פאָר אין די ערטער אַ שאַרפע וועטער־ענדערונג. דערום בין איך טאַקע אַזוי פאַרזאָרגט. איך וואָלט אָר נישט וועלן די דאַמען אונדזערע זאָלן זיך וועגן דעם דערוויסן. מיר געפינען זיך דאָך איצטער אויפן גרענעץ פון דער מוסאָנען*־זאָנע, וואָס בלאָזן פון אָקטיאַבער ביז אַפּרעל אין דער צאָפן־מיזרעכדיקער ריכטונג. אויב

* מוסאָנען — די באַשטענדיקע ווינטן, וואָס בלאָזן (הויפּטזאַכלעך אינעם טראָפּישן גאַרטל) ווינטער פון די קאָנטינענטן צום אָקעאַן, און זומער — אין דער קעגנזײַטיקער ריכטונג.

זיי וועלן אונדז נעמען בלאָזן אין פּאָנעם אריין, זיינען מיר דאן שטארק אויסגעשטעלט.

דזשאָן מאנגלסעס פאַרזאָרגטקייט איז פון אָנפאנג ארויסגערופן געוואָרן פּאָשעט דורך זיין אינסטינקט פון א יאַם־מענטש.- אָבער דערנאָך האָט ער זיך איבערצייגט, לויטן פאלן פונעם קוועקזילבער אינעם באַראָמעטער, אז זיין מוירע איז פולקום באגרינדעט, ווייל בא א נאָרמאלער לאגע האלט זיך דאָס סטויפּטשיקל קוועקזילבער אף זיבן הונדערט זעכציק מילימעטער די הייך און איצט איז עס געפאלן ביז צו זיבן הונדערט איינונדרייסיקסטן מילימעטער. דאָ האָט דער יונגער קאפיטאַן שוין מער ניט געקענט וואַרטן און ער האָט פירגענומען אלע צוגרייט־מיטלען אף צו באגעגענען דעם שטורעם. דער באַראָמעטער, ווי געזאָגט, האָט אים פירגעזאָגט, אז דער יאַכט־שיף שטייט פאָר אַן ערנסטע שפּיל, און ער האָט בלינד געגלויבט אין דעם קעסיידער־עמעסזאָגנדיקן אינסטרומענט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער לויטערער הימל, אָן א מינדסטן וואָלקנדל, האָט פּונקט פירגעזאָגט דאָס פאַרקערטע.

די לופט־שטראָמען שטרעבן קעסיידער פון די ערטער מיט דער הויכער אטמאָספער־דריקונג צו די ערטער, וווּ די אטמאָספער־דריקונג איז א קלע־נערע. וואָס נעענטער דידאָזיקע ערטער זיינען איינס צום צווייטן, אלץ מער פאַרשנעלערט זיך די באוועגונג פונעם ווינט.

דזשאָן מאנגלס האָט דורכגעפירט די גאנצע נאכט אף זיין קאפּיטאַן־בריקל. ארום עלף אזייגער באנאכט האָט זיך דער הימל צו דאָרעם־צו פאַר־צויגן מיט וואָלקנס, האָט דזשאָן מאנגלס ארויסגערופן איטלעכן ארוף און אָפּגעגעבן א באפעל, מע זאָל אראָפּנעמען אלע זעגלען, אויסער דעם פּאָק, דעם סטאַקסעל און דעם מארסעל. ארום האלבער נאכט האָט זיך אופגעהויבן א פרישער ווינט, וואָס האָט אָנגעהויבן פון מאָל צו מאָל שטארקער ווערן און די גיכקייט פון דער לופט־איבערוקונג האָט שוין איצט דערגרייכט די זעקס קלאפטער אין א רעגע.

אזויווי די פּאסאזשירן, אויסער מיסטער גלענארוואנען, האָבן נאָך פון גאָרניט געוווּסט און זיך צו גאָרניט ניט געגרייט, האָבן זיי זיך פּלוצים אופגעכאפּט גאנצפרי אונטערן גערויל פונעם ווינט, אונטער דער סקריפּעריי פון די מאסטבײמער, אונטערן טרוקענעם פּאטשעריי פון די זעגלען און אונ־טערן טרויעריקן קרעכצן פון די אינעווייניקסטע ווענטלעך. פּאגאנעל, מיסטער גלענארוואן, דער מאיאָר און ראָבערט זיינען ארויסגעלאָפן אף דער פּאלובע, ווער — פון הוילער נייגעריקייט, און ווער מיטן ציל פאַרצולייגן דעם קאפּיטאַן וואָסערע ניט איז הילף.

דער הימל, וואָס איז נאָך ערשט נעכטן אינאָוונט געווען אויסגעשטערנט און ריין פון וואָלקנס, איז איצט געווען פאַרצויגן מיט א שווערער כמארע און איז מערער געווען ענלעך אף א פעל פון א לעמפּערט, ווי אף א גע־וויינלעכן הימל.

— דער שטורעם? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן שטיל אַ פרעג געטאָן בײַ דזשאָן מאַנגלסן.

— דערווײַל נאָך ניט, נאָר סע גייט שוין צו דעם, — האָט יענער גע־ענטפערט.

און ער איז אָפּגעגאַנגען פון דעם יאַכט־שיף־באַזיצער, כּדי אָפּצוגעבן אַ באַפעל מע זאָל נעמען אַפן מאַרסעל דעם ערשטן ריף. די מאַטראָסן האָבן זיך געראַנגלט מיט די ווינט־שטויסן, זיי האָבן ווי עס איז פאַרקלענערט פאַרן ווינט דעם שטעטעכ פון די זעגלען דורך דעם, וואָס זיי האָבן זיי אונטערגעצויגן אַפ דער רייע. דזשאָן מאַנגלס האָט געוואָלט פאַרהיטן דעם מאַקסימום מעג־לעכע געזעגלטקייט, כּדי די יאַכט־שיף זאָל זײַן מערער שטאַנדהאַפטיק און ס'זאָל זי וואָס ווינציקער וויגן.

בעשאַס דערדאָזיקער מאַנעווער איז אויסגעפירט געוואָרן, האָט ער אַ רוף געטאָן טאָם אאוסטינען מיטן באָצמאַן און זיי אָפּגעגעבן אַ באַפעל, זיי זאָלן זײַן גרייט צום שטורעם, וואָס דערנעענטערט זיך פון רעגע צו רעגע און דאַרף זיך באַלד פאַנאַנדערשפּילן. די מאַטראָסן האָבן שטאַרקער צוגעפעסטיקט די שיפלעך, זיי האָבן פאַרטיידיקט דורכן פאַלש־באָרט דעם האַרמאַט אַפ דער שפּיץ שיף, זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט די שטאַהעס (שטאַרקע שטריק) און באַ־וואָרנט אַלע ליוקן. דזשאָן האָט אַפילע אַפ קיין איין רעגע ניט פאַרלאָזט זײַן פּאָסטן אַפן קאַפּיטאַנישן בריקל; ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אײַנקוקן אינעם הימל, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסרײַסן בײַ אים דאָס געהיימ־ניס, וואָס יענער האָט אין זיך גאַנץ שטאַרק פאַרטײַעט.

אין אָט דער רעגע איז שוין דער באַראָמעטער אַראָפּגעפאַלן ביז צו זיבן הונדערט נײַן און צוואַנציק מילימעטער. דאָס אַליין האָט שוין געקענט אָנ־שרעקן יעדעס שרעקנדיק האַרץ. דער שטאָרם־גלאַס * האָט שוין פּירגעזאָגט דעם שטורעם.

ס'איז געווען אַרום איינס באַנאַכט. עלען און מערי, וואָס האָבן זיך אויפ־געכאַפּט פונעם געוויג, האָבן זיך אײַנגעשטעלט און זײַנען אַרויסגעגאַנגען אַפ דער פּאַלובע. דער ווינט האָט איצט געגומען בלאָזן מיט אַ שנעלקייט פון פערצן קלאַפטער אַ רעגע און ער האָט זיך געטראָגן דורך די שיפ־אײַנריכ־טונגען מיט אַ געהויל און געפײַפ. די מעטאַלענע קאַנאַטן האָבן געקלונגען ווי סטרונעס, איבער וועלכע ס'וואָלט דורכגעלאָפן אַ גיגאַנטישער סמי־טשיק. די זעגלען האָבן געפּאַטשט פון די ווינט־שטויסן און אָפּגעהילכט ווי די האַרמאַטן־קלעפּ. די שטאַרקע וואַלן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן אונטערן שטורעם־ווינט, האָבן גענומען אָנגרײַפן אַפ דער יאַכט־שיף, ווי אָט־אָט פאַר־ זיי זי אײַנגאַנצן, אָבער די אויסגעצייכנטע שיף האָט זיך אַלע מאָל גרינג

* אַ גלעזערנע קײַלע, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַזאַ געמיש, וועמעס קלאָר ס'ענדערט זיך אָפּהענגיק פון דער קראַפט פונעם ווינט, — דער אַטמאָספערישער עלעקטרע־אָנגעזעטיקטקייט און דער אַטמאָספערישער דריקונג.

ארופגעכאפט אף די כוואליעדיקע קאמענ און ווי געמאכט צו שפּאָט זייער יאָגנדיקנ אימפעט.

אז דזשאָנ מאנגלס האָט ד׳רזענ די פאסאזשירענס, איז ער גלייַך צוגעלאָפנ צו זיי און זיי געבעטנ, זיי זאָלנ זיך אומקערנ אינ די קאיוטעס ארייַנ. די כוואליעס האָבנ שוינ עטלעכע מאָל ארופּדערלאנגט אף דער פאלובע און ס׳איז א געפאר פאר זיי, זיי זאָלנ דאָ לענגער פארבלייַבנ. דער געררויש פונעם שטורעם איז געווענ אזוי שטארק, אז עלענ האָט קוים געהערט, וואָס דער יונגער קאפּיטאנ רעדט צו זיי.

— ס׳איז דענ עפּעס א געפאר? — האָט זי א פרעג געטאָנ אינ א רעגע, ווענ דער יאם האָט זיך עטוואָס אייַנגעשטילט.

— קיינ שום געפאר, — האָט דזשאָנ מאנגלס געענטפערט, — אָבער איר טאָרט דאָ איצט מער ניט בלייַבנ אף דער פאלובע.

מיסיס עלענ און מיס מערי האָבנ געמוזט פאָלגנ דעמדאָזיקנ באפעל, וואָס איז גיכער געווענ ענלעך אף א געבעט, און ווי זיי זייַנענ נאָר פארשווּנדנ געוואָרנ אינדערטיפ פונ דער קאיוט־קאָמפּאניע, אזוי האָט גלייַך אינ דער רעגע אנ איימעדיק־גרויסע כוואליע געגעבנ א יאָג ארופּ אף דער פאלובע מיט אזא מינ קראפט, אז די גאנצע שיפ האָט אונטערגעציטערט. די צערייצטקייט פונעם ווינט האָט זיך אויך פארדאָפּלט, די מאסטבויימער האָבנ זיך געבויגנ אונטער דער שווערקייט פונ די זעגלענ, און איצט האָט שוינ אויסגעזעענ, ווי די יאכט־שיפ וואָלט געווענ א׳ מינ שפּילצייַג בא די כוואליעס.

„דונקאנ״, וואָס האָט געפּיפּקעט פונ די קוימענס מיט געדיכטע קנוילנ רויך, האָט געגומענ ארומטאנצנ איבער די כוואליעט און האקנ דאָס וואסער מיטנ שרויפּ מיט אירנ אָנ מאָס און אָנ טאאָקט.

גלענארוואנ, דער מאיאָר, פאגאנעל און ראָבערט האָבנ זיך צוגעקוקט צום קאמפּ פונ דער יאכט־שיפ מיט די סטיכיעס. אפ זייערע פּנעמער איז געווענ אויסגעמישט שרעק מיט אנטציקונג צוזאמענ. זיי האָבנ זיך אייַנגעקלאמערט אינ די ראנדנ־גראטקעס און שווייַגנדיק נאָכגעקוקט נאָך דער גרופּע שטורעם־אָנזאָגערס, — אָט דידאָזיקע בייזע בסורע־טרעגער פונ אומגעוויטער, וואָס שטיפנ איצטער אזוי פריילעך אינ דער צעבושעוועטער לופט.

אינ אָט דער רעגע האָט א פארטויבנדיקער פייַפ מיטאמאָל איבערגעשריגנ אפילע דעם געהילך פונעם שטורעם. דאָס איז געווענ דער דאמפ, וואָס האָט זיך ארויסגעריסנ פונ דער שיפ, אָבער ניט דורך דעם פייַפ־קוימענ, נאָר אומיטלבאר דורך די־קעסל־קלאפּאנעס. ס׳האָט זיך דערהערט אנ אליארם־פייַפ, די יאכט־שיפ האָט זיך מיטאמאָל שטארק אָנגעבויגנ, און ווילכאָנ, וואָס איז געשטאנענ באם שטויער־ראָל, איז אומגעוואָרפנ געוואָרנ דורך אנ אומגעריכטער כוואליע. איצט האָט זיך „דונקאנ״ נישט ג׳לאָזט ריכטנ אינערגעצ, זי האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטנ באָרט צו די כוואליעס.

— וואָס איז געשענ? — האָט דזשאָנ מאנגלס אויסגעשריגנ, זיך איבערבייגנדיק איבער דער פארענטשע פונ זייַנ בריקל.

— די יאכט־שיפ ליגט זיך אפ א זײַט, — האָט טאָם אאוסטינ געענטפערט.
— מיר האָבנ פארלאָרנ דעמ רודער? ·
— מע בעט דעמ קאפיטאנ אינ מאשינ־אָפּטײלונג! — האָט זיך דערהערט דעמ מעכאניקערס שטימ.

דזשאָנ האָט זיך א לאָז געטאָנ איבערנ טראפ אראָפּצו־צו. די מאשינ־אָפּטײלונג איז געווענ אָנגעשטאָפּט מיט גאנצע וואָלקנס דאמפ, די צילינדער־קאָלבנס אינ דער מאשינ זײַנענ געשטאַנענ לײדיק, די שאטונענ האָבנ ניט איבערגעגעבנ קײנ באוועגונג דעמ שטויער־וואַל. דער מעכאניקער האָט דער־זענ, אז אינ דער מאשינ איז פאָרגעקומענ עפּעס זײער אנ ערנסטע אוואריע, אונ אזויווי אינ אזא מינ פאל קענענ נאָך די קעסלענ אופגעריסנ ווערנ, האָט ער מיט דער רעגע ארויסגעלאָזט דעמ דאמפ.

— וואָס איז דאָ פאָרגעקומענ? — האָט דער קאפיטאנ א פרעג געטאָנ.
— עפּעס איז דאָ געשענ מיטנ שרויפ, ער האָט אופגעהערט ארבעטנ. אָדער ער האָט זיך צעבראָכנ, אָדער ער האָט זיך אויסגעבויגנ אונ פארטשע־פּעט אינ עפּעס.
— מוז מענ אימ ארויסבאפרײַענ!
— איצט איז עס אוממעגלעך.

דער מעכאניקער איז געווענ גערעכט. ניט איצט איז געווענ די צײַט צו קלערנ וועגנ פאריכטנ עפּעס. מע האָט געמוזט פוילנ בא זיך, אז דער שרויפ ארבעט ניט אונ דורכ דעמ אלײנ איז די גאנצע מאשינ ארויס פונ געברויך. דזשאָנ מאנגלס האָט זיך אומגעקערט צוריק אפ דער פּאלובע, אונ די אײנ־ציקע ברײרע, וואָס ער האָט געהאט, איז געווענ אופשטעלנ די זעגלענ אונ פּרוּוונ, ווי ווײַט מעגלעך ס'איז, צו פארוואנדלענ דעמ ביז איצט פײַנטלעכ־אָנגרײַפנדיקנ ווינט אינ א פארבינדעטנ.

ער האָט מיט קורצע ווערטער געגעבנ צו דערקלערנ מיסטער גלענארוואַ־נענ די לאגע, אונ ער האָט אימ גלײַך געבעטנ, אז ער מיט די איבעריקע פּאסאזשירנ זאָלנ אראָפּגײנ אינ די קאיוטעס ארײַנ.

מיסטער גלענארוואנענ האָט זיך אָבער זײער ניט געוואָלט אוועקגײנ פונ דער פּאלובע.

— סער, — האָט דזשאָנ מאנגלס מיט א פעסטער שטימ א זאָג געטאָנ, — אפ דער פּאלובע קענ איצט קײנער ניט בלײַבנ, אויסער מיר מיט דער מאנ־שאפט. גײט גיכ אוועק, יעדע רעגע קענ נאָכ אָניאָגנ אהערצו א כוואליע, וואָס וועט אלצ פונדאנענ אראָפּשארנ!
— אָבער טאָמער קענענ מיר וועלכע ס'ניט איז נוצנ ברענגענ?
— גײט אוועק, סער! אזוי מוז מענ. איצט בינ איכ באלעבאָס פונ דער שיפ. שוינ דארפט איר אוועקגײנ פונדאנענ. איכ פאָדער עס!

וויבאלד דזשאָנ מאנגלס האָט גענומענ רײדנ אזעלכע ווערטער, איז שוינ קלאָר, אז די לאגע איז דאָ זײער אנ ערנסטע. מיסטער גלענארוואנ האָט פארשטאנענ, אז ער דארפ דאָ ווײַזנ זײַנע מיטרײַזנדער א בײַשפּיל אונ גע־

האַרכזאַמקייט, איז ער דער ערשטער אוועק פון דער פּאַלובע, און גלייך נאָך אים זײַנען אוועקגעגאַנגען זשאַק פּאַגאַנעל, ראָבערט און דער מאַיאָר. דאָרט, אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע, האָבן זיי זיך פּאַרייניקט צו די צוויי פּאַסאַזשירערנס און האָבן מיט גרויס אומרו געוואַרט אַפן אויסגאַנג פונעם קאַמף מיט די סטיכיעס.

— אַ בראַווער כעוורעמאַן, דערדאָזיקער דזשאָן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— יאָ, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — ער דערמאָנט מיר איצט אָן יענעם באָצמאַן פון אײַער גרויסן שעקספּירס „שטורעם", וואָס האָט אויסגעשריגן צום קעניג, ווי נאָר יענער איז אַרויס אַף דער פּאַלובע: „אויב איר קענט נאָר האָבן צו שאַפן איבער די סטיכיעס און זיי די רעגע אײַנשטילן, טאָ וויַיזט, וואָס איר קענט! אויב ניט, זאָלט איר די רעגע זיך אָפּטראָגן פון־דאַנען — נאָר שוין!"

דזשאָן מאַנגלס האָט דערווײַל געזען ניט דורכצולאָזן קיין איין רעגע אומזיסט. ער האָט געטאָן אַלץ דאָס נויטיקע און דאָס מעגלעכע, קעדיי אַרויסצופירן די יאַכט־שיף פון דערדאָזיקער צאָרעדיקער לאַגע, אין וועלכער די שרויף־אוואַריע האָט זי אַרײַנגעפירט. ער האָט באַשלאָסן זיך לייגן אין דרייף, עפּשער וועט עס העלפן, מע זאָל זיך ניט אָפּ קיין סאַך אָפּווענדן פונעם נויטיקן קורס. צוליב דעם האָט מען געמוזט אַנוועקשטעלן די זעגלען און ריכטן די שיף אַלאַכסנדיק צום ווינט. די מאַטראָסן האָבן פלינק אוועקגעשטעלט די זעגל־אײַנריכטונגען לויטן קאַפּיטאַנס אָנווײַזונגען, און „דונקאַן" איז שוין געשטאַנען אונטערן ווינט.

די יאַכט־שיף, וואָס האָט פאַרמאָגט אויסגעצייכנטע יאַמגייערישע מעלעס, האָט זיך איצט גענומען טראָגן פאָרויס, פונקט ווי אַ טײַער פערד, וועלכן מע האָט געגעבן אַ רעכטן טאָרע מיט די שפּאָרן. איצט איז שוין אַלץ אָפּגעהאַנגען פון די זעגלען, צי זיי וועלן אויסהאַלטן דעם שטורעם, אָדער ניט... וואָס עמעס איז די זעגלען זײַנען געווען געמאַכט פון שאָטלענדישער פּאַרוסינע, אָבער וואָס פאַר אַ שטאָף איז אימשטאַנד זיך קעגנשטעלן דעם דרוק פון אַזאַ מין שרעקלעכן שטורעם?

די יאַכט־שיף, וואָס האָט זיך איצט געדרייט, האָט אונטערגעשטעלט אונטער די קלעפּ פון די כוואַליעס אירע סאַמע פעסטע טיילן. און דערדאָזיקער מאַנעוור, וואָס דזשאָן מאַנגלס האָט דורכגעמאַכט, האָט טאַקע געהאַט די מעלע, וואָס איצט האָט די יאַכט־שיף זיך ווינציקער אָפּגעגויגט פון איר געווייִנלעכן וועג.

דער דרייף האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אויך אַ גרויס געפאַר, ווײַל די יאַכט־שיף האָט זיך געקענט פּאַקן אין אַן אָפּגרונט צווישן צוויי גיגאַנטישע כוואַליעס און זאָל שוין מער פון אונטער זיי ניט קענען אַרויסשווימען. אָבער איצטער האָט דזשאָן מאַנגלס קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט, און ער האָט באַשלאָסן צו דרייפן אַזוי לאַנג, קאָלזמאַן די מאַסטבוימער מיט די זעג־

לען וועלנ זיכ נאָר האלטנ. די גאנצע מאנשאפט האָט זיכ געפונענ אפ דער פּאלובע אונ איז גרייט געווענ יעדע רעגע זיכ וואַרפנ אינ די גרעסטע געפאַרנ, אַבי אויסצופּילנ דעם בעפעל פונ איר יונגנ קאַפּיטאַנ.

—בא אזא מינ לאגע איז דורכגעגאנגענ דער ערשטער טייל נאכט. אלע האָבנ געהאָפט, אז מיטנ אָנקום פונעם טאָג וועט דער שטורעם זיכ אַביסל איינ־שטילנ.

אָבער די האָפענונג איז געווענ אומזיסט!

אכט אזייגער אינדערפרי האָט דער ווינט זיכ נאָכ מער פארשטארקט. איצט האָט ער געבלאָזנ מיט א שנעלקייט פונ אכצנ קלאַפטער א רעגע, איצ־טער איז עס שוינ געווענ ניט קיינ ווינט, נאָר א שרעקלעכער שטורעם.

דזשאָנ מאנגלס איז געבליבנ די איינציקע ברייררע—ריכטנ די זעגלענ אזוי, אז די שיפ זאָל גיינ אהינ, ווו דער ווינט טרײַבט זי, אָבער דאָס איז אויכ געווענ ניט פונ די גרינגע זאכנ, ווײַל דער ווינט האָט צוואנציק מאָל א שאָ געצווונגענ אָנצוהייבנ פונסנײַ די ארבעט, וואָס מע האָט שוינ געהאלטנ פאר פארענדיקט, אונ ערשט ארום דרײַ אזייגער נאָכ האלבנ טאָג האָט מענ דעם זעגל פארפעסטיקט אפ דער שטאהע פונעם פאָק־מאסט, ווו ער האָט זיכ אָנ־געבלאָזנ דורכנ ווינט. „דונקאנענ" האָט עס מיטאמאָל אוועקגעטראָגנ פאָרויס מיט אנ אומגעהויערער שנעלקייט, דער שטורעם האָט געטראָגנ די יאכט־שיפ צו צאָפנ־מיזרעכ. דזשאָנ מאנגלס האָט אכטונג געגעבנ מיט קאָפּ, אז די שיפ זאָל ניט פארמינערנ די שנעלקייט אירע, ווײַל איצט איז שוינ די רעטונג אָפּגעהאנגענ נאָר פונעם גיכנ גאנג. אָפט האָט „דונקאנ" אריבערגעיאָגט די כוואליעס, וועלכע דער ווינט האָט געטראָגנ אינ דערזעלבער ריכטונג, אונ נאָכ איידער זיי פלעגנ אנטשטיינ, האָט ער באוויזנ מיט זײַנ שארפנ שפּיצ זיכ אונטערטוקנ אונטערנ וואסער, פונקט ווי א ריזיקער וואלפיש. אָבער אָפט האָט זיכ געטראָפנ, אז די שנעלקייט פונ איר געלאָפ האָט זיכ אויסגעגלײַכט מיט דער שנעלקייט פונ די כוואליעס; דאנ פלעג דער רודער אופהערנ אר־בעטנ, אונ די יאכט־שיפ פלעג אָנהייבנ הילפלאָז אונטערטאנצנ פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ, אונ אָט־אָט קערט זי זיכ אויס מיטנ באָרט צו די כוואליעס.

דעם גאנצנ טאָג פונעם פופצנטנ דעקאבער, ווי אויכ די קומענדיקע נאכט, איז די לאגע פונ דער יאכט־שיפ געווענ זייער א געפערלעכע. אלע רעגע האָט די האָפענונג אָפּגעטראָטנ דאָס אָרט דער פארצווייפלונג אונ אינ א ווײַלע ארום איז אנשטאָט דער פארצווייפלונג אָנגעקומענ די האָפענונג. דזשאָנ מאנגלס האָט אפ קיינ רעגע ניט פארלאָזט זײַנ פּאָסטנ; ער האָט די גאנצע צײַט פונעם שטורעם ניט געגעסנ, ניט געטרונקענ. אָבער ווערליק דער יונ־גער קאַפּיטאַנ איז געווענ א מענטש, וואָס קענ זיכ זייער גוט האלטנ, האָט ער אויסערלעכ אויסגעזעענ זייער רויִק, ניט געקוקט דערויפ, וואָס אינדער־עמעסנ האָט ער איבערגעלעבט דעם שרעקלעכסטנ פּײַנ אונ אומרו.

דעם זעכצנטנ דעקאבער ארום עלפ אזייגער אינדערפרי איז דער שטורעם מיטאמאָל ווי אָפּגעשוואכט געוואָרנ, דער נאסער נעפּל האָט זיכ צעשטרײַט,



די שרעקלעכע כוואליעס האָבנ אופגעהויבנ די שיפ אפ א גוואלדיקער הייכ

און אין דעם דורכלויכט האָט דזשאָן מאנגלס דערזען, אַז א מעהאַלעכער פון וואָסערע זעקס מײַל אונטערן ווינט, א נידערפלאַכלעכער ברעג. די יאַכט־שיף האָט זיך מיטן פולן אימפעט געטראָגן גלײַך אַהין. איימעדיק־גרויסע וואלן, פון אַן ערעך פופציק פוס די הייך, האָבן זיך געקײַקלט איבערן יאַם. דזשאָן מאַנגלס האָט א טראַכט געטאָן, אַז די כוואַליעס וואָלטן ניט דערגרייכט אַזאַ מין הייך, ווען זיי געפינען פאַר זיך ניט קיין אָנשפאַר אינעם נאָענטן גרונט.

— קענטיק, אַז דאָ געפינען זיך אינדערנאָענט שטיקער פליטקע זאַמדי־קײַטן, — האָט ער זיך אָנגערופן צו טאָם אַאוסטינען.

— איך מיין אויך אַזוי, — האָט דער געהילף געענטפערט.

— דאָס איז ניט גוט, — האָט דזשאָן מאַנגלס זיך ווידעראַמאָל אָנגערופן, — אויב מיר וועלן ניט אָפּזוכן צווישן זיי קיין דורכגאַנג, וועט „דונקאַן“ אום־קומען...

— איצט, קאַפּיטאַן, קומט אָבער פאָר א הויכער צופלוס. קען זײַן, אַז אַדאַנק דעם וועלן מיר קענען ורכגיין אַריבער די זאַמד־בענק.

— זאָגט עס נישט, אַאוסטין!! איר טוט א קוק אַף דיראָזיקע כוואַליעס! באַם מינדסטן פאַרטשעפּען זיך אָן אַבי וועלכן זאַמד־באַנק, וועלן זיי צע־זעצן די שיף אַף שפּענדלעך.

„דונקאַן“ האָט דערווײַל זיך געהאַלטן אין איין יאָגן מיט א שרעקלעכער שנעלקײַט צום ברעג־צו. אינגיכן איז שוין ׳מער ניט געבליבן, ווי קנאַפּע צוויי מײַל ביז צו די זאַמד־בענק. די שטיקער פונעם אופגייענדיקן נעפּל האָבן אַלע רעגע פאַרשטעלט מיט זיך די ערד. אָבער דאָך האָט זיך דזשאָן מאַנגלסן אויסגעוויזן, אַז פון יענער זײַט ליניע מיטן כוואַליעדיקן שוים געפינט זיך א מער־רויִקערער באַסיין. ווען סע גיט זיך נאָר אײַנ „דונקאַנען“ אַהין דורכ־צושפּרינגען, וואָלט עס שוין געהייסן, אַז מע האָט ווי־ניט־ווי אויסגעמיטן די געפאַר.

אָבער וויִאַזוי גייט מען דורך צו יענעם באַסיין?

דזשאָן האָט אַרויסגערופן די פּאַסאַזשירן אַף דער פּאַלובע. טאָמער אין פאַל פון א קאַטאַסטראָפע, איז גלײַכער, אַז זיי זאָלן זײַן אַלע פונויבן און נישט זיצן פאַרשפּאַרט אין די קאַיוטעס בא זיך.

די פּאַסאַזשירן האָבן מיט אומרו אָנגעקוקט דעם שרעקלעכן יאַם. מערי גראַנט איז אַזש בלייך געוואָרן.

— דזשאָן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן אינדערשטיל צום יונגן קאַפּיטאַן, — טאָמער אין ערגסטן פאַל, וועל איך מיט אַלע קויכעס זען ראַטעווען מיסיס עלענען, סײַדן איך וועל אומקומען מיט איר צוזאַמען. און אײַך בעט איך, איר זאָלט נעמען אַף זיך מערי גראַנטן.

— יאָ, סער, — האָט יענער געענטפערט און געגעבן א שטעל צו די האַנט צום דאַשעק.

„דונקאַן“ האָט שוין געהאַט אײַנגעזאַפּט עטלעכע קאַבעלטאָוו גאַנג ביז צו די זאַמד־בענק, דאָס הויכע וואַסער פונעם צופלוס וואָלט אָן שום ספק גע־

געבן די מעגלעכקײט דורכצוגײן איבערן דאָזיקן געפערלעכן אָרט אַזוי, אַז דער קיל זאָל זיך אײנערגעץ ניט פאַרטשעפּען, אָבער די שרעקלעכע כוואַליעס, וואָס האָבן אופגעהויבן די שיף אַף אַ גוואַלדיקער הייך, האָבן געמוזט דערנאָכדעם אַ זעץ טאָן די שיף אינעם גרונט. אַך, ווען ס'איז מעגלעך כאָטש אַף אײן רעגע צו באַרויִקן אָט דידאָזיקע שרעקלעכע כװאַליעס!

פּלוצים איז דזשאָן מאַנגלסן אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק.

— נאַפט! — האָט ער אויסגעשריגן. — אײל! פעטס! כעוורע, דערלאַנגט אַהערצו די פעסלעך מיטן יאַם־הינט־שמאַלץ!

די מאַנשאַפט האָט גלײַך פאַרשטאַנען דעם קאַפּיטאַנס מײן. ער האָט דאָ געוואָלט אָנווענדן אַזאַ מיטל, וואָס גיט אָפט אויסגעצײכנטע רעזולטאַטן. סע טרעפט, אַז מע קען אײַנשטילן די צערײצטע כוואַליעס, אויב מע גיסט אויס אַף זײ אַ שיכט פליסיקע פעטס. דערדאָזיקער שיכט שווימט אַרום אַף דעם אויבערפלאַך און שוואַכט, אַזוי אַרום, אָפּ די קראַפט פון די כוואַליעס. דאָס פעטס שוואַכט אָפּ די כוואַליעס אין אײן אויגנבליק, אָבער די ווירקונג אירע איז זײער אַ קורץ־דויערנדיקע. באַלד ווי די שיף גליטשט זיך נאָר דורך איבער דעמדאָזיקן קינסטלעכן גלאַט־געוואָרענעם אויבערפלאַך, באַפרײַט זיך דער יאַם פון דער ווירקונג און הײבט אָן בושעווען מיט אַ דאָפּלטער צערײצטקײט. ווײ איז צו דער שיף, וועלכע דערוועגט זיך נאָכצושווימען נאָך דער ערשט־דורכגעגאַנגענער שיף אַפן זעלבן אָרט *.

די מאַנשאַפט, וואָס די קויכעס אירע זײַנען פאַרצענפאַכט געוואָרן דורך דער געפאַר, האָט פײַל־אויסן־בויגן אַרויסגעקײַקלט אַף דער פּאַלובע די פעסלעך מיט יאַמהינט־שמאַלץ, מע האָט גלײַך אַרויסגעקלאַפּט פון דאָרטן די דעקלעך און מע האָט זײ אַוועקגעשטעלט לעם די פאַרענטשעס פונעם באַקבאָרט און שטויערבאָרט.

— איך הײס נאָך ניט גיסן! וואַרטן אַף מײַן באַפעל! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגעשריגן, און אַלע האָבן געזען, מיט וואָס פאַר אַן אָנגעשטרענגטקײַט ער האָט אָפּגעוואַרט דעם געהעריקן מאָמענט.

אין צוואַנציק רעגעס אַרום איז שוין די יאַכט־שיף געווען לעם סאַמע גרענעץ פונעם זאַמד־באַנק, וווּ דאָס וואַסער האָט שרעקלעך געזאָטן און זיך געקאַדוקעשט.

דער סאַמע פּאַסיקער מאָמענט.

— אויסגעגאָסן זאָל ווערן! — האָט דער קאַפּיטאַן אויסגעשריגן.

אין אײן אויגנבליק זײַנען איבערגעקערט געוואָרן די פעסלעך מיט די פּיכקעס אַראָפּ, און שטראָמען שמאַלץ האָבן זיך אַ גאָס געטאָן אין יאַם אַרײַן. אין אָ דער רעגע האָט דער שמאַלץ־שיכט מאַמעש צונויפגעשמידט די צעבײַטשעוועטע כוואַליעס, און „דונקאַן" האָט זיך דורכגעגליטשט איבער דעם גלאַטן

* דערהױמ פאַרוועט די יאַם־געזעצן, אַז די קאַפּיטאַנען זאָלן אָנווענדן דאָסדאָזיקע מיטל, אויב זײ ווײסן, אַז הינטער זײ גײען נאָך שיפן און האַלטן דיזעלביקע ריכטונג.

דעם אַוועטערס באַמערקונג.

וואסער־אויבערפלאך און איז אַרײַנגעגאנגען אינעם שטילן באסיין אַרײַן. דער אָקעאן, ווי ער האָט זיך נאָר באפרײַט פון דער פענטע, אזוי האָט ער זיך צערעוועט הינטער די פלייצעס פון דער שיף און זיך א יאָג געטאָן מיט א שרעקלעכן צאָרן. זײַן צערייצטקייַט האָט זיך פארצענפאכיקט, ער איז געוואָרן צעווילדעוועט און זיך פונסנײַ אָפּגעריסן ווי פון א קייט.

## זעקסטע קאפיטל

# דער קאפּ בערנווילי

דזשאָן מאנגלס האָט צום אַלעם ערשטן באפוילן, מע זאָל אראָפּלאָזן ביידע אנקערס. דער גרונט איז באשטאנען פון פעסט אײַנגעלעגערטן גראַוויי, וועלכער האָט זייער גוט געהאלטן דעם אנקער. איצט האָט שוין דער שיף ניט געדראָעט קיין געפאר זיך אָפּצורײַסן פונעם אָרט. און וועדליק נאָך אזוי פיל אויסשטייענישן און־געפארן, איז שוין איצט „דונקאן“ געשטאנען אין זייער א פײַנער בוכטע, וואָס איז געווען געשיצט פון די אָקעאנישע ווינטן דורך די בערגלעך, וואָס זײַנען בויגנארטיק דאָ ארום איר געשטאנען.

מיסטער גלענארוואן האָט פעסט געדריקט די האנט דעם יונגן קאפּיטאן.

— א דאנק, דזשאָן, — האָט ער זיך אָנגערופן.

דזשאָן מאנגלס האָט נאָך אָט די אָ צוויי ווערטער זיך דערפילט באלוינט פאר זײַן גאנצער שווערער מי. מיסטער גלענארוואן האָט קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט וועגן דער איבערגעלעבטער שרעק. און סײַ עלען, סײַ מערי גראנט, סײַ ראָבערט האָבן אפילו קיין צענט כיילעק ניט איבערגעקלערט, ווי גרויס ס'איז געווען די געפאר, וועלכע זיי האָבן נאָרוואָס אויסגעמיטן.

איצט האָט מען געדארפט אויפקלאָרן איין וויכטיקע דעטאל: אף וואָס פאר אן אָרט פונעם אוסטראלישן בײַברעג־פאס האָט דער שטורעם פארוואָרפן „דונקאנען“, ווי ווײַט האָט ער אָפּגעטראָגן די שיף פון דער זיבנונ־דרײַסיקסטער פאראלעל, אף וואָס פאר א שטרעקע פונדאנען געפינט זיך דער קאפּ בערנווילי. דידאָזיקע אַלע פראגן האָט מען פארגעבן, פארשטייט זיך, דזשאָן מאנגלסן. דער לעצטער האָט זיך באנוצט מיט דעם, וואָס די זון האָט זיך אף א רעגעלע באוויזן, האָט ער דורכגעמאכט די נויטיקע באָבאכטונגען און האָט באצייכנט די רעזולטאטן זייערע אף דער מאפּע.

לאָזט זיך אויס, אז אין אלגעמיין האָט „דונקאן“ אף ניט קיין סאך אָפּגעווײַכט פונעם קורס — קוים אף צוויי גראד. ער האָט זיך איצטער געפינען לעם הונדערט זעקס און דרײַסיק גראד צוועלף מינוט די לענג און לעם פינף און דרײַסיק גראד זיבן צענטל מינוט די ברייט. דאָס איז אקוראט אויסגעקומען באם קאפּ „קאטאסטראָפע“.

צי וועט „דונקאן“ קענען פאריכטן אין אדעלאידע די ווונדן, וואָס זי האָט באקומען אין דער צײַט פונעם שטורעם? דערוף איז איצט שווער געווען צו

ענטפערן. דזשאָן מאַנגלס האָט באַפוילן דעם וואַסער־טויכער ער זאָל אויספאָרשן דעם כאַראַקטער פון דע־ צעשעדיקונג.

נאָכן ארומקוקן דעם דנאָ פון דער שיף האָט יענער געלאָזט וויסן, אז איינער פון די ש־ויף־פליגל האָט זיך אויסגעבויגן און זיך פארשטעפּט אין דעם אכטער־שטעוון, און דאָס איז די סיבה, פארוואָס דער שרויף האָט זיך אופגעהערט דרייען.

נו, דאָס איז שוין געווען צו אַן ערנסטע אַוואַריע. די אַוואַריע איז געווען אפ אזוי פיל ערנסט, אז ס'איז גאָר שווער געווען צו האָפן, מע זאָל זי אין דער שטאָט אדעלאַידע קענען פאריכטן.

מיסטער גלענאַרוואַן און דער קאַפּיטאַן דזשאָן האָבן ארומגערעדט די דאָזיקע פראַגע און זיי האָבן אָנגענומען פאָלגנדיקן באַשלוס: „דונקאַן“ זאָל גיין אונטער די זעגלען לענגויס צו די אויסטראַלישע ברעגן און אין איינוועגס זוכן די שפורן פון „בריטאַניעס“ קאַטאַסטראָפע. באַם קאַפּ בערנויִלי וועט זיך די שיף אָפּשטעלן, דאָרטן וועט מען קענען באַ די אָרטיקע איינוווינער זיך דערפרעגן וועגן אַלע מינים קאַטאַסטראָפעס, וואָס זייַנען דאָ די לעצטע צייַט פאָרגעקומען, און פונדאַנען וועט די יאַכט־שיף זיך לאָזן קיין מעלבורן אינעם טרוקענעם דאָק אַרייַן אפ רעמאָנט. אז אַלע צעשעדיקונגען וועלן פאריכט ווערן, וועט די יאַכט־שיף ווידער ארויסגיין אין יאַם אַרייַן, כּדי פאָרצוזעצן די זוכענישן אפן מיזרעכדיקן ברעג.

דעמדאָזיקן באַשלוס האָבן אַלע איינשטימיק באַגיטיקט, דזשאָן מאַנגלס האָט באַשלאָסן אופהייבן דעם אנקער באַם ערשטן גינסטיקן ווינט.

לאַנג וואַרטן איז זיי ניט אויסגעקומען. צו אָוונט־צו האָט זיך דער יאַם איינגאַנצן באַרויִקט און א לייַכטער בריז האָט פאַרביטן דעם נאָרוואָס בושעווענדיקן שטורעם־ווינט.

די יאַכט־שיף האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרייַן. אנשטאָט די צעריסענע זעגלען האָט מען ארופגעצויגן נייַע. פיר אזייגער פארטאָג האָבן די מאַטראָסן אופגעהויבן דעם אנקער, זיי האָבן אָנגעצויגן די זעגלען, און „דונקזונ“ האָט זיך מיט א לייַכטן געוויג אוועקגעלאָזט לענגויס די אויסטראַלישע ברעגן.

דעם אכצנטן דעקאַבער באַטאָג איז „דונקאַן“ דורכגעגאַנגען פאַרבייַ די ברעגן פון דער בוכטע „צוזאַמענטרעפונג“.

אין דער צייַט פון דערדאָזיקער שיפונג איז פאַר „דונקאַנס“ שיפלעך פאָרגעשטאַנען א שווער שטיקל אַרבעט, אָבער די יאַם־לייַט האָבן זיך דערפון ניט געקלאָגט. אַלע מאָל זייַנען מיסטער גלענאַרוואַן, פּאַגאַנעל און ראָבערט אומגעפאָרן לענגויס די ברעגן. זיי האָבן געוואָלט אומבאַדינגט אליין אָנטיילנעמען אינעם זוכן די שפורן פון „בריטאַניעס“ קאַטאַסטראָפע. אָבער סייַווי האָבן אַלע זוכענישן צו גאָרניט ניט געבראַכט. די אויסטראַלישע ברעגן זייַנען געווען פונקט אזוי שטום, ווי דער ברעגן־פאַס פון פּאַטאַגאָניע.

ערשט דעם צוואַנציקסטן דעקאַבער האָט זיך די יאַכט־שיף דערקליבן ביז

צום קאפ פערנוויל. אפּנ וועג, ווי געזאָגט, האָט מען אינעריגעצ ניט באַגעגנט קיינ שום שפּורנ פונ „בר־טאניעס" קאטאסטראָפע, כאָטש דאָס איז נאָכ ניט געוועג קיינ באַווייַז, אז די האָפּענונגען זײַנען אומזיסטע, ווײַל פונ דער צײַט, זינט די קאטאסטראָפע איז פּאָרגעקומען, זײַנען שוינ דורכגעגאַנגענ גאַנצע צוויי יאָר, אונ ס'איז צו גלויבנ, אז דער יאם זאָל פאַרניכטנ אַלע שפּורנ פונ דער צעשעדיקטער דרײַמאַסטיקער שיפ, אפילו אינ דעם פאל, ווענ די שיפ זאָל זיכ געוועגנ פונ אָנפאַנג פעסט באַזעצנ אפ די ריפנ. אויסער דעם, האָבנ אויכ די היגע־ירטיקע, וואָס דערפילנ אָפט די קאטאסטראָפע פונדערווייַטנס, פונקט ווי די שפּאַרבערס דערפילנ פונדערווײַטנס א נעוויילע, געקענט צע־שלעפנ די ברוכשטיקער פונ דער שיפ אונ ניט איבערלאָזנ אפילו קיינ סימענ.

וואָס איז שײַעכ הארי גראַנטנ מיט זײַנע צוויי מיטרייזנדער, איז דאָכ ניטאָ גאָר וואָס צו צווייפלענ, אז זיי זײַנענ ארײַנגעפאלנ אינ געפענקעניש טייקעס, ווי זיי האָבנ זיכ נאָר דערקליבנ צום ברעג, אונ דערנאָכ האָט מענ זיי אוועקגעפירט אינ דער טיפ פונ [illegible].

דאָכ האָט דידאָ[illegible]קע האשאָרע [illegible] אונטער א סאָפעק איינע פונ זשאק פּאגאנעלס [illegible]פּויניקסטע היפּאָטעזעס. קאַלזמאנ ס'האָט זיכ גערעדט וועגנ דער ארגענטינישער טעריטאָריע, האָט דער געלערנטער געהאט די פולע מעגלעכקײַט צו טײַנענ, אז די ברייט, וואָס איז אָנגעוויזנ אינעם דאָקומענט, האָט א שײַכעס ניט צום פלאַץ, ווו די קאטאסטראָפע איז פּאָרגעקומענ, נאָר צו דעם אָרט, ווו די געפאנגענע געפינענ זיכ די גאַנצע צײַט. נו, דאָרטנ, אינ ארגענטינע, איז טאקע צו גלויבנ אזעלכס, אז די גרויסע טײַכנ, וואָס פליסנ איבער די פאמפאסנ, אונ זייערע פילצאָליקע צופלוס־טײַכלעכ זאָלנ געבנ די מעגלעכקײַט ארא[illegible]לאָזנ די פלאש מיט די דאָקומענטנ, ווו ס'זאָל ניט זײַנ, מיט דער אויסרעכענונג, אז דער שטראָם וועט אוועקטראָגנ די פלאש אינ יאם ארײַנ. דערפאר איז אָבער דאָ, אינ דעמדאָזיקנ טייל פונ אווסטראַליע, נישט צו באַגעגענע אזא מינ צאָל טײַכנ, וואָס זאָלנ דורכגיינ אינדערנאָענט לעם דער זיבנונדרײַסיקסטער פאראלעל. אויסער דעם, פליסנ די אמערי־קאנישע ריאָ־קאלאָראדאָ אונ ריאָ־נעגראָ צום אָקעאנ דורכ די פאַרלאָזענע פליינענ ווײַט פונ וואָסערע ניט איז מענטשלעכע ישוּוים, אינ דער צײַט, ווענ די היגע אווסטראלישע טײַכנ — מיאָריי, יארא, טאָרענס, דארלינג, — פאלנ ארײַנ אָדער איינע אינ דער צווייטער, אָדער זיי גיסנ זיכ אויס אינ אָקעאנ דורכ אזעלכע לעפצונגענ, ווו ס'געפינענ זיכ רוישיקע האנדל־האפנס מיט אָנ א שיר שיפנ.

דערום איז שווער ס'זאָל זיכ לייגנ אפנ געדאנק, אז אזא מינ ברעכיקע קיילע, ווי די פלאש, איז זאָל אָנ שום שטערונגענ זיכ דורכגליטשנ איבער די דאָזיקע וואסערנ, איבער וועלכע סע שלײַכנ זיכ דורכ הונדערטער שיפנ, אונ זי זאָל זיכ דערנאָכדעם פאקנ אינעם אינדישנ אָקעאנ.

מיסטער גלענארוואנ האָט גלײַכ וועגנ דעם א קלער געטאָנ, אונ דערנאָכ

האָט פאַגאַנעל בעיִס א דיסקוסיע מיט מאַק־נאַבסן מוידע געווען אין דער אָ צווייפלהאַפטיקייט פון זײַן היפּאָטעזע. פונדאַנען האָט מען געדאַרפט דרינגען, אז [illegible]דייט גראַדן, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אינעם דאָקומענט, מוזן באַטײַטן בלויז [illegible] אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע און אז די פלאַש האָט מען געהאַט אַרײַנגעוואָרפן אין יאַם אַרײַן אַפן מײַרעוודיקן ברעג־פּאַס פון אַווסטראַליע גלײַך נאָך דעם, ווי די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען.

— דאָך האָט מיסטער גלענאַרוואַן גאַנץ ריכטיק באַמערקט, אז די אומבאַשטרײַטבאַרע אויסטײַטשונג פונעם דאָקומענט שליסט ניט אויס די מעגלעכקייט פון דעם, אז דער קאַפּיטאַן גראַנט זאָל זיך געפינען אין געפענקעניש בײַ די היגעבירטיקע. אַדעראַבע, דער קאַפּיטאַן גופא ווײַזט אָן אַפ דער אומפאַרמײַדלעכקייט פון דערדאָזיקער לאַגע מיט דערדאָזיקער פראַזע מיט זײַנער: „וווּ זיי וועלן זיך פאַקן אין געפענקעניש צו די אָרטיקע אײַנוווינער". אַזוי, אז דער לאָגישער אויספיר האָט דאָ געדאַרפט זײַן אַזאַ: — דעם קאַפּיטאַן גראַנט קען מען זוכן אַפ דער זיבנונדרײַסיקסטער פּאַראַלעל, פונקט אַזויווי אַפ אַלע איבעריקע פּאַראַלעלן, וואָס האַקן איבער דעם אַווסטראַלישן ברעג.

די רײַזנדער [illegible]ע צײַט באַהאַנדלט דידאָזיקע פראַגע, ביז זיי זײַנען געקומען [illegible]רגילטיקן באַשלוס, אז אויב ס'וועט זיך אַפן קאַפּ בערנוילי ניט אײַנגעבן אָפּצוזוכן א וואָסערע ניט איז שפּורן פון „בריטאַניעס" קאַטאַסטראָפע, בלײַבט פאַר מיסטער גלענאַרוואַנען די איינציקע און לעצטע ברירה זיך אומקערן קיין אייראָפּע. די עקספּעדיציע, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי וועט זיך ענדיקן אָן דערפאָלג, וועט זי זיך אָבער אומקערן מיט א ריינעם געוויסן דערפאַר, וואָס זי האָט דעם פליכט אירן אויסגעפילט ערלעך און ביזן סאָף.

דעם קאַפּיטאַן גראַנטס קינדער, ווי אויך די איבעריקע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע, האָבן זייער אַסאַך איבערגעלעבט בײַ דידאָזיקע רייד, אָבער דערווײַל האָט מען זיך ניט געדאַרפט נעמען שטאַרק צום האַרצן, ווײַל ווער זאָגט דען, אז די האָפענונג איז שוין פאַרלוירן?

די פּאַסאַזשירן און דער קאַפּיטאַן פון „דונקאַן" זײַנען אָן איבעריקע שוועריקייטן צוגעשטיגן צום לײַדיקן ברעג, וואָס איבער זײַן גאַנצער לענג האָט זיך געצויגן א פּאַס באַרג־פעלדזן, וואָס האָבן געהאַלטן צו זעכציק און צו אַכציק פוס די הייך.

דידאָזיקע נאַטירלעכע באַפעסטיקונג איז שווער געווען בײַצוקומען אָן א לייטער, אָן שטריק מיט האַקנס. אָבער צום גליק, האָט דזשאָן מאַנגלס נאָך אין יאַם באַמערקט א דורכבראָך אין דער וואַנט, וואָס האָט זיך אויסגעביל־דעט אַדאַנק דער טיילווײַזער אָפּוואַלגערונג. קענטיק, אז די כוואַליעס האָבן אין אָ דעם אָרט אָפּטער דערלאַנגט און האָבן אין מעשעך פון זייער אַסאַך־יאָריקער אומדערמידלעכער אַרבעט באַוויזן צו צעבערעכן דעמדאָזיקן באַריער, וואָס איז באַשטאַנען פון שלאַבעריקן טופ.

דער אוילעם האָט ארופגעקלעטערט, יעדערער וויאַזוי ער האָט געקענט. ראָבערט איז דאָ, פארשטייט זיך, געווען פלינקער פון איטלעכן. זשאַק פאגאַנעלן האָט עס זייער געוווּנדערט, וואָס יענעמס קינדערשע פיסלעך יאָגן איבער זײַנע, פאגאַנעלס, פערציקיעריקע לאַנגע פיס. אָבער איין טרייסט האָט ער געהאַט, וואָס ער האָט, דאַכט זיך, אַפּ אביסעלע איבערגעיאָגט דעם מאַיאָר. נאָר יענער האָט זיך אפילע ניט אָנגעהויבן נעמען פון אַזעלכע זאַכן צום הארצן. דער אוילעם האָט זיך געלאָזט גיין איבערן בערג, וואָס איז געווען פוסט און אומבאַוווינט, אָבער אייניקע געבײַיעלעך, וואָס מע האָט ארויסגעזען פון ערגעץ פונדערווײַטנס, האָבן איידעס געזאָגט וועגן דעם, אז דאָ געפינען זיך נאָענט מענטשן, און גראַדע ניט קיין ווילדע מענטשן, נאָר ציוויליזירטע.

— אוי, א מיל! — האָט ראָבערט אויסגערופן.

און ווירקלעך, וואָסערע דרײַ מײַל פון ברעג האָט סאַקע דער ווינט געדרייט די פליגל פון א ווינט־מיל. אָבער פונדאַנען האָט זי נאָך נישט יעדערער געקענט זען.

— יאָ, יאָ! סאַקע א מיל! — האָט פאגאַנעל באַשטעטיקט נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעשטעלט זײַן קוק־רער אין דער ריכטונג, וווהין ראָבערט האָט אָנגעוויזן.

— גייען מיר, אויב אַזוי אהין! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

נאָך א האַלבער שאָ גאַנג, זײַנען זיי אַלע דערגאַנגען ביז צו באַארבעטע פאַסן ערד. דער איבערגאַנג פונעם פרוכטלאָזן סטעפּ צו די קולטור־באַארבעטע פעלדער איז געווען זייער א שאַרפער. די ווילד־וואַקסנדיקע קוסטנביימלעך ארום זײַנען איצט פארביטן געוואָרן דורך א לעבעדיק־געפלאָכטענעם געוויקס־פלויט, וואָס מע האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, ניט לאַנג פארפלאַנצט ארום דעם נאָרוואָס אויסגעקאָרטשעוועטן טייל ערד. עטלעכע אָקסן און בא א טוץ פערד האָבן זיך געפּיטערט אַפּ דעם געדיכטן גראָז פון די פליינע אונטערן שאָטן פון די הויכע אקאַציע־ביימער, וואָס מע האָט אהער, ווי ס׳ווייזט אויס, געבראַכט צו פירן פון דעם קענגוּור־איגדזל. דערנאָך האָבן זיך באַוויזן פארזייטע פעלדער, סטויגן היי, וואָס הויכן זיך ווי די גיגאַנטישע בינשטאָקן. אָט איז א פרוכטגאָרטן. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן שײַערן און נאָך אסאך פארשיידענע ווירטשאַפטלעכע אײַנריכטונגען. ביז אין א ווײַלע ארום האָט שוין דער אוילעם דערזען פאר זיך א פײַן וווינונג־הויז, וואָס פון איבער זײַן דאַך זעט זיך ארויס דער שפּיץ פון דער ווינט־מיל.

פיר הינט האָבן געגומען בילן אנטקעגן די אָנגעקומענע, און אַפּ זייער רוף איז ארויסגעגאַנגען פון שטוב א מאַן פון א יאָר פופציק מיט אַן אָפן פײַן געזיכט. פינף וווּקסיקע און שיינע באָכורים, קענטיק, זײַנע זין, און א הויכע דיקע פרוי זײַנען ארויסגעגאַנגען נאָך אים.

איין מאָל נאָר א קוק טאָן אַפּ דערדאָזיקער מוטיקער מישפּאָכע, וואָס

איז ארומגערינגלט אין דעמדאָזיקן יונגן סטעפּ מיט די נײַע געבײַדעס, אַזוי האָט מען שוין געקענט דערקענען אין זיי אירלענדישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך, קענטיק, אָנגענומען בײַ זיך אין זייער פאָטערלאַנד מיט געניג צאָרעס און אָפּעמקײַט און אַהער זײַנען זיי געקומען צו זוכן פון אַ דער זײַט אָקעאַן דאָס גליק זייערס.

גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן נאָך ניט באַוויזן צוצוגיין נאָענט, אַזוי האָט דער באַלעבאָס פון דער שטוב גלײַך אָן שום אויספרעגן שוין זייער האַרציק באַגריסט די אָנגעקומענע.

— פרעמדלענדישע, קומט, איך בעט אײַך. בײַ פּאַדי אָ׳מורן אין שטוב ווערט איר זײַן אָנגעלייגטע געסט.

— איר זײַנט אַן אירלענדער? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן און געדריקט די האַנט, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים דערלאַנגט.

— אַמאָל בין איך עס געווען, — האָט יענער געענטפערט, — איצטער בין איך אַן אַוסטראַליער. קומט אַרײַן, איר פרעמדלענדער, און ווער איר זאָלט ניט זײַן, זאָלט איר זיך דאָ פילן, ווי בײַ זיך אינדערהיים.

ס׳איז געווען זייער אַנגענעם אָנצונעמען אַזאַ מין האַרציקע באַגעגעניש. מיסיס עלען און מערי גראַנט זײַנען אַרײַנגעגאַנגען צוזאַמען מיט מיסיס אָ׳מור, אין דער צײַט, ווען דעם קאָלאָניסטס באַכורים האָבן געהאָלפן די געסט אויסצוטאָן דאָס געווער.

דאָ, אין דעם ליכטיקן גרויסן צימער אָפן ערשטן שטאָק פון דעם באַוווינטן הויז, זײַנען געשטאַנען עטלעכע לאַנגע בענק לענגאויס די בלישטשענדיקע פרישׂ־אויסגעפּאַרבעטע ווענט, דערנאָך זײַנען געשטאַנען בײַ אַ צענדליק טאַבורעטן און צוויי קאַסטנס מיט ווײַסן פאָרצעלײַענעם געפעס און עטלעכע פאַנען, וואָס האָבן געשימערירט מיט זייער ריינקײַט און, ענדלעך, אַ ברייטער און לאַנגער טיש, לעם וועלכן ס׳האָבן זיך פרײַ געקענט אויסזעצן בײַ אַ צוואַנציק מאַן. דאָס מעבל פון דעם דאָזיקן צימער האָט זייער שיין געפּאַסט צום אויסזעען פון דעם פעסטן הויז און פון זײַנע וווקסיקע, געזונטע באַלעבאַטים.

צו האַלבן טאָג האָט מען דערלאַנגט צום טיש דעם פײַנעם שײנעם מיטאָג, דער אוילעם האָט געגעסן די געשמאַקע מײַכאָלים און זייער שיין האַנאָע געהאַט באַם עסן. ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, האָט פּאַדי אָ׳מור דערציילט זײַן לעבנס־געשיכטע.

דידאָזיקע געשיכטע איז געווען אָנגעמאָסטן ניט נאָר פאַר אים אַליין, זי איז געווען אָנגעמאָסטן פאַר אַלע עמיגראַנטן, וואָס דער הונגער האָט זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער היימאַט.

— ער — פּאַדי אָ׳מור — האָט עמיגרירט פון אָלסטער, ווו די פאַמיליע זײַנע איז געשטאָרבן צען מאָל אַ טאָג פון הונגער, — אַהער קיין אַוסטראַליע, אויסגעשטיגן איז ער אין דער שטאָט אַדעלאַידע. דאָרטן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון די גרויסע קוילנגרעבערישע פאַרדינסטן, וועלכע מע האָט אים פאָרגע־



— אוי, א מיל! — האָט ראָבערט אויסגערופן.

ליגט, ווײַל ער האָט בעסער געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט. אין צוויי כאַדאָשים אַרום נאָכן אָנקומען אַהער, האָט ער שוין אויסגעקאָרטשעוועט אַ ווילדן ערד־באַצירק, אָפּ דעמזועלבן, וואָס האָט דערפרייט די רײַזנדער מיט זײַן בליִענדיקן אויסזען.

די רײַזנדער האָבן מיטן גאַנצן האַרצן באַגריסט דעם עמיגראַנט. פּאַדי אָ׳מור האָט געענדיקט זײַן דערציילונג און איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט, קענטיק, געוואַרט, אַז די געסט זאָלן איצט קומען אַנטקעגן מיט זייערע אַ דערציילונג, אָבער מיסטער גלענאַרוואַן איז שוין לאַנג געווען פאַרינטערעסירט דערין, אַז דער קאָלאָניסט זאָל זיך דערוויסן וועגן „דונקאַנען״: וואָס פאַר אַ ציל די רײַזנדער האָבן פאַר זיך געשטעלט מיט זייער קומען צום קאַפּ בערנויִלי, און וועמען די יאַכט־שיף האַלט אין איין אַרומזוכן איבער דער גאַנצער וועלט.

און אַזויווי מיסטער גלענאַרוואַן איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט קעסיידער גיין גלײַך צום ציל, האָט ער צום אַלעם ערשטן פאַרגעבן פּאַדי אָ׳מורן די פראַגע: צי האָט ער עפּעס געהערט וואָס ס׳ניט איז וועגן „בריטאַניעס״ קאַטאַסטראָפע.

דער אירלענדער האָט געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער, אים איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו הערן וועגן דערדאָזיקער שיף און פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָט זיך ביקלאַל קיין איין שיף ניט־צעשלאָגן ניט לעם דעם קאַפּ בערנויִלי און ניט אין דער היגער אומגעגנט. און אַזויווי די קאַטאַסטראָפע מיט „בריטאַניע״ איז פאָרגעקומען אינגאַנצן מיט צוויי יאָר צוריק, קען ער מיט דער פולער זיכערקייט מעלדן, אַז די, וועמען מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מענטשן זוכן, זײַנען דאָ אָפּ דעם אָ טייל ברעג ניט געווען.

— און איצט דערלויבט מיר, סער, זיך דערוויסן, צוליב וואָס האָט איר מיר פאַרגעבן דידאָזיקע פראַגע? — האָט דער קאָלאָניסט פאַרענדיקט.

דאָ האָט מיסטער גלענאַרוואַן דערציילט דעם קאָלאָניסט וועגן דער געפונענער פלאַש מיט די דאָקומענטן, און וועגן דער עקספּעדיציע, וואָס האָט זיך געלאָזט אָפּ דער שיף „דונקאַן״, און וועגן אַלע באַמיִונגען, וואָס די עקספּעדיציע האָט פירגענומען אָפּ אויפצוזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. ער האָט אויך ניט באַהאַלטן פונעם אירלענדער דאָס, וואָס זײַנע, דעם אירלענדערס, קאַטעגאָרישע באַשטעטיקונג האָט ביזן גרונט צונישט געמאַכט די האָפענונג אָפּ אָפּצוזוכן װען ניט איז די אומגליקלעכע יאַם־לײַט.

דידאָזיקע ווערטער גלענאַרוואַנס האָבן, פאַרשטייט זיך, געמאַכט זייער אַ שווערן אײַנדרוק אָפּ זײַנע צוהערער. בײַ ראָבערטן און בײַ מערין האָבן זיך גלײַך געשטעלט טרערן אין די אויגן. אפילע פּאַגאַנעל איז ניט אימשטאַנד געווען אָפּצוזוכן פאַר זיי קיין טרייסט־ווערטער. דזשאָן מאַנגלס איז געווען דערשלאָגן אי פאַר זיך, אי פאַר מערין. די פאַרצווייפלטקייט האָט אָנגעפולט אַלע הערצער פון דידאָזיקע גרויסמוטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך אומזיסט און אומנישט פאַרשלאָגן צו אַזעלכע ווײַטע ברעגן. דער אומעט האָט זיך

געגומענע שפּרייטנ ארום דעמדאָזיקנ פריילעכנ טיש, און אַלע זײַנען שוין גע־וועג זיכער אינ דער אומויסגאנגלעכקײַט פונ דערדאָזיקער לאגע, ווי ס׳האָט זיכ פּלוצים אינ דערדאָזיקער אָנגעשטרענגטער שטילקײַט דערהערט א פעסטע זיכערע שטים:

— איר דארפט נאָכ, סער, ניט פארלירנ די האָפענונג. אויפ דער קאפּי־טאנ גראנט איז נאָר א לעבעדיקער, געפינט ער זיכ זיכער דאָ, אינ אױס־סטראליע!

—

## זיבעטע קאפּיטל

# אײַרטאָנ

ווער איז אימשטאנד צו באשרײַבנ די איבערראשונג, וואָס דידאָזיקע נאָר־וואָס ארויסגעזאָגטע עפּלעכע ווערטער האָבנ ארויסגערופנ.

מיסטער גלענארוואנ איז גלײַכ אופגעשפּרונגענ פונ אָרט מיט אזא אימ־פּעט, אז דער טאבורעט, אפ וועלכנ ער איז געזעסנ, האָט זיכ איבערגעקערט און זיכ אוועקגעקאטשעט איבערנ דיל.

— ווער האָט עס געזאָגט? — האָט ער אויסגעשריגנ.

— איכ, — האָט געענטפערט אײנער פונ פאדי אָ׳מורס ארבעטער, וואָס איז געזעסנ באַם צווייטנ עק טיש.

— ס׳דו, אײַרטאָנ? — האָט דער קאָלאָניסט אויסגערופנ, וואָרום ער איז געווענ פארוווּנדערט ניט ווינציקער פונ גלענארוואנען אליינ.

— יאָ, ס׳איז איכ! — האָט אײַרטאָנ געענטפערט מיט אנ אופגערעגטער, נאָר פעסטער שטים. זײַט וויסנ, סער, אז איכ בינ דערזעלבער שאָטלענדער, וואָס איר, און איכ בינ טאקע אײנער פונ די, וואָס האָבנ געליטנ די קאטא־סטראָפע אפ דער שיפ „בריטאניע“.

דידאָזיקע מעלדונג האָט ארויסגערופנ באַם גאנצנ עולם אזא מינ אופ־רודערונג, אז ס׳איז גאָרניט צו באשרײַבנ. מערי גראנט האָט מיט א פאר־כאפּטנ אָטעם דערפילט א מאָדנעם צופלוס פונ גליק און האָט זיכ אינ א האלב־כאלאָשעדיקנ צושטאנד ארײַנגעלאָזט צו מיסיס עלענעס אפ דער ברוסט. דזשאָנ מאַנגלס, ראָבערט, פאגאנעל — זײַנענ אופגעשפּרונגענ פונ זייערע ערטער און זיכ א לאָז געטאָנ צום ארבעטער, וועלכנ פאדי אָ׳מור האָט נאָרוואָס אָנגערופנ מיטנ נאָמענ אײַרטאָנ.

געווענ איז עס א מענטש פונ אנ ערעכ פערציק יאָר מיט א פארגראָבטנ געזיכט, מיט לעבעדיקע אויגנ, וואָס זײַנענ טיפ געווענ באהאלטנ אינ די אויגנ־לעכער און פארדעקט מיט א געדיכטער ברעם. ניט געקוקט אפ זײַנ מאָ־גערקײַט, האָט מענ גלײַכ געקענט דערקענענ, אז דערדאָזיקער פארשוינ איז אויסערגעוויינלעכ געזונט, זײַנ קערפּער איז ווי באשטאנענ בלויז נאָר פונ ביינער און פונ מוסקולנ. אפ אזא מענטשנ פלעגנ די שאָטלענדער ליב



— אויב דער קאפיטאן גראנט איז נאָך א לעבענדיקער, געפינט ער זיך דאָ, אין אווסטראליע!

האָבנ זאָגנ: „ער האָט ניט ליב פאטערנ קיינ צײַט אפ קלײַבנ שמאלצ". דער מענטש איז געווענ ניט קיינ הויכער, א ברייטפלייציקער, מיט זיכערע אונ ענערגישע באוועגונגענ, מיט א שטרענגנ, אָבער אינ דערזעלבער צײַט אנגענעמענ קלוגנ געזיכט. דערצו האָט ער נאָכ געקריגנ מערער כיינ בא די היגע מענטשנ אינ די אויגנ, ווײַל מע האָט נאָכ דערקענט אפ אימ די שפורנ פונ די צאָרעס, וואָס ער האָט, קענטיק, גאָרניט אזוי לאנג איבערגעטראָגנ.

אפ אזא מינ מענטשנ דערקענט מענ גלײַכ, וויפל ער האָט זיכ אָנגעליטנ אינ לעבנ.

גלענארוואנ אונ זײַנע פרײַנט האָבנ אימ פארשטאנענ גלײַכ פונעמ ערשטנ קוק. אײַרטאָנס ערשטער אָנבליק האָט גלײַכ בא זיי געוווּנענ צוטרוי. מיסטער גלענארוואנ האָט אָפגעשאָטנ אײַרטאָנעס מיט אָנ א שיר פראגנ, אפ וועלכע דער ארבעטער האָט זייער גערנ געענטפערט. די פלוצימדיקע באגעגעניש מיט די רײַזנדער, וואָס זוכנ די קאטאסטראָפע־געליטענע יאמ־לײַט, האָט, קענטיק, געמאכט אפ אימ פונקט דעמזעלבנ אײַנדרוק, ווי זײַנע ווערטער האָבנ געמאכט אפ די רײַזנדער.

גלענארוואנ איז געווענ היפש צעטראָגנ. די ערשטע פראגנ זײַנע האָבנ זיכ געשאָטנ נישט אינ איבעריקער אָרדענונג. אונ ס'איז גלײַכ געווענ צו דערקענענ, אז ער האָט זיי פארגעבנ קימאט ווי ניט באוווסטזיניק.

— איר זײַנט איינער פונ די, וואָס האָט געליטנ די קאטאסטראָפע אפ דער שיפ „בריטאניע"? — האָט ער צומ אלעמ ערשטנ א פרעג געטאָנ.

— יאָ, איכ האָב געדינט באמ קאפיטאנ גראנט אלס באָצמאנ.

— איר האָט זיכ צוזאמענ מיט אימ געראטעוועט?

— ניינ, סער, ניינ. אינ יענער שרעקלעכער מינוט האָט די כוואליע מיכ אראָפגעשווענקט פונ דער פאלובע אונ אוועקגעטראָגנ צומ ברעג.

— הייסט עס, אז איר זײַנט ניט פארעכנט צווישנ די צוויי מאטראָסנ, וועגנ וועלכע סע רעדט זיכ אינעמ דאָקומענט?

— ניינ, וועגנ דעמ דאָקומענט ווייס איכ ביקלאל ניט; קענטיק, אז דער קאפיטאנ האָט אימ ארײַנגעוואָרפנ אינ יאמ ארײַנ דאנ, ווענ איכ בינ ניט געווענ אפ דער שיפ.

— אָבער דער קאפיטאנ?..

— איכ האָב געמיינט, אז ער איז אומגעקומענ צוזאמענ מיט דער גאנצער מאנשאפט. מיר האָט זיכ אויסגעוויזנ, אז נאָר איכ איינער בינ געראטעוועט געוואָרנ פונ דער קאטאסטראָפע.

— איר האָט דאָכ ערשט, דאכט זיכ, געזאָגט, אז דער קאפיטאנ גראנט לעבט.

— ניינ, איכ האָב געזאָגט: „אויב ער איז א לעבעדיקער".

— אונ איר האָט צוגעגעבנ, אז ער געפינט זיכ אינ אווסטראליע.

— יאָ, ווײַל אויב אזוי, קענ ער ערגעץ אנדערש ניט זײַנ.

— הייסט עס, אז אײַכ איז נאָכ ניט באוווּסט, ווו ער געפינט זיכ?

— ניין, סער, איך כאזער איבער: איך האָב געהאַלטן, אַז ער איז דער־טרונקען געוואָרן אָדער דערהארגעט געוואָרן לעם די פעלדזן. און ערשט פון אײַך האָב איך דערהערט, אַז ס'מעגלעך, אַז ער לעבט נאָך.

— וואָס־זשע איז אײַך, אויב אַזוי, יאָ באַוווּסט?

— בלויז דאָס, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט. אַז אויב דער קאַפּיטאַן גראַנט איז א לעבעדיקער, געפינט ער זיך אין אויסטראַליע.

— און ווו איז פאָרגעקומען די קאַטאַסטראָפע? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן.

דידאָזיקע פראַגע האָט מען, אַגעוו, געדאַרפט געוויינט שטעלן פון סאַמע אָנהייב.

און אינגיכן האָבן די צוהערער, ווי געזעען פאַר זיך אַלע אײנצלהייטן פון דעררדאָזיקער טרויעריקער געשיכטע. די אייינצלהײַטן זײַנען שוין איצט געגאַנגען איינס נאָך איינס לויטן סיידער, פּונקט ווי ס'איז דאָרט אַלץ פאָר־געקומען.

אויפן מאַיאָרס פראַגע האָט אײַרטאָן געענטפערט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— בעשאַס די כוואַליע האָט מיך אַראָפּגעשווענקט פון דער רייע, האָט זיך „בריטאַניע" געטראָגן גלײַך צום ברעג פון אויסטראַליע. פאָרגעקומען איז עס אינגאַנצן א וואָסערן צוויי קאַבעלטאָווס פונעם ברעג. אַזוי, אַז ס'איז קלאָר, אַז די קאַטאַסטראָפע האָט געמוזט פאָרקומען טאַקע אויפן זעל־ביקן אָרט.

— אויפן זיבנונדרײַסיקסטן גראַד די ברייט? — האָט דזשאָן מאַנגלס א פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט אײַרטאָן געענטפערט.

— אויפן מײַרעוודיקן ברעג פון אויסטראַליע?

— אָ, ניין! — האָט דער באָצמאַן גיך געענטפערט. — אויפן מיזרעכדיקן!

— ווען?

— די נאַכט אַנטקעגן דעם זיבנונצוואַנציקסטן יונ 1862 יאָר.

— אַזוי איז עס טאַקע. יאָ, יאָ, אַזוי איז עס! — האָט מיסטער גלענאַר־וואַן אויסגעשריגן.

— איצטער זעט איר שוין, סער, — האָט אײַרטאָן צוגעגעבן, — אַז איך האָב געהאַט די פולע רעכט צו זאָגן: „אויב דער קאַפּיטאַן גראַנט איז נאָך א לעבעדיקער, דאַרף מען אים זוכן נאָר אויפן אויסטראַלישן קאָנטינענט און מער אין ערגעץ ניט!".

— און מירן אים טאַקע זוכן און געפינען אויך! — האָט פּאַגאַנעל אויס־געשריגן. — אָ, דו שאַצבאַרער דאָקומענט, — האָט ער נאַיִוו צוגעגעבן, — ווי גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט זיך געפּאַקט צו ווײַטזיכטיקע מענטשן אין די הענט אַרײַן!

קיינעם פון די רײַזנדער איז די גאַנצע צײַט ניט אײַנגעפאַלן צו פאַר־

דאכטן אין וואָס ס'גיט איז דעמדאָזיקן מענטשן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס באָצמאַן פון דער שיף „בריטאַניע". מעגלעך עפּשער, אַז דער מאַיאָר, וואָס איז געווען אומצופרידן פון זיין געפירנ פאָרזיכטיק פון זייַן געפֿונען אָן, קען זייַן, אַז ער איינער האָט זיך ערגעץ אין דער טיף פון האַרצן פאַרגעבן די פראַגע, צי אייַרטאָנס ווערטער פאַרדינען ווירקלעך טאַקע דעם פולן צוטרוי.

וואָס איז שייַך דזשאָן מאַנגלסן, זייַנען די אַלע ספּייקעס, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרגאַנווועט צו אים פון סאַמע אָנהויב, צעשטרייַט געוואָרן גלייַך, ווי אייַרטאָן האָט נאָר געגומען ריידן מיט מערי גראַנטס וועגן איר פאָטער. לאָזט זיך אויס, אַז אייַרטאָן האָט זייער גוט געקענט ראָבערטן מיט מערין. ער האָט זיי געזען אין גלאַזגאָ דעם טאָג, ווען „בריטאַניע" האָט גע־דאַרפט אָפּשווימען. ער האָט דערמאַנט מערין, ווי אַזוי זי איז בייַגעווען אויפן פרישטיק, וואָס דער קאַפּיטאַן האָט געפראַוועט פאַר זיינע פריינט אויפן באָרט פון דער שיף „בריטאַניע". ראָבערט איז דעמאָלט אַלט געווען אינגאַנצן וואָ־סערע צען יאָר, און דער באָצמאַן דיק טורנער האָט זיך אונטערגענומען, אַז ער וועט אים אכטונג געבן, אָבער דאָס יאַטל האָט זיך בא אים ארויס־געריסן און ארופגעקלעטערט גלייַך אויף דער רייע.

— יאָ, יאָ, ס'איז טאַקע עמעס, איך געדענק! — האָט ראָבערט זיך אָנ־געכאַפּט.

אייַרטאָן האָט זיי נאָך דערמאַנט אָן א שיר קלענערע פאַקטן, כאָטש ער האָט זיי ניט צוגעגעבן קיין איבעריקן באַדייַט. אָבער פאַר דזשאָן מאַנגלסן איז דאָס שוין געווען גענוג, אַבי ער האָט זיך איבערצייַגט אין דעם, אַז אייַרטאָן איז ווירקלעך די פּערזאָן, פאַר וועמען ער גיט זיך אויס.

בעשאַס אייַרטאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט מערי אויסגערופן מיט א בעטנדיקן קול:

— הער אייַרטאָן, איך בעט אייַך זייער, דערציילט מיר נאָך עפּעס וועגן אונדזער ליבן פאָטער.

און דער באָצמאַן האָט ווידעראַמאָל גענומען דערציילן. מיסטער גלע־נאַרוואַן האָט זיך באַמיט אים ניט איבערצושלאָגן, ניט געקוקט דערויף, וואָס צוואַנציק מערער וויכטיקע פראַגן זייַנען שוין בא אים געווען אויפן צונג, און טאָמער האָט ער א רעגע ניט אויסגעהאַלטן און געוואָלט איבערשלאָגן אייַרטאָנען, האָט אים עלען פאַרהאַלטן, אים א ווייַז געבנדיק בעייסמייַסע מיט איר בליק אויף מערים גליקלעך געזיכט.

באַם ענטפערן אויף מערים פראַגן, האָט דערווייַל אייַרטאָן דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון „בריטאַניעס" שיפן זיך איבערן שטילן אָקעאַן. א טייל פון דערדאָזיקער געשיכטע האָט שוין מערי געוווּסט פון לאַנג, ווייַל דעם קאַפּיטאַנס לעצטער בריוו האָט זיך דאָך נאָך געשריבן אין מייַ 1862־טן יאָר. אין מעשעך פון דער שיפונג האָט „בריטאַניע" באַזוכט די וויכטיקסטע אינדזו־לען פון דער אָקעאַניע, זי איז צוגעשטאַנען צו די נייַ־העברידישע אינדזלען, פאַרגאַנגען קיין נייַ־גווינייע, קיין נייַ־זעלאַנד, קיין נייַ־קאַלעדאָניע, אָבער אַלע

אינדזלען, וואָס דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט באַזוכט, זײַנען שוין געווען פֿאַר־נומען פֿון אַנדערע און אָפּט אָן קיין שום רעכט דערויף. די ענגלישע מאַכט אַפֿ די ערטער האָט אומעטום געשאַפֿן פּאַרן קאַפּיטאַן גראַנט שטערונגען, ווײַל אומעטום האָבן זיי שוין ווען גענוג געהאַט געקריגן געהיימע ידיעות פֿון דעם קאָלאָניאַל־מיניסטעריום וועגן דעם ציל, וואָס דער קאַפּיטאַן גראַנט פֿאַרפֿאָלגט.

איין אינדזל האָט זיך יאָ געמאַכט אַ פֿרײַער, און דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט זיך מיט אים זייער געפֿרייט, וואָרום דער אויסגעצייכנטער נאַטירלעכער האַפֿן אַפֿן וועג צווישן די מאָלוקישע און די פֿיליפּינער אינדזלען זײַנען גע־ווען אימשטאַנד צוציִען אַהערצו אַסאַך שיפֿן, באַזונדערס דאַן, ווען דער דורכגעגראָבענער סועצער קאַנאַל וועט אָפּשאַפֿן דעם אַלטן יאַם־וועג פֿון אינ־דיע אַרום דער קאַפּ „די גוטע האָפֿענונג".

נאָכן באַזוכן נײַ־גווינייע האָט „בריטאַניע" זיך אַוועקגעלאָזט קיין קאַליאַאָ, קעדיי צו דערגאַנצן דאָרטן די נויטיקע רעזערוון. דעמדאָזיקן האַפֿן האָט די שיף פֿאַרלאָזט דעם 30־טן מײַ 1862־טן יאָר, זיך לאָזנדיק קיין אייראָפּע דורכן אינדישן אָקעאַן אַרום דעם קאַפּ „די גוטע האָפֿענונג". אין דרײַ וואָכן אַרום נאָכן אָפּשווימען פֿון קאַליאַאָ, האָט זיך אופֿגעהויבן אַ שרעקלע־כער שטורעם, די שיף האָט זיך גענומען בייגן אַפֿ דער לינקער זײַט און איבער דעם איז אויסגעקומען אָפּצוהאַקן די מאַסטבײמער. דער טריום האָט אָנגעהויבן רינען, אַזוי, אַז ס'איז ניט מעגלעך געווען אים גאָר צו פֿאַריכטן. די מאַנשאַפֿט האָט זיך אינגיכן איינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן פֿון די קויכעס, די פּאָמפּעס האָבן ניט באַוויזן אויסצופּאָמפּען דאָס וואַסער פֿונעם טריום, און אין משך פֿון אַכט טאָג צײַט האָט דער שטורעם־ווינט געהאַלטן אין איין אום־וואַרפֿן די שיף הין און צוריק, ווי אַ שפּילעכל. דאָס וואַסער אינעם טריום האָט זיך אופֿגעהויבן ביז זעקס פֿוס די הייך, און די שיף האָט שוין אָנגע־הויבן צוביסלעך זינקען. אַלע האָבן זיך שוין געריכט אַפֿן אומפֿאַרמײַדלעכן טויט, נאָר פּלוצים האָט מען דעם 27־טן יוני אינגאַנצן אומגעריכט דערזען פֿאַר זיך דעם מיזרעכדיקן ברעג פֿון אויסטראַליע. גיך, גאָר גיך האָט עס גע־בראַכט צוטראָגן „בריטאַניען" צום זאַמדיקן ברעג, אָבער עס האָט זיך דער־הערט אַ שרעקלעכער קנאַק און אין דער רגע האָט די כוואַליע אַראָפּ־געשווענקט אײַרטאָנען פֿון דער פּאַלובע און אים געגעבן אַ שלײַדער אַפֿ די ריפֿן*.

ווי ער האָט זיך נאָך באַראַכט, אַזוי איז ער שוין געווען בײַ די אָרט־געבוירענע אין געפֿענקעניש, און יענע האָבן אים אַוועקגעשלעפּט אין דער טיפֿ פֿונעם קאָנטינענט. דאָ האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טייל פֿון אײַרטאָנס דערציילונג, וואָס איז נאָך געווען פֿאַרבונדן מיטן קאַפּיטאַן גראַנט און מיט דער שיף „בריטאַניע".

---

* אונטערוואַסער־שטיינער.

דער צווייטער טייל פון דער דערציילונג וועגן די ליידן מיט די מאטער־נישן, וואָס אייַרטאָגנע גופא איז אויסגעקומענע אויסצושטיין, האָט אויך געהאַט א גרויסן אינטערעס פאר די צוהערער דערפאר, ווייל באלד נאָך אייַרטאָגנע האָבן זיך דאָ דער קאפיטאן גראנט מיט זייַנע צוויי מאטראָסן אויך, אָן ספק, געמוזט פאקן אין געפענקעניש אריין. וועגן דעם זאָגן דאָך איידעס די געפונענע דאָקומענטן. אזוי, אז לויט אייַרטאָגס דערציילונג, קען מען זיך שוין אויך פאָרשטעלן דעם ווייַטערדיקן גורל פון די איבעריקע געראַטע־װעטע. דערום האָבן אלע אין איין קאָל גענומען בעטן דעם באַצמאַן, ער זאָל כּאַרזעצן זייַן דערציילונג, וואָס האָט זיך באַקומען גאנץ קורץ און איינפאך.

די אָרטגעבירטיקע האָבן אוועקגעשלעפט דעם געפאנגענעם אין דער טיף פונעם לאנד, צו די ערטער, וואָס ווערן באוואסערט פון דעם טייַך דארלינג, דאָס הייסט, אן ערעך אף וואָסערע פיר הונדערט מייַל צו צאָפן־צו פון דער 37־טער פאראלעל. דאָס לעבן אין געפענקעניש איז געווען זייער שווער און גראדע נים דערפאר, וואָס מע האָט זיך מיט אים שלעכט באגאנגען, ניין, — פּאָשעט דערפאר, וואָס די אָרטגעבירטיקע אליין לעבן א קלאָגעדיק לעבן.

צוויי יאָר האָט זיך געצויגן דידאָזיקע פייַנלעכע געפענקעניש, אָבער אייַר־טאָגנע האָט קיינמאָל ניט פארלאָזט די האָפענונג אף באפרייַט צו ווערן. ער פלעג נאָכשפירן נאָך דער קלענסטער מעגלעכקייַט צו אנטלויפן, ניט געקוקט דערוף, וואָס ער האָט פארשטאַנען, אז דאָס אנטלויפן וועט אויך זייַן פאר־בונדן מיט אָן א שיר געפאַרן.

איינמאָל אין א פינצטערער אָקטיאבער־נאכט 1864־טן יאָר איז ענד־לעך אָנגעקומען די גינסטיקע שאָ. אים האָט זיך אייַנגעגעבן אָפנארן די וואכזאמקייַט פון זייַנע באלעבאטים און איז אנטלאָפן געוואָרן. די גאנצע צייַט האָט ער זיך אויסגעבאהאלטן אין דער געדיכטעניש פון א טיפן אום־געריר טן וואלד. העכער א כוידעש צייַט האָט ער זיך געשפּייַזט מיט זיסע וואָרצלען, בלאָנדזשענדיק איבער די אומענדלעכע וועלדער און איבער די פארלאָזענע סטעפּעס. ער איז אויסגעגאנגען פאר מידקייַט און איז געווען אויסגעצערט פון הונגער. סייַ די קויכעס, סייַ די האָפענונגען פלעגן אים אלע מאָל פארלאָזן, אָבער פונדעסטוועגן איז ער אלץ געגאנגען און געגאנ־גען: באטאָג — לויט דער זון, און באנאכט — לויט די שטערן. אזוי האָט ער זיך געשלעפט איבער די טייַכן, איבער די זומפּן, איבער די בערג, איבער די וועלדער פונעם דאָזיקן אומבאוווינטן טייל קאָנטינענט, וואָס ביז אים האָבן עפשער באזוכט בלויז געציילטע, אייגצלנע דרייַסטע אויספאָרשערס, ביז ער האָט זיך, סאָפּקאָלסאָף, אינגאנצן אן ארויסגעשלאָגענער פון די קויכעס, אן אויסגעייענדיקער און ווילד באוואקסענער, דערקליבן צו פאדי אָ׳מורס גאַסט־פרייַנטלעכן הויז. דער גוטער פערמער האָט אים צוגענומען — אף דער ארבעט, און אינגיכן איז אייַרטאָגנע געוואָרן דאָ אף דער פערמע אן אייגענער מענטש.

— איך דארף אים ניט כאנפענען, — האָט זיך דער אירלענדישער קאָלאָ־

ניסן אָנגערופן בעשאס אײַרטאָן האָט געענדיקט זײַן דערציילונג, — נאָר איך זאָג אײַך איידעס אפּ אײַער לאַנדסמאַן, אַז ער איז אַ קלוגער, געוואַגטער מענטש און אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער. פאַדי אָ'מורט שטוב וועט אַלע־מאָל זײַן אויך זײַן שטוב, ווי לאַנג ער וועט עס נאָר אַליין פאַרלאַנגען.

אײַרטאָן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דערמיט באַדאַנקט דעם אירלענדער. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, וואַרטנדיק, כאָטש ער וועט מען אים פאַרגעבן נײַע פראַגן. מיסטער גלענאַרוואַן האָט שוין געוואָלט צוטרעטן צום באַהאַנדלען דעם נײַעם זוכעניש־פּלאַן, וואָס האָט זיך געדאַרפט גרינדן אויף די ידיעות, וועלכע מע האָט באַקומען פון אײַרטאָנען. אָבער פּלוצים האָט זיך דער מאַיאָר געווענדעט צום מאַטראָס מיט פאָלגנדיקער פראַגע:

— איר זאָגט, אַז איר האָט געדינט אַלס באָצמאַן אויף דער שיף „בריטאַניע“?

— יאָ, — האָט אײַרטאָן געענטפערט.

און אַזוי ווי ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דעם מאַיאָרס פראַגע איז געקומען פון אַ געוויסן אומצוטרוי אָדער צווייפל, האָט ער גלײַך צוגעגעבן:

— בײַ מיר איז נאָך אַפילו נאָך דער קאַטאַסטראָפע גאַנץ געבליבן דאָס מאַטראָסיש ביכעלע.

און ער איז גלײַך אַרויסגעגאַנגען פון צימער, כדי צו ברענגען דעם אָפיציעלן דאָקומענט.

זײַן אָפּוועזנהייט האָט זיך געצויגן ניט מער, ווי אַ מינוט צײַט, אָבער פאַדי אָ'מור האָט פאַר דער אָ מינוט באַוויזן נאָכאַמאָל אַ זאָג טאָן צו מיסטער גלענאַרוואַנען:

— איר זאָלט וויסן זײַן, סער, אַז אײַרטאָן איז זייער אַן ערלעכער מענטש. פאַר אָט די צוויי כאַדאָשים, וואָס ער דינט בײַ מיר, האָב איך בײַ אים ניט באַמערקט קיין איין שלעכטע מידה.

גלענאַרוואַן האָט געוואָלט ענטפערן דעם אירלענדער, אַז ער צווייפלט ניט קיין מינדסטס אין אײַרטאָנס ערלעכקייט, אָבער יענער איז שוין געקומען צוריק און באַוויזן איטלעכן זײַן מאַטראָסיש ביכעלע. דאָס לעצטע בלעטל איז געווען געחתמעט פון די באַלעבאַטים פון „בריטאַניע“ און פון קאַפּיטאַן גראַנט. מיס מערי האָט גלײַך דערקענט איר פאָטערס האַנטשריפט. אין ביכעלע האָט זיך דערציילט, אַז דער מאַטראָס פונעם ערשטן קלאַס — טאָם אײַרטאָן — ווערט אָנגענומען אַלס באָצמאַן אויף דער דרײַמאַסטיקער שיף „בריטאַניע“ פון גלאַזגאָ.

— איצט, מײַנע פרײַנט, — האָט זיך גלענאַרוואַן אָנגערופן, — לאַד איך אײַך איטלעכן אײַן אָנטייל צו נעמען אין דער באַראַטונג בײַם אויסאַרבעטן דעם נײַעם פּלאַן פון דער קאַמפּאַניע. מיט אײַער מיינונג, אײַרטאָן, וועלן מיר זיך באַזונדערס רעכענען, און איך וועל אײַך זײַן זייער דאַנקבאַר, אויב איר וועט זי פאַר אונדז אַרויסזאָגן.

אײַרטאָן האָט א קלער געטאָן א ווײַלע און זיך אָנגערופן:

— איך דאנק אײַך, סער, פאר דעם צוטרוי. איך וועל זיך באמיִען דעמ־דאָזיקן צוטרוי צו בארעכטיקן. מיר איז שוין טיילווײַז באקאנט דאָסדאָזיקע לאנד, די זיטן און די מינהאָגים פון אירע ווילדע אײַנוווינער, אויב כ'וועל אײַך נאָר מיט וואָס ס'ניט איז קענען זײַן נוציק...

— ס'איז גאָר קיין פראגע ניט! — האָט אים מיסטער גלענארוואן איבערגעשלאָגן.

— איצט איז שוין בא מיר קיין סאָפעק ניט, אז דער קאפיטאן גראנט און די צוויי מאטראָסן, — האָט אײַרטאָן פאָרגעזעצט, — האָבן זיך געראַטעוועט פון דער קאטאסטראָפע, און אזויווי זיי האָבן זיך ניט דערקליבן צו די ענגלישע קאָלאָניעס און זיי זײַנען ביקלאל פארשווונדן געוואָרן אָן שום שפור, בין איך איבערצײַגט, אז ס'האָט מיט זיי געטראָפן: דאָס אייגענע, וואָס מיט מיר, דאָס הייסט, זיי האָבן זיך געפאקט צו די אָרטגעבוירטיקע אין געפענקעניש.

— איר כאזערט איבער מײַנע ווערטער, אײַרטאָן, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן. — זיי האָבן זיך, פארשטייט זיך, באלד נאָך דער קאטאסטראָפע געפאקט אין געפענקעניש. זיי האָבן עס פאָרויסגעזען און אָנגעשריבן וועגן דעם אינעם דאָקומענט. אָבער צי באטײַט עס, אז די אָרטגעבוירטיקע האָבן אויך זיי אוועקגעפירט צו צאָפן פון דער 37־טער פאראלעל?

— דאָס איז גאנץ מעגלעך, — האָט אײַרטאָן געענטפערט. — דידאָזיקע שוואָטים מײַדן אויס די נאָענטקײַט מיט די ענגלישע קאָלאָניעס.

— דאָס וועט אפ אסאך פארשווערן אונדזערע זוכענישן, — האָט מיסטער גלענארוואן זיך אָנגערופן מיט ערגערונג אין קאָל. — וויאזוי קענען מיר געפינען די שפורן פון די דרײַ געפאנגענע, ניט וויסנדיק, אפ וואָס פאר אן אָרט מע האָט זיי אוועקגעפירט איבערן דאָזיקן קאָלאָסאלן קאָנטינענט?

א טיפ שטילשווײַגן האָט גענומען הערשן אין צימער. מיסיס עלען האָט, פאָרשנדיק, זיך אײַנגעקוקט אין די פענעמער פון אירע מיטרײַזנדער, אָבער זי האט אפ קיין איינעם פון זיי ניט געפונען קיין ענטפער. אפילע פאגאנעל, וואָס איז קעסיידער בארײדעוודיקער פון איטלעכן, האָט איצטער אויך געשוויגן. דזשאָן מאנגלס האָט ארומגעשפאנט מיט גרויסע שפאן איבערן צימער, פונקט ווי דאָס וואָלט געווען ניט קיין צימער, נאָר דאָס קאפיטאנישע בריקל פון זײַן שיף.

— און איר, אײַרטאָן, — האָט זיך מיסיס עלען ענדלעך געווענדעט צום מאטראָס, — וואָס וואָלט איר אונדז דאָ געייצעט?

— איך, מיסיס, — האָט יענער האסטיק געענטפערט, — וואָלט זיך אומגעקערט אפ „דונקאנען" און וואָלט אוועקגעפאָרן גלײַך צו דעם אָרט, ווו די קאטאסטראָפע איז פאָרגעקומען, און דאָרטן וואָלט איך שוין זיך געפירט אזוי, ווי סע וואָלטן געדיקטירט די אומשטענדן און די אנטפלעקטע שפורן.

— ריכטיק, — האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגערופן. — אָבער צוליב דעם

וועט נאָך אויסקומען צו וואַרטן ביז „דונקאַן“ וועט ארויסגיין פונעם ר׳עמאָנס.

— בא אײַך איז דען פאָרגעקומען א וואָסערע ניט איז אוואַריע? — האָט אײַרטאָן א פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט.

— אַן ערנסטע?

— ניט איבעריקס. אָבער קעדיי זי צו פאַריכטן, פאָדערן זיך אַזעלכע אײַנ־ריכטונגען, וועלכע מיר האָבן ניט בא זיך אפ דער יאַכט־שיף. איינע פון די שרויף־פליגלען האָט זיך אויסגעבויגן און פאַריכטן וועט מען אים קענען נאָר אין מעלבורן.

— וואָלט איר עפּשער געשוואומען מיט די זעגלען?

— דאָס קען מען. אָבער טאָמער וועט דער ווינט ניט זײַן קיין גינסטי־קער, דעמלט וועט „דונקאַן“ דאַרפן פאַטערן אַסאַך צײַט, ביז זי וועט דער־גרייכן צו דער טופאָלד־בוכטע. אויסער דעם, וועט אונדז סײַווי אויסקומען צו פאַרגיין קיין מעלבורן.

— אויב אַזוי, — האָט פּאַגאַנעל פּלוצים אויסגעשריגן, — טאָ זאָל טאַקע „דונקאַן“ גיין קיין מעלבורן. און מיר וועלן זיך לאָזן צו דער טופאָלד־בוכטע אָן איר.

— וואָס הייסט? — האָט דזשאָן מאַנגלס א פרעג געטאָן.

— מיר וועלן איבערהאַקן אויסטראַליע פּונקט אַזוי, ווי מיר האָבן איבער־געהאַקט אַמעריקע, און לאָזן וועלן מיר זיך לענגויס דער 37־טער פּאַראַלעל.

— נו, און „דונקאַן“? — האָט אײַרטאָן א פרעג געטאָן און מאָדנע אָנגע־קוקט פּאַגאַנעלן.

— „דונקאַן“ וועט אונדז אָפּזוכן, אָדער מיר וועלן זי אָפּזוכן. דאָס איז שוין געווענדט אין די אומשטענדן, וואָס וועלן זיך שאַפן. אויב מיר וועלן אויפזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט ערגעץ אין דער מיט פון קאָנטינענט, וועלן מיר זיך מיט אים צוזאַמען לאָזן קיין מעלבורן. אויב ניט, וועט אונדז אויס־קומען צו פאַרלענגערן די זוכענישן ביז צום סאַמע מיזרעכדיקן ברעג־פאַס, און „דונקאַן“ וועט זיך אַהין אַוועקלאָזן אונדז אַנטקעגן. וועך וויל דערווי־דערן קענען דעמדאָזיקן פּלאַן? עפּשער איר, מאַיאָר?

— ניין, — האָט מאַק־נאַבס געענטפערט. — אויב דער איבערגאַנג איבערן אויסטראַלישן קאָנטינענט איז נאָר מעגלעך.

— אפ אַזויפיל מעגלעך, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן, — אַז איך וואָלט אַפילו פאָרגעשלאָגן מיסיס עלען און מיס מערי, אַז זיי זאָלן מיט אונדז אויך מיטפאָרן.

— איר רעדט עס ערנסט, הער פּאַגאַנעל? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— וואָס ערנסטער קען גאָרניט זײַן, טײַערער סער. ס׳איז אינגאַנצן א דורכגאַנג פון וואָסערע דרײַ הונדערטס פופציק מײַל, ניט מער, אויב מיר זאָלן

אפילע דורכמאכנ צו צוועלפ מייל א טאָג, וועלנ מיר פארטיק ווערנ מיטנ דאָזיקנ מארש אינ מעשעכ פונ איינ כוידעש צייט, פונקט צו דעם מאָמענט, ווענ „דונקאנ״ וועט פארטיק ווערנ מיטנ רעמאָנט. דערפאר אָבער, ווענ מיר וואָלטנ דארפנ איבערהאקנ דעם אווסטראלישנ קאָנטינענט אונטער א נידעריקער ברייט, ווענ ס׳וואָלט אונדז אויסגעקומענ אימ דורכגיינ אפנ סאמע ברייטסטנ שעטעכ, איבער די קאָלאָסאלע וויסטעס, ווו סע הערשנ זומער־צייט די אומדערטרעגלעכע היצנ, דאנ וואָלט געווענ אינגאנצנ אנדערש. קורצ גערעדט, ווענ דאָ האנדלט זיכ וועגנ א רייזע, וואָס אפילע די סאמע געוואגטע אויספאָרשערס שרעקנ זיכ אָפּ פאר איר, דאנ וואָלט איכ דעמדאָזיקנ פאָרשלאג ניט אופגעגעבנ. אָבער די 37־טע פאראלעל האקט איבער די פּראָווינצ וויקטאָריא, וואָס די ענגלענדער קאָלאָניזירנ; דאָ געפינענ זיכ שוינ געבּרוקירטע וועגנ אונ אפילע אייזנבאנענ. ס׳איז א פּראָווינצ, וועלכע איז באוווינט קימאט אינ אלע אירע טיילנ. דידאָזיקע רייזע קענ מענ דורכמאכנ אפ א פור, זי איז ניט שווערער, ווי לאָמיר זאָגנ, דער דורכפאָר פונ לאָנדאָנ קיינ עדינבורג!

— אונ די ווילדע כייעס?—האָט מיסטער גלענארוואנ א פרעג געטאָנ, ווייל ער האָט זיכ געוואָלט אָפּגעבנ א קלאָרנ כעושבנ אינ אלצ, וואָס איז שייעכ דעמדאָזיקנ איבערגאנג.

— אינ אווסטראליע זיינענ קיינ רויב־כייעס ניטאָ.

— אונ די ווילדע מענטשנ?

— אונטער דערדאָזיקער ברייט זיינענ קיינ ווילדע מענטשנ אויכ קימאט ניטאָ.

— אונ די אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס.

— אינ די דאָרעמדיקע פּראָווינצנ פונ אווסטראליע וועט איר קיינ אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס ניט באגעגענענ; זיי האלטנ זיכ מערסטנטייל אופ אפנ מיזרעכדיקנ ברעג. אונ אויסער דעם, זיינענ דאָ געשאפנ אזעלכע שטרענגע געזעצנ בענעגייע די אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס אונ בענעגייע די, וואָס העלפנ זיי מיט מיט וואָס ס׳ניט איז, אז ס׳איז זיכ אבסאָליוט ניטאָ פאר זיי וואָס צו שרעקנ. איר, אלס ענגלענדער, דארפט שוינ וועגנ דעם וויסנ.

— ס׳וואָלט שוינ אָבער אויכ צייט געווענ איר זאָלט וויסנ, אז איכ בינ ניט קיינ ענגלענדער, נאָר א שאָטלענדער,—האָט מיסטער גלענארוואנ דערווידערט.

— דער הער פאגאנעל איז פולקומ גערעכט,—האָט פאדי אָ׳מור באמערקט.—ניט נאָר אינ דער פּראָווינצ וויקטאָריא, נאָר אינ גאנצ דאָרעמ־אווסטראליע אונ אינ קווינסלענד, אפילע אינ טאסמאניע זיינענ איינגעפירט שרעקלעכע געזעצנ קעגנ די קאטאָ־זשניקעס, אונ זינט איכ ווינ דאָ אינ דערדאָזיקער פערמע האָב איכ נאָכ ניט געהערט אפילע וועגנ קיינ איינעמ פונ זיי.

— אונ איכ האָב זיכ אויכ ניט זיי ניט באגעגנט,—האָט איירטאָנ צוגעגעבנ.

— נו, זעט איר שוין, מײַנע פרײַנט, — האָט דער געאָגראַף פּײַערלעך פּאַרענדיקט, — ווילדע מענטשן זײַנען דאָ פּאַראַן זייער ווייניק, קיין רויב־חיות זײַנען דאָ אינגאַנצן ניטאָ, קיין גאַזלאָנים אויך ניט. ווי מיינט איר, אַסאַך אייראָפּעיִשע לענדער קענען זיך באַרימען מיט אַזאַ מין געפּאַרלאָזי־קייט? הייסט עס, אַז ס'איז באַשלאָסן?

— לאָמיך הערן אײַער מיינונג! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן געווענדעט צו מיסיס עלען.

— אונדזער אַלעמענס מיינונג איז, — האָט די יונגע פֿרוי געענטפֿערט און דורכגעפֿירט איר בליק איבער אַלע מיטרײַזנדער, — אַז אין וועג אַרײַן! וואָס גיכער — אין וועג אַרײַן!

## אַכטע קאַפּיטל

# דאָס אָפּפאָרן

מיסטער גלענאַרוואַן איז געווען אַזאַ מענטש, אַז ווי ער האָט נאָר אָנגענומען אַבי וועלכן באַשלוס, אַזוי האָט ער שוין ניט פֿאַרזאַמט קיין איבעריקע צײַט און זיך גלײַך גענומען אים אויסצופֿילן. ווי נאָר פּאַגאַנעלס פֿאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן, אַזוי האָט ער גלײַך באַפֿוילן, אַז מע זאָל פֿאַר דער סאַמע קירצסטער צײַט דורכפֿירן אַלע צוגרייטונגען, און דעם טאָג פֿונעם אָפּפֿאָרן האָט ער אָנגעמערקט דעם 22־טן דעקאַבער.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט געהאַלטן, אַז ס'וועט זײַן זייער געווּנטשן, אַז האַרי גראַנטס געוועזענער מיטרײַזנדער זאָל איצט אָנטיילנעמען אין דער דאָזיקער עקספּעדיציע. ער האָט אַ פֿרעג געטאָן בײַ פּאַדי אָ'מורן, צי יענער וועט דערלויבן מע זאָל בעטן בײַ אײַרטאָנען זײַן האַסקאָמע, ער זאָל אָנטייל־נעמען אינעם דאָזיקן מאַרש.

דער אירלענדער קאָלאָניסט איז אויף דעם אײַנגעגאַנגען, ניט געקוקט דערויף, וואָס אים איז געווען אַ שאָד זיך צעזעגענען מיט אַזאַ מין טײַערן אַרבעטער.

— צי זײַנט איר גרייט גיין מיט אונדז זוכן אײַער געוועזענעם קאַפּיטאַן, איבער אויסטראַליע? — האָט דאַן מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן בײַ אײַר־טאָנען.

פֿריִער איידער ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע האָט אײַרטאָן געשוויגן אַ ווײַלע. ס'האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז ער קווענקלט זיך עפּעס, ער האָט אַ רעגע זיך באַטראַכט און דערנאָך געענטפֿערט:

— גוט, סער, איך גיי מיט אײַך. אויב ס'וועט זיך מיר אַפֿילו ניט אײַנ־געבן אײַך אַרויפֿצופֿירן אויף די שפּורן פֿונעם קאַפּיטאַן גראַנט, וועל איך, יעדנפֿאַלס, אײַך קענען אָנווײַזן דאָס פּינקטלעכע אָרט, וווּ די שיף זײַנע האָט געליטן די קאַטאַסטראָפֿע.

— א דאנק אײַך, אײַרטאָן, — האָט מיסטער גלענארוואַן געענטפערט.

— דערלויבט מיר נאָר, סער, אײַך שטעלן איין פראגע.

— ביטע, מײַן פרײַנט.

— ווי וועט איר זיך באַגעגענען מיט „דונקאַנען"?

— אויב מיר וועלן אָפזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנטן אין די אינעווייניקסטע געגנטן פון אויסטראַליע, דאַן באַגעגענען מיר זיך מיט אונדזער יאַכט־שיף אין מעלבורן. אויב ניט — איז אַפן מיזרעכדיקן ברעג־פּאַס לעם דער טופאַל דער בוכטע.

— און דער קאַפּיטאַן פון דער יאַכט־שיף...

— וועט וואַרטן אין מעלבורן אַפּ מײַנע פאַראָרדענונגען.

— איז אָפּגערעדט, סער, מעגט איר זיך אַפּ מיר פאַרלאָזן.

— איך פאַרלאָז זיך טאַקע אַפּ אײַך, אײַרטאָן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט.

די „דונקאַן"־פּאַסאַזשירן האָבן פון טיפן האַרצן באַדאַנקט דעם געוועזענעם באָצמאַן פון „בריטאַניע". די קינדער פון איר געוועזענעם קאַפּיטאַן האָבן אָפּגעשאָטן אײַרטאָנען מיט צערטלעכקײַט און מיט א באַזונדער מין געטרײַער אויפמערקזאַמקײַט. אַלע זײַנען געווען גליקלעך מיט אײַרטאָנס האַסקאָמע, אויסער דעם אירלענדער, וואָס האָט געדאַרפט אָפּלאָזן אַזאַ מין געשיקטן אַרבעטער. אָבער פּאַדי אָ'מור האָט פאַרשטאַנען, ווי נויטיק ס'איז פאַר דער עקספּעדיציע, אַז אײַרטאָן זאָל אין איר אָנטיילנעמען.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט א פרעג געטאָן בײַם אירלענדער, צי וועט ער אים קענען פאַרקויפן פאַרקער־מיטלען, קעדיי די עקספּעדיציע זאָל האָבן מיט וואָס איבערפאָרן איבער אויסטראַליע, און זיי זײַנען טאַקע גלײַך אַפּן אָרט דורכגעקומען צווישן זיך. באַלד נאָך דעם האָבן זיך „דונקאַנס" פּאַסאַזשירן אַוועקגעלאָזט צוריק אַפּ דער יאַכט־שיף.

דער צוריקוועג איז געווען זייער א פרייִלעכער, אַלץ האָט זיך פאַרן איינעם טאָג איינגאַנצן געענדערט, אַלע ספּייקעס זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן. די געוואָגטע רײַזנדער האָבן שוין איצט פאַרשפּאָרט טאַפּן אינדערפינצטער לענגויס דער 37־טער פּאַראַלעל. איצט האָט מען שוין געוווּסט אַפּ קלאָר, אַז האַרי גראַנט געפינט זיך אין אויסטראַליע, און אַלע הערצער זײַנען געווען איבערגעפולט מיט דער פרייד, וואָס מוז קומען בײַם פּלוצימדיקן איבערגאַנג צו זיכערקײַט נאָך א לאַנגן פעריאָד פון פּײַנלעכע ספּייקעס.

אויב די אומשטענדן וועלן זײַן גינסטיקע, קען זייער מעגלעך זײַן, אַז ניט שפּעטער, ווי אין צוויי כאָדאָשים אַרום זאָל „דונקאַן" צושטעלן קיין שאָטלאַנד דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

בעשאַס דזשאָן מאַנגלס האָט באַגיטיקט דעם פּראָיעקט פון איבערפאָרן איבער דער אויסטראַלישער יאַבאָשע, האָט ער שוין ניט געצווייפלט אין דעם, אַז איצטיקס מאָל וועט ער אויך אָנטיילנעמען אין דער עקספּעדיציע. ער האָט געבראַכט מיסטער גלענאַרוואַנען טויזנטער רײַעס צו דערווײַזן, אַז אויך

ער דארפ מיטגיינ מיט דער עקספעדיציע, אונ נישט געקוקט דערויפ, וואָס די איינע, די וויכטיקסטע, האָט ער ניט ארויסגעזאָגט, האָט אָבער מיסטער גלענארוואנ, צום גליק, זי אליינ געוווסט אונ ער האָט זיכ אָנגערופנ:

— ליבער דזשאָנ, איינ פראגע: איר קענט זיכ פולקום פארלאָזנ אפ אייער געהילפ?

— פולקום, סער,— האָט זיכ דזשאָנ אָנגערופנ,— טאָמ אאוסטינ איז אנ אלטער יאמ־מענטש, ער וועט פארפירנ „דונקאנענ" צום אָנגעמערקטנ אָרט, ער וועט אונדז אָפּרעמאָנטירנ די יאכט־שיפ אונ זי ברענגענ וווהינ מיר האָבנ אָפּגערעדט, צום אָנגעמערקטנ טערמינ. טאָמ איז זייער א דיסציפּלינירטער מענטש, אונ ער פילט קעסיידער געטריי אויס זיינע פליכטנ. איר מעגט זיכ אפ אימ פארלאָזנ, פונקט אזויווי אפ מיר אונ טאקע ניט ווינציקער.

— רעכט, דזשאָנ,— האָט מיסטער גלענארוואנ געענטפערט.— קענט איר מיטגיינ מיט אונדז. ווארומ איכ שטעל זיכ גאָרניט פאָר,— האָט ער צוגעגעבנ מיט א שמייכל,— איר זאָלט מיט אונדז ניט זיינ אינ דער רעגע, ווענ־מיר וועלנ אופזוכנ מערי גראנטס פאָטער...

— אָ, סער...— האָט דזשאָנ מאנגלס, ווי מיט א שולדיקנ שמייכל, א שטאמל געטאָנ.

מער האָט ער גאָרניט געקענט זאָגנ אונ האָט מיט גרויס דאנקבאר־קייט געדריקט מיסטער גלענארוואנס אויסגעשטרעקטע האנט.

אפ מאָרגנ האָט דזשאָנ מאנגלס זיכ אומגעקערט אפ דער פערמע אינ דער באגלייטונג פונעמ שיפ־טעסליער אונ פונ די מאטראָסנ, וואָס האָבנ געבראכט צו טראָגנ שפּייז־רעזערוונ. זיינ אופנאבפע איז איצט געווענ — זיכ א נעמ טאָנ צוזאמענ מיט פאדי אָ'מורנ צו דער ארבעט אונ צוגרייטנ דעמ קארא־וואנ אינ וועג אריינ.

דעמ אירלענדערס גאנצע פאמיליע איז שוינ געווענ גרייט צו נעמענ אָנטייל אינ דערדאָזיקער ארבעט, אונ זיי האָבנ שוינ אלע געווארט אפ דזשאָנענ. אייַרטאָנ האָט, פונ זיינ זייט, אויכ אָנטיילגענומענ אינ דער ארבעט. אדאנק זיינ פערזענלעכער דערפארונג, האָט ער געהאט די מעגלעכקייט צו געבנ אסאכ נוציקע אָנווייזונגענ. סיי פאדי, סיי ער זיינענ געווענ איינשטימיק מיט דעמ, אז די רייזנדערנס דארפנ דורכפאָרנ דעמ גאנצנ וועג אינ א בויד, אונ די רייזנדער — רייטנדיק.

די בויד האָט געהאט אפ זיכ אנ אָנגעצויגענעמ ברעזענט פונויבנ, וואָס האָט פארנומענ וואָסערע צוואנציק פוס די לענג. די פיר רעדער אירע האָבנ ניט פארמאָגט ניט קיינ ספּיצעס, ניט קיינ שינעס אונ אפילע ניט קיינ אייזערנע רייפנ. עס זיינענ געווענ פּאָשעטע פיר הילצערנע קיילעכדיקע דיסקנ. די פאָ־דערשטע אקס איז געווענ צוגעפעסטיקט צום דנאָ פונ דער בויד אפנ סאמע אוראלטנ אויפנ, אזוי, אז ס'איז שווער געווענ דערדאָזיקער בויד זיכ ערגעצ א קערעווע טאָנ מיטאמאָל. דער דישעל, וואָס האָט ארויסגעשטעקט פונ דער־דאָזיקער אקס, האָט געהאלטנ וואָסערע פינפ אונ דרייסיק פוס די לענג, אונ מע

האָט אַהינצו געקענט איינשפּאַנען דרײַ פּאָר אָקסן. אָנטרײַבן אַזאַ מין צוג איז ניט פֿון די גרינגע זאַכן, ווײַל אין דערדאָזיקער אײַנריכטונג איז ניט געווען מיט וואָס צו קערעווען די אָקסן, אויסער סײַדן מיט דעם לאַנגן שפּיציקן שטעקן, אָבער אײַרטאָן, וואָס האָט שוין געאַרבעט אַ שטיקל צײַט אויף דער פֿערמע, האָט געוווּסט, וויאַזוי מע באַגייט זיך דאָ, און ס'איז טאַקע געבליבן, אַז אײַרטאָן וועט די צײַט פֿונעם פֿאָרן איבער דער יאַבאָשע פֿאַרנעמען די שטעלע פֿונעם אָנטרײַבער.

דזשאָן מאַנגלס האָט באַוואָרנט די בויד מיט אַלץ, ווי סע געהער צו זײַן. צום אַלעם ערשטן האָט ער געהייסן, מע זאָל איבערצוימען די בויד אינמיטן מיט ברעטלעך, אַז ס'זאָלן זיך דאָרטן באַקומען צוויי טיילן. אין דעם הינטער־טייל וועט מען קענען האַלטן דעם פּראָוויאַנט, דעם באַגאַזש, און דאָרטן וועט זיך אויך געפֿינען די קיך צוזאַמען מיטן קיכמײַסטער אָלבינעטן. דער פֿאָדערשטער טייל איז אינגאַנצן געווען אין רעשות פֿון די רײַזנדערנס. דער־שיף־טעסליער איז געווען זייער אַ גוטער באַלמעלאָכע, האָט ער זיך גאַנץ גיך אָפּגעפֿאָרעט מיט דערדאָזיקער אַרבעט. דער אָפּטייל, וווּ די פֿרויען האָבן זיך געדאַרפֿט געפֿינען, האָט אינגיכן באַקומען דעם אויסזען פֿון אַ היימלעך צימערל מיט אַ דיל, וואָס איז פֿונויבן באַצויגן מיט אַ גראָבן טעפּיך. דאָרטן האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טואַלעטן־טישעלע מיט צוויי בעטלעך — פֿאַר מיסיס עלען און מיס מערי. אַ לעדערנער פֿאָרהאַנג האָט פֿאַרביטן די דרויסנדיקע וואַנט, און דאָס איז געווען אַ גענוגנדיקע שוץ פֿונעם ווינט און פֿון דער באַנאַכטיקער קעלט. אין אַ נויט האָבן אין דערדאָזיקער בויד זיך געקענט שיצן פֿונעם רעגן די מענער פֿון דער עקספּעדיציע אויך, אָבער בײַ אַ גוטן וועטער האָבן די מענער געדאַרפֿט שלאָפֿן אינעם גערוימען פֿאַרוסינענעם בײַדל. דזשאָן מאַנגלס האָט זיך באַמיט, אַז מיסיס עלען און מיס מערי זאָלן אין דעם דאָזיקן קליינעם באַוועגלעכן צימערל זײַן אַרומגערינגלט מיט דיזעלבע באַקוועמלעכ־קייטן, ווי אויף „דונקאַן“.

אויסריכטן די מענער אין וועג אַרײַן איז אָנגעקומען אַסאַך גרינגער: מע האָט זיך באַוואָרנט מיט זיבן פֿעסטע אויסטראַלישע פֿערד פֿאַר גלענאַרוואַנען, ראָבערטן, פּאַגאַנעלן, דזשאָן מאַנגלסן, מאַק־נאַבסן, ווילסאָנען און מיולרעדינ, וואָס האָבן אַלע געדאַרפֿט באַגלייטן מיסטער גלענאַרוואַנען אין דערדאָזיקער עקספּעדיציע. אײַרטאָנס אָרט איז געווען אויף דער קעלניע פֿון דער בויד, און מיסטער אָלבינעט, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען קיין אָנהענגער פֿון פֿאָרן רײַטנדיק, האָט געמאָלדן, אַז ער וועט זיך ליבער אײַנאָרדענען אין דער באַגאַזש־אָפּטיילונג, דאָרטן אין דעם הינטערטייל פֿון דער בויד.

די פֿערד מיט די אָקסן, וואָס פֿאַדי אָ'מור האָט פֿאַרקויפֿט דער עקספּעדיציע, האָבן זיך געפּיטערט אין דער פֿרייִער קימאַט לעם דער סאַמע שטוב, און מע האָט זיי געקענט נעמען יעדע רגע, ווען מע האָט נאָר געדאַרפֿט.

נאָכדעם, ווי דזשאָן מאַנגלס האָט אָפּגעגעבן זײַנע פֿאַראָרדענונגען און איז אויך געווען איבערצײַגט, אַז מע האָט אים פֿאַרשטאַנען ווי ס'געהער צו

זײַנען, האָט ער זיך גלײַך אומגעקערט אַף דער יאַכט־שיף מיט דער גאַנצער מישפּאָכע אירלענדער, וואָס האָבן, פֿון זייער זײַט, געוואָלט אָפּגעבן מיסטער גלענאַרוואַנען אַ וויזיט. אײַרטאָן האָט געבעטן, מע זאָל אים אויך דערלויבן זיך פֿאַרייניקן צו די געסט, און אַרום פֿיר אַזייגער נאָך האַלבן טאָג האָבן דזשאָן מיט זײַנע מיטרײַזנדער זיך שוין געהאַט אופֿגעהויבן אַפֿן טראַפּ פֿון דער יאַכט־שיף.

די באַלעבאַטים פֿון דער יאַכט־שיף האָבן באַגעגנט די געסט מיט גרויס פֿרייד. מיסטער גלענאַרוואַן האָט ניט געוואָלט בלײַבן באַם אירלענדער קיין באַלכויוו און ער האָט אײַנגעלאַדן די געסט אַף מיטעק. פּאַדי אָ'מור איז געווען זייער אַנטציקט פֿון דער שיף, די אויסגעמעבלירטקײַט פֿון די קאַיוטעס מיט די סאַלאָנען, די טעפּיכער, די בילדער, אַלץ האָט בײַ אים אַרויסגערופֿן גוואַלדיקע איבעראַשונג און אַנטציקונג. דערפֿאַר איז אָבער אײַרטאָן געווען זייער אָפּגעהאַלטן אין זײַנע מיינונגען. אים איז גראָדע ניט געפֿעלן געווען, וואָס די שיף איז געווען צופֿיל באַפּוצט מיט לוקסוס־זאַכן.

ערשט דערנאָך, ווען דער געוועזענער באָצמאַן פֿון „בריטאַניע״ האָט דורכגעמאַכט, אַזוי צו זאָגן, אַ גענעראַלן דורכקוק פֿון דער יאַכט־שיף, ווען ער האָט דורכגעשפּאַצירט איבער דער טיף פֿונעם טריום, ווען ער איז געווען אין דער מאַשין־אָפּטיילונג, ווו ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער צאָל הייצוואַרג, וואָס די מאַשין פֿאָדערט, וועגן איר מעכטיקײַט, און דערנאָך, ווען ער האָט באַקוקט די קוילן־גריבער, די שפּײַכלערס, די קאַיוט־קאַמער, — ערשט דאָ האָט ער מיטאַמאָל געביטן זײַן מיינונג. ער האָט זיך אויך שטאַרק פֿאַרינטערעסירט מיטן געווער־לאַגער און מיטן האַרמאַט, וואָס איז געשטאַנען אַפֿן שפּיץ פֿון דער שיף. ענדלעך האָט אײַרטאָן פֿאַרענדיקט דאָס באַקוקן זײַנס באַם דורכקאָנטראָלירן די מאַסטבײמער, דעם טאַקעלאַזש און די שטריק־געצײַגן.

— אַ שיינהײַט איז עס, ניט קיין יאַכט־שיף! — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטאָן.

— און דערצו זייער אַ גוטע גייערן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפֿערט.

— וויפֿל באַטרעפֿט איר וואַסער־אויסדריקונג?

— צוויי הונדערט מיט צען טאָן.

— איך מיין, אַז איך וועל קיין טעות ניט האָבן, אויב כ'וועל זאָגן, אַז „דונקאַן״ מוז דורכמאַכן וואַסערע פּופֿצן קנופּן אונטערן פֿולן דאַמף, — האָט זיך אײַרטאָן אָנגערופֿן.

— איר מעגט זאָגן אַלע זיבעצן, — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן באַמערקט, — און דאַן וועט איר שוין טאַקע געוויס קיין טעות ניט האָבן!

— זיבעצן! — האָט דער געוועזענער באָצמאַן אויסגערופֿן. — נו, אויב אַזוי, איז דאָך אַפֿילו קיין קריג־שיף ניט אימשטאַנד אָנצויאָגן אײַער „דונקאַנען״?

— פֿאַרשטייט זיך, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט, — „דונקאַן״ איז אַן עמעסע יאָג־שיף, און איך ווייס ניט די צווייטע שיף, וואָס זאָל קענען קאָנקורירן מיט איר אין זינען פֿון שנעלקײַט.

— אפילע אונטער די זעגלען? — האָט איירטאָן א פרעג געטאָן.
— אפילע אונטער די זעגלען.
— אויב אזוי, קען איך אייך באגריסן, מיסטער גלענארוואן, און אייך, הער קאפיטאן. — און דערקענט האָט מען, אז דאָס איז א באגריסונג פון א יאם־מענטש, וואָס פארשטייט אין די זאכן טאקע גאנץ היפש.
— א דאנק אייך, איירטאָן, — האָט מיסטער גלענארוואן געענטפערט, — אויב איך ווילט זיך נאָר, קענט איר פארבלייבן מיט אונדז, און דידאָזיקע שיף וועט ווערן ניט נאָר אונדזערע, נאָר אויך אייערע.
— מע וועט דארפן א קלער טאָן וועגן דעם, סער, — האָט דער באָצמאַן פּאָשעט געענטפערט.
אין דער אָ רגע האָט מיסטער אָלבינעט געמאָלדן, אז דער טיש איז שוין געגרייט, און מיסטער גלענארוואן האָט איינגעלאדן די געסט, מע זאָל גיין אלע אין קאיוט־קאָמפּאניע אריין.
— דערדאָזיקער איירטאָן שיינט מיר צו זיין זייער א קלוגער מאן, — האָט פּאגאנעל שטיל א זאָג געטאָן צום מאיאָר.
— שוין אפילע צו א קלוגער, — האָט מאק־נאבס א בורטשע געטאָן... ווער ווייסט אים, דעם מאיאָר, פארוואָס ס'איז אים ניט געפעלן געוואָרן דעם באָצמאנס האלטן זיך און זיין ארט אויסדריקן זיך.
בשעת טיש האָט איירטאָן דערציילט אינטערעסאנטע איינצלהייטן וועגן דעם אווסטראלישן קאָנטינענט, וועלכן ער האָט אויסגעצייכנט געקענט. אגעוו, האָט ער א פרעג געטאָן, וויפל מאטראָסן גלענארוואן נעמט מיט זיך מיט אין דער עקספּעדיציע, און בעשאס ער האָט זיך דערוווּסט, אז פון די מאטראָסן גייען מיט בלויז צוויי, האָט ער זיך גאָר פארכידעשט. ער האָט געהייסן גלענארוואנען איינצושליסן אינעם באשטאנד פון דער עקספּעדיציע נאָך עטלעכע מענטשן, די בעסטע פון די מאטראָסן. דערויף איז איירטאָן באשטאנען מיט אזא מין איבערצייגטקייט, אז אפילע דער מאיאָר האָט מערער אָנגעהויבן האלטן פון איירטאָנען.
— איך פארשטיי ניט, איר זאָגט דאָך אלע, אז די רייזע איבער דאָרעמ־אויסטראליע איז אינגאנצן פריי פון געפאר? — האָט מיסטער גלענארוואן דער־ווידערט.
— טאקע אינגאנצן פריי, — האָט איירטאָן גלייך באשטעטיקט.
— אויב אזוי, דארפן מיר איבערלאָזן אפ „דונקאנען" וואָס מערער מענטשן, ווייל אין דער צייט פון דער זעגל־שיפונג און אין דער צייט פונעם רעמאָנט וועט מען זיך אין זיי דאָרטן מערער נויטיקן. פאר אונדז איז איצט וויכטיקער פון אלץ צו באוואָרענען פאר „דונקאנען" די מעגלעכקייט צו קענען אָנקומען צום צוזאמענטרעפונג־אָרט פונקט אינעם אָנגעמערקטן טערמין. דערום וועלן מיר טאקע דאָרט איבערלאָזן די גאנצע מאנשאפט.
קענטיק, אז אָט דעם מאָטיוו האָט אויך איירטאָן געמוזט אָנעמען, אזוי, אז ער האָט שוין מער ניט גערעדט וועגן דעם.

אז ס'האָט אָנגעהויבנ נאכט ווערנ, האָבנ די אירלענדער זיכ געזעגנט מיט די שאָטלענדער. איירטאָנ האָט זיכ אויכ אומגעקערט צוזאמענ מיט דער פאַמיליע אָ'מור. מע האָט געדארפט זענ, אז די בויד, די פערד אונ די אָקסנ זאָלנ זײַנ קאיאָר גרייט צו דער רײַזע. ווײַל מע האָט אָפגערעדט, אז מע פאָרט אָפּ אכט אזייגער אינדערפרי.

מיסיס עלענ אונ מיס מערי האָבנ צונויפגעקליבנ זייער באגאזש, וועלכנ זיי האָבנ געדארפט מיטנעמענ אינ וועג ארײַנ. דידאָזיקע צוגרייטונגענ בא די פרויענ האָבנ גראדע זייער ווינציק געדויערט אונ דאָס קענ מענ זאָגנ אפ געוויס, אז די פרויענ זײַנענ פארטיק געוואָרנ מיט זייערע צוגרייטונגענ אסאכ גיכער, ווי זשאק פאגאנעל מיט זײַנע. יענער האָט אינ דערדאָזיקער נאכט געפּאטערט היפּשע שאָענ לעמ זײַנ קוק־רער, וואָס ער האָט געהאלטנ אינ איינ פאנאנדערשרויפנ, אויסרייניקנ, אונ ווידעראמאָל צונויפשרויפנ אירע באזונדערע טיילנ. אונ דערום טאקע איז דער געלערנטער נאָכ געשלאָפנ דאנ, ווענ אלע זײַנענ שוינ געווענ אפ די פיס, אונ דער מאיאָר האָט געהאט אנ ארבעט אימ גיינ וועקנ.

דעמ וויכטיקסטנ טייל פונעמ באגאזש האָט דזשאָנ מאנגלס נעכטנ אָפּגעשיקט אפ דער פערמע. דאָס שיפל האָט שוינ געווארט אפ די רײַזנדער, לעמ טראפ, אונ יענע האָבנ זיכ ניט געלאָזט לאנג בעטנ אונ האָבנ אלע דאָרטנ פארנומענ זייערע פלעצער. דער יונגער קאפיטאנ האָט אָפּגעגעבנ טאָמ אאוסטינענ די לעצטע פאראָרדענונגענ.

פארנ געזעגענענ זיכ האָט ער אימ נאָכאמאָל אָנגעזאָגט, אז ער זאָל ווארטנ אינ מעלבורנ אפ מיסטער גלענארוואנס שריפטלעכנ באפעל אונ גלײַכ ווי ער וועט דעמדאָזיקנ באפעל באקומענ, זאָל ער אימ אפנ פינקטלעכסטנ אויפנ אויספילנ אונ ניט אָפּטרעטנ פונ אימ אפ קיינ האָר.

דער אלטער יאמ־מענטש האָט פארזיכערט דזשאָנ מאנגלסנ, אז יענער זאָל זיכ אפ אימ פארלאָזנ, ווי אפ זיכ אליינ. אינ נאָמענ פונ דער גאנצער מאַנשאפט האָט ער געווונטשנ די אָפּפאָרנדיקע א גליקלעכנ וועג, אונ דאָס שיפל איז בא הויכע אורא־אויסגעשרייענ אָפּגעשטיגנ פונ „דונקאנס" באָרט. אינ צענ מינוט ארומ איז עס שוינ געווענ באמ ברעג. נאָכ אינ פופצנ מינוט ארומ זײַנענ שוינ די רײַזנדער געווענ לעמ די טויערנ פונ פאדי אָ'מורס פערמע.

אלצ איז שוינ געווענ גרייט צומ אָפּפאָרנ. מיסיס עלענ איז געווענ אנטציקט פונעמ צימערל, וואָס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרנ אינ דער בויד. דערצו האָט בא איר זייער אויסגענומענ די גאנצע גרייס פונעמ שאראבאנ מיט זײַנע דורכויסיק הילצערנע רעדער אונ מיט די מאסיווע אָקסנ. די זעקס אָקסנ, וואָס זײַנענ געשטאנענ אינעמ געשפאנ אונ האָבנ זיכ רויִק דערקײַט די זשויקע, האָבנ צוגעגעבנ דעמדאָזיקנ פארצײַטיקנ „נויעכס־קאסטנ" א פאטריארכאלנ אויסזענ. איירטאָנ האָט געהאלטנ אינ די הענט דעמ שפּיציקנ לאנגנ שטעקנ. ער איז שוינ געזעסנ אפ דער קעלניע אונ געווארט אפ די באפעלנ פונ זײַנ נײַעמ באלעבאָס.

— צו אלדערוכעס! — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן,— דאָס איז דאָך אַן אויסגעצייכנטער עקיפּאַזש, בעסער פון אלע איירָאָפּייִשע דיליזשאַנסן. לויט מײַן מיינונג, מוז עס זײַן דער סאמע אנגענעמענסטער פארקער־מיטל, קיין בעסערס פון דעם איז גאָר אפ דער וועלט — ניטאָ. אָט זאָגט אליין: א שטוב, וואָס קײַקלט זיך אפ רעדער און קען זיך אָפּשטעלן אומעטום, ווו סע פאר־ווילט זיך אײַך נאָר. קען דען זײַן עפּעס בעסערס פון דעם?

— הער פאגאנעל,— האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן.— איך האָף, אז איר וועט אונדז אָנטאָן דעם קאָוועד און איר וועט אָפּט באזוכן דעם סאלאָן אונדזערן.

— וואָס פארא פראַגע, מיסיס! — האָט דער געלערנטער גאלאנט א מאך געטאָן מיט דער האנט.— איך וועל עס האלטן פאר א באזונדער ערע. איר האָט שוין אָנגעמערקט אײַער זשורפיקס*?

— פאר מײַנע פרײַנטס וועגן בין איך קעסיידער אינדערהיים,— האָט מיסיס עלען געענטפערט מיט א געלעכטער,— און איר זײַנט דאָך...

— דער סאמע איבערגעגעבנסטער פון אײַערע פרײַנט,— האָט דער גע־אָגראפ אונטערגעכאפּט.

דאָ אפ די רייד איז אָנגעקומען איינער פון פאדי אָ'מורס זין און גע־בראכט די זיבן אײַנגעצוימטע און אָנגעזאָטלטע פערד.

גלענארוואן האָט באצאָלט דעם אירלענדער פאר אלץ, וואָס די עקספּע־דיציע האָט בא אים גענומען, און דערצו האָט ער נאָך צוגעגעבן עטלעכע בא־דאנקונגס־ווערטער, וואָס זײַנען געווען דעם אירלענדער צום הארצן ניט ווייניקער פון די גינייעס**.

דערנאָך האָט מיסטער גלענארוואן געגעבן א סיגנאל צום אָפּפאָרן. מיסיס עלען און מיס מערי האָבן פארנומען זייערע ערטער אין זייער אָפּטיילונג. אײַרטאָן איז געזעסן אפ דער קעלניע, און אָלבינעט — אין דער באגאזש־אָפּטיי־לונג פון דער בויד.

גלענארוואן, דער מאיאָר, פאגאנעל, ראָבערט, דזשאָן מאנגלס, ווילסאָן און מיולרעדי האָבן אין זייער פולער באוואָפנטקייט זיך ארופגעכאפּט אפ די זאָטלען. פאדי אָ'מור און זײַן געזינד האָבן געווונטשן איטלעכן א גליקלעכן וועג. אײַרטאָן האָט עפּעס אפ א באזונדער מאָדנעם אופן אויסגעשריגן צו די אָקסן און האָט דערלאנגט א פיק דער פאָר אָקסן, וואָס איז געשטאנען נע־ענטער־צו אים, מיט זײַן לאנגן שפּיציקן שטעקן, און די בויד האָט גערירט פון אָרט. די אקסן אירע האָבן זיך צעסקריפּעט, די רעדער האָבן זיך צע־טרישטשעט און אינגיכן איז דאָס גאסטפרײַנטלעכע הויז פונעם ערלעכן אירלענדער באם נאָענטסטן אָפּקער־פונקט פארשוווּנדן געוואָרן.

---

* זשורפיקס — דער אופנעם-טאָג.

** גינייע — אַן ענגלישע גאָלדענע מאטבייע.

## נײַנטע קאַפּיטל

# די פּראָווינץ וויקטאָריא

ס'איז אָנגעקומען דער טאָג פונעם 23־טן דעקאַבער 1864־טן יאָר. דעמזעלביקן דעקאַבער, ווען ס'איז אויף צאָפנדיקן האַלבקײַלעך קעסיידער קאַלנאַס און שלעכט, וואָלט מען דאַרפן דאָ אָנרופן ניט דעקאַבער, נאָר יוני. דער אַסטראָנאָמישער זומער איז שוין אַהערצו, אויפן דאָרעמדיקן האַלבקײַלעך אָנגעקומען נאָך מיט צוויי טעג צוריק. דעם 21־טן דעקאַבער האָט די זון דערלאַנגט צום טראָפּיק קאָזעראָגאַ, און פונעם דאָזיקן מאָמענט אָן האָבן שוין די טעג אָנגעהויבן קלענער ווערן.

אַזוי אַרום, וועט שוין אויסקומען מיסטער גלענאַרוואַנס עקספּעדיציע צו רײַזן אין דער סאַמע הייסער צײַט פון יאָר אונטער די טראָפּישע זונשטראַלן.

די צונויפגעפאַרייניקטע ענגלישע ווירטשאַפטן אין דעם אָ טייל פונעם שטילן אָקעאַן ווערן אָנגערופן אַווסטראַלאַזיע. אַהערצו גייען אַרײַן נײַ־האָלאַנד, טאַסמאַניע, נײַ־זעלאַנד און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינדזלען. דער אַווסטראַלישער קאָנטינענט גופא איז אינעם אַדמיניסטראַטיוון זין פאַנאַנדערגעטיילט אויף עטלעכע קאָלאָניעס, וואָס זײַנען פאַרשיידן צווישן זיך סײַ לויט דעם שטעך, סײַ לויט זייער באַדײַט.

צום גליק, גייט די 37־טע פּאַראַלעל דורך אָן אַ זײַט פון די קאָלאָסאַלע וויניקצוטריטבאַרע וויסטעס, וואָס האָבן שוין אָפּגעקאָסט דער וויסנשאַפט גאַנץ היפּש קאָרבאָנעס. גלענאַרוואַנס עקספּעדיציע וואָלט אַבסאָליוט ניט געווען אימשטאַנד זיי איבערצוהאַקן. אָבער אונדזערע רײַזנדער האָבן איצט פאַר זיך געהאַט אַ גרינגערע אויפגאַבע — דורכצוהאַקן בלויז דעם שמאָלן צונג פון דער פּראָווינץ דאָרעמדיקע אַווסטראַליע, די גאַנצע ברייט פון דער פּראָווינץ וויקטאָריא און, ענדלעך, איבערהאַקן דעם שפּיץ פונעם איבערגעקערטן דרײַעק פון דער פּראָווינץ „נײַער דאָרעמדיקער אויעלס".

פונעם קאַפּ בערנוילי ביז די גרענעצן פון וויקטאָריא איז אינגאַנצן געווען צוויי און זעכציק מײַל, דאָס הייסט, ניט מער ווי צוויי טעג גאַנג. דערום האָט אײַרטאָן פאָרגעלייגט, מע זאָל איבערנעכטיקן דעם קומענדיקן אָוונט אין דער שטאָט עפּלי. דאָס איז די סאַמע מײַרעוודיקע שטאָט פון דער פּראָווינץ וויקטאָריא.

די פערד זײַנען דאָ געלאָפן זייער גיך, אָבער מע האָט זיך מיט דעם ניט געטאָרט באַנוצן: ערשטנס, צוליב דעם, וואָס דער מאַרש איז פונדעסטוועגן אַ ווײַטער, דאַרף מען אָפּהיטן די פערדס געזונט; צווייטנס, פאָרט דאָך די בויד געשפּאַנט מיט אָקסן, און די בויד — דאָס איז דאָס האַרץ פון דער גאַנצער עקספּעדיציע, סײַ אין זינען פון די פּאַסאַזשירן, סײַ אין זינען פונעם געווער מיט די שפּײַז־פּראָדוקטן, וואָס געפינען זיך דאָרטן, דערום האָט מען געמוזט די פערדלעך אײַנהאַלטן און פאָרן פּאַמעלעכן באַנאַנד מיט דער בויד.

דער איבערגאַנג דורך דעם דאָרעמדיקן טייל אויסטראַליע האָט מיט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט קיין איבעריקן אינטערעס. רייען ניט קיין הויכע שטויביקע בערגלעך, אומענדלעכע ראַכוועסן מיט הוילע פּליינען, וואָס ווערן דאָ אָנגערופן „בושן", ענדלעך — זעלטענע פּריירים, וואָס זײַנען באַוואַקסן מיט ניט קיין הויכע קוסטן־ביימער — קוסטן מיט געזאַלצענע שטעכיקע בלעטלעך, וואָס די שאָף האָבן דאָ זייער ליב אַרומצוהריזען. אָפּט האָבן זיך דאָ באַגעגנט טשערעדעס שאָף פֿון אַ באַזונדער אויסטראַלישער ראַסע מיט כאַזערשע פּיסקעס.

ביז אַהער האָט זיך די היגע געגנט ווינציק־וואָס אָפּגעטיילט פֿון די אַרגענטינישע פּאַמפּאַסן, דער באָדן איז געווען פּונקט אַזוי גראָזיק און גלאַט, דער האָריזאָנט פּונקט אַזוי ווײַט. און מאַק־נאַבס האָט געהאַלטן אין איין טײַנען, אַז זיי געפֿינען זיך נאָך אַלץ אין אַמעריקע, אָבער פּאַגאַנעל האָט איטלעכן פֿאַרזיכערט, אַז אָט־אָ גאָר אינגיכן וועט זיך דער פּייזאַזש אינגאַנצן ענדערן, און זיי וועלן דערזען פֿאַר זיך עמעסע וווּנדער. דעם געלערנטן האָט דער אוילעם, פֿאַרשטייט זיך, געגלויבט און מע האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די צוגעזאָגטע וווּנדער.

אַרום דרײַ אַזייגער נאָך האַלבן טאָג האָט דער אָטריאַד איבערגעהאַקט אַ ברייטן פּליין, אויף וועלכן ס'איז ניט געווען צו געפֿינען אַפֿילע קיין איין קוסט. דערדאָזיקער פּליין האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער מאָסקיטן־טאָל", — און דער נאָמען האָט אים גאַנץ גוט געפּאַסט. די רײַזנדער און די באַלעבאַטים האָבן זיך דאָ זייער שטאַרק אָנגעליטן פֿון דידאָזיקע צווייפֿליגלדיקע. זיך פֿאַרשטעלן פֿון זיי איז גאָרניט געווען שײַעך. ס'איז געבליבן נאָר איין אייצע — אָנשמירן די הויט בײַ די געליטענע מיט נאַשאַטיר.

פּאַגאַנעל פֿלעג אַלעמאָל כאַפּן אַ קוק צו דער בויד. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין זידלען און אָפּשיקן צו אַלדערוכעס אָט די אַכזאָריעסדיקע אינזעקטן, וואָס האַלטן אין איין בײַסן אומבאַראַכמאָנעסדיק זײַן לאַנגן אומגעלומפּערטן קערפּער.

צו אָוונט־צו האָט זיך דער אויסזעען פֿונעם פּליין געביטן, ס'האָט זיך באַוויזן אַ וועלדל מיט אַקאַציע־ביימער, עטלעכע גרופּעס ווײַסע גומי־ביימער און באַזונדערע ביימער פֿון אייראָפּייִשן אָפּשטאַם, אייל־בירט־ביימער, ציטרינען־ביימער און גרינע דעמבן. ענדלעך האָבן זיך פֿונדערווײַטנס באַוויזן הויכע פּאַרקנס, און צו אַכט אַזייגער אינאָוונט איז שוין דער אָטריאַד אָנגעקומען צו דער סטאַנציע רעד־גום.

מיטן נאָמען סטאַנציעס ווערן אין אויסטראַליע אָנגערופֿן די פּיציכטלערישעווירטשאַפֿטן, וווּ מע ציט אויף די יונגפֿי. ווי באַוווּסט, איז פֿי די הויפּט־רײַכקײַט פֿון אויסטראַליע. די פּיציכטלער ווערן דאָ אָנגערופֿן „סקוואַטערס" — „מענטשן, וואָס זיצן אויף דער ערד". און אינעמעסן, נעמט דאָ יעדער קאָלאָניסט אָן גערן דידאָזיקע פּאָזע נאָך דעם, ווי ער מידט זיך אײַן פֿון די וואַנדערונגען איבער די אומענדלעכע ראַכוועסן.

די סטאַנציע רעד־גום איז געווען אַ קליינינקע און אַן אומבאַדײַטנדיקע,

אָבער דאָך האָט מען מיסטער גלענארוואַנס אָטריאַד דאָרטן אויפגענומען אַפּן סאַמע העפלעכסטן אויפן. אין דידאָזיקע איינזאַם־שטייענדיקע הײַזער איז דער טיש קעסיידער געגרייט פאַר די דורכגייערס־וועגן און יעדערן פון זיי באַגעגנט דער קאָלאָניסט־אויסטראַלייער, ווי דעם ליבסטן גאַסט.

אַפּ מאָרגן האָט איירטאָן געשפאַנט די אָקסן, ווי ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן שאַרײַען. אים האָט זיך געוואָלט, אַז מע זאָל זיך ביזן אָוונט דערקלײַבן צו די גרענעצן פון וויקט[ו]ריאַ.

אין דעם אָ טאָג איז שוין דער רעליעף פון דער געגנט ניט געווען אַזוי פלאַך, ווי פריִער, די ערד האָט זיך אַ הויקער געטאָן אין עטלעכע ערטער מיט רייען הויכע בערגלעך, וואָס זײַנען געווען באַזייט מיט רויטן זאַמד; פונווײַטנס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט אַ רויטער טוך באַשפּרייט די ערד און זיך געפאַלדעוועט אונטערן ווינט. עטלעכע מאָל — דאָס זײַנען הי־קאַנטיקע סאָסנעס מיט שלאַנקע און גלאַטע שטאַמען — האָבן געשפּרייט זייערע גרינע צווײַגן איבער די געדיכטע גראָזן פון די פּריִירים, וווּ ס׳האָבן געשטיפּט פרייליכע קאָמפּאַניעס שפּרינג־האָזן. שפּעטער־צו האָבן זיך גענומען באַגעגענען ברייטע ראַכוועסן, באַדעקטע מיט קוסטן־ביימלעך און מיט יונגע גומי־ביימער. ווײַטער־צו האָבן זיך באַזונדערע גרופּעס ביימער אויסגעמישט צווישן זיך, די קוסטן־ביימלעך האָבן אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַר די ביימער, און די רײַזנדער האָבן זיך באַקאָנט מיטן ערשטן מוסטער פון די אויסטראַלישע וועלדער.

וואָס מער זיי האָבן זיך גענומען דערנעענטערן צו די גרענעצן פון דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ, אַלץ מ[ע]ר האָט זיך די לאַנדשאַפט גענומען ענדערן. די רײַזנדער האָבן איצט געטראָטן איבער ניט קיין געריטער ערד. זיי זײַנען קעסיידער געגאַנגען מיט אַ גראַדער ליניע, ניט אָפּקערעוועדיק לעם די בערג און ניט אָפּטרעטנדיק פאַר די וועלדער; זיי האָבן פּעסט געדענקט די ערשטע געאָמעטרישע טעאָרעמע: די גראַדע־ליניע — דאָס איז דער סאַמע קירצסטער אָפּשטאַנד צווישן צוויי פּונקטן. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט ניט פאַר קיין מידקײַט און ניט פאַר קיין שוועריקײַטן.

אַזוי אַרום, זײַנען זיי אין מעשך פון צוויי טאָג אָפּגעגאַנגען זעכציק מײַל. דעם 23־טן דעקאַבער אינאָוונט איז דער קאַראַוואַן אָנגעקומען קיין עפּלי, דאָס איז די ערשטע שטאָט פון דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ אינעם ווימער־רעה קרײַז אונטער 141־טן גראַד געאָגראַפישער לענג.

די בויד איז פאַרפאָרן צום אײַנפאָר־הויף, וואָס האָט געטראָגן דעם שרײַענדיקן נאָמען „קרוינישער גאַסט־הויז״.

אַפּ אָוונט־ברויט האָט מען די רײַזנדער פאַרגעלייגט בלויז שעפּסן־פלייש. ניט געקוקט אַפּ דער באַשיידנקײַט פון דעם מעניו, האָבן זיך דאָך אַלע צוגעכאַפּט צום אָוונט־ברויט מיט גרויס כיישעק, און געשמועסט האָט דער אוילעם צווישן זיך נאָך מער ווי געגעסן. די רײַזנדער האָבן געוואָלט אָנשעפּן וואָס מערער ידיִעס וועגן די באַזונדערקײַטן פונעם דאָזיקן אויסטראַלישן קאָנטינענט און זיי האָבן געהאַלטן אין איין אָפּשיטן דעם געלערנטן מיט פראַגן.

דער געאָגראַפֿ איז אָבער געווען אַזאַ, וואָס מע האָט אים פֿאַרשפּאָרט צוויי מאָל בעטן. ער האָט זיך געגעבן געשטעלט מיט אַלץ, וואָס ער האָט נאָך געוווּסט וועגן דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ, וואָס ווערט נאָך אויך אָנגערופֿן מיטן נאָמען „די גליקלעכע אויסטראַליע".

— דאָס איז, אַגעוו, ניט קיין ריכטיקער נאָמען,— האָט דער געאָגראַפֿ באַמערקט,— ס'וואָלט געווען אַסאַך ריכטיקער, ווען מע רופֿט אָן דידאָזיקע פּראָווינץ די רײַכע אויסטראַליע, וואָרום מיט לענדער קומט דאָך פּונקט דאָס־זעלבע, וואָס מיט מענטשן — רײַכקייט אַליין איז נאָך ניט אימשטאַנד צו געבן קיין גליק. די רײַכע גאָלד־גרובנס אין אויסטראַליע האָבן צוגעצויגן אַהער גאַנצע מענגעס אַוואַנטיוריסטן, וואָס זײַנען אַכזאָריעסדיק און גלײַכגילטיק צו אַלץ, אויסער גאָלד.

— ווי לאַנג איז שוין אין דעם, אַז די פּראָווינץ וויקטאָריאַ איז אויסגעבילדעט געוואָרן? — האָט מיסיס עלען אַ פֿרעג געטאָן.

— דרײַסיק יאָר אינגאַנצן. דאָס איז פֿאָרגעקומען דעם 6־טן יוני 1835־טן יאָר, דינסטיק ...

— פֿינף און פֿערציק מיט אַ האַלבער מינוט אָפּ אַכט, טכּלעס אָוונט,— האָט דער מאַיאָר מאַק־נאַבס אונטערגעכאַפּט, וואָרום ער האָט, ווי זײַן שטייגער איז, קעסיידער ליב געהאַט זיך אַ רייצ טאָן מיט פּאַגאַנעלן און מאַכן דערבײַ אַן אויסזען, אַז ער איז ניט איבעריק אײַנגעגלויבט אין דער פּינקטלעכקייט פֿון די דאַטעס, וואָס יענער גיט אָן.

— ניין, נאָר צען מינוט אָפּ אַכט,— האָט דער זעלערנטער גאַנץ ערנסט געענטפֿערט,— פּונקט אין דערדאָזיקער מינוט האָבן בעטמאַן מיט פֿאַלקנערן געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַרן יִשובֿ פּאָרט־פֿיליפּ אָפּן ברעג פֿון דערזעלביקער בוכטע, וווּ סע געפֿינט זיך איצט די גרויסע שטאָט מעלבורן. אין משך פֿון די ווײַטערדיקע פֿופֿצן יאָר איז דידאָזיקע קאָלאָניע נאָך געהאַט אַרײַנגעגאַנגען אינעם באַשטאַנד פֿון דער פּראָווינץ נײַ דאָרעם־אוועלס, אָבער אין 1851־טן יאָר איז זי שוין אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ זעלבשטענדיקן אַדמיניסטראַטיוון איינס און האָט באַקומען דעם נאָמען — די פּראָווינץ וויקטאָריאַ.

— און פֿון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן איר פֿאַנאַנדערבלי? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— דאָס קענט איר שוין, ליבער פֿרײַנט, אַליין אורטיילן,— האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.— איך וועל אײַך באַלד אויסרעכענען די סטאַטיסטישע געגעבענע וועגן דערדאָזיקער פּראָגע און ווי מאַק־נאַבס זאָל דאָרט ניט וועלן, זײַנען דידאָזיקע ציפֿערן פֿאַר מיר די בעסטע איידעס.

— ביטע, ביטע, הער פּאַגאַנעל, ווער זאָגט דען,— האָט דער מאַיאָר דערמוטיקנדיק זיך אָנגערופֿן.

— איז אָט האָט איר: אין 1876־טן יאָר האָט די קאָלאָניע פּאָרט־פֿיליפּ געציילט צוויי הונדערט פֿיר און פֿערציק אײַנוווינער. איצט געפֿינען זיך אין דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ פֿינף הונדערט פֿופֿציק טויזנט מאַן. זיבן מיליאָן

קוואדראט פוס ווײַנגערטנער טראָגן אַרײַן יעדעס יאָר הונדערט מיט איינס און צוואנציק טויזנט באַלאָגנע ווײַן; הונדערט דרײַ טויזנט פערד פּאַשען זיך אָפּ די ראַכוועסדיקע פיסטער־פּלעצער פון דער פּראָווינץ צוזאַמען מיט די זעקס הונדערט פינף און זיבעציק טויזנט צוויי הונדערט צוויי און זיבעציק קעפּ גרויסס.

— איך האָב געהערט, אַז כאָזער־צוכט איז דאָ אויך זייער שטאַרק אַנט־וויקלט? — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן.

— יאָ, הער מאַיאָר, אויב איר וועט נאָר דערלויבן, קען איך אײַך זאָגן, אַז דאָ געפינען זיך נײַן און זיבעציק טויזנט זעקס הונדערט פינף און צוואַנציק כאַזיירים.

— און שפּעטן?

— זיבן מיליאָן הונדערט פופצן טויזנט נײַן הונדערט דרײַ און פערציק, ליבער מאַק־נאַבס.

— אַרײַנרעכענענדיק אויך דעם, וואָס מיר עסן איצטער, ליבער פּאַגאַנעל?

— ניין, דעמדאָזיקן קען מען שוין ניט רעכענען, דערפאַר, וואָס דרײַ פערטל פון אים האָט מען שוין אויפגעגעסן.

— בראַוואָ, פּאַגאַנעל! — האָט מיסיס עלען אים גענומען פליעסקען און לאַכן בעײַסמײַסע פון דעם געלערנטנס שאַרפזין. — אײַערע אויסערגעוויינלעכע קענטעניש אין געאָגראַפיע האָבן דאָך צו זיך ניט קיין גלײַכן, און וויפל דער קוזין אונדזערער, מאַק־נאַבס, זאָל זיך ניט באַמיִען, וועט זיך אים דאָך ניט אײַנגעבן אײַך צו כאַפּן אין קיין גרײַז.

— טײַערע מיסיס עלען, וויסן אַלצדינג דאָס איז דאָך מײַן פּראָפעסיע... נו, און איצט וועט איר שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב אײַך געזאָגט, אַז דאָסדאָזיקע וואונדערלעכע לאַנד גרייט פאַר אונדז אָן אַ שיר סורפּריזן.

— אָבער פאַרוואָס זעט מען זיי ניט... — האָט דער מאַיאָר אָנגעהויבן מיט זײַן קעסיידערדיקן טאָן. אים האָט זיך, ווײַזט אויס, געוואָלט אונטערהיצן דעם געאָגראַף, אַז יענער זאָל זיך ווײַטער נעמען צום דערציילן.

— איך האָב אײַך גאָרניט געקענט פאַר אַזאַ אומגעדולדיקן מענטש, הער מאַיאָר! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן. — וואָס האָט איר אַזוי קיין צײַט ניט? ס'איז דאָך ערשט דער צווייטער טאָג, אַז איר געפינט זיך אָפּ דערדאָזיקער טעריטאָריע און איר וואָלט שוין אַזוי גיך וועלן אַלצדינג זען. גלויבט מיר, איך זאָג עס אײַך מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דידאָזיקע ווערטער, אַז דאָסדאָזיקע לאַנד איז דאָס סאַמע ציקאַוועסטע אָפּן גאַנצן ערד־קײַלעך. זײַן אַנטשטייונג, זײַן נאַטור, זײַן פּראָדוקציע, זײַן קלימאַט — אַלץ מיט אַ אַנדער האָט געוווּנדערט, וווּנדערט איצט און וועט נאָך לאַנג, לאַנג וווּנדערן די געלערנטע פון דער גאַנצער וועלט. שטעלט זיך פאָר, מײַנע פרײַנט, אַ קאָנטינענט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פונעם יאַמישן גרונט אַן אַרומגערינגלטער מיט אַן אייגנאַרטיקן גיגאַנטישן רינג פון געבערגלטקײַטן אַרום זײַנע ברעגן. פאַרגעדענקט, וואָס איך זאָג אײַך, אַרום די ברעגן און

ניט אין צענטער! א קאָנטינענט, וואָס אנטהאלט, קען זיין, אין זיין צענטראלן טייל א העלפט פונעם אויסגעדראָמפטן יאם; א קאָנטינענט, וואָס די טייכן זיינע ווערן פון טאָג צו טאָג אלץ מער אויסגעטריקנט; א קאָנטינענט, וואָס ווייסט ניט פון קיין פייכטקייט ניט אין דער אטמאָספער און ניט אינעם באָדן; ווו פון די ביימער פאלט אלע יאָר אראָפּ די קאָרע און ניט די בלעטער; ווו די בלעטער וואקסן מיטן ראנד צו דער זון און גיבן ניט קיין שאָטן; ווו דער בוים טויג אָפּט ניט צום ברענען; ווו די מאסיווע שטיינער ווערן געגאנגענע אונטערן רעגן; ווו די וועלדער וואקסן נידעריק, און די גראָזן דערגרייכן א גיגאנטישע הייך; ווו די פּירפּיסיקע האָבן שנאָבלען,— די נאטור־פאָרשער האָבן צוליב זיי געמוזט צוטראכטן א ספּעציעלן קלאס—קלאָאקן, אָדער די איינעפענונגדיקע*; ווו בא דער קענגורוע זיינען די פאָדערשטע און די הינטערשטע פיס ניט פון איין־און דערזעלבער לענג; ווו די שאָף האָבן כאזערשע פיסקעס; ווו די פיקסן שפּרינגען פון בוים צו בוים; ווו די שוואָמען זיינען שווארץ; ווו די מייז פלעכטן זיך אויס נעסטן,—א קאָנטינענט, ווו די פייגלען איבעראשן דעם באאָבאכטער מיט זייער פארשיידנ'יקער באפּעדערונג און שטימען־געקלאנג: איין פויגל קנאקט, ווי א בייטש באם אָנטרייבער פונעם פּאָסט־פּאַעטאָן; די צווייטע מאכט טיק־טאק אין קלאפּט אויס די רעגעס, ווי אן אומרו פון א וואנט־זייגער; די דריטע לאכט גאנצפרי, בעשאס די זון גייט אוף; די פערטע וויינט אינאָוונט, בעשאס די זון פארגייט. אך! דאָס איז דאָך ווירקלעך א ציקאוו לאנד, ווו אלץ שטייט אפּ די דיבעס, ווו די נאטור שטעלט זיך קעגן זיך גופא. ניט אומזיסט האָט דער געלערנטער גרימאר אין זיין באוווסטן ווערק וועגן געוויקסן געזאָגט וועגן דעמדאָזיקן לאנד אזוי: אווסטראליע—דאָס איז א לאנד פון פּאראָדיעס אף די וועלט־געזעצן, דאָסדאָזיקע לאנד איז א מין ארויסרופּ, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן דער גאנצער וועלט אנטקעגן.

פּאגאנעל האָט אויסגעשאָטן דידאָזיקע גאנצע טיראדע מיט דער גיכקייט פון א שנעל־צוג, וואָס מע האט געלאָזט אָן טאָרמאָזן. דער שיין־רעדנערישער סעקרעטאר פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט איז שוין ארויס פון די קיילים, ער האָט גערעדט, גערעדט, גערעדט און בעייסמייסע ווילד געפאָכעט מיט די הענט און מיטן גאָפּל, וואָס ער האָט בעהאלטן אין דער רעכטער האנט, אזוי, אז די שכיינים, וואָס זיינען געזעסן ארום אים, האָבן זיך געמוזט אָפּרוקן אביסל ווייטער, קעדיי זיי זאָלן בלייבן מיט גאנצע אויגן, אָבער אנטציקנדיקע אורא־אויסגעשרייען האָבן דאָך פארהילכט דעם סאָף פונעם געלערנטנס רעדע.

* פּאגאנעל מיינט דאָ די יעכידנע.

# צענטע קאַפּיטל

# דער טײַך ווימערע

אַף מאָרגן, דעם 24־טן דעקאַבער, האָט דער קאַראַוואַן קאַיאָר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די היץ איז שוין געווען גרויס, אָבער דאָך איז עס נאָך געווען צו דערלײַדן, דער וועג איז געווען גלאַט און גוט צום פֿאָרן. ביזן אָוונט איז דער קלײנינקער אָטריאַד דורכגעגאַנגען פֿינף און צוואַנציק מײַל און זיך אָפּגעשטעלט לעם די ברעגן פֿון דער ווײַסער אָזערע, וואָס דאָס וואַסער אירס איז אַביסל געזאַלצן און טויג ניט צום טרינקען.

זשאַק פּאַגאַנעל האָט געמוזט מודה זײַן, אַז די דאָזיקע אָזערע פֿאַרדינט אַזוי דעם נאָמען די „ווײַסע", פּונקט ווי דער שוואַרצער יאַם — דעם נאָמען דער „שוואַרצער", דער רויטער יאַם — דעם נאָמען „דער רויטער", דער געלער טײַך — דעם נאָמען „דער געלער", און ענדלעך, די בלויע בערג — דעם נאָמען „די בלויע".

מיסטער אָלבינעט האָט צוגעגרייט אָוונט־ברויט מיט זײַן קעסיידערדיקער פּינקטלעכקײַט. נאָכן אָוונט־ברויט האָט זיך דער אײלעם געלייגט שלאָפֿן, — ווער אין דער בויד און ווער אינעם בײַדל. זייער שלאָף איז געווען שטאַרק, ניט געקוקט אַפֿן געהויל פֿונעם דינגאָ, די היגע אויסטראַלישע שאַקאַלן.

פֿון דער דאָזיקער ווײַסער אָזערע און ווײַטער האָט זיך געשפּרייט אַ פּרעכטיקער טאָל, וואָס איז אינגאַנצן געווען באַזייט מיט בונטע כריזאַנטעמעס. פֿאַרטאָג, אַז מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, האָבן זיי ניט געקענט אײַנהאַלטן זייערע אַנטציקונג־אויסגעשרייען, דערזעענדיק די דאָזיקע וווּנדערלעך־שיינע לאַנדשאַפֿט, אָבער לאַנג זיך צו פֿאַרהאַלטן האָבן זיי ניט געהאַט צוליב וואָס און זיי האָבן זיך געלאָזט גלײַך אין וועג אַרײַן.

נאָך דעם, ווי די בויד איז אָפּגעפֿאָרן אַ וואָסערע צען מײַל דורך די דאָזיקע שיינע ערטער, האָבן זיי דערזען פֿאַר זיך אַסאַך אַקאַציע־און מימאָזן־קוסטן, ווי אויך ווײַסע גומי־ביימער.

דאָס געוויקסן־קעניגרײַך אין דעם דאָזיקן טאָל, וואָס ווערט באַוואַסערט פֿון אָן אַ שיר קוואַלן, האָט גרויס געדאַנקט דעם טאָגעדיקן באַלײַכטער און אים געענטפֿערט מיט אָן אַ שיר געדיכטן און זאַפֿטיקן גרינס פֿאַר זײַנע שעפֿעדיקע שטראַלן.

דערפֿאַר איז אין זינען פֿון באַלעכאָים די דאָזיקער קאַנט געווען אַסאַך אָרעמער, כאָטש דער מאַיאָר האָט דאָ אונטערגעשאָסן איין פֿויגל, וואָס האָט געהאַלטן פֿינף פֿוס די הייך. דער דאָזיקער פֿויגל איז געווען זייער בונט און שיין באַפֿעדערט, בײַ אים איז געווען אַ פּורפּור־בלויער קאָפּ, אַ גרינער האַלדז, אַ בלענדזנד־ווײַסע ברוסט און העליש־רויטע פֿיס.

די רײַזנדער זײַנען צוגעקומען צום 141 גראַד 30 מינוט לענג, אָבער ביז איצט איז זיי ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען אַפֿן וועג ניט קיין קאָלאָניסטן־

אַרבעטער און ניט קיין סקוואַטערס־פּיציכטלער. די געגנט איז קימאַט אינ־גאַנצן געווען פאַרלאָזט, קיין אָרטגעבוירטיקע האָט מען אויך ניט באַגעגנט, זייערע וואַנדער־שוואָטים שלעפּן זיך אום אַסאַך צאָפּנדיקער פונדאַנען, איבער די גרענעצלאָזע סטעפּעס, וואָס ווערן באַוואַסערט פון די צופלוסן צו די טייכן דאַרלינג און מיאָרע...

— אָבער דעמדראָזיקן טאָג האָט זיך איינגעגעבן גלענאַרוואַנען מיט זיינע מיטרייזנדער דערזען איינע פון יענע גראַנדיעזע טשערעדעס, וואָס די אָרטיקע ספּעקוליאַנטן טרייבן איבער פון די מיזרעכדיקע בערג צו די פּראָווינצן וויקטאָריאַ און דאָרעם־אויסטראַליע.

אַרום פיר אַזייגער נאָך האַלבן טאָג האָט דזשאָן מאַנגלס אָנגעוויזן די כאַוויירים זיינע אַף אַ גרויסן זייל שטויב, וואָס האָט זיך באַוויזן לעם האָריזאָנט. פונוואַנען האָט זיך גענומען אָט דידאָזיקע מאָדנע דערשיינונג? די לופט איז געווען פריי פון יעדער מין ווינט, און דער הימל — ריין. פּאַגאַנעל האָט זיך גענומען אויסדאַכטן, אַז דאָס איז אַ זאַמד־שטורעם, און ער האָט גענומען זוכן אַ באַרעכטיקטע דערקלערונג פאַר דעמדאָזיקן מין פענאָמען, אָבער איירטאָן האָט אים גיך באַרויקט, זאָל ער זיך ניט ברעכן דעם מויעך דאָס איז פּאַשעט אַ וואָלקן שטויב, וואָס אַ גרויסע גייענדיקע טשערעדע האָט אופגעהויבן.

און דער באַצמאַן האָט טאַקע ניט געגרייזט, דער זייל שטויב האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנעענטערן, און אינגיכן האָבן די רייזנדער דערהערט אַ פאַרטויבנדיקן כאָר פון הירזשענדיקע, מעקענדיקע און ריטשענדיקע שטימען, צו וועלכע ס'האָבן זיך נאָך צוגעמישט באַזונדערע מענטשישע אויסגעשרייען און שנײַדנדיקע פייפערייען.

פונעם כאַאָס האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ מענטש. דאָס איז געווען דער הויפּט־דורכפירער פון דערדאָזיקער אַרמיי פירפיסיקע. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך דערנעענטערט צו אים און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דערדאָזיקער דורכפירער איז דערווירט פון דערדאָזיקער גאַנצער טשערעדע. מע רופט אים סעם מיטשעל. ער גייט איצטער פון די מיזרעכדיקע פּראָווינצן און לאָזט זיך צו דער בוכטע פּאָרטלאַנד.

סעם מיטשעלס טשערעדע האָט געציילט צוועלף טויזנט זיבן הונדערט פינף קעפּ פי: טויזנט אָקסן, עלף טויזנט שעפּסן און זיבן הונדערט פינף פערד. דידאָזיקע אַלע באַלעבאַטים האָט ער אופגעקויפט מאָגערע, מאַמעש הויט און ביין, באַם צופוסנס פון די בלויע בערג, און איצט וויל ער זיי אויספּיטערן אַף די פעטע פּיטער־פּלעצער פון דער דאָרעמדיקער אויסטראַליע און אָנפאַרדינען דערופ גאַנצע בערג מיט געלט. עס איז געווען זייער אַ לוינבאַר געשעפט, אָבער וויפל געדולד און וויפל ענערגיע האָט זיך געפאָדערט מע זאָל איבערפּעקלען אַף אַזאַ גרויסן מעהאַלעך דידאָזיקע קאַפּריזע באַלעבאַטים!

דאָ האָבן די רייזנדער פאַרבראַכט מיט סעם מיטשעלן און דאָרטן איז זיך די טשערעדע געגאַנגען מיט איר וועג. ס'האָבן זי געפירט צוואַנציק

פאסטעכער מיט דרײַסיק הינט, אָבער אָט איז שוין געקומען די צײַט, ווען סעם מיטשעל דארף זיך אליין שטעלן אין דער שפיץ פון זײַן טשערעדע, קעדיי אויסצוקלײַבן דעם בעסטן פיטער־פלאַץ פאר זײַנע באַלעבאַטים. האָט ער זיך צעזעגנט מיט מיסטער גלענארוואנען און זיך ארופגעכאפט אף זײַן גוטן אָרטגעבוירטיקן פערד, וואָס איינער פון זײַנע באדינער האָט געפירט פארן צײַמל. דער טשערעדע־אייגנטימער האָט הארציק געדריקט די הענט אַלע בײַווײַזנדע און אין עטלעכע רעגעס ארום איז ער שוין פארשוווּנדן געוואָרן צווישן די וואָלקנס שטויב.

דער קאראוואַן האָט ווידער פאָרגעזעצט זײַן איבערגעריסענעם וועג און האָט זיך שוין מער ניט אָפּגעשטעלט קיין איין מאָל ביז דעם צופוסנט פון די טאַלבאָט־בערג.

אין מאָרגן, דעם 26־טן דעקאבער, איז ניט פאָרגעקומען קיין שום באַזונדערס. די רײַזנדער האָבן זיך דערקליבן ביז צו די נאָרטאָן־קריק־קוואַלן און אינגיכן האָבן זיי דערגרייכט דעם האַלב־אויסגעטריקנטן טײַך מעקענזי. דער וועטער איז געווען א פײַנער, די היץ — א דערטרעגלעכע, דער ווינט האָט געבלאָזן פון דאָרעם־זײַט און ארומגעפאָכעט דעם אוילעם, פונקט ווי דער צאָפנדיקער ווינט אפן צאָפנדיקן האַלב־קײַלעך.

פאגאנעל האָט דערוף געווענדעט די אופמערקזאמקײַט פון זײַן פרײַנט ראָבערט גראַנט.

— זעסט שוין, ווי סע גליקט אונדז, — האָט ער זיך אָנגערופן, — דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די מיטעלע טעמפעראטור איז אינעם דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך העכער ווי אינעם צאָפנדיקן.

— פארוואָס איז עס אזוי? — האָט דאָס יאַטל א פרעג געטאָן.

— דו פרעגסט, ראָבערט, פארוואָס? — האָט פאגאנעל געענטפערט, — ציַ דען האָסטו קיינמאָל ניט געהערט, אז ווינטער איז די ערד נעענטער צו דער זון ווי אַן אַנדערש מאָל.

— דאָס ווייס איך.

— און אז ווינטער ווערט די קעלט אַרויסגערופן דורך דעם, וואָס די זוניקע שטראַלן פאַלן אף דער ערד אין אַלאַכסן?

— נו, יאָ.

— ווייסטו דאָס אויך, איז דאָך אויסגעצייכנט. טאָ זאָלסטו־זשע וויסן, מײַן ליב יאַטל, אז איבער דערזועלבער סיבע איז אפן דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך ווארעמער, ווי אפן צאָפנדיקן.

— נו, איז דאָס פארשטיי איך טאקע ניט, — האָט ראָבערט געענטפערט און ברייט צעעפנט דעם בליק זײַנעם.

— דו טו נאָר גוט א קלער, ווע‍סטו פארשטיין, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן. — בעשאס אין אייראָפּע איז ווינטער, איז אוועלכע צײַט פון יאָר האָבן מיר אין אויסטראַליע, דאָ אפן צווייטן האַלב־קײַלעך?

— זומער, — האָט ראָבערט געענטפערט.

— איז אָט, אדאנק דעם, וואָס פונקט אין דער אָ צײַט געפינט זיך די ערד נעענטער, ווי אלע מאָל, צו דער זון... איצט פארשטייסטו שוין?

— יאָ, איך פארשטיי שוין...

— איז דער זומער אפן דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך הייסער, ווי דער זומער אפן צאָפנדיקן.

— יאָ, הער פאגאנעל, איך פארשטיי שוין.

— און אויב אזוי, איז בעשאס מע זאָגט, אז די ערד איז ווינטער נעענטער שטענדיק צו דער זון, איז דאָך ריכטיק נאָר, בעשאס סע רעדט זיך וועגן אונדז, די אײַנוווינער פונעם צאָפנדיקן האַלב־קײַלעך.

— זעט איר, וועגן דעם האָב איך גאָרניט געטראכט! — האָט ראָבערט אויסגערופן.

— נו, זאָלסטו־זשע עס ניט פארגעסן, מײַן טײַער יאטל.

אזוי ארום, האָט ראָבערט באקומען א קליינינקע לעקציע פון קאָסמאָגראַפיע און צום שלום האָט ער זיך נאָך דערוווּסט, אז די מיטעלע טעמפעראטור אין דער פראָווינץ וויקטאָריא דערגרייכט ביז זיבעציק גראד לויט פארענהייטן *.

אינאָוונט האָט זיך דער אָטריאד אָפּגעשטעלט אפ לאגער א וואָסערע פינף מײַל פון דער אָזערע לאָנע־דעל, צווישן דעם בארג דרומאָנד, וואָס הייבט זיך אוף צו צאָפן־צו, און צווישן בארג דרוידען, וואָס זײַנע שפיצן טיילן זיך אויס אפן דאָרעמדיקן האָריזאָנט.

אפ מאָרגן איז שוין די בויד געשטאנען לעם די ברעגן פון דעם טײַך וימערע לעם 143 גראד לענג.

דער טײַך האלט א האלב מײַל די ברייט און ער קײַקלט זײַנע רויקע דורכזיכטיקע וואסערן צווישן די צוויי רייען הויכע גומי־און אקאציע־ביימער.

די בויד איז געבליבן שטיין אפ א טעפיך פון געדיכטע גרינע גראָזן, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז צו דעם סאמע טײַך, ווי פראנזן, וועלכע זוימען ארום זײַנע וואסערן. מע האָט אינערגעץ ניט געזען קיין סימען פון קיין בריק אָדער פאראָם, ניט געקוקט דערויף, וואָס איבערגיין אפן צווייטן ברעג מוז מען.

אײַדער האָט זיך געלאָזט זוכן א פּליטקע אָרט, ווו מע זאָל קענען דורכגיין איבער דעם וואסער; בא א האלבן מײַל פונדאנען צום ארופ־וואסער האָט ער אויסגעפונען, אז דער טײַך איז ניט איבעריקס טיף און דערום האָט ער באשלאָסן זיך פרוון אין יענעם אָרט אים איבערגיין.

די אויסמעסטונג האָט באוויזן, אז די טיף איז דאָ ניט העכער פון דרײַ פוס. אזוי, אז מע האָט געמעגט אײַנשטעלן, די בויד זאָל זיך לאָזן גלײַך דורכדאנען.

— עפשער איז פאראן אן אנדער מיטל אפ איבערצוגיין דעם טײַך? — האָט מיסטער גלענארוואן א פרעג געטאָן באם מאַצמאַן.

* בא די 23° + לויט צעלסי.

— ניין, סער, — האָט אײַרטאָן געענטפערט. — אָבער מיר שײַנט, אַז דער־דאָזיקער איבערגאַנג שטעלט מיט זיך ניט פֿאָר קיין שום געפֿאַר.

— וואָלט עפּשער געווען גלײַכער, אַז די פֿרויען זאָלן אַרויסגיין פֿון דער בויד?

— בשום אופֿן ניט. מײַנע אָקסן האָבן געזונטע פֿיס, און איך נעם זיך אונטער זיי קערעווען אַפֿן גוטן וועג.

— איז געגאַנגען זאָל ווערן, ליבער אײַרטאָן! איך פֿאַרלאָז זיך אָפּ אײַך, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

די רײַטערס האָבן אַרומגערינגלט די שווערע בויד און זיי האָבן זיך גלײַך געלאָזט אין וואַסער אַרײַן. קעסיידער, ווען סע קומט אויס איבערפֿירן שווערע פֿורן איבערן וואַסער, רינגלט מען זיי אַרום מיט אַ קייט ליידיקע פֿעס־לעך, וועלכע האַלטן זיי אונטער אָפּ דעם אויבערפֿלאַך. אָבער דאָ איז שווער געווען צו קריגן אַזאַ מין שווים־גאַרטל, אַזוי, אַז מע האָט זיך געמוזט פֿאַר־לאָזן אַפֿן אינסטינקט פֿון די אָקסן און אָפּ אײַרטאָנס פֿאָרזיכטיקייט.

אײַרטאָן איז זיך געזעסן אָפּ זײַן קעסיידערדיקן אָרט און אָנגעטריבן די אָקסן, דער מאַיאָר מיט צוויי מאַטראָסן זײַנען געפֿאָרן פֿאָרויס, מיסטער גלענאַרוואַן מיט דזשאָן מאַנגלסן האָבן זיך געהאַלטן בײַ ביידע זײַטן פֿון דער בויד און זיי זײַנען גרייט געווען יעדע רגע קומען צוהילף די רײַזנ־דערנס. פּאַגאַנעל מיט ראָבערטן האָבן געשלאָסן די פּראָצעסיע.

אַלץ איז דאָ געגאַנגען זייער גוט ביז דער מיט טײַך, אָבער דאָ האָט זיך די טיף פֿאַרגרעסערט, און דאָס וואַסער האָט זיך אויפֿגעהויבן העכער די אָקסן, אַזוי, אַז די אָקסן האָבן פֿאַרלאָרן דעם באָדן פֿון אונטער די פֿיס און זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זײַט, שלעפּנדיק נאָך זיך די בויד. אײַרטאָן איז אײַנדערגיך אַראָפּגעשפּרונגען אין וואַסער אַרײַן, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די אָקסן פֿאַר די הערנער און זיי געצוווּנגען זיי זאָלן זיך אומקערן אַפֿן ריכטיקן וועג.

דאָ האָט דער וואָגן, וואָס קערעוועט זיך שלעכט, זיך געגעבן אַ בייג אין אַ זײַט. עפּעס האָט דאָרט אַ טרישטשע געטאָן, און בײַ די רײַזנדערס האָבן זיך שוין אײַנגעגעצט די פֿיס. וויפֿל דזשאָן מאַנגלס און מיסטער גלענאַרוואַן האָבן זיך ניט באַמיט אײַנצוהאַלטן די בויד, האָט דער שטראָם זי שוין געגנער־מען אַוועקשלעפּן פֿון זיי. דאָס איז געווען זייער אַ געפֿערלעכער מאָמענט, אָבער צום גליק, האָבן אַלע דרײַ פֿאָר אָקסן מיטאַמאָל זיך געגעבן אַ ריס פֿאָרויס און האָבן אַרויסגעשלעפּט די בויד אָפּ אַ פֿליסקע אָרט. אײַנ־גיכן האָבן סײַ די אָקסן און סײַ די פֿערד דערפֿילט אונטער די פֿיס אַן אַרופֿשטײַגנדיקן באָדן, וואָס פֿירט צום ברעג, און אין אַ קורצער ווײַלע אַרום זײַנען שוין סײַ די באַלעכאַיִם, סײַ די מענטשן געווען פֿון יענער זײַט טײַך. דער אויבערלעם איז געווען אי אויסגענעצט, אי צופֿרידן.

דער איינציקער רעזולטאַט פֿונעם איבערפֿעקלען זיך איז געווען דאָס, וואָס דער פֿאָדערטייל פֿון דער בויד האָט זיך אַביסל צעטרייסלט און גלענאַר־



די װאַגען האָט זיך אַ בייג געטאָן אין אַ זייט, און דער שטראָם שלעפּט זי מיט

וואנס פערד האָט פארלאָרנ אנ אײַזערנע טלאָ. אָט דידאָזיקע צעשעדיקונגענ האָט מענ געמוזט ברענגענ אינ אָרדענונג, אָבער דאָ, אינ דער וויסטע, איז עס געווענ ניט פונ די גרינגע זאכנ. אײַרטאָנ האָט פאָרגעלייגט, אז מע דארפ זיכ לאָזנ צו דער סטאנציע בלעק־פוינט, וואָס געפינט זיכ א וואָסערע צוואַנ־ציק מײַל צו צאָפנ־צו, און ברענגענ צו פירנ פונדאָרטנ א שמיד.

— וויפל צײַט וועט איר, מײַנ טײַערינקער, באדארפנ — האָט מיסטער גלענ־נארוואנ א פרעג געטאָנ, — אז איר זאָלט זיכ קענענ קערעווענ הינ און צוריק?

— פופצנ שאָ, — האָט אײַרטאָנ געענטפערט.

— אויב אזוי, איז געפאָרנ זאָל ווערנ! ביז איר וועט זיכ אומקערנ וועלנ מיר ווארטנ אפ אײַכ לעמ דעמ טײַכ וויִמערע.

אינ עטלעכע מינוט ארומ איז דער באָצמאנ, זיצנדיק אפ ווילסאָנס פערד, פארשוווּנדנ געוואָרנ צווישנ די ווילדע מימאָזע־פלאנצנ.

## עלפטע קאפיטל

# דער אײַזנבאנ, וואָס גייט פונ מעלבורנ קיינ סענדכאָרסט

דער מאיאָר איז עפּעס ניט צופרידנ געווענ מיט דעמ, וואָס אײַרטאָנ דארפ אוועקפאָרנ נאָכנ שמיד קיינ בלעק־פוינט. ער האָט קיינעמ וועגנ דעמ קיינ וואָרט ניט געזאָגט, אָבער מיט זיכ אליינ האָט ער אָפּגערעדט, אז די גאנצע נאכט וועט ער ניט שלאָפנ און באוואכנ דעמ לאגער.

אָבער די נאכט איז דורכגעגאנגענ אָנ קיינע שום פאסירונגענ, און דער זונ־אופגאנג האָט שוינ געטראָפנ אלע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער אפ די פיס.

וואָס איז שײַעכ מיסטער גלענארוואנ, האָט ער זיכ באומרויִקט בלויז פאר איינ זאכ: טאָמער וועט זיכ אײַרטאָנ אומקערנ פונ בלעק־פוינט אײנער אליינ, טאָמער וועט זיכ אימ ניט אײַנגעבנ דאָרטנ צו קריגנ קיינ שמיד, וועט די בויד ניט קענענ ווײַטער פאָרזעצנ דעמ וועג. צוליב דעמ וואָלט די עקספּע־דיציע זיכ מוזנ פארהאלטנ אפ אסאכ טעג, און מיסטער גלענארוואנ איז געווענ א מענטש, וואָס האָט ביקלאל ניט ליב געהאט קיינ איבעריקע פארהאלטונגענ.

צומ גליק, איז אײַרטאָנ געפאָרנ קיינ בלעק־פוינט ניט אומזיסט. באלד נאָכנ זונ־אופגאנג האָט ער זיכ באוויזנ אינ דער באגלייטונג פונ א מענטשנ, וואָס האָט געזאָגט, אז ער איז א שמיד פונ אָט דער סטאנציע. דאָס איז געווענ א געזונטער באָכערעצ מיט ברייטע אקסלענ, נאָר מיט א נידעריקנ שטערנ און מיט אנ אָפּשטויסנדיקנ געזיכט־אויסדריק, אינ וועלכנ ס'איז געלעגנ עפּעס כײַעשעס.

דער פארשוינ האָט זיכ ארויכ געוויזנ זייער פאר א שווײַגנדיקנ. ער האָט, ווײַזט אויס, ניט ליב געהאט פאטערנ קיינ קויכעס און קיינ צײַט אפ אומ־זיסטע רייד.

— ווי מיינט איר, ער איז א גוטער באלמעלאָכע? — האָט דזשאָנ מאנגלס א פרעג געטאָנ בא אײַרטאָנענ.

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, הער קאַפּיטאַן,— האָט אײַרטאָן געענטפערט.— איך קען אים אַזויפיל, וויפל איר קענט אים. מירן זען.

ווערליק דער שמיד האָט זיך א נעם געטאָן צו דער אַרבעט, האָט מען באַלד געקענט דערקענען, אַז ער טויג צו דער זאַך. די אַרבעט האָט בא אים געברענט אונטער די הענט. דער מאַיאָר האָט באַמערקט, אַז די הויט אַרום זײַן האַנט־ביינדל איז צעבאַקט און פאַרצויגן מיט ניט קיין פאַרהיילטער הויט. אַזויווי די אַרבל פון זײַן געמיין וואָלן העמדל זײַנען געווען פאַרקאַטשעט, האָט מען עס זייער גוט געקענט באַמערקן. דער מאַיאָר מאַק־נאַבס האָט זיך ניט געפוילט און א פרעג געטאָן באַם שמיד, פונוואַנען האָבן זיך צו אים גענומען אָט דידאָזיקע ווונדן, וואָס פאַרשאַפן אים, זיכער, גרויסע ווייטיקן. אָבער יענער האָט גאָרניט ניט געענטפערט און האָט נאָר פאָרגעזעצט זײַן אַרבעט. אין צוויי שאָ אַרום איז שוין די בויד געווען פאַריכט.

מיט מיסטער גלענאַרוואַנס פערד איז עס צוגעגאַנגען נאָך פאָשעטער. דער שמיד האָט סייכל געהאַט און מיטגענומען מיט זיך גרייטע פּידקאָוועס. דער מאַיאָר האָט א ווײַז געטאָן זײַנע מיטרײַזנדער, אַז די פּידקאָוועס האָבן אָפּ זיך פון דער אויסנווייניקסטער זײַט א צייכן פון א דרײַבלעטלדיקן געוויקס, וואָס איז זייער לעפּיש אויסגעקלאַפּט. מאַקס־נאַבס האָט אָנגעוויזן אָפּ זיי אײַרטאָנען.

— דאָס איז א שטאַמפּ פון דער בלעק־פּוינטער סטאַנציע.— אַדאַנק דעמדאָזיקן שטאַמפּ קענען די סקוואַטערס גרינג אָפּזוכן די פאַרבלאָנדזשעטע פערד, און זיי פּלאָנטערן ניט איבער די שפּורן פון זייערע טאַבונען מיט קיין פרעמדע.

דער שמיד האָט פלינק אונטערגעשמידט דאָס פערד, ער האָט אָפּגענומען זײַן אַרבעט־געלט און איז גלײַך אוועק זײַן וועג. פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער איז דאָ געווען, האָט ער, ווײַזט אויס, אפילו קיין פיר ווערטער ניט אויסגערעדט.

אין א האַלבער שאָ אַרום האָט די עקספּעדיציע זיך שוין געלאָזט ווײַטער אין וועג.

אין עטלעכע מײַל אַרום איז די בויד צוגעפאָרן צו א זומפּיקן אָרט, וווּ די רעדער האָבן איבערגעלאָזט טיפע שפּורן נאָך זיך. דאָ האָבן אינדער־נאָענט געדרוישט אָן א שיר טײַכלעך, וואָס זײַנען געווען פאַרשטעלט מיט די פלאַנצן פון גיגאַנטישן טשערעט, פונקט ווי מיט פאָרהאַנגען. ווײַטער־צו איז דער וועג געגאַנגען פאַרבײַ ברייטע לאַגונען, וואָס האָבן מאַמעש פאַר די אויגן געטריקנט אונטער די גראַדע זון־שטראַלן.

דערווײַל איז זיך דאָס פאָרעכץ געגאַנגען אָן איבעריקער מידקײַט און מע מעג צוגעבן, אַז אויך ניט לאַנגווײַליק.

אָפּ מאָרגן, דעם 29־טן דעקאַבער, האָט די עקספּעדיציע אָנגעטראָפן אָפּ א גאַנצער ריי בערגלעך, וואָס האָבן עטוואָס ־ערמאָנט די שווייץ, און דאָס האָט אַביסל פאַרשווערט דעם וועג. די גאַנצע צײַט איז אויסגעקומען זיך דראַפּען אַרופ־אַ־באַרג, אָדער זיך לאָזן אַראָפּ־אַ־באַרג, די בויד האָט זיך

זייער שטארק געטרייסלט, אזוי, אז די רייַזנדערנס האָבנ סאָפּקאָלסאָפּ ג׳ פוילט באַ זיכ, אז ס׳וועט שוינ זייַנ גרינגער גייַנ צופוס, און זיי האָבנ אזוי געטאָנ.

ארום עלפ אזייגער אינדערפרי האָט זיכ באוויזנ די גאנצ היפּשלעכע שטאָט קארלכברוק. אייַרטאָנ האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל ארומפאָרנ דידאָזיקע שטאָט און זיכ ניט אָפּשטעלנ, ווייַל ס׳איז אנ אווייִרע צייַט. מיסטער גלענארוואנ איז מיט אימ געווענ אייַנשטימיק, אָבער דער געלערנטער געאָגראפ, וואָס האָט קעסיידער געדאָרשט נאָכ פרישע אייַנדרוקנ, האָט געמאָלדנ, אז ער מוז אומבאַדינגט כאפּנ א קוק אפּ דערדאָזיקער שטאָט. און אזוי ווי אפּ די פערד קאָנ מענ ניכער צופאָרנ, ווי אפּ דער בויד, האָט מענ אימ געגעבנ די מעגלעכקייַט דורכצומאכנ דעמ שפּאציר, און די בויד איז די שטאָט ארומגעפאָרנ. פּאגאנעל מיט זייַנ שטענדיקנ באגלייטער, מיט ראָבערטנ, האָבנ א שפּאָרע געטאָנ די פערד און זיכ אוועקגעיאָגט אינ שטאָט ארייַנ.

באַ א שאָ צייַט האָבנ זיכ פּאגאנעל מיט ראָבערטנ אומגעדרייט איבער קארלסבּרוק. קיינ איבעריקע כידושים האָבנ זיי דאָ נישט געטראָפנ און נאָכ דער אָפּגערעדטער שאָ האָבנ זיי אויכ פארלאָזט די שטאָט און זיכ אוועקגעיאָגט לענגויס די גוט־באארבעטע פעלדער, קעדיי זיכ צו פארייניקנ מיטנ איבעריקנ קאראוואנ.

איצט איז גלענארוואנס עקספּעדיציע געפאָרנ איבער די פליינענ, ווו ס׳האָבנ זיכ געפּיטערט אָנ א שיר טשערעדעס מיט שאָפּ. פלוצים האָבנ זיכ די פליינענ מיטאמאָל אָפּגעהאקט און גלייַכ נאָכ זיי האָט ,זיכ אָנגעהויבנ די וויסטע. די סימפּסאָנ־בערגלעכ און דער בארג טאָראנגווער האָבנ דאָ אָפּגעצייכנט די דאָרעמדיקע גרענעצ פונעמ קרייַז לאָדאָ אפּנ 114־טנ גראד געאָגראפישער לענג.

ביז איצט האָט נאָכ די עקספּעדיציע זיכ אינערגעצ ניט אָנגעטראָפנ מיט קיינ אָרטגעבוירטיקע שוואָטימ און מיט זייער אוראלטנ לעבנסשטייגער. מיסטער גלענארוואנ האָט ארויסגעזאָגט א מיינונג, אז ער וועט אינ אווסטראליע, ווייַזט אויס, באגעגענענ אזויפיל אווסטראליער, וויפל פּאטאגאָנער ער האָט באגעגנט אינ פּאטאגאָניע. אָבער פּאגאנעל האָט אימ באַרויִקט און אימ געזאָגט, אז די ווילדע מענטשנ וווינענ א וואָסערע הונדערט מייַל צו מיזרעכ־צו פונ דידאָזיקע ערטער, אינעמ טאָל מיאָרייע.

— מיר דערנעענטערנ זיכ צו די גאָלד־זאמד־ראיאָנענ,— האָט ער זיכ אָנגערופנ,— אינ א פּאָר טעג ארומ וועלנ מיר זייַנ לעמ די רייַכסטע גאָלד־גרובנס פונ דעמ אלעקסאנדר־בארג. די גאָלד־זוכער האָבנ זיכ אינ 1852־טנ יאָר אהינ א לאָז געטאָנ און האָבנ פארפלייצט די געגנט. אזוי, אז די אָרטגעבוירטיקע האָבנ געמוזט אָפּטרעטנ צו די וויסטעס פונ מיט־אווסטראליע. ניט געקוקט דערויפ, וואָס דאָס וואָרפט זיכ נאָכ נישט אינ די אויגנ, אָבער דאָס איז א פאקט; אז מיר גייענ שוינ איצטער איבער „ציוויליזירטע" ערטער און ביז סאָפּ טאָג וועט אונדז נאָכ אפילע אויסקומענ איבערצוהאקנ אנ אייַזנ־באנ־ליניע, וואָס פארייניקט דעמ טאָל מיאָרייע מיטנ ברעג אָקעאנ.

א שנײַדיקער פײַפֿ פֿון א לאָקאָמאָטיוו האָט באַשטעטיקט פֿאַגאַנעלס ווערטער.

די רײַזנדער האָבן זיך געפֿונען איינגאַנצן א מײַל פֿון דער אײַזנבאַן־ליניע. דער לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז געגאַנגען פֿון דאָרעם, האָט זיך אָפּגעשטעלט פּונקט באַם איבערגאַנג איבער דער אײַזנבאַן־ליניע, וווּהין די בויד האָט זיך איצט דערנענטערט. ווי פֿאַגאַנעל האָט שוין פֿריִער געזאָגט, האָט די דאָזיקע אײַזנבאַן פֿאַרייניקט די בײַ־יאַמישע הויפּטשטאָט פֿון דער פּראָווינץ וויקטאָריא מיטן טאָל פֿון מיאָרייע — דעם גרעסטן טײַך פֿון אויסטראַליע.

צו יענער צײַט האָט די דאָזיקע אײַזנבאַן־ליניע געאַרבעט אויף א שטרעקע פֿון הונדערט פֿינף מײַל, אָנהייבנדיק פֿון מעלבורן ביז סענדכאָרסט, דורכגייענדיק קינטאָם און קעסטלמען.

אײַרטאָן האָט געפֿירט די בויד זײַנע פּונקט צו דער בריק. פּלוצים האָבן די רײַטער זיך אויסגעגלאָזט גאַלאָפּ אהין צו קעמדען־ברידזש. זיי האָבן דערזען א גרויסן אײַנגעלאָף ארום דעם אײַזנבאַן־בריק. די אײַנוווינער פֿון די נאָענטע סטאַנציעס האָבן פֿאַרלאָזט זייערע הײַזער, די סקוואַטערס האָבן געוואָרפֿן די טשערעדעס, און אַלע האָבן זיך א לאָז געטאָן צום דאָזיקן פּלאַץ. איבערן פֿליין האָט זיך געטראָגן א גערוף:

— צום אײַזנבאַן! צום אײַזנבאַן!

קענטיק, אַז די דאָזיקע אויפֿרודערונג איז ארויסגערופֿן געוואָרן דורך עפּעס א וויכטיקער געשעעניש.

מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן א שפּאָרע געטאָן די פֿערד און זײַנען אין משך פֿון עטלעכע מינוט שוין געווען לעם קעמדען־ברידזש.

דאָרטן האָבן זיי שוין גלײַך פֿאַרשטאַנען, צוליב וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען דער צונויפֿגעלאָף.

ס'איז פֿאָרגעקומען א שרעקלעכע קאַטאַסטראָפֿע, דער צוג איז אראָפּ פֿון די רעלסן. די דאָזיקע קאַטאַסטראָפֿע האָט דערמאַנט אין די אָפֿטע אומגליקפֿאַלן, וואָס טרעפֿן זיך אויף די אַמעריקאַנישע באַן־ליניעס מיט די צוגן. דער טײַך אינדערנאָענט לעם דעם אײַזנבאַן־בריק איז געווען פֿאַרוואַלגערט מיט ברוכשטיקער פֿון די וואַגאָנעס און פֿונעם לאָקאָמאָטיוו. קענטיק, אַז איבער דעם, וואָס די רעלסן זײַנען געווען נישט אין אָרדענונג, זײַנען אין טײַך אַראָפּגעפֿאַלן דער לאָקאָמאָטיוו מיט פֿינף וואַגאָנעס, אין דער צײַט, ווען דער צוג איז איינגאַנצן באַשטאַנען פֿון זעקס. בלויז דער לעצטער, דער זעקסטער וואַגאָן, וואָס איז ווי דורך א וווּנדער גאַנץ געבליבן, איז געבליבן שטיין אויף א מעהאַלעך פֿון א האַלבן פֿוס פֿאַרן אָפּגרונט. אונטן האָט זיך געטאָן אומגליק. די אָנגעלאָפֿענע מענטשן האָבן דערזען פֿאַר זיך ארומגעברענטע און שוואַרצגעוואָרענע ברעטער, צעבויגענע אַקסן, צעבראָכענע קאַסטנס, שטיקער אָפּגעבראָכענע רעלסן. פֿון דער דאָזיקער אָנגעהויפֿנטקײַט מיט פֿאָרמלאָזע ברוכשטיקער האָבן זיך נאָך וווּ־נישט־וווּ ארויסגעריסן פֿײַערדיקע צינגער, קנוילן מיט



ס'איז פֿאַרגעקומען א שרעקליכע קאטאסטראָפֿע

שווארצן רויך און ספּיראלן דאמפּ. אומעטום האָט מען געזען גאנצע קאלירזשעס מיט בלוט, אָפּגעריסענע מענטשישע אייוורים, צעבראָכענע קערפּערס, און קיינער האָט זיך ניט דערוועגט א נעם טאָן אפן געדאנק, וויפל קאָרבאָנעס דידאָזיקע שרעקלעכע קאטאסטראָפע האָט מיט זיך אוועקגעטראָגן.

גלענארוואן, פּאגאנעל, דער מאיאָר מאק־נאבּס, דער קאפּיטאן דזשאָן מאנגלס האָבּן זיך אויסגעמישט צווישן דעם האמוינ, זיי האָבּן געהאָלפן ארויסבאפרייען פון אונטער די בּרוכשטיקער די פארוווּנדעטע און אין איין גאנג האָבּן זיי זיך צוגעהערט, וואָס דער זוילעם רעדט וועגן דערדאָזיקער קאטאסטראָפע. יעדערן האָט זיך געוואָלט אָפּזוכן די סיבּע, פארוואָס דער אומגליק איז געשען.

— דער בּריק האָט זיך צעבּראָכן,— האָט זיך איינער אָנגערופן.

— ווער צעבּראָכן, וואָס צעבּראָכן,— האָט מען צו אים פון אלע זייטן גענומען שרייַען.— ער איז דאָך נאָך איצטער אויך גאנץ. מע האָט פּאָשעט פארגעסן אים צונויפשליסן פארן צוג־אָנקום, און דאָס איז גאָר.

אסאך מענטשן האָבּן ארופגעלייגט די שולד אפן וועכטער, אז ער האָט פארשלאָפן די נויטיקע שאָ; אנדערע האָבּן געזאָגט, אז ער האָט ניט פארשלאָפן, נאָר ער איז אומיסטן באגאנגען דעם פארבּרעכן.

פאָרגעקומען איז עס מיטן עקספּרעס נומער זיבּן אונדערייַסיק, וואָס איז באנאכט פינף און פערציק אפ צוועלף ארויסגעגאנגען פון מעלבּורן און פינף און צוואנציק מינוט נאָכן פארלאָזן די סטאנציע קעסטלמען, דאָס הייסט, אן ערעך א פערטל אפ פיר. האָט דעם עקספּרעס געטראָפן די קאטאסטראָפע לעם קעמדען־בּרידזש. די גאנץ־געבּליבּענע פּאסאזשירן פונעם לעצטן וואגאָן האָבּן זיך גלייַך א וואָרף געטאָן צו אָרגאניזירן הילף פאר די געליטענע, זיי האָבּן זיך א לאָז געטאָן געבּן צווויסן קיין קעסטלמאן דורכן טעלעגראף וועגן דעם אומגליק, וואָס איז געשען, אָבּער די טעלעגראפישע סטויפּעס האָבּן זיך געוואלגערט אפ דער ערד און די דראָטן זייַנען געווען צעריסן. האָט מען שוין געמוזט אָפּשיקן אהינצו א שליעך, און אזוי ארום זייַנען די מאכט־פאָרשטייער אָנגעקומען אהער צום פּלאץ פון דער קאטאסטראָפע ערשט אין דרייַ שאָ ארום. די סקוואטערס מיט זייערע ארבּעטער האָבּן זיך די ערשטע א לאָז געטאָן לעשן די טרייפּע. עטלעכע צעשעדיקטע קערפּערס זייַנען געלעגן צונויפגעלייגט אין א ריי לעם דער סאמע באן־ליניע. מע האָט זיך ניט געקאָנט ריכטן, אז אפילע איינער פון זיי זאָל בּלייַבּן לעבּן. דאָס פייַער איז גיך פארטיק געוואָרן מיט זייַן פארניכטנדיקער ארבּעט. פון דער צאָל פּאסאזשירן און באדינונג־פּערסאָנאל זייַנען גאנץ געבּליבּן בּלויז צען פארשוין,— די, וואָס זייַנען געפאָרן אינעם לעצטן וואגאָן. די פּינקטלעכע צאָל קאָרבּאָנעס איז נאָך קיינעם ניט געווען באוווּסט. די אייַזנבאן־אדמיניסטראציע האָט צוגעשיקט א רעטונגס־צוג אפ צושטעלן קיין קעסטלמען די גאנץ־געבּליבּענע פּאסאזשירן.

מיסטער גלענארוואן האָט זיך פאָרגעשטעלט פארן אָנגעקומענעם הויפּטאינספּעקטער פון דער אייַזנבאן און פארן פּאָליציייִשן אָפיצער. דער פּאָלי־

ציישער אָפּיצער האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס מאָרנער קאַלטבלוטיקער פּאַרשוין. ס'איז גאָר שווער געווען צו דערקענען, צי דערדאָזיקער אומגליק־פאַל האָט אים געמאכט דעם מינדסטן רושעם. בעשאַס מיסטער גלענארוואַן האָט זיך געווענדעט צום אינספּעקטער מיט דידאָזיקע ווערטער: „אַך, ס'אַ מין שרעקלעכער פאַל!״ — האָט דער פּאָליציי־מאַן רויִק געענטפערט:

— ס'נאָך ערגער, סער.

— וואָס קען זײַן ערגער? — האָט מיסטער גלענארוואַן אים מאָדנע אָנגעקוקט, — וואָס קען נאָך זײַן ערגער פון אזא מין אומגליק?

— א פאַרברעכן, — האָט דער פּאָליציי־מאַן מיט דערזעלבער רויִקײַט געענטפערט.

מיסטער גלענארוואַן האָט זיך ניט אַרײַנגעלאָזט מיט אים אין קיין לאַנגע וויכוחים, ער האָט נאָר אופגעהויבן די אויגן אפן הויפּט־אינספּעקטער, ווי ער וואָלט אים מיטן בליק א פרעג געטאָן וועגן וואָס דאָ רעדט זיך.

— יאָ, סער, — האָט יענער געענטפערט, — די דורכגעמאכטע אויספאָרשונג גיט אונדז די מעגלעכקײַט צו קלערן, אז דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע איז א רעזולטאַט פון א פאַרברעכן. דעם באַגאַזש־וואַגאָן האָט מען בארויבט, אפ די פּאַסאַזשירן פונעם גאַנץ־געבליבענעם וואַגאָן איז אָנגעפאַלן א באַנדע. דעם בריק האָט מען ניט צונויפגעשלאָסן, ניט איבערן וועכטערס שולד, נאָר מיט א קיוון. דאָס, וואָס מע האָט דעם וועכטער איצטער ניט געפונען אפן אָרט, באַווײַזט אונדז, אז דערדאָזיקער טויגעניכטס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט די פאַרברעכער.

בא דידאָזיקע ווערטער האָט דער פּאָליציי־מאַן, דערווידערנדיק, א דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— איר זײַנט מיט מיר ניט מאַסקים?

— איך גלויב ניט, אז דער וועכטער זאָל דאָ האָבן אָנטייל גענומען.

— אָבער דער פאַרברעכן האָט דאָך געקענט פּאָרקומען בלויז דורך די אָרטגעבוירטיקע, וואָס וואַנדערן איבער דעם מיאַרייער טאָל, און אויב דער וועכטער זאָל זיי ניט קומען צוהילף, וואָלטן די אָרטגעבוירטיקע ניט זײַן אים־שטאַנד צו פאַנאַנדערנעמען דעם בריק, זיי וואָלטן זיך ניט געקענט קיין אײַנצע געבן מיט זײַן מעכאַניזם.

— דאָס איז ריכטיק, — האָט דער פּאָליציי־מאַן געענטפערט.

— און וואָס זעען מיר דאָ, — האָט דער אינספּעקטער פאָרגעזעצט, — דער שיפס־קאַפּיטאַן, וואָס איז דורכגעגאַנגען אונטערן בריק פון קעמדען־ברידזש צען מיט פערציק אינאָוונט, האָט געמאָלדן, אז באַלד נאָך זײַן דורכגיין האָט דער וועכטער צוריק דעם בריק צונויפגעשלאָסן.

— נו, יאָ.

— איז דאָך נאָך גרעסער דער באַווײַז, אז דער וועכטער איז דאָ פאַרמישט.

דער פּאָליציי־מאַן האָט ווײַטער א דריי געטאָן מיטן קאָפּ אפ ניין.

— הייסט עס, אז לויט אײַער מיינונג, זײַנען בלויז די אָרטגעבוירטיקע אליין



צוויי מענטשן האָבן געטראָגן דעם וועכטערס טויטן קערפּער

שולדיק אין דער קאטאסטראָפע? — האָט זיך מיסטער גלענארוואן צו אים געווענדעט.

— אין קיין פאל ניט.

— טאָ ווער־זשע איז שולדיק?..

אין דער אָ צייט האָט זיך פאר א האלבן מייל פונדאנען לעם ברעג טייך ארום־וואסער צונויפגעקליבן א הייפל מענטשן, וואס האָט געהאלטן אין איין וואקסן און איז אינגיכן אויסגעוואקסן אין א גאנצן המוין.

אין עטלעכע מינוט ארום איז דער המוין שוין געווען לעם בריק. אינמיטן דעם אייַנגעלו־ האָבן זיך געדרוקט צוויי מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן א דריטן. דאָס איז געווען דעם וועכטערס טויטער קערפער, וואָס איז שוין לאנג פארקילט געוואָרן. מיט א קינזשאל אין הארצן האָט מען אים אוועקגעלייגט אפן אָרט, דערנאָך האָבן די מערדערס פארשלעפט דעם קערפער זייַנעם ווייַטער פון קעמדען־ברידזש; זיי האבן, קענטיק, געוואָלט כאָטש אף א קורצער צייט ארופפירן די מאכט־אויספאָרשער אף א פאלשן וועג. דאָס, וואָס מע האָט איצט געפונען דעם וועכטערס קערפער, האָט שוין אינגאנצן באשטעטיקט דעם פאָליציי־מאנס ריכטיקע מיינונג, אז די אָרטגעבוירטיקע האָבן ניט געהאט קיין שייכעס צום פארברעכן.

— דידאָזיקע פארברעכער, — האָט ער זיך אָנגערופן, — זייַנען זייער גוט באַקאָנט מיט דידאָזיקע שפּילעכלעך.

און ער האָט באוויזן א פּאָר האנט־קייטן, א צווייענדיקן אייַזערנעם רינג מיט א קייטעלע, וואָס פארשליסט זיך אף א שלאָס.

— איך האָף, — האָט דער פּאָליציי־מאַן פאָרגעזעצט, — אז גאָר אינגיכן וועל איך קענען באשענקען די פארברעכער מיט דערדאָזיקער מאטאָנע.

— וועמען־זשע זייַנט איר טאקע פאָרט כושד?

— די פארשוינען, וועלכע האָבן באקומען אן „אומזיסטן דורכפּאָר" קיין אוסטראליע.

— ווי? איר מיינט, אז די קאטאָרזשניקעס? — האָט פאגאנעל אויסגערופן, ווייַל ער האָט זיך באלד אָנגעשטויסן אין וואָס דאָ גייט.

— אבי מיר האָט זיך געדאכט, — האָט מיסטער גלענארוואן באמערקט, — אז די קאטאָרזשניקעס איז פארבאָטן זיך צו געפינען אף דער טעריטאָריע פון דער פראָווינץ וויקטאָריא.

— ווען זיי זאָלן זיך רעכענען מיטן פארבאָט! — האָט דער פּאָליציי־מאן דערווידערט. — דער כעסאָרן איז, וואָס זיי האָבן זיך אליין ארויסגעגעבן רעכט דערויף. די קאטאָרזשניקעס גיט זיך אָפט אייַן צו אנטלויפן פון אונטער דער וואך, און מיר דוכט, אז איך וועל קיין טעות ניט האָבן, אויב כ'וועל זאָגן, אז דידאָזיקע כעוורע איז אָנגעקומען אהערצו גלייַך פון דער פּערטער קאטאָרגע. נאָר איינס צום אנדערן האָט ניט און איר פארשפּאָרט זיך זאָרגן. איך בין זיכער, אז מירן זיי גאָר גיך אומקערן אף זייער פריִערדיקן אָרט.

דער אינספעקטער האָט א מאַכ געטאָן מיטן קאָפּ, אז ער איז אויך מאסקים מיט דידאָזיקע רייד.

אין דער אָ רעגע איז די בויד שוין אָנגעפאָרן אהערצו צום דורכפאָר, און אזוי־ווי מיסטער גלענארוואן האָט ניט געוואָלט, אז די פרויען זאָלן דערוויסן זיך פאר, זיך דאָס שרעקלעכע בילד פון דער קעמדען־ברידזשער קאטא־סטראָפע, דערום האָט ער זיך אינדערגיך צעזעגנט מיט די באאמטע־לייט און ער איז אוועקגעריטן צוריק צו דער בויד. זיינע מיטרייזנדער האָט ער באַ־וויזן מיט דער האנט, אז זיי זאָלן פאָרן נאָך אים.

— דאָס קען נאָך ניט דינען פאר קיין גרונט, מיר זאָלן איבעררייסן אונדזער רייזע, — האָט ער זיך אָנגערופן, — דאָ וועט קלעקן גענוג מענטשן אָן אונדז אויך.

אז ער איז אָנגעפאָרן צו דער בויד, האָט ער דערציילט פאר מיסיס עלען און מיס מערי וועגן דער אייזנבאן־קאטאסטראָפע, אָבער ער האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאנט וועגן די ריבעס, וואָס האָבן געבראכט צו דעם; ער האָט אויך פארשוויגן וועגן דעם, וואָס דאָ אין דער געגנט ערגעץ שלעפּט זיך ארומעט א באנדע אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס. ער האָט נאָר געקלערט, אז שפּעטער וועט ער באַ א פּאסיקן מאָמענט זען צוּוויסן געבן וועגן דעם איירטאָנען.

דער קליינינקער אָטריאַד איז, עטלעכע צענדליק פוס נידעריקער פון בריק, איבערגעגאנגען דעם טייך און האָט פאָרגעזעצט ווייטער דעם וועג זיינעם צו מיזרעך.

## צוועלפטע קאפיטל

# די ערשטע פרעמיע פאר געאָגראפיע

וואָסערע צוויי מייל ווייטער פון דער אייזנבאן איז די בויד אריינגעפאָרן אין א שמאָלער שלעט לדיקער פּארטיפונג. באם ארויסגיין פונדאָרטן האָבן די רייזנדער דערזען, אז זיי געפינען זיך אין א פּרעכטיקן טאָל, וווּ סע וואקסן הויכעביימער מיט פּרעכטיקע טראָפּישע בלעטער באדעקט. די סאמע אויס־געצייכנטע צווישן זיי זיינען געווען די קאזוארינעס, וואָס האָבן באַ די דעמבן געיארשנט דעם מעכטיקן שטאם, באַ די אקאציע־ביימער — זייערע שמעקנדיקע הילדזן, און באַ די טאנען — די פּעכטקייט און די שטאנדהאפטיקייט פון די בלעטער. אונטער זייערע בריים־צעוואָרפענע צווייגן זיינען געוואָקסן אָן א שיר וווּנדערלעכע בלומען. באַ די רייזנדער זיינען זיך די אויגן צעלאָפן אין אלע זייטן, קוקנדיק אף דערדאָזיקער שיינקייט פון דער נ[illegible]טור.

דער קליינינקער אָטריאַד האָט זיך אפ א ווייל אָפּגעשטעלט. לויט עלענס באפעל האָט איירטאָן אָפּגעשטעלט די אָקסן, די גראָבע רייפן פון די הילצערנע רעדער האָבן אופגעהערט צו סקריפּען איבערן זאמד־גרונט, א גע־דיכטער גרינער טעפּיך האָט זיך צעשפּרייט אין די שאָטנס פון דידאָזיקע

ביימער, דער טעפּיכ איז געווענ צעטיילט אפ ריכטיקע גראַד־ווינקלענ מיט ניט קיינ הויכע זאמדיקע אָנשיטנ. פּאגאנעל האָט גלייכ פונעמ ערשטנ קוק דערקענט אינ דידאָזיקע פּאָטיש־גרינע קוואדראטנ דאָס אָרט פונ אייבי־קער רו.

— דאָס איז אנ אווסטראלישער בייסוילעמ,— האָט ער זיכ אָנגערופנ.

אונ אינדערעמעסנ איז איצט פאר די רייזנדערס אויגנ געלעגנ אנ אָרטי־קער בייסוילעמ, וואָס, ניט געקוקט אפ זיינ גאנצער שיינקייט, האָט ער דאָכ ארופגעפירט אפ טרויעריקע געדאנקענ. די קוואָרימ, וואָס די אָרטגעבוירטיקע האָבנ ליב אזוי אָפּט צו באזוכנ אונ ארומפּוצנ, זיינענ דאָ פארוואָקסנ געוואָרנ מיט געדיכטנ גראָז; קענטיק, אז איבער דער אָנפלייצונג פונ די אייראָפּייער, די פארכאפּערס, איז די אָרטיקע באפעלקערונג געווענ געצוווּנגענ צו פארלאָזנ די קוואָרימ פונ זייערע עלטערנ אונ זיכ לאָזנ לויפנ אינ דער טיפ פונ לאנד, אהינ, וווּהינ די אויגנ טראָגנ, אונ די אָנוואקסנדיקע קאָלאָניזירונג האָט פאר־ו אנדלט דידאָזיקע בליענדיקע טאָלנ פונ טויט אינ פיטער־פּלעצער פאר זייער פי. דערום ווערנ, וואָס א טאָג, ווינציקער אָט דידאָזיקע אומגערירטע אָרטיקע בייסאלמענס.

פּאגאנעל אונ ראָבערט האָבנ אריבערגעיאָגט דעמ קאראוואנ אונ האָבנ זיכ אריינגעלאָזט טיפ אינ די שאָטנדיקע אלייעס, וואָס צווישנ די רייענ קוואָ־רימ־בערגלעכ.

זיי האָבנ אָבער ניט באוויזנ אפילע אָפּצושטעלנ קיינ האלבנ מייל, ווי מיסטער גלענארוואנ האָט באמערקט, אז זיי האָבנ אָפּגעשטעלט די פערד, זיי האָבנ זיכ נאָכ עפּעס אָנגעבויגנ צו דער ערד אונ דערנאָכ זיינענ זיי אפילע אראָפּ אינגאנצנ אפ דער ערד. לויט זייערע באוועגונגענ האָט מיסטער גלע־נארוואנ דאָכ דערקענט, אז זיי האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ אפ אנ אויסערסט אינ־טערעסאנטער זאכ.

האָט איירטאָנ מיטנ שטעקנ מיט זיינעמ א פּיק געטאָנ די אָקסנ, אונ די בויד האָט אינגיכנ אָנגעיאָגט די צוויי גוטע־פריינט. דאָ איז שוינ געוואָרנ קלאָר, פארוואָס די צוויי רייטער האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אונ וואָס האָט זיי אזוי שטארק פארוווּנדערט. זיי האָבנ דערזענ פאר זיכ אנ אָרטגעבוירטיק יאטל פונ וואָסערע א ט יאָר, ניט מער; דאָס יאטל איז געווענ אָנגעטאָנ אינ אייראָפּייִש אָנטאָנ אונ ער איז זיכ זייער רויִק געשלאָפנ אינעמ שאָטנ פונ די אָרטיקע הויכוווּקסיקע בלומענ. אז ער איז אנ אָרטגעבוירטיקער, האָט מענ גלייכ געקענט דערקענענ אינ זיינע געקרייזלטע האָר, אינ זיינ קימאט שווארצער הויט, אינ דער צוגעפּלעטשטער נאָז, אינ די גראָבע ליפּנ אונ אינ די אויסער־געווייִנלעכ לאנגע הענט. אָבער דאָס אייראָפּייִשע אָנטאָנ אונ דאָס אופגע־קלערטע געזיכט זיינס האָבנ דערציילט וועגנ דעמ, אז דאָס יאטל האָט שוינ א שייכעס צו אייראָפּייִשער בילדונג אונ דערציִונג.

מיסיס עלענ האָט זיכ זייער פאראינטערעסירט מיטנ דאָזיקנ יאטל. זי איז גלייכ ארויס פונ דער בויד.

אינגיכן האָט זיך דער גאנצער אָטריאַד ארומגעשטעלט ארום דעם געשמאק שלאָפנדיקן יינגעלע.

— אָרעם קינד, — האָט זיך מערי גראַנט אָנגערופן, — ער קער אוואדע בלאָנדזשען דאָ אין דער וויסטע.

— און מיר דוכט, — האָט מיסיס עלען דערווידערט, — אז ער איז געקומען אהערצו פון ווייַט, קעדיי זיך צו פארנויגן פאר די קוואָרים פון זייַנע אייגענע. דאָ קער אוואדע זייַן באַגראָבן עמעצער פון די, וועמען ער האָט שטארק ליב געהאַט.

— מע טאָר אים דאָ ניט איבערלאָזן אליין! — האָט ראָבערט אויסגערופן, — ער איז דאָך אזוי איינזאם!..

אָבער ראָבערט האָט פלוצים איבערגעריסן די רייד זייַנע, דאָס יאטל האָט אינמיטן שלאָף זיך איבערגעקערט אף דער צווייטער זייַט, און אלע האָבן דערזען בא אים אף דער פלייצע א פלאקאטל מיט פאָלגנדיקן אָנשריפט:

> טאָלינע. ער דארף צוגעשטעלט ווערן קיין עכוקע אונטער דעם אופזיכט פונעם אייַזנבאַן־קאָנדוקטער דזשעפרי סמיט.
>
> דאָס באַן געלט איז אָפגעצאָלט.

— אָט דאָס איז טאקע זייער כאראקטעריסטיש פאר ענגלענדער! — האָט פאגאנעל אויסגערופן. — זיי שיקן איבער קינדער אף פאָסט, ווי געוויינלעכע פאָסט־פעקלעך. זיי שטעלן אוועק באַם קינד אף דער פלייצע א שטאמפ, פונקט ווי אף א פארמאכטן בריוו. איך האָב שוין לאנג גיהערט וועגן אזעלכע זאכן, נאָר איך האָב בעשומויפן ניט געוואָלט גלויבן, איצט זע איך עס מיט מייַנע אייגענע אויגן...

— אָרעם יינגעלע, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן. — דאָס איז ער דאָך געוויס געפאָרן מיט דעם זעלבן צוג, וואָס האָט נאָרוואָס געליטן די קאטאסטראָפע לעם קעמדען־בּרידזש. קען זייַן, אז אפילע די אייגענע זייַנע זייַנען דאָ אומגעקומען, און ער איז געבליבן א יאָסעם.

— ניין, — האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן, — וועדליק ער האָט דעם פלאקאט אף די פלייצעס, דארף מען קלערן, אז ער פאָרט איינער אליין.

— אָטאָ וואכט ער שוין אוף, — האָט זיך מערי גראַנט אָנגערופן.

און דאָס יאטל האָט זיך ווירקלעך אופגעכאפּט. ער האָט אן עפן געטאָן די אויגן און איבער דער בלענדזנדער שייַן זיי גלייַך פארמאכט. מיסיס עלען האָט אים אָנגענומען פאר א האנט, האָט ער זיך אופגעהויבן און מיט פארווונדערונג גענומען קוקן אף די רייַזנדער, וואָס האָבן זיך ארום אים ארומגעשטעלט. א מינע פון שרעק איז דורכגעלאָפן איבער זייַן פּאָנעם, אָבער ווי ער האָט נאָר א קוק געטאָן אף מיסיס עלען, אזוי האָט ער זיך גלייַך בארויִקט.




אם דער פלייצע באם יאטל איז געהאנגען א פלאקאט

— דו פארשטייסט עפעס, פרײַנטעלע, אפ ענגליש? — האָט אים מיסיס עלען א פרעג געטאָן.

— איך פארשטיי און איך רעד, — האָט דאָס יאטל געענטפערט אפ דער שפּראַך, וואָס די רײַזנדער האָבן גערעדט, נאָר מיט א שטאַרקן אקצענט.

— וויאַזוי רופט מען דיך? — האָט מיסיס עלען פאַרגעזעצט.

— טאָלינע, — האָט דאָס אָרטגעבוירטיק יאטל געענטפערט.

— א־הא, טאָלינע! — האָט פּאגאנעל אויסגערופן, — אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, הייסט עס אפ אוסטראַליש די „קאָרע פון ביימער".

דאָס יאטל האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ס'איז אַזוי, און ער האָט ווידעראַמאָל גענומען באַטראַכטן די רײַזנדער.

— פונוואַנען־זשע ביסטו, ייִנגעלע? — האָט מיסיס עלען א פרעג געטאָן.

— פון מעלבורן. איך בין געפאָרן אינעם סענדכאָרסטער עקספּרעס.

— ביסטו געווען אין דעם צוג, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן אין קעמדען־ברידזש? — האָט מיסטער גלענארוואַן אים איבערגעפרעגט.

— יאָ, סער, נאָר איך בין גליקלעך ארויס.

— דו ביסט געפאָרן איינער אליין?

— יאָ, דער לערער פּאַקסטאָן האָט מיך איבערגעגעבן צום קאָנדוקטער דזשעפרי סמיט, אָבער דער קאָנדוקטער איז אומגעקומען בעת דער קאַטאַסטראָפע.

— און כּוץ אים האָסטו מער קיינעם ניט געקענט אינעם צוג?

— ניין.

— וואָס־זשע טוסטו אין דעראָזיקער וויסטע? פאַרוואָס ביסטו אנטלאָפן געוואָרן פון קעמדען־ברידזש? — האָט מיסיס עלען געהאַלטן אין איין אויספרעגן דאָס יאטל.

— איך וויל זיך אומקערן צו מײַן שטאַם קיין לאַכלאַן, — האָט דאָס יאטל געענטפערט. — איך וויל זען מיט מײַן מאַמע.

— דײַנע עלטערן זײַנען אוסטראַליער?

— יאָ, אוסטראַליער פון לאַכלאַן, — האָט טאָלינע געענטפערט.

— האָסטו אי א טאַטן, אי א מאַמען? — האָט ראָבערט א פרעג געטאָן.

— יאָ, מײַן ברודער, — האָט טאָלינע געענטפערט און דערלאַנגט דעם יונגן גראַנטן די האַנט.

ראָבערט איז זייער גערירט געוואָרן פונעם וואָרט „ברודער", און ער האָט זיך האַרציק צעקושט מיטן קליינינקן אָרטגעבוירטיקן. דאָס אליין איז שוין גענוג געווען, אַז די כּעוורע זאָלן זיך צווישן זיך באַפרײַנדן.

אַלע רײַזנדער האָבן זיך גוואַלדיק פאַראינטערעסירט מיטן יאטל, האָט מען זיך אויסגעזעצט אין א קרײַז און מע האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע ענטפערס. און אַזויווי די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן און דאָ איז געווען זייער א גוט אָרט אפ פאַרווען נאַכטלעגער, האָט מיסטער גלענארוואַן באַפוילן מע זאָל דאָ זיך אָפּשטעלן רוען. אַיִרטאָן האָט אויסגעשפּאַנט די אָקסן,

מיולרעדי מיט ווילסאָנענע האָבן געהאַלפן אים זיי צונויפפּעקן און אָפּלאָזן אפן דער פּאָשט.

דערנאָך האָט מען אופגעשטעלט דאָס בײַדל, און אַלבינעט האָט גענומען גרייטן אָוונט־ברויט. טאַלינעט האָט מען לאַנג געבעטן עסן, ער האָט זיך אסאך מאָל געדרייט און אָפּגעזאָגט, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען שטארק הונגעריק, אָבער סאָפּקאָלסאָף האָט מען אים אײַנגעבעטן. דער אוילעם האָט זיך ארומגעזעצט ארום טיש. בײַדע יאָטלעך האָט מען אוועקגעזעצט איינס לעם אנדערן. ראָבערט האָט אויסגעקליבן פאר זײַן נײַעם כאווער וועגן די בעסטע און געשמאקסטע ביסנס, און יענער האָט בא אים זיי צוגענומען מיט אזא מין שעמעוודיקייט, אז עס איז געווען א פארגעניגן צו קוקן.

דער שמועס באם טיש האָט זיך אלץ געצויגן, דאָס אויסערגעוויינלעכע יאָטל האָט איטלעכן זייער פּארינטערעסירט, און איטלעכן האָט זיך געוואָלט וויסן זײַן לעבנס־געשיכטע. נו, און די לעבנס־געשיכטע זײַנע איז געווען זייער אן איינפאכע. ער קומט ארויס פון אָרעמע אָרטגעבוירטיקע עלטערן. פון קליינווײַז אוף האָט מען אים אָפּגעגעבן צו א פילאנטראָפּישער געזעלשאַפט. ווי מיר האָבן שוין איינמאָל דערציילט, צייכענען זיך אויס די אווסטראליער מיט זייער גוט־מוט, זיי טראָגן ניט קיין איבעריקן האס אפ די ענגלענדער, ווי סע טוען די נאָענטע שכיינים זייערע, די נײַ־זעלאנדער. זיי באזוכן גערן די גרויסע שטעט — אדעלאידע, סידנעי, מעלבורן. דאָרטן קען מען זייער אָפט באגעגענען אפ די גאסן אָרטגעבוירטיקע לײַט אין זייער אורא‌לטער האלבנאָקעט. זיי פארקויפן אפ די מערק די אויסארבעטונגען פון זייערע קוסטארישע גע־ווערבן, — יעגערישע און פישפאנגערישע מאכשירים, געווער. אייניקע פירער פון די שוואַרצע שיקן גערן די קינדער זייערע, זיי זאָלן זיך לערנען אין די ענגלישע שולן. אזוי האָבן אויך, קענטיק, געטאָן טאַלינעטס עלטערן.

פאר די פינף יאָר, וואָס דאָס יאָטל איז אָפּגעווען אין מעלבורן, האָט עס קיין איין מאָל ניט געזען די עלטערן, און דאָך האָט די ליבע צו זיי געלעבט בא אים אין הארצן, און ווי מע האָט אים נאָר דערלויבט, אזוי האָט ער זיך גלײַך געלאָזט זוכן זײַן פאמיליע, — וואָס ווער ווייסט, צי זי לעבט נאָך ערגעץ, — און דעם שייוועט זײַנעם — וואָס ווער ווייסט, צי ער האָט זיך שוין ניט צעשפּרייט און צעזייט איבערן אווסטראלישן קאָנטינענט.

— הייסט עס, אז דו וועסט זײַן אביסל צוגאסט בא דײַנע עלטערן און דערנאָך וועסטו זיך גלײַך אומקערן קיין מעלבורן? — האָט מיסיס עלען א פרעג געטאָן.

— יאָ, מיסיס, — האָט דאָס יאָטל געענטפערט.

— און וואָס וואָלסטו וועלן זײַן, אז דו וועסט אויסוואקסן?

— איך וויל ארויסרײַסן מײַנע ברידער פון די נעגל פון דער אָרעמקייט און פארגרעבטקייט. איך וויל זיי אויסלערנען אלע זאכן. כ'וועל ווערן א לערער!

פאגאנעל איז זייער גערירט געוואָרן פון דידאַזיקע ווערטער, ער האָט

דערפילט, ווי א כוואליע הייסע סימפּאַטיע האָט בא אים א שלאָג געטאָן צום דאָזיקן יאַטל.

מיסיס עלען האָט דערוויַיל אַלץ געהאַלטן אין איין אויספרעגן אים.

— דערציייל מיר, קינד, וואָס לערנט מען דאָרט אין שול בא אייַך? — האָט זי א פרעג געטאָן.

— מיר לערנען די ביבל, מיר לערנען מאַטעמאַטיק און געאָגראַפיע.

— געאָגראַפיע?! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.

— יאָ מייַן הער, — האָט טאָלינע געענטפערט. — כ'האָב אפילו באַקומען די ערשטע פּרעמיע פאַר געאָגראַפיע, איידער ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די יאַנוואַר־קאַניקולן.

— הערסט א מייַסע?! האָסטו אפילו באַקומען א פּרעמיע פאַר געאָגראַפיע?

— יאָ, מייַן הער, אָט איז זי, — האָט טאָלינע זיך אָנגערופן און האָט אַרויסגענומען פון קעשענע א ביכל.

דאָס איז געווען א ביכל מיט א שיינעם אייַנבונד און מיט שיינע געמעלן. אויפן ערשטן בלעטל האָט זיך געשפּיגלט דערדאָזיקער אָנשריפט: „די נאָרמאַלע שול אין מעלבורן. די ערשטע פּרעמיע פאַר גוט קענען געאָגראַפיע דעם שילער טאָלינע פון לאַכלאַן".

פּאַגאַנעל איז געווען פול מיט אַנטציקונג. ער זעט פאַר זיך א קליינינקן אויסטראַליער, וואָס האָט באַקומען א פּרעמיע פאַר גוט קענען געאָגראַפיע. דאָס איז דאָך א פּראַכט! ער האָט אויסגעקושט דעם יאַטל ביידע באַקן און האָט זייער שטאָלצירט מיטן דאָזיקן שילער. קען זייַן, אז ער האָט זיך מיט אים איבערגענומען ניט ווינציקער, ווי מיסטער פּאַקסאָן, דעם יאַטלס לערער, אין דעם טאָג, ווען ער האָט צעטיילט די פּרעמיעס.

טאָלינע איז געווען זייער פאַרוווּנדערט פון דערדאָזיקער וואַרעמקייַט, וואָס פּאַגאַנעל ווייַזט אים אַרויס, אָבער עלען האָט אים גלייַך דערקלערט, אז הער פּאַגאַנעל איז א באַרימטער געאָגראַף, א פּראָפעסאָר אָפ געאָגראַפיע.

— פּראָפעסאָר אָפ געאָגראַפיע?! — האָט טאָלינע אויסגעשריגן, — וועט איר מיך עפּעס פאַרהערן, ליבער הער, איך בעט אייַך זייער.

— דיך פאַרהערן? מיט גרויס פאַרגעניגן, מייַן ליב יינגעלע. איך האָב שוין דאָס געקלערט טאָן נאָך אפילו איידער דו האָסט מיך געבעטן. מיר ווילט זיך גראָד זייער וויסן, וויאַזוי מע לערנט אין דער מעלבורנער נאָרמאַלער שול געאָגראַפיע.

— דאָס וועט זייַן שיין, הער פּאַגאַנעל, אויב ס'וועט זיך אַרויסווייַזן, אז טאָלינע קען געאָגראַפיע בעסער פון אייַך! — האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופן.

— בעסער פונעם סעקרעטאַר פון דער פראַנצויזישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט?! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן.

און ער האָט אָנגעזאָטלט אָף דער נאָז די ברילן זייַנע, ער האָט גלייַך אָנגענומען א שטרענגן אויסזען, און ער האָט אָנגעהויבן דעם עקזאַמען, ווי אן עמעסער פּראָפעסער.

— שילער טאַלינע, שטייט אויף! — האָט ער זיך אָנגערופן.

נאָר אזויווי טאַלינע איז שוין סײַווי געשטאַנען, האָט ער זיך נאָך שטאַרקער אויסגעגלײַכט און האָט אָנגענומען א מערער דערעכערעצדיקע פּאָזע.

— שילער טאַלינע, — האָט פּאַגאַנעל איבערגעכאַזערט, — רופט מיר אָן די פינף טיילן פון דער וועלט.

— אוסטראַליע, אזיע, אמעריקע, אייראָפּע, אפריקע. — האָט טאַלינע געענטפערט.

— אויסגעצייכנט. טאָ לאָמיר פון סאַמע אָנהייב א שמועס טאָן וועגן אוסטראַליע, דערפאַר, וואָס מיר געפינען זיך א ן דערדאָזיקער רעגע פונקט אף דעמדאָזיקן טייל וועלט. אף וויפל הויפּט־טיילן טיילט זיך דערדאָזיקער קאָנטינענט?

— ער טיילט זיך אף פּאָלינעזיע, מעלאַנעזיע און מיקראָנעזיע. דאָס זײַנען די סאַמע גרעסטע אינדזלען פון אוסטראַליע, זיי געהערן צו ענגלאַנד; נײַ־זעלאַנד געהער אויך צו ענגלאַנד, און טאַסמאַניע מיט די אינדזלען טשעטעם, אָקלענד, מאַקארי, קערמאַדעק, מאַקין, מאַראַקי און די איבעריקע — אלע זיי געהערן אויך צו ענגלאַנד.

— אויסגעצייכנט, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן. — נו, און נײַ־קאַלעדאָניע און די מאַרקיזער אינדזלען, און די אינדזלען פּאָמאָטו?

— דידאָזיקע אינדזלען געפינען זיך אונטער דער שוץ פון גרויסבריטאַניע.

— ווי?! אונטער דער שוץ פון גרויסבריטאַניע?! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן. — אבי מיר האָט זיך געדאַכט, אז זיי געהערן צו פראַנקרײַך.

— צו פראַנקרײַך? — האָט דאָס יאָטל פאַרכידעשט איבערגעפרעגט.

— אָט אזוי. דאָס איז שיין! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעצויגן מיט א ניגן. — איז אזוי לערנט מען אײַך, הייסט עס, אין דער מעלבורנער נאָרמאַלער שול?

— יאָ, אָט אזוי, הער פּראָפעסער. ס'איז דען שלעכט?

— ווער זאָגט דען סע שלעכט, ס'איז. אויסגעצייכנט, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — אזוי אז גאַנץ אָקעאַניע געהער צו ענגלאַנד. דאָס איז דאָך אייגנטלעך א געוויינלעכע געשיכטע. נו, איז גייען מיר ווײַטער.

בא פּאַגאַנעלן איז בעיסמײַסע געווען א האַלב־באַליידיקטער און א האַלב־פאַרווונדערטער אויסזען. דער מאַיאָר האָט אָנגעקוועלט, און דער עקזאַמען איז געגאַנגען ווײַטער.

— גייען מיר איבער צו אזיע, — האָט זיך דער געאָגראַף אָנגערופן.

— אזיע, — האָט טאַלינע געענטפערט, — דאָס איז א גרויס לאַנד, איר הויפּטשטאָט איז קאַלקוטע. די וויכטיקסטע שטעט זײַנען דאָרטן באָמבײ, מאַדראַס, מאַלאַקע, סינגאַפּור, קאָלאָמבאָ, די לאַקאַדיווישע און מאַלעדיווישע אינדזלען און אזוי ווײַטער. דאָס אלץ געהער צו ענגלאַנד.

— אויסגעצייכנט, שילער טאַלינע. און אפריקע?




פאגאנעל פארהערט דעם קלײנינקן טאָלינע געאָגראפיע

— אפריקע באשטייט פון צוויי הויפט־קאָלאָניעס: צו דאָרעם־צו גייט דער קאַפּ „די גוטע האָפענונג" מיט דער הויפּטשטאָט קאַפּשטאַדט, צו מיזרעכ־צו גייען אויכ די ענגלישע גיטער מיט דער הויפּטשטאָט סיערא־לעאָנע.

— זייער א גוטער ענטפער, — האָט זיכ פאגאנעל אָנגערופן, ס'האָט אים שוין נאָר אָנגעהויבן געפעלן ווערן די ענגליש־פאנטאסטישע געאָגראפיע. — די וויסנשאַפט איז דאָ דערפירט צו א גוואַלדיקער פינקטלעכקייט! נו, און ווי אזוי איז דאָרט מאראָקאָ, אלזשיר, עגיפּעט, — וועגן זיי איז גאָרניט דער־מאָנט אינעם בריטישן אטלאס? נו, מיילע, מירן זיי איבערלאָזן אפ שפּעטער און לאָמיר בעסער א רעד גיבן וועגן אמעריקע.

— אמעריקע, — האָט טאָלינע אונטערגעכאפּט, — טיילט זיכ אפ צאָפנדיקער און דאָרעמדיקער. אין דער ערשטער געהערן צו ענגלאנד קאנאדע, ניי־ברונסוויק, ניי־שאָטלאנד און די פארייניקטע שטאטן אונטער דעם גובערנא־טער דזשאָנסאָנס אָנפירונג.

— דער גובערנאטער דזשאָנסאָן? — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן. — אויסגע־צייכנט. בעסער קען גאָר ניט זיין. נו, און וואָס איז שייעכ דאָרעם־אמעריקע מיט איר גוויאַנע, מיט די פאלקלענדישע אינדזלען, מיטן ניי־שאָטלאנדישן ארכיפּעלאג, מיט יאמייקע, טרינידאד און אזוי ווייטער, דאָס אלץ געהער דאָכ מיסטאָמ אויכ צו ענגלאנד? נו, וואָס פאר א פראגע! אָבער זאָג נאָר מיר, טאָלינע, לאָמיכ הערן דיין מיינונג וועגן אייראָפּע, אָדער בעסער געזאָגט, דיין לערערס מיינונג וועגן דעם אָ טייל וועלט.

— אייראָפּע? — האָט טאָלינע איבערגעכאַזערט און ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין פון וואָס דער עקזאמענאטער זיינער איז אזוי צערודערט.

— יאָ, אייראָפּע, צו וועמען געהער אייראָפּע?

— אייראָפּע געהער צו ענגלאנד, — האָט דאָס יאטל געענטפערט מיט א זיכערן טאָן.

— דיין ענטפער איז פאר מיר נאָכ פריער געווען קלאָר, נאָר איכ וויל וויסן פינקטלעכער, וועלכע טיילן פון אייראָפּע גייען אריין אינעם באשטאנד פון ענגלאנדס גיטער?

— ענגלאנד, שאָטלאנד, אירלאנד, מאלטע, די אינדזלען דזשערסיי און גווערנסיי, די העברידישע אינדזלען, די אָרקאדן.

— גוט, טאָלינע, און די איבעריקע מעלוכעס? דו האָסט פארגעסן, יינגעלע, אויסרעכענען די איבעריקע מעלוכעס.

— א וועלכע, מיסטער? — האָט דאָס יאטל פארוואונדערט א פרעג געטאָן.

— שפּאניע, רוסלאנד, עסטרייכ, דייטשלאנד, פראנקרייכ.

— דאָס זיינען, מיין הער, פּראָווינצן, נאָר ניט קיין מעלוכעס, — האָט טאָלינע דערווידערט.

— פּראָווינצן!.. — פאגאנעל האָט אזש אראָפּגעכאפּט די ברילן פון דער נאָז.

— יאָ, פּראָווינצן, צום ביישפּיל, די הויפּטשטאָט פון שפּאניע היבראלטאר.

— וווּנדערלעכ! פּרעכטיק!! אויסערגעוויינלעכ!!! נו, און פראנקרייַכ? אָטאָ, איכ בין, צום בייַשפּיל, א פראנצויז, און מיר וואָלט זיכ וועלנ וויסנ צו וועמענ איכ געהער.

— פראנקרייַכ, — האָט טאָלינע רויִק געענטפערט. — פראנקרייַכ דאָס איז אנ ענגלישנ קאָלאָניע, די וויכטיקסטע שטאָט אירע איז קאלע.

— קאלע? איז ווי מיינסטו, געהער נאָכ, הייסט עס, קאלע ביז צום הייַנטיקנ טאָג צו ענגלאנד?

— פארשטייט זיכ, מיסטער.

— טאָ זאָג־זשע מיר, וואָס הייסט עס אזעלכס די וויכטיקסטע שטאָט פונ פראנקרייַכ?

— דאָס הייסט, די הויפּטשטאָט — יענצ אָרט, ווו סע געפינט זיכ דער גובערנאטער ?אָ־ד נאפּאָלעאָנ.

פּאגאנעל האָט אויסגעשאָסנ א הילכיקנ געלעכטער. טאָלינע האָט ניט פארשטאנענ, פארוואָס יענער לאכט. מע האָט אים געפרעגט, האָט ער געענטפערט אפ אלצ, וואָס בעסער קענ ניט זייַנ. ער האָט זיכ גאָר געפילט ניט איבעריק שלעכט דערפאר, וואָס ער איז געווענ זיכער אינ זייַנ גערעכטיקייַט, און ער איז נאָר געשטאנענ און געווארט אפ די ווייַטערדי?ע פראגנ.

— נו, הער פּאגאנעל, האָב איכ ניט געזאָגט, אז טאָלינע ווייסט בעסער פונ אייַכ געאָגראפיע? — האָט מאק־נאבס זיכ אויכ ניט אייַנגעהאלטנ און זיכ צעלאכט.

— איר זייַנט גערעכט, ליבער מאיאָר, ווי אלע מאָל.

— איז אָט ווי מע לערנט עס געאָגראפיע אינ מעלבורנ?! די פּראָפעסאָרנ פונ דער נאָרמאלער שול קער זיכ דאָרטנ לעבנ זייער גרינג. אייראָפּע, אזיע, אפריקע, אמעריקע, אווסטראליע, די גאנצע וועלט — אלצ געהער צו ענגלאנד. זיי דערציִענ גאנצ קונציק די אָרטגעבוירטיקע. יאָ, יאָ, טאָלינע, נאָכ איינ פראגע: ווי האלט עס דאָרטנ מיט דער לעוואָנע? זאָג מיר, ייִנגעלע, איכ וויל וויסנ, די לעוואָנע געהער אויכ צו ענגלאנד?

— די לעוואָנע וועט אינגיכנ אויכ געהערנ צו ענגלאנד, — האָט דער קלייניקער אָרטגעבוירטיקער געענטפערט מיט ווירדע.

בא דידאָזיקע ווערטער האָט פּאגאנעל זיכ אָפּגעריסנ פונ אָרט און זיכ געלאָזט לויפנ, ער איז אָפּגעלאָפנ עפּשער א פערטל מייַל פונעם לאגער און פונ דאָרטנ האָבנ זיכ געטראָגנ אהער די קנאלנ פונ זייַנ דונערדיקנ געלעכטער.

מיסטער גלענארוואנ האָט זיכ א־גראָב געטאָנ צווישנ די ביכלעכ פונ זייַנ וועג־ביבליאָטעק און ער האָט דאָרטנ אויסגעזוכט סאמאָעל ריטשארדסאָנס „לערנביכל פונ געאָגראפיע". דאָסדאָזיקע ביכל איז זייער פּאָפּולער אינ ענגלאנד און עס גיט עטוואָס פּינקטלעכערע ידיִעס וועגנ דער וועלט־געאָגראפיע איידער די מעלבורנער פּראָפעסאָרנ טוענ עס.

— נא דיר, ייִנגעלע, דאָסדאָזיקע ביכל, — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ

אָנגערופן זיי טאָלינען,— נעם עס אין היט עס אָפּ. דײַנע יעדיִעס װעגן געאָגראַ־פיע זײַנען ניט גאָר קיין פּינקטלעכע און ס'וועט ניט שאַטן דו זאָלסט זיי פאַריכטן. דאָסדאָזיקע ביכל שענק איך דיר אַלס אָנדענק פון אונדזער באַגע־געניש.

טאָלינע האָט שווײַגנדיק גענומען דאָס ביכל, ער האָט עס באַטראַכט מיט קאָפּ פון אַלע זײַטן, דערנאָך האָט ער אומצוטרויִלעך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און עס אָן כיישעק אַרײַנגעלייגט אין קעשענע צו זיך.

דערווײַל איז שוין געוואָרן נאַכט, ס'איז שוין באַלד צען אזייגער און ס'איז שוין צײַט א קלער טאָן וועגן אָפּרו. ראָבערט האָט פאָרגעלייגט דעם כאַוער זײַנעם, טאָלינע, א העלפט פון זײַן געלעגער. דער קלײנינקער אָרט־געבירטיקער האָט גערן אָנגענומען דעמדאָזיקן פאָרשלאַג.

אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען שוין מיסיס עלען און מיס מערי געלעגן אין דער בויד אָפּ זייערע געלעגערס, די מאַנצבילען האָבן זיך אויסגעבעט אין בײַדל, נאָר איינער פּאַגאַנעל האָט נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך. מע האָט נאָך א שטיק צײַט געהערט דעם געלעכטער זײַנעם, וואָס האָט פאַרשטערט דאָס געמורמל פון די אווסטראַליער קראָען.

אָפּ מאָרגן זעקס אזייגער אינדערפרי, בעשאַס די ערשטע זון־שטראַלן האָבן אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע, האָט זיך יעדערער צום אַלעם ערשטן דער־מאָנט אינעם קלײנינקן אווסטראַליער.

אָבער טאָלינע איז ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. קען זײַן, אז ס'האָט זיך אים געוואָלט אָניאָגן די דורכגעלאָזטע צײַט און עפשער האָט אים פאַרדראָסן פּאַגאַנעלס געלעכטער. קלאָר האָט קיינער ניט געוווּסט. נאָר, בעשאַס מיסיס עלען האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי געפונען בא זיך אָפּן קישן א פרישן בוקעט מימאָזעס, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט געפונען בא זיך אין קעשענע סאַמועל ריטשאַרדסאָנס געאָגראַפיע.

## דרײַצנטע קאַפּיטל

# די אַרץ־גרובנס פונעם באַרג אַלעקסאַנדער

אין 1814־טן יאָר איז סער [illegible]יעריק מערטשיסאָן, דער ווירקלעכער פּרע־זידענט פון דער קעניגלעכער געאָגראַפישער געזעלשאַפט אין לאָנדאָן, נאָך א לאַנגער צײַט דערלערנען די פראַגע, געקומען צום אויספיר, אז דער רעליעף פונעם אוראַלישן באַרג־רוקן איז שטאַרק ענלעך צום באַרג־רוקן, וואָס ציט זיך פון צ[illegible] דאָרעם לענגויס דעם דאָרעמדיקן ברעג פון אווסטראַליע.

און אזו[illegible] ס'איז באַוווּסט, אז דער אוראַלער באַרג־רוקן איז רײַך מיט אַסאַך גאָלד־[illegible]אָגנדיקע אָדערן, דערום האָט דער געלערנטער געזאָגט זיך מעשאַער געווען, אז אָט דעם קאָסטבאַרן מעטאַל קאָן מען אָפּזוכן אויך אין די אווסטראַלישע קאָרדילְיערן.

און ער האָט טאַקע קיין וואָס ניט געהאַט.

אין צוויי יאָר אַרום האָט מען אים צוגעשיקט מוסטערן פֿון דעם גאָלד־ערץ, וואָס מע האָט אָפּגעזוכט אין דעם נײַעם דאָרעמדיקן אוועלס, און ווי מע האָט נאָר וועגן דעם דערהערט, אַזוי האָבן זיך גאַנצע מאַכנעס קאָרנוואָלישע אַרבעטער אַוועקגעלאָזט קיין נײַ־האָלאַנד זוכן גאָלד.

דער ערשטער דערפֿאָלג האָט אַף אַזויפֿיל פֿאַרשיקערט דעם אוילעם, אַז דער צופֿלוס פֿון די גאָלד־זוכער איז געוואָקסן מאַמעש פֿון שאָ צו שאָ. ס׳האָבן זיך אַהערצו געלאָזט מענטשן פֿון דער גאַנצער וועלט: פֿון ענגלאַנד, פֿון אַמעריקע, פֿון איטאַליע, פֿון פֿראַנקרײַך, פֿון דײַטשלאַנד, פֿון כינע.

אָבער די ווירקלעכ־רײַכע ערץ־לאַגערס האָט מען אָפּגעזוכט ערשט דעם דריטן אַפּריל 1851 טן יאָר. אַנטדעקט האָט זיי דער גאָלד־זוכער האַרגרעוווס, און ער האָט פֿאָרגעלייגט פֿיטץ־ראָען, דעם גובערנאַטאָר פֿון סידנייער קאָלאָניע, אַז ער זאָל קויפֿן דעם פּלאַץ פֿאַר אַ שפּאָט־ביליקער פּרײַז: פֿאַר פֿינף הונדערט פֿונט סטערלינג.

דער פֿאָרשלאַג זײַנער איז ניט אָנגענומען געוואָרן, אָבער דער קלאַנג וועגן די גאָלד־גרובנס האָט זיך פֿלינק צעשפּרייט איבער אַלע געגנטן, אַזוי אַז אַ נײַער שטראָם גאָלד־זוכערס האָט זיך אַ לאָז געטאָן קיין סאָמערכיל און קיין לעניס־פּאָנד. אַזוי אַרום האָט זיך געגרינדעט די שטאָט אָפֿיר. פֿון דער אָ צײַט אָן האָט די פּראָווינץ וויקטאָריאַ אָפּגעטראָטן דעם אויבנאָן, ניט געקוקט דערויף, וואָס לויט אַלע געגעבענע און לויט דער רײַכקײַט פֿון אירע ערץ־לאַגערס וואָלט זי געדאַרפֿט שטיין אויפֿן ערשטן אָרט.

אָבער אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום, אין אויגוסט 1851־טן יאָר, האָט מען אין וויקטאָריאַ געפֿונען די ערשטע זעלטענע גאָלד־שטיקער און אינגיכן האָט מען שוין אין פֿיר קרײַזן מיטאַמאָל געפֿירט רעגולערע ערץ־באַאַרבעטונגען. די דאָזיקע פֿיר קרײַזן זײַנען געווען: באַלאַראַט, אָווענס, בענדיגאָ און דער באַרג אַלעקסאַנדער. די דאָזיקע אַלע קרײַזן זײַנען געווען זייער רײַך מיט ערץ, אָבער אַפֿן טײַך אָווענס איז, איבער דעם כאָך וואַסער, זייער שווער געווען צו פֿירן די אַרבעט. דאָסזעלבע איז אין באַלאַראַט געווען שווער צו פֿאַנאַנדערוויקלען דעם אַרויסבאַקום, אַדאַנק דער צעוואָרפֿנקײַט פֿונעם ערץ, און אין בענדיגאָ האָט דער שטיינערדיקער באָדן זייער שטאַרק געשטערט דער פֿאַנאַנדעראַרבעטונג. אַזוי, אַז בלויז דער באַרג אַלעקסאַנדער איז געווען פֿון אָנפֿאַנג גרינג און צוגעפּאַסט פֿאַרן דערפֿאָלגרײַכן גאָלד־אַרויסבאַקום. און פּונקט צו דעמועלביקן אָרט האָט די 37־טע פּאַראַלעל געבראַכט צו פֿירן דאָס הײַפֿל מענטשן, וואָס האָט געזוכט דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיך געשלעפּט איבער די שרעקלעכע וועגן, די פֿערד מיט די אָקסן האָבן זיך אויסגעמאַטערט ביז גאָר, און די מענטשן אויך ניט ווינציקער. אָבער ענדלעך האָבן די רײַזנדער דערזען פֿאַר זיך דעם פֿאַרקײַלעכדיקטן שפּיץ פֿונעם באַרג אַלעקסאַנדער. מע האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען בײַ אַ שמאָלער פֿאַרטיפֿונג, וואָס איז געלעגן צווישן ניט קיין הויכע

פֿאָרבערג, און אינגיכן האָבן זיך שוין די געפּענטעטע באַלעבאַטים געפּיטע־ט אפּן דנאָ פֿון דער פֿאַרטיפֿונג צווישן די קוואַרץ־שטיקער. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער ראיאָן פֿון דער גאָלד־ערץ־באַאַרבעטונג. בלויז אַפֿ מאָרגן, דעם ערשטן טאָג פֿונעם 1865־טן יאָר האָבן די רעדער פֿון דער בויד זיך שוין געקײַקלט איבער דעם גאָלד־טראָגנדיקן באָדן. זשאַק פֿאַגאַנעל און זײַנע כאַווערים זײַנען געוואָרן אויסער זיך, ווען זיי האָבן דערזען דעמדאָזיקן באַרימטן באַרג.

אַהער זײַנען זיך דאָך אָנגעלאָפֿן גאַנצע מאַכנעס אַוואַנטיוריסטן, גאַנאָווים און אויך ערלעכע לײַט. ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט די ידיעה וועגן דער וויכטיקער אַנטדעקונג, אַזוי האָבן אין 1851־טן יאָר די יאַם־לײַט, די אַרבעטער און ערד־אַרבעטער פֿאַרלאָזט זייערע פֿעלדער, שטעט און שיפֿן, דער גאָלד־פֿיבער איז געוואָרן אַ מין עפּידעמישע דערשײַנונג. ס'איז געווען פּונקט אַזוי אָנשטעקנדיק, ווי אַ מאַגייפֿע, און זייער אַסאַך מענטשן זײַנען אומגעקומען פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז זיי האַלטן שוין דאָס גליק אין די הענט. מע האָט אַלע געטײַנעט, אַז די ווויל־טעטיקע נאַטור האָט אין דעמדאָזיקן וווּנדערלעכן לאַנד פֿאַ־זייט אָן אַ שיר מיליאָנען און איצט איז אָנגעקומען דער טאָג פֿונעם שניט, האָבן זיך די שניטערס פֿון דער גאַנצער וועלט צונויפֿגעקליבן, קעדיי אַראָפּצונעמען די גערע־טעניש.

די מערהײַט גאָלד־זוכער זײַנען אומגעקומען, אַרבעטנדיק איבער די קוי־כעס, אָבער ס'האָבן זיך אויך געפֿונען מענטשן, וואָס זײַנען באַרײַכערט געוואָרן באַלד באַם ערשטן האַק מיטן גראָבײַזן. טויזנטער לײַט זײַנען צערויִנירט געוואָרן, אָבער וועגן דעם האָט קיינער ניט גערעדט. דערפֿאַר האָט מען יעדער דערפֿאָלג ווילד צעבלאָזן, און דער קלאַנג וועגן דעם פּלעג דערלאַנ־גען אַזש צו די סאַמע ווײַטסטע געגנטן. ־וועגן יעדער מאַטאָנע פֿונעם גורל פּלעג מען אין אַ טאָג אַרום וויסן אין אַלע פֿינף טיילן פֿון דער וועלט.

אינגיכן האָבן גאַנצע שטראָמען גאָלד־דורשטיקע מענטשן פֿאַרפֿלייצט די ברעגן פֿון אויסטראַליע. בלויז פֿאַר די לעצטע פֿיר כאָדאָשים פֿונעם 1852־טן יאָר זײַנען אַהער אָנגעקומען פֿיר און פֿופֿציק טויזנט עמיגראַנטן — אַ גאַנצע אַרמיי. אָבער אַן אַרמיי איז עס געווען אָן אַ פֿירער און אָן דיסציפּלין, אַן אַרמיי פֿון מאַראָדיאָרן, מיט איין וואָרט, פֿיר און פֿופֿציק טויזנט רויבער פֿונעם סאַמע אָפּשטויסנדיקן גראַד.

אָבער מיט דער צײַט האָבן זיך די אײַנגעשפּאַרטע ענגלענדער דערשלאָגן זייערס, און זיי זײַנען געוואָרן די באַלעבאַטים פֿון דער לאַגע. פֿון דעמלט אָן זײַנען פֿאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען. פֿאַר די אָ דרײַצן יאָר איז די אַרבעט בײַ די גאָלד־זוכונגען געוואָרן אָרגאַניזירט און סיסטעמאַטיזירט. דערצו האָט מען שוין די ערץ־גרובנס אויסגעשעפּט קימאַט ביזן גרונט, און וויאַזוי האָבן זיי געקענט ניט אויסגעשעפּט ווערן, אַז בלויז פֿאַר די יאָרן פֿונעם 1852־טן ביזן 1858־טן האָבן די גאָלד־זוכער אַרויסבאַקומען פֿון די וויקטאָריאַנישע

ארץ־גרובנס גאָלד פאר [illegible]ערע 3.107.478 פונט סטערלינג! דער עמיגראנטנ־צופלוס האָט אָנגעהויבנ אַדיייטנדיק פארקלענערט ווערנ. די גליק־זוכערס האָבנ זיכ א יאָג געטאָנ צו [illegible]רישע, נאָכ ניט אויסגעפּאָרשטע געגנטנ, אונ די „גאָלדענע פעלדער", וואָס מע האָט אינגיכנ אנטדעקט אינ אָטאהאָ אונ ארום מאַלבאָראָ אינ ניי־זעלאנד, זיינענ פארפלייצט געוואָרנ פונ טויזנטער צוויי־פיסיקע מילבנ.

ארום ע[illegible]ם אזייגער האָבנ זיכ שוינ די רייזנדער געפונענ אינ צענטער פונ די ארץ־באארבעטונגענ.

מיסטער גלענארוואנענ האָט זיכ געוואָלט באקוקנ די גאָלד־זוכונגענ אפנ בארג־אלעקסאנדר, האָט ער אויעקגעלאָזט די בויד, זי זאָל זיכ פאָרנ אפריער אונטער איירטאָנס אונ מיולרעדיס אופזיכט, אונ ער האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט זיי אינ עטלעכע שאָ ארום אָניאָגנ.

אפ פאגאנעלנ איז געוואָרנ א סימכע, ווי ער האָט נאָר דערהערט מיסטער גלענאוואנס באפעל, אונ ער האָט, ווי געוויינלעכ, גענומענ אפ זיכ די פליכטנ פונ א וועגווייזער אונ איבערזעצער.

אומעטום האָט מענ געהערט דעם גערויש פונ די מאשינעס, וואָס שווענ־קענ דורכ דאָס גאָלד־זאמד. פונ יענער זייט שטאָטישע געביידעס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די באארבעטונגענ. דאָס זיינענ געווענ אזעלכע ראכוועסדיקע ליידיקע פלעצער, ווו סע האָט געווימלט מיט ארץ־גרעבערס, וואָס האָבנ זיכ פאר־דונגענ צו פארשיידענע געזעלשאפטנ. אפ דער ערד האָט מענ געזענ א יאם מיט פארטיפערונגענ, דאָס אייזנ פונ די גראָבייזנס האָט געגלאנצט אנטקעגנ דער זונ, אונ איבער דער ערד איז געשטאנענ א פארטויבנדיקער גערויש.

צווישנ די ארץ־גרעבערס האָט מענ געקענט באגעגענענ פאָרשטייער פונ די פארשיידנסטע נאציאָנאליטעטנ.

נאָכ דעם, ווי מיסטער גלענארוואנ האָט באזוכט די וויכטיקסטע ארץ־גרובנס, האָבנ די רייזנדער זיכ אוועקגעלאָזט באטראכטנ די שטאָט־באנק. דאָס איז געווענ זייער א פיינע געביידע, מיט אנ ענגלישער פאָנ איבער איר דאכ.

דער הויפּט־אינספעקטער איז ארויסגעגאנגענ אנטקעגנ מיסטער גלענאר־וואנענ אונ האָט אים זייער שיינ אופגענומענ, דערנאָכ האָט ער מיטגענומענ אלע געסט מיט זיכ אונ ער האָט זיי באוויזנ ציקאווע מוסטערנ פונ גאָלד־טראָגנדיקנ געשטיינ, האָט זיי באוויזנ פארשיידענע עקזעמפּליארנ גאָלד־שטיקער אונ זיי דערציילט וועגנ פארשיידענע אופאַנים פונ גאָלד־ארויס־באקומ.

די רייזנדער האָבנ אויכ באקוקט דעם מינעראלאָגישנ מוזיי, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ דערזעלבער באנק. אונטער די שויפענצטער האָט מענ דאָ אופגעקליבנ פארשיידענע אויסגראָבונגענ פונ אווסטראליע. לאָזט זיכ אויס, אז גאָלד איז נאָכ ניט דאָס איינציקע רייכקייט פונ דעם לאנד. אונטערנ גלאָז פונ די שויפענצטער זיינענ געלעגנ פארשיידענע דימענטנ, בריליאנטנ, רובינענ, בלויע סאפּפירנ ז[illegible]ונ נאָכ אונ נאָכ טייערע איידלשטיינער. אפ יעדנ איז געווענ



די רײַזנדער באַקוקן דעם מינעראַלאָגישן מוזיי

אָנגעקלעפּט א קוויטעלע, וואָס האָט דערציילט וועגן דעם אָרט, ווּ דער דאָזיקער שאַצבאַרער שטיין איז געפונען געוואָרן. און נאָך גאָלר אַפּ א רעמל האָט מען פארשפּאָרט ווײַט גיין, ווײַל עס איז געלעגן אָט דאָ באַנאַנד.

מיסטער גלענארוואן האָט באַדאַנקט דעם באַנק־אינספּעקטער פאַר זײַן העפלעכקײַט, און אַז מע האָט זיך אַלע געזעגנט, האָבן זיך נאָך די רײַזנדער אַוועקגעלאָזט באַקוקן די ארץ־לאַגערן אַפן באַרג אַלעקסאַנדר.

די רײַזנדער האָבן מיט געלעכטער און מיט קאַטאָוועס־טרײַבערײַ פאָרגעזעצט דעם שפּאַציר זייערן איבער די גאָלד־גרובנס. אומעטום האָבן די ארץ־גרעבערס געאַרבעט לײַטיש, פלײַסיק אַפילע, קען מען זאָגן, אָבער אָן איבעריקער היץ.

נאָך א צווייישאָעדיקן שפּאַציר האָט פּאַגאַנעל באַמערקט א גאַנץ פּאַסיק שענקל, און האָט פאָרגעלייגט זײַנע מיטרײַזנדער, אַז מע זאָל אַהין אַרײַנגיין און זיך אָפּרוען פאַרן אומקערן זיך צום קאַראַוואַן.

באַם טיש האָבן זיי נאָך אַלץ גערעדט וועגן די ארץ־גרובנס מיט די ארץ־גרעבערס. פּאַגאַנעל איז געווען גוואַלדיק צופרידן פון דעם אַלעמען, מיט וואָס ער האָט זיך נאָרוואָס אָנגעקוקט, אָבער ער האָט געהאַלטן אין איין טײַנען, אַז דער ספּעקטאַקל איז געוויס געווען נאָך ציקאַווער אין יענער צײַט, ווען די גאָלד־זוכער, די יעכידים, האָבן זיך נאָרוואָס א נעם געטאָן צום באַרג אַלעקסאַנדר.

— אַוואַנטיוריסטן פון אַלע לענדער, וואָס זײַנען דורך דער גוואַלדיקער אָרעמקײַט פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימאַטן, האָבן זיך אַלע אַהער צונויפגענומען: דער פאַרמעגלעכער — מיטן העקל, און דער אָרעמער — מיטן מעסער. זיי האָבן דאָ געאַרבעט ווי די אומזיניקע. מע מעג מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט זאָגן, אַז קיין שום ערלעכע מי איז נאָך אין ערגעץ ניט געטאָן געוואָרן מיט אַזא מין פאַרגעניגן און מיט אַזא כיישעק, ווי דאָ באַ דער דאָזיקער אַרבעט. אַוסטראַליע האָט דעמלט געהאַט א מאָדנעם אויסזעען. די ערד איז געווען באַזייט מיט בײַדלעך, ברעזענטן, געצעלטן, הײַזקעס, ערד־שטיבלעך, שאַלאַשן פון ברעטער און פון צווײַגן. אין דער סאַמע מיט פונעם צײַטווײַליקן יישעוו איז געשטאַנען דאָס העכסטע בײַדל, ווּ דער גובערנאַטער האָט זיך געפונען. איבערן דאָזיקן בײַדל האָט געפלאַטערט די בריטישע פאָן. אַרום און אַרום האָבן זיך געפונען בלויע בײַדלעך, ווּ די פּאַרוואַלטונגס־באַאַמטע האָבן געוווינט; דערנאָך זײַנען געגאַנגען די בײַדלעך פון די געלט־בײַטערס, פון די גאָלד־הענדלערס, פון די בראָנפן־טרעגער, פון די ספּעקוליאַנטן, וואָס האָבן זיך אַהער צונויפגעקליבן פון אַלע עקן וועלט מאַכן געשעפטן דאָ, לעם דעם מאָדנעם מין געמיש פון שלעפּערישער אָרעמקײַט מיט רײַכקײַט. דידאָזיקע אַלע רויבערס זײַנען געגאַנגען אַפּ זיכער, די רײַכקײַט איז זיי אַליין געקראָכן אין די הענט אַרײַן. זיי זײַנען רײַך געוואָרן אַפן כעזשבן פון די ווילד־געוואָרענע און מיט בערד־באַוואָקסענע ארץ־גרעבערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין שמוץ און אין קויט. א פאַרטויבנדיקער גע־

רויש פון דעם עקבערן און לעכערן די ערד האָט זיך געטראָגן או˙˙, אין דער לופט האָט געהערשט א פארשטיקנדיקער רייעך פון פולנדיקע צעפוי־גערטע באלעכאָים, וועלכע קיינער האָט ניט אונטערגעקליבן; א געדיכטער שטויב האָט זיך אָפּגעזעצט אף די לונגען פון דידאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן, און ס׳איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס די שטערבלעכקייט האָט דאָ דערגרייכט זייער א הויכן פראָצענט. ווען דער קלימאט פון אויסטראליע וואָלט נאָך ניט געווען אזא געזונטער, וואָלט די טיפוס־עפּידעמיע דאָ אראָפּגענומען די עמעסע געוועטעניש. נאָר דידאָזיקע אלע מאטערנישן וואָלטן זיך פארגעסן געוואָרן, ווען יעדער גאָלד־גרעבער וואָלט זיך דאָ דערשלאָגן צו א דערפאָלג, אָבער די לאגע איז דאָ געווען א גאנצ אנדערע. אף יעדן איינעם, ווע מען ס׳האָט אָפּגעגליקט לעם דער גאָלד־זוכעריי און ער איז באררייכערט געוואָרן, האָבן זיך אָנגענומען הונדערטער, צוויי הונדערט און עפשער אלע טויזנט ארצ־גרע־בערס, וואָס זיינען אויסגעגאנגען פון נויט און פון פארצווייפלונג.

# פערצנטע קאפּיטל

## די „אויסטראלישע און ניי־זעלאנדישע צייטונג"

דעם צווייטן יאנוואר גאנצפרי זיינען די רייזנדער איבערגעפאָרן איבער דער גרענעץ פון די גאָלד־זאמד־ראיאָנען און פונעם קרייז טאלבאָט. איצט האָט די בויד זיך געקייקלט איבערן שטויביקן באָדן פונעם קרייז דאלכאָוז. ארום האלבן טאָג האָבן זיי איבערגעהאקט די טייכן קאלבאָאן און קעמפּעספּ־ריווער אונטער 144 גראד מיט 35 מינוט און 144 גראד מיט 45 מינוט לענג. די עקספּעדיציע איז שוין דורכגעגאנגען בא האלב וועג. ווען זיי גייען דורך נאָך פופצן טעג פונקט אזוי בעשאָלעם, וואָלט דער קליינינקער אָטריאד שוין דער־גרייכט צו די ברעגן פון דער טופאָלדער בוכטע.

אלע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער זיינען געווען פולקום געזונט. פּאגאנעלס יעדיעס וועגן דעם געזונטן קלימאט האָבן זיך דאָ אינגאנצן בארעכטיקט. ניט קיין פייכטקייט, ניט קיין אויסערגעוויינלעכע אומדערטרעגלעכע היץ. די פערד און די אָקסן האָבן זיך אויך געפילט אין בעסטן געזונט.

נאָך דעם צופאל לעם קעמדען־ברידזש האָט דער קאראוואן עטוואָס ־גע־ענדערט די אָרדענונג זיינע, וואָרום ווי איירטאָן האָט זיך נאָר דערוווסט וועגן די סיבעס פון דער באן־קאטאסטראָפע, האָט ער געפאָדערט, אז מע זאָל אָ:עמען געוויסע פאָרזיכטיקונג־מיטלען, וועלכע זיינען ביז איצט ניט געווען איבעריקס נויטיק.

ערשטנס, האָבן די ריימערס ניט געטאָרט קיינמאָל אָפּפאָרן וויים פון דער בויד; צווייטנס, האָט אין דער צייט פון די אָפּרו־שאָען קעסיידער געדאַרפט עמעצער שטיין אף דער וואך; דריטנס, האָט מען יעדער פרימאָרגן און יעדער אָוונט איבערגעקוקט דאָס געווער.



די בויד איז אריינגעפארן אין וואלד פון עוקאליפטן־ביימער

ס'איז גאָרניט געווען וואָס צו צווייפלען אין דעם, אז אין דערדאָזיקער פּראָווינצ האָט געאַרבעט א באַנדע, און ניט געקוקט דערויף, וואָס אומיטלבאַר האָט־דער קאַראַוואַן זיך ניט איבעריק געהאַט וואָס צו שרעקן, אָבער דאָך האָט מען בעדאַרפט זײַן גרייט צו יעדער אומגעריכטקייט.

דאָס פאַרשפּאָרט מען אויך דערציילן, אז די אַלע אָנגענומענע פאָרזיכ־טיקונג־מיטלען האָבן זיך געטאָן אָן דעם ווייסן פון מיסיס עלען און מיס מערי, ווײַל מיסטער גלענאַרוואַן האָט ניט געוואָלט יענע זאָלן זיך פילן עט־וואָס אומרויִק.

די רײַזנדער האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַנדלט זייער ריכטיק, מע האָט געמוזט זײַן גרייט צו יעדער צופעליקער באַגעגעניש, וואָרום פאַר יעדער אומפאָרזיכטיקייט און פאַר איבעריקער זיכערקייט האָט מען נאָך געקענט צו טײַער באַצאָלן.

אגעו..., דאַרף מען זאָגן, אז ניט נאָר מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך באַאומ־רויִקט וועגן דער באַנדע, נאָר אויך אין די באַגעגנטע יִישוּווים און אף די סטאַנציעס האָבן די סקוואַטערס מיט די איבעריקע אײַנוווינער אָנגענומען גע־וויסע פאַרטיידיקונג־מיטלען אין פאַל פון אן אָנפאַל. די הײַזער פלעגט מען אף באַנאַכט פאַרשפּאַרן, די הינט פלעגט מען אָפּלאָזן פון די קייטן; די פּאַס־טעכער, וואָס פלעגן פאַרטרײַבן אף באַנאַכט די טשערעדעס פי אין די קושאַ־רעס אַרײַן, זײַנען אַלע געווען באַוואָפנט מיט קאַראַבינען און אזוי ווײַטער.

די קאָלאָניאַלע מאַכט האָט זיך אויך א רודער געטאָן, מע האָט אוועקגע־שיקט איבער די ראַיאָנען גאַנצע מאַכנעס אָרטגעבירטיקע זשאַנדאַרמעריע, דעם טעלעגראַף האָבן אָפּגעהיט מיליטערישע טיילן. פריִער פלעגן די פּאָסט־וואָגנס פאָרן איבער די פאַרלאָזענע וועגן אָן שום באַוואַכונג, און איצטער האָט מיסטער גלענאַרוואַנס אָטריאַד, באַם איבערהאַקן דעם ברוקירטן וועג, וואָס גייט פון כילמאָר קיין כיטקאָט, זיך באַגעגנט מיט א פּאָסט־וואָגן, וואָס איז דורכגעלאָפן אײַנגעהילט אין א וואָלקן שטויב, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט דאָרטן גלײַך באַם רקט אינעווייניק באַוואָפנטע פּאָליצייער.

באַ א מײַל פאָרעכצ פון קילמאָרער שאָסיי איז די בויד אַרײַנגעפאָרן אין א וועלדל פון גיגאַנטישע ביימער. דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער רײַזע פונעם קאַפּ בערנוילי אָן, האָט גלענאַרוואַנס אָטריאַד דערזען פאַר זיך איינעם פון יענע אויסטראַלישע וועלדער, וועלכע פאַרדעקן דאָ א שעטעך אף אסאַך גראַד.

באַ איטלעכן האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער ברוסט אן אנטציקנדיקער פרייד־געשריי; דער אויגעם האָט דערזען פאַר זיך די עווקאַליפּטן־ביימער, וואָס דערלאַנגען ביז צוויי הונדערט פוס די הייך. די ביימער האָבן אף זיך געהאַט א שוואָם־קאָרע פון וואָסערע פינף צאָל די גרעב. זייערע גלאַטע שטאַמען, וואָס האָבן געהאַט צו צוואַנציק פוס אינעם אַרומכאַפּ, האָבן זיך געהויבן אף וואָסערע פופציק פוס אינדערהייך און קיין איין צווײַגעלע אָדער קיין איין סוק האָט ניט אָנגערירט זייער אידעאַלע שלאַנקייט. ווען מע טאָקע אויס

יעדן היגן בוים אפֿ א טאָקער־ווארשטאט, וואָלט ער ניט געקענט זײַן גלאַ־
טער, ווי ער איז איצט. דער אָנהויב פֿינעם עווקאַליפּטן־וואלד האָט זיך פֿאַר־
געשטעלט פֿאַרן אויג, ווי אַן אומענדלעכע רײ פֿון אַלצײַנע קאָלאָנעס, וואָס
גײען אַוועק אינדערווײַט. גאָר, גאָר אינדערהייך האָבן דידאָזיקע קאָלאָנעס זיך
באַקרוינט מיט א הוט פֿון צווײַגן, וואָס אָפּן סאַמע שפּיץ אפֿ זייערן זײַנען
געוואַקסן בלעטער.

דער אינעם האָט זייער פֿרײַ אומגעשפּאַצירט איבער דעם אייביק גרינעם
געוועלב. די אומופֿהערלעכע לופֿט־שטראָמען האָבן ניט געלאָזט דער פֿײַכט־
קײַט זי זאָל זיך אופֿזאַמלען דאָ אינעם באָדן. די פֿערד, טשערעדעס אָקסן
און די וועגענער האָבן פֿרײַ זיך געקענט באַוועגן צווישן די ברייט־פֿאַנאַנדער־
געשטעלטעביימער. דאָ איז ניט געווען צו באַגעגענען קיין אומדורכגאַנגבאַרע
וואַלד־געדיכטעניש, אָדער קיין אומגערירטע געוואָקסנקײַטן, מיט קיין אומגע־
וואַלגערטע שטאַמען, מיט קיין געדיכטן איבערפֿלעכט פֿון פֿויזענדיקע געוויקסן,
צווישן וועלכע דער רײַזנדער קען זיך דורכשלאָגן א וועג בלויז מיט פֿײַער
און מיט אײַזן. ניין, דאָ איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדער בילד. א גרינער
טעפּיך באַם צופֿוסנס פֿון די ביימער, גרינע שירעמס פֿונויבן, א לאַנגע פֿער־
ספּעקטיוו פֿון הויכע, שלאַנקע שטאַמען, קימאַט די פֿולע אָפּוועזנהײַט פֿון
שאָטנס און קילקײַט. א מאָדנע מין באַלײַכטונג, פּונקט ווי די זון־שטראַלן
וואָלטן דאָ דורכגעגאַנגען דורך אַ שיטערן געוועב. דאָס אַלץ אינאײנעם גע־
נומען האָט צוגעגעבן דעמדאָזיקן וואַלד א מאָדנעם מין אויסזען, וואָס מע
קען בעשום־אופֿן ניט פֿאַרגלײַכן מיט די וועלדער פֿון דער אַלטער און נײַער
וועלט. דער עווקאַליפּט אָדער די „טאַרע", ווי די אָרטגעבוירטיקע ־רופֿן אים
אָן, געהערט צו דער מישפּאָכע מירטן־ביימער. דאָס, וואָס דידאָזיקע געדיכטע
צווײַגן פֿון די עווקאַליפּטן־ביימער וואַרפֿן ניט אָפּ פֿון זיך קיין שאָטן, ווערט
דערקלערט דורך דער מאָדנער אַנאָמאַליע פֿון זייער בלעטער־לאַגע. זיי זײַנען
געווענדעט צו דער זון ניט מיט זייער אויבערפֿלאַך, נאָר מיט דער זײַט. דאָס
אויג זעט דידאָזיקע אומגעוויינלעכע באַבלעטערטקײַט בלויז אין פּראָפֿיל.

אַלע רײַזנדער האָבן געווענדעט די אופֿמערקזאַמקײַט זייערע אפֿ דערדאָזיקער
מין באַזונדערקײַט פֿונעם וואַלד און האָבן זיך זייער געוווּנדערט, ווײַל
קיינער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס צו דערקלערן דידאָזיקע אויסערגעוויינ־
לעכע דערשײַנונג.

אָבער פּאַגאַנעל האָט גלײַך ארויסגעפּירט דעם אוילעם פֿונעם אומוויסנ־
צושטאַנד און האָט זיך אָנגערופֿן:

— שטעלט זיך פֿאָר, מײַנע פֿרײַנט, אז דאָס קומט פֿאַר צוליב זייער א
פּאָשעטער סיבע: אין דעמדאָזיקן לאַנד, וווּ די לופֿט איז א טרוקענע, וווּ
די רעגנס ווײַזן זיך זעלטן, וווּ דער באָדן איז אויסגעטריקנט, נויטיקן זיך
די ביימער ניט אין קיין גראַדע זון־שטראַלן און ניט אין קיין ווינט. איבער
דער פֿײַכטקײַט־אָפּוועזנהײַט זײַנען די ביימער אָרעם אין זאַפֿטן, דערום פֿאַר־
טיידיקן זיך דאָ די בלעטער פֿון איבעריקער אויסדאַמפֿונג און זיי ווענדן זיך

צו די זון־שטראַלן ניט מיט זייער גאַנצן איבערפֿלאַך, נאָר מיט דער זײַט. זעט איר שוין, אַז דידאָזיקע בלעטער באַגייען זיך זייער קלוג.

— און אין דערזעלבער צײַט זייער עגאָיסטיש, — האָט דער מאַיאָר דער־ווידערט. — זיי האָבן נאָר זיך אינזינען און זיי האָבן, קענטיק, אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז ס׳זײַנען נאָך דאָ רײַזנדער אַף דער וועלט.

אַלע האָבן פֿון טיפֿן האַרצן מסכּים געווען מיטן מאַיאָרס מיינונג, אויסער איין פּאַגאַנעל, וואָס האָט, פֿון איין זײַט, געווישט דעם שווייס פֿון שטערן און, [illegible] אַנדערער זײַט, -זיך געהאַלטן אין איין באַגריסן מיטן גליק: סטײַט [illegible] דערלעבט זען ביימער, וועלכע וואַרפֿן ניט, אָפּ פֿון זיך קיין שאָטן!

אין משך [illegible] גאַנצן טאָג האָט זיך די בויד געקײַקלט אונטער די אומענדלעכע עווקאַליפּטן־רייען. דער קאַראַוואַן האָט דעמדאָזיקן טאָג ניט באַגעגנט קיין איין לעבעדיק באַשעפֿעניש, אַפֿילע קיין פּירפּסיקס איז אין ערגעץ ניט דורכגעלאָפֿן. בלויז קאַקאַדוען זײַנען געזעסן אַף די שפּיץ ביימער, אָבער זיי האָבן זיך געפֿונען אַף אַזאַ מין הייך, אַז ס׳איז זיי שווער געווען צו זען. זעלטן־זעלטן איז צווישן די שטאַמען פֿונדערווײַטנס דורכגעפֿלויגן אַ שאַרעלע פּאָפּוגײַען, אָפּגלאַנצנדיק מיט זייער פֿילפֿאַרביקער באַפֿע־דערונג.

די טיפֿע שטילקײַט, וואָס האָט געהערשט אינעם דאָזיקן גרינעם טעמפּל, איז אָנגעריכט געוואָרן בלויז דורכן סקריפּען פֿון דער בויד, דורכן קלאַפּן פֿון די פֿערדישע טלאָען, דורך די זעלטענע ווערטער, מיט וועלכע די רײַזנדער האָבן זיך דורכגעוואָרפֿן, און דורכן געשריי, מיט וועלכן איר־טאָן פֿלעג אָפּט אונטערטרײַבן די אָקסן זײַנע.

דעם גאַנצן קומענדיקן טאָג פֿונעם דריטן יאַנוואַר איז [illegible] דעם קאַראַוואַן פֿאָרן לענגויס די סימעטרישע רייען פֿון דידאָזיקע [illegible], ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דערדאָזיקער וואַלד וועט זיך גאָר קיינמאָל [illegible] ענדיקן, אָבער דאָך האָבן צו אָוונט־צו די ביימער גענומען ווערן שי[illegible] און אין עטלעכע מײַל אַרום האָבן זיך באַוויזן אינמיטן ניט קיין־גרויסן פּליין אַ הײַפֿל ריכטיק־צעשטעלטע געבײַען.

— סיימור, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן, — דאָס איז די לעצטע שטאָט פֿון דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ, דורך וועלכער מיר פֿאָרן איצט דורך.

ס׳איז געווען אַרום צען אינאָוונט, די לעוואָנע האָט זיך שוין גענייגט צום האָריזאָנט; אירע מעשופּעדיקע שטראַלן זײַנען ניט געווען אימשטאַנד צו באַשטראַלן די אָנקומענדיקע פֿינצטערניש, און דאַן איז דער קאַראַוואַן אַרופֿגעפֿאָרן אַף די ברייטע גאַסן פֿון דער שטאָט סיימור. פּאַגאַנעל איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פֿונעם אָטריאַד מיטן זיכערן אויסזען פֿון אַ מענטשן, וואָס ווייסט שוין דאָ אַלץ אויסגעזוכט, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז דאָ, אין דערדאָזיקער שטאָט דאָס ערשטע מאָל אַף זײַן לעבן. אָבער קענטיק, אַז ער איז געפֿירט געוואָרן פֿון אַ ריכטיקן אינסטינקט, ווײַל ער האָט אָן שום אויס־

פּרעגנישן געבראַכט צו פירן דעם קאַראַוואַנג גלײַך צו די טויערן פון דעם „צאָפן־בריטישן האָטעל“.

די פערד און די אָקסן האָט מען אָפּגעפירט אין פערד־שטאַל, די בויד האָט מען אונטערגעשטעלט אונטער א שאָפּ, און די רײַזנדער האָבן געקריגן גאַנץ פײַנע צימערן פאַר זיך. ארום צען אזייגער אינאָוונט זײַנען שוין אַלע געזעסן באַם דעם אָוונט־ברויט און זיך געלאָזט װוילגײן. ערשט דאַן, ווען מיסיס עלען און מיס מערי האָבן פאַרלאָזט דעם עס־צימער און זײַנען אַוועק צו זיך אין די צימערן, האָט דער מאַיאָר פאַרהאַלטן די כאַווײרים זײַנע און זיך צו זײ אָנגערופן:

— הערט זיך אײַן: מע ווייסט שוין, ווער ס׳ זײַנען די שולדיקע אינעם פאַרברעכן אױף דער סענדהאָרסטער אײַזנבאַן.

— און מע האָט זײ שוין אַרעסטירט? — האָט זיך אָפּגערופן דער ערשטער אָנגעכאַפּט.

— ניין, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט מיט זײַן געוויינלעכער רויִקייט.

— א שאָד, — האָט אָפּגערופן דער [illegible] צוגעגעבן.

— ווער־זשע זײַנען די שולדיקע? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— נאָט לייענט, — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן און דערלאַנגט גלענאַרוואַנען אַן עקזעמפּליאַר פון דער „אויסטראַלישע נײַ־זעלאַנדישע צײַטונג“. — אז איר וועט איבערלייענען, וועט איר זען, וויאַזוי דער פּאָליציי־אָפּיצער האָט ניט געגרײַזט דאַן, בעשאַס ער האָט מיט אײַך גערעדט.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט איבערגעלייענט אינדערהייך די פאָלגנדיקע ידיעה:

„סידנעי, 2־טער יאַנוואַר 1866־טן יאָר. אַלע קענען, זיכער, געדענקען דעם אומגליק־פאַל, וואָס איז פּאָרגעקומען דעם 29־טן אַנטקעגן דעם 30־טן דעקאַבער פאַריקן יאָר באַ קעמדען־ברידזש, וואָסערע פינף מײַל פון דער סטאַנציע קעסטלמען, אױף דער אײַזנבאַן־ליניע מעלבורן־סענדהאָרסט. דער עלף־אזייגערדיקער עקספּרעס, וואָס האָט זיך געיאָגט מיט פולן דאַמף, איז אַראָפּגעפאַלן אינעם טײַך ליוטאָ, דערפאַר, וואָס דער בריק איז דאָרט געווען געעפנט.

דאָס, וואָס די לעבן־געבליבענע פאַסאַזשירן זײַנען באַרויבט געוואָרן, און דאָס, וואָס מע האָט נאָך דערדערנאָך געפונען א האַלבן מײַל פון קעמדען־ברידזש דעם וועכטער א געהרגעטן, דאָס אַלץ האָט איידעס געזאָגט, אז די קאַטאַסטראָפע איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון בײזוויליקייט.

און ווירקלעך, דער געריכט־אויספאָרשער האָט אויסגעפונען, אז דעם פאַרברעכן זײַנען באַגאַנגען א באַנדע קאַטאָרזשניקעס, וואָס זײַנען מיט זעקס כאָדאָשים צוריק אַנטלאָפן געוואָרן פון דער פּערטער טפיסע, וואָס אין דאָרעם־אויסטראַליע. די באַנדע באַשטייט פון נײַן און צוואַנציק מאַן, אין דער שפּיץ מיטן אַטאַמאַן בענ[illegible] — א פאַרביסענער פאַרברעכער, וואָס איז ניט לאַנג אַראָפּגעקומען קײַן [illegible]ליע.

דער מאכט האָט זיך נאָך דערוויַיל ניט איַינגעגעבן צו פארהאלטן דידאָ־
זיקע באנדע. דערום רעקאָמענדירן מיר די שטאָטישע איַינוווינער, די פערמעס־
קאָלאָניסטן און די סקוואטערס, אז זיי זאָלן אָנעמען די אנטשפּרעכנדיקע
פאָרזיכטיקונג־מיטלען און זיי זאָלן צוזויסן געבן דער מעלבורנער פּאָליציי־
פארוואלטונג אלץ, וואָס סע קען נאָר מיטהעלפן דעם דערפאָלג פונעם אויס־
שפּיר.

ד. פּ. מיטשעל״.

אז מיסטער גלענארוואן האָט געענדיקט דאָס לייענען, האָט זיך מאק־נאבס
אויסגעקערעוועט צום געאָגראף און זיך אָנגערופן:

— זעט איר שוין, הער פּאגאנעל, אז אין אויסטראַליע זיַינען יאָ דאָ
קאטאָרזשניקעס.

— זיַינען דאָך עס אנטלאָפענע! — האָט פּאגאנעל געענטפערט, — און איך
האָב גערעדט וועגן פארשיקטע. יענע דערלויבט מען בעשומויפן ניט זיי
זאָלן זיך דאָ אופהאלטן.

— וואָס איז דער אונטערשייד, צי אנטלאָפענע, צי פארשיקטע, — האָט
מיסטער גלענארוואן באמערקט, — וויכטיק איז דער פאקט, אז זיי זיַינען דאָ
פאראן. כאָטש איך וואָלט וועלן, אז דערדאָזיקער טרויעריקער פאקט זאָל
זיך אין קיין פאל ניט אָפּרופן אף אונדזער ריַיזע. ווי קוקט איר דערויף,
דזשאָן?

דער יונגער קאפּיטאן האָט זיך א וויַילע געקווענקלט: פון איין זיַיט, האָט
זיך אים ניט געוואָלט באטריבן דעם קאפּיטאן גראנטס קינדער מיטן פאָר־
שלאג — אָפּצולייגן די זוכענישן אף צו געפינען דעם פאָטער זייערן. און פון
דער צווייטער זיַיט — האָט ער מוירע געהאט ריזיקירן מיט דער עקספּעדיציע.

— ווען מיסיס גלענארוואן און מיס גראנט זאָלן מיט אונדז איצט ניט
פאָרן, — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן, וואָלט איך זיך פאר די אויסוווּרפן
ווינציק וואָס אָפּגעשראָקן.

מיסטער גלענארוואן האָט פארשטאנען, וואָס דער יונגער מענטש מיינט, און
ער האָט צוגעגעבן:

— איך האלט אייך אזוי, אז די זוכענישן אונדזערע דארפן בעשומויפן ניט
אָפּגעשטעלט ווערן; מע דארף נאָר, אזוי ווי מיר האָבן מיט זיך אונדזערע
מיטריַיזנדערנס, באהאנדלען די פראגע, צי וואָלט עפשער בעסער געווען מיר
זאָלן זיך לאָזן אלע קיין מעלבורן, זיך דאָרטן אופזעצן אף אונדזער יאכט־שיף
און דורכפאָרן מיטן יאם איבערן מיזרעכדיקן ביַיברעג־פאס צום אָרט, וווּ
„בריטאניע״ איז אומגעקומען. וואָס זאָגט איר דערויף, מאק־נאבס?

— מיר וואָלט זיך וועלן, — האָט דער מאיאָר געענטפערט, — פריִער אויס־
הערן איַירטאָנס מיינונג.

דער געוועזענער באָצמאן האָט מיטן בליק זיך אָנגעפרעגט בא מיסטער
גלענארוואנען אף א דערלויבעניש און זיך גליַיך אָנגערופן:

— מײַן מיינונג, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — איז אזא: מיר געפֿינען זיך וואָסערע צוויי הונדערט מײַל פֿון מעלבורן. און די געפֿאר, אויב זי עקזיס־טירט נאָך, איז זי אַן אַלצייניגע סײַ אַפֿן וועג צו דאָרעם, סײַ אַפֿן וועג צו מיזרעך. ביידע וועגן זײַנען פֿארלאָזט און געפֿערלעך. לויט מײַן מיינונג, דארפֿן מיר — אַכט גוט־באוואָפֿנטע און אנטשלאָסענע לײַט — זיך ניט אָפּשרעקן פֿאר קיין דרײַסיק בייזוויליקע פֿארשוינען. און אויב קיינער וועט ניט פֿאָרלייגן קיין בעסערס, זאָג איך זיך ארויס דערפֿאר, אז מיר זאָלן פֿאָרזעצן דעם וועג אונדזערן.

— ריכטיק, אײַרטאָן, — האָט זיך פּאגאנעל אָנגערופֿן, — באַם פֿאָרזעצן דעם וועג אַפֿ מיזרעך קענען מיר זיך נאָך אָנשטויסן אַפֿן קאַפּיטאַן גראַנטס שפּורן אויך, אָבער זיך לאָזנדיק אַפֿ צאָפֿן, ווערן מיר אָן דידאָזיקע מעגלעכקײַט. איך בין מאַסקים מיט אײַרטאָנען און איך האַלט, אז ערלעכע מענטשן האָבן זיך ניט וואָס אָפּצושרעקן פֿאר קיין אַנטלאָפֿענע קאַטאָרזשניקעס.

גלענאַרוואַן האָט געשטעלט די פֿראַגע צום אָפּשטימען, און אַלע האָבן איינשטימיק געשטימט פֿאר דעם, מע זאָל פֿאָרזעצן די רײַזע אין דערזעלביקער ריכטונג.

— איין באַמערקונג, סער, — האָט זיך אײַרטאָן אָנגערופֿן אין דער מינוט, ווען דער אוילעם האָט זיך שוין געקליבן פֿאַנאַנדערגיין איבער די צי־מערן.

— ביטע, אײַרטאָן.

— עפּשער איז שוין צײַט אָפּגעבן א באַפֿעל, אז „דונקאַן" זאָל זיך אוועק־לאָזן צום מיזרעכדיקן ברעג?

גלענאַרוואַן האָט א קוק געטאָן אַפֿן קאַפּיטאַן פֿון דער יאַכט־שיף.

יענער האָט געענטפֿערט:

— ס'איז נאָך ניט קעדײַ. דאָס וועלן מיר ניט פֿארשפּעטיקן אפילע דאַן, ווען מיר וועלן אָנקומען צו דער טופֿאָלדער בוכטע. אָבער דערפֿאר, אויב וועלכע ניט איז [illegible]ספּאָרויסגעזעענע אומשטענדן וועלן אונדז צווינגען זיך אומקערן צ[illegible] קיין מעלבורן, וועט אונדז שטארק האַנאָע טאָן, אז מירן דאָרט [illegible]קאַנען". אויסער דעם, קער נאָך די שיף שטיין אַפֿ רעמאָנט, דערום האַלט [illegible], אז אָפּגעבן אַזעלכע באַפֿעלן איז נאָך פֿריצײַטיק!

— גוט, — האָט אײַרטאָן געענטפֿערט און זיך שוין מער ניט געשפּארט.

אַפֿ מאָרגן האָט דער קליינינקער אָטריאַד דערגאַנצט אַביסל די געווער־רעזערוון און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, אָנגעבריים צו אַלערליי אומגע־ריכטקײַטן.

אין א האַלבער שאָ ארום נאָך דעם, ווי די לעצטע הײַזער פֿון סיימור זײַנען פֿארשווונדן געוואָרן, איז דער אָטריאַד ווידער אַרײַנגעגאַנגען אין אַן עווקאַליפּטן־וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן ווײַט צו מיזרעך־צו.

א גאַנצן טאָג האָט זיך די פֿור געשלעפּט צווישן די אייניאַרטיקע הויכע שטאַמען, און צו אָוונט־צו, ווען זיי זײַנען דורכגעגאַנגען לענגויס די גרע־

נעצנ פונ דער ענגלעזי־גראפשאפט, האָט דער קאראוואנ איבערגעהאקט דעמ 146־טנ מערידיאַנ אונ זיכ אָפּגעשטעלט נעכטיקנ אפנ גרענעצ פונ דעמ קריַיז מיאָריי.

## פופצנטע קאפיטל

# „זעט, א מאלפע!"

אפ מאָרגנ דעמ פינפטנ יאנוואר זיַינעג די רײַזנדער ארופגעטראָטנ אפ דער ראכוועסדיקער טעריטאָריע פונעמ קריַיז מיאָריי. דערדאָזיקער פארלאָזענער, ווינציק־באַזעצטער קריַיז ציט זיכ ביז דעמ העכסטנ באריער פונ די אוסטראלישע אלפנ. די ציוויליזאציע האָט נאָכ ניט באוויזנ אימ צו פאנאנדערטיילנ אפ גראפשאפטנ מיט שארפ־באצייכנטע גרענעצנ. דאָס איז די סאמע טויבסטע פראָווינצ, וואָס וועט זייער זעלטנ באזוכט.

דידאָזיקע געגנט ווערט באצייכנט אפ די ענגלישע מאפעס מיט פאָלגנדיקע כאראקטערישע ווערטער: „א צוכט־פלאצ פאר שווארצע מענטשנ". אהערצו האָבנ די קאָלאָניסטנ אפנ גראָבסטנ אויפנ אָפּגעשטויסנ די אָרטגעבוירטיקע. מע האָט איבערגעלאָזט פונ זייערטוועגנ אינ די וויַיטסטע סטעפעס צווישנ די אומדורכגאנגבארע וועלדער עטלעכע כאלאָקים ערד, ווו די אוסטראליישע ראסע דארפ צוביסלעכוויַיז אינגאנצנ אויסשטארבנ. יעדער וויַיסער, מעג ער זיַינ א קאָלאָניסט, אנ עמיגראנט, א האָלצהעקער אָדער א פיציכטלער, האָט ער די רעכט איבערצוגיינ די גרענעצנ פונעמ דאָזיקנ צוכט־פלאצ. אָבער די שווארצע באפעלקערונג האָט ניט קיינ שומ רעכט צו מאכנ קיינ איינ טראָט אפ איבערצוטרעטנ דעמדאָזיקנ פאס.

פאגאנעל האָט לאנג גערעדט אפ דערדאָזיקער טעמע. ער איז געוועזנ צערודערט אונ האָט פונ צעטראָגנקיַיט געמאכט מיט די הענט. לויט זיַינ מיינונג, האָט די בריטישע קאָלאָניאלע פּאָליטיק פארורטיילט אפ בעהאדראָגעדיקנ אויסשטארבנ די אָרטגעבוירטיקע שוואָטימ, שוינ ניט ריידנדיק וועגנ דעמ, וויאַזוי מע האָט זיי אפנ גראָבסטנ אויפנ ארויסגעשטויסנ פונ די ערטער, ווו זייערע עלטערנ אונ אורעלטערנ האָבנ געלעבט. דידאָזיקע אכזאָריעס פונ די בריטישע קאָלאָניסטנ וויַיזט זיכ ארויס אינ אלע ענגלישע קאָלאָניעס אונ באזונדערס דיַיטלעכ איז עס צו מערקנ דאָ, אינ אוסטראליע.

די ערשטע ציַיט פונ קאָלאָניזירנ דעמדאָזיקנ טייל וועלט האָבנ די פארשיקטע, ווי אויכ די קאָלאָניסטנ, געקוקט אפ די אָרטגעבוירטיקע פונקט ווי אפ ווילדע כיַיעס. זיי האָבנ געפירט אפ זיי געיעג, זיי האָבנ טעראָריזירט די באפעלקערונג זייערע; די יוריסטנ פונ דער קאָלאָניע האָבנ געזוכט צו דערוויַיזנ, אז די אוסטראלישע אָרטגעבוירטיקע זיַינעג ניט קיינ מענטשנ, אונ דעריבער זאָל דער מאָרד ניט פארעכנט ווערנ פאר קיינ פארברעכנ. די סידנייער צייַטונגענ האָבנ געפריידיקט א ראדיקאל מיטל, וויאַזוי פאָטער צו ווערנ פונ

די שוואַטים, וואָס וווינען אַרום דער אָזערע הונטער, — מע זאָל פאַרטאַמען די וואַסערן פון דערדאָזיקער אָזערע.

די ענגלענדער האָבן, ווײַזט אויס, די ערשטע צײַט געהאַלטן די מאַסן־אויסראָטונג פון די אָרטגעבוירטיקע אַלס דעם ריכטיקסטן מאָסמיטל פאַר בע־סערער קאָלאָניזירונג. זיי האָבן אַרויסגעוויזן די גרויזאַמסטע אַכזאָריעס, זיי פלעגן זיך פירן אין אַוסטראַליע, פונקט אַזוי ווי אין אינדיע, וואָס האָט גע־מוזט אָפּצאָלן מיט פינף מיליאָן לעבנס פאַרן קאָוועד צו ווערן אַ בריטישע קאָלאָניע, אָדער ווי אין דער קאַפּישער קאָלאָניע, וווּ ס'זײַנען פון דער מיליאָ־ניקער האָטענטאָטישער באַפעלקערונג איצט איבערגעבליבן ווינציקער פון הונ־דערט טויזנט מאַן. און דערום האָט אויך די אָרטגעבוירטיקע באַפעלקערונג פון אַוסטראַליע, באַם פאַרלירן די רעכט צום עקזיסטירן, געגומען באַשפּרייטן מיט אירע טויטע קערפּערס דעם וועג צוליבן זיגרײַכן אָנקום פון דער „ציוויי־ליזאַציע“ און געגומען גיין אַפן וועג פון פולשטענדיקער אויסשטאַרבונג.

סײַ גלענאַרוואַן, סײַ דער מאַיאָר און סײַ דזשאָן מאַנגלס האָבן ניט דער־ווידערט פאַגאַנעלן, וואָרום ווען זיי זײַנען אַפילו רייַנע ענגלענדער, וואָלטן זיי א״יך ניט געהאַט מיט וואָס צו פאַרטיידיקן זייערע לאַנדסלײַט, וואָרום צו פינקטלעך און צו אומבאַשטרײַטבאַר זײַנען געווען די פאַקטן, וועלכע דער געלערנטער האָט אָנגעוויזן.

— וואָסערע פּוּפציק יאָר צוריק, — האָט פאַגאַנעל צוגעגעבן, — וואָלטן מיר דאָ, אַפּ אונדזער וועג, באַגעגנט אָן אַ שיר אָרטגעבוירטיקע שוואַטים, און איצט, ווי איר זעט, האָבן מיר נאָך ניט באַגעגנט אַפילו קיין איינעם. אין הונדערט יאָר אַרום, ביז איך אײַך אָרעוו, אַז אַפּן גאַנצן אַוסטראַלישן קאָנ־טינענט וועט ניט בלײַבן קיין איין פאָרשטייער פון דער אָרטגעבוירטיקער ראַסע.

און ווירקלעך, דער צוכט־פּלאַץ איז דאָ געווען אינגאַנצן מענטשנלאָז, אינערגעץ איז ניט געווען צו באַגעגענען אַפילו קיין שפּור פון קיין לאַגער אָדער פון קיין הײַזקע, די ליידיקע פליינען האָבן זיך געגרעניעצט מיט די אומגערירטע וועלדער.

וואָס ווײַטער איז דער אויסזען פון דער געגנט געוואָרן אַלץ ווילדער און ווילדער, די רײַזנדער זײַנען שוין געווען גרייט צו טראַכטן, אַז קיין איין לעבעדיקע באַשעפעניש, — ניט קיין מענטש, ניט קיין כײַע — באַזוכן קיינמאָל ניט די־דאָזיקע פאַרוואָרפענע באַצירקן, נאָר פּלוצים האָט זיך ראָבערט אָפּגע־שטעלט פאַר אַ גרופּע עוקאַליפּטן־ביימער און האָט אויסגערופן:

— זעט נאָר, אָט אָ, ס'איז מאַלפּע סע שפּרינגט אַרום!

און ער האָט באַוויזן אויף אַ גרויסער שוואַרצער באַשעפעניש, וואָס שפּרינגט פון צווײַג צו צווײַג און פון בוים צו בוים מיט אַן אומגעזעענער שנעלקײַט. צי האָט די נאַטור אין דעמדאָזיקן וווּנדערלעכן לאַנד, וווּ ס'איז אַלץ אַזוי אויסערגעוויינלעך און נײַ, באַשאָנקען די מאַלפּעס מיט פליגלען?

די בהמה האָט זיך אָפּגעשטעלט, און אַלע האָבן געגומען נאָכקוקן דער כײַע, וואָס האָט זיך זייער שנעל דערווײַטערט אַהינצו טיפער אין וואַלד

אַרײַנ. אינגיכנ האָט זיכ דידאָזיקע באַשעפעניש אַראָפּגעלאָזט אַראָפּ און איז בליצ־שנעל דורכגעלאָפנ עטלעכע מעטער איבער דער ערד, דערנאָכ האָט זי זיכ אָנגעכאַפּט מיט אירע לאַנגע הענט פאַר א גלאַטנ גראָבנ שטאַמ פונ א גומי־בוימ. די רײַזנדער האָבנ זיכ בעשומויכנ ניט פאַרגעשטעלט, וויאַזוי וועט די כײַע זײַנ אימשטאַנד זיכ אופצוהייבנ איבערנ גליטשיקנ שטאַמ, וואָס איז אימ גאָר שווער אַרומצוכאַפּנ מיט די הענט, אָבער פּלוצימ האָט די באַלטע אַרויסגעכאַפּט עפּעס אַזעלכס, וואָס איז ענלעכ אַפּ א העקל, זי האָט אָנגעהאַקט קאַרבנ אַפּנ שטאַמ און איבער דידאָזיקע קאַרבנ האָט זי זייער גיכ אַרופגעקלעטערט צומ סאַמע שפּיצ.

— נו, דאָס איז שוינ גאָר אַנ אויסערגעוויינלעכער מינ מאַלפּע! — האָט דער מאיאָר אויסגעשריגנ. — עפּשער ווייסט איר, וויאַזוי רופט מענ זי?

— דידאָזיקע מאַלפּע רופט מענ רייִנראַסיקער אַווסטראַליער, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.

דעמ געאָגראַפס מיטרײַזנדער האָבנ אפילע ניט באַוויזנ בא דידאָזיקע מאָדנע, אומגלויביקע ווערטער א קנייטש צו טאָנ מיט די אַקסלענ, ווי ס'האָבנ זיכ פּלוצימ פונ ערגעצ דערהערט אַזעלכע גאָרגל־געשרייענ, וואָס מיט אונדזערע קלאַנגענ וואָלטנ מיר זיי, אַנ ערעכ, געקענט איבערגעבנ אַזוי: „קאָאָ־עכ! קאָאָ־עכ!" — אַזוי האָט מענ ערגעצ געשריגנ אינדערנאָענט. אײַרטאָנ האָט א בײק געטאָנ מיטנ שטעקנ די אָקסנ, און אַז די רײַזנדער זײַנענ דורכגעפאָרנ וואָסערע הונדערט שפּאַנ, האָבנ זיי זיכ אומגעריכט אָנגעשטויסנ אַפּ א לאַגער פונ די אָרטגעבירטיקע.

ס'אַרא טרויעריק בילד דאָס איז געווענ! וואָסערע צענ ביידלעכ צונויפגעבייטע פונ פּאַסנ ביימער־קאָרע זײַנענ געשטאַנענ אַפּ דער הוילער ערד.

וואָסערע דרײַסיק פאַרשוינ מענער, פרויענ און קינדער זײַנענ געווענ אָנגעטאָנ אינ צעשמאַטעוועטע קענגורו־פעלנ. ווי זיי האָבנ נאָר דערזענ די בויד, איז די ערשטע באַוועגונג זייערע, וואָס זיי האָבנ געמאַכט, געווענ ווי אַפּ אופצושפּרינגענ און אַנטלויפנ. אָבער די עטלעכע ווערטער, וואָס אײַרטאָנ האָט א זאָג געטאָנ אַפּ אַנ אומפאַרשטענדלעכנ דיאַלעקט, האָט זיי טייקעפּ באַרויִקט.

די אָרטגעבירטיקע האָבנ געהאַלטנ פונ פיר ביז פינפ פוס די הייכ, דער קאָליר זייערער איז געווענ ניט קיינ שוואַרצער, נאָר ער האָט מערער דערמאַנט אינ אַלטער סאַזשע; קרײַזלדיקע האָר, לאַנגע הענט, אופגעפּוישטע בײַכער, די קערפּערס זייערע זײַנענ געווענ טאַטוירט און צעקאַרבט מיט אָנשניטנ, וואָס זײַנענ געמאַכט געוואָרנ אינ די שאָענ, ווענ זיי פּלעגנ באַגראָבנ זייערע טויטע.

לויט עלענס ביטע, האָט מיכטער גלענאַרוואַנ באַפוילנ אָלבינעטנ, ער זאָל צעטיילנ די אָרטגעבירטיקע אַביסל שפּײַז. זיי האָבנ, קענטיק, גלײַכ פאַרשטאַנענ דעמ באַפעל זײַנעמ און זייער דאַנקבאַרקײַט איז געווענ אַזוי גרויס, אַז זי האָט געקענט רירנ אַפילע דעמ כאַמע האַרטסטנ מענטשנ.

מיסטער אָלבינעט האָט, אלס דערצויגענער מאנצפארשוינ, געוואָלט פריִער אָנהאָדעווענ די פרויענ, אָבער יענע אומגליקלעכע באשעפענישנ האָבנ ניט דערוועגט זיכ צוצורירנ צו דער שפײַז פריִער, אײדער זײערע צאָרנדיקע מענער וועלנ זיכ אָנעסנ. אונ די מאנצבּלעכ האָבנ זיכ טאקע ארופגעוואָרפנ מיט גרויס זשעדנעקײַט אפ די פענעצנ אונ אפנ געטריקנטנ פלײש.

ווי די אָרטגעבּירטיקע האָבנ אָפגעגעסנ, אזוי האָט זיכ צווישנ זײ מיטאמאָל אָנגעהויבּנ עפּעס א מאָדנער מינ גערודער, זײ האָבנ אָנגעהויבּנ ארויסגעבּנ מאָדנע מינע געשרײענ, זײ זײַנענ זיכ פאנאנדערגעלאָפנ אינ פארשײדענע זײַטנ, יעדערער האָט אופגעכאפּט זײַנ שטיק געווער.

מיסטער גלענארוואנ האָט בּעשומויפנ ניט געקענט פארשטײנ, וואָס פּע קומט דאָ מיט זײ פּאָר.

— איר האָט אזויפיל צײַט פארבּראכט צווישנ די אווסטראַלײער, — האָט ער זיכ אָנגערופנ צו אײַרטאָנענ, — איז עפשער וואָלט איר אונדז דערקלערט, וואָס איז עס מיט זײ פּלוצימ געוואָרנ אזעלכס.

— די שפּראכ זײערע קאָנ איכ ניט, ווײַל דאָ זײַנענ דאָ אזויפיל לעשוינעס, וויפל שוואָטימ סע געפינענ זיכ דאָ, נאָר פונדעסטוועגנ וועל איכ א פּרווו טאָנ.

אונ נאָכ דעמ, ווי ער האָט זיכ איבּערגעוווּנקענ מיט אײנעמ פונ זײ, האָט ער זיכ אָנגערופנ:

— אויבּ איכ האָבּ קײנ טאָעס ניט, ווילנ זײ אײַכ באווײַזנ א מוסטער פונ א שלאכט, אלס דאנקבּארקײַט פאר דעמ עסנ, וואָס מע האָט זײ געגעבּנ.

אונ ווירקלעכ, אײַרטאָנ האָט טאקע זײער ריכטיק פארשטאנענ זײער קאָוואָנע. די אָרטגעבּירטיקע האָבנ אָנגעהויבּנ אָנפאלנ אײנס אפנ צווײטנ. — ס'איז גאָר שווער געווענ זיכ פאָרשטעלנ, אז די צעבּײצטקײַט זײערע איז נאָר אנ אָנשטעל, אונ ווענ אײַרטאָנ וואָרנט זײ ניט אפריִער, וואָלטנ די רײַזנדער געוויס געמײנט, אז זײ זעענ פאר זיכ אנ עמעסע שלאכט. לויט דער מײנונג פונ פיל רײַזנדער, זײַנענ די אווסטראלײער בּיכלאל געבּוירענע אקטיאָרנ, אונ דאָסדאָזיקע בּילדל האָט נאָכ, ווי מע דארפ גאָרניט בּעסער, באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ דערדאָזיקער מײנונג.

די קעמפנדיקע זײַנענ אָנגעפלויגנ אײנס אפנ צווײטנ מיט ווילדע געשרײענ, זײ האָבנ געטרײסלט בּעײסמײַסע מיט זײער געווער, אײניקע זײַנענ געפאלנ אפ דער ערד, ווי זײ וואָלטנ שוינ געווענ טויט, די איבּעריקע האָבנ ארויסגעלאָזט שנײַדיקע געשרײענ פונ זיג.

די קלוימערשטע קריג האָט געדויערט וואָסערע צענ מינוט אונ פּלוצימ זײַנענ די אָנגרײַפנדיקע אונ די זיכ־פארטײדיקנדיקע מיטאמאָל געבּליבּנ שטײנ, דאָס געווער איז בּא זײ ארויסגעפאלנ פונ די הענט, א טיפע שטילקײַט איז אָנגעקומענ אפנ אָרט פונעמ פילקוילעסדיקנ געשרײ. די אָרטגעבּירטיקע זײַנענ פארשטאָרבּנ געוואָרנ אינ א פּאָזע, אינ וועלכער זײ זײַנענ שטײנ־געבּליבּנ, ווי עמעסע לעבּעדיקע בּילדער. ס'האָט זיכ געקענט אויסדוכטנ, אז זײ זײַנענ פארשטײנערט געוואָרנ.



די קעמם־ריקע זײַנען אַנגעפלויגן איינס אַפֿן צווייטן מיט ווילדע געשרייען

וואָס זשע איז די סיבה, וואָס די קריגערס זײַנען פּלוצים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סטאַטועס?

לאָזט זיך אויס, אַז אַפּנ שפּיץ פון אַ גומי־בוים האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שאַרע קאַקאַדוען. מיט זייער פּילפאַרביקער באַפעדערונג האָבן זיי דער־מאָנט אין די קאָלירן פון עם רעגנבויגן. און דאָס איז געווען די סיבה, וואָס די אָרטגעבוירענע האָבן איבערגעהאַקט „דעם שלאַכט" אין דער סאַמע מיט.

איינער פון די אָרטגעבוירענע האָט אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ מאָדנע שטיק געווער, וואָס איז געווען אויסגעפּאַרבעט אין רויטן. ער האָט זיך אָפּגעטיילט פון די איבעריקע כוואַליעס, וואָס זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען אומבאַוועגלעך, און זיך געלאָזט צום בוים, ווּ סע זײַנען געזעסן די קאַקאַדוען. ער האָט זיך באַוועגט אַפּ פּאָרויס אָן דעם מינדסטן שאָרך, פּונקט ווי אַ שאָטן וואָלט זיך געשלײַכט. קיין איין שטיינדעלע האָט ניט קיין שורשע געטאָן בײַ אים אַפּן וועג, קיין איין טרוקן צווײַגל האָט בײַ אים קיין קנאַק ניט געטאָן.

און ווי דער ווילדער איז אָנגעגאַנגען צום בוים, אַזוי האָט ער בענעמ: אַ וואָרף די רויטע זאַך, וואָס ער האָט געהאַלטן, גלײַך אַפּ פּאָרויס. דאָס מאָדנע געווער־שטיק איז דורכגעפלויגן האָריזאָנטאַל וואָסערע פערציק פוס, דערנאָך איז עס אונטערגעפלויגן אַרופצו אונטער אַ גלײַכן ווינקל און זיך אופגעהויבן אַפּ וואָסערע הונדערט פוס און דאָרטן צעהאַרגעט בײַ אַ טוץ פייגל, דערנאָך האָט עס ווי אָנגעצייכנט אַ פאַראַבולע און איז אַראָפּגעפאַלן גלײַך צום יעגערס פיס.

מיסטער גלענאַרוואַן און זײַנע מיטרײַזנדער זײַנען געוואַלדיק איבעראַשט געוואָרן פון דערדאָזיקער זעונג, זיי האָבן גאָרניט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן.

— דאָס איז אַ בומעראַנג, — האָט זיך אײַרטאָן אָנגערופן.

— דער בומעראַנג! — האָט פּאַגאַנעל אויסגערופן, — דער אויסטראַלישער בומעראַנג.

און ער האָט, ווי אַ קינד, זיך אַ וואָרף געטאָן צום אויסגעצייכנטן געווער־שטיק, קעדיי „אַ קוק צו טאָן, וואָס סע טוט זיך דאָרט אינעווייניק".

אינדערהעמעסן האָט מען טאַקע געקענט מיינען, אַז אינעווייניק אינעם בו־מעראַנג געפינט זיך עפּעס אַ מעכאַניזם אָדער אַ פרוזשינע אַזאַ, וואָס, בעש־שאַס זי גלײַכט זיך פּלוצים אויס, מוז דאָס געווער־שטיק בײַטן די ריכטונג פון דער באַוועגונג. אָבער דאָרטן איז גאָרניט ניט געווען אַזעלכס.

דער בומעראַנג איז באַשטאַנען פון אַ גאַנצער שטיק האָלץ, וואָס איז גע־ווען פאַרבויגן בײַ איין עק. די לענג פון עם שטיק האָלץ האָט געהאַלטן וואָ־סערע דרײַסיק אָדער פערציק צאָל, די גרעב אירע אינדערמיט האָט גע־האַלטן דרײַ צאָל, און בײַ די עקן איז זי געווען פאַרשניצט. זי איז פון איין עק געווען אויסגעבויגן אַפּ אַ האַלבן צאָל און האָט געהאַט צוויי ריפּן אַפּ דער אויסגעבויגענער זײַט. דאָס געווער־שטיק אינגאַנצן גענומען איז געווען אַזוי פּראָסט, פּונקט ווי אומגלויבלעך ס'איז געווען די ווירקונג זײַנע.

— אָט וואָס פאַר אַן אויסזעען דער באַרימטער בומעראַנג האָט! — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן, באַקוקנדיק דאָס מאָדנע מינ ·געווער. — אַ פּאָשעטע שטיקל האָלץ און מער גאָרניט! אָבער פּאַרוואָס־זשע איז עס די גאַנצע צײַט גע־פֿלויגן אין דער האָריזאָנטאַלער ליניע און דערנאָך האָט עס אינעם באַוווּסטן מאָמענט זיך פּלוצים אַרופֿגעכאַפּט אַרויף און דערנאָך ווידעראַמאָל אַ פּאַל געטאָן צום באַלעבאָס פֿיס? ניט די געלערנטע און ניט די רײַזנדער האָבן עס בעשומויפֿן ניט געקענט זיך געבן צו דערקלערן.

— עפּשער איז עס ענלעך אַפֿ דער צוריקמאַכנדיקער באַוועגונג פֿון אַ רייף, וועלכע מע וואַרפֿט אַפֿ אַ געוויסן אויפֿן? — האָט דזשאָן מאַנגלס אַ פֿרעג געטאָן.

— און עפּשער גיכער, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן צוגעגעבן — אַפֿ דער צוריקמאַכנדיקער באַוועגונג פֿון אַ ביליאַרד־באַל, וועלכער קײַקלט זיך אַפֿ צו־ריק, אויב דו גיסט אין אים אַ זעץ אין אַ באַשטימטן פּונקט?

— ניין, ס'איז ניט דאָס, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט. — אין ביידע פֿאַלן, וועגן וועלכע איר רעדט, איז דאָ אַן אָנשפּאַר־פּונקט, וואָס איז באַדינגלעך פֿאַר דער צוריקמאַכנדיקער באַוועגונג. פֿאַר דער רייף — די ערד, און פֿאַרן באַל — דאָס געוואַנט פֿונעם ביליאַרד. אָבער דער בומעראַנג האָט דאָך ניט קיין שום אָנשפּאַר־פּונקט, ער רירט זיך ניט אָן אין דער ערד און פֿונדעסטוועגן בײַט ער מיטאַמאָל זײַן פֿלי־ריכטונג?

— אויב אַזוי, מיט וואָס־זשע קענט איר דערקלערן דידאָזיקע מאָדנע דערשײַנונג, הער פּאַגאַנעל? — האָט מיס מערי אַ פֿרעג געטאָן.

— איך קלײַב זיך ניט צו געבן קיין דערקלערונג, איך וועל זיך באַגרענעצן בלויז מיט קאָנסטאַטירן דעם פֿאַקט. קענטיק, אַז די גאַנצע קונץ באַשטייט דאָ אין דער פֿאָרם פֿונעם בומעראַנג און אויך אין דעם, ווי אַזוי מע טוט אים אַ שלײַדער. אָבער סײַ דאָס ערשטע, סײַ דאָס צווייטע איז דערווײַל אַ גרויסער סאָד.

און די צײַט איז זיך דערווײַל געגאַנגען. גלענאַרוואַן האָט שוין אַפּילע געטראַכט וועגן לאָזן זיך אין וועג אַרײַן, ווײַל דערדאָזיקער אָפּשטעל איז דאָך געווען אינגאַנצן ניט קיין פֿאָרויסגעזעענער, ער האָט שוין אַפּילע גע־וואָלט פֿאָרלייגן, די רײַזנדער זאָלן פֿאַרנעמען זייערע ערטער אַפֿ די זאָטלען און אין דער בויד, נאָר אין דער מינוט איז איינער פֿון די ווילדע אַ פֿאַר־סאַפּעטער אַרויסגעלאָפֿן אַהער אַפֿן וואַלד־פּליך און האָט עפּעס אַ צעהיצטער אויסגעשריגן.

— אַ־האַ, — האָט זיך אײַרטאָן אָנגערופֿן, — דאָס האָט ער אויסגעקוקט אַ קאַזואַר.

— וועט זיך, הייסט עס, ווידער פֿירן דער געיעג? — האָט מיסטער גלע־נאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— אויב אַזוי, מוזן מיר בלײַבן עס אָנקוקן! — האָט פּאַגאַנעל אויס־געשריגן. — קען זײַן, אַז זיי וועלן ווידער שלײַדערן דעם בומעראַנג, און דאָס איז זייער ציקאַווע.

— וואָס וועט איר דערופ זאָגנ, אײַרטאָנ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ א פרעג געטאָנ.

— דאָס וועט ניט לאַנג געדויערנ, — האָט יענער געענטפערט.

די אָרטגעבוירטיקע האָבנ דערווײַל ניט דורכגעלאָזט קיינ איבעריקע רעגע. דאָס געיעג אפנ קאַזואַר איז פאַר זיי זייער א וויכטיקע געשעעניש. אזא מינ געהאָרגעטער פויגל גיט זיי שפּײַז פאַרנ גאַנצנ שייוועט אפ עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, דערום שטרענגענ זיך אָנ די יעגערס, אז מע זאָל דידאָזיקע גרויס־אַרטיקע רויב ניט ארויסלאָזנ פונ די הענט. אָבער וויאַזוי קענענ זיי אָנ ביקסנ אונ אָנ הינט אָניאָגנ אונ דערהאַרגענענ אזא פלינקנ אונ געשיקטנ פויגל?

דער עמו, אָדער דער קאַזואַר, ווערט, וואָס ווײַטער, אַלץ א גרעסערע זעלטנהײַט אפ די אויסטראַלישע פליינענ. דאָס איז א קאָלאָסאַלער פויגל, וואָס האַלט צוויי מיט א האַלבנ פוס די הייך, זײַנ פלייש איז ווײַס אונ געשמאַק, ווי דאָס פלייש פונ אנ אינדיק; דער קאָפּ איז בא אים באַדעקט מיט אזעלכע האָרנ־שופנ, די אויגנ זײַנענ בא אים ליכטיק־קאַרע, דער שנאָבל א שוואַרצער אונ איז פאַרבויגנ פונ אויבנ אראָפ, די פיס זײַנענ בא אים באַוואָפנט מיט שאַרפע נעגל, די פעדערנ אפ דעם האַלדז אונ אפ דער ברוסט טונקעלע, די פליג־לענ בא אים קורצע, שוינ ניט צום פליִענ. אָבער אויב ער קענ ניט פליִענ, קענ ער דאָך גוט לויפנ, ער לויפט געשווינדער פונ יעדער מינ פערד. דערום איז אים שווער צו כאַפּנ אונ מע קענ אים נעמענ בלויז מיט קונצנ, אי דאָס דאַרפנ די קונצנ זײַנ זייער איידל געמאַכט.

לויטנ צייכנ, וואָס דער אָנגעקומענער אָרטגעבוירטיקער האָט געגעבנ, האָבנ צענ כאַווײַרים זײַנע זיך צעשאָטנ אינ א קייט, ווי א ווזוואָד סאָלדאַטנ. די קאַזוואַרנ האָבנ זיך א ווײַז געטאָנ אפנ גרויסאַרטיקנ פליינ, וואָס איז געווענ בלוי פונעם בונטנ אינדיגאָ־בליִעכץ. די רײַזנדער האָבנ זיך באַהאַלטנ אונטער די ביימער אונ האָבנ מיט גרויס אינטערעס נאָכגעקוקט נאָכנ געיעג.

ווי די יעגערס האָבנ זיך דערנעענטערט, אזוי האָבנ א שטיק זעקס פונ די קאַזוואַרנ זיך א ריס געטאָנ פונ אָרט אונ זײַנענ אָפּגעלאָפנ אנ ערעך אפ א מײַל פונדאַנענ. דער אָרטגעבוירטיקער, וואָס האָט אָנגעפירט מיטנ געיעג, האָט מיט א צייכנ באַוויזנ די כאַווײַרים זײַנע, אז זיי זאָלנ בלײַבנ שטיינ, האָבנ זיי זיך אַלע מיטאַמאָל אויסגעצויגנ אפ דער ערד, אונ דער פאַרטרײַבער האָט ארויסגענומענ פונ א געשטריקט נעצל צוויי גוט־צונויפגענייטע קאַזוואַרנ־פעלכלעך אונ ער האָט זיי גלײַך אָנגעטאָנ אפ זיך. די רעכטע האַנט האָט דער אָרטגעבוירטיקער דורכגערוקט איבערנ העלדזל פונעם פעלעכל אונ דאָס אופגעהויבנ איבערנ קאָפּ. ער האָט זייער קונציק נאָכגעמאַכט דעם גאַנג פונעם פויגל, וואָס זוכט פאַר זיך שפּײַז. דער פאַרשטעלטער קאַזואַר האָט זיך לאַנגזאַם דער־נעענטערט צו דער טשערעדע. ער האָט זיך אַלע רעגע אָפּגעשטעלט, ווי קלוימערשט ער פּיקט עפּעס אפ דער ערד, אָדער ער האָט אָנגעהויבנ שאַרנ מיט די נעגל די ערד אונ אופגעהויבנ ארום זיך א גאַנצנ וואָלקנ שטויב. דער יעגער האָט זייער קונציק נאָכגעמאַכט די טנועס פונ די עמעסע קאַזוואַרנ, ער

האט אויך נאָכגעמאכט דעם געשריי זייערן, גאָרניט צו דערקענען, אז ס'איז ניט קיין פויגל, אזוי, אז די קאזוארן האָבן אים דערלויבט אָנגיין גאָר נאָענט צו זיי. אינגיכן האָט ער זיך שוין געפינען צווישן דער טשערעדע באַלעכאַים, וואָס האָבן אים אין קיין שום זאַך ניט פאַרדאַכט. דאַן האָט ער מיטאַמאָל ארויסגעכאַפּט פון אונטער דער פעל א שטעק: און פינף פון די זעקס קאזוארן זייַנען גלייַך געפאַלן אַף דער ערד טויטע.

דער געיעג האָט זיך געענדיקט.

מיסטער גלענאַרוואַן, די רייַזנדערנס און דער גאַנצער קליינינקער אָטריאַד האָבן זיך געזעגנט מיט די אָרטגעבירטיקע.

## זעכצנטע קאַפּיטל

# די אויסטראַלישע אלפּן

די רייַזנדער האָבן רויִק דורכגעפירט די נאַכט פונעם זעקסטן יאַנוואַר און אינדערפרי האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַרייַן. דעם זעקסטן און זיבעטן יאַנוואַר זייַנען זיי געגאַנגען צו מיזרעך־צו. די שפּורן פונעם קאַראַוואַן האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן פּליין אין אַן אידעאַלער גראַדער ליניע. צוויי מאָל האָבן זיי אין מעשעך פון די פּאָר טעג איבערגעהאַקט שטעגעלעך, וואָס זייַנען דורכגעלייגט געווען דורך די טשערעדעס, וועלכע די סקוואַטערס האָבן איבערגעטריבן פון דאָרעם צו צאָפן. די שפּורן, וואָס דער אָטריאַד האָט איבערגעלאָזט, וואָלטן זיך אויסגעמישט מיט דידאָזיקע שפּורן, ווען ניט די פּידקאָווע באַ מיסטער גלענאַרוואַנס פערד, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַפן שטויביקן וועג דעם סימען פון דער בלעק־פּוינטער־סטאַנציע — דעם שטאַמפּ מיט די צוויי גראָבע דרייַבלעטל־געוויקסן.

דעם אַכטן יאַנוואַר אינדערפרי האָט אַ קאָלאָסאַלער באַריער איבערגעצוימט דעם וועג צו דאָרעם־מיזרעך. דאָס איז געווען די קייט פון די אויסטראַלישע אלפּן — אַ באַרג־רוקן, וואָס האָט זיך געצויגן פון צאָפן צו דאָרעם אַף וואָסערע אַנדערהאַלבן טויזנט מייַל. זייַנע שפּיצן פאַרהאַלטן די וואָלקנס אַף אַ הייך פון וואָסערע פיר טויזנט פוס.

דער וועג איז געוואָרן שווער, אַדאַנק דעם קאַפּריזן רעליעף פון דער געגנט, וואָס איז געווען אומעטום באַזייַט מיט בערגלעך. וואָס ווייַטער צו מיזרעך־צו, אַלץ מער איבערגעהאַקט האָט אויסגעזען די געגנט, ביז וואַנען די בערגלעך האָבן זיך ניט צונויפגעקליבן אין קיין אייַנ דורכויסיקן באַריער פון די אויסטראַליש־אלפּישע פאָרבערג. פונדאַנען איז דער וועג די גאַנצע צייַט געגאַנגען ארויף־אַ־באַרג. דאָס האָט מען שוין געקענט דערקענען אפילע אין דער אָנשטרענגונג פון די אָקסן, וואָס האָבן געשלעפּט די שווערע בויד און זיך קרעכצנדיק אָנגעשטרענגט.

ד[illegible] מאנגלס איז מיט די צוויי מאטראָסן געפאָרן אַפּ עטלעכע הונ־דערט מײַלער פאָרויס פארן אָטריאַד און האָט אומעטום געזוכט אַ בעסערן וועג. זיי פלעגן גע[illegible]ינען דורכגאנגען, אמאָל — בלויז שפאלטן צווישן ד[illegible] בערג, וווּהין די בויד פלעגט גלײַך נאָך זיי פארקערעווען.

דער וועג איז געווען שווער סײַ פאר די מענטשן, סײַ פ[illegible] די [illegible]ס, און ערטערווײַז איז ער פּאָשעט געווען געפערלעך. ניט איינמאָל פלעג אוי[illegible]־קומען ווילסאָנען מיט מיולרעדינ דורכצושלאָגן זיך מיט העק דעם וועג צווישן די געדיכטע קוסטן־באוואָקסנקייטן. די פיס פלעגן זיך גליטשן איבער דעם פײַכטן ליימיקן באָדן, דערצו פלעג נאָך אויסקומען אָנלייגן אסאך וועג אַפּ ארומצוגיין איינצקע שטערונגען — גראניט־שטיקער, יארן, פארדעכטיקע זומפּן. אזוי, אז ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס די עקספּעדיציע האָט פארן דאָזיקן גאנצן טאָג ניט דורכגעמאכט אפילע קיין האלבן גראד.

נעכטיקן האָט זיך דער קאראוואַן אָפּגעשטעלט באַם צופוסנס פונעם הויפּט־בארג אין די אלפּן אַפּן ברעג פונעם טײַכל קאָבאָנגר, וואָס איז באַ־וואקסן מיט קוסטן, שיר ניט פון פיר פוס די הייך.

— דאָ שטייט אונדז פאָר אַ שווער שטיקל ארבעט, — האָט זיך גלענאַר־וואַן אָנגערופן, אָנקוקנדיק די בארג־קייט, וואָס איז שוין געווען ארומגעהילט מיט כוישעך. — ס'איז עפּעס גרינג צו ריידן — אלפּן! דער איינער נאָמען אליין קען שוין ארויסרופן אכט צו זיי.

— אומזיסט ערגערט איר זיך, ליבער פרײַנט, — האָט זיך פאגאנעל אָנגע־רופן, — איר זאָלט זיך גאָרניט אײַנריידן, אז די אווסטראלישע אלפּן זײַנען דאָסזעלבע, וואָס די שווייצישע. אין אווסטראליע זײַנען טאקע אויך פאראַן פּירינייען, אלפּן, בלויע בערג, פונקט ווי אין איירָאָפּע און אמעריקע, אָבער דאָ זײַנען זיי גענומען אין מיניאטיור.

— הייסט עס, אז די אווסטראלישע אלפּן... — האָט מיסיס עלען אָנ־געהויבן.

— זײַנען ניט מער ווי אַ שפּילצײַג, — האָט פאגאנעל געענטפערט. — מירן זיך איבערקלײַבן איבער זיי און מירן אפילע ניט פילן, וויאזוי דאָס איז פאָרגעקומען.

דער מאַיאָר מאק־נאבס האָט, ווי זײַן שטייגער איז, אַ בייזן בורטשע גע־טאָן אַפּן געלערנטן.

אַפּ מאָרגן, דעם נײַנטן יאנוואר, האָט דער קליינינקער אָטריאַד, ניט גע־קוקט אַפּן גוטמוטיקן געאָגראפס באהויפּטונגען, איבערגעלעבט אָן אַ שיר שוועריקייטן, קלעטערנדיק אין די בערג. קיין וועג איז דאָרטן ניט געווען, אזוי, אז מע האָט געמוזט גיין גלאט אין דער וועלט ארײַן, זיך פארטיפנדיק אין די שמאָלע בארג־שפּאלטן, וואָס ווער ווייסט, צי זיי האָבן גאָר אַן אויסגאנג.

פלוצים האָט זיי אָפּגעגליקט, זיי האָבן באַ איינעם אַן אָפּקער־פונקט דערזען פאר די אויגן אַן אײַנפאָר־הויז, וואָס איז, אגעוו, געווען זייער ארומ־געריסן.

— ס׳איז שווער צו זאָגן, אז דער באַלעבאָס פונעם דאָזיקן אײַנפאָר וועט ווען אמאָל רײַך ווערן אין אָט דעם דערדאָזיקער וויסטער געגנט! — האָט פאַ־באַנעל א שפאס געטאָן. — ווער קען זיך דאָ נויטיקן אין זײַן אײַנפאָר?

— מיר נויטיקן זיך די ערשטע, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט. — מיר וועלן דאָ באַקומען אָנווײַזונגען וועגן דעם ווײַטערדיקן וועג.

און ער איז אַרײַנגעגאַנגען צוזאַמען מיט אײַרטאָנען אינעווייניק אין שטוב אַרײַן.

דער באַלעבאָס פונעם אײַנפאָר איז געווען א ווּקסיקער מאַנצפאַרשוין מיט אַן אָפּשטויסנדיקער צורה. די רויטע נאָז זײַנע האָט אײדעס געזאָגט וועגן דעם, אז ער אַליין איז געווען דער הויפּט־געבּרויכער פונעם דזשין מיטן ברענדי, מיטן וויסקי* פון זײַנע אייגענע קעלערס, די איבעריקע קליענטן זײַנע זײַנען מינאַסטאַם געווען די וואַנדערנדיקע סקוואַטערס.

דערדאָזיקער פּאַרשוין האָט זייער ניט גערן געענטפערט אף די פראַגן, וואָס מע האָט אים געגומענע פאַרגעבן, אָבער דאָך האָט זיך אײַרטאָן ווי עס איז דערוווּסט, וואָס נויטיק ס׳איז געווען, בּענעגייע דעם ווײַטערדיקן וועג. פאַרן צעצאָלן זיך האָט מיסטער גלענאַרוואַן פלוצים דערזען אף דער וואַנט א פּלאַקאַט.

דאָס איז געווען א מעלדונג פון דער קאָלאָניאַל־פּאָליציי, ווו ס׳האָט זיך דערציילט וועגן דעם, אז עטלעכע קאַטאָרזשניקעס זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן פון דער פּערטער טפיסע און מע האָט פאָרגעלייגט א באַלוינונג פון הונדערט פונט סטערלינג יעדערן, ווער עס וועט צושטעלן אין דער פּאָליציי אַרײַן בען־דזשויסן.

— ווײַזט אויס, אז דאָס איז א פאַרביסענער פאַרברעכער, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן ו אײַרטאָנען, — און אויב מע וועט אים אופּ־העננען, האָט ער דאָס ערלעך פאַרדינט.

— צוליב דעם וועט מען אים פריִער דאַרפן כאַפּן, — האָט אײַרטאָן גע־ענטפערט. — אָבער הונדערט פונט סטערלינג! דאָס איז דאָך א גאַנצער פאַר־מעגן. ער איז דען ווערט אַזויפיל געלט?

— ווי ניר שײַנט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — איז דער באַלעבאָס פונעם אײַנפאָר, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אַרויסגעהאַנ־גען דעם פּאָליציייִשן פּלאַקאַט, ניט אף קיין סאַך בעסער פון די, וועמען מע זוכט.

— איך קלער אויך אַזוי, — האָט אײַרטאָן געענטפערט.

בא דידאָזיקע ווערטער האָבן זיך מיסטער גלענאַרוואַן מיטן געוועזענעם באָצמאַן אומגעקערט צו דער בויד, און דער קאַראַוואַן האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן אין דער ריכטונג פון ליוקנאָוסער באַרג.

דער קאַראַוואַן האָט פאַמעלעכן גענומען שטײַגן אַרוף־א־באַרג. דער אופּ־

* אָרטיקע מינים ספּירט־געטראַנקען.

שטײַג איז געווען זייער א שווערער, די רײַזנדער מיט די רײַזנדערנס איז ניט איינמאָל אויסגעקומען אראָפּקריכן פֿון די פערד און פֿון דער בויד. דאָ האָט מען געדאַרפט אונטערהעלפן די אָקסן און אונטערשפּאַרן מיטן אַקסל דעם שווערן שאַראַבאַן, וואָס אָט־אָט נעמט ער זיך קײַקלען אַפּ צוריק; דאָ האָט מען אים געדאַרפט אונטערהאַלטן, ער זאָל זיך אָפּטמאָל ניט איבערקערן אין קיין אָפּגרונט אַרײַן, און דאָ איז אויסגעקומען אויסצושפּאַנען די אָקסן און זיך אַליין אײַנשפּאַנען אַפּ זייער אָרט באַ די פּלוצימדיקע אָפּקער־פּונקטן, ווו דער לאַנגער דישעל האָט געשטערט די אָקסן דורכצושלעפּן די בויד. עטלעכע מאָל האָט אײַרטאָן געפּאָדערט מע זאָל צושפּאַנען אַהערצו אַלע פערד, ניט געקוקט דערויף, וואָס די פערד גופא זײַנען שוין אויך געווען פאַרמאַטערט פֿונעם אויפשטײַג.

דעמדאָזיקן טאָג איז געפאַלן איינער א פערד, און ס'איז אפילע ניט געווען באַוווּסט די סיבע,—צי האָט זיך עס גענומען פֿון איבערגעמאַטערטקייט אָדער איבער אַנדערש וואָס. די איבעריקע פערד האָבן זיך, דוכט זיך, געהאַלטן גאַנץ נישקאָשע אין דער צײַט, ווען מיולרעדיס פערד האָט געגעבן א פאַל אַפּ א זײַט, און בעשאַס דער מאַטראָס האָט אים געוואָלט העלפן זיך אויפשטעלן אַפּ די פיס, האָט ער דערזען, אַז דאָ פערד איז שוין טויט.

אײַרטאָן איז צוגעגאַנגען צו דער אוועקגעפאַלנער כײַע, ער האָט זי באַטראַכט ווי סע באַדאַרפט צו זײַן, אָבער ער האָט אויך מיט קיין זאַך ניט געקענט דערקלערן די סיבע פֿונעם פּלוצימדיקן טויט.

— נאָט אײַך מײַן פערד, מיולרעדי,—האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן—און איך וועל זיך אוועקזעצן צו אונדזערע מיטרײַזנדערנס אין בויד אַרײַן.

מיולרעדי האָט געפאָלגט, און דער קלײנינקער אָטריאַד האָט איבערגעלאָזט דאָס געפאַלענע פערד פאַר די שפּאַרבערס־וועגן און מע האָט ווײַטער פאָרגעזעצט דעם פאַרמאַטערנדיקן און שווערן אויפשטײַג צום אַרויף־א־באַרג.

דעם עלפטן יאַנוואַר באַטאָג האָבן די רײַזנדער דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט פֿונעם באַרג־רוקן, וואָס האָט זיך געפֿונען אַפּ א הייך פֿון צוויי טויזנט פוס איבערן יאַם־ניוואָ.

פּלוצים האָט זיי אַפּן ווען געטראָפן אַזאַ גרויסער האָגל, און די רײַזנדער זײַנען גיך געצוווּנגען געווען צו באַהאַלטן זיך אונטער א פעלדז. דערנאָך, אַז דער האָגל איז איבערגעגאַנגען, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אַפּ א ברייטלעכן פּלאַץ נעכטיקן און גאַנצפרי האָבן זיי זיך אַלע מוטיק געלאָזט איבערן גרויסן אַראָפּ־א־באַרג.

צו אָוונט־צו האָט די בויד, א סקריפּענדיקע און צעטרייסלטע, אָבער נאָך אַלץ א פעסט־שטייענדיקע אַפּ אירע הילצערנע רעדער־דיסקן, בײַגעקומען דעם לעצטן אַראָפּשטײַג פֿון די אַלפּן און האָט זיך געטראָפן אין טאָל דזשינס־לענד צווישן הויכע איינזאַמע כאָסנעס. איצט האָט מען שוין אַפּ זיכער געקענט זאָגן, אַז די אַלפּן זײַנען געבליבן באַ זיי הינטער די פּלייצעס.

דעם צוועלפטן יאנוואר האָבן די רייזנדער קאיאַר זיך ווידער מיט פולן אימפעט געלאָזט אינ וועג אריין. אלע האָבן שוין געוואָלט מיט די לעצטע קויכעס צוציִען און גיכער קומען צו יענעם פונקט באַם ברעג־פאַס, וווּ „ברי־טאניע" איז צעבראָכן געוואָרן לעם די פעלדזן. בלויז דאָרט האָט מען גע־קענט האָפן אָנצוטרעפן אַ שפּור פון די קאַטאַסטראָפע־געליטענע.

איירטאָן האָט צוגערעדט מיסטער גלענאַרוואַנען, ער זאָל גלייך אָפּשיקן צו „דונקאַנען" אַ באַפעל, אַז די יאַכט־שיף זאָל אָנקומען צום אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע, קעדיי מע זאָל איינציייטיק דורכמאַכן די אויסשפּירונגען סיי אויפן יאַם, סיי אויף דער יאַבאָשע. ער האָט געטענהט, אַז קעדיי אָפּצושיקן אַ שעליִעך קיין מעלבורן, איז נויטיק אויסצונוצן די נאָענטקייט פונעם ליוק־נאָוסער וועג, און וואָס ווייטער מע וועט זיך דערנעענטערן צום ברעג־פאַס, אַלץ שווערער וועט זיין זיך דערקלייבן קיין מעלבורן.

דעם באָצמאַנס פאָרשלאָג האָט זיך געלייגט אויפן געדאַנק, און פּאַגאַנעל האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף אים גלייך אויספילן. דער געלערנטער האָט גע־טיינעט צו מיסטער גלענאַרוואַנען, אַז די אָנוועזנהייט פון דער יאַכט־שיף וועט באַדייטן יך פאַרגרינגערן די זוכע־ישן, און אויסער דעם, איז טאַקע דאָס בעסטע אָפּשיקן אַ יעדיע קיין מעלבורן בלויז דורכן ליוקנאָוסער וועג.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אַ קווענקל געטאָן, און ס'האָט שוין גע־האַלטן דערביי, ער זאָל אָפּשיקן קיין מעלבורן דעם באַפעל, אָבער דאָ האָט זיך פּלוצים אַריינגעמישט דער מאַיאָר. ער האָט דערוויזן, אַז איירטאָן מוז דאָ בלייבן מיטן אָטריאַד דערפאַר, וואָס ער קען גוט דעם ברעג־פאַס, און אויב ס'וועט טרעפן, אַז די עקספּעדיציע וועט זיך אָנשטויסן אויף האַריז גראַנטס שפּורן, וועט איירטאָן בעסער פון אַלע איבעריקע זיי קענען פירן איבער די־דאָזיקע שפּורן און, ענדלעך, האָט דער מאַיאָר דערוויזן, אַז קיינער וועט אַזוי גוט ניט קענען ברענגען די עקספּעדיציע צום אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע, ווי איירטאָן אַליין.

דזשאָן מאַנגלס האָט אויך געהאַלטן מיטן מאַיאָר, און ער האָט אים אפילע הייס אונטערגעהאַלטן. דער יונגער קאַפּיטאַן האָט דערביי נאָך צוגעגעבן, אַז פון דער טופאָלדער בוכטע וועט זיין אַסאַך גרינגער אָפּצושיקן אַ שעליִעך איידער פונדאַנען, ווייל דאָ וועט אים אויסקומען מאַכן ניט ווינציקער, ווי צוויי הונדערט מייל און עפּשער נאָך מעדער דורך אַ פאַרלאָזענער און ווילדער געגנט.

דער מאַיאָר מיטן קאַפּיטאַן האָבן אויסגעפירט און ס'איז געבליבן, אַז מע זאָל קיין זאַך ניט פירנעמען, ביז מע וועט ניט אָנקומען צו דער טופאָל־דער בוכטע. דער מאַיאָר האָט אַלע מאָל געכאַפּט אַ קוק אויף איירטאָנען און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז יענער איז מיט אים עפּעס שטאַרק נישט צופרידן. אָבער מאַקס־נאַבס האָט, ווי זיין שטייגער איז, וועגן דעם קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט. די אויספירן פון זיינע באַאָבאַכטונגען האָט ער גע־האַלטן פאַר זיך.

אפּנ וועג האָט דער אוילעם דערזענ א מישפּאָכעלע שיינפּארביקע פּאָפּר־גייעג. דער געאָגראפ האָט, ווי א קינד, זיכ צעשר׳גג און גענומענ אָנקוועלני ער האָט זיכ אזש גענומענ ציִענ מיט די הענט אהינ צו די פּאָפּוגייענ, אָבער פּלוצים האָט ער זיכ א שטרויכל געטאָנ און האָט צוזאמענ מיטנ פערד גע־געבנ א פּאל, ווי א זאק, גלייכ אפ דער ערד.

וואָס האָט זיכ עס געקענט טרעפנ מיטנ געלערנטנ? עפשער איז ער גע־פאלנ כאלאָשעס פונ דער היצ, אָדער עפשער האָט ער געכאפּט א זונענ־שלאג? אלע האָבנ זיכ גיכער א לאָז געטאָנ צו אים.

— פּאגאנעל, וואָס טוט זיכ עס מיט אייכ? — האָט מיסטער גלענארוואנ אויסגעשריגנ.

— סע טוט זיכ מיט מיר אזעלכס, מיינ ליבער פריינט, אז איכ בינ, דאכט זיכ, געבליבנ אָנ א פערד, — האָט דער געלערנטער געענטפערט און פאמעלעכנ ארויסגעשלעפּט דעם פוס פונעם קנאפּל־אייזנ.

— ווי? שוינ אייער פערד אויכ?..

— ארויס פונ סטרוי, פונקט ווי מיולרעדיס.

גלענארוואנ, דזשאָנ מאנגלס און ווילסאָנ זיינענ צוגעלאָפנ צו דער אומ־באוועגלעכער כייע. פּאגאנעל האָט קיינ טאָעס ניט געהאט, זיינ פערד איז שוינ געלעגנ טויט.

— ווי מאָדנע ס׳איז! — האָט זיכ דזשאָנ מאנגלס אָנגערופנ.

— זייער, זייער מאָדנע, — האָט דער מאיאָר א שעפּטשע געטאָנ.

גלענארוואנ איז געווענ שטארק באזאָרגט פונ דערדאָזיקער אומפּאו־שטענדלעכער געשעעניש און, ווירקלעכ, אינ דער אָ וויסטע, וווּ מע קענ מיט קיינ זאכ ניט דערגאנצנ די פארקער־מיטלענ פונ דער עקספּעדיציע, טאָ ווי וועט זיינ, אויב אלע פערד וועלנ אויספּייגערנ פונ אנ אומבאוווסטער עפּידע־מיע? ס׳וועט דאָכ ניט מעגלעכ זיינ פאָרצוזעצנ דעם וועג?!

צו אָוונט־צו האָט מענ וועגנ דער עפּידעמיע שוינ אָנגעהויבנ טראכטנ, ווי וועגנ גאָר אנ ערנסטער זאכ, ווייל האָס דריטע פערד — ווילסאָנס — איז אויכ געפאלנ פונקט אזוי פּלוצים, ווי יענע, און דאָ האָט זיכ געטראָפנ נאָכ אנ ערגערע זאכ — אויכ איינער אנ אָקס איז אוועקגעפאלנ. אזוי, אז צו אָוונט־צו זיינענ די פארקער־מיטלענ באשטאנענ שוינ בלויז פונ פינפ אָקסנ מיט פיר פערד.

די לאגע איז געוואָרנ א דראָענדיקע, כאָטש די רייטערס, וואָס זיינענ געבליבנ אָנ די פערד, האָבנ מיט גרויס דערפאָלג געקענט פאָרזעצנ דעם וועג צופוס. אָנ א שיר סקוואטערס פירנ פונקט אפ אזא מינ אויפנ דורכ די וואנ־דערונגענ זייערע איבער די פליינענ. אָבער וואָס וועט מענ טאָנ מיט די רייזנ־דערנס, אויב אלע אָקסנ וועלנ אויספּייגערנ און מע וועט מוזנ אוועקוואַרפנ די בוידז? צי וועלנ זיי זיינ בעקויעכ דורכצוגיינ צופוס די הונדערט צוואנציק מייל, וואָס טיילנ אָפּ די עקספּעדיציע פונ דער טופּ לדער בוכטע?

דזשאָנ מאנגלס און מיסטער גלענארוואנ זיינענ געווענ זייער צעטראָגנ

פון דער מײַסע. זיי האָבן באַטראַכט די גאַנץ־געבליבענע פערד, אָבער זיי האָבן אָן זיי ניט באַמערקט קיין שום שפּור פון קיין קראַנקייט. די פערד זײַנען געווען פולקום געזונט, און זיי האָבן זייער גוט איבערגעטראָגן די שווערקייטן פון דער רײַזע.

גלענאַרוואַן האָט געהאָפט, אַז די מאָדנע עפּידעמיע וועט שוין שוין אויפהערן די איבערגעבליבענע באַלכאַים.

אײַרטאָן האָט אויך אַזוי געקלערט, וואָרום ער האָט בעשטימט ניט געקענט פאַרשטיין די סיבע, פאַרוואָס יענע פיר באַלעכאַים זײַנען אַזוי אײַנמיטן דערינען גאָר אוועקגעפאַלן.

דער אָטריאַד האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן. די פוסגייער האָבן, לויט דער ריי, אָפּגערוט אין בויד. פאַרן טאָג איז מען אָפּגעגאַנגען אײַנגאַנצן א וואַסערע צען מײַל, און דערנאָך האָט זיך דער אָטריאַד אָפּגעשטעלט נעכטיקן אונטערן שאָטן פון די הויכע פּאַפּאַראָטניקעס. די נאַכט איז דורכגעגאַנגען אָן איבעריקע פּאַסירונגען. איר שטילקײַט איז אָנגעריסן געוואָרן בלויז דורכן געפּלי פון די גרויסע פלעדערמײַז, וואָס ווערן דאָ אָנגערופן די פליענדיקע פּיקסלעך.

אָפן 13־טן יאַנוואַר האָט מען זיך געריכט, סע זאָל זײַן זייער א שיינער טאָג. די פערד מיט די אָקסן האָבן מוטיק אויסגעפילט זייערע פליכטן. מיסיס עלען און מיס מערים סאַלאָן איז די גאַנצע צײַט געווען איבערגעפולט, אַדאַנק דעם אָנפאַלוס פון די געסט. מיסטער אָלבינעט איז געווען פאַרטאָן מיטן צוגרייטן אָפּפרישנדיקע קילע געטראַנקען, ווײַל די דרײַסיק־גראַדיקע היץ האָט פאַרשטאַרקט דעם נאָכפרעג אָפן דאָזיקן מין. א האַלבן פעסל על האָט מען שוין אויסגעטרונקען און מע האָט געמעגט האָפן, אַז די צווייטע העלפט פונעם פעסל וועט מען אויך אינגיכן אויסליידיקן.

זשאַק פּאַגאַנעל האָט אויך געטרונקען אַסאַך, אָבער גערעדט האָט ער נאָך מערער.

מע האָט זיך געקענט ריכטן, אַז דער טאָג וועט זיך ענדיקן פּונקט אַזוי גינסטיק, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן. דער אָטריאַד איז דורכגעגאַנגען פופצן מײַל איבער א באָדן, וואָס האָט געהאַט א רויטלעכע שאַטירונג, און אַלע האָבן גענומען האָפן, אַז ביז ס׳וועט אָנהייבן פינצטער ווערן וועט זיך נאָך אײַנגעבן אָנצוקומען צו די ברעגן פון סנאָוע, דעם פולוואַסערדיקן טײַך, וואָס פאַלט אַרײַן אינעם שפּילן אָקעאַן אָפּ דאָרעם פון דער פּראָווינץ וויקטאָריא.

אינגיכן האָבן די רעדער פון דער בויד זיך גענומען קײַקלען איבער שוואַרצלעכן אָנגעלאָפּענעם באָדן. פאַרן זון־פאַרגאַנג האָט א נעפּלדיקער פאַס אָפן האָריזאָנט קענטיקלעך אָנגעמערקט דאָס אָרט, וווּ דער טײַך גענינט זיך.

די רײַזנדער האָבן אָנגעשטרענגט אַלע קויכעס און זײַנען דורכגעפאָרן נאָך עטלעכע מײַל, אָבער באַם ערשטן קער־פּונקט, ווי נאָר דער קאַראַוואַן האָט אַרומגעבויגן איין ניט קיין היפּש בערגל, אַזוי איז פאַר זיי אומגעריכט אויסגעוואַקסן א וועלדל מיט הויכע ביימער. אײַרטאָן האָט קונציק

דורכגעפירט די בויד צווישנ די ביימער־שטאמענ, או[illegible]אָט שוינ געהאט דערגרייכט צום אָנהייב וועלדל, בא א האלבנ מײַל אנ[illegible] פארנ טײַכ, אָבער די בויד איז פלוצים פארזונקענ געוואָרנ אינעם באָד[illegible] ביז צו די סאמע אקסנ.

— פאָרזיכטיק! — האָט איירטאָנ אויסגעשריגנ צו די רײַטערס, וואָס זײַנענ געפאָרנ הינטער דער בויד.

— וואָס איז געשענ? — האָט מיסטער גלענערוואנ אויסגעשריגנ.

— מיר זײַנענ פארהריזנעט געוואָרנ, — האָט איירטאָנ געענטפערט.

ער האָט מיטנ שטעקנ אונ מיט די געשרייענ געפרווט צווינגענ די אָקסנ, אז זיי זאָלנ זיכ א ריר טאָנ פונ אָרט, אָבער די אָרעמע בהמות, וואָס זײַנענ פארהריזנעט געוואָרנ ביז די קני אינעם זומפיקנ באָדנ, האָבנ ניט געקענט מאכנ אפילו קיינ ווײַטערדיקנ טראָט.

— עס העלפט ניט, מע וועט דאָ מוזנ נעכטיקנ, — האָט זיכ דזשאָנ מאנגלס אָנגערופנ.

— יאָ, ס׳איז קיינ אנדער ברירה ניטאָ, — האָט אים איירטאָנ געענטפערט. — אינמיטנ באנאכט וועלנ מיר פונ דעם זומפיקנ פלאצ זיכ ניט ארויסדראפענ. מע וועט מוזנ צוּוואַרטנ ביז אינדערפרי.

— סטאָפ! — האָט גלענארוואנ אָפגעגעבנ א באפעל.

די נאכט איז אָנגעקומענ פלוצים, אָנ שום דעמערונגענ, אָבער די היצ איז מיטנ אָנקומענ פונ דער פינצטערניש ניט געמינערט [illegible]וואָרנ. די לופט איז געווענ אָנגעזאפט מיט שטיקנדיקע [illegible]יסדאמפונגענ. די ב[illegible]ריקע אָפגלאנצנ פונ דעם ווײַטנ שטורעם האָבנ געפֿאַטשעט דעם הימל. די רײַזנדער האָבנ אופגעשטעלט דאָס בײַדל זייערס ניט ווײַט פונ דער פארזונקענער בויד. אויב ס׳וועט ניט גיינ קיינ רעגנ, האָט מענ זיכ פונדעסטוועגנ געקענט ריכטנ, אז די נאכט זאָל זײַנ א רויקע.

איירטאָנ האָט ווי עס איז ארויסגעשלעפט די אָקסנ פונ דער זומפיקײַט, וווהינ זיי זײַנענ שוינ פארהריזנעט געוואָרנ ביזנ בויכ. דער געוויינער באָצמאנ האָט אָפגעפירט די פערד מיט די אָקסנ אפנ פיטער־פלאצ, וואָס ער האָט פונ זייערטוועגנ אליינ אויסגעקליבנ. ס׳האָט זיכ שוינ אזוי גערעכנט, אז צו[illegible]ג די באלעבאָס אונ קריגנ פונ זייערטוועגנ פאָראויס, דאָס איז זײַנ ארבעט. אָבער אינ דעמאָלטיקנ אָוונט האָט ער ארויסגעוויזנ פאר די בהמות וועגנ אזויפיל זאָרגזאמקײַט, אז גלענארוואנ איז מאמעש געווענ גערירט פונ דעם אונ האָט אים זייער וואַרעם באדאנקט. מע דארפ דאָכ ניט פארגעסנ, אז די עקספעדיציע איז איצטער, קענ מענ זאָגנ, אינגאנצנ אָפּהענגיק געווענ פונ דעם געזונט־צושטאנד פונ די בהמות.

דערווײַל האָבנ די רײַזנדער ווי עס איז צוגעביסנ, די מידקײַט אונ די אומדערטרעגלעכע היצ האָבנ פארטריבנ דעם אפעטיט, אונ אלע האָבנ זיכ ניט אזויפיל גענויטיקט אינעם עסנ, ווי אינעם אָפרו. מיסיס עלענ אונ מיס מערי האָבנ געווונטשנ איטלעכנ א גוטע נאכט אונ זײַנענ זיכ אוועק אינ בויד אריינ אפ זייער העלפט. די מאנצפֿלעגע האָבנ זיכ אויכ אוועקגעלייגט — ווער אינ

בײַדל, און װער פּאַשעט אונטערן אָפענעם הימל צװישן דעם געדיכטן גראָז, אָדער אונטערן שאָטן פון די ביימער. אינעם אװסטראַלישן טרוקענעם קלי־מאַט איז עס ניט געװען קיין אײַנשטעלעניש פארן געזונט.

דער אוילעם איז פאמעלעך אנשלאָפן געװאָרן מיט א שטארקן שלאָף. די פינצטערקייט פון דער אָנלעװאַנעדיקער נאכט האָט זיך נאָך מער פארשטארקט דורך די שװארצע װאָלקנס, װאָס האָבן באלאגערט דעם הימל. די לופט איז געװען אינגאנצן אומבאַװעגלעך, קיין סימען פון קיין װינטעלע האָט זיך אי.ערגעץ ניט געפילט.

ארום עלף אזייגער אינאָװנט האָט זיך דער מאיאָר פלוצים אופגעכאפּט פון זײַן שװערן שלאָף. ער האָט עפּעס אזױױ דערזען א מאָדנע בלינצלדי־קייט צװישן די װײַטע ביימער. מאק־נאבּס האָט זיך פון אָנפאנג אויסגע־דאכט, אז דער װאלד ברענט עפּשער ערגעץ אינדערנאָענט.

דער מאיאָר האָט זיך גיך אופגעכאפּט און איז אָפּגעגאנגען פונעם לאגער, אָבער צו זײַן גרויסער פארװוּנדערונג האָט ער דערזען, אז די סיבּע פון דער־דאָזיקער שײַן איז געװען ניט קיין סרייפע, נאָר א גרויס פעלד מיט פאָס־פאָרעסצירנדיקע שװאָמען.

דער מאיאָר, װעדליק ער איז ניט געװען קיין גרויסער עגאָיִסט, האָט שוין געװען געװאָלט צוגיין אופװעקן פאגאנעלן, װאָרום יענער װאָלט ניט װינציק אָנגעקװעלט פון אזא מין זעלטענער דערשײַנונג. אָבער פלוצים איז ער געבליבן שטיין װי א געפּלעפטער.

די פאָספאָרעסצירנדיקע שװאָמען האָבן באלויכטן דעם װאלד אן ערעך אפּ האלבן מײַל די װײַט. און בא דער דאָזיקער שטילער שײַן האָט מאק־נאבּס אונטערשיידט מענטשישע שאָטנס, װאָס לויפן גיך איבערן איבער װעלדל. ער האָט זיך געגעבן א רײַב די אויגן, צי ס׳איז אָפּטמאָל נישט קיין אויסװײַזע־ניש, עפּשער כאָלעמט זיך אים נאָר אזעלכס...

מאק־נאבּס האָט זיך גלײַך אװעקגעלייגט אפּ דער ערד און זיך גענומען שטארק אײַנקוקן. אינגיכן האָט ער שוין דאָרטן זייער קלאָר אונטערשיידט א גרופּע פון עטלעכע מענטשן, װאָס אָט בייגן זיי זיך צו און אָט גלײַכן זיי זיך צוריק אויס, פּונקט װי זיי װאָלטן געזוכט אפּ דער ערד עמעצנס שפּורן.

דאָ האָט דער מאיאָר באשלאָסן, אז ער מוז זיך אומבאַדינגט דערװיסן, מיט װאָס דידאָזיקע לײַט אינטערעסירן זיך דאָ.

## זיבעצנטע קאפּיטל

# א טעאטראלער עפעקט

די נאכט איז טאקע װירקלעך געװען א שוידערלעכע. צװוי אזייגער נאָך האלבער נאכט האָט א כליופּע געטאָן א גאָס־רעגן, װאָס האָט ניט אופגעהערט ביזן סאמע טאָג. דאָס בײַדל האָט זייער שלעכט געשיצט, אזוי, אז גלענארװאַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך איבערגעקליבן אין בויד ארײַן.



מאַק־נאַבּס ליגט אַ׳ם דער ערד און קוקט זיך שטאַרק אײַן

קיינער האָט שוין ניט געקענט אנשלאָפן ווערן. דער שמועס איז די גאנצע צייט איבערגעגאנגען פון איין טעמע צו דער צווייטער, בלויז איין מענטש — דער מאַיאָר — וואָס זיין קורצע אָפּוועזנהייט האָט קיינער ניט געווען באמערקט, האָט זיך נישט אריינגעמישט אינעם שמועס. ער האָט די גאנצע צייט געהערט און געשוויגן. דער מאבל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, און די רייזנדער האָבן מוירע געהאט, אז דער טייך סנאָוע קען נאָך ארויס פון די ברעגן, און אויב אזוי, וועט די לאגע פון דער בויד, וואָס איז פארזונקען געוואָרן אין דער קלעפּנדיקער בלאָטע, זיין א קריטישע. דערום זיינען דזשאָן מאנגלס, מיולרעדי און איירטאָן אלעמאָל ארויסגעלאָפן צום טייך, א קוק צו טאָן, ווי האלט עס דאָרטן, און זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו דער בויד דורכגענעצטע פון קאָפּ ביז די פיס. ענדלעך האָט אָנגעהויבן טאָגן, דער רעגן איז אנשטילט געוואָרן, אָבער די זון־שטראַלן זיינען ניט געווען אימשטאנד זיך דורכצושלאָגן דורכן געדיכטן וואָלקן־פאָרהאנג. די ערד איז געווען פארדעקט מיט גרויסע טריבע קאַליוזשעס — עמעסע אָזערעס. די ווארעמע אויסדאמפונג פון דידאָזיקע קאַליוזשעס האָט אָנגעזאפּט די אטמאָספער מיט אן אומגעזונטער פייכטקייט.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט צום אלעם ערשטן זיך א נעם געטאָן צו דער בויד, דאָס איז דאָך דאָס סאמע וויכטיקסטע. די בויד איז טיף פארהריזנעט געוואָרן אינעם זומפּ פון דער געלער קלעפּעדיקער ליים, די פאָדערשטע העלפט איז קימאט אינגאנצן אריין אין דער ערד, שיר ניט ביז דער סאמע קעלניע. ס'איז געווען שאר איטלעכן קלאָר, אז ארויסשלעפּן דעמדאָזיקן קאָלאָסאלן געביי וועט זיך איינגעבן עפּשער דאן, ווען מע וועט פאריייניקן די קויכעס פון אלע באלעכאַימ מיט די מענטשן צוזאמען.

— מע וואָלט זיך דארפן צויילן, — האָט דזשאָן מאנגלס באמערקט. — וואָרום, אז די ליים וועט אויסגעטריקנט ווערן, וועט ווערן נאָך שווערער ארויסצושלעפּן פונדאנען די בויד.

— איר זיינט גערעכט, — האָט זיך איירטאָן אָנגערופן. — מע דארף זיך באלד א נעם טאָן צו דערדאָזיקער ארבעט.

מיסטער גלענאַרוואַן, ביידע מאטראָסן, דזשאָן מאנגלס און איירטאָן זיינען אוועקגעגאנגען צו דער וואלד־לאָנקע, ווו די באלעכאַימ האָבן פארבראכט די נאכט. דער וואלד איז באשטאנען פון גומי־ביימער, וואָס האָבן נאָכן רעגן געהאט זייער אן אומעטיקן אויסזען.

מיסטער גלענאַרוואַן איז בעגאנגען איבערן וואלד און האָט אלעמאָל געהויבן די אויגן צום הימל, וואָס איז געווען באלאגערט מיט וואָלקנס. איירטאָן האָט זיך פארוואונדערט, וואָס ער האָט ניט געטראָפן די פערד מיט די אָקסן אף דעם אָרט, וואָס ער האָט זיי געלאָזט איבערגעלאָזט, אָבער וויבאלד די כייעס זיינען געווען געפּענטעט, האָבן זיי דאָך ניט געקענט ווייט פארגיין פונדאנען, אזוי, אז די רייזנדער האָבן זיי גענומען זוכן אומעטום.

— אָט [illegible] זיי! — האָט דזשאָן מאנגלס פלוצים אויסגעשריגן און זיך

א לאָז געטאָן אין די הויכע גראָזן, וואָס הינטער זייער הויכער וואַנט האָט זיך געקענט אויסבאַהאַלטן א גאַנצע טשערעדע, אז מע זאָל זי ניט אַרויסזען.

מיסטער גלענאַרוואַן, מיולרעדי און אײַרטאָן זײַנען אוועקגעלאָפן גלײַך נאָך אים. אָבער וואָס האָבן זיי דאָרטן דערזען?! פיר אָקסן און דרײַ פערד זײַנען געלעגן אַפ דער ערד געפאַלענע פון דערזעלביקער עפּידעמיע, זייערע קערפּערס זײַנען שוין לאַנג פאַרקילט געוואָרן, און די שפּאַרבערס האָבן שוין באַ זיי אויסגעפּיקט די אויגן. מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, מיולרעדי האָט זיך שוין ניט געקענט אײַנהאַלטן, און ס'האָט זיך באַ אים אַרויסגעכאַפּט א שטײַפע מאַטראָסישע קלאָלע.

— דאָס וועט אונדז, מיולרעדי, ווינציק וואָס העלפן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן און ס'איז אים מיט גרויס מי אָנגעקומען אײַנצוהאַלטן זײַן אייגענע רויִקייט! — אײַרטאָן, — האָט ער צוגעגעבן, — פירט אָפּ צום לאַגער דאָס פערד מיטן אָקס, וואָס זײַנען נאָך גאַנץ געבליבן, עפּשער וועלן זיי זיך ניט אָפּזאָגן שלעפּן אי פאַר זיך, אי פאַר די איבעריקע!

— ווען דער וואָגן ווערט ניט פאַרהריזנעט, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן, — וואָלט דאָס דאָזיקע פּאָרעלע אונדז עפּשער ווי עס איז דערשלעפּט ביז צום ברעג־פּאַס. מיר וואָלטן דורכגעמאַכט קירצערע איבערגאַנגען, אָבער וויאַזוי שלעפּט מען אַרויס פונעם זומפּ אָט דעם דאָזיקן טײַוולשן וואָגן?

— מע וועט עס דאַרפן זען אָפּטאָן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט. — קומט, לאָמיר גיין גיכער אין לאַגער אַרײַן, דאָרטן וועלן זיי זיך שוין באַאומרויִקן, וואָס מיר זײַנען אַזוי לאַנג ניטאָ.

אײַרטאָן האָט אָפּגעפּענטעט דעם אָקס, מיולרעדי — דאָס פערד, און אַלע זײַנען אוועק צום לאַגער לענגאויס דעם ברעג פונעם טײַך.

אין א האַלבער שאָ אַרום האָבן שוין פּאַגאַנעל, מאַק־נאַבס און ביידע רײַזנדערס אויפגענומען דאָס לעצטע נײַס.

— א גרויסער שאָד, — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן, — וואָס איר האָט ניט באַפוילן, מע זאָל אונטערשמידן אַלע אָקסן מיט די איבעריקע פערד דעמאָלט, ווען דער בלעקפוינטער שמיד איז דאָ געווען.

— וואָס איז דען, הער מאַיאָר? — האָט אײַרטאָן א פרעג געטאָן.

— דערפאַר, וואָס דאָס אײנציקע פון אַלע פערד, וואָס איז גאַנץ געבליבן, איז דאָס, וועמען אײַער שמיד האָט אונטערגעשמידט.

— טאַקע ריכטיק, — האָט דזשאָן מאַנגלס זיך אָנגערופן. — דאָס איז עפּעס זייער מאָדנע!

— דאָס איז גיכער פון אַלץ בלויז א צופעליקײַט, — האָט דער געוועזענער באָצמאַן געענטפערט און בפּייסטמײַסע שטאַרק אָנגעקוקט דעם מאַיאָר.

מאַק־נאַבס האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, פונקט ווי ער וואָלט וועלן אויפהאַלטן די ווערטער, וואָס רײַסן זיך באַ אים אַלײן פונעם צונג אַראָפּ. גלענאַרוואַן, דזשאָן מאַנגלס און מיסיס העלען האָבן געוואַרט, מאַק־נאַבס זאָל



די בויד איז פארזונקען אין דער קלעפיקער בלאָטע

דערקלערן דעם געדאנק זײַנעם, אָבער דער מאיאָר האָט גאָרניט ניט געזאָגט און איז צוזאמען מיט אײַרטאָנען אוועק צו דער בויד.

— וואָס האָט ער אזעלכס געוואָלט זאָגן? — האָט מיסטער גלענארוואן א פרעג געטאָן באם יונגן קאפּיטאן.

— איך ווייס ניט, — האָט יענער געענטפערט. — איינס איז נאָר קלאָר, אז דער מאיאָר וועט גלאט אזוי אין דער וועלט אריַין ניט ריידן, עפּעס האָט ער דאָ אינזינען.

— ריכטיק, דזשאָן, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן. — קענטיק, אז מאק־נאבס איז כוישעד אין עפּעס אײַרטאָנען.

— אָבער אין וואָס? — האָט זיך פּאגאנעל אָנגערופן און געקנייטשט בעייס־מײַסע מיט די אקסלען.

— אין וואָס? — האָט מיכטער גלענארוואן איבערגעכאזערט דיזעלביקע ווערטער. — צי דען פאלט אים איַין, אז אײַרטאָן איז שולדיק אינעם אומקום פון די אָקסן מיט די פערד? דארף מען דאָך פריִער וויסן, צי סע קען א מ עפּעס ארויסקומען פון אזא מין זאך.

— גערעכט, ליבער עדוארד, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן. — באזונ־דערס, אויב מע זאָל נאָך נעמען אין אכט, אז אײַרטאָן ווײַזט אונדז די גאנצע צײַט ארויס אזא מין גוואלדיקע איבערגעגעבנקײַט.

— ריכטיק, — האָט דזשאָן מאנגלס געענטפערט, — אָבער עפּעס האָט דאָך דער מאיאָר מיט דעם געוואָלט זאָגן! איך וועל זיך ניט באַרויִקן, ביז איך וועל דאָס ניט קלאָר מאכן.

— עפּשער האלט ער, אז אײַרטאָן האָט עפּעס א שײַכעס צו די קאטאָר־זשניקעס? — האָט פּאגאנעל אומפאָרזיכטיק אויסגעשאָסן.

— וועלכע קאטאָרזשניקעס? — האָט מערי גראנט א פרעג געטאָן.

— פּאגאנעל רעדט גלאט אין דער וועלט אריַין, — האָט דזשאָן מאנגלס זיך גלײַך ארײַנגעמישט. — ווער ווייסט נאָך בעסער פון אים, אז קיינע שום קאטאָרזשניקעס זײַנען אין דער פּראָווינץ וויקטאָריא נישטאָ.

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט זיך פּאגאנעל אָנגערופן און שוין געוואָלט פארגלעטן דעם טאָעס זײַנעם, — אָט א קאָפּ בא מיר! גאָר קאטאָרזשניקעס! כא־כא, מע האָט דען אמאָל געהערט פון זיי אין אוסטראליע?..

דער אָרעמער געלערנטער האָט געוואָלט פאריכטן דעם טאָעס זײַנעם, נאָר מיט אים איז געשען דאָסזעלבע, וואָס מיט דער בויד. וואָס ווײַטער ער איז געקראָכן, אלץ טיפער האָט ער געהריזנעט. מיסיס עלען האָט פון אים קיין אויג ניט אראָפּגענומען, און דאָ האָט ער זיך שוין גאָרניט געקענט קיין אָרט געפינען און אזויווי מיסיס עלען האָט ניט געוואָלט אים צווינגען מיט גוואלד ער זאָל זאָגן דעם עמעס, האָט זי גענומען מערי גראנטן אונטער דער האנט און זי אוועקגעפירט צום בײַדל, ווו מיסטער אָלבינעט האָט אקוראט געגרייט זיך צום פרישטיק מיט אלע טשאקן, ווי זײַן שטייגער איז.

— צו אלדערוכעס! איך בין, דאכט זיך, אליין ווערט, אז מע זאָל

מיך פארשיקן אפ קאטאָרגע!—האָט פאַגאַנעל מיט ערגערניש א שטאמפּל געטאָן.

— איר זייַנט גערעכט,—האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן קאַלטלעך אָפּגע־ענטפערט. ער האָט ביטלדיק א קוק געטאָן: אפּן שלימאַזלדיקן געלערנטן און איז צוזאמען מיט דזשאָן מאַנגלסן אַוועק צו דער בויד.

איירטאָן מיט ביידע מאַטראָסן האָבן דערווייַל געפּרוּווט ארויסשלעפּן דעם שווערן וואָגן פונעם זומפּ. דאָס פערד מיטן אָקס, וואָס זייַנען געווען איינגע־שפּאַנט איינס לעם איינס, האָבן אָנגעשטרענגט אַלע קויכעס, שלעפּנדיק די בויד פון דער גרוב ארויס, זייערע מוסקולן האָבן זיך אַזוי אָנגעבלאָזן, אַז אָט־אָט, דוכט זיך, פּלאַצן זיי. ווילסאָן מיט מיולרעדין האָבן אונטערגעשטופּט די רעדער, אין דער צייַט, ווען איירטאָן האָט מיטן שטעקן און מיט די אָנגע־שרייען מיט זייַנע אונטערגעטריבן די באַלעכאַיִם, אָבער די שווערע בויד האָט זיך אפילע ניט גערירט פון אָרט. די אויסגעטריקנטע ליים האָט פאַר־מויערט די רעדער, פונקט ווי גוטער צעמענט.

דזשאָן מאַנגלס האָט אופגעגעבן, אַז מע זאָל באַגיסן די ליים מיט וואַסער, טאָמער וועט זי ווייכער ווערן, אָבער דאָס האָט אויך צו גאָרניט ניט געבראַכט, די בויד איז, ווי פריער, געבליבן אפּן זעלביקן אָרט. דאָ וועט שוין, ווייַזט אויס, גאָרניט העלפן, מע וועט מוזן אָדער צענעמען די בויד אפּ טיילן, אָדער זיך אָפּזאָגן פונעם געדאַנק זי ארויסצושלעפּן פונדאַנען. קעדיי צו פאַנאַנ־דערנעמען די בויד אפּ טיילן, וואָלט מען דארפן האָבן געצייַג, און קיין געצייַג איז ניט געווען.

איירטאָן האָט פונסניי פאַרהויבן דעם שטעקן, טאָמער וועלן די באַלעכאַיִם א ריס טאָן ווי עס איז די פור, אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים אָפּגע־שטעלט.

— זאָל זייַן גענוג,—האָט ער זיך אָנגערופן צו איירטאָנען,—מע דארף אָפּהיטן דעם אָקס מיטן פערד, זיי וועלן אונדז נאָך שפּעטער ווי עס איז צונוץ קומען,—דער אָקס וועט טראָגן די מאַסע, און דאָס פערד וועט פירן אפּ זיך די פרויען.

— גוט, סער,—האָט דער געוועזענער באָצמאַן געענטפערט און האָט אָנגע־הויבן אויסשפּאַנען די פאַרמאַטערטע באַלעכאַיִם.

— און איצט, מייַנע פרייַנט,—האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן,—לאָמיר זיך אומקערן צום לאַגער און מירן באַהאַנדלען די לאַגע אונדזערע.

די רייַזנדער האָבן אונטערגעלייגט דאָס הארץ מיטן גוטן אָנבייַסן, וואָס אָלבינעט האָט צוגעגרייט, און מע האָט זיך גענומען באַראַטן. מיסטער גלע־נאַרוואַן האָט פאָרגעלייגט, אַז יעדערער באַזונדער זאָל ארויסזאָגן זייַן מיינונג.

צום אַלעם ערשטן וואָלט מען דארפן פּינקטלעך באַשטימען דאָס אָרט, וווּ דער לאַגער געפינט זיך. דערוף האָט מען באַפוּלמעכטיקט פאַגאַנעלן, און יענער האָט עס גלייַך געטאָן. די עקספּעדיציע האָט אין דעמדאָזיקן מאָמענט, לויט

זײַנע װערטער, זיך געפֿינען אַף 37 גראַד ברייט און 147 גראַד 53 מינוט לענג, באַם ברעג פֿון סנאָוּ־ריווער.

— אונטער אַוועלכן גראַד לענג געפֿינט זיך די טופּאָלדער בוכטע? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— אונטערן 150־טן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט.

— הייסט עס, אַז אין צוויי גראַד מיט זיבן מינוט אַרום אָדער...

— אָדער פֿאַר פֿינף און זיבעציק מײַל פֿונדאַנען.

— און מעלבורן?

— קיין מעלבורן דאַרפֿן נאָך זײַן פֿונדאַנען גוטע צוויי הונדערט מײַל.

— גיט. ווייסן מיר דערווײַל, ווו מיר געפֿינען זיך, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן. — איצטער וועט ניט שאַדטן אָפּצורײדן, וווהין מיר לאָזן זיך פֿונדאַנען.

אַלע האָבן אײַנשטימיק געענטפֿערט, אַז מע טאָר ניט זאַמען קיין איבעריקע רעגע און מע דאַרף זיך לאָזן גלײַך צום ברעג אָקעאַן. מיסיס עלען און מיס מערי האָבן געמאָלדן, אַז פֿינף מײַל אַ טאָג נעמען זיי זיך אונטער דורכצוגיין אָן שום שוועריקײַטן. די געוואַגטע פֿרויען האָבן זיך אַפֿילע ניט אָפּגעשראָקן פֿאַר דער פּערספּעקטיוו פֿון גיין צופֿוס דעם גאַנצן מעהאַלעך, וואָס טיילט אָפּ סנאָוּ־ריווער פֿון דער טופּאָלדער בוכטע.

— צי וועלן מיר אָבער אָפּזוכן אָפּן ברעג־פּאַס דאָס אַלץ, אין וואָס מיר נויטיקן זיך? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

אומבאַדינגט, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט. — עדעם איז אַ שטעטעלע, וואָס שטייט שוין אַסאַך יאָרן. דער אָרטיקער האַפֿן מוז זײַן צונויפֿגעבונדן מיט מעלבורן דורך רעגולערע רייסן. נאָכמער, מיר שײַנט אַפֿילע, אַז וואָסערע פֿינף און דרײַסיק מײַל פֿונדאַנען, אינעם שטעטעלע דעלעהייט, אַף דער גרענעץ פֿון דעם ניי־דאָרעמדיקן אוועלס, וועלן מיר האָבן די מעגלעכקײַט צו קריגן עטלעכע פֿערד.

— און ווי וועט זײַן מיט „דונקאַנען“, סער? — האָט אײַרטאָן אַ פֿרעג געטאָן, — צי דענקט איר ניט, אַז ס'איז שוין געקומען די צײַט אַרויסצורופֿן די יאַכט־שיף אין דער טופּאָלדער בוכטע אַרײַן?

— לאָמיר הערן, וואָס וועט דזשאָן וועגן דעם זאָגן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

— איך האַלט, אַז מיט דעם איז ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן, — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן נאָך אַ קורצן איבערקלערן געענטפֿערט. — אָפּשיקן צו טאָם אַאוסטינען אַ באַפֿעל וועלן מיר קיינמאָל ניט פֿאַרשפּעטיקן.

— קלאָר ווי דער טאָג, — האָט פּאַגאַנעל באַשטעטיקט.

— דערצו דאַרף מען נאָך געדענקען, — האָט דזשאָן מאַנגלס צוגעגעבן, — אַז אין פֿיר־פֿינף טעג אַרום וועלן מיר שוין זײַן אין עדעם.

— אין פֿיר־פֿינף טעג אַרום, קאַפּיטאַן? — האָט אײַרטאָן זיך אָנגערופֿן און געטרייסלט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — איר זאָגט בעסער — אין זעכצן־צוואַנציק טעג אַרום! אויב איר ווילט זיך ניט נאַרן אין כּעזשבן.

— צוואַנציק טעג אָפּ פֿינף און זיבעציק מײַל?! — האָט מיסטער גלעזנעראַוואַן אויסגערופֿן.

— ניט ווינציקער, סער. איצט וועט אונדז אויסקומען גיין איבער דעם סאַמע ווילדסטן טייל פֿון דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ, זיך דורכשלאָגנדיק אַ וועג דורך די געדיכטע קוסטן־געוויקסן, וווּ אַפֿילו די ניט־איבערקלײַבערישע סקוואַטערן האָבן זיך ניט געקענט געפֿינען קיין אָפּשטעל־פּלאַץ. יעדער שפּאַן וועט אויסקומען אויסצוקעמפֿן בײַ די קוסטן־ביימער מיט דער האַק אין דער האַנט. איר מעגט זיך שוין פֿאַרלאָזן אויף מיר — איך זאָג אײַך, אַז בײַ אַזעלכע באַדינגונגען וועלן מיר ווײַט ניט פֿאַרגיין.

אײַרטאָן האָט גערעדט מיט אַ זיכערער שטים. פּאַגאַנעל, צו וועמען אַלע בליקן האָבן זיך איצט, נאַטירלעך, געווענדעט, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווי באַשטעטיקט יענעמס ווערטער.

— לאָמיר אײַך נאָכגעבן, אַז איר זײַנט גערעכט, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופֿן. — איז אויב אַזוי, וועט ניט שאַטן, אַז מיסטער גלעזנעראַוואַן וועט אָפּשיקן דעם באַפֿעל צו מײַן געהילף ניט אין פֿינף טעג אַרום, נאָר אין פֿופֿצן טעג אַרום.

— איך וויל אײַך נאָך זאָגן, — האָט אײַרטאָן צוגעגעבן, — אַז דער וויכטיקסטער אָפּהאַלט איז איצט ניט אין דעם וועג, נאָר אין עם טײַך. אונדז וועט דאָ אויסקומען לאַנג וואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט אָפּפֿאַלן אין סנאָוי־ריווער; אויב ניט, וועלן מיר זיך ניט קענען איבערפּרעקלען אויפֿן צווייטן ברעג.

— וואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט אָפּפֿאַלן? — האָט דער קאַפּיטאַן מאַנגלס אויסגערופֿן, — און פֿאַרוואָס זאָלן מיר ניט איבערגיין דעם טײַך אין אַ פֿליטקע אָרט?

— דערפֿאַר, וואָס איצט איז דאָ קיין פֿליטקע ערטער ניטאָ. אינדערפֿרי האָב איך געזוכט און גאָרניט ניט געפֿונען. ס'איז זעלטן אין דערדאָזיקער צײַט פֿון יאָר צו געפֿינען דאָ אַזאַ מין פֿולוואַסערדיקן טײַך, נאָר ווי באַלד מיר האָבן זיך שוין מיט אים יאָ באַגעגנט, איז שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע זאַך.

— און דער טײַך איז ברייט? — האָט מיסיס עלען אַ פֿרעג געטאָן.

— אי ברייט, אי טיף, — האָט דער געוועזענער באָצמאַן געענטפֿערט. — בײַ אַ מײַל די ברייט און דערצו איז נאָך דער שטראָם דאָ זייער אַ שטאַרקער. מע דאַרף האָבן דעם גאָר גוטן שווימער, ער זאָל איצט קענען איבערשווימען דעמדאָזיקן טײַך.

— אָבער וואַרט אויס, — האָט ראָבערט אויסגעשריגן, — מיר קענען דאָך אויסבויען אַ פּליט! מיר וועלן אויסהאַקן אַ בוים און אים אויסדויבען, וועט איר האָבן אַ פֿאַרטיקן פּליט.

— דאָס זעט מען גלײַך, אַז ס'איז אַ יאַם־מענטשס אַ זון! — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן.

— דאָס ייִנגל איז גערעכט, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט. — מירן, ווײַזט אויס, קיין אַנדער ברירה ניט האָבן. איך לייג פֿאָר, מיר זאָלן ניט

פארלירן קיין צייט אף קיין אומזיסטע וויקוחים און מיר זאָלן גלייך נעמען בויען דעם פּליט.

— און ווי איז אייער מיינונג, איירטאָן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אים אַ פרעג געטאָן.

— איך האַלט, סער, — האָט איירטאָן געענטפערט, — אַז אויב ס'וועט צו אונדז ניט אָנקומען פון ערגעץ קיין הילף, וועלן מיר אין אַ כוידעש אַרום נאָך אַלץ זיצן אף דער זייט סנאָוע.

דזשאָן מאַנגלס האָט שוין מער קיין געדולד ניט געהאַט.

— איז האָט איר עפּשער אַ בעסערן פּלאַן? — האָט ער אויסגערופן, — אויב איר האָט, טאָ זאָגט!

— מיין פּלאַן איז, אַז „דונקאַן" זאָל אָנקומען צו דער טופאָלדער בוכטע.

— ווייטעראמאָל „דונקאַן". וואָס־זשע וועט אונדז שוין אַרויסקומען, אַז „דונקאַן" וועט זיין אין דער בוכטע?

איירטאָן האָט אַ קלער געטאָן אַ ווייַלע און דערנאָך געענטפערט:

— איך וועל זיך מיט אייך ניט שפּאַרן וועגן דעם, איך בין גרייט זיך לאָזן אין וועג אַריין אַפּילע שוין, אויב דער סער וועט עס נאָר באַפעלן.

און ער האָט רויק צונויפגעלייגט די הענט אף דער ברוסט.

— דאָס איז, איירטאָן, קיין ענטפער ניט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — איר דערציילט אונדז קלאָר די פּלענער אייערע, — וועלן מיר זיי דאָ אַלע באַהאַנדלען. זאָגט, וואָס לייגט איר פאָר.

און איירטאָן האָט מיט אַ זיכערער שטים געגומען קלאָר מאַכן דעם געדאַנק זיינעם:

— איך לייג פאָר, אַז ס'איז ניט קעדיי פּירצוגעמען דעם שווערן און געפערלעכן איבערשווים איבער דער סנאָוע בא דער הילפלאָזער לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט. גראָד דאָ, אף דעם דאָזיקן ברעג דאַרפן מיר וואַרטן, טאָמער וועט אונדז אָנקומען פון ערגעץ הילף, און די דאָזיקע הילף קען אונדז אָנקומען גראַדע פון „דונקאַן" גופע. מיר דאַרפן דאָ האַלטן לאַגער, דערווייל האָבן מיר אַלצדינג צום לעבן, און איינער פון אונדז וועט דאַרפן איבערגעבן טאָם אַאוסטינען דעם באַפעל, אַז ער זאָל זיך לאָזן צום אָפּגע־רעדטן אָרט אין דער טופאָלדער בוכטע.

אַלע זיינען געווען גוואַלדיק פאַרוואונדערט פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן פאָרשלאַג, אָבער דזשאָן מאַנגלס האָט נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרדעקן זיין אומצופרידנקייט.

— פאַר דער דאָזיקער צייט, — האָט איירטאָן פאָרגעזעצט, — וועט דער טייך אָפּפאַלן, און מיר וועלן קענען אָפּזוכן דאָ אַ פּליטקע אָרט אָדער מירן עפּשער איבערהאַקן דעם טייך אף אַ שיפל. דערווייל וועלן מיר שוין אויך האָבן גענוג צייט דאָס שיפל אויסצובויען.

— אויסגעצייכנט, איירטאָן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — אייער פאָרשלאַג פאַרדינט מע זאָל זיך צו אים באַציִען מיט דער בעסטער

ערנסטקייט, אָבער מע דאַרף אים פריִער באהאנדלען פון אלע זייטן. דער הויפּט־כעסאָרן זיינער באַשטייט אין דעם, וואָס אסאך צייט דאַרף בא אונדז פארפאַלן ווערן, אָבער דערפאר וועלן מיר, פון דער צווייטער זייט, אויסמיידן אומזיסטע מאטערנישן, וואָס זיינען דערצו פארבונדן מיט אסאך געפאַרן. זאָגט, מיינע פריינט, ווי איז אייער יעדערנס מיינונג?

— ליבער מאק־נאבּס, זאָגט עפּעס, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן, — מע האָט נאָך פון אייך היינט קיין איין וואָרט ניט געהערט.

— איר פרעגט מיך מיין מיינונג? — האָט דער מאיאָר געענטפערט, — וועל איך אייך זייער גערן זאָגן, וואָס איך קלער. איך האַלט, אז אייַרטאָנס פּלאַן איז דער סאמע קליגסטער און איך פאריייניק זיך פולקום צו זיין פאָרשלאג.

דערדאָזיקער ענטפער איז געווען פאר איטלעכן אומגעריכט, ווייל מע איז קעסיידער געווען, אז דער מאיאָר גלייכט זיך קיינמאָל ניט מיט אייַרטאָנס מיינונגען. אפילו אייַרטאָן גופא האָט זיך, קענטיק, אויך געכי־דעשט, ווייל ער האָט ביגנ־יווע א וואָרף געטאָן א פלינקן בליק אפן מאיאָר. פאגאנעל, מיסיס עלען און די מאטראָסן זיינען סיידוי געווען געניגט אָנצו־נעמען דעם געוועזענעם באָצמאנס פאָרשלאג, אזוי, אז נאָך דעם מאיאָרס האַס־קאָמע זיינען שוין אלע קווענקלענישן בא זיי אָפּגעפאלן.

און מיסטער גלענארוואן האָט געמאָלדן, אז ער נעמט אָן אייַרטאָנס פּלאַן.

— איר דאַרפט מאסקים זיין, דזשאָן, — האָט מיסטער גלענארוואן צוגעגעבן, זיך ווענדנדיק צום קאפיטאן, — אז די פאָרזיכטיקייט דיקטירט אונדז דעמדאָזיקן וועג, און דאָס קליגסטע וועט איצט זיין — מיר זאָלן אופשטעלן דעם לאגער אפן ברעג טייך און פרווון ווארטן ביז די צעפלאָסנקייט זיינע וועט אָנהייבן אָפּפאלן.

— יאָ, — האָט דזשאָן מאנגלס געענטפערט, — אָבער איצט דאַרף מען נאָך, אז דער שעליִעך אונדזערער זאָל אופטאָן דאָס, וואָס מיר אליין זיינען ניט אימשטאנד אופצוטאָן — ער זאָל איבערשווימען איבער סנאָיע.

און ער האָט א קוק געטאָן אפן געוועזענעם באָצמאן, וואָס איז ניט אים־שטאנד געווען צו באהאלטן זיין ניצחונדיקן שמייכל.

— אונדזער שעליִעך וועט זיך פארשפּאָרן איבערפּעקלען איבערן טייך, — האָט זיך אייַרטאָן אָנגערופן.

דזשאָן מאנגלס האָט א הייב געטאָן מיט פארווונדערונג די ברעמען.

— ער וועט גיין איבערן וועג צו ליוקנאָו, וואָס פירט אים גלייך קיין מעלבורן. —

— צוויי הונדערט פופציק מייל צופוס! — האָט דער יונגער קאפיטאן אויסגע־שריגן.

— אפ וואָס דאַרף מען גיין צופוס, אז מע קען פאָרן ריַיטנדיק? — האָט אייַרטאָן געענטפערט. — ער וועט מיטנעמען דאָס פערד און דער גאנצער וועג



— אויב ס'וועט אייך נאָר זיין ליב — האָט איירטאָן זיך געווענדעט צו מיסטער גלענארוואנען —
קאָן איך נעמען די זאך אם זיך

וועט בא אים אָפּנעמען פיר מעסלעט. דערצו קענט איר נאָך צוגעבן צוויי טעג ביז „דונקאַן" וועט אָנקומען צו דער טופּאָלדער בוכטע, און פיר און צוואַנציק שאָ ביז דער שעליפֿכ וועט זיך אומקערן אין לאַגער אַרײַן, מיט איין וואָרט, איינע א וואָך, און מערער דאַרף מען ניט, און דער שעליפֿכ וועט זיך אומקערן אהערצו צוריק מיט הילף.

דער מאַיאָר האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, פּונקט ווי ער וואָלט באַגיטיקט דעם געוועזענעם באַצמאַנס יעדעס וואָרט.

דזשאָן מאַנגלס איז געווען זייער פאַרווונדערט פון דעם אַלעמען, אָבער איירטאָנס פאָרשלאָג האָבן אַלע זייער גוט באַגעגנט, אַזוי, אַז דער יונגער קאַפּיטאַן האָט קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט און אויך געמוזט צושטיין צום איבערגעגעבענעם פּלאַן.

— איצטער, מײַנע פרײַנט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן ווײַטער אָנגעהויבן, — בלײַבט אונדז איין זאַך — אויסקלײַבן אַ שעליפֿכ. דעמדאָזיקן שעליפֿכ וועט פאַרשטיין אַ שווערע און געפערלעכע רייזע. מע דאַרף וועגן דעם ריידן אָפן. ווער ס'איז גרייט זיך אײַנצושטעלן, דעם וועלן מיר איבערגעבן אונדזערע אינסטרוקציעס קיין מעלבורן.

ווילסאָן, מיול־רעדי, דזשאָן מאַנגלס, פּאַגאַנעל, ראָבערט — האָבן אַלע אין איין קאָל זיך אויסגערופן, אַז זיי ווילן פאָרן. דזשאָן מאַנגלס איז באַזונדערש באַשטאַנען דערויף, אַז דידאָזיקע שליכעס זאָל מען אים איבערגעבן, אָבער דאָ האָט זיך איירטאָן ווידעראַמאָל אָנגערופן.

— סער, אויב ס'וועט אײַך נאָר זײַן ליב, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיסטער גלענאַרוואַנען, — קאָן איך נעמען די זאַך אויף זיך. מיר איז שוין אויסגעקומען פיל מאָל דורכצומאַכן אַזאַך שווערערע איבערגאַנגען, מיר וועט זיך אײַנגעבן בײַצוקומען אַזעלכע ערטער, וווּ אַן אַנדערער אויף מײַן אָרט וועט, געווים, בלײַבן שטעקן. מיר דוכט, אַז איר מעגט מיר אָנטרויען דידאָזיקע רייזע קיין מעלבורן. איך וועל זײַן אימשטאַנד איבערגעבן דעם געהילף אײַערן אַלץ, וואָס סע פאָדערט זיך, און אין זעקס טעג אַרום, האָף איך, וועט „דונקאַן" פאַרוואַרפן דעם אַנקער אין דער טופּאָלדער בוכטע.

— אָט דאָס הער איך ווערטער, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן צופרידן. — איר זײַט בעסיירעש אַ געוואַגטער און זיכערער מענטש. איך בין איבערצײַגט, אַז אײַער רייזע וועט זיך ענדיקן מיטן פולסטן דערפאָלג.

דזשאָן מאַנגלס האָט באַמערקט די פריידיקע מינע בא איירטאָנען אויפן פּאָנעם, וואָס איז פאַר איין רעגע פאַרשוווּנדן געוואָרן, און דאָס האָט אויפגעוועקט בא דזשאָנען דעם אַלטן אינסטינקטיוון אומצוטרוי, וואָס ער האָט געפילט צום געוועזענעם באַצמאַן פון „בריטאַניע". אָבער מיסטער גלענאַרוואַן, וואָס האָט בעסטעווע ניט ליב געהאַט לאַנג אָפּציִען קיין זאַך, האָט גלײַך אויסגערופן:

— הייסט עס, איירטאָן, אַז איר לאָזט זיך אין וועג אַרײַן. איז ניט געזאַמט, מיר וואַרטן אויף אײַך, אויף אײַער גיכסטן צוריק־קער!

און אײַרטאָן האָט זיך גלײַך גענומען גרייטן צום אָפּפאָרן. איינער פון די מאטראָסן האָט גענומען צוגרייטן דאָס פערד, דער צווייטער האָט זיך א נעם געטאָן באזאָרגן אײַרטאָנען מיט שפּײַז־פּראָדוקטן.

אין דער אָ צײַט האָט גלענארוואן שוין געהאלטן באם פארענדיקן דעם בריוו זײַנעם צו טאָם אאוסטינען.

אינעם דאָזיקן בריוו האט ער באפוילן דעם געהילף־קאפיטאן, אז ער זאָל זיך גלײַך אומבאדינגט לאָזן צו דער טופאָלדער בוכטע, דערבײַ האָט ער אים רעקאָמענדירט אײַרטאָנען אלס א מענטש, אף וועלכן מע מעג זיך פולקום פארלאָזן.

ווי נאָר „דונקאן" וועט אָנקומען אפן אָרט, האָט, לויטן בריוו, טאָם אאוסטין געדארפט איבערגעבן דעם גאנצן אָטריאד מאטראָסן אין אײַרטאָנס רעשות.

אז מיסטער גלענארוואן איז דערגאנגען צו דעמדאָזיקן אָרט אינעם בריוו, האָט דער מאיאָר מאק־נאבס, וואָס האָט די גאנצע צײַט נאָכגעקוקט נאָך זײַן שרײַבן, אים פלוצים איבערגעשלאָגן און א פרעג געטאָן מיט א באזונדער מין טאָן אין זײַן שטים, וויאזוי שרײַבט ער עס דעם נאָמען „אײַרטאָן".

— נו, אזויווי ער רעדט זיך אויס, — האָט מיסטער גלענארוואן פארוווּנדערט געענטפערט.

— דאָס איז אָבער א טעות, — האָט דער מאיאָר מיט זײַן קעסיידערדיקער רויִקײַט דערווידערט. — רעדן רעדט עס זיך אויס „אײַרטאָן" און שרײַבט זיך עס „בען־דזשויס"!

## אכצנטע קאפיטל

# לאנד! לאנד! זעלאנד!

דידאָזיקע ווערטער האָבן געטראָפן אײַרטאָנען, ווי א ביקסן־שאָס. ער איז פּײַל־אויסן־בויגן אופגעשפּרונגען פון אָרט, די האנט זײַנע האָט זיך א צי געטאָן צום רעוואָלווער און ס'האָט זיך דערהערט א שאָס.

מיסטער גלענארוואן איז אומגעפאלן, פונדערווײַטנס האָבן זיך אויך דערהערט עטלעכע שאָס.

דזשאָן מאנגלס מיט די מאטראָסן זײַנען צעטומלט געוואָרן פון דערדאָזיקער אומגעריכטקײַט און האָבן זיך גלײַך די ערשטע רעגע א וואָרף געטאָן אפן בען דזשויסן. אָבער דער פלינקער פארברעכער האָט זיך געגעבן א גליטש ארויס פון זייערע הענט און געשטעלט פיס צו זײַן באנדע, וואָס האָט גע־וואָרט אף אים באם אָנהייב פונעם גומי־וואלד.

דאָס בײַדל איז געווען א קנאפּע שוץ פון די פּײַלן, אזוי, אז מע האָט געמוזט גיכער אָפּטרעטן. מיסטער גלענארוואן, וואָס איז געווען לײַכט פאר־וווּנדעט, איז אליין אופגעשטאנען פון דער ערד.



די האנט זיינע האָט זיך אַ צי געטאָן צום רעוואָלווער און ס'האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

— צו דער בויד, צו דער בויד! — האָט דושאַן מאַנגלס אויסגעשריגן
און אוועקגעפירט אַהינצו גיכער ביידע רײַזנדערנס. אין עטלעכע רגעס
ארום זײַנען זיי שוין געווען אינעווייניק אין בויד מיטן לאָדן פֿאַרשטעלט.
דושאַן מאַנגלס, דער מאַיאָר, פּאַגאַנעל און די מאַטראָסן האָבן זיך א כאַפּ
געטאָן צו די קאַראַבינעס און זיך צוגעגרייט אָפּצושלאָגן דעם באַנדיטישן
אַנפֿאַל. מיסטער גלענאַרוואַן, ראָבערט און אָלבינעט האָבן זיך באוואָפֿנט און
זיך אויך אוועקגעשטעלט אין די רייען פֿון די פֿאַרטיידיקער.
דאָס אַלץ איז דורכגעמאַכט געוואָרן אין משך פֿון עטלעכע רגעס.
דושאַן מאַנגלס האָט אינדערגיך ארומגעקוקט דעם אָנהייב וואַלד. דאָס
שיסעײַ האָט זיך פּונקט אַזוי אומגעריכט אָפּגעשטעלט, ווי אומגעריכט ס׳האָט
זיך אָנגעהויבן. ארום און ארום איז געווען שטיל, אַז מע האָט קיין שאָרך
ניט געהערט; דאָס לײַכט רויכעלע פֿון די דורכגעגאַנגענע שאָסן האָט זיך נאָך
געשלענגט אינדערלופֿטן און זיך געהויבן צו די שפּיצן פֿון די גומי־ביימער.
די אָנפֿאַלערס זײַנען ערגעץ פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, אַז ס׳איז קיין זייכער פֿון
זיי ניט געבליבן. דער מאַיאָר מיט דושאַן מאַנגלסן האָבן דורכגעפֿירט דעם
אויסשפּיר עטוואָס טיפֿער אין וואַלד, אָבער זיי האָבן דאָרטן ניט געפֿונען קיין
שום שפּור פֿון דידאָזיקע באַנדיטן.
— די קאַטאָרזשניקעס זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, — האָט זיך דושאַן
מאַנגלס אָנגערופֿן.
און דער מאַיאָר האָט געענטפֿערט:
— יאָ, אַזוי איז עס. — און מע האָט זיך ביידע אומגעקערט צוריק צו דער
בויד, ווײַל איצטער האָט מען, מער ווי אַלעמאָל, זיך געדאַרפֿט האַלטן אַלע
אינאיינעם.
די ערשטע ארבעט, וואָס מיסיס עלען און מיס מערי האָבן געטאָן, איז
געווען איבערבינדן מיסטער גלענאַרוואַנען די וווּנד, די קויל האָט אים דורכ־
געלעכערט דאָס ווייך־פֿלייש פֿונעם אַקסל און האָט אים נישט אָנגעטאָן קיין
שום ערנסטע צעשעדיקונג. סײַ דער ביין, סײַ די מוסקולן זײַנען ניט אָנגע־
רירט געוואָרן. די וווּנד האָט שטאַרק געבלוטיקט, אָבער מיסטער גלענאַרוואַן
האָט פֿרײַ באַוועגט מיט דער האַנט און מיט די געלענקען, און ער האָט פֿאַר־
זיכערט די פֿרײַנט זײַנע, אַז דערדאָזיקער שאָס האָט אים ניט פֿאַרשאַפֿט קיין
איבעריקן שאָדן. ווי נאָר מע האָט אים איבערגעבונדן, האָט ער געבעטן, מע
זאָל זיך מער ניט באַמרויִקן וועגן אים און מע זאָל גלײַך צוטרעטן באַהאַנד־
לען דאָס נאָרוואָס געשעענע. די רײַזנדער, אויסער מיולרעדי מיט הילסאָנען,
וואָס זײַנען געשטאַנען אַף דער וואַך, האָבן זיך אויסגעזעצט אַלע אין דער
בויד. מע האָט געבעטן דעם מאַיאָר, ער זאָל אָנהייבן דערציילן. ביז עפּעס
האָט דער מאַיאָר דערווײַל דערציילט פֿאַר מיסיס עלען אַלץ, דאָס, וואָס זי האָט
נאָך ביז איצט ניט געוווּסט: וועגן דעם, וויִאַזוי א הײַפֿל קאַטאָרזשניקעס
זײַנען אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿון דער פּערטער טורמע, וויִאַזוי זיי זײַנען אַראָנ־
געקומען אין דער פּראָווינץ וויקטאָריא און האָבן ארויסגערופֿן די אײַזנבאַנ־

קאטאסטראָפע; ער האט איר אויך באוויזן דעם נומער פון דער אויסטראַלי־שער נייַזעלאַנדישער צייַטונג, וואָס זיי האָבן געקויפט אין סיימור, און ער האָט דערבייַ צוגעגעבן, אז די פּאָליציי האָט צוגעזאָגט הונדערט פונט סטער־ליניג פאר בען־דזשויסן, דעם אטאמאַן פון דער באַנדע, וואָס האָט אין מעשך פון אכצן כאדאָשים צייַט זיך דערוואָרבן א פינצטערן רום.

אָבער וויאזוי־זשע האָט מאַק־נאַבס דערקענט דעמדאָזיקן בען־דזשויסן אין אייַרטאָנען דעם באַצמאַנ? דידאָזיקע רעטעניש האָט קיינעם ניט געלאָזט רוען, און דער מאיאָר האָט גלייַך דערקלערט, וויאזוי און אף וואָס זייַנע פאַרדאַכטן האָבן זיך די גאנצע צייַט געבויט.

פונעם ערשטן טאָג אָן האָט מאַק־נאַבס אינסטינקטיוו ניט אָנגעטרויט אייַר־טאָנען. די צוויי־דריי פארבייַלויפיקע בליקן, מיט וועלכע אייַרטאָן און דער שמיד האָבן זיך איבערגעביטן אפן ברעג פונעם טייַך ווימערע; דאָס, וואָס אייַרטאָן האָט די גאנצע צייַט ארויסגעוויזן א נייגונג צו אויסמייַדן אלע שטעט און דערפער, וואָס זייַנען געווען אפן וועג, זייַן שטענדיקער ווילן ארויסצורופן „דונקאַנען" פון מעלבורן, דער מאָדנער טויט פון די באלעכאַיִם, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייַן אופזיכט, און, ענדלעך, עפּעס אזעלכס, וואָס האָט געקלונגען ניט אופריכטיק אין אלע זייַנע ווערטער און טועכצן,— דאָס אלץ צוזאַמען גענומען האָט דערוועקט דעם מאיאָרס אומצוטרוי. אָבער דאָך האָט ער אים די גאנצע צייַט ניט געקענט כאפּן אין קיינס אזעלכס, אין וואָס מע זאָל אים קענען קאָנקרעט באשולדיקן.

אָבער אין פאָריקער נאכט זייַנען פאָרגעקומען פאָלגנדיקע געשעענישן:

מאַק־נאַבס האָט באמערקט אף א האלבן מייַל פונעם לאגער מאָדנע שאָטנס אזעלכע, וואָס זיי האָבן בא אים גלייַך ארויסגערופן א כשאד. א פעלד מיט פאָספאָרעסצירנדיקע שוואָמען האָט שוואך אָפּגעלויכטן אינדערפינצטער. דרייַ פארשוינען האָבן עפּעס באקוקט די שפורן אף דער ערד, צווישן זיי האָט מאַק־נאַבס גלייַך דערקענט דעם בלעק־פּוינטער שמיד. „דאָס זייַנען זיי"— האָט זיך איינער אָנגערופן. „יאָ, דערדאָזיקער שפּור גייט פון ווימערע אָן" — האָט דער צווייטער געענטפערט. „אלע פערד זייַנען צעפייגערט געוואָרן, דעם סאם פארשפּאָרט מען דאָ ווייַט זוכן. סאם קען דאָ קלעקן, אז מע זאָל אראָפּנעמען פון די זאָטלען א גאנצן קאוואלעריסטישן אָטריאד," — האָט דער דריטער באמערקט.

די שטימען האָבן אָנגעהויבן ווערן שטילער, און די טריט האָבן זיך גענו־מען דערווייַטערן. מאַק־נאַבס איז געווען פון דעם אלעמען אזוי איבערראשט, אז ער האָט גאָרניט ניט געקענט באנעמען, וואָס סע קומט דאָ פאָר, און ער איז אוועקגעקראָכן נאָך זיי. אינגיכן האָט זיך דער שמועס באנייַט. „דערדאָזי־קער בען־דזשויס איז דער עמעסער ברען,— האָט זיך דער שמיד אָנגערופן,— וויאזוי ער איז עס מעגולגל געוואָרן אינעם באַצמאַן אייַרטאָן! און דער אופטו זייַנער מיט דער שיף־קאטאסטראָפע! אויב דער פּלאַן וועט זיך אייַנגעבן, וועט עס זייַן דער עמעסער קונץ!"

— דאָס זײַנען געווען די לעצטע ווערטער וואָס איך האָב דערהערט, — האָט דער מאַיאָר געענדיקט. — די קאַטאָרזשניקעס האָבן זיך ארויסגעקליבן פון וואַלד און זיי זײַנען ערגעץ פארשוווּנדן געוואָרן, אָבער איך האָב שוין ניט געהאַט דערוווּסט אַלץ, וואָס מיר איז נויטיק געווען זיך צו דערוויסן, און איך האָב זיך אומגעקערט אין לאַגער אַרײַן.

דער מאַיאָר איז אַנשוויגן געוואָרן. זײַנע מיטרײַזנדער זײַנען אויך געזעסן שווײַגנדיק און יעדערער האָט זיך געטראַכט פאַר זיך.

— הייסט עס, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן און זײַן פּאָנעם איז אַזש ווײַס געוואָרן פאַר צאָרן, — אַז דערדאָזיקער אײַרטאָן האָט אונדז אומיסטן פאַרשלעפּט אַהער, כּדי אונדז צו באַנעמען ביז אַ פּאָרעם און דערנאָך אָוועקהאַרגענען?

— יאָ, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט.

— און, אָנהייבנדיק פון ווימערע אָן, שלעפּט זיך נאָך די דאָזיקע באַנדע פוסטראָט נאָך אונדז און קוקט אַלץ ארויס אויף דער שאָ, ווען ס'וועט זײַן באַקוועמער אָנצופאַלן אויף אונדז?

— יאָ.

— קומט דאָך, הייסט עס, אויס, אַז דערדאָזיקער שאַלקהאַפטיקער פאַרשוין איז גאָר קיינמאָל קיין מאַטראָס ניט געווען אויף דער שיף „בריטאַניע“, און דעם נאָמען „אײַרטאָן“ האָט ער אָנגעטאָן אויף זיך נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט צוגעגאַנווערט דאָס מאַטראָסן־ביכעלע.

אַלע בליקן האָבן זיך געווענדעט צו מאַק־נאַבסן, וואָס האָט, קענטיק, זיך אויך געבראָכן דעם קאָפּ איבער דערדאָזיקער פראַגע.

— לויט מײַן מיינונג נאָך, איז דאָס איינציקע, וואָס איז יאָ צו גלייבן אין דער דאָזיקער גאַנצער פינצטערער געשיכטע, — האָט ער זיך אָנגערופן מיט זײַן געוויינלעכער רויִקער שטים, — אַז דעמדאָזיקן פאַרשוין רופט מען טאַקע אַוודאי אײַרטאָן. בען־דזשויס — דאָס איז בלויז זײַן גאַזלאָנישער בײַנאָמען. און ער האָט אפילו געקענט האַרי גראַנטן פּערזענלעך, ער האָט געקענט זײַן דער באַצמאַן אויף דער שיף „בריטאַניע“. די דאָזיקע פאַקטן זײַנען דערוויזן געוואָרן דורך די דאָזיקע אַלע איינצלהײַטן, וואָס אײַרטאָן האָט אונדז דערציילט וועגן זײַן באַקאַנטשאַפט מיט האַרי גראַנטן. נאָר צו וואָס זאָלן מיר זיך ברעכן דעם קאָפּ אויף די דאָזיקע אַלע צווייפלהאַפטע היפּאָטעזעס. פאַר אונדז איז דערווײַל גענוג דאָס, וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אײַרטאָן און בען־דזשויס איז איינע און די זעלבע פּערזאָן און אַז דערדאָזיקער מענטש, וואָס האָט אַמאָל געדינט אויף דער שיף „בריטאַניע“, איז איצט געוואָרן דער הויפּט פון אַ באַנדע קאַטאָרזשניקעס.

— איצט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — דערקלערט־זשע מיר, זײַט אַזוי גוט, וויאַזוי האָט האַרי גראַנטס געוועזענער באַצמאַן זיך געפאַקט קיין אויסטראַליע?

— דאָס איז מיר שווער צו דערקלערן, — האָט מאַק־נאַבס געענטפערט. —

וואָס דארפ מענ מער, אפילע די פּאָליציי ווייס נאָך אויך ניט וואָס וועגנ דעם צו זאָגנ. פארוואָס? דאָס בינ איך ניט אימשטאנד דערווײַל צו באַנעמענ; ס'איז אזא רעטעניש, וואָס די צוקונפט וועט מינאסטאמ דערלייזנ.

— די פּאָליציי פארדעכטיקט אפילע ניט די אייניקייַט פונ דידאָזיקע ביידע געמענ, — בענ־דזשוים אונ איַירטאָנ, — האָט זיך דזשאָנ מאנגלס אָנגערופנ.

— איר זײַנט טאקע גערעכט, דזשאָנ, — האָט דער מאיאָר געענטפערט, — אונ שטעלט זיך פאָר, ווענ זיי ווייסנ עס, וואָלטנ זייערע זוכענישנ אפ אסאך פארגרינגערט געוואָרנ.

— קענטיק, — האָט זיך מיסיס עלענ אָנגערופנ, אז דערדאָזיקער אומגליקלעכער האָט זיך צוגעשארט צו אָ'מורס פערמע אויך מיט א געוויסער פארברעכערישער קאוואָנע.

— דאָס איז גאָר קיינ סאָפעק ניט, — האָט מאק־נאבס געענטפערט, — ער האָט, זיכער, געגרייט אנ אָנפאל אפנ אירלענדער, אָבער דאָ האָט זיך אים געטראָפנ א מער ליינבארער געשעפט. דער צופאל האָט אים אָנגעשטויסנ אפ אונדז. ער האָט דערהערט מיסטער גלענארוואנס געשיכטע וועגנ דער שיפ־קאטאסטראָפע, אונ אזויווי א מענטש איז ער א געוואגטער אונ מיט א קאָפ אפ די פלייצעס, האָט ער גלײַך באשלאָסנ זיך איבערצושליסנ אפ דערדאָזיקער אונטערנעמונג, אונ מיר האָבנ זיך געפאקט אפ דער ווענטקע: ס'איז באלד באשלאָסנ געוואָרנ דורכצופירנ די עקספעדיציע אינ דער טיפ פונ אווסטראליע. לעמ ווימערע איז ער ארײַנ אינ א קאָנטאקט צוריק מיט זײַנ באנדע, דאָרטנ האָט ער געבראכט צו פירנ איינעמ פונ זײַנע באנדיטנ אונטערנ אויסזעענ פונ דעמ בלעך־פוינטער שמיד. יענער האָט אונטערגעשמידט גלענארוואנס פערד מיט א געשטעמפלטער פידקאָווע, אזוי, אז די באנדע האָט זייער גרינג געקענט נאָכגיינ נאָך אונדזערע שפורנ; דערנאָך האָט ער מיט א גיפטיקנ געוויקס אָנגעהאָדעוועט איינס נאָך איינס די פערד מיט די אָקסנ אונדזערע; דערנאָך איז אָנגעקומענ דער פאסיקער מאָמענט, ער האָט אונדז איטלעכנ פארפירט אהער אינ דעמ סנאָוער זומפ אונ אונדז גלײַך אויסגעגעבנ דער באנדע זײַנער.

דער מאיאָר האָט לויט אלע געגעבענע האשאָרעס אופגעשטעלט די גאנצע געשיכטע מיט בענ־דזשויסנ, אונ די גאנצע עקספעדיציע האָט גלײַך דערזענ אונטער דער מאסקע פונעמ באשיידענעמ אונ געטרײַענ אָנטרײַבער דעמ פארביסענעמ דערפינדערישנ אונ געוואגטנ פארברעכער. דאָס, וואָס בענ־דזשוי־סעס קאוואָנעס זײַנענ איצט ארוס, ווי בוימל אפ וואסער, האָט געדארפט פארפליכטנ מיסטער גלענארוואנס עקספעדיציע נאָך צו גרעסערער וואכזאמקײַט. צומ גליק, איז דער אופגעדעקטער גאזלענ געווענ א קלענערע געפאר, ווי דער געהיימער פארעטער.

אָבער פונ דעמ מאיאָרס מיטיילונג איז ארויסגעדרונגע נאָך איינע א זאך, וועגנ וועלכער קיינער האָט נאָך קיינמאָל ניט גערעדט, אונ נעמלעך: דאָס, וואָס מע האָט אופגעדעקט איַירטאָנס פארעטערישקײַט, האָט דערהארגעט יעדע

מינדסטע האָפענונג אָפּ אופצוזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנטן. דער קאַטאָרזשאַן האָט פאַרטראַכט די קאַטאַסטראָפע, קעדיי צו פאַרנאַרן מיסטער גלענאַרוואַנען. יועגן דעם האָבן גאַנץ קלאָר געזען די מיטגלידער פון זײַן באַנדע. מאַקנאַבס האָט דאָך עס געהערט מיט זײַנע אויערן. קומט אויס, אַז „בריטאַניע" האָט קיינמאָל ניט געליטן קיין קאַטאַסטראָפע לעם די ריפן פון דער טופּאָלדער בוכטע, און האַרי גראַנט איז קיינמאָל מיט קיין פוס ניט אַרופגעטראָטן אָפּ דעם אַוסטראַלישן קאָנטינענט.

איז שוין, הייסט עס, די צווייטע אויסטײַטשונג פון די דאָקומענטן אויך אַ פאַלשע.

אַז מע האָט זיך אָפּגעגעבן אַ כעזשבן אין דער געשאַפענער לאַגע און אַז מע האָט דערזען דעם צאַער, וואָס איז אויסגעגאָסן אָפּן קאַפּיטאַן גראַנטס קינדער, זײַנען אַלע אַנשווייגן געוואָרן. קיינער האָט פאַר זיי מער ניט געפּרוּוון קיין טרייסט־ווערטער. ראָבערט און מערי האָבן זיך אַרומגענומען און געוויינט מיט ביטערע טרערן. פּאַגאַנעל האָט צעמישטערהייט עפּעס געבאָרבלט:

— אָ, דו אומגליקלעכער דאָקומענט, דו האָסט דאָך אונדז ווײַטער אָפּגענאַרט, דו האָסט דאָך ווײַטער אַרײַנגעפירט אין אַ געפאַר דאָס לעבן פון דרײַסטע, געוואַגטע און ערלעכע מענטשן! — און דער כאָשעווער געאָגראַף איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט אָפּ זיך אַליין, אַז ער האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן איבערן שטערן, פּונקט ווי ער וואָלט וועלן זיך אַליין צעדרויבלען דעם שאַרבן זײַנעם.

דערווײַל איז מיסטער גלענאַרוואַן אַרויס פון דער בויד און זיך פאַררייניקט צו מיולרעדי מיט ווילסאָנען, וואָס זײַנען געשטאַנען אָפּ דער וואַך.

— וואָס איז געשען פאַר דער שאָ, וואָס איר שטייט דאָ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן בײַ די מאַטראָסן.

מיר האָבן קיין זאַך ניט באַמערקט, וואָס זאָל דערוועקן אונדזער פאַרדאַכט, — האָט ווילסאָן געענטפערט. — די קאַטאָרזשניקעס קערן דאָ אינדערנאָענט נים זײַן.

— קענטיק, אַז ניט די גאַנצע באַנדע האָט זיך נאָך אַהער אופגעקליבן, און זיי האָבן מוירע געהאַט אײַנשטעלן, — האָט מיולרעדי צוגעגעבן. — און עפּשער האָט בען־דזשויס באַשלאָסן אַרײַנציִען צו זיך אין דער באַנדע אַרײַן נאָך אַ ביסל פאַרלאָרענע־מענטשן, וואָס שלעפּן זיך אום בײַ דעם צופוסנס פון די אַלפּן?

— מעגלעך, מיולרעדי, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט. — די שאַקאַלהאַפטיקע לײַט זײַנען קעסיידער פּאַכדאָניש. דערצו ווייסן זיי נאָך, אַז מיר זײַנען באַוואָפנט און גאַנץ גוט באַוואָפנט. מע קאָן נאָך ניט וויסן, עפּשער וואַרטן זיי ערגעץ אויס, קעדיי זיי זאָלן באַנאַכט קענען איבערכאַזערן דעם אָנפאַל זייערן. אויב אַזוי, וועט נאָך זון־פאַרגאַנג אויסקומען צו פאַרדאָפּלען די וואַכזאַמקײַט. אַך, ווען מיר קענען זיך אַרויסקלײַבן פון דעמדאָזיקן זומפּ

אינ סטעפּ אריַינ! אָבער צום באַדויערנ, ווען אונדז די פּוּלוואַסערדיקייט פונ טײַכ ניט לאָזנ עס פאַרווירקלעכנ. וואָס וואָלט איכ איצט ניט אָפּגעגעבנ פאַר א פּליט, אַפ וועלכנ מיר זאָלנ זיכ קענענ אריבערקלײַבנ צו יענעם ברעג!

— באַפעלט, סער, וועלנ מיר אזא מינ פּליט אויסבויענ! — האָט זיכ וויל־סאָנ אָנגערופנ. — אינ קיינ געהילצ וועט דאָכ דאָ קיינ מענגע ניט זײַנ.

— ניינ, ווילסאָנ, — דאָ וועט זיכ גאָרניט באַקומענ. סנאָוּע איז ניט קיינ רוּיִקער טײַכ אונ שטראָמט זייער שווינדיק.

אינ דער אָ רעגע איז דזשאָנ מאַנגלס ארויסגעגאַנגענ צו גלענאַרוואַנענ. דערנאָכ זײַנענ אויכ אָנגעגאַנגענ דער געאָגראַפ מיטנ מאַיאָר. יענע האָבנ זיכ פּונקט אומגעקערט פונעם סנאָוּע־ברעג. דער וואַסער־ניוואָ האָט זיכ פאַר דער נאַכט אופגעהויבנ נאָכ אַפ א פוס, אונ דער שטראָם האָט זיכ געטראָגנ מיט אזא מינ אימפעט, אז ס'איז גאָרניט שײַעכ געווענ צו קלערנ, מע זאָל זיכ קענענ בעשאָלעם איבערפּעקלענ אַפ א ווי עס איז צונויפגעקלאַפּטנ פּליט.

— זיכ איצטער אריבערקלײַבנ אַפ יענעם ברעג איז גאָר ניט שײַעכ צו קלערנ, — האָט זיכ דזשאָנ מאַנגלס אָנגערופנ, — אָבער גלאַט זיצנ מיט צונויפ־געלייגטע הענט וואָלט איכ אויכ ניט געראַטנ. דאָס, וואָס מיר האָבנ באַשלאָסנ איידער מיר האָבנ אופגעדעקט אײַרטאָנס פאַראַט, וואָלטנ מיר איצט דאַרפנ אויספּילנ אָנ שום פאַרזאַמונג.

— וועגנ וואָס רעדט איר עס, דזשאָנ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ גע־פרעגט.

— איכ רעד וועגנ דעם, אז מיר נויטיקנ זיכ אינ הילפ, אונ אויב מיר קענענ ניט צוקומענ צו דער טופאָלדער ביכטע, איז נאָכ נויטיקער, אז מע זאָל באַצײַטנס געבנ צוּוויסנ וועגנ דעם קיינ מעלבורנ. באַ אונדז איז איבערגע־בליבנ איינ פערד, טאָ דערלויבט מיר, סער, זיכ אופזעצנ רײַטנדיק אונ אוועק־פאָרנ קיינ מעלבורנ.

— ניינ, דזשאָנ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ דערווידערט, — דאָס איז א געפערלעכע אונטערנעמונג. מירנ שוינ ניט ריידנ וועגנ דעם, וואָס די צוויי הונדערט־מײַליקע רײַזע גופע איבער א ווילד לאַנד איז א שווערע אופגאַבע; אָבער אײַרטאָנס באַנדע לאָקערט דאָכ איצט איבער אַלע שטעגלעכ, קעדיי אונדז צו שטערנ אינ דעמדאָזיקנ פאַרזוכ.

— איכ קלער אויכ דאָסזעלבע, סער, אָבער בלײַבנ אינ דערזעלבער לאַגע, אינ וועלכער מיר געפינענ זיכ איצט, האָט קיינ זינ ניט. אײַרטאָנ האָט זיכ אונטערגענומענ אינ מעשעכ פונ זיבנ טעג אראָפּברענגענ אהער, צום סנאָוּער ברעג, אונדזערע כאַווירים פונ דער יאַכט־שיפ. איכ נעם זיכ עס אונ־טער דורכצומאַכנ פאַר זעקס טעג. אוי, סער, אז די איינציקע מעניִע איז איצט נאָר אינ אײַער האַכקאָמע.

— פריִער איידער מיסטער גלענאַרוואַנ וועט זאָגנ זײַנ וואָרט, — האָט זיכ פּאַגאַנעל ארײַנגעמישט, — דערלויבט מיר צו מאַכנ איינ באַמערקונג. — קיינ מעלבורנ מוז מענ טאַקע פאָרנ, אָבער מאָנ דאַרפ עס ניט דזשאָנ מאַנגלס.

ער איז דער קאפיטאַן פון דער יאַכט־שיף, אזוי, אַז ער האָט קיין רעכט ניט צו שטעלן זײַן לעבן אין קאָן. איך פֿאָר אַפּ זײַן אָרט.

— ריכטיק, פאַגאַנעל! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן, — אָבער פֿאַר־וואָס עפּעס איר?

— און מיר ווי זײַנען? — האָבן ווילסאָן מיט מיולרעדין ביידע אין איינ־קאָל אויסגערופן.

— יאָ, אָבער צי דען מיינט איר, אַז מיך קען אָפּשרעקן די פּערספּעקטיוו דורכצופֿאָרן וואָסערע צוויי הונדערט מײַל רײַטנדיק? — האָט דער מאַיאָר אַ פרעג געטאָן.

— גוט, מײַנע פרײַנט, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — ווי באַלד איר זײַט שוין געקומען צום באַשלוס, אַז פֿאָרן קיין מעלבורן מוז מען, טאָ זאָל דער גורל לייזן די פראַגע, ווער פון אונדז זאָל פֿאָרן. פּאַגאַנעל, נעמט נאָר, זײַט אַזוי גוט, און שרײַבט אָן די נעמען אונדזערע.

— אונדזערע — ביטע, נאָר אײַערן, סער, האָט קיין פאַריבל ניט! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגערופן.

— וואָס הייסט? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן איבערגעפרעגט.

— איר האָט קיין רעכט ניט פאַרלאָזן די פרוי אײַערע — דאָס איז איינס; דערצו האָט זיך נאָך די ווונד אײַערע ניט פאַרצויגן — דאָס איז צוויי.

— ליבער מיסטער גלענאַרוואַן, — האָט פּאַגאַנעל אונטערגעכאַפּט, — איר האָט ביכלאַל קיין רעכט ניט צו פאַרלאָזן די עקספּעדיציע.

— ריכטיק, עדוואַרד, — האָט דער מאַיאָר צוגעגעבן. — אײַער פּלאַץ איז דאָ.

— און איך בין מיט אײַך ניט מאַסקים, מײַנע פרײַנט. דאָס איז ניט קיין לוסט־שפּאַציר. דער, וואָס סע פֿאָרט, שטעלט דאָס לעבן זײַנס אין אַ גרויס געפֿאַר, דערום קען איך דעם פּלאַץ מײַנעם קיינעם ניט אָפּטרעטן. איך פֿאָדער, איר זאָלט אָנשרײַבן אויך מײַן נאָמען, און זאָל דער גורל לייזן!

מיסטער גלענאַרוואַן איז אַזוי אַקשאָנעסדיק באַשטאַנען דערויף, אַז מע האָט אים געמוזט נאָכגעבן. מע האָט אָנגעשריבן אויך זײַן נאָמען צווישן די איבעריקע, די פּאַפּירלעך האָט מען אויסגעמישט און דאָס ערשטע פּאַפּירעלע, וואָס מע האָט אַרויסגעצויגן, איז געווען מיט מיולרעדיס נאָמען. דער בראַווער מאַטראָס האָט אַזש אונטערגעטאַנצט פאַר פרייד.

— אָ, איך בין גרייט, סער! — האָט ער אויסגערופן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים פעסט געדריקט די האַנט, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט אין בויד אַרײַן. דזשאָן מאַנגלס מיטן מאַיאָר האָט ער איבערגעלאָזט אויף דער וואַך. אַז מיסיס עלען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אָנגענומענעם באַשלוס, האָט זי אים באַגיטיקט. זי האָט זיך געווענדעט צו מיולרעדין מיט אַזעלכע מילדע ווערטער, וואָס האָבן דעם דרײַסטן יאַם־מענטש גוואַלדיק גערירט.

דאָס פֿאָרן זײַנס האָט מען אָנגעמערקט אויף אַכט אַזייגער אינאָוונט. אַכט אַזייגער איז שוין געווען פינצטער. ווילסאָן האָט גענומען אויף זיך צוגרייטן

דאָס פערד. אים איז איינגעפאַלן אין קאָפּ א גליקלעכער געדאַנק, אז מע דאַרף פאַרבייטן די פּאַרטעריִשע פּידקאָווע מיטן דהייבלעטערדיקן שטאַמפּ. און אזוי האָט מען געטאָן. מע האָט יענע פּידקאָווע אראָפּגענומען און אַף איר אָרט אונטערגעשמידט דאָס פערד מיט א פּידקאָווע, וואָס מע האָט אראָפּגע־נומען בא איינעם פון די געפאַלענע באַלעכאַים. אזוי ארום, וועלן די קאַ־טאָרזשניקעס ניט קענען דערקענען מיולרעדים שפּורן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך דערווייל אוועקגעזעצט אָנשרייבן טאָם אאוסטינען דעם באַפעל. שרייבן האָט געמוזט פּאַגאַנעל, ווייל מיסטער גלע־נאַרוואַנען איז געווען שווער צו האַלטן מיט דער פאַרווונדעטער האַנט די פּען. דער געלערנטער איז עפּעס געווען פאַרכאַפּט פון א נייער אידייע, און ער האָט גאָרניט ניט געהערט, וואָס מע טוט זיך ארום אים. ס׳איז א סוואָרע, אז ער האָט אפילע פאַרגעסן וועגן די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס זיינען פּאָרגעקומען אין מעשעכ פון היינטיקן טאָג, און זיינע געדאַנקען זיינען אין־גאַנצן געווען פאַרנומען מיטן נייעם אַנאַליז פונעם שלימאזלדיקן דאָקומענט. ער האָט אין געדאַנק איבערגעכאַזערט אלע ווערטער און זיך באַמיט ארויס־צוזוכן פאַר זיי א פרישע פאַרטייטשונג.

דערום האָט ער ניט געכאַפּט פון דער ערשטער רעגע, וואָס מיסטער גלע־נאַרוואַן וויל פון אים, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט געמוזט איבערכאַזערן די ווערטער זיינע.

— א־הא, א־הא...— האָט דער געלערנטער ענדלעך געענטפערט.— גיט! די רעגע.

און ער האָט מאָדנע געדרייט אין די הענט בא זיך זיין נאָטיץ־ביכל, דערנאָך האָט ער ארויסגעריסן פונדאָרטן א ווייס בלעטעלע פּאַפּיר, זיך באַ־וואָפנט מיט א בלייפעדער און זיך צוגעגרייט צום שרייבן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט גענומען דיקטירן:

— „איך לייג פאַר טאָם אאוסטינען, ער זאָל גלייך אָן שום פאַר־זאַמונג ארויסגיין אין יאַם אריין און אָפּפירן די יאַכט־שיף „דונקאַן"...

דערשרייבנדיק דאָסדאָזיקע וואָרט, האָט פּאַגאַנעל צופעליק דערזען אפן דיל ליגן דעם עקזעמפּליאַר „אַווסטראַלישע און ניי־זעלאַנדישע צייטונג". די צייטונג איז געווען צונויפגעלייגט אזוי, אז מע האָט ארויסגעזען בלויז דאָס וואָרט: „זעלאַנדישע". און בא פּאַגאַנעלן איז דער בלייער געבליבן הענגען אינדערלופטן, און ער אליין האָט ווי פאַרגעסן סיי אין גלענאַרוואַנען און סיי אין דעם בריוו, ווי אויך אין אלץ דאָס ארומיקע.

— נו, וואָס־זשע שרייבט איר ניט? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אומגע־דולדיק א פרעג געטאָן.

— אכ,— האָט דער געאָגראַף זיך פּלוצים אופגעכאַפּט.

— וואָס טוט זיך עס מיט אייך? — האָט דער מאַיאָר א פרעג געטאָן.

— ס׳איז גאָרניט, ס׳איז גאָרניט! האָט דער געלערנטער געענטפערט.

און ער האָט א שעפּטשע געטאָן:

— זעלאַנד... לאַנד... לאַנדיע, לאַנדיע!

ער איז פּלוצים אופגעשפּרונגען פונעם אָרט, ער האָט א כאַפּ געטאָן די צייטונג, זי געגעבן א קנייטש און איז די הענט בא זיך און האָט, קענטיק, מיט גרויס שוועריקייט פאַרהאַלטן דעם שטראָם ווערטער, וואָס האָט זיך בא אים געריסן פון מויל.

מיסיס עלען, מיס מערי, ראָבערט, אַלבינעט און מיסטער גלענאַרוואַן האָבן אָנגעקוקט דעם געלערנטן און בעשומויפן ניט געקענט פאַרשטיין, פון וואָס ער איז אזוי צערודערט.

פּאַגאַנעל איז געווען אזוי פאַרטיפט, אז מע האָט אפילע ניט געוווּסט, צי איז ער בא די געדאַנקען.

אָבער זיין צערודערונג איז גלייך דורכגעגאַנגען, פרייד האָט גענומען שיינען בא אים אין די אויגן, דערנאָך איז עס אפּ א רעגעלע אָפּגעגאַנגען, און ער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט צו זיך אפן אָרט און האָט מיט א רויִקער שטים זיך אָנגערופן:

— ביטע, מיסטער גלענאַרוואַן. וואָס דאַרף מען ווייטער שרייבן?

מיסטער גלענאַרוואַן האָט באַנייט זיין דיקטאַנט:

— „... און אָפּפירן „דונקאַנען" צום מיזרעכדיקן ברעג פון אַווסטראַליע"...

— פון אַווסטראַליע? — האָט פּאַגאַנעל איבערגעפרעגט און האָט גלייך אפן אָרט זיך אַליין געענטפערט: — נו, פאַרשטייט זיך, אז פון אַווסטראַליע!

— „צום 37־טן גראַד ברייט", — האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאָרגעזעצט.

פּאַגאַנעל האָט דערשריבן דאָס צעטל און עס דערלאַנגט מיסטער גלענאַרוואַנען צום כאַסמענען. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך א קרום געטאָן פאַר וויטיק און ער האָט ווי עס איז אונטערגעשריבן דעם בריוו, דערנאָך האָט פּאַגאַנעל צוניפגעלייגט דאָס בריוועלע, פאַרפּאַקט אין א קאָנווערט, אים פאַר־קלעפּט און מיט א ציטעריקער האַנט אָנגעשריבן דעם אַדרעס:

צו טאָם אַאוסטינען
דעם געהילפס־קאַפּיטאַן פון
דער יאַכט־שיף „דונקאַן"
קיין מעלבורן.

דערנאָך איז ער אַרויסגעלאָפן פון דער בויד און זיך צעפאָכעט מיט די הענט און גענומען שטאַמלען צו זיך אַליין די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער:

— לאַנד! לאַנד! זעלאַנד!

## נײַנצנטע קאפּיטל

# פּיר שוידערלעכע טעג

דער ערשטער טייל טאָג איז דורכגעגאנגענ אָנ פּאסירונגענ. מיולרעדי איז שוינ געווענ פּארטיק אינ וועג ארײַנ.

פּאגאנעל האָט זיכ ווידער בארויִקט, כאָטש לויטנ אויסזענ זײַנעמ האָט מענ זיכ געקענט אָנשטויסנ, אז די געדאנקענ זײַנענ בא אימ פּארנומענ, אָבער ער האָט, קענטיק, עפּעס באשלאָסנ בא זיכ ניט ארויסצוזאָגנ די זאָרג זײַנע פּאר קײנעמ. ווײַזט אויס, אז ער האָט געהאט אנ ערנסטנ גרונט זיכ אזוי אויפּצופּירנ, וואָרומ דער מאיאָר האָט אונטערגעהערט, וויאזוי ער האָט עפּעס א פּאָר מאָל א בורטשע געטאָנ זיכ אונטער דער נאָז:

— ניינ, ניינ, זיי וועלנ מיר סײַווי ניט וועלנ גלויבנ! דערצו, ווער ווייסט, צי ס'וועט נאָכ פּונ דעמ עפּעס ארויסקומענ. ס'איז שוינ צו שפּעט.

אונ ער האָט א טרייסל געטאָנ מיטנ קאָפּ, ווי א מענטש, וואָס האָט אָפּגעהאלטנ א זיג איבער זיכ אליינ, אונ ער האָט דערקלערט מיולרעדינ, דורכ וואָס פּאר א וועג ער דארפּ פּאָרנ. ער האָט אימ אָנגעצייכנט אפּ א מאפּע דעמ מארשרוט קיינ מעלבורנ, אונ ער האָט ניט אָפּגעלאָזט דעמ מאטראָס פּונ זיכ אזוי לאנג, ביז ער האָט זיכ ניט איבערצײַגט, אז יענער האָט גוט באנומענ אלצ, וואָס ער האָט אימ געוויזנ.

זעקס אזייגער פּארנאכט האָבנ אלע רײַזנדער אָפּגעגעסנ. ס'איז ווידער געגאנגענ א גאָס־רעגנ. דאָס בײַדל האָט דורכגערונענ, דערומ האָבנ זיכ אלע באהאלטנ איצט אינ בויד. דערצו איז נאָכ די בויד געווענ זיכערער אויכ.

אכט אזייגער אינאָוונט. ס'איז געווענ פּינצטער כאָטש אנ אויג נעמ זיכ ארויס. עס איז געקומענ די צײַט, ווענ מיולרעדי האָט זיכ געדארפּט לאָזנ אינ וועג ארײַנ. ווילסאָנ האָט געבראכט צו פּירנ דאָס פּערד, די קאָפּעסעס האָט מענ באמ פּערד ארומגעבונדנ מיט שמאטקעס, קעדיי צו פּארטויבנ דעמ געקלאפּ זייערנ. דער מאיאָר האָט געראָטנ מיולרעדינ, ער זאָל, ווי ווײַט מעג־לעכ, שאנעווענ דאָס פּערד, ווי נאָר ער וועט זיכ ארויספּאקנ פּונ די גרע־נעצנ, וואָס זײַנענ דערגרייכבאר פּאר די גאזלאָנימ. בעסער וועט זײַנ, ס'זאָל געדויערנ אנ איבעריקער טאָג. אז דאָס פּערד וועט זײַנ גאנצ, וועט אימ אלצ אָנקומענ גרינגער.

דזשאָנ מאנגלס האָט איבערגעגעבנ דעמ יאמ־מענטש אנ אָנגעלאָדענעמ רעוואָלווער. אינ א פּעסטער האנט איז עס געווענ זייער א געפּערלעכ גע־ווער־שטיק. זעקס שאָט פּונ דערדאָזיקער קיילע קענענ אָפּרייניקנ דעמ וועג צווישנ דער גרעסטער צאָל אָנפּאלערס.

מיולרעדי האָט זיכ ארופּגעכאפּט אפּנ זאָטל.

— דעמדאָזיקנ בריוו זאָלט איר איבערגעבנ טאָמ אאוסטינענ צו די הענט,— האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ צו אימ אָנגערופּנ.— זאָגט אימ, אז ער זאָל אפּילע קיינ איבעריקע מינוט ניט פּארזאמענ אונ זאָל פּירנ די יאכט־שיפּ צו

דער טופּאָלדער בוכטע, אונ אויב ער וועט אונדז דאָרט ניט טרעפן, טאָ זאָל
ער אונדז ארויסגיינ אנטקעגנ. אונ איצט, מײַנ ליבער פרײַנט, פאָרט געזונט
אונ האָט א גליקלעכן וועג.

מיסטער גלענארוואנ אונ אלע רײַזנדער האָבנ, לויט דער ריי, שטארק גע-
דריקט דעם מאטראָס די האנט. ס'איז געווענ די פײַנע אײַנשטעלעניש זיכ
לאָזנ אינ אזא מינ שטורעמדיקער נאכט אינ וועג ארײַנ, באזונדערס געדענ-
קענדיק, אז דער טויט לאָקערט אפ דיר אונטער יעדנ בוים, לעמ יעדנ
אָפּקער־פּונקט, אפ די שטעגלעכ, אָבער מיולרעדי איז געווענ בא זיכ פעסט
אונ אינגאנצנ רויִק.

— צום ווידערזעג, — האָט ער זיכ אָנגערופן, ווי פאר א געוויינלעכנ אָפּ-
פאָרנ, אונ ער איז פארשוווּנדנ געוואָרנ אינדערפינצטערניש, שטיל ווי א
שאָטנ.

דער רעגנ האָט זיכ צעכליופּעט נאָכ שטארקער. אלע רײַזנדער זײַנענ
פארקראָכנ אינ בויד ארײַנ. מיסיס עלענ, מיס מערי אונ מיסטער גלענאר-
וואנ זײַנענ געזעסנ אינ דער פעסט־פארקלאפּטער דאמענ־אָפּטיילונג, אונ אינ
דער באגאזש־אָפּטיילונג האָבנ זיכ געפונענ אָלבינעט, ראָבערט אונ ווילסאָנ,
אינ דער צײַט, ווענ דער מאיאָר מיט דזשאָנ מאנגלסנ זײַנענ געשטאנענ
אינ דרויסנ אונ האָבנ געהאלטנ די וואכ. דאָס איז געווענ א נויטיק מיטל פונ
פאָרזיכטיקײַט, ווײַל מע האָט זיכ יעדע רעגע געקענט ריכטנ, אז די קאטאָר-
זשניקעס זאָלנ באפאלנ די בויד.

ביידע געטרײַע וועכטער האָבנ וואכזאמ באהיט דעם לאגער אונ האָבנ
מיט פילאָסאָפישנ געדולד איבערגעטראָגנ די אומבערעכטמאָנעסדיקע ווינט-
שטויסנ אונ דעם קאלטנ „דוש" פונעם גאָס־רעגנ. אזויווי אינעם גערויש
פונ דעם ווינט־שטורעם מיטנ גאָס־רעגנ האָבנ זיי פארשפּאָרט זיכ ריכטנ עפּעס
צו דערהערנ, האָבנ זיי זיכ שוינ באמיט מיט די בליקנ מיט זייערע דורכ-
שטעכנ די באנאכטיקע פינצטערניש, ווו די געפאר האָט זיכ אויסגע-
באהאלטנ.

פונדעסטוועגנ פלעגנ צווישנ דעמדאָזיקנ כאאָס מיט קלאנגענ אָנקומענ
אויכ פּיצעלעכ רעגעס פונ שטילשטאנד. דער ווינט פלעג אפ א ווײַלע אנ-
שוויגנ ווערנ, פּונקט ווי ער וואָלט זיכ וועלנ אָנעמענ מיט פרישע קויכעס, אונ
בלויז דער טײַכ האָט גערוישט פונדערווײַטנס, קײַקלענדיק די גרויסע כוואַ-
ליעס פונ יענער זײַט פארקנ מיט די טויטע גומי־ביימער. אינ דיזאָזיקע שטיל-
שטאנד־רעגעס האָט די שטילקײַט זיכ געפילט באזונדערס טיפ.
בא איינער פונ אזעלכע רעגעס האָבנ די וואכלײַט דערהערט א שנײַדנדיקנ פײַפ.
דזשאָנ מאנגלס איז גיכער צוגעלאָפנ צום מאיאָר.
— איר האָט געהערט? — האָט ער א פרעג געטאָנ.
— יאָ, — האָט יענער געענטפערט, — איכ ווייס נאָר ניט, צי ס'איז א מענטש,
צי א כײַע.

— ס'איז א מענטש! — האָט זיכ דער קאפּיטאנ אָנגערופן.

און זיי האָבן זיך ביידע ווײַטער גענומען אײַנהערן. דער אומפּאַרשטעויד־לעכער פּײַפּ האָט זיך ווײַטער איבערגעכאַזערט, און דערנאָך האָט זיך דער־הערט א טויבער קלאַנג, וואָס איז ענלעך אפּ א שאָס. אין דער אָ רעגע האָט דער שטורעם זיך צעבושעוועט מיט א נײַער ווילדקײַט.

מאַק־נאַבּס און דזשאָן מאַנגלס זײַנען אָפּגעגאַנגען צוריק צו דער בויד. דאָ האָט זיך אופּגעפּעפּט דער לעדערנער פּאַרהאַנג, און מיסטער גלענאַרוואַן איז צו זיי אַרויסגעגאַנגען. ער האָט אויך דערהערט דעמראָזיקן שנײַדנדיקן פּײַפּ און עפּעס אַזעלכס, וואָס איז ענלעך אפּ א שאָס.

— פונוואַנען האָט זיך עס דערהערט? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— פונדאָרטן, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט און א ווײַז געטאָן מיטן פינגער אפּ דער ריכטונג, וווהין מיולרעדי איז אוועקגעפאָרן.

— פון ווײַט?

— ווערליק דער ווינט בלאָזט פונדאָרטן, דאַרף מען קלערן, אז דאָס איז פאַר דרײַ מײַל פונדאַנען, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט.

— גייען מיר אהינצו, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן און בעייסמײַסע אַרופגעכאַפּט דעם קאַראַבין אפן אַקסל.

— מיר טאָרן ניט גיין, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — דאָס איז אן אָפּנאַר־מיטל, זיי ווילן אונדז דורך דעם אָפּציִען פון דער בויד.

— און ווי וועט זײַן, אויב דיזאָזיקע אויסוווּרפּן האָבן געהאַרגעט מיול־רעדין?! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגערופן.

— דאָס וועלן מיר זיך מאָרגן דערוויסן, — האָט דער מאַיאָר קאַלט גע־ענטפערט. — ער האָט פעסט בא זיך באַשלאָסן ניט דערלאָזן, אז מיסטער גלע־נאַרוואַן זאָל אַזוי אומפּאָרזיכטיק האַנדלען.

— ניין, איך מוז זיך עס גלײַך דערוויסן! — האָט זיך מיסטער גלענאַר־וואַן אָנגערופן. — אויב אזוי, טאָ בלײַבט איר דאָ, און איך וועל אַרויסגיין אפּ אַן אויסשפּיר.

— סער, — איר האָט ניט דאָס רעכט צו פאַרלאָזן דעם לאַגער, — האָט זיך דזשאָן אָנגערופן — אויב גיין, קען איך גיין.

— בעשום־אופן ניט! — האָט דער מאַיאָר ענערגיש גענומען פּראָטעסטירן. — אײַך ווילט זיך, אז מע זאָל אונדז אײנציקווײַז פאַרניכטן, מע זאָל צעשטויבן די קויכעס אונדזערע, און דערנאָכדעם זאָל אונדז אויסקומען בעטן בא די־דאָזיקע ראָצבים גנעדיקײַט. אויב מיולרעדי איז דאָרטן געהאַרגעט געוואָרן, איז עס טאַקע אן אומגליק, אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין סיבע, אז מיר זאָלן צושטעלן די קאַטאָרזשניקעס דעם צווייטן קאָרבן. מיולרעדי איז אויסגעקליבן געוואָרן דורכן גוירל. ווען דער גוירל פאַלט אפּ מיר, וואָלט איך אויך ניט געוואַרט און ניט געבעטן קײנעמס הילפּ.

אין דער אָ רעגע האָט זיך פונדערווײַטנס דערהערט א ראַכמאָנעסדיקער אויסגעשריי.

— הערט נאָר, הערט! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

אונ ער האָט געגעבנ א שטופּ אָפּ פונ זיך מאק־נאבסנ אונ זיך אוועק־געלאָזט לויפנ צום וואלד־צו. ווי ער איז נאָך אָפּגעלאָפנ וואָסערע דרײַ הונ־דערט שפאנ פונ דער בויד, אזוי האט זיך באלד דערהערט א שטימ:

— העלפט! העלפט!

אינ דער־דאָזיקער שטימ האָט זיך געהערט אי ווייטיק, אי פארצווייפ־לונג. איצט האבנ זיך שוינ דזשאָנ מאנגלס מיטנ מאיאָר אויך א וואָרפ גע־טאָנ פאָרויס.

ס'איז זיי ניט לאנג אויסגעקומענ זוכנ. זיי האָבנ אינגיכנ באמערקט אפנ שטעגל א מענטשנ, וואָס האט געפויזעט צו זיי אנטקעגנ אונ האָט גע־קרעכצט בא יעד'ער באוועגונג.

דאָס איז געווענ מיולרעדי. ער איז געווענ פארוווּנדעט. אז זיי האָבנ אימ אופגעהויבנ פונ דער ערד, האָבנ זיי דערפילט, ווי די הענט זײַנענ בא זיי נאס פונ בלוט.

דער רעגנ האָט נאָך אלץ געגאָסנ מיט דערזעלבער שטארקײַט, אונ דער ווינט האָט געהוילט אונ איז זיך פארגאנגענ.

פאגאנעל, ווילסאָנ, ראָבערט אונ אָלבינעט זײַנענ ארויסגעגאנגענ פונ דער בויד, אונ מיסיס עלענ האָט אָפּגעטראָטנ איר בעטל פארנ אָרעמענ מיולרעדינ.

מאק־נאבס האָט אימ איבערגעבונדנ די וווּנדנ, דערווײַל האָט ער נאָך ניט געקענט זאָגנ אפּ געוויס, צי האָט די קויל בא אימ אָנגערירט א לעבנס־וויכ־טיקנ אָרגאנ, אָדער ניט. פונ דער וווּנד איז ארויסגערונענ אסאך בלוט, אונ וועדליק מיולרעדי איז געווענ בלייך אונ האָט זיך געפונענ אינ א כאלאָשעס־צושטאנד, האָט מענ געדארפט קלערנ, אז ער איז ערנסט פארוווּנדעט. דער מאיאָר האָט דורכגעשווענקט די עפענונג פונ דער וווּנד מיט פריש וואסער, דערנאָך האָט ער זי איבערגעבונדנ מיט א באנדאזש. אזוי ארום האָט זיך אײַנגעגעבנ אופצוהאלטנ דאָס בלוט. מיולרעדינ האָט מענ איבערגעדרייט אפ דער לינקער זײַט, מע האט אימ אוועקגעלייגט קישנס אונטערנ קאָפּ אונ אונטער דער זײַט, אונ מיסיס עלענ האָט אימ דערלאנגט א טרונק וואסער.

דער פארוווּנדעטער, וואָס איז די גאנצע צײַט פונעם איבערבונדנ גע־לעגנ אָנ לאָשנ, האָט אינ וואָסערע פופצנ מינוט ארום עפּעס א מאך געטאָנ מיט דער האנט אונ עטוואָס אופגעעפנט די אויגנ. זײַנע ליפּנ האָבנ זיך בא־וועגט, אונ מע האָט געזעהנ, אז ער שטרענגט זיך אָנ, ער וויל עפּעס אויס־ריידנ עטלעכע ווערטער. דער מאיאָר האָט צוגעשטעלט דעם אויער זײַנעם צו יענעמס סאמע ליפּנ אונ ער האט דערהערט, ווי יענער כאזורט קעסיידער איבער:

— דער בריוו... דער בריוו... דער בריוו... בענ־דזשויס...

דער מאיאָר האָט איבערדערציילט אינדערהויך דידאָזיקע ווערטער אונ א קוק געגעבנ אפ זײַנע מיטרייזנדער. וואָס האָט עס דער מאטראָס איצטער געוואָלט דערציילנ בענ־דזשויס איז אפ אימ אָנגעפאלנ, דאָס איז פאר אימ־

לעבן געווען קלאָר, אָבער צוליב וואָס? צי ווען איז דער איינציקער ציל זײַנער געווען צו שטערן דער פֿאַרבינדונג מיט דער יאַכט־שיפֿ און ניט דערלאָזן, אַז פֿונדאָרטן זאָל גלענאַרוואַנס עקספּעדיציע באַקומען הילף? אָדער...

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיולרעדיס אָנטאָן. ער האָט איבערגעטאַפּט אַלע קעשענעס און דעם בריוו, וואָס ער האָט אַדרעסירט צו טאָם אַאוסטינען, האָט ער דאָרטן ניט געפֿונען.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען זייער אומרויִק. די רײַזנדער האָבן די גאַנצע צײַט געפֿילט, ווי מיולרעדיס לעבן האַלט זייער שמאָל. ער איז געלעגן אין גרויס היץ. מיסיס עלען און מיס מערי האָבן די גאַנצע צײַט געוואַכט לעם זײַן געלעגער און זייער געטרײַ אָפּגעהיט דעם קראַנקן.

ס'האָט אָנגעהויבן שאַריִען, דער רעגן האָט זיך אײַנגעשטילט, אָבער די פֿינצטערע וואָלקנס האָבן זיך נאָך געטראָגן איבערן הימל. דער ליימיקער באָדן, וואָס איז געווען באַשפּרייט מיט צעבראָכענע בײַמער, איז שטאַרק צעווייקט געוואָרן. די בויד איז אַראָפּ נאָך אַף עטלעכע סאַנטימעטער טיפֿער אין דער ערד אַרײַן, און זי איז דערווײַל געשטאַנען אַף אַ זיכערן אָרט.

בײַ די ערשטע זון־שטראַלן האָבן דזשאָן מאַנגלס, פּאַגאַנעל און מיסטער גלענאַרוואַן זיך אַוועקגעלאָזט אַרום דער בויד אַף אַן אויסשפּיר. זיי זײַנען אַוועק איבערן שטעגלע, איבער וועלכן זיי האָבן נאָך דערקענט די שפּורן פֿונעם בלוט, וואָס מיולרעדי האָט פֿאַרלאָרן. אָבער אַזוי־ווי זיי האָבן ניט באַמערקט קיין שום סימאָנים פֿון בען־דזשויס נאָענטקײַט, זײַנען זיי אַוועק ביז יענעם אָרט, ווו די קאַטאָסטראָפֿע... קאַטאָרזשניקעס זײַנען אָנגעפֿאַלן אַף מיולרעדין. דאָרטן האָבן זיך געוואַלגערט צוויי טויטע קערפּערס. דאָס זײַנען געווען די קערפּערס פֿון די באַנדיטן, וואָס מיולרעדי האָט דערשאָסן. אין איינעם פֿון זיי האָבן די רײַזנדער דערקענט דעם בלעק־פּוינטער שמיד, פֿון די טויטע אויסגעשטשירעטע ציין זײַנע איז אַוועק באַם אויסלעם אַ גרויל איבערן לײַב.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט פֿאָרגעלייגט, אַז מע זאָל ווײַטער ניט גיין, וואָרום סע טויג ניט איבערלאָזן אַף אַזוי לאַנג די בויד אָן שוץ. די אויסשפּירער האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין לאַגער אַרײַן, און זיי זײַנען אַלע געווען פֿאַרטאָן מיט זייערע שווערע געדאַנקען.

— ווען אָפּשיקן אַ צווייטן שליח קיין מעלבורן איז שוין אַפֿילו ניטאָ וואָס צו קלערן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

— אָבער טאָן מוז מען עס, סער! — האָט דזשאָן מאַנגלס דערווידערט. — איך וועל זיך פּרוּוון דערשלאָגן צו דערפֿאָלג דאָרטן, ווו מײַן מאַטראָס האָט געליטן אַ מאַפּאָלע.

— ניין, דזשאָן, איר וועט ניט גיין. איר פֿאַרגעסט אַוודאי, אַז מיר האָבן שוין מער קיין פֿערד ניט אַף דורכצופֿאָרן דידאָזיקע צוויי הונדערט מײַל. און ווירקלעך, מיולרעדיס פֿערד, דאָס איינציקע, וואָס איז גאַנץ גע־

בליבן פון דער „עפּידעמיע", איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. נאָך דעם, ווי עס האָט
פאַרלאָרן דעם רײַטער זײַנעם, איז עס פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין דער
וויסטע, אָדער סע קען זײַן, אַז די באַנדיטן האָבן עס צוגענומען פאַר זיך.

— ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, נאָר צעשיידן זיך טאָרן מיר איצטער ניט.
איך האַלט, אַז מיר דאַרפן אויסוואַרטן, ביז די סנאָוע וועט צוריק אַרײַנגיין אין
אירע ברעגן. וויפל ס'וועט אויסקומען, אַזויפיל וועלן מיר וואַרטן. דאַן וועלן
מיר זיך אַריבערקלײַבן אפן צווייטן ברעג, און אין מעשעך פון עטלעכע קור־
צע איבערגאַנגען וועלן מיר זיך דערקלײַבן צו דער טופאָלדער בוכטע און
פונדאָרטן ערשט וועלן מיר אָפּשיקן אַ באַפעל צו „דונקאַנען", אַז זי זאָל
קומען נאָך אונדז.

— יאָ, דאַכט זיך, אַז קיין אַנדער ברירע האָבן מיר איצטער ניט, — האָט
זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן.

— הייסט עס, מײַנע פרײַנט, אַז אַזוי דאַרף עס בלײַבן! מירן מער ניט
צעבײַטן די קויכעס אונדזערע. ס'וואָלט געווען צו אַ גרויסע אײַנשטעלעניש
פאַר איין מענטשן זיך דורכקלײַבן צופוס איבער דער וויסטע, וווּ די באַנדיטן
לאָזן זיך אָפּ אַזוינע פאַרברעכנס.

מיסטער גלענאַרוואַן איז געווען צוויי מאָל גערעכט מיט דעם, וואָס ער
האָט פאָרגעלייגט, אַז מע זאָל מער ניט קלערן קיינעם שיקן קיין מעלבורן.
די עקספּעדיציע האָט זיך געפונען וואָסערע פינף און דרײַסיק מײַל פון דע־
לעהייס, דאָס ערשטע גרענעץ־שטעטל אינעם נײַעם דאָרעמדיקן אויעלס. דאָרטן
וועט מען עפשער קענען קריגן וואָסערע ניט איז פאַרקער־מיטלען ביז צו
דער טופאָלדער בוכטע, און אויסער דעם, וועט מען קענען טעלעגראַפיש אָפּ־
שיקן קיין מעלבורן דעם באַפעל וועגן „דונקאַנס" אַרויספאָרן.

דאָס זײַנען געווען זייער קלוגע, נאָר, צום באַדויערן, פאַרשפּעטיקטע
מאָסמיטלען. ווען גלענאַרוואַן וואָלט ניט געווען געשיקט מיולרעדין איבערן
ליוקנאָושן טראַקט, דאַן וואָלט עפשער די עקספּעדיציע אויסגעמיטן זייער אַסאַך
צאָרעס, שוין ניט ריידנדיק פון דעם, וואָס דער מאַטראָס וואָלט ניט פאַר־
וווּנדעט געוואָרן.

זיך אומקערנדיק אין לאַגער, האָבן די אויסשפּירער געטראָפן זייערע כאַ־
ווײרים ניט אין קיין איבעריק דערשלאָגענעם צושטאַנד; קענטיק, אַז בײַ זיי
האָט גענומען שפּראָצן עפּעס אַ נײַע האָפענונג.

— אים איז שוין גרינגער, אים איז שוין גרינגער! — האָט ראָבערט אויס־
גערופן און איז אַוועקגעלאָפן מיסטער גלענאַרוואַנען אַנטקעגן.

— מיולרעדין?

— יאָ, עדוואַרד, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן. — בײַ אים איז שוין
געווען דער קריזיס. דער מאַיאָר זאָגט, אַז ער וועט זיך גיך אָנהייבן
פאַריכטן.

— און וווּ איז מאַק־נאַבס? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— לעם זײַן געלעגער. מיולרעדי האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן.

און ווירקלעך, שוין באַלד אַ שאָ צײַט, ווי דער קראַנקער איז אַ ביסל געקומען צו זיך, די טעמפּעראַטור איז בײַ אים געפֿאַלן, און ווי נאָך מיולרעדי, איז געקומען צו זיך, אַזוי האָט ער באַלד גענומען רופֿן מיסטער גלענאַרוואַנען. נאָך דעם, ווי מע האָט אים געזאָגט, אַז מיסטער גלענאַרוואַן איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געפֿאָדערט צו זיך דעם מאַיאָר. מאַק־נאַבס האָט אַ קוק געטאָן, ווי שוואַך דער פֿאַרוווּנדעטער איז, האָט ער אים געוואָלט פֿאַרווערן ריידן, אָבער מיולרעדי האָט אַזוי אַקשאָנעסדיק געפֿאָדערט אַ וואָרט, אַז דער מאַיאָר האָט אים געמוזט נאָכגעבן.

דער שמועס האָט זיך בײַ זיי געצויגן עטלעכע מינוט צײַט, ביז מיסטער גלענאַרוואַן איז אָנגעקומען. איצט האָבן זיי שוין צוגעוואַרט, דער מאַיאָר זאָל גיכער אַרויסגיין און איבערגעבן, וועגן וואָס דאָרטן האָט זיך גערעדט.

אײַנגיכן האָט זיך דער לעדערנער פֿאָרהאַנג פֿון דער בויד אויפֿגעהויבן, און דער מאַיאָר איז פֿונדאָרטן אַרויסגעגאַנגען.

ער איז צוגעגאַנגען צו זײַנע פֿרײַנט, וואָס זײַנען געזעסן אין עם שאָטן פֿון אַ גומי־בוים, ניט ווײַט פֿון עם בײַדל. זײַן געוויינלעך רויִק געזיכט האָט דאָס מאָל אָפּגעשפּיגלט אַ שווערע פֿאַרזאָרגטקייט. בעשאַס די אויגן זײַנע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף מיסיס עלען און אויף מיס מערי, איז ער גאָר געוואָרן טרויעריק.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך בײַ אים גענומען אויספֿרעגן, און מאַק־נאַבס האָט גלײַך געענטפֿערט:

— מיולרעדי, ווי ער האָט נאָך פֿאַרלאָזט דעם לאַגער, אַזוי איז ער אַוועקגעפֿאָרן איבערן שטעג, וואָס פּאַגאַנעל האָט אים אָנגעוויזן. ער איז געפֿאָרן מיט דער גאַנצער שנעלקייט, מיט וועלכער מע קען זיך נאָך דערלויבן אין אַזאַ מין פֿינצטערער נאַכט און בײַ אַזאַ מין אומגליקלעכן וועטער. לויט זײַן אויסרעכענונג, איז ער אָפּגעפֿאָרן אַ וואָסערע צוויי מײַל, און פּלוצים האָבן עטלעכע מענטשן — אַ פֿינף פּאַרשוין — אים איבערגעהאַקט דעם וועג. דאָס פֿערד האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף די הינטערשטע פֿיס, און מיולרעדי האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און האָט גענומען שיסן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז צוויי פֿון די אָנפֿאַלערס זײַנען אומגעפֿאַלן. בײַ די פֿײַער־שאָסן האָט ער דערקענט בען־דזשויסן, אָבער ער האָט ניט באַוויזן אויסצושיסן אַלע קוילן פֿונעם רעוואָלווער, ווי אַ שטאַרקער זעץ אין זײַט האָט אים אומגעוואָרפֿן פֿונעם זאָטל אַראָפּ.

ער איז גראָדע נאָך געווען בײַם זינען, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די מערדערס האָבן געמיינט, אַז ער איז שוין טויט. ער האָט געפֿילט, וויאַזוי זיי האָבן אַרומגענישטערט זײַנע קעשענעס און דערנאָך האָט ער דערהערט איינעמס אַ שטים: „אָט איז דער בריוו". — „גיב אים גיך אַהער," — האָט בען־דזשויס געענטפֿערט. — פֿאַרטיק. „דונקאַן" איז שוין בײַ אונדז אין די הענט!"

בײַ די אָ ווערטער האָט גלענאַרוואַן זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און ס'האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן אַ ווייטיקדיקער אויסגעשריי.

מאק־נאבּס האָט פאָרגעזעצט:

— „און איצט, — האָט זיך בּען־דזשוים אָנגערופן, — פאַרכאַפּט גיכער דאָס פערד. אין פיר טעג ארום וועל איך זײַן אפּן בּאָרט פון דער שיף, און נאָך אין צוויי טעג ארום — אין דער טופּאָלדער בּוכטע. דאָרטן דארפן מיר זיך איר זאָלט איבּערגיין דעם טײַך איבּערן קעמפּלפּירער בּריק און זען וואָס ווארטן, בּיז די יאכט־שיף וועט זיך באַווײַזן. איך וועל שוין, מינאסטאם, צו־גיכער אָנקומען צום אָקעאַן. קומט איר נאָר אָן, אזוי זאָלט איר בּלײַבּן זוכן א וואָסער ניט אין מיטל, מע זאָל אײַך ארופלאָזן אפּן בּאָרט. און הערט, קוים בּלײַבּט אזא מין שיף, ווי „דונקאַן", בּא אונדז אין די הענט, דאַן ווערן מיר די איינציקע באַלעבּאַטים פונעם אינדישן אָקעאַן!" „אורא, בּען־דזשוים! אורא! אורא!" — האָבּן די קאַטאָרזשניקעס אויסגעשריגן. איינער פון זיי האָט געבּראַכט צו פירן מיולרעדיס פערד, און בּען־דזשוים האָט זיך אוועק־געיאָגט צום ליוקנאָושן טראַקט. און די באַנדע זײַנע האָט זיך אוועקגעלאָזט אפּ דאָרעם־מיזרעך צו דעם טײַך סנאָוע. מיולרעדי האָט, ניט געקוקט אפּ זײַן שווערער וווּנד, אוועקגעפּויזעט צום לאַגער־צו, פון צײַט צו צײַט האָט ער גערופן די פרײַנט זײַנע און געבּעטן הילף, בּיז מע האָט אים דאָ געטראָפן א וואָסערע דרײַ הונדערט שפּאַן פון דער בּויד. אָט דאָס איז די גאַנצע געשיכטע, וואָס מיולרעדי האָט דערציילט. איצט פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס ער האָט אזוי געפאָדערט מע זאָל אים אויסהערן.

מיולרעדיס יעדיע האָט אָנגעוואָרפן גרויס שרעק אפּ מיסטער גלענאַרוואַנען און אפּ זײַנע מיטרײַזנדער.

— פּיראַטן, פּיראַטן! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגערופן, — זיי וועלן אויסשעכטן די גאַנצע מאַנשאַפט אונזערע! זיי וועלן פאַרכאַפּן די יאכט־שיף!

— יאָ, — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן. — בּען־דזשויסעס באַנדע וועט זיך ארופוואַרפן אפּ „דונקאַנס" מאַנשאַפט אינגאַנצן אומגעריכט, און דאַן...

— אויבּ אזוי, מוזן מיר אומבּאַדינגט אָנקומען צו דער טופּאָלדער בּוכטע פריִער, איידער די דאָזיקע מיִעסע פאַרשוינען וועלן עס באַווײַזן אויסטאָן.

— אָבּער וויאזוי וועלן מיר זיך אריבּערפּעקלען איבּער סנאָוע? — האָט ווילסאָן א פרעג געטאָן.

— דורך דעמזעלבּן וועג, וואָס די קאַטאָרזשניקעס, — האָט מיסטער גלע־נאַרוואַן געענטפערט. — זיי זײַנען דורכגעגאַנגען איבּערן קעמפּלפּירער בּריק. הייסט עס, אז מיר וועלן אויך דורכגיין דורכן זעלבּן בּריק.

— און וואָס וועלן מיר טאָן מיט מיולרעדין? — האָט מיסיס עלען א פרעג געטאָן.

— מירן אים טראָגן אפּ א טראָג־בעטל! ס'איז דאָך ניט מעגלעך דערלאָזן, אז די קאַטאָרזשניקעס זאָלן אויסשעכטן די גאַנצע מאַנשאַפט אונדזערע!..

דער געדאַנק וועגן איבּערגיין סנאָוע דורכן קעמפּלפּירער בּריק איז געווען א מעגלעכער, נאָר אַן אײַנשטעלערישער. די קאַטאָרזשניקעס האָבּן, מעגלעך,

איבערגעלאָזט א וואך לעם בריק, און דרײַסיק מאן אנטקעגן זיבן איז פונ־דעסטוועגן ניט קיין קלייניקײַט. אָבער סע טרעפן דאָך מינוטן, ווען מע מוז גיין פאָרויס, זיך ניט אומקוקנדיק אפ צוריק און ניט געדענקענדיק וועגן קיין געפאר.

— סער,— האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן,— איך האלט, אז איידער מע באשליסט זיך אפ אזא מין זאך, דארף מען פריִער באקוקן דעם בריק. ס'איז א צו גרויסע ריזיקע, מיר זאָלן אזוי בלינדערהייט זיך לאָזן אין דער וועלט ארײַן. אויב איר וועט נאָר דערלויבן, וועל איך זיך לאָזן אויסקוקן דאָס אָרט.

— איך גיי אויך מיט אײַך,— האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן.

דערדאָזיקער פאָרשלאג איז אָנגענומען געוואָרן, און דזשאָן מאנגלס מיט פאגאנעלן זײַנען גלײַך אוועק. גיין האָט מען באדארפט לענגויס דעם שטראָם אזוי לאנג, ביז זיי וועלן זיך אָנשטויסן אפ יענעם בריק, וועגן וועלכן בען־דזשויס האָט גערעדט. טאָמער דערפילן זיי אינדערנאָענט די קאטאָרזשניקעס, דארפן זיי זיך גלײַך אומקערן אפ צוריק.

די העלדישע אויסשפירער האָבן פארן אוועקגיין פונסנײַ אָנגעלאָדן די קאראבינען זייערע און זיך געלאָזט מיט פעסטן מוט אין וועג ארײַן.

אין מעשעך פונעם גאנצן טאָג האָבן די איבעריקע רײַזנדער ארויס־געקוקט אפ זיי מיט גרויס אומגעדולד. ס'האָט אָנגעהויבן נאכט ווערן, און די אויסשפירער זײַנען נאָך אלץ ניט געווען, האָט מען זיך שוין דאָ אָנגעהויבן שטארקער באומרויִקן.

ערשט ארום עלף אזייגער באנאכט האָט ווילסאָן, וואָס האָט געהאלטן וואך, אָנגעזאָגט, אז זיי גייען שוין.

פאגאנעל מיט דזשאָן מאנגלסן זײַנען געווען פארמאטערט סאקאָנעס,— זיי האָבן דורכגעמאכט העכער צען מײַל וועג.

— וואָס הערט זיך מיטן בריק? — האָט מיסטער גלענארוואן אויסגעשריגן, ארויסלויפנדיק זיי אנטקעגן.— ס'איז דאָרטן דאָ אזא בריק?

— יאָ, דאָס איז געווען א בריק פון ליִאנעס אויסגעפלאָכטענע,— האָט דזשאָן מאנגלס געענטפערט.— די קאטאָרזשניקעס זײַנען גראד איבער אים דורכגעגאנגען, אָבער ...

— וואָס אָבער? ... — האָט מיסטער גלענארוואן איבערגעכאזערט, ווײַל ער האָט שוין געפילט א פרישע צאָרע.

— אָבער זיי האָבן אים גלײַך נאָך זייער איבערגיין פארברענט,— האָט פאגאנעל געענטפערט.

# צוואנציקסטע קאפּיטל

## עדעם

ס'איז אָבער ניט געווען קיין צײַט אפּ זיך אוועקזעצן זאָרגן. מע האָט געמוזט עפּעס טאָן. דער קעמפּלפּירער בריק איז שוין ניטאָ. הייסט עס, אז מע דארף געפינען אן אנדער מיטל אפּ איבערהאקן דעם טײַך. אָבער זיך איבערפּעקלען איבער אים מוז מען, און מע מוז אומבאדינגט זיך דערקלײַבן צו דער טופאָלדער בוכטע פריִער, איידער די באנדע וועט אהין אָנקומען. דערום האָבן אפּ מאָרגן, דעם זעכצנטן יאנואר, נאָך איידער ס'איז גוט טאָג געוואָרן, דזשאָן מאנגלס מיט מיסטער גלענארוואנען זיך אוועקגעלאָזט צום ברעג טײַך, קעדיי מע זאָל דאָרטן אפּן אָרט באשליסן, וויִאזוי צו אָרגאניזירן דעם אריבערגאנג. דער טײַך איז פון די ערשט־דורכגעגאנגענע רעגנס נאָך שטארקער אופגעיוירן געוואָרן און איז געלאָפן מיט אזא מין צעכוואליעטן אימפּעט, אז ס'איז גאָר שווער געווען זיך פאָרשטעלן, מע זאָל זיך איצטער איבער אים קענען אריבערפּעקלען. דאָס וואָלט באטײַט זיך לאָזן אפּ א זיכערן טויט. מיסטער גלענארוואן האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז געבליבן שווײַגנדיק זיצן. דזשאָן מאנגלס האָט קימאט אויך געטאָן דאָס אייגענע. זיי זײַנען אוועק צוריק צו דער בויד מיט גאָרניט.

דזשאָן מאנגלס האָט אופגעגעבן, אז מע דארף מאכן א פּליט, זיי וועלן אָנרײַסן גרויסע פּאסן קאָרע פון די ביימער און זיי וועלן זיי צונויפנייען מיט ליאנעס און דערנאָכדעם ארופשטעלן אפּ א האָלץ־קארקאס.

געקלערט און געטאָן, און ס'האָט זיך באקומען א גאנץ שלאבעריקער פּליט.

דער קאפּיטאן מאנגלס און ווילסאָן האָבן פונדעסטוועגן זיך אײַנגעשטעלט און זיך געלאָזט אויספּרוּוון דעמדאָזיקן פּליט. דעם אכצנטן יאנואר האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזט אפּן וואסער און אלץ, וואָס מע קען אָנרופן מיט די נעמען בראַוו, געשיקט, קונציק און גוט, האָבן דידאָזיקע פּאָר יאם־לײַט פאר־דינט, אז מע זאָל דאָס פארשרײַבן אפּ זייער כעזשבן. אָבער ווי נאָר זיי זײַנען אָפּגעגאנגען פון ברעג, אזוי האָט דער שטראָם גלײַך אונטערגעכאפּט דעם פּליט און פאר זייער געוואגטקײַט האָבן זיי שיִער ניט באצאָלט מיטן לעבן. דער שלאבעריקער פּליט איז אין איין אויגנבליק אוועק צום גרונט א וואָסערע צען קלאפטער פון ברעג טײַך, וואָס האָט זיך צעפּלייצט און צע־שפּרייט אפּ א גאנצן מײַל אינדערברייט.

דער נײַנצנטער און צוואנציקסטער יאנואר זײַנען דורכגעגאנגען אינעם זעלבן שרעקלעכן ניט וויסן וואָס צו טאָן. דער מאיאָר און גלענארוואן האָבן ארומגעקוקט דעם ברעג טײַך אפּ א מעהאלעך פון פינף מײַל ארופ־וואסער און אפּן זעלביקן מעהאלעך אראָפּ־וואסער, אָבער קיין פּליטקע אָרט האָבן זיי דאָרטן ניט געפונען. אומעטום איז דער טײַך געווען שטורעמדיק און טיף. אלע וואסערן פונעם דאָרעמדיקן שיפּוע פון די אויסטראלישע אלפּן האָבן זיך צונויפגעפלאָסן בלויז אהער.

סאַפּקאָלסאָפּ האָט מען זיך געמוזט אָפּזאָגן סוף דער האָפענונג צו ראַטע־ווען „דונקאַנען". סע זײַנען שוין דורכגעגאַנגען פינף מעסלעס, זינט בען־דזשוים איז אָפּגעפאָרן. די יאַכט־שיפ דאַרף שוין אָטאָ אָנקומען אין דער טופאָלדער בוכטע, און סע קען זײַן, אַז זי איז שוין בײַ די באַנדיטן אין די הענט.

אָבער דידאָזיקע לאַגע קען זיך דאָך ניט ציִען אייביק. די צופעליקע טײַכ־פאַרפלייצונגען האָבן אַ נאַטור גיך אָפּפאַלן, און זיי פאַלן נאָך אָפּ גיכער, ווי זיי שוואָלן אויף. און אַזוי איז דאָ אויך פאָרגעקומען. דעם איינונצוואַנציקסטן יאַנוואַר אינדערפרי האָט פּאַגאַנעל באַמערקט, אַז אין מעשעך פון דער נאַכט איז דער וואַסער־ניוואָ אָפּ אַסאַך געפאַלן, האָט ער גלײַך איבערגעגעבן מיסטער גלענאַרוואַנען דידאָזיקע ידיִעה.

— אָבער וואָס קומט אַרויס! — האָט יענער געענטפערט, — איצטער איז שוין שפּעט עפּעס אויפצוטאָן.

— אָבער דאָ וועלן מיר דאָך אייביק ניט זיצן! — האָט דער מאַיאָר דער־ווידערט.

— ריכטיק, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן, — קען זײַן, אַז ס'זאָל זיך אונדז מאָרגן אײַנגעבן זיך איבערקלײַבן אויפן צווייטן ברעג.

— נו, וועלן מיר מיט דעם עפּעס מאַכן גרינגער אונדזער אומגליקלעכער מאַנשאַפט! ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

— טאָ הערט־זשע מיך אויס, סער, — האָט דזשאָן מאַנגלס אָנגעהויבן. — איך קען שוין אַביסל טאָם אַאוסטינען. ער איז אַ מענטש, וואָס וועט בעפֿיי־רעש פאָלגן דעם באַפעל אײַערן און וועט אַרויסגיין פון מעלבורן, גלײַך ווי ער וועט נאָר האָבן די מעגלעכקײַט דערצו. אָבער פונוואַנען קענען מיר וויסן, צי „דונקאַן" איז שוין געווען גרייט אַרויסצוגיין גלײַך אין דעם מאָמענט, ווען אײַרטאָן איז אָנגעקומען קיין מעלבורן? מעגלעך, אַז דער רעמאָנט האָט געפאָדערט מע זאָל בלײַבן נאָך אויף צוויי אָדער אויף דרײַ טעג אין דאָק.

— איר זײַנט גערעכט, דזשאָן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן, — אויב אַזוי, מוזן מיר טאַקע זען וואָס גיכער אָנצוקומען צו דער טופאָלדער בוכטע. ביז דער שטאָט דעלעהיים האָבן מיר דאָך מער ניט ווי וואַסערע פינף און דרײַסיק מײַל.

— ריכטיק, — האָט פּאַגאַנעל באַשטעטיקט, — און אין דערדאָזיקער שטאָט וועלן מיר אומבאַדינגט קריגן פאַר זיך פאָרקער־מיטלען. ווער ווייסט, אפשר וועט זיך אונדז נאָך אײַנגעבן באַצײַטנס אָנקומען און אויסהיטן זיי פון עם אומגליק.

— אין וועג אַרײַן! — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

אין דערזעלבער רעגע האָבן דזשאָן מאַנגלס מיט ווילסאָנען זיך אַוועק־געשטעלט בויען אַ פּליט.

פאַר דער נאַכט איז דער ניוואָ פונעם טײַך נאָך שטאַרקער געפאַלן, די וואַסערן האָבן זיך שוין געקײַקלט ניט מיט אַזאַ מין געשווינדיקײַט, ווי פריִער, כאָטש דער שטראָם איז נאָך געפלאָסן גאַנץ פלינק. אָבער דזשאָן מאַנגלס האָט ניט געצווייפלט אינעם דערפאָלג פונעם אַריבערגאַנג.


די קינדער
פונעם קאפיטאן גראנט
9-טע קארטע
דאָרעם-אויסטראַליע
צונויפגעשטעלט זשול ווערן
ניי ער דאָרעם - אויעלס
דאָרעם-אויסטראַליע
וויקטאָריע
קאפ בערנוילי
קאפ גאו
קאפ ווילסאָן
פאָרט פיליפפ
קאפ גריון
גאבאַרט
סידניי
בוכטע באָטאַני-ביי
בוכטע דזשערוויס
בוכטע טופאלד
עדען
פאָרט מאַקקוואַרי
קאנאל
עמדיקער עראָי
גלענעלג
אדעלאידא
עפפלי
קעסטלמען
סיימור
מעלבורן

ארום האלבן טאָג האָבן די רייזנדער אָנגעלאָדן אפן פליט שפייז־פראָדוקטן אפ צוויי טעג צײַט, און אלע איבעריקע רעזערוון האָבן זיי צוזאמען מיט דער בויד און מיטן בײַדל איבערגעלאָזט פון דער זײַט טײַך. מיולרעדי האָט זיך געפילט אסאך בעסער, אזוי, אז מע האָט אים געקענט איבערטראָגן אפן טראָג־בעטל און מע האָט פארשפאָרט מוירע האָבן פאר זײַן געזונט־צושטאנד.

ארום איינס באטאָג זײַנען שוין אלע געווען אפן פליט, וואָס איז געווען מיט א שטריק צוגעבונדן צום ברעג. דזשאָן מאנגלס האָט אײַנגעאָרדנט אפ דעם הינטער־טייל עפעס אזעלכס, וואָס איז ענלעך אפ א שטויער־רודער, וועלכן ער האָט איבערגעגעבן אפ ווילסאָנס אויפזיכט. אדאנק דעמדאָזיקן שטויער־רודער האָט מען געדארפט קענען ריכטן דעם פליט און ניט לאָזן, אז דער שטראָם זאָל אים ווײַט פארשלעפן.

דזשאָן מאנגלס גופא האָט זיך אוועקגעשטעלט בײַ דעם פאָרנט־טייל פונעם פליט און זיך באוואָפנט מיט א לאנגן שטאנג. מיסיס עלען, מיס מערי און מיולרעדי האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט אינמיטן דעם פליט. מיסטער גלענארוואן, דער מאיאָר, ראָבערט און פאגאנעל האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום זיי און זיי זײַנען גרייט געווען אלע רגע זיי קומען צוהילף, אויב די הילף וועט נאָר זײַן נויטיק.

— אלץ איז גרייט, ווילסאָן? — האָט דזשאָן מאנגלס א פרעג געטאָן בײַם מאטראָס.

— אלץ, קאפיטאן, — האָט דער מאטראָס געענטפערט און אוועקגעלייגט זײַנע שטארקע האנט אפן רודער.

— אופמערקזאם! זיך האלטן קעגן דעם שטראָם! מיר שטײַגן אָפ!

דזשאָן מאנגלס האָט אָפגעבונדן דעם פליט און מיטן שטאנג זיך אָפגעשטופט פונעם ברעג. די ערשטע עטלעכע צענדליק קלאפטער איז מען דורכגעגאנגען גאנץ נישקאָשעדיק, אָבער אינגיכן האָבן די כוואליעס אָנגעהויבן כליופען אפן פליט און אים גענומען דרייען ארום זײַן אייגענער אקס, אזוי, אז ס'איז ניט מעגלעך געווען אים אײַנצוהאלטן ניט מיטן רודער און ניט מיטן שטאנג. ניט געקוקט אפ דזשאָן מאנגלסעס און ווילסאָנס אלע אָנשטרענגונגען, האָט זיך דער פליט אויסגעקערעוועט מיטן הינטן אפ פאָרויס, און דער שטויער־רודער איז שוין דאָ ניט געווען אימשטאנד עפעס אופצוטאָן.

דער פליט האָט זיך גענומען דרייען מיט א שרעקלעכער גיכקייט און אין דערוועלבער צײַט האָט עס אים געטראָגן אראָפּ־וואסער. דזשאָן מאנגלס האָט, פארבײַסנדיק די ציין, געקוקט אפן צעבושעוועטן שטראָם.

דער שטראָם האָט דערווײַל ארויסגעטראָגן דעם פליט צום מיט טײַך. איצט האָט זיך דער פליט געפונען אפ א האלבן מײַל פון ברעג, דאָ האָט עס אים אופגעהערט דרייען, און דער פליט האָט ווײַטער דערוואָרבן עטוואָס שטאנדהאפטיקײַט.

דזשאָן מאנגלס מיט ווילסאָנען האָבן זיך ווידער א נעם געטאָן: דער — פארן שטאנג, און דער צווייטער — פארן רודער, און זיי האָבן געריכטעט דעם פליט

אין אלאכסן־צו צום קעגנאיבערדיקן ברעג. דער פליט האָט געפּאָלגט און זיך פלינק גענומען דערנענטערן צום לינקן ברעג. אָבער אַן ערעך פופצן קלאַפטער פון דער ערד האָט זיך באַ ווילסאָנען פלוצים איבערגעבראָכן דער רודער, און דער פליט האָט זיך פונסנייַ גענומען טראָגן מיטן שטראָם.

דזשאָן מאַנגלס האָט גענומען האָרעווען מיטן שטאַנג מיט זייַנעם. שיר, שיר, וואָס דער שטאַנג ווערט אויך ניט צעבראָכן. ווילסאָן האָט מיט צעבלוטיקטע הענט זיך אַ וואָרף געטאָן צום קאַפּיטאַן אַף אים אַרויסהעלפן, און נאָך שטרקע און דויערנדיקע אָנשטרענגונגען האָט זיך זיי ביידן איינגעגעבן אָפּשטעלן די שווינדלדיקע דרייעניש און ווענדן דעם פליט צום ברעג.

דער פליט האָט זיך געגעבן אַ זעץ אינעם ברעג מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די שטריק, וואָס האָבן צונויפגעבונדן צווישן זיך די קלעצער, האָבן געפּלאַצט, און דער פליט האָט זיך צעשאָטן אַפן טיילן. די רייַזנדער האָבן קוים באַוויזן זיך אָנכאַפּן פאַר די צווייַגן פון די ביַיברעגיקע קוסטן־ביימלעך, ווי דאָס וואַסער האָט שוין פאַרשווענקט דעם פליט. צום אַלעם ערשטן האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פונעם וואַסער דעם פאַרוווּנדעטן מיולרעדין מיט ביידע פרויען. און אַלע האָבן זיך אין אַ גוטער שאָ געראַטעוועט. בלויז אַ גרויסער טייל פון די שפּייַז־פּראָדוקטן און דאָס גאַנצע געווער, אויסער דעם מאַיאָרס קאַראַבין, זייַנען אַוועק צוזאַמען מיטן צעשאָטענעם פליט אַראָפּ־וואַסער.

ווי די מייַסע זאָל ניט זייַן, אָבער מע איז שוין פון דער זייַט, און דאָס איבערפעקלען זיך האָט מער ניט געדויערט ווי איין האַלבע שאָ צייַט.

דער קליינינקער אָטריאַד האָט זיך איצט געפונען אַפן צווייטן ברעג טייַך, קימאַט אָן שום רעסורסן צום לעבן, און אַ מעהאַלעך פון וואָסערע פינף און דרייַסיק מייַל צום נאָענטסטן יישעוו. מע האָט ניט געקענט האָפן, אַז מע זאָל זיך דאָ אָנטרעפן מיט אַ סקוואַטער אָדער אַ קאָלאָניסט, ווייַל דידאָזיקע געגנט איז געווען אינגאַנצן אומבאַוווינט.

האָט מען באַשלאָסן זיך לאָזן גלייַך אין וועג אַרייַן. מיולרעדי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט דאָ זייער אַסאַך שטערן, האָט ער פאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אים איבערלאָזן דאָ אַפן אָרט און דערנאָך זאָל מען פון דעלעהייט צושיקן נאָך אים אַ מענטשן.

אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט עס אַפילע ניט געוואָלט הערן. ביז דעלעהייט האָט די עקספּעדיציע געקענט אָנקומען ניט פריִער, ווי אין דרייַ מעסלעס אַרום, און ביז צום ברעג פונעם אָקעאַן — ניט פריִער ווי אין פינף טעג אַרום, דאָס הייסט, דעם זעקסונצוואַנציקסטן יאַנוואַר, און דעם באַפעל אַף אַרויסצוגיין פון מעלבורן האָט „דונקאַן" באַקומען דעם זעכצנטן יאַנואַר. מאָ וואָס־זשע פאַר אַ באַדייַטונג האָבן דאָ געקענט האָבן די איבעריקע עטלעכע שאָ, וואָס מע וועט זיך דאַרפן פאַרזאַמען צוליב מיולרעדין?

— ניין, מייַן פרייַנט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — מיר וועלן דאָ קיינעם ניט איבערלאָזן. מיר וועלן מאַכן אַ באַקוועם טראָג־בעטל און מיר וועלן אייַך טראָגן לויט דער ריי.



דער פליט האָט זיכ געטראָגנ אראָפּ-וואסער

דאָס טראָג־בעטל האָט מען געמאכט פון עווקאַליפּטן־צווײַגן און מע האט
עס אויסגעשפּרייט מיט ווייכן גראָז. ווילנדיק, ניט ווילנדיק האָט מיולרעדי
דאָרטן געמוזט פארנעמען פלאַץ, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים געטראָגן
אין דער ערשטער ריי. ער איז געגאַנגען פונפאָרנט, ווילסאָן — פונהינטן, און
אין מיטן איז געלעגן אפן טראָג־בעטל מיולרעדי.
פינף מײַל האָבן זיי דורכגעמאכט פארן טאָג און אז ס׳האָט אָנגעהויבן
פינצטער ווערן, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט נעכטיקן לעם א וועלדל פון גומי־
ביימער. דאָס רעשטע ביסל שפּײַז, וואָס איז זיי געבליבן נאָך דער
קאַטאַסטראָפע, האָבן זיי פארנוצט אפן אָוונט־ברויט. מער קיין רעזערוון האָבן
זיי לעם זיך ניט געהאַט, סײַדן דעם מאַיאָרס קאַראַבין וועט עפּשער זײַן
אימשטאַנד זיי צו שפּײַזן אין וועג.
די נאכט איז געווען א שוידערלעכע, ס׳איז אוועק א גאָס־רעגן און האָט
גאָרניט געוואָלט אופהערן. די נאכט האָט זיך אַזוי לאַנג געצויגן, אז מע האָט
געמיינט, אז ס׳וועט שוין גאָר קיינמאָל טאָג ניט ווערן. אָבער דאָך האָט מען
זיך דערלעבט צום שאַריען און מע האָט זיך גלײַך געלאָזט אין וועג אַרײַן,
אָן אָנבײַסן, פארשטייט זיך, וואָרום דעם מאַיאָר האָט זיך דערווײַל גאָרניט
אײַנגעגעבן צו דערשיסן. דאָס איז געווען ניט נאָר קיין וויסטע, נאָר עפּעס
גלאַט א פארשאָלטן אָרט, וואָס אפילע די חײַעס האָבן עס אויסגעמיטן.
צום גליק, האָט ראָבערט אָפּגעזוכט א נעסט פון דראָפּוועס און דאָרטן
איז געלעגן א טוץ גרויסע אייער. אָלבינעט האָט זיי אָפּגעבראָטן אין הייסן
אַש, און דידאָזיקע אייער, צוזאמען מיט עטלעכע בינטלעך פּאָרטולאַק, האָבן
געדאַרפט געבן דער עקספּעדיציע שפּײַז אפן גאַנצן טאָג.
פון שאָ צו שאָ איז דער וועג געוואָרן אַלץ שווערער, דער זאַמדיקער
באָדן אין געווען באַזייט מיט שטעכיקע גראָז־פלאַנצן, וואָס האָבן צעפליקט
אַ דאָס אָנטאָן, אי דאָס שוכוואַרג, אָבער די בראַווע רײַזנדערס האָבן ניט
געקוקט אף די צעבלוטיקטע פיס און זײַנען מוטיק געגאַנגען פאָרויס,
ווײַזנדיק מיט דעם די מאַנצבלען א בײַשפּיל, אז אין אַן ענגער צײַט קען בא
זיי סטײַען קויכעס. זיי האָבן נאָך אפילע פון צײַט צו צײַט געפינען א פּאָר
מילדע און דערמוטיקנדיקע ווערטער פאַר די איבעריקע.
צו אָוונט־צו האָט זיך דער אָטריאַד צוגעשטעלט באַם צופוסנס פונעם באַרג
בולא־בול, אפן ברעג פונעם טײַכל יונגאַל. דער אָוונט־ברויט וואָלט געווען
גאַנץ קנאַפּ, ווען מאַק־נאַבסן גינג זיך ניט אײַנ צו דערהאַרגענען עפּעס א
שטיקל געווילד, וואָס דאָס פליייש זײַנס איז געווען זייער געשמאַק.
דעם פירונצוואַנציקסטן יאַנוואַר גאַנצפרי האָבן די רײַזנדער, וואָס זײַנען
געווען גענוג אויסגעמאַטערט, אָבער וואָס האָבן נאָך ניט פארלאָרן דעם מוט,
זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן.
קיין אָנבײַסן האָבן זיי דעם פרימאָרגן אויך ניט געגעסן. ס׳איז גאָר שווער
זיך פאָרצושטעלן נאָך אזא מין ווינקל, וואָס זאָל זײַן אַזוי אומפרוכטבאַר, ווי
דערדאָזיקער פליין, וואָס איז אומעטום באַזייט מיט אַרומגעבראָכענעם קוואַרץ.

די מענטשן זײַנען ניט נאָר געװען הונגעריק, זײ זײַנען אויך געװען דאָרשטיק, און די בראָטנדיקע זון האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעמדאָזיקן פּײַן. בײַ דער גאַנצער אָנשטרענגונג איז דער אָטריאַד געװען אימשטאַנד דורכצומאַכן בלויז אַ האַלב מײַל אַ שעה און ניט מערער.

צום גליק, האָט פּאַגאַנעל אָפּגעזוכט די צעפּאַלאָט־קוסטן, װאָס זײער בליִעכץ האָט די פֿאָרם פֿון אַ בעכערל און אַנטהאַלט אין זיך געשמאַקן זאַפֿט, װאָס פֿרישט זײער אָפּ דעם מענטשן. אַלע זײַנען מיט גרויס דאָרשט אַרופֿגעפֿאַלן אויף די דאָזיקע בליִעכץ, און זײ האָבן דערפֿילט, װי יעדע רגע קומט זײ צו אַ ביסל געזונט.

אויף מאָרגן, דעם פֿינפֿונצװאַנציקסטן יאַנואַר, איז מיולרעדי דורכגעגאַנגען שוין אַלײן אַ טײל װעג צופֿוס. די װוּנד זײַנע האָט זיך שוין קוים אײַנגעצאַנץ פֿאַרצויגן. ביז דער שטאָט דעלעהיים איז מער ניט געבליבן װי צען מײַל, און צו אָװנט־צו האָבן די רײַזנדער זיך אָפּגעשטעלט נעכטיקן בײַם סאַמע גרענעץ פֿונעם נײַעם דאָרעמדיקן אױעלס אונטער הונדערט נײַן און פֿערציק גראַד לענג.

דידאָזיקע נאַכט האָבן זײ װײַטער געהאַט אַ רעגן. װילסאָן האָט געװאָלט צעלײגן אַ שײַטער און סע האָט זיך אים בעשומויפֿן ניט אײַנגעגעבן, װײַל דאָס פֿײַער האָט אונטערן רעגן ניט געװאָלט ברענען. אַזוי, אַז זײ האָבן זיך די נאַכט װי עס איז איבערגעמוטשעט, און אינדערפֿרי האָט מען שוין גענומען האָפֿן, אַז די מאַטערנישן װעלן זיך אינגיכן פֿאַרענדיקן. די אָרעמע פֿרויען האָבן דורכגעמאַכט העלדישע אָנשטרענגונגען, אָבער זײערע קויכעס האָבן שוין אויף לאַנג ניט געקענט קלעקן. װאָס אַ שעה װײַטער, זײַנען זײ אַלץ מער אָפּגעשװאַכט געװאָרן. איצט זײַנען זײ שוין ניט געגאַנגען, נאָר קוים־קוים געשלעפּט די פֿיס. די עקספּעדיציע האָט זיך נאָך פֿאַרטאָג געלאָזט אין װעג אַרײַן. און אַרום עלף אַזײגער אינדערפֿרי האָט זיך פֿונדערװײַטנס באַװיזן דעלעהייט, די װיכטיקסטע שטאָט פֿון דער גראַפֿשאַפֿט אױעלסלײ, װאָס געפֿינט זיך װאָסערע פֿופֿציק מײַל פֿון דער טופֿאָלדער בוכטע.

װאָס מער זײ האָבן זיך דערנענטערט צום ברעג פֿון אָקעאַן, אַלץ מער איז בײַ גלענאַרװאַנען אין האַרצן געװאַקסן די האָפֿענונג: טאָמער װעט זיך טאַקע „דונקאַן" פֿאַרהאַלטן אין מעלבורן, און די עקספּעדיציע װעט אָנקומען אין דער טופֿאָלדער בוכטע פֿריִער פֿון דער שיף? אין פֿיר און צװאַנציק שעה אַרום װעלן זײ שוין זײַן דאָרטן, און דאַן װעט מען שוין אַלץ װיסן אויף זיכער.

אַרום האַלבן טאָג האָבן די רײַזנדער גוט אָפּגעגעסן און האָבן זיך אויפֿגעזעצט אין אַ פּאָסט־װאָגן, װאָס איז געװען געשפּאַנט מיט פֿינף פֿערד, און זײ האָבן גלײַך פֿאַרלאָזט דעלעהייט.

די פּאָסט־באַאַמטע האָבן געפֿילט, אַז זײ װעלן דאָ פֿאַרדינען היפּש טרינקגעלט, האָבן זײ אַזוי געטריבן די פֿערד, אַז אַ רויך איז געגאַנגען. דערצו איז נאָך דער װעג געװען זײער אַ גוטער און אויף יעדער סטאַנציע האָבן זײ געביטן די פֿערד. מע האָט געקענט מײנען, אַז זײ האָבן זיך אָנגעשטעקט פֿון מיסטער גלענאַרװאַנען מיט אומגעדולד.



די רײַזנדערנס האָבן קוים געשלעפּט די פיס פון אָפּגעשוואכטקייט

דעם גאנצן טאָג און די גאנצע נאכט האָט מען געיאָגט מעשוגענערווײַז.
אַפּ מאָרגן פֿאַרטאָג האָבן די רײַזנדער דערהערט פֿונדערנאָענט דעם
רויש פֿון די כוואַליעס, און זיי האָבן דערפֿילט, אַז זיי געפֿינען זיך שוין לעם
דעם אינדישן אָקעאַן. ס'איז אויסגעקומען דורכצופֿאָרן לענגויס דער בוכטע,
קעדיי אָנצוקומען צו דער זיבנונדרײַסיקסטער פּאַראַלעל, דאָס הייסט, צו דעם
אָרט, ווו טאָם אאוסטינ וואָלט זיך מיט זיי דאַרפֿן טרעפֿן.
באַלד נאָכן ערשטן קער־פּונקט, ווי נאָר דער אָקעאַן האָט זיך באַוויזן,
האָבן זיך אַלע אײַנגעזויגן אין אים מיט די בליקן. ווער ווייסט, טאָמער דרייפֿט
נאָך דאָ ערגעץ „דונקאַן", פּונקט ווי זי האָט צוריק מיט אַ כוידעש געדרייפֿט
לעם דעם קאַפּ קאָריִענטעס.
אָבער דער יאַם איז געווען ליידיק, קיין איין זעגל האָט אים אינערגעץ
ניט באַלעבט. דאָס וואַסער און דער הימל האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אָפּן האָרי־
זאָנט אין איין שטיק.
די איינציקע האָפֿענונג, וואָס האָט נאָך געטליִעט באַ די מענטשן, איז
טאָמער־האָט טאָם אאוסטינ באַשלאָסן צו פֿאַרוואַרפֿן דעם אַנקער אין דער
טופֿאָלדער בוכטע גופֿע, ווײַל באַ אַזאַ מין שלעכטן וועטער זײַנען דאָ די
ברעגן געפֿערלעך פֿאַר די אָנטאָרנדיקע שיפֿן.
— קיין עדעמו — האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַפֿוילן.
דיזעלבע רעגע האָט דער פּאָסט־וואָגן זיך אַוועקגעטראָגן איבערן וועג,
וואָס גייט לענגויס דעם ברעג צום קליינעם שטעטעלע עדעם, וואָס געפֿינט
זיך פֿאַר פֿינף מײַל פּונדאַנען.
מיסטער גלענאַרוואַן האָט אָפּגעשטעלט די פֿור, ווי נאָר דער לײַכט־טורעם
פּונעם עדעמער האַפֿן האָט זיך באַוויזן. עטלעכע שיפֿן זײַנען דאָרטן געשטאַ־
נען אָפּן אַנקער, אָבער די יאַכט־שיף „דונקאַן" איז צווישן זיי ניט געווען.
מיסטער גלענאַרוואַן, דזשאָן מאַנגלס און פּאַגאַנעל זײַנען אַוועקגעלאָפֿן צו
דער האַפֿן־פֿאַרוואַלטונג. זיי האָבן דאָרטן אינדערגיך איבערגעקוקט די צעט־
לען פֿון די שיפֿן, וואָס זײַנען אין מעשעך פֿון די לעצטע טעג צוגעשטיגן
און אָפּגעשטיגן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין איין שיף האָט אין מעשעך
פֿון די לעצטע צען טעג ניט פֿאַרלאָזט דעם האַפֿן.
— אויב אַזוי, איז עפּשער אאוסטינ נאָך ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון מעלבורן! —
האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן און די האָפֿענונג האָט באַ אים ווידער
גענומען וואַקסן.
דזשאָן מאַנגלס האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אָפּ ניין. ער האָט גוט
געקענט טאָם אאוסטינען. ניט אַזאַ מין מענטש איז געווען דער געהילף זײַנער,
אַז ער זאָל אָפּ צען טעג אָפּהאַלטן און ניט אויספֿילן דעם באַפֿעל.
— וויל איך זיך אָבער אין דערינען קלאָרער איבערצײַגן, — האָט זיך
מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן, — דער סאַמע ביטערסטער עמעס איז בעסער
פֿון דער טעמפּער אומבאַשטימטקײַט.
אין אַ פֿערטל שאָ אַרום האָט מען אָפּגעשיקט צום סינדיק (נאַטשאַלניק

ונעם מעלבורנער האפנ א טעלעגראמע, דערנאָך האָבנ זיכ די רײַזנדער אוועקגעלאָזט צום האָטעל „וויקטאָריא".

צוויי אזייגער באַטאָג האָט דער בריוונטרעגער געבראכט גלענארוואנענ אנ ענטפער־טעלעג־אם. אָט איז דער אינהאלט אירער:

„צום מיסטער עדוארד גלענארוואנ.
עדעם, טופאָלדער בוכטע.
„דונקאנ" איז אָפּגעשטיגנ דעם אכצנטנ פאָריקנ כוידעש אינ אנ אומבאוווּסטער ריכטונג.
ענדריוס".

די טעלעגראם איז ארויסגעפאלנ בא מיסטער גלענארוואנענ פונ די הענט. מערער צווייפלענ איז שוינ ניט געווענ שײַעכ. אזוי, אז די פײַנע שטאָלענדישע יאכט־שיפ האָט זיכ שוינ, אָנ סאָפעק, געפאקט צו בענ־דזשויסעס באנדע אינ די הענט ארײַנ אונ איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א פיראטנ־שיפ.

אָט אזוי האָט זיכ פארענדיקט דער אריבערגאנג איבערנ אווסטראלישנ קאָנטינענט, וואָס מ'האָט אים אָנגעהויבנ בא אזעלכע גינסטיקע באדינגונגענ. קאפיטאנ גראנטס שפורנ, ווי אויכ די שפורנ פונ זײַנע מיטרײַזנדער זײַנענ אפ אייביק פארלאָרנ־געוואָרנ; די עקספּעדיציע האָט זיכ ניט נאָר ניט אײַנ־געגעבנ, נאָר זי האָט נאָכ באצאָלט מיטנ לעבנ פונ איר גאנצער מאנשאפט. מיסטער גלענארוואנ איז פונ דעמדאָזיקנ קאמפ ארויס א באזיגטער. דער גע־וואגטער אויספאָרשער, וואָס האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט פאר די צעשפּילטע סטיכיעס אינ די ארגענטינער פאמפאסנ, האָט געליטנ די פולשטענדיקסטע מאפּאָלע איבערנ פאראט פונ איינ־איינציקנ מענטשנ.

# ערשטע קאַפּיטל

## „מאַקאַרי"

יעדערער האָט שוין באַ זיך געהאַט געפֿילט, אַז קיין האָפֿענונג אַף ווען עס איז אופֿצוזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט, איז שוין ניטאָ. אַף אַ וועלכן טייל וועלט זאָל מען אים איצטער זוכן און וויאַזוי קען מען איצטער אויס-פֿאָרשן די פֿרישע לענדער, אַז „דונקאַנ" עקזיסטירט דאָך שוין ניט?

מערי גראַנט האָט באַ דידאָזיקע אומשטענדן געפֿונען אין זיך גענוג מוט אָפּ מער ניט דערמאָנען דאָ איר פֿאָטערס נאָמען, זי האָט דערשטיקט אין זיך איר פֿערזענלעכן אומגליק און האָט איצטער געקלערט נאָר וועגן דעם שרעק-לעכן גורל פֿון „דונקאַנס" מאַנשאַפֿט. אין זיך האָט זי פֿאַרבעסן און האָט נאָך די גאַנצע צײַט געטרייסט מיסיס עלען, וואָס איז געווען זייער צעבראָכן און דערשלאָגן. זי די ערשטע האָט פֿאַרפֿירט דעם שמועס וועגן דעם, אַז מע דאַרף זיך אומקערן קיין שאָטלאַנד. דזשאָן מאַנגלס איז מאַמעש איבעראַשט געוואָרן פֿון דער מוטיקײַט און אויסגעהאַלטנקײַט, וואָס דאָס יונגע מיידל האָט אַרויסגעוויזן. ער האָט דער איינציקער געוואָלט פֿאָרלייגן, אַז מע זאָל נאָך פֿאָרזעצן די זוכעניש, אָבער ער האָט דערפֿילט אַף זיך איר פֿעסטן בליק און איז גלײַך אַנשוויגן געוואָרן.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט זי אים געזאָגט:

— ניין, מיסטער דזשאָן, איך האָב איצטער דערוף קיין שום רעכט ניט. דערמאָנט זיך נאָר, וויפֿל קאָרבאָנעס דידאָזיקע זוכענישן האָבן אונדז אָפּגע-קאָסט! מיסטער גלענאַרוואַן מוז זיך איצט אומקערן קיין אייראָפּע.

— איר זײַט גערעכט, מיס מערי, — האָט דזשאָן געענטפֿערט, — אַזוי דאַרף מען טאָקע. מיר מוזן גלײַך צוויסן געבן דער ענגלישער אַדמיראַליטעט וועגן „דונקאַנס" גורל. אָבער די האָפֿענונג זאָלט איר סײַ ווי ניט פֿאַרלירן. אויב קיינער וועט מיר ניט העלפֿן, וועל איך אַליין זיך נאָך אַוועקלאָזן זוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט. איך וועל אים אָדער געפֿינען, אָדער איך וועל אויך אומ-קומען.

אַ ליכטיקער בליק פֿון דאַנקבאַרקײַט איז איצטער געווען זײַן לוין.

אין מעשעך פֿונעם דאָזיקן טאָג איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס זיך אומצוקערן קיין אייראָפּע. צוליב דעם האָט מען געדאַרפֿט אָן איבעריקע

פארזאמונגענ ארויספאָרנ קיינ מעלבורנ. גאנצפרי איז דזשאָנ מאנגלס אוועק אינ האפנ אריַינ זיכ דערוויסנ, ווענ גייט אָפּ פונדאנענ קיינ מעלבורנ א שיפ. בא אימ איז גאָר קיינ סאָפּעק ניט געווענ, אז צווישנ עדעמ מיט דער פּראָווינצ וויקטאָריא קומט פאָר א קעסיידערדיקער רעגולערער שיפ־פארקער.

אָבער דער יונגער קאפּיטאנ האָט געהאט א גרויסנ טאָעס, קיינ רעגולערע רייסנ קיינ מעלבורנ זיַינענ ניט געווענ. אינעמ האפנ האָבנ זיכ אינגאנצנ געפונענ דריַי־פיר שיפנ אונ קיינ איינע פונ זיי האָט זיכ ניט געקליבנ ניט קיינ מעלבורנ אונ ניט קיינ סעדניי, וואָס בלויז אינ זיי, אינ דידאָזיקע צוויי האפנס, האָט מיסטער גלענארוואנ געקענט האָפנ אָפּצווזוכנ אזעלכע שיפנ, וואָס לאָזנ זיכ קיינ ענגלאנד.

נאָכ לאנגע דוּנגעניִשנ, האָט מיסטער גלענארוואנ באשלאָסנ, אז מע זאָל זיכ לאָזנ קיינ סידניי מיט דער יאבאָשע, אָבער דאָ האָט פּאגאנעל פּלוצים אויפגעגעבנ א פאָרשלאג, וואָס איז פאר איטלעכנ געווענ זייער אומגעריכט.

דער געאָגראפ איז, אומאָפּהענגיק פונ דזשאָנ מאנגלסנ, אויכ אומגעגאנגענ צומ האפנ. אזויווי ער האָט שוינ געוווּסט, אז קיינ רעגולערע רייסנ צווישנ עדעמ אונ מעלבורנ קומענ ניט פאָר, האָט ער זיכ פאראינטערעסירט, וווהינ טע לאָזנ זיכ די דריַי שיפנ, וואָס געפינענ זיכ אינעמ עדעמער האפנ. לאָזט זיכ אויס, אז איינע פונ זיי גייט קיינ אָקלענד צו איקא־נא־מאנוי, דעמ צאָפנדיקנ פונ די ניַי־זעלאנדישע אינדזלענ. דערומ האָט פּאגאנעל פאָרגעלייגט, מע זאָל פארקאָנטראקטירנ דידאָזיקע שיפ אונ אוועקפאָרנ קיינ אָקלענד. אָקלענד איז גראד יאָ פארבונדנ מיט אייראָפּע דורכ רעגולערע רייסנ.

דערדאָזיקער פאָרשלאג פּאגאנעלס איז ווערט געווענ מע זאָל אימ ערנסט באהאנדלענ. דער געלערנטער האָט, קעגנ דער געוווינהיַיט זיַינער, ניט געהאלטנ קיינ לאנגע רעדעס אונ זיכ ניט באמיט צו פארטיידיקנ זיַינ מיינונג. ער האָט זיכ בלויז באגרענעצט מיט דעמ, וואָס ער האָט געלאָזט וויסנ וועגנ דעמדאָזיקנ פאקט אונ ער האָט צוגעגעבנ, אז דאָס פאָרנ קיינ אָקלענד קענ אָפּנעמענ ווײַסטע פינפ־זעקס טעג. אונ ווירקלעכ, פונ ניַי־זעלאנד ביז אווסטראַליע ליגט א מעהאלעכ ניט מער, ווי וואָסערע טויזנט מיַיל.

דערצו האָט זיכ נאָכ ארויסגעוויזנ, אז אָקלענד געפינט זיכ פונקט אָפּ דערזעלבער זיבנונדדריַיסיקסטער פּאראלעל, וואָס לויט איר לענג זיַינענ די רײַזנדער די גאנצע ציַיט געגאנגענ פונ די אראוקאנישע ברעגנ אָנ.

דזשאָנ מאנגלס האָט אונטערגעהאלטנ פּאגאנעלס פאָרשלאג, ער האָט געייצעט מע זאָל דעמדאָזיקנ פאָרשלאג אָננעמענ דערפאר, ווײַל זיצנ אינ דער טופּאָלדער בוכטע אונ ווארטנ אָפּ א שיפ וועט אָפּנעמענ אסאכ ציַיט, אונ זיכ לאָזנ מיט דער יאבאָשע קיינ מעלבורנ איז צו שווער. דער וועג אהינ איז לאנג אונ דערצו נאָכ פול מיט געפארנ.

אָבער דאָכ, פארנ אָננעמענ דעמ ענדגילטיקנ באשלוס, האָט ער טאָרגעלייגט, אז עמעצער זאָל צוגיינ אונ א קוק טאָנ אָפּ דער שיפ, וואָס לאָזט זיכ קיינ אָקלענד. האָבנ גלענארוואנ, דער מאיאָר, ראָבערט, פּאגאנעל אונ דער יונגער



„גלענאַרוואַן, מאַק-נאַבס, ראָבערט, פּאַגאַנעל, דזשאָן מאַנגלס שווימען אויף א שיפל צו דער
שיף „מאַקאַרי"

קאַפּיטאַן געוּמען אַ שיפֿל און זײַנען צוגעשוווּמען צו דער שיף, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן אַנקער װאַסערע צוויי קאַבעלטאָווס פֿונעם האַפֿן.

דאָס איז געווען אַ צוויייהונדערט־טאָניקער בריג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מאַקאַרי". אים איז אויסגעקומען דורכצומאַכן זײַנע רייסן צווישן פֿאַרשיידענע האַפֿנס פֿון — אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד. דער קאַפּיטאַן פֿון „מאַקאַרי" האָט ניט איבעריקס חעפֿלעך באַגעגנט די באַזוכער. זיי האָבן גלײַך דערזען, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ שלעכט־דערצויגענעם פּאַרשוין. דער קאַפּיטאַן איז געווען אַ געזונטער פּאַרשוין מיט אַ רויטער צורע, פֿאַרגרעבטע הענט, אַ צוגעפּלעטשטע נאָז, שמאָלע אויגעלעך, און די אונטערשטע ליפּ איז בײַ אים אַראָפּגעהאַנגען אונטער דער שווערקײַט פֿון דער רויכער־ליולקע, וועלכע ער האָט, קענטיק, קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט פֿון מויל. ווײַזט אויס, ער איז שיין. אָבער צו אַ נעסיע פֿון פֿינף־זעקס טעג האָט עס, דאַכט זיך, ניט געהאַט קיין איבעריקע שײַכעס, און הערצו דאַרף מען נאָך געדענקען, אַז קיין אויסוואַל האָבן זיי דאָ ניט געהאַט.

— נו, וואָס פֿאַר אַ צאָרע האָט עס אײַך אַהערצו אַראָפּגעבראַכט! — האָט ביל גאַליי גראָב באַגעגנט די רײַזנדער, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהויבן אויפֿן טראַפּ פֿון זײַן שיף.

— מיר דאַרפֿן צום קאַפּיטאַן, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט.

— דאָס בין איך. נו, וואָס ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— „מאַקאַרי" גייט קיין אָקלענד?

— נו, יאָ. וואָס ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— מיט וועלכער פֿראַכט?

— מיט אַלץ, וואָס מע קען קויפֿן און פֿאַרקויפֿן. וואָס ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— ווען גייט ער אַוועק?

— מאָרגן מיטן באַטאָגעדיקן אָפּפֿלוס. וואָס ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— פּאַסאַזשירן וואָלט איר גענומען?

— געווענדט, אַ וועלכע! דערצו דאַרפֿן זיי מאַסקים זײַן פֿרעסן דאָס, וואָס מיר פֿרעסן.

— זיי וועלן מיטנעמען מיט זיך אייגענע שפּײַז.

— טאָ וואָס ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— וואָס דאַרפֿן מיר ווײַטער זאָגן?

— יאָ, וויפֿל זײַנען זיי דאָרטן?

— נײַן, צווישן זיי צוויי פֿרויען.

— כ'האָב ניט פֿון זייערטוועגן קיין קאַיוטעס.

— מע וועט זיך ווי עס איז באַגיין.

— וואָס־זשע ווערט איר ווײַטער זאָגן?

— זײַט איר מאַסקים? — האָט דזשאָן מאַנגלס אַ פֿרעג געטאָן און ניט געלייגט קיין אַכט אויפֿן קאַפּיטאַנס גראָבקײַט.

מירן זען — האָט דער שיפ־באַזיצער זיך אָנגערופן.

ביל גאַליי האָט א שפּאַציר געטאָן איבער דער פּאַלובע, זײַנע שטיוואַ־ליעס האָבן געקלאַפּט מיט די אונטערגעשמידטע אײַזנס, אַזוי, אַז מע האָט זיי געקענט הערן פאַר א מײַל, דערנאָך איז ער פּלוצים געבליבן שטיין אַנטקעגן דזשאָן מאַנגלסן.

— וויפל ווער איר גיבן? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— און וויפל ווילט איר? — האָט יענער געענטפערט.

— פופציק פונט.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מאַסקים.

— גוט, ס׳גייט. פופציק פונט, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן.

— בלויז פאַר פור־געלט, — האָט גאַליי צוגעגעבן.

— יאָ.

— אָן דערנערונג.

— יאָ.

— רעכט. וואָס וועט איר נאָך זאָגן? — האָט דער שיפ־באַזיצער אויס־געשטרעקט די הענט און א מאַך געטאָן מיט די פינגער, ווי ער וואָלט עפּעס וועלן ציילן.

— וואָס זאָלן מיר נאָך זאָגן? — האָט דזשאָן מאַנגלס א פרעג געטאָן.

— אַן אָפּגאָב.

— אָט האָט איר א העלפט, פינף און צוואַנציק פונט.

ביל גאַליי האָט איבערגעציילט דאָס געלט, עס אַרײַנגעלייגט טיף אין קעשענע און אפילו קיין דאַנק ניט געזאָגט.

— מאָרגן זאָלט איר קומען אינדערפרי. האַלבן טאָג הייבן מיר אויף דעם אַנקער. קיין בילעט ניט, צי איר וועט קומען, צי ניין.

— רעכט, מירן זײַן.

דאָ האָבן מיסטער גלענאַרוואַן, דער מאַיאָר, ראָבערט, דזשאָן מאַנגלס פאַרלאָזט די שיף. דער קאַפּיטאַן האָט אפילו ניט צוגעשטעלט די האַנט צום דאַשעק פון זײַן פאַרשמאָלצעוועטן קאַרטוז, וואָס האָט פאַרדעקט זײַן געלע קודשמע האָר.

— אָט א כאַזער! — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן.

— און מיר געפעלט ער דאָפּקע, — האָט פּאַגאַנעל באַמערקט, — דאָס איז אַן עמעסער יאַם־וואָלף.

— א וואָלף וואָלט נאָך געוועזן נישקאָשע, ס׳איז א גאַנצער בער, — האָט דער מאַיאָר דערווידערט.

מיסיס עלען און מיס מערי זײַנען געווען זייער צופרידן, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז מאָרגן פאָרט מען שוין אָפּ. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיי געוואָרנט, אַז אין זינען פון קאָמפאָרט הייבט „מאַקאַרי״ אפילו ניט אָן צו זײַן גערעכנט אַפ „דונקאַנען״, אָבער די געוואַגטע פרויען, וואָס האָבן שוין איבערגעטראָגן אַזויפיל רײַזע־שוועריקײַטן, האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן.

אָלבינעסן האָט מען פֿאַרגעלייגט, ער זאָל פֿאַרגרייטן אין וועג אַרײַן שפּײַז-פּראָדוקטן. דער אָרעמער קיכמײַסטער איז די גאַנצע צײַט אומגעגאַנגען מיט פֿאַרוויינטע צעשוואָלענע אויגן פֿון יענעם מאָמענט אָן, זינט ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז די קאַטאָרזשניקעס האָבן פֿאַרכאַפּט „דונקאַנען". דאָרט, אויף דער יאַכט-שיף, איז דאָך געבליבן דאָס ווײַב זײַנס, און מע איז זיך, מיסטאַם, מיט איר באַגאַנגען נישט בעסער, ווי מיט דער גאַנצער מאַנשאַפֿט. אָבער ניט גע-קוקט דערויף, האָט ער מיט זײַן געוויינלעכער געטרײַשאַפֿט און פּינקטלעכקייט אויסגעפֿילט זײַנע פֿליכטן פֿון קיכמײַסטער, און ער האָט באַוואָרנט זײַנע רײַזנדער מיט שפּײַז אויף דער שיף „מאַקאַרי", וואָס איר קאַפּיטאַן האָט זיך אַזוי שטאַרק געדונגען, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן מיט זיך פֿירן אייגענע דער-נערונג.

דערווײַל האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַקומען גאָלד אין דעם אָרטיקן פֿאַרבאַנדישן באַנק אויף די טשעקן, וואָס ער האָט בײַ זיך געהאַט. דער מאַיאָר האָט אײַנגעקויפֿט געווער מיט שלאַכט-געצײַגן פֿאַר אַלע אָנטיילנעמער פֿון דער עקספּעדיציע. פּאַגאַנעל האָט מער ניט געדאַרפֿט, ווי אַ גרויסע מאַפּע פֿון נײַ-זעלאַנד, און ער האָט זי זיך געקריגן.

מיולרעדי האָט זיך זייער גיך פֿאַריכט; ער האָט שוין אַפֿילע אָנגעהויבן פֿאַרגעסן אין דער וווּנד, וואָס האָט אים צוריק מיט עטלעכע טעג שיִער ניט פֿאַרטריבן אין קייווער אַרײַן. דערצו האָט נאָך די רײַזע איבערן יאַם ענדגיל-טיק געדאַרפֿט פֿאַרשטאַרקן זײַן געזונט. ווילסאָן האָט זיך אַ נעם געטאָן מאַכן אָרדענונג אויף דער שיף „מאַקאַרי", באַזונדערס אין דעם אָ טייל, וואָס מע האָט אויסגעטיילט פֿאַר די פּאַסאַזשירן וועגן. ביל גאַליי האָט אַ קנײַטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער מיינט: „ס'זאָל מיך גאָר אָנהייבן אַרן, וואָס יענער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער נאַרישער ריינקייט". דער קאַפּיטאַן האָט זיך קיין מינדסטע ניט אינטערעסירט מיטן גורל פֿון זײַנע פּאַסאַזשירן, ער האָט אַפֿילע ניט געפֿרעגט, ווער זיי זײַנען. קענטיק, אַז ער האָט געקוקט אויף זיי, ווי אויף אַ צוגאָב-פֿראַכט, וואָס טראָגט אַרײַן נאָך עפּעס פֿונט פֿאַר-דינסט. נאָר בײַ אים אין די אויגן האָט דערדאָזיקער פֿראַכט אַסאַך ווינציקער די ווערט, ווי, לאָמיר זאָגן, די צוויי הונדערט טאָן לעדער, וואָס זײַנען צונויפֿגעלייגט בײַ אים אין טריום. „דאָס וויכטיקסטע איז דער לעדער, די מענטשן, איז ווי זיי ווילן זיך", — אַזוי האָט דערדאָזיקער קאָמערסאַנט גע-האַלטן. נאָר איינס צום אַנדערן האָט ניט. ביל גאַליי איז געווען ניט קיין שלעכטער יאַם-מענטש, און ער האָט אויסגעצייכנט גוט געקענט דידאָזיקע יאַמען, וווּ ס'איז אַ געפֿאַר זיך שיפֿן איבער די פֿילצאָליקע אונטערוואַסער-דיקע ריפֿן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט געוואָלט אויסנוצן די לעצטע שאָען פֿון זײַן געפֿינען זיך אין אויסטראַליע, קעדיי נאָכאַמאָל צו זײַן אויף דעם אָרט, וווּ די 37-סטע פּאַראַלעל האַקט איבער דעם ברעג. צוויי וויכטיקע סיבעס האָט ער דערויף געהאַט.

צום אַלעם ערשטן האָט ער געוואָלט סונדעסטוועגן אַ קוק טאָן אַפּ דעם אָרט, וווּ מע האָט די גאַנצע צײַט געמיינט, אַז „בריטאַניע" האָט דאָרט גע־ליטן די קאַטאַסטראָפע. אײַרטאָן איז, אָן צווייפל, דאָרטן געווען אַ באָצמאַן, און פאַרוואָס זאָל זיך עס ניט קענען טרעפן, אַז די שיף זאָל ווירקלעך האָבן געליטן די קאַטאַסטראָפע אַפן מיזרעכדיקן ברעג פון אַווסטראַליע? דערום וואָלט געווען צו לײַכטזיניק מע זאָל פאַרלאָזן דעם אַווסטראַלישן קאָנטינענט און ניט באַקוקן דעמדאָזיקן פּלאַץ.

די צווייטע סיבע איז געווען די, וואָס אָט דאָ אַפן זעלביקן אָרט האָבן די קאַטאָרזשניקעס געדאַרפט פאַרכאַפּן די יאַכט־שיף „דונקאַן". עפּשער איז דאָרטן פאָרגעקומען אַ וואָסער ניט איז קאַמף, און דער בײַברעגיקער פּאַס האָט פאַרהיט אַפּ זיך אייניקע שפּורן פון „דונקאַנס" מאַטראָסן, וואָס מע האָט אַזוי אומגעריכטערהייט געפּאַקט. אויב די מאַנשאַפט פון דער יאַכט־שיף איז אומגעקומען, האָט עפּשער דער יאַם דאָ אַרויסגעוואָרפן אַפן ברעג זייערע קערפּערס.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אָוועקגעלאָזט אײַן אויסשפּיר צוזאַמען מיט דזשאָן מאַנגלסן. דער האָטעל־באַזיצער האָט זיי מיטגעגעבן אַ פּאָר רײַט־פערד און זיי זײַנען ווידער אָוועקגעפאָרן איבערן צאָפּנדיקן שליאַך, וואָס געפינט זיך לענגאויס דעם ברעג פון דער טופאָלדער בוכטע. דאָס איז גאָרניט געווען קיין פאַרווײַלנדיקער שפּאַציר. מיסטער גלענאַרוואַן מיט דזשאָן מאַנגלסן האָבן, דאַכט זיך, דעם גאַנצן וועג קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט צווישן זיך, אָבער זיי האָבן אויך אָן ווערטער גוט פאַרשטאַנען איינס דאָס צווייטע.

זיי האָבן באַקוקט יעדעס ווינקעלע אַפן ברעג־פּאַס, זיי האָבן באַטראַכט יעדעס זעמדעלע אַפן פּליאַזש און יעדער טראָט פונעם הויכן ברעג, וווּ די אָקעאַנישע כוואַליעס האָבן געקענט פאַרוואַרפן ברוכשטיקער פון דער קאַטאַ־סטראָפע, אָבער זיי האָבן ניט געפונען די מינדסטע צייכנס פון קאַמף אָדער פון קיין קאַטאַסטראָפע.

הייסט עס, אַז די שפּורן פון „בריטאַניע" ווערן ווײַטער פאַרלאָרן אין דער אומבאַוווּסטקײַט, און „דונקאַן" האָט דאָ אויך ניט איבערגעלאָזט קיין שום שפּורן. די אָקעאַן־ברעגיקײַט איז דאָ געווען ליידיק.

ניט ווײַט פונעם ברעג האָט דזשאָן מאַנגלס באַמערקט שפּורן פון אַ לאַ־גער, וואָס האָט זיך דאָ ניט לאַנג געפונען: פאַרלאָשענע שײַטערס, אײַנ־געטראָטן גראָז, אָנגעבראָכענע ביימער־צווײַגן. קען זײַן, אַז איינער אַן אָרט־געבוירטיקער שייוועס האָט דאָ פאַרבראַכט עטלעכע טעג. אָבער ניין, מיסטער גלענאַרוואַן האָט דאָ פּלוצים באַמערקט אַזאַ סימען, וואָס האָט שוין נישט איבערגעלאָזט קיין שום צווייפל, אַז דערדאָזיקער לאַגער האָט געהערט צו דער באַנדע קאַטאָרזשניקעס.

געווען איז עס אַן אַלט צעריסן העמדל, וואָס מע האָט פאַרגעסן אָדער איבערגעלאָזט דאָ לעם צופוסנס פון אַ בוים. דאָס העמדל איז באַשטאַנען פון צוויי שטיקער צײַג, פון גרויען און געלן, און אַפּ איין טייל איז מיט ציפערן

געווען אָנגעשריבן א נומער. דאָס איז, אָן ספק, א קאַטאַרזשאַניש הענדל, ביפּראַט, אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז די פֿירמע פֿון די, וואָס זיצן אין דער פּערטער טורמע.

— זעט איר שוין, דזשאָן? — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן, — ווער ווייסט, מיט וואָס די מאַטראָסן פֿון „דונקאַן" האָבן געענדיקט?

— יאָ, — האָט זיך דזשאָן אָנגערופֿן מיט א טויבער שטים. — ס'איז קלאָר, אַז מע האָט זיי ניט אַראָפּגעלאָזט אויפֿן ברעג. זיי זײַנען דאָ אומגעקומען אַלע ביז איינעם.

— נידערטרעכטיקע לײַט! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. — אך, ווען זיי פּאַקן זיך צו מיר אין די הענט אַרײַן! אוי, וואָלט איך זיך מיט זיי אָפּגערעכנט פֿאַר „דונקאַנס" מאַנשאַפֿט!

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אויף א רעגעלע אָפּגעקערט פֿון דזשאָנען און אין משך פֿון עטלעכע מינוט האָט ער געקוקט צום יאַם, פּונקט ווי ער וואָלט אין די גרענעצלאָזע ווײַטן וועלן דערזען זײַן יאַכט-שיף. אָבער דערנאָך האָט דער בליק זײַנער זיך אויסגעלאָשן, ער האָט געגעבן א פֿיר מיט דער האַנט איבערן שטערן און איז אָן ווײַטערדיקע רייד צוגעגאַנגען צו זײַן פֿערד. דזשאָן מאַנגלס האָט אים נאָכגעטאָן, און זיי האָבן זיך ביידע אומגעקערט קיין עדעם.

איצט איז געבליבן דורכצופֿירן נאָך איין פֿאָרמאַליטעט: געבן צו וויסן דער מאַכט וועגן דעם פֿאָרגעקומענעם. האָט עס מיסטער גלענאַרוואַן דורכגעמאַכט נאָך דעמזעלביקן אָוונט.

וויפֿל דער הויפּט פֿון שטאָט האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן, האָט מען דאָך דערקענט אויף אים, ווי ס'איז אים אַראָפּ א שטיין פֿון האַרצן, בעת ער האָט מיסטער גלענאַרוואַנס ווערטער פֿאַרשריבן אין פּראָטאָקאָל: ער איז פּשוט געווען גליקלעך פֿון דעם, וואָס בען-דזשויסעס באַנדע האָט פֿאַרלאָזט די גרענעץ פֿון זייער פּראָווינץ, און די גאַנצע שטאָט וועט זיך פֿרייען ניט ווייניקער פֿון אים. די וויכטיקע ידיעה, וואָס מיסטער גלענאַרוואַן האָט איבערגעגעבן, האָט מען גלײַך איבערגעגעבן טעלעגראַפֿיש קיין מעלבורן און קיין סידניי.

נאָך דעם, ווי מיסטער גלענאַרוואַן האָט אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין האָטעל אַרײַן. דער לעצטער אָוונט אין אויסטראַליע איז דורכגעגאַנגען זייער טרויעריק. אַלע האָבן געקלערט וועגן די אומגליקן, וואָס זיי האָבן געליטן אויף דעמדאָזיקן קאָנטינענט, און וועגן זייערע אָפּגענאַרטע האָפֿענונגען.

פּאַגאַנעל איז עפּעס געווען שטאַרק פֿאַרטראָגן. דזשאָן מאַנגלס האָט די גאַנצע צײַט אויף אים געהאַט אַן אויג. ער האָט געזען, ווי אַזוי דער געאָגראַף וויל עפּעס זאָגן און קען זיך ניט אײַנשטעלן. ער האָט אים אַלע מאָל פֿאַרטשעפּעט מיט א פֿראַגע, אָבער דער געלערנטער האָט זיך אויסגעדרייט און ניט געענטפֿערט.

דאָך אין דעמזועלביקן אָוונט, בעשאַס זיי זײַנען געגאַנגען בײדע צו זיך אין צימער אַרײַן, האָט דזשאָן נאָכאַמאָל אים אַ פרעג געטאָן וועגן דער סיבע, וואָס געדווירט אים אַזוי די גאַנצע צײַט.

— איר האָט אַ סאָעס, מײַן פרײַנט,— האָט אים פּאַגאַנעל געענטפערט,— איך נערוויר זיך איצט ניט מער, ווי אַן אַנדערש מאָל.

— פּאַגאַנעל, איר ווילט מיר ניט זאָגן דעם עמעס, איר באַהאַלט עפּעס אויס אַ געהיימניס, וואָס שטיקט אײַך די גאַנצע צײַט.

— אויב אַזוי, מוז איך אײַך מודיע זײַן... דאָס איז שטאַרקער פון מיר!..

— וואָס איז שטאַרקער פון אײַך?

— מײַן פרייד — פון איין זײַט, און פון דער צווייטער זײַט — מײַן פאַר־צווייפלונג.

— זײַנט איר, הייסט עס, איינצײַטיק אי גליקלעך, אי אומגליקלעך?

— יאָ, איך בין אי גליקלעך, אי גוואַלדיק אומגליקלעך פון דעם, וואָס איך פאָר קיין נײַ־זעלאַנד.

— איר האָט זיך דען דערוווּסט עפּעס נײַס?— האָט דזשאָן מאַנגלס זיך דערפרעגט.— איר האָט עפּשער געפּאַקט דעם קאַפּיטאַן גראַנטס פאַרלאָרע־נעם שפּור?

— ניין, דזשאָן, פון נײַ־זעלאַנד קערט מען זיך ניט אום. און דאָך... איר ווייסט דאָך די מענטשעלעכע נאַטור: קאָלומאַן דו עטעמסט, האָפסטו נאָך... און אָט אַזוי־אַרום האָב איך פאַר זיך אויסגעקליבן דעם סאַמע בעסטן דעוויז אין דער וועלט: „איך עטעם, הייסט עס, אַז איך האָף נאָך“.

## צווייטע קאַפּיטל

# די פאַרגאַנגענהייט פון דעם לאַנד, וווּהין די רײַזנדער פאָרן איצט

אין מאָרגן, דעם 27־טן יאַנוואַר, זײַנען די רײַזנדער אינדערפרי אָנגע־קומען אויפן באָרט פון דער „מאַקאַרי“ און האָבן זיך אויסגעזעצט אין איר שמאָלן קובריק. ביל גאַלייען איז אפילו ניט אײַנגעפאַלן אין געדאַנק, ער זאָל אָפּטרעטן די קאַיוטע זײַנע פאַר די פרויען, אינדערעמעסן האָט מען דאָ גאָרניט אָנגעווירן און דאָס גאָרניט איבעריק באַדאַרפט וועלן, ווײַל דידאָזיקע נאָרע איז אַקוראַט געווען אָנגעמאָסטן פאַרן בער פאַר אירן.

באַטאָגלעך האָט דער בריג מיטן אָנקום פונעם אָפּפלוס אויפגעהויבן דעם אַנקער.

די שיף איז, לויטן אויסדרוק פון די יאַם־לײַט, געווען אַ מולטער, אָבער מע האָט געדאַרפט מיט דעם שאָלעם־מאַכן, און ווי שלעכט „מאַקאַרי“ זאָל ניט גיין, האָט מען אין מעשעך פון פינף אָדער זעקס מעסלעס געדאַרפט מיט איר אָנקומען קיין אָקלענד.

ארומ זיבנ אזייגער אינאָוונט איז דער אווסטראַלישער ברעג פארשווונדנ געוואָרנ פונ יענער זײַט האָריזאָנט אונ נאָכ אינ עטלעכע מינוט ארומ איז שוינ אויכ דער עדעמער לײַכט-טורעמ פארשווונדנ געוואָרנ פונעמ בליק. דער יאמ איז געווענ ניט אינגאנצנ רויִק, אונ דער בריג האָט זיכ היפש אונטער-געוויגט. ער האָט זייער שווער א פאל געגעבנ אינ די צווישנס פונ די אופ-געהויבענע כוואליעס. די פאסאזשירנ האָבנ זיכ געפילט זייער אומהיימלעכ אינעמ דאָזיקנ ענגנ קובריק, אָבער אפ דער פאלובע האָט געשמיסנ א שטאר-קער רעגנ אונ ווילנדיק-ניטווילנדיק האָט מענ זיכ געמוזט באנוגענענ מיטנ דאכ, וואָס מע האָט איבערנ קאָפ.

די אומשטענדנ האָבנ ניט געקענט ארופירנ דעמ אוילעמ אפ קיינ פרייַלעכע געדאנקענ. די רײַזנדער האָבנ קימאט די גאנצע צײַט געשוויגנ אונ ניט גע-רעדט צווישנ זיכ גאָרניט, זעלטנ-ווענ פלעג מיסיס עלענ אויסריידנ א וואָרט צו מערי גראנט. מיסטער גלענארוואנ האָט ניט געקענט אײַנזיצנ אפ קיינ אָרט. ער האָט די גאנצע צײַט נערוועז אומגעשפאנט איבערנ קובריק. דער מאַיאָר איז געזעסנ אומבאוועגלעכ, ווי ס'וואָלט אימ קיינ-זאכ אינ דער וועלט ניט אָנגעגאנגענ. דזשאָנ מאנגלס אונ ראָבערט פלעגנ זיכ אלע מאָל ארופ-כאפנ אפ דער פאלובע, קעדיי צו כאפנ א קוק אפנ יאמ. אונ פאגאנעל האָט זיכ פארקליבנ אינעמ סאמע פינצטערנ ווינקל אונ האָט עפעס די גאנצע צײַט געמורמלט אינדערשטיל צו זיכ אליינ.

וועגנ וואָס האָט געטראכט דער כאָשעווער געלערנטער? ער האָט גע-טראכט וועגנ נײַ-זעלאנד, מיט וועלכער אימ וועט אויסקומענ זיכ צו באגע-גענענ. ער האָט זיכ דערמאָנט אינ דער געשיכטע פונ דעמ דאָזיקנ לאנד, אונ שוידערלעכע בילדער האָבנ דורכגעשווינדלט פאר זײַנ גײַסטיקנ בליק.

ער האָט זיכ צאמיט אופצושטעלנ בא זיכ אינ זיקאָרנ די פארגאנגענהײַט פונ נײַ-זעלאנד אינ אלע אירע איינצלהײַטנ, קעדיי צו קענענ געבנ זיכ אליינ א קלאָרנ ענטפער אפ דערדאָזיקער פראגע: „צי קענ א הײַנטצײַטיקער פאָר-שער אָדער יאמ-מענטשנ אָנרופנ דידאָזיקע אינדזלענ מיטנ נאָמענ קאָנטי-נענט?“

פונדאנענ איז צו זענ, אז פאגאנעל האָט ניט אופגעהערט צו טראכטנ וועגנ א שפּאָגל-נײַער דאָקומענט-אויסטײַטשונג. דערדאָזיקער געדאנק האָט אימ ניט אופגעהערט צו פארפאָלגנ. נאָכ פאטאגאָניע אונ אווסטראליע האָט די פאנטאזיע זײַנע זיכ פארטשעפעט אָנ איינ וואָרט פונעמ ענגלישנ טעקסט פונעמ דאָקומענט אונ איצט איז דער געדאנק זײַנער אינגאנצנ געווענ פאר-שלונגענ מיט נײַ-זעלאנד. בלויז איינ אומשטאנד האָט אופגעהאלטנ זײַנ אומפארצוימטע פאנטאזיע — דאָס אומפארענדיקטע וואָרט Contin פונעמ פראנצויזישנ דאָקומענט. צי דענ האָט מענ די רעכט צו פארעכענענ די נײַ-זעלאנדער אינדזלענ אלס קאָנטינענט?

— קאָנטינ... קאָנטינ... — האָט דער געלערנטער געכאזערט פאר זיכ אליינ. — צי דענ קענ עס האָבנ אנ אנדער באטײַט אויסער דעמ וואָרט קאָנטינענט?

און ער האָט ווידעראַמאָל איבערגעקליבן זיך אין זיקאָרן די נעמען פון די אויספאָרשער, וואָס האָבן באַזוכט דידאָזיקע צוויי גרויסע אינדזלען אפן דאָרעמדיקן האַלב־קײַלעך.

דעם 13־טן דעקאַבער 1642־טן יאָר האָט דער האָלענדער טאַסמאַן, וואָס האָט נאָרוואָס געהאַט אַנטדעקט די וואַן־דימענער ערד, צוגעשטיגן צו די ברעגן פון אַן אומבאַוווּסטן אינדזל. ער איז דורכגעגאַנגען לענגאויס זײַנע ברעגן און איז אפן פערטן טאָג דעם 17־טן דעקאַבער אָנגעקומען צו אַ שמאָלן דורכגווס, וואָס גייט דורך צווישן צוויי אינדזלען.

דער צפונדיקער אינדזל איז געווען — איקאַ־נאַ־מאַוי, און דער דאָרעמדיקער — מאַכאַי־פּונאַ־מו.

העוועל טאַסמאַן האָט אָפּגעשיקט אפן ברעג שיפלעך, און די לעצטע האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו דער שיף אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פּליטן מיט אָרטגעבוירטיקע. די ווילדע מענטשן זײַנען געווען מיטלוווקסיקע, מיט אַ געלער און טונקל־ברוינער הויט. זיי האָבן פאַרמאָגט גראָבע שטימען, די האָר זייערע זײַנען געווען גלאַטע און שוואַרצע, אַרומגעבונדענע אַרום דעם שפּיץ קאָפּ און צוגעפּוצטע מיט אַ ווײַסן פעדער.

בײַ דעראָזיקער ערשטער באַגעגעניש צווישן די אייראָפּייער מיט די אָרט־געבוירטיקע האָט מען זיך קיימאַט געקענט ריכטן אָפּ גוטפרײַנטלעכע צווישן־באַציִונגען. אָבער אפן מאָרגן האָט זיך געטראָפן אַזאַ מין זאַך: בעשאַס טאַס־מאַנס אײַנס אַ שיפל איז צוגעשווומען צו דער יאַכטאַשע, קעדיי צוזוכן אַ באַקוועמען פּונקט אַפ אַרײַנוואַרפן דעם אַנקער, זײַנען דאָס דאָרט באַפאַלן זיבן שיפלעך מיט אָרטגעבוירטיקע. דאָס שיפל האָט געכאַפּט אַ שטויס, זיך גלײַך איבערגעקערט און איז אַוועק צום גרונט. דער באָצמאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם שיפל, איז פאַרווונדעט געוואָרן, אַ שפּיז האָט אים געטראָפן אין ברוסט אַרײַן. פון די זעקס רודער־לײַט זײַנען פיר געהאַרגעט געוואָרן אפן אָרט, און די צוויי גאַנצגעבליבענע האָבן ווי עס איז אונטערגעהאַלטן דעם פאַרווונדעטן באָצמאַן און זײַנען מיט אים פאַרשווימען צוריק צו דער שיף.

נאָך דעראָזיקער טרויעריקער געשעעניש האָט טאַסמאַן גלײַך באַפוילן אַרויפציִען דעם אַנקער, ער האָט געהייסן, מע זאָל עטלעכע מאָל אויסשיסן אין די אָרטגעבוירטיקע, נאָר ווער ווייסט, צי מע האָט דאָרט עמעצן פון זיי געטראָפן. דאַן איז ער אַרויס פון דער בוכטע, וואָס מע האָט גלײַך אפן אָרט אַ נאָמען געגעבן די צעגראָמירונגס־בוכטע, דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן צו צאָפן־צו און דעם פינפטן יאַנוואַר האָט ער פאַרוואָרפן דעם אַנקער אַנט־קעגן דעם צפונדיקן אָפּטייל פון איקאַ־נאַ־מאַוי. אָבער דער שטאַרקער כוואַ־ליעס־צושלאָג, וואָס האָט זיך צעקלאַפּט אָן די אונטערוואַסערדיקע פעלדזן, פון איין זײַט, און פון דער צווייטער זײַט — די אָפענע פײַנטלעכע געפילן פון די אָרטגעבוירטיקע — האָבן אים ניט געגעבן די מעגלעכקײַט צו דערגאַנצן דעם רעזערוו זיס וואַסער, און ער האָט ענדגילטיק פאַרלאָזט דידאָזיקע אינדזלען.



שיפלעך מיט ערטגעבירטיקע זײַנען באפאלן טאמטאנס שיפל

אָנגערופן האט ער זיי — די ערד פון די שטאטן, לעקאָוועד די האָלענדישע גענעראַלע שטאַטן.

דער האָלענדישער יאם־רײַזנדער איז געווען איבערצײַגט, אז דידאָזיקע אינדזלען שליסן זיך ערגעץ צונויף מיט די אינדזלען, וואָס זײַנען אנטדעקט געוואָרן צו מיזרעך־צו פון נאָוואַיא זעמליא, און ער האָט גאָר־ניט געצווייפלט אין דעם, אז ער האָט אנטדעקט א „גרויסן קאָנטינענט פון די דאָרעמדיקע יאמען”.

— ניין, — האָט זיך פאגאנעל דאָ אין דעם אָרט אָנגערופן צו זיך אליין, — דער יאם־רײַזנדער פונעם זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט געמעגט א טאָעס האָבן, אויב ער האָט פארעכנט די אינדזלען פאר א קאָנטינענט. אָבער דעמדאָזיקן גרײַז האָט ניט דאָס רעכט איבערצוכאזערן קיין יאם־מענטש פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט.

אין הונדערט יאָר ארום, אן ערעב, האָט איינער א פראנצויזישער יאם־רײַזנדער מיטן נאָמען סיורוויל זיך אָנגעשטויסן אפ דערזעלביקער ערד אונ־טער 35 גראד 27 מינוט געאָגראפישער ברייט. די ערשטע צײַט, קען מען זאָגן, האָט ער זיך ניט געהאט וואָס צו באקלאָגן אפ די אָרטגעבוירטיקע, נאָר סע האָט זיך געטראָפן א נישטיקער פאל, ווען די אָרטגעבוירטיקע האָבן צוגע־גאנוועט זײַנס א שיפל. סיורוויל האָט גענומען פאָדערן, מע זאָל אים דאָס שיפל צוריק אומקערן, און אזויווי ער האָט גאָרניט ניט געקענט אויספירן, האָט ער געהייסן אונטערצינדן איינעם א דאָרף. און דידאָזיקע אומגערעכטע און שוידערלעכע נעקאָמע איז פארבליבן אפ לאנג בא די אָרטגעבוירטיקע אין זיקאָרן און האָט ווירקלעך געקענט דינען פאר דער סיבע פון די ווײַטערדיקע בלוטיקע געשעענישן, וואָס האָבן זיך שפעטער צעשפילט אין נײַ־זעלאנד.

דעם זעקסטן אָקטיאבער 1769־טן יאָר איז צום נײַ־זעלאנדישן ברעג צוגעשטיגן דער בארימטער רײַזנדער קוק. ער האָט פארוואָרפן דעם אנקער לעם דער בוכטע טאוע־ראַא. קוק האָט געוואָלט מיט זײַן גוטער באציִונג גע־ווינען דעם צוטרוי פון די אָרטגעבוירטיקע, אָבער קעדיי זיי ארויסווײַזן די גוטע באציִונג, האָט ער געמוזט זיך לאָזן אפ א מאָדנעם שריט, ער האָט פאר־כאפט צו זיך אין געפענקעניש צוויי־דרײַ ווילדע, ער האָט זיי מיט גוואלד פארשאפט פארשיידענע פארגעניגנס און זיי באשאָנקען מיט מאטאָנעס, און ערשט דערנאָכדעם האָט ער זיי אָפגעלאָזט אפ צוריק.

אינגיכן האָבן אסאך ווילדע פונעם דאָזיקן שייוועט פרײַוויליק זיך גע־לאָזט צו קוקס שיפ, און זיי האָבן אפילע אָנגעהויבן דורכפירן מיט אים פאר־שיידענע בײַטן. נאָך דעם, ווי קוק איז אָפגעשטאנען א שטיקל צײַט אין טאוע־ראַא, איז ער איבערגעפאָרן צו דער האוקסער בוכטע. דאָס איז א גרויסער אויסגוס לעם צאָפנדיקן ברעג פונעם אינדזל. דאָרטן האָט ער באגע־גנט קריגעריש־געשטימטע שוואָטים, וואָס האָבן זיך געפירט אזוי אָזעסדיק, אז ער האָט זיי געמוזט אויסניכטערן מיט עטלעכע הארמאטן־זאלפן.

דעם 20־טן אָקטיאַבער האָט זײַן שיף פאַרוואָרפן דעם אנקער אין דער בוכטע טאָקאָ־מאַיִו. דאָרטן האָט געוווינט אַ קליינער, רויִקער און גוטמוטי־קער שייוועט פון וואָסערע צוויי הונדערט מאַן איינוואוינער. די באָטאַניקער, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין קוקס עקספּעדיציע, האָבן דאָ דורכגעמאַכט אַסאַך ווּיכטיקע באָאַבאַכטונגען. די אָרטגעבירטיקע האָבן זיי אוועקגעפירט צום ברעג אויף זייערע פליטן. קוק אַליין האָט באַזוכט צוויי אָרטיקע דערפלעך, וואָס זײַנען געווען אַרומגעצוימט מיט פאַרקנס, מיט אָנשיטן און מיט גראָבנס. דאָס האָט איידעס געזאָגט וועגן דעם, אַז די אָרטגעבירטיקע זײַנען שטאַרק באַהאוונט אין פאָרטיפיקאַציע־איניאָנים.

דעם 31־טן מאַרטס, נאָך דעם, ווי קוק האָט פאַרבראַכט זיבן כאַדאָשים אין ניי־זעלאַנד און נאָך דעם, ווי די באָטאַניקער זײַנען האָבן אָנגעקליבן אַ קאָלאָ־סאַלע קאָלעקציע געוויקסן, האָט ער זיך געזעגנט מיט דידאָזיקע אינדזלען. דעם דורכגוס, וואָס טיילט אָפּ איקאַ־נאַ־מאַנוי פון מאַכאַי־פונאַ־מו, האָט ער אָנגערופן אויף זײַן נאָמען און ער האָט באַ זיך פעסט אָפּגעמאַכט, אַז באַ העכער צווייטער רײַזע מוז ער זיך אַהערצו נאָכאַמאָל אומקערן.

און ווירקלעך, אין 1773־טן יאָר האָט דער גרויסער יאַם־רײַזנדער ווידער־אַמאָל באַזוכט די האוקסער בוכטע. דאָס מאָל איז אים שוין אויסגעקומען צו באָאַבאַכטן בילדער פון מענטשנפרעסערײַ, כאָטש אַז מע וויל זאָגן, איז דאָ אַ גרויסער טייל שולד געפאַלן אויף זײַנע מיטרײַזנדער גופע. די אָפיצערן פון זײַן שיף האָבן איינמאָל געפונען אויפן ברעג אָפּגעשניטענע עק־גלידער פון איינעם אַ יונגן אָרטגעבירטיקן. האָבן זיי עס געבראַכט צו טראָגן אויף דער שיף און נאָכדעם, ווי זיי האָבן עס אָפּגעקאָכט, האָבן זיי מיט דעם מעכאַבעד געווען די אָרטגעבירטיקע געסט זייערע. יענע האָבן מיט גרויס פלײַס אויפגע־געסן דאָס געקעכץ און זיך אויש באַלעקט. ס'איז אַ פײַנע פאַרווײַלונג — זיך פאָרשטעלן פאַר קעכערס באַ אַ מאָלצײַט פון מענטשנפרעסערס!

בעשאַס דער דריטער רײַזע האָט קוק ווידעראַמאָל באַזוכט ניי־זעלאַנד און אין 1777־טן יאָר האָט ער זיך געזעגנט מיט ניי־זעלאַנד, דאָס מאָל שוין אויף אייביק.

אין 1791־טן יאָר האָט וואַנקוווער פאַרבראַכט צוואַנציק טעג אין דער בוכטע פון די אינדזלען, אָבער אָן שום נוץ פאַר דער געאָגראַפיע און פאַר דער נאַטורוויסנשאַפט.

ד'אַנטרקאַסטאָ האָט אין 1793־טן יאָר אויסגעפאָרשט דעם צאָפנדיקן ברעג פון איקאַ־נאַ־מאַנוי אויף אַ שטרעקע פון פינף און צוואַנציק מײַל.

די קאַפּיטאַנען פינעס האַנדלס־פלאָט האַוזען און דאַלרימפּ, דערנאָך באַ־דע, ריטשאַרדסאָן און מאָאָדי זײַנען פאַרגאַנגען אַהער ניט אויף לאַנג.

דער דאָקטער סעוועדזש האָט דאָ פאַרבראַכט פינף וואָכן און האָט צונויפ־געקליבן ידיעות וועגן די זיטן און מינהאָגים פון די אָרטגעבירטיקע.

אין 1805־טן יאָר האָט דער פלימעניק פונעם פירער ראַנגי־או מיטן נאָמען דואַ־טאַראַ זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף „אַרגאָ", וואָס איז געגאַנגען אונטערן קאַפּיטאַן באַדענס אָנפירונג.



די אָרטגעבּירטיקע לאָזן זיך פרײַוויליק צו קוקס שיף

מעגלעך, אז דוא־טאראס פאסירונגען וועלן ווען עס איז באזינגען ווערן פון א געוויסן אָרטגעבירטיקן האָמערן, ווײַל דער אומגליקלעכער אָרטגעבירטיקער האָט איבערגעטראָגן זייער אסאך אומרעכט, ער האָט אי געכאפּט קלעפּ, אי מע האָט זיך איבער אים איזדעקעוועט אף אלערליי אופאנים. פאר זײַן דינסט האָט מען אים געצאָלט מיט אומצוטרוי, מיט קלעפּ און מיט טפיכע. ס'איז שווער גרינג זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאר א מיינונג ס'האָט זיך געדארפט שאפן בא אים וועגן די לײַט, וואָס האלטן זיך פאר ציוויליזירטע. מע האָט אים אָפּגעפירט קיין לאָנדאָן, אף דער שיף האָט מען אים געגעבן א שטעלע אלס מאטראָס פונעם צווייטן ראנג. די גאנצע מאנשאפט האָט מיט אים געהאט צו טאָן, מע האָט אים געמאכט צו שאנד און צו שפּאָט. ווען ניט דער לייטענאנט מארסדען, וואָלט ער דאָרט אויסגעגאנגען פון הונגער און פון שלעכטן באגיין זיך מיט אים. אָבער צום גליק, האָט דערדאָזיקער אָפיצער זיך פארינטערעסירט מיטן יונגן ווילדן. ער האָט דערזען, אז ער האָט דאָ צו טאָן מיט א גוטן, מוטיקן און קלוגן מענטשן אין פולן זין פון וואָרט, און דאן האָט ער אים גענומען אונטער זײַן שוץ. מארסדען האָט זיך דערשלאָגן, אז מע זאָל ארויסגעבן דעם שוצלינג זײַנעם עטלעכע זעק מיט זריע פון פארשיידענע אייראָפּעיִשע טוועס און מע זאָל אים אויך ארויסגעבן פארשיידענע לאנדווירטשאפטלעכע מאכשירים, קעדיי יענער זאָל זיי קענען פארפירן אף זײַן געבורטס־אָרט. אָבער דידאָזיקע אלע זאכן האָט מען אפּן וועג בא דוא־טאבאן צוגעגאנוועט. צאָרעס מיט אומגליקן האָבן ניט אופגעהערט צו פאלן אף זײַן קאָפּ ביזן 1814־טן יאָר, ווען ס'האָט זיך אים ענדלעך אײַנגעגעבן זיך אומקערן צו זײַן שייוועט. און ערשט איצט, ווען ס'איז אים געקומען צום לעבן, האָבן אים קיין יאָרן ניט געסטײַעט. ער איז אינגאנצן אלט געווען אכט און צוואנציק יאָר.

ביז 1816־טן יאָר האָט מען אָן נײַ־זעלאנד קימאט ווי פארגעסן, אָבער דאָסזעלבע יאָר האָט טאָמסאָן און דערנאָכדעם אינעם 1819־טן יאָר מארסדען באזוכט די דאָזיקע ווילדע אינדזלען. אין 1820־טן יאָר האָט ריטשארד קריויס, דער קאַפּיטאן פונעם פירונצוואנציקטן פוסגייערישן פּאָלק, פארבראכט אף די דאָזיקע אינדזלען אן ערעך צען כאדאָשים. פאר דערדאָזיקער צײַט האָט ער צונויפגעקליבן א קאָלאָסאלן מאטעריאל וועגן דעם שטייגער פון די אָרטגעבירטיקע.

אין 1824־טן יאָר האָט דיופערע, דער קאָמאנדיר פון דער שיף „מושל־שאָל״, פארבראכט פופצן טעג אין דער בוכטע פון די אינדזלען און האָט זיך גאָרניט ניט געקענט אָפּלויבן פון די אָרטגעבירטיקע מיט זייער אופירונג. אָבער נאָך אים איז די ענגלישע וואלפיש־שעכטשיף „מערקורי״ אין 1827־טן יאָר באפאלן געוואָרן פון די אָרטגעבירטיקע און זיך קוים געראטעוועט. אינעם זעלביקן יאָר האָט דער קאַפּיטאן דילאָן באגעגנט מיצאד די אָרטגעבירטיקע מענטשן דעם סאמע פרײַנטלעכסטן אופנעם.

אין 1827־טן יאָר האָט דער בארימטער קאָמאנדיר פון „אסטראָליאביע״

דיומאַן־דיורוויל איינזאַם און אומבאַוואָפנט פאַרבראַכט עטלעכע טעג צווישן די אָרטגעבוירטיקע. ער פלעג זיי זינגען לידער און זיך בײַטן מיט זיי מיט מאַ־טאָנעס. ער פלעג שלאָפן מיט זיי אונטער איין דאַך און האָט אַזוי אַרום, אָן שום שטערונג, דורכגעפירט קאַרטאָגראַפישע פאָטאָגראַפירונגען און אַדאַנק דעם איז די וויסנשאַפט באַרײַכערט געוואָרן מיט די סאַמע פינקטלעכסטע מאַפעס.

דערפאַר איז דזשאָנס, דער קאַפּיטאַן פונעם ענגלישן בריג „האוס", וואָס איז צוגעשטיגן צום ברעג פונעם מיזרעכדיקן קאַפּ אינעם 1828־טן יאָר, שיר ניט אומגעקומען איבערן פאַראַט פונעם פירער ענאַראַראַ, און אַסאַך מיטרײַזנדער זײַנע זײַנען טאַקע דערמאָרדעט געוואָרן נאָך שרעקלעכע פּײַניקונגען.

פון דידאָזיקע ווידערשפּרעכלעכע געגעבענע וועגן דער גוטסקײַט פון די נײַ־זעלאַנדער און וועגן זייער בלוטדאָרשטיקײַט קען מען מאַכן בלויז איין אויספיר, אַז זייער אַכזאָריִעס איז אַרויסגערופן געוואָרן בלויז ווי אַ נעקאָמע־געפיל. דער אופן, וואָס די אָרטגעבוירטיקע ווײַזן אַרויס די רײַזנדער, הענגט אָפּ אינגאַנצן פון דעם, ווי די רײַזנדער פירן זיך אויף. אַ גוטער קאַפּיטאַן פלעג דאָ באַקומען אַ גוטן אופנעם, און אַ פאַרגרעבטער, זשעדנער קאַפּיטאַן פלעג דאָ באַקומען אַ שלעכטן אופנעם. סע זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען איינצלנע פאַלן, ווען די אָרטגעבוירטיקע פלעגן די ערשטע באַפאַלן אינגאַנצן אומשולדיקע אייראָפּייער, אָבער גיכער פון אַלץ האָט עס געמוזט זײַן אַ מין נעקאָמע־ענטפער די אייראָפּייער פאַר זייער אַ פאַרטערישן אָנפאַל און פאַר זייערע אַכזאָריִעס. ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ שאָד, וואָס זייער אָפּט פלעג די נעקאָמע טרעפן דעם, וואָס האָט זי אַמווינציקסטן פאַרדינט.

ביז צום הײַנטיקן טאָג, ווערליק סע באַשרײַבן די אויספאָרשער, הערן ניט אויף די נײַ־זעלאַנדישע שוואָטים צו פירן מילכאָמעס צווישן זיך גופא. די נײַ־זעלאַנדער זײַנען ניט ענלעך צו די צוגעלאָזטע אויסטראַלייער, וועלכע טרעטן אָפּ אָן שום קריג פאַר די פאַרכאַפּערישע אייראָפּייער זייערע ערדן און רוקן זיך אָפּ צו דער וויסטע. די נײַ־זעלאַנדער גיבן זייער אָפּט אַ ווי־דערשטאַנד די פאַרכאַפּערס, זיי קעמפן און פאַרהאַסן זייערע פאַרשקלאַפערס— די ענגלענדער.

אָט אַזוי איז זיך פאַגאַנעל געזעסן אין ווינקעלע פון קובריק און האָט אופגעשטעלט באַ זיך אין זיקאָרן די געשיכטע פון נײַ־זעלאַנד לויט אַלע אידע עטאַפּן, אָבער קיין איינע פון דידאָזיקע איבערגעמישטע זײַטלעך געשיכטע האָבן אים ניט געגעבן דאָס רעכט אָנצורופן דידאָזיקע צוויי דאָרעמדיקע אינדזלען מיטן נאָמען קאָ נ ט י נ ע נ ט. און דער געלערנטער האָט פיבערהאַפּט געזוכט דעם נײַעם זין פון די דאָקומענטן, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן מיטן קאַפּיטאַן גראַנטס האַנט. ער האָט אָפּגעשלײַדערט פון זיך איין היפּאָטעזע נאָך דער צווייטער און אַלץ איבער דעם, וואָס זיי האָבן זיך ניט געלאָזט צונויפּ־פּאָרן מיט די זילבן: “Contin”.

## דריטע קאַפּיטל

# די אונטערוואַסער־פֿעלדזן

פֿאַר די פֿיר טעג צײַט, זינט „מאַקאַרי" איז אָפּגעגאַנגען פֿון עדעם, האָבן זיי נאָך ניט דורכגעמאַכט קיין צוויי דריטל וועג קיין אָקלענד. ביל גאַליי איז ווײניק געווען פֿאַרנומען מיט זײַן שיף. ער האָט זיך קױמאָט ניט באַוויזן אויפֿן געגנומענע צום האַרצן. מע האָט זיך ווייניק וואָס געגנויטיקט איצטער אינעם קאַפּיטאַן און ס'האָט קיינעם ניט געאַרט, וואָס ער פֿלעג זיך פֿאַרשפּאַרן אַ גאַנצענע טעג בײַ זיך אין קאַיוטע. דער איינציקער כעסאָרן איז נאָר געווען דאָס, וואָס ער פֿלעג זיך דאַרטן אָנשיקערן אַזוי, אַז ער פֿלעג ניט וויסן אויף וואָסער וועלט ער איז. די מאַנשאַפֿט פֿון „מאַקאַרי" האָט נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פֿון איר קאַפּיטאַן און ס'וואָלט, ווײַזט אויס, שווער געווען צו געפֿינען נאָך אַזאַ מין שיף, וואָס זאָל זיך פֿילן אַזוי זאָרגלאָז באַם שווימען, ווי די שיף „מאַקאַרי" פֿון דער טופּאָלדער בוכטע.

דידאָזיקע צעלאָזנקײַט פֿון דער מאַנשאַפֿט האָט געצוווּנגען דזשאָן מאַנגלסן, אַז ער זאָל די גאַנצע צײַט אַכטונג געבן אויף דער ריכטונג פֿון דער שיף. ווילסאָן מיט מיולרעדיס פֿלעגן זיך ניט איין מאָל אַ וואָרף טאָן צום שטויער־רודער, קעדיי צו אויסגלײַכן די שיף אין אַ שאָ, ווען אַן אומגעריכטער שקוואַל פֿלעג זי אַוועקלייגן אויף אַ זײַט. בײַ אַזעלכע פֿאַלן פֿלעג ביל גאַליי אַרויספֿליִען פֿון זײַן קאַיוטע און אָפּשיטן די ערלעכע „דונקאַני"־דאָזיקן שיקער דאָס, וואָס עס קומט אים, אָבער דזשאָן מאַנגלס האָט זיי די גאַנצע צײַט אָפּגעהאַלטן. פֿאַר זיי וואָלט געווען גאָר אַ קליינער באַטרעף דעמדאָזיקן פֿאַרשוויגן און אים אַרײַנוואַרפֿן אין טריום אַרײַן אויף דער גאַנצער צײַט, ביז זיי וועלן אָנקומען קיין אָקלענד. אָבער דזשאָן מאַנגלס האָט זיי אײַנגערעדט, אַז איצט דאַרף עס נאָך דערצו ניט קומען, אויב ס'וועט נאָר קומען דערצו, וועט מען עס קענען טאָן.

דזשאָן מאַנגלס גופֿא איז אויך געווען שטאַרק אומרויִק, סײַ פֿון איר אָנפֿירונג, אָבער ער האָט ניט געוואָלט ריידן וועגן דעם מיט מיסטער גלענאַרוואַנען, וואָס איז סײַווי געווען שטאַרק צעטרודערט, דערום האָט ער זיך נאָר געטיילט מיט פּאַגאַנעלן און מיטן מאַיאָר.

מאַק־נאַבס האָט אים געייעצט, עפּשער נאָר מיט אַנדערע אויסדריקן, דאָס־זעלבע, וואָס מיולרעדי מיט ווילסאָנען האָבן געוואָלט.

— אויב איר האַלט עס נאָר פֿאַר נייטיק, — האָט ער זיך אָנגערופֿן צום יונגן קאַפּיטאַן, — זאָלט איר אָן שום קווענקלעניש איבערנעמען די אָנפֿירונג פֿון דער שיף אויף זיך, און אַז מיר וועלן אין אָקלענד אויסשטײַגן, וועלן מיר די שיף זײַנע, ווי ס'וועט זיך אים נאָר פֿאַרגלוסטן, ער זאָל דערטרינקען איבערלאָזן פֿאַר דעמדאָזיקן שיקער די פֿולע מעגלעכקײַט.

— פארשטייט זיך, מאק־נאבס, אז איך וועל אזוי מוזן האנדלען דאָ, ווען איך וועל דערזען, אז ס'איז שוין קיין אנדער אויסוועג ניטאָ. נאָר דערווייל געפינען מיר זיך נאָך אין אָפענעם יאם. די מאטראָסן מײַנע פארלאָזן ניט די פאלובע און געבן גוט אכטונג. כאָטש דעם עמעס געזאָגט, וועל איך מוזן אָננעמען שטרענגע מאָסמיטלען, אויב דערדאָזיקער ביל גאליי וועט זיך ניט אויסניכטערן בעשאַסן דערנענטערן זיך צום ברעג.

— און איר וועט וויסן, ווי צו האלטן דעם ריכטיקן קורס? — האָט פאגאנעל א פרעג געטאָן.

— דאָס וועט זײַן זייער שווער, — האָט אים דזשאָן געענטפערט, — גלויבט מיר יאָ, גלויבט מיר ניט, נאָר אָט דערדאָזיקער מולטער איז אפילו קיין איינאון איינציקע יאמישע מאפע ניטאָ.

— ס'קען ניט זײַן!?

— אָט מײַנע ערנוואָרט! „מאקארי" פירט דורך שטענדיקע רייסן צווישן עדעם או. אָקלענד, און ביל גאליי האָט זיך אזוי צוגעוווינט צו דידאָזיקע ערטער, אז ער פארשפאָרט זיך די טירכע דורכצומאכן וועלכע ס'ניט איז אָרט־באַשטימונגען.

— ער קער זיך פאָרשטעלן, אז די שיף ווייסט שוין אליין דעם וועג, און זי וועט לויפן קיין אָקלענד, ווי א פערד צו זיך אין שטאל ארײַן, — האָט דער מאיאָר באמערקט.

— אָ־הא! — האָט דזשאָן מאנגלס אויסגערופן, — עפּעס גלויב איך זייער ווינציק אין די שיפן, וואָס קלײַבן זיך אליין אויס א ריכטיקן קורס. אויב ביל גאליי וועט זײַן שיקער דאָג, ווען מירן דארפן צוגיין צו די ברעגישע ריפן, וועט מיר זיכער אויסקומען זיך ארײַנמישן.

— לאָמיר האָפן, אז אינדערנאָענט צו דער יאבאָשע וועט ער קומען צוריק צו די געדאנקען.

— זאָגט איר, הייסט עס, דזשאָן, אז אין פאל פון א נויט זײַנט איר אפילו ניט זיכער, צי איר וועט קענען צושטעלן די שיף קיין אָקלענד? — האָט דער מאיאָר ווידער א פרעג געטאָן.

— ניט האָבנדיק בא זיך קיין פינקטלעכע מאפע פון דידאָזיקע יאמען, קען מען זיך נישט אונטערנעמען אפ געוויס. די בײַברעגיקע ריפן שטעלן דאָ פאָר מיט זיך א גרויס געפאַר. בא די ברעגן אין וואסער באהאלטן זיך אויס אָן א שיר שפּיציקע פעלדזן און מע דארף דאָ האָבן א גוואלדיקע דערפארונג, אז מע זאָל זיי קענען אומבאשטראָפט אויסמײַדן. ווי די שיף זאָל ניט זײַן פעסט געבויט, וועט זי זיכער אוועקגיין צום גרונט, אויב זי וועט זיך אָנשטויסן אפ איינעם פון דידאָזיקע ריפן, וואָס באהאלטן זיך פארעטעריש אויס אונטער א וואסער־שיכט פון עטלעכע פוס אינגאנצן.

— אויב אזוי, — האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן, — וועט אונדז בלײַבן דער איינציקער אויסוועג, מיר זאָלן זיך ראטעווען אפ די שיפלעך.

— יאָ, מאיאָר, נאָר מיטן איינעם באדינג, אז דער וועטער זאָל אונדז אזעלכס דערלויבן.

— אזא מין פּערספּעקטיוו מאַכט ניט איבעריקס גרינג דאָס הארץ,— האָט פאַגאַנעל באַמערקט.— אויב מירן נאָך געדענקען, אז די נײַ־זעלאנדישע ברעגן זײַנען אין זיגען פון גאַסטפרײַנטלעכקײַט ניט פון די בעסטע, דאַן וועט אונדז שוין גאָר ווערן פריילעך!

— דאָס רעדט איר וועגן די מאַאָריִער?— האָט דזשאָן מאַנגלס א פרעג געטאָן.

— יאָ, מײַן פרײַנט, זיי האָבן גאָרניט קיין פײַנעם נאָמען. דאָס זײַנען אײַך ניט די אָפּהענטיקע אווסטראַליער. אָט קיין גוטס קען מען זיך בא זיי ניט ריכטן.

— הייסט עס,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן,— ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אז דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט געליטן די קאַטאַסטראָפע בא די ברעגן פון נײַ־זעלאנד, וואָלט איר גאָרניט געוויצעט מיר זאָלן זיך דאָ לאָזן אַ לאַנגע זוכעניש?

— באַם ברעג־פּאַס יאָ,— האָט דער געאָגראַף געענטפערט,— דאָרטן וואָלט מען עפּשער קענען אויפזוכן די שפּורן פון „בריטאַניעס" קאַטאַסטראָפע, אָבער אינעווייניק אין לאַנד — ניין. דאָס וואָלט געווען אַן אומזין. יעדער אייראָ־פּייער, וואָס שטעלט אײַן און פארקלײַבט זיך אין דידאָזיקע געפערלעכע ערטער, מוז זיך ארײַנפאַקן צו די מאַאָריִער אין די לאַפּעס ארײַן. און יעדע־רער, ווער סע פּאַקט זיך ארײַן צו זיי אין די לאַפּעס, וועט שוין קיין לעבע־דיקער פון דאָרט ניט ארויס. איך בין באַשטאַנען דערויף, אז מײַנע פרײַנט זאָלן איבערהאַקן די פּאַמפּאַסן, זיי זאָלן איבערהאַקן אויסטראַליע, אָבער איך וואָלט זיי בעשום־אופן ניט דערלויבט צו קלערן אפילו וועגן איבערגיין איבער נײַ־זעלאַנד.

דאָס לאַנגווײַליקע שווימען האָט זיך דערווײַל געצויגן, סע גייט שוין דער זעקסטער טאָג זינט מע איז אָפּגעשווומען פון עדעם, און די אָקלענדער ברעגן זעט מען נאָך אַלץ ניט ארויס, ניט געקוקט דערויף, וואָס די גאַנצע צײַט האָט געבלאָזן א גינסטיקער ווינט. קענטיק, אז עפּעס אַן אַנטקעגנדיקער שטראָם האָט פאַרהאַלטן די שיף, וואָרום זי האָט זיך קוים־קוים געשלעפּט אָפּ פאָרויס. די הויכע כוואַליעס האָבן אומבאַרעכמאָנעסדיק זי געשמיסן, און איר קאָרפּוס האָט אונטערגעטרישטשעט און פּלעג קוים מיט צאָרעס איבערקלעטערן פון איין כוואַליע אַף דער צווייטער.

צום גליק, האָט ביל גאַלי, ווײַזט אויס, זיך ניט אזוי שטאַרק געכאַפּט אָנצוקו־מען קיין אָקלענד און ער איז זיך געגאַנגען אונטער א מיטלער זעגלונג. ווען דזשאָן מאַנגלס האָט זיך ניט איבעריקס געש־אָקן פאַר דער שיף, ווײַל ער איז פונדעסטוועגן געווען זיכער אין דעם, אז פריִער אָדער שפּעטער וועט זיך די שיף דערשלעפּן צום האַפן. דאָס איינציקע, וואָס אים האָט יאָ געקימערט, איז די אומבאַקוועמלעכקײַט פון דעם קובריק, באַזונדערס פאַר די פרויען.

גלענאַרוואַן איז געווען צערודערט מער פון אַלע איבעריקע רײַזנדער. אים

האט מען קימאט ווי ניט געזען אין קובריק, און ער איז ביכלאל ניט איינגע־זעסן אפ קיין אָרט. ער פלעג גאנצענע טעג און אָפט אפילע גאנצענע נעכט פארברענגען אפ דער פאלובע. ער האָט ניט געקוקט אפ די גאָס־רעגנס, ער האָט ניט באמערקט די געזאלצענע שפריצן, וואָס פלעגן אים באליאפען פון קאָפ ביז די פיס. ער האָט זיך קעסיידער געפונען אפ דער פאלובע. אָפט פלעג ער אָפשטיין גאנצע שאָעגווייז אָנגעשפארט אין דער פארענטשע און אָפט פלעג ער איין גרויס צערודערונג אומשפאנען הין און צוריק איבער דער פאַ־לובע; ער פלעג לאנג, לאנג זיך איינקוקן אינעם יאם, פונקט ווי ער וואָלט זיך עפעס וועלן דערפרעגן בא דעם יאם־געריום. סע פלעג זיך דאכטן, אז ער וויל מיטן בליק מיט זיינעם דורכשטעכן דעם נעפלדיקן פאָרהאנג, וואָס פאר־שטעלט דעם האָריזאָנט. ער האָט בעשומויפן ניט געקענט שאָלעם־מאכן מיטן אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן, און אפן פאָנעם בא אים האָט זיך אויס־געבילדעט א ספעציעל קנייטשיקל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אדאנק דעם־דאָזיקן אומגליק.

דזשאָן מאנגלס פלעג זיך די גאנצע צייט באמיען, אז מיסטער גלענאר־וואן זאָל ניט בלייבן איינער אליין און פלעג צוזאמען מיט אים איבערטראָגן אפ זיך אלע שווערקייטן פונעם אומגעוויטער.

אין אָט דעם טאָג האָט מיסטער גלענארוואן זיך ניט צעשיידט מיטן בינאָקל. ווי נאָר דער נעפל האָט זיך אין וואָסער ניט איז פונקט דורכגעריסן, אזוי האָט ער גלייך מיט אן אומפארשטאנדיקער אקשאָנעס א כאפ געטאָן דעם בינאָקל צו די אויגן.

— איר זוכט, סער, די יאבאָשע? — האָט אים דזשאָן מאנגלס א פרעג געטאָן.

מיסטער גלענארוואן האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפ אפ ניין.

— דעם עמעס געזאָגט, איז שוין צייט, אז מיר זאָלן דערזען די יאבאָשע אויך, ווארום מיר האָבן מיט זעקס און דרייסיק שאָ צוריק שוין געדארפט דער־זען די אָקלענדער פייערן.

מיסטער גלענארוואן האָט אים גאָרניט ניט געענטפערט, ער האָט אלץ געקוקט אין בינאָקל אריין.

— די יאבאָשע, סער, וואָלט זיך דארפן עפענען פון דער אָ זייט, — האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן.

— דוכט זיך, אז איך האָב אייך שוין איין מאָל געזאָגט, אז ניט די יאבאָשע זוך איך.

— נאָר וואָס?

— איך זוך מיין יאכט־שיף, „דונקאנען" זוך איך! — האָט מיסטער גלע־נארוואן א זאָג געטאָן מיט היץ. — „דונקאן" מוז זיך געפינען דאָ ערגעץ אפן יאם, און ווי צו די יאָרן, אויב מע צווינגט דידאָזיקע פיינע יאכט־שיף זי זאָל דינען צו אומלכע העסלעכע צוועקן. איר ווייסט, דזשאָן, איך האָב אזא פאָרגעפיל, אז מיר וועלן זיך נאָך מוזן מיט דער יאכט־שיף באגעגענען.

— בעסער וואָלט געווען, סער, ווען מיר באַגעגענען זיך מיט איר ניט.
— פאַרוואָס איז, דזשאָן?
— איר פאַרגעסט, סער, אין וואָס פאַר א לאַגע מיר געפינען זיך. דער-
מאַנט זיך, ווע[illegible]סע קען פון אונדז ווערן, אויב „דונקאַן" וועט זיך לאָזן
נאָכיאָגן ני[illegible]יקן בריג. אפילו אַנטלויפן ווי ס'געהער צו זיין וועלן
מיר דאָך או[illegible]ענען!
— וואָס ז[illegible]יר געזאָגט, אַנטלויפן?
— יאָ, סער, אפילו אַנטלויפן וועלן מיר ניט קענען. די אויסוואורפן וועלן
אונדז פאַרכאַפּן אין געפּענקעניש... און דאַן וועלן מיר זיין אינגאַנצן אין
זייער רעשוט. און וויסן דאַרפט איר, אַז בען־דזשויס וועט זיך ניט אָפּשטעלן
פאַר קיין שום פאַרברעכן. אָ, ווען מיר פאַקן זיך צו אים אין די הענט אַריין,
וואָלט איך פאַר אונדזערע לעבנס קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט געגעבן. נו,
גוט, מירן זיך פאַרטיידיקן ביזן לעצטן אָטעם, אָבער ווייטער, וואָס וועט
דערנאָכדעם ווערן? וואָס וועט ווערן מיט מיסיס עלען, וואָס וועט ווערן מיט
מיס מערי?
— אָרעמענקע...— האָט מיסטער גלענאַרוואַן א שעפּטשע געטאָן.— דאָס
האַרץ ווערט בא מיר צעריסן און צייטנווייז דאַכט זיך מיר אויס, אַז די פאַר-
צווייפלונג וועט בא מיר נעמען די איבערהאַנט. מיר דאַכט זיך, אַז די [illegible]אַרעס
האָבן נאָך ניט פאַרפּולט די מאָס. דער גוירל האָט זיך איצט געו[illegible]נט-
קעגן אונדז. איך האָב מוירע, דזשאָן...
— סער?
— ניין, ניט פאַר זיך, דזשאָן, האָב איך מוירע, נאָר פאַר [illegible] וואָס
זיינען מיר ליב, וואָס זיינען אייך ליב.
— טאָ באַרויקט זיך, סער,— האָט דער יונגער קאַפּיטאַן געענטפערט,—
ס'איז ניט קעדיי און מע טאָר ניט זיין־אַזוי צערודערט. „מאַקאַרי" איז אפילו
א שלעכטער גייער, אָבער פונדעסטוועגן גייט ער די גאַנצע צייט פאָרויס,
ביל גאַליי איז א פאַרסעמפטער שיקער, אָבער איך לאָז פון אים קיין אויג
ניט אַראָפּ, און אויב די לאַגע באַם דערנעענטערן זיך צום ברעג וועט ווערן
א געפערלעכע, דאַן וועל איך די אָנפירונג נעמען צו זיך אין די הענט אַריין.
און אַזויאַרום האָבן מיר זיך דאָ ניט וואָס צו ריכטן אף קיין געפאַר. אָבער
לאָמיר האָפן, אַז אונדז וועט ניט אויסקומען זיך צו באַגעגענען מיט „דונקאַנען".
איך האַלט, אַז איר דאַרפט אַרומקוקן דעם האָריזאָנט ניט צוליב באַגעגענען
„דונקאַנען", נאָר צוליב דעם, מיר זאָלן זיך איבערצייגן, אַז „דונקאַן" איז דאָ
אינדערנאָענט ניטאָ.
דזשאָן מאַנגלס איז געווען גערעכט. די באַגעגעניש מיט „דונקאַנען" וואָלט
געווע[illegible]ער א שלעכטע טרעפונג פאַר „מאַקאַרי", כאָטש זיין זיכער, אַז מע
וועט די שיף ניט באַגעגענען, האָט מען אויך ניט געקענט, ווייל די פּיראַטן
האָבן געדאַרפט קרייסירן פונקט אין דידאָזיקע וואַסערן, ווו זיי האָבן פאַר-
שפּאָרט מוירע האָבן פאַר די פאַרפאָלגערס. אָבער אָט איז שוין די זעקסטע

נאכט, זינט מע איז אָפּגעשווומען פון דער װוּפּאָלדער בוכטע, און די יאַכט־שיף האָט זיך נאָך דערווײַל ניט באַוויזן.

אָבער דידאָזיקע נאַכט האָט אויסגעבאַהאַלטן אין זיך א צווייטע געפאר. זיבן אַזייגער אינאָוונט האָט זיך א פלוצ׳מדיקע פינצטערניש אראָפּגעלאָזט אפּן ים. דער הימל איז געווען באַדעקט מיט וואָלקנס, וואָס זײַנען געווען בלוי־אויש שוואַרץ. אפילע ביל גאַליי האָט זיך א כאַפּ געטאָן. קענטיק, אז דער אינסטינקט פונעם יאַם־מענטש האָט בײַגעקומען בא אים דאָס שיקרעס. ער איז אַרויסיעגאַנגען פון זײַן קאַיוטע, ער האָט זיך א רײַב געטאָן די אויגן און א טרייסל געטאָן מיט זײַן געדיכטער געלער גריווע; ער איז געבליבן שטיין לעם די פאַרענטשעס פון זײַן בריקל, ער האָט געגעבן א זופּ אַרײַן אין זיך די לופט, פונקט ווי איינער, וואָס טרינקט אויס א גלאָז קאַלט וואַסער, קעדיי קומען צו זיך, דערנאָך האָט ער באַקוקט אַלע זעגלען אַרום. דער ווינט האָט זיך גענומען שטאַרקן, דער ווינט האָט געענדערט די ריכטונג און האָט איצט גענומען בלאָזן אין א גראָדער ליניע צום נײַ־זעלאַנדישן ברעג־פּאַס.

ביל גאַליי האָט אַרויסגערופן אויף זײַן מאַנשאַפט און האָט מיט טויזנטער קלאָלעס אַפּ די ליפּן זיי באַפוילן, אז זיי זאָלן פאַרקלענערן די באַזעגלונג. דזשאָן מאַנגלס האָט טיף אין האַרצן בא זיך באַגיטיקט דידאָזיקע פאַראָרדענונג, אָבער ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט; ביכלאַל האָט ער זיך פירגענומען, אז ער זאָל מיט דעמדאָזיקן גראָבן יונג ניט פירן קיינע שמועסן, ביז ס׳וועט ניט זײַן קיין געוויסע נויטווענדיקײַט אין דרינען. אָבער סײַ ער, סײַ מיסטער גלענאַרוואַן זײַנען סײַוויסײַ ניט אַוועקגעגאַנגען איצטער פון דער פּאַלובע.

אין צוויי שאָ אַרום נאָכן זונ־פאַרגאַנג האָט גענומען בלאָזן אַסאַך שטאַרקער. ביל גאַליי האָט באַפוילן מע זאָל פאַרצײַען באַם מאַרסעל דעם אונטערשטן ריף.

דזשאָן מאַנגלס האָט זיך אָנגעהויבן באַומרויִקן ניט אַפּ קאַטאָװעס. ווען דאָס איז אַן אַנדער שיף, ניט „מאַקאַרי״, וואָלט מען זיך נאָך ניט געהאַט וואָס צו שרעקן פאַר אַזאַ מין וועטער, וואָס איז נאָך געווען ניט איבעריק שטורעמדיק, אָבער „מאַקאַרי״ האָט געקענט אַוועקגיין, ווי א שטיין, צום גרונט, ווײַל דאָס וואַסער, וואָס האָט פאַרגאָסן די פּאַלובע, האָט דורך דער שמאָלער רינווע ניט אַלעמאָל געקענט אַראָפּרינען אין דער צײַט און האָט פאַרשוועריקט די שיף. בא אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט מען פּאָשעט ניט געדאַרפט קאַרגן און דורכהאַקן אַן עפענונג אינעם פאַלש־באָרט, קעדיי דאָס וואַסער זאָל וואָס גיכער אַראָפּרינען. אָבער ביל גאַלייען איז אפילע ניט אײַנגעפאַלן אַזאַ מין זאַך אין געדאַנק אַרײַן

אַגעוו, איז נאָך [illegible] געווען די וויכטיקסטע געפאר, א מער ערנסטער אומגליק האָט איצטער [illegible] ער שיף „מאַקאַרי״.

אַרום עלף אַזי[illegible] האָבן דזשאָן מאַנגלס מיט ווילסאָנען, וואָס זײַנען געשטאַנען ב[illegible] דער פּאַלובע, דערהערט עפּעס אַן אומבאַשטימטן גערויש. דער יאַם־אינסטינקט האָט זיי געצוווּנגען, זיי זאָלן גלײַך אָנשפּיצן

ווייער געהער. דזשאָן מאנגלס האָט א כאַפּ געטאָן דעם מאטראָס פאר דער האַנט.

— דאָס איז דער כוואַליעס־צושלאָג! — האָט ער אויסגערופן.

— יאָ, — האָט ווילסאָן געענטפערט. — די כוואַליעס ווערן צעזעצט לעם די ריפן.

— וואָסערע צוויי קאַבעלטאָוונס פונדאַנען, ניט מערער.

— אָנאָ איז שוין, קענטיק, די ערד!

דזשאָן האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער פאַרענטשע, און ער האָט א קוק געטאָן צו דעם פינצטערן וואסער, דערנאָך האָט ער אויסגעשריגן:

— גיכער, ווילסאָן, דאָס לויפּל אהער!

ביי גאליי, וואָס איז געשטאַנען אפן בריקל, האָט, קענטיק, גאָרניט פאַרדעכטיקט אין דער אָ רעגע. ווילסאָן האָט א כאַפּ געטאָן דאָס לויטל און עס אריינגעוואָרפן אין וואסער אריין. באם דריטן קנופּ איז דער בליי געבליבן שטיין.

— דריי קלאַפטער! — האָט ער געמאָלדן.

— קאַפּיטאַן! — האָט דזשאָן מאנגלס אויסגעשריגן, — מיר געפינען זיך לעם די אונטערוואסער־פעלדזן.

צי דזשאָן האָט געזען, ווי יענער האָט אומצוטרוילעך א קניידש געטאָן מיט די פּלייצעס, צי ניין, דאָס איז ניט איבעריקס וויכטיק, אָבער ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צום שטויער־וואל און האָט האסטיק א קערעווע געטאָן די שיף צום ווינט־צו, אין דער צייט, ווען ווילסאָן האָט זיך א לאָז געטאָן צום מארסעל און האָט אים ארויסגעשלעפּט, קעדיי צו קערעווען דעם בריג אין דערזעלביקער ריכטונג. דער שטויער־מאַן, וואָס איז אונטער ווילסאָנס שטויס אָפּגעפלויגן פונעם שטויער־וואל, האָט פון אָנהייב גאָרניט פארשטאַנען, פונוואַנען ס׳איז אף אים פּלוצים געקומען דערדאָזיקער אָנפאַל.

— צו די בראַסן! — האָט דזשאָן מאנגלס אויסגערופן, פירנדיק די שיף לענגויס דער ליניע פון די אונטערוואסער־פעלדזן און אזויארום דערנענטערנדיק זיך צום אָפענעם יאַם.

אדאַנק דזשאָן מאנגלסעס אריינמישונג האָט „מאקארי" גליקלעך אויסגעמיטן די קאטאסטראָפע און איצט האָט שוין די שיף זיך געהאלטן אין איינדערווייטערן פון די אונטערוואסער־פעלדזן. אָבער דזשאָן מאנגלס האָט ניט געוווּסט אקוראט, וווּ געפינט זיך איצטער די שיף. עפּשער געפינט זי זיך אין מיטן דעם רינג פון די ריפן. דער ווינט האָט געטראָגן די שיף צו מיזרעך־צו און ווער ווייסט, עפּשער קען ער זי יעדע רעגע ארופטראָגן אף די אונטערוואסערדיקע שטיינער.

און ווירקלעך, אינגיכן האָט זיך פונפאָרנט פארן שטויער־באָרט דערהערט ווידעראָמאָל דער גערויש פונעם כוואַליעס־צושלאָג. מע האָט ווידעראמאָל לויטן ווינט־נאָך, די אונטערוואסער־פעלדזן האָבן ארומגערינגלט דעם בריג געמוזט בייטן דעם קורס. דזשאָן האָט ווידעראמאָל אויסגעקערט דעם רודער פון אלע זייטן, און איצט האָט מען געדארפט גיין גלייך אנטקעגן דעם ווינט,

30. זשיול ווערנ

קעדיי זיך ארויסצוקלײַבן פֿון זייער רינג. גוט וואָס ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצופֿילן דעמדראָזיקן מאַנעוור אפֿ דערדראָזיקער ווינציק־שטאַנדהאַפּטיקער שיף בא א קליינער באַוועגלעכקייט.

„מאַקאַרי״ האָט זיך דערנעענטערט צו א נײַעם פֿעלדזון־אָרט, ווו דער יאַם האָט געזאָטן מיט ווײַסן שוים.

פּלוצים האָט זיך דערהערט א שטויס. „מאַקאַרי״ האָט זיך טאַקע פּאַר־טשעפּעט אָן א פֿעלדזון־שפּיץ, באַם בורשפּירט האָבן זיך צעבראָכן די וואַטער־שטאַהעס, דער ביזאַן־מאַסט האָט אָנגעוווירן זײַן שטאַנדהאַפּטיקייט. ווער ווייסט, צי ס׳וועט זיך אײַנגעבן א קערעווע טאָן די שיף אָן ווײַטערדיקע אַוואַריעס?

ניין, דער מאַנעוור האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, ווײַל דער ווינט איז פּלוצים אַנטשטילט געוואָרן, און די שיף איז שוין, לויט דער אינערצ, געשוווּמען מיטן ווינט. א הויכע כוואַליע האָט זי געגעבן א הייב אונטער און זי אַוועקגעטראָגן גלײַך צו די ריפֿן־צו, דערנאָך האָט זי זי געגעבן א שלײַדער אַראָפּ מיט א גוואַלדיקער קראַפֿט. דער ביזאַן־מאַסט האָט מיט זײַן גאַנצער באַציִעכץ גע־געבן א פֿלי אַראָפּ אפֿן באָרט, דער בריג האָט זיך צוויי מאָל געגעבן א קלאַפּ אָן מיטן קיל און איז פֿאַרשטאַרבן געוואָרן אין אומבאַוועגלעכקייט אָנגעבוי־געגערהייט אפֿן שטויער־באָרט אונטער א ווינקל פֿון דרײַסיק גראַד.

די איליומינאַטער־גלעזער האָבן זיך צעבראָכן אפֿ פּיצ־פּיצלעך, די פּאַסאַ־זשירן זײַנען גלײַך ארויסגעלאָפֿן אפֿ דער פּאַלובע, אָבער די כוואַליעס האָבן זיך געקײַקלט איבער איר פֿון איין עק ביזן צווייטן און ס׳איז געווען א סאַקאָנע דאָ צו פֿאַרבלײַבן. אז דזשאָן מאַנגלס האָט א קוק געטאָן, וויאַזוי די שיף שטייט צוגעשמידט צום ריף, האָט ער געבעטן די פּאַסאַזשירן זיך אומקערן צוריק אין קובריק אַרײַן.

— איך בעט אײַך, דזשאָן, איר זאָלט מיר זאָגן דעם עמעס, — האָט מיס־טער גלענאַרוואַן [illegible] א פֿרעג געטאָן, — ווי גרויס איז דאָ די געפֿאַר?

— איך וועל [illegible] זאָגן דעם ריינעם עמעס, — האָט דזשאָן מאַנגלס גע־ענטפֿערט, [illegible] ווערן וועלן מיר ניט. ס׳קען זיך טרעפֿן, אז די שיף זאָל צעבראָכן [illegible] אפֿ שפּענדלעך, אָבער געשען וועט עס ניט אַזוי גיך.

— איצטערט איז האַלבע נאַכט?

— יאָ, סער. און מע מוז צוּוואַרטן ביז ס׳וועט אָנהייבן טאָגן.

— עפּשער וואָלט געווען בעסער מע זאָל אַראָפּ־לאָזן א שיפֿל אפֿן וואַסער?

— אָ, ניין, בא אַזא מין צעכוואַליעטקײַט און בא אַזא מין געדיכטער פֿינצטערניש וואָלט עס פּאַשעט געווען אָן אומזין.

— נו, איז גוט, דזשאָן, וואַרטן מיר, הייסט עס, ביז טאָג.

ביז גאַליי האָט זיך דערווײַל אומגעיאָגט, ווי א מעשוגענער, איבער דער פּאַלובע, זײַנע מאַטראָסן האָבן זיך ווי עס איז צוגעוווינט צו דער שרעק, האָבן זיי פֿאַר צאָרעס גאָר אויסגעעפֿנט א פֿרישע פֿאַס בראָנפֿן און מע האָט זיך אַוועקגעזעצט טרינקען. דזשאָנען האָט גלײַך דאָס האַרץ געזאָגט, אז פֿון דיעמדראָזיקן שיקערן אין אַזא מין צײַט וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען. מע

זאָל זיך ריכטן, אז דער קאַפּיטאַן וועט אַפּ זיי קענען ווירקן, אויב מע וועט
דארפן, האָט מען ניט געקענט, וואָרום דער אומגליקלעכער נעבעך האָט בא
זיך געריסן די האָר אפן קאָפּ און האָט געבראָכן די הענט. זײַנע אײנציקע
וואָרג איז איצטער געווען, וואָס די פראכט איז בא אים ניט קיין פארסטראכירטע.
— איך וועל בעדיל-האדאל ווערן! איך אוועק מיט דער טאָרבע!
בין אומגליקלעך! — האָט ער געשריגן און האָט געהאלטן אין איין אומלויפן
פונעם רעכטן באָרט צום לינקן.
דזשאָן מאנגלס האָט זיך ניט געקליבן אים טרייסטן. ער האָט נאָר פאָר-
געלייגט די כאוויירים זײַנע, זיי זאָלן זיך נאוואָפּענען און זײַן גרייט, אויב
מע וועט דארפן געבן א ווידערשטאנד דידאָזיקע מאטראָסישע לומפּן, וואָס
זײַנען שוין געווען מעשוגענערווײַז שיקער און זידלערײַען האָבן זיך בא זיי
געשאָטן פון די מײַלער ווי א האָגל.
— דעם ערשטן, ווער ס'וועט זיך נאָר דערוועגן דערנעענטערן צום קובריק —
האָט זיך דער מאיאָר רויִק אָנגערופן, — וועל איך דערשיסן ווי א הונט!
די כעוורע האָבן באלד פארשטאנען, אז די פּאסאזשירן וועלן זיי ניט
אזוי גרינג צולאָזן צו זיך, האָבן זיי גאָר א מאך געטאָן מיט דער האנט און
זיי זײַנען זיך צעקראָכן פונדאנען, יעדערער, וווהין סע האָט זיך אים פאר-
וואָלט. דזשאָן מאנגלס האָט שוין מער ניט געלייגט קיין אכט אפּ דידאָזיקע
שיקורים, און ער האָט נאָר מיט גרויס אומרויִקײַט גענומען ווארטן, אז ס'זאָל
גיכער אָנהייבן טאָגן. די שיף איז געווען אינגאנצן אומבאוועגלעך. דער יאַם
האָט זיך צוביסלעכווײַז בארויִקט, דער וועטער איז אנטשטילט געוואָרן, דער
בריג האָט זיך נאָך געקאָנט האלטן אפּ די כוואליעס נאָך עטלעכע שאָ צײַט.
דזשאָן האָט זיך גענומען אײַנקוקן אין דער יאבאָשע, אָבער ער האָט גאָרניט
ניט געקענט זען. ווען דער ברעג איז א באקוועמער אפּ אויסצושטײַגן, וואָלט
מען עפּשער אפן אײנציק־געבליבענעם שיפל געדארפט איבערפירן אהינצו די
מאנשאפט מיט די פּאסאזשירן. דעם שיפל וואָלט אויסגעקומען זיך אומקערן
צום ווינציקסטן דרײַ מאָל הין און צוריק, ווײַל ס'האָט געקענט אפּ זיך ארופ-
נעמען זעקס פארשוין. דאָ איז געווען נאָך פריִער א שיפל, אָבער די כוואַ-
ליעס האָבן עס שוין לאנג אוועקגעשלעפּט.
דזשאָן מאנגלס האָט זיך צוגעהערט צום גערויש פונעם כוואליעס-צושלאָג
און האָט אלעמאָל געפרעגט בא זיך אליין, אפּ וואָס פאר א מעהאלעך קען
זיך געפינען די געגארטע און אין דערזעלבער צײַט געפערלעכע ערד.
ביכלאל ווייסט ער, אז די אונטערוואסער־פעלדזן געפינען זיך אָפט אפּ אסאך
מײַל ווײַט פון דער פעסטער ערד. צי דען וועט דאָס שלאבעריקע שיפל זײַן
אימשטאנד דורכצומאכן א גרויסן איבערגאנג?
אין דער צײַט, ווען דזשאָן האָט זיך געבראָכן דעם מויעך איבער דידאָ-
זיקע אלע פראגן, טרוימענדיק וועגן דעם, אז איין ליכטיקער שטראל זאָל
כאָטש דורכשטעכן דידאָזיקע טויטע פינצטערניש, האָבן די פּאסאזשירן אָפּגע-
רוט אפּ זייערע בעטלעך. ווי גערעדט, איז דער בריג איצט געשטאנען אום-

באַוועגלעך, און דאָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט כאַפּן אַ ביסל שלאָף, אַ דרימל.

דזשאָן האָט זיך אויך פאַרגינענע דאָסזעלבע. ער און די כאַוויירים זײַנע האָבן שוין מער ניט געהערט די געשרייען פון די טויט־שיקערע מאַטראָסן און מע איז אַלע אַנשלאָפן געוואָרן זייער געשמאַק.

אַרום פיר אַזייגער פאַרטאָג האָבן אָפּ מיזרעך זיך גענומען רויטלען די ערשטע שטראַלן פונעם מאָרגן־שטערן, און די וואָלקנס האָבן געביטן זייער באַפאַרבונג.

דזשאָן איז גלײַך אַרופגעגאַנגען אויף דער פּאַלובע.

דער האָריזאָנט איז געווען פאַרצויגן מיט אַ נעפּלדיק רויכעלע. פונדערווײַטנס האָט ער באַמערקט ניט גאָר קיין קלאָרע קאָנטורן פון דער יאַבאָשע.

דזשאָן האָט נאָך אַביסל צוגעוואַרט. וואָס אַ מינוט ווײַטער, אַלץ ליכטיקער איז געוואָרן. דער האָריזאָנט האָט זיך באַפרײַט ראָזעווע. ס'האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז דאָרטן אינדערווײַטס הייבט זיך לאַנגזאַם אויף אַ קאָלאָסאַלער פאָרהאַנג און דעקט אויף פאַר די בליקן אַ פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע. פון וואַסער אַרויס האָבן זיך שוין באַוויזן די שוואַרצע פעלדזן־שפּיצן און, ענדלעך, האָט זיך פון יענער זײַט צושלאָג־גרענעץ גענומען אויסטיילן אַ בלענדזנד־בלישטשענדיק פינטל.

דאָס איז געווען די ערד. זי האָט זיך געפונען אויף אַ מעהאַלעך פון וואַסערע נײַן מײַל פונדאַנען.

— ערד! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגעשריגן.

די כאַוויירים זײַנע, וואָס האָבן זיך פונעם דאָזיקן אויסגעשריי אויפגעכאַפּט, זײַנען אַלע געקומען צו לויפן אַהער אויף דער פּאַלובע און האָבן שווײַגנדיק גענומען באַטראַכטן דעם ברעג, וואָס האָט זיך שוין איצטער אַסאַך דײַטלעכער אַרויסגעוויזן אויפן האָריזאָנט. קיין כילוק ניט, צי דער ברעג איז געווען פרײַנטלעך, צי גאַסטפרײַנטלעך, אָבער דאָך איז ער איצט געווען דער אײנציקער אַנטרינונג־פּלאַץ.

— ווו איז ביל גאַליי? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— איך ווייס ניט, סער, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט.

— און די מאַטראָסן?

— עפּעס ווײַזן זיי זיך ניט.

— זיי קערן זיך ערגעץ וואַלגערן טויט־שיקערע, — האָט מאַק־נאַבס צוגעגעבן.

— מע וועט זיי דאַרפן אַ זוך טאָן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — ווײַל לאַנג פאַרבלײַבן דאָ אויף דער זינקענדיקער שיף האָט קיין זין נישט.

מיולרעדי מיט ווילסאָנען זײַנען אַוועקגעגאַנגען צום באַק און אין צוויי מינוט אַרום האָבן זיי זיך אומגעקערט. דאָרטן האָבן זיי קיינעם ניט געטראָפן. זיי האָבן אַרומגעזוכט די גאַנצע שיף און אין ערגעץ האָבן זיי ניט אָפּגעזוכט ניט ביל גאַלייען, ניט די מאַנשאַפט זײַנע.

— וואָס הייסט? קיין איינער ני־אָ? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— עפּשער זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן אין יאַם אַרײַן? — האָט פּאַגאַנעל גע־וואָלט טרעפן.

— אַלץ איז מעגלעך, — האָט מאַק־נאַבס געענטפערט. — און ס'איז אים אויך אַרײַן אין נאָז דידאָזיקע פּלוצימדיקע פאַרשווינדונג זייערע.

אָבער דעם קאַפּיטאַן איז אײַנגעפאַלן ניט קיין פריילעכער געדאַנק.

— גיכער צום שיפל, — האָט ער אַ רוף געטאָן אַלע אָנוועזנדע.

ווילסאָן מיט מיולרעדין זײַנען אײַנגעלאָפן צו דעם שיף־הינטערטייל. אָבער דאָס שיפל איז שוין דאָרט ניט געווען.

## פערטע קאַפּיטל

# אימפּראָוויזירטע מאַטראַסן

ביל גאַלײַ און די מאַנשאַפט זײַנע האָבן זיך באַנוצט מיט דעם, וואָס די פּאַסאַזשירן זײַנען געשלאָפן מיט אַ טיפן שלאָף, האָבן זיי פאַרכאַפּט דאָס איינציקע גאַנצגעבליבענע שיפל און זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן פונעם ברעג. דאָס איז שוין געווען פאַר איטלעכן זייער קלאָר. דער קאַפּיטאַן, וואָס זײַן פליכט איז צו פאַרלאָזן די שיף דער לעצטער, איז אַנטלאָפן געוואָרן דער ערשטער.

— דידאָזיקע טויגעניכצן זײַנען זיך צעלאָפן, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן. — נו, מיילע, עפּשער איז עס גאָר צום בעסטערן. דערווײַל וועלן מיר פאַרשפּאָרן באַאָבאַכטן אַזעלכע העסלעכע סצענעס.

— איך מיין אויך אַזוי, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַשטעטיקט דעם קאַפּיטאַנס ווערטער. — מיר האָבן נאָך זיי ניט וואָס צו בענקען. ביפראַט, אַז מיר האָבן אונדזער אייגענעם קאַפּיטאַן אױפן באָרט, און דער קאַפּיטאַן האָט אונטער דער האַנט געוואַגטע און געהאָרכזאַמע מאַטראָסן. אַלע מיר זײַנען איצט אײַערע מאַטראָסן, דזשאָן. אַלץ, וואָס איר וועט באַפעלן, זײַנען מיר גרייט אויסצופילן

דער מאַיאָר, פּאַגאַנעל, ראָבערט, ווילסאָן, מיולרעדי, אָלבינעט האָבן אויס־געשריגן בראַוואָ, זיי האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט אין אַ ריי, וואַרטנדיק אָפּ דזשאָן מאַנגלסעס פאַראָרדענונגען.

— וואָס וועט איר הייסן טאָן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן,

דער יונגער קאַפּיטאַן האָט איבערגעפירט דעם בליק זײַנעם פונעם יאַם צו דער צעש[illegible]קטער בריג־אויסשטאַטונג און ער האָט אין אַ קורצער ווײַלע אַרום געענ[illegible]ערט:

— פון [illegible]ער דאָזיקער לאַ[illegible]סער, האָבן מיר דערווײַל צוויי אוי[illegible]עגן.

דער ערשטער איז, אז מיר זאָלן פאַריכטן דעם בריג און אים ווידער קענען פירן איבערן יאַם, און דער צווייטער איז — מיר זאָלן וואָס גיכער צונויפ־קלאַפּן א פּליט, וואָס זאָל אונדז קענען צו פירן צום ברעג.

— אויב ס'איז נאָר מעגלעך פאַריכטן די שיף, דאַרפן מיר זי פאַריכטן. דאָס וועט דערווייל זיין דער בעסטער אויסוועג.

— אָן שום צווייפל, סער. וואָרום וואָס שטעלט זיך אונדז אָפּ צו טאָן אַפּ דער ערד, ניט האָבנדיק קיינע שום פאַרקער־מיטלען?

— ס'איז ניט קעדיי אויסצושטייגן אַפּ א ברעג דאָ אין די ווינציק־באַפעלקערטע ערטער, — האָט זיך פאַגאַנעל אָנגערופן, — איר דאַרפט ניט פאַר־געסן, אז דאָס איז ניי־זעלאַנד.

— אויב אזוי, דאַרפן מיר אוודאי פאַריכטן די שיף, — האָט דזשאָן צוגע־געבן. — מיר דאַכט, אז אַדאַנק גאַלייס זאָרגלאָזיקייט האָט עס אונדז אָפּגע־טראָגן ווייט צו דאָרעמ־צו. צו האַלבן טאָג וועל איך פּרוּוון באַשטימען דאָס אָרט, ווו מיר געפינען זיך. אויב מיינע האַשאָרעס וועלן זיך באַשטעטיקן, וועלן מיר זיך אויפהייבן צו צאָפן־צו, ביז אָקלענד, שווימענדיק לענגאויס דעם ברעג.

— אָבער דער בריג האָט דאָך געליטן אַן עמעסע אוואַריִע, — האָט מיסיס עלען באַמערקט.

— איך וואָלט ניט געזאָגט, אז די אוואַריִע זאָל זיין אזוי ערנסט, — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן דערווידערט, — איך קלער, אז אַנשטאָט דעם אָראָפּגע־ריסענעם בייזאַן, וועלן מיר קענען אוועקשטעלן אַפּן שפּיץ שיף א צייטווייליקן מאַסטבוים און פירן זיך לאַזן שווימען — זאָל זיין אפילע לאַנגזאַם — אָבער אין דער נויטיקער ריכטונג. און טאָמער וועט זיך אַרויסווייזן, אז דער קאָר־פּוס איז ערנסט צעשעדיקט, דאַן וועלן מיר מוזן צונויפקלאַפּן א פּליט און פירן זיך שוין ווי עס איז דערשלאָגן קיין אָקלענד מיט דער יאַבאָשע.

מיסטער גלענאַרוואַן, דזשאָן מאַנגלס און מיולרעדי האָבן זיך אַראָפּגע־לאָזט איבערן טראַפּ צום טריום. דאָרטן זיינען געלעגן צונויפגעלייגט וואָסערע צוויי הונדערט טאָן פאַרטיקער לעדער. דזשאָן מאַנגלס האָט אָפּגעגעבן א באַפעל מע זאָל דאָס גאַנצע לעדער אַרויסוואַרפן אין יאַם אַריין, קעדיי די שיף זאָל ווערן גרינגער.

דריי שאָ שווערע אַרבעט, און מע האָט שוין דערזען דעם דנאָ פון עם טריום. אין באַק־באָרט זיינען געווען צוויי דורכגעבראָכענע ערטער, אָבער אזויווי „מאַקאַרי" איז געשטאַנען אָנגעבויגן אַפּן שטויער־באָרט, זיינען די־דאָזיקע לעכער געשטאַנען איבער דעם יאַם־ניוואָ און דאָס וואַסער האָט ניט געקענט אַריינדרינגען אין טריום אַריין. ווילסאָן האָט זיך גלייך א נעם גע־טאָן צו דער אַרבעט און האָט פאַרלאַטעט, ווי סע געהער צו זיין, די־דאָזיקע צוויי דורכגעבראָכענע ערטער.

דזשאָן האָט באַטראַכט דעם גאַנצן קאָרפּוס און ער איז געקומען צום אויספיר, אז די שיף האָט פונדעסטוועגן ניט שטאַרק געליטן פון דערדאָזיקער

אוואריִע, דערנאָך האט זיך ווילסאָן אונטערגעטוקט אונטערן וואסער, קעדיי צו באקוקן, ווי האלט עס מיט דעם קאָרפּוס, און ווי שטארק זיצט איצט די שיף אפן זאמד־באנק.

נאָכן ארומקוקן האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער הינטערשטער טייל פונעם פאָרשטעווען און וואָסערע צוויי דריטל קיל, אן ערעך, האָבן זיך טיף איינ־געשניטן אינעם זאמד. דער איבעריקער טייל קאָרפּוס האָט זיך געפונען אפן וואסער, וואָס האָט אונטערן אכטערשטעווען געהאט וואָסערע פינף קלאפ־טער די טיף. דער רודער איז געווען גאנץ און האָט זיך פריי געדרייט ארום זיין אקס. דאָס איז געווען זייער אן אנגענעמענע ידיִעה. ווייל ווי מע וועט נאָר אראָפּ פון דעם זאמד־באנק, אזוי וועט מען באלד קענען אָנפירן מיט דער שיף ווי סע געהער צו זיין.

אינעם שטילן אָקעאן דערגרייכן די צופלוסן ניט גאָר קיין גרויסע הייך, אָבער דאָך האָט דזשאָן מאנגלס אויסגערעכנט, אז דאָס צופלוס־וואסער וועט העלפן „מאקארינ" זיך אופהייבן פונעם זאמד־באנק. דער בריג האָט זיך אוועק־געזעצט אפן זאמד־באנק, אן ערעך, א שאָ צייט פארן אָפּפלוס. אין דער צייט פונעם אָפּפלוס האָט ער זיך באוויזן נאָך מער אָנבייגן אפן שטויער־באָרט. זעקס אזייגער גאנצפרי, בעשאס דאָס וואסער איז אָפּגעפאלן אין זיין גרעסטער מאָס, האָט דער שיף־אָנבויג איך דערגרייכט זיין מאקסימום.

איצט האָט מען נאָר געדארפט פארגרינגערן דער שיף, אז דאָס צופלוס־וואסער זאָל זיין אימשטאנד זי א'פצוהייבן פונעם זאמד־באנק. דאָס איז געווען א שווערע און דויערנדיקע ארבעט. ס'איז פאר איטלעכן געווען קלאָר, אז ביז האלב איינס אזייגער, ווען דער צופלוס וועט דערגרייכן זיין גרעסטע הייך, וועט מען עס ניט באוויזן אופצוטאָן. דאָס איינציקע, וואָס מע וועט יאָ קענען אופטאָן, איז באאָבאכטן, וויאזוי וועט זיך דער בריג אופירן בעשאסן צופלוס, קעדיי מע זאָל ביזן קומענדיקן צופלוס קענען פארטיק ווערן מיט דער ארבעט פונעם פארגרינגערן דער שיף.

— צו דער ארבעט! — האָט דזשאָן מאנגלס אויסגערופן.

די אימפּראָוויזירטע מאטראָסן האָבן זיך געהאָרכזאם אוועקגעשטעלט אף די ערטער.

צום אלעם ערשטן האָט דזשאָן מאנגלס באפוילן אראָפּצונעמען אלע זעגלען. דער מאיאָר, ראָבערט און פאגאנעל האָבן אונטער ווילסאָנס אָנפירונג ארופגעקלעטערט אפן מארס, קעדיי אראָפּצונעמען פונדאָרטן דעם גראָט־מארסעל. זיי האָבן ווי עס איז אויסגעפילט דידאָזיקע ארבעט און דערנאָך זיינען זיי איבערגעגאנגען צום פאָק. דער געשיקטער און רירעוודיקער ראָבערט האָט זיך זייער גוט אופגעראָט מיט דער ארבעט און ער האָט געבראכט מערער נוץ, ווי די דערוואַקסענע כאווירים זיינע, וואָס זיינען געווען אסאך געזינטער פון אים, אָבער ווייניקער געשיקט.

נאָכן אראָפּנעמען די זעגלען, האָט מען געדארפט אראָפּלאָזן איינעם אָדער אפילע צוויי אנקערס פון יענער זייט שיף־הינטערטייל.

דידאָזיקע אַנקערס האָבן געדאַרפט אײַנהאַלטן אַפן אָרט דעם הינטער־טײל פון דער שיף און אַזױאַרום גיבן דעם צופֿלוס־דרוק די מעגלעכקײט אופֿצו־הײבן פון אָרט דעם פאָדער־טײל פון שיף, װאָס איז געװען אײַנגעגראָבן אין זאַמד.

װען מע האָט אַ שיפֿל אונטער דער האַנט, איז גאָר קײן באַטרעף ניט אַראָפּצולאָזן די אַנקערס, װי מע דאַרף. מע לאָזט אַראָפּ דעם אַנקער אַפן שיפֿל און מע שװימט צו צום אָנגעװיזענעם אָרט, און דאָרטן פאַרװאַרפט מען דעם אַנקער. אָבער „מאַקאַרי" האָט דאָך שױן איצט אַפּ זיך קײן שיפֿלעך ניט געהאַט, אַזױ אַז מע האָט געמוזט צוטראַכטן עפּעס אַן אַנדער מיטל.

מיסטער גלענאַרװאַן איז געװען גענוג באַהאַװנט אין יאַם־אינױאַנים — קעדײ צו פאַרשטײן, װי נױטיק ס'איז צו פאַרװאַרפן די אַנקערס.

— װאָס־זשע װעלן מיר טאָן, אױב מיר האָבן קײן שיפֿלעך ניט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן בײַ דזשאָן מאַנגלסן.

— פון די לײדיקע פעסלעך און פון די צעבראָכענע שטיקער ביזאַנ־מאַסט, — האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט, — װעלן מיר צונױפקלאַפּן אַ פּליט. דאָס איז ניט פון די גרינגע אַרבעטן, אָבער מאַכן קען מען דאָס. די היגע אַנקערן זײַנען ניט קײן איבעריקס גרױסע.

— רעכט, דזשאָן, לאָמיר־זשע גלײַך צוטרעטן צו דער דאָזיקער אַרבעט און ניט פאַטערן אומזיסט קײן צײַט.

מע האָט גלײַך אַרױסגערופן אַלע פּאַסאַזשירן אַפּ דער פּאַלובע. זײ האָבן װי ס'ניט איז צונױפגעקלאַפּט פון די אַרומגעבראָכענע מאַסט־שטיקער אַ פּליט און צוגעבונדן צו די לײדיקע פעסלעך. דזשאָן מאַנגלס האָט געהײסן אַװעק־שטעלן אַהין אַ רודער. דאָס האָט שױן געגעבן די מעגלעכקײט צו קערעװען דעם פּליט אַהין, װוּ מע דאַרף. דערצו האָט נאָך דער אָפּפלוס אַלײן געדאַרפט אָפּטראָגן דעם פּליט אַפּ יענער זײַט שיף־הינטערטײל און, װי מע װעט נאָר פאַרװאַרפן די אַנקערס, װעט מען אַפּ דער שיף זיך גרינג קענען אומקערן, װײַל פונדאָרטן װעט מען שױן דעם פּליט ברענגען אַפּ צוריק צו שלעפּן מיט אַ שטריק.

דזשאָן מאַנגלס האָט דידאָזיקע אַרבעט איבערגעגעבן אונטער מיסטער גלענאַרװאַנס אױפזיכט, אײַן אַלײן האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו באַשטימען דאָס אָרט, װוּ די שיף געפינט זיך איצטער. דאָס איז איצטער געװען זײער װיכטיק. צום גליק, האָט ער בײַ ביל גאַלײען אין קאַ[illegible]טע אָפּגעזוכט אַן אַלטן פאַרשמאָלצענעם סעקסטאַנט, װאָס האָט נאָך װי עס איז געקענט צונוץ קומען; ער האָט דאָרטן או[illegible] געפונען דעם יאָר־בוך פון דער גרינװיטשער אָבסער־װאַטאָרי[illegible]. קעדײ צו [illegible]עסטן דאָס אָרט, האָט מען זיך געקענט באַנוצן אָדער מיטן עמעסן האָריזאָנט, אָדער מיט אַ קינסטלעך־געמאַכטן. צוליבן קינסטלעכן האָריזאָנט האָט מען געדאַרפט האָבן קװעקזילבער, אָבער אַזױװי קײן קװעקזילבער האָט מען אַפּ דערדאָזיקער שיף ניט געקענט געפינען, איז דזשאָן מאַנגלסן אײַנגעפאַלן, אַז ער װעט זיך קענען באַנוצן מיט דזש[illegible]עכץ

אנשטאָט קוועקזילבער, ווײַל דזשעגעכצ שפּיגלט זייער גוט אָפּ אין זיך
הייך. אינעם יאָר־בוך האָט ער געפונען אײַניקע אָנווײַזונגען וועגן דעם, אַז די
וועלכער הייך סע געפינט זיך דאָ די זון אין דידאָזיקע טעג פונעם יאָר. די־
דאָזיקע אָנווײַזונגען האָט ער פאַרגלײַכט מיט די צײַגערס, וואָס דער סעקס־
טאַנט האָט אים באַוויזן, און ער האָט דורכגעפירט די נויטיקע באַשטימונג
פונעם אָרט.

„מאַקאַרי" האָט זיך איצט געפונען אונטער 171 גראַד 13 מינוט לענג און
38 גראַד ברייט. עפּעס האָט מען דאָ געקענט גרײַזן אויף איין מינוט אין
איינער אָדער אין דער צווייטער זײַט, אַדאַנק דעם, וואָס די מאַכשירים זײַנען
פונדעסטוועגן געווען ניט גאָר קיין פּינקטלעכע.
דאָ האָט שוין דזשאָן געכאַפּט אַ קוק אויף דער מאַפּע, וואָס פּאַגאַנעל
האָט געקריגן אין עדעם, און אויסגעקלאָרט, אַז „מאַקאַרי" האָט געליטן די
קאַטאַסטראָפע באַם אַרײַנגאַנג אין דער בוכטע אַאָטייע, וואָס געפינט זיך ניט
ווײַט פונעם קאַפּ קאַפּואַ אין דער פּראָווינץ אָקלענד. באַקומט זיך, הייסט עס,
אַז די שיף האָט עס אָפּגעטראָגן אויף אַ גאַנצן גראַד צו דאָרעם־צו אָן אַ זײַט
פון אָקלענד.
— מיר דאַרפן זיך איצט אויפהייבן אויף איין גראַד צו צאָפן־צו, קעדיי
מיר זאָלן זיך דערשלאָגן קיין אָקלענד, — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופן.
— פינף און צוואַנציק מײַל אײַנגאַנצן? — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן
אַ פרעג געטאָן. — נו, איז דאָך עס גאָרניט מיט גאָרניט.
— דאָס איז גאָרניט מיט גאָרניט, אויב מיר וועלן פאָרן איבערן יאַם, —
האָט פּאַגאַנעל דערווידערט, — דערפאַר אָבער, אויב מע וועט עס דאַרפן דורכ־
מאַכן מיט דער יאַבאָשע, וועלן מיר זיך מינאַסטאַם דאָרטן אַ שיין ביסל צולײַדן.
— דערום מאַקע וועלן מיר טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר אין אונדז געווענדט,
אַז מיר זאָלן קענען אַראָפּנעמען די שיף פונעם זאַמד־באַנק.
נאָך דעם, ווי די ברייטן זײַנען באַשטימט געוואָרן, האָט מען פונסנײַ
באַנײַט די רעטונגס־אַרבעט. אַ פערטל אויף איינס נאָך האַלבן טאָג האָט דער
צופלוס דערגרייכט זײַן העכסטן פונקט. דזשאָן מאַנגלס האָט זיך נאָך איצט
מיט דעם ניט געקענט באַנוצן, ווײַל מע האָט נאָך די אַנקערס ניט אַראָפּגע־
לאָזט אויף זייער אָרט, אָבער ער האָט מיט גרויס אומרו נאָכגעקוקט נאָך דעם,
ווי די שיף פירט זיך אויף בעייסמײַסע. ווען זי הייבט זיך אויף כאָטש אויף אַ
האָר, וואָלט מען שוין געקענט האָפן אויף אַ דערפאָלגרײַכן אויסגאַנג. אין
מעשעך פון די נאָענטסטע פינף מינוט וועט מינאַסטאַם אַלץ אויסגעקלאָרט ווערן,
און אַלע האָבן געוואַרט מיט אַ פאַרטײַעטן אָטעם.
כ'האָט זיך דערהערט אַ לײַכטער קנאַק: אָדער די שיף האָט אָנגעהויבן
אַרופשווימען, אָדער דאָס וואַסער האָט נאָר גרינטלעכער אַ טרייסל געטאָן דעם
קאָרפּוס אירן. די צווייטע האַשאָרע איז געווען די ריכטיקערע, וואָרום דער
בריג איז געבליבן שטיין אויפן אָרט. פונדעסטוועגן האָט דזשאָן נאָך געהאַלטן,
אַז די שיף פירט זיך דערווײַל אויס ווי סע באַדאַרף צו זײַן.

ארום צוויי באטאָג איז שוין דער פּליט געווען פאַרטיק, מע האָט די אַנקערס אַראָפּגעלאָזט מיט דער הילף פון די קראַנען אַפן פּליט, דערנאָך האָט מען דעם פּליט צוגעבונדן מיט אַ שטריק, און דער צווייטער עק פון אינעם שטריק איז געבליבן אַפן דעם הינטערטייל פון דער שיף. דזשאָן מאַנגלס מיט ווילסאָנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן פּליט און מע האָט גענומען נאָכגעבן די שטריק אַפּ אַזויפיל, אַז וויפל דער פּליט איז אָפּגעשטאַנען געוואָרן דורכן שטראָם פון יענער זייט שיף־הינטערטייל. אַז זיי זײַנען אָפּגעשוווּמען בּאַ אַ האַלבן קאַבעלטאַוו פון דער שיף, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און אויסגע־מאָסטן די טיף. דאָס לויטל איז אַראָפּ אַפּ צען קלאַפטער אין וואַסער אַרײַן. דער קלײנער אַנקער האָט זיך פעסט פאַרטשעפעט אַפן גרונט, דערנאָך האָט מען נאָכגעגעבן די שטריק נאָך אַביסל, דזשאָן מאַנגלס האָט געלאָזט דער שטראָם זאָל אים אָפּטראָגן ווײַטער אַביסל, און דאָ האָט ער פאַרוואָרפן דעם צווייטן אַנקער.

דערנאָך האָבן דזשאָן מאַנגלס מיט ווילסאָנען זיך צוגעשלעפּט דורכן קאַנאַט, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו דעם הינטערטייל פון דער שיף, און זיי זײַנען אין אַ קורצער ווײַלע אַרום געווען צוריק אַפּ דער שיף.

די אַנקער־שטריק זײַנען געווען אָנגעדרייט אַפן בּראַשפּיל, און איצט האָט מען שוין נאָר געדאַרפט וואַרטן אַפן קומענדיקן צופלוס, וואָס וועט דאַרפן אָנקומען אַרום איינס אַזייגער באַנאַכט, דאָס הייסט, אין וואַסערע זיבן שאָ אַרום. דזשאָן מאַנגלס האָט באַדאַנקט זײַנע „מאַטראָסן"–און ער האָט געגעבן פּאַגאַ:על אַן אָנצוהערעניש, אַז אויב יענער וועט די גאַנצע צײַט אַרויסווײַזן אַזויפיל פלײַס ווי איצטער, איז זייער צו גלויבן, אַז ער וועט זיך גאָר גיך פאַרדינען דעם באַצמאַן־טיטל.

מיסטער אָלבינעט, וואָס האָט אויך די גאַנצע צײַט געאַרבעט אַלס מאַט־ראָס, האָט איצט באַקומען אַ דערלויבעניש זיך אומצוקערן אין קיך אַרײַן. דאָרטן האָט ער זייער גיך פאַרטיק געמאַכט אַ געשמאַקן מיטעק. און די הונ־געריקע האָרעפּאַשניקעס האָבן אים זייער געלויבט דערפאַר. זיי האָבן זיך טאַקע נאָכן וואַרעמעס דערפילט אַסאַך בעסער, ווי פאַר אים.

ווי געריעדט, האָט מען לויט דזשאָן מאַנגלסעס באַפעל נאָך איינדערפרי אַרויסגעוואָרפן דעם לעדער־פּראַכט, וואָס האָט זיך געפונען אין טריום. איצט האָט ער באַפוילן, מע זאָל איבערשטעלן די קאַסטנס מיט די שטריק־געצײַגן, ווי אויך די רעזערוו־מאַסטן מיט די זעגלען, די עטלעכע טאָן טשוהונענע סטויפּטשיקעס, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט דעם באַלאַסט פון דער שיף. דאָס אַלץ זאָל מען איבערטראָגן אַפּ דעם הינטערטייל פון דער שיף. און אַזוי אַרום, וועט דער איבערגעלאָדענער הינטערטייל פון דער שיף געבן די מעגלעכ־קייט דעם פאָרנט־טייל, אַז ער זאָל אין דער צײַט פונעם צופלוס זיך קענען אויפהייבן פון דעם זאַמד־באַנק.

דער אוילעם האָט געהאָרעוועט ווי סע באַדאַרף צו זײַן, און אַז דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף, זײַנען אַלע אָנגעמערקטע אַרבעטן פאַר־ענדיקט געוואָרן. די מאַנשאַפט האָט זיך קוים געהאַלטן אַף די פיס. דאָס איז

גראָד געווען ניט פֿון די גרינגע זאַכן, וואָרום דער גאַנצער דערפֿאָלג איז איצט אָפּגעהאַנגען פֿון די מענטשנס געשיקטקייט און קרעפֿטיקייט באַם קע־רעווען דעם בראַשפּיל אינעם אַנטשלאָסענעם מאָמענט. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט געצוווּנגען דזשאָן מאַנגלסן ער זאָל אָנעמען אַ נייעם באַשלוס.

אין דער אָ צייט איז דער בריז אַנטשטילט געוואָרן. דער ווינט האָט קוים־קוים געקנייטשט דעם יאַם־איבערפֿלאַך. דזשאָן האָט אַ קוק געטאָן צו די וואָלקנס און באַמערקט, אַז דער ווינט וועט, קענטיק, ענדערן די ריכטונג זײַנע, אַנשטאָט דאָרעם־מײַרעוו — אויף צאָפֿן־מײַרעוו.

דאָ האָט זיך דזשאָן מאַנגלס געטיילט וועגן זײַנע באַאָבאַכטונגען מיט מיסטער גלענאַרוואַנען, און ער האָט אים פֿאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אָפּלייגן דאָס אופֿהייבן זיך פֿון דעם זאַמד־באַנק אויף מאָרגן.

— כ'וועל אײַך באַלד דערקלערן די סיבעס, פֿאַרוואָס איך פֿאָדער עס, — האָט ער זיך אָנגערופֿן. — ערשטנס, זײַנען מיר אַלע זייער מיד און באַם אופֿהייבן זיך פֿון דעם זאַמד־באַנק דאַרפֿן מיר האָבן וואָס מערער קויכעס; צווייטנס, אויב ס'וועט זיך אונדז אפֿילו אײַנגעבן זיך אופֿהייבן פֿון דער זאַמד־באַנק, טאָ וויאַזוי וועל איך קענען פֿירן די שיף צווישן די פֿילצאָליקע געפֿערלעכע ריפֿן, בעשאַס אַרום אונדז הערשט אַזאַ מין פֿינצטערניש? מירן בעסער צוּוואַרטן ביז טאָג; ס'קען נאָך געבן, אַז דער ווינט זאָל אונדז אויך קומען צוהילף, וואָרום, ווי מיר שײַנט, וועט ער מאָרגן בלאָזן פֿון צאָפֿן־מײַרעוו. דאַן וועל איך אוועקשטעלן אַלע זעגלען, און דער ווינט וועט אונדז עפּשער אויכעט העלפֿן אַראָפּצוגיין פֿון דעם זאַמד־באַנק.

די מאָטיוון, וואָס דזשאָן מאַנגלס האָט אָנגעגעבן, זײַנען געווע... ער וואָגיק, און מיסטער גלענאַרוואַן מיט פּאַגאַנעלן — דעם סאַמע אומגעדולדיקסטן פֿון די פּאַסאַזשירן — האָבן געמוזט מיט אים מסכּים זײַן. אַזוי, אַז די אָפּע־ראַציע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף מאָרגן.

די מאַנשאַפֿטן האָבן צעטיילט צווישן זיך די וואַכטעס באַם נאָכקוקן נאָך די אַנקערס.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען רויִק.

אויף מאָרגן פֿאַרטאָג איז דזשאָן מאַנגלסעס פֿירזאָגונג מקוים געוואָרן, דער ווינט האָט טאַקע גענומען בלאָזן פֿון צאָפֿן־מײַרעוו. באַ דערדאָזיקער אונטערנעמונג איז דאָס געווען זייער אַ גוטער צופֿאַל. די מאַנשאַפֿט האָט זיך צעשטעלט אויף די ערטער: ראָבערט, ווילסאָן און מיולרעדי — לעם דעם גראָטמאַסט; דער מאַיאָר, מיסטער גלענאַרוואַן, פּאַגאַנעל — אויף דער פּאַלובע. אַלץ איז געווען אויסגערעכנט אַזוי, אַז מע זאָל קענען אוועקשטעלן די זעג־לען גלײַך ווי מע וועט עס נאָר באַדאַרפֿן.

די מאַרס־רייע האָט מען אופֿגעהויבן מיט דער הילף פֿון אַ בלאָק און ס'איז געווען אַרום נײַן אינדערפֿרי. איצט האָט מען געדאַרפֿט וואַרטן נאָך פֿיר שעה ביז דער צופֿלוס וועט דערגרייכן זײַן העכסטן פּונקט. דעם גראָטמאַסט־מיטן פּאָק האָט מען שוין געהאַלטן גרייט.

דזשאָן מאנגלס האָט אויסגענוצט דידאָזיקע צײַט, קעדיי אוועקשטעלן דעם פאלשן מאסט אנשטאָט דעם צעבראָכענעם ביזאנ־מאסט. דאָס האָט אים געדארפט געבן די מעגלעכקײַט זיך קענען דערווײַטערן פון די געפערלעכע אונטערוואסער־פעלדזן, ווי נאָר די שיף וועט אראָפּ פון דעם זאמד־באנק.

די מאנשאפט האָט אָנגעווענדעט אלע אָנשטרענגונגען און א קורצע צײַט פאר האלבן טאָג איז שוין די רייע געווען פעסט אײַנגעשטעלט אין די נעסטן פון דעם אראָפּגעריסענעם מאסט־בוים. מיסיס עלען און מיס מערי האָבן אויך אָנטיילגענומען אין דער אלגעמיינער ארבעט, זיי האָבן צוגעבונדן צו דער רייע דעם רעזערוו־זעגל, די פרויען זײַנען געווען זייער גערן, וואָס עס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן ארײַנצוטראָגן זייער כיילעק ארבעט אין דער זאך פון דער אלגעמיינער רעטונג.

דערווײַל האָט שוין דאָס וואסער גענומען שטײַגן. די קליינינקע אויפגעשוימטע כוואליעס האָבן ראב געמאכט דעם יאם־אויבערפלאך, די ריפן־שפיצן זײַנען פארשוווּנדן געוואָרן אונטערן וואסער איינס נאָכן אנדערן, פונקט ווי די גרויסע יאמישע באלעכאים, וואָס טוקן זיך אונטער אין זייער אייגענער סטיכיע.

ס׳האָט זיך דערנעענטערט די אנטשלאָסענע רעגע. די רײַזנדער זײַנען אלע געווען זייער אָנגעשטרענגט, אלע האָבן געשוויגן, מע האָט קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזט פון דזשאָן מאנגלסן, יעדערער האָט געוואָרט אָפּ זײַנע פאראָרדענונגען.

דער יונגער קאפּיטאן האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער פארענטשע און זיך אײַנגעקוקט אין דעם וואסער ארײַן. צײַטנווײַז האָט ער א וואָרף געטאָן אן אומרויִקן בליק צו די אנקער־שטריק. איינס אזייגער באטאָג האָט דער צופלוס דערגרייכט דעם מאקסימום. דער יאם־ניוואָ איז איין ווײַלינקע געבליבן אומבאוועגלעך, דאָס הייסט, אז דער אופשטײַג פונעם וואסער האָט זיך שוין אָפּגעשטעלט, און דער אָפּשטײַג האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן. איצט איז געקומען דער אנטשלאָסענער מאָמענט.

דזשאָן מאנגלס האָט באפוילן אוועקצושטעלן די זעגלען, דעם גראָט מיטן מארסעל האָט מען פלינק צוגעפעסטיקט, און דער ווינט האָט זיי גלײַך אָנגעבלאָזן.

— צום בראשפּיל! — האָט דזשאָן אויסגעשריגן.

דער בראשפּיל האָט געהאט אָפּ זיך הענטלעך פונקט ווי א פײַערלעשער־פאָמפּע. גלענארוואן, מיולרעדי, ראָבערט האָבן זיך א נעם געטאָן פון איין זײַט; פאגאנעל, דער מאיאָר און אָלבינעט — פון דער צווייטער, און זיי האָבן זיך אלע מאָל לויט דער ריי גענומען אָנלייגן אָפּ די הענטלעך און אזוי ארום געבראכט אין באוועגונג דעם בראשפּיל־באראבאן.

איינצײַטיק האָבן דזשאָן מאנגלס מיט ווילסאָנען זיך אָנגעשפּארט מיט די לאנגע דראָנגען אין דעם גרונט און האָבן אזוי־ארום פארייניקט זייערע קויכעס צו די כאווייריםס אָנשטרענגונגען.

— זיך אָנגעלייגט! זיך אָנגעלייגט שטאַרקער! — האָט דער יונגער קאַפּי-
טאַן אויסגעשריגן, — לעבעדיקער!

די אַנקער־שטריק האָבן זיך אָנגעצויגן ווי די סטרונעס, די אַנקערס
האָבן זיך זייער גוט געהאַלטן פאַרן גרונט. דער דערפאָלג איז איצט אָפּגע-
האַנגען אָן דער שנעלקייט פון די רעטונגס־אָפּעראַציעס. דאָס הויכע וואַסער
האַלט זיך אַף איין ניוואָ בלויז געציילטע עטלעכע מינוט, און דערנאָך קומט
אָן דער אָפּפלוס. די רײַזנדער האָבן פאַרדאָפּלט זייערע אָנשטרענגונגען, דער
ווינט האָט גענומען בלאָזן מיט אַ שטאַרקערער קראַפט, און די זעגלען האָבן
געבויגן די מאַסטן. דער שיף־קאָרפּוס האָט אָנגעהויבן אונטערציטערן, דאַכט
זיך, אָטאָ נאָך איין אָנשטרענגונג און דער בריג וועט זיך לאָזן שווימען.
מעגלעך, אַז ווען נאָך איין פּאָר הענט וואָלט דאָ העלפן אַרבעטן באַם בראַש-
פּיל — און דער זאַמד־באַנק וואָלט אָפּגעלאָזט פון זיך דעם קאָרבן זײַנעם.

— מיסיס עלען, מיס מערי! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

די יונגע פרויען האָבן זיך גלײַך אַ לאָז געטאָן אונטערצוהעלפן זייערע
מיטרײַזנדער באַם בראַשפּיל, דער באַראַבאַן האָט דורכגעמאַכט נאָך איין פולן
אומדריי.

אָבער דער בריג האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. דער מאַנעוור, הייסט
עס, האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דאָ האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער אָפּפלוס און
איצט איז געוואָרן פאַר איטלעכן קלאָר, אַז די פאַראייניקטע אָנשטרענגונגען
פונעם ווינט מיטן הײַפעלע מענטשן איז נאָך ניט געווען גענוג אַף אַראָפּצו-
נעמען די שיף פון דעם זאַמד־באַנק.

## פינפטע קאַפּיטל

# ענדלעך שטײַגט מען צו צום ברעג, פון וועלכן ס'וואָלט ניט געשאַדט וואָס גיכער צו אַנטלויפן

אַזויווי דאָס ערשטע רעטונגס־מיטל, וואָס דזשאָן מאַנגלס האָט אויסגע-
פּרוּווט, האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, האָט מען געמוזט אָן שום פאַרזאַמונג אויס-
פּרוּוון דאָס צווייטע. בלײַבן דאָ אַפן באָרט פון דער אַוואַריע־געליטענער
שיף וואָלט געווען אַ גרויסער אומזין. אין דידאָזיקע ערטער זײַנען קיין רע-
גולערע שיף־רייסן ניט פאָרגעקומען. מע האָט געקענט האָפן בלויז, אַז אַ צו-
פעליקע שיף זאָל דאָ דורכגיין, אָבער מע האָט דאָך געמוזט געדענקען, אַז
באַם ערשטן שטורעם, אָדער אַפילע באַם ערשטן היפּשן ווינט וועט „מאַקאַרי״
צווישן דידאָזיקע פעלדזן צעבראָכן ווערן אַף פּיץ־פּיצלעך.

דזשאָן האָט געוואָלט, מע זאָל זיך דערקלײַבן צו דער יאַבאָשע, ניט וואַר-
טנדיק אַף קיין שום געפאַרן. דערום האָט ער פאָרגעלייגט, מע זאָל אויס-
בויען אַ נײַעם פּליט, אַף וועלכן אַלע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער זאָלן זיך

קענען אויסזעצן און מע זאָל נאָך אין איין גאנג קענען מיטנעמען דעם גוי־טיקן רעזערוו שפּײַז.

דעם קאַפּיטאַנס פֿאָרשלאַג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. איצט איז נישט געווען קיין צײַט פֿאַר קיינע דיסקוסיעס. איצט האָט מען געדאַרפֿט אַלץ טאָן, אַבי גיכער אַוועק פֿונדאַנען.

מע האָט זיך גלײַך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און מע האָט געהאָרעוועט אַלע ביז פֿינצטער.

אַרום אַכט אַזייגער אינאָוונט, בעשאַס מיטיס עסן און מיט מערי האָבן זיך צוגעלייגט אין קוברִיק אויף זייערע בעטלעך אָפּרוען, זײַנען פּאַגאַנעל און די כאַווייִרים זײַנע אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּאַלובע. זיי האָבן זיך דאָ דורכגעשפּאַצירט אַביסל איבער דעם שיפֿ־דעק און זיי האָבן גענומען אַרומרעדן די לאַגע זייערע. ראָבערט איז אויך געווען צווישן זיי, און ער האָט זיך שטאַרק אײַנגעהערט צו די שמועסן פֿון די עלטערע.

דאָס דרײַסטע יאַטל וואָלט זיך אַפֿילע קיין רעגע נישט פֿאַרטראַכט, ווען מע דאַרף זיך אַ וואָרף טאָן צו דער שווערסטער אַרבעט, אַבי די עלטערע כאַווייִרים זאָלן דאָס נאָר באַפֿעלן. קיין שום געפֿאַר האָט אים איצט נישט אָפּגעשטעלט.

פּאַגאַנעל האָט אַ פֿרעג געטאָן בײַ דזשאָן מאַנגלסן, צי ס'איז מעגלעך מע זאָל זיך צושלאָגן אָפּן פֿליט קיין אָקלענד. דזשאָן האָט געענטפֿערט, אַז דאָס איז זייער אַ געפֿערלעכע אונטערנעמונג, ווײַל דער פֿליט „איז צונויפֿגעניית מיט שוואַכע פֿעדים" און ס'איז שווער ער זאָל אויסהאַלטן אַ דויערנדיקע נעסיִע.

— זאָגט מיר נאָר, דזשאָן,— האָט פּאַגאַנעל זיך אַלץ נישט געקענט באַרויִקן.— ווען מיר האָבן בײַ זיך דאָס אַראָפּגעשווענקטע שיפֿל, וואָלטן מיר זיך יאָ געקענט צושלאָגן קיין אָקלענד?

— סײַדן אין פֿאַל פֿון דער העכסטער נויט,— האָט דער יונגער קאַפּיטאַן געענטפֿערט.— אי דאָס, בײַ דעם באַדינג, אַז מע זאָל נאָר שווימען בײַ טאָג און צו נאַכט־צו זאָל מען קענען צושטײַגן צום ברעג.

— אויב אַזוי, קומט אויס, אַז די פֿאַרעטערס, וואָס האָבן אונדז אַוועקגעוואָרפֿן...

— אָ,— האָט אים דזשאָן מאַנגלס איבערגעשלאָגן,— פֿון זיי, מיין איך, איז שוין נישטאָ וואָס צו ריידן. איך גלויב, אַז פֿאַרן שטראָף פֿאַר זייערן האָבן זיי זייער טײַער באַצאָלט. די נאַכט איז געווען אַזאַ פֿינצטערע, און זיי — טויט־שיקער.

— זיי האָבן עס גראָדע ערלעך פֿאַרדינט,— האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן,— ס'איז מיר נאָר אַ שאָד, וואָס דאָס שיפֿל איז אומגעקומען מיט זיי צוזאַמען, ס'וואָלט דאָך אונדז איצטער שטאַרק צונוץ געקומען.

— איך פֿאַרשטיי אײַך נישט, הער פּאַגאַנעל,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן,— איר מיינט, אַז דער פֿליט וועט אונדז נישט קענען צושטעלן צו דער יאַבאָשע?

— מיר דארפן דאָך פריִער ווערן, ער זאָל אונדז אַהין צושטעלן,— האָט דער געאָגראַפֿ געענטפערט.

— וואָס טוט זיך עס מיט אײַך הײַנט, פּאַגאַנעל? צי דען שרעקט איר זיך אָפּ פאַר פינף און צוואַנציק מײַל גאַנג,— איר האָט דאָך גאָרניט לאַנג איבער־געהאַקט די פּאַמפּאַסן, און שפּעטער־צו — גאַנץ אַווסטראַליע!

— מײַנע פרײַנט! — האָט דער געלערנטער געענטפערט,— איר זאָלט גאָר ניט מיינען, אַז איך צווייפל אין אײַער העלדישקייט, ווי אויך אינעם געדולד פון אונדזערע ליבע מיטרײַזנדערנס! פינף און צוואַנציק מײַל! אַזאַ מין שטרעקע איז גאָר ניט מיט נישט אין וועלכן לאַנד איר זאָלט ניט נעמען... אָבער ניט אין נײַ־זעלאַנד. איך מיין, אַז איר וועט מיך ניט חשד זײַן אין קיין פּאַכדאָנעס, וואָרום איך האָב דאָך דער ערשטער אײַך פאָרגעלייגט זיך פאַר־קלײַבן אין טיף אַמעריקע, אין טיף אַווסטראַליע, אָבער דאָ איז עפּעס אַנדערש.

— און מיר,— האָט דושאָן מאַנגלס געענטפערט,— איז פונדעסטוועגן ליבער אופצונעמען די געפערלעכסטע יאַבאָשע, איידער דעם זיכערן אומקום צווישן די אונטערוואַסערדיקע פעלדזן.

— אָבער פאַרוואָס שרעקט אײַך אַזוי אָפּ נײַ־זעלאַנד, פּאַגאַנעל? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— וואָרום דאָרטן זײַנען דאָ ווילדע מענטשן,— האָט דער געלערנטער געענטפערט.

— ווילדע מענטשן? — האָט גלענאַרוואַן איבערגעכאַזערט.— און ווי קלערט איר, ווען מיר גייען קעסיידער לענגאויס דעם ברעג, וועלן מיר עפּשער אויס־מײַדן מיט זיי די באַגעגעניש? אויסער דעם, דוכט זיך מיר, אַז צען גוט־באַוואָפנטע אייראָפּייער האָבן זיך ניט וואָס אָפּצושרעקן פאַר קיין הײַפל נע־בעכדיקע אָרטנגעבוירטיקע.

— מיר איז א חידוש, וואָס איר מיינט, אַז די נײַ־זעלאַנדער מענטשן זײַנען אַזוינע נישטיקע,— האָט פּאַגאַנעל דערווידערט און א שאָקל געטאָן בעיסמײַסע מיטן קאָפּ.— די נײַ־זעלאַנדער זײַנען פאַרייניקט אין מעכטיקע שוואָטים, און זיי קעמפן פאַרצווייפלט מיט די ענגלישע פאַרכאַפּערס. זייער אָפט גייען זיי אַרויס ווי זיגערס און אַלעמאָל... עסן זיי אוף די געטויטע סאָנים זייערע.

— זיי זײַנען מענטשנפרעסער! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.— מענטשנ־פרעסער?..

און ער האָט שטיל־שטיל א שעפּטשע געטאָן:

— טאָ וואָס־זשע וועט ווערן מיט מיסיס גלענאַרוואַן? און מיט מײַן שוועסטער?..

— האָב ניט קיין מורא, מײַן ליב יינגל,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן און גענומען באַרויִקן דאָס יאַטל.— הער פּאַגאַנעל האָט ליב, ווי זײַן שטייגער איז, שטאַרק איבערטרײַבן.

— ניין, איך טרײַב גאָרניט ניט איבער,— האָט דער געאָגראַפֿ הייס דער־

ווידערט.— ראָבערטס האָט שוין אונדז ניט איינמאָל דערוויזן, אַז ער איז אַן עכטער מאַנצפּאַרשוין, דערום רעד איך פֿאַר אים אַלץ אין די אויגן און באַהאַלט פֿון אים גאָרניט ניט אויס.— די ניי־זעלאַנדער זײַנען די סאַמע אַכזאָריִעסדיקע און עפּשער די סאַמע פּרעסטרישסטע צווישן אַלע מענטשנפֿרעסער, וואָס זײַנען נאָר וווּ ס׳ניט איז פֿאַראַן. פֿאַר זיי זײַנען די מילכאָמעס בלויז אַ מין גײַעג אויף היפּשן געווילד. אַגעוו, ־מוז מען מודה זײַן, אַז דאָס איז דער איינציקער לאָגישער מין מילכאָמע. די אייראָפּייער, אַז זיי הארגענען זייערע פֿײַנט, באַגראָבן זיי זיי, און די ווילדע לײַט עסן זיי אויף. דאָס גייט שוין אונדז ווינציק־וואָס אָן, גלויב איך, צי זיי בראָטן נאָך צו דערנאָכדעם די טאָנים זייערע נאָכן טויט. די צאָרע איז אין דעם, וואָס זיי הארגענען זיי דאַן, ווען די לעצטע ווילן ניט שטאַרבן.

— דאָס איז נאָך, פּאַגאַנעל, אַ פֿראַגע אַ שטרײַטבאַרע,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופֿן,— אָבער איצט איז ניט קיין צײַט פֿאַר קיין דיסקוסיעס. ס׳איז לאָגיש, צי ס׳איז ניט לאָגיש דער סוינע זאָל אונדז אויפֿעסן, אָבער ווי באַלד מיר ווילן עס ניט, וועלן מירן אַזוי מאַכן, אַז ער זאָל אונדז ניט עסן.

אָבער איינס צום אַנדערן האָט ניט, פּאַגאַנעל איז געווען גערעכט. אַ געוויסע ראָל האָט דאָ געשפּילט דער אַבערגלויבן, נאָר זייער אָפּט ווערט דאָ דער קאַניבאַליזם דערקלערט אויך מיט אַנדערע סיבעס — מיטן מאַנגל אין אַן אַנדער מין געווילד און דורכן אומדערטרעגלעכן הונגער.

דער מאַיאָר מיט פּאַגאַנעלן האָבן לאַנג דיסקוסירט צווישן זיך, ביז דזשאָן מאַנגלס האָט זיך אָנגערופֿן:

— פֿון דעם אַלעמען מאַך איך בלויז איין אויספֿיר — אַז מע דאַרף זען זיך ניט פּאַקן צו די דאָזיקע פֿאַרשוינען אין די ציין אַרײַן.

אָבער די פֿאַקטן, וואָס פּאַגאַנעל האָט געלאָזט וויסן, זײַנען געווען אינגאַנצן באַשטעטיקטע. פּאַגאַנעל האָט קלאָר דערוויזן, אַז די באַגעגעניש מיט די אָרטגעבוירטיקע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן ערנסטע געפֿאַר. נאָך סײַווי, ווען די געפֿאַר זאָל זײַן אַפֿילו הונדערט מאָל גרעסער, ווי זי איז, האָבן דאָך די רײַזנדער זיך מיט דעם ניט געקענט רעכענען און געמוזט אויסשטײַגן אויפֿן ברעג.

דזשאָן מאַנגלס האָט קלאָר געפֿילט, ווי מע דאַרף וואָס גיכער פֿאַרלאָזן די שיף, וואָס וועט מוזן אומקומען. דער אויסוואַל צווישן די צוויי געפֿאַרן, וואָס איינע פֿון זיי איז שוין דאָ, און די צווייטע קען ערשט זײַן — איז געווען קלאָר.

— ווען וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג אַרײַן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— מאָרגן צען אַזייגער־אינדערפֿרי,— האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפֿערט.— דער צופֿלוס וועט אונדז אַוועקטראָגן צו דער יאַבאָשע.

אויף מאָרגן דעם 5־טן פֿעוראַל אַרום אַכט אַזייגער אינדערפֿרי איז שוין דער פּליט געווען פֿאַרענדיקט. דזשאָן האָט אַליין אָנגעפֿירט מיט דער דאָזיקער



די װאַנדרער בויען א פלוס

ארבעט. יענער פּליט, וואָס מע האָט געהאט צונויפגעקלאפּט אפ אראָפּצולאָזן
די אנקערס, איז געווען צו קליין און ניט גאָר שטאנדהאַפטיק, קעדיי קענען
צושטעלן צו דער יאַבאָשע אַלע פּאסאזשירן צוזאמען מיט די שפּײַז־רעזערוון.
דערצו האָט מען געדארפט א פעסטן, גרויסן, שטאנדהאפטיקן פּליט, וואָס לאָזט
זיך אָנפירן און וואָס וועט קענען אויסהאלטן א רײַזע פון נײַן מײַל. אלס
מאטעריאל פאר דער בויונג האָבן דאָ געדינט די מאסטבוימער פון „מאקארי".
ווילסאָן מיט מיולרעדיגע האָבן זיך א נעם געטאָן צו דער ארבעט. פון
אָנפאנג האָבן זיי אויסגעהאקט דעם גאנצן טאקעלאזש און דערנאָך האָבן זיי
זיך א נעם געטאָן צו דער גראָטמאסט. אז זיי זײַנען מיט דעם פארטיק גע-
וואָרן, איז שוין די פּאלובע פון דער שיף „מאקארי" געבליבן גלאט, ווי א
פלאשקאָט. די גרונט־טיילן פון דעם פּליט זײַנען שוין אומגעשווומען אף דעם
וואסער־אויבערפלאך, די מאסטאָסן האָבן זיי נאָר געדארפט פארייניקן צווישן
זיך. דערנאָך האָבן זיי אונטערגעפירט אונטער זיי בא א האלבער לײדיקע
פעסלעך, וועלכע האָבן געדארפט באוואָרענען דעם פּליט מיט א גרעסערער
שווים־פייִקייט.

פונויבן האָבן ווילסאָן מיט מיולרעדיגע אָנגעשפּרייט אנשטאָט א פּאלובע
די גראַטעסארטיקע דעקלעך פון די ליוקן, קעדיי דאָס וואסער זאָל קענען אראָפּ-
רינען דורך זיי שפּאלטן, אויב א כוואליע וועט פארשווענקען דעם פּליט.
אויסער דעם, האָט מען ארום די ברעגן פונעם פּליט צוגעבונדן ליידיקע פעס-
לעך, וואָס האָבן געשאפן עפּעס ענלעכס צו א באָרט, וואָס וועט קענען
פארטיידיקן דעם פּליט פון די קלענערע כוואליעס.

דזשאָן מאנגלס האָט געהייסן אופשטעלן אפן פּליט א בראם־סטענגע אנ-
שטאָט א מאסטבוים. די בראם־סטענגע האָט מען באוואָרנט מיט עפּעס אזעלכס,
וואָס איז ענלעך אף א זעגל. א לאנגער רודער מיט א ברייטער לאָפּעטע באם
עק איז צוגעפעסטיקט געוואָרן באם הינטערטייל פונעם פּליט. אויב דער ווינט
וועט גיבן דעם פּליט א גענוגנדיקע שנעלקײַט, וועט דידאָזיקע לאָפּעטע מיט
דערפאָלג פארבײַטן דאָ א שטויער־רודער.

אזוי ארום, ווען שוין דער פּליט האָבן די מעגלעכקײַט זיך צו האלטן אפ
דעם וואסער אפילע בא א שטארקער צעכוואליעטקײַט; אָבער ווי וועט זײַן,
אויב דער ווינט וועט ענדערן זײַן ריכטונג, צי וועט מען זיך קענען ווי עס
איז דערשארן צום ברעג? — דאָס איז שוין געווען א פראגע.

נײַן אזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די אָנלאָדונג. צום אלעם
ערשטן האָט מען אראָפּגעטראָגן די שפּײַז־פּראָדוקטן און אזוי אויסגערעכנט,
אז זיי זאָלן קלעקן ביז אָקלענד, ווײַל דאָ, אף די ברעגן, האָט מען זיך פאר-
שפּאָרט ריכטן מע זאָל עפּעס קענען קריגן צום עסן.

פון מיסטער אָלבינעטס רעזערוון איז געבליבן בלויז א קלייניקײַט גע-
טריקנט פלייש, און די איבעריקע פּראָדוקטן האָט מען אופגעגעסן אינגאנצן
אין מעשעך פונעם פארצויגענעם איבערגאנג. דערום איז אויסגעקומען עפּעס
צושלעפּן פון „מאקאריס" קאמבוז. דאָרטן האָט מען אָפּגעזוכט שלעכט־גע-

טריקנטע פענעצן און א פּאָר פּעטע[illegible] געזאַלצענע פיש. מיסטער אַלבּינעטן האָט אוואדע געקאָסט געזונט, קוקנדיק אַף די שלעכטע און געמיינע רעזערוון, נאָר ער האָט קיין אנדער ברירע ניט געהאט.

די פּראָדוקטן האָט מען צונויפגעלייגט אין גערמעטישע קאסטנס, וואָס וועלן ניט צולאָזן צו זיך קיין וואסער, און מע האָט זיי צוגעבונדן צום צו־פוסנס פונעם מאסטבוים. מיט דערזעלבער זאָרגזאמקייט האָט מען אראָפּגע־טראָגן דאָס געווער מיט די שלאכט־געציַיגן. דאָס האָבן, אגעוו, די רייַזנדער געהאט מיט זיך אין א גענוגנדיקער צאָל.

אין פאל, טאָמער וועט זיך ניט איַינגעבן דעם פּליט אין מעשעך פונעם ערשטן צופלוס דערגרייכן צום ברעג, האָט דזשאָן מאנגלס געהייסן מע זאָל אוועקשטעלן אפן פּליט א קליינינקן אנקער. דאָס וועט געבן די מעגלעכקייַט איבערהאַרטן מיטן פּליט אין פאל פון א נויט ביזן קומענדיקן צופלוס.

צען אזייגער אינדערפרי האָט מען דעם צופלוס שוין געקענט באמערקן. ס'האָט געבלאָזן א שוואך צאַפּן־מיַירעוודיק ווינטל, די ניט־קיין גרויסע כוואַ־ליעס האָבן געקנייטשט דעם יאם־אויבערפלאך.

— אלץ איז פארטיק ? — האָט דזשאָן מאנג[illegible] גע[illegible] געטאָן.

— אלץ, קאפּיטאן, — האָט ווילסאָן געענטפערט.

— זעצן מיר זיך ! — האָט דזשאָן אָפּגעגעבן א באפעל.

מיסיס עלען און מיס מערי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט דורך א שטריקלדיקן לייטערל צום פּליט און האָבן זיך באזעצט אַף די קעסטלעך מיט פּראָדוקטן. זייערע מיטרייַזנדער האָבן פארנומען די ערטער ארום זיי; ווילסאָן האָט זיך אוועקגעשטעלט לעם דעם שטויער־רודער, דזשאָן האָט זיך א נעם געטאָן פאר די זעגל־שטריק, און מיולרעדי האָט אָפּגעהאקט דעם קאנאט, וואָס האָט געהאלטן צוגעבונדן דעם פּליט צו „מאקארי".

אָנגעהויבן האָט זיך די רייַזע זייער גוט. די שווארצע פעלדזן־שפּיצן זייַנען פאמעלעכן פארשוווּנדן געוואָרן אונטערן וואסער־צופלוס. מע האָט געדארפט צולייגן גענוג קאָפּ און קענטעניש, קעדיי אויסמייַדן די צוזאמענשטויסן מיט די צוגעדעקטע ריפן אין דער צייַט, ווען דער פּליט פאָלגט אזוי שלעכט דעם רודער און שלעפּט זיך אזוי לאנגזאם.

ארום האלבן טאָג איז שוין דער פּליט געווען א וואָסערע פינף מייַל פונעם ברעג. דער לויטערער הימל האָט געגעבן די מעגלעכקייַט צו באטראכטן פון אזא מין מעהאלעך אלע געבויגענע שטריכן פונעם ברעג־פאס. אַף צאָפן־מיזרעך האָט מען געזען, ווי ס'הייבט זיך אוף צום הימל א בארג פון צוויי מיט א האלבן טויזנט פוס די הייך. פונדערוויַיטנס איז דער בארג געווען ענלעך אַף א מאלפּע, וואָס פארווארפט דעם קאָפּ ארוף און מאכט פארשיידענע גרימאסן. דאָס איז געווען דער בארג פּיראָנגיע, וואָס געפינט זיך פונקט אַף דער 37־טער פּאראלעל.

א פערטל אַף איינס האָט פּאגאנעל אָנגעוויזן די כאווירים, וויאַזוי אלע ריפן־שפּיצן זייַנען שוין פארשוווּנדן געוואָרן אונטער דעם הויכן וואסער.

— אויסער איינעם, — האָט מיסיס עלען באַמערקט.

— א וועלכן? — האָט דער געלערנטער א פרעג געטאָן.

— טום א קוק אהין, — האָט זיך מיסיס עלען אָנגערופן און אָנגעוויזן מיטן פינגער אַף א שוואַרץ פינטל, וואָס מע האָט ארויסגעזען פאַר א מייל פונדאַנען.

— יאָ, ריכטיק, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן. — מע דאַרף גוט פאַרגעדענקען, ווו דערדאָזיקער ריף געפינט זיך, כּדי מיר זאָלן זיך ניט אָנשטויסן אַף אים, וואָרום דאָס וואַסער וועט, דאַכט זיך, אים אויך פאַרדעקן.

— ער געפינט זיך פּונקט אַף דער ליניע, וואָס צווישן דעם שפּיץ באַרג און צווישן דעמדאָזיקן קאַפּ אַפן ברעג, — האָט דזשאָן מאַנגלס באַמערקט. — ווילסאָן, לינקער דעם רודער!

— סאַראַנג, קאַפּיטאַן! — האָט דער מאַטראָס געענטפערט און זיך אָנגעלייגט מיט זיין גאַנצער שווערקייט אַפן שטויער-רודער.

אין משך פון א האַלבער שאָ צייט איז דער פליט דורכגעגאַנגען נאָך א האַלב מייל, אָבער דער שוואַרצער שפּיץ פונעם ריף האָט נאָך אַלץ געשטעקט איבער דעם וואַסער.

דזשאָן מאַנגלס האָט א בעט געגעבן פּאַגאַנעלן, ער זאָל אים געבן זיין קוק-רער.

— ס'איז דאָך ניט קיין ריף, — האָט ער זיך אין א רגע אַרום אָנגערופן. — ס'איז עפּעס אַזעלכס, וואָס ס'שווימט אום איבערן וואַסער, סע הייבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ צוזאַמען מיט די כוואַליעס.

— עפּשער איז עס א שטיקל פון „מאַקאַריס“ מאַסטבוים? — האָט מיסיס עלען א פרעג געטאָן.

— עפּעס גלויבט זיך מיר ניט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — אַז א שטיקל מאַסטבוים זאָל פאַר אַזא קורצער צייט קענען אַזוי וויַיט פאַרשווימען פון דער שיף.

— וואַרט נאָר צו! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגערופן. — איך זע שוין וואָס דאָס איז. דאָס איז דאָך דאָס שיפל פון דער שיף „מאַקאַרי“.

— דאָס שיפל פונעם בריג? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן איבערגעכאַפּט.

— יאָ, סער, ס'שווימט מיטן מויל אַראָפּ.

— אומגליקלעכע! — האָט מיסיס עלען אויסגערופן. — זיינען זיי דאָך אַלע אומגעקומען.

— איך האָב גאָר אַנדערש ניט געקלערט, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט. — מע דאַרף פריִער אַראָפּ פון די געדאַנקען, אַז מע זאָל זיך קענען אין מיטן באַנאַכט לאָזן שווימען אַף א שיפל איבערן שטורעמדיקן יאַם צווישן דידאָזיקע אונטערוואַסער-פעלדזן.

עטלעכע מינוט דורכאַנאַנד האָבן די רייזנדער געשוויגן און זיך נאָר איינגעקוקט אין דעם שוואַכן שיפל, וואָס דערנענטערט זיך צו זיי. ס'האָט זיך, קענטיק, איבערגעקערט וואָסערע פיר מייל פון ברעג, און ס'איז א קלאָרע

זאָג, אַז קיין איינער פון אירע פּאַסאַזשירן איז ניט אַרויסגעשוווּמען קיין לעבעדיקער.

— דאָס דאָזיקע שיפל קען נאָך אונדז עפּשער צונוץ קומען,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— ס'קען זיך זייער מאַכן,— האָט דזשאָן מאַנגלס באַשטעטיקט.— קערעווע, ווילסאָן, צום שיפל.

— פאַראַן, קאַפּיטאַן! — האָט ווילסאָן געענטפערט און געביטן די ריכטונג. אָבער דער ווינט איז אינגיכן אַנטשטילט געוואָרן און ס'האָט געדויערט גוטע צוויי שאָ ביז דער פּליט איז צוגעשווּמען צום שיפל.

מיולרעדי האָט פאַרטשעפּעט דאָס שיפל מיט אַ דראָנג און עס צוגעשלעפּט צום באָרט פונעם פּליט.

— ליידיק? — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן קורץ אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, קאַפּיטאַן,— האָט מיולרעדי געענטפערט,— און דאָס שיפל אַליין טויג שוין אויך אויף צאָרעס. אָט איז אַ גרויסע לאָך אינדערמיט.

— אַזוי, אַז באַנוצן זיך מיט דעם קען מען שוין ניט? — האָט מאַק-נאַבס אַ פרעג געטאָן.

— אין קיין פאַל ניט,— האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט.— איצט טויג עס שוין נאָר צום הייצן.

— האַלט דעם קורס גלייך צום ברעג! — האָט דער יונגער קאַפּיטאַן אויסגערופן צו ווילסאָנען.

— פאַראַן! — האָט דער מאַטראָס געענטפערט.

דער צופלוס האָט זיך נאָך געצויגן באַ אַ שאָ צייט. פאַר דער צייט איז דער פּליט אָפּגעגאַנגען אַ וואַסערע צוויי מייל, אָבער דאָ איז דער ווינט אַנטשטילט געוואָרן, און דער פּליט איז געבליבן שטיין. אינגיכן האָט דער אָפּפלוס אים שוין אפילו אָנגעהויבן פאַמעלעכן אָפּשלעפּן אויף צוריק אין יאַם אַריין.

דזשאָן מאַנגלס האָט זיך אַפילו קיין רעגע ניט געקווענקלט.

— פאַרוואַרפן דעם אַנקער! — האָט ער אויסגעשריגן.

מיולרעדי האָט די רעגע אויסגעפילט דעמדאָזיקן באַפעל, און דער אַנקער איז אַראָפּ אויף פינף קלאַפטער אין וואַסער אַריין.

דער פּליט האָט אונטערגעציטערט, דער קאַנאַט האָט זיך שטאַרק אָנגעצויגן, און אָט שטייט מען שוין טאַקע אויף דער עמעס.

דעם זעגל האָט מען אַראָפּגעלאָזט, און אַלע האָבן זיך צוגעגרייט צו אַ דויערנדיקן אָפּשטעל פונקט דאָ אינמיטן יאַם.

און ווירקלעך, דער צווייטער צופלוס האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן בלויז ניין אַזייגער אינאָוונט, און אַזוי ווי דזשאָן מאַנגלס האָט ניט געוואָלט זיך לאָזן אין קיין באַנאַכטיקער נסיעה, איז שוין געבליבן, אַז מע וועט אַלע וואַרטן דאָ אויף דעמזעלביקן אָרט ביז פינף אַזייגער פאַרטאָג. דער פּליט האָט זיך געפונען אינגאַנצן וואָסערע דריי מייל פון דער יאַבאָשע.



מיולרערי האָט צוגעשלעפּט דאָס שיפל צום באָרט פונעם פליט

דער יאַם האָט זיך אָפּ אַ ווײַלינקע צעשפּילט, ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די כוואַליעס שלעפּן דעם פּליט צום ברעג־צו. מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַ פּרעג געטאָן דזשאָנען, פאַרוואָס זאָלן זיי זיך ניט באַנוצן מיט דידאָזיקע כוואַליעס, וואָס האַלטן די ריכטונג צום ברעג.

— דידאָזיקע באַוועגונג איז נאָר אַן אויסגעדוכטע, סער, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט. — דאָ קומט פאָר אַ פּאָשעטע פאַרבלענדעניש, און אײַנדערלעכע באַוועגונג פון די וואַסער־מאָלעקולן אַרויף און אַראָפּ. אָט טוט אומיסטן אַ וואָרף אַ שפּענדעלע אָפּ די כוואַליעס, וועט איר זען, אַז עס וועט זיך האַלטן אָפּ די כוואַליעס די גאַנצע צײַט, ביז דער אָפּפלוס וועט זיך אָנהייבן. מיר האָבן איצט קיין אַנדער ברירה ניט, ווי נאָר זיך אָנעמען מיט גענוג געדולד.

— און אויך ניט פאַרגעסן אַ גוטן קאַ טאָן, — האָט דער מאַיאָר צוגעגעבן.

אָלבינעט האָט אַרויסגענומען פון קעסטל עטלעכע שטיקער געטריקנט פלייש און אַביסל פּענעצן. דער געטרײַער קיכמײַסטער איז געווען שלעכט געשטימט איבער דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַט די מעגלעכקײַט פאָרצולייגן דעם עולם קיין געשמאַקערן ביסן. אָבער אַפילו דעמדאָזיקן באַשיידענעם קיבעד האָבן די רײַזנדער אויפגעגעסן מיט גרויס פאַרגעניגן, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס געוויג אָפּן יאַם האָט ניט צוגעגעבן קיין איבעריקן אַפּעטיט.

די נאַכט האָט זיך גענומען אָנרוקן אומבאַמערקט, די זון־ראָד האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַהאַלטן אָפּ יענער זײַט האָריזאָנט, באַלײַכטנדיק אים מיט די לעצטע שטראַלן. די וואַסער־ליניע אָפּן האָריזאָנט האָט זיך צעבליצט, ווי צעשמאָלצענער זילבער. פונדערווײַטנס האָט מען אַרויסגעזען בלויז איין שוואַרץ פּינטל. דאָס איז געווען דער קאָרפּוס פון „מאַקאַרי", וואָס איז נאָך געשטאַנען אומבאַוועגלעך אָפּ דעם זאַמד־באַנק.

דער בײַנהאַשמאָשעס איז געוואָרן געדיכטער און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַכט־פינצטערניש און אינגיכן זײַנען אײַנגעהילט געוואָרן אין אַן אומדורכדרינגענדיקן נעפּל סײַ די ערד פון דער אָ זײַט און סײַ די שיף פון דער צווייטער זײַט.

שטאַרק מעקאַנע זײַנען די רײַזנדער, וואָס האָבן זיך איצט געפינען אָפּן וואַקלדיקן פּליט, איז ניט געווען וואָס, די מערהײַט פון זיי האָבן די גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, און דער, וואָס איז יאָ אָפּ אַ רעגעלע אַנשלאָפן וואָס זײַנען געשלאָפן, סײַ די, וואָס זײַנען אויף געווען, זיך אַלציינס געפילט געוואָרן, האָט איבערגעלעבט גוואַלדיקע קאָשמאַרן. גאַנצפרי האָבן סײַ די, מיד און צעבראָכן.

ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער גאַנצפרײַענדיקער צופלוס, האָט דערווינט ווידער גענומען בלאָזן צום ברעג־צו. ס'איז געווען אַרום זעקס גאַנצפרי, ווען דזשאָן האָט באַפוילן אַרופציִען צוריק דעם אַנקער. אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַנקער האָט פאַר דער צײַט, וואָס דער פּליט האָט זיך גע־

וויגט, זיך אײַנגעגעסן מיט די לאַפּעס מיט זײַנע זייער טיף אינעם גרונט. אַזוי, אַז אָן דעם בראשפּיל האָט מען ניט געקענט האָבן, מע זאָל אים קענען אַרויסרײַסן פֿונדאָרטן.

מע האָט זיך באַ אַ האַלבער שאָ צײַט מיט אים געמאַטערט, ביז דזשאָנג האָט ענדלעך אָנגעווירן דאָס געדולד און האָט באַפֿוילן איבערצוהאַקן דעם קאַנאַט און אוועקפֿאָרן אָן דעם אַנקער. ס'איז געווען אַ שטיקל אײַנשטעלעניש צו בלײַבן אָן אים, ווײַל אויב דער צופֿלוס וועט ניט באַווײַזן צושלעפּן דעם פּליט צום ברעג, וועט דערנאָכדעם ניט זײַן מיט וואָס אופֿצוהאַלטן דעם פּליט אַפֿן יאַם, דער שטראָם זאָל אים ניט אוועקט־אָגן. אָבער דאָך איז דזשאָנס באַפֿעל אויסגעפֿילט געוואָרן, און דער פּליט איז אוועקגעשווומען צום ברעג.

מיולרעדי האָט אופֿגעהויבן דעם זעגל, דער פּליט האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו דער ערד, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ טריבע גרויע מאַסע אַפֿן פֿאָן פֿונעם הימל, וואָס איז איצט געווען באַלויכטן מיט די רויטלעכע שטראַלן פֿון דער אופֿגײענדיקער זון. ווילסאָן האָט קונציק אויסגעמיטן די בײַברעגיקע פֿעלדזן, אָבער דער ווינט איז מיטאַמאָל אַנטשטילט געוואָרן, און דער פּליט האָט זיך גענומען הוידען אַפֿ איין אָרט.

ס'איז געוואָרן זייער שווער זיך צו דערקלײַבן צו די ברעגן פֿון ניי־זעלאַנד, און, פֿון דער צווייטער זײַט, איז דאָס האַרץ געווען שווער פֿון די גרויסע געפֿאַרן, מיט וועלכע דערדאָזיקער ברעג האָט געדראָעט.

נײַן אַזייגער אינדערפֿרי איז שוין אינגאַנצן געבליבן איין מײַל ביז צום ברעג, דער ווײַסער שוים האָט מאַמעש געזאָטן אַפֿ די אונטערוואַסער־פֿעלדזן אינדערנאָענט צום ברעג. דער ברעג גופֿא איז געווען זייער אַ סטראַמקער, מע האָט געמוזט אָפּזוכן אַן אָרט צום צושטײַגן. מיט דער צײַט איז דער ווינט ענדגילטיק אַנטשטילט געוואָרן, און דער זעגל איז אין אָנמאַכט־געבליבן הענגען אַפֿן מאַסטבוים. דזשאָנג האָט אָפּגעגעבן אַ באַפֿעל, מע זאָל דעם זעגל אינגאַנצן אַראָפּנעמען. איצט האָט מען שוין נאָר געקענט האָפֿן אַפֿן שטראָם, ער זאָל צוטראָגן דעם פּליט צום ברעג; דערצו האָבן נאָך די וואַסער־פֿלאַנצן פֿאַרהאַלטן זײַן סײַווי לאַנגזאַמען גאַנג.

צען אַזייגער האָט זיך שוין דער פּליט געפֿונען וואָסערע דרײַ קאַבעלטאָווס פֿאַרן ברעג. מע האָט שוין ניט געפֿילט אַפֿילע, ווי ער באַוועגט זיך. קיין אַנקער איז שוין ניט געווען. צי דען וועט דער אָפּפֿלוס אוועקשלעפּן דעם פּליט צוריק אין יאַם אַרײַן? דזשאָנג האָט צונויפֿגעלייגט די הענט אַפֿ דער ברוסט און האָט טרויעריק אָנגעקוקט דעמדאָזיקן אומצוטריטלעכן ברעג, וואָס איז אַזוי נאָענט און אַזוי אומדערגרייכבאַר.

צום גליק — יאָ, איצטיקס מאָל איז עס געווען אַ גליק! — האָט דער פּליט זיך אָן עפּעס אָנגעשלאָגן: וואָסערע פֿינף און צוואַנציק קלאַפֿטער פֿון ברעג האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַפֿ אַ זאַמד־שטיק.

גלענאַרוואַן, מיולרעדי, ראָבערטס און ווילסאָן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן



זיי טראָגנ איבער די רײַזנדערנס אַפּ די הענט

אינ וואסער ארײַנ, ויי האָבנ צוגעבונדנ דעמ פּליט צו אנ ארויסשטעקנדיקנ ספּעלדו. די רײַזנדערנס האָבנ זיי איבערגעטראָגנ אפּ די הענט און אײַנגיכנ זײַנעג שוינ אלע אָנטיילנעמער פונ דער עקספּעדיציע צוזאמענ מיטנ געווער און מיט די שפּײַז־פּראָדוקטנ געווענ אפנ ברעג פונ נײַ־זעלאנד.

## זעקסטע קאפּיטל

# נײַ־זעלאנד בא הײַנטיקנ טאָג

מיסטער גלענארוואנ האָט זיך שוינ געוואָלט לאָזנ אינ וועג ארײַנ, גלײַך ווי זיי זײַנענ נאָר אויסגעשטיגנ אפנ ברעג. אָבער דער הימל איז פונ גאנצבעשאס דער פּליט איז שוינ צוגעשטיגנ צו דער ערד, איז אראָפּ א שטארקער רעגנ, אויב אזוי, האָט מענ זיך געמוזט אָפּזאָגנ דערווײַל פונ דער רײַזע און צוזוכנ פאר זיך א צײַטווײַליקנ אונטערנונג־פּלאצ.

צום גליק, האָט ווילסאָנ, נאָכ אפנ יאמ זײַענדיק, באמערקט א שמאָלנ ארײַנגאנג אינ א הייל ארײַנ צווישנ די באזאלט־פעלדזנ פונעמ ברעג־פאס, האָבנ די רײַזנדער אריבערגעטראָגנ אהינ זייער פּראָוויאנט מיטנ געווער, און זיי האָבנ זיך אלײנ אויכ דאָרטנ באהאלטנ. דער גרונט פונ דער הייל איז געווענ באדעקט מיט־א געדיכטנ שיכט אויסגעטריקנטע וואסער־פלאנצנ, וואָס די שטורעמ־ווינטנ האָבנ זיי אהערצו פארוואָרפנ. די וואסער־פלאנצנ האָבנ אויסגעבילדעט אויסגעצייכנטע געלעגערס, וווהינ די רײַזנדער האָבנ זיך מיט גרויס פארגעניגנ א וואָרפ געטאָנ. באמ ארײַנגאנג אינ הייל ארײַנ האָט מיולרעדי צעלייגט א שײַטער, און אלע האָבנ דערווײַל אויסגעטריקנט דאָס אָנטאָנ זייערס.

דזשאָנ האָט געהאָפט, אז די דויערנדיקײַט פונעמ רעגנ וועט זײַנ פארקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו זײַנ אימפּעט, אָבער דער יונגער קאפּיטאנ האָט א טאָעס געהאט. ס׳זײַנענ דורכגעגאנגענ א שאָ נאָכ א שאָ, און דער רעגנ האָט אלצ געגאָסנ און געגאָסנ.

נאָכ האלבנ טאָג האָט זיך נאָכ דערצו אופגעהויבנ א שטארקער ווינט. דער שרעקלעכער וועטער האָט אפילע דעמ סאמע געדולדיקסטנ מענטשנ געקענט ארויסברענגענ פונ די קײלים. אָבער העלפנ איז דאָ קײנער נימ געווענ אימשטאנד. ס׳וואָלט געווענ, פארשטייט זיך, א גרויסער אומזינ, ווענ עמעצער פארגינט זיך ארויסשטעקנ די נאָז אינ דרויסנ בא אזא מינ געוויטער. אויסער דעמ, האָט דער איבערגאנג קײנ אָקלענד געדאַרפט געדויערנ עטלעכע טעג, אזוי, אז די איבעריקע צוועלפ שאָ, וואָס מע וועט דאָ פארשפּעטיקנ, האָבנ נימ געדארפט שפּילנ קײנ איבעריקע ראָל פאר מיסטער גלענארוואנס עקספּעדיציע.

איצט האָט זיך דער אוילעמ, דאָ אינ הייל זיצנדיק, צעשמועסט וועגנ דער מילכאָמע, וואָס איז אינ דערדאָזיקער צײַט געגאנגענ אינ נײַ־זעלאנד.

זינט אוועל טאסמאנ האָט אנטדעקט ניי־זעלאנד אינ 1642־טנ יאָר, האָבנ דידאָזיקע אינדזלענ,— ניט געקוקט אפ די אָפטע באזוכנ פונ די אייראָפּייִשע שיפנ,— פארהיט פאר זיכ די אומאָפּהענגיקייט. קיינ איינע פונ די אייראָפּייִשע מעלוכעס האָט זיכ ניט אונטערגענומענ צו פארכאפּנ דעמדאָזיקנ ארכיפּעלאג, וואָס האָט געוועלטיקט איבער דעמ דאָרעמדיקנ טייל פונעמ שטילנ אָקעאנ. אָבער די מיסיאָנערנ, וואָס האָבנ זיכ באַזעצט אינ פארשיידענע פּונקטנ פונ דידאָזיקע אינדזלענ אונ האָבנ, פונ איינ זייט, געוואָלט ארונטערפירנ די אָרטיקע באפעלקערונג „אונטער די פליגל" פונ דער קריסטלעכער ציוויליזאציע אונ וואָס האָבנ אינ דערזעלבער צייט אומדערמידלעכ איינגערעדט די פירערס פונ די אָרטיקע שוואָטימ, אז זיי זאָלנ אונטערשטעלנ דעמ האלדז פונ די ניי־זעלאנדישע פעלקער אונטערנ יאָכ פונ די ענגלענדער, האָבנ מיט זייער ארבעט אסאכ אויסגעפירט.

דידאָזיקע פירערס האָבנ, אונטער דער ווירקונג פונ רייכע מאטאָנעס, אונטערגעשריבנ דער ענגלישער קעניגנ וויקטאָריא א בריוו, אינ וועלכנ זיי האָבנ געבעטנ, אז זי זאָל נעמענ די אינדזלענ זייערע אונטער איר „הויכער שוץ". אגעוו, האָבנ די וויטיקסטיקערע פירערס פארשטאנענ, וואָס פאר אנ אומזינ זיי באגייענ דאָ. איינער פונ זיי, בעשאס ער האָט צוגעלייגט צומ בריוו די אָפּשטעמפּלונג פונ זיינ טאטוירונג, האָט מיט נעוויישע ווערטער זיכ אָנגערופנ: „מיר מעגנ זיכ געזעגענענ מיט אונדזער לאנד. פונ איצט אָנ איז עס שוינ ניט אונדזערס. אינגיכנ וועלנ אָנקומענ די פרעמדלענדער אונ וועלנ אונדז פארוואנדלענ אינ שקלאפנ!"

אונ ווירקלעכ, דעמ 29־טנ יאנוואר 1840־טנ יאָר איז צו דער בוכטע פונ די אינדזלענ אינ דעמ צאָפנדיקנ טייל פונ איקא־נא־מאנוי אָנגעקומענ דער קאָרוועט „העראָלד". גאָבסאָנ, דער קאפּיטאנ פונעמ דאָזיקנ קאָרוועט, איז ארויפגעגאנגענ אפנ ברעג פונעמ דערפעלע קאָראָרעקא. מע האָט פארגעלייגט די דאָרפ־איינוווינער זיי זאָלנ זיכ צונויפקלייבנ אפ א פארזאמלונג, אונ דאָרטנ האָט מענ איבערגעלייענט די גראמאָטעס, וואָס די קעניגנ וויקטאָריא האָט געגעבנ דעמ קאפּיטאנ גאָבסאָנ.

איבעראיאָר, דעמ 5־טנ יאנוואר, האָט מענ איינגעלאדנ די ניי־זעלאנדישע הויפּט־פירערס צומ ענגלישנ רעזידענט, וואָס האָט זיכ געפונענ אינעמ דאָרפ פארא. דער קאפּיטאנ גאָבסאָנ האָט געוואָלט בא זיי פּוילנ זיי זאָלנ אנערקענענ די ענגלישע מעלוכע־רעכט איבער ניי־זעלאנד. אָנהייבנדיק פונ דעמ, אז די קעניגנ וויקטאָריא האָט בעדייע שיקנ אהערצו נאָכ שיפנ מיט מיליטער, האָט ער דאָכ פארזיכערט די פירערס, אז קיינער קלייבט זיכ ניט אוועקנעמענ זייער מאכט, אז די פרייהייט זייערע וועט בלייבנ אינגאנצנ ניטגערירט. „אָבער,— האָט ער צוגעגעבנ,— די ערדנ וועלנ דארפנ איבערגיינ צו דער קעניגנ, וואָס וועט, פארשטייט זיכ, אייכ גוט דערפאר באלוינענ".

די מערהייט פירערס האָבנ געקוקט שלעכט אפ דעמדאָזיקנ פאָרשלאג אונ האָבנ זיכ געוואָלט פונ אימ אָפּזאָגנ, אָבער די רייכע אונ טייערע מאטאָנעס

און דעם קאַפּיטאַן גאָבסאָנס נאָך בעסערע צוזאָגעכצן האָבן פאַרבלענדזט די ווילדע מענטשן, און די פירערס האָבן סאָפּקאָלסאָפּ אנערקענט ענגלאנדס פּראָטעקטאָראַט איבער ניי־זעלאַנד.

אַלע געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען, זינט דעמדאָזיקן טאָג, ביז צום מאָמענט, ווען „דונקאַן" איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קליידישן אויסגוס, האָט פּאַגאַנעל געוווּסט אויף אויסנווייניק, און ער האָט זיי געגרן איבערדערציילט פאַר זיינע מיטרייזנדער.

— איך כאָטש אייך איבער דאָס, וואָס מיר איז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען צו דערציילן, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן. — אַז די ניי־זעלאַנדער זיינען אַ העלדיש פאָלק, און נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך איין מאָל אונטערגעגעבן אונטער גאָבסאָנס ווירקונג, איז זיי אויסגעקומען אַסאַך מאָל מיט קייעך און מיט געווער אָפּצוקעמפן בא די פאַרכאַפּערס יעדער שפאַן ערד זייערע. די מאַאָרישע שוואָטים זיינען אָרגאַניזירט אין אַלטע קלאַנען, פונקט ווי די שאָטלענדער. דאָס זיינען גאַנצע שטאַמען, וואָס וואַרפן זיך אונטער אונטער איין פירער, וועלכער פאָדערט, אַז מע זאָל אָן שום טיינעס אַנערקענען די מאַכט זיינע. די אָרטיקע מאַנצבלען זיינען זייער שטאָלץ און געוואַגט, אַ טייל פון זיי זיינען הויכוווּקסיק, מיט גלאַטע לאַנגע האָר, און די איבעריקע זיינען קורצוווּקסיק, געזעצט און ענלעך אויף מולאַטן. אָבער סיי די ערשטע, סיי די צווייטע זיינען זייער קרעפטיק, קריגעריש און שטאָלץ. איר וועט זיך דערום ניט כידעשן, אויב איך וועל אייך דערציילן, אַז אויף דער טעריטאָריע פון איקאַ־נאַ־מאַווי גייט אַן אומאויפהערלעכע מילכאָמע מיט די ענגלענדער, וואָרום דאָ געפינט זיך דער באַרימטער וואַיקאַטישער שיווּעט, מיטן קאַמף קעגן די פאַרכאַפּערס־פירט אָן דער באַגאַבטער קריגס־עלצטער ווילאַם טאָמפּסאָן.

— אָבער צי דען — האָט דער מאַיאָר אַ פרעג געטאָן — האָבן נאָך די ענגלענדער ניט באַוויזן צו פאַרכאַפּן די וויכטיקסטע סטראַטעגישע, באַוויגנטע און האַנדלס־פּונקטן פון ניי־זעלאַנד?

— פאַרשטייט זיך, טייערער מאַיאָר, אַז יאָ, — האָט דער געאָגראַף געענטפערט. — ווי נאָר די אינדזלען האָבן זיך אונטערגעגעבן אונטער ענגלאַנדס פּראָטעקטאָראַט, האָט דער קאַפּיטאַן גאָבסאָן, וואָס איז געוואָרן גובערנאַטאָר פון דעדאָזיקער קאָלאָניע, איינגעטיילט איר טעריטאָריע אין זיבן פּראָווינצן. די אַדמיניסטראַטיווע אינדזל־פאַנאַנדערטיילונג איז פאָרגעקומען ניט מיטאַמאָל, נאָר בעהאַדראָגעדיק, אין משך פון די יאָרן 1841–1862. בא היינטיקן טאָג זיינען די אינדזלען צעטיילט אָט ווי אַזוי: איקאַ־נאַ־מאַווי איז צעטיילט אויף פאָלגנדע פיר פּראָווינצן — אָקלענד, טאַראַנאַקי, וועלינגטאָן און האָוקסבײַ; דער דאָזיקער אינדזל איז צעטיילט אויף פינף פּראָווינצן: נעלסאָן, מאַלבאָראָ, קענטערבערי, אָטאַגאָ און סאַוטלענד.

— און די דאָזיקע אומענדלעכע מילכאָמע ווערט נאָך פאָרגעזעצט ביז צום היינטיקן טאָג? — האָט דזשאָן מאַנגלס אַ פרעג געטאָן.

— ס'זײַנען שוין דורכגעגאַנגען לאַנגע זעקס כאָדאָשים, זינט מיר האָבן פֿאַרלאָזט אײראָפּע, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן, — דערום קען איך אײַך ניט זאָגן פּינקטלעך, וואָס סע קומט איצט פֿאָר. די ידיעות, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו שעפּן פֿון די סײמורער און מעריבאָראָוסישע צײַטונגען פֿאַר דער צײַט, וואָס מיר זײַנען געפֿאָרן איבער אויסטראַליע, זײַנען צו קורץ און אָפּגעהאַקט, אָבער דאָך האָט מען זיך אין דערדאָזיקער צײַט אין איקאַ־נאַ־מאַוי ניט אָפּ קאַטאָוועס געשלאָגן!

— שוין לאַנג, אַז דידאָזיקע מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן? — האָט מיס מערי אַ פֿרעג געטאָן.

— איר ווילט פֿרעגן, מיס מערי, ווען האָט זי זיך פֿונסנײַ אָנגעהויבן? — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט. — וואָרום דער ערשטער אויפֿשטאַנד איז פֿאָרגעקומען אין 1845־טן יאָר. דער לעצטער האָט זיך אָנגעהויבן אין 1863־טן יאָר. די מאַאָריער האָבן זיך לאַנג געגרייט צו דעמדאָזיקן אויפֿשטאַנד קעגן זייערע אונטערדריקערס, — די ענגלענדער. די אָרטיקע נאַציאָנאַליסטן האָבן געוואָלט אויסקלײַבן אַלס קעניג דעם אַלטן מאַאָרײַשן פֿירער פּאָטאַטאַו, און דאָס דאַרפֿעלע צווישן די טײַכן ווײַקאַטאָ און ווײַפּע, ווו פּאָטאַטאַו האָט געוווינט, זאָל מען מאַכן פֿאַר דער הויפּטשטאָט פֿונעם נײַעם קעניגרײַך. פּאָטאַטאַו אַליין איז געווען ניט אַזוי געוואַגט, ווי כיטרע, אָבער ער האָט פֿאַרמאָגט אַ קלוגן און ענערגישן הויפּט־מיניסטער מיטן נאָמען ווילִיאַם טאָמפּסאָן, פֿון דעם שייוועס נהאַטיכאַוא, וואָס האָט געהערשט איבערן אָקלענדער ערד־צונג, איידער די ענגלענדער האָבן אים פֿאַרכאַפּט. דערדאָזיקער טאָמפּסאָן האָט פֿאַראייניקט די צעשפּליטערטע קױכעס פֿון די מאַאָריער. אונטער זײַן ווירקונג האָט איין פֿירער פֿון טאַראַנאַקי פֿאַראייניקט אַרום זיך אַלע שוואָטים פֿון זײַן קרײַז. דער צווייטער פֿירער פֿון ווײַקאַטאָ האָט געגרינדעט, קען מען זאָגן, אַן עמעסע „ערד־ליגע", וואָס האָט געפֿירט אַן אַגיטאַציע צווישן די אָרטגעבוירטיקע, אַז זיי זאָלן ניט פֿאַרקויפֿן די ענגלענדער זייערע ערדן. פּונקט ווי אין די ציוויליזירטע לענדער, האָבן די אָרטגעבוירטיקע אָנגעהויבן פֿון מיטינגען און געענדיקט מיט אַן אויפֿשטאַנד. די ענגלישע צײַטונגען האָבן אָנגעהויבן דרוקן אומרויִקע קאָרעספּאָנדענצן פֿון נײַ־זעלאַנד, און די רעגירונג האָט זיך ערנסט פֿאַראינטערעסירט מיט דער טעטיקײַט פֿון דער „ערד־ליגע". מיט איין וואָרט, די מינע איז שוין געווען גרייט אויפֿגעריסן צו ווערן, ס'האָט נאָר אויסגעפֿעלט דער פֿונק — דער צוזאַמענשטויס פֿון די קעגנזעצלעכע אינטערעסן — כּדי דערדאָזיקער אויפֿרײַס זאָל זיך צעדונערן.

— און דערדאָזיקער צוזאַמענשטויס איז פֿאָרגעקומען?.. — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

— ער איז פֿאָרגעקומען אין 1860־טן יאָר אין דער פּראָווינץ טאַראַנאַקי אַבן דאָרעם־מײַרעוודיקן ברעג־פּאַס פֿון איקאַ־נאַ־מאַוי. איינער אַן אָרטגעבוירטיקער האָט געהאַט אַריבער 600 העקטאַר ערד, ניט ווײַט פֿון ניו־פּלימוס. דידאָזיקע ערד האָט ער פֿאַרקויפֿט דער ענגלישער רעגירונג, אָבער אַז די

ערד־מעסטערס זײַנען אָנגעקומען אויסצומעסטן דעם באַצירק, האָט דער פֿירער קינג פּראָטעסטירט, און ער האָט פֿאַרוואַנדלט דעם שטרײַטבאַרן ערד־באַצירק אין אַן עמעסער פֿעסטונג. אָבער דער ענגלישער פּאָלקאָווניק גאָלד האָט בײַ־געקומען דידאָזיקע פֿעסטונג זייער גרינג. אין אָט אײנעם דאָזיקן טאָג האָבן זיך צעטראָגן די ערשטע שאָסן פֿונעם קאָלאָניאַלן אופֿשטאַנד.

— און ווי גרויס איז די צאָל מאַאָריער? — האָט דזשאָן מאַנגלס א פֿרעג געטאָן.

— די מאַאָרײַשע באַפֿעלקערונג האָט זיך זייער אַ סאַך פֿאַרקלענערט פֿאַרן לעצטן יאָרהונדערט. אין 1769־טן יאָר האָט קוק אויסגערעכנט, לעפּי־ערעך, אַז זיי דאַרפֿן אָנציילן וואָסערע פֿיר הונדערט טויזנט מאַן. אין 1845־טן יאָר האָט די קאָלאָניאַלע אַדמיניסטראַציע דורכגעפֿירט אַ ציילונג און פֿאַר־קלענערט דידאָזיקע ציפֿער ביז הונדערט נײַן טויזנט. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ רעזולטאַט פֿון די שטראָף־עקספּעדיציעס, קרענקען און ספּירט־געטראַנ־קען, וואָס די ענגלענדער האָבן אהערצו פֿאַרפֿירט. באַ הײַנטיקן טאָג קער די אָרטגעבירטיקע באַפֿעלקערונג באַטרעפֿן באַ די נײַנציק טויזנט מאַן אַן ערעך. אהער דאַרף מען אויך אַרײַנרעכענען די דרײַסיק טויזנט קריגס־לײַט, וואָס וועלן נאָך אַ לאַנגע צײַט געבן די פֿאַרכאַפּערס אַ גרויסן ווידערשטאַנד.

— און דעמדאָזיקן אופֿשטאַנד פֿירן דורך די אָרטגעבירטיקע מיט דער־פֿאָלג? — האָט מיסיס עלען אַ פֿרעג געטאָן.

— דערווײַל יאָ, — האָט דער געאָגראַף געענטפֿערט. — די ענגלענדער האָבן אַליין ניט איינמאָל געמוזט מודה זײַן, אַז די אָרטגעבירטיקע ווײַזן אַרויס וווּנדערבאַרע העלדישקײַט. זיי פֿירן דעם קריג אױף אַ פּאַרטיזאַנישן אופֿן, זיי מײַדן אויס גרויסע שלאַכטן, זיי פֿאַלן אָן אויף קלענערע אָטריאַדן, אויף די גיטער פֿון די קאָלאָניסטן. דער גענעראַל קאַמעראָן האָט אַנומלטן געמאָלדן, אַז אויסער די פֿאָרטן פֿילט ער זיך אינערגעץ ניט זיכער, וואָרום אונטער יעדן קוסט קען זיך געפֿינען אַ לאַקערונג.

אין 1863־טן יאָר האָבן די מאַאָריער נאָך אַ סאַך בלוטיקע שלאַכטן זיך באַפֿעסטיקט אויף דער בערגיקײַט פֿון ווײַקאַטאָ. די אָרטגעבירטיקע אַגיטאַטערס האָבן גערופֿן די גאַנצע באַפֿעלקערונג צום שלאַכט. זיי האָבן צוגעזאָגט דער באַפֿעלקערונג, אַז „נאָך איין אָנשטרענגונג און די ווײַסע פֿאַרכאַפּערס וועלן אויף אײביק פֿאַרטריבן ווערן פֿון אונדזערע ערדן". דער גענעראַל קאַמעראָן האָט אָנגעפֿירט מיט אַ מאַכנע פֿון דרײַ טויזנט מאַן. די ענגלענדער האָבן מער ניט געלאָזט רוען די אָרטגעבירטיקע, דעריקערשט, זינט זיי האָבן געהאַרגעט דעם קאַפּיטאַן ספּרענט. די שלאַכטן זײַנען געווען האַרטנעקיקע און פֿאַר־אַקשנטע. אייניקע פֿון זיי האָבן זיך געצויגן צו צוועלף שאָ צײַט. ניט געקוקט דערויף, וואָס די אײראָפּייער האָבן געלאָזט אין גאַנג אַפֿילע אַרטילעריע, האָבן דאָך די מאַאָריער זיך ניט אונטערגעגעבן און האָבן ניט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון די פּאָזיציעס אַפֿילע אויף קיין שפּאַן. דער קערן פֿון די אָרטגע־בירטיקע כאַיאַלעס איז געווען דער צערייצטער שייוועס ווײַקאַטאָ מיט וויליאַם

טאָמפּסאָנען אין דער שפּיץ. דערדאָזיקער קריגס־עלצטער האָט פון אָנפאַנג אָנגעפירט מיט אַן אָטריאַד, וואָס האָט אָנגעציילט צוויי מיט אַ האַלבן טויזנט מאַן, אָבער די צאָל זײַנע איז דערנאָך אויסגעוואַקסן ביז אַכט טויזנט, אַדאַנק דעם, וואָס די פירערס שאָנגי און כעקי האָבן זיך מיט אים פאַראייניקט. אין דערדאָזיקער באַפרײַונג־מילכאָמע האָבן פרויען אָנטיילגענומען באַגלײַך מיט די מענער, אָבער אין אונדזער געזעלשאַפט גייט זעלטן־ווען דער גערעכטער אַרויס אַלס זיגער. נאָך לאַנגע שלאַכטן האָט דער גענעראַל קאַמעראָן דער־שטיקט דעם אויפשטאַנד פונעם ווײַקאַטאָ־קרײַז. די צוואַנציק לעבן־געבליבענע מאַאָרישע האָבן געזען ווי אַזוי זייערע אַקערלענדער ווערן צוטיילט צווישן די קאָלאָניסטן, און דער זיגער האָט אָפּגענומען אַ פאַרלאָזטע שטיק לאַנד. די געשיכטע האָט פאַר־צייכנט פאַקטן פון הויכן גראַד העראָיזם, וואָס די אָרטגעבוירטיקע האָבן אַרויסגעוויזן. פיר הונדערטס מאַאָרישע זײַנען באַלאַגערט געוואָרן פונעם גענע־ראַל קערייס אָטריאַד אין דער פעסטונג אָראַקאַו. דעם גענעראַלס אָטריאַד האָט אָנגעציילט טויזנט קריגס־לײַט. ניט געקוקט אויפן מאַנגל אין עסן און אין וואַסער, האָבן די אָרטגעבוירטיקע העכער אַ כוידעש אויסגעהאַלטן די באַלאַגערונג און זיך ניט געוואָלט בעשום אופן אונטערגעבן, ביז זיי האָבן ענדלעך דורכגעריסן דעם פראָנט פון די באַלעגערערס און זיי זײַנען אַוועק־געגאַנגען צו די אומצוטריטלעכע זומפּן.

— הייסט עס, אַז די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס מע האָט אײַנגעשטילט דעם ווײַקאַטער קרײַז? — האָט דזשאָן מאַנגלס אַ פרעג געטאָן.

— ניין, מײַן פרײַנט, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — די ענגלענדער, ווי זיי האָבן נאָר באַזיגט ווײַקאַטאָ, אַזוי האָבן זיי באַשלאָסן זיך לאָזן צו דער פּראָווינץ טאַראַנאַקי. דאָרטן האָט וויליאַם טאָמפּסאָן זיך פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג מאַטאַנטאַווע. נאָר מיר זאָגט עפּעס דאָס האַרץ, אַז דערדאָזיקער זיג וועט זיך זיי ניט אַזוי גרינג אײַנגעבן. דעם טאָג, ווען איך בין אָפּגעפאָרן פון פּאַריז, איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער שייוועס טאַראַנגאַ האָט זיך אונ־טערגעגעבן דעם גובערנאַטאָר און האָט „פרײַוויליק" אָפּגעטראָטן ענגלאַנד דרײַ פערטל פון זײַנע ערדן. אין דערדאָזיקער ידיעה האָט זיך גערעדט אויך וועגן דעם, אַז וויליאַם טאָמפּסאָן פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אונטערגעבן זיך. אָבער די אַוסטראַלישע צײַטונגען, וועלכע איך האָב אָט דאָ ניט לאַנג געלייענט, האָבן ניט נאָר ניט באַשטעטיקט דידאָזיקע נײַעס, נאָר פאַרקערט, זיי שרײַבן, אַז די אָרטגעבוירטיקע וועלן זיך נאָך לאַנג האַלטן און וועלן נאָך געבן דעם עמעסן ווידערשטאַנד.

— איז פונדאַנען געדרונגען, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — אַז די קריגס־אָפּעראַציעס צעוויקלען זיך בײַ הײַנטיקן טאָג אין די פּראָווינצן אָקלענד און טאַראַנאַקי?

— יאָ, אַזוי אַן ערעך דאַרף עס זײַן.

— און זיי מוזן פאַרקומען ניט ווײַט פון אונדז?

— איך מיין אויך אַזוי, ווײַל מיר זײַנען צוגעשטיגן צום ברעג קימאַט לעם דעם סאַמע קאָפּ קאָוון, אונטער וועלכן סע פּלאַטערט נאָך די מאַאָרי־ישע פאָן.

— אויב אַזוי, וואָלט געווען פאַר אונדז געזינטער, מיר זאָלן זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן אַפּ צאָפּן,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— איר זײַנט זייער גערעכט,— האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.— די נײַ־זעלאַנדער זײַנען זייער צערייצט, זיי זײַנען ביין אַפּ די אייראָפּייער און באַזונדערס אַפּ די ענגלענדער. קלאָר, אַז ס׳וואָלט געווען ניט פון די געשמאַקסטע, ווען מיר פּאַקן זיך צו זיי אין די לאַפּעס אַרײַן.

— ס׳קען זיך אָבער מאַכן, אַז מיר זאָלן זיך אָנטרעפן אינדערנאָענט מיט וואָסער ניט איז ענגלישן אָטריאַד אויך?— האָט מיסיס עלען אין אַ קורצער ווײַלע אַרום אַ פרעג געטאָן.

— דאָס איז אויך מעגלעך, אָבער זיך פאַרלאָזן אַפּ דעם קען מען ניט,— האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.— די קלייניגקע אָטריאַדן האָבן מוירע אַרויסצוגיין אין פעלד אַרײַן, וואָרום זיי ווייסן גוט, אַז מע לאָקערט אַפּ זיי פון אונטער יעדן ביימל. וואָס יאָ, לענגאויס דעם מײַרעוודיקן ברעג דאַרפן זיך געפינען קאָלאָניסטישע יִישוּוים, און איבערגייענדיק פון איין יִישוּוו צום צווייטן, וואָלטן מיר זיך קענען גרינג צושלאָגן קיין אָקלענד. ס׳פאַלט מיר אָפילע איַין, אַז עפּשער וואָלט געווען בעסער, ווען מיר לאָזן זיך גיין דורך דעם וועג אַראָפּ־וואַסער, לענגאויס ווײַקאַטאָ.

## זיבעטע קאַפּיטל

# דרײַסיק מײַל אַפּ צאָפּן

דעם 7־טן פעוורואַל זעקס אַזייגער גאַנצפרי האָט מיסטער גלענאַרוואַן אָפּגעגעבן אַ סיגנאַל צום אָפּגיין. דער רעגן האָט זיך אײַנגעשטילט נאָך אין מיטן באַנאַכט. דער הימל, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט וואָלקנס, האָט ניט דורכגעלאָזט די גלײַכע זון־שטראַלן. די מעסיקע טעמפּעראַטור איז געווען זייער גינסטיק פאַר די רײַזנדער, אַזוי אַז זיי האָבן דעם טאָג־מאַרש דורכגעמאַכט אָן איבעריקע מאַטערנישן.

פּאַגאַנעל האָט אויסגעמאָסטן, לויט דער מאַפּע, דעם מעהאַלעך צווישן דעם קאָפּ קאַכואַ און צווישן אָקלענד. דערדאָזיקער מעהאַלעך האָט באַטראָפן אַכציק יאַפּאַנישע מײַל אָדער אַכט טעג גאַנג, צו צען מײַל אַ טאָג. באַם צונויפשטעלן דעם מאַרשרוט האָט דער געאָגראַף געהאַלטן, אַז מע טאָר ניט גיין לענגאויס דעם אויסגעשניטענעם יאַם־ברעג און ער האָט אָנגעצייכנט אַן אַנדער וועג, אַ מער קירצערן. דערדאָזיקער וועג איז דורכגעגאַנגען דורך דעם אָרט, וווּ סע גיסן זיך צונויף די טײַכן ווײַקאַטאָ און ווײַפּאַ. וואָסערע דרײַסיק

מיַל צאָפּנדיקער פון דעם פּונקט, ווו זיי זייַנען אויסגעשטיגן. פונדאַנען האָט דער מאַרשרוט, וואָס די רייַזנדער האָבן זיך אָנגעמערקט, געדאַרפט דורכגיין דורכן אָוועדלאַנדער פּאָסט־טראַקט, וואָס האַקט איבער דאָס גאַנצע אינדזל פון נאַפּיר ביז אָקלענד. דאָרטן אָפּן וועג דאַרף זיך געפינען דאָס שטעטעלע דריורי.

די רייַזנדער האָבן זיך איַינגעטיילט מיט דער מאַסע גלייַך אף גלייַך. יעדערער האָט גענומען אף די פּלייצעס זייַן כיילעק און מע האָט זיך אוועקגעלאָזט לענגאויס די ברעגן פון דער בוכטע אָאָטעע. צוליב מער פאָרזיכטיקייַט האָבן זיי זיך געהאַלטן אלע אינאיינעם. די אָנגעלאָדענע קאַראַבינען זייַנען בא זיי געווען קעסיידער גרייט און זיי האָבן זיך שטאַרק אייַנגעקוקט אין דער ווייַט איבערן באַרגיקן פּליין, וואָס איז געלעגן צו מיזרעך־צו. פּאַגאַנעל האָט ניט אַרויסגעלאָזט פון די הענט די אויסגעצייכנטע דזשאָנסטאָן־מאַפּע און יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, ווי פּינקטלעך אירע אָנווייַזונגען זייַנען, אפילו ביז די מינדסטע אייַנצלהייַטן, פלעג ער כאַפּן גוואַלדיקע היספּייַלעס.

אָפּן ברעג, וווּהין די צופלוס־כוואַליעס האָבן אַלע מאָל אָפּגעשפּריצט, האָט געשטיפט א הייַפל יאַם־באַלעכאַיִם, וואָס האָבן אָן שום פאָרכט געקוקט אף די פאַרבייַגייענדיקע רייַזנדער. דאָס זייַנען געווען יאַם־הינט, זייערע פּאַרקייַלעכיקטע מאָרדעס מיטן ברייטן שטערן און מיט די אויסדריקלעכע אויגן האָבן פאַרמאָגט גוטמוטיקן כיין. די יאַם־הינט זייַנען דאָ ניט קיין זעלטנהייַט בא די ברעגן פון ניי־זעלאַנד.

אַרום צען אַזייגער האָבן זיך די רייַזנדער אָפּגעשטעלט אף פרישטיק באַם צופוסנס פון א גרויסן באַזאַלטענעם פעלדז לעם ברעג פונעם יאַם. דער אויסטערן־זאַמד־באַנק, וואָס האָט זיך געצויגן באַנאַנד, האָט באַזאָרגט די רייַזנדער מיט א גענוגנדיקער צאָל פון דידאָזיקע מאָליוסקן, אָבער רויערהייט זייַנען די אויסטערן ניט געווען געשמאַק, דערום האָט פּאַגאַנעל בעייצעט אָלבינעטן, ער זאָל זיי אָפּבראָטן אף הייסע קוילן.

דערנאָך האָט זיך דער אָטריאַד ווידעראַמאָל געלאָזט אין וועג אויפן לענגאויס די ברעגן פון דער בוכטע. אף די פעלדזן־קאַמען האָט זיך אויפגעהאַלטן א גאַנצע פייגלשע וועלטעלע, דאָ האָבן זיך געפונען פרעגאַטן, מעוועס, אַלבאַטראָסן און שטורעם־פייגל.

אַרום פיר אַזייגער נאָך האַלבן טאָג איז שוין דער אָטריאַד געהאַט דורכגעגאַנגען זיבן צען מייַל. דערדאָזיקער ערשטער איבערגאַנג איז געווען א גאַנץ גרינגער, קיינער האָט זיך שטאַרק ניט אייַנגעמידט. מיסיס העלען און מיס מערי האָבן אַפילו פאַרגעלייגט, מע זאָל נאָך גיין ווייַטער, ביז ס׳וועט אָנהייבן פינצטער ווערן. און דער אָ צייַט האָט זיך דער אָטריאַד געפונען ניט ווייַט פון דעם טאָל, וואָס לעם טייַך ווייַפּע, וועלכער האָט זיך אָנגעהייבן פון יענער זייַט בערגלעך.

די רייַזנדער האָבן דערזען פאַר זיך א פעלד, געדיכט באַדעקט מיט גרי־

נעם גראָז. זיי האָבן פֿונעם ערשטן אויגנבליק געמיינט, אַז ס׳וועט זיי זײַן זייער גרינג צו גיין, אָבער ווי זיי זײַנען נאָר אַרופֿגעטראָטן אױפֿן גרינעם טעפּיך, אַזוי האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿרייד זייערע איז געווען אַ פּריי־צײַטיקע. אַנשטאָט דעם גראָז האָבן גענומען גיין נידעריקע קוסטן מיט געלן בליִעכץ, צווישן וועלכע סע זײַנען געוואָקסן אָן אַ שיר פֿאַפּאָראָטניקעס, וואָס נײַ־זעלאַנד איז אויף זיי ניט זשעדנע, און ס׳איז אויסגעקומען זיך דורכצולייגן אַ וועג מיט דער האַק, אויסקעמפּנדיק יעדן טראָט. פֿונדעסטוועגן האָט דער קלײנינקער אָטריאַד אַרום אַכט אַזייגער אינאָוונט שוין אויסגעמיטן די ערשטע פֿאָרבערג פֿונעם באַרג־רוקן כאַקאַריכאַטאָ און דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט זייער לאַגער.

נאָך פֿערצן מײַל גאַנג איז דער אָפּרו געווען באַזונדערס אָנגענעם, און אַזויווי די רײַזנדער האָבן ניט געהאַט לעם זיך ניט קיין בעדל און ניט קיין בויד, האָבן זיי זיך צעלייגט פּאָשעט אויף דער ערד אונטערן שאָטן פֿון אַ גרויסאַרטיקער נאָרפֿאָלקישער סאָסנע. צום גליק, האָט דער אָטריאַד געהאַט בײַ זיך אַ גענוגנדיקע צאָל קאָלדרעס, האָבן זיי שוין געהאַט דערצו גוטע געלעגערס אויך.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט אָנגענומען אויף באַנאַכט די נויטיקע פּאָרזיכטי־קײַט־מיטלען. ער אַליין, ווי אויך זײַנע מיטרײַזנדער, וואָס זײַנען געווען באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, האָבן, לויט דער ריי, געדאַרפֿט וואַך זײַן די־זאָזיקע נאַכט ביזקעלע סאַמע טאָג. קיין שײַטער האָבן זיי ניט צעלייגט: דער פֿײַערדיקער באַוײַער איז טאַקע זייער אַ גוטע פֿאַרטיידיקונג קעגן ווילדע חײַעס, אָבער אין נײַ־זעלאַנד זײַנען ניטאָ ניט קיין טיגערס, ניט קיין בערן, ניט קיין לייבן, ווי אויך ניט קיין אַנדערע גרויסע רויב־חײַעס.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען רויִק, און די רײַזנדער האָבן זיך ניט געהאַט אויף וואָס צו קלאָגן, סײַדן אויף די דעריקוטשענדיקע ערד־פֿליי, וואָס בײַסן גאַנץ נישקאָשעדיק, און דערצו נאָך סײַדן אויף די געוואַגטע פֿעלד־מײַז, וואָס האָבן געפּרוּווט צו אַטאַקירן מיט זייערע ציינדלעך די זעק מיט פּראָוויאַנט, וואָס דער אָטריאַד האָט מיט זיך געטראָגן.

אויף מאָרגן, דעם אַכטן פֿעברואַר אינדערפֿרי, האָט זיך פּאַגאַנעל אױפֿגע־כאַפּט מיט אַ גוטער שטימונג. ער האָט שוין קימאַט ווי שאָלעם געמאַכט מיט דעמדאָזיקן לאַנד. די מאַאָריִער, פֿאַר וועלכע ער האָט זיך די גאַנצע צײַט אַזוי באַאומרויִקט, האָבן אים איצט אַפֿילו אין חלום ניט געשטערט זײַן רו.

— איך הייב אָן האָפֿן, — האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיסטער גלענאַרוואַ־נען, — אַז דעראָזיקער קלײנער לוסט־שפּאַציר אונדזערער וועט זיך ענדיקן בעשאָלעם. עפּשער נאָך הײַנט אינאָוונט וועלן מיר זיך דערקלײַבן צו דעם אָרט, וווּ סע גיסן זיך צונויף די טײַכן ווײַקאַטאָ און ווײַפּע, דערנאָך וועלן מיר אַרויסגיין אױפֿן אָקלענדער פּאָסט־טראַקט. דאָרטן איז שוין שווער צו גלויבן, אַז מיר זאָלן זיך ערגעץ אָנטרעפֿן מיט די אָרטגעבוירטיקע.

— וויפל האָבן מיר נאָך ביז צום טראקט? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— וואָסערע פופצן מייל אינגאנצן. דאָס איז ניט קיין סאך מערער, ווי דער מעהאלעך, וואָס מיר האָבן דורכגעמאכט אין מעשעך פונעם נעכטיקן טאָג.

— איז געגאנגען זאָל ווערן! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגע־רופן, ווי ער האָט נאָר דערזען, אַז די רייזנדערס זיינען שוין גרייט צום מאַרש.

אין מעשעך פון די ערשטע שאָען האָבן די קוסטן־ביימלעך אביסל פאַר־שווערט דעם וועג, און אַזויווי דאָ איז ניט געווען מעגלעך צו פאָרן ניט מיט קיין וואָגן און ניט מיט קיין פערד, דערום האָבן די רייזנדער פאַרשפּאָרט בענקען נאָך זייער אַווסטראַלישער בויד. קאַלזמאַן ניי־זעלאַנד האָט זיך נאָך ניט פאַרדעקט מיט קיין נעץ ברוקירטע שליאכן, וועלן נאָך אירע שטעגעלעך אַלץ זיין צומריטבאַר בלויז פאַר פוסגייער. די פּאַפּאַראָטניקעס, וואָס וואַקסן דאָ אָן א שיר, פאַרטיידיקן די אייגענע ערד קעגן די פאַרכאַפּערס מיט דער־זעלבער אַקשאָנעס, וואָס די מאַאָריער גופע.

אַרום האַלבן טאָג האָבן זיך די רייזנדער דערקליבן צו דעם טייך ווייפּע, און דאָרטן איז שוין דער וועג געוואָרן אסאך גרינגער.

דער טאָל פונעם טייך וויפּע איז געווען גוואַלדיק שיין, אָן א שיר טייכע־לעך פאַלן דאָ אַריין אינעם גרויסן טייך און זיי שלענגלען זיך אַזוי שיין צווישן די קוסטן־ביימלעך, וואָס באַדעקן דאָ דעם טאָל, אַז ס׳איז א פאַרגע־ניגן צו קוקן. לויט די ידיעס, וואָס דער נאַטורפאָרשער הוקער האָט אָנגע־געבן, וואַקסן אין ניי־זעלאַנד צוויי טויזנט מינים געוויקסן און פינף הונדערט פון זיי זיינען אייגנטימלעך נאָר פאַר דידאָזיקע אינדזלען. בלומען באַגעגענען זיך דאָ זעלטן און זיי טיילן זיך ניט אויס מיט קיין בונטע קאָלירן. דאָ באַגעגענען זיך אויך ווינציק איינאָריקע געוויקסן, דערפאַר האָבן מיר דאָ פּאַפּאַראָטניקעס און שירעם־געוויקסן און טוווע־געוויקסן אָן א שיר.

וווּ־ניט־וווּ האָבן זיך באַגעגנט ביימער מיט רויטע בליטן, נאָרפאָלקישע סאָסנעס, טועס מיט ווערטיקאַל־וואַקסנדיקע צווייגן, פאַרשיידנאַרטיקייטן פון ציפּריסן־ביימער, וואָס די שטאַמען זייערע זיינען אומעטום געווען באַפלאַכטן מיט פאַרשיידנאַרטיקע פּאַפּאַראָטניקעס.

צווישן די צווייגן פון די ביימער און אין די קוסטן האָבן אומגעפלאַ־טערט קאַקאַדוען, גרינע קאַקאַריקן מיט רויטע גאַרטלעך אף די ברוסטלעך, טאופּעס און גרויסע געלע פּאַפּוגייען מיט א בונט־פאַרביקער באַפעדערונג.

דעם מאַיאָר און ראָבערטן האָט זיך איינגעגעבן צו דערשיסן עטלעכע בעקאַסן און ראַב־הינדלעך, וואָס האָבן געשטיפט צווישן די נידערוואַקסיקע קוסטן־ביימלעך, און קעדיי ניט צו פאַטערן ספּעציעל דערויף קיין ציַיט, האָט מיסטער אָלבינעט זיי נאָך אָפּגעפליקט אפן וועג.

פּאַגאַנעל האָט זיך אינטערעסירט בלויז מיט די מינים פייגל, וואָס זיינען אייגנטימלעך אויסשליסלעך פאַרן ניי־זעלאַנדישן אַרכיפּעלאַג.

די נײַגעריקייט פונעם געלערנטן האָט פאַרטריבן אין אים דעם אַפּעטיט פונעם רײַזנדער. ער האָט זיך דערמאָנט (אַ זיכער, ווי באַוווּסט, האָט דאָך דער געאָגראַף אונדזערער געהאַט אַן אויסגעצייכנטן) אין איין מאָדנעם אָרט־געבוירטיק פייגעלע, וואָס הייסט טוּ. די אייראָפּעיִשע נאַטורפאָרשער רופן עס דער נאָכקרומער, דערפאַר, וואָס דער טוּ־עס געשריי דערמאָנט אָפּט אין אַ געלעכטער, אָדער זיי רופן עס אָן דער מאָנאַך, פאַר דעם שוואַרצער באַפעדערונג מיטן ווײַסן קעלנערל, וואָס דערמאָנט אין דער פאָרעם פון די דאָמיניקאַנישע מאָנאַכן.

— אין מעשׂה פונעם ווינטער, — האָט פּאַגאַנעל גענומען דערציילן דעם מאַיאָר, — ווערט דאָסדאָזיקע פייגעלע אַזוי פעט, אַז ס'קען עס מאַמעש ניט איבערטראָגן. ס'איז דעם פּאָשעט שווער צו פליִען. דאָן טוט עס זיך אַליין אַ זעץ מיטן שנאָבל איבערן ברוסטל און סע פאַרווונדעט זיך, כּדי זיך צו באַפרײַען פונעם איבעריקן פעטס. ווי זאָגט איר, פרײַנט מאַק־נאַבס, ס'איז ניט מאָדנע אַזאַ מין זאַך?

— ס'איז אַזוי שטאַרק מאָדנע, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — אַז איך גלויב אַפילו אין קיין איין וואָרט ניט דערפון.

פּאַגאַנעלן האָט עס זייער שטאַרק פאַרדראָסן און ס'האָט זיך אים זייער געוואָלט כאַפּן ערגעץ כאָטש איין טוּ און דערווײַזן דעם מאַיאָר, ווי גערעכט ער איז, וואָרום ער וואָלט זיכער געפינען באַם פייגעלע אויף דער ברוסט די שראַמען פון די פאַרהיילטע ווונדן.

אָבער געפינען דאָסדאָזיקע פייגעלע האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן, דערפאַר האָט אים אָפּגעגליקט צו באַגעגענען אַ צווייטן מין פויגל, וואָס איז אומגעלאָפן איבער דידאָזיקע אומבאַוווינטע געגנטן. דערדאָזיקער פויגל הייסט קיווי, זײַן אָריגינעלער אויסזען און זײַנע קאָמישע באַוועגונגען האָבן קעסיידער צו זיך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פון די רײַזנדער, און בעשאַס דיומאָן דיורוויל האָט פירגענומען זײַן באַרימטע רײַזע איבער דער אָקעאַניע, האָט די וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע אים באַופטראַגט, ער זאָל ברענגען צו פירן קיין אייראָפּע אַ פאָרשטייער פון דערדאָזיקער מאָדנער ראַסע פייגל. אָבער ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט צוגעזאָגט די אָרטגעבוירטיקע מענטשן אָן אַ שיר גוטע מאַטאָנעס, האָט זיך דעם באַרימטן רײַזנדער דאָך ניט אײַנגעגעבן צו ברענגען מיט זיך אַפילו קיין איין קיווי.

פּאַגאַנעלן האָט זיך אײַנגעגעבן צו כאַפּן צוויי פייגל אַזעלכע, האָט ער זיי זייער פאָרזיכטיק צונויפגעבונדן צוזאַמען און זיי אַוועקגעטראָגן מיט זיך. ער האָט שוין זיך פאָרגעשטעלט, וויאַזוי ער שענקט אַוועק דידאָזיקע מאַטאָנע דעם זאָאָלאָגישן פּאַרק אין פּאַריזש, און וויאַזוי אַלע באַזוכער שטעלן זיך דאָרטן אָפּ לעם דעם שענסטן שטײַגל, וווּ סע שטייט אָנגעשריבן:

זשאַק פּאַגאַנעלס געשאַנק

דער קליינינקער אָסטיאַד האָט זיך דערוויַיל געריקט וויַיטער לענגויס דעם טיַיך וויַיפּע. דידאָזיקע געגנט איז געווען א פּאַרלאָזטע, קיין איין שטעגעלע האָט ניט איידעס געזאָגט וועגן דער נאָענטקייט פון מענטשן, קיין איין שפּור האָט ניט געוואָרנט וועגן דעם, אז דאָ איז ערגעץ דורכגעגאַנגען אן אָרטיגע־בירטיקער. דער טיַיך איז זיך געפלאָסן,— אמאָל צווישן הויכע קנאָטן, אמאָל צווישן הוילע אָפּגעדעקטע זאַמדיקע בּרעגן. אין אַזעלכע ערטער האָט מען געקענט אַרומכאַפּן מיטן אויג דעם גאַנצן טאָל בּיז צו די סאַמע בּערג, וואָס פאַרשליסן דעם טאָל צו מיזרעכ־צו. דידאָזיקע בּערג, וואָס די שפּיצן זייערע זיַינען געווען אייַנגעהילט מיט א נעפּלדיק רויכעלע, האָבּן פונדערוויַיטנס געמאַכט דעם איַינ־דרוק פון אוראַלטע בּאַלעכאַיִם, וואָס זיַינען פּלוצים פאַרשטיינערט געוואָרן. די בּערג האָבּן אָן צווייפל געהאַט א ווולקאַנישע אָפּשטאַמונג, און ס׳איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָרום גאַנץ ניַי־זעלאַנד איז אייגנטלעך אַנטשטאַנען גאָרניט אזוי לאַנג אין רעזולטאַט פון די ווולקאַנישע פּראָצעסן. און בּיז צום הייַנטיקן טאָג הערט ניַי־זעלאַנד ניט אויף זיך אויפצוהייבּן פון דעם וואַסער. אייניקע ערטער פון איר אויבּערפלאַך האָבּן אין משעכ פונ די לעצטע צוואַנציק יאָר זיך אויפגעהויבּן אַפּ א גאַנצן קלאַפטער איבּערן יאַם־גיוואָ. דאָס פיַיער הערט ניט אויף צו בושעווען אין אירע אינגעווייַדן און אין אַסאַך ערטער רייַסט זיך עס אַרויס דורך די גייזער־לעכער און דורך די ווולקאַנען־קראַטערס אַפּ דעם ערד־אויבּערפלאַך.

אַרום פיר אַזייגער בּאַטאָג איז שוין דער אָסטריאַד געהאַט דורכגעגאַנגען ניַיע צען מיַיל. פּאַגאַנעל, וואָס האָט די גאַנצע ציַיט בּאַאָבּאַכטעט דעם וועג ווייערן לויט דער מאַפּע, האָט געמאָלדן, אז דאָס אָרט, ווו וויַיקאַטאָ גיכט זיך צונויף מיט וויַיפּע, געפינט זיך וואָסערע פינפ מיַיל פונדאַנען, און דאָרטן גייט אויך דורך דער אָקלענדישער פּאָסט־טראַקט. אַפּ דעמדאָזיקן אָרט האָבּן די רייַזנדער געהאַט בּעדייע זיך אָפּשטעלן נעכטיקן. פונדאָרטן וועלן זיי האָבּן בּיז צו דער וויכטיקסטער שטאָט פון דער פּראָווינץ אינגאַנצן וואָסערע פופ־ציק מיַיל, וואָס וועלן דאַרפן אָפּנעמען דריַי אָדער פיר טעג צופוס־גיין, אָדער אכט שאָ פאָרן אַפּ א פור, אויבּ זיי וועלן זיך צופעליק אָנטרעפן מיט דעם פּאָסט־וואָגן, וואָס גייט דורך צוויי מאָל אין כוידעש צווישן אָקלענד מיט דער האַוקסער בּוכטע.

— דאָס הייסט, אז מאָרגן וועלן מיר נאָך דאַרפן נעכטיקן אונטערן אָפּע־נעם הימל? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— יאָ,— האָט פּאַגאַנעל געענטפערט,— אָבּער איך פאַרהאָף, אז דאָס וועט שוין זיַין דאָס לעצטע מאָל.

— איז עס נאָך ניט שלעכט,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן,— וויַיל פאַר מיסיס עלען און מיס מערי איז עס גאָרניט פון די גרינגע זאַכן.

— זיי האָבּן זיך אָבּער נאָך קיינמאָל דערוף ניט געקלאָגט,— האָט דזשאָן מאַנגלס בּאַמערקט. — איך דערמאַן זיך,— האָט ער צוגעגעבּן, זיך ווענדנדיק

צו פאגאנעלנ, — אז איר האָט עפעס, דאכט זיכ, גערעדט פונ א דערפל אינ
דעמ אָרט, ווו די טײַכנ גיסנ זיכ צונויפ.

— ריכטיק, — האָט דער געלערנטער געענטפערט, — דאָס איז נהארנא־
וואכיע, וואָס געפינט זיכ וואָסערע צוויי מײַל פונ דעמ צונויפגיסונג־
פלאצ.

— איז וואָלטנ מיר עפשער דאָרטנ קענענ נעכטיקנ? מיסיס גלענארוואנ
אונ מיס גראנט וועלנ זיכ ניט אָפזאָגנ דורכגיינ דידאָזיקע צוויי מײַל, אבי
צו פארברענגענ די נאכט אינ א רעכטנ אײַנפאָר־הויז מיט מענטשלעכע בא־
דינגונגענ.

— אינ א רעכטנ אײַנפאָר־הויז? — פאגאנעל האָט אויסגעשאָסנ א געלעכ־
טער. — אינ א מאאָרײַשנ דאָרפ — אנ אײַנפאָר־הויז!.. דאָרטנ וועט איר דאָכ
בלויז טרעפנ עטלעכע נעבעכדיקע צונויפגעקוטשקעטע הײַזקעס. איר וועט
דאָרטנ ניט נאָר ניט געפינענ קיינ אײַנפאָר, נאָר אפילע קיינ טראקטירל קיינ
נישטיקנ אפ זיכ ארײַנכאפנ עפעס איבערבײַסנ. ניינ, ווער סע וויל הערנ מײַנ
אייצע, דער זאָל אויסמײַדנ אזא מינ דערפל ווי ווײַט מע קענ נאָר.

— איר מאכט שוינ, פאגאנעל, ווײַטער דעמ ראש מער ווי ס'איז, — האָט
זיכ מיסטער גלענארוואנ אָנגערופנ.

— טײַערער סער, — אויב איר האָט צו טאָנ מיט די מאאָריִער, איז אינ
דעמדאָזיקנ פאל אומצוטרוי אסאכ געוווּנשענער פונ צוטרוי. איכ ווייס ניט,
אינ וואָס פאר א באציִונגענ זיי געפינענ זיכ איצט מיט די ענגלענדער. צי דער
אופשטאנד האָט זיכ געענדיקט בא זיי מיט א ניצאָכנ אָדער מיט א מאפאָלע,
אונ ווער ווייסט, קענ זײַנ, אז דער אופשטאנד האלט נאָכ איצטער אויכ אינ
פולנ ברענ. דאָ פארשפאָרנ מיר זײַנ האשיידנ אונ מיר מעגנ זאָגנ מיטנ
פולנ מויל, אז מיר שטעלנ מיט זיכ פאָר פאר די אָרטגעבוירטיקע זייער א
פײַנ שמעקל רויב אונ מיר וואָלט זיכ ניט וועלנ איבערטראָגנ אפ מײַנ איי־
גענער הויט דאָס, וואָס סע ווערט אָנגערופנ ניי־זעלאנדישע גאסטפרײַנט־
לעכקײַט. דערום זאָג איכ זיכ ארויס דערפאר, אז ווי ווײַט מע קענ זאָלנ מיר
אויסמײַדנ די באגעגענישנ מיט די אָרטגעבוירטיקע, אונ דאָס דאָרפ נהארנא־
וואכיע זאָלנ מיר ארומגיינ אפ מײַלנ. אָט, זעט־איר, אז מיר וועלנ אָנקומענ
צו דריורי, וועט שוינ דאָרטנ זײַנ אינגאנצנ אנדערש, — דאָרטנ וועלנ אונד־
זערע מוטיקע מיטרײַזנדערנס זיכ קענענ אויסרוענ פונ זייער וועג־מידקײַט
וויפל זיי וועלנ נאָר אליינ וועלנ.

דעמ געאָגראפס מיינונג האָבנ, פארשטייט זיכ, אָנגענומענ אלע. מיסיס
עלענע איז ליבער געווענ פארברענגענ נאָכ א נאכט אונטערנ אָפענעמ הימל,
איידער צו שטעלנ אינ געפאר דעמ פרידנ פונ אירע מיטרײַזנדער. סײַ זי, סײַ
מערי גראנט האָבנ געפאָדערט, אז מע זאָל נאָכ גיינ ווײַטער, אונ דער אָט־
ריאד האָט פאָרגעזעצט דעמ וועג לענגאויס דעמ ברעג פונעמ טײַכ.

אינ צוויי שאָ ארומ האָבנ די ערשטע אָוונט־שאָטנס זיכ גענומענ אויס־
זעצנ אפ די בערג־שיפויִמ, די זונ האָט פארנ פארגיינ זיכ נאָכ באנוצט מיטנ

דורכרײַס פון די וואָלקנס צו באַלײַכטן מיט אירע אַלאַכסנדיקע שטראַלן די נאָענטע אומגעגנט.

די שפּיצן פון די דערווײַטערטע בערג האָבן זיך אָפּ א ווײַלינקע אָנגע־צונדן אין רויטער שײַן. ס'האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז דאָס שיקן זיי א געזעגענונגס־גרוס די רײַזנדער. מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנ־דער האָבן אַביסעלע פאַרגיכערט דעם שפּאַן; זיי האָבן שוין געוווּסט, ווי קורץ די דעמערונגען זײַנען אונטער דער דרדאָזיקער ברייט און ווי פלינק די נאַכט קומט דאָ אָן. און אויב זיי זײַנען שוין יאָ געגאַנגען, וואָלטן זיי זיך וועלן אומבאַדינגט דערקלײַבן צום אָרט, וווּ די טײַכן גיסן זיך צונויף, נאָך אײדער ס'וועט אינגאַנצן פינצטער ווערן. אָבער פּלוצים האָט זיך אופגעהויבן א געדיכטער נעפּל און ס'איז געוואָרן שווער צו אונטערשיידן דעם וועג.

צום גליק, האָבן די אויערן פאַרשפּאָרט די אויגן אַן אַרבעט, וואָרום דער גערויש פונעם וואַסער־שטראָם, וואָס איז דערגאַנגען צו זייער געהער, האָט אינגיכן געלאָזט וויסן די רײַזנדער, אַז ביידע טײַכן גיסן זיך צונויף אין איין בעט אַרײַן. ס'איז געווען אַרום אַכט אוייגער, בעשאַס די רײַזנדער זײַנען שוין געווען אין דעם אָרט, וווּ די ווײַפּע פאַלט אַרײַן אין דעם טײַך ווײַקאַטאָ.

— אָט דאָס איז ווײַקאַטאָ! — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן. — און דער אָקלענדישער טראַקט גייט דורך לענגויס דעם רעכטן ברעג זײַנעם.

— דאָס וועלן מיר שוין זען מאָרגן, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — און איצט לאָמיר זיך אָפּשטעלן דאָ אָפּ נאַכטלעגער. מיר דוכט, אַז אָנױ שטייט אויסגעשטעלט א גרופּע ביימער, וואָס בא זייער צופוסנס קענען מיר אָפּשטעלן דעם לאַגער אונדזערן. איך לייג פאָר, אַז מיר זאָלן אָפּעסן אָוונט־ברויט און זיך לייגן שלאָפן.

— ס'וועט שוין זײַן דער שיינער אָוונט־ברויט, — האָט פּאַגאַנעל געענט־פערט. — פּענעצן מיט קאַלט פלייש, וואָרום צעלייגן א פײַער טאָר מען דאָ ניט. אָנגעקומען זײַנען מיר אַהערצו אינקאָגניטאָ און מירן פונקט אַזוי דעם־זעלבן אויפן זיך באַמיִען פאַרשווינדן צו ווערן פונדאַנען. ווי גוט ס'איז, וואָס דער נעפּל איז געקומען אונדז צו פאַרשטעלן!

דער אָטריאַד האָט זיך אָפּגעשטעלט לעם דער גרופּע ביימער, און ווי דער געאָגראַף האָט פריִער געזאָגט, האָבן זיי אינדערגיך איבערגעביסן צו עטלעכע פּענעצן מיט שטיקלעך קאַלט פלייש און האָבן זיך אוועקגעלייגט שלאָפן.

אינגיכן זײַנען אַלע רײַזנדער אַנשלאָפן געוואָרן מיט א טיפן שלאָף, וואָרום זיי האָבן אין מעשך פון די דורכגעמאַכטע פופצן מײַל באַוויזן זיך גוט צו אײַנמאַטערן.

## אכטע קאפיטל

# דער נאציאָנאלער טײַכ

אפ מאָרגנ פארנ זונ־איפגאַנג איז איבערנ טײַכ געהאנגענ א געדיכטער נעפל.

באם אָרט, וו סע גיסנ זיכ צונויפ ביידע טײַכנ, האָט זיכ אויסגעשטעלט א לאנגער שארפשפיציקער זאמד־שטיק, וואָס איז געווענ באדעקט מיט געדיכטע קוסטנ־ביימלעכ. די חײַפע־וואסערנ, וואָס זײַנענ געווענ פלינקער, האָבנ אפ א שטרעקע פונ א וואָסער פערטל מײַל זיכ ניט געוואָלט צונויפ־מישנ מיטנ ווײַקאטאָ־שטראָם. אָבער דער רויִקער אונ מעכטיקער טײַכ האָט סאָפקאָלסאָפ בײַגעקומענ דאָס האסטיקע טײַכל, ער האָט אביסל אײַנגעשטילט זײַנ אומגעדולד אונ האָט מעסיק געקײַקלט זײַנע כוואליעס אינ דער ריכטונג צום שטילנ אָקעאנ.

בעשאס דער נעפל איז זיכ צעגאנגענ, האָט זיכ באוויזנ אפנ טײַכ א שיפל, וואָס האָט זיכ גערוקט ארופ־וואסער. דאָס איז געווענ א פליט, וואָס האָט געהאט וואָסערע זיבעציק פוס די לענג, פינפ — די ברייט, אונ דרײַ — די טיפ. דער שפיצ זײַנער האָט זיכ געהויבנ ארופ, ווי דער שפיצ פונ א ווענעציאנער גאָנדאָלע. מיט טרוקענע פאפאָראָטניקעס איז געווענ אויסגעשפרייט דער דנאָ פונ דעמדאָזיקנ פליט.

דער פליט האָט זיכ פלינק געגליטשט איבער דעם וואסער־אויבערפלאכ אונטער די קלעפ פונ די אכט רודער־לײַט, וואָס זײַנענ געזעסנ בא דעם פאָרנט־טייל. איינער א פארשוינ איז געשטאנענ בא דעם הינטערטייל אונ האָט געקערעוועט דעם פליט מיט דער הילפ פונעם קורצנ רודער־לעפל.

דערדאָזיקער אָרטגעבוירטיקער איז געווענ הויכוווקסיק, א מענטש אינ די פערציקער, מיט א ברייטער ברוסט, מיט פעסטע מוסקולנ אונ באוואָפנט פונ קאָפ ביז די פיס. דער דורכדרינגלעכער בליק פונ זײַנע טיפ־אײַנגעגראָבענע אויגנ, דער צעקנייטשטער הויכער שטערנ, דער שטרענגער געזיכט־אויסדרוק האָבנ אָנגעוואָרפנ א מוירע.

דאָס איז געווענ א מאָאָרײַשער פירער אונ דערצו נאָכ פונ גאָר א הויכנ ראנג: מע האָט עס געקענט דערקענענ לויט דער טאטויִרונג, וואָס האָט פאסעוועט זײַנ גאנצ לײַב אונ וואָס האָט זיכ אונטערשיידט מיט איר אייד־דעלער ארבעט. לעם די נאָזלעכער פונ זײַנ אָדלער־נאָז האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די צוויי שווארצע ספיראלנ, וואָס האָבנ ארומגערינגלט די אויגנ אונ זײַנענ פארשווּונדנ געוואָרנ אפנ שטערנ אונטער דעם גרויסארטיקנ קאָפ האָר. זײַנ מויל, וואָס האָט באוויזנ צוויי צײַלנ בלענדזונד־ווײַסע ציינ, איז אויכ געווענ ארומגעטאטויִרט. פונדאנענ האָט זיכ די טאטויִרונג אראָפגעלאָזט דורכ דעם קינ גלײַכ צו דער ברוסט־צו. די טאטויִרונג — „מאָקאָ" אפ נײַזעלאנ־דיש — איז א צייכנ פונ הויכנ באַרופ. אזא מינ צייכנ באקומט נאָר דער,

וואָס האָט זיך גוט אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן. די קנעכט און דאָס פּאַשעטע פֿאָלק האָבן ניט קיין רעכט דערויף. די סאַטיִרונג בײַ די וויכטיקע פֿירערס שיידט זיך אונטער פֿון דער סאַטיִרונג פֿון די פּאָשעטע קריגס־לײַט דורך איר קאָמפּליצירטער און איידעלער אַרבעט. אָפֿטער פֿון אַלץ שטעלט זי מיט זיך פֿאָר געמעלן פֿון פֿאַרשיידענע כּלים. אייניקע פֿירער טראָגן איבער אַף זייער לעבן וואָסערע פֿינף מאָל די ווייטיקדיקע סאַטיִרונג־אָפּעראַציע. און וואָס דער מענטש איז כּאָשעווער, אַלץ מערער איז ער באַמאָלט.

וואָס איז שײַך דעם פֿירער, וואָס האָט איצט געריכטעט דעם פֿליט, מוז מען אָנערקענען, אַז די באַדײַטונג פֿון זײַנע שלאַכט־פֿאַרדינסטן איז געווען אָן שום צווייפֿל זייער אַ גרויסע. אַף זײַן פּאָנעם האָבן זיך פֿאַרהיט שפּורן פֿון סינפּמאָליקער סאַטיִרונג.

ער איז געווען באַדעקט מיט אַ ברייטן מאַנטל פֿון היימיש־אויסגעאַרבעטער וואָל, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט הינטישן פֿוטער; איבערגעגאַרטלט איז ער געווען מיט אַ פֿאַרטעך, אַף וועלכן ס'האָבן זיך נאָך געזעען בלוט־שפּורן פֿונעם לעצטן שלאַכט. פֿון די אויערן־לעפּלעך זײַנען בײַ אים אַראָפּגעהאַנגען אוירינגלעך, און אַפֿן האַלדז האָט ער געטראָגן קאָרעלן פֿון אַזעלכע שטיינדעלעך, וואָס די אַבערגלויבערישע אָרטגעבוירטיקע גלויבן אין זייערע וווּנדער־אופּטוענדיקער קראַפֿט. פֿון פֿאָרן אַקסל האָט בײַ אים אַרויסגעשטעקט אַ ביקס פֿון ענגלישן מוסטער און לעם גאַרטל האָט ער געהאַט אַ פּאַטראָנטאַש, אַזאַ מין געווער־שטיק, וואָס דערמאָנט מיט דער פֿאָרם אָן אַ צווייזײַטיקער האַק.

פֿונפֿאָרנט־צו זײַנען פֿאַרן פֿירער געזעסן נײַן קריגס־לײַט פֿון אַ נידעריקערן ראַנג, אָבער זיי זײַנען אויך געווען זייער גוט באַוואָפֿנט און דער אויסזען זייערער איז געווען ווײַט ניט קיין מילדער. זיי זײַנען געזעסן קימאַט אײַנגאַנצן אומבאַוועגלעך, אויך אײַנגעהילט אין זייערע מאַנטלען. לעם זייערע פֿיס זײַנען געלעגן דרײַ הינט. די אַכט רודער־לײַט, וואָס זײַנען געזעסן לעם דעם רודער, זײַנען, קענטיק, געווען דעם פֿירערס קנעכט אָדער זײַנע באַדינערס. זיי האָבן גערודערט מיט אַלע קויכעס, און דער פֿליט האָט זיך שווינדיק געטראָגן איבערן טײַך ווײַקאַטאָ אַרויף־וואַסער. אין דער מיט פֿונעם פֿליט זײַנען אַפֿן אויסגעשפּרייטן פֿאַפֿאָראָטניק געזעסן נײַן געפֿאַנגענע אייראָפּייער, די פֿיס זײַנען בײַ זיי געווען געבונדן, אָבער די הענט — פֿרײַ.

דאָס זײַנען געווען מיסטער גלענאַרוואַן, מיסיס עלען, מיס מערי, ראָבערט גראַנט, פּאַגאַנעל, דער מאַיאָר מאַק־נאַבס, דער קאַפּיטאַן דזשאָן מאַנגלס, דער קיכמײַסטער אָלבינעט און בײדע מאַטראָסן.

לאָזט זיך אויס, אַז נעכטן אינאָוונט איז דער קלײנינקער אָטריאַד פֿאַרקראָכן אינעם נעפּל ביז צום סאַמע צענטער פֿון אַ גרויסן לאַגער אָרטגעבוירטיקע. באַנאַכט האָבן די נײַ־זעלאַנדער באַמערקט די שלאָפֿנדיקע אייראָפּייער, זיי האָבן זיי גלײַך גענומען אין געפֿענקעניש און איבערגעטראָגן געבונדע־

נערהייט אינ פליט אריינ. ביז איצט איז מענ זיכ נאָכ ניט זיי ניט שלעכט באגאנגענ, אָבער קלאָר איז געווענ, אז זיכ קעגנשטעלנ דאָ איז גאָרניט שייעכ. זייער געווער אונ זייערע אלע איבעריקע זאכנ זיינענ שוינ געווענ בא די אָרטנעבוירטיקע אינ די הענט אונ די קוילנ פונ זייערע אייגענע קאראבינעג וואָלטנ זייער גיכ געמאַכט אנ עק פונ יעדנ פרווו זייערנ צו קעגנשטעלנ זיכ.

די געפאנגענע האָבנ פארשטאנענ פונ די אָפגעהאקטע ענגלישע ווערטער, וואָס פאלנ אָפט אריינ אינ די רייד פונ די אָרטנעבוירטיקע, אז די ענגלישע ארמיי האָט צעשלאָגנ די אָטריאדנ זייערע אונ אז איצט ראטעווענ זיי זיכ דורכ דעם, וואָס זיי וועלנ אנטלויפנ אינ די דערוויַיטערטע געגנטנ אַרום דעם אויבער־טייל פונ דעם טייכ ווייקאטאָ.

דער פירער פונ די מאאָרי־ער האָט באם פרווו זיכ קעגנשטעלנ די ענג־לישע קויכעס איבערגעלאָזט אפנ שלאכטפעלד אסאכ געהארגעטע אונ פאר־וווּנדעטע, וואָס באטרעפנ א באדייטנדיקנ טייל פונ זיינע קריגס־לייט, דערום האָט ער, קענטיק, באשלאָסנ אָפצוטרעטנ אינ דער טיפ פונ לאנד, קעדיי צו ווערבירנ דאָרטנ נייע קריגס־לייט צווישנ די טייכ־דערפלעכ אונ דערנאָכ ווען ער זיכ דורכשלאָגנ אונ זיכ פאראייניקנ מיטנ אומבאזיגבארנ וויליאם טאָמפ־סאָנענ, וואָס האָט נאָכ אלץ פאָרגעזעצט דעם קאמפ מיט די פארכאפערס.

דעמדאָזיקנ פירער האָט מענ גערופנ קאי־קומו — א נאָמענ, וואָס האָט זייער א בייזע באדייטונג — „דער, וועד סע פרעסט אופ זיינע פיינט". קאי־קומו איזווירקלעכ געווענ זייער העלדיש, אונ אינ דערזועלבער צייט זייער אכזאָריעסדיק. אפ קיינ סאכ גוטס האָט מענ פונ אים ניט געקענט דערוואַרטנ. זיינ נאָמענ איז גוט געווענ באוווּסט יעדנ ענגלענדער, וואָס האָט געלעבט אינ ניי־זעלאנד, אונ די ענגלישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט א גרויסנ לוינ דעם, ווער ס'וועט אים צושטעלנ, — קיינ כילעק ניט, צי א טויטנ, צי א לעבעדיקנ.

מיסטער גלענארוואנ האָט זיכ געהאלטנ זייער רויק. קיינער האָט ניט גע־דארפט וויסנ, וואָס סע טוט זיכ בא אים אינ הארצנ, אונ מיט דערדאָזיקער רויקייט האָט ער געוואָלט ווירקנ אפ זיינע שטאָלצע פאנגערס, וואָס, ווי בא־וווּסט, אכטנ זיי אויכ באם צווייטנ א שטאָלצע אונ ווירדיקע אופירונג, — מעג עס זיינ א פיינט, צי א פריינט.

די אָרטנעבוירטיקע, וואָס זיינענ קארג אפ ווערטער, ווי אלע ווילדע מענטשנ, האָבנ זיכ זעלטנ־ווענ איבערגעוואָרפנ צווישנ זיכ מיט געציילטע פראזנ, אָבער אפילע לויט זייערע ווינציקע רייד האָט גלענארוואנ באמערקט, אז זיי מוזנ פארשטיינ די ענגלישע שפראכ. דערום האָט ער באשלאָסנ א פרעג צו געבנ דעם פירער זייערנ אפנ גורל פונ זיינ עקספעדיציע, בעסער געזאָגט: אפ וואָס ער מיט זיינע לייט קענענ זיכ איצטערט ריכטנ?

זיכ ווענדנדיק צו קאי־קומו, האָט ער זיכ אָנגערופנ מיט א פעסטער שטימ אָנ דעם מינדסטנ שאָטנ פונ מוירע:

— וווהינ פירסטו אונדז, עלצטער?

קאַי־קומו האָט אָפּגעמאָסטן מיסטער גלענאַרוואַנען מיט א קאַלטן בליק און גאָרניט ניט געענטפערט דערויף.

— וואָס קלײַבסטו זיך מיט אונדז טאָן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן ווײַטער א פרעג געטאָן.

קאַי־קומוס א בליק האָט בליציק א שווינדל געטאָן, און ער האָט געענטפערט:

— אויסבײַטן אײַך אפ אונדזערע געפאַנגענע, אויב איר זײַנט טײַער בא אײַערע לאַנדסלײַט, אָדער אײַך הארגענען, אויב יענע וועלן זיך אָפּזאָגן פונעם בײַט.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט מער ניט געשטעלט קיין פראַגן, א שטראַל פון האָפענונג האָט אים דערוואַרעמט דאָס הארץ. ער האָט פאַרשטאַנען, אז געוויסע מאַאָרײַישע עלצטע זײַנען אַרײַנגעפאַלן צו די ענגלענדער אין געפענקעניש, און די ווילדע מענטשן האָבן, אז זיי וועלן זיי קענען צוריק אַרײַנבאַקומען אין זייערע רייען דורך אויסטויש־מיטלען. אזוי, אז די האָפענונג איז דאָך נאָך ניט אינגאַנצן פאַרלאָרן.

פאַגאַנעל, וואָס האָט נאָר געוווּסט פון עקסטרעמען, איז מיטאמאָל געוואָרן שטאַרק פריילעך. ער האָט בא זיך אין הארצן שוין געקלערט, אז זיי מאַאָרײַער וועלן גאָר אײַנשפּאָרן דער עקספּעדיציע אָן א שיר איבעריקע מאַטערנישן און זאָרגן דורך דעם, וואָס זיי וועלן צושטעלן די אָנטיילנעמער אירע גלײַך צום ענגלישן מיליטער, און אויב קוקן פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט, איז די געפאַנגענשאַפט זייערע גאָר א גליק פאַר זיי און ניט קיין צאָרע. דער געלערנטער, ווי נאָר ער האָט זיך באַרויקט, אדאַנק דערדאָזיקער האַשאָרע, אזוי האָט ער זיך שוין גלײַך אַרײַנגעטאָן אין דער מאַפּע און גענומען אויספאָרשן אַלע אָפּקער־פּונקטן פונעם טײַך ווײַקאַטאָ. מיט־אַלען און מיט בערי האָבן זיך אויך מיט אַלע קויכעס געשטאַרקט און זיי האָבן שטיל געשמועסט מיט מיסטער גלענאַרוואַנען. ווען עמעצער גיט אפ זיי א קוק פונדערזײַט, וואָלט ער זיך בעשומיפּנים ניט אָנגעשטויסן, וואָס סע טוט זיך איצט בא זיי אפן הארצן.

ווײַקאַטאָ — דאָס איז דער נאַציאָנאַלער טײַך פון נײַ־זעלאַנד. די מאַאָרײַער שטאָלצירן מיט אים און האָבן אים ליב, פּונקט ווי די דײַטשן דעם טײַך ריין, אָדער די סלאַוון — דעם טײַך דונײַ. דאָס בעט פון דעמדאָזיקן טײַך ציט זיך אפ א מעהאַלעך פון וואָסערע צוויי הונדערט מײַל און באוואַסערט די סאמע פרוכטבאַרסטע געגנטן פון די צאָפנדיקע אינדזלען צווישן דער פּראָווינץ וועלינגטאָן מיט דער פּראָווינץ אָקלענד. אפן נאָמען פונעם דאָזיקן טײַך ווערן אָנגערופן אסאך שוואַכים, וואָס ווינען לעם זײַנע ברעגן. דאָס זײַנען דער שטאָלץ פון דער נײַ־זעלאַנדישער ראַסע, די סאמע דרײַסטע און זעלבסטאָפּפערדיקע העלדן, וואָס זײַנען אופגעשטאַנען אַלע ביז איינעם קעגן דער טיראַנערײַ פון די פאַרכאַפּערס, די ענגלענדער.

דערדאָזיקער טײַך איז קימאַט אינגאַנצן אומבאַקענט די אייראָפּייער, איבער

אים זײַנען געשווומען און שווימען איצט בלויז פּליטן מיט אָרטגעבירטיקע, ווייניק, גאָר ווייניק טוריסטן האָבן זיך דערוועגט צו באַזוכן דעם נידערטייל פונעם דאָזיקן טײַך, אָבער אויף די ברעגן פונעם אויבער־טייל ווײַקאַטאָ האָט נאָך קיינמאָל ניט אַרויפגעטראָטן קיין איין אייראָפּייער.

פּאַגאַנעל האָט געוווּסט, מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט די אָרטגעבירטיקע באַציִען זיך צו דעם דאָזיקן טײַך; ער האָט אויך געוווּסט, אַז קיין איין אייראָפּייִשער נאַטורפאָרשער איז נאָך ניט דורכגעדרונגען ווײַטער פון דעם אָרט, וווּ ער גיסט זיך צונויף מיט דער ווײַפּע, דערום האָט זיך אים זייער געוואָלט דערוויסן, וווהין וועט קאַי־קומו פאַרפירן די געפאַנגענע זײַנע. אָבער פרעגן האָט ניט געפּאַסט, און דער געאָגראַף וואָלט טאַקע זיך גאָרניט ניט דערוווּסט, ווען ער לייגט ניט צו פעליק קיין אַכט אויפן וואָרט „טאַופּאָ", וואָס איז אָפט דערמאָנט געוואָרן אין די רייד, ווען דער עלצטער פלעג זיך אָפּרופן צו זײַנע קריגס־לײַט. פּאַגאַנעל האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מאַפּע און דערזען, אַז מיטן דאָזיקן נאָמען ווערט אָנגערופן די גרויסע אָזערע, וואָס געפינט זיך אין דעם באַרגיקן טייל פונעם אינדזל בײַ דעם דאָרעמדיקן עק־טייל פון דער פּראָווינץ אָקלענד. ווײַקאַטאָ שטראָמט טאַקע אַרויס פון דער דאָזיקער אָזערע. צווישן דער אָזערע און דעם אָרט, וווּ ווײַקאַטאָ גיסט זיך צונויף מיט דער ווײַפּע, גייט דורך דער שטראָם אויף אַ שטרעקע פון אַ וואָסערע הונדערט מיט צוואַנציק מײַל.

פּאַגאַנעל האָט אַ פרעג געטאָן בײַ דזשאָן מאַנגלסן אויף פראַנצויזיש — כדי די אָרטגעבירטיקע זאָלן אים ניט פאַרשטיין — צי קען ער באַשטימען די שנעלקייט פון זייער איצטיקער שיפונג.

— בײַ די דרײַ מײַל אַ שעה, — האָט אים דער יונגער קאַפּיטאַן געענטפערט.

— אויב אַזוי, — האָט זיך דער געאָגראַף אָנגערופן, — וועט די רײַזע צו דער אָזערע אָפּנעמען וואָסערע פיר מעסלעס מיטן באַדינג, אויב מע וועט זיך אַלע נאַכט אָפּשטעלן ערגעץ נעכטיקן.

— אָבער וווּ געפינען זיך די ענגלישע אָטריאַדן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— דאָס איז איצט שווער צו זאָגן אַף געוויס, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט, — נאָר איך בין זיך מעשער, אַז די קריגס־אָפּעראַציעס זײַנען איצט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער פּראָווינץ טאַראַנאַקי, און די ענגלישע אַרמיי קער איצטער זײַן קאָנצענטרירט ניט ווײַט פון דער אָזערע טאַופּאָ אויפן קעגנאיבערדיקן באַרג־שיפּוע, וואָרום דאָרטן דאַרף זײַן דאָס וויכטיקסטע פײַער פונעם אויפשטאַנד.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַ קוק געטאָן אויף זײַן ווײַב און אויף מערי גראַנט און זײַן בליק איז געווען פול מיט ראַכמאָנעס. „אָרעמע פרויען, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — ס'איז שוין איינמאָל גוט אַרײַנצוטרעפן צו די צעווילדעוועטע אָרטגעבירטיקע אין די הענט אין אַזאַ מין העק, וווּ מע קען זיך ניט ריכטן אויף קיין שום הילף פון ערגעץ"!

אָבער ווי ער האָט נאָר באמערקט, אז קאַי־קומו כאַפּט אָפּ אים א קוק, האָט ער מיט געמאַכטער גלײַכגילטיקייט איבערגעפירט דעם בליק זײַנעם צום ברעג. צוליב פאַרזיכטיקייט האָט זיך אים ניט געוואָלט, דער ווילדער זאָל זיך אָנשטויסן, אז איינע פון דידאָזיקע צוויי געפאַנגענע איז זײַן פרוי.

קאַי־קומו האָט באַפוילן מע זאָל דערלאַנגען די געפאַנגענע זייער אייגע־נעם פּראָוויִאַנט, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט מיט זיך אין דער צײַט פונעם אָנ־פאַל — צום איבערבײַסן.

די אָרטגעבוירטיקע אַליין האָבן ניט געטשעפּעט פונעם דאָזיקן פּראָוויִאַנט גאָרניט, קיין אייגן פלייש האָבן זיי ניט געהאַט בא זיך און צו דעם גע־טריקנטן פלייש, וואָס די אייראָפּייער האָבן געפירט, האָבן זיי, קענטיק, ניט געהאַט קיין כיישעק.

ארום דרײַ אזייגער נאָך האלבן טאָג האָבן זיך אָפּן רעכטן ברעג פונעם טײַך באַוויזן די ערשטע באַרג־שפּיצן פון דער באַרג־קייט פּאָקאַראָאַ־רענדזש, וואָס איז ענלעך אָפּ א צעוויִנירטער ציינערדיקער וואַנט. ערטערווײַז האָט מען אָפּ די אומצוטריטבאַרע פּלאַטפאָרמעס פון דעמדאָזיקן באַרג ארויסגעזעען רויִנעס פון פּאַ־פאָרטן, וואָס די מאַאָרייִשע אינזשענערן האָבן אויסגעבויט, און אז מע קוקט פונדאַנען אָפּ דידאָזיקע פאָרטן, דוכט זיך אויס, אז דאָס זײַנען אָדלער־נעסטן.

די זון האָט זיך שוין געזעצט פון יענער זײַט האָריזאָנט בעשאַס דער פליט איז צוגעשטיגן צום ברעג, וואָס איז געווען פאַרוואַלגערט מיט שטיקער פּעמזע. ווײַקאַטאָ, וואָס פליסט אראָפּ פון די וווּלקאַן־שיפּוּים, שלעפּט מיט זיך דידאָזיקע פּעמזע לענגאויס דעם שטראָם אירן.

אינעם דאָזיקן אָרט זײַנען געוואַקסן עטלעכע ביימער, אונטער וועלכע ס'איז געווען באַקוועם זיך אָפּשטעלן אָפּ נאַכטלעגער. קאַי־קומו האָט באַפוילן, מע זאָל ארויסזעצן אָפּן ברעג די געפאַנגענע און זיי אוועקזעצן אין צענטער פונעם לאַגער. די מאַנצפּאַרשוינען האָט מען אָפּ באַנאַכט פאַרבונדן די הענט אויך, און די פרויען האָט מען געלאָזט אזוי.

נאָך פריִער, איידער קאַי־קומו האָט צווישן געגעבן וועגן דעם, אז ער איז גרייט אויסצוטוישן די געפאַנגענע אָפּ מאַאָריִער, האָבן מיסטער גלענאַר־וואַן מיט דזשאָן מאַנגלס באַהאַנדלט צווישן זיך פאַרשיידענע מיטלען, דורך וועלכע מע וואָלט זיך דאַרפן פרוּוון ארויסצורײַסן פון געפענקעניש. פון שיפל אַנטלויפן איז דאָך גאָרניט שײַך צו ריידן, האָבן זיי באַשלאָסן, אז זיי וועלן עפּשער פרוּוון דאָס גליק אָפּ דער ערד לעם אָן אָפּרר־פונקט, עפּשער וועט דער צודעק פון דער נאַכט זיי העלפן דאָס דורכצופירן.

אָבער נאָך דעם, ווי מיסטער גלענאַרוואַן האָט א רעד געטאָן מיטן מאַאָ־רייִשן פירער, איז שוין דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן געווען איבעריק. איצט האָט מען זיך געמוזט אָנלאָדן מיט געדולד און וואַרטן. דער אויסטויש אָפּ די געפאַנגענע מאַאָריִער איז געווען אסאך א בעסערער אויסגאַנג, ווי דאָס פרוּוון זיך ארויסרײַסן אָפּ דער פרײַ. אסאך סיבעס האָבן, אגעוו, געקענט פאַרהאַלטן

דעמדאָזיקן אויסטויש אָדער אים שטערן, אָבער פונדעסטוועגן האָט מען געמוזט זיך אָנעמען מיט געדולד און וואַרטן אַפן אויסגאַנג פון דידאָזיקע א׳נטע׳האַנדלונגען. אינדערעמעסן, וואָס האָבן איצט געקענט אויפטאָן א צענדליק אַנטוואָפּנטע אייראָפּייער מיט דרײַסיק אויסגעצייכנט־באַוואָפנטע ווילדע? אויסער דעם, איז מיסטער גלענאַרוואַן געווען איבערצײַגט, אַז קאַי־קומוס שייוועט האָט אָנגעהווירן עפּעס א וויכטיקן פירער, וואָס די אָרטגעבירטיקע וועלן זײַן גרייט אום יעדן פּרײַז אים אַרויסצורײַסן פון דער ענגלישער געפענקעניש. און אַזויווי ער האָט זיך מעשאַער געווען, אַזוי איז עס טאַקע געווען.

אַפּ מאָרגן האָט דער פּליט זיך א לאָז געטאָן מיט דערזועלבער ש.עלקײַט איבער די רוּיקע וואַסערן פון ווײַקאַטאָ. אַרום צען אַזייגער אינדערפרי האָט ער זיך אַפּ א קורצער ווײַלע אָפּגעשטעלט לעם דעם קליינעם טײַכל פּאָכײַוען, וואָס זײַן געשלענגלט בעט איז דורכגעגאַנגען צווישן די בערגלעכ פונעם רעכטן ברעג.

דאָ האָט זיך צו קאַי־קומון פּאַרייניקט נאָך איינער א פּליט. דאָרטן זײַנען געזעסן בא א צענדליק אָרטגעבירטיקע. די קריגס־לײַט האָבן געגריסט איינער דעם אַנדערן מיטן אויסרוף: „אײַרע מאַי ראַ״. ווען מע זעצט עס איבער, וואָלטן דידאָזיקע ווערטער באַטײַט: „מע זאָל זיך זען אין גוטן געזונט״. און ביידע פּליטן צוזאַמען האָבן זיך ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן. די נײַ־אָנגעקומענע האָבן זיך, קענטיק, נאָרוואָס געשלאָגן מיט די ענגלענדער. מע האָט עס דערקענט אין זייערע צעפליקטע מאַלבושים, אינעם פאַרבלוטיקטן געווער און אין די פרישע בלוט־טריפנדיקע וווּנדן אַפּ זייערע לײַבער. די קריגס־לײַט זײַנען געווען טרויעריק און שטיל. אַפּ די געפאַנגענע אייראָפּייער האָבן זיי ווי נים געלייגט קיין שום אכט.

אַרום האַלבן טאָג האָבן זיך צו מײַרעה־צו באַוויזן די שפּיצן פונעם באַרג מאַונהאַטאָטאַרי. דער טאָל ווײַקאַטאָ האָט אָנגעהויבן שמעלער ווערן. דער טײַך, וואָס איז צונויפגעדריקט געוואָרן צווישן די שמאָלע ברעגן, איז געפלאָסן מיט דער שנעלקײַט פון א באַרג־שטראָם, אָבער דער פּליט איז זיך געגאַנגען קעגן דעם שטראָם מיט דערזועלבער שנעלקײַט; מע האָט נאָר געזען, ווי די רודער־לײַט לייגן זיך אָן שטאַרקער אַפּ די רודערס. זיי האָבן בעײסמײַסע פאַרצויגן אַן איינטאָניקע ליד, וואָס דער מאָטיוו אירער איז געווען צוגעפּאַסט צו דעם ריטם פונעם רודערן. ווי מע האָט נאָר אויסגעמיטן די טײַך־שווינדיקײַט, אַזוי זײַנען די פּליטן ווײַטער אַוועקגעשווומען איבער די רוּיקע ווײַקאַטאָ־וואַסערן ווי געוויינלעכ.

אינאָוונט האָט קאַי־קומו באַפוילן מע זאָל צושטײַגן האַרט צום ברעג, צו וועלכן סע שטייען צו די באַרג־ווינקלען. דאָרטן האָבן זיך שוין געפונען וואָסערע צוואַנציק מאַן אָרטגעבירטיקע, וואָס זײַנען אויך געקומען צושווומען אַפּ א פּליט. יענע האָבן זיך געפּאָרעט לעם דעם שײַטער און האָבן שוין געגרייט דעם לאַגער זייערן. קאַי־קומון אַנטקעגן איז אַרויסגעגאַנגען א צוויי־

טער פירער, קענטיק, אויך פון זייער א הויכן ראנג. ער האָט געגריסט זײַן מיטקעמפּער מיטן פּרײַנטלעכן „כאָנגויִ״, דאָס הייסט, אז בעשאַסן גריסן האָבן זיי זיך אָנגערירט מיט די נעזער איינער מיטן צווייטן. די געפאַנגענע האָט מען ווידער אוועקגעזעצט אין דער מיט פונעם לאַגער און מע האָט צו זיי צוגעשטעלט א פארשטארקטע וואַך.

אפטמאָרגן זײַנען די פּליטן ווידעראַמאָל אוועקגעשוווּמען איבער ווײַקאַטאָ. אין מעשׂעכ פונעם טאָג זײַנען צוגעקומען צום צוג פון די שיפלעך אַלץ מער און מער פרישע פּליטן, וואָס האָבן זיך אראָפּגעלאָזט דורכן די צופלוס־טײַכ־לעך אהער אפ דער ווײַקאַטאָ. איצטער האָבן זיך שוין דאָ געפינען ניט ווינ־ציקער פון אכציק קריגס־לײַט. אַלע זײַנען זיי, קענטיק, אָנטיילנעמער פונעם אופשטאנד, וואָס די ענגלענדער האָבן דערשטיקט. זיי זײַנען געלאָפן איצט אין די בערג ארײַן, קעדיי צוצוהיילן אביסל די וווּנדן, אביסל אָפּרוען און זיך אָנעמען מיט פרישע קויכעס צום ווײַטערדיקן קאמף.

ווען־ניט־ווען פלעג זיך פון א וואַסער ניט איז פּליט אופהייבן א קאָל פון געזאנג. דער זינגער פלעג אויספילן דעם נאציאָנאַלן מאאָריישן הימן, וואָס רופט צו קאמף מיט די אונטערדריקער. דעם זינגערס הילכיקע שטימ האָט געוועקט דאָס ווידערקאָל צווישן די בערג. נאָך יעדער סטראָפע פלעגן די קריגס־לײַט אונטערכאַפּן דעם רעפרען און פלעגן בעייסמײַסע זיך קלאַפּן מיט די פויסטן אין הארצן ארײַן. אין אזעלכע רגעס פלעגן די רודער־לײַט ארבעטן מיט פארדאָפּלטע קויכעס, און די פּליטן פלעגן ניט שווימען, נאָר פליִען איבערן שטראָם.

ארום פיר אזייגער נאָך האלבן טאָג איז מען דורכגעשווומען נארבײַ א מאָדנע אָרט. אפביידע ברעגן טײַך האָבן געזעצט אינדערהויך הייסע קוואַלן, וואָס האָבן שוין פון לאנג צעגעצויגן צו זיך די נײַגעריקײַט פון די רײַזנדער. די ברעגן פון טײַך זײַנען געווען איצט באַפּארבט מיט א גרוי־רויטלעכן קאָ־ליר, אדאנק דעם, וואָס דער באָדן האָט דאָ פארמאָגט אין זיך אסאך אײַזנ־אָקסיד. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שוועבל־דאמפּ. אז מע האָט א קוק געטאָן אפ די אָרטגעבירטיקע, האָט מען ניט געזען דאָס זאָל אפ זיי ווי עס איז ווירקן, אָבער בא די אייראָפּייער האָט דער כוש־האָרייעכ געליטן פון דעם אומאָנגענעמענעם גערוכ. דיאָזיקע גאזן האָבן זיי געשטיקט ביז צום כאַלעשן, אָבער דערפאר האָט דער בליק זיך ניט געקענט אָנזעטיקן מיט דער שיינקײַט פונעם ארום.

די פּליטן זײַנען ארײַנגעגאנגען אין א געדיכטן וואָלקן פון ווײַסן דאמפּ. די דאמפּ־קנוילן זײַנען געבליבן הענגען איבערן טײַך, ווי א קופּאָל. אפ די ברעגן האָט מען פון ביידע זײַטן טײַך ארויסגעזען הונדערטער גייזערס, וואָס האָבן איינס נאָכן אנדערן געזעצט מיט גאנצע פאָנטאַנען זודיק וואסער. אייניקע האָבן זיך בלויז געוויכערט מיט הויכע זײַלן ווײַסן רויכ. פונדער־ווײַט האָט מען געקענט מיינען, אז דאָס זײַנען פאָנטאַנען, וואָס זײַנען קינסט־לעך געשאַפן געוואָרן דורך מענטשנס האנט, אזוי שיין און אומגערירט האָט



אם די ברעגג האָט מען ארויסגעזען הונדערטער גייזערס

דאָסדאָזיקע בילד אויסגעזעען. די וואסער־שפריצן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די דאמפ־מאָלעקולן אינדערלופטן און האָבן אָפּגעבליצט מיט אלע קאָלירן פונעם רעגנבויגן.

אַף דעמדאָזיקן אָרט מעג מען זאָגן מיט זיכערקייט, אַז דער דנאָ פונעם טייַך וויגט זיך אונטער דער ווירקונג פונעם אונטערערדישן פייַער. גאָר ניט ווייַט פונדאנען, אַף די ברעגן פון דער אָזערע ראָטאָרוא און עטוואָס מיזרעכדיקער שלאָגן הייסע קוואלן און זיך־רויכערנדיקע קאסקאדן פון ראָטאָמאכאנא און טעראאטאטא, וואָס זייַנען אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך איינצלנע געוואגטע רייַזנדער. דידאָזיקע גאנצע געגנט איז רייַך מיט גייזערס, קראטערס און שוועבל־קוואלן. דאָרט שלאָגט זיך דורך דער איבערפלוס פון די גאזן, וואָס געפינט ניט קיין ארויסגאנג דורך די שמאָלע קראטער־קלאַפּאנעס פון די איינציקע ווירקנדיקע וווּלקאנען אין נייַ־זעלאנד — טאָנהאריראָ און וואקארי.

וואָסערע צוויי מייַל ווען זייַנען די פליטן געשוואומען אונטערן געוועלב פונעם שוועבל־וואָלקן, ארומגעהילטע מיט קנוילן דאמפ, וועלכע האָבן זיך געשפרייט איבערן וואסער. דערנאָך איז אנשטאָט די שטיקנדיקע אויסדאמפונגען, פון וועלכע דאָס הארץ האָט שוין ווי געטאָן, פּלוצים אָנגעקומען א שטראָם רייינע פרישע לופט.

דאָס האָבן די פליטן איבערגעלאָזט הינטער זיך די געגנט פון די שוועבל־קוואלן.

ביז ס'האָט געדארפט נאכט ווערן, האָבן די פליטן מיט גרויס געוואגטקייט דורכגעלאָזט נאָך צוויי שנעל־שטראָמען, — היפאפאטוע און האמאטייע. און אַז עס האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן, האָט זיך קאַי־קומו אָפּגעשטעלט אַף נאכטלעגער אַף דער הונדערטער מייַל נאָך דעם, ווי די ווייַפּע האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט ווייַקאטאָ. דער טייַך, וואָס האָט זיך דאָ אויסגעבויגן אין א בּרייטן שלייף, איז אינעם דאָזיקן אָרט ארייַנגעפאלן אין דער אָזערע טאופּאָ.

אַף מאָרגן האָט פּאגאנעל א קוק געטאָן אַף דער מאפּע און ער האָט דערקענט אין דעם הויכן בּארג־שפּיץ, וואָס הייבּט זיך אויף וואָסערע דרייַטויזנט פוס צום הימל ארויף — דעם בּארג האובּאר.

ארום האלבּן טאָג האָט זיך דער גאנצער צוג מיט פליטן איבערגעפּעקלט אין די וואסערן פון דער אָזערע טאופּאָ, און די אָרטגעבּירטיקע האָבּן אויפגעהויבּן די הענט און בּעגריסט עפּעס א שטיק שטאָף, וואָס האָט געפלאטערט איבּער איינער פון די הייַזקעס אפן בּרעג. דאָס איז געווען די נאציאָנאלע פאָן זייערע.

## נײַנטע קאַפּיטל

# די אָזערע טאַופּאָ

אין די פֿאַר־היסטאָרישע צײַטן איז די ערד־קאָרע אײַנגעשרומפּן געוואָרן אינעם צענטער פֿונעם צאָפּנדיקן אינדזל אַף דער נײַ־זעלאַנדישער גרופּע און האָט אויסגעבילדעט אַ שרעקלעך־טיפֿן אָפּגרונט אַף אַ לענג פֿון וואָסערע צוואַנציק מײַל. די וואַסערן, וואָס זײַנען אַראָפּגעפֿלאָסן פֿון די אַרומיקע בערג, האָבן פּאַמעלעך אָנגעפֿולט דעמדאָזיקן אָפּגרונט. איז ער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָזערע, וואָס ביז צום הײַנטיקן טאָג איז נאָך קיין איינער לויטל ניט געווען אימשטאַנד אויסצומעסטן די טיף זײַנע.

אַזוי זעט אויס דידאָזיקע מאָדנע אָזערע טאַופּאָ, וואָס געפֿינט זיך אַף אַ הייך פֿון צוויי טויזנט פֿינף הונדערט פֿוס איבערן יאַם־ניוואָ און וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן רינג בערג, וואָס האַלטן צו צוויי מיט אַ האַלבן טויזנט פֿוס די הייך.

דידאָזיקע גאַנצע געגנט האַלט קעסיידער אין איין קאָכן און זידן, ווי אַ גרויסער ריזיקער קעסל. די ערד ציטערט אונטער אונטער די שטויסן פֿון דער לאַווע, וואָס הערט ניט אויף אינעווייניק צו קאָכן, די הייסע קוואַלן רײַסן זיך אַרויס אין אַן אַ שיר ערטער אַף איר אויבערפֿלאַך. די ערד־שאָלעכץ ווערט צעפּלאַצט, ווי דאָס הײַטל פֿון אַ לעבל ברויט, וואָס ווערט איבערגעזויערט אין אויוון, און די גאַנצע היגע געגנט וואָלט, אָן שום ספֿק, אין איינעם אַ שיינעם טאָג אונטערגעפֿלויגן אינדערלופֿטן, ווען די גאַזן, וואָס זײַנען פֿאַרשלאָסן אונטער דער ערד, וואָלטן זיך ניט געפֿונען קיין גרייטן אַרויסגאַנג דורכן טאָנהאַרירער קראַטער.

באַם אַרויסגיין פֿון ווײַקאַטאָ האָט קאַי־קומו אַרומגעבויגן מיט זײַן פֿליט איינע אַ זאַמד־שטיק, וואָס שנײַדט זיך אַרײַן ווײַט אין דער אָזערע, און ער איז צוגעשטיגן צו זײַן מיזרעכדיקן ברעג.

דאָ זײַנען געווען צעוואָרפֿן אומעטום פּלאַנצן פֿון שאַצבאַרן נײַ־זעלאַנדישן לײַן. באַ דעמדאָזיקן הויכווערטיקן געוויקס גייט קיין איין טייל ניט פֿאַרפֿאַלן אומזיסט: — זײַן בליִעכץ גיט זיכן האָניק, זײַן שטענגל — גיט אַזאַ מין פּעכיקן שטאָף, וואָס פֿאַרבײַט וואַקס, פֿון זײַנע פֿרישע בלעטער מאַכט מען פּאַפּיר, פֿון די אויסגעטריקנטע בלעטער מאַכט מען אויסגעצייכנטע גומקע. די שטענגלעך, אַז מע צעשנײַדט זיי אינדערלענג, נוצט מען אַף פֿלעכטן שטריק און אַף שטריקן נעצן, און צעפּליקטערהייט ווערן דיזעלביקע שטענגלעך פֿאַרוואַנדלט אין קאָלדרעס, ראָגעזשעס און מאַנטלען.

די פּלאַנצן פֿונעם דאָזיקן שאַצבאַרן לײַן קען מען באַגעגענען אומעטום אַף דידאָזיקע ביידע אינדזלען, סײַ אַף די ברעגן פֿונעם אָקעאַן, ווי אויך לענגאויס די טײַכן מיט די אָזערעס. די ווילדע קוכטן פֿונעם נײַ־זעלאַנדישן לײַן פֿאַרדעקן מיט זיך גאַנצענע פֿעלדער. דער זיסער זאַפֿט פֿון זײַנע טונקל־

רויטע בלימעלעך, וואָס קוקן אַרויס פֿון דער פֿאַרביקער קרוין מיט לאַנגע בלעטלעך, ציִען צו צו זיך אַן אַ שיר פֿייגל.

איבער דעם אָזערע־איבערפֿלאַך זײַנען געשווומען גאַנצע שאַרעס היימישע ענטלעך, וואָס זייער שוואַרצע באַפֿעדערונג איז געווען באַפּוצט מיט גרינע און גרויע פֿלעקן.

בײַ אַ פֿערטל מײַל פֿונעם ברעג האָט מען אָפּ אַ באַרג־שיפּוע אַרויסגעזען דעם פֿאַ — דעם אומצוטריטבאַרן מאַאָרײַשן פֿאָרט.

די קריגס־לײַט האָבן אָפּגעפֿירט אײַנציקווײַז די געפֿאַנגענע אייראָפּייער פֿונעם פּליט, מע האָט זיי צעבונדן די הענט מיט די פֿיס און זיי אַוועקגעפֿירט צום פֿאַ. דאָס שטעגעלע, וואָס פֿירט צום פֿאָרט, האָט זיך געשלענגלט צווישן די לײַן־פֿלאַנצן. גרויסע טויבן מיט מעטאַל־קאָלירענער באַפֿעדערונג און שטאָרן מיט רויטע טשוביקלעך האָבן אויפֿגעשוועבט אינדערלופֿטן בעשאַס די מענטשן זײַנען פֿאַרבײַ זיי דורכגעגאַנגען.

לאַנג איז אויסגעקומען גיין איבער דעם שלענגלדיקן שטעגעלע, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום דעם באַרג, ביז מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער זײַנען ענדלעך אַרײַן אין דעם דאָזיקן פֿאַ.

דידאָזיקע פֿעסטונג איז געווען אַרומגעשטעלט מיט דרײַ צוימען. די סאַמע אויסנווייניקסטע האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שטאַרקן פּאַרקן, וואָס האָלט וואָסערע פֿופֿצן פֿוס די הייך; דערנאָך איז געגאַנגען אַ נײַע ריי פֿלעקער, און ענדלעך איז געגאַנגען דער דריטער פּליט פֿון צונויפֿגעשטעלטע קלעצער און דאָרטן זײַנען געווען אַסאַך לעכער דורכגעמאַכטע צום שיסן. אינעווייניק אין דער דאָזיקער דריטער צוים האָבן זיך אָפּ אַ גאַנץ ראַכוועסדיקער פּלאַטפֿאָרמע געפֿונען וואָסערע פֿערציק מאַאָרײַשע הײַזקעס, וואָס זײַנען געווען סימעטריש צעשטעלט.

קאַי־קומוס הײַזקע האָט זיך אונטערשיידט פֿון די איבעריקע מיט איר באַדײַטנדיקער גרייס. די טיר אירע האָט זיך געעפֿנט צו אַן אָפֿענער פּלאַטפֿאָרמע. דאָס איז געווען אַ הילצערנע געבײַדע, וואָס האָט געהאַלטן וואָסערע צוואַנציק פֿוס די לענג, פֿופֿצן — די ברייט, און צען — די הייך.

קיין פֿענצטער זײַנען אין דער דאָזיקער הײַזקע ניט געווען. דער איינציקער אַרײַנגאַנג אַהין איז געווען פֿאַרהאַנגען מיט אַ לײַנענער ראָגעזשע. מיט דיזעלבע ראָגעזשעס איז אויך געווען אויסגעשפּרייט דער ערדענער דיל. דער צווײַגענער־דאַך איז געווען פֿונויבן פֿאַרדעקט נאָך מיט אַ גראָבן שיכט גראָז און איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָפּ שיין־געשניצטע הילצערנע זײַלן. די געשניצטע בייזוונדער, די פֿאַרשיידענע סימבאָלישע צייכנס און די בלעטער־אויסלייגעכץ שטעלן מיט זיך, אָן ספֿק, פֿאַר אַ באַדײַטנדיקן אינטערעס פֿאַרן קונסט־פֿאָרשער.

פֿאַר געלעגערס האָט מען דאָ געניצט אַ פּאָר בערעמקעס טרוקענע פּאַפּאָראָטניקעס, וואָס זײַנען פֿונויבן געווען פֿאַרדעקט מיט ראָגעזשעס פֿון אַן אַנדער מין געוויקס. עטלעכע פֿלאַכע שטיינער, וואָס זײַנען געווען צונויפֿגע־

ליגט אינ מיטנ דעם דיל, האָבנ פֿארביטנ מיט זיכ דעם אויוונ, אונ די לאָכ אינמיטנ דאכ — דעם קוימענ. בעשאס דער רויכ פֿונעם אויוונ האָט זיכ אָ־געזאמלט אינ דער הייַזקע, פֿלעג ער גלייַכ זיכ נעמענ דורכזייַענ אינ דרויסנ ארויס דורכ דערדאָזיקער עפֿענונג אינעם דאכ. דערום איז קיינ כידעש ניט, וואָס די הייַזקע איז אינעווייניק אומעטום געווענ באדעקט מיט א גראָבנ שיכט סאזשע אונ אָנגערויכערטקייַט.

באנאנד מיטנ פֿירערס הייַזקע האָבנ זיכ געפֿונענ די שפּייַכלערס, ווו סע זייַנענ געלעגנ די פֿארגרייטע פּאטאטנ אונ טאראָס — די נערהאפֿטע פּאפּאָראָט־ניקעס, ווי אויכ די לייַנ־גערעטעניש. דאָ האָבנ זיכ אויכ געפֿונענ אויוונס אפֿ צעגליטע שטיינער, ווו ס'האָט זיכ געבאקט דאָס עסנ. אינדערטיפֿ פֿונעם פֿאָרט האָט זיכ געפֿונענ א שטאל, אינ וועלכער ס'האָבנ זיכ אופֿגעהאלטנ די כאזיירים מיט די ציגנ, — די אָפּשטאמונגענ פֿונ די היימישע באלעכאַים, וואָס דער קאפּיטאנ קוק האָט פֿארפֿירט קיינ נייַ־זעלאנד. אינדרויסנ האָבנ זיכ אומ־געפּלאָנטעט הונגעריקע הינט, וואָס האָבנ ארויסגעקוקט, מע זאָל זיי וואָס ס'ניט איז צוווארפֿנ.

מיסטער גלענארוואנ מיט זייַנע מיטרייַזנדער האָבנ מיט איינ בליק ארומ־געכאפּט דעם גאנצנ פֿאָרט, זיי זייַנענ געשטאנענ לעמ דעם ארייַנגאנג אינ דער ליידיקער הייַזקע ארייַנ אונ געווארט אפֿנ עלצטנס פֿאראָרדענונג. א גאנצע מאכנע פֿרויענ האָבנ ארומגעשטעלט די אייראָפּייער פֿונ אלע זייַטנ, זיי האָבנ דראָענדיק געמאכט צו זיי מיט די הענט אונ געהאלטנ אינ איינ שרייַענ. לויט די איינציקע ענגלישע ווערטער, וואָס האָבנ זיכ ארייַנגעמישט אינ דער שפּראכ, האָבנ די רייַזנדער פֿארשטאנענ, אז די פֿרויענ פֿאָדערנ מע זאָל גלייַכ מאכנ א סאָפֿ צו די געפֿאנגענע.

מיסטער גלענארוואנ האָט א קוק געטאָנ, אז נאָכ אינ א רעגע ארומ וועלנ דידאָזיקע עקלהאפֿטע מאכשייפֿעס זיכ נעמענווארפֿנ אפֿ עלענע אונ אפֿ מערינ, דערום איז ער מיט א פֿעסטנ טראָט צוגעגאנגענ צו קאי־קומונ, ער האָט אימ געגעבנ א ווייַז אָנ אפֿ דער הוילנדיקער אָרדע אונ זיכ אָנגערופֿנ:

— טרייַב זיי דורכ!

דער מאאָרייִשער פֿירער האָט א מאָדנעם קוק געטאָנ אפֿ זייַנ געפֿאנגענעם, אָבער אינ א ווייַלע ארומ האָט ער זיכ דאָכ אויסגעקערעוועט צו די אלטע פֿרויענ אונ האָט מיט א מאכ פֿונ דער האנט זיי באפֿוילנ זיי זאָלנ אנשווייגנ ווערנ.

מיסטער גלענארוואנ האָט אָנגעבויגנ דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט באדאנקט דעם פֿירער, אונ דערנאָכ האָט ער זיכ מיטנ זעלבנ פֿעסטנ טראָט אומגעקערט צוריק צו זייַנע פֿרייַנט.

אפֿנ פּלאצ פֿונעם פֿאָרט האָבנ זיכ דערווייַל צונויפֿגעקליבנ בא א הונדערט נייַ־זעלאנדער. צווישנ זיי זייַנענ געווענ אלטע לייַט, מיטליאָריקע פֿארשוינענ אונ אויכ יונגע באָכערים. אייניקע זייערע האָבנ אויסגעזעענ שטרענג, נאָר רויִק, אייניקע זייַנענ געווענ פֿארטראָגנ אינ טיפֿנ צאר. די ערשטע האָבנ,

קענטיק, אָפּגעוואַרט אפּנ פירערס באַפעלן, און די צווייטע זיַינען געקומען צו באַוויינען די פריַינט און גוטע פריַינט, וואָס זיַינען אומגעקומען בא די לעצטע שלאַכטן.

קענטיק, אַז פון די צוויי הונדערט קריגס־ליַיט, וואָס האָבּן זיך אוועקגע־לאָזט אונטער קאַי־קומוס אָנפירונג צו פאַרטיידיקן די אייגענע ערד, האָבּן זיך לעבּעדיקערהייט אומגעקערט בלויז פופציק.

די אייגענע און די פריַינט פון די אומגעקומענע קריגס־ליַיט האָבּן געריסן אפּ זיך די מאַלבּושים, זיי האָבּן זיך געשלאָגן מיט די פויסטן איבּער דער בּרוסט, זיי האָבּן זיך צעקראַצט די הויט פון די פּענעמער און פון די אַקסלען מיט אוזעלכע פאַרשפּיצטע מושל־שאָלן. שטראָמעלעך בּלוט, וואָס זיַינען געווען אויסגעמישט מיט טרערן, האָבּן גערונען איבּער זייערע בּאַקן; וואָס טיפער דער צער איז געווען, אַלץ מער האָבּן זיי זיך אַליין געפּיַיניקט און ס'איז מאַמעש געווען א צער צו קוקן אפּ די צעבּלוטיקטע און דערצאָרנטע ליַיט מיט די צעריסשעטע ליַיבּער.

זייער פאַרצווייפלטקיַיט האָט גאָר קיין בּרעג ניט געהאַט, דערפאַר, וואָס זיי האָבּן בּאַוויינט ניט נאָר דעם טויט פון זייערע נאָענטע, נאָר אויך דעם פאַל, וואָס זיי קענען ניט בּרענגען צו קוורע די ליַיט זייערע אין די מישפּאָ־כעדיקע טויט־שטיבּער זייערע. לויט די מאַאָרייִשע גלויבּעכצן, קען דער טויטער זיך פילן גליקלעך אפּ יענער וועלט נאָר דאַן, ווען די קרויווים זיַינען היטן שטאַרק אָפּ זיַינע בּיינער. דאָס ליַיבּ גופּע איז גראָדע ניט אַזוי וויכטיק, ווי די בּיינער. די בּיינער קליַיבּן זיי צונויפ זייער געטריַי, זיי וואַשן זיי, זיי רייניקן זיי, אַמאָל פאַלירן זיי זיי אַפילע און דערנאָך בּרענגען זיי זיי אַריַין פיַיערלעך אין דער „אודופּע" אַריַין, וואָס איז די ט־ַטש — דאָס הויז פון רום. אָט דידאָזיקע טויט־היַיזער פּוצט מען אויס מיט אַזעלכע געמעלן, וואָס דער־מאָנען פּינקטלעך די טאַטויִרונג פונעם געשטאָרבּענעם.

קאַי־קומו האָט מוירע געהאַט, אַז זיַינע צערייצטע אונטערטאַנער קענען זיך ניט וועלן רעכענען מיט זיַין בּאַפעל און וועלן בּאַפּאַלן די געפאַנגענע, דערום האָט ער געהייסן מע זאָל אָפּפירן די געפאַנגענע אינעם טעמפל אַריַין, וואָס געפינט זיך אפּן קעגניבּערדיקן עק פונעם פאָרט לעם א בּרעג פון א פעלדז, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ ווערטיקאַל אפּ וואָסערע הונדערט פוס אַראָפּ. דערדאָזיקער פעלדז איז אינגאַנצן געווען אומצוטריטבּאַר און דערום האָט ער פון יענער עקסטער זיַיט ניט געהאַט קיין צוים אַרום זיך.

אין דער גערוימער טעמפל־געבּיַידע מיט די שטאַרקע ריגלען איז געלעגן אַסאַך פריש און געשמאַק עסן, וועלכן מאַוי־ראַנגא־ראַנגי — דער ניַי־זעלאַנדי־שער גאָט דאַרפ אופשלינגען, נאָר דידאָזיקע אַרבּעט פאַרשפּאָרן אים, ווי סע פירט זיך, די פריסטערס אַליין.

די געפאַנגענע, וואָס זיַינען אפּ א רעגעלע אויסגעלייזט געוואָרן פון די צערייצטע אָרטגעבּירטיקע מענטשן, האָבּן זיך אויסגעצויגן אפּ די ראָגעזשעס, מיט וועלכע דער טעמפל־דיל איז געווען אויסגעשפּרייט. מיסיס עלען האָט

דערפֿילט, וויִאזוי די קויכעס און די מוטיקייט פֿאַרלאָזן זי, האָט זי געגעבן א פֿאַל צו מיסטער גלענאַרוואַנען אַף דער ברוסט.

ווי נאָר די טיר האָט זיך פֿאַרהאַקט פֿון דרויסן, האָט ראָבערט זיך אַרופֿגעכאַפּט צו ווילסאָנען אַף די אַקסלען און האָט געגעבן א קוק דורך דער עפֿענונג, וואָס טיילט אָפּ דעם דאַך פֿון די ווענט, און פֿונדאָרטן האָט ער זייער גוט געזען, וואָס סע טוט זיך אַפֿן גאַנצן שעטעך פֿונעם פּאַרט ביז קאַי־קומוס הייזקע.

— זיי האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַרום זייער עלצטן,— האָט ראָבערט שטיל א זאָג געטאָן.— זיי מאַכן מיט די הענט ... זיי שרייען ... קאַי־קומו וויל עפּעס זאָגן, נאָר זיי לאָזן ניט.

דאָס יינגל איז אַנשוויגן געוואָרן און ווייטער זיך גענומען איינקוקן.

— קאַי־קומו רעדט עפּעס ... די ווילדע באַרויִקן זיך ... זיי הערן שוין, וואָס ער רעדט.

— ס׳איז קלאָר, אַז דער פֿירער זייערער איז פֿאַרינטערעסירט אין דעם, אַז מיר זאָלן בלייבן לעבן,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופֿן,— קענטיק, אַז עמעצער פֿון זיינע נאָענטע האָט זיך געפֿאַקט אין געפֿענקעניש, און ער וואָלט אים וועלן אויסטוישן אַף אונדז. ס׳איז נאָר א פֿראַגע, צי וועלן די קריגס־לייט זיינע איינגיין דערויף.

— יאָ ... זיי הערן זיך איין ...— האָט זיך ראָבערט פֿונסניי אָנגערופֿן.— זיי גייען זיך פֿאַנאַנדער ... לעם קאַי־קומוס זיינען געבליבן בלויז יענע קריגס־לייט, וואָס זיינען געפֿאָרן מיט אונדז צוזאַמען אַף דעם פֿליט.

— אָבער דו ביסט זיכער אין דערינען? — האָט דער מאַיאָר גלייך א פֿרעג געטאָן.

— יאָ, הער מאַק־נאַבס,— האָט דאָס יאַטל געענטפֿערט,— איך דערקען זיי. אָט־אָ האָט זיך איינער פֿון זיי אָפּגעטיילט און ער לאָזט זיך צו אונדזער הויז.

— טאָ קריך־זשע גיכער אַראָפּ, ראָבערט,— האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופֿן.

אין דער אָ רגע האָט מיס־ס עלען זיך אונטערגעהויבן פֿון איר אָרט, זי האָט אָנגעכאַפּט דעם מאַן אירן פֿאַר א האַנט.

— עדוואַרד,— האָט זי זיך אָנגערופֿן,— איך האַלט, אַז סיי איך און סיי מערי גראַנט טאָרן זיך ניט פֿאַקן לעבעדיקערהייט צו דידאָזיקע ראָצכים אין די הענט אַריין.

און בא דידאָזיקע ווערטער האָט זי דערלאַנגט מיסטער גלענאַרוואַנען אן אָנגעלאָדן רעוואָלווער.

— געווער! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן פֿריידיק אויסגעשריגן און די אויגן זיינע האָבן זיך צעבליצט.

— יאָ, די מאַאָריער האָבן מיך ניט באַזוכט. אָבער געדענקען זאָלסט איר, עדוואַרד, אַז דעררדאָזיקער רעוואָלווער איז פֿון אונדזערסטוועגן!



ראָבערס האָט זיכ ארופגעקלעטערט אם ווילסאָנס אקסלען אונ געכאפט א קוק דורכ דער עפענונג

— עדוואַרד! — האָט זיך מאַק־נאַבּס גלײַך אָנגערופֿן, — גיכער באַהאַלט דאָס געווער. איצט איז ניט קיין צײַט פֿאַר קיין דיסקוסיעס.

יענער האָט גלײַך אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער אין קעשענע אַרײַן און אין דער רגע האָט זיך אויפֿגעעפֿנט די טיר פֿון טעמפּל און ס'איז אַרײַנגעקומען אַן אָרטנגעבּירטיקער.

ער האָט אַ ווײַז געטאָן די געפֿאַנגענע, אַז זיי זאָלן גיין נאָך אים. מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן אים געפֿאָלגט, זיי זײַנען דורכגעגאַנגען דורכן פּלאַץ פֿונעם פּאַרק און זיי זײַנען געבליבּן שטיין לעם קאַי־קומון.

אַרום דעם פֿירער האָבּן זיך צונויפֿגעקליבן די אָנגעזעענסטע קריגס־לײַט פֿון זײַן שיוועט און צווישן זיי אויך יענער מאַאָריער, וואָס איז צוגעשטאַנען מיט דעם פֿליט מיט זײַנעם צו זיי לעם דעם ווײַקאַטאָ־צופֿלוס — פֿאָכײַוועג. דאָס איז געווען אַ מענטש פֿון אַ יאָר פֿערציק, ברייט און פֿעסט געבויט, ס'האָט זיך געפֿילט אין אים אַסאַך קויעך, און זײַן פּנים האָט אויסגעזעען בייז און אַכזאָריעסדיק. געררופֿן האָט מען אים קאַראַ־טעטע. אַף נײַ־זעלאַנדיש האָט עס געהייסן דער „קײַסניק". לויט דער איידעלער אַרבּעט פֿון זײַן טאַטויִרונג האָט מען געקענט דערקענען, אַז ער פֿאַרנעמט בּאַ זיך אין שיוועט זייער אַ הויך אָרט. קאַי־קומו האָט זיך געהאַלטן מיט אים איידל און העפֿלעך, אָבער דער, וואָס קען אַרײַנקוקן טיפֿער, וואָלט זייער גרינג געקענט דערקענען, אַז דידאָזיקע פֿירערס זײַנען אין דער טיף פֿון האַרצן ניט צופֿרידן איינער מיטן אַנדערן. דער מאַיאָר האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז קאַי־קומון געפֿעלט ניט איבּעריק דאָס, וואָס קאַראַ־טעטע איז אַזוי פּאָפּולער צווישן די אָרטנגעבּירטיקע. ביידע זײַנען זיי געווען פֿירערס פֿון גרויסע שוואָטים אַף ווײַקאַטאָ און האָבּן געהאַט אַלצייַנע רעכט, אַזוי, אַז ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס בּעשאַסן דורכשמועסן זיך צווישן זיך האָבּן קאַי־קומוס אויגן אויסגעדריקט טיפֿן האַס אין דער צײַט, ווען דאָס מויל זײַנס האָט ניט אויפֿגעהערט צו שמייכלען.

קאַי־קומו האָט זיך געווענדעט צו מיסטער גלענאַרוואַנען מיט אַ פֿראַגע:

— דו ביסט אַן ענגלענדער?

— יאָ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפֿערט, ווײַל ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די אָנגעהעריקײַט צו דערדאָזיקער נאַציאָנאַליטעט וועט פֿאַרגרינגערן די אויסטויש־אָפּעראַציע.

— און דײַנע מיטרײַזנדער?

— דיזעלביקע ענגלענדער, וואָס איך. מיר זײַנען רײַזנדער, וואָס האָבּן געליטן אַ קאַטאַסטראָפֿע. זײַ וויסן, אַז אין דער מילכאָמע האָבּן מיר קיין אָנטייל ניט גענומען.

— דאָס איז אַ קליינער אונטערשייד! — האָט קאַראַ־טעטע אים גראָב איבּערגעשלאָגן. — אַלע ענגלענדער זײַנען אונדזערע פֿײַנט. דײַנע לאַנדס־לײַט האָבּן אַפּ אַ פֿאַרעטערישן אויפֿן פֿאַרכאַפּט אונדזער אינדזל, זיי צינדן אונדזערע דערפֿער און האַרגענען אויס אונדזערע זין און אונדזערע פֿרויען.

— ווי טועג קרום, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן רויִק געענטפערט. — איך זאָג עס אײַך דערפאַר, וואָס איך קלער אַזוי און ניט דערפאַר, וואָס איך בין איצט בא דיר אין געפענקעניש.

— הער זיך אײַן, — האָט קאַי־קומו אָנגעהויבן, — סאַגאָנגאַ, דער גרויסער פּריסטער פון נוי־אַטואַ האָט זיך געזאָקט אין געפענקעניש צו דײַנע ברידער. אונדזער גאָט פאָדערט, מיר זאָלן אים אויסקויפן. דעם עמעס געזאָגט, ווילט זיך מיר זייער אַ"ן זייער אַרויסרײַסן דײַן האַרץ פון דער ברוסט און אַפּ אייביק אופהענגען דעם קאָפּ דײַנעם, ווי אויך די קעפּ פון דײַנע מיטרײַזנדער אַפּ די פּלעקער פונעם פּאַ, אָבער נוי־אַטואַ האָט שוין געזאָגט זײַן וואָרט.

קאַי־קומו, וואָס האָט ביז איצט זיך אַזוי גוט געהאַלטן, האָט בא דידאָזיקע ווערטער זיך אַ מינע געטאָן פאַר צאָרן און די שטים זײַנע האָט גענומען ציטערן פאַר אופרעגונג.

ער איז אַפּ אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, קעדיי זיך בעסער נעמען אין די הענט אַרײַן, דערנאָך האָט ער שוין פאַרגעזעצט מיט אַ מער רויִקערער שטים:

— ווי קלערסטו? די ענגלענדער וועלן מאַסקים זײַן אומצוקערן פאַר דיר אונדזער סאַגאָנגען?

מיסטער גלענאַרוואַן האָט ניט געענטפערט, ער האָט זיך פריִער אופמערקזאַם אײַנגעקוקט אינעם נײַ־זעלאַנדער און דערנאָך ערשט האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך ווייס ניט.

— ענטפער, — האָט קאַי־קומו פאָרגעזעצט, — צי שטייט דײַן לעבן אַפּ איין הייך מיטן לעבן פון אונדזער סאַגאָנגען?

— ניין, — האָט גלענאַרוואַן געענטפערט. — איך בין דאָך ניט קיין פירער און ניט קיין פּריסטער צווישן די מײַניקע.

פּאַגאַנעל איז איבעראַשט געוואָרן פונעם דאָזיקן ענטפער, און ער האָט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג אָנגעקוקט מיסטער גלענאַרוואַנען.

קאַי־קומו, האָט מען געזען, איז אויך געווען אין אַ געוויסער פאַרלעגנהײַט.

— ווייסטו, הייסט עס, ניט אַפּ געוויס? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ניין, איך ווייס ניט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן איבערגעכאַזערט.

— און דײַנע ברידער וועלן דיך ניט וועלן צונעמען פאַר אונדזער סאַגאָנגען?

— מיך איינעם ניט, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט, — אונדז אַלע אינאיינעם — עפּשער יאָ.

— בא די מאַאָריער איז אַזוי אָנגענומען, אַז מע בײַט אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, — האָט קאַי־קומו דערווידערט.

— אויב אַזוי, וואָלסטו עפּשער פון אָנפאַנג פאָרגעלייגט דידאָזיקע צוויי פרויען פאַרן פּריסטער פאַר אײַערן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן און אַ ווײַז געטאָן אַפּ מיסיס עלען און מיס מערי.

עלען האָט זיך געוואָלט אַ וואָרף טאָן צום מאַן צו אירן, אָבער דער מאַיאָר האָט זי פאַרהאַלטן.

— דידאָזיקע צוויי פרויען, — האָט זיך מיסטער גלענארוואַן אָנגערופן און זיך בעייסמיסטע אונטערטעניק פארנויגט פאַר זיי, — פארנעמען זייער א הויך אָרט בא מיר אין לאַנד.

דער פירער האָט א קאַלטן קוק געטאָן אפן געפאנגענעם, א בייז שמייכעלע האָט אים א קרום געטאָן דאָס מויל זיינס, אָבער ער האָט גלייך איינגעשלונגען דעם דערזעלביקער רעגע דערשטיקט דעמדאָזיקן שמייכל. מע האָט דערקענט, ווי אַזוי ער האַלט אוף מיט צוואַנגעגע דעם צאָרן זיינעם, און ער האָט זיך אָנגערופן:

— צי דען דוכט זיך דיר, אז דו וועסט מיט פאלשע ווערטער קענען אָפנארן קאַי־קומון, דו פארשאָלטענער איירעָפּייער?! אזעלכע וועט זיך דיר קיינמאָל ניט איינגעבן; קאַי־קומוס בליקן לייענען קעסיידער אין פרעמדע הערצער.

ער האָט געגעבן א ווייז מיטן פינגער אפ עלענען און צוגעגעבן:

— דידאָזיקע איז דיין פרוי!

— ניין, זי איז שוין מיינע! — האָט קארא־טעטע אויסגעשריגן.

דערדאָזיקער עלצטער האָט פאנאנדערגעשטופט די געפאנגענע און איז צוגעגאנגען און האָט אראָפּגעלאָזט זיין שווערע האנט צו עלענען אפן אקסל.

די אָרעמע פרוי איז געוואָרן בלייך ווי א טוך.

— ערווארד! — האָט זי פארצווייפלט אויסגעשריגן.

מיסטער גלענארוואַן האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, ער האָט נאָר אופגעהויבן די האנט. סע האָט זיך דערהערט א שאָס און קארא־טעטע איז געפאלן טויט.

באם הילך פונעם שאָס האָבן זיך אסאך ווילדע ארויסגעשאָטן פון די היַיזקעס פון זייערע, דער פלאץ פאר קאַי־קומוס שטוב איז פול געוואָרן מיט א ריסשענדיקן האמינ. הונדערטער הענט האָבן זיך געהויבן איבער די קעפּ פון די אומגליקלעכע געפאנגענע, דעם רעוואָלווער האָט מען שוין לאנג ארויסגעכאפט פון גלענארוואַנס האנט.

קאַי־קומו האָט אויך געגעבן א מאָדנעם קוק אפ מיסטער גלענארוואַנען, אָבער דערנאָך האָט ער אים פארשטעלט מיט זיין אייגענעם קערפער, ער האָט אויסגעשפרייט די הענט איבערן האמינ, וואָס איז גרייט געווען זיך ארופצוארפן אף די איירעָפּייער און זיי צערייסן אפ שטיקער. ער האָט אויסגעשפרייט די הענט און מיט א דונערדיקן קאָל אויסגעשריגן איין און איינציק וואָרט:

— טאבו!

בא דעמדאָזיקן וואָרט איז דער גאנצער האמינ געבליבן שטיין, ווי פארשטיינערט, אפ די ערטער, פונקט ווי עפעס אן אומגעזעענער שלאק האָט זיי מיטאמאָל דערשלאָגן.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט מען אָפּגעפירט די געפאנגענע צוריק — אין טעמפל אריין, וואָס איז איצט געווען זייער טפיסע־שטוב.

אז זיי האָבן זיך אינעווייניק אומגעקוקט אף זיך, האָבן זיי דערזען, אז ראָבערט גראנט און זשאק פאגאנעל זיינען דאָ צווישן זיי ניטאָ.

# צענטע קאַפּיטל

## די לעוויַיע פונעם מאַאָרייִשנ פירער

קאַי־קומו איז, ווי סע פירט זיך אָפּט אינ ניַי־זעלאַנד, אײנציַיטיק געווענ אי דער פירער, אי דער פּריסטער פונ זיַינ שטיוועס. אַלס פּריסטער האָט ער געהאַט די רעכט אַרופּצוּוואַרפנ א טאַבו — א פאַרבאָט — אַפּ מענטשנ אָדער אַפּ זאַכנ.

טאַבו — דאָס איז פריִער פונ אַלצ א פאַרבאָט, אַז מע זאָל זיך ניט טאָרנ צורירנ צו קיינ באַשטימטע זאַכנ, אָדער מענטשנ, אָהער פּלעצער אונ אַזוי וויַיטער. דערדאָזיקער רעליגיעזער געזעצ ווערט שטרענג אָפּגעהיט בַא די פּאָלינעזישע שוואָטימ. לויט די מאַאָרייִשע איַינגלויבעכצנ קענ די געטלעכקיַיט ווערנ איינקאַעס אונ גלייַך אַפּנ אָרט אוּמקלייגנ אַפּ טויט דעמדאָזיקנ מענטשנ, וואָס רירט אָנ אונ איז אויוועך אַפּנ טאַבו, וועלכנ מע האָט אַרופּגעוואָרפנ אַפּ עמעצנ, אָדער אַפּ עפּעס. אונ די מאַאָריִער ווייסנ נאָכ דערצו גאַנצ גוט, אַז אויב דער גאָט וועט זיך אַפּילע אָפּהאַלטנ פונ אומבריינגענ זיַינ האַנט אַפּנ זינדיקנ, דאַנ וועט דער פּריסטער אַליינ אָפּטאָנ דידאָזיקע אַרבעט.

א טאַבו וואַרפנ אָפּט אַרופּ די פירער צוליב פּאָליטישע טעַימימ, אָבער אָפּטער פונ אַלצ איז עס צונויפגעבונדנ מיטנ שטייגער פונעם פּריוואַטנ לעבנ. אַפּנ אָרטגעבירטיקנ וואַרפט מענ אַרופּ א טאַבו, בעשאַס ער שערט זיך אָפּ די האָר, בעשאַס ער האָט נאָרוואָס איבערגעטראָגנ די טאַטויִרונג, בעשאַס ער האַלט אינ צונויפשלאָגנ א פּליט אָדער באַמ אויסבויענ זיך א שטוב, בעשאַס ער ווערט געפערלעכ קראַנק אונ ענדלעכ דאַנ, ווענ ער שטאַרבט אַוועק. אויב מע מיסברויכט מיטנ פישפאַנג אונ מע זעט, אַז דער טייַכ האַלט בַא אויסגעליידיקט ווערנ, וואַרפט מענ אַרופּ אַפּ אים א טאַבו. אויב דער פירער אָדער דער פּריסטער האָבנ ליב יונגע בולבע, וואַרפט מענ אַרופּ דעמ באַשיצנ־דיקנ טאַבו אַפּ די יונגע קאַרטאָפל־שפּראָצנ. אויב דער פירער דאַרפ זיך צוליב עפּעס אָפּזונדערנ בַא זיך אינ שטוב, רופט ער אויס אַפּ דער שטוב א טאַבו. אויב דער פירער וויל באַקומענ די מאָנאָפּאָליע אַפּ צווישנבאַציִונגענ מיט די אָנגעקומענע אויסלענדישע שיפנ, דאַנ פאַלט די שיפ אונטער אונטערנ טאַבו. אויב מע דאַרפ איזאָלירנ אַנ איירָאָפּעיִשנ פּאַרקויפער דערפאַר, וואָס ער איז מיט עפּעס ניט געפעלנ געוואָרנ דעמ פירער, באַוויַיזט זיך ווידער אַפּ דער אַרענע דער טאַבו.

ס'איז נאָכ דאָ איינ מינ טאַבו, וואָס מע וואַרפט אַרופּ אַפּ א זאַכ, אַפּ א באַלכיַי, אָדער אַפּ א מענטשנ. סע טרעפט, אַז דער פּריסטער איז ניט צופרידנ מיט איינעמ פונ זיַינע אָרטגעבירטיקע — דאַנ וואַרפט ער אַרופּ אַפּ זיַינ עסנ א טאַבו. ווי באַוווּסט, טאָר מענ זיך צומ טאַבו ניט אָנרירנ מיט די הענט. איז אויב דער אומגליקלעכער מענטש איז רייַכ, דאַנ קענ ער צווינגענ די באַדינער זיַינע זיי זאָלנ אים לייגנ אינ מויל אַריַינ דאָס עסנ, צו וועלכנ ער

טאָר זיך ניט אָנרירן מיט די הענט. אויב ער איז אָבער אָרעם, דאַן בלײַבט אים איין ברירה — אומצופּיזען איבער דער ערד, ווי א פּירפּיסיק באַשעפע־ניש, אין כאַפּן קעסיידער די שפּײַז בלויז מיטן מויל.

דער טאַבו, וואָס מע האָט איצט ארופגעוואָרפן אף די געפאַנגענע אייראָ־פּייער, איז געקומען פון דער העלער הויט, אָבער דערווײַל זײַנען שוין די עטלעכע אָרטגעבירטיקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אף זיי אָנפאַלן, גלײַך געבליבן שטיין און אין א רעגע ארום זײַנען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אָנפאַלערס אין פאַרטיידיקערס. און אַלץ איבער דעם איינעם געהיים וואָרט, וואָס קאַי־קובו האָט ארויסגערעדט.

אָבער סײַווי, מיסטער גלענאַרוואַן האָט שוין איצט געקענט האָבן זייער ווינציק האָפענונגען אף בלײַבן לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס דער־הארגענען דעם פירער וועט שוין אים אַזוי גלאַט ניט אָפּגיין. אַגעוו, האָט אים קיין איין רעגע ניט באַנק געטאָן זײַן טאַט און אויסער דעם האָט ער נאָך געהאָפט, אז קאַי־קומוס צאָרן וועט פאַלן בלויז אף אים איינעם.

זיי זײַנען אָפּגעזעסן דאָרטן אינעם טעמפּל ביז דעם 13־טן פעברואַר אינ־דערפרי. די אָרטגעבירטיקע האָבן זיך געהיט און זיך ניט דערנעענטערט צו די אייראָפּייער, וואָס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אינעם טאַבו. אינעם טעמפּל איז געלעגן אַסאַך עסנוואַרג, אָבער קיינער פון די אומגליקלעכע האָבן זיך קימאַט צו דעם ניט צוגערירט, — איבער די צאָרעס האָט מען שוין דעם הונגער ניט געפילט.

דער טאָג איז דורכגעגאַנגען און האָט ניט געבראַכט מיט זיך קיין שום ענדערונגען. קענטיק, אז די פײַניקונגען זײַנען אָפּגעלייגט געוואָרן אף דער שאָ פונעם פירערס לעווייַע.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט פאַרשטאַנען, אז וועגן קיין אויסטויש קען שוין איצט קיין רייד ניט זײַן, כאָטש באַם מאַיאָר האָט נאָך וועגן דעם געטליכט א שלאַבעריקער פונק פון האָפענונג.

— ווער קען וויסן, — האָט ער זיך אָנגערופן צו מיסטער גלענאַרוואַנען, — ס'קען זיך מאַכן, אז קאַי־קומו איז אף אונדז גאָרניט ברויגעז דערפאַר, וואָס מע האָט דערמאָרדעט זײַנעם א קאָנקורענט; ס'קען גאָר זײַן, אז טיף אין הארצן איז ער נאָך דערפאַר דאַנקבאַר.

אָבער מאַק־נאַבּס ווערטער האָבן ווינציק איבערצײַגט מיסטער גלענאַרוואַ־נען און ער האָט זיך ניט געלאָזט אײַנריידן.

דער קומענדיקער 14־טער פעברואַל איז אויך דורכגעגאַנגען אָן שום ענדע־רונגען.

די סיבע, פאַרוואָס מע האָט אָפּגעצויגן מיטן באַשטראָפן די געפאַנגענע, איז באַשטאַנען אָט אין וואָס:

די מאַאָריער גלויבן אין דעם, אז די נעשאָמע פאַרלאָזט ניט דעם טויטנס קערפּער די ערשטע דרײַ מעסלעס נאָכן טויט, דערום באַערדיקן זיי קיינמאָל ניט דעם טויטן אין מעשעך פון די ערשטע דרײַ מעסלעס. דאָסזעלבע האָבן

זיי געטאָן אויך בענעגייע קארא־טעטען. ביזן 15־טן פעווראל איז דער פּלאַץ פונעם פּאַרט געבליבן אינגאנצן ליידיק. דזשאָן מאנגלס פלעג אָפט ארופקלע־טערן צו ווילסאָנען אפ די אקסלען און כאפּן א קוק אהין, וואָס דאָרטן טוט זיך. די אָרטגעבוירטיקע פלעגן ניט ארויסגיין פון זייערע הײַזקעס, און בלויז די וואכליַיט, וואָס האָבן זיך געביטן בא די טויערן פונעם טעמפּל, האָבן גוט אכטונג געגעבן, אז די געפאנגענע זאָלן זיך ניט ראטעווען פונדאנען.

אָבער דעם דריטן טאָג האָבן זיך פון אלע הײַזקעס ארויסגעשאָטן די מענטשן, — מענער, פרויען, קינדער, אסאך הונדערטער פארצאָרנטע און שוויַיגנ־דיקע מאאָריער האָבן זיך צונויפגעקליבן צו קאַי־קומוס הײַזקע.

קאַי־קומו איז ארויסגעגאנגען אין דער ארומרינגלונג פון די אָנגעזעענסטע קריגס־ליַיט און איז אוועקגעגאנגען צום קליינינקן בערגל, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פונעם פּלאַץ; דער האמוינ אָרטגעבוירטיקע האָט ארומ־גערינגלט דאָסדאָזיקע בערגל מיט א פעסטן רינג, און דערוויַיל איז דאָרטן געשטאנען א מאָדנע שטילקיַיט.

לויט קאַי־קומוס א ווונק האָט איינער פון די קריגס־ליַיט זיך אָפּגעטיילט און זיך געלאָזט גיין צום טעמפּל.

— געדענק, וואָס איך האָב דיך געבעטן! — האָט זיך מיסיס עלען אָנגע־רופן צום מאן צו אירן.

מיסטער גלענארוואן האָט צוגעדריקט די פרוי זײַנע צום הארצן און אין דער אָ רגע איז מערי גראנט אָנגעגאנגען צו דזשאָן מאנגלס.

— מיסטער און מיס־ס גלענארוואן, — האָט זי זיך אָנגערופן צו אים, — האלטן, אז אויב דער מאן מעג הארגענען דאָס ווײַב, קעדיי צו ראטעווען זי דורך דעם פון פײַן און פון שאנד, מעג דער כאָסן ארויסוויַיזן דיזעלבע ליבלעכקײַט דער קאלע זײַנער. דזשאָן, אין דערדאָזיקער שרעקלעכער מינוט פרעג איך אײַך דרײַסט, צי דען קוקט איר ניט אין דער טיף בא זיך אין הארצן אפ מיר, ווי אפ אײַער קאלע? דערום וויל איך, טײַערער דזשאָן, איר זאָלט מיר זאָגן פעסט, צי וועט איר טאָן פון מײַנעטוועגן דאָסזעלבע, וואָס מיסטער גלענארוואן וועט טאָן פאר מיסיס עלען וועגן?

— מערי! — האָט דער יונגערמאן פארצווייפלט אויסגעשריגן. — טײַערע מערי...

און ער האָט איר מער גאָרניט ניט געקענט זאָגן. די טיר פונעם טעמפּל האָט זיך געעפנט, און דער קריגס־מאן האָט מיט א צייכן באוויזן די געפאנ־גענע, אז זיי זאָלן גיין נאָך אים.

מע האָט די געפאנגענע אוועקגעפירט צו יענעם בערגל, אפ וועלכן קאַי־קומו איז אײַנצט געשטאנען.

דער געריכט האָט זיך אָנגעהויבן.

— דו האָסט געהארגעט קארא־טעטען? — האָט זיך דער נײַ־זעלאנדישער פירער אָנגערופן.

— יאָ, איך האָב אים געהארגעט, — האָט יענער רויק געענטפערט.

— וועסטו מאָרגן פֿאַרטאָג מוזן שטאַרבן.

— איך אַליין? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פֿרעג געטאָן און זײַן האַרץ האָט גענומען קלאַפּן פֿאַר פֿרייד.

— אַך, ווען טאָגאָנגאָ איז ניט אין געפֿענקעניש! — האָט קאַי־קומו א זיפֿץ געטאָן און האָט א וואָרף געטאָן א צאָרנדיקן בליק אויף די אייראָפּייער.

אין דער אָ צײַט האָט זיך עפּעס דערפֿילט א געררודער צווישן די אָרטגע־בירטיקע. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז דער האַמוין האָט זיך פֿאַנאַנדערגערוקט און פֿון צווישן זיי איז אַרויסגעקומען איינער א קריגס־מאַן אין זײַן פֿולער באַוואָפֿענונג. ער איז נאָך געווען באַ־דעקט מיט שטויב פֿון וועג און איבערן פּנים האָבן זיך באַ אים געקײַקלט גרויסע טראָפּנס שווייס.

ווי קאַי־קומו האָט נאָר דערזען דעמדאָזיקן קריגס־מאַן, אַזוי האָט ער זיך באַלד צו אים געווענדעט מיט א פֿראַגע אויף ענגליש. ער האָט, קענטיק, גע־וואָלט, אַז די געפֿאַנגענע זאָלן אים פֿאַרשטיין.

— דו קומסט אָן פֿונעם אייראָפּייער־לאַגער?

— יאָ, — האָט דער מאַאָרי־ער געענטפֿערט.

— האָסטו געזען טאָגאָנגאָ?

— געזען.

— לעבט ער נאָך?

— ער איז געשטאָרבן! די ענגלענדער האָבן אים דערשאָסן.

איצט איז שוין דער גורל פֿון מיסטער גלענאַרוואַנס מיטרײַזנדער אויך געווען געלייזט.

און קאַי־קומו האָט אויסגעשריגן:

— מאָרגן פֿאַרטאָג וועט איר אַלע זײַן טויט!

הייסט עס, אַז דער זעלבער גורל האָט איצט געוואַרט אויף אַלע אומגליק־לעכע רײַזנדער באַגלײַך. נאָך דעם, ווי מע האָט געמאָלדן דעם אורטייל, האָט מען זיי ניט אָפּגעפֿירט אין טעמפּל אַרײַן. זיי האָבן, קענטיק, געמוזט בײַזײַן באַ דעם פֿירערס לעווײַע און באַ די אַלע בלוטיקע מינהאָגים, מיט וועלכע די לעווײַע ווערט דאָ אַרומגעשטעלט. א וואַך פֿון עטלעכע קריגס־לײַט האָט אָפּגעפֿירט די געפֿאַנגענע צו איינעם א גרויסן בוים און דאָרטן האָט מען זיך מיט זיי אָוועקגעשטעלט און קיין אויג פֿון זיי ניט אַראָפּגענומען. די איבעריקע מאַאָרי־ער, וואָס זײַנען איצט געווען פֿאַרטאָן מיט די טרויער־מינ־האָגים, האָבן גאָר אַזוי־ווי אינגאַנצן אין זיי פֿאַרגעסן.

סע זײַנען דורכגעגאַנגען דרײַ מעת־לעת נאָך קאַרא־טעטעס טויט. איצט האָט זיך שוין די נעשאָמע ענדגילטיק געזעגנט מיט איר ערדישער דירה און מע מעג שוין טאָן דעם טויטן זײַן רעכט.

מע האָט געבראַכט קאַרא־טעטעס קערפּער אויף א טראָג־בעטל און מע האָט אים אַוועקגעלייגט דאָ אויפֿן בערגל, וואָס אין מיטן פּלאַץ. דער טויטער פֿירער איז געווען אָנגעטאָן אין זײַנע בעסטע קליידער און איז געווען אַרומגעוויקלט

מיט א ברייטן מאנטל. אפן קאָפּ האָט מען אים אָנגעטאָן א קראנץ פון גרינע בלעטער, וווהין מע האָט אריַינגעשטעלט א פראכטפולן פליומאזש. דאָס פּאָנעם, די הענט און די ברוסט האָבן געגלאנצט פון פעטס און מע האָט ניט געזען אף זיי קיין שום שפורן פון צעלייגונג.

די פריַינט און די אייגענע זיַינען צוגעקומען צום בערגל און זיך ארום־געשטעלט ארום אים אין אן ענגער ראָד. פלוצים האָט זיך, ווי אונטער א דיריזשאָריש שטעקעלע, אופגעהויבן אפן ארום א פארצווייפלטער געשריי און די לופט איז פארהילכט געוואָרן מיט קוויטשעריַי, מיט געוויין, און מיט יאָמערן און מיט גוואלדן. די, וואָס זיַינען געווען נעענטער צום טויטן, האָבן זיך געשלאָגן מיט די פויסטן, ווער אין קאָפּ און ווער אין דער ברוסט. די קרויוועס האָבן זיך געדראפעט די פּנעמער און האָבן פארגאָסן מערער בלוט, ווי טרערן. די אָרעמע פרויען האָבן אויסגעפילט געטריַי דעם כויוו זייערן, אָבער דידאָזיקע אלע אויסנווייניקסטע צערעמאָניעס זיַינען נאָך געווען קארג אף צו באגיטיקן דעם געשטאָרבענעמס נעשאָמע. קעדיי אָפּצופירן דעם האס פונעם טויטן צו זיַין שייוועט, קעדיי סע זאָלן אים ניט באנק טאָן די אלע פארגעניגנס, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אף דער וועלט, וועט מען דארפן, אז דעם פירערס וויַיב זאָל טיילן מיט אים זיַין געלעגער דאָרטן אין קייווער. די אומגליקלעכע וואָלט סיַיווי ניט מאסקים געווען איבערלעבן דעם מאן אירן. אזוי האָט דאָרטן דער מינהעג געפאָדערט און די געשיכטע פון ניַי־זעלאנד איז פול מיט ביַישפּילן פון אזעלכע מינע קאָרבאָנעס.

און דעם פירערס אלמאָנע איז צוגעקומע: צום בערגל. דאָס איז נאָך געווען אינגאנצן א יונגע פרוי. אירע האָר האָבן זיך צעשאָטן איבער די אקסלען, אירע געשרייען און גוואלדן זיַינען געגאנגען ביז צום הימל, זי האָט געהאלטן אין איין אויסרעכענען דעם טויטנס מיַילעס און פארדינסטן, אָבער אלע מאָל האָט זי זיך אינמיטן די רייד ווילד צעיאָמערט איבערן גאנצן פלאצ. פלוצים האָט זי זיך אין עקסטאז פון צאר געגעבן א וואלגער אף דער ערד און זיך גענומען טראסקען מיטן קאָפּ אינעם צופוסנס פונעם בערגל.

אין דערדאָזיקער רעגע האָט זיך קאַי־קומו דערנעענטערט צו איר, די אומגליקלעכע אלמאָנע האָט זיך געגעבן א ריס פונעם אָרט, אָבער זי האָט גליַיך געגעבן א פאל צוריק, וויַיל ער האָט איר דערלאנגט מיט א פלאָקן איבערן קאָפּ, און זי איז שוין געלעגן אף דער ערד א טויטע.

די ווילדע אויסגעשרייען האָבן פארהילכט די לופט. הונדערטער הענט האָבן זיך דראָענדיק אויסגעצויגן צו די געפאנגענע, וואָס זיַינען סיַיווי געווען דערשיטערט פון דעמדאָזיקן שרעקלעכן בילד, אָבער קיינער פון די ווילדע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, וויַיל די לעוויַיע־צערעמאָניע האָט זיך נאָך ניט געענדיקט.

קארא־טעטעס פרוי האָט זיך שוין צוריק פארייניקט מיט איר מאן,ביידע טויטע קערפערס זיַינען איצט געלעגן באנאנד, אָבער צוליב דעם, אז דער טויטער זאָל זיך פילן גוט אף יענער וועלט, איז נאָך דאָס וויַיב אליין פאר



קאַראַ-טעטעס אלמאַנע איז געפאַלן א טויטע פונעם קלאַפּ, וואָס קאַי־קומו האָט איר געגעבן מיטן פליאַק

אים ווינציק. מע דארף דאָך נאָך, אז עמעצער זאָל זיי באַדינען דאָרטן אין די הימלען. דאָ אף דער ערד האָבן זיי געהאַט קנעכט, דארף מען זיי דידאָזיקע קנעכט מיטגעבן אהין.

און זעקס אומגליקלעכע קנעכט האָבן זיך דערנענטערט צו די קערפּערס פון זייערע הערשער. דאָס זײַנען געווען קריגס־לײַט פון פרעמדע שוואָטים, וואָס די אכזאָריִעסדיקע קריגס־געזעצן האָבן פארוואנדלט אין שקלאַפן. קאָל־זמאַן דער באַלעבאָס [illegible]ער האָט געלעבט, האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט די אכזאָריִעסדיקסטע ליידן, אדאנק דעם, וואָס מע איז זיך מיט זיי שלעכט באַגאַנגען, מע האָט זיי געהאָדעוועט מיט יעדן מין אָפּפאַל, זיי האָבן געארבעט אריבער זייערע קריכעס, אָן אָפּרו, און נישט האָפנענדיק ווען ניט איז צו באַפרײַט ווערן. איצט האָבן זיי, לויט די מאַאָריִישע אײַנגלויבעכצן, שוין גע־דארפט טראָגן אף זיך די אייביקע קנעכטשאַפט דאָרטן, אין דער אייביקער וועלט.

דידאָזיקע אומגליקלעכע האָבן, דוכט זיך, שאָלעם געמאַכט מיטן גורל. מע האָט ניט געזען, אז די הענט זאָלן בא זיי זײַן געבונדן, דאָס איז א סימען, אז קיינער האָט ניט געצווייפלט אין דעם, אז זיי זײַנען געקומען צונעמען דעם טויט קימאַט מיטן גוטן ווילן. אגעוו, האָט דער טויט בא זיי געדארפט זײַן א גרינגער, ווײַל מע וועט זיי פרײַ לאָזן פון די פּײַניקונגען. אויב מע האָט געגרייט איצטער פּײַניקונגען, איז עס פאר עמעצן אנדערש — פאר די, וואָס זײַנען שולדיק אינעם פירערס אומקום, און וואָס שטייען אָנאָ וואָסערע צוואנציק שפּאַן פונעם טויטן מיט אָפּגעקערטע בליקן, קעדיי ניט צו־זען דידאָזיקע שוידערלעכע בילדער.

זעקס שטאַרקע קריגס־לײַט האָבן אראָפּגעלאָזט די פלעקער זייערע איבער די קעפּ פון די אָרעמע מענטשן, און די זעקס קנעכט האָבן זיך צעזעגנט מיטן לעבן מיט זייערן.

מיסטער גלענארוואן מיט זײַנע מיטרײַזנדער האָבן קוים געעטעמט פאר שרעק; זיי האָבן זיך באַמיט ווי עס איז פארשטעלן פון די צוויי אומגליק־לעכע פרויען דידאָזיקע עקלהאַפטע סצענע. איצט האָבן זיי שוין געוווּסט, וואָס פאר א גורל סע וואַרט אף זיי גופע מאָרגן פארטאָג, און זיי האָבן פאר־שטאַנען, אז זיי וועלן שוין אליין וועלן דערצײַען די רעגע פונעם טויט, ער זאָל שוין גיכער קומען, אלס אויסלייזונג פון שרעקלעכע פּײַניקונגען.

דערווײַל האָבן זיך אָפּן פּלאַץ אָנגעהויבן די טענץ. די ווילדע מענטשן האָבן זיך אָנגעטרונקען מיטן זאַפט פון די piper excelsum־געוויקסן און זיי האָבן אָנגעהויבן קריכן פון דער הויט. מע האָט שוין איצטער אף זיי גאָרניט ניט דערקענט קיין שום סימען פון מענטשלעכקײַט. ס'האָט זיך אויס־געדאַכט, אז נאָך א רגע וועלן זיי פארגעסן אין דעם טאבו און וועלן זיך ארופוואַרפן אף די געפאַנגענע און זיי צעפליקן אף שטיקער.

אָבער קאַי־קומו האָט אין דער אלגעמיינער פארשיקערטקײַט פארהיט זײַן אייגענעם ניכטערן געדאנק; ער האָט שטרענג אכטונג געגעבן דערויף, אז

דידאָזיקע בלוסיקע אָרגיע זאָל ניט איבערגיינ איבער די געוויסע גרענעצנ, אונ ווי ס'זייַנענ נאָר דורכגעגאנגענ באַ די ווילדע די מעשוגענע טענצ מיט די האווייַעס, האָט ער באַפוילנ מע זאָל צוטרעטנ צום ווייַטערדיקנ לעווייַע־צערע־מאָניאל.

האָבנ די קריגס־לייַט איבערגעטראָגנ ביידע קערפערס — קארא־טעטעס אונ זייַנ פרויס — אפ א ברייט טראָג־בעטל. אינ העסקעם מיט די ניי־זעלאנדישע מינהאָגים, האָט מענ די קערפערס ניט אוועקגעלייגט, נאָר אוועקגעזעצט אפנ טראָג־בעטל, אזוי, אז די קני זייערע זייַנענ אויסגעקומענ לעם די סאמע בייַכער. די פאָרשטייענדיקע באערדיקונג איז נאָך ניט געווענ קיינ ענדגילטיקע, די מייסים האָט מענ פארגראָבנ אינ דער ערד נאָר צוליב דעם, אז די ערד זאָל פארניכטנ דאָס לייַב זייערס. אָבער די ביינער האָבנ געדארפט בלייַבנ.

די „אודופע" — דאָס הייסט, דער קייווער — איז געווענ אויסגעגראָבנ פונ יענער זייַט פארקנ וואָסערע צוויי מייַל פונ דעם פאָרט, אפנ שפיצ פונעם ניט שטארק הויכנ בארג מאונגאנאמו, באַם רעכטנ ברעג פונ דער אָזערע.

פיר קריגס־לייַט האָבנ ארופגענומענ אפ די אקסלענ דאָס טראָג־בעטל מיט ביידע מייסים אונ אונטער די קלאנגענ פונ „טרויער־לידער, וואָס דער גאנצער שייוועס האָט אונטערגעזונגענ, זייַנענ זיי לאנגזאם אוועק מיט די טויטע אונ זיי אוועקגעפירט אינ זייער לעצטנ וועג.

די געפאנגענע, וואָס זייַנענ איצט אויכ געווענ שטארק באוואכט, האָבנ באגלייט מיט די אויגנ דידאָזיקע לעווייַע־פראָצעסיע, ביז זי איז ניט ארויסגע־גאנגענ פונ יענער זייַט פעסטונג. די געזאנגענ מיט די געשרייענ זייַנענ בעהאדראָגעדיק אָפגעשטאָרבנ, וואָס מער זיי האָבנ זיכ דערווייַטערט פונדאנענ. אינ מעשעכ פונ א האלבער שאָ צייַט האָט מענ די פראָצעסיע ניט ארויסגע־זענ, ווייַל זי איז געגאנגענ דורכ א פארטיפונג צווישנ די בערג, אָבער דער־נאָכ האָט זי זיכ ווידעראמאָל באוויזנ אונ מע האָט געזענ פונדאנענ, וויאזוי זיי קלעטערנ איבער א ספיראלארטיק שטעגעלע, וואָס פירט זיי צום שפיצ פונעם בארג. פונדערווייַטנס האָט דידאָזיקע כיואליעארטיקע באוועגונג פונ דער לאנגער קאָלאָנע מענטשנ געמאכט א מאָדנעם פאנטאסטישנ איַינדרוק.

אפנ שפיצ מאונגאנאמו האָט זיכ די פראָצעסיע אָפגעשטעלט, דאָרטנ איז געווענ אויסגעגראָבנ א טיפער קייווער. א געוויינלעכער מאאָריער, אז ער שטארבט, באגראָבט מענ אים אינ א געוויינלעכער גרוב, וואָס מע פארוואל־גערט דערנאָכ מיט א הויפנ שטיינער, אָבער פארנ מעכטיקנ פירער האָט דער שייוועס צוגעגרייט א קייווער, וואָס פאסט פאר א מענטשנ, וועלכער האָט פארנומענ אזא מינ געהויבנ אָרט אפ דער ערד.

די אודופע האָט מענ ארומגערינגלט מיט א פארקנ, לעם דעם קייווער האָט מענ צעשטעלט עטלעכע אָפגעטער, וואָס זייַנענ געווענ אויסגעפארבט מיט אָכרע; די קרויווים האָבנ ניט פארגעסנ, אז די וואנדוא — די נעשאָמע פונ די געשטאָרבענע — נויטיקט זיכ אינ שפייַז, פונקט אזויווי דער קערפער פונעם לעבעדיקנ פירער, דערום האָט מענ דאָרטנ אינעווייניק פארנ פארקנ צונויפ־

געלייגט אַזאַך פאַרשיידענע שפּײַז, ווי אויך דאָס געווער און דאָס אָנטאָנ פונעם געשטאָרבענעם, און איצט וועט שוין דער געשטאָרבענער פירער זיך פאַרשפּאָרנ קלאָגנ אַפ וועלכע ס'ניט איז אומבאַקוועמלעכקײַטנ.

אַז מע האָט אַראָפּגעלאָזט די קערפּערס אינ קייווער אַרײַנ, איז ווידער אויסגעבראָכנ אַ געפילדער מיט אַ געשריי, מיט אַ געיאָמער, ווי דער שטיי־גער איז.

אַז מע איז פאַרטיק געוואָרנ מיט דער גאַנצער אַרבעט, האָט דער גאַנצער צוג מענטשנ זיך אַוועקגעלאָזט, באַ אַ שטרענגנ שטילשווײַגנ, צוריק צום פאָרט. פונ איצטיקער רעגע אָנ האָט שוינ קיינער מער ניט געטאָרט אַרויפטרעטנ אַפנ באַרג מאַונגאַנאַמו. דערדאָזיקער באַרג איז אונטערגעפאַלנ אונטערנ טאַבו, פּונקט ווי טאָנגאַרירא, וווּ סע געפינענ זיך די ביינער פונעם פידער, וואָס איז אומגעקומענ אינ 1846־טנ יאָר אינ דער צײַט פונ דער ערד־ציטערניש.

## עלפטע קאַפּיטל

# די לעצטע שאָענ

פּונקט אינ דעם מאָמענט, ווענ די זונ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פונ יענער זײַט בערג־שפּיצנ, האָט מענ די געפאַנגענע אייראָפּייער ווידעראַמאָל אָפּגעפירט אינ זייער פריערדיקער טפּיסע אַרײַנ. דאָרטנ האָבנ זיי זיך געדאַרפט אופהאַלטנ ביז די שפּיצנ פונ וואַיכיטי־רענדזש וועלנ זיך ניט אָנצינדנ פונ די ערשטע שטראַלנ פונעם טאָג.

מע האָט איבערגעלאָזט די געפאַנגענע בלויז איינ נאַכט אַפ זיך צוגרייטנ צום טויט. אָבער אַ מאָדנע זאַך, ניט געקוקט אַפנ געדריקטנ צושטאַנד אַפ זייערנ און אַפ דער שרעק, וואָס זיי האָבנ איבערגעלעבט, האָבנ זיי דאָך אַלע צוזאַמענ זיך אַוועקגעזעצט עפּעס איבערכאַפּנ.

— מיר וועלנ נאָך דאַרפנ האָבנ אַסאַך קויכעס, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַנ אָנגערופנ, — קעדיי צו קענענ קוקנ דעם טויט גלײַך אינ די אויגנ אַרײַנ.

נאָכנ אָוונט־ברויט האָבנ מיס מערי און מיסיס עלענ זיך אָפּגעטיילט פונ די איבעריקע און זיי זײַנענ אַוועק צו זייער ווינקל אינ טעמפּל און דאָרטנ האָבנ זיי זיך אַוועקגעלייגט אַפ די ראָגעזשעס. דער שלאָפ, וואָס העלפט פאַרגעסנ אינ אַלע ליידנ, האָט איצט צונויפגעשלאָסנ באַ זיי די וויִעס, זיי זײַנענ ביידע געלעגנ אַרומגענומענערהייט און זיי זײַנענ אַנשלאָפנ געוואָרנ נאָך אַזויפיל מידקײַט, דערדריקונג און צעבראָכנקײַט.

דאַנ האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אַוועקגעפירט די מאַנצבילער צום צווייטנ ווינקל פונעם טעמפּל און האָט זיך שטיל אָנגערופנ:

— ליבע פרײַנט מײַנע, מאָרגנ וועלנ מיר דאַרפנ שטאַרבנ. איך בינ איבער־צײַגט, אַז דעם טויט וועט איר באַגעגענענ ווי עכטע מאַנסלײַט, אָנ דעם

מינדסטן גיטער ... אָבער שטארבן בא די ווילדע אונטער די הענט הייסט נאָך ניט גלאט אזוי שטארבן. דאָס הייסט, אז מע וועט נאָך דארפן איבערלעבן זייער אסאך פּיַין און עפּשער אפילע שאנד אויך ... מיר האָבן לעם זיך צוויי פּרויען ...

בא די ווערטער האָט מיסטער גלענארוואנס שטים א ציטער געטאָן, ער איז אנשוויגן געוואָרן אף א וויַילע, קעדיי זיך נעמען פעסטער אין די הענט.

נאָך א קורצער האפּסאָקע האָט ער שוין רויַיטער פאָרגעזעצט.

— דזשאָן, — האָט ער זיך געווענדעט צום יונגן קאפּיטאן, — צי האָט איר צוגעזאָגט מיס מערי דאָס, וואָס איך האָב צוגעזאָגט מיסיס עלען?

— יאָ, איך האָב צוגעזאָגט און איך שווער, אז מיַין צוזאָג וועל איך אויספילן, — האָט דזשאָן מאנגלס געענטפערט.

— גוט, דזשאָן, אָבער מיר האָבן דאָך בא זיך ניט קיין געווער ...

— אָט אָ איז געווער אויך! — האָט דער יונגערמאן געענטפערט און האָט ארויסגענומען פון קעשענע א קינזשאל. — איך האָב אים ארויסגעריסן פון קארא־טעטעס האנט אין דער רעגע, ווען יענער איז געפאלן טויט צו איַיערע פיס.

א טיפע שטילשוויַיגן האָט גענומען הערשן אינעם טעמפּל נאָך אָט די־ דאָזיקע ווערטער. ענדלעך, האָט דער מאיאָר אָנגערירט דידאָזיקע שטילקיַיט.

— מיַינע פריַינט, — האָט ער זיך אָנגערופן, — איך בעט איַיך איר זאָלט זיך נאָך ניט איַילן מיט דעמדאָזיקן שרעקלעכן באשלוס מיט איַיערן. איך בין ניט קיין אָנהענגער פון אזעלכע טאטן, וואָס מע קען דערנאָך אייביק ניט פאריכטן.

— אָ, מאק־נאבס, איך האָב אפילע ניט געקלערט וועגן קיין זעלבסט־ מאָרד, — האָט מיסטער גלענארוואן אויסגערופן, — ווי פייַנלעך דער טויט אונדזערער זאָל ניט זיַין, וועט בא אונדז סטיַיען מוט אים קוקן גליַיך אין די אויגן אריַין. אָבער ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען מיר האָבן איצטער ניט די פרויען אונדזערע לעם זיך. דאן וואָלט איך שוין לאנג אויסגעשריגן צו איַיך: „מיַינע פריַינט, לאָמיר פרוון די קויכעס אונדזערע און זיך לאָזן לויפן פונדאנען! לאָמיר אָנפאלן אף דידאָזיקע בלוטדאָרשטיקע לייַט! מיר האָבן שוין ניט וואָס אָנצוווערן!“. אָבער מיסיס עלען ... אָבער מיס מערי ...

דזשאָן מאנגלס האָט זיך ארופגעכאפּט צו ווילסאָנען אף די אקסלען און גענומען באקוקן דעם פלאץ ארום. ער האָט געזען, אז דעם טעמפּל באוואכן איצט צוואנציק אָרטגעבוירטיקע פארשוינען. זיי האָבן צעלייגט א גרויסן שיַיטער, וואָס האָט מיט א ווילדער שיַין באלויכטן דעם ניט גלאטן אויבער־ פלאך פונעם באָדן דאָ אינעם פאָרט. א טייל ווילדע זיַינען געלעגן לעם שיַיטער, א טייל זיַינען ארומגעגאנגען פארביַי דער טיר און די סילועטן זייערע האָבן זיך אויסגעטיילט ווי די שווארצע פלעקן אפן רויטן פאָן פונעם פלאם.

דער צוטריט צום טעמפּל, וואָס האָט איצט געדינט אלס טפיסע פאר די ר_זנדער, האָט זיך געפונען בלויז פון איין זיַיט, — פון דער זיַיט, וווּ דער פעכטונג־פלאץ האָט זיך געפונען. די הינטערשטע וואנט זיַינע איז געווען

צוגעשטעלט צו א הויכן פעלדז, וואָס לאָזט זיך אראָפּ איינגאַנגען ווערטיקאַל. די צוויי איבעריקע ווענט זײַנען געשטאַנען איבער א טיפן אָפּגרונט, וואָס לאָזט זיך אראָפּ אַף הונדערטער פוס אוואדע, אויב ניט מערער. זיך אראָפּלאָזן איבער די אָפּגרונט־ווענט איז גאָרניט געווען שווער צו קלערן און ס'איז אויך געווען אומעגלעך דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן דורך דעם ווערטיקאַל־שטייענדיקן פעלדז. דער איינציקער ארויסגאַנג און אריינגאַנג האָט נאָר געקענט זײַן דאָס שמאָל פּאַסיקל ערד פאַר דער טיר, וואָס האָט, ווי מיט א בריקל, פאַרייניקט דעם פּלאַץ, אַף וועלכן דער טעמפּל איז געשטאַנען, מיטן פּלאַץ פון דער פעסטונג. אָבער דאָסדאָזיקע בריקעלע איז שטאַרק באַוואַכט געוואָרן פון די באַוואָפנטע אָרטגעבירטיקע, און בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז דאָך ניט שווער געווען צו קלערן, אז מע זאָל זיך קענען ראַטעווען דורך אַנטלויפן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אין דערין איבערצײַגט נאָך שטאַרקער בײַ יעדן פרישן מאָל, ווען ער האָט פונסנײַ באַקוקט די טעמפּל־ווענט.

און דידאָזיקע מידיקע נאַכט איז זיך דערווײַל געגאַנגען שאָ נאָך שאָ, א געדיכטע פינצטערניש האָט פאַרדעקט דעם באַרג, שווערע וואָלקנס האָבן באַהאַנגען אַפן הימל די לעוואָנע מיט די שטערן.

דער ווינט האָט פון מאָל צו מאָל זיך א נעם געטאָן צו דער פעסטונג, די קלעצערדיקע טעמפּל־ווענט האָבן אונטערגעסקריפּעט, דער שײַטער בײַ די אָרטגעבירטיקע האָט זיך אופגעכאַפּט מיט א צעשורפּעטן פלאַם און זײַן אָפּשײַן האָט מיט רויטלעכע בליקן באַשײַנט די גרויסע געפאַנגענע, וואָס זײַנען געווען אריינגעטאָן אין זייערע שווערע געדאַנקען. א טויט־שטילקײַט האָט איצט געהערשט אינעם גאַנצן טעמפּל.

ס'איז געווען אַן ערעך ארום פיר אזייגער פאַרטאָג, בעשאַס דעם מאַיאָר האָט זיך א דאַכט געטאָן, אז ער הערט עפּעס א גרינגן שאָרך, וואָס דערטראָגט זיך אהערצו, ווי פון דער וואַנט, וואָס שפּאַרט זיך אָן אינעם פעלדז. פון אָנפאַנג האָט מאַק־נאַבּס עפּעס אזויווי ניט צוגעגעבן קיין באַדײַט דעמדאָזיקן שאָרך, אָבער זעענדיק, אז דאָסדאָזיקע דראָפּען זיך ווערט ניט אָנטשטילט, האָט ער שוין שטאַרקער אָנגעשפּיצט זײַן געהער. דערנאָך איז ער שטילינקערהייט צוגעקראָכן צו דער וואַנט און האָט צוגעלייגט אהין זײַן אויער. ער האָט זיך געענומען אײַנהערן, דאַכט זיך אים פּאָרט, אז עמעצער גראַבלט זיך דאָרטן אין דרויסן.

ערשט דאַן, ווען דער מאַיאָר האָט זיך איבערצײַגט, אז זײַן געהער נאַרט אים ניט אָפּ, האָט ער געענומען און צוגערופן אהער מיסטער גלענאַרוואַנען און דזשאָן מאַנגלסן.

— הערט זיך אײַן, — האָט ער א שעפּטשע געטאָן צו זיי און זיי א ווײַז געטאָן, זיי זאָלן זיך אָנבייגן.

איצט האָט מען שוין זייער דײַטלעך געהערט, וויאַזוי מע גראָבט די ערד פון דרויסן, די שטיינדעלעך האָבן געקריצט בײַ יעדער ריר פון עפּעס א שאַרפן מין געווער, און זיי האָבן זיך אָפּגעשאָטן אַף אראָפּצו.

— קען זײַן, אז עפּעס א כּײַעלע גראָבּט זיך דאָ א נאָרע, — האָט דזשאָנ מאנגלס אינדערשטיל זיך אָנגערופן.

מיסטער גלענארוואנ האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אפ ניינ.

— מיר דוכט, אז דאָס איז א מענטש, — האָט ער זיך אָנגערופן.

אונ דער מאיאָר האָט זיי בּיידן געענטפערט:

— באלד וועלן מיר זיך דערוויסן, צי ס'איז א מענטש, צי ס'איז ניט קיינ מענטש.

ווילסאָן מיט אָלבּינעטן זײַנען שוינ אויך אהער אָנגעקומען אונ אלע אינ־איינעם האָבּן גענומען גראָבּן אונטער דער וואנט א גרוב. דזשאָן האָט געגראָבּן מיטן קינזשאל, וואָס ער האָט געהאט בּא זיך, די איבעריקע האָבּן זיך צוגע־זוכט אזעלכע פאסיקע שטיינדלעך. די גאנצע צײַט, וואָס זיי האָבּן געארבּעט, האָט מיולרעדי אכטונג געגעבּן אפ די אָרטגעבּירטיקע אונ האָט נאָכגעקוקט יעדע באוועגונג זייערע.

אָבּער די ווילדע האָבּן קיינ זאך ניט איבּערגעקלערט אונ זײַנען זיך זייער רויִק געזעסן ארום דעם שײַטער.

דער בּאָרג איז באשטאנען פונ שלאבעריקן טופ אונ אדאנק דעם איז דאָס אונטערגראָבּן געגאנגען, וואָס ווײַטער, אלץ גיכער, ניט געקוקט אפ דעם, וואָס געגראָבּן האָט מען מיט די סאמע פרימיטיווסטע געצײַגן.

אינגיכן איז געוואָרן פאר איטלעכן קלאָר, אז געגראָבּן האָט זיך א מענטש אָדער עפּשער עטלעכע מענטשן מיטאמאָל דאָרטן באם צופוסנס פונעם טעמפּל. נאָר מע זאָל נאָך קענען וויסן, מיט וואָס פאר א ציל יענע מענטשן גראָבּן זיך אונטער, צי ווייסן זיי כאָטש וועגן די געפאנגענע, וואָס געפינען זיך דאָ אינ טעמפּל, אָדער ניט?

די געפאנגענע האָבּן זיך א נעם געטאָן מיט נאָך מער כיישעק צו דער ארבּעט. די הענט זײַנען בּא זיי שוינ געווען אזוי ארויסגעפליקט, אז ס'האָט פונ זיי געגאָסן בלוט, אָבּער זיי האָבּן זיך ניט אָפּגעשטעלט אונ האָבּן אלץ געגראָבּן. אינ א האלבּער שאָ ארום האָט שוינ די לאָך פונ דער אינעווייניקסטער זײַט געהאלטן בּא א האלבּן קלאפטער די טיפ.

לויטן קלאַנג, וואָס האָט זיך געהערט פונ אויסנווייניק, האָט מען שוינ געקענט פארשטיינ, אז בלויז א דינ שטיקעלע ערד־מעכיצע טיילט אָפּ די צוויי גראָבּנדיקע גרופּעס איינע פונ דער צווייטער.

אזוי זײַנען דורכגעגאנגענע נאָך עטלעכע מינוט אונ פּלוצים האָט דער מאיאָר דערפילט א קלאַפּ איבּער דער האנט מיט עפּעס א שארפ שטיקל גע־ווער. ער האָט זיך קוים אײַנגעהאלטן, ער זאָל קיינ געשריי ניט טאָן.

דזשאָן מאנגלס האָט קונציק אויסגעמיטן דאָס מעסער־קלינגל, וואָס האָט זיך דורכגערוקט פונ אויסנווייניק, אונ אָנגעכאפּט די האנט, אינ וועלכער דאָס מעסער האָט זיך געפונען.

געווען איז עס גיכער פונ אלץ א האנט פונ א פרוי אָדער פונ א קינד, אָבּער דער באלעבּאָס פונ דער האנט האָט, אָן סאָפעק, געמוזט זײַנ אנ אייראָפּייער.

קיין איין קלאנג האָט זיך ניט דערהערט ניט פון דעם צאד און ניט פונעם צווייטן. קענטיק, אז ביידע צדאָדים האָט איצט בעסער געלוינט אָפּצוהיטן די שטילקייט.

— איך וואָלט גאָר שווערן, אז דאָס איז ראָבערט, — האָט מיכטער גלע־נארוואן א שעפּטשע געטאָן.

אָבער ווי שטיל ער האָט דידאָזיקע ווערטער ניט ארויסגערעדט, האָט דאָך מערי גראנט דערהערט זיי אינעם דרימל. זי האָט שטיל זיך א לאָז געטאָן אהין, וווּ מיסטער גלענארוואן איז געשטאנען, און אז זי האָט געכאפּט איינ־דערפינצטער יענעמס האנט, וואָס איז געווען אויסגעשמירט אין ערד, האָט זי זי אָפּגעקושט מיט אירע ווארעמע קושן.

— ראָבערט, ס'איז דו? — איז דאָס יונג מיידל געוואָרן אויסער זיך פאר פרייד, — דאָס ביסטו דאָך, מײַן טײַער ייִנגעלע?

— יאָ, ס'איז איך, שוועסטערל, — האָט ראָבערט געענטפערט, — איך בין געקומען, טאָמער וועל איך אײַך ארויסראטעווען פונדאנען. נאָר זאָל זײַן שטיל.

— אַך, ס'ארא מין העלד דאָס איז! — האָט גלענארוואן איבערגעכאזוערט.

— איר כאפּט נאָר א קוק, וואָס טוען דאָרטן די ווילדע! — האָט ראָבערט באפוילן.

מיולרעדי, וואָס האָט זיך אפּ א חילע אָפּגעוועדעט פון זײַן פּאָסטן דורך דער דערפרייענדיקער נײַעס, וואָס דאָס יאטל האָט זיך צוריק אראָפּגע־וויזן, האָט זיך ווײַטער אוועקגעשטעלט אפּ דער וואך.

— אלץ איז אין אָרדענונג, — האָט ער זיך אָנגערופן. — נאָר פיר פון די ווילדע וואכן, און אלע איבעריקע שלאָפן שוין.

— דרײַסטער אביסל! — האָט זיך ווילסאָן אָנגערופן.

די עפענונג האָט מען איז מעשעך פון איינ מינוט פארברייטערט, און ראָ־בערט האָט זיך געגעבן א גליטש ארײַן אהער אין טעמפּל ארײַן. ער איז פון מעריס אָרעמס איבערגעגאנגען צו מיסיס עלען. ארום די לענדן האָט דאָס יאטל געהאט בא זיך ארומגעוויקלט א היפשן פלאקסענעם שטריק.

— מײַן ייִנגעלע, טײַער ייִנגעלע מײַנס, לעבסטו נאָך! — האָט מערי גע־שעפּטשעט, דערציילן כאָטש, וויאזוי האָסטו זיך געראטעוועט?

— ס'איז געווען אזוי, — האָט ראָבערט געענטפערט. — צווישן דער טומל־דיקער שטופּעניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באלד נאָך קארא־טעטעס טויט, האָב איך פלוציים באמערקט, אז מע האָט מיך ארויסגעשטופּט פון יענער זײַט וואך, האָב איך זיך שטילערהייט פארגאנוועט צום פארקן און בין גלײַך אריבערגעשפרונגען פון יענער זײַט. צוויי טאָג האָב איך זיך אויסגעבאהאלטן צווישן די קוסטן־ביימלעך און יעדע באנאכט פלעג איך אריבערקריכן אהער צו דער פעסטונג. איך האָב זייער געוואָלט אפּ אײַך א קוק טאָן, האָב איך דעם טאָג, ווען מע האָט באהאלטן דער פירער, די גאנצע צײַט געקוקט אפּן פעלדז, אפּ וועלכן די טפּיטע אײַערע איז אויסגעבויט געוואָרן, און דאן איז מיר אײַנגעפאלן אין געדאנק, אז איך וועל זיך צו אײַך קענען דערקלײַבן.

בין איך צוגעגאַנגען צו אַ ייִדישער הײַזקע און איך האָב דאָרטן צוגעגאַנווּעט דעמדאָזיקן מעסער מיט דעם שטריק, דערנאָך האָב איך אַרופֿגעקלעטערט אויפֿן דאָזיקן פֿעלדז, כ׳האָב זיך אָנגעהאַלטן אין דעם גראָז און אין די קוסטן־צווײַגלעך. לאָזט זיך אויס, אַז פּונקט אונטערן טעמפּל געפֿינט זיך אין דער ערד אַ גאַנץ היפּשער כאָלעל, און מיר איז אויסגעקומען דורכצוגראָבן בלויז עטלעכע פֿוס פֿונעם באָדן. און דאָס איבעריקע, ווייסט איר שוין אַליין, וואָרום אָט־אָ בין איך שוין צווישן אײַך.

צוואַנציק צאַרטע קושן זײַנען געווען דער איינציקער ענטפֿער אויפֿן יאָסלס רעדע.

— טאָ לאָמיר־זשע אַנטלויפֿן! — האָט ראָבערט זיך אָנגערופֿן אַנטשלאָסן.

— פֿאַגאַנעל וואַרט אויף אונדז פֿונונטן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פֿרעג געטאָן.

— פֿאַגאַנעל? — האָט דאָס יאָסל איבער־געפֿרעגט מיט גרויס פֿאַרווּנדערונג.

— נו, יאָ, פֿאַגאַנעל.

— ניין... וואָס איז דען, ער איז ניטאָ דאָ צווישן אײַך?

— ניין, ראָבערט. ער איז ערגעץ פֿאַרשווּנדן געוואָרן, — האָט מערי גע־ענטפֿערט.

— הייסט עס, אַז ער איז ניט אַנטלאָפֿן געוואָרן מיט דיר צוזאַמען? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן ווײַטער אַ פֿרעג געטאָן.

— ניין, סער, — האָט ראָבערט געענטפֿערט און איז געוואָרן מיטאַמאָל שטאַרק אומעטיק פֿון דעם, וואָס זײַן דערוואַקסענער פֿרײַנט איז אַזוי מאָדנע פֿאַרשווּנדן געוואָרן.

— טאָ לאָמיר־זשע אַנטלויפֿן פֿונדאַנען! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגע־רופֿן. — מע טאָר איצטער ניט פֿאַרשווענדן קיין איין איבעריקע רעגע. ווּ פֿאַ־גאַנעל זאָל זיך איצטער ניט געפֿינען, קער ער ניט זײַן אין קיין געפֿערלעכער לאַגע ווי מיר — איצט. לאָמיר לויפֿן!

און ווירקלעך. איצט האָט מען יעדע רעגע געדאַרפֿט האַלטן טײַער, און אויב לויפֿן, האָט מען געדאַרפֿט עס טאָן אָן דער מינדסטער פֿאַרזאַמונג. די ערשטע צוואַנציק פֿוס איז געווען שווער זיך אַראָפּצולאָזן. ווײַל זיי זײַנען קימאַט געגאַנגען ווערטיקאַל. ווײַטער־צו איז אָבער דער שיפּוע פֿונעם פֿעלדז ניט געווען אַזוי סטראָמקע, און ווי די געפֿאַנגענע וועלן זיך שוין נאָר געפֿי־נען לעם צופֿוסנס פֿונעם פֿעלדז, וועלן זיי זיך שוין קענען אַראָפּלאָזן גלײַך אין טאָל אַרײַן, וואָס געפֿינט זיך פֿון יענער זײַט באַרג, אין דער צײַט, ווען די מאַאָריער, אויב זיי וועלן נאָכיאָגן, וועלן דאַרפֿן אָנלייגן אַסאַך וועג אַרום דעם גאַנצן באַרג.

די געפֿאַנגענע זײַנען איינציקווײַז דורכגעקראָכן דורך דער שמאָלער עפֿע־נונג פֿון דער דורכגעגראָבענער לאָך, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען צו דעם כאָלעל, וועגן וועלכן ראָבערט האָט זיי דערציילט. דישאָן מאַנגלס, וואָס האָט דער לעצטער פֿאַרלאָזט דעם טעמפּל, האָט קונציק פֿאַרדעקט מיט אַ ראָגעזשע די



דאָס אַנ־לויפֿן פֿון דער פֿעסטונג

לאָך, וואָס זיי האָבן דורכגעגראָבן, קעדייל די פאַרפאָלגער זאָלן זיך ניט אָנ־שטויסן, דורכוואַנען די געפאַנגענע זײַנען אונטער נען געוואָרן.

איצט האָט מען זיך שוין געדאַרפט אַראָפּלאָזן דורך דער ווערטיקאַלער וואַנט ביז צום יענעם אָרט, ווו דער פעלדז־שיפּוע איז געוואָרן אַביסעלע צו־טריטבאַרער פאַרן פוס. ווען ראָבערט נעמט מיט זיך ניט מיט דעם שטריק, וואָלט גאָרניט מעגלעך געווען זיך אַראָפּלאָזן פונדאַנען.

איצט האָט מען דעם שטריק צעוויקלט, איין עק האָט מען צוגעבונדן צו אַן אַרויסשטעקנדיקן שטיקל פעלדז און דעם צווייטן האָט מען אַראָפּגעוואָרפן אַראָפּ. דזשאָן מאַנגלס האָט צוליב מערער זיכערקייט א פּרוּוו געטאָן, ווי שטאַרק סע זײַנען די פעדים, פון וועלכע דער שטריק איז אויסגעפלאָכטן, און נאָך דעמדאָזיקן פּרוּוו האָט ער ניט צופרידן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און מע האָט אַלע פאַרשטאַנען, אַז דער שטריק איז ניט אַזוי שטאַרק.

— מער ווי צו צווייען טאָר מען זיך איבער דעם שטריק ניט אַראָפּלאָזן,— האָט ער זיך אָנגערופן,— דערום וועט אויסקומען זיך אַראָפּלאָזן לויט דער ריי. מיסטער גלענאַרוואַן מיט מיסיס עלען זאָלן זיך אַראָפּלאָזן די ערשטע. אַז זיי וועלן שוין זײַן אונטן, זאָלן זיי דרײַ מאָל א צופּ טאָן דעם שטריק און דאָס וועט אונדז דינען אַלס סיגנאַל פאַר דער צווייטער פּאָר, אַז זי מעג זיך שוין אַראָפּלאָזן.

— אויב אַזוי, טאָ דערלויבט בעסער מיר זיך אַראָפּלאָזן צום ע־שטן,— האָט זיך ראָבערט אָנגערופן,— איך האָב דאָרטן אָפּגעזוכט ניט קיין גרויס אויס־געהוילט אָרט, ווו די מענטשן וועלן קענען אומבאַמערקט צוּוואַרטן איינער אויפן צווייטן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט עס אים דערלויבט און ער האָט בעייסמײַסע מיט גרויס ליבשאַפט געדריקט דעם יינגל די האַנט.

ראָבערט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אַראָפּ. אין א מינוט אַרום האָט זיך דער שטריק דרײַ מאָל א הוידע געטאָן, דאָס איז געווען א סימען, אַז ראָבערט שטייט שוין אויף א פעסטן באָדן.

די רעגע האָבן מיסטער גלענאַרוואַן מיט מיסיס עלען זיך אַראָפּגעגליטשט אַראָפּ. די נאַכט איז נאָך אַלץ געווען פינצטער, אָבער אויפן האָריזאָנט האָט מען שוין געקענט באַמערקן די קאָנטורן פון די באַרג־שפּיצן.

די פאַרטאָגעדיקע קילקייט האָט דערמוטיקט די יונגע פרוי. זי האָט זיך דערפילט מיטאַמאָל שטאַרקער און זי האָט זיך זייער גוט אַראָפּגעלאָזט גלײַך נאָך איר מאַן. זיי זײַנען פלינק אַראָפּ צו דעם אָרט, ווו די ווערטיקאַלע וואַנט באַגעגנט זיך מיט א שטיקל באַרג־טרעפּל.

דאָ האָבן זיי אָפּגעלאָזט דעם שטריק און האָבן גענומען פויזען איבערן סטראָמקן אַראָפּ־א־באַרג, ווו מע האָט זיך געמוזט אײַנקלאַמערן מיט די הענט אָן דער ערד. גלענאַרוואַן האָט אונטערגעהאַלטן עלענען. אַז ער האָט אָנגע־טאַפּט מיטן פוס א שטיקל סטרופּ, האָט ער פריִער אַליין אויסגעפּרוּווט די פעסטקייט און דערנאָך האָט ער אָנגעוויזן מיסיס עלען זי זאָל זיך אַהינצו שטעלן. די פייגעלעך, וואָס האָבן זיך פלוצים אויפגעכאַפּט פון דער באַוועג־

גונג ארום זיי, האָבן געגומען אומפּליַען בא די ריַזנדער־איבער די סאמע קעפּ און געגומען פּישטשען.

די אנטלאָפענע זיַנען דערציטערט געוואָרן, ווען זיי האָבן דערהערט, אז אונטער די טריט זייערע ריַסט זיך אָפּ וואָסער ניט איז שטיינדל און לאָזט זיך קיַקלען צום צופוסנס פונעם בארג.

דערנאָכדעם האָבן דזשאָן מאנגלס מיט מיס מערין אין זייער ריי זיך א נעם געטאָן פארן שטריק און האָבן אונטערגענומען דעם גלעפערלעכן אראָפּשטיַיג. איצט איז שוין די צווייטע פּאָר אויך בעשאָלעם אראָפּ צום צופוסנס פונעם בארג און איז שוין געשטאנען איניינעם מיט דער ערשטער פּאָר אין דער קליינינקער אויסהוילונג, וואָס ראָבערט האָט זיי אָנגעוויזן.

אזוי זיַנען דורכגעגאנגען פינף מינוט ציַיט, ביז אלע געפאנגענע, וואָס זיַנען אזוי גליקלעך אנטלאָפן פון דער טפיסע, זיַנען שוין געווען לעם זייער ציַיטוויַליקן אנטרינונג־פּלאץ און איצט זיַנען זיי אוועקגעגאנגען אפּ וויַיטער־צו פון דער פעסטונג.

וווהין־זשע זיַנען זיי געגאנגען? דאָס האָבן זיי נאָך אליין אויך ניט גע־ווּוסט. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געוווּסט, איז געווען, אז דערוויַל זיַנען זיי פריַי.

עס איז שוין מער ניט געווען ווי א האלבע שאָ ביזן זון־אופגאנג. די־דאָזיקע האלבע שאָ זיַנען די אנטרונענע געגאנגען אין דער וועלט אריַן, זיי האָבן דאָך איצטער ניט לעם זיך פאגאנען, וואָס וואָלט זיי קענען פירן אפּ א ריכטיקן וועג.

די אנטרונענע האָבן געהאלטן די ריכטונג צו מיזרעך־צו, און זיי זיַנען די גאנצע ציַיט געגאנגען אנטקעגן דעם פרעכטיקן מאָרגנשטערן. אינגיכן האָבן זיי זיך אופגעהויבן א5 וואָסערע פינף הונדערט פוס איבער דער אָזערע טאופּאָ. די קילקיַיט פונעם פרימאָרגן, וואָס האָט זיך מיט יעדער אופשטיַיג זייערן אלץ שטארקער דערפילט, האָט היפּש געשטערט די ריַזנדער, דערצו זיַנען זיי נאָך געגאנגען אָן א וועג צווישן א לאבירינט פון בערג מיט בערגלעך.

מיסטער גלענארוואן האָט זיך עפּעס ניט איבעריקס אָפּגעשראָקן פאר דעם, טאָמער קענען זיי פארבלאָנדזשעט ווערן, ער האָט די גאנצע ציַיט געהאָפט אפּ דעם מאָמענט, ווען זיי וועלן זיך קינען ארויסקליַיבן אפּ א ריכטיקן וועג.

ענדלעך האָט זיך די זון אופגעהויבן און האָט באלויכטן מיט אירע ערשטע שטראלן די אנטלאָפענע.

פּלוצים האָט זיך פונדערוויַיטנס דערטראָגן א ווילד געשריי פון הונדערטער קוילעס. דאָס האָט מען געשריגן פון דער פעסטונג אראָפּ. אגעוו, האָבן זיך די ריַזנדער איצטער ניט איבעריקס קלאָר פאָרגעשטעלט, ווו די דאָזיקע פעס־טונג געפינט זיך איצט, אדאנק די פארשיידענע פארדרייטע שטעגעלעך און דעם נעפּל, וואָס האָט פארשטעלט די פעסטונג פון זייערע אויגן.

איין זאך איז יאָ געווען קלאָר: אז די אָרטגעבוירטיקע האָבן זיך שוין

אר׳מגעקוקט אפ דער ליידיקער טפיסע אונ איצט איז א פראגע, צי וועט זיך
ז׳ איינגעבן זיך באהאלטן פונ דער פארפאלגונג? די צווייטע פראגע איז, צי
האט מען זיי באמערקט פונ דער פעסטונג?
אינ דעמדאזיקן מאמענט האט דער נעפל זיך אופגעהויבן איבערן טאל, ער
האט אפ א רעגע איינגעהילט די אנטלאפענע מיט א גרויסן וואלקן אונ איז
באלד צעגאנגען געווארן אונטער דער זונ.

## צוועלפטע קאפיטל

# דער בארג טאבו

ביזן שפיץ בארג איז זיי נאך פארבליבן וואסערע הונדערט פוס. צום
שפיץ בארג האבן זיך די אנטלאפענע געצויגן מיט אלע קויכעס, ווייל זיי
האבן געהאפט, אז אפ דער קעגנבערדיקער זייט וועלן זיי געפינען וואסער
ניט איז שטעגעלע, אפ וועלכע מע וועט זיך קענען ארופקלייבן אפ די שכיי-
נעסדיקע בערג. אך, ווי זיי האבן זיך איצט געגויטיקט אינ פאגאנעלן. ווער,
אויסער אים וואלט זיי איצטער קענען העלפן זיך פאנאנדערקלייבן אינעם
דאזיקן בארגישן כאאס אונ אויסקלייבן דעם סאמע זיכערסטן וועג צום
אנטלויפן ?!.
אינ פינף מינוט ארום האבן זיי זיך דערקליבן צום שפיץ בארג. פונ הער-
דאזיקער הייך האבן זיי ארויסגעזען די גאנצע אזערע טאופא, אירע שיינ-
געמאלטע ברעגן, וואס זיינען געווען ארומגערינגלט פונ אלע זייטן מיט בערג,
וועלכע האבן זיך געצויגן צו מיירעוו־צו. צו צאפן האט זיך געהויבן זייער
הויך דער שפיץ פונעם בארג פיראנגיע; צו דארעם האט ער געהאט לעם זיך
דעם פלאמיקן קראטער פונ טאנגארירא. אפ מיזרעך האט פארשטעלט דעם
האריזאנט א בארג־קייט, וואס האט זיך פארייניקט מיטן בארג־רוקן וואיכיטי-
רענדזש, דער לעצטער האקט איבער גאנץ איקא־נא־מאוי, פונ דעם קוק-
דורכגוס ביז צום מיזרעכדיקן אויסגוס. דאס איז, דוכט זיך, געווען דער איינ-
ציק׳ר זיכערער וועג צום אנטלויפן.
גלענארוואנ האט זיך מיט גרויס אומרו ארומגעקוקט, דער נעפל האט זיך
שוינ ענדלעך אינגאנצן אויסגעוועפט אונטער די הייסע שטראלן פונ דער זונ
אונ יעדער בארג־שפאלט האט מען שוינ איצט זייער דייטלעך געקענט אנזעען.
די ארטגעבוירטיקע האבן זיך איצט געפינען אינגאנצן אפ א מעהאלעך
פונ וואסערע פינף הונדערט פוס. זיי האבן שוינ געהאלטן באם צופוסנס פונעם
בארג, אפ וועלכן די אנטרונענע האבן זיך איצט געפינען. פארבלייבן דא
לענגער האט נים געלוינט. ניט געקוקט אפ דער שרעקלעכער מידקייט, דארפ
מען פונדעסטוועגן זיך גלייך לאזן ווייטער אינ וועג אריינ, ווייל אויב ניט,
קענען נאך די ארטגעבירטיקע ארומרינגלען דעם בארג פונ אלע זייטן אונ
אפהאקן פאר זיי יעדע מינדסטע מעגלעכקייט צום אנטלויפן.

— אין וועג אַרײַן! אין וועג אַרײַן! — האָט מיסטער ג״ענאַרוואַן אויסגעשריגן.— וואָרום מע וועט אונדז נאָך גלײַך אַרומרינגלען.

אָבער אין דער רעגע, ווען די אָרעמע פּרויען האָבן זיך מיט גרויס שוועריקײַט געשטעלט אַף די פיס, האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופן צו מיסטער גלענאַרוואַנען:

— עדוואַרד, ס׳איז אומזיסט. טוט א קוק, וועט איר אַליין זען.

און ווירקלעך, איצט האָבן שוין אַלע דערזען, אַז פאַר די לעצטע רעגעס איז צווישן די רייען פון די מאַאָרישער פאָרגעקומען עפּעס אַ מאָדנע זאַך — ניט צום דערקלערן.

די נאָכיאָגערס זײַנען פּלוצים אינמיטן פאַרפאַלגן זייערן געבליבן שטיין, פּונקט ווי לויט עמעצנס א געוועלטיקערס באַפעל. די לאַווע מיט די אָרטגעבירטיקע האָט זיך דער יַיקלט ביז צום באַרג־צופוסנס און דאָרטן איז זי צעזעצט געוואָרן, ווי א כוואַליע, וואָס פּלײַט אָן אַף א האַרטנעקיקן פעלדז.

די נעקאָמע־דאָ־שטיקע ווילדע האָבן זיך צ׳זאַמען.ענומען בײַ די ערשטע באַרג־אויסשטירצונגען, זיי האָבן געפאָכעט מיט די העק און מיט די ביקסן, זיי האָבן ג.פילדערס, געקוויטשעט און געשריגן, אָבער פאָרויס האָבן זיי זיך ניט גערירט אַף קיין טראָט. די הינט זייערע האָבן שרעקלעך געבילט, אָבער די באַלעבאַטים האָבן זיי ניט אָפּגעלאָזט פון די שטריקלעך.

וואָס איז דאָ אַזעלכס פּאָרגעקומען, אַוועלכע אומגעזעענע קראַפט האָט עס אײַנגעהאַלטן אָט די ווילדע לײַט? די אַנטלאָפענע האָבן מיט גרויס שרעק זיך געריכט, אַז די אָזיקע קראַפט וועט פּלוצים אַראָפּנעמען דעם פאַרבאָט פון די־דאָזיקע באַרג און קאַי־קומוס לײַט וועלן זיך א וואָרף טאָן אַהער צו זיי.

דערווײַל האָט דזשאָן מאַנגלס עפּעס געגעבן א געשריי און אַלע מיט־רײַזנדער זײַנען האָבן זיך אײַסגעקערעוועט צו אים. דער יונגער קאַפּיטאַן האָט אָנגעוויזן אַף ניט קיין גרויס פּאַרקנדל, וואָס האָט זיך געפונען שוין גאָר אפן סאַמע שפּיץ באַרג.

— דאָס איז דאָך קאַראַ־טעטעס קייווער! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן.

— וואָס רעדסטו, ראָבערט, דו ווייסט עס אַף געוויס? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— יאָ, סער, — האָט דאָס יאַטל געענטפערט, — דאָס איז טאַקע זײַן קייווער. איך האָב זיך גענוג אָנגעקוקט אין דעמראָזיקן אָרט בעשאַס זיי האָבן זיך אַהערצו געדוקט מיט דער לעווײַע.

און ראָבערט האָט טאַקע געטראָפן צו דער זאַך: וואָסערע פּופּציק פוס פון־דאַנען איז געשטאַנען א פריש־אָפּגעפאַרבט פּאַרקנדל, וואָס האָט אַרומגעצוימט ניט קיין גרויס שטיקל ערד. אַז מע איז אָנגעגאַנגען נעענטער, האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך איבערצײַגט, אַז פאַר אים געפינט זיך ווירקלעך די טויטן־שטוב פון עם ניי־זעלאַנדישן פירער. צופעליק זײַנען זיי פאַרלאָפן אַהערצו אפן שפּיץ פונעם באַרג מאַונגאַנאַמו.

מיסטער גלענאַרוואַן איז אין דער באַגלייטונג פון די איבעריקע אַנטלאָ־



- קומט אריין, מיינע ליבע געסט, — האט זיך פאגאנעל אָנגערופן

פענע צוגעקומען צום אַרײַנגאַנג פון דער צוים, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען
מיט אַ געפלאָכטענער ראָגאָזשע. מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַפּ אַ רעגעלע
אָפּגעבויגן די ראָגאָזשע אַפּ אַרײַנגיין אינעווייניק; אָבער ער איז גלײַך אָפּ־
געשפּרונגען אַפּ צוריק.

— זעט נאָר, דאָרטן זיצט עפּעס אַ ווילדער!

— איין און איינציקער? — האָט מאַק־נאַבס אַ פרעג ג טאָן.

— יאָ, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפערט.

— אויב אַזוי, האָבן מיר זיך ניט איבעריקס וואָס צושרעקן. לאָמיר אַרײַן!

מיסטער גלענאַרוואַן, ראָבערט, דער מאַיאָר און דזשאָן מאַנגלס האָבן זיך
אַרײַנגעריסן אין דער אודופּע אַרײַן. דאָרטן האָט זיך געפונען אינגאַנצן איין
מאַאָריער, וואָס איז געווען אײַנגעהילט אין אַ ברייטן מאַנטל. ער איז גע־
זעסן אין שאָטן מיטן רוקן צו די אייראָפּייער און האָט אַפּן רויִקסטן אויפן
געפּראַוועט זײַן אָנבײַסן. מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך געוואָלט ווענדן צו
אים מיט אַ פראַגע, אָבער דאָ האָט זיך דער אָרטגעבירטיקער אויסגעקערע־
וועט צו זיי און זיך אָנגערופן אַפּ ריין ענגליש:

— קומט אַרײַן, מײַנע ליבע געסט, קומט אַרײַן, דער פרישטיק וואַרט
שוין אַפּ אײַך.

און זיי האָבן דערזען פאַר זיך פּאַגאַנעלן. אַז דער דרויסנדיקער אוילעם
האָט דערהערט פּאַגאַנעלס שטים, האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן צו דער או־
דופּע און מע האָט אים אָנגעהויבן אַרומנעמען און דריקן אין די אָרעמס.

— ווײַ, ווײַ, פּאַגאַנעל האָט זיך אָפּגעזוכט. דאָס איז דאָך שוין אַ סימען,
אַז אַלע וועלן זײַן געראַטעוועט!

דער מאַיאָר האָט זיך בא אים געוואָלט פאַנאַנדערפרעגן, וויאַזוי האָט ער
זיך געפּאַקט אַפּן שפּיץ מאַונגאַנאַמו, אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים
איבערגעהאַקט אינמיטן דער פראַגע. ס'איז איצט ניט קיין צײַט פאַר קיין
נײַגעריקײַט.

— די ווילדע! — האָט ער זיך אָנגערופן. — אָנאָ זײַנען זיי אַלע!

— זאָלן זיי זיך זײַן! — האָט פּאַגאַנעל רויִק אָפּגעענטפערט. — מיר האָבן
צו זיי גאָרניט.

— אָבער זיי צו אונדז האָבן דאָך!..

— פאַר אונדז שטעלן זיי מיט זיך אויך ניט פאָר קיין געפאַר. אויב איר
ווילט, קענען מיר אַרויסגיין און אַ קוק טאָן אַפּ זיי.

פּאַגאַנעל איז דער ערשטער אַרויס פון דער אודופּע, און אַלע — נאָך אים.
דאָ האָט דער אוילעם דערזען, אַז די נײַ־זעלאַנדער זײַנען פאַרבליבן אַפּן
פריִערדיקן אָרט באַם צופוסנס פונעם באַרג און זיי האָבן נאָך אופגעהויבן אַ
ווילד געשריי, בעשאַס זיי האָבן דערזען פאַר זיך די אייראָפּייער.

— שרײַט, שרײַט! — האָט פּאַגאַנעל זיי אָפּגעענטפערט. — רײַסט זיך אַפּן
האַלדז און אַפּ אַלע אייוורים, סײַווי וועט איר אַפּן דאָזיקן באַרג זיך ניט
דערוועגן אַרופקריכן.

— פאַרוואָס איז? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— דערפאַר, וואָס דאָ איז באַהאַלטן דער פירער זייער; דערפאַר, וואָס דעם פירערס קייווער באַשיצט איצט אויך אונדז; דערפאַר, וואָס דערדאָזיקער באַרג איז אונטערגעפאַלן אונטערן טאַבו!

— אונטערן טאַבו?

— יאָ, מײַנע פרײַנט, און דעריבער טאַקע האָב איך דאָ אפּן דאָזיקן באַרג־שפּיץ געקענט זיכער פאַרבלײַבן.

— אורא! אורא! — האָבן ביידע מאַטראָסן אין איין קאָל אויסגעשריגן.

און ווירקלעך, דערדאָזיקער באַרג איז טאַקע אונטערגעפאַלן אונטערן טאַבו, און די אַבערגלויבערישע אָרטגעבוירטיקע האָבן זיך ניט דערוועגט צו מאַכן אהער קיין טראָט.

דאָס האָט נאָך, פאַרשטייט זיך, ניט געהייסן, אַז די אַנטלאָפענע זײַנען שוין געראַטעוועט, אָבער יעדנפאַלס וועלן זיי צײַט האָבן אָפּצוּעטעמען אפּ דער פרײַ און וועלן פאַר דער צײַט עפשער קענען אויך אָרגאַניזירן פאַר זיך די רעטונג. מיסטער גלענאַרוואַן איז געווען אַזוי איבעראַשט פון דער מײַסע, אַז ער האָט אפילע קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן. אפילע דער מאַיאָר האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ פּאַגאַנעלן אפּ יעדן וואָרט, וואָס ער האָט גע־זאָגט, און איבער זײַן פּאָנעם האָט מען דערזען אַן אויסדרוק פון פולסטער באַפרידיקונג.

— אָבער וויאַזוי וועלן מיר זיך פונדאַנען אַרויסקלײַבן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— איך זאָל וויסן וויאַזוי, וואָלט איך אײַך גלײַך געזאָגט, — האָט פּאַגאַ־נעל געענטפערט, — אָבער איך קאַוויר אײַך, אַז מירן זיך פונדאַנען אַרויס־קלײַבן.

איצט האָבן אַלע אין איין קאָל גענומען אויספרעגן פּאַגאַנעלן, ער זאָל אויסדערציילן, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט פאַר די לעצטע טעג. אָבער שטעלט זיך פאָר, אַז דערדאָזיקער גערן־פּלאַפּלענדיקער געאָגראַף איז איצט געווען קאַרג אפּ א וואָרט, יעדעס וואָרט האָט מען געדאַרפט בא אים אַרויס־שלעפּן מאַמעש ווי מיט צוואַנגען.

„ס'איז גאָרניט דער פרײַערדיקער פּאַגאַנעל" — האָט מאַק־נאַבס א קלער געטאָן צו זיך אַליין.

און ווירקלעך, אפילע דאָס פּאָנעם האָט זיך בא אים אַזויווי געביטן, ער האָט זיך געהילט קעסיידער אין זײַן ניי־זעלאַנדישן מאַנטל און האָט אויס־געמיטן די נײַגעריקע בליקן. אַלע האָבן באַמערקט, ווי ניט גערן ער רעדט וועגן זיך זעלבסט.

ווי נאָר אָבער מע האָט אופגעהערט זיך פּאַנאַנדערפרעגן בא פּאַגאַנעלן וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט פאַרבראַכט דידאָזיקע טעג, דאַן איז זײַן צוריק־געהאַלטנקײַט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן און ער איז געוואָרן צוריק דערזעלבער פּאַגאַנעל, וואָס געווען.

אונ וואָס מע האָט זיכ באַ אים יאָ דערוווּסט, בעשאַס אַלע גוטע פרײַנט האָבנ זיכ אָוועקגעזעצט מיט אים אינאיינעם אינעווייניק לעם דעם אודופּע־פּאַרקנ, איז געווענ פאָלגנדיקס:

ער, פּאַגאַנעל, האָט זיכ באַנוצט מיט דער בעהאָלע, וואָס איז געוואָרנ באַלד, ווי מע האָט געהאַרגעט קאַרא־טעטענ, אונ האָט, פּונקט ווי ראָבערט, זיכ אַרויסגעגליטשט אונ זיכ א וואָרפ געטאָנ צום פעסטונג־פּאַרקנ, אָבער דעם געלערנטנ האָט ניט געגליקט אונ צום ענדע טאָג האָט ער זיכ אינגאַנצנ אומגעריכט געפּאַקט אינ די בערג צו אנ אנדער לאַגער פונ א מאַאָרייִשנ שייוועט. דער פירער פונעם דאָזיקנ שייוועט איז געווענ א הויכוווּקסיקער מאַאָריִער מיט א קלוג געזיכט, וואָס האָט זייער פרײַ גערעדט ענגליש. יענער האָט גראַד אופגענומענ דעם געאָגראַפ גאַנצ מילד אונ אַלס צייכנ פונ פרײַנטשאַפט האָט ער מיט זײַנ נאָז אָנגערירט פּאַגאַנעלס נאָז.

פּאַגאַנעל האָט פונ אָנפאַנג ניט געוווּסט, צי זאָל ער קוקנ אופ זיכ ווי אופ א געפאַנגענעם, צי ער זאָל זיכ פילנ פרײַ. אָבער אינגיכנ האָט ער פאַרשטאַנענ, אינ וואָס פאַר א לאַגע ער איז, ווײַל ער האָט געזענ, אַז דער פירער טרעט פונ אים ניט אָפּ אופ קיינ טראָט. וווּהינ ער זאָל זיכ נאָר ניט קערנ, איז יענער באַלד לעם אים.

דערדאָזיקער פירער מיטנ נאָמענ כיכי — אופ מאַאָרייִש הייסט עס „א זונענ־שטראַל“ — איז ביכלאַל געווענ ניט קיינ שלעכטער מענטש. קענטיק, אַז פּאַגאַנעלס ברילנ מיט זײַנ קוק־רער האָבנ אים אָוועקגעשטעלט באַ יענעם אינ די אויגנ אופ אנ אומדערגרייכבאַרער הייכ, אונ קעדיי אים צובונדנ שטאַרקער צו זיכ, האָט כּי ניט געקאַרגט פאַרנ גאַסט קיינ מילדע רייד באַטאָג אונ קיינ שטאַרקע שטריק אופ באַנאַכט.

אַזוי זײַנענ דורכגעגאַנגענ לאַנגע דרײַ מעסלעס. וויִאַזוי איז מענ זיכ באַגאַנגענ מיט פּאַגאַנעלנ אינ מעשעכ פונ דערדאָזיקער צײַט: גוט אָדער שלעכט? „אי גוט, אי שלעכט“ — האָט דער געלערנטער זיכ אַרויסגעדרייט פונ א קלאָרנ ענטפער אונ ניט געוואָלט זיכ אַרײַנלאָזנ אינ קיינע אייִנצלהײַטנ. אינ אַלגעמיינ איז ער געווענ אנ עכטער געפאַנגענער, אונ אויב מע זאָל ניט רעכענענ דעמדאָזיקנ פּראַט, אַז קיינ דירעקטע דראָונג פונ פּײַניקונגענ איז איבער אים ניט געהאַנגענ, איז אָבער זײַנ לאַגע געווענ ניט אופ קיינ סאַכ בעסער, ווי די לאַגע פונ זײַנע פרײַנט — קאַפּ־קוּמוס געפאַנגענע.

צום גליק, האָט זיכ אים אײַנגעגעבנ אופ דער פערטער נאַכט צעבײַסנ די שטריק זײַנע אונ אַנטלויפנ פונדאַנענ. ער איז פונדערווײַטנס בײַגעווענ באַ קאַרא־טעטעס לעווײַע; ער האָט געזענ, ווי מע האָט אים באַהאַלטנ אופ מאַונגאַנאַמו, אונ ער האָט פאַרשטאַנענ, אַז דערדאָזיקער באַרג איז איצט אונטערגעפאַלנ אונטערנ טאַבו. האָט ער באַשלאָסנ זיכ דאָרטנ אָפּזוכנ דערווײַל אנ אַנטרינונג־פּלאַצ, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט אַליינ, אָנ די פרײַנט זײַנע פאַרלאָזנ דאָסדאָזיקע לאַנד. אונ דאָסדאָזיקע פאָרטל האָט זיכ אים אײַנגעגעבנ; ער האָט נאָכ באַנאַכט צוגעשטיגנ צו דערדאָזיקער אודופּע אונ דאָ האָט

ער באַשלאָסן צוטראַכטן עפּעס אַ מיטל, וויאַזוי אַרויסצוראַטעווען די פריינט זיינע.

דאָס איז אַלץ, וואָס פאַגאַנעל האָט דערציילט. מע האָט אַלע דערקענט אין אים, אַז ער האָט מיט אַ קיווג דורכגעלאָזט אייניקע געשעענישן, וואָס זיינען מיט אים פאָרגעקומען בײַ די מאַאָריער אין געפענקעניש. אַזאַ מין איינדרוק האָט עס, אַלנפאַלס, געמאַכט אויף זיינע מיטרײַזנדער. אָבער, ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, האָבן אים אַלע מיטן גאַנצן האַרצן באַגריסט און אַזוי ווי מע האָט וועגן דעם פאַרגאַנגענעם שוין אַלץ אָפּגערעדט, האָט מען זיך געמעגט אומקערן צו דער פּראָבלעם פון קעגנוואַרט.

די לאַגע איז, ווי פריער, געווען אַ דראַמאַטישע. די אָרטיגע־בירטיקע באַלאַגערן דעם באַרג מאַונגאַנאַמו פון אַלע זייטן, און אַזוי ווי זיי האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרופצוטרעטן אַהערצו, האָבן זיי, ווייַזט אויס, באַשלאָסן, אַז זיי וועלן פאַרמוטשען די אײראָפּייער מיט לאַנגדויערנדיקער באַלאַגערונג. פריער אָדער שפּעטער וועלן די רײַזנדער זיך מוזן אַראָפּלאָזן אַראָפּ נאָך שפּײַז און נאָך וואַסער, און די ווילדע זײַנען געווען אַזעלכע לײַט, וואָס געדולד וועט בײַ זיי קלעקן נאָך מער ווי מע דאַרף.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט גוט פאַרשטאַנען די געפערלעכע לאַגע, אָבער דערווײַל האָט ער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי נאָר איבערזיצן דאָ אויפן באַרג.

צום אַלעם ערשטן האָט ער פאַרגעלייגט, מע זאָל אַרומקוקן אַקוראַט דעם באַרג מאַונגאַנאַמו, ניט נאָר צוליב דעם, כדי צו געפינען די מיטלען, וויאַזוי דעם באַרג צו פאַרטיידיקן,—וואָרום ער האָט זיך שוין דאָך פאַר קיין אָנפאַל ניט געשראָקן—נאָר צוליב דעם, כדי אָפּצווזוכן אַ גאַקוועם אָרט צום אַנטלויפן.

דער מאַיאָר, ראָבערט, פאַגאַנעל און דזשאָן מאַנגלס האָבן אַראָפּגענומען אַ פּינקטלעכן פּלאַן פון דעם באַרג, זיי האָבן דורכגעקוקט די ריכטונג פון אַלע שטעגעלעך, זייער סטראָטעגישקייט, זייער אויסגעשלענגלטקייט, דעם באַרג־רוקן, וואָס פאַרייניקט מאַונגאַנאַמו מיט דער באַרג־קייט וואַיכיטי. דאָסדאָזיקע אָרט האָט זיך פּלאַטשעכיק אַראָפּגעלאָזט צום טאָל־צו. קען זײַן, אַז דורך דערדאָזיקער שמאָלער און שלענגלדיקער ריפּ זאָל מען קריגן די אײנציקע מעגלעכקייט אויף אַנטלויפן פונדאַנען. ווען סע גייט זיך זיי אײַנ אונטערן צודעק פון דער נאַכט זיך איבערקלײַבן אומבאַמערקט איבער דעמדאָזיקן שמאָלן אָרט, וואָלטן זיי עפּשער געקענט האָפן, אַז ס'וועט זיך זיי אײַנגעבן פאַרקריכן ווײַט אין די בערג פריער, איידער די מאַאָריער וועלן באַמערקן זייער אַנטרינען־ווערן.

בעשאַס די אויסקוקער האָבן באַם באַטראַכטן דעם באַרג זיך באַוויזן אַפּן נאָענסטן שיפּוע, וואָס געפינט זיך אַנטקעגן דעם באַלאַגערטן באַרג, האָט זיך אויף זיי אַ שאָט געטאָן אַ גאַנצער האָגל קוילן. צום גליק אָבער, האָט קיין איין קויל זיי ניט געטראָפן, אָבער סײַווי האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַפוילן מע זאָל זיך גלײַך אומקערן אויף צוריק צו דער אודופּע.

זיך אומקערנדיק צו זייער אנטרינונג־פּלאַץ, האָבן די אויסקוקער מיט גרויס באַוווּנדערונג באַמערקט, אַז דער באָדן האַלט אין איין אונטערציטערן אונטער זייערע פּיס. דאָס איז נאָך נים געווען קיין ערד־ציטערניש, גיכער פון אַלץ האָט עס דערמאַנט אינעם ציטערן פון די קעסל־ווענט, אונטער וועלכע סע געפינט זיך אַסאַך דאַמפּ. קענטיק, אַז אין די געדערים פונעם דאָזיקן באַרג האָבן זיך צונויפגעקליבן אָן אַ שיר דאַמפּן מיט פאַרשיידענע גאַזן, וואָס האָבן זיך אויסגעאַרבעט אונטער דער ווירקונג פונעם אונטער־ערדישן פּײַער.

די מענטשן זײַנען נים שטאַרק איבעראַשט געוואָרן פון דעם, וואָרום זיי האָבן זיך דאָ אָנגעקוקט מיט גענוג הייסע גייזערס אָט דאָ ערשט נים לאַנג בעיס זייער רײַזע איבער ווײַקאַסאָ. זיי האָבן נאָך פון פריִער געוווּסט, אַז דער צענטראַלער טייל פון איקאַ־נאַ־מאַנוי שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווולקאַנישע געגנט. דאָס איז אַן עמעסע לעכערדיקע זיפּ, וואָס די עפענונגען זײַנען לאָנג דורך אינדערלופטן די זודיקע קוואַלן און די שוועבלדיקע דאַמפּן.

פּאַגאַנעל, וואָס האָט דיזאָזיקע דערשײַנונג באַמערקט שוין פון לאַנג, האָט אופמערקזאַם געמאַכט דערויף זײַנע פרײַנט.

— מאַונגאַנאַמו, — האָט ער זיך אָנגערופן, — דאָס איז איינער פון די פּיל־צאָליקע באַרג־שפּיצן, וואָס וועלן פריִער אָדער שפּעטער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פײַער־שפּײַענדיקן באַרג. ס'איז גענוג נאָר איינע אַן אָרטיקע מעכאַנישע אָנשטרענגונג, אַז ס'זאָל אין די שיפּוּים פונעם דאָזיקן שלאַבעריקן טופּ זיך אויסבילדן אַן עמעסער קראַטער.

— הייסט עס, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — אַז מיר געפינען זיך דאָ נים אין קיין גרעסערער געפאַר, ווי איבער „דונקאַנס" קעסל־אָפּטייל, וואָרום די ערד־שאָלעכץ איז דאָך מיסטאַם נים אַף קיין סאַך שוואַכער פון דעם אײַזן־בלעך.

— דאָס בין איך מיט אײַך מאַסקים, — האָט דער מאַיאָר געענטפערט, — אָבער ווי שטאַרק דער דאַמפּ־קעסל זאָל נים זײַן, רײַבט ער זיך דאָך אויס, אויב מע נוצט אים צו לאַנג, און ער קען אופּגעריסן ווערן פּונקט דאַן, ווען דו ריכסט זיך אַף דעם אַמווינציקסטן.

— מאַק־נאַבס, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן, — לויט אײַערע רייד קומט אויס, אַז מיר קלײַבן זיך דאָ זיצן אייביק אַפן דאָזיקן באַרג־שפּיץ? איר ווײַזט אונדז נאָר אָן אַ זיכערן וועג, אַזוי פאַרלאָזן מיר אים גלײַך אין דער רעגע.

— סע נעמט אַזש אָן אַ פאַרדראָס, בעיס דו דערמאַנסט זיך, וואָס פאַר אַ מין קאָלאָסאַלע מעכאַנישע קראַפט סע ווערט דאָ פאַרפאַלן אין די געדע־רים פון מאַונגאַנאַמו. ווען אונדזער „דונקאַן" זאָל געווען פאַרמאָגן אַ מי־ליאָנט טייל פון דערדאָזיקער קראַפט, וואָלטן מיר געקענט אַף אים פאַרפאָרן אין עק וועלט אַרײַן! — האָט דזשאָן מאַנגלס באַדויערט.

אַז מע האָט דערמאַנט דעם נאָמען „דונקאַן", האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך שטאַרק פאַרזאָרגט. נים געקוקט דערויף, וואָס ער גופא איז איצט געווען

אין זייער א גרויסער געפאר, האָט ער דאָך ניט געקענט פארגעסן דעם טראַגישן גורל, וואָס האָט, געוויס, געטראָפן דער מאנשאפט פון זײַן יאכט־שיף.

די גוטעספרײַנס האָבן זיך אין א טרויעריקן שטילשווײַגן אומגעקערט צוריק צו דער אודופע.

— נו, עדוארד, וואָס הערט זיך? — האָט מיסיס עלען א פרעג געטאָן, ווי יענע זײַנען נאָר ארײַנגעגאנגען אינעווייניק אין דער צוים ארײַן, — מע קען עפשער האָפן אף רעטונג?

— האָפן, עלען, שאדט קיינמאָל ניט, — האָט מיסטער גלענארוואן געענטפערט. — די אָרטגעבוירטיקע וועלן קיינמאָל זיך ניט דערוועגן אונדז צו באומרויִקן דאָ אף דעמדאָזיקן בארג. און מיט דער צײַט וועלן מיר מיסטאם צוקלערן א פלאן, וויאזוי דעמדאָזיקן בארג צו פארלאָזן.

— טאָ קומט־זשע גיכער אין אודופע ארײַן, — האָט פאגאנעל א זאָג געטאָן, — וואָרום דאָס איז אונדזער פעסטונג, אונדזער שלאָס, אונדזער שפּײַזביטע זייער, פארנעמט פלאצ, מײַנע פרײַנט. קיינער וועט אונדז דאָ ניט שטערן.

אלע זײַנען ארײַנגעגאנגען נאָכן ליבלעכן פאגאנעלן אין דער צוים ארײַן. די אָרטגעבוירטיקע, ווי זיי האָבן דערזען, אז די אנטלאָפענע האָבן אפן פארשײַטסטן אויפן זיך ארײַנגעריסן אינעם הייליקן אָרט, האָבן זיי אופגעהויבן א געפילדער מיט א שיסערײַ און זיי האָבן פארהילכט די לופט מיט זייערע ווילדע אויסגעשרייען. צום גליק, האָבן די קוילעס זייערע דערלאנגט וויַיטער פון די קוילן. אז מיסיס עלען און מיס מערי האָבן זיך נאָכאמאָל איבערצײַגט, ווי דער אבערגלויבן בא די מאאָריער איז שטארקער פון זייער צאָרן, האָבן זיי זיך פולקום באַרויִקט און זיי האָבן זיך אויסגעזעצט באנאנד מיט די איבעריקע מיטרײַזנדער זייערע

דער פארקן, וואָס האָט ארומגערינגלט דעם פירערס קייווער, איז געווען אויסגעפארבט אין רויטן.

די סימוואָלישע בילדער אף אים, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אן עמעסע טאטויִרונג אף האָלץ, האָבן דערציילט וועגן דער ייִכעסדיקער אָפשטאמונג און וועגן די גרויסע פארדינסטן פונעם געשטאָרבענעם פירער.

די ערד איז דאָ אינעווייניק געווען באדעקט מיט א געדיכטן טעפּיך פון גרינע בלעטער. אין דער סאמע מיט איז געווען דער אָנגעשאָטענער קייווער פונעם פירער מיט זײַן פרוי, פונויבן אפן קייווער־בערגל איז געלעגן דאָס געווער — אָנגעלאָדענע ביקסן, א שפּיז, אן אויסגעצייכנטע האק און א רעזערוו פולווער מיט קוילן, וואָס האָט געקענט קלעקן אף אייביקן געיעג.

— דאָס איז א גאנצער ארסענאל, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן, — איך זע, קומט פונדעסטוועגן אמאָל ארויס א נוצ פון דעם, וואָס די ווילדע מענטשן האָבן זיך געמאכט א געווינשאפט מיטצונעמען מיט זיך געווער אף יענער וועלט.

— איר טוט נאָר א קוק, דידאָזיקע ביקסנ האָבנ דאָכ אנ ענגלישע אָפ־שטאמונג! — האָט דער מאיאָר אויסגערופנ.

— פארשטייט זיכ, — האָט מיסטער גלענארוואנ געענטפערט, — פונוואנענ דענ וועלנ זיכ אהער נעמענ ביקסנ? נאָר סיַיווי, וואָס פאר אנ אָפשטאמונג זיי זאָלנ ניט האָבנ, וועלנ זיי דאָכ אונדז צונוץ קומענ.

— אונ דער רעזערוו מיט שפייַז אונ מיטנ זיסנ וואסער, מיט וועלכנ מע האָט באוואָרנט קארא־טעטענ אפ דער רייַזע צומ הימל, וועט דאָכ אונדז אוואדע צונוץ קומענ, — האָט זיכ פאגאנעל אָנגערופנ.

אונ ווירקלעכ, דעמ געשטאָרבענעמס פרייַנט אונ אייגענע האָבנ ניט גע־קארגט קיינ מאטאָנעס. די שעפע פונ שפייַז־פראָדוקטנ, וואָס מע האָט דאָ אָנגעלייגט, האָבנ איידעס געזאָגט אפ זייער אכטונג צומ געשטאָרבענעמ. דאָ האָבנ זיכ געפונענ עסבארע פאפאראָטניקעס, זיסע פאטאטנ, עטלעכע קוישלעכ מיט גרינקאָליריקע פלעצעלעכ אזעלכע, זייער געשמאקע אפנ טאמ. דאָס טרינק־וואסער איז דאָ געשטאנענ אינ גרויסע קריגנ אזעלכע, אזוי, אז די אנטלאָפענע זייַנענ געווענ באזאָרגט מיט עסנ אונ מיט טרינקענ אפ צוויי וואָכנ אוואדע.

מיסטער גלענארוואנ האָט אויסגעקליבנ א ביסל פראָוויאנט אפ פרישטיק אונ האָט עס איבערגעגעבנ אָלבינעטנ. דער געוועזענער קיכמייַסטער פונ „דונקאנ“, וואָס האָט ליב געהאט פינקטלעכקייַט אפילע אינ דער געפערלעכ־סטער לאגע, האָט טרויעריק געמאָלדנ, אז דער אָנבייַסנ וועט זיכ באקומענ ניט גאָר קיינ רייַכער. אויסער דעמ, האָט ער ניט געוווּסט, וויאזוי מע קענ עפעס אָפקאָכנ פונ דידאָזיקע געוויקסנ, ניט צעלייגנדיק קיינ פייַער.

אָבער פאגאנעל האָט אימ ארויסגעפירט פונ דערדאָזיקער פארלעגנהייַט אונ אימ געגעבנ זייער א גרינגע אייַצע — ער זאָל אפ א קורצער ווייַלע בא־גראָבנ דידאָזיקע פאטאטנ אינ דער ערד. אונ ווירקלעכ, די טעמפעראטור פונ די אייבערשטע באָדנ־שיכטנ איז געווענ זייער א הויכע. ווענ די אנטלאָפענע האָבנ בא זיכ א טערמאָמעטער אונ שטעקנ אימ ארייַנ אהער אינ דער ערד, וואָלט ער זיכ, אָנ סאָפעק, אופגעהויבנ אפ וואָסערע פינפ אונ זעכציק גראד. אָלבינעט האָט זיכ טאקע דערשראָקנ ניט אפ קאטאָוועס, וואָרומ בעשאס ער האָט אויסגעגראָבנ - אינ דער ערד ניט קיינ גרויס גריבל אפ ארייַנצולייגנ אהינצו דאָס גרינווארג, האָט פונדאָרטנ געגעבנ א זעצ א זייַל דאמפ, וואָס האָט זיכ אופגעהויבנ שיִר ניט אפ א קלאפטער די הייכ.

דער קיכמייַסטער האָט זיכ פאר דערשרעק אזש איבערגעקערט.

— פארדרייט גיכער דעמ קראנ! — האָט דער מאיאָר צו אימ אויסגעשריגנ, אונ ער האָט מיט דער הילפ פונ ביידע מאטראָסנ פארשאָטנ דאָס גריבעלע מיט ערד.

פאגאנעל האָט אָנגעקוקט דאָסדאָזיקע בילד אונ זיכ עפעס שטארק פאר־טראכט. ער האָט גענומענ בורטשענ צווישנ די ציינ:

— אזוי, הייסט עס, אזוי... אונ פארוואָס טאקע ניט? — קענ מענ דאָכ, הייסט עס...

— איר האָט זיך ניט אָפּגעבריט? — האָט מאַק־נאַבס א פרעג געטאָן בא אַלבינעטן.

— ניין, הער מאַק־נאַבס, — האָט דער קיכמײַסטער געענטפערט. — איך האָב זיך פּאַשעט דערשראָקן פון אומגעריכטקײַט.

— נו, איז עס דאָך טאַקע א געבענטשט אָרט, — האָט פּאַגאַנעל אויסגערופן. — אז מיר האָבן דאָ אלץ, וואָס מיר דאַרפן — אי וואַסער, אי שפּײַז פון קאַראַ־טעטעס רעזערוון, פײַער גיט אונדז די ערד! דערדאָזיקער באַרג איז דאָך אַן עמעסער גאַניידן. איך וואָלט גאָר פאָרגעלייגט, מיר זאָלן דאָ גרינדן א קאָלאָניע, מיר זאָלן דאָ באַאַרבעטן דעם באָדן און פאַרבלײַבן דאָ, ביז ס'וועט אונדז באַשערט זײַן צו לעבן אף דער וועלט. מיר וועלן ווערן די ראָבינזאָנעס פון דעם מאַונגאַנאַמו. איך גיב אײַך מײַן וואָרט, אז איך שטעל זיך גאָרניט פאָר ס'זאָל אונדז עפּעס וואָס אויספעלן דאָ אף דעמדאָזיקן אויסגעצייכנטן באַרג־שפּיץ.

— מיר וואָלטן ווירקלעך טאַקע געהאַט דאָ אלץ, ווען מיר האָבן נאָך די זיכערקײַט, אז דערדאָזיקער באַרג־שפּיץ וועט זיך לאַנג האַלטן אפן אָרט, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט.

— גאָר אזוי! — האָט פּאַגאַנעל דערוווּנדערט. — זאָלט איר־זשע וויסן, אז דער באַרג־שפּיץ עקזיסטירט ניט פונעם נעכטיקן טאָג אָן און אזוי־ווי ער האָט זיך ביז איצט געקענט קעגנשטעלן דער ווירקונג פונעם אונטערערדישן פײַער, אזוי וועט ער אונדז קענען אויסהאַלטן דאָס קורצע ביסל צײַט, וויפל ס'איז אונדז באַשערט זיך אף אים צו האַלטן.

— פאַרטיק דער אָנבײַסן! — האָט אַלבינעט געמאָלדן מיט דעמזעלבן פײַערלעכן טאָן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך נאָך געפינען אין מאַלקאָלם־קעסל באַם אויספילן זײַנע דינסט־פליכטן.

די אַנטלאָפענע האָבן זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און מע האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט פּראַווען דעם ערשטן אָנבײַסן לעם דעם פירערס קייווער. די געבראָטענע פּאַטאַטן זײַנען געווען זייער געשמאַק און זײַנען איטלעכן געפעלן געוואָרן אף אַן עמעס. וואָס איז שײַך די עסבאַרע פּאַפּאָראָטניקעס, זײַנען זיך שוין דאָ די מיינונגען צעגאַנגען. אייניקע האָבן געזאָגט, אז זיי זײַנען זייער געשמאַק, און אַנדערע האָבן געטײַנעט, אז סע קערט פון זיי די גאַל, אז זיי זײַנען גליטשיק און לאָזן זיך ניט קײַען.

דער געאָגראַף האָט באַמערקט, אז אין אלגעמיין האָט מען קאַראַ־טעטענ ניט שלעכט באַזאָרגט באַם אויסריכטן אים אף יענער וועלט.

ווי מע האָט נאָך אביסל אײַנגעשטילט דעם הונגער, אזוי האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאָרגעלייגט מע זאָל ניט אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק און מע זאָל באַהאַנדלען דעם רעטונגס־פּלאַן.

— ווי? שוין די רעגע? — האָט פּאַגאַנעל אומצופרידן א פרעג געטאָן. — צי דען איז אײַך שוין אזוי גיך נימעס געוואָרן אָט דאָס דאָזיקע געבענטשטע ווינקל?



פונ גריבל האָט א זעצ געטאָן א ווײַל דאמפ

— פאגאַנעל, צי דען ווילט איר, אַז מיר זאָלן איבערכאַזערן גאַניבאַלס* גרײַזן? — האָט מיסיס עלען דערווידערט.

— מיסיס, איך דערוועג זיך ניט אַפֿילו צו דערווידערן, — האָט פאגאַנעל גראַציעז זיך פאַרנייגט פאַר מיסיס עלען, — ווי באַלד איר באַשטייט דערויף, מע זאָל שוין באַהאַנ[illegible]ידאָזיקע פראַגע, בין איך דער ערשטער גרייט עס צוזאָגן.

— איך האַלט, — [illegible]סער גלענאַרוואַן אָנגעהויבן, — אַז מיר דאַרפן אַנטלויפן פונדאַנען נאָך [illegible]ער, איידער דער הונגער וועט אונדז צווינגען צ דעם. מיר האָבן אין מעשעך פון די לעצטע טעג באַווי.ן זיך אויסהוען אַביסל און זיך אָנעמען מיט קויכעס, דאַרף מען זען, אַז די דאָזיקע קויכעס זאָלן ניט פאַרפאַלן ווערן אומזיסט. דערום לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן אין דער נאָ־ענטסטער נאַכט זיך פּרוּוון דורכקלײַבן דורך דער וואַך פון די אָרטגעבוירטיקע און זיך לאָזן צו מיזרעך־צו.

— דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער פּלאַן, — האָט זיך פאגאַנעל אָנגערופן — ס'איז נאָר אַ פראַגע, צי די מאַאָריער וועלן אונדז לאָזן זיך אַרויסרײַסן פונדאַנען.

— און אויב זיי וועלן ניט לאָזן? — האָט דזשאָן מאַנגלס אַ פרעג געטאָן.

— דאַן וועט אויסקומען אָנצונעמען אַנטשלאָסענע מיטלען, — האָט פאגאַנעל געענטפערט.

— קענטיק, אַז די דאָזיקע מיטלען האַלט איר שוין אין רעזערוו! — האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופן, — טאָ אינפאָרמירט אונדז וועגן זיי, לאָמיר אויך וויסן וועגן וואָס איר רעדט.

— איך האָב דאָ אַ גאַנצן אַרסענאַל, — האָט פאגאַנעל געענטפערט.

אָבער דער געלערנטער האָט דערווײַל זיך אָפּגעהאַלטן און ניט געוואָלט דערקלערן זײַנע ביטרײַזנדער, וואָס פאַר אַנ אַנטשלאָסענע מיטלען ער האָט אָפּ אָנצונעמען, קעדיי צו באַפרײַען דעם אוילעם פון געפענקעניש.

בלײַבט ווידער די איינציקע ברירע, אַז מע זאָל זיך לאָזן וואַרטן ביז נאַכט און דאַן זאָל מען זיך פּרוּוון דורכגליטשן דורכן רינג פון די באַ־לעגערערס.

די ווילדע מענטשן האָבן זיך, קענטיק, באַוועצט אַרום דעם באַרג־צופוסנס ניט אַף קײַן רעגע, זייערע רייען זײַנען ניט נאָר ניט געוואָרן שיטערער, נאָר ס'איז, דוכט זיך, דאָרטן צוגעקומען אוילעם. די שײַטערס, וואָס זיי האָבן צעלייגט, האָבן אַרומגעגאַרטלט דעם באַרג פון אַלע זײַטן. בעשאַס די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער שפּיץ מאַונגאַנאַמו איז אַרומגערינגלט מיט אײן דורכויסיקן פײַערדיקן רינג. אינעם לאַגער פון די ווילדע האָבן זיך געהערט פאַרשיידענע אויסגעשרייען, די לי־דער זייערע האָבן [illegible] דערטראָגן אַהער, פונקט ווי ניט קײַן זעקס הונדערט

* גאַניבאַלס אַרמיי האָט זיך אײַנגאַנצן פאַנאַנדערגעלייגט בעת זייער אופהאַלטן זיך אין קאַפּוע.

פּיס וואָלטן אָפּגעטיילט די פּײַנטלעכע לאָגערן איינעם פונעם אנדערן, נאָר פוסציק אָדער פערציק.

ארום נײַן אזייגער האָבן דזשאָן מאנגלס מיט מיסטער גלענארוואנען זיך אויסגענוצט מיט דער פינצטערקײַט און זײַנען ווידער אוועקגעגאנגען אויסקוקן דאָס אָרט.

זיי האָבן שטיל און אָן גערויש זיך אראָפּגעלאָזט אראָפּ און זיי זײַנען ארופגעטראָטן אפֿן קאם פונעם באַרג־רוקן, וואָס גייט דורך וואָסערע פערציק פיס פון דעם אָרט, ווו די מאָאָריער געפינען זיך.

פון אָנהאנג איז אלץ געגאנגען נישקאָשעדיק. די מאָאָריער, וואָס האָבן זיך אויסגעלייגט אפֿ דער ערד לעם די שײַטערס, האָבן, דוכט זיך, נים באמערקט די צוויי אנטלאָפֿענע, וואָס האָבן זיך אינדערשטיל געגאנוועט דאָ אינדערנאָענט, אָבער פּלוצים האָט זיך פון אלע זײַטן אָנגעהויבן א שיסערײַ.

— אפּ צוריק! — האָט מיסטער גלענארוואן א זאָג געטאָן, — דידאָזיקע טײַוולאָנים זעען אינדערפינצטער ווי די עמעסע קעץ!

דזשאָן מאנגלס און מיסטער גלענארוואן האָבן אינדערגיך גענומען אָפּטרעטן, ביז זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו זייערע פרײַנט, וואָס האָבן זיך שוין שטארק באומרויקט פאר זיי. מיסטער גלענארוואנס הוט איז אין צוויי ערטער געווען דורכגעשאָסן.

הייסט עס, אז אנטלויפן דורך דעמדאָזיקן וועג איז נים געווען וואָס צו טראכטן, ווארום ער איז פון ביידע זײַטן באלאגערט מיט גאנצע גוטע שיסערס.

— לייגן מיר, הייסט עס, אָפּ דאָסדאָזיקע שטיקל ארבעט אפֿ מאָרגן אינדערפרי, — האָט געזאָגט פּאגאנעל, — וויבאלד ס'האָט זיך נים אײַנגעגעבן אָפּצונארן זייער וואכזאמקײַט, וועט שוין מיר אויסקומען זיי מעכאבעד זײַן מיט א מײַכל פון מײַן אייגענער דערפינדונג.

ס'איז געווען גאנצ קילבלעכ. צום גליק, האָט קארא־טעטע פארכאפּט מיט זיך אין קייווער ארײַן זײַנע בעסטע מאלבושים מיט די וואַרעמסטע קאָלדרעס, אזוי, אז די אנטרונענע האָבן זיך נים געמאכט נאריש און האָבן זיי אויסגענוצט, און אזויווי די אבערגלויבערישקײַט פון די אָרטגעבוירטיקע האָט זיי אָפּגעהיט בעסער פון דער בעסטער וואכ, זײַנען זיי זייער רויק אנגעשלאָפֿן געוואָרן אפּן ווארעמען באָדן. דער באָדן האָט אונטערגעצײַטערט פונעם אונטערערדישן פײַער, וואָס האָט אינעווייניק געבושעוועט.

## דרײַצנטע קאפּיטל

# פּאגאנעלס אנטשלאָסענע מאָסמיטלען

אפּ מאָרגן אינדערפרי, דעם 17־טן [illegible] האָבן די ערשטע זונשטראלן אופגעוועקט די אנטרונענע. די [illegible] ־ען שוין פון לאנג וואכ געווען און זיי זײַנען אומגעקראָכן איב [illegible] ־אגער ביזן צופוסנס פון

מאונגאנאמו. פונעם שפּיץ באַרג האָבן זיי קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. די אייראָפּייער האָבן זיך נאָר באַוויזן פון יענער זײַט אודופּע־פּאַרקן, אַזוי ווי האָבן די ווילדע גענומען ריטשען פאַר צאָרן און מאַכן קעגן זיי אַלערליי בייזע האַוויעס.

יעדערער פון די אייראָפּייער האָט אויבנויפיק געכאַפּט אַ קוק אויף די אַרום־רינגלענדיקע באַרג־שפּיצן, אויף די אין נעפּל אײַנגעהילטע טאָלן און אויף דעם שפּיגלדיקן אויבערפלאַך פון דער אָזערע טאַופּאָ, דערנאָך האָבן זיי זיך אַלע געוואָלט דערוויסן, אין וואָס סע באַשטייט זײַן פּראָעקט.

איצט האָט זיך שוין פּאַגאַנעל ניט געלאָזט לאַנג בעטן.

— מײַן פּלאַן האָט די אײנע מײַלע, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן, — אַז אויב ער וועט זיך אַפילו ניט אײַנגעבן, וועט דאָך אונדזער לאַגע זיך פון דעם ניט ענדערן צום ערגערן. אָבער סײַווי האַלט איך, אַז דער פּלאַן וועט זיך אײַנגעבן, און נאָך אַ מין אײַנגעבן!

— אין וואָס־זשע באַשטייט ער, דער דאָזיקער פּלאַן אײַערער? — האָט מאַק־נאַבס אַ פרעג געטאָן.

— אָט הערט, אויב איר ווילט, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — דער אַבערגלויבן פון די ווילדע האָט פאַרוואַנדלט דעם דאָזיקן שפּיץ באַרג אין אַ זיכערן אַנטרינונג־פּלאַץ פאַר אונדז. איצטער דאַרף מען צווינגען דעם זעלבן אַבערגלויבן, אַז ער זאָל אונדז העלפן צו אַנטלויפן פונדאַנען. ווען אונדז גיט זיך אײַן צו איבערצײַגן קאַי־קומוו, אַז מיר זײַנען באַשטראָפט געוואָרן און געפאַלן קאָרבאָנעס פאַר אונדזער שרעקלעכער אומגלויביקייט, אַז דער הימל האָט אונדז דערשלאָגן מיט זײַנע דונערן, מיטן איין וואָרט — דער־נאָך ניט אַראָפּנעמען די באַלאַגערונג פונעם דאָזיקן באַרג?

— נאָך אַ מין אַראָפּנעמען! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאַר אַלעמען געענטפערט.

— אָבער מיט וואָס פאַר אַ שרעקלעכן טויט וואָלט זיך אײַך וועלן אונדז צו דערטויטן? — האָט מיסיס עלען אַ פרעג געטאָן.

— מיט אַזאַ טויט, וואָס די פאַרשוועכערס פון אַלע הייליקייטן האָבן ערלעך פאַרדינט! — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — דער אָפּרייניקנדיקער פלאַם פון אונטער אונדזערע פיס קען זיך מיט אונדז אָפּרעכענען, און מיר קענען פאַר אים עפענען דעם וועג.

— וואָס? איר ווילט עפענען אַ וועג פאַרן ווולקאַן! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגערופן.

— דערווײַל זאָל עס זײַן, מײַן פרײַנט, אַ קינסטלעכער ווולקאַן, אַ מין שפּילצײַג־ווולקאַן, מיט וועלכן מיר וועלן האָבן די מעגלעכקייט אָנצופירן לויט אונדזער פאַרלאַנג נאָך. איר פילט, ס'איז מין שטאַרקן דרוק דאָס אונטער־ערדישע פײַער האָט? עס וואַרט דאָך נאָר אויף דער געלעגנהייט עס זאָל

זיך קענען אַרויסרײַסן פֿונדאַנען. קענען מיר, אויב אַזוי, אָרגאַניזירן אַ קינסטלעכן אויסבראָך און אַזויאַרום אויסגעלייזט ווערן פֿון דערדאָזיקער לאַגע.

— דער פּלאַן איז זייער אַ גוטער, — האָט דער מאַיאָר באַגייסטערט. — איך זאָג אײַך, אַז דערדאָזיקער פּאַגאַנעל איז שוין איינמאָל אַ מענטש!

— איר פֿאַרשטייט, — האָט דער געאָגראַף פֿאָרגעזעצט, — מירן מאַכן דעם אָנשטעל, אַז דער ניו־זעלאַנדישער פּלוטאָן* האָט אונדז אָפּגעפֿרעסן מיט זײַנע פֿײַערן, בעת־מעשׂה וועלן מיר פֿאַרשווינדן ווערן אינעווייניק צווישן דעם אודופּע־פּאַרקן.

— און דאָרטן וועלן מיר אָפּזײַן וואָסערע דרײַ אָדער פֿיר מעסלעס, — האָט דער מאַיאָר אונטערגעכאַפּט.

— אַזוי לאַנג, ביז די אָרטגעבוירטיקע וועלן שוין זײַן זיכער, אַז מיר זײַנען לאַנג אַף דער וועלט ניטאָ, און דאַן וועלן זיי אַראָפּנעמען די באַלאַגערונג.

— און ווי וועט זײַן, אויב ס׳וועט זיי אײַנפֿאַלן, אַז זיי מוזן זיך איבערצײַגן, צי האָט אונדז טאַקע ווירקלעך דערשלאָגן גאָטס צאָרן און זיי וועלן אַרויפֿקלעטערן אַפֿן שפּיץ באַרג אַ קוק טאָן? — האָט מערי גראַנט אַ פֿרעג געטאָן.

— ניין, מײַן טײַערע מערי, אַזעלכס וועלן זיי זיך קיינמאָל ניט דערוועגן צוטאָן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפֿערט. — אַז דעמדאָזיקן באַרג איז שוין סײַווי אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן דער טאַבו. און דערצו וועלן זיי נאָך איצט זען, אַז דער באַרג גופֿא האָט שוין באַשטראָפֿט די, וואָס האָבן אָנגערירט דעם באָט. סאָ פֿרעגט שוין ניט, אויב אַזוי, וועט דער טאַבו בײַ זיי אין די אויגן ווערן צווייי מאָל אַזויפֿיל הייליק.

— אײַער פּלאַן איז ווירקלעך זייער אַ קונציקער, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן. — מע וואָלט נאָר קענען אַרויסשטעלן קעגן אים איין־ציקע טײַנע: וואָס וועלן מיר טאָן, אויב די ווילדע וועלן נאָך וועלן צוליב מערער זיכערקייט האַלטן די באַלאַגערונג אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן, לויט זייערע כּעזשבוינעס, סײַווי דאַרפֿן אויסשטאַרבן פֿון הונגער? כאָטש דאָס לייגט זיך ווייניק אַפֿן געדאַנק, באַזונדערס דאַן, ווען מיר וועלן זיך באַמיִען אָפּצושפּילן אונדזער ראָל ווי סע געהער צו זײַן.

— ווען־זשע טרעטן מיר צו צו פֿאַרווירקלעכן אונדזער פּלאַן, פּאַגאַנעל? — האָט מיסיס עלען אַ פֿרעג געטאָן.

— נאָך הײַנט אינאָוונט, — האָט דער געלערנטער געענטפֿערט, — ווי ס׳וועט נאָר אָנהייבן טונקל ווערן.

— אָפּגערעדט, — האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופֿן. — זײַט וויסן, פּאַגאַנעל, אַז איר זײַנט איין קאָפּמענטש אין דער וועלט. ווי איר ווייסט, בין איך דאָך ניט קיין אָנהענגער פֿון קיין איבעריקע פֿאַנטאַזיעס, אָבער איצטיקס מאָל בין

* פּלוטאָן — דער גאָט פֿון דער אונטערערדישער וועלט (אין דער מיטאָלאָגיע פֿון די אוראַלטע גריכן).

איך גרייט צו שטעלן דעם קאָפּ פאר דעם, אז אײַער אופטו וועט האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג.

פאגאנעל האָט אָבער אויך פֿירגעזען די אלע געפארן, וואָס זײַנען פאר־ בונדן מיט דערדאָזיקער ארבעט, דערום האָט ער פאָרגעלייגט, מע זאָל אר־ בעטן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקײַט און מע זאָל בעשומויפן ניט איבער־ כאפּן די מאָס. ס'וועט זײַן גענוג, אויב מע וועט נאָר שאפן דאָס מינדסטע ענלעכקײַט אפ אן אויסברוך, קעדיי די מאאָריער זאָלן פארפירט ווערן, און ס'איז גאָרניט קיין מוז, אז מע זאָל ווירקלעך ארויסרופן א סטיכיישע דער־ שײַנונג.

אך, ווי לאנג דערדאָזיקער טאָג האָט זיך געצויגן! די שאָען זײַנען גע־ קראָכן מיט אזא מין שרעקלעכער לאנגזאמקײַט, אלע צוגרייטונגען צום אנט־ לויפן זײַנען שוין געווען פארענדיקט. די שפּײַז־רעזערוון, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אודופע, האָט מען שוין פאנאנדערגעלייגט אף טיילן און מע האָט זיי צונויפגעבונדן אין קליינע פעקעלעך צוזאמען מיט די עטלעכע קאָלדרעס און מיטן געווער — וואָס דאָס איז געווען דער גאנצער באגאזש פון דער עקספּעדיציע. ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז די דאָזיקע אלע צו־ גרייטונגען צום אנטלויפן האָט מען דורכגעמאכט אינעווייניק אין דער אודופע, אז די ווילדע זאָלן עס ניט זען און ניט וויסן פון דעם גאָרניט.

זעקס אזייגער אינאָוונט האָט מיסטער אָלבינעט דערלאנגט א זעטיקן וואר־ מעס, ווײַל ווער ווייסט, ווו און ווען ס'וועט אויסקומען דאָס צווייטע מאָל עסן. אזוי, אז אלע האָבן באשלאָסן איבערבײַסן ווי עס געהער צו זײַן.

ענדלעך איז אָנגעקומען דער געגאַרטער פארנאכט. די זון האָט זיך פאר־ קײַקלט פון יענער זײַט האָריזאָנט, וואָס איז געווען פארשטעלט מיט ראָזעווע וואָלקנס. עטלעכע בליצן האָבן געגעבן א גלאנץ איבערן הימל, און פונדער־ ווײַטנס האָט זיך דערטראָגן דער געקנאל פון א דונער.

אז פאגאנעלן איז איבערנײַס געוואָרן א שׂימכע. דידאָזיקע שטורעם־ סימאָנים וועלן נאָך צוגעבן מערער פארגלויבטקײַט אין דעם ספּעקטאקל, וואָס זיי גרייטן איצטער צו. די אבערגלויבערישע נײַ־זעלאנדער האלטן, אז דער דונער, דאָס איז דאָס קאָל פונעם אופגערייצטן גאָט נוי־אטוא, און דער בליץ — דאָס איז דער צעקאָכטער גלאנץ פון זײַנע אויגן. אזוי ארום, וועלן זיי טאַקע מעגן גלויבן, אז דער גאָט אליין האָט זיך מיט זײַן אייגענער פּערזאָן אראָפּ־ געוויזן, קעדיי צו באשטראָפן די הייליקײַט־פארשוועכער.

אכט אזייגער אינאָוונט האָט א שרעקלעכע פינצטערניש ארומגעהילט דעם שפּיץ מאונגאנאמו, דער טינט־שווארצער הימל האָט געדינט פאר א פּרעכטי־ קער פאָן צוליבן פײַערווערק, וואָס פאגאנעל האָט צוגעטראכט.

איצט איז שוין געקומען די שאָ פון טאט. מיסטער גלענארוואן, פאגא־ נעל, מאק־נאבס, ראָבערט, דושאָן מאנגלס, אָלבינעט און ביידע מאטראָסן האָבן זיך א נעם געטאָן צו דער ארבעט.

צוליבן קראטער וועגן האָט מען אויסגעקליבן א פּלאץ וואָסערע דרײַסיק

שפּאַן פֿון דער אודופֿע. ס'איז דאָך נאָך גויטיק געווען, אַז דעם פֿירערס קייווער זאָל בלײַבן גאַנץ, וואָרום אויב ער ווערט פֿאַרניכטעט, דאַן ווערט דאָך דורך דעם אַליין אַראָפּגענומען פֿונעם באַרג דער טאַבו. אפֿן דאָזיקן אָרט האָט פֿאַנאַנעל באַמערקט אַ קאָלאָסאַלן פֿעלדז, וואָס אונטער אים האָבן זיך אַרויסגעריסן קנוילן דאַמף מיט רויך. פֿון דעם איז געדרונגען, אַז דערדאָזיקער שטיין האָט צוגעדעקט אַ נאַטירלעכן קראַטער און האָט ניט געלאָזט, אַז דאָס פֿײַער זאָל אויסברעכן דורך רערדאָזיקער עפֿענונג. אויב ס'וועט זיך אײַנגעבן אַרויסוואַלגערן דעם פֿעלדז פֿון זײַן נעסט, וועלן דאַן אָן שום צווייפֿל דער דאַמף מיט דער לאַווע זיך אַ לאָז טאָן אַף אַרויס דורך דער עפֿענונג פֿונעם גרייטן קראַטער.

אַלע האָבן זיך באַוואָפֿנט מיט פֿלעקער און מע האָט זיך אָנגעלייגט אַף דער שטיינערנער הליבע. די געוואַגטע ערדגרעבערס האָבן געאַרבעט אַלע שווײַגנדיק. אינגיכן האָט זיך פֿון אונטערן שטיין מיט אַ שרעקלעכער קראַפֿט אַרויסגעריסן אַ גאַנצער זײַל דאַמף. איצט איז שוין געווען אַ געפֿאַר דאָ לענגער צו פֿאַרבלײַבן, אָבער די אַנטלאָפֿענע האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן, זיי האָבן אָנגעשטרענגט די לעצטע קויכעס זייערע און פֿאָרט אַרויסגעריסן די הליבע פֿון דער נעסט פֿון אירער. די הליבע איז געבליבן הענגען אַ רגעלע איבערן באַרג־שיפּוע, דערנאָך האָט זי זיך געגעבן אַ ריס פֿונעם אָרט און איז מיט אַ דונערדיקן פֿאַרשווונדן געוואָרן אינעם פֿינצטערניש־אָפּגרונט.

אין דער אָ רגע האָט דער דינער שיכט באָדן, וואָס האָט צוגעדעקט דעם קראַטער־שלינג, נאָכגעלאָזט דעם אינעווייניקסטן דרוק, און אַ קאָלאָסאַלער זײַל מיט פֿלאַקער איז אַרויפֿגעפֿלויגן צום הימל־צו מיט אַ געקנאַל, ווי פֿון אָן אַ שיר האַרמאַטן. און אין דער צײַט האָט די עפֿענונג אויסגעבראָכן פֿון זיך אַ גאַנצן שטראָם ווײַס־צעגליטע לאַווע, וואָס האָט זיך גענומען קײַקלען איבערן באַרג־אַראָפּ גלײַך צום לאַגער מיט די אָרטגעבירטיקע.

דער באַרג האָט גענומען אונטערציטערן, אין דער אָ רגע האָט זיך איטלעכן אויסגעוויזן, אַז ער וועט באַלד צעפּלאַצט ווערן אַף שטיק־שטיקלעך און דער שפּיץ זײַנער וועט זיך אַראָפּוואַלגערן אין אָפּגרונט אַרײַן. גלענאַרוואַן מיט די כאַווײרים מיט זײַנע זײַנען אָן אַן אָטעם אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿונעם אויסברוך־פּלאַץ.

ניט געקוקט אַף דער גאַנצער שנעלקײַט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן באַם אַנטלויפֿן צו דער אודופֿע, האָבן דאָך די וואַסער־שפּריצן, וואָס זײַנען אַזוי אָנגעוואַרעמט געוואָרן, זיי אָנגעיאָגט, אַז מע האָט געפֿילט, ווי זיי זידן. דאָסדאָזיקע וואַסער האָט פֿאַנאַנדערגעשפּרייט אַרום זיך אַ גאַנץ האַרבן רייעך פֿון שוועבל.

די לאַווע־שטראָמען האָבן איצט געריסן שטיקער פֿון דעם מאַונגאַנאַמו־שיפּוע, די שכיינישע בערג זײַנען באַלויכט: געוואָרן דורכן אָפּגלאַנץ פֿונעם אויסברוך. אַפֿילע די טיפֿע שפּאַלטן פֿון באַרג זײַנען געווען רויט באַלויכטן, ווי אין אַ טרייפֿע.



א קאָלאָסאַלער זייל מיט פלאַקער האָט זיך אופגעהויבן צום הימל

די ווילדע זײַנען בעהאָלטעדיק אופגעשפרונגען אַף די פּיס, די לאַווע האָט
זיך שוין דערקײַקלט ביז צו זייער סאַמע לאַגער. זיי זײַנען זיך צעלאָפן
איבער די ארומיקע בערגלעך און פונדאָרטן האָבן זיי באַאָבאַכטעט מיט
גרויס פאַרגעניגן, וויאַזוי זייער גאָטס צאָרן האָט באַשטראָפט די הייליקײַט־
פאַרשווערער. זיי האָבן אַף די ארומיקע בערגלעך ארומגעטאַנצט און פאַר־
הילכט די לופט מיט די אויסגעשרייען:

— טאַבו! טאַבו! טאַבו!

פון דעם קינסטלעכן מאַנגואַנאַמו־קראַטער האָבן זיך דערווײַל אין איין
גאַנג ארויסגעריסן קאָלאָסאַלע מאַסן דאַמף מיט צעגליטע שטיינער און לאַווע.
דאָס איז געווען נים קיין פּאָשעטער גייזער, ווי יענע, וואָס געפינען זיך בײַ־
שכיינעס מיטן העקל־ווולקאַן אין איסלאַנד. ניין, דאָס איז געווען א ווולקאַן
טאַקע ניט קיין ערגערער פונעם העקל־באַרג גופא. די זידיקע לאַווע און די
גרויסע צאָל גאַזן, וואָס זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן ביז איצט דורך דעם קאָ־
נוס פון דער מאַנגואַנאַמו און האָבן זיך ביז איצט באַנוגנט בלויז מיטן טאָנ־
גאַרירא־קלאַפּאַן, קעדי זיי זאָלן זיך קענען ארויסשפּאַרן אַף דער פרײַ, האָבן
איצטער באַקומען א פרישן קלאַפּאַן, פונוואַנען זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן
מיט א שטאַרקערער קראַפט. אויב מע זאָל נעמען אין אכט דעם געזעץ פון
גלײַכגעוויכט, האָט אין דעם אָ טאָג געדאַרפט באַם באַרג טאָנגאַרירא זיך אַפּ
אַסאַך פאַרקלענערן זײַן ווולקאַנישע טעטיקײַט.

די אַנטלאָפענע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן פון יענער זײַט אודופּע־פּאַרקן,
האָבן די גאַנצע נאַכט נאָכגעקוקט נאָכן אויסברוך.

ס'איז שוין געוואָרן טאָג, און דער ווולקאַן האָט זיך נאָך אַלץ ניט אײַנ־
גע[illegible]. געדיכטע קנוילן געלבלעכער רויך האָבן זיך איצטער ארויסגעריסן
פונעם קראַטער צוזאַמען מיט פלאַמיקע צינגער. גאַנצע שטראָמען לאַווע האָבן
זיך, ווי א פּאָכער, אַראָפּגעלאָזט איבערן מאַנגואַנאַמו־שיפּוע.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט מיט א קלאַפּנדיק האַרץ גענומען דורכן שפּאַלט
פונעם פּאַרקן זיך צוקוקן צום לאַגער פון די מאַאָריער.

איצטער האָט ער געזען, אַז די מאַאָריער זײַנען זיך צעלאָפן איבער די
שכײנישע בערגלעך, וווּהין די גליִענדיקע שטראָמען פונעם אויסגעבראָכענעם
געשטיין האָבן צו זיי ניט דערלאַנגט. עטלעכע ארומגעברענטע קערפּערס האָבן
זיך געוואַלגערט באַם מאַנגואַנאַמו־צופוסנס. אהין, אביסל ווײַטער באַם אַרײַנגאַנג
צום פאָרט, האָט די לאַווע פאַרברענט א גאַנץ דערפל פון וואָסערע צוואַנציק
הײַזקעס. דאָס דערפל האָט זיך נאָך איצטער אויך געריכערט.

די ניי־זעלאַנדער האָבן זיך צונויפגעקליבן אין איין רעדל און האָבן מיט
גרויס ציטער און ערפורכט באַאָבאַכטעט דעם זיך רויכערנדיקן שפּיץ מאונ־
גאנאמו.

אין דער אָ צײַט האָט זיך אַראָפּגעוויזן קאַי־קומו אין דער באַגלייטונג
פון זײַנע קריגס־לײַט. מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים דערקענט. דער פירער
פון די מאַאָריער האָט זיך דערנעענטערט צום צופוסנס פון באַרג, לעם דער

זײַט, וואָס איז געווען פרײַ פון לאווע, אָבער ער האָט זיך ניט דערוועגט אוועקשטעלן אפילע קיין איין טראָט העכער פון דעם דערלויבטן פּלאַץ.

ער האָט, ווי א שאמאן, פאַרהויבן די הענט צום הימל און האָט עפּעס דורכגעשריגן א פּאָר מאָל. ניט געקוקט דערויף, וואָס די ווײַטקייט האָט ניט דערלויבט צו פאַנאַנדערקלײַבן די ווערטער, האָבן דאָך די אונטערונענע זייער גוט פאַרשטאַנען דעם זין פון זײַן אויסגעשריי. פאַגאַנעל האָט טאקע זייער ריכטיק פירגעזאָגט: איצט האָט קאַי־קומו ארויפגעוואָרפן א נײַעם, שוין ביז־גאָר שטרענגן טאבו אפן בארג — דעם נעקאָמע־נעמער.

און גלײַך נאָך דעם האָבן די אָרטגעבירטיקע אין אײַלעניש פאַרלאָזט די שכיינעסדיקע בערגלעך און האָבן זיך אומגעקערט צו זיך אין פעסטונג ארײַן.

— פאַרטיק, זיי זײַנען שוין אוועקגעגאַנגען! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן, — זיי האָבן אראָפּגענומען די באַלאַגערונג. אונדזער אײַנפאַל האָט אונדז זייער גוט אָפּגעגליקט. איצטער זאָלט איר געדענקען, מײַנע פרײַנט, אז די צערייצטע גאָטהײַט האָט אונדז באַשטראָפט, און מיר זײַנען שוין אַלע דאָ באַגראָבן געוואָרן אונטער די בערג מיט לאווע! אָבער ז״יינס צום אנדערן האָט ניט, נאָך הײַנטיקע נאַכט דאַרפן מיר צוריק לעבעדיק ווערן און וואָס גיכער אנטלויפן פונעם דאָזיקן קייווער.

איצט האָבן זיי נאָך געהאט אן ארבעט צו באַהאַנדלען דעם ווײַטערדיקן רעטונגס־פּלאַן. מע האָט לאַנג ארומגערעדט און באַהאַנדלט די פאַרשיידענע מיינונגען, ביז ס'איז געבליבן מע זאָל זיך לאָזן צו מיזרעך־צו, אין דער ריכטונג פון דער פּלענטי־בוכטע. דער וועג איז דאָ געגאַנגען איבער ניט קיין אויסגעפאָרשטע געגנטן, און די אנטלאָפענע האָבן געהאָפט, אז דידאָזיקע געגנטן וועלן זיי געפינען אין אן אומבאַוווינטן צושטאַנד. זיי זײַנען שוין בעוועגן געווינט בײַצוקומען פאַרשיידענע שוועריקייטן, וואָס די נאַטור האָט זיי צוגעגרייט. דאָס איינציקע, פאַר וואָס זיי האָבן זיך געשראָקן, איז געווען — זיי זאָלן זיך ניט אָנטרעפן מיט קיין מאַאָריער. אזוי, אז אויב זיי וועלן נעמען די ריכטונג צו מיזרעך, קען זיך טרעפן, אז זיי זאָלן דידאָזיקע באַגעגענישן אויסמײַדן און אפן ברעג־פּאַס פונעם אָקעאַן איז זייער מעגלעך, אז זיי זאָלן אָנטרעפן אייראָפּייִשע קאָלאָניעס.

פון דער אָזערע טאופּאָ ביז דער בוכטע פּלענטי איז געווען א מעהאַלעך פון וואָסערע הונדערט מײַל. דאָס האָט געדאַרפט אָפּנעמען צען טעג גאַנג.

דער וועג איז געווען ניט קיין גרינגער, אָבער די געוואגטע רײַזנדער האָבן זיך דערפאַר ניט אָפּגעשר... ווי זיי וועלן זיך נאָר דערקלײַבן צו די אייראָפּייִשע יישוווים אפן מיזרעכדיקן ברעג, אזוי וועלן זיי צוווארטן אפ א גיטער געלעגנהײַט, ווען זיי וועלן זיך קענען איבערקלײַבן קיין אָקלענד, וואָס איז, ווי פריער, אויך איצט געווען דער ציל פון זייער רײַזע.

נאָך דעם, ווי דערדאָזיקער פּלאַן איז באַהאַנדלט געוואָרן ווי סע דאַרף צו זײַן און אָנגענומען געוואָרן, אזוי האָבן די אנטלאָפענע ווידער געטומען באָבאַכטן, וויאזוי די אָרטגעבירטיקע פירן זיך אום אינעם פאָרט און האָבן

ביז צום סאמע אָוונט פון דאָרט קיין אויג ניט אראָפּגענומען. אָבער אפילע קיין איינער פון די ווילדע האָט זיך שוין מער ניט דערוועגט צו באַווייַזן אינדערנאָענט פונעם צוויי מאָל פארשאָלטענעם בארג. אזוי, אז דער וועג איז געווען פרייַ!

נייַן אזייגער אינאָוונט האָט מיסטער גלענארוואַן אין דער טויטער פינצ־טערניש אָפּגעגעבן א באפעל, אז מע זאָל זיך לאָזן אין וועג. די צען איי־ראָפּייער האָבן פארכאפּט מיט זיך דאָס געווער, די שפּייַז־פּראָדוקטן פון קארא־טעטעס קייווער און האָבן פּאָרזיכטיק און אָן גערויש זיך גענומען אראָפּלאָזן פונעם בארג מאונגאנאמו.

דזשאָן מאנגלס מיט ווילסאָנען זייַנען געגאנגען די ערשטע, זיי האָבן זיך אייַנגעהערט אין יעדער שאָרך און האָבן מיט זייערע געזונטע אויגן געפּרעסן די פינצטערניש. ווען מ'זאָל זיך פאָרשטעלן, אז די מאאָריער האָבן אראָפּגענומען די באלאגערונג פונעם בארג נאָר צוליב אן אָנשטעל, וואָלטן די קאראולן זייערע זיך געדארפט געפינען דאָ ערגעץ אינדערנאָענט. ניט געקוקט אף פּאגאנעלס שפּאסן און אָפּלאכונג, האָט מיסטער גלענארוואַן דאָך דערלאָזט אזא מין מעגלעכקייַט און די גאנצע צייַט, וואָס מע איז איבערגע־גאנגען איבערן קאם, וואָס האָט פארייניקט דעם בארג מיטן שכיינעסדיקן בארג־רוקן, האָט ער ניט ווינציק געציטערט און איבערגעטראכט, וואָרום ער האָט גוט פארשטאנען, אז דאָס לעבן, סייַ זייַנס, סייַ די מיטרייַזנדערס, שטייט איצט אף דער קאָרט.

אָבער דאָך איז אים אפילע אין געדאנק ניט אייַנגעפאלן, אז ס'וועט אויסקומען אָפּצוטרעטן. דזשאָן מאנגלס האָט נאָך ווינציקער געקלערט וועגן אזא מעגלעכקייַט. דער יונגער קאפּיטאן האָט געשפּאנט פאָרויס און אָנגע־וויזן איטלעכן דעם וועג איבערן שפּיציקן קאם. ער האָט, ווי אינסטינקטיוו, אויסגעמיטן בא דער גרעסטער פינצטערניש אלע געפערלעכע ערטער. טאָמער האָט זיך אראָפּגעקייַקלט עפּעס א ליאדע שטיינדעלע אין אָפּגרונט אַרייַן, איז ער געבליבן שטיין, ווי פארשטאָרבן, ווייַל אויב די מאאָריער זיצן אין א לאָקערונג, קענען זיי נאָך דערהערן דעם גערויש פונעם דאָזיקן שטיינדל און אויפהייבן פון ביידע זייַטן א שיסערייַ.

די שערענגע מענטשן האָט זיך, ווי א שלאַנג, געגליטשט איבערן סטראָמ־אראָפּ־א־בארג. געגאנגען איז מען פּאמעלעכן, ווייַל גיכער האָט מען דאָ ניט געקענט גיין. אז זיי זייַנען צוגעקומען צום סאמע נידעריקסטן פּונקט פונעם אראָפּ־בארג, זייַנען זיי קוים געווען אף וואָסערע צוואנציק שפּאן ווייַטער פונעם אָרט, וווּ ס'האָט זיך ערשט נעכטן געפונען דער לאגער פון די אָרט־געבירטיקע. פונדאנען האָט זיך דער בארג־רוקן ווייַטער גענומען הייבן האסטיק ארויף און אף א שטרעקע פון א וואָסער פערטל מייַל איז ער גע־ווען פארדעקט מיט געדיכטן וואלד.

די רייַזנדער האָבן בעשאָלעם אויסגעמיטן דעם נידערפלעכלעכן טייל פונעם וועג און זיי האָבן, שווייַגנדיק, אָנגעהויבן קלעטערן אף א בארג. דאָס

וועלדל האָט מײַנ נאָך ניט ארויסגעזען, אָבער זיי האָבן געוווּסט, אז זיי דערנעענטערן זיך צו דעם. דער טאַבו האָט זיך שוין מיט דידאַזיקע ערטער ניט אָנגעקערט. ביזן וועלדל איז מער ניט געבליבן ווי צוויי הונדערט שפּאַן, אָבער דזשאָן מאנגלס איז פּלוצים געבליבן שטיין, ווי אײַנגעגראָבן. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער האָט עפּעס דערהערט א פאַרדעכטיקטן גערויש, אַף אים קוקנדיק זײַנען אַלע רײַזנדער אויך געבליבן שטיין אפּן זעלביקן אָרט.

דער יונגער קאַפּיטאַן איז היפשלעך אַזוי געשטאַנען. ס'איז גרינג זיך פאָרצושטעלן, וואָס די רײַזנדער האָבן אינ דעם מאָמענט איבערגעלעבט: ווער ווייסט, ס'קען זײַן, אז מע וועט זיך מוזן גלײַך צוריק אומקערן צו דעם מאונגאנאמו־שפּיץ און דאָרטן בלײַבן זיצן.

אָבער אז דזשאָן מאנגלס איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אז דער גערויש כאַוערט זיך מער ניט איבער, האָט ער גענומען און זיך מיט גרויס פאָרזיכטיקײַט געלאָזט פאָרויס, און אַלע איבעריקע זײַנען אַוועק נאָך אים. אז זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען וואָסערע הונדערט שפּאַן, האָבן זיי שוין ווי עס איז ארויסגעזען די ביימער־קאָנטורן און נאָך אין עטלעכע מינוט ארום האָבן שוין די אַנטלאָפענע געהאַט די מעגלעכקײַט זיך צו באַנוצן מיטן צודעק פונעם געדיכטן וואַלד.

## פערצנטע קאַפּיטל

# צווישן צוויי פײַערן

די נאַכט האָט זייער אַסאַך מיטגעהאָלפן די אַנטלאָפענע און מע האָט זיך טאַקע געדאַרפט מיט איר באַנוצן, קעדײַ מע זאָל קענען באַצײַטנס אָפּטרעטן פון דידאַזיקע געפערלעכע טאַופּאָ־ברעגן.

פּאַגאַנעל האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פונעם קליינינקן אָטריאַד. דער געפיל פונעם אויסגעצייכנטן געאָגראַף האָט אים דאָ זייער אַסאַך מיט־געהאָלפן באַם אומבלאָנקען אינ מיטן באַנאַכט איבער דער אומבאַקאַנטער ווילדער געגנט. ער האָט מיט א מאָדנער זיכערקײַט אויסגעקליבן די ריכטונג צווישן דערדאָזיקער געדיכטער פינצטערניש, און סר האָט אַזוי קונציק געפירט די מיטרײַזנדער זײַנע איבער דעם וועג, וואָס זיי האָבן זיך פירגענומען, אז זיי האָבן אפילע אַף קיין איינ שפּאַן ניט אָפּגעקערט ניט אַף רעכטס און ניט אַף לינקס. מעגלעך, אז דאָ האָט אים אויך אַסאַך מיטגעהאָלפן זײַן ניקטאַלאָ־פּיע, די קעצישע אויגן זײַנע האָבן געזען אין דער פינצטערער נאַכט עפּשער נאָך בעסער, ווי עמעצנס אויגן האָבן געזען אינעם ליכטיקן באַטאָג.

דער אָטריאַד האָט זיך שווײַגנדיק גערוקט פאָרויס איבערן מיזרעכדיקן פלאַטשיקן שיפּוע פונעם וואַיכיטי־דענדזש און האָבן זיך אַף קיין רעגע ניט אָפּגעשטעלט אינערגעץ. פּאַגאַנעל האָט געפירט דעם אָטריאַד זײַנעם צו דאָ־

רעם-מיזרעכ, אינ דער ריכטונג צום שמאָלנ איבערשטײַג-פונקט, וואָס געפינט זיכ צווישנ קײַמאנאָוועו אונ וואַיִכיטי. דורכ דעם אָ זעלבנ איבערשטײַג-פונקט גייט דער וועג פונ אָקלענד צו דער האוקסער בוכטע. ער האָט געהאט בעדייע דורכצומאכנ דעמדאָזיקנ איבערשטײַג-פונקט, איבערלאָזנ אָנ א זײַט דעם ברייטנ שליאַכ אונ אונטערנ שוץ פונ דער באַרג-קייט זיכ לאָזנ גלײַכ צום ברעג פונעם אָקעאנ איבער דער ווילדער אונ אומבאַוווינטער געגנט.

ארום צען אזייגער אינדערפרי, נאָכ צוועלפ שאָ אומופהערלעכנ גאנג האָבנ די אנטלאָפענע געהאט דורכגעמאכט צוועלפ מײַל. די גע[illegible] פרויענ האָבנ זיכ ניט געקלאָגט אפ קיינ מידקײַט, אָבער מע האָט [illegible] דערקענט, ווי זיי האָבנ זיכ, נעבעכ, ארויסגעשלאָגנ פונ די קויכעס. אונ אלע האָבנ געזען, אז זיכ לאָזנ ווײַטער גיינ איז ניט שײַעכ. אויסער דעם, איז נאָכ דאָס צאָרט, וווּ זיי האָבנ זיכ איצטער געפונענ, געווענ זייער גוט צוגעפאסט אפ זיכ צו שטעלנ אָפּרוען. די רײַזנדער האָבנ זיכ אקוראט געפונענ אינ א טאָל, וואָס צעטיילט צווישנ זיכ די צוויי באַרג-רוקנס. דער אָקלענדישער שליאַכ איז געבליבנ בא זיי פונ דער רעכטער זײַט אונ איז אוועקגעגאנגענ צו דאָרעמ-צו.

ארום צען אזייגער אינדערפרי האָט פאַגאַנעל פארפירט דעם אָטריאַד זײַנעמ צו א קליינ שטיקעלע פלאַץ, וואָס האָט זיכ געפונענ לעמ א באַרג-אויס-שטירצונג.

דער אוילעמ האָט ארויסגענומענ דאָס עסנווארג פונ די פעקלעכ אונ אלע האָבנ זיכ צו דעם א נעמ געטאָנ מיט גרויס כיישעק. אפילע מערי גראנט אונ דער מאיאָר, וואָס האָבנ זיכ ביז איצט סקעפטיש באצויגנ צו די עסבארע פאַכאָראָטניקעס, האָבנ איצט געגעסנ זיי מיט גרויס כיישעק.

דאָ האָבנ די רײַזנדער אָפּגערוט ביז צוויי אזייגער נאָכ האלבנ טאָג אונ דערנאָכ האָבנ זיי זיכ פונסנײַ געלאָזט אינ וועג ארײַנ. דעם ווײַטערדיקנ אָפּשטעל האָבנ זיי געמאכט שפּעט אינאָוונט, וואָסערע אכט מײַל פונ די בערג. אלע זײַנענ אזוי געווענ מיד פונעם דאָזיקנ טאָג, אז נאָכ איידער זיי האָבנ זיכ באוויזנ אנידערלייגנ, זײַנענ זיי שוינ געשלאָפנ.

אם מאָרגנ איז דער וועג געווענ נאָכ א שווערער. ער איז דורכגעגאנגענ פארבײַ די וואולקאנישע בערג מיט די גייזערס אונ די שוועבל-פאָנטאנעס, וואָס האָבנ זיכ געפונענ צו מיזרעכ-צו פונ וואַיִכיטי-רעגנדזש. דער וועג איז געווענ אנגענעם פארנ אויג, אָבער זייער שווער פאר די פיס. בא יעדער פערטל מײַל איז ארויסגעקומענ אָנלייגנ וועג אונ ארומגיינ ווײַט, אזוי, אז צום סאָפ טאָג זײַנענ די רײַזנדער אינגאנצנ געבליבנ אָנ קויכעס.

אָבער וויפל די אנטלאָפענע זאָלנ זיכ ניט געווענ אײַלנ מיטנ מיינ גיכער צו פארלאָזנ אָט דידאָזיקע אומהיימלעכע ערטער, האָט דאָכ דערדאָזיקער וועג בא זיי אָפּגענומענ בא די פיר מעסלעס. ערשט דעם דרײַונצוואנציקסטנ פעווראל, נאָכ דעם, ווי זיי זײַנענ אָפּגעגאנגענ וואָסערע פופציק מײַל פונ מאונגאנאמו, האָבנ זיי דערזענ פאר זיכ אנ אָפענעמ פליינ, וואָס איז באוואקסנ מיט ניט קיינ הויכע קוסטנ-ביימלעכ.

דאָסדאָזיקע בילד האָט זייער געפרייט דעם בליק און האָט פירגעזאָגט א מער אנגענעמענעם וועג אפ פאָרויס, נאָר מיט איינ באדינג, פארשטייט זיכ, אויב דידאָזיקע געוויקסנ־וועלט האָט ניט צוגעצויגנ קיינ אײַנוווינער צו דערדאָזיקער געגנט. ביז איצטיקנ מאָמענט האָבנ די אנטלאָפענע, אגעוו, ניט באגעגנט אפילע קיינ סימענ פונ קיינ אָרטגעבוירטיקע.

ארום האלבנ טאָג האָט זיכ ראָבערטסנ מיט מאק־נאבסנ אײַנגעגעבנ צו דערשיסנ דרײַ קיווי־פייגל, אונ דאָס האָט זיי זייער באשײַנט דעם טיש זייערנ. זיי האָבנ אופגעגעסנ דידאָזיקע פייגל ביז א פיצל, ס'זײַנענ נאָר געבליבנ פונ זיי די שנאָבלענ מיט די פיסעלעכ.

טאָג אונ טאָג זײַנענ די אנטלאָפענע געגאנגענ פונ פינצטער ביז פינצטער איבער די וועלדער אונ איבער די פליינענ. דזשאָנ פלעג באשטימענ די ריכטונג זייערע לויט די שטערנ אונ לויט דער זונ. דער וועטער איז געווענ צוגעלאָזט צו זיי אונ האָט ניט געפײַניקט די רײַזנדער ניט מיט קיינ איבעריקער היצ אונ ניט מיט קיינ שטארקע רעגנס. אָבער איינס צום אנדערנ האָט ניט,— די רײַזנדער, וואָס האָבנ שוינ אזויפיל געהאט איבערגעטראָגנ, האָבנ, וואָס א טאָג ווײַטער, דערפילט אלצ א שטארקערע מידקײַט.

אפנ וועג האָבנ מאק־נאבס, ראָבערט, מיולרעדי אונ ווילסאָנ געפירט געיעג. זיי האָבנ זיכ, פארשטייט זיכ, באמיט, אז זיי זאָלנ ניט אָפגיינ צו ווײַט פונעם קליינינקנ אָטריאד אונ יעדערער פונ זיי האָט געבראכט פארנ אלגעמיינעם קעסל זײַנ כיילעק רויב.

פאגאנעל האָט זיכ די גאנצע צײַט ניט געוואָלט געזעגענענ מיט זײַנ מאאָרייִשנ מאנטל. ער האָט זיכ די גאנצע צײַט געהאלטנ אָפגעזונדערט. אונ קיינער האָט ניט געוווּסט די סיבע, וואָס ער האלט זיכ אזוי שווײַגנדיק אונ פארטראכט.

דעם 25־טנ פעווראל האָבנ אלע דערזענ, אז דעם וועג צו מיזרעכ האקט איבער א טײַכ. ווערדליק פאגאנעלס מאפע האָט אָנגעוויזנ, וואָלט עס דארפנ זײַנ דער טײַכ ווײַקארי. דעמדאָזיקנ טײַכ זײַנענ די אנטלאָפענע איבערגעגאנגענ אינ א פליטקע אָרט.

אינ מעשעכ פונ די ווײַטערדיקע צוויי טעג איז דער וועג די גאנצע צײַט געגאנגענ איבערנ גלײַכנ סטעפ, וואָס איז באוואקסנ מיט נידעריקע קליינע קוסטנ־ביימלעכ. א העלפט שטרעקע, וואָס טיילט אָפ די אָזערע טאופאָ פונ די אָקעאנ־ברעגנ, האָט מענ שוינ געהאט דורכגעמאכט. די רײַזנדער זײַנענ געווענ מיד ווי ס'געהער צו זײַנ, אָבער דערפאר האָבנ זיי זיכ געטרייסט מיט דעם, וואָס זיי האָבנ ביז איצטער ניט געהאט קיינ איינ אומגעווונשענע באגעגעניש.

דעם 28־טנ פעווראל זײַנענ זיי ארײַנגעגאנגענ אינ א וואלד ארײַנ. דאָס איז געווענ א גרויסער אומענדלעכער וואלד, וואָס האָט דערמאנט אווסטראליע, מיטנ איינעם כילעק נאָר, וואָס אנשטאָט עווקאליפטנ זײַנענ דאָ געשטאנענ קאורי־ביימער. ניט געקוקט דערויפ, וואָס פאר די לעצטע פיר כאדאָשים

צײַט האָבנ די רײַזנדער אויסגעגעבנ אפ אסאכ זאכנ זייער פייִקײַט צו אנט־
ציקט ווערנ, זײַנענ זיי אָבער פּאָרט ניט געווענ אימשטאנד הורכצוגיינ גלײַכ־
גילטיק פארבײַ דידאָזיקע גיגאנטישע ביימער, וואָס האָבנ זיכ מיט גאָרניט
ניט געהאט וואָס צו שעמענ אנטקעגנ די צעדער־ביימער פונ לעוואָנענ. איי־
ניקע פונ דידאָזיקע סאָסנעס, קענטיק, נאָכ יונגע, וואָס זײַנענ קוים אלט גע־
ווענ צו הונדערט יאָר יעדערע, זײַנענ עטוואָס געווענ ענלעכ אפ די רויטע
טאנענ פונ די אייראָפּייִשע וועלדער. זייערע טונקעלע קרוינענ האָבנ געהאט
דעם אויסזעענ פונ א שארפשפּיציקנ קאָנוס. דערפאר האָבנ אָבער די אלטע
ביימער, וואָס זײַנענ אלט געווענ צו פינפ־זעקס הונדערט יאָר יעדערער —
אויסגעבילדעט מיט זייערע צווײַגנ די עמעסע גיגאנטישע גרינע שירעמס. די־
דאָזיקע פּאַטריאַרכנ פונ די נײַ־זעלאנדישע וועלדער האָבנ געהאלטנ צו וואָ־
סערע פופציק פוס אינעם ארום, און אז אלע אָנטיילנעמער פונעם אָטריאד
האָבנ זיכ גענומענ פאר די הענט, האָבנ זיי קוים געקענט ארומכאפנ אייב
שטאם אזעלכנ.

איינ מעשעכ פונ די ווײַטערדיקע דרײַ טעג האָט דער קליינינקער אָטריאד
געבלאָנדזשעט צווישנ דידאָזיקע ביימער, וואָס האָבנ דאָס ערשטע מאָל געזענ
מענטשנ ארום זיכ. דאָס האָט מענ געקענט זייער גרינג דערקענענ אינ די
אומגערירטע בערג מיט ביימער־פעכ. — דאָס איז אזא מינ פּראָדוקט, וואָס
שאצט זיכ בא די אָרטגעבירטיקע זייער הויכ.
די יעגערס האָבנ דאָ אָפּגעזוכט אסאכ קיווים, וואָס באגעגענענ זיכ אויכ
זייער זעלטנ אינ די ערטער, ווו די מאָאָריִער געפינענ זיכ. אָט די זעלטענע
פייגל האָבנ זיכ אויסבאהאלטנ אינ די אומגערירטע וועלדער, ווהינ די אָרט־
געבירטיקע מיט זייערע הינט האָבנ זיכ קיינמאָל ניט באוויזנ.
אדאנק דער גרויסער מאסע געווילד, וואָס האָט זיכ דאָ געפונענ, האָבנ
די רײַזנדער די גאנצע צײַט געהאט גוטע און זאטע קעסט.
איינמאָל האָט פּאגאנעל באמערקט פונדערווײַטנס אינ דער טיפ פונ וואלד־
געדיכטעניש א פּאָר גיגאנטישע פייגל. בא אים האָט די רעגע אופגעוואכט
דער אינסטינקט פונעם נאטורפאָרשער, ער האָט געגעבנ א ווונק צו זײַנע
כאווײרים, און ניט געקוקט אפ זייער מידקײַט, האָבנ דער מאיאָר מיט ראָ־
בערטנ, און פּאגאנעל אויכ צווישנ זיי, זיכ א וואָרפ געטאָנ נאָכיאָגנ דידאָזיקע
פייגל.

ס'איז גרינג זיכ פאָרצושטעלנ, אינ וואָס פאר א היספּײַלעס דער געלערנ־
טער איז ארײַנגעפאלנ, בעשאס ער האָט דערקענט אינ דידאָזיקע פייגל דעם
פויגל מאָא. דאָס איז דאָכ אזא מינ פויגל, וואָס דער גרעסטער טייל נאטור־
פאָרשער האלטנ, אז ער איז שוינ לאנג אויסגעשטאָרבנ.
אינגיכנ האָבנ די נאָכיאָגערס זיכ געמוזט אָפּזאָגנ פונ זייער ארבעט, ווײַל
זיי האָבנ געזענ, אז זיי וועלנ דאָ גאָרניט אופטאָנ, און זיי האָבנ זיכ אומגע־
קערט צוריק צו זייערע פרײַנט.
דעמזעלביקנ אָוונט האָט זיכ דער קליינינקער אָטריאד ענדלעכ ארויס־

געקליבן פון וואלד און זיך אָפּגעשטעלט אַף ואכטלעגער באַם צופוסנס פונעם בארג איקארענגי, וואָס דער שפּיץ זײַנער האָט זיך אופגעהויבן אַף וואָסערע פינף טויזנט פינף הונדערט פיס איבערן יאַם־ניוואָ.

שוין הונדערט מײַל, אַז די רײַזנדער זײַנען דורכגעגאנגען פונעם בארג מאונגאנאמו און איצטער האָבן זיי נאָך אַף דורכצומאכן וואָסערע דרײַסיק מײַל, ביז זיי וועלן קומען צום אָקעאַן.

איצט זײַנען איבערגעבליבן פאַר זיי נאָך צוויי לאַנגע איבערגאַנגען, דער־בײַ האָבן די רײַזנדער אין דידאָזיקע ערטער געמוזט ארויסווײַזן דעם מאַק־סימום פאָרזיכטיקײַט און וואכזאמקײַט, ווײַל ס׳וועט זיי אויסקומען גיין דורך אזעלכע ערטער, וואָס ווערן אָפּט באַזוכט דורך די אָרטגעבוירטיקע.

גאַנצפרי האָט דער קלײנינקער אָטריאַד זיך געשטארקט, ניט געקוקט אַף דער גרויסער מידקײַט, און זיך פונסנײַ געלאָזט אין וועג ארײַן. ביז די רײַזנ־דער האָבן מיט גרויס שוועריקײַט סאָפּקאָלסאָפּ זיך דערשלאָגן צום קאַפּ לאָ־טינ אפּן ברעג פונעם שטילן אָקעאַן.

דאָ האָבן זיי דערזען עטלעכע צעוואָרפענע און פארלאָזענע הײַזקעס, פארלאָזענע פעלדער און שפּורן פון א סרייפע. קענטיק, אַז דאָסדאָזיקע דערפל האָט מיט זיך ניט לאַנג פאָרגעשטעלט אַן ארענע פאַר קריגס־אָפּעראַציעס.

די רײַזנדער זײַנען געגאַנגען לענגאויס דעם ברעג אָקעאַן און פּלוצים האָבן זיי דערזען פאַר א מײַל פון זיך אַן אָטריאַד אָרטגעבוירטיקע, וואָס האָבן באמערקט די איירָאָפּייער און זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן צו זיי. זיי האָבן געפאָכעט מיט זייער געווער און געשריגן.

וווהין צו אנטלויפן האָבן די רײַזנדער ניט געהאַט. די איינציקע ברירע, וואָס איז פאַר זיי געבליבן, איז געווען זיך אוועקשטעלן מיטן געווער און זיך פארטיידיקן.

מיסטער גלענארוואַן האָט שוין געהאַט געוואָלט אָפּגעבן די נויטיקע פאַר־אָרדענונגען, אָבער דזשאָן מאנגלס האָט פּלוצים אויסגעשריגן:

— א שיפל! אָנאָ שטייט א שיפל!

און ווירקלעך, וואָסערע צוואַנציק שפּאַן פון זיי איז געשטאַנען א פּליט מיט אכט רודערס. אלע איינעם האָבן זייער גרינג געקענט אראָפּ־לאָזן דעם פּליט אין וואסער ארײַן און אינדערגיך אוועקשווימען פונעם געפערלעכן פּלאַץ. און זיי האָבן טאַקע אזוי געטאָן. דזשאָן מאנגלס, מאַק־נאבס, ווילסאָן און מיולרעדי האָבן זיך אוועקגעזעצט לעם די רודערס, מיסטער גלענארוואַן האָט זיך אוועקגעשטעלט לעם שטויער־רודער, פּאגא־נעל, אָלבינעס, ראָבערט און בײדע פרויען האָבן זיך אויסגעזעצט אַף דעם הינטערטייל.

און אין וואָסערע צען מינוט ארום איז דער פּליט אָפּגעגאַנגען אַף א האלבן מײַל פונעם ברעג. דער יאַם איז געווען רויק, און די אנטלאָפענע האָבן אויך ניט איבעריק געטומלט.

אָבער דושאָן מאנגלס האָט ניט געהאט בעדייע זיך צו דערווייַטערן שטארק פונעם ברעג און ער האָט געוואָלט פאַרלייגן מיסטער גלענארוואנען, אז ער זאָל ריכטן דאָס שיפל לענגויס דעם ברעג־פאס. פלוצים האָט ער דערזען פאר זיך אזעלכס, אף וואָס ער האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט געריכט.

פונעם קאפ לאָטין האָבן זיך אָפגעטיילט דרייַ פליטן מיט נאָכיאָגערס.

— ריכטעט צום יאם־צו! — האָט ער אויסגערופן. — אונדז וועט זייַן ליבער דערטרינקען צו ווערן, איידער זיך פאקן צו זיי אין די הענט אריַין.

די פיר רודער־לייַט האָבן זיך א נעם געטאָן מיט אלע קויכעס צו די רודערס, און דער פליט האָט זיך אוועקגעטראָגן שנעל אינעם אָפענעם יאם אריַין. א האלבע שאָ צייַט דורכאנאנד האָט זיך זיי נאָך אייַנגעגעבן אָפצוהיטן דיזעלביקע דיסטאנץ צווישן זיי מיט די פארפאָלגערס, אָבער דערנאָכדעם האָבן די אייַנגעמידטע רודער־לייַט אָנגעהויבן אָפשטיין, און די פליטן פון די אָרט־געבירטיקע האָבן זיך גענומען דערנענטערן. דער מעהאלעך צווישן זיי האט איצט מער ניט באטראָפן, ווי וואָסערע צען מייַל.

וואָס טוט מען שוין איצטער? מיסטער גלענארוואן איז געשטאנען אף דעם הינטערטייל אף זייַן פאָסטן, ער האָט ארומגעקוקט מיט זייַן בליק דעם האָריזאָנט, פּונקט ווי ער וואָלט האָבן אָפצוזוכן דאָרטן פאר זיך א רעטונג. אָבער פונוואנען האָט ער זיך איצטער געקענט ריכטן אף הילף? צי דען האָט עפעס א פאָרגעפיל אים אונטערגעזאָגט, אז די הילף וועט פון ערגעץ מוזן קומען?

פלוצים האָט דער בליק זייַנער זיך צעברענט מיט אָן א שיר פרייד, ער האָט אויסגעצויגן די הענט אין דער ריכטונג צום האָריזאָנט צו:

— א שיף! מייַנע פרייַנט, איך זע דאָרטן א שיף!! רודערט, רודערט מיט אלע קויכעס אהינצו!

קיין איינער פון די פיר רודער־לייַט האָט זיך ניט אויסגעדרייט א קוק צו טאָן אף דערדאָזיקער שיף, ווייַל איצט האָט מען ניט געטאָרט דורכלאָזן קיין איין רעגע אפילע. פאגאנעל האָט זיך אָבער אופגעשטעלט אין דער גאנצער לענג און האָט אָנגעשטעלט די קוק־רער גלייַך צו דער שיף:

— דאָס איז א דאמפער, — האָט ער זיך אָנגערופן, — און ער גייט צו אונדז מיטן פולן דאמף! לעבעדיקער, כאווירים, לעבעדיקער!

די רודער־לייַט האָבן זיך מיט נייַע קויכעס אָנגעלייגט אף די רודערס און אין מעשעך פון א האלבער שאָ צייַט האָט שוין דער פליט ווייַטער זיך דערשלאָגן צו דער פריערדיקער דיסטאנץ, וואָס האָט זיי אָפגעטיילט פון די פארפאָלגערס. דער דאמפער האָט זיך געהאלטן אין איין דערנענטערן. מיט א באוואָפנט אויג האָט מען שוין געקענט ארויסזען פונדאנען זייַנע צוויי מאסטבוימער מיט שווארצע קנוילן רויך, וואָס האָבן זיך ארויסגעריסן פונעם קוימען. מיסטער גלענארוואן האָט איבערגעגעבן ראָבערטן דעם רודער און ער האָט א כאפ געטאָן באם געאָגראף די קוק־רער און זי צוגעשטעלט צו די אויגן.

אָבער וואָס האָבן געדארפט א טראכט טאָן דושאָן מאנגלס מיט די איבע־

ריקע רודער־לײַט, װען זײ האָבן דערזען, װי מיסטער גלענאַרװאַנס פּאָנעם איז פּלוצים צעקרימט געװאָרן פאַר שרעקלעכן װײטיק, די קוק־רער איז ארויסגעפאלן בײַ אים פון די הענט? אָבער דאָס אײנציקע װאָרט, װאָס ער האָט ארויסגעלאָזט, איז שוין געװען גענוג, אז די אנטלאָפענע זאָלן פארשטײן די סיבה פון זײַן פּלוצימדיקער פארצװייפלונג.

— „דונקאַן" ! — האָט מיסטער גלענארװאן ארויסגעשריגן. — „דונקאַן" מיט אַלע קאַטאָרזשניקעס !

— „דונקאַן" ? — האָט דזשאָן מאַנגלס איבערגעכאַפּט און זיך גלײַך גע־געבן א כאַפּ פון אָרט.

— יאָ, דער טויט רוקט זיך שוין אָן אױף אונדז פון בײדע זײַטן ! — האָט מיסטער גלענאַרװאַן א שעפּטשע געטאָן, און אַלע האָבן געזען, װי ער איז געװאַלדיק צעטומלט געװאָרן פונעם נײַעם אומגליק.

און אינדערעמעסן איז שוין דאָ מער ניט געװען װאָס צו צװײפלען, װאָרום אנטקעגן זיך האָבן זײ דערזען די יאַכט־שיף מיט איר נײַער מאַנשאַפט פון די קאַטאָרזשניקעס. אפילו בײַם קעסײדער־רויִקן מאַיאָר האָט זיך ארויס־געריסן א קלאָגע פון מויל.

דער פּליט זײערער איז דערװײַל געבליבן שטײן אויפן זעלביקן אָרט, פּונקט װי מע װאָלט זיך פארלאָזט אויף אים, ער זאָל אַלײן אויסקלײַבן ,װעלכע ריכטונג ער װיל בעסער אָנעמען.

און װוּהין זאָל מען טאַקע שװימען, װוּהין זאָל מען אנטלויפן, צו װע־מען זאָל מען זיך בעסער איבערענטפערן — צו די װילדע מענטשן, צי צו די קאַטאָרזשניקעס ?

דערװײַל האָט זיך פון דעם נאָענטסטן פּליט דערהערט א שאָס, און די קויל האָט צעטרעשטשעט װילסאָנס רודער.

די יאַכט־שיף איז איצט געװען פאַר א האַלבן מײַל פון די אנטלאָפענע, און װעדליק זײ זײַנען געװען פון בײדע זײַטן ארומגערינגלט מיט סאָנים, האָבן זײ ניט געװוּסט, װוּהין פריִער צו לויפן. די פרויען האָבן, אױף דעם קוקנדיק, פּאָשעט זיך באַװאָשן מיט טרערן.

די װילדע מענטשן האָבן זיך א נעם געטאָן צום שיסן, און די פײַלן האָבן מאַמעש געפּײַפט ארום די רײַזנדערס פּליט. אין דערזעלבער רגע האָט זיך דערהערט א שאָס און איבער די קעפּ פון די אנטלאָפענע האָט זיך דורכ־געטראָגן א האַרמאַטן־קויל.

װי די רײַזנדער האָבן זיך דערפילט צװישן דיזאָזיקע צװײ פײַערן, האָבן זײ גאָר אָפּגעלאָזט די רודערס.

דזשאָן מאַנגלס האָט א כאַפּ געטאָן די האַק און שוין געװאָלט צעהאַקן דעם דנאָ פון זײער פּליט, קעדײ ער זאָל דערטרינקען װערן צוזאַמען מיט זײַנע פּאַסאַזשירן, אָבער אין דערזעלבער רגע האָט ראָבערט אויסגעשריגן :

— איך זע דאָך דאָרטן מאָמען ! טאָם אאוסטין שטײט אָנאָ ! אָטאָ זעט, ער האָט אונדז דערקענט ! ער פאָכעט צו אונדז מיט זײַן הוט !



די הארמאטנ-קויל האָט געטראָפנ אינעם פליט פונ די אָרטנעבירטיקע

די האַק איז געבליבנ הענגענ אינדערלופטנ. דזשאָנ מאַנגלס איז פאַרשטיינערט געוואָרנ.

אינ דער אַ צײַט האָט די צווייטע האַרמאַטנ־קויל זיכ דורכגעטראָגנ מיט אַ פײַפ איבער זײַנ קאָפ אונ זי האָט איבערגעשניטנ אַפ דער האַלב די נאָענטסטע פונ די דרײַ פליטנ אונ אַ הויכער אורא־אויסגעשריי האָט זיכ דערטראָגנ אַהער פונ דער שיפ.

די דערשראָקענע אָרטגעבוירטיקע האָבנ גלײַכ אויסגעקערעוועט די שיפלעכ זייערע אונ זיכ מיט אַלע קויכעס אַוועקגעטראָגנ צוריק צומ ברעג.

— גיכער אַהער, טאָמ! אַהער קומ צוהילפ! — האָט דזשאָנ אויסגעשריגנ ניט מיט זײַנ קאָל.

אינ עטלעכע מינוט אַרומ זײַנענ די צענ גאָרניט פאַרשטייענדיקע, צעטראָגענע אונ צעטומלטע אַנטלאָפענע לײַט שוינ געווענ אַפנ באָרט פונ דער יאַכט־שיפ „דונקאַנ“ אויסער יעדער געפאַר.

## פופצנטע קאַפיטל

# פאַרוואָס האָט עפעס „דונקאַנ“ קרייסירט לענגאויס דעמ מיזרעכדיקנ ברעג פונ ניי־זעלאַנד

ס'איז דענ מעגלעכ צו באַשרײַבנ די איבערלעבונגענ פונ מיסטער גלענאַרוואַנ מיט זײַנע מיטרײַזנדער, ווענ זיי האָבנ זיכ אויפגעהויבנ איבערנ טראַפ אַפ דער שיפ „דונקאַנ“.

מיסטער גלענאַרוואַנ, דזשאָנ מאַנגלס, פאַגאַנעל, ראָבערט, אונ אַפילע דער מאַיאָר האָבנ זיכ אַרומגענומענ, מע איז געפאַלנ איינער דעמ אַנדערנ אַפ די העלדזער, מע האָט געוויינט, מע האָט געלאַכט, מע האָט געשלוכצט. דער געאָגראַפ איז געווענ גאָר ווי פונ די געדאַנקענ, ער איז אַרומגעשפרונגענ איבער דער פאַלובע אונ זיכ צעפאָכעט מיט זײַנ אומצעשיידבאַרער קוקרער אַפ די ווילדע לײַט מיט זייערע שיפלעכ, וואָס האָבנ שוינ געהאַט צוגעשטיגנ צומ ברעג, אונ דערנאָכ האָט ער ווײַטער געכאַפט טאַנצנ.

אָבער בעשאַס די מאַנשאַפט האָט דערזענ, ווי אויסגעמאַטערט מיסטער גלענאַרוואַנ מיט זײַנע מיטרײַזנדער זײַנענ, ווי אַרומגעריסנ אונ אַרומגעשליסנ זיי זײַנענ, האָבנ זיי מיטאַמאָל אָפגעשטעלט זייערע פרייד־אויסגעשרייענ. וואָרומ מע זאָל טאַקע אַ קוק טאָנ, וואָס פונ די מענטשנ איז געוואָרנ אינ מעשעכ פונ דרײַ כאָדאָשימ צײַט, אַז ס'איז גאָר קיינעמ פונ זיי ניט צו דערקענענ! איצט האָט דער באָרט פונ „דונקאַנ“ אַרופגענומענ אַפ זיכ צענ שאָטנס פונ שוואַכע, בלייכע מענטשנ, וואָס שלעפנ קוימ די פיס.

מיסטער גלענאַרוואַנ האָט גאָר פאַרגעסנ אינ דעמ דאָרשט מיטנ הונגער,

און ער האט זיך צום אלעם ערשטנ געווענדעט צו טאָם אאוסטינענ מיט דער פראגע, ווי איז עס געשענ און דורך וויאזוי פאר א ווונדער האָט זיך „דונקאנ" געפאקט אהער אינ דידאָזיקע ערטער

פארוואָס האָט עפעס „דונקאנ" קרייסירט בא די מיזרעכדיקע ברעגנ פונ נייַ־זעלאנד, וויאזוי ארום איז די שיפ ארויסגעגאנגענ פונ בענ־דזשויסעס הענט, וואָס פאר א נעס האָט עס געקענט טרעפנ, אז די שיפ זאָל אינ אזא מינ שאָ קומענ צו־הילפ די אנטלאָפענע?

— וואָס הייסט עס, וויאזוי איז עס געשענ? — דידאָזיקע אלע פראגנ האָבנ זיך פונ אלע זייַטנ געשאָטנ אפנ צעטומלטנ טאָם אאוסטינענ. דער אלטער יאמ־מענטש האָט גאָרניט געוווסט לעם וועמענ זיך אָנצושטעלנ, וועמענ פריִער ענטפערנ.

— וויאזוי האָט איר זיך אָפגעפאַרטיקט מיט די קאטאָרזשניקעס? — האָט אימ מיסטער גלענארוואנ מיטנ זעלבנ אימפעט ווייַטער א פרעג געטאָנ.

— מיט די קאטאָרושניקעס? — האָט טאָם אאוסטינ איבערגעכאזערט און האָט געהאט בעייסמייַסע דעם אויסזעענ פונ א מענטשנ, וואָס פארשטייט גאָרניט, וועגנ וועלכע קאטאָרזשניקעס סע רעדט זיך גאָר דאָ.

— נו, מיט יענע קאטאָרזשניקעס, וואָס זייַנענ באפאלנ די יאכט.

— וועלכע יאכט־שיפ? — טאָם אאוסטינ האָט ניט אָנגעהויבנ צו פארשטיינ, וואָס וויל מענ דאָ פונ אימ.

— נו, אפ „דונקאנענ"! אפ „דונקאנענ", טאָם! בענ־דזשויסעס קאָ־טאָרזשניקעס!

— איכ ווייס ניט פונ קיינ שום בענ־דזשויסנ, — האָט דער ערלעכער געהילפס־קאפיטאנ געענטפערט. — איכ האָב גאָר וועגנ אזא מענטשנ אפ מייַנ לעבנ קיינמאָל ניט געהערט.

— וואָס הייסט עפעס ניט געהערט?.. — האָט זיך שוינ מיסטער גלענארוואנ, פונ זייַנ זייַט, גענומענ וווּנדערנ. — נו, און פארוואָס האָט עפעס „דונקאנ" זיך פלוצים געפאקט אהער צו די ברעגנ פונ נייַ־זעלאנד? פארוואָס ענטפערט איר ניט, טאָם? לאָמיר הערנ!

— איכ פארשטיי ניט, סער. „דונקאנ" קרייסירט דאָ די גאנצע צייַט דערפאר, וואָס איר האָט אזוי באפוילנ.

— איכ האָב אזוי באפוילנ?! — האָט מיסטער גלענארוואנ אויסגעשריגנ.

— פארשטייט זיך. איכ האָב פינקטלעכ און ביז א האָר אויסגעפילט אייַער פאראָרדענונג, וואָס איכ האָב באקומענ אינעם בריוו פונעם 14־טנ יאנוואר.

— אינ מייַנ בריוו?! אינ מייַנ בריוו?! — האָט מיסטער גלענארוואנ אויסגערופנ.

אינעם דאָזיקנ מאָמענט האָבנ אלע צענ רייַזנדער ארומגערינגלט טאָם אאוסטינענ און האָבנ אימ מאַמעש געפרעסט מיט די אויגנ.

— הייסט עס, אז דער בריוו, וואָס מע האָט אָפגעשיקט פונ די סנאָוּער ברעגנ, איז פונדעסטוועגנ דערגאנגענ צו איר אדרעסאט.



אלע האָבען זיך געבאלעזן , האָבען געשריען און געלאכט

— הערט נאָר אויס, טאָם, — האט זיכ מיסטער גלענארוואנ אָנגערופנ, — איכ וויל איר זאָלטריידנ פארשטענדלעכער, ווארום איכ וויס ניט, צי איכ הער דאָס אפ דער וואָר, צי אינ כאָלעם. זאָגט נאָכאמאָל, דעמ בריוו מיינעם האָט איר באקומענ?

— יאָ, סער, באקומענ.

— אינ מעלבורנ?

— אינ מעלבורנ, פונקט אינ דעמזעלבנ טאָג, ווענ איכ האָב פארענדיקט דעמ רעמאָנט.

— אונ דערדאָזיקער בריוו...

— דערדאָזיקער בריוו איז געווענ אָנגעשריבנ ניט מיט אייער האנטשריפט, נאָר די אונטערשריפט איז געווענ אייערע.

— ריכטיק. דעמדאָזיקנ בריוו האָט אייכ צוגעשטעלט דער קאטאָרזשניק מיטנ נאָמענ בענ-דזשויס?

— ניינ, דעמ בריוו האָט מיר צוגעשטעלט דער מאטראָס מיטנ נאָמענ איירטאָנ.

— נו, דאָס זאָג איכ דאָכ! איירטאָנ אונ בענ-דזשויס — דאָס איז איינ פערזאָנ! וואָס-זשע איז דאָרטנ געווענ אינעמ דאָזיקנ בריוו געשריבנ?

— דאָרטנ האָט זיכ געפונענ דער באפעל, אז איכ זאָל גלייכ פארלאָזנ מעלבורנ אונ זיכ לאָזנ צום מיזרעכדיקנ ברעג פונ...

— אווסטראליע! — האָט מיסטער גלענארוואנ אויסגעשריגנ מיט אזא היצ, אז דער אלטער יאמ-מענטש האָט ניט פארשטאנענ, וואָס סע טוט זיכ דאָ מיט אים.

— אווסטראליע? — האָט דער געהילפ-קאפיטאנ איבערגעכאזערט מיט ברייט-צעעפנטע אויגנ. — ניינ, סער, פונ ניי-זעלאנד!

— ניינ, טאָם, פונ אווסטראליע, פונ אווסטראליע! — האָבנ אלע רייזנדער אונטערגעכאפט אינ איינ קאָל.

בא טאָם אאוסטינענ האָט זיכ מאמעש גענומענ דרייענ דער קאָפ. מיסטער גלענארוואנ האָט גערעדט מיט אזא מינ איבערצייגנטקייט, אז דער אלטער יאמ-מענטש האָט זיכ שוינ פאָשעט דערשראָקנ: — צי דענ האָט ער ניט ריכטיק איבערגעלייענט דעמ בריוו, צי דענ איז מעגלעכ געווענ, אז אזא מינ פינקטלעכער אונ געהאָרכזאמער מענטש, ווי ער איז, זאָל האָבנ אזא מינ ווילדנ טאָעס? — ער איז רויט געוואָרנ אונ האָט זיכ שטארק פארשעמט.

— באַרויִקט אייכ, טאָם, — האָט זיכ מיסיס עלענ אָנגערופנ מיט מיטלייד. — אבי ס'האָט זיכ אלצ אויסגעלאָזט צום גוטנ.

— האָס רעדט איר, וואָס, מיינ הארנטע, — האָט דער אלטער יאמ-מענטש דערווידערט, — דאָס איז דאָכ ניט מעגלעכ! צי דענ האָב איכ געקענט האָבנ אזא מינ גראָבנ טאָעס?! איירטאָנ האָט געלייענט דעמדאָזיקנ בריוו צוזאמענ מיט מיר, אונ ער האָט מיכ אפילע געהאלטנ אינ איינ איינריידנ, אז איכ זאָל זיכ נאָר לאָזנ צום אווסטראלישנ ברעג!

— אײַרטאָן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגערופֿן.

— נו, יאָ, אײַרטאָן! ער האָט מיך געהאַלטן אין איין איבערצײַגן, אַז אינעם בריוו האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ גרײַז און אַז איר וועט וואַרטן אויף מיר ניט דאָ, נאָר אין דער טופּאָלדער בוכטע.

— האָט צײַט אַ רעגעלע, טאָם, איר האָט נאָך דעם בריוו בײַ זיך? — האָט דער מאַיאָר אַ פֿרעג געטאָן, וואָרום ער איז שוין אויך גוואַלדיק גע־וואָרן פֿאַרינטריגירט פֿון דערדאָזיקער מאָדנער געשיכטע.

— פֿאַרשטייט זיך, הער מאַיאָר, — האָט טאָם אַאוסטין געענטפֿערט, — אָט וועט איך אים אײַך גלײַך.

און דער געהילף־קאַפּיטאַן איז אַוועקגעלאָפֿן צו זיך אין קאַיוטע. פֿאַר דער צײַט פֿון זײַן אָפּוועזנהײַט האָבן זיך אַלע איבערגעקוקט צווישן זיך און ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. אָבער דער מאַיאָר האָט צונויפֿגעלייגט די הענט אויף דער ברוסט און האָט געגעבן דעם עמעצן קוק אויף פּאַגאַנעלן און זיך בעײַסמײַסטע אָנגערופֿן:

— איר ווייסט, פּאַגאַנעל, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? אַזאַ מין זאַך טאָר מען ניט מוחל זײַן אַפֿילו אײַך.

— וואָס? — האָט דער געאָגראַף אויסגעשריגן און געגעבן אַ בייג אויס זײַן רוקן אַזוי, אַז פֿון זײַן פֿיגור האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קאָלאָסאַלער פֿ־אגע־צייכן.

דער מאַיאָר האָט אים אָבער גאָרניט ניט געענטפֿערט.

אַאוסטין איז אין אַ רגע אַרום געקומען צוריק און געבראַכט דעם בריוו, וואָס פּאַגאַנעל האָט אָנגעשריבן, און מיסטער גלענאַרוואַן — אונטער־געשריבן.

— נאַט, סער, לייענט און זאָגט, — האָט זיך דער אַלטער יאַם־מענטש אָנ־גערופֿן.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט אַרויסגענומען בײַ אים פֿון דער האַנט דעם בריוו און איבערגעלייענט אינדערהייך:

— „איך לייג פֿאַר טאָם אַאוסטינען, ער זאָל אומבאַדינגט אַרויסגיין אין יאַם אַרײַן און אָפּפֿירן די יאַכט־שיף „דונקאַן" צום 37־טן גראַד ברייט אַפֿן מיזרעכדיקן ברעג פֿון נײַ־זעלאַנד".

— נײַ־זעלאַנד! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן און געגעבן אַ טאַנץ אונ־טער פֿאַר פֿרישער איבעראַשונג.

ער האָט אַרויסגעריסן בײַ מיסטער גלענאַרוואַנען דעם בריוו פֿון די הענט, ער האָט זיך געגעבן אַ וויש די אויגן, ער האָט אינדערגיך פֿאַריכט די ברילן בײַ זיך אויף דער נאָז און שוין אַליין געגומען לייענען הויך אויף אַ קאָל:

— נ ײַ ־ ז ע ל א נ ד! נײַ־זעלאַנד!.. — האָט ער איבערגעכאַזערט און שוין ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

דער בריוו איז אדו סגעפאלן בא אים פון די הענט. אין דער אָ רעגע האָט ער פלוצים דערפילט, ווי עמעצנס האנט האָט זיך אראָפּגעלאָזט צו אים אפן אקסל. ער האָט אופגעציטערט פאר אומגעריכטקייט, אָבער אז ער האָט זיך אויסגעקערעוועט, האָט ער דערזען לעם זיך דעם מאיאָר.

— מאכט ניט אויס, טאַווערער פאגאנעל,— האָט זיך דער מאיאָר אָנגערופן.— אויב מע וויל זאָגן, קומט אײַך נאָך א דאנק, וואָס איר האָט דאָרטן ניט אָנגעשריבן — קאָכינכינ!

ס'האָט זיך דערהערט א דונערנדיקער געלעכטער, ס'האָבן געלאכט די רײַזנדער און די גאנצע מאנשאפט. אלע האָבן געלאכט,—פונעם עלטסטן ביזן מינדסטן.

פאגאנעל האָט זיך צעיאָגט איבער דער פאלובע, ווי ניט בא די געדאנקען. ער האָט אופגעדריקט מיט די הענט דעם קאָפּ זײַנעם און האָט געצומען רײַסן אפ זיך די האָר; ער האָט ניט פארשטאנען, וואָס ער טוט; ער האָט ניט געוווּסט נאָך וואָס ער גייט; ער איז ארופגעקראָכן אפן קאפיטאנ־בריקל און פונדאָרטן האָט ער זיך מיט א וואקלדיקן טראָט אראָפּגעלאָזט צוריק אפ דער פאלובע; ער איז אוועקגעגאנגען צום שפיצ שיפ, דאָרטן האָט ער זיך פארטשעפעט אָן דעם צונויפגעוויקלטן קאנאט, און קעדיי ניט אומצופאלן, האָט ער זיך געגעבן א כאפ פאר אן אנדער שטריק.

פלוצים האָט זיך דערהערט א שרעקלעכער דונער. דער הארמאט, וואָס איז געשטאנען אפן שפיצ שיפ, האָט אויסגעשאָסן. לאָזט זיך אויס, אז דער שלימאזלדיקער פאגאנעל האָט זיך אומגערן אָנגעכאפט פאר דעם שטריק, מיט וועלכן מע לאָזט אָפּ האָט הארמאטנ־צינגל, און האָט, אזוי ארום, ניט ווילנדיק אויסגעשאָסן. דער אומגליקלעכער געאָגראף האָט זיך אזוי דערשראָקן, אז ער האָט געגעבן א שפרינג אָפּ און איז דורכן אָפענעם לוק ארײַנגעפלויגן אין קובריק ארײַן.

דאן האָט זיך דערהערט א דערשראָקענער אויסגעשריי. אלע האָבן געמיינט, אז דער געלערנטער האָט זיך דאָ צעבראָכן רוק־און לענד.

צען מאטראָסן האָבן זיך א וואָרפ געטאָן אין קובריק ארײַן און האָבן פונדאָרטן ארויסגעטראָגן זשאק פאגאנעלס צונויפגעקאָרטשעטן קערפער.

קענטיק, אז דער געלערנטער האָט פארלאָרן דעם באוווּסטזײַן.

מע האָט אים גיכער אוועקגעלייגט אפ דער פאלובע, אלע מיטרײַזנדער האָבן מיט גרויס פארצווייפלונג אָנגעקוקט זייער ליבן פראנצויז. דער מאיאָר, וואָס אים איז קעסיידער, בא אלע אומגליק־פאלן, אויסגעקומען אויסצופילן די פליכטן פון א דאָקטער, האָט געוואָלט פאנאנדערשפיליען בא פאגאנעלן דאָס אָנטאָן און א קוק טאָן, ווי האלט עס בא אים מיט די איווורים, צי האָט ער זיך עפעס צעבראָכן אָדער ניט, אָבער ווי ער האָט זיך נאָר צוגערירט צום געלערנטנס קערפּ, אזוי איז יענער אונטערגעשפרונגען פון אָרט, פונקט ווי ער וואָלט דערפילט לעם זיך א זעצ פון עלעקטרישן שטראָם.

— רירט זיך ניט צו צו מיר! — האָט פּאַגאַנעל אויסגעשריגן און צוריק איינגעהילט זיין מאָגערן קערפּער אינעם לעכערדיקן מאַנטל.

— וואָס טוט איר, פּאַגאַנעל... — האָט דער מאַיאָר גענומען פּראָטעסטירן.

— איך הייס ניט. האָט איר שוין געהערט, צי ניט?

— אָבער מע מוז דאָך אייַך באַטראַכטן!

— אויב איך וועל ניט וועלן, וועט איר מיך ניט באַטראַכטן!

— איר האָט דאָך נאָך געקענט צעברעכן...

— יאָ, — האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופן און זיך שוין בעייסמיַיסע פעסט אוועקגעשטעלט אַף זיַינע לאַנגע פיס, — צעבראָכן האָב איך טאַקע, נאָר דאָס, וואָס איך האָב צעבראָכן, וועט א סטאָליער קענען פאַריכטן און ניט איר.

— וואָס־זשע האָט איר אַזעלכס צעבראָכן?

— פליענדיק האָב איך צעבראָכן די פּאַרענטשעס פונעם טראַפּ.

דער אוילעם האָט פונסנייַ אויסגעשאָסן א הילכיק געלעכטער. פּאַגאַנעלס פרייַנט האָבן זיך שוין אופגעהערט באַמרויִקן פאַרן לעבן און געזונט פון זייער צעטראָגענעם געלערנטן. זיי האָבן אים אַלע באַגריסט מיטן גליקלעכן אויסגאַנג פונעם האַרמאַטן־שאָס.

אָבער פּאַגאַנעל האָט דאָך נאָך געמוזט, נאָך די אַלע איבערלעבענישן, ענטפערן אַף דער פראַגע, וואָס האָט אינטערעסירט זיַינע אַלע מיטריַיזנדער אין איינער און דערזעלבער מאָס.

— איצטער, פּאַגאַנעל, זאָגט מיר, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — איך בעט אייַך, איר זאָלט מיר ענטפערן אינגאַנצן אָפן, וואָרום איך בין גרייט צו אָנערקענען, אַז אייַער צעטראָגנקייַט האָט אונדז איצטיקס מאָל זייער גוט צוגעדינט. ס'איז דאָך פאַר אונדז קיינעם קיין ספק ניט, אַז ווען ניט איר, וואָלט „דונקאַן” זיך געפּאַקט צו די קאַטאָרזשניקעס אין די הענט אַריַין, און מיר — צו די מאַאָריער אין געפענקעניש. אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייַך, וואָס האָט עס אַף אייַך דעמלט געווירקט און פון וואָס זיַינט איר געוועזן אַזוי צעטראָגן, וואָס איר האָט אַריַנגעשריבן אין בריוו אַריַין ניַי־זעלאַנד אין דער צייַט, ווען מע האָט געדאַרפט שריַיבן אַוסטראַליע?

— דאָס איז אַלץ פאַרגעקומען זייער פּאָשעט... — האָט פּאַגאַנעל אָנגעהויבן.

אָ ער דאָ האָט ער פּלוצים א קוק געטאָן אַף ראָבערטן מיט מערי גראַנטן און איז צוריק אַנשוויגן געוואָרן. אַזוי האָט ער אָפּגעשוויגן א קורצע וויַילע, ביז־ער האָט זיך ענדלעך צוריק אָנגערופן:

— מיסטער גלענאַרוואַן, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, איך בין א מעשוגענער און אַן אומזיניקער. איך וועל שוין, קענטיק, קיינמאָל בעסער נישט ווערן און איך בין זיכער, אַז איך וועל שוין שטאַרבן אַזאַ, ווי איך בין...

— אויב מע וועט פון אייַך פריִער ניט אָפּשינדן די הויט, — האָט דער מאַיאָר צוגעגעבן.

— וואָס הייסט עפּעס אָפּשינדן די הויט? — האָט דער געאָגראַף דערשראָקן אויסגערופן. — וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן, הער מאַיאָר?



— רירט זיך ניט צו צו מיר! — האָט פאגאנעל אויסגעשריגן

— וואָס זאָל איך מיינען, גאָרניט מיין איך ניט, — האָט דער מאַיאָר רויִק געענטפערט.

און דאָ האָט זיך דער שמועס איבערגעריסן, וואָרום די רעטעניש, פאַר וואָס „דונקאַן" האָט זיך אַראָפּגעוויזן אין די ניי־זעלאַנדישע וואַסערן, איז שוין געלייזט געוואָרן, און די רייזנדער, וואָס זײַנען דורך א נעס געראַטעוועט געוואָרן, האָבן איצט געטראַכט בלויז וועגן דעם, וויאַזוי פּאַקט מען זיך גיכער אין די באַקוועמע קאַיוטעס אַרײַן און וויאַזוי כאַפּט מען דאָ דעם רעכטן קײַ.

אָבער בעשאַס מיסיס עלען, מיס מערי, דער באַיאָר, פּאַגאַנעל און ראָבערט זײַנען זיך צעגאַנגען איבער די קאַיוטעס, האָבן נאָך מיסטער גלענאַרוואַן מיט דזשאָן מאַנגלסן זיך ווידעראַמאָל גענומען צו טאָם אַאוסטינען:

— איצט בעט איך אײַך, מײַן פרײַנט, זאָגט מיר ווידעראַמאָל, צי האָט איר זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, בעשאַס איר האָט באַקומען דעם באַפעל, אַז איר זאָלט זיך גאָר לאָזן צו די ניי־זעלאַנדער ברעגן?

— דעם עמעס געזאָגט, סער, האָט עס מיך זייער געוואונדערט, אָבער איך בין ניט געוווינט זיך אַוועקשטעלן און פאַרגעבן פראַגן דאַן, ווען מע הייסט מיר עפּעס טאָן. דערום האָב איך גלײַך געפאָלגט. און ווי האָב איך געקענט וואָסער ניט איז אומגליק, וואָלט דען עמעצער כוץ מיר געווען שולדיק אין דעריבער? אָט זאָל דער הער קאַפּיטאַן זאָגן, וויאַזוי וואָלט ער זיך געפירט, ווען סע קומט מיט אים אַזעלכס פאָר?

— פּונקט אַזוי ווי איר, טאָם, — האָט דזשאָן מאַנגלס געענטפערט.

— אָבער וואָס האָט איר געטראַכט בעייסמײַסע? — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן אַלץ ניט אָפּגעלאָזט.

— איך האָב געטראַכט, סער, אַז די אינטערעסן פון האַרי גראַנטן פאָדערן אַזעלכס; מינאַסטאַם דאַרף מען, אַז צוליב דעם זאָל „דונקאַן" זיך לאָזן שווימען אַהין, וווּ איר האָט אָנגעוויזן. און איך האָב זיך מעשאַער געווען, אַז צוליב געוויסע סיבעס איז פאַר אײַך געווען באַקוועמער זיך ניט אָפּשטעלן וואַרטן אָפּ „דונקאַנען" און מינאַסטאַם האָט איר באַשלאָסן ביז עפּעס וואָס זיך לאָזן אָפּ א צווייטער שיף קיין ניי־זעלאַנד. אַגעוו, דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז בעשאַס איך האָב פאַרלאָזט דעם מעלבורנער האַפן האָט בא מיר קיינער ניט געוווּסט, וווּהין מיר גייען. און וועגן דעם ציל פון אונדזער רײַזע האָט די מאַנשאַפט זיך דערוווּסט ערשט אינעם אָפענעם יאַם, בעשאַס די ברעגן פון אַוסטראַליע זײַנען שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער ווײַט. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען אַזאַ מין געשעעניש, וואָס האָט מיך אַביסל אַרויסגעבראַכט פון די קיילים.

— דערציילט, טאָם, וואָס איז דאָ אַזעלכס פאָרגעקומען?

— דאַן איז פאָרגעקומען אָט וואָס, — האָט טאָם אַאוסטין געענטפערט, — בעשאַס דער באָצמאַן אײַרטאָן האָט זיך אָפּ מאָרגן דערוווּסט, וווּהין „דונקאַן" האָט גענומען דעם קורס...

— וואָס? — האָט מיסטער גלענארוואַן אויסגעשריגן. — איירטאָן געפינט זיך אפּן באָרט פון דער יאַכט־שיף?

— יאָ, סער.

— איירטאַן איז דאָ? — האָט מיסטער גלענארוואַן איבערגעכאַזערט און האָט געגעבן אַ קוק אָף דזשאָן מאַנגלסן.

— ווייזט אויס, אַז ס'איז שוין אַזוי באַשערט, — האָט דער קאַפּיטאַן גע־ענטפערט.

אין משך פון איין רגע האָט בא ביידע ריַיזנדער אין די מויכעס, ווי אַ בליץ, אַ שווינדל געטאָן די דערמאַנונג וועגן איירטאָנס אויפירונג, וועגן דעם פאַררעטונג־פּלאַן, וואָס ער האָט זיך פירגענומען, וועגן גלענארוואַנס פאַרווונדונג, וועגן דעם אַטענטאַט אָף מיולרעדיס לעבן, וועגן די לײַדן, מיט וועלכע די עקספּעדיציע האָט זיך אָנגענומען, בעשאַס מע האָט זיי פאַרפירט אין דער סנאָוּ־זומפּיקייט, — די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פונעם דאָזיקן פאַר־ברעכער האָט דורכגעשווינדלט פאַר זיי, ווי אָט ערשט וואָלט זיך עס געטאָן, און איצט דאַרף גאָר טרעפן אַזעלכס, אַז דערדאָזיקער פאַררעטער זאָל גאָר זײַן בא זיי אין די הענט.

— ווו איז ער? — האָט מיסטער גלענארוואַן אין איין אָטעם אַ פרעג געטאָן.

— אין דער פאַרנטיקער קאַיוטע. ער זיצט בא מיר אונטער אַ וואַך, — האָט טאָם אַאוסטין געענטפערט.

— פאַר וואָס האָט איר אים אַרעסטירט?

— ווײַל ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די יאַכט־שיף האָט גענומען דעם קורס צו נײַ־זעלאַנד, אַזוי האָט ער גענומען ווילדעווען; ער האָט מיט מיר גענומען איַינטענהן, איך זאָל גלייַך ענדערן דעם קורס; ער האָט מיר גענומען דראָען, ביז ער האָט ענדלעך געוואָלט אויפהייבן קעגן מיר אַלע מײַנע מאַטראָסן. דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ געפערלעכער פאַרשוין און איך האָב באַשלאָסן אָנצונעמען פאַרזיכטיקונג־מיטלען.

— איז פון דעמלט אָן?..

— פון דעמלט אָן זיצט ער פאַרשפּאַרט אין דער קאַיוטע, און מיר לאָזן אים פונדאָרטן ניט אַרויס.

— גוט, טאָם! גוט, וואָס בעסער דאַרף מען גאָרניט!

אין דערדאָזיקער רגע האָט מען אַ רוף געטאָן מיסטער גלענארוואַנען מיט דזשאָן מאַנגלסן אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע. דער טיש איז שוין געווען גע־גרייט מיט אַזאַ מין פרישטיק, וואָס ביז איצט האָבן זיי נאָר געקענט טרוימען וועגן דעם.

דער אוילעם האָט זיך אַוועקגעזעצט גלײַך צום טיש, און מיסטער גלע־נארוואַן מיט דזשאָן מאַנגלסן האָבן דערוויַיל וועגן איירטאָנען קיין וואָרט ניט דערציילט קיינעם.

ערשט נאָכן פרישטיק, בעשאַס דער אוילעם האָט אַביסל אונטערגעלייַנט די קויכעס, האָט מיסטער גלענארוואַן געלאָזט וויסן דעם אוילעם, אַז דער

— געוועזענער באָצמאַנ געפינט זיכ דאָ אפ דער שיפ און אז ער וויל אים גליַיכ
נעמען אפנ פארהער.

— איכ וועל אויכ דארפנ ביַיזיַינ באם דאָזיקנ פארהער? — האָט מיסיס
עלען א פרעג געטאָנ.— דעם עמעס געזאָגט, וועט זיכ מיר אָפּריַיסנ אינ
הארצנ, בעשאס איכ וועל ווידעראמאָל דערזענ פאר זיכ דעמדאָזיקנ אומגליק־
לעכנ פארשוינ.

— קעדיי מע זאָל אים שטעלנ אויג אפ אויג מיט איטלעכנ,— וואָלט איר
דאָ דארפנ בליַיבנ,— האָט מיסטער גלענארוואן געענטפערט.— ס'איז געווונשנ,
אז בענ־דזשויס זאָל זענ פאר זיכ אלע קאָרבאָנעס פונ זיַינ פאראט.

מיסיס עלען האָט געפאָלגט. זי האָט זיכ אוועקגעזעצט באנאנד מיט מערי
גראַנטנ ניט וויַיט פונ מיסטער גלענארוואנען. דער מאַיאָר, פאגאנעל, דזשאָנ
מאַנגלס, ראָבערט, מיולרעדי, ווילסאָנ און אָלבינעט האָבנ זיכ אוועקגעשטעלט
בא ביידע זיַיטנ. טאָם אאוסטינ און די גאנצע מאַנשאַפט פונ דער יאכט־שיפ
האָבנ פארנומענ ערטער אינ דער טיפ פונ דער קאיוטע. די לעצטע האָבנ נאָכ
ניט פארשטאנענ אקוראט, וואָס סע קומט דאָ אזעלכס פאָר. אינ קאיוטע איז
מ'טאמאָל געוואָרנ שטארק־שטיל.

— ברענגט מיר אהערצו איַירטאָנענ!— האָט מיסטער גלענארוואן באפוילנ.

## זעכצנטע קאַפיטל

# איַירטאָנ, צי בענ־דזשויס?

איַירטאָנ איז אריַינגעגאנגענ אינ דער קאיוט־קאָמפאניע. ער איז צוגע־
גאנגענ מיט א פעסטנ טראָט צום טיש. זיַינ פּאָנעם האָט ניט אויסגעדריקט
קיינ איבעריקע אָזעס, אָבער קיינ שעמעוודיקייט אָדער שולדיקייט האָט מענ
אויכ אפ אים ניט דערקענט. אז ער איז שוינ געשטאנענ אנטקעגנ מיסטער
גלענארוואנען, האָט ער צונויפגעלייגט די הענט אפ דער ברוסט און איז
שוויַיגנדיק געבליבנ ווארטנ אפנ אָנהייב פונעם פארהער.

— איַירטאָנ,— האָט זיכ מיסטער גלענארוואן אָנגערופנ,— ווי איר זעט,
האָבנ מיר זיכ ווידעראמאָל באגעגנט אפנ באָרט פונ דערזעלבער יאכט־שיפ,
וועלכע איר האָט געוואָלט איבערענטפערנ צו די קאטאָרזשניקעס פונ בענ־
דזשויסעס באנדע!

בא דידאָזיקע ווערטער האָבנ באם געוועזענעם באָצמאַנ ליַיכט א ציטער
געטאָנ די ליפּנ. אפ זיַינ פּאָנעם האָט זיכ באוויזנ א ליַיכטע רויטקייט, אָבער
מע האָט דערקענט, אז דאָס נעמט זיכ בא אים ניט פונ קיינ געוויסנביסע—
ס'איז אים פּאָשעט געוועזנ א כארפּע אָדער א ווייטיק, וואָס זיַינ לאנג־פאר־
טראכטע אונטערנעמונג האָט ניט געהאט קיינ דערפאָלג. ער איז איצט רויט

געוואָרן דערפאַר, וואָס ער איז געשטאַנען אַ געפאַנגענער אַף דער פּאַלובע פון דערזעלביקער שיף, אַף וועלכער ער האָט געהאָפט צו זיין דער הויפּט־באַלעבאָס.

אַף מיסטער גלענאַרוואַנס פראַגע האָט ער גאָרניט געענטפערט. מיסטער גלענאַרוואַן האָט געדולדיק געוואַרט, אָבער יענער האָט געשוויגן, ווי ניט צו אים האָט מען גערעדט.

— זאָגט, אײַרטאָן,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.— קענט איר מיר ענטפערן דערויף?

אײַרטאָן האָט זיך אַ קווענקל געטאָן, זײַן שטערן איז געוואָרן פול מיט קנייטשן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער רויִק געענטפערט:

— איך האָב אײַך ניט, סער, וואָס צו זאָגן. מײַן נאַרישקײַט האָט מיך פאַרפירט אַזוי ווײַט, אַז איך האָב געלאָזט מע זאָל מיך אַרעסטירן, און איצט קענט איר טאָן מיט מיר אַלץ, וואָס אײַער האַרץ גלוסט.

באַ דידאָזיקע ווערטער האָט דער געוועזענער באָצמאַן זיך אויסגעקער־רעוועט צום ברעג, וואָס מע האָט אַרויסגעזען פון מײַרעוו־זײַט, און ער האָט געהאַט בעייסמײַסע אַזאַ מין אויסזען, ווי סע גייט אים זייער ווינציק אָן דאָס אַלץ, וואָס אַרום אים קומט פאָר. ווען עמעצער אַ זײַטיקער טוט אַף אים איצטער אַ קוק, וואָלט ער געקענט מיינען, אַז דערדאָזיקער פאַרשוין איז מיט קיין זאַך ניט פאַרמישט אין דעם אַ־ניען, וועלכן מע באַהאַנדלט איצט אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע.

אָבער מיסטער גלענאַרוואַן האָט באַשלאָסן זיך האַלטן, ווי ווײַט מע קען, רויִק. צוליב גאַנץ וויכטיקע אינטערעסן האָט זיך געפאָדערט מע זאָל ווי עס איז באַלײַכטן אייניקע אומשטענדן פון אײַרטאָנס ביִאָגראַפיע, באַזונדערס אין יענעם לעבנס־פעריאָד זײַנעם, ווען ער איז געווען צונויפגעבונדן מיט האַרי גראַנטן און מיט דער שיף „בריטאַניע״.

דערום האָט מיסטער גלענאַרוואַן דערשטיקט אין זיך זײַן צאָרן, ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ קויעך און גערעדט צום געוועזענעם באָצמאַן מיט אינגאַנצן אַ רויִקער שטים.

— איך רעכן, אײַרטאָן,— האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאָרגעזעצט,— אַז איר וועט זיך פונדעסטוועגן ניט אָפּזאָגן אונדז צו ענטפערן אַף אייניקע פראַגן, וואָס מיר וועלן אײַך פאָרלייגן. דאָס ערשטע בעט איך אײַך, איר זאָלט אונדז זאָגן, וויאַזוי ס'איז באַקוועמער אײַך אָנצורופן — אײַרטאָן, אָדער בען־דזשויס, און מיר ווילן אויך וויסן, צי האָט איר ווירקלעך ווען עס איז געאַרבעט אַלס באָצמאַן אַף דער שיף „בריטאַניע״?

אײַרטאָן האָט אַלץ נאָך געקוקט צום ברעג, פונקט ווי ניט צו אים וואָלט מען גערעדט.

— אויב אַזוי, וועט איר אונדז עפּעס זאָגן, ווען האָט איר זיך געזעגנט מיט דער שיף „בריטאַניע״ און וויאַזוי אַרום האָט איר זיך געפּאַקט קיין אויסטראַליע?



די מאטראָסנ האָבנ געבראכט אײַרטאָנענ אפנ מארהער

אָבער יענער האָט אלץ געשוויגן און זײַן אויסזען איז פונקט אזוי גלײַכגילטיק געבליבן ווי געווען.

— אײַרטאָן, הערט מיך אויס מיט קאָפּ,— האָט מיסטער גלענארוואן פאָרגעזעצט.— איר וועט אסאך בעסער מאכן, אויב איר וועט מיר ענטפערן אפ אלע מײַנע פראגן. דאָס איינציקע, וואָס סע קען אײַך פארגרינגערן אײַער שיקזאל, וועט זײַן דאָס, וואָס איר וועט זיך מוידע זײַן מיטן גאנצן הארצן. איך פרעג אײַך דאָס לעצטע מאָל, איר וועט ענטפערן אפ מײַנע פראגן, צי ניט?

אײַרטאָן האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו גלענארוואנען און האָט אים א קוק געטאָן גלײַך אין די אויגן ארײַן.

— פארשטייט איר מיך, סער,— האָט ער זיך אָנגערופן,— כ'האָב אײַך ניט וואָס צו ענטפערן. ס'איז ניט פאר מיר קיין ארבעט באשולדיקן זיך אליין. זאָל זיך דער געריכט מיט דעם פארנעמען.

— נו, קעדיי צו דערווײַזן אײַערע פארברעכנס, וועט מען פארשפּאָרן ווײַט גיין.— האָט מיסטער גלענארוואן געענטפערט.

— און איר זײַנט עס איבערצײַגט, אז ס'איז אזוי גרינג צו דערווײַזן מײַנע פארברעכנס?— האָט אים אײַרטאָן ביטלדיק איבערגעפרעגט.— ווי מיר שײַנט, סער, האָט איר א גרויסן טאָעס. איך בין איבערצײַגט, אז דער סאמע ווײַטזיכטיקסטער ריכטער וועט בלײַבן שטיין מיט צענומענע הענט, אויב ס'וועט אים אויסקומען פאנאנדערקלײַבן מײַנע איניען. ווארום ווער וועט זײַן אימשטאנד צו דערקלערן, וויאזוי איך האָב זיך געפּאקט קיין אויסטראליע, אויב דער קאפּיטאן גראנט וועט ניט זײַן אפן געריכט? ווער וועט אים דער־ווײַזן, אז איך און דערדאָזיקער בען־דזשויס, וועלכן די פּאָליציי האלט אין איין ארום זוכן, זײַנען איינע און דיזעלבע פּערזאָן? די פּאָליציי האָט נאָך מיך קיינמאָל ניט געזען און מײַנע לײַט זײַנען נאָך דערווײַל אלע אפ דער פרײַ! ווער, אויסער אײַך, קען מיך באשולדיקן ניט נאָר אין קיין פארברעכן, נאָר אפילע אין דער סאמע מינדסטער אוולע? ווער איז אימשטאנד צו דערווײַזן, אז איך האָב זיך געפּרווט צו פארכאַפּן דידאָזיקע שיף און זי איבערגעבן צו די אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס?— קיינער ניט! איר הערט וואָס איך זאָג אײַך?— קיינער ניט!! איר גופע האָט אפ מיר א כשאד. זייער שיין. אָבער קעדיי צו מישפּעטן א מענטשן, איז א כשאד אליין נאָך זייער ווינציק. מע מוז האָבן פּאקטישע באווײַזן. און קיין שום באווײַזן זײַנען בא אײַך נישטאָ. און קאָלזמאן איר וועט זיי ניט האָבן, וועל איך נאָך אלץ פארבלײַבן דער אייגענער אײַרטאָן, דער באָצמאן פון דער דרײַמאסטיקער שיף „בריטאניע".

אײַרטאָן האָט אָפּגעזאָגט די עטלעכע ווערטער מיט גרויס היץ און דער־נאָך האָט ער צוריק אָנגענומען א גלײַכגילטיקע פּאָזע. אים האָט זיך, קענטיק, אויסגעוויזן, אז נאָכדעם, ווי מיסטער גלענארוואן האָט באקומען אזא מין ענטפער, וועט ער גלײַך אָפּשטעלן דעם פארהער, אָבער ער האָט א טאָעס געהאט. מיסטער גלענארוואן האָט אים נאָך ניט אָפּגעלאָזט.

— הערט זיך אויס, אײַרטאָן, איך בין נאָך קיין ריכטער און איך פיר זיך קיין אויספאָרשונג. ס'איז בײַכלאַל נישט מײַן זאַך איך זאָל זיך מיט דעם פאַרנעמען, נאָר ס'וואָלט ניט געשטערט איר זאָלט פאַר זיך מאַכן אַביסל קלאָרער אונדזערע באַציִונגען. איך קלײַב זיך גאָרניט אײַך ציִען בײַ דעם צונג און אויסנאַרן בײַ אײַך אַזעלכע אָנערקענונגען, וואָס וועלן אײַך דערנאָך קענען שאָדן ברענגען. איך כאַזער אײַך נאָכאַמאָל איבער, אַז דאָס איז אַן אַרבעט פאַרן געריכט און ניט פאַר מיר. אָבער איר ווייסט דאָך זייער גוט, וואָס פאַר אַ זוכענישן מיר האָבן פירגענומען, און ס'קען זיך טרעפן, אַז איר זאָלט מיט אײַער וואָרט אונדז קענען אַרופירן אויפן פאַרלאָרענעם שפּור. און איצט זאָגט, איר וועט אונדז ענטפערן, צי ניט?

אײַרטאָן האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ מענטש, וואָס האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסן שווײַגן.

— וועט איר מיר עפּשער זאָגן, ווו געפינט זיך איצט דער קאַפּיטאַן גראַנט? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן פאָרגעזעצט.

— ניין, סער, — האָט אײַרטאָן געענטפערט.

— וועט איר מיר עפּשער זאָגן, ווו האָט די שיף „בריטאַניע" געליטן די קאַטאַסטראָפע?

— ניין.

— אײַרטאָן, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן קימאַט מיט געבעט אין זײַן שטים, — אויב איר ווייסט נאָר, ווו האַרי גראַנט געפינט זיך, טאָ זאָגט עס ניט מיר, זאָגט עס די דאָזיקע אָרעמע צוויי קינדער, וועלכע קוקן אויף אײַך מיט אַזויפיל ראַכמאָנעס אין די אויגן.

אײַרטאָן האָט זיך אַ קווענקל געטאָן, זײַן פּנים האָט זיך אויף אַ רעגעלע איבערגעקרימט, אָבער ער האָט שטיל געענטפערט:

— כ'קען אײַך גאָרניט ניט זאָגן.

און באַלד האָט ער צוגעגעבן שוין מיט מערער היץ, פּונקט ווי ער וואָלט מיט זיך ניט געווען צופרידן פאַר זײַן קורצווײַליקער שוואַכקייט, און ער האָט מיטאַמאָל אויסגעשריגן:

— ניין, איך וועל אײַך גאָרניט ניט זאָגן! אויב איר ווילט, קענט איר מיך אויפהענגען. דאָס איז אײַער זאַך.

— אַוודאי אויפהענגען! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן. ער האָט שוין מער ניט געקענט אײַנהאַלטן זײַן צאָרן.

אָבער גלײַך אין דער רעגע האָט ער זיך צוריק גענומען אין די הענט און האָט פאָרגעזעצט שוין מיט אַ סאַך אַ רויִקערער שטים:

— זײַט וויסן, אײַרטאָן, אַז איר רעדט דאָ ניט מיט קיין ריכטער און ניט מיט קיין הענקערס. דאָס איינציקע, וואָס איך קען נאָר טאָן, איז דאָס, וואָס איך וועל אײַך איבערגעבן באַם ערשטן אָפּשטעל־פּונקט צו דער ענגלישער מאַכט אין די הענט.

— מער בעט איך אײַך גאָרניט, — האָט דער געוועזענער באָצמאַן געענטפערט.

און ער האָט מיט דעמזעלבן רויק-געמאָסטענעם און פעסטן טראָט זיך אומגעקערט צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן. דזשאָן מאַנגלס האָט אַוועקגעשטעלט לעם טיר בײַ אים צוויי וואַך-לײַט, און ער האָט זיי שטרענג אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן פונעם אַרעסטירטן קיין אויג ניט אַראָפּנעמען.

די, וואָס האָבן צוגעזען דאָסדאָזיקע בילד, זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען פון דער קאַיוט-קאָמפּאַניע, זיי זײַנען געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט פון דעם אַלעמען און האָבן מאָדנע אָפּהענטיק אויסגעזען.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך מיטן דאָזיקן פאַרהער צו גאָרניט ניט דער-שלאָגן. וואָס איז אים איצטער געבליבן מערער צוטאָן? דאָס איינציקע, וואָס ס'איז אים געבליבן, איז געווען — אויסצופילן דעם פּלאַן, וועלכן מע האָט נאָך צוגעטראַכט אין עדעם, דאָס הייסט, זיך אומקערן צוריק קיין אייראָפּע. קען זײַן, אַז ער וועט דערנאָכדעם ווידעראַמאָל זיך לאָזן מיט אַן עקספּעדיציע זוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנט, אָבער איצטער, בעשאַס „בריטאַניעס" שפּורן זײַנען שוין אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן, בעשאַס מע האָט דערווײַל ניט צוגעטראַכט קיין שום נײַע אויסטײַטשונג פאַר די דאָזיקע דאָקומענטן, בעשאַס סע זײַנען מער ניט געבליבן אַף דער 37-טער פּאַראַלעל קיין אומויסגעפּאָרשטע ערדן, האָט שוין דאָ „דונקאַן" מער ניט וואָס צו טאָן, און זי מעג זיך אומקערן צוריק קיין אייראָפּע.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט זיך אַן אייצע געהאַלט מיט זײַנע פרײַנט, דערנאָך האָט ער באַהאַנדלט מיט דזשאָן מאַנגלסן די פראַגע וועגן דעם, צי מע דאַרף זיך גלײַך אומקערן קיין אייראָפּע. דער יונגער קאַפּיטאַן האָט אַרומגעקוקט די קוילן-קעלערס. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שטיינקוילן וועט זיי מער ניט קלעקן, ווי אַף פופצן טעג, דאָס הייסט, אַז מע מוז אין דעם נאָענטסטן האַפן דערגאַנצן זייערע רעזערוון.

דאָ האָט דזשאָן מאַנגלס פאָרגעלייגט מיסטער גלענאַרוואַנען, אַז מע זאָל נעמען דעם קורס צו דער טאַלקאַגואַנער בוכטע, וווּ ער האָט שוין איינמאָל דערגאַנצט די קוילן-רעזערוון נאָך איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין דער רײַזע אַרום דער וועלט. קיין וועג האָבן זיי צוליב דעם ניט געדאַרפט אָנ-לייגן. דאָס איז געווען אַ גלײַכער רייס איבער דער 37-טער פּאַראַלעל. פון טאַלקאַגואַנאָ וועט די יאַכט-שיף אַוועקגיין גלײַך צו דאָרעם-צו, זי וועט אַרום-בייגן דעם קאַפּ האָרן און וועט זיך אומקערן דורכן אַטלאַנטישן יאַם קיין שאָטלאַנד.

דערדאָזיקער פּלאַן איז גלײַך אָנגענומען געוואָרן און מע האָט אָפּגעגעבן דעם מעכאַניקער אַ באַפעל, ער זאָל פאַרגרעסערן די דאַמפּ-דריקונג. אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט די יאַכט-שיף גענומען דעם קורס אַף טאַלקאַגואַנאָ און איז אַוועקגעשווומען איבער דעם אָקעאַן. זעקס אַזייגער אינאָווּנט זײַנען די נײַ-זעלאַנדישע בערג פאַרשווונדן אין דעם נעפּלדיקן רויכעלע פון יענער זײַט האָריזאָנט.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט עטלעכע מאָל זיך געפּרוּווט נעמען אײַרטאָנען

אפּנ פאַרהער, אָבער סײַ די צוזאָגעכצנ, סײַ די דיראָונגעגנ האָבנ אפּנ געוועזע־נעם באַצמאַנ זייער ווינציק געווירקט. אײַרטאָנס אַקשאָנעס איז געווענ אַזוי גרויס אונ אַזוי אומפאַרשטענדלעך, אַז דעם מאַיאָר האָט אָנגעהויבנ קומענ אפּנ געדאַנק, עפּשער ווייסט ער טאַקע בעממעס גאָרניט וועגנ דער שיף „בריטאַניע". אויך דער געאָגראַפּ איז געווענ בײַ דערזעלבער מיינונג, אָבער דער לעצטער האָט נאָכ פאַר קיינעם זיך ניט אויסגערעדט וועגנ דעם, וואָס ער האָט גע־טראַכט פונ האַרי גראַנטנ.

ענדלעך, האָט מיסיס עלענ זיך אַרויסגערופנ, אַז מע זאָל איר דערלויבנ, וועט זי פּרוּווּנ אַליינ איבערעדנ מיטנ פאַרברעכער.

מיסטער גלענאַרוואַנ האָט שטאַרק געהאַלטנ פונ מיסיס עלענס פאַרשטאַנד אונ פונ איר פײַנעם טאַקט, האָט ער איר דערלויבט זיך טרעפנ אויג אפּ אויג מיט אײַרטאָנען.

אינ מעשעך פונ א שאָ צײַט זײַנענ בײדע פרויענ, מיסיס עלענ אונ מיס מערי, געזעסנ מיטנ באַצמאַנ אַליינ אינ קאַיוטע, אָבער קיינער האָט זיך גאָר־ניט ניט דערוווּסט וועגנ דעם אינהאַלט פונעם שמועס, וואָס זיי האָבנ דאָרטנ דורכגעפירט. זיי האָבנ אויך קיינעם ניט דערציילט, וואָס פאַר א מיטלענ זיי האָבנ אָנגעווענדט, קעדיי אַרויסצוּרײַסנ בײַ אײַרטאָנען די געהיימניס זײַנע; זיי האָבנ אויך ניט דערציילט, וואָס ער האָט זיי געענטפערט. מע האָט נאָר דער־קענט אינ זייערע פּנעמער, אַז זיי האָבנ נאָכ דערווײַל גאָרניט ניט אויפגעטאָנ.

אָבער מיסיס עלענ האָט זיך ניט אונטערגעגעבנ, זי האָט באַשלאָסנ צו קעמפנ ביזנ סאָפּ מיטנ דאָזיקנ אומבעראַכמאָנעסדיקנ מענטשנ, אונ זי האָט זיך אפּ מאָרגנ אווּעקגעלאָזט שוינ איינע אַליינ צום אַרעסטירטנ אינ קאַיוטע אַרײַנ.

צוויי לאַנגע שאָ נאָכאַנאַנד איז די גוטע אונ מילדע פרוי געזעסנ אויג אפּ אויג מיטנ אַטאַמאַנ פונ דער באַנדע אַנטלאָפּענע קאַטאָרזשניקעס. מיסטער גלענאַרוואַנ איז געווענ אַזוי נערוועז אונ אופגעבראַכט, אַז ער האָט די גאַנצע צײַט אַרומגעשפּאַנט לעם אײַרטאָנס קאַיוטע אונ ער האָט זיך געשלאָגנ מיטנ געדאַנק. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וואָלט דאַרפנ שוינ די רעגע זענ בײַ־פרײַענ די פרוי זײַנע פונ דידאָזיקע שווערע אונטערהאַנדלונגענ.

אָבער איצטיקס מאָל, בעשאַס מיסיס עלענ איז אַרויסגעגאַנגענ אפּ דער פּאַלובע, האָט איר פּאָנעם געשײַנט פאַר פרייד. צי דענ האָט זיך איר אײַנ־געגעבנ אופצוּוועקנ די מענטשלעכע געפילנ, וואָס האָבנ געדרימלט בײַ דעמ־דאָזיקנ פאַרברעכער אינ דער נעשאָמע, אונ אַרויסרײַסנ בײַ אים די געהיימניס?

מיסטער גלענאַרוואַנ האָט געגעבנ א שפּרונג צו איר מיט פרייד.

— ער האָט דיר געזאָגט? — האָט ער א פרעג געטאָנ.

— ניינ, — האָט מיסיס עלענ געענטפערט, — אָבער ער איז ווי אײַנגעגאַנגענ אפּ מײַנביטע אונ אַרויסגעזאָגט דעם פאַרלאַנג, אַז ער וויל איבערשמועסנ מיט אײַך אַליינ.

— אַכ, מײַנ טײַערע עלענ, צי דענ האָט זיך אײַך אײַנגעגעבנ אים איבער־צוריידנ?



מיסיס עלען אונ מיס מערי שמועסן מיט אײַרטאָנען

— עפשער.
— האָט איר אים עפשער געגעבן אין מײַן נאָמען געוויסע צוזאָגעכצן?
— איך האָב אים געגעבן דעם איינעם צוזאָג, אַז איר וועט אָנווענדן אַלע קויכעס, קעדיי צו פאַרגרינגערן זײַן גורל.
— גוט, עלען, דאָס וועל איך בעפיירעש טאָן. ברענגט מיר גלײַך אַהער אײַרטאָנען! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן באַפוילן.

מיסיס עלען איז אוועק צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן. מערי גראַנט האָט זי באַגלייט, און דער געוועזענער באָצמאַן איז אַרויסגעגאַנגען אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע, ווו מיסטער גלענאַרוואַן האָט אפ אים געוואַרט.

## זיבעצנטע קאַפּיטל

# די באַדינגונגען פונעם פרידלעכן אָפּמאַך

ווי נאָר דער באָצמאַן איז געבליבן שטיין פאַר מיסטער גלענאַרוואַנען, אַזוי האָבן די קאָנוואָירן זיך דערווײַטערט.

— איר ווילט מיט מיר עפּעס איבערריידן, אײַרטאָן? — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— יאָ, סער, — האָט יענער געענטפערט.

— אונטער פיר אויגן?

— ניין, סער, ס'וואָלט געווען גלײַכער, ווען דער מאַיאָר מאַק־נאַבס און דער הער פּאַגאַנעל זאָלן דאָ אויך זײַן.

— געוווּנשן פאַר וועמען?

— פאַר מיר.

אײַרטאָן האָט גערעדט און זיך געהאַלטן זייער רויִק.

מיסטער גלענאַרוואַן האָט אים אפ אַ רעגע אָנגעקוקט און דערנאָך האָט ער געהייסן מע זאָל אַ רוף־געבן מאַק־נאַבסן מיט פּאַגאַנעלן.

— נו, מיר הערן אײַך, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, ווי יענע זײַנען נאָר אַרײַנגעקומען און פאַרנומען פּלאַץ באַם טיש.

אײַרטאָן האָט אַ ווײַלינקע ווי אויפגעקליבן די געדאַנקען, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן.

— סער, — האָט ער זיך אָנגערופן, — ס'איז, דאַכט זיך, אָנגענומען אין דער וועלט, אַז בעשאַס מע שליסט אַ וויכטיקן אָפּמאַך, אָדער מע מאַכט עפּעס אָפּ, דאַרף מען האָבן דערבײַ איידעס. דערום האָב איך געבעטן, אַז דער הער פּאַגאַנעל און דער מאַיאָר מאַק־נאַבס זאָלן בײַזײַן באַ אונדזער שמועס. אייגנטלעך גערעדט, וועט דאָס, וואָס איך וויל אײַך פאָרלייגן, טאַקע הייסן אַ מין געשעפט־אָפּמאַך.

מיסטער גלענאַרוואַן, וואָס האָט שוין געהאַט אַ שטיקל געפיל אין אײַר־

טאַנס שטיק, איז געבליבן שטאַרק רויק, ניט געקוקט דערויף, וואָס אַליינ נאָר דער געדאַנק וועגן א וואָסער ניט איז אָפּמאַכ צווישן אים און איירטאָנען האָט אים אויסגעזוען צו זיין ווילד־מעשונע.

— וואָס־זשע וועט עס זיין פאַר א געשעפט? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— דאָס געשעפט וועט באַשטיין אינ פאָלגנדיקן, — האָט איירטאָן געענט־פערט: — איר וואָלט וועלן ארויסקריגן בא מיר וואָסערע ניט איז יעדיעס, וואָס וועלן אייך קענען זיין נוציק, און איך, פון מיין זייט, וואָלט וועלן באַקומען א וואָסערע ניט איז האַנאַכעס, וואָס וועלן פאַר מיר אויך זיין גאַנצ טייער. און ס'וועט אונדז ניט זיין שווער, מיר זאָלן איינער דעם אנדערנ גיינ אנט־קעגנ. זיינט איר מאַסקים?

— אוועלכע יעדיעס? — האָט פאַגאַנעל האַסטיק א פרעג געטאָן.

— ניין, ווארט אויס, — האָט אים מיסטער גלענאַרוואַן איבערגעשלאָגן, — א וועלכע האַנאַכעס?

איירטאָן האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט דעם באַוויזן, אַז ער פאַרשטייט, וואָס מיסטער גלענאַרוואַן האָט דאָ געוואָלט אונטערשטרייכן מיט זיינע ווערטער.

— איך קען אייך באַלד זאָגן, — האָט ער זיך אָנגערופן. — מיר האָבן דאָך גערעדט, סער, אַז איר ווילט מיך איבערגעבן אינ די הענט פון דער ענגלי־שער גערעכטיקייט?!

— יאָ, איירטאָן, און דאָס וועט זיין דאָס גלייכסטע.

— איך דערוואַרט ניט קעגנ דעם, — האָט זיך דער געוועזענער באָצמאַנ אָנגערופן. — נאָר דאָס איינציקע, וואָס איך קען פון דעם דרינגנען, איז — אַז איר קלייבט זיך מיך ניט אָפּלאָזן אָפ דער פריי?

מיסטער גלענאַרוואַן האָט א טראַכט געטאָן פריער, אייד ער עד וועט געבן דעם ענטפער אָפ דער־דאָזיקער פראַגע. מעגלעך, אַז פון זיין איצטיקן ענטפער הענגט אָפּ האַרי גראַנטס גורל! אָבער דער געפיל פון ערנ־פליכט איז געווען עלטער, און ער האָט געענטפערט:

— ניין, איירטאָן, אייך אומקערן די פרייהייט בינ איך איצט ניט אים־שטאַנד.

— איך וועל עס בא אייך גאָרניט בעטן, — האָט דער באָצמאַנ שטאָלצ געענטפערט.

— טאָ זאָגט, אויב אַזוי, וואָס וואָלט איר יאָ געוואָלט?

— איך וויל, סער, בא אייך אויסנעמען און געווינען די מיט, וואָס צווישן דער טליע, אָפ וועלכער איך מעג זיך ריכטן באַם ענגלישן געריכט, און צווישן די פרייהייט, וואָס איר זיינט ניט אימשטאַנד מיר צו געבן.

— דאָס הייסט?..

— איר זאָלט מיך ארויסזעצן אָפ איינעם פון די אומבאַוווינטע אינדזלען אָפּן שטילן אָקעאַן און איר זאָלט מיך דאָרטן באַזאָרגן מיט דאָס סאַמע נויטיקסטע אָפ דער ערשטער צייט. און דאָרטן וועל איך זיך שוין אַליינ ווי

עס איז קענען אַנ אייצע געבן. איך מיין, אַז ס'וועט מיר דאָרטן קלעקן צייט אויך אפ בארעכטע האָבן אפ דעם אַלעמען, וואָס איך האָב ביז אַהער אָפּגעטאָן.

מיסטער גלענארוואַן איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ מין מאָדנעם פּאָרשלאַג, האָט ער אַ קוק געטאָן אפ זײַנע גוטע פרײַנט, פריִער אפ איינעם, דערנאָך אפן צווייטן. יענע האָבן אויך געשוויגן. דאַן האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אפ אַ רעגעלע פאַרטראַכט און געענטפערט:

— איירטאָן, אויב איך וועל אײַנגיין אפ אײַער ביטע, וועט איר מיר דערציילן אַלץ, וואָס מיך אינטערעסירט צו וויסן?

— יאָ, סער, אַלץ, וואָס מיר איז באַוווּסט וועגן דעם קאַפּיטאַן גראַנט און וועגן „בריטאַניע".

— דעם גאַנצן אמעס?

— דעם גאַנצן אמעס.

— און ווער וועט מיר קאַווירן, צי...

— אָ, איך פאַרשטיי, סער, וואָס סע אַרט אײַך דאָ, אָבער איר וועט מוזן מיר גלויבן אפן וואָרט פון אַ גאַנעוו. דאָ איז קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ. מײַן פאָרשלאַג איז אַזאַ, וואָס מע קען נאָר אָדער אָננעמען, אָדער אָפּוואַרפן.

— בלײַבט עס אַזוי, איירטאָן, און איך פאַרלאָז זיך אפ אײַך,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— זייער גוט טוט איר, סער. אגעוו, אויב איך וועל אײַך אָפּנאַרן, וועט איר אַלע מאָל האָבן די מעגלעכקייט מיך צו באַשטראָפן.

— ווי אַזוי אַרום?

— איר וועט קענען קומען נאָך מיר צו דעם אינדזל, פונוואַנען איך וועל ניט האָבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן.

בא איירטאָנען איז קעסיידער געווען אפ אַלץ אַ גרייטן ענטפער. ער איז פאַרלאָפן אַפריִער אַלע ספּייקעס, וואָס האָבן נאָר געקענט געבוירן ווערן; ער האָט אַליין אָפּגעווזכט מאָטיוון, וואָס האָבן גערעדט קעגן אים זעלבסט; פון אַלץ האָט מען געדאַרפט זען, אַז ער באַמיט זיך מיט אַלע קויכעס צו דערווײַזן, אַז צו דעם „געשעפטל", וואָס ער לייגט איצט פאָר, גייט ער צו מיט די ערלעכסטע קאַוואָנעס. אָבער איירטאָן האָט זיך נאָך ניט באַגרענעצט מיט דיזאָזיקע דערווײַזן אַליין, ער איז אַוועק נאָך ווײַטער.

— מיסטער גלענאַרוואַן,— האָט ער צוגעגעבן,— און איר, הער מאַיאָר! איך וויל, אַז איר זאָלט מיר גלויבן, וואָס איך רעד, און פּאַנאַנעל דערום לייג איך אַוועק פאַר אײַך אַן אָפענע קאָרט. איך קלײַב זיך אײַך ניט אָפּנאַרן און איך פיר זיך איצט ערלעך דערפאַר, וואָס איך רעכן אויס אויך אפ אײַער ערלעכער אויפירונג בענעגייע צו מיר.

— טאָ רעדט, איירטאָן,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן.

— סער, איר האָט דאָך נאָך ניט געגעבן קיין האַסקאָמע אפ מײַן פאָרשלאַג, און דאָך וועל איך פון אײַך ניט אויסבאַהאַלטן, אַז די ידיִעס, וועלכע איך קען אײַך געבן וועגן דעם קאַפּיטאַן האַרי גראַנט, זײַנען זייער ווינציקע.

— ווּ נציקע?! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.

— יאָ, סער, דאָס, וואָס איך קען אײַך לאָזן וויסן, האָט מערער אַ שײַכעס צו מיר זעלבסט, און איך בין נאָך ניט זיכער, צי דאָס וועט אײַך העלפֿן אויפֿצוזוכן דעם קאַפּיטאַן גראַנטס פֿאַרלאָרענע שפּורן.

אַף מיסטער גלענאַרוואַנס און אַפֿן מאַיאָרס פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן אַ מינע פֿון אַנטוישונג. זיי זײַנען די גאַנצע צײַט געווען זיכער, אַז דער געוועזענער באָצמאַן באַהאַלט אויס זייער אַ וויכטיקן סוֹד און צום סוֹף איז ער זיך גאָר אַלײן מודה, אַז דאָס, וואָס ער ווייסט, וועט האָבן זייער אַ קליינע באַדײַטונג פֿאַר זײַנע צוהערער.

אײַן פּאַגאַנעל איז נאָר געזעסן ווי אַ מענטש, וואָס מישט זיך נישט, און מע האָט אַף אים גאָרניט ניט דערקענט.

ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, אָבער די איצטיקע רייד אײַרטאָנס, וואָס זײַנען געזאָגט געוואָרן ניט צו זײַן גונסטן, האָבן מיט זייער אופֿריכטיקײַט זייער גוט געווירקט אַף זײַנע צוהערער.

— און איצט, סער, נאָך דעם, ווי איך האָב אײַך געוואָרנט וועגן אַלץ, וועט שוין פֿאַר אײַך ניט זײַן קיין סוֹד, אַז דאָס געשעפֿט, וואָס איך וויל מיט אײַך שליסן, איז פֿאַר אײַך אַסאַך ווײניקער לוינבאַר, ווי פֿאַר מיר.

— ס'מאַכט ניט אויס, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן, — איך נעם אָן אײַער פֿאָרשלאַג און איך גיב אײַך דאָס וואָרט, אַז איך וועל אײַך אַרויסזעצן אַף איינעם פֿון די פּאַוּלאָזענע אינדזלען אַפֿן שטילן אָקעאַן.

— אויסגעצייכנט, סער, — האָט דער געוועזענער באָצמאַן געענטפֿערט.

צי איז דער דאָזיקער מאָדנער פֿאַרשוין געווען באַפֿרידיקט מיט אַזאַ מין אָרט באַשלוס? דאָס איז שווער געווען צו זאָגן, וואָרום אַף זײַן פּנים האָט מען איצטער קיין זאַך ניט דערקענט. פֿונדערזײַט האָט זיך געקענט אויסווײַזן, אַז דאָ רעדט זיך ניט וועגן אים, נאָר וועגן עפּעס אַ זײַטיקער פּערזאָן.

— איך בין אײַך גרייט צו ענטפֿערן אַף אײַערע פֿראַגן, — האָט ער זיך אָנגערופֿן.

— אָבער מיר האָבן ניט קיינע פֿראַגן אײַך צו שטעלן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן דערווידערט. — דערציילט אונדז פּאָשעט אַלץ, וואָס איר ווייסט. איר קענט אָנהייבן פֿון אײַער אייגענער ביאָגראַפֿיע, מיר זאָלן וויסן ווער זײַנט איר.

— מײַנע הערשאַפֿטן, — האָט אײַרטאָן אָנגעהויבן. — איך בין ווירקלעך טאָם אײַרטאָן, דער באָצמאַן פֿון דער דרײַמאַסטיקער שיף „בריטאַניע". איך האָב פֿאַרלאָזט גלאַזגאָ אַף האַרי גראַנטס שיף דעם 12־טן מאַרט 1961־טן יאָר. פֿערצן כאָדאָשים דורכאַנאַנד האָבן מיר מיט אים צוזאַמען געאַקערט די וואַסערן פֿונעם שטילן אָקעאַן. דאָס האָבן מיר אַזוי געזוכט אַ באַקוועם אָרט אַף צו גרינדן אַ שטאָטלענדער קאָלאָניע. האַרי גראַנט איז אַ מענטש, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן צוליב גרויסע טאַטן, אָבער סע פֿלעגן אָפֿט פֿאָרקומען צווישן אונדז געוויסע מיינונגס־פֿאַרשיידנהײַטן. מיר זײַנען זיך ניט צונויפֿגעגאַנגען מיט די נאַטורן. איך בין אַף דער נאַטור צו אַן אײַנגעשפּאַר־

טער, און הארי גראנט איז אזא, אז אויב ער באַשליסט עפעס, דאנ מעג אפילע דונערנ און בליצנ וועלנ שוינ עס אלע מוזנ אויספילנ. ער איז א מענטש מיט אנ אײַזערנעם כאראקטער און פאָדערט די פולסטע געהאָרכזאמקײַט צו זיכ. און שטעלט זיכ פאָר, אז איכ האָב זיכ דערוועגט און זיכ געשטעלט קעגנ אים. מיר האָט זיכ אײַנגעגעבנ אריבערציִענ אפ מײַנ זײַט קימאט די גאַנצע מאנשאפט. ווער ס'איז פונ אונדז בײדנ געווענ מערער גערעכט, וועלנ מיר איצט ניט אורטיילנ. אזוי אָדער אנדערש, אָבער דעם 8־טנ אפרעל 1862־טנ יאָר האָט מיכ הארי גראנט ארויסגעזעצט אפנ מײַרעוודיקנ ברעג־פאס פונ אווסטראליע.

— אווסטראליע? — האָט דער מאיאָר אים איבערגעשלאָגנ. — הייסט עס, אז איר האָט פארלאָזט „בריטאניע“ נאָכ פריִער, אײדער די שיפ האָט פאר־וואָרפנ דעם אנקער אינ קאליאאָ, פונוואנענ ס'זײַנענ אָנגעקומענ וועגנ איר די לעצטע יעדיִעס?

— יאָ, — האָט דער באָצמאנ געענטפערט. — פאר דער צײַט, וואָס איכ האָב זיכ געפינענ אפ דער שיפ, זײַנענ מיר נאָכ קיינ קאליאאָ ניט פארגאנגענ. דאָס, וואָס איכ האָב אײַכ אפ פאדי אָ'מורס פערמע געזאָגט וועגנ קאליאאָ, האָט זיכ גענומענ פונ דעם, וואָס איכ האָב זיכ פאָשעט גוט אײַנגעהערט אינ אמערע דערציילונגענ.

— נו, רעדט ווײַטער, אײַרטאָנ, — האָט זיכ מיסטער גלענארוואנ אָנגע־רופנ.

— האָט מענ מיכ, הייסט עס, ארויסגעזעצט אפנ פארלאָזענעם ברעג וואָסערע צוואנציק מײַל פונ פערט. איכ האָב דאָרט אזוי לאנג אומגעבלאָנקעט איבערנ ברעג, ביז איכ האָב זיכ אָנגעשטויסנ אפ א באנדע קאטאָרזשניקעס, וואָס זײַנענ אנטלאָפנ געוואָרנ פונ דער פערטער טפיסע און זיכ אויסבאהאלטנ פונ דער פאָליציי. דאנ האָב איכ זיכ צוגעלאָנטשעט צו זיי. איכ רעכנ, סער, אז איר וועט מיר פארשפאָרנ די ארבעט איכ זאָל אײַכ דײַטלעכ דער־ציילנ וועגנ מײַנ לעבנ אינ מעשעכ פונ די לעצטע צוויי יאָר צײַט. פאר אײַכ וועט נאָר זײַנ גענוג צו וויסנ, אז איכ בינ מיט דער צײַט געוואָרנ דער הויפט פונ דער באנדע און מײַנ נאָמענ האָב איכ איבערגעמאכט אפ בענ־דזשויס. אינ סענטיאבער 1864־טנ יאָר בינ איכ אָנגעקומענ אפ דער אירלענדישער פערמע. איכ האָב זיכ דאָרטנ פארדונגענ פאר אנ ארבעטער און האָב זיכ אָנגערופנ מיט מײַנ עמעסנ נאָמענ אײַרטאָנ. מײַנ ציל איז געווענ — אויסצוקוקנ א רעכטע געלעגנהײַט אפ צו קענענ פארכאפנ וואָסער ניט איז שיפ. דאָס איז געווענ מײַנ וויכטיקסטער ציל. אינ צוויי כאדאָשים ארום איז „דונקאנ“ צוגע־שטיגנ צום אווסטראלישנ ברעג. בעשאס איר האָט באזוכט די פערמע, האָט איר דערציילט די גאנצע געשיכטע וועגנ דעם קאפיטאנ גראנט, און אזוי ארום האָב איכ זיכ דערוווּסט זאכנ, וועגנ וועלכע איכ האָב פריִער ניט געוווּסט: וועגנ דעם, צום בײַשפיל, אז „בריטאניע“ האָט זיכ געווענ אָפגעשטעלט אינ קאליאאָ און וועגנ די לעצטע יעדיִעס, וואָס זייער דאטע איז יול 1862־טע

יאָר, דאָס הייסט, צווי כאָדאָשים נאָך דעם, ווי מע האָט מיך ארויסגעזעצט אפן ב׳עג; ווענג דער געשיכטע מיט די דאָקומענטן; ווענג דעם, אז די שיפ האָט געליטן א קאטאסטראָפע אפ דער 37־טער פאראלעל, און ענדלעך, ווענג דעם, ווי איר האָט פעסט באשלאָסן צו זוכן הארי גראנט אפן אווסטראלישן קאָנטינענט. דאָ האָב איך זיך ניט געוואקלט אפילע קיין רעגע און איך האָב באשלאָסן, אז „דונקאַן״ דארף ווערן מײַנע. „דונקאַן״ איז די בעסטע יאכט־שיפ אינעם גאנצן ברייטישן פלאָט, אָבער „דונקאַן״ נויטיקט זיך דאָך אין אן ערנסטן רעמאָנט, דערום האָב איך אזוי געדרייט, אז די יאכט־שיפ זאָל זיך רויק דערקלײַבן קיין מעלבורן. אליין האָב איך זיך געלאָזט מיט אײַך אלס אָנטרײַבער און וועגווײַזער, וואָס האָט אײַך געדארפט פארפירן צום קלור־מערשטן אָרט, ווו „בריטאניע״ האָט געליטן די קאטאסטראָפע. מײַן באנדע האָט געקריגן בא מיר א באפעל, אז זי זאָל נאָכגיין פוסטריט נאָך אײַער עקספעדיציע. דערנאָך האָב איך אײַך פארפירט צו דעם טײַך סנאָוע. געארבעט האָב איך, דוכט זיך, אזוי, אז איך האָב בא קיינעם פון אײַך ניט ארויסגערופן קיין שום כשאד. אײַערע פערד מיט די אָקסן האָב איך אָפגעסאמט איינס נאָך איינס, די בויד האָב איך אומיסטן פארפירט אינעם זומפיקן אָרט לעם סנאָווע. איך בין באשטאנענ מיט אלע קויכעס דערופ... כאָטש דאָס איבעריקע ווייסט איר שוין אליין, סער, און איר זײַנט מינאסטאם אויך זיכער אין דעם, אז ווען ניט מיסטער פאגאנעלס צעשטרײַטקײַט, וואָלט איך שוין איצט לאנג אָנגעפירט מיט דער שיפ „דונקאַן״. אָט האָט איר די גאנצע געשיכטע. צום באדויערן, קענען דידאָזיקע ביאָגראפישע שטריכן מײַנע אײַך ניט געבן די מעגלעכקײַט אָנצופאלן אפ הארי גראנטס שפורן און איצט זעט איר שוין, אז איר האָט מיט מיר געשלאָסן ניט גאָר קיין לוינבארן אָפמאך.

אײַרטאָן איז אנשוויגן געוואָרן און האָט, ווי זײַן געוווינשאפט איז, צונויפגעלייגט ביידע הענט אפן הארצן און רויק געווארט.

מיסטער גלענארוואן מיט זײַנע פרײַנט האָבן געשוויגן. זיי האָבן געפילט, אז אלץ, וואָס דערדאָזיקער מאָדנער בייזוויליקער פארשוין האָט דערציילט, איז עמעס. כארכאפן די שיפ „דונקאַן״ האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן ניט איבער זײַן שולד. זײַנע באנדיטן זײַנען מיסטאם אָנגעקומען צום ברעג פון דער טופאָלדער בוכטע צודערצײַט, ווײַל דאָס ארעסטאנטיש העמדל, וואָס מיסטער גלענארוואן האָט דאָרטן אָפגעזוכט אפן ברעג, האָט קלאָר איידעס געזאָגט ווענג דעם. דאָרטן האָבן די געהאָרכזאמע באנדיטן געווארט אפ זייער הויפט־באנדיט, ער זאָל אָנקומען מיט דער יאכט־שיפ, און אז זיי האָבן זיך ענדלעך אײַנגעעמיט ווארטנדיק, האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט צו זייער ראָצכישער און אונטערצינדערישער פראָפעסיע אהין, צו די דערפער פונעם נײַעם דאָרעמדיקן אועלס.

דער מאיאָר האָט דער ערשטער גענומען אײַרטאָנען אפן פארהער, ווײַל ער האָט געוואָלט פארפינקטלעכערן אביסל די דאטעס.

— הייסט עס, — האָט ער א פרעג געטאָן דעמדאָזיקן באָצמאן, — אז אזן



אײַרטאָן דערצײלט זײַן לעבנסגעשיכטע

מײַרעװדיקן ברעג פֿון אױסטראַליע האָט מען אײַך אַרױסגעזעצט דעם 8־טן אַפּרעל 1862־טן יאָר?

— פֿולקום ריכטיק,— האָט אײַרטאָן געענטפֿערט.

— און צי זײַנען אײַך געװען באַװוּסט האַרי גראַנטס װײַטערדיקע פּלענער?

— זײער נעפּלהאַפֿט.

— אַפֿילו נעפּלהאַפֿט דערצײלט, װאָס איר װײסט,— האָט זיך מיסטער גלענאַרװאַן אָנגערופֿן,— אַמאָל קען אַפֿילו אַ נישטיקע אָנװײַזונג אונדז אַרױפֿירן אױף אַ ריכטיקן װעג.

— דאָס איז אַלץ, סער, װאָס איך קען אײַך דערצײלן,— האָט אײַרטאָן געענטפֿערט.— דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט זיך געקליבן צו באַזוכן נײַ־זעלאַנד. דערדאָזיקער טײל פֿון זײַן פּראָגראַם איז אין משך פֿון מײַן זײַן אױף „בריטאַניע" ניט אױסגעפֿילט געװאָרן. סע קען זײער זײַן, אַז נאָך דעם, װי „בריטאַניע" האָט פֿאַרלאָזט קאַליאַאָ, האָט זי זיך אװעקגעלאָזט אױסצופֿאָרשן די ברעגן פֿון נײַ־זעלאַנד. דאָס שטימט אַפֿילו זײער גוט מיט דער דאַטע פֿונעם 27־טן יוני 1862־טן יאָר, װעלכע איז באַצײכנט אינעם דאָקומענט.

— קלאָר װי דער טאָג,— האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן.

— אָבער,— האָט מיסטער גלענאַרװאַן דערװידערט,— מע זעט דאָך ניט אין ערגעץ לױט די דאָקומענטן אַפֿילו קײן מינדסטע אָנצוהערעניש װעגן נײַ־זעלאַנד.

— װעגן דעם קען איך אײַך גאָרניט זאָגן,— האָט אײַרטאָן געענטפֿערט.

— רעכט, אײַרטאָן,— האָט זיך דאַן מיסטער גלענאַרװאַן אָנגערופֿן.— אַזױװי איר האָט געהאַלטן אײַער װאָרט, אַזױ װעלן מיר אױך האַלטן אונדזערס. מיר דאַרפֿן זיך נאָר באַראַטן, אױף װאָס פֿאַר אַן אינדזעלע אינעם שטילן אָקעאַן מיר זאָלן זיך בעסער אָפּשטעלן.

— מיר מאַכט ניט אױס, סער, אױף װעלכן ס'זאָל ניט זײַן,— האָט אײַרטאָן גלײַכגילטיק געענטפֿערט.

— קענט איר גײן צו זיך אין דער קאַיוטע אַרײַן,— האָט זיך מיסטער גלענאַרװאַן צו אים אָנגערופֿן,— און דאַרטן װעט איר װאַרטן אױף אונדזער באַשלוס.

דער באָצמאַן איז אַװעק אין דער באַגלײטונג פֿון צװײ מאַטראָסן.

— דערדאָזיקער אױסװורף קען נאָך אַמאָל װערן אַ מענטש אױך,— האָט זיך דער מאַיאָר אָנגערופֿן.

— יאָ,— האָט מיסטער גלענאַרװאַן געענטפֿערט.— דאָס איז אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. ס'איז אַ שאָד, װאָס זײַנע פֿײַקײַטן זײַנען געװען געריכטעט אױף פֿאַרברעכערײַ.

— און האַרי גראַנט?

— איך האָב מורא, אַז ער איז שױן לאַנג אױף דער װעלט ניטאָ. אָרעמע קינדער, װער קען זײ זאָגן, װוּ דער פֿאָטער זײערער געפֿינט זיך?!

— איך!— האָט זיך פּאַגאַנעל אָנגערופֿן,— איך קען זײ זאָגן.

ס'װעט ניט זײַן איבעריק דאָ צו באַמערקן, אַז דער געאָגראַף, װאָס איז

קעסיידער געווען זייער באַריידעוודיק און אומגעדולדיק, האָט דאָ, בעשאַסן שמועס מיט אײַרמאָנען, קימאַט ניט אַרויסגערעדט קיין איין און איינציק וואָרט. ער איז געזעסן מיט פעסט־צונויפגעפּרעסטע ליפּן און זיך נאָר אײַנגעהערט אין יענעמס רייד. אַזוי, אַז זײַן פּלוצימדיקער אויסרוף האָט איצט געמאַכט אַף מיסטער גלענאַרוואַנען זייער אַן איבעראַשנדיקן אײַנדרוק.

— איר?! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן, — איר ווייסט, ווו דער קאַפּיטאַן גראַנט געפינט זיך?

— יאָ...

— פונוואַנען־זשע ווייסט איר עס?

— אַלץ פון דעמזעלביקן דאָקומענט.

— אַ־אַ! — האָט דער מאַיאָר אַ זינג געטאָן מיט אַ טאָן פונעם גרעסטן אומצוטרוי.

— פריִער, מאַק־נאַבס, הערט מיך אויס, און קנייטשט מיט די אַקסלען ווען איר שפּעטער אויך באַווײַזן. איך האָב די גאַנצע צײַט וועגן דעם ניט גערעדט, ווײַל איך האָב געוווּסט, אַז קיינער וועט מיר סײַווײַסײַ ניט גלויבן, אַזוי, אַז ס'וואָלט געווען אויסקומען ריידן אין דער וועלט אַרײַן. און אויב איך האָב זיך איצט אַף דעם באַשלאָסן, איז עס נאָר צוליב דעם, וואָס אײַער טאָנס מיינונג באַשטעטיקט אינגאַנצן מײַן אייגענע מיינונג.

— רעדט איר, הייסט עס, וועגן ניי־זעלאַנד? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן.

— איך בעט, איר זאָלט מיך אויסהערן און דערנאָך וועט איר שוין אַליין מישפּטן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — דערדאָזיקער גרײַז אינעם בריוו, וואָס האָט אונדז געראַטעוועט, איז דאָך אַרײַנגעפאַלן אינעם בריוו אַרײַן ניט אומזיסט. פונקט אין יענעם מאָמענט, בעשאַס איך האָב געשריבן, און איר, מיסטער גלענאַרוואַן, האָט מיר געדיקטעוועט, איז מיר פּלוצים אײַנגעפאַלן אין געדאַנק אַרײַן דאָס וואָרט „זעלאַנד", און איך וועל אײַך באַלד זאָגן, פאַרוואָס ס'האָט זיך אַזוי געטראָפן: איר קערט געדענקען, וויִאַזוי מיר זײַנען דעמאָלט אַלע געזעסן אין בויד, און מאַק־נאַבס האָט דערציילט פאַר מיסיס גלענאַרוואַן וועגן די פאַרברעכנס פון די אַנטלאָפענע קאַטאָרזשניקעס. בעייסמײַסע האָט ער איר באַוויזן דעם נומער „אַוסטראַלישע און ניי־זעלאַנדישע צײַטונג", ווו ס'איז געווען באַשריבן די קעמדען־ברידזשער קאַטאַסטראָפע. און פונקט אין דעם מאָמענט, בעשאַס איך האָב דערשריבן דעם בריוו, איז די צײַטונג אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד און האָט זיך אַזוי אויסגעלייגט, אַז אַפן קעפּל האָב איך בלויז געקענט איבערלייענען דעם לעצטן זילב פונעם וואָרט זעלאַנד. דאָ האָב איך זיך מיטאַמאָל פאַרטראַכט, איך האָב זיך באַמיט צו דערמאָנען, אין וואָס דערמאָנט מיר אָט דאָסדאָזיקע וואָרט. און דערנאָך איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז דאָס שטימט פונקט מיטן אומפאַרשטאַנדיקן וואָרט לאַנד פון דעם ענגלישן דאָקומענט, וועלכן מיר האָבן בעשומויפן ניט געקענט פאַנאַנדערשיפרירן. און דאָס איז דאָך געווען דער לעצטער זילב פונעם וואָרט זעלאַנד.

— גאַנץ ריכטיק! — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אויסגעשריגן.
— יאָ, — האָט זיך פּאַגאַנעל ווידער אָנגערופן מיט א טאָן פון טיפער
איבערצײַגטקייט. — אָבער דעמלט איז דערדאָזיקער געדאַנק מיר ניט אײַנגע־
פאַלן, מיינט איר־זשע פאַרוואָס? פאַר דערפאַר, וואָס אלע מײַנע געדאַנקען
האָבן זיך געדרייט ארום דעם דאָקומענט, וואָס איז געווען געשריבן אף
פראַנצויזיש, ווײַל דער פראַנצויזישער איז געווען פיל דײַטלעכער פון אלע
איבעריקע, נאָר ... אינעם פראַנצויזישן האָט פונקט אויסגעפעלט דאָסדאָזיקע
וואָרט.
— אָ, פּאַגאַנעל! — האָט דער מאַיאָר אויסגעשריגן, — איר זײַנט שוין ווידער
געפאַנגען פון אײַער פאַנטאַזיע. איר האָט שוין, קענטיק, פאַרגעסן, אײַערע
פריִערדיקע אופטועכן.
— מאַיאָר, איך בין אײַך גרייט צו ענטפערן.
— אויב ענטפערן, טאָ ענטפערט, — האָט מאַק־נאַבס אָנגעהויבן. — זאָגט מיר,
וואָס באַטײַט, אויב אזוי, דאָס וואָרט austral?!
— דאָס זעלבע, וואָס ס'האָט פריִער באַטײַט. סע באַטײַט די דאָרעמדיקע
לענדער.
— רעכט! נו, און דאָס וואָרט indi, וועלכס איר האָט פריִער געהאַלטן
אלס א טייל פונעם וואָרט indiens — דאָס הייסט, אינדיִאַנער, און דערנאָך
א טייל פון indigens — דאָס הייסט, אָרטגעבוירטיקע?
— דאָס דריטע און לעצטע מאָל, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט, — וועט עס
דאַרפן דינען אלס וואָרצל פונעם וואָרט indigens — נויט.
— און דאָס ניט פאַרענדיקטע וואָרט Contin, וואָס האָט לויטן פריִערדיקן
אויסטײַטש געדאַרפט הייסן קאָנטינענט?
— ניין, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט, — וואָרום ניי־זעלאַנד איז נאָר אן
אינדזל. Contin איז בלויז א טייל פונעם וואָרט Coutinuelle — באַשטענ־
דיקע!
— הייסט עס? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.
— ליבער סער, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט, — דערלויבט, איך וועל אײַך
באַלד איבערלייענען דעם דאָקומענט לויט מײַן דריטער און סאַמע לעצטער
אויסטײַטשונג. איך דאַרף נאָר פריִער מאַכן צוויי באַמערקונגען. דאָס ערשטע:
פאַרגעסט אלץ, וואָס איך האָב אײַך פריִער וועגן דעם געזאָגט און קאָנצענ־
טרירט אײַער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אף דעם, וואָס איך וועל איצטער זאָגן.
דאָס צווייטע: זאָלט איר וויסן, אז אייניקע ווערטער וועלן זיך אײַך אויס־
ווײַזן, אז זיי זײַנען צו פרײַ אויסגעטײַטשט. מעגלעך, אז איך האָב זיי ניט
אינגאַנצן פּינקטלעך פאַנאַנדערשיפרירט, אָבער זיי האָבן ניט קיין איבעריקע
גרויסע באַדײַטונג. און דאָס לעצטע: צווישן די איבעריקע ווערטער זײַנען
דאָרטן דאָ די זילבן „גאָני“, וואָס מוטשען מיך די גאַנצע צײַט, און איך קען
פאַר זיי ניט קריגן קיין אנדער אויסטײַטשונג, ווי אגאָניע. און דאָס איז אלץ.
איצט הייב איך אָן:

און פּאגאנעל האָט, שטעלנדיק דעם טראָפּ אויף יעדער זילב באזונדער, איבערגעלייענט דעם דאָקומענט אָפּ אַזאַ מין אויפן:

— דעם „27־טן יוני 1862־טן יאָר איז די דרײַמאַסטיקע „בריטאַניע" פון גלאַזגאָ אַוועק צום גרונט נאָך אַ לאַנגער אַגאָניע אין די דאָרעמדיקע יאַמען בײַ די ברעגן פון נײַ־זעלאַנד. דעם קאַפּיטאַן גראַנט און צוויי מאַטראָסן זײַנען האָט זיך אײַנגעגעבן — aborder — זיך דערקלײַבן צו די ברעגן" — אַזוי פּאַלט מיר אײַן אויסצוטײַטשן דאָס נישט דערענדיקטע וואָרט abor. און ווײַטער גייט לויטן טעקסט דאָס וואָרט Contin, וואָס איך נעם אָן פאַר Continuelle — די באַשטענדיקע — און indi — וואָס דאַרף, לויט מײַן מיינונג, הייסן indigence — די נויט. אַזוי, אַז דער ווײַטערדיקער טייל פונעם דאָקומענט וועט קלינגען אַזן פאָלגנדיקן אויפן: — „לײַדנדיק דאָרט באַשטענדיקע נויט, האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן אין יאַם אַרײַן דעמדאָזיקן דאָקומענט אונטער... לענג און 37־טן גראַד 11 מינוט ברייט. ווײַזט זיי אַרויס הילף אָדער זיי וועלן אומקומען".

פּאַגאַנעל איז אַנשוויגן געבליבן. אַזאַ מין אַרט אויסטײַטשונג פונעם דאָקומענט האָט זיך זייער געלייגט אויפן געדאַנק, אָבער גראָדע דערפאַר, וואָס די איצטיקע אויסטײַטשונג איז געווען אַזוי איבערצײַגנדיק פונקט ווי די פריערדיקע צוויי, האָט זי זיך געקענט אויך אַזוי אַרויסווײַזן פאַלש, ווי יענע.

מיסטער גלענאַרוואַן און דער מאַיאָר האָבן זיך ניט געפּרוּווט זוכן קיין מאָטיוון אָפּ צו באַשטרײַטן דידאָזיקע מיינונג, ווײַל סײַ אין פּאַטאַגאָניע און סײַ אין אויסטראַליע, אין די ערטער, וווּ דידאָזיקע לענדער ווערן איבערגעהאַקט דורך דער 37־טער פּאַראַלעל, האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן אָנצוטרעפן אָפּ „בריטאַניעס" שפּורן, דערום האָט זיך שוין נײַ־זעלאַנד מער געלייגט אויפן זינען.

— זאָגט־זשע מיר, פּאַגאַנעל, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן, — פאַרוואָס האָט איר די גאַנצע מײַסע געהאַלטן פון אונדז בסוד עפּעס העכער צוויי כאָדאָשים צײַט?

— דערפאַר, וואָס איך האָב אײַך ניט געוואָלט פאַרזיכערן, ניט וויסנדיק עס אַליין אָפּ קלאָר, און דערצו זײַנען מיר סײַווי די גאַנצע צײַט געגאַנגען אין דער ריכטונג צו אָקלענד, דאָס הייסט, צו דעם אָ פּונקט, וואָס איז פּונקט געלעגן אָפּ דער ברייט, וועלכע איז אָנגעגעבן געוואָרן אינעם דאָקומענט.

— אָבער פאַרוואָס־זשע האָט איר וועגן דעם גאָרניט געזאָגט אויך דאַן, ווען מיר האָבן געהאַלטן בײַם אָפּקערעווען פונעם דאָזיקן וועג?

— דערפאַר, וואָס די לעצטע אויסטײַטשונג, ווי ריכטיק זי זאָל ניט זײַן, וועט זי אונדז דאָך ניט געבן די מעגלעכקײַט אָפּצוראַטעווען דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

— פאַרוואָס קלערט איר אַזוי, פּאַגאַנעל?

— דערפאַר, וואָס אויב ס'איז שוין דורכגעגאַנגען צוויי יאָר צײַט זינט

דער קאטאסטראָפע, האָט דער קאפּיטאַן גראַנט געמוזט אומקומען אָדער באַ דער קאטאסטראָפע, אָדער ער איז געפאַלן א קאָרבן באַ די נײַ־זעלאַנדער.

— רעכנט איר, הייסט עס...— האָט מיסטער גלענאַרוואַן א פרעג געטאָן.

— אַז סע קען נאָך טרעפן, מיר זאָלן זיך אָנשטויסן אף וואָסערע ניט איז רעשטן פון דער שיף־קאטאסטראָפע, אָבער די מענטשן, וואָס האָבן געליטן פון דערדאָזיקער קאטאסטראָפע, זײַנען אָן שום ספק אומגעקומען אף אייביק.

— קיינעם קיין וואָרט ניט וועגן דעם,— האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופן,— און איר וועט דערלויבן מיר אַליין אויסוואַרטן ביז א פּאַסיקן מאָמענט, ווען איך וועל קענען איבערגעבן די דאָזיקע טרויעריקע נײַס דעם קאפּיטאַן גראַנטס קינדער.

## אכצנטע קאַפּיטל

# א געשריי אינמיטן דער נאַכט

די מאַנשאַפט האָט זיך אינגיכן דערוווּסט וועגן דעם, אַז אײַרטאָנס דערציילונג האָט זייער ווינציק אויסגעקלאָרט דעם קאפּיטאַן גראַנטס געהיימניספולע פאַרשווינדונג, און אַלע האָבן דערפילט א מאָדנע אַנטוישונג, ווײַל מע האָט זיך פריִער געריכט, אַז דער געוועזענער באָצמאַן האָט עפּעס א געוויסע געהיימניס, וועלכע ער באַהאַלט אויס.

די יאַכט־שיף האָט זיך געהאַלטן באַם פריִערדיקן קורס, מע האָט נאָך געדאַרפט אויסקלײַבן אַן אינדזל מע זאָל דאָרטן קענען אַרויסזעצן אײַרטאָנען.

פּאַגאַנעל און דזשאָן מאַנגלס האָבן זיך א נעם געטאָן צו די שיף־מאַפּעס. פּונקט אף דער 37־טער פּאַראַלעל האָט זיך געפונען א וויסט, פעלדזיק אינדזעלע מיטן נאָמען „מאַריאַ טערעזיאַ“. דאָסדאָזיקע אינדזעלע איז געשטאַנען פאַרלאָרן אין דער מיט פונעם שטילן אָקעאַן. א מעהאַלעך פון דרײַ טויזנט פינף הונדערט מײַל האָט עס אָפּגעטיילט פונעם אַפריקאַנישן ברעג און וואָסערע אָנדערהאַלבן טויזנט מײַל האָבן עס אָפּגעטיילט פון נײַ־זעלאַנד. צאָפנדיקער פונעם דאָזיקן אינדזל האָט זיך געפונען דער אַרכיפּעלאַג פּאַומאָטו, און דאָרעמדיקער זײַנען קיינע ערדן ניט געווען ביז צום סאַמע בײַפּאָליאַרן־פּאַס פון די דורכויסיקע אײַז־שטיקער.

קיין שום שיף האָט זיך ניט דערנעענטערט צו דעמדאָזיקן אָפּגעזונדערטן אינדזעלע. בלויז די שטורעם־פייגל האָבן אָפּגערוט אף די אָרטיקע פעלדזן אין דער צײַט פון זייערע ווײַטע איבערפליִען. זייער אף אַסאַך געאָגראַפישע מאַפּעס ווערט דאָסדאָזיקע אינדזעלע אינגאַנצן ניט באַצייכנט, פּונקט ווי די כוואַליעס פונעם שטילן אָקעאַן וואָלטן קיינמאָל זיך ניט אָנגעשלאָגן באַ דעם צופוסנס.

אויב ס׳האָט ערגעץ אַף דער וועלט געקענט עקזיסטירן פולע אָפּגעזונ־דערטקייט, איז דאָס נאָר אַרום דעמדאָזיקן אינדזעלע, וואָס געפינט זיך אַזוי ווייט פון אַלע מענטשישע שליאַכן.

מע האָט אָנגעוויזן אײַרטאָנען אַף דעמדאָזיקן אינדזעלע און מע האָט אים דערקלערט דאָס אָרט, ווו דאָס אינדזל געפינט זיך. אײַרטאָן איז דערויף אײַנגעגאַנגען, און די יאַכט־שיף האָט גענומען דעם קורס צו מאַריאַ טערעזיאַ.

בײַ איצטיקן מאָמענט האָט זיך די יאַכט־שיף געפונען אַף דער ליניע, וואָס פירט צו דער בוכטע טאַלקאַוואַנאַ, און קיין סאַך וועג האָט זי צו דעמדאָזיקן אינדזעלע נים געדאַרפט אָנלייגן.

אין צוויי טעג אַרום האָט דער וואַכטמאַן דערזען אַפן האָריזאָנט די יאַבאָשע.

דאָס איז געווען מאַריאַ טערעזיאַ, — דאָס נידעריקע לאַנגעכיקע אינדזעלע, וואָס איז נים אַף קיין סאַך אַרויסגעשטאָכן פון דעם וואַסער און וואָס האָט דערמאָנט מיט זײַן געבײַ אַ ריזיקן וואַלפיש.

אַהין האָט מען נאָך געדאַרפט שווימען וואַסערע דרײַסיק מײַל, און די יאַכט־שיף איז געגאַנגען מיט אַ שנעלקײַט פון זעכצן קנופּן. די זײַן האָט זיך שוין גענייגט צו מײַרעווער־צו, אירע אַלאַכסנדיקע שטראַלן האָבן באַלויכטן דעם אינדזלס סילועט און די שפּיצן פון די בײַבערגיקע פעלדזן.

אַרום פינף אַזייגער האָט זיך אויסגעוויזן דזשאָן מאַנגלסן, אַז ער זעט פון־דערווײַטנס אַ לײַכט רויכעלע אויפדערלופטן.

— איז עס נים קיין ווולקאַן? — האָט ער אַ פרעג געטאָן בײַ פּאַגאַנעלן, וואָס האָט אָנגעשטעלט זײַן קוק־רער צו דער נײַער ערד.

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — האָט דער געאָגראַף געענטפערט, — מאַריאַ טערעזיאַ איז נאָך קיבאַם ווי אינגאַנצן נים אויסגעפאָרשט, אָבער מיר וואָלטן זיך נים געדאַרפט שטאַרק וווּנדערן, ווען מיר דערוויסן זיך, אַז דאָסדאָזיקע אינדזל איז אַ פון אַ ווולקאַנישער אָפּשטאַמונג.

— דאַרף מען דאָך עס וויטן, — האָט מיסטער גלענאַרוואַן זיך אָנגערופן, — וואָרום אויב דאָס אינדזל איז אַנטשטאַנען פון אַ ווולקאַן־אויסברוך, קען זיך דאָך מאַכן עס זאָל פונקט אַף דעמועלבן אויפן פאַרשווינדן ווערן.

— נים אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. דאָס אינדזל עקזיסטירט שוין אַסאַך יאָרהונדערטער, און דאָס קען אונדז זיכערן, אַז עס האָט פאַר זיך נאָך אַסאַך יאָרהונדערטער אין דער צוקונפט. וואָרום בעשאַס דאָס אינדזל דזשוליאַ האָט זיך אינעם מיטללענדישן יאַם באַוויזן פון דעם וואַסער אַרויס, איז עס נים לאַנג געבליבן אַף די כוואַליעס און איז אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום אינגאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן.

— ווי דענקט איר, דזשאָן? — האָט מיסטער גלענאַרוואַן אַ פרעג געטאָן, — מיר וועלן נאָך באַווײַזן ביז נאַכט צוגיין צום ברעג?

— ניין, סער. איך האָב מוירע אײַנצושטעלן און זיך לאָזן באַנאַכט צושטײַגן צו אַ ברעג פון אַן אומבאַוווּסטן אינדזל. איך וועל זען, אין מעשעך

פון דער נאכט האלטן די שיף אונטער א קליינעם דאמף, וואָסערע עטלעכע מײַל פונעם אינדזל, און אינדערפרי, ווי די זון וועט נאָר אופגיין, וועלן מיר קענען אראָפ אפן ברעג.

אכט אזייגער אינאָוונט האָט מען שוין מאריא טערעזיען געקענט ארויסזעען פונדערווײַטנס, ווי אן אומבאמערקבארן לענגעכיקן שאָטן, ווײַל זי האָט זיך געפונען וואָסערע אכט מײַל פון דער יאכט־שיף.

נײַן אזייגער אינאָוונט האָט זיך אפן אינדזל אופגעכאפט א פײַערל.

— ס'קען זיך זייער מאכן, אז די האשאָרע וועגן דעם ווולקאן זאָל זײַן א ריכטיקע, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן און זיך אײַנגעקוקט שטארק אינעם פײַער.

— איך דענק אָבער, — האָט זיך דזשאָן מאנגלס אָנגערופן, — אז ווען דאָ זאָל זײַן א ווולקאן, וואָלטן מיר שוין אצ אזא מין מעהאלעכ דארפן הערן דעם געקנאל, וואָס באגלייט יעדער מין ווולקאן־אויסברוכ, און דאָ דערטראָגט דער ווינט ניט צו אונדז אפילע קיין מינדסטן גערויש.

— דאָס איז עמעס, — האָט פאגאנעל באשטעטיקט, — דערדאָזיקער ווולקאן גיט שײַן און וויל ניט געבן קיין לאָשן. נאָכ מערער, ער כאפט זיך אופ דורכ קליינע אָפגעמאָסטענע האפסאָקעס, פונקט ווי א לײַכט־טורעם.

— ריכטיק, — האָט דזשאָן מאנגלס אים געענטפערט. — אָבער ווי איר ווילט זיך, קיין לײַכט־טורעם קען אפן דאָזיקן אינדזל ניט זײַן. פונוואנען וועט ער זיך אהער נעמען? זעט נאָר, — האָט ער פלוצים אויסגעשריגן, — אָנאָ איז נאָכ א פײַערל. דאָס צווייטע איז שוין לעם סאמע יאם. עפעס וואקלט עס זיך און גייט איבער פון אָרט צו אָרט.

דזשאָן האָט קיין טאָעס ניט געהאט. דאָס פײַער האָט זיך ווירקלעכ באוויזן אין פארשיידענע ערטער, אָט ווערט עס אויסגעלאָשן און אָט כאפט עס זיך צוריק אופ.

— הייסט עס, אז אפן אינדזל ווינט עמעצער, — האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגערופן.

— מע דארף קלערן, אז דאָרט ווו נען ווילדע מענטשן, — האָט פאגאנעל געענטפערט.

— אויב אזוי, קענען מיר דאָך אהין ניט ארופלאָזן אײַרטאָנען.

— אין קיין פאל ניט, — האָט דער מאיאָר באשטעטיקט זײַנע ווערטער. — וואָרום עס וואָלט געווען א גרויסער ראכמאָנעס אפ די ווילדע.

— אויב אזוי, וועט מען דארפן צוזוכן א ווײַט־פארלאָזט אינדזל, — האָט זיך מיסטער גלענארוואן אָנגערופן און א שמייכל געטאָן פון מאק־נאבס וויציקער באמערקונג. — איך האָב צוגעזאָגט אײַרטאָנען א רויִק לעבן און מיר האָלט זיך וועלן האלטן וואָרט.

— יעדנפאלס, דארף מען זיך האלטן פאָרזיכטיק, — האָט זיך פאגאנעל אָנגערופן, — די זעלאנדער ווייסן שוין אויכ דעם סאָד, וויאזוי אָפצונארן שיפן מיט שווינדלדיקע פײַערלעך.

— מירן זיך דערנעענטערן אפֿ א מעהאָלעך פֿון א פֿערטל מײַל! — האָט דזשאָן מאנגלס אויסגעשריגן צום רודערמאַן. — מאָרגן, ווי די זון וועט נאָר אופֿגיין, וועלן מיר ענדגילטיק באַשליסן, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

ארום עלף אזייגער אינאָוונט זײַנען זיך צעגאַנגען די פּאַסאַזשירן איבער זייערע קאַיוטעס.

איבער דער פּאַלובע איז אומגעגאַנגען נאָר דער איינער וואַכמאַן און אויסער אים איז נאָך געבליבן, ווי געוויינלעך, דער רודערמאַן.

אינעם דאָזיקן מאָמענט זײַנען מערי גראַנט מיט ראָבערטן ארופֿגעגאַנגען אפֿ דער פּאַלובע.

דעם קאַפּיטאַן גראַנטס קינדער האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אָן די פּאַרענטשעס, זיי האָבן זיך טרויעריק אײַנגעקוקט אין דעם פֿאָספֿאָרעסצירנדיקן יאַם. מערי האָט געטראַכט וועגן ראָבערטס טאַכלעס, ראָבערט האָט געטראַכט וועגן זײַן שוועסטערס טאַכלעס, און ביידע צוזאַמען האָבן זיי געטראַכט וועגן זייער פֿאָטער:

צי לעבט ער נאָך ערגעץ, זייער געליבטער פֿאָטער, און וואָס פֿאַר א ווערט וועט בא זיי האָבן דאָס לעבן זייערס אָן אים; וואָס וואָלט מיט זיי שוין איצט געוואָרן, ווען ניט מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַן פֿרוי?!

פּלוצים האָט ראָבערט אָנגעכאַפּט מערין פֿאַר א האַנט און א שעפּטשע געטאָן צו איר:

— מערי... דו הערסט?!

זיי האָבן זיך ביידע איבערגעבויגן איבערן באָרט און האָבן מיט א פֿאַר־כאַפּטן אָטעם זיך גענומען אײַנקוקן אין דער פֿינצטערניש.

אָבער זיי האָבן דאָרטן גאָרניט ניט געזען.

— ראָבערט! — האָט זיך מערי אָנגערופֿן און איז בעייסמײַסע געווען בלייך ווי די וואַנט, — מיר האָט זיך אויסגעוויזן... דו ווייסט, מיר האָט זיך אויסגעוויזן פּונקט אזוי ווי דיר... אָבער ניין, מיר ריידן ביידע ניט צו דער זאַך. ראָבערט, דו הערסט?!

אָבער אין דער אָ רעגע האָבן זיי דערהערט א פֿרישן מענטשישן געשריי.

דאָס אָ מאָל איז שוין דאָס אויסדרוכטעניש געווען אזוי גרויס, אז זיי האָבן ביידע אין איין קאָל אויסגעשריגן:

— דער טאַטע! דער טאַטע!

פֿאַר מערי גראַנט איז דאָס שוין געווען צופֿיל. אירע נערוון האָבן שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן, און זי האָט אין אָנמאַכט א פֿאַל געטאָן צו איר ברודער אין די הענט אַרײַן.

— צוהילף! — האָט ראָבערט אויסגעשריגן, — צוהילף מײַן שוועסטער און מײַן טאַטן!

אפֿ דעמדאָזיקן געשריי זײַנען געקומען צו לויפֿן דער רודערמאַן און דער וואַכמאַן.

אין עטלעכע רעגעס ארום זײַנען שוין מיסטער גלענאַרוואַן, דזשאָן מאַנגלס און מיסיס עלען אויך געווען אפֿ דער פּאַלובע.

— מײַן שוועסטער גייט אויס, דאָרטן איז דער טאַטע!..— האָט דאָס יאַטל געשריגן אויסער זיך און באַוויזן מיט דער האַנט צו דער פֿינצטערער ווײַט. קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט.

אין דער אָ רגע איז מערי געקומען צו זיך.

— דער טאַטע! דער טאַטע!..— האָט זי געכאַזערט, ווי ניט בא די גע-דאַנקען.

דאָס אָרעם מיידל האָט אין וואַקלעניש געוואָלט צוגיין צו די פֿאַרענטשעס.

— מיסטער גלענאַרוואַן, עלען! — האָט זי גערופֿן און זיך געבראָכן בעייס-מײַסע די הענט.— איך זאָג אײַך, אַז איך האָב געהערט זײַן קאָל! — זי האָט זיך אַזוי צעכליפּעט, אַז מע האָט אַפֿילע ניט געקענט הערן, וואָס זי רעדט. ס'איז איר ווידעראַמאָל געוואָרן ניט גוט, האָט עלען גענומען און זי גיכער אוועקגעפֿירט צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן.

ראָבערט איז געבליבן אויף דער פּאַלובע און האָט אָן אויפֿהער געכאַזערט: „מײַן טאַטע איז דאָרטן, ער איז דאָרטן, איך האָב אַליין געהערט זײַן קאָל!“

אַלע די, וועמען ס'איז אויסגעקומען צוזען דאָסדאָזיקע אַנגסטלעכע בילד, האָבן אַפֿילע קיין רגע ניט געצווייפֿלט, אַז די אָרעמע קינדער זײַנען איצט קראַנק אויף האַליוצינאַציע, אָבער וויאַזוי איבערצײַגט מען זיי אין דעם, וויאַזוי דערווײַזט מען זיי, אַז זיי האָבן, נעבעך, אַ טעות געהאַט?

מיסטער גלענאַרוואַן האָט דער ערשטער גענומען אויף זיך די דאָזיקע אויפֿ-גאַבע. ער האָט אָנגענומען ראָבערטן פֿאַר אַ האַנט און האָט צו אים געזאָגט:

— דו קלערסט, מײַן פֿרײַנטעלע, אַז דו האָסט אין עמעצן געהערט דעם טאַטנס קאָל?

— יאָ, סער. פֿון דאָרטן, פֿון דער ווײַט האָט עס זיך אַהער דערטראָגן. ער האָט גערופֿן מיט די ווערטער: „צו מיר! צו מיר!“

— און דו האָסט דערקענט זײַן קאָל?

— וויאַזוי זאָל איך עס ניט דערקענען? מײַן שוועסטער האָט דאָך אויך דערהערט דאָסזעלבע קאָל און האָט עס אויך דערקענט. ס'קען זיך דען אײַך לייגן אויפֿן געדאַנק, אַז מיר האָבן בײדע אַ טעות געהאַט? סער, האָט ראַכ-מאָנעס, גיכער גיט הילף מײַן טאַטן. אַ שיפֿל, אַ שיפֿל!

מיסטער גלענאַרוואַן האָט געזען, אַז ער איז ניט אימשטאַנד צעשטרײַטן דעם יאַטלס איבערצײַגטקײַט, אָבער דאָך האָט ער נאָך געמאַכט דעם לעצטן פּרוּוו: ער האָט אַ רוף געטאָן דעם רודערמאַן.

— האָוקינס, — האָט ער אים אַ פֿרעג געטאָן, — איר זײַנט געשטאַנען אויף דער וואַך אין דעם מאָמענט, בעשאַס דער מיס גראַנט איז געוואָרן ניט גוט?

— יאָ, סער, — האָט האָוקינס געענטפֿערט.

— דערמאָנט זיך, עפּשער האָט איר עפּעס געזען אָדער געהערט?

— ניין, סער, ניט געזען און ניט געהערט.

— נו, זעסטו שוין, ראָבערט, ווי דיר דוכט זיך עס אַלץ אויס, — האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן אָנגערופֿן.

— ווען דאָס זאָל זײַן האוקינסעס פֿאָטער,— האָט דאָס יאטל מיט אַן אומבאַזיגבאַרער איבערצײַגטקייט דערווידערט,— וואָלט ער ניט געזאָגט, אַז ער האָט גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט. דאָס איז געווען מײַן פֿאָטער, סער, מײַן פֿאָטער, מײַן פֿאָטער!..

ראָבערט האָט זיך אויך שטאַרק צעכליפּעט, ער איז געוואָרן בלייך, ווי אַ טוך, און האָט אַ־ן אַ רעגע אַרום אויך אַ פֿאַל געטאָן אין אָנמאַכט. מיסטער גלענאַרוואַן האָט אָפּגעטראָגן דאָס יאטל צו זיך אין קאַיוטע אַרײַן, ער האָט אים אַוועקגעלייגט צו זיך אַפֿן געלעגער, און דאָס יאטל איז נאָך דידאָזיקע איבערלעבונגען געלעגן שטאַרק פֿאַרטראָגן.

— אָרעמע יעסוימים! — האָט זיך דזשאָן מאַנגלס אָנגערופֿן.— באַשערט, אַז זיי זאָלן זיך אַזוי אומזיסט אָנמאַטערן.

— יאָ,— האָט מיסטער גלענאַרוואַן געענטפֿערט,— די שרעקלעכע פֿאַר־צווייפֿלטקייט זייערע האָט בײַ זיי אײַנצײַטיק אַרויסגערופֿן איינע און דיזעלבע האַליוציִנאַציע.

— אײַנצײַטיק בײַ ביידן! — האָט פּאַגאַנעל אַ שעפּטשע געטאָן.— דאָס איז דאָך שרעקלעכער פֿון שרעקלעך. קיין שום געלערנטער וואָלט ניט געגלויבט, ווען מע דערציילט עס אים..

בײַ די אָ רייד האָט זיך פּאַגאַנעל איבערגעבויגן איבער די פּאַרענטשעס. ער האָט איטלעכן אַ וויַיז געטאָן מיט אַ פֿינגער, ס'זאָל זײַן שטיל, און ער האָט זיך אַליין גענומען אײַנהערן. אָבער ס'האָט אַרום געהערשט אַ טויט־שטיל־שווײַגן. פּאַגאַנעל האָט געגעבן אַ רוף אין דער פֿינצטערניש, האָט אים קיינער גאָרניט געענטפֿערט.

— ווי איר ווילט זיך, אָבער דאָס איז זייער מאָדנע,— האָט דער געאָגראַף געשמאַלט, אַראָפּגייענדיק צו זיך אין קאַיוטע.— די קרויוועשאַפֿט פֿון געראַנקען און געפֿילן זײַנען דאָך ניט אימשטאַנד אַרויסצורופֿן אַזאַ מין וווּנדער.

אַפֿ מאָרגן, דעם 8־טן מאַרט, פֿינף אַזייגער פֿאַרטאָג, ווי דער מאָרגנשטערן האָט זיך נאָר פֿאַרנומען, זײַנען אַלע פּאַסאַזשירן, שוין ניט ריידנדיק וועגן מערי און ראָבערטן, אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די געלעגערס און מע איז אַרויס אַפֿ דער פּאַלובע. יעדערן האָט זיך גיכער געוואָלט כאַפּן אַ קוק אַפֿ דער יאַבאָשע.

אַלע בינאָקלען האָבן זיך זשעדנע אײַנגעקוקט אין דער ריכטונג פֿונעם אינדזל, די יאַכט־שיף האָט זיך געפֿונען אינגאַנצן איין מײַל פֿון דאָרטן. פּלוצים האָט זיך דערהערט ראָבערטס געשריי. דאָס יאטל האָט פֿאַרזיכערט, אַז ער זעט דאָרטן צוויי מענטשן, וואָס לויפֿן אַרום איבערן ברעג און מאַכן אַהער מיט די הענט, און דער דריטער פֿאָכעט מיט אַ פֿאָן.

— אַן ענגלישע פֿאָן! — האָט דזשאָן מאַנגלס אויסגערופֿן, ווי ער האָט נאָר אַ כאַפּ געטאָן די קוק־רער צו די אויגן.

— יאָ, יאָ, ס'איז עמעס! — האָט פּאַגאַנעל שוין אויך אויסגעשריגן אין זיך גלײַך אויסגעקערעוועט צו ראָבערטן.



אפן ברעג איז געשטאנען א הויכער און פעסטיקער פארשוין

— סער, — האט זיך ראבערט אנגערופן צו מיסטער גלענארוואנען און געציטערט מיט אלע איווורים, — אויב איר ווילט ניט איך זאל באלד זיך א ווארפ טאן אין יאם אריין, טא באפעלט מע זאל די רעגע ארופלאזן א שיפל. אכ, סער, איך פאל פאר אייך אפ די קני און בעט אייך, איר זאלט מיר דעם ערשטן דערלויבן ארופצוטרעטן אפ דער ערד!

מע איז אלע געווען אזוי פארוואונדערט, אז קיינער האט קיין ווארט פון מויל ניט געקענט ארויסברענגען. ווי איז עס מעגלעך! אפ אזא מין אינדזעלע, וואס איז פארווארפן אין דער מיט פונעם שטילן אקעאן, לעבן דריי מענטשן, וואס האבן געליטן א קאטאסטראפע, דריי ענגלענדער, און יעדערער האט זיך דערמאנט אין די געשעענישן פון דער פארגאנגענער נאכט און געטראכט וועגן דער שטים, וואס ראבערט מיט מערין האבן געהערט.

יעדערער באזונדער האט מיט גרויס שרעק געטראכט, וויאזוי וועלן עס די ארעמע קינדער איבערלעבן דידאזיקע שרעקלעכע אנטוישונג? וויאזוי שטעלט מען זיי אפ? מיסטער גלענארוואן האט ניט געהאט דערויף קיין מוט.

— גיכער אהער א שיפל! — האט ער באפוילן.

אין איין אויגנבליק איז שוין דאס שיפל געווען אפן וואסער. דעם קאפיטאן גראנטס קינדער, מיסטער גלענארוואן, דזשאן מאנגלס און פאגאנעל זיינען אהין אראפ, און דאס שיפל איז אפגעשטיגן. זעקס רודערס האבן גע־א־בעט מיט אלע קויכעס און האבן פלינק אפגעטראגן דאס שיפל פון דער יאכט־שיפ.

וואסערע צען קלאפטער פון ברעג האט מערי ארויסגעלאזט א הארצרייסנדיקן געשריי:

— מיין פאטער!

אפן ברעג איז צווישן די איבעריקע צוויי מענטשן געשטאנען א הויכער און קרעפטיקער פארשוין, זיין גוט און מוטיק געזיכט איז געווען גוואלדיק ענלעך אי אפ מערין, אי אפ ראבערט גראנטן.

דאס איז דאך ווירקלעך געווען דער זעלבער מענטש, וועלכן די קינדער האבן אזוי אפט אויסגעמאלט פאר די פריינט פאר זייערע. דער פארגעפיל האט זיי ניט אפגענארט. הייסט עס, אז דאס איז טאקע געווען זייער פאטער, הער קאפיטאן גראנט!

דער קאפיטאן, אז ער האט דערהערט מעריס אויסגעשריי, האט ער געגעבן א פאל אפן זאמד, ווי אן אונטערגעשניטענער.

—

## נײַנצנטע קאפּיטל

# דאָס אינדזל טאבאָר

פונ קיינ פרייד שטארבט מענ ניט, דערום זײַנענ ווי עס איז דער פּאָטער מיט ביידע קינדער געקומענ צו זיכ נאָכ פריִער, איידער מע האָט זיי באַוויזנ אריבערפירנ אפ דער יאכט־שיפ. די גאנצע מאנשאפט האָט געוויינט, צוקוקנדיק, ווי דידאָזיקע דרײַ נאָענטסטע פרײַנט זײַנענ איינער דעמ אנדערנ געפאלנ־אפ די העלדזער. הארי גראנט האָט מיט א ציטעריקער שטימ הייס באַדאנקט מיסטער גלענארוואנענ מיט דער גאנצער מאנשאפט פאר זײַנ רעטונג.

פאר דער קורצער ווײַלע, וואָס מע איז איבערגעפאָרנ צו דער יאכט־שיפ, האָבנ די קינדער באַוויזנ אויסצודערציילנ דעמ פּאָטער זייערנ אלצ, וואָס האָט פּאסירט מיט דער יאכט־שיפ „דונקאנ".

הארי גראנט האָט ניט געקענט אָפּרײַסנ די אויגנ פונ דער טאָכטער. ער האָט זיכ אליינ ניט געגלויבט, ווי שיינ און באַצויבערנדיק זי איז.

ער האָט עס די גאנצע צײַט געכאזערט צו זיכ אליינ און זיכ אלעמאָל אָנגערופנ צו מיסיס עלענ, זאָל זי אויכ זאָגנ. ער האָט זיכ געוואָלט איבערצײַגנ, אז זײַנע פּאָטערלעכע געפילנ פארבלענדזנ אימ ניט זײַנ בליק.

ער האָט מיט גרויס אנטציקונג באַקוקט דעמ זונ זײַנעמ.

— אכ, ווי ער איז עס אויסגעוואקסנ! דאָס איז דאָכ שוינ אנ עכטער מאנצפּארשוינ! — האָט ער אויסגערופנ מיט גרויס אנטציקונג. און ער האָט נאָכ־אמאָל אויסגעקושט ביידע קינדער זײַנע.

ראָבערט האָט פאָרגעשטעלט פארנ פּאָטער איינס נאָכ איינס אלע פרײַנט זײַנע. פאר יעדערנ פונ זיי האָט ער געפונענ א באַזונדער לויב. יעדערער איז אלציינס געווענ גוט און נאָענט פאר די אָרעמע קינדער. אז די ריי איז דער־גאנגענ צו דזשאָנ מאנגלסנ, איז דער יונגער קאפּיטאנ זייער רויט גע־וואָרנ, ניט ווינציקער ווי דאָס יונגע מיידל, און בעשאס ער האָט עפּעס געדארפט ענטפערנ הארי גראנטנ, האָט זײַנ קאָפּ אונטערגעציטערט פאר אופ־רעגונג.

עלענ האָט אויסדערציילט דעמ קאפּיטאנ גראנטנ אלצ ביז יעדעס פּיצעלע, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ מעשׂעכ פונ זייער רײַזע, און דעמ פּאָטערס הארצ האָט זיכ אָנגעפולט מיט אסאכ שטאָלצ פאר זײַנע קינדער.

הארי גראנט האָט זיכ דערוווּסט וועגנ די העלדנטאַטנ, וואָס זײַנ זונ האָט אויסגעוויזנ, און וועגנ דעמ, ווי ער האָט שוינ באַוויזנ טיילווײַז אויסצוצאָלנ דעמ טאטנס כויוו.

דערנאָכ האָט דזשאָנ מאנגלס גערעדט וועגנ מערי[illegible]ניט אוזעלכע אויסדרוקנ, אז הארי גראנט, וועלכער האָט שוינ סײַווי זיכ אלצ אָנגעשטויסנ אדאנק די אָנצוהערענישנ, וואָס מיסיס עלענ האָט אימ געגעבנ, האָט איצט פאר איטלעכנ אינ די אויגנ גענומענ דעמ יונגנ קאפּיטאנס פעסטע האנט און זי

פאַרייניקט מיט זײַנע טאָכטערס מילד העגנטל און זיך גלײַך געווענדעט צו מיסטער גלענאַרוואַנען און צו זײַן פרוי מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— איך בעט אײַך, מײַנע פרײַנד, באַגריסט דידאָזיקע צוויי קינדער!

נאָך דעם, ווי מע האָט שוין וועגן אַלץ גערעדט און אַרומגערעדט הונדערטער מאָל, האָט מיסטער גלענאַרוואַן דערציילט דעם קאַפּיטאַן גראַנטן וועגן אײַרטאָנען. דער קאַפּיטאַן גראַנט האָט באַשטעטיקט אַלץ דאָס, וואָס אײַרטאָן האָט געזאָגט.

— דאָס איז זייער אַ קלוגער און געוואַגטער מאַן, נאָר די לײַדנשאַפטן זײַנע האָבן אים געשטויסן אויף פאַרברעכנס. מעגלעך, אַז די איינזאַמקײַט און די חרטה וועלן אים צוריק אומקערן אויפן ריכטיקן וועג.

אָבער פריִער, איידער מע האָט איבערגעפירט אײַרטאָנען אויפן אינדזל מאַריאַ טערעזיאַ, האָט האַרי גראַנט געוואָלט, אַז די נײַע פרײַנד זײַנע זאָלן אים דאָרטן אָפּגעבן אַ וויזיט. ער האָט זיי איטלעכן אײַנגעלאַדן, זיי זאָלן באַזוכן זײַן הילצערנע הײַזקע און זיצן מיט אים אַ ווײַלינקע באַם טיש פונעם אָקעאַנישן ראָבינזאָן.

מיסטער גלענאַרוואַן מיט זײַנע כאַווײרים האָבן גערן אָנגענומען דידאָזיקע אײַנלאַדונג. ראָבערט און מערי זײַנען מאַמעש אויסגעגאַנגען, אַזוי האָבן זיי געוואָלט זען דאָס אָרט, וווּ דער פאָטער זייערער האָט אַזוי לאַנג געשמאַכט.

מע האָט ווידעראַמאָל אַראָפּגעלאָזט אַ שיפל, און דער פאָטער מיט ביידע קינדער, מיסטער גלענאַרוואַן מיטן ווײַב, דער מאַיאָר, דזשאָן מאַנגלס און פּאַגאַנעל זײַנען אָפּגעפאָרן צום אינדזל.

מע האָט מער ניט געדאַרפט ווי עטלעכע געציילטע שעה אויף אַרומקוקן האַרי גראַנטס אַלע גיטער. אייגנטלעך גערעדט, האָט דאָס אינדזל מיט זיך פאָרגעשטעלט בלויז אַ שפּיץ פון אַן אונטערוואַסערדיקן באַרג. אין דער עפּאָכע, ווען די ערד־שאָלעכץ האָט זיך אויסגעבילדעט, האָט דערדאָזיקער באַרג זיך אויפגעהויבן פון די שטיל־אָקעאַנישע וואַסערן און אין משך פון אַסאַך יאָרהונדערטער איז דערדאָזיקער ווולקאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוויינלעכן באַרג. דערנאָך האָט זיך דאָ אויסגעבילדעט גוטע שוואַרץ־ערד, ס'האָבן דאָ גענומען וואַקסן פאַרשיידענע געוויקסן. די וואַלפיש־פאַנגער האָבן אַהער פאַרפירט אייניקע היימישע באַלעכאַיִם, ציגן, כאַזיירים, וואָס האָבן זיך דאָ צעפּראָכפּערט און זײַנען פאַר דער צײַט ווילד געוואָרן.

אַזוי אַרום האָבן דאָ אַלע דרײַ נאַטור־קעניגרײַכן, — די מינעראַלע, די געוויקסנדיקע און די באַלעכאַיִמדיקע — זיך אַנטוויקלט אויף דעמדאָזיקן פאַרוואָרפענעם אינדזעלע, אין דער מיט פונעם שטילן אָקעאַן.

און ווי נאָר די קאַטאַסטראָפע־געליטענע האָבן זיך דאָ אַראָפּגעוויזן, איז שוין די מענטשישע האַנט געקומען דער נאַטור צוהילף. פאַר צוויי מיט אַ האַלבן יאָר האָבן האַרי גראַנט מיט זײַנע צוויי מאַטראָסן געמאַכט דאָס אינדזל ניט צום דערקענען. די גוט־באַאַרבעטע ערד האָט אָנגעהויבן אַרײַנברענגען זייער גרויסע געררעטענישן.

די געסט האָבן באזוכט זייער שטוב, וואָס איז געשטאנען אונטערן שאָטן פון צעצווייגטע גומי־ביימער, לעם די סאמע פענצטער האָט זיך געשפרייט דער ברעגלאָזער יאם, וואָס איז געווען באלויכטן מיט די בלענדזנדיקע זונען־שטראלן. הארי גראנט האָט געהייסן מע זאָל אריבערטראָגן דעם טיש אונטער א שאָטנדיקן בוים, און אלע האָבן זיך דאָרטן אויסגעזעצט. דאָס געבראָטנס פון שעפסן־פלייש, נארדו*, ציגנ־מילך, צוויי־דריי וואָרצלען פון ווילדער ציקאָריע און ריין פריש וואסער, אָט פון דעם אלעמען איז באשטאנען דער איינפאכער מיטעק.

פאגאנעל איז געווען גוואלדיק אנטציקט.

די אלטע געדאנקען זיינען וועגן דעם, אז ס׳איז בעסער צו לעבן א ראָבינזאָניש לעבן, האָבן זיך ווייטער א רודער געטאָן בא אים אין מויעך.

— איר זיינט כאָטש א מיוון, ווי ס׳האָט אָפגעגליקט דעמדאָזיקן שווינדלער, איירטאָנען, מיין איך. דאָסדאָזיקע אינדזל איז דאָך מאמעש אן עמעס באניידנ־ווינקעלע! — האָט ער זיך אָנגערופן.

דערנאָך האָט דער קאפיטאן גראנט, לויט איטלעכנס ביטע, דערציילט די געשיכטע פון די דריי, וואָס זיינען לעבן געבליבן נאָך „בריטאניעס״ קאטאסטראָפע.

— אונדזער געשיכטע, — האָט הארי גראנט אָנגעהויבן, — איז ענלעך אף דער געשיכטע פון אלע מינים ראָבינזאָנעס, וואָס פאקן זיך אף פארלאָזענע אינדזלען און וואָס מוזן סאָפקאָלסאָפ פארשטיין, אז אינעם קאמפ מיט די נאטור־קויכעס קענען זיי אף קיינעם מער ניט אויסרעכענען, ווי נאָר אף זיך זעלבסט.

די נאכט פונעם 26־טן אנטקעגן 27־טן יונ 1852־טן יאָר איז „בריטאניע״ צעבראָכן געוואָרן אינעם שרעקלעכן שטורעם, וואָס האָט זיך געצויגן זעקס מעסלעס אָן אופהער. אומגעקומען איז די שיפ לעם די אונטערוואסערדיקע פעלדזן פון מאריא טערעזיא. דער יאם האָט שרעקלעך געבושעוועט, און די גאנצע מאנשאפט איז אומגעקומען אין די כוואליעס אויסער אונדז, דאָס מיינט מען, מיך מיט די צוויי מאטראָסן באָב לירס און דזשאָ בעל. מיר האָבן זיך צוואנציק מאָל געבעריעט און ערשט אפן איינונצוואנציקסטן מאָל האָט זיך אונדז איינגעגעבן ארופכאפן זיך אפן ברעג. די ערד, אף וועלכער מיר זיינען ארופ, האָבן מיר זיך ארומגעזען, איז געווען א פארלאָזט אינדזעלע, וואָס האָט געהאלטן צוויי מייל די לענג און פינף די ברייט. אפן אינדזל זיינען געוואָקסן עטלעכע צענדליק ביימער, ס׳האָבן זיך געפונען א צוויי־דריי לאָנקעלעך און א קוואל זיס וואסער, וואָס האָט זיך, צום גליק, קיינמאָל ניט אויסגעשעפט.

מיר האָבן דערזען, אז מיר געפינען זיך אין עק וועלט, אָבער דאָך האָבן מיר געטריבן פון זיך די פארצווייפלונג. מיינע כאווײרים לויטן גורל, באָב און דזשאָ, האָבן מיר מיט אלע זייערע קויכעס אין אלץ געהאָלפן.

---

* ברויט-בוים.

אָנגעהויבן האָבן מיר פֿון דעם, וואָס דאַניעל דעפֿאָעס ראָבינזאָן קרוזאָ האָט אָנגעהויבן. דאָס הייסט, מיר האָבן זיך א נעם געטאָן ארויסצוראַטעווען די ברוך־שטיקער פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע. אונדז האָט זיך איינגעגעבן ארויסצוראַטעווען אביסל געפֿעס, אביסל פּולווער, געווער, א זאַק מיט קערנער. די ערשטע טעג זיינען געווען זייער שווערע, אָבער אינגיכן האָבן דאָס געיעג און דער פֿישפֿאַנג אונדז אָנגעהויבן געבן אַלדאָס נייטיקע צום לעבן. די ווילדע ציגן האָבן זיך דאָ געמערט אויף די זאַפֿטיקע גרינע לאָנקעס, און אויפֿן ברעג האָבן מיר געהאַט גענוג יאַמישע באַלעכאַיִם, אזוי, אז וואָס אמאָל ווייטער האָט זיך דאָס לעבן אונדזערס אַלץ מער איינגעאָרדנט.

אזויווי ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצוראַטעווען אייניקע אַסטראָנאָמישע מאַכשירים, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט איינצושטעלן דאָס אָרט, ווו דאָס אינדזל געפֿינט זיך.

מיר האָבן גוט געזען, אז אונדזער אינזל שטייט ניט לעבן די שליאַכן פֿון די שיפֿן און ראַטעווען קען אונדז נאָר דער צופֿאַל.

געאַרבעט האָבן מיר זייער פֿלייסיק. אינגיכן האָבן מיר א גאַנץ היפּשן ערד־קיילעך געהאַט פֿאַרזייט מיט די קערנער, וואָס מיר האָבן אַראָפּגעראַטעוועט פֿון „בריטאַניע". קאַרטאָפֿל, ציקאָריע, שפּינאַט און אַנדערע גאָרטן־וואַרגן האָבן מיר געקריגן אַלס צוגאָב צו אונדזער אַלגעמיינער דערנערונג; דערנאָך האָבן מיר צוגעוווינט צום שטוב עטלעכע ווילדע ציגן, איז שוין בא אונדז צוגעקומען אי מילך, אי פּוטער. דער נאַרדו, וואָס וואַקסט דאָ זייער געדיכט אויפֿן גרונט פֿון די איבערגעטריקנטע טייכלעך, האָט אונדז געגעבן גענוג נישקאָשעדיקן ברויט.

אָט אזויאַרום האָט זיך דאָס לעבן אונדזערס גאַנץ פֿיין איינגעאָרדנט.

פֿון „בריטאַניעס" ברוכשטיקער האָבן מיר זיך צונויפֿגעשטעלט א שטוב און מיר האָבן זי געדעקט מיט גוט דורכגעפּעכיקטער פֿאַרוסינע. בא אזא מין לאַגע האָבן מיר שוין רויִק געקענט אויפֿנעמען דעם רעגן־סעזאָן.

פֿון אָנפֿאַנג איז מיר געהאַט איינגעפֿאַלן א געדאַנק, מיר זאָלן אויסבויען א שיפֿל פֿון „בריטאַניעס" ברוכשטיקער און מיר זאָלן זיך לאָזן אויף דעם שווימען. אָבער צו דער נאָענסטער ערד, דאָס הייסט, צו דעם אַרכיפּעלאַג פּאומאָטו האָבן מיר נאָך געהאַט א שטרעקע פֿון אַנדערהאַלבן טויזנט מייל. קיין שום שיפֿל וואָלט ניט געווען אימשטאַנד אויסצוהאַלטן אזא מין לאַנגע רייזע. אזוי, אז איך האָב זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון דעמדאָזיקן געדאַנק און האָב זיך פֿאַרלאָזט מיט אונדזער רעטונג אויפֿן גויו״ל.

אַך, מיינע טייערע קינדער, ווען איר זאָלט נאָר וויסן, ווי אָפֿט מיר זיינען געשטאַנען אויפֿן שפּיץ פֿונעם פֿעלדז און זיך געטרייסט מיטן טרוים, אז מיר וועלן ווען עס איז דערזען א שיף. פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון אונדזער געצוווּנגענער פֿאַרוואָגלטקייט האָט עפּשער צוויי אָדער דריי מאָל דורכגעשווינדלט א זעגל אויפֿן האָריזאָנט. ער פֿלעגט דורכשווינדלען און פֿאַרשווּנדן ווערן. אָט אזוי זיינען דורכגעגאַנגען צוויי מיט א האַלבן יאָר. די צייט האָט

אונדז שוין אפילע אנטוווינט פון די האָפענונגען. אָבער דאָך זײַנען מיר ניט ארײַנגעפאַלן אין קיין פאַרצווייפלונג.

און שטעלט זיך פאָר, אז נעכטן אינאָווענט קריך איך ארויף אפן שפּיץ פעלדז און דערזע פּלוצים צו מײַרעוו־צו א לײַכט רויכעלע. און נאָך מער, דאָס רויכעלע האָט זיך אין איין דערנענטערן אהער. אינגיכן האָב איך אויך דערזען די שיף אליין. צי דען קלײַבט זי זיך אָפּשטעלן לעם דעם אינדזעלע, ווו מע קען אפילע ניט פארווארפן קיין אנקער?

אך, ווער קען זיך פאָרשטעלן די פײַנלעכקייט פון דערדאָזיקער ווארטע־ניש! דאָס הארץ איז מאמעש פארשטאָרבן געוואָרן אונטער דער ברוסט... מײַנע כאוויירים האָבן אָנגעצונדן פײַער אף די צוויי העכסטע פעלדזן פון מאריא־טערעזיא. און דאָ איז אָנגעקומען די נאכט. די פאסאזשירן פון דער יאכט־שיף האָבן מיט קיין זאך ניט ארויסגעוויזן, אז זיי געפינען זיך אף דער שיף, אף דערדאָזיקער שיף, פון וועלכער די רעטונג אונדזערע הענגט איצטער אָפּ. צי דען וועט אויך דידאָזיקע לעצטע האָפענונג אונדזערע אויסגעוועפּט ווערן, ווי דער רויך? איך האָב זיך שוין מער ניט געוואקלט, די יאכט־שיף קען דאָך נאָך נעמען אינמיטן באנאכט און פארלאָזן דאָס אינדזל, האָב איך קיין סאך ניט געקלערט, איך בין ארײַנגעשפּרונגען אין יאם ארײַן און זיך געלאָזט שווימען אהין. די האָפענונג האָט מיר פארדאָפּלט מײַנע קויכעס. מיט אן איבערמענטשלעכער קראפט האָב איך פאנאנדערגעהאקט די כוואליעס און בין געשווומען און געשווומען. איך האָב זיך דערנענטערט צו דער יאכט־שיף. מער ניט ווי זעכציק מעטער האָבן שוין מיך געהאט אָפּגעטיילט פון איר, אָבער פּלוצים האָט די שיף זיך אויסגעדרייט און איז אָפּגעשווומען אָן א זײַט.

דאן האָב איך פארצווייפלט גענומען שרײַען, און דאָס זײַנען געווען די געשרייען, וואָס די קינדער מײַנע האָבן דערהערט.

אין אָנמאכט האָב איך זיך אומגעקערט צום ברעג. איך בין געווען פאר־מאטערט סײַ פון פארצווייפלונג, סײַ פון מידקײַט. באָב לירס און דזשאָ בעל האָבן מיך ארופגענומען קוים א לעבעדיקן אפן ברעג. דידאָזיקע נאכט איז געווען די סאמע שרעקלעכסטע פון די אלע נעכט, וואָס אונדז איז אויסגע־קומען צו פארברענגען אפן אינדזל. וואָרום איצט, האָט זיך אונדז אויסגע־דאכט, וועט אונדז שוין באשערט זײַן אייביק צו פארבלײַבן אפן דאָזיקן אינדזל...

אָבער גאנצפרי האָבן מיר דערזען, אז די יאכט־שיף דערנענטערט זיך צו אונדז מיט א שטילן גאנג. איך האָב דערזען, ווי מע לאָזט אראָפּ א שיפל אפן וואסער און דערפילט, אז מיר זײַנען געראטעוועט!

מײַנע קינדער, מײַנע טײַערע קינדער האָבן צעעפנט פאר מיר זייערע אָרעמס.

הארי גראנט האָט געענדיקט זײַן דערציילונג, און מערי מיט ראָבערטן האָבן אים הייס ארומגעהאלדזט. ערשט איצט האָט זיך דער קאפּיטאן דער־וווסט, אז פאר זייער רעטונג האָט ער זייער אסאך צו פארדאנקען דעם דאָ־קומענט, וועלכן ער האָט ארײַנגעלייגט אין פלאש ארײַן אכט טעג נאָך דער קאטאסטראָפע און האָט זי אָפּגעלאָזט אף די כוואליעס באראָט.

וועגנ וואָס האָט עס געטראַכט זשאַק פאגאנעל, בעשאַס ער האָט די גאַנצע צײַט געהערט דעם קאַפּיטאַנס דערציילונג? דער געלערנטער געאָגראַפ האָט איצט מיסטאָמ דאָס טויזנטסטע מאָל אויפגעשטעלט אינ געדאַנק יעדעס וואָרט פונעם דאָקומענט, ער האָט זיכ דערמאַנט איינס נאָכנ אַנדערנ זײַערע אויסטײַטשונגען, וואָס האָבנ זיכ אַלע אַרויסגעוויזנ פאַר פאַלשע. וויאַזוי־זשע האָט מאַריאַ טערעזיאַ געקענט זײַנ באַצייכנט אויפ דידאָזיקע האַלב־צעפּאַטערטע פּאַפּירלעכ? ער האָט זיכ שוינ מער ניט געקענט אײַנהאַלטנ און געגעבנ אַ כאַפּ אָנ דעם קאַפּיטאַנ פאַרנ אַרבל:

— קאַפּיטאַנ! — האָט ער אויסגערופנ, — זאָגט־זשע מיר, סאָפּקאָלסאָפּ, וואָס האָט איר געהאַט אָנגעשריבנ אינ דעם רעטענישפולנ דאָקומענט?

די דאָזיקע פראַגע האָט מיסטאָמאָל דערוועקט איטלעכנס נײַגעריקײַט, אַלע האָבנ זיכ געוואָלט דערוויסנ די געהיימניס, וואָס האָט געמאַטערט די גאַנצע מאַנשאַפט אינ משעכ פונ די לאַנגע נײַנ כאָדאָשימ צײַט.

— איר געדענקט כאָטש דעם פּינקטלעכנ טעקסט פונעם דאָקומענט? — האָט פאגאַנעל אַ פרעג געטאָנ באַמ קאַפּיטאַנ גראַנט.

— אַוואַדע געדענק איכ, — האָט האַרי גראַנט געענטפערט. — ס'איז ניט אַוועק קיינ טאָג אַפילע איכ זאָל ניט איבערכאַזערנ דידאָזיקע ווערטער אינ געדאַנק. דידאָזיקע ווערטער זײַנען געווענ די איינציקע האָפענונג אונדזערע אויפ געראַטעוועט צו ווערנ.

— וואָס־זשע זײַנען עס געווענ פאַר אַ ווערטער? — האָט מיסטער גלענאַרוואַנ אַ פרעג געטאָנ. — דערציילט גיכער, וואָרומ אונדזער נײַגעריקײַט גייט אַריבער אַלע ברעגנ.

— שוינ דערצייל איכ אײַכ, — האָט האַרי גראַנט געענטפערט, — נאָר איר דאַרפט וויסנ, אַז קעדיי צו פאַרמערנ די שאַנסנ אויפ געראַטעוועט צו ווערנ, האָב איכ אַרײַנגעלייגט אינ פלאַש אַרײַנ דאָקומענטנ, וואָס זײַנען געווענ אָנגעשריבנ אויפ דרײַ שפּראַכנ. וועלכנ פונ זיי ווילט איר זאָל איכ אײַכ איבערלייענענ?

— וואָס הייסט, זיי זײַנען דענ ניט געווענ אַלע פונ איינ און דעמזעלבנ אינהאַלט? — האָט פאגאַנעל אויסגעשריגנ.

— אַנ אויסנאַם איז געווענ נאָר אינ איינ וואָרט.

— כאָ לייענט אונדז איבער דעם דאָקומענט, וואָס איז געווענ געשריבנ אויפ פראַנצויזיש, ווײַל דער יאַמ האָט אימ געשוינט מער ווי די אַלע איבעריקע און פּונקט דערדאָזיקער דאָקומענט האָט אונדז געדינט אַלס גרונט פונ אַלע אונדזערע אויסטײַטשונגען.

— טאָ הערט, — האָט האַרי גראַנט געענטפערט, — אָט וועל איכ אײַכ אימ אָפּזאָגנ וואָרט אינ וואָרט:

— „דעם 27־סטנ יונ 1862־טנ יאָר האָט די דרײַמאַסטיקע שיפ „בריטאַניע" פונ גלאַזגאָ געליטנ אַ קאַטאַסטראָפע אַנדערהאַלבנ טויזנט מײַל

נאָך די ברעגן פון פאַטאַגאָניע אינעם דאָרעמדיקן-האַלב־קײַלעך. דעם קאַפּיטאַן און זײַנע צוויי מאַטראָסן האָט זיך אײַנגעגעבן דערקלײַבן צום אינדזל טאַבאָר...״

— וואָס הייסט ?! — האָט פּאַגאַנעל אויסגערופן.

— „דאָרטן, — האָט דער קאַפּיטאַן גראַנט פאָרגעזעצט, — איבערלעבנדיק די באַשטענדיקע אַכזאָריִעסדיקע נויט, האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן אין יאַם אַרײַן דעמדאָזיקן דאָקומענט. די קאָאָרדינאַטן פונעם אינדזל 153 גראַד לענג און 37 גראַד 11 מינוט ברייט. ווײַזט זיי אַרויס הילף, אָדער זיי וועלן אומקומען״.

באַם וואָ־ט טאַבאָר איז פּאַגאַנעל אופגעשפּרונגען, ער איז שוין מער ניט געווען אימשטאַנד אופצוהאַלטן זײַן איפּמעט און האָט אויסגעשריגן:

— סטײַטש, וואָס הייסט, דאָס אינדזל טאַבאָר?! אָבער דאָס איז דאָך דער אינדזל מאַריאַ־טערעזיאַ!

— איר זײַנט זייער גערעכט, הער פּאַגאַנעל, — האָט האַרי גראַנט געענטפערט. — אויף די ענגלישע און דײַטשישע מאַפּעס ווערט דאָסדאָזיקע אינדזל אָנגערופן מאַריאַ טערעזיאַ, אָבער אויף די פראַנצויזישע איז עס אומעטום באַצייכנט ווי דאָס אינדזל טאַבאָר.

אין דער אָ רגע האָט אַ שווערער פויסט זיך אַראָפּגעלאָזט פּאַגאַנעלן אויפן אַקסל. פּאַגאַנעל האָט זיך אויש צוגעזעצט. מע מוז זאָגן דעם עמעס, אַז דעמדאָזיקן זעץ האָט אים געשענקט דער מאַיאָר, אַ מענטש, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אויף זײַן לעבן אַרויס פון די קיילים.

— אויך מיר אַ געאָגראַף! — האָט זיך מאַק־נאַבס אָנגערופן מיט אַ טאָן פון גרעסטער פאַראַכטונג.

אָבער פּאַגאַנעל האָט אפילו ניט געפילט דעם קלאַפּ, וואָס ער האָט געכאַפּט, — ווײַל וואָס האָט עס באַדײַט אין פאַרגלײַך מיט דעם קלאַפּ, וואָס די אייגנליבע פונעם געלערנטן האָט נאָר וואָס געליטן?! כאָטש אַז מע וויל זאָגן, איז ער דאָך די גאַנצע צײַט באַם שיפרירן דעם דאָקומענט ניט אָפּגעגאַנגען צו ווײַט פונעם עמעס. איינס נאָכן צווייטן, סײַ פּאַטאַגאָניע, סײַ אויסטראַליע, סײַ ניי־זעלאַנד, האָבן זיך אים אויסגעוויזן, זײַנען די אומבאַשטרײַטבאַרע ערטער, ווו די שיף האָט געליטן די קאַטאַסטראָפע.

און בלויז דאָס איינ־און איינציקע האַלב־אָפּגעריבענע וואָרט abor האָט אָפּגענאַרט דעם דערפאַרענעם געאָגראַף. פּאַגאַנעל האָט געהאַלטן די גאַנצע צײַט, אַז דאָס איז אַ טייל פונעם פראַנצויזישן וואָרט aborder (צושטײַגן), אין דער צײַט, ווען דאָס איז אַן אייגננאָמען, דער נאָמען פונעם אינדזל טאַבאָר. נו, אָבער גיי טרעף אויעלכס, בעשאַס אויף אַלע „דונקאַנישע״ מאַפּעס איז דאָסדאָזיקע אינדזל געווען באַצייכנט מיטן נאָמען מאַריאַ־טערעזיאַ.

— ס'איז אָבער קיין טערעץ ניט! — האָט פּאַגאַנעל געשריגן און אויס־

געריסן באַ זיך גאַנצע זשמוטן האָר פון קאָפּ.— ווער־ווער, איך האָב ניט געטאָרט פאַרגעסן דעמדאָזיקן צוויייענדיקן נאָמען! דאָס איז זייער אַ גראָבער טאָעס, אַ טאָעס, וואָס פּאַסט בעשומויפן ניט פאַרן סעקרעטאַר פון דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט! אַ שאַנדע, אַ שאַנדע!

— ליבער פּאַגאַנעל,— צו וואָס זאָלט איר זיך אַזוי נעמען צום האַרצן!— האָט אים מיסיס עלען געוואָלט טרייסטן.

— ניין, מיסיס, ניין! איך בין אַ נישטיקער אייזל!

— און אַפילע ניט קיין געלערנטער אייזל!— האָט דער מאַיאָר, ווי מיטליַיד, צוגעגעבן.

ווי מע איז נאָר פאַרטיק געוואָרן מיטן מיטעק, האָט האַרי גראַנט צוגעקליבן זיַין וווינונג. ער האָט פונדאַרטן גאָרניט ניט צוגענומען מיט זיך, וויַיל ער האָט געוואָלט, אַז דער פאַרברעכער זאָל באַקומען די גאַנצע ירושע פון אַן ערלעכן מענטשן אין דער פולסטער אָרדענונג.

אַלע האָבן זיך אומגעקערט אויף דער יאַכט־שיף. מיסטער גלענאַרוואַן האָט געהאַט בעדייע נאָך דעמזעלבן טאָג זיך לאָזן צוריק אין וועג אַריַין, און ער האָט אָפּגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסזעצן איַירטאָנען.

מע האָט געבראַכט צו פירן דעם געוועזענעם באָצמאַן אויף דער פּאַלובע און ער איז געבליבן שטיין אויג אויף אויג מיט האַרי גראַנטן.

— וואָס מאַכט איר עפּעס, איַירטאָן?— האָט זיך האַרי גראַנט אָנגערופן.

— דאָס זיַינט איר, קאַפּיטאַן?— האָט איַירטאָן געענטפערט, און מע האָט ניט געזען אויף זיַין פּאָנעם קיין סימען פון קיין פאַרוווּנדערונג.— איך בין זייער גערן, וואָס איך זע איַיך געזונט און לעבעדיק.

— זעט איר שוין, איַירטאָן, אַז איך בין באַגאַנגען אַ פעלער מיט דעם, וואָס איך האָב איַיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ באַוווינטער ערד?

— איך מיין אויך אַזוי, קאַפּיטאַן.

— איצט וועט איר פאַרנעמען מיַין פּלאַץ אויף דעמדאָזיקן ליידיקן אינדזל. איך האָף, אַז איר וועט דאָ האָבן גענוג ציַיט אויף כאַראָטע האָבן אויף אַלץ דאָס בייזע, וואָס איר האָט פאַרשאַפט די איבעריקע מענטשן.

— אַלץ קען געשען,— האָט איַירטאָן רויִק געענטפערט.

דאָ האָט זיך מיסטער גלענאַרוואַן געווענדעט צום געוועזענעם באָצמאַן:

— באַשטייט איר נאָך איצט אויך אויף איַיער פאַרלאַנג, מע זאָל איַיך אַרויסזעצן אויפן אומבאַוווינטן אינדזל?— האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, סער.

— דאָס אינדזל טאַבאָר אָרדנט איַיך איַין?

— פולקום.

— טאָ הערט־זשע אויס, איַירטאָן, מיַינע לעצטע ווערטער. איר וועט דאָרט דאָ זיַין אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער מענטשהיַיט. ניסים טרעפן זיך זעלטן, און ווער ווייסט, צי ס'וועט זיך איַיך איַינגעבן פונדאַנען צו אַנטלויפן. מע דאַרף רעכענען, אַז איר וועט דאָ זיַין אינגאַנצן איינזאַם, אויג אויף אויג מיט

אײַער אײגענעם געװיסן. נאָר אין קעגנזאַץ צום ־קאַפּיטאַן גראַנטס זײַן־דאָ, װעט אײַער זײַן־דאָ האָבן די אײנע מײַלע, װאָס מע װעט װיסן פֿון אײַך און מע װעט אײַך געדענקען. איר האָט גראָדע ניט פֿאַרדינט אַזעלכס, אַז מענטשן זאָלן װעגן אײַך געדענקען, אָבער דאָך װעלן זײ עס טאָן פֿון אײַערט־װעגן. איך װײס, אײַרטאָן, װו איר געפֿינט זיך; איך װעל װיסן, װו אײַך צו געפֿינען, און איך זאָג אײַך צו, אַז איך װעל אײַך ניט פֿאַרגעסן.

— איך דאַנק אײַך, סער,— האָט אײַרטאָן באַשײדן געענטפֿערט.

דאָס זײַנען געװען די לעצטע װערטער, װאָס מיסטער גלענאַרװאַן און דער געװעזענער באָצמאַן האָבן אָפּגעזאָגט אײנער דעם אַנדערן. דאָס שיפֿל איז שױן געװען אַראָפּגעלאָזט אױפֿן װאַסער, און אײַרטאָן איז אַהין אַראָפּ.

דזשאָן מאַנגלס האָט באַצײַטנס איבערגעפּעקלט אױפֿן אינדזל עטלעכע קאַסטנס קאָנסערװן, אײניקע זאַכן פֿון געפֿעס און אַ גרױסן רעזערװ פּולװער און קױלן. אײַרטאָן האָט געהאַט די פֿולע מעגלעכקײַט אָנצוהײבן אַ נײַ האָרעפּאַשנע לעבן. אַלץ דאָס נױטיקע האָט מען אים מיטגעגעבן, אַפֿילע ביכער.

ס׳איז אָנגעקומען די שעה, װאָס מע האָט זיך געדאַרפֿט שײדן מיט דעם מענטשן. די מאַנשאַפֿט און די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צונױפֿגעקליבן אױף דער פּאַלובע. בײַ דעם גרעסטן טײל צושױער האָט פֿאַרקװעטשט דאָס האַרץ אונטער דער ברוסט. מערי גראַנט און מיסיס עלען האָבן ניט געקענט באַהאַלטן זײערע טרערן.

אין העמדאָזיקן מאָמענט האָט דזשאָן מאַנגלס אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע, און דאָס שיפֿל איז אָפּגעשטױגן פֿון דער יאַכט־שיף.

אײַרטאָן האָט, אין שיפֿל שטײענדיק, אַראָפּגענומען דעם הוט און זיך פֿײַערלעך פֿאַרנױגט. מיסטער גלענאַרװאַן און די גאַנצע מאַנשאַפֿט האָבן אַנטבלױזט די קעפּ, װי לעם אַ גױסעסדיקנס בעט, און דאָס שיפֿל איז אָפּגעשטױגן בײַ אַ טױטער שטילקײַט פֿון אַלע אָנװעזנדע.

## צװאַנציקסטע קאַפּיטל

# זשאַק פּאַגאַנעלס לעצטע צעשטרײַטקײַט

אין עלף טעג אַרום נאָך דעם, װי די יאַכט־שיף איז אָפּגעשװומען פֿונעם אינדזל טאַבאָר, איז זי אָנגעקומען צו די אַמעריקאַנישע ברעגן. דאָס איז פֿאָרגעקומען דעם 18־טן מאַרט. אױף מאָרגן האָט שױן „דונקאַן" פֿאַרװאָרפֿן דעם אַנקער לעם דער בוכטע טאַלקאַגואַנאַ.

די יאַכט־שיף האָט זיך אומגעקערט אַהערצו נאָך אַ נײַנכאַדאָשימדיקער רײַזע איבער דער 37־טער פּאַראַלעל, דורכמאַכנדיק אַ רײַזע אַרום דער װעלט. די עקספּעדיציע־אָנטײלנעמער האָבן באַזוכט די פּאַמפּאַסן, טשילי, די אַרגענטינישע רעפּובליק, דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, זײ זײַנען געװען אױף די אינדז־

לענ טריסטאנ ד'אקוניא, אינעם אינדישנ אָקעאנ, אפ די אמסטערדאמער אינדז־לענ, אינ אווסטראליע, אינ ניי־זעלאנד, אפנ אינדזל טאבאָר און אינעם שטילנ אָקעאנ. זייערע אָנשטרענגונגענ האָבנ זיכ געענדיקט מיט דערפאָלג און איצט קערנ זיי זיכ אום צו זייער פאָטערלאנד מיט דעמ, וואָס באַ זיי אפ דער שיפ געפינענ זיכ די, וואָס האָבנ געליטנ אפ „בריטאניע" די קאטאסטראָפע.

אלע די, וואָס האָבנ זי· געלאָזט זוכנ דעם קאפּיטאנ גראנט, קערנ זיכ אום צו זיכ אינ פאָטערלאנד גאנצ און געזונט.

„דונקאנ" האָט אינ טאלקאגואנא זיכ באזאָרגט מיט אלעם נויטיקנ, דערנאָכ האָט זי דורכגעלאָזט די פּאטאגאָנישע ברעגנ, האָט ארומגעבויגנ דעם קאפ האָרנ און איז אוועקגעשווומענ איבער די וואסערנ פונעם אטלאנטישנ אָקעאנ. זעלטנ־וועלכע רייזע איז דורכגעגאנגענ אזוי גרינג און רויִק, ווי די איצטיקע. ס'האָט זיכ אויסגעדוכט, אז די איינציקע פראכט, מיט וועלכער די יאכט־שיפ איז איצט אָנגעלאָדנ, איז געווענ די גרויסע פרייד, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער פונ אירע אלע פּאסאזשירנ.

דאָ, אפ דער שיפ האָבנ שוינ מער ניט עקזיסטירט קיינ אומגעלייזטע רעטענישנ, קיינ שום באהאלטענע געהיימנישנ. אפילע דזשאָנ מאנגלס ליבע מיט מערי גראנט איז שוינ אויכ געוואָרנ אויס סאָד פאר די ארומיקע.

אָבער דאָכ האָט נאָכ עקזיסטירט איינ קלייניקע רעטעניש, וואָס מאק־נאבס האָט עס די גאנצע ציַיט געארט: פארוואָס בייט עס פּאגאנעל ארום די גאנצע ציַיט אזוי פארוויקלט, אזוי אייַנגעשפּיליעט אפ אלע קנעפּ, אז דער האלדזטוכ דערלאנגט אים מאמעש ביז דער סאמע נאָז, און דער שאליק — שיר ניט ביז די סאמע אויערנ?

דער מאיאָר איז מאמעש אויסגעגאנגענ, אזוי האָט ער זיכ געוואָלט דער־וויסנ די סיבע פונ דערדאָזיקער מאָדנער אופירונג. אָבער ניט געקוקט אפ אלע זיַינע פראגנ און אָנצוהערענישנ, האָט דאָכ פּאגאנעל ניט אויסגעזאָגט דעם סאָד, פארקערט, ער האָט נאָכ שטארקער פארוויקלט דעם האלדז מיט דעם קאשנע, אפילע דאנ, ווענ „דונקאנ" האָט איבערגעהאקט דעם עקוואטער און דער פּעכ אפ די ביימער האָט זיכ געשמאָלצנ אינ דער פּופּציקגראדיקער היצ, האָט ער אויכ דעם שאליק פונ זיכ ניט אראָפּגענומענ.

— ער איז אזוי צעשטריַיט, — האָט מאק־נאבס געטיַינעט, בעשאס ער פלעג דערזענ, ווי דער געלערנטער געאָגראפ האלט זיכ אינ איינ קוטענ אינ זיַינ ברייטנ מאנטל, — אז ער קער מיינענ, אז מיר געפינענ זיכ איצט אינ סיביר.

ענדלעכ האָט דזשאָנ מאנגלס דעם נייַנטנ מיַי, צוויי און פופציק טעג נאָכ דעם, ווי די יאכט־שיפ איז ארויסגעגאנגענ פונ דער בוכטע טאלקאגואנא, דער־זענ די פיַיערנ פונעם קאפ קליר. די יאכט־שיפ איז אריַינגעגאנגענ אינעם הייליקנ געאָרגי־קאנאל, זי האָט איבערגעהאקט דעם אירלענדישנ יאם און דעם 16־טנ מיַי איז זי שוינ געווענ אינעם קליַידישנ אויסגוס. עלף אזייגער האָט מענ פארוואָרפנ דעם אנקער אינ דומבארטאָרנ און צוויי אזייגער באנאכט זיַינענ שוינ אלע פּאסאזשירנ פונ דער יאכט־שיפ געווענ באַ זיכ אינ מאלקאָלם־

קעסטל, ווו זיי זײַנען באַגעגנט געוואָרן דורך די פײַערלעכע אורא־אויסגע־שרייען פון אַלע שטוב־אײַנוווינער.

ווי איר זעט, איז אַזוי געווען באַשערט, אַז האַרי גראַנט מיט זײַנע ביידע כאַווײרים זאָלן געראַטעוועט ווערן. אָבער דאָ האָט דאָך געטראָפן נאָך אַ זאַך. לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז אויך געווען באַשערט, אַז זשאַק פּאַגאַנעל זאָל ניט פאַרבלײַבן קיין אַלטער באָכער. דער געלערנטער געאָגראַף איז געוואָרן זייער באַרימט דורך זײַנע אויסערגעוויינלעכע פאַסירונגען, אַפילו זײַנע צעשטרײַט־קײַט און צעטראָגנקײַט זײַנען געוואָרן גוואַלדיק פּאָפּולער. מע האָט אים אָנגע־הויבן אײַנלאַדן אומעטום, ווי דעם בעסטן גאַסט, און ער האָט זיך מאַמעש צעריסן אַף שטיקער. ער האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס און דאָך ווי ווײַט מעגלעך אָנגענומען אַלע אײַנלאַדונגען.

טרעפט אַ מײַסע, אַז פונקט אין דער אָ צײַט נעמט מאַק־נאַבס אַ שוועס־טערקינד, אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, אַביסל אַן עקסצענט־רישע, אָבער אַ גוטע און ניט קיין מיִעסע, און זי ליבט זיך אײַן אין דעם געערטן געאָגראַף און מאַכט אים נאָך אַ פאַרשלאָג דערצו.

דעם געאָגראַפס האַרץ איז אָנגעפולט געוואָרן מיט די סאַמע הייסטע גע־פילן, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט דערוועגן און זיי אַרויסזאָגן אינ־דערהייך.

דער מאַיאָר האָט גענומען אַף זיך די ראָל פונעם פאַרמיטלער צווישן די־דאָזיקע צוויי הערצער, וואָס זײַנען מאַמעש ווי באַשאַפן געוואָרן איינס פאַרן צווייטן וועגן.

ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין פּאַגאַנעלן, אַז די כאַסענע וועט זײַן די לעצטע „צעשטרײַטקײַט", וואָס דער געאָגראַף מעג זיך נאָך ווי עס איז דערלויבן.

פּאַגאַנעל האָט זיך זייער געטרויסלט, און ווי מאָדנע ס׳זאָל ניט זײַן, אָבער ס׳איז אים שווער געווען אַרויסברענגען דאָס נויטיקע וואָרט.

— אָבער זאָגט דעם עמעס, מיס אַראַבעלע געפעלט אײַך דען ניט? — האָט זיך מאַק־נאַבס פון אים ניט אָפּגעטשעפּעט.

— מאַיאָר! זי איז פּרעכטיק, — האָט פּאַגאַנעל אויסגערופן. — איך זאָג אײַך, אַז זי איז פּרעכטיק אָן אַ ברעג. דעם עמעס געזאָגט, וואָלט זיך מיר גאָר וועלן, אַז זי זאָל כאָטש האָבן אַוועלכן ס׳ניט איז כעסאָרן!

— זײַט רויִק, — האָט אים דער מאַיאָר געענטפערט. — די נויטיקע צאָל כעסרוינעס, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן, האָט זי געוויס. ס׳איז נאָך ניט גע־ווען די פרוי, וואָס זאָל געבוירן ווערן אָן כעסרוינעס! הײסט עס, פּאַגאַנעל, אַז דער איניען איז געשלאָסן?

— איך קען מיך ניט דערוועגן, — האָט פּאַגאַנעל טרויעריק געענטפערט.

— איך הייב אײַך ניט אָן צו פאַרשטיין, מײַן ליבער געלערנטער.

— איך זאָג עס דערפאַר, וואָס איך בין ניט ווערט אַזאַ מין פּרײַנט, ווי מיס אַראַבעלע, — האָט דער געאָגראַף ווײַטער געענטפערט.

אָבער איינמאָל האָט דער אומבאַרעכטיקטער-מאַכנעסדיקער מאַיאָר אים צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, און פּאַגאַנעל האָט אים באַשווירן ער זאָל פאַר קיינעם ניט אויסזאָגן, און ערשט איצט האָט ער אים אָנגעטרויט זײַן געהיימניס, וואָס וואָלט זייער אַ סך פאַרגרינגערט דער פּאָליציי, ווען סע פאַלט איר אײַן צו פאַרפאָלגן דעם געלערנטן.

— גאָר אַזוי?! — האָט דער מאַיאָר אויסגעשריגן.

— צום גרויסן באַדויערן, — האָט פּאַגאַנעל געענטפערט.

— אָבער דאָס קען דאָך ניט האָבן קיין שום באַדײַטונג, מײַן געערטער בן-ימנט!

— טאַקע אַזוי?

— איך פאַרזיכער אײַך, אַז דאָס וועט אײַך נאָך צוגעבן מערער אָריגינעלקײַט, פּונקט דאָס, וואָס מיס אַראַבעלע האָט אַזוי ליב. איר זײַט דאָך פּונקט דער מענטש, וועגן וועלכן זי האָט אַזוי געטרוימט דאָס גאַנצע לעבן איירס.

דער מאַיאָר האָט ניט פאַרזאַמט קיין איבעריקע צײַט און האָט איבערגערעדט מיט מיס אַראַבעלע און אין פופצן טעג אַרום האָט מען אָפּגעשפּילט אין מאַלקאָלם-קעסטל די עמעסע כאַסענע. פּאַגאַנעל איז געווען געראַמענטיש פאַרוויקלט ביז אַרויף אין זײַן שוואַרצן סורדוט און האָט געהאַט זייער אַ געשטעלטן אויסזען. מיס אַראַבעלע האָט געשײַנט מיט איר שיינקייט און מיט איר גליק.

און דעם געאָגראַפס געהיימניס וואָלט אַפּ אייביק געבליבן באַהאַלטן פון דער וועלט, ווען דער מאַיאָר וואָלט עס אונטער פיר אויגן ניט איבערגעגעבן מיסטער גלענאַרוואַן, און מיסטער גלענאַרוואַן האָט עס אונטער פיר אויגן געמוזט דערציילן מיסיס עלענען, מיסיס עלען האָט עס, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט באַהאַלטן פון מיס מערי, און בעשאַס דערדאָזיקער סאָד איז דערגאַנגען צו מיסיס אָלבינעטס אויער, איז ער שוין אַוועק ווײַטער און ווײַטער.

די מײַסע איז געווען אַזוי:

פאַר די דרײַ טעג, וואָס זשאַק פּאַגאַנעל איז געווען געפאַנגען בײַ די מאַאָריער, האָט מען אים איבערגוואַלד טאַטויִרט... מע האָט אים טאַטויִרט דאָס גאַנצע לײַב, פון די פיס ביזן האַלדז, און אַפן האַלדז און דער ברוסט איז בײַ אים געווען אויסגעמאָלט אַ גרויסער קיווי-פויגל מיט צעלאָזטע פליגל.

די געדאַנקען וועגן דעמדאָזיקן געמעל האָבן אים באַזונדערס געפּײַניקט.

דאָס איז דאָס איינציקע פון דער גאַנצער רײַזע, וועגן וועלכעס פּאַגאַנעל האָט זיך דערמאָנט מיט שוידער און ער האָט עס קיינמאָל די נײַ-זעלאַנדער ניט געקענט מוחל זײַן. דאָס איז געווען די איינציקע סיבע, איבער וועלכער זשאַק פּאַגאַנעל האָט זיך ניט געוואָלט אומקערן צו זיך אַהיים, וווהין ער האָט שטאַרק געבענקט. נו, ס'איז דאָך ניט קיין געלעכטער, ער האָט זייער מוירע געהאַט, אַז די קליינע זשורנאַלעכלעך מיט די צײַטונגען זאָלן ניט דערשמעקן

וועגנ זײַנ אומגליק, שטעלט זיכ פאָר, וואָס פאר א פּאָנעמ וועט ער האָבּנ באַ לײַטנ אינ די אויגנ, אז די הערנ רעפּאָרטיאָרנ וועלנ זיכ מיט אימ אָנהייבּנ פארווײַלנ. נאָר פונעמ איינעמ געדאנק איז אימ דורכגעגאנגענ א ציטער איבּערנ גאנצנ לײַבּ זײַנעמ. אונ הײַנט, די געאָגראפישע געזעלשאפט, ווער ווייסט, וויאזוי וועט זי קוקנ אפ איר פריש־אָפּגעטאטויִרטנ סעקרעטאר?.. —

# נאָכוואָרט

דאָסדאָזיקע ביכל האָט אָנגעשריבן שוין לאַנג, אין 1868־טן יאָר, דער דעמאָלט יונגער פראַנצויזישער שרײַבער זשיול ווערן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַרימט אין דער גאַנצער וועלט. אין 1935־טן יאָר איז געוואָרן דרײַסיק יאָר, זינט ס'איז געשטאָרבן זשיול ווערן. פאַר זײַן לאַנג לעבן האָט זשיול ווערן אָנגעשריבן אַ גרויסע צאָל ראָמאַנען — אַריבער 60. אייניקע פון די דאָזיקע ראָמאַנען האָבן צו צוויי־דרײַ בענדער. אין אַלגעמיין האָט זשיול ווערן אָנגעשריבן אַריבער הונדערט בענדער.

קומט אויס, אַז דאָסדאָזיקע ביכל איז אַן אַלטס, און בכדי עס ריכטיק צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן, דאַרף מען וויסן די צײַט און די באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אָנגעשריבן. אָנגעשריבן האָט עס אַ בורזשואַזער שרײַבער, דאָס הייסט, אַ פאָרשטייער פון יענעם קלאַס, קעגן וועלכן אונדזער קלאַס, דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט און זײַן פּאַרטיי פירן אַ שאַרפן און אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף.

קעמפנדיק, פאַרניכטן מיר אָבער ניט און וואַרפן ניט אָפּ די קולטור־דערגרייכונגען פון דער בורזשואַזיע, פאַרקערט: מיר נוצן זיי אויס פאַר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס מיר בויען. מיר פאַרייגענען זיי, אָבער מיר פאַרייגענען זיי קריטיש: די, וואָס ברענגען אונדז נוצן — נעמען מיר אָן, די, וואָס זײַנען אונדז פײַנטלעך — וואַרפן מיר אָפּ.

אין די 60־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט די בורזשואַזיע אין מײַרעוו־אייראָפּע, באַזיגנדיק דעם פעאָדאַלן קלאַס, קימאַט אומעטום גענומען די מאַכט אין אירע הענט. דער פּאָרטוגעזער וואַסקאָ דעגאַמאַ האָט געפונען דעם יאַם־שליאַך קיין אינדיע (1498), און פריִער מיט עטלעכע יאָר האָט קאָלומבוס אַנטדעקט דעם וועג קיין אַמעריקע (1492). דער אָנהויב פון דעם וועלט־האַנדל איז ענג פאַרבונדן מיט די דאָזיקע געאָגראַפישע אַנטדעקונגען: דער וווּקס פון קאַפּיטאַליזם איז אָפּ ווײַטער באַדינגט געוועזן, באַגלײַך מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע סיבעס, מיט דעם האַנדל און אומבאַראַכמאָנעסדיקער עקספּלואַטאַציע און רויבערײַ פון די נײַ־אַנטדעקטע לענדער, ווו די אייראָפּעיִשע בורזשואַזיע האָט געשאַפן אירע קאָלאָניעס.

אין מיט פון 19־טן יאָרהונדערט זײַנען די קאָלאָניעס פון די גרעסטע אייראָפּעיִשע מלוכות פאַרשפּרייט געווען איבער דער גאַנצער ערד. ענגלאַנד האָט זיך שוין געהאַט דעמאָלט אין אַמעריקע (קאַנאַדע), אין אַזיע (אינדיע). איר האָבן געהערט ניַי־זעלאַנד און טאַסמאַניע, פיל ערד־שטעטכן אין אַפריקע. פראַנקרײַך האָט שוין געהאַט פאַרכאַפּט אַלזשיר, זי האָט פאַרמאָגט קאָלאָניעס אין דאָרעם־אַמעריקע (גוויאַנע), אייניקע אינדזלען אין פּאָלינעזיע, און זיך געקליבן אין אַזיע צו פאַרכאַפּן אינדאָ־קיטײַ. פון די אַנדערע לענדער איז דערווײַלע אָפּגעשטאַנען בלויז דײַטשלאַנד. דער מעכטיקער וווּקס פון קאַפּיטאַליזם האָט געבראַכט דערצו, אַז די אָפּגעשטאַנענע לענדער און פעלקער זײַנען אונטערגעוואָרפן געוואָרן דעם אייראָפּעיִשן קאַפּיטאַל. צווישן די אייראָפּעיִשע מלוכות האָט זיך געגרייט אַ פאַנאַנדערטיילונג פון דער גאַנצער וועלט.

— די בורזשואַזע ליטעראַטור האָט נאָך אין אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט, פון זינט דעם באַרימטן „ראָבינזאָן” פונעם ענגלישן שרײַבער דעפאָ, געלויבט דידאָזיקע קאָלאָניאַלע עקספּאַנסיע (פאַרברייטערונג) — דאָס אַנטדעקן נײַע ערדן און זיי אונטערטעניקן דער מאַכט פונעם אייראָפּעיִשן קאַפּיטאַל.

אַפּ צו פאַרבײַטן דעם באַליבטן העלד — דעם ריטער, וועלכער האָט פאַרבראַכט זײַן צײַט אין מילכאָמעס אָדער אין ליבע־אַוואַנטיורעס און אַרויסגעוויזן גרויס ווונדער אין די שלאַכטן — איז געקומען דער פאָרשטייער אין נײַגעריקער זוכער פון אַוואַנטיורעס אין די ווײַטע, ווייניק באַקאַנטע אָדער אינגאַנצן ניט באַקאַנטע לענדער, דער אויסשפּירער פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער שלאָגט זיך ניט בלויז מיט די אָרטגעבירטיקע אײַנוווינער, נאָר ער באַרײַכערט די בורזשואַזע וויסנשאַפט מיט זײַנע אַנטדעקונגען.

ביכדיי האָבן די מעגלעכקײַט צו באַלעבאַטעווען אין דידאָזיקע ווײַטע לענדער, זײַנען נויטיק געווען מענטשן. מ'האָט אַהינצו געדאַרפט אָפּשיקן וואָלוועלע אַרבעט־קראַפט.

זשיול ווערן איז געווען איינער פון יענע שרײַבער, וועלכע האָבן אויסגעפילט די סאָציאַלע באַשטעלונגען פון דער בורזשואַזיע. צוטרעפנדיק די פאַרכאַפּערישע שטרעבונגען פון דער בורזשואַזיע, האָט ער פאַנאַנדערגעשפּרייט דעם קאָלאָניזאַטאָרישן קוק אויף די אונטערדריקטע אָרטגעבירטיקע פעלקער, ביכדיי צו באַרעכטיקן די רויבערישע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע בנוגע די קאָלאָניעס. באַגלײַך דערמיט האָט ער אין אַ פּאָעטער, אינטערעסאַנטער און אָנשוילעכער פאָרם, מיט אַזוינע ראָמאַנען, ווי „די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט” און אַנדערע, פאַרשפּרייט געאָגראַפישע ידיעות צווישן די ברייטע מאַסן לייענער. זײַנע ווערק האָבן זיך גראָד באַוויזן דעמאָלט, ווען פראַנקרײַך, וואָס איז אַביסל „אָפּגעשטאַנען” פון ענגלאַנד אין איר קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, האָט זיך שטאַרק גענומען דורכאָגן דאָס פאַרלוירענע און אײַנגעאָרדנט אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע און מיליטער־עקספּעדיציעס אין די ווײַטע לענדער פון דער אַלטער און נײַער וועלט.

אין די 60־ער יאָרן זײַנען פאָרגענומען געוואָרן אַזוינע עקספּעדיציעס

קיין סיריע, כינע, קאָכינכינע, ניט אַלע האָבן זיך געלונגען געענדיקט, אָבער מיט כינע, אַשטייגער, איז געשלאָסן געוואָרן אַ לוינבארער האַנדלס־אָפּמאַך, און קאָכינכינע (אין אינדאָ־קיטײַ) איז געוואָרן אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע (1862 י.). אין עטלעכע יאָר אַרום האָט מען פאַרענדיקט אַ גראַנדיעזן איניען, וואָס עס האָט אָנגעהויבן דער פראַנצויז לעסעפּס מיט דער הילף פון דער רעגירונג — דאָס דורכגראָבן דעם סועצער קאַנאַל, וועלכער האָט פאַראייניקט דעם מיטללענדישן יאַם מיטן רויטן (אין אַפריקע).

דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די אייראָפּעיִשע, באַזונדערס די פראַנצויזישע שיפן אומיטלבאַר און שנעלער, ווי פריִער, זיך פאַרבונדן מיטן ווײַטן מיזרעך (ניט פאָרנדיק אַרום אַפריקע). שפּעטער האָט שוין ענגלאַנד, קעמפנדיק קעגן פראַנקרײַך פאַר די קאָלאָניעס, אָפּגעקויפט די אַקציעס פונעם סועצער קאַנאַל און אים געקריגן אַלס איר אייגנטום. אַ גאַנצע ריי דרײַסטע פראַנצויזישע רײַזנדער האָבן זיך פאַרקליבן אין די געדיכטענישן פון אינדאָ־קיטײַ, אין אַפריקע, אין די לענדער פון דעם דאָרעמדיקן האַלבקײַלעך.

דער ראָמאַן „די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט" דינט סאָפּקאָלכאָפּ דעם־זעלביקן צוועק — דער קאָלאָניִאַלער פּאָליטיק פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע. נאָר דערדאָזיקער צוועק שפּאַרט דאָ ניט אַרויס, אַזוי צו זאָגן, צפּ גיבן אין פאָרם פון אַ ראָמאַנישער דערציילונג אַ באַשרײַבונג פון אַ ריי ערד־שטעטכן אין דעם דאָרעמדיקן האַלבקײַלעך פון פּאַטאַגאָניע און דאָרעם־אַמעריקע ביז אַוסטראַליע און נײַ־זעלאַנד. פאַרבײַגייענדיק גיט אויך דער ראָמאַן ידיעות פון דער געשיכטע פון געאָגראַפישע אַנטדעקונגען און העלפט דערלערנען דידאָזיקע ערד־שטעטכן.

די קאָלאָניִאַלע פעלקער, די אַזויגערופענע „ווילדע" באַמאָלט דער אַוטער פונעם שטאַנדפּונקט פון די בורזשואַז־אייראָפּעיִשע קאָלאָניזאַטאָרן. אין יענע פאַלן, ווען דידאָזיקע „ווילדע" זײַנען גרייט צו זײַן דינער און מיטהעלפער די בורזשואַזע פאַרכאַפּערס, זײַנען זיי סימפּאַטיש און אייגנאַרטיק „איידלמוטיק"; אומצוטרוי, אָדער זיי שטעלן זיך קעגן, ווערן זיי אַרויסגעפירט ווי אומגעלומפּערטע באַשעפענישן אין אַ מענטשלעכן געשטאַלט. אַזוי איז באַם אַוטער געגעבן דער אינדיִאַנער טאַלקאַוו אַלס אַן איידלמוטיקע פּערזאָן, און די אַוסטראַליער און די נײַ־זעלאַנדער אַלס אַזעלכע, וועלכע זײַנען פייִק אָנצוואַרפן אַ לייענער אַ שרעק און טוען עקלהאַפטע זאַכן. פאַרבײַגייענדיק מערקט אָן אויך דער אַוטער אייניקע פאַלן פון שוידערלעכע גוואַלדטאַטן מיצאַד די אייראָפּעיִשע קאָלאָניזאַטאָרס איבער דער אָרטגעבוירטיקער באַפעלקערונג, אָבער ער גיט דעם, אַפּאָנעם, ניט צו קיין גרויסע באַדײַטונג, רעכענענדיק עס פאַר אַן אומפאַרמײַדלעכן אומגליק, וואָס ווערט באַרעכטיקט פון זײַן שטאַנדפּונקט מיט דעם „העכן" צוועק צו פלאַנצן „ציוויליזאַציע" אין די ווילדע לענדער, און וועגן דעם, אַז דידאָזיקע „ציוויליזאַציע" האָט זיך אויס־

געדריקט פריִער פאר אלץ אינ אָנשיקערנ די אָרטיקע אײַנוווינער מיט בראָנפנ, אינ פארוואנדלענ זיי מיט גוואלד אינ קנעכט, אינ אָפשטעקנ זיי שלעכטע סכוירעס, אונ לעסאָפ—אינ זייער פיזישער פארניכטונג — וועגנ דעמ האלט ער פאר גלײַכער צו שווײַגנ.

דער קאפיטאנ גראנט, ווענענ ס'האָבנ זיכ אזוי זעלבסטאָפפעריש אױפגעלאָזט זוכנ דער מיסטער גלענארוואנ מיט זײַנע מיטרײַזנדער, האָט גאָר אינדערעמעסנ קײנמאָל ניט עקזיסטירט. די בורזשואזע עקספעדיציעס האָבנ זיכ זעלטנ אָנגעהויבנ מיט אזוינע „אומײַגננוצלעכע" צוועקנ. ארויסשיקנדיק אינ די 60־ער יאָרנ אנ עקספעדיציע אונטערנ אָנפיר פונעמ אמעריקאנער סטענלי אפ אָפצוזוכנ דעמ פארפאלנ־געוואָרענעמ ענגלישנ רײַזנדער ליווינגסטאָנ אינ אפריקע, האָט די פארשפרײטע אמעריקאנער צײַטונג „ניו־יאָרק־הערעלד" ניט אזוי אינזינענ געהאט די הומאנישע צוועקנ, ווי די רעקלאמ. סטענלי אלײנ איז אינ זײַנע רײַזעס ניט געווענ אזא ווײכהערציקער אונ גוטהערציקער רײַזנדער, ווי עס זײַנענ געשילדערט זשיול ווערנס העלדנ.

אונ אָט האָבנ מיר ערשט ניט לאנג, ניט אינ קײנ ראָמאנ, געלײענט וועגנ די בעעמעס ווונדערלעכע העלדנטאטנ פונ אונדזערע סאָוועטישע העלדנ, וואָס האָבנ זיכ געלאָזט זוכנ אונ ראטעווענ דעמ עקיפאזש פונ דעמ אומגעקומענעמ צווישנ די אײַז־קריהעס „טשעליוסקינ". די אײנפאכע דערצײלונג וועגנ דעמ, וואָס זיי האָבנ אופגעטאָנ, האָט זיכ ארויסגעוויזנ ניט ווײניקער שפאנענדיק, אײדער וועלכע עס איז אויסטראכטעניש פונ דעמ סאמע טאלאנטפולסטנ שרײַבער. די גאנצע וועלט האָט, לויט די קינאָ־בילדער, וואָס זײַנענ געמאכט געוואָרנ אפנ אָרט פונ די געשעענישנ, מיט אויסשליסלעכנ אינטערעס זיכ באקענט מיט די טאטנ פונ די סאָוועטישע העלדנ. די טשעליוסקינ־עפּאָפײע איז בלויז אײנס פונ די ערשטע זײַטלעכ פונ דעמ גראנדיעזנ געראנגל מיט דער נאטור, דעמ געראנגל פאר דערקענענ די וועלט, פאר באהערשנ די וויסנשאפט אונ פאר איבערבויענ די וועלט אפ א סאָציאליסטישנ אופנ, וואָס עס פירט דורכ דער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטאריאט אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטײ.

פראָפ. א. בילעצקי

# אינהאלט

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל

## דריטער טייל

# אױסבעסערונגען

זײַט 14, 3־טע שורה פֿונטן דאַרף אַנשטאָט 6־טער יאָר שטײן 7־טער יאָר.

זײַט 94, 17־טע שורה, דאַרף מען לײענען מױל־אײזלען.

זײַט 272, 17־טע שורה, דאַרף מען לײענען סיטשעל.

זײַט 341, 10־טע שורה פֿונטן, דאַרף מען לײענען אכט.

זײַט 382, 16־טע שורה, דאַרף מען לײענען באַרײַסנדיק.

זײַט 431, 1־טע שורה, דאַרף מען לײענען סראָבעטל.

זײַט 495, 4־טע שורה פֿונטן, דאַרף מען לײענען דאָרעמדיקער.

זײַט 548, 12־טע שורה פֿונטן, דאַרף מען לײענען דערקײַקלס.

זײַט 551, 6־טע שורה, דאַרף מען לײענען געטאָן.

сано до друку 3/XI — 36 р.

Ціна 6 крб. 25 коп. Оправа 1 крб. 10 коп.

Надруковано в книжковій фабриці ДВРШ ім. Г. І. Петровського, Харків — з готових матриць друкарні імени Фрунзе. Харків. Зам. № 3210. Тир. 3160.

Уповнов. Головліту № 2502. Зам. № 382. Тираж 3000. Обсяг $49^1/_4$ друк. арк., 40,5 облік. авторськ. арк. Папір $62 \times 94^1/_{16}$. Здано на виробництво 27/V — 36 р. Підписано до друку 3/XI — 36 р.

Ціна 6 крб. 25 коп. Оправа 1 крб. 10 коп.

Надруковано в книжковій фабриці ДВРШ ім. Г. І. Петровського, Харків — з готових матриць друкарні імени Фрунзе. Харків. Зам. № 3210. Тир. 3160.